# דער פנקס

יאהרבוך פאר דער געשיכטע פון דער יודישער
ליטעראטור און שפראך, פאר
פאלקלאר, קריטיק און
ביבליאגראפיע.

ערשטער יאהרגאנג—תרע"ב.

רעדאקטירט פון ש. ניגער.

ווילנער פערלאג פון ב. א. קלעצקין.

תרע"ג.

# פון דער רעדאַקציע.

דער פנקס מיינט צו דינען דער יודישער ליטעראַטור־און שפּראַך־וויסענשאַפט אויף צוויערליי אופנים: 1) דורך קלייבען און בעאַרבייטען אַלערהאַנד מאַטעריאַלען, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג פון דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך בכלל; 2) דורך זאַמלען און סיסטעמאַטיזירען דעם געהעריגען מאַטעריאַל פון יעדען יאָהר בעזונדער. די ערשטע פון די דאָזיגע צוויי אויפגאַבען נויטיגט זיך ניט אין קיינע ווייטערדיגע פירושים. מיט דער אויספיהרונג פון דער צווייטער אויפגאַבע זענען מיר אויסען גרינגער צו מאַכען די אַרבייט פון די, וואָס וועלען שפּעטער פּרובען שרייבען די געשיכטע פון דעם איצטיגען פּעריאָד אין דער יודישער ליטעראַטור־ענטוויקלונג: אויב אונז וועט געלינגען אַרויסצוגעבען דעם פנקס יאָהר־איין יאָהר־אויס, אָהן הפסקות, וועלען זיי, די קומענדיגע פאָרשער פון דער יודישער ליטעראַטור, געפינען פאַר זיך צונויפגענומען אין איין אָרט און סיסטעמאַטיזירט, וועניגסטענס, אַ טייל פון דעם מאַטעריאַל, וואָס וועט זיי נויטיג זיין, און זיי וועלען נישט דאַרפען פטר'ן אַזויפיעל כחות און אָנקומען אַזוי אָפט צו השערות און סברות, ווי מיר איצט, אָבגעבענדיג זיך מיט דער יודישער ליטעראַטור אָדער שפּראַך פון דער פערגאַנגענער צייט, ווען מען האָט זיך אום יודיש און זיין געשיכטע און זיין צוקונפט וועניג וואָס געקימערט. אָבער ניט נאָר דער פאָרשער אין דער קומענדיגער צייט וועט נוצען דער יאָהר־מאַטעריאַל, וואָס מיר וועלען זאַמלען אין פנקס און וואָס וועט זיין זעהר אַ גוט מיטעל צו פערגלייכען די ליטעראַרישע פּראָדוקציע פון פערשיידענע תקופות און צו שאַפען זיך אַ לעבעדיג בילד פון דעם עצם גאַנג פון דער יודישער ליטעראַטור־ענטוויקלונג. אויך אונז איצט וועט שטאַרק צונוץ קומען דער בעזונדערער מאַטעריאַל פון יעדען יאָהר. ער וועט זיין ווי אַ מין בעריכט, ער וועט אונז צייגען דעם סך־הכל פונ'ם ליטעראַרישען יאָהר. דערפאַר האָבען מיר אַ היבש ביסעל פּלאַץ אָבגעגעבען אויף דעם יאָהר, ווען מיר האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען אונזער פנקס, דעם יאָהר תרע"ב, און מיר בעדויערן נאָר, וואָס דאָס ערשטע בוך האָט זיך, מחמת טעכנישע און אַנדערע סיבות, פערשפּעטיגט און איז אַרויס אין סוף, און ניט אין מיטען יאָהר תרע"ג, ווי מיר האָבען פריהער גערעכענט. אויך איז צו בעדויערן, וואָס אין דעם דאָזיגען פנקס איז ניטאָ קיין רשימה פון די יודישע ביכער, וואָס זענען אין משך פונ'ם בעריכטס־יאָהר אַרויס אין אַנדערע לענדער, אַחוץ רוסלאַנד, און וואָס עס איז אויך ניטאָ אין איהם קיין צעטיל פון די ווערק און פערשיידענע שפּראַכען וועגען דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך, וואָס זענען אַרויס פאַר'ן יאָהר תרע"ב. מיר האָפען, אַז פונ'ם קומענדיגען יאָהרבוך אָן וועלען מיר האָבען די מעגליכקייט צו ברענגען אויך די דאָזיגע נויטיגע ידיעות. די ביבליאָגראַפישע דאַטען זענען ווי ריסטאָוואַניעס פאַר'ן בנין פון דער ליטעראַטור־געשיכטע, מוז מען פאַר דער וויסענשאַפטליכער ביבליאָגראַפיע, וואָס איז אַזוי פערוואָהרלאָזט ביי אונז, בעזונדערס שטאַרק זאָרגען.

------

אָבער ניט נאָר אַקאַדעמיש־וויסענשאַפטליכע ציעלען שטעלט זיך דער פנקס. ער וואָלט וועלען העלפען פערענטפערן אויך די פּראַקטיש־וויסענשאַפטליכע פראַגען פונ'ם יודישען ליטעראַטור־לעבען. צו די וויכטיגסטע פון די דאָזיגע פראַגען געהערט אָהן קיין שום ספק די פראַגע וועגען דער אָרטאָגראַפיע. די אָרטאָגראַפיע פון יודיש האָט שוין דורכגעמאַכט אַ היבשען ענטוויקלונגס־וועג: געווען פּעריאָדען, ווען אין איהר האָבען געהערשט געוויסע כללים, געזעצען, וואָס אַלע האָבען זיך, בעוואוסט אָדער אומבעוואוסט, גערעכענט מיט זיי, אָבער פיעל אָפטער זענען די צייטען פון אונאָרדנונג און מישמאַש, די צייטען, ווען כל איש הישר בעיניו יעשה. זינט עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ פּרעסע ביי יודען, האָט מען אָנגעהויבען ווידער שטרעבען צו אַן איינהייטליכקייט און געזעצמעסיגקייט אינ'ם יודיש אויסלעגען, מען מוז אָבער זאָגען, אַז ווי ווייט עס איז אַפילו פאַרהאַן אַ שיטה און אַן אויסגעהאַלטענקייט אין דער איצט אָנגענומענער יודישער אָרטאָגראַפיע, איז זי וויסענשאַפטליך ניט אויף אַזויפיעל בעגרינדעט און פּראַקטיש ניט פריי אויף אַזויפיעל פון פעהלערן, אַז זי זאָל ווערען אַ חוק ולא יעבור. כל זמן אַ קאָלעגיע פון מומחים, אַן אינסטיטוציע, וואָס אַלע האָבען צו איהר צוטרוי, וועט ניט אויסאַרבייטען גענויע און וויסענשאַפטליך פונדאַמענטירטע כללים, ווי אויסצולעגען אויף יודיש, וועט אין דער יודישער אָרטאָגראַפיע שווער זיין דעריבער אויסצומיי־

דען כלערליי פריוואַטע עקספּערימענטען פון איין זייט און נאָכלעסיגקייט – פון דער אַנדער זייט. דער „פנקס“ האָט, פערשטעהט זיך, ניט געוואָלט פערמעהרען די צאָהל פון די עקספּערימענטען, וואָס זענען די לעצטע צייט געמאַכט געוואָרען בנוגע צו דער יודישער אָרטאָגראַפיע, און ער דרוקט זיך דורכאויס כמעט לויט די איצט אָנגענומענע כללים פון יודיש אויסלעגען. אַן אויסנאַם האָבען מיר געמאַכט נאָר פאַר די אַרבייטען פון ב. באָראָכאָוו, וואָס דרוקען זיך לויט די אָרטאָגראַפישע כללים, וואָס דער פערפאַסער פאָרמולירט און מאָטיווירט זיי אין דער הוספה צו זיין אַרטיקעל „די אויפגאַבען פון דער יידישער פילאָלאָגיע“. אין די קומענדיגע יאָהרביכער וועלען מיר זיך צו דער דאָזיגער וויכטיגער פראַגע נאָך אומקעהרען.

——————

מחמת פערשיידענע טעכנישע סבות זענען ניט אַריין אין דעם דאָזיגען פנקס די מעמואַרען פון ד"ר ח. זשיטלאָווסקי, וואָס אין אָנהויב היינטיגען יאָהר האָט מען אָבגעריכט דעם 25-יעהריגען יובל פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט און וואָס וועגען דעם וועט זיך רעדען אין קומענדיגען פנקס, און די רעצענזיע איבער די אויסגעצייכענטע צוויי בענד יודישע פאָלקסליעדער, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבען אינ'ם בעריכטסיאָהר (1912) י. ל. כהן אין ניויאָרק.

——————

צום סוף ווילען מיר זאָגען אַ האַרציגען דאַנק דעם ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין פאַר זיין נעמען אויף זיך די מיט גרויסע הוצאות פערבונדענע אויסגאַבע פון פנקס און די ה"ה ב. באָראָכאָוו און ק. קאַלמאַנאָוויטש (בעזונדערס דעם ערשטען) פאַר זייער פריינדליכער רעדאַקציאָנעלער מיטאַרבייט.

ב. באָראָכאָוו.

# די אויפֿגאַבן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע.

געהייליקט דעם ליכטיקן זכרון פֿונ'ם פֿאָרשער פֿון יידיש, דעם איידעלן פֿאַרעהרער פֿון דעם יידישן פֿאָלק און שפּראַך, דעם פֿריציייטיק געשטאָרבענעם און אומגערעכט פֿאַרגעסענעם ד ר. פֿ י ל י פּ מ אַ נ ש אין לעמבערג (1890—1838).

So wie überhaupt jeder Volksdialekt, entwickelte sich das Jüdisch-Deutsch nach unbewussten natürlichen Gesetzen. Kein Gärtner hat es gehegt und gehütet, Niemand seine Auswüsche beschnitten und den wilden Trieb geleitet (Ph. Mansch, 1888).

I

פֿון אַלע וויסנשאַפֿטן שפּילט די פֿילאָלאָגיע די גרעסטע ראָל אין דער נאַציאָנאַלער אויפֿלעבונג פֿון די אונטערגעדריקטע פֿעלקער. פֿילאָלאָגיע איז מער ווי לינגוויסטיק, זי איז ניט קיין הײליגע טעאָריע פֿאַר למדים, פֿאַר „יושבֿי אוהל“, נאָר טאַקע אַ פּראַקטישע וועגפֿירער פֿאַר'ן פֿאָלק. זי האָט אין זיך געוויסע טעאָרעטישע, היסטאָרישע טיילן, ווי די געשיכטע פֿון דער שפּראַך אין ליטעראַטור, די אַלגעמיינע געזעצן פֿון דער שפּראַך־אַנטוויקלונג א. א. וו., אָבער איר [„איהר“ בלע"ז] צוועק אין איר ערציהערישע באַטייטונג ליגן אינ'ם פּראַקטישן לעבן פֿון פֿאָלק. די ערשטע זאַך פֿאַר יעדן אויפֿוואַכנדיקן פֿאָלק איז: ווערן אַ האַר איבער זיין אייגענער שפּראַך, כּדי וואָס בעסער, וואָס ברייטער, וואָס פּראַקטישער זי אויסצונוצן אינ'ם נאַציאָנאַלן שאַפֿן. כּל זמן דער פֿאָלק בלייבט „אַנאַלפֿאַבעטיש“ אין זיין אייגענער שפּראַך, קאָן מען נאָך ניט רעדן וועגן אַ נאַציאָנאַלער קולטור. נאַציאָנאַלע קולטור באַשטייט ניט נאָר אין פּאָעטישע ווערק פֿון גרויסע דיכטער, נאָר קודם כּל אין דער פֿעהיגקייט ריכטיק צו רעדן, ריכטיק צו שרייבן אין דער מוטער־שפּראַך. און די פֿילאָלאָגיע לערנט אונדז טאַקע ריכטיק צו רעדן און צו שרייבן, ריכטיק צו באַנוצן אונדזער לשון אין אַלע אופֿנים. בײַ'ם אָנהייב פֿון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויפֿלעבונג, בײַ דער „מעשה בראשית“ פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור שטייט אַ שרעקליכער תּהו ובֿהו: די פֿאָלקס־שפּראַך איז צעטיילט אויף ששים רבֿוא דיאַלעקטן, אין פֿאַרשיידענע קאַנטאָנען רעדט מען פֿאַרשיידן, איטלעכער שרייבט, ווי בײַ יים קומט איים בעסער, יעדער שרייבער שאַפֿט זיך אייגענע ווערטער לויט זיין שכל. מאַכן אַ סוף צו אַזאַ מישמאַש־צושטאַנד קאָן נאָר די פֿילאָלאָגיע. זי הערגיט דעם שורש פֿון יעדן וואָרט און יעדער פֿאָרם, זייער געשיכטע און די אַנטוויקלונג פֿון זייער באַטייטונג; און אויף דעם סמך לערנט אונדז די פֿילאָלאָגיע ריכטיק זיי צו פֿאַרשטיין. אַזוי אַרום ווערן דורך דער וויסנשאַפֿט אַריינגעפֿירט אַלגעמיינע און קלאָרע כּללים אָנשטאָט פֿערזענליכע סבֿרות און המצאות. ס'ווערט געשאַפֿן אַן אַלגעמיינער ווערטערבוך און אַן אַלגעמיינע גראַמאַטיק; און די פֿאָלקשפּראַך, ווי אויך די ליטעראַטור און פּרעסע זאָרגן דערפֿאַר, אַז דער דאָזיקער וויסנשאַפֿטליכער ווערטערבוך און גראַמאַטיק זאָלן ווערן פֿאַר אַלעמען אַ „מוז“. כּל זמן דער פֿאָלק האָט נאָך ניט קיין פֿילאָלאָגיע, — און דאָס הייסט אויך קיין גראַמאַטיק און קיין ווערטערבוך, — איז ער נאָך ווייט פֿון מאָדערנער נאַציאָנאַלער קולטור [1].

אונטן וועלן מיר זעהן, אַז דאָס איז נאָך ניט דער גאַנצער כּלל אויפֿגאַבן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע. דערווייל אָבער האַלטן מיר בײַ'ם אַלף־בית, און דער אַלף־בית פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור איז — די ריכטיקייט פֿונ'ם רעדן און שרייבן. דערייבער איז קיין חידוש ניט, וואָס בײַ אַלע אונטערגעדריקטע פֿעלקער ווערט אַזוי הויך געשעצט די נאַציאָנאַלע פֿילאָלאָגיע. יעדער פֿאָלק ציילט צווישן זיינע נאַציאָנאַלע העלדן ניט נאָר די פּאָליטישע באַפֿרייונגסקעמפֿער, ניט נאָר די גרויסע פֿאָלקס־דיכטער און דענקער, נאָר אויך יענע פֿילאָלאָגן, וואָס האָבן אַוועקגעלייגט די ערשטע שטיינער אינ'ם בנין פֿון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך־וויסנשאַפֿט. כּמעט בײַ אַלעמען הייבט זיך אָן די קולטורעלע אויפֿלעבונג דורך דער גרינדונג פֿון ליטעראַרישע, פֿילאָלאָגישע, עטנאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿטן, פֿאַרלאַגן, דורך דעם אַרויסגעבן פֿון אַלטע ווערק פֿון דער פֿאָלקס־דיכטונג א. א. וו. כּמעט אַלע דערוואַכנדיקע פֿעלקער הייבן אָן מיט פֿילאָלאָגיע: די איינציקע מיר באַקאַנטע אויסנאַמען זיינען י י ד ן און נאָך אַ פּאָר לאַ־יצלחדיקע קליינע פֿעלקער. וואָס בײַ אונדז יידן איז נאָך ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע פֿילאָלאָגיע

1) ייך תזר איבער: מע דאַרף זיך קלאָר מאַכן דעם חילוק צווישן לינגוויסטיק און פֿילאָלאָגיע. לינגוויסטיק איז אַן אַלגעמיינע וויסנשאַפֿט, פֿילאָלאָגיע אַ נאַציאָנאַלע. לינגוויסטיק קאָן זיך באַשעפֿטיקן אויך מיט להלוטין טויטע אָדער להלוטין ווילדע שפּראַכן; די פֿילאָלאָגיע זעצט אָבער פֿאָרויס, אַז שפּראַך, מיט וועלכער זי גיט זיך אָפּ, פֿאַרמאָגט אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט לפּחות פֿאַר דעם עבֿר. געוויינטלאַך אָבער גייט די פֿילאָלאָגיע נאָך ווייטער און שטיצט זיך אַף דער איבערצייגונג, אַז יור שפּראַך האָט אַ נאַציאָנאַלן ווערט אויך אין דער צוקונפֿט. ווער ס'גלויבט ניט אינ'ם קיום פֿון דער יודישער שפּראַך, קאָן אפֿשר נאָך זיין אַ יידישער לינגוויסט, אָבער גיט קיין יידישער פֿילאָלאָג. לינגוויסטיק האָט צו טאָן נאָר מיט די פֿאָרמען פֿון דער שפּראַך, און די פֿילאָלאָגיע—מיט די קולטור־פּראָדוקטן פֿון דער שפּראַך.

אין קיין שום מוסדים, וואָס זאָלן פֿאַר ייר זאָרגן, — דאָס איז איינער פֿון אונדזערע סימני דלות [2].

ניט קוקנדיג אַף דעם, וואָס מיר פֿאַרמאָגן אין דער יידישער שפּראַך אַן אויסגעצייכנטע פּאָעטישע ליטעראַטור, קאָן מען נאָך דערווייל ניט רעדן וועגן אַן אמת'ער קולטורעלער אויפֿלעבונג. פֿריער האַף מען דעם פֿאָלק איבלערנען שרייבן ריכטיק, דערנאָך ערשט וועט ער זיך קענען לערנען צו שרייבן שיין. באַ אונדז האָט זיך די „רענעסאַנס" אָנגעהויבן מיטן קולט פֿון שיינקייט, און יעדער עם-הארץ איז געוואָרן אַ דיכטער. איצט אָבער הייבט דאָס אָן צו ווערן נמאס, מע הייבט אָן צו פֿאַרשטיין, אַז ראשית חכמה איז לערנען, נאַציאָנאַל לערנען. דאָס הייסט, פֿריער ווי אַלץ: אַנטוויקלען די יידישע פֿילאָלאָגיע. און ניט נאָר אַנטוויקלען זי, נאָר קודם-כל גרינדלאַך רעפֿאָרמירן זי. ווייל אייגנטלאַך קאָן מען ניט זאָגן, אַז די יידישע פֿילאָלאָגיע איז אָרעם, אָדער אַז מיר האָבן גאָר קיין פֿילאָלאָגיע ניט. פֿאַרקערט, מיר זיינען געבענטשט מיט אַ גאַנצן פּאַק ביכער און בראָשורן, אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן דער יידישער שפּראַך, יידישער ליטעראַטור, פֿאָלקס-ליטעראַטור און פֿאָלקס-שאַפֿן (פֿאָלקלאָר); נאָר די דאָזיקע פֿילאָלאָגישע ליטעראַטור האָט כמעט קיין שום נאַציאָנאַלן ווערט ניט, דער ברייטער עולם ווייס פֿון איר גאָר ניט און זי בריינגט קיין שום נוצן ניט אונדזער אינטעליגענץ. פֿאַרוואָס?

ווייל, ערשטענס, איז זי כמעט אינגאַנצן געשריבן געוואָרן אין פֿרעמדע שפּראַכן.

[2]) ווילט'יר [„איהר"] זעהן, ס'אַראַ יוצא מן הכלל יידן זיינען אין דעם פּרט צווישן אַלע דערוואַקסענדיגע אומות, מוזטיר זיך נאָר דערמאָנען, וואָס פֿאַר אַ ראָלע ס'שפּילן ליטעראַריש-פֿילאָלאָגישע געזעלשאַפֿטן און אַקאַדעמיעס באַ די פֿינלענדער, לאַטווישן, עסטן, די „מאַטיצאַ'ס" (באַ די כאָרוואַטן, סלאָווענען, טשעכן, סלאָוואַקן), וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר פֿאָנדען פֿאַר פֿאָלקס-שולען, פֿאַר פֿאָלקסליטעראַטור און פֿילאָלאָגיע,—ווייטער ביי די פֿלאַמען (אין בעלגיען) דער ווילעמס-פֿאָנד און די פֿאַרשיידענע וויסנשאַפֿטליך-ליטעראַרישע געזעלשאַפֿטן, באַ די קאַטאַלאַנער (אין צפון-שפּאַניען) די „געזעלשאַפֿט פֿאַר בלומען-שפּיל-יום-טובים", באַ די אוקראַינער די „ליטעראַריש-וויסנשאַפֿטליכע-שעווטשענקאָ-געזעלשאַפֿט", א. א. וו. באַ אונדז זיינען אויך פֿאַראַן ליטעראַרישע געזעלשאַפֿטן אין דייטשלאַנד און אין אונגאַרן, וויסענשאַפֿטליכע צייטשריפֿטן אין בערלין, פֿראַנקפֿורט, פּאַריז, לאָנדאָן, די יודיש-עטנאָגראַפֿישע חברה מיט איהר אָרגאַן אין האַמבורג—ווין [„וויען" בלע'ז] — אָבער אין אַלע די געזעלשאַפֿטן זענען די מנהיגים אָפֿענע אָדער פֿאַרבאָרגענע אַסימילאַטאָרן, וואָס זיינען ווייט פֿונ'ם יידישן לעבן. אין אַמעריקא, גאַליציען און רומעניען איז נאָך כמעט גאָרנישט געטאָן געוואָרן אין דעם פּרט. אין רוסלאַנד האָבן מיר אַפֿילו געהאַט אַ ליטעראַרישע געזעלשאַפֿט, וואָס האָט געוועסט אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אַרום זיך אַ ברייטע קולטורעלע בעוועגונג, איז ייר ניט בעשערט געווען צו האָבן אריכת ימים... בלייבט אונדז נאָך, אַחוץ דער גרופּע, וואָס גיט אַרויס דעם זאַמעלבוך „פּערזשיטאָיע", די פּעטערבורגער „היסטאָריש-עטנאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿט", קאָן זי אָבער צוליב יירע תקנות און אַנדערע סבות ניט שפּילן אַנ'אָרגאַניזירענדע און קאָנצענטרירענדע ראָל... [illegible]ר שווייג ניט פֿון דעם, וואָס באַ אונדז איז ניטאָ אַפֿילו קיין איין פֿי[illegible]ש ווערק, וואָס זאָל האָבן פֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן אַזאַ ממשות ווי, למשל, באַ די טשעכן און סערבן די ווערק פֿון פּאַלאַצקי און וואוק קאַראַדזשיטש, וואָס מ'רופֿט זיי „די פֿאָטערס" פֿון זייערע פֿאָלקסשפּראַכן.

צווייטענס, האָט די דאָזיקע פֿילאָלאָגישע ליטעראַטור קיין שום סדר ניט, קיין שום פֿירנדיקן („פֿיהרענדען") געדאַנק, זי צעזייט און צעשפּרייט זיך אַף איינציקע פֿראַגען און איז אַ מין תהו ובהו: מ'פֿאַרנעמט זיך מיט פּרטים, ווי אַ שטייגער די פֿראַגע מכּח די פֿאַרקלענערונגס-פֿאָרמען אין דער יידישער גראַמאַטיק, אָדער די געשיכטע פֿון איינצעלנע ביכער א. ד. גל. און דריטנס, טראָגן כמעט אַלע ווערק, וואָס זיינען שוין דאָ וועגן יידיש, אַ ריין „אַקאַדעמישען" כאַראַקטער, זיינען ווייט פֿון לעבן און שטעלן זיך ניט קיין שום פּראַקטישע ערציהונגס-צוועקן. די קולטורעלע ערציהונגס-אַרבעט באַזאָרגט באַ אונדז די צייטונגס-פּובליציסטיק, וואָס דרייט זיך בלויז אַרום דער פֿראַגע, צי איז יידיש אַ „פֿאָלקס-שפּראַך" אָדער אַ „נאַציאָנאַל-שפּראַך", אַ מיאוסער „זשאַרגאָן" צי אַ קולטור-מיטל, וואָס אונדז מעג אָנשטיין יים צו באַנוצן. סרובֿ שרייבער אין דער וויסנשאַפֿטליכער יידישער פֿילאָלאָגיע זיינען אַסימילאַטאָרן, פֿרעמד דעם יידישן פֿאָלק. אין זייער וויסנשאַפֿטליכער אַרבעט שטעקט תמיד די כּוונה צו באַווייזן, אַז יידיש איז אַנ'עלט-דייטשער דיאַלעקט און אַז יידן זיינען די טרעגער פֿון דער דייטשער קולטור אין די סלאַווישע לענדער.

מיר ווייסן ניט אַף באַשטימט, ווי אַלט איז די יידישע שפּראַך; אין דעם איז אָבער יידיש ניט קיין יוצא מן הכלל, ווייל אייגנטלאַך איז אויך באַ קיין אַנדערע שפּראַך ניט מיגלאַך צו זאָגן אַף געוויס, ווען זי איז געבוירן געוואָרן. יעדנפֿאַלס איז די יידיש-דייטשע שפּראַך מסתמא ניט יינגער פֿאַר זעקס-זיבן הונדערט יאָר, ד. ה. פֿאַר יענער צייט (XIII—XIV יאָרהונדערט), ווען די דייטשע יידן האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַזעצן אין גאַליציען (באַ דעם גאַליצישן קיניג דניאל) און אין פּוילן (באַ'ם קאַלישער הערצאָג באָלעסלאַוו). אויך די האַנטשריפֿטן, וואָס זיינען פֿאַרבליבן פֿון אַלט-יידיש, דערגייען ביז צום XIII יאָרהונדערט [3]. אַזוי-לאַלעמאַן (דאָס דייטשע גוינערטום", 1862 ב. III און IV), פֿאַרגלייכנדיק יידיש מיט דער שפּראַך פֿון די דייטשע גנבים אין מיטלאַלטער, קומט צום אויספֿיר, אַז יידיש-דייטש

[3]) אַ בעוויז האָבן מיר—דעם כתב-יד אין דער קיניגל. ביבליאָטעק אין מינכען, וואָס געפינט זיך דאָרט פֿון 1876 יאָר אָן אונטער דער № 420. דאָס איז אַ ווערטערבוך צום תלמוד, אַנ'אויסצוג פֿון דעם בערימטן העברעאיש-אַראַמעישן גרויסן „ערוך שלם". דער כתב-יד ברענגט זער פֿיל דייטשע ווערטער צו דערקלערן די אויסדרוקן פֿון תלמוד; און די איינגעפֿירטע דייטשע ווערטער, געשריבן מיט העברעישע אותיות. ווערן אָפֿט געברויכט ווי זעלבסט-פֿערשטענדליכע, צ. ב. „סרוקין נ"א סריקין היינו מצוירין כמו דפוסות שעושין ליבקוכיש" (ד. ה. דאָס וואָרט סרוק ווערט דערקלערט מיט'ן יידישען וואָרט לעקאַך). אין דעם כתב-יד ווערן די דייטשע ווערטער אַנ'אַנדערס מאָל אַיינגעפֿירט מיט „בלע'ז", אַנ'אַנדערס מאָל מיט „בלשון אשכנז", אָפֿט אָן קיין שום בעמערקונג, און אָפֿטמאָל אויך מיט „בלשונינו" (ד. ה. „אין אונדזער שפּראַך"), אָפֿטער פֿאַר אַלץ אָבער מיט „שקורין" (ד. ה. וואָס מ'רופֿט אָן"). מאַקס גרינבוים („יידיש-דייטשע כרעסטאָמאַטיע", לייפּציג 1882 ז. 463—479) מיינט, אַז דער כתב-יד שטאַמט פֿונ'ם XV יאָרהונדערט, נאָר דר. פּערלעס („בייטראָגן צו דער געשיכטע פֿון די העברעישע און אַראַמעישע פֿאָרשונגען" מינכען 1884 ז. 20—56) בעווייזט מיט פֿיעל ראיות, אַז דער דאָזיגער כתב-יד איז געשריבן ניט שפּעטער פֿאַרין פֿערצענטן, און אפשר אינ'ם XIII יאָרהונדערט.

איז אַלט אַכטהונדערט יאָר. דר. מאָריץ גידעמאַן („געשיכטע פֿון דעם חינוך און פֿון דער קולטור בײַ די מערבֿ־אייראָפּעאישע יידן", ב. III, ווין 1888) שטעלט זיך אָפּ אַף דעם, וואָס יידן שרייבן די טאָפּלטע תנועה ei מיט צוויי יודן (יי), און איז זיך משער, אַז די דאָזיקע שרייבונג שטאַמט פֿון יענע גאָר אַלטע צייטן (XI—XII יאָרהונדערט), ווען בײַ די דייטשן איז נאָך געווען לאַנג־î אַנשטאָט ei. שרייבנדיק קורץ־i מיט איין יוד, האָבן יידן געמוזט שרייבן לאַנג־î מיט צוויי יודן. יעדנפֿאַלס איז אונדזער שפּראַך און אונדזער ליטעראַטור גאָר ניט יונג. אויך די יידישע פֿילאָלאָגיע איז שוין אַלט פֿירהונדערט יאָר[4]. און אויב בײַ פֿילע פֿעלקער איז זייער פֿילאָלאָגיע אַלט כ״ה 70—80 יאָר (ווי, למשל, בײַ די עסטן, לאַטווישן, אוקראַאינער, סערבן), און בײַ אַנדערע אפֿילו נאָך יינגער, — מעגן מיר זיך טאַקע שעמען, וואָס פֿאַר אַזאַ לאַנגער צייט האָט אונדזער נאַציאָנאַלע וויסנשאַפֿט ניט באַקומען קיין ליטישן פּנים.

II

די וויסנשאַפֿטליכע באַאַרבעטונג פֿון אונדזער שפּראַך ליידט פֿיל פֿון די אײַנגעוואָרצלטע פֿאָראורטיילן, וואָס הערשן אין אונדזער אינטעליגענץ בנוגע צו יידיש. נאָך עד היום געפֿינען זיך בײַ אונדז פֿילע, וואָס זיי זעהט אויס קאָמיש דער עצם געדאַנק וועגן אַ יידישער פֿילאָלאָגיע. פּונקט אַזוינע גראָב־עם־הארצ׳ישע טענות, ווי „יידיש איז אַ שמיציקער זשאַרגאָן", „יידיש איז אַ פֿערדאָרבענער דייטשער דיאַלעקט, וואָס האָט ניט קיין גראַמאַטיק און קיין שום קולטורעלן ווערט" — פּונקט דאָס אייגענע האָבן גערעדט מיט אַכציק אָדער הונדערט יאָר צוריק די רעאַקציאָנערע פֿאָלקספֿיינדליכע פֿאַלש־אינטעליגענטען בײַ די גריכן, בײַ די סערבען, און נאָך עד היום טיילווייז בײַ די אוקראַאינער, קאַטאַלאַנער א. ד. גל. נאָר דאָס לעבן האָט געמאַכט צו נישט די באַמיהונגען פֿון די פֿאָלקספֿיינדליכע קנאים, די נייגריכישע, סערבישע און אַנדערע פֿאָלקשפּראַכן באַפֿרייען זיך אַלץ מער און מער פֿון דער קולטורעלער פֿאַרשקלאַפֿונג און טרעטן אַרויס מיט ברייטע שריט אַפֿן וועג פֿון נאַציאָנאַלן שאַפֿן. אַ וויסנשאַפֿטליך־גע-

[4]) שוין בײַ לוטער, יאָהאַן אַגריקאָלאַ און אַנד. קריסטליכע טעאָלאָגן פֿון אָנהויב XVI יאָרהונדערט געפֿינען זיך דאָ און דאָרט באַמערקונגען וועגן יידיש. דער באַרימטער קענער פֿון העברעיש און דער גרינדער פֿון דער אַראַמעאישער וויסנשאַפֿט סעבאַסטיאַן מינסטער גיט שוין אָפּ דער יידישער שפּראַך אַ גאָר בכבוד׳יקן אָרט, דערהויפּט אין זיין „העברעישן ווערטערבוך (באַזעל 152), וואו ער פֿערטייטשט די העברעישע ווערטער, חוץ לאַטייניש, זער אָפֿט אויך מיט יידיש; צ. ב.: „יקש — laqueavit, irretivit — Iud. dicunt שטרויכלען; id est offendit — אָדער „נדב — Iud dicunt ווילליגען" א. א. וו. אָבער די ערשטע ספּעציעלע שריפֿט וועגן יידיש איז אַרויס אין 1609 יאָר פֿונ׳ם גאָונ׳ישן קריסטליכן לינגוויסט י. בוקסטאָרף (דעם פֿאָטער): Lectionis Hebraeo-Germanicae Usus et Exercitatio (30 s) אין דער דאָזיגער קליינער שריפֿט רעכנט ער אויס צוואַנציג יידישע ביכער, וואָס ער פֿערמאָגט אַלס זיין אייגנס (ז. ביבליאָגראַפֿיע).

בילדעטן פֿילאָלאָג שטייט גאָר בכלל ניט אָן צו דיסקוטירן מיט די אָנגעוויזענע יידיש־פֿיינדליכע טענות. ווער ס׳האָט כאָטש אַ קנאַפּן באַגריף אין שפּראַכוויסנשאַפֿט, ווייס גאַנץ גוט, אַז יעדער דיבור, וואָס ווערט גערעדט און פֿאַרשטאַנען פֿון מיליאָנען מענטשן, מוז האָבן אַן אינעווייניגסטן סדר, אַ געזעצמעסיקן בוי, — אַניט וואָלט יים פּשוט קיינער ניט פֿאַרשטאַנען; וואָס די עקסטערנעם הפֿן אָן „גראַמאַטיק" — דאָס מעג אָנגעשריבן זיין אָדער ניט, די שפּראַך האָט יעדנפֿאַלס יירע כללים, ייר פֿילאָלאָגישן חוק. דער קולטורעלער ווערט פֿון אַ שפּראַך ווענדט זיך לחלוטין ניט אָן דעם, צי מע האָט שוין אָנגעשריבן ייר גראַמאַטיק צי ניט. קאָמיש איז אָבער, וואָס ניט נאָר די פֿאַרבלענדטע שונאים פֿון יידיש, נאָר אויך זיינע חסידים שעצן זיין ווערט לויט דעם פֿאַרנעם פֿון זיין גראַמאַטיק. בעת די אַנטי־יידישיסטן האַלטען אין איין שרייען, אַז די יידישע גראַמאַטיק איז צו דין, באַרימען זיך אייניקע יידישיסטן דערמיט, וואָס מע קאָן דיזע גראַמאַטיק מאַכן, להיפּוך, גאָר דיק, אָנפֿילען זי מיט געדיכטע עמודים פֿון דעקלינאַציעס קאָנזוגאַציעס, מיט כללים און אויסנאַמען אָן אַ שיעור.

דאָזיקע וואָג־און־מאָס פֿון אַ שפּראַך — צי איז ייר גראַמאַטיק גענוגדיק — האָט שוין גאָר קיין טעם ניט. די יידישע „גראַמאַטיק", ווי מיר וועלן באַלד זעהן, מוז אין דער אמת׳ן זיין גאַנץ דין, קיין צו פֿילע כללים פֿאַרמאָגט זי ניט. נאָר פֿאַראַן אייניקע רייכע, מעכטיקע שפּראַכן, וואָס מע קען זייער „גראַמאַטיק" אויסדריקן נאָך קירצער, ווי די יידישע. אַלע ווייסן, ווי איינפֿאַך איז דער בוי פֿון דער ענגלישער שפּראַך — און ווי רייך זי איז אין באַגריפֿן און ווי הויך איז ייר קולטורעלער ווערט. אַ באַקאַנטער ווינער פּראָפֿעסאָר פֿון אָריענטאַלישע שפּראַכן זאָגט תמיד צו זיינע תלמידים אַ וויצל, אַז „די גאַנצע גראַמאַטיק פֿון דער פּערסישער שפּראַך קאָן מען אָנשרייבן אַף אַ וויזיט־קאַרטל און אויסלערנען אין אַ פֿערטל שעה": פּערסיש איז אָבער די שפּראַך פֿון וועלט־באַרימטע דיכטער און פֿילאָסאָפֿן. אונדזער פּראָפֿעסאָר איז גערעכט, פֿונדעסטוועגן לערנען זיינע סטודענטן פּערסיש פֿון אַ זער דיקער גראַמאַטיק, און איך בין זיכער, אַז ווער ס׳וויל און ווייס, קאָן אָנשרייבן די דאָזיקע גראַמאַטיק נאָך דיקער, מיט נאָך נייע כללים און נאָך נייע אויסנאַמען אָן אַ שיעור. ווייל יעדע לעבעדיקע שפּראַך פֿון אַ לעבעדיקן פֿאָלק איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, אַ פֿרייע אינדיווידואַליטעט, מיט אַן אייגענער געזעצמעסיקייט און אייגענע קאַפּריזן. מעג ייר געזעצמעסיקייט זיין ווי פּראָסט, ווי קלאָר, אויסשעפּן זי איז דאָך אוממיגלאַך, און אַ וויסנשאַפֿטליך־געבילדעטער מענטש וועט זיך קיין מאָל ניט באַרימען, אַז ער ווייס די „תורה כלה" פֿון וועלכער ניט איז שפּראַך. יידיש האָט אַן איינפֿאַכן בוי, און פֿונדעסטוועגן איז די אויפֿגאַבע פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע אומענדליך ברייט און טיף אָן אַן עק, ווייל יידיש איז אויך אַן איינגאַרטיקער לעבעדיקער אָרגאַניזם, אומבאַגרענעצט אין זיין שעפֿערישער פֿרייהייט.

וואָס די יידישע גראַמאַטיק מוז זיין אָרעם, וואָס זי קאָן ניט בלישטשען מיט פֿילפֿאַרביקע, פֿיין־אויסגעטאָקטע פֿאָרמען, — דאָס איז פֿאַר אַ פֿילאָלאָג ניט קיין חסרון, נאָר, פֿאַרקערט, אַ מעלה. יידיש האָט פֿאַרלאָרן זער פֿיל אַלט־דייטשע גראַמאַטישע פֿאָרמען און ביגונגען. די יידישע דעקלינאַציע און קאָניוגאַציע זיינען גאָר איינפֿאַך; וואָס ס׳פֿלעגט אַמאָל אויסגעדריקט ווערן

דורך אַ בייגונג פֿונ'ם שורש, ווערט איצט אויסגעדריקט דורך אַנ'אומשרייבונג: אָנשטאָט „מעשה געשאַך“, וואָס מיר לייענען אין די אַלטע יידישע ספֿרים, זאָגן מיר לע"ע „אַ מעשה איז געשעהן“; אין הערכּקוקנדיג די יידישע ליטעראַטור פֿאַר דער גאַנצער צייט, פֿונ'ם XIV יאָהרהונדערט אָן (אָדער נאָך פֿריער) ביז צו אונזערע טעג, זעהען מיר, ווי ביסלאַכווייז פֿאַלן אָפּ איין פֿאָרם נאָך דער צווייטער, ווי ס'גייט פֿאַרלאָרן דער דאַטיוו, דער אימפּערפֿעקט, דער קאָניונקטיוו, ווי יידיש ווערט אַלץ אָרעמער און אָרעמער אין פֿאָרמען, פֿאַרבייטנדיק די פֿאָרמען דורך באַגריפֿען, די פֿלעקסיעס (בייגונגען) דורך אומשרייבונגען. דאָס איז אָבער אַ חוק אין דער לינגוויסטישער אַנטוויקלונג: אַלע פֿלעקסיווע (ווערטער־בייגנדיקע) שפּראַכן ווערן מיט דער צייט אַלץ אָרעמער אין פֿאָרמען. דער לינגוויסט פֿאָרמולירט דעם דאָזיקן געזעץ אַזוי: די פֿלעקסיווע שפּראַכן ווערן אַלץ מער אַ נ אַ ל י ט י ש, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער זייער „גראַמאַטיק“ ווערט אַלץ „דינער“. די גאָר אַלטע שפּראַכן זיינען אויך די רייכסטע אין פֿאָרמען; און די גאָר יונגע זיינען די פֿאָרמען־אָרעמסטע [5]. די פֿילאָלאָגיע האָט פֿאַרשטיין די שטים פֿון לעבן; דאָס לעבן אַליין פֿאַרלאַנגט, אַז די שפּראַך זאָל ווערן וואָס רייכער אין באַגריפֿן, און וואָס אָרעמער אין פֿאָרמען: איינפֿאַכער די פֿאָרמען — גרינגער פֿאַרן פֿאָלק. די קולטור־אַנטוויקלונג גייט פּראָדוקטיווער בײַ

[5]) דער געזעץ פֿון אַנאַליטישער שפּראַך־פֿאַרייגפֿאַכונג דריקט זיך בולט אויס סיי אין די סעמיטישע, סיי אין די אַרישע שפּראַכן, ד. ה. אין ביידע צווייגן, פֿון וועלכע יידיש בעשטייט. פֿון די סעמיטישע איז די עלטסטע — אַראַביש, וואָס איז מורא'דיק רייך אין פֿאָרמען, אַ געדיכטער וואַלד פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַנטאַסטישע בויגונגען; די דאָזיגע אוראַלטע רייכקייט פֿון פֿאָרמען ווערט אָבער אַלץ מער פֿערשמאָלצן אין די יינגערע שפּראַכן — אין העברעאיש, אַראַמעיש, און לאָזט זיך אויס מיט פּשוט'ן פֿאָרמען־דלות אין ניי־אַראַביש. די עלטסטע פֿון די אַרישע שפּראַכן, סאַנסקריט, פֿאַרמאָגט די רייכסטע פֿאָרמען; לאַטייניש, גריכיש, באַקטריש, סלאַוויש, זיינען שוין פֿיל אָרימער; פֿאַרגלייכט אָבער לאַטייניש מיט די מאָדערנע ראָמאַנישע שפּראַכן, גאָטיש מיט די גערמאַנישע, קירכן־סלאַוויש מיט די יינגערע און יינגסטע סלאַווישע שפּראַכן, אַלט־גריכיש מיט ניי־גריכיש, קירכן־אַרמעניש מיט ניי־אַרמעניש, — אומעטום זעט מען די ווירקונג פֿון דעם דאָזיגן וואונדערבאַרן געזעץ. יור קענט אַפֿילו באַמערקן, אַז אַף אונזערע אויגן פֿאַרלירן רוסיש און דייטש אייניגע פֿאָרמען און פֿערבייטן מיט אומשרייבונגען: פּונקט ווי יידיש פֿאַרלירט אויך דייטש ביסלאַכווייז דעם אימפּערפֿעקט און פֿערבייט דעם „סעקסישן“ געניטיוו (אַף „־ס“) דורך פֿאָן. דעם קאָנדיציאָנאַל שטרייכט מען שוין גאָר אויס פֿון די דייטשע גראַמאַטיקעס. רוסיש פֿאַרלירט בײַ היינטיקן טאָג אייניגע דעיעפּרי־טשאַסטיעס (אַף „־וטשי, ־יוטשי“) און די סופּערלאַטיוו־פֿאָרם אויף „נאַי—“. און אין דער שפּיץ פֿון דער דאָזיגער טווינטיאָריקער אַ נ אַ ל י ט י ש ע ר אַנטוויקלונג שטייען די פּראָגרעסיווסטע, די פֿאָלקסטימליכסטע און צום מייסטן אַנאַליטישע שפּראַכן פֿון אונזער צייט: ניי־פּערסיש, ענגליש, פֿראַנצויזיש און — יידיש. אַז די פֿאַנאַטישע העברעאיסטן פֿאַלן אָן אַף דער אָרימקייט פֿון דעם „מיאוס'ן צעקאַליעטשעטן זשאַרגאָן“, מעגן זיי זיך אַרומקוקן, אַז די ניי־העברעאישע שפּראַך פֿון אחד העם און ביאַליק איז טויזנט מאָל איינפֿאַכער סיי אין קלאַנג סיי אין בוי, איידער די שפּראַך פֿון תּנ"ך און אַפֿילו פֿון די מדרשים: ווייל העברעיש אַנטוויקעלט זיך אויך נאָך דעמזעלביקן אַנאַליטישן געזעץ, ווי יידיש און ווי אַלע אַנדערע פֿלעקסיווע שפּראַכן.



אַ פּראָסט־געבילדעטער, און דערפֿאַר מער עלאַסטישער שפּראַך, איידער בײַ אַן אַלטמאָדיש איינגעפּוצטן לשון מיט פֿאַרפּלאָנטערטע, פֿיל־גאָרנדיגע פֿאָרמען. פֿון אַלע יידישע פֿילאָלאָגן האָט נאָר פֿיליפּ מאַנש גוט פֿאַרשטאַנען דעם אַנאַליטישן כאַראַקטער פֿון דער יידישער שפּראַך; ער האָט אויך מיט אַ שאַרפֿן פֿילאָסאָפֿישן בליק אויסגעפֿאָרשט די אַנאַליטישע, קראַפֿט־פֿאַרשפּאָרנדיקע טענדענצן אין דער גאַנצער יידישער גראַמאַטיק (מאַנש'ס יידישע גראַמאַטיק (1888—1890) איז אַפֿילו ניט אַזוי שטרענג וויסענשאַפֿטליך, ווי גערצאָג'ס — 1902, — אָבער פֿיל טיפֿער און אָריגינעלער, איידער די לעצטע).

III

גרויסע שוועריגקייטן האָט דער יידישער פֿילאָלאָג פֿון דעם, וואָס אונזער יידיש־דייטשע פֿאָלקס־שפּראַך געהערט צו דער קאַטעגאָריע פֿון ג ע מ י ש ט ע שפּ ר אַ כ ן. קיין גאַנץ ריינע שפּראַך איז בכלל ניטאָ אין דער וועלט: העברעיש האָט אין זיך פֿילע אַראַמעישע, גריכישע, פּערסישע עלעמענטן, רוסיש באַשטייט פֿון אָן אַ שיעור טערקישע און פֿינישע ווערטער; נאָר כּזיינען דאָ אויך שפּראַכן, וואָס זייער געמישטער בוי וואַרפֿט זיך פּשוט אין די אויגן. אַזוי איז ענגליש אויסגעמישט פֿון קעלטישע, גערמאַנישע און ראָמאַנישע טיילן, יאַפּאַניש — פֿון אייגענע מיט כינעזישע, פּערסיש פֿון אייגענע מיט אַראַבישע. פֿאַראַן אויך שיינע, מעכטיקע שפּראַכן, וואָס טראָגן נאָך אַ מער געמישטן כאַראַקטער, איידער אונזער יידיש־דייטש, נאָר קיינער וועט זיי דערפֿאַר ניט רופֿן „שמוציקער זשאַרגאָן“ [6].

יידיש באַשטייט על פּי רוב פֿון גערמאַנישע ווערטער, און זיינע פֿאָרמען זיינען כּמעט הרלויס גערמאַניש. חוץ דעם, האָט יידיש אין זיך זער פֿילע סעמיטישע (העברעיש־אַראַמעישע) ווערטער און פֿאָרמען, באַזונדערס איז סעמיטיש דער זאַץ־בוי (סינטאַקסיס) און דער סטיל. טיילווייז זיינען אויך אַריינגעמישט אין יידיש סלאַווישע (פּויליש־אוקראַינישע), מאָלדאַוואַנישע, אונגאַרישע און אין אַמעריקע ענגלישע ווערטער און פֿאָרמען. ענדלאַך געפֿינען מיר אַ קליינעם, נאָר דערפֿאַר טאַקע גאָר אינטערעסאַנטן עלעמענט אין יידיש — דאָס זיינען די ווינציקע אַלט־פֿראַנצויזישע, איטאַליענישע און פּאָרטוגיזישע ווערטער (טשאָלנט, פּאַטשיילע, בענטשן א. אַנד.); אַזוינע ווערטער זיינען אַמאָל געווען אין

[6]) אַ שאַרפֿן ביישפּיל פֿון אַ שפּראַך־מישמאַש גיט אונדז טערקיש (אָסמאַנלי). זייענדיק אין גרונד אַ שפּראַך אָן פֿלעקסיעס — אַנ'אַגלוטינאַנטע שפּראַך, — געהערנדיק צום זעלבשטענדיקן כינאָ־מאָנגאָלישן שטאַם (דער אוראַל־אַלטאַישער צווייג), האָט זיך טערקיש היסטאָריש פֿאַרבונדן מיט גאָר פֿרעמדע פֿלעקסיווע שפּראַכן — מיט דעם אַרישן פּערסיש און מיט'ן סעמיטישן אַראַביש; און די דאָזיקע פֿאַרבינדונג איז פֿונדעסטוועגן העכסט האַרמאָניש, העכסט אָרגאַניש־פּראָדוקטיוו. דער טערק רעדט אַ מאָדנעם געמיש אַפֿילו אין זיין געוויינליכסטן לעבן. אַזוי, באַגעגענענדיג אייך אין דער פֿריה, באַגריסט ער אייך מיט אַ פֿראַזע (סאַבאַך־אי־שעריפֿיניז חייר אָלסון), וואו די ערשטע דריי ווערטער זיינען אַראַביש מיט אַ טערקישער ענדונג, זייער פֿאַרבינדונג פּערסיש, דאָס פֿערטע וואָרט טערקיש; אָדער יור באַקומט אַ פּאָסט־קאַרטל, וואו פֿון אויבן שטייט „אָסמאַנישע הויך־מלוכה־פּאָסט“, וואו די ערשטע דריי ווערטער זיינען אַראַביש, זייער פֿאַרבינדונג פּערסיש, דאָס פֿערטע וואָרט איטאַליעניש און דאָס גאַנצע פֿאַרבונדן אַף אַ טערקישן אופֿן.

יידיש פיל מער, איידער איצט: אַזוי טרעפן זיך אין די אַלטע יידישע כתבים זער אָפט די ווערטער „פרייען, אָרען" (דאַוונען) א. א. וו., וואָס זיינען אָבער איצט גאָר פאַרשוווּנדן. ס'איז כמעט ניטאָ קיין ספק, אַז די דאָזיקע ווינציקע ווערטער זיינען אַ שפּור פון יענע שפּראַכן, וואָס אונזערע זיידעס האָבן גערעדט, נאָך איידער זיי זיינען אַריבער צו דער דייטשער שפּראַך. שטיצנדיק זיך אַף דיזע שפּורן און נאָך אַף געוויסע פילאָלאָגישע און היסטאָרישע טעמים, מיינט דר. גידעמאַן (געשיכטע פונ'ם חינוך א. אז. וו.", ב. II), אַז די ערשטע צייט — אינ'ם XI — XII יאָהרהונדערט — האָבן די יידן אין דייטשלאַנד נאָך גערעדט פראַנצויזיש.

פּונקט, ווי אין אַנדערע געמישטע שפּראַכן, טרעטן אַריין אויך אין יידיש די דאָזיקע פאַרשיידענע עלעמענטן אין אַ זעלבּשטענדיקער אָרגאַנישער פאַרבינדונג: דאָס איז ניט קיין שפּראַך־געמיש, ניט קיין מיש־מאַש, נאָר אַ שפּראַך, הגם אַ געמישטע. דייטשע, העברעיִשע, סלאַווישע עלעמענטן, באַלד ווי זיי זיינען אַריין אין דער פאָלקס־שפּראַך, הערן אויף צו זיין דייטש, העברעיִש, סלאַוויש, — זיי ווערן אָן זייער פריערדיקן פּרצוף און נעמען אָן אַ נייעם: ווערן יידיש. זייער אויסשפּראַך פּאַסט זיך צו צו דער יידישער פאָנעטיק, זייער פאַרבינדונג פּאַסט זיך צו צו דער יידישער וואָרט־בילדונג, זייער באַטייטונג — צו דער יידישער עטימאָלאָגיע, זייער שטעלונג אינ'ם זאַץ — צום יידישן זאַץ־בוי און צום יידישן נוסח. די העברעיִשע ווערטער ווערן אין יידיש גאַנץ אָפט אַנדערש אויסגעשפּראָכן, איידער אין העברעיִש נאָך דער געוויינטלאַכער אַשכנזישער הברה*). אַזוי, למשל, זאָגן מיר „צו לאָכעס, באַלעבאָס, שייגעץ, מעלאָפן, טאָמער, באַרמענען, קרישמע, טיינע", אַנשטאָט „צו להכעיס, בעל־הבית, שקץ, מלפים, תאמר, בר מינן, קריאת שמע, טענה". אַפילו אונזער העברעיִשע הברה שטימט מיט דער יידישער פאָנעטיק: אַ צירא לייענען מיר, ווי איי, אַ חולם ווי אוי, אַ למד שפּרעכן מיר אויס האַרט, די טראָפּ שטעלען מיר שטענדיק „מלעיל" אַנשטאָט „מלרע" („ברוך אתה" א. דגל.). די העברעיִשע ווערטער געבן מיר צו זער אָפט גאָר אַנאַנדער באַטייטונג, ווי צ. ב., „אדרבא, הושענא, כלי־זמר" א. א. וו. אַנאַנדערס מאָל פאַרבינדן מיר אין איין באַגריף פאַרשיידנשפּראַכיקע עלעמענטן, ווי העברעיִש און דייטש: „באַגזל'ען, אויסחור'ן, אונטער־חתמ'ען, מיט כל המיגלאַכקייטן, הפקר־וועלט, עניני־געשעפטן, דרשה־געשאַנק", אָדער העברעאיש מיט סלאַוויש „צביעק, צביעטשען, כל בו'ניק, הפקר־פּעטרושקע, בעל־הקאָראָבקע". מיר האָבן איינקע ווערטער אַזוי פאַרענדערט, אַז מע דערקענט קוים זייער שורש, למשל, העברעאיש: דפינען צו דאַווענען, כתבות — קאַטאָוועס, שמועה'ן — צו שמועסן, אויס'מחה'ן צו אויסמעקען. דייטש: לעקקוך — לייקאַך, וואָלפייל — וואָלוול, טינטהאָרן — טינטער, צואָמיעזע־ציִמעס; סלאַוויש: נעבאָהאַ — נעבאַך, דזיעד — זיידע, און נאָך פיל אַזוינע[6].

*) זעה ווייטער דעם אַרטיקעל פון ם. וויינגער: „העברעאישע קלאַנגען אין דער יודישער שפּראַך". די רעד.

[6]) דאָס וואָרט דאַוונען דערקלערן י. בערנשטיין און וו. זעגעל (אין זייער ווערטערבוך צו די פון זיי אַרויסגעגעבענע „יוד. שפּריכווערטער", וואַרשא 1908, ווערטערב., ז. 17) פונ'ם ענגלישן „dawn" (־בין השמשות), נאָר דאָס איז אַ ניט־געלונגענע סברה. ייך שטיץ זיך אויף דער מיינונג פון ל. צונץ (גאָטעסדינסטליכע פאָרטרעגע", 2 אויפל., פראַנקפורט א. מיין 1892, ז. 454)



די פאַרשיידנשפּראַכיקע עלעמענטן אין יידיש זיינען לחלוטין ניט סותר איינער דעם צווייטן, זיי ערפילן אין דער שפּראַך גאַנץ פאַרשיידענע פונקציעס, זיי פאַרבינדן זיך פּונקט אַזוי אָרגאַניש און דערגענצען איינער דעם אַנדערן, ווי די פונקציעס פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם. איינע פון די אויפגאַבן פון אונזער פילאָלאָגיע מוז אויך זיין דעריבער פעסטצושטעלן, וואָס פאַר אַ פונקציעס מערפילן די העברעיִשע, דייטשע און סלאַווישע ווערטער און פאָרמען אין דער יידישער שפּראַך. די געוויינטלאַכע מיינונג, אַז העברעיִשע ווערטער דריקן אויס אין יידיש מער געהויבענע און אַבסטראַקטע באַגריפן, און די דייטשע — מער געוויינטליכע אַלטעגליכע ענינים, איז ניט ריכטיק. אָט האָט איר „גאָט, געדאַנק" — דייטשע ווערטער פאַר העכערע באַגריפן, און „מחותן, משפּחה, כלי", ווי אויך פילע ניט־אָנשטענדיקע ווערטער (עראָטיקאַ און הוכטיקאַ) גענומען פון העברעאיש[7]. מיר דוכט זיך, אַז מע קאָן דעם אונטערשייד אַזוי פאָרמולירען: די אידעען און באַציהונגען פונ'ם אַלמענטשליכן לעבן ווערן אויסגעדריקט אין דייטש; די ערשיינונגען, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אויפ'ן באָדן פונ'ם אינווייניגסטען יידישן לעבן, ווערן אויסגעדריקט על פּי רוב אין העברעיִש, און די פאָרמען און געפילן פונ'ם אַלטעגליכן לעבן אינ'ם ענגן פאַמיליען־קרייז אָדער גראָבע, נעגאַטיווע איינגעשאַפטן — אין סלאַוויש. אַזוי, אַשטייגער, בעקומט איין און דערזעלביקער באַגריף פאַרשיידענע שאַטירונגען, אויב ער ווערט אויסגעדריקט דורך ווערטער פון פאַרשיידענעם שפּראַך־יחוס; צ. ב., „גאָט", „רבונו של עולם" און — „גאָטעניו־טאַטעניו": דאָס ערשטע איז אַן אַלמענטשליכער באַגריף און ווערט אויסגעדריקט דייטש, דאָס צווייטע, אויסגעדריקט העברעיִש, באַציהט זיך נאָר אַף די פאַרהעלטנישן צווישען גאָט און ישראל, דאָס דריטע, סלאַוויש, דריקט אויס אַנאינטימע, קינדערשע באַציהונג צו דער אויבערשטער מאַכט. אָדער נעמען מיר די ווערטער „איינפאַך", „פּשוט", און „פּראָסט". דיזע דריי ווערטער מיינען ניט גאַנץ דאָסזעלביקע, הגם עס זיינען די שאַטירונגען שווער צו פאָרמולירן. אָדער „נאַר" (אַ מענטש בכלל), „טפּש" (נאָר אַ ייד קאָן זיין אַ טפּש) און „בייבאַק". געוויס, זיינען פאַראַן פיל און וויכטיקע אויסנאַמען פונ'ם אָנגעוויזענעם כלל; און אַלעמיינעם אָבער שטאַמען די דייטשע ווערטער פונ'ם ברייטן פאַרקער צווישן יידן מיט דער אייראָפּעיִשער וועלט; די העברעיִשע און אַראַמעיִשע ווערטער — פון קהל־לעבן, פון חדר, פון דער ישיבה, פונ'ם צדיק'ס שטיבל, און די סלאַווישע ווערטער — פון דער ענגער באַרירונג מיט פּויערים, הויזדינסטן, שבת־גוים א. א. וו.

לפּנים אַנאַיכגאָם זיינען צוויי אינטערעסאַנטע מינים העב־

אין ע. וואַדאַס (Vadász) אין דער אונגאַריש־יידישער צייטשריפט Magyar Szidó szemle „מאַדיאַר זשידאָ סעמלע" 1908, № 4), „קאַטאָוועס" דער קלער איך, זיך סומך זייענדיק אַף דעם גרויסן יידישן מדקדק אליהו בחור אַשכנזי הלוי (אליהו לעוויטאַ) אין זיין ווערטערבוך „תשבי" (ספר התשבי לאליהו התשבי" איסני 1541 יאָר).

[7]) „תחתונים, נבלה" א. דגל. די מדה אָנצורופן די סעקסועלע אָרגאַנען און פונקציעס מיט העברעיִשע ווערטער שטאַמט בייַ די יידען פון דעם־זעלבן שעמעוודיקייטס־געפיל, ווי דער מנהג פון די אייראָפּעיִשע שרייבער צו „פאַרדעקן" אַזוינע זאַכן מיט לאַטייניִשע ווערטער, בא די טערקען מיט אַראַבישע, בא די בראַהמאַנער מיט סאַנסקריטישע א. אז. וו.

רעישע ווערטער אין יידיש: 1) די ווערטער, וואָס באַצייכענען די קאָמערציעלע באַציהונגען: „מכחר, סחורה, משכון, ריוח, קרן, שטר, מלוה, חוב“ א. א. וו. א. א. וו., ווי אויך אייניקע שאַרפע אויכדרוקען פון דער שאַחער-וועלט, ווי „שאַחרן (פון „סחר'ן“), גנב'ענען, גזל'ענען“ (אויך הרג'ענען?) און דגל. 2) יענע גראָבע באַצייכענונגען, וואָס יידן פלעגן אָנווענדן צו ניט-יידן, אַרויס-גייענדיג פונ'ם טראַדיציאָנעלן אתה-בחרתנו-שטאַנדפונקט, ווי „גוי, עכו"ם, ערל, שייגעץ, שיקסע, להבדיל“, אָדער „פגר'ן“ אָנשטאָט „שטאַרבן“, „חאַסלירע האָבן“ אָנשטאָט „חתונה האָבן“ א. דגל. די ערשטע קאַטעגאָריע (די מסחר-אויסדריק) זיינען אויסגעוואַקסן ביי יידן טיילווייז צוליב דעם, וואָס די דייטשע שפּראַך האָט נאָך אַליין ניט געהאַט נעניג סוחר'ישע אויסדרוקען. אינטערעסאַנט איז אָבער, וואָס די דייטשן אַליין האָבן איבערגענומען בײַ יידן אַזוינע אויסדריקן, ווי Baissel, Pleite, Rebbach „הייזל“, ד. ה. אַ נידעריגע שיינקל), און די דייטשע גנבים-שפּראַך איז פיל מיט יידישע (העברעיִשע) ווערטער. דאָס האָט אפילו געגעבן די ריכטונג אַנטייסן צווייג פון דער יידישער פילאָלאָגיע: פילע דייטשע פאָרשער, און בפרט דער אויסגעצייכנטער לינגוויסט אַווע-לאַלעמאַן, זיינען געקומען צו יידיש, אָנהייבנדיק פון דער אויספאָרשונג פון דער גנבים-שפּראַך. — די צווייטע קאַטעגאָריע פאַראַכטונגס-ווערטער שטאַמט פון דער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט, וואָס באַמערקט זיך בײַ דעם פּראָסטן עולם פון אַלע אומות. אַזוי זאָגט דער רוסישער פּויער околѣть (אָנשטאָט умереть) דער אוקראַינישער здохнути (אָנשטאָט вмерти) דער דייטש fressen (אָנשטאָט essen), krepiren (אָנשטאָט sterben). מיט דער — הומאַניזאַציע פון דער שפּראַך פאַרשווינדן אַזוינע נאַציאָנאַלע פאַראַכטונגס-אויסדרוקן פונ'ם פאָלקס-מויל.

אַזוי ווי די דריי עלעמענטן, דייטש, העברעיִש-אַראַמעיִש און כלאַוויש, ערפילן פאַרשיידענע פונקציעס אין דער שפּראַך, דעריבער שטערט ניט די געמישטקייט פון יידיש צו זיין אַנטוויקלונג; פאַרקערט, הורך דעם ווערט אונדזער שפּראַך נאָר רייכער אין ווערטער און אויסדרוקס-מעגלאַכקייטן. סגעפינט זיך אָבער אין אונדזער שפּראַך אויך אַ פערטער, אינטעליגענטישער עלעמענט, דער ייִנגסטער פון אַלע, וואָס איז סותר דעם בוי פון די אַנדערע עלעמענטן און קאָן זיי כמעט ניט דערגענצן. דער עלעמענט חפּט זיך אָן „דייטשמעריש“, ער מאַכט קאַליע אונדזער שפּראַך און קאָן זי טאַקע ברענגען צו דער מדרגה פון אַ מיאוסן זשאַרגאָן. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַווילע אויף דעם דאָזיקן עלעמענט.

IV.

דער גרעסטער טייל פון די ווערטער און פאָרמען, וואָס ווערן געבויכט אין יידיש, זיינען דייטשע; דערפאַר אָבער זאָגט טאַקע בײַ אונדז יעדער גימנאַזיסט, אַז „יידיש איז פאַרדאָרבן דייטש“. נאָר ווער ס'זאָגט אַזוי, ווייס נעבאַך ניט, וואָס דייטש איז. יידיש האָט זיך טאַקע גענומען פון דייטש, אָבער חוקא ניט פון יענעם דייטש, וואָס מע שטודירט צו די עקזאַמענס אויף „אַטעסטאַט זרילאַסטי“. דער דאָזיקער דייטש פון שילער און געטע איז ניט דער שטיף-פאָטער פון יידיש, נאָר זיין שטיף-ברודער, און

דערצו נאָך אַ ייִנגערער ברודער. יידיש איז עלטער פאַר יענעם דייטש, וועלכן אונדזער „אינטעליגענט“ האַלט פאַר כשר; און טאַקע מיט הדיי — אָדער פירהונדערט יאָר עלטער. ביידע שטאַמען זיי פון מיטל-הויך-טייטש, ביידע זיינען זיי „פאַרדאָרבן“: יידיש איז „פאַרדאָרבן“ הורך העברעיִשן און כלאַווישן איינפלוס, מאָדערן-דייטש — הורך לאַטיינישן און פראַנצויזישן איינפלוס. יידיש איז „פאַרדאָרבן“ געוואָרן אַפן מאַרק און אין דער ישיבה, דייטש — אין אוניווערסיטעט און אין די ביוראָקראַטישע קאַנצעלאַריעס. אין דער היינטיקער יידישער שפּראַך געפינען זיך נאָך אַ סך אַלטע דייטשע — מיטל-הויך-טייטשע ווערטער, וואָס זיינען שוין אין דער דייטשער ליטעראַטור לאַנג פאַרלאָרן געגאַנגען, און ס'טרעפט גאַנץ אָפט, אַז אַ וואָרט אָדער אַ גראַמאַטישע פאָרם, וואָס אומוויסנדיקע אינטעליגענטן האַלטן פאַר פאַרדאָרבן דייטש, זיינען גאָר אַלטע דייטשע פאָרמען, וואָס יידיש האָט זיי פאַרהיט פון אונטערגאַנג. דער ערשטער, וואָס האָט גרינדלאַך אויסגעפאָרשט אַזוינע ווערטער און פאָרמען אין יידיש, איז אַווע-לאַללעמאַן, נאָך יים האָבן אַף דעם געביט פיל געאַרבעט שיינעאַנו, לאַנדוי און גערצאָן. דער לעצטער האָט אַפילו אָנגעשריבן אַ פאַרגלייך-גראַמאַטיק פון יידיש מיט מיטל-הויך-טייטש און האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ רשימה פון 424 אַזוינע אַלטע פאַרבליבענע ווערטער, וואָס ווערן זער אָפט געבויכט אינ'ם היינטיקן יידיש. די אַלטע יידישע ליטעראַטור אָבער האָט אַ גאַנצן אוצר פון עלטערע דייטשע ווערטער, וואָס זיינען אַצינד שוין פאַרלאָרן געוואָרן סיי אין יידיש סיי אין דייטש.

אַזוי ווי יידיש נעמט זיך ניט פונ'ם איצטיקן ליטעראַרישן דייטש, נאָר פונ'ם פאַרשטאָרבענעם מיטל-הויך-דייטש, דעריבער שיידען זיך אונטער שטאַרק די יידישע ווערטער פון די איצטיקע ליטעראַריש-דייטשע. אונדזער אינטעליגענט האָט אָבער געלעבט אין טעות: ער האָט געוואָלט ריינקן די יידישע שפּראַך, נאָכטאַנצנדיק נאָך דער דייטשער ליטעראַטור. ער האָט געמיינט: יידיש איז „פאַרדאָרבן“, מוז מען יים „אויסבעסערן“; און אויסבעסערן הייסט, פאַרשטייט זיך, פאַרדייטשן. אינ'ם משך פונ'ם ניינצענטן יאָרהונדערט האָבן אונדזערע שרייבערס אַריינגעגאָסן גאַנצע שטראָמען דייטשמעריש אין דער יידישער שפּראַך. ערשטנס, האָבן זיי גענומען פאַרדרייען די יידישע פאָנעטיק אַף דעם דייטשן שטייגער. וואו דער ייד זאָגט „אַף, בײַ, פאַר, נאָר“ האָט דער „אינטעליגענט“ אָנגעהויבן זאָגן און שרייבן „אויף, ביי, פיר, נור“; וואו דער פאָלק זאָגט „דערגרייכן, פאַריכטן, באַגליקן, שמאַרצן, האַרציק, האַנט, טויזנט, פאַרטיק, אונדז, מענטש, בענטשן, בריוו“, האָט דער אינטעליגענט „אויסגעבעסערט“: „עררייכען, פעררייכטען, בעגליקען, שמערצען, הערצליך, האַנד, טויזענד, פערטיג, אונז, מענש, בענשען, בריעף“. אַריינעמענדיק אין יידיש נייע דייטשע ווערטער, האָבן די משכילים ניט געזוכט די ווערטער צו פאַריידישן, נאָר האָבן זיי אַריינגעטראָגן פשוט אַזוי, ווי זיי ווערן אויסגעשפּראָכן אינ'ם ניי-הויך-דייטש, ד. ה. אין דער ליטעראַרישער דייטשער אויסשפּראַך. וואו דער פאָלק וואָלט געזאָגט „דערציהונג“, „אַנטוויקלונג“, האָט מען יים געלערנט רעדן „ערציהונג, ענטוויקלונג“ א. א. וו. פאַרדייטשנדיק די שפּראַך, האָט דער משכיל לחלוטין פאַרדאָרבן אויך די יידישע גראַמאַטיק; ער האָט געשאַפן נייע, ליטעראַריש-דייטשע פאָרמען פון מערצאָל (לעהרער אָנשטאָט לערערס,

הירעקטאָרען אָנשטאָט דירעקטערס, קרעפּטען אָנשטאָט קרעפּט), אַריינגעפירט דעם מיטלערן מין פון די הויפּטווערטער, וואָס די יידישע שפּראַך האָט כמעט ניט געהאַט (בפרט די ליטווישע), ווי, למשל, דאָס פאָלק, דאָס (!) רייכטום, דאָס גליק. ער האָט פאַרדרייט די קאָניוגאַציע: אָנשטאָט „ער זעצט איבער, ער איז איבערגעציגט, אונטערגעדריקט" האָט ער אַריינגעבראַכט די דייטשע פאָרמען: „ער איבערזעצט, איבערציגט, אונטערדריקט". מען קאָן ברענגען נאָך אַ סך אַזעלכע „רעפאָרמען", מיט וועלכע אונדזער אינטעליגענט האָט — כמעט אומבאַוואוסטזיניק, — שרעקלאַך פאַרפּלאָנטערט די קלאָרע און איינפאַכע יידישע גראַמאַטיק. אַזוי האָט, למשל, די היינטיקע יידישע גראַמאַטיק גרויסע צרות מיט דער מערצאָל און מיט דעם מיטלערן מין פון די הויפּטווערטער. אין די „יודישער גראַמאַטיק" האָט ה' ז. רייזין געמוזט אָנגעבן העכער פופציק כללים, ווי אַזוי צו בילדן די מערצאָל, און מיט די כללים מכח געשלעכט האָט ער גאָר ניט געקאָנט דערגיין קיין טאָלק. אָבער גאָר אומגעלומפּערט איז אויסגעקומען די שרייבונג (אָרטאָגראַפיע), וואָס די משכילים האָבן אַריינגעבראַכט אין יידיש. שוין די אַמאָליקע שרייבונג פון די טייטש-חומשים און אַלטע יידישע ספרים איז געשטאַנען זער נידעריק; איז אָנשטאָט צו פאַרייַנפאַכן די שווערע שרייבונג האָט דער משכיל זי נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, גאָלמאַכנדיק די ליטעראַריש-דייטשע אָרטאָגראַפיע. דער דייטש זאָגט אויס דעם ie אַנדערש, איידער דעם i, דעם e אַנדערש, איידער דעם eh; בײַם יידן, און בפרט בײַם ליטווישן, זיינען די אונטערשיידן ניטאָ, פונדעסטוועגן שרייבט ער „עה" און „יע", וואו מ'דאַרף דאָס גאָר ניט. אַפילו דאָרט, וואו די דייטשן האָבן שוין אויפגעהערט צו שרייבן די טאָנלאָזע אותיות, שרייבט זיי נאָך עד היום אונדזער אינטעליגענט. פונ'ם יאָהר 1880 שרייבן די דייטשן פאַרייַנפאַכט: tun, Jndentum, Tat און מיר שרייבן נאָך עד היום: טהון, טהאַט, יודענטהום.

אַ סך צרות האָט דער אומוויסנדיקער אינטעליגענט אָנגעמאַכט דער יידישער פילאָלאָגיע. פון דער אַנדער זייט אָבער טאָרן מיר ניט לייקענען, אַז דער „אינטעליגענטישער" עלעמענט האָט אויך געבראַכט פיל נוצן דער יידישער שפּראַך. דער עיקר באַשטייט דער נוצן אין דעם, וואָס דער אינטעליגענט האָט שטאַרק באַרייכערט און הומאַניזירט דעם יידישן לשון. באַרייכערט האָט ער אים, אַריינברענגענדיק אַ מאַסע נייע ווערטער, וואָס די אָרעמע שפּראַך פונ'ם דערשלאָגענעם המון האָט ניט געקאָנט אַליין שאַפן. און אפילו דורך זיין פאַרדרייען די יידישע פאָנעטיק אַף דער דייטשער מאַניר האָט דער משכיל טיילווייז געהאָלפן צו באַרייכערן אונדזערע באַגריפן. אַזוי, צ. ב., איז דער פּרעפיקס (פאָרזילבע) „ער" בײַ די ווערבן (פעלים) פרעמד דער פאָלקס-שפּראַך: דער ייד זאָגט „דער" אָנשטאָט „ער": דערגרייכן, דערהערן, דערזעהן, דערשרעקן. אַריינפירנדיק אָבער די דייטשע פאָרמען מיט „ער", האָט דער משכיל פאַרטאָפּלט די שאַטירונגען, וואָס יידיש קאָן אויסדריקן; אַזוי: ערוואַרטן און זיך דערוואַרטן, ערציהען און דערציהען, ערפילן און דערפילן — האָבן גאַנץ פאַרשיידענע באַטייטונגען. די „אינטעליגענטישע" ווערטער האָבן אַנדערש מאָל צוגעגעבן אונדזערע שפּראַך-באַגריפן אַ מער געדיגענעם האַראַקטער. אַזוי זיינען די ווערטער „קונסט, באָדן, הער" ניט-יידיש; יידיש איז „קונץ, בודעם, האַר", נאָר אַזוי ווי דעם משכיל זיינען ניט געפעלען געווען די „גראָבע" פאָלקס-אויסדריקן, האָט ער גענומען די דייטשע ווערטער, — און דורך דעם איז יידיש געוואָרן אין געוויסע פּרטים רייכער, איידער די דייטשע שפּראַך. אַ דייטש האָט נאָר איין באַגריף „קונסט", קונסטליך, קונסטפאָל", דער ייד אָבער האָט צוויי באַגריפן „קונסט, קונסטליך" (אַ העכערער) און „קונץ" „קונציק" (אַ נידעריקערער). דאָס זעלביקע מיט'ן באָדן און בודעם, הער און האַר, פאָרם און פורעם, קוועלע און קוואַל, פּערזאָן און פּאַרשוין, דייטש און טייטש. וואָס אָנבעלאַנגט אָבער צו דער הומאַניזאַציע פון דער שפּראַך, האָב איך שוין אָנגעוויזן אויף איר; זי באַשטייט אין דעם, וואָס יידיש פאַרלירט די פאָרמען פונ'ם ענגען, שאָוויניסטישען אויסדרוקס-אופן[7].

## V.

פאַרשטיין די מעלות און חסרונות פון די אינטעליגענטישע שפּראַך-עלעמענטן איז דערפאַר באַזונדערס וויכטיק פאַר דער יידישער פילאָלאָגיע, ווייל איר אויפגאַבע ענדיקט זיך ניט מיט'ן „אלף-בית", ד. ה. מיט דער צונויפשטעלונג פון אַ וויסנשאַפטליכער גראַמאַטיק און ווערטערבוך, נאָר זי גייט פיל ווייטער, זי וויל די שפּראַך רייניקן און באַרייכערן. בשעת די ערשטע דורות פון דער אינטעליגענץ שטרעבן בײַ אַלע דערוואַכנדיקע פעלקער צו הומאַניזירן די שפּראַך, אַרבעטן די ווייטערדיקע דורות אַף דעם, צו רייניקן די שפּראַך פון די ניט-געראָטענע אינטעליגענטישע פּראָדוקטן. און פאַר אַלע פעלקער קומט אָן אַ צייט, ווען די רייניקונג פון זייער שפּראַך ווערט די ברענענדיקסטע פילאָלאָגישע אויפגאַבע. מיט אַ פופציק—זעכציק יאָר צוריק איז דיזע אויפגאַבע געשטאַנען פאַר די לאַטווישן, עסטן, סערבן, גריכן, טשעכן, פלאַמען, פינען; אַצינד שטייט זי נאָך פאַר די אוקראַינער, בולגאַרן, קאַטאַלאַנער, גרוזינער, און אויך פאַר אונדז יידן. בײַ אַלע פעלקער איז די רייניקונג פון דער שפּראַך די שווערסטע פילאָלאָגישע אַרבעט, שווער צוליב דער פּסיכאָלאָגישער אומבאַהעגליכקייט פון דער אינטעליגענטישער טראַדיציע. אַקעגן דער רייניקונג פון דער שפּראַך קעמפט דער שריפטשטעלער מיט זיינע געוואוינהייטן, דער רעדאַקטאָר, דער קריטיקער, דער פאָלקס-לערער, דער שרייבער אין קאַנצעלאַריע, דער קאָרעקטאָר און דרוקער; אויך דער ברייטער פּובליקום, דער פשוטער עולם שטעלט זיך איין מיט הענט און פיס פאַר זיין הייליקער אומוויסנהייט. זער פיל נערוון האָט געקאָסט די איבן-דערמאָנטע פעלקער די רייניקונגס-אַרבייט פון זייער פילאָלאָגיע; די ראַציאָנאַל פאַרייַנפאַכנדיקע רעפאָרם פלעגט מען אומעטום באַגעגענען מיט שפּאָט און מיט כעס: די געריינקטע ווערטער „קלינגען גראָב, עס האַרצ'יש", די נייע שרייבונג „זעט אויס קאָמיש, אומפאַרשטענדליך", — מיט אַזוינע יללות פלעגט מען באַגעגענען די לינגוויסטישע רעפאָרם בײַ אַלע

[8] די ראָל פון דעם משכיל'ישן דייטשמעריש אין יידיש איז זעהר ענליך צו יענער ראָלע, וואָס די „langue savante" (געלערנטע שפּראַך) האָט געשפּילט בײַ די פראַנצויזן: באַרייכערנדיג די פאָלקס-שפּראַך, האָבן די אַלטע פראַנצויזישע געלערנטע זי גלייכצייטיג אויך פאַרדאָרבן און פאַרפּלאָנטערט סיי אין אירע פאָרמען סיי אין איר שרייבונג.

פֿעלקער; ווייל אומעטום לעבט די עלטערע אינטעליגענץ אין איין אין דעמזעלביקן טעות, — אַז די פֿאָלקסשפּראַך איז אַ „פֿאַרדאָרבענע“, וואָס מע דאַרף זי האָרעווען פֿון פֿרעמדע שיסלען [9].

פּונקט אַזוי ווי בײַ אַנדערע פֿעלקער, וועט אויך בײַ אונז די רעפֿאָרם מוזן זיגן, איבער אונדזער אינטעליגענץ וועט נאָר האָבן דעם מוט אַוועקצוואַרפֿן די שלעכטע שפּראַך־געוואוינהייטן, אויסצוראַמען מיט אַ ברייטן בעזעם אַלע יענע „דייטשמערישע“ עלעמענטן, וואָס פּאַסן ניט צו דער יידישער שפּראַך און באַרייכערן זי ניט. אַרײַנטראָגן אין אונזער שפּראַך נייע דייטשע ווערטער — מהיכא־תיתי! אָבער זיי מוזן ווערן פֿאַרייִדישט, צוגעפּאַסט צו די פֿאָנעטישע און גראַמאַטישע פֿאָרמען פֿון אונדזער פֿאָלקס־לשון. שווערער פֿאַר אַלץ וועט אָנקומען דאָס פֿערטרייבן דעם „דייטשמעריש“ פֿון דער מינדלאַכער שפּראַך, גרינגער פֿאַר אַלץ איז די רעפֿאָרם אין דער שרייבונג. די דייטשמערישע שרייבונג פֿון אונדזערע ביכער און צייטונגען פֿאַרדאַרבט ניט נאָר די שריפֿט, נאָר אויך די מינדליכע שפּראַך: מ׳הערט אויף צו רעדן יידיש, אמת׳ע יידישע קלאַנגען פֿאַרשווינדען פֿונ׳ם פֿאָלקס מויל. יידיש פֿלעגט מען זאָגן: „אונדז, אונדזער, מענטשען, פֿינצטער, אַף בײַ“, איצט רעדט מען שוין פֿאַרדייטשט: „אונז, מענשען, פֿינסטער, אויף, ביי“. אפֿילו דעם נאָמען פֿון אונדזער פֿאָלק און שפּראַך „יידיש“ שרייבן מיר ניט ריכטיק, און מקען נאָך קומען דערצו, אַז מיר זאָלן זיך אָפּגעוויינען יים ריכטיק אָנצורופֿען [10]. די רעפֿאָרם פֿון דער יידישער שרייבונג מוז, ווי ווייט מיגלאַך, פֿאָלגן דעם פֿ אָ נ ע ט י ש ע ן פּ ר י נ צ י פּ, וואָס זאָגט: „שרייב ווי דו רעדסט“; דער דאָזיקער פּרינציפּ איז דער ערשטער און דער גרונדלייגנדיקער אין יעדער שרייבונג; די אַנדערע צוויי פּרינציפּן, דער היסטאָרישער און דער עטימאָלאָגישער, קאָנען נאָר דערגענצען דעם פֿאָנעטישן, ניט אָבשאַפֿן יים. נאַטירלאָך, קאָן אויך דער פֿאָנעטישער פּרינציפּ ניט אַרומכאַפּן אַלע שאַטירונגען פֿון די קלאַנגען און ער מוז דערצו נאָך אָפּהיקן אָן אַ זייט אַלע אָרטיקע אויסשפּראַכן צוליב דער איינער, וועלכע מע קלייבט אויס אַלס די „ריכטיקע“ (בײַ אונדז איז די ליטווישע אויסשפּראַך די „ריכטיקע“, ד. ה. ליטעראַרישע). נאָר דאָס זיינען אַלץ חכמות, אָן וועלכע קיין שום אָרטאָגראַפֿיע קאָן ניט אויסקומען.

געדענקען מוז מען: וואָס שוואַכער אַ פֿאָלק, וואָס מער סכנות ס׳שטייען פֿאַר דעם קיום פֿון זיין שפּראַך, אַלץ מער נויטיקט זיך די שפּראַך זיינע אין אַ פֿאַרנינפֿטיקער, קלאָרער, איינגעהאַלטענער שרייבונג. די צעקאַליעטשעטע, משונהדיקע שרייבונג פֿון פֿראַנצייזיש, ענגליש, רוסיש שטעלט טאַקע פֿאַר אַ שווערע פּלאָג פֿאַר די וואַקסענדיקע דורות, נאָר די קינדער און זייערע עלטערן האָבן קיין אַנדער ברירה ניט, זיי מוזן זיך נעבאַך אָנשטרענגען כדי גובֿר צו זיין דעם אָרטאָגראַפֿישן תהו ובהו. אָבער בײַ די שוואַכע פֿעלקער, וואו די לערנדיקע יוגנד האָט פֿאַר זיך אַ פֿרייע

[9] אַזוי האָט מען געהאַלטען ניי־גריכיש פֿאַר „פֿאַרדאָרבן“ אַלט־גריכיש, פֿלאַמיש פֿאַר „פֿאַרדאָרבן“ האָלענדיש, קאַטאַלאַניש פֿאַר אַ „שלעכטן“ שפּאַנישן דיאַלעקט; פֿיניש האָט מען געוואָלט „פֿאַרבעסערן“ דורך שוועדיש, לעטוויש דורך דייטש, סערביש דורך רוסיש, טשעכיש דורך דייטש א. אַז. וו.

[10] מ׳שרייבט „יוד, יודיש“ אָדער „איד, אידיש“. ביידע שרייבונגען זיינען פֿאַלש, זיי דריקען ניט אויס דעם אמת׳ן קלאַנג פֿון ייד, יידיש“.

וואַל, וואו זי קאָן פֿאַרבייטן איר מוטער־שפּראַך אַף אַנ׳אַנדער קולטור־מיטל, — שטעלט פֿאַר אַ פֿאַרפּלאָנטערטע שרייבונג אַ גרויסן נסיון פֿאַר דער יוגנד און אַ שווערע סכנה פֿאַר דער שפּראַך. דעריבער האָבן טאַקע געמוזט די אונגאַרן, טשעכן, סערבן, אוקראַינער, לאַטוויעשן גרינדלאַך רעפֿאָרמירן זייער שרייבונג; דאָסזעלביקע טוען אַצינד די בולגאַרן און די טערקן. און מיר וועלן אויך מוזן פֿאָלגן דעם ביישפּיעל פֿון „עלטערע מענטשען“ [11].

נאָך אַ ברייטערע אויפֿגאַבע פֿון אונדזער פֿילאָלאָגיע איז — באַ ר ײַ כ ע ר ן די יידישע שפּראַך. ניט דאָס איז די צרה, וואָס יידיש איז אָרעם אין פֿאָרמען; דאָס איז, פֿאַרקערט, אַ מעלה, און דעם דריקט זיך אויס, ווי מיר האָבן געזען, דער אַנאַליטישער כאַראַקטער פֿון אונדזער שפּראַך. דאָס איז, פֿאַרקערט, אַ מעלה, און ווערטער, און באַגריפֿן. און דעם זיינען אָבער ניט שולדיק די לינגוויסטישע אייגנטימלאַכקייטן פֿון אונדזער לשון. יידיש איז, להיפּוך, אַ שפּראַך, וואָס מוז זיין זער רייך און אויסדרוקס־מיגלאַכקייטן, ווייל זי איז צונויפֿגעמישט פֿון דריי אומגעהויער־רייכע שפּראַך־צווייגן: סעמיטיש, גערמאַניש און סלאַוויש. די דאָזיקע רייכקייט, וואָס ווערט נאָך פֿאַרגרעסערט דורך דער לעבעדיקייט פֿונ׳ם יידישן טעמפּעראַמענט, לאָזט זיך פֿילן אַף יעדן שריט. כאַפּן מיר אָן, למשל, דעם באַגריף פֿון אַ פּראָסטן און פֿון אַ מעכטיקן מענטשן; זעט, ווי יידיש איז רייך אין אויסדריקן: „אַ פּראָסטער שלש סעודות, אַ פּראָסטער חי וקים, אַ פּראָסטער בשר ודם, אַ ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר, אַנ׳איינפֿאַכער, אַ פּשוטער מענטש“. און — „אַ גאַנצער שלש סעודות, אַ מר בר רב אשי, אַ מיוחס, אַ יחסן, אַ טאָבי דאַם, אַ גאַנצער מאַכער, אַ תקיף, אַ שררה, אברהם אבינו׳ס אייניקל“ און נאָך אַנדערע אַזוינע. אָדער ווי אַ ייד דריקט אויס אַף פֿאַרשיידענע אופֿנים זיין ניט־גלייבן אין אַ מעשה: „נאַרישע מעשׂיות, לא היה ולא נברא, לא היו דברים מעולם, להדים, לא חיבים ולא יער, אַ מעשה מיט אַ בער, מ׳הויבט זיך גאָר ניט אָן, ניט

[11] אַ גאַנץ שווערע פֿראַגע איז מכח דער שרייבונג פֿון העברעיש־אראַמעאישע ווערטער, וואָס ווערן געברויכט אין יידיש. כדי זיך נישט צוביצושטעלן צו פֿיל, ל׳יך נור באַמערקן, ערשטענס, אַז יענע ווערטער, וואָס האָבן פֿאַרלאָרן זייער העברעישע אויסשפּראַך, איז בעסער צו שרייבן יידיש: טאָמער, באַלעבאָס, מאָנעשאַך (ממה נפשך), צולאָכעס, באַרמענען (בר מינן) צווייטענס, דאָרט, וואו אין העברעיש איז אויך מעגליך די „כתיבה מלאה“ פֿון די „אותיות הנוח“ (או״י), איז בעסער צו שרייבן „מלא“ אָנשטאָט „חסר“ אפֿילו פֿאַר אַ דגש חזק און אין דער מערצאָל, צ. ב. דור, קול, חודש, שורש, אופֿן, משומד, מחותן, דורות, קולות—מיט אַ ו, אָדער שיעור, קיצור, מידה, סיבה, קהילה, מגילה, סימנים מיט אַ יוד. בכלל אָבער, שרייבענדיג די העברעאישע ווערטער מיט זייער אורשפּרינגליכער כתיבה, דריקט מען צוגלייך אויס זייער באַזונדער לינגוויסטישע ראָל, וואָס זיי שפּילען אין דער יידישער שפּראַך.—ייך ווייס ניט, צי ס׳לוינט זיך אָבצושטעלן אַף דער משונה׳דיקער „רעפֿאָרם“, וואָס ס׳לייגן פֿאָר אונדזערע „ראַדיקאַלן“, צו פֿאַרבייטן דעם העברעישן אַלף־בית אויפֿ׳ן לאַטייניש. פֿונ׳ם נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז דאָס אַ גוואַלטיקער אומזין; נאָר אויך ריין־פּראַקטיש איז דער העברעישער אַלף־בית פֿיל בעסער פֿאַר׳ן לאַטייניש, און ייך מיין, אַז, למשל, די פּאָליאַקן, טשעכן און אונגאַרן וואָלטן זיך מיט דעם העברעישען אַלף־בית גיזעפֿילט פֿיל בעסער, איידער מיט׳ן אָרימן לאַטייני״. אויך איז פֿיזיאָלאָגיש בעסער צו שרייבן פֿון רעכטס אויף לינקס, איידער פֿאַרקערט.

געשטויגן ניט געפֿלויגן, אַפֿין הימל אַ יריד, אַ נעכֿטיקער טאָג, אַ באָבע=מעשׂה, אין דער וועלט אַריין, אַ ליגן די מעשׂה, רבא בר חנה׳ס מעשׂיות, ס׳איז ניט געווען קיין פֿריין און מע האָט קיינעם ניט געשמיסן, כ׳האָב זיך געטראָפֿן (אַוואָך) אינטער וואַרשאַ״ א. נאָך אַנד. די אָרעמקייט פֿון יידיש שטאַמט פֿון געוויסע סאָציאַל=פּסיכאָלאָגישע סיבות. וואַלגערנדיק זיך דורות=לאַנג אַפֿן גאַס, שלעפּענדיק זיך איבער די ירידן, האָט יידיש ניט געהאַט די זכיה אײַנגעצויגן צו ווערן אין די קאַנצעלאַריעס, פֿאַרפֿיינערט צו ווערן אין די סאַלאָנען און אין די אוניווערסיטעטן. דערפֿאַר איז יידיש אָרעם אין וויסנשאַפֿטליכע השׂגות, ער פֿאַרמאָגט ניט קיין אויסגעבילדעטע יורידישע און פּאָליטישע טערמינאָלאָגיע; יידיש האָט זיך געשפּייזט פֿון די נאַאיווע, ניט=געקינצעלטע געפֿילן פֿון דער יידישער פּתי באַ׳ם פּריפּעטשעק, — האָט ער ניט געקאָנט אויסאַרבעטן אין זיך די פֿיינקייט פֿון אויסדרוק, די בויגעוודיקייט פֿון דער פּסיכאָלאָגישער שילדערונג. און — דער עיקר, — אָפּגעריסן פֿון דער נאַטור צוזאַמען מיטן פֿאָלק, האָט יידיש ניט געקאָנט באַקומען קיין געהעריקן חוש פֿאַר די נאַטור=ערשיינונגען; יים פֿעלן נעמען פֿאַר מינעראַלן, פֿלאַנצן און חיות, אונדזער שפּראַך רופֿט זיך ניט אָפּ אויף דעם זומען פֿון אַ הייסשרעק, אויף דעם פּיפּן פֿון אַ פֿויגל און דעם הילן פֿון אַ וואָלף, זי שפּיגלט ניט אָפּ אין זיך די פּראַכטיקע פֿילפֿאַרביקייט פֿון פֿרי=יאָר און ווייסט ניט איבער דער שפּעטיאָריקער גסיסה פֿון דער נאַטור.

די איבערשטע אויפֿגאַבן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע קאָן מען נאָך אַנדערש פֿאָרמולירן, אַלס די נאַציאָנאַליזאַציע און הומאַניזאַציע פֿון דער יידישער שפּראַך. נאַציאָנאַליזירן יידיש, מאַכן יים פֿאַר אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך אין אמת׳ן זינען פֿון וואָרט הייסט — אַזוי גרינדלאַך יים רייניקן און אַזוי ווייט בערייכערן, אַז ער זאָל קאָנען אויסדריקן אַלע ערשיינונגען פֿונ׳ם יידישן שאַפֿן. הומאַניזירן די שפּראַך אין ברייטן זינען הייסט — מאַכן פֿון יים אַ כּלי=זין אויף אַריינצונעמען אינ׳ם רשות פֿונ׳ם יידישן פֿאָלק אַלע קולטור=ווערטן פֿון דער מאָדערנער אַלמענטשליכער אַנטוויקלונג; די יידישע פֿילאָלאָגיע דאַרף העלפֿן דערצו, אַז די יידישע שפּראַך זאָל ווערן אַ נאַציאָנאַלער קולטור=מיטל און אַ בילדונגס=מיטל פֿאַר׳ן פֿאָלק און פֿאַר דער אינטעליגענץ. דערווייל האָט דאָס לעבן גופֿא גענומען אויף זיך די דאָזיקע אויפֿגאַבן, פֿון יידיש איז טאַקע געוואָרן טיילווייז אַ נאַציאָנאַלער קולטור=מיטל, אָבער קיין בילדונגס=מיטל און קיין אַלמענטשליכער קולטור=מיטל איז נאָך פֿון יידיש ניט געוואָרן.

אונדזערע גרויסע דיכטער האָבן אָבער פֿאַרשטאַנען צו באַרייכערן און אויסצופּוילירן די פּראָסטע פֿאָלקס=שפּראַך, אַפֿילו ניט אָנקומענדיק צו די מיטלען פֿון דער וויסנשאַפֿטליכער פֿילאָלאָגיע. מענדעלי מוכר=ספֿרים איז דער קאָלומבוס פֿון דער יידישער שפּראַך און יצחק=ליב פּרץ איז איר נאַפּאָלעאָן: דער ערשטער האָט זי אַנטדעקט, און דער צווייטער האָט פֿאַר איר אײַנגענומען אייראָפּעישע וועלטן. דאָס אונערוואַרטע אויפֿבליִען פֿון דער יידישער פּאָעזיע און ליטעראַרישער קריטיק האָט אַנטפּלעקט אַ שיעור קוואַלן פֿון אויסדרוקס=מעגלעכקייטן, — דאָס אַליין איז אונדז ערבֿ דערפֿאַר, אַז יידיש קאָן ווערן אַ רייכער, מעכֿטיקער קולטור= און בילדונגס=מיטל פֿאַר אונדזער פֿאָלק. די וויסנשאַפֿטליכע פֿילאָלאָגיע מוז נאָר קומען צו הילף מיט אירע מעטאָדן, אַריינטראָגן אַ סדר אין דעם כאַאָטישן שאַפֿונגס=פּראָצעס. מענדעלי האָט אונדזער שפּראַך נאַציאָנאַליזירט, דער ערשטער אייניקל זיינער, שלום=עליכם, האָט זי וואונדערבאַר פּאָפּולאַריזירט און פּרץ האָט זי הומאַניזירט; די דריי גרויסע דיכטער זיינען די שעפֿער פֿון דער מאָדערנער יידישער שפּראַך, זיי האָבן איינגעטיילט צווישן זיך די היסטאָרישע אַרבעט: טאָ זאָל זשע אויך די וויסנשאַפֿט נעמען זיך אַ חלק פֿון דער ירושה. מענדעלי האָט אַנטדעקט די שפּראַך: טאָ לאָמיר זי אויספֿאָרשן. פּרץ האָט איר צוגעבראַכט נייע מדינות: טאָ לאָמיר מאַכן אין זיי אַן אָרדענונג. די פֿילאָלאָגיע מוז אַרויסגראָבן די פֿאַרוואַלגערטע שיכטן פֿונ׳ם פֿאָלקשאַפֿן, זי מוז אַרויסזוכן די אוצרות פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער שאַפֿונג, וואָס ליגן צעוואָרפֿן אין די מערבֿ=אייראָפּעאישע ביבליאָטעקן. די אַלטע יידישע ליטעראַטור האָט אירע קלאַסישע ווערק, ווי דעם „שמואל=בוך“, דעם „מעשׂה=בוך“, דעם „ספֿר המידות“, וואָס האָבן געדינט פֿאַר אַ מוסטער פֿאַר לאַנגע דורות און פֿלעגן אַפֿילו איבערגעזעצט ווערן אין פֿרעמדע שפּראַכן; דער פֿאָלק פֿאַרמאָגט אַ מאַסע ווערטער אין זיינע גלייכווערטלאַך, וויצן, לידער, מעשׂיות, רעטענישן, בכלל אין זיין פֿאָלקלאָר, וואָס די פֿילאָלאָגיע דאַרף אויספֿאָרשן און באַאַרבעטן. די דאָזיקע פֿילאָלאָגישע מעטאָדן וועלן באַרייכערן די שפּראַך: דער פֿאָלק וועט זיך באַקענען מיט זיין ליטעראַרישן עבֿר, וועט לערנען צו געניסן פֿון זיין פֿאַרבאָרגענער רייכקייט. אָבער דאָס איז אַן אַרבעט, וואָס יחידים קאָנען זי אויף זיך ניט נעמען: יחידים קאָנען באַאַרבעטן איינצעלנע צווייגן, זיי קאָנען האָבן די איניציאַטיוו, נאָר אָרגאַניזירן די פֿילאָלאָגישע אַרבעט אין איר גאַנצער ברייט קען נאָר אַ געזעלשאַפֿטליכע אַנשטאַלט. כּל זמן מיר האָבן ניט פֿאַראייניקט אונדזערע פֿאָלקס=קרעפֿטן, כּל זמן ס׳איז ניטאָ קיין בר=סמכא׳דיקע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פֿאַר פֿילאָלאָגישע צוועקן, וועט די יידישע פֿילאָלאָגיע ניט זיין בכח צו ערפֿילן ווי געהעריג אירע אויפֿגאַבן.

## וועגן דער אָרטאָגראַפֿיע פֿון פֿאָריגן אַרטיקל.

אָט זיינען די גרונדלאַגן פֿון דער אָרטאָגראַפֿיע, וואָס איך ווענד אָן. ערשטנס, איז זי, ווי ווייט מעגלעך, פֿאָנעטיש, ד. ה. איך שטאַרע זיך צו שרייבן אַזוי, ווי מע רעדט. אַזוי ווי אָבער, פֿון איין זייט, קאָן קיין שום שרייבונג ניט אויסדריקן אַלע קלאַנגען און שאַטירונגען פֿון דער מענטשליכער שפּראַך, און פֿון דער אַנדער זייט, וואָלט אַ צו ווייט אויסגעהאַלטענע פֿאָנעטישע שרייבונג זיך געמוזט שטאַרק פֿאַנאַנדערגיין מיט דער איצט אָנגענומענער, — איז כּדי ניט צו מאַכן קיין איינדרוק פֿון אומפֿאַרשטענדליכקייט, האָב איך געמוזט מאַכן אַ סך פּשרות מיט דער ניט=געראָטענער הערשנדיקער טראַדיציע. — פֿאַרן יסוד נעם איך די אויסשפּראַך פֿון דעם ווילנער קאַנט, און כ׳שטיץ זיך אויף איינִיקע כּללים פֿון דער יידישער פֿאָנעטיק, ד. ה. קלאַנגען=לערע. אָט זיינען די פֿאָנעטישע כּללים: 1) יידיש מיידט אויס נאָך מער, ווי אַנדערע שפּראַכן, אַלצדינג, וואָס קאָן פֿאַרשאַפֿן שוועריקייטן און אָנשטרענגונגען באַ דער אויסשפּראַך. דער אויבערשטער געזעץ פֿון יידישן וואוילקלאַנג איז ניט דער פֿולקלאַנג פֿון די ווערטער, נאָר די געשווינדקייט פֿון דער אויסשפּראַך. 2) יידיש באַטאָנט תמיד דעם לאָגיש=וויכטיקסטן טראַף

(„זילבע“, — ייִך באַניץ זיך טשעמערינסקי'ס געלונגענעם אויסדרוק „טראַף“) פֿון וואָרט, ד. ה. על פּי רובֿ דעם שורש, זעלבּ־טענער — דעם פּאָרוואָרט, וואָס באַשטימט די באַטייטונג („אונטערוואַרפֿן, איבּערזעצן“); 3) די ווייניקער וויכטיקע טראַפֿן, ד. ה. די ניט־באַטאָנטע (אָנ'ם אַקצענט) ווערן, כּדי גרינגער זיי אַרויסצורעדן, פֿאַרטונקלט. פֿון די אַזוי גערופֿענע וואָקאַלן איז „או“ דער גידעריקסטער ליט זיין טאָן, ווייטער גייט אַ ביסל העכער „אָ“, דערנאָך „אַ“ און „ע“ (דאָס רוסישע ы פּוילישע y) נאָך העכער איז „ע“, און דער העכסטער קלאַנג איז i (כּלי־זמר רופֿן יים אָן „קאָפּ־קלאַנג“). אַז ייִך רעד אַרויס „אַ“ אָדער ע בלייבּט דער הינטן פֿון דער צונג כּמעט פּאַראַלעל צום גומען, און די גאָרגל־קאָפּ איז מיטלמעסיק געעפֿנט. דאָס איז די גרינגסטע עפֿענונג פֿון די שפּראַך־אבֿרים. דעריבּער זיינען די מיטלסטע טענער — „אַ“ און ע די גרינגסטע פֿאַר דער אויסשפּראַך; בּפֿרט אָבער פֿאַר אַ יידן, וואָס רעדט דאָך געוויינטלאַך זינגעווודיקערהייט, איז מילא גרינגער אַרויסצוזינגען די מיטלסטע טענער „אַ“ און ע איידער די אונטערשטע און אויבּערשטע.

דערפֿון נעמט זיך דער וויכטיקער פֿאַרטונקלונגס־געזעץ אין דער יידישער פֿאָנעטיק. אין אַלע אמת־יידישע ווערטער, וואָס ווערן שוין פֿון אַלטע צייטן געבּרויכט בּאַ'ם פֿאָלק, זיינען אַלע ניט־באַטאָנטע וואָקאַלן פֿאַרטונקלט געוואָרן. די ערשטע פֿאַרטונקלונגס־מדרגה איז — אין „אַ“; אַזוי ווערן פֿאַרטונקלט על פּי רובֿ די ערשטע טראַפֿן פֿון וואָרט („פֿאַר־, באַ־, פֿאַנאַנדער־, אַ־, אַנט־“) און די וואָקאַלן פֿאַר'ן „כֿ“, ווייל דער „כֿ“ ווערט אין יידיש אויסגעשפּראָכֿן ניט מיט'ן האַרטן און אויך ניט מיט'ן ווייכֿן גומען, נאָר מיט'ן גאָרגל, איז ממילא גרינגער יים אויסצורעדן מיט'ן ריינעם גאָרגל־טאָן „אַ“: „לאַך“ א. א. וו. אַלע איבּעריקע אומבאַטאָנטע וואָקאַלן ווערן פֿערטונקלט אין ע (צווייטע פֿאַרטונקלונגס־מדרגה), אָבער ניט אַלע גלייך, אַזוי אַז ע קלינגט אַמאָל נעהנטער צו „אַ“ און אַמאָל צו „ע“ אָדער צו „או“, בלייבּן בלייבּט אָבער דער קלאַנג אין תּוך אַריין אַן ע (רוסיש ы, פּויליש y). אָט זיינען ביישפּילן פֿון די ערשטע צוויי פֿאַרטונקלונגס־מדרגות: 1) „פֿאַריכֿטן“ פֿון „פֿערריכֿטען“, „באַגראָבּן“ פֿון „בעגראָבּען“, „אַנטליפֿן“, „אַוועק“ פֿון „היןוועק“ („ענוועק“), „אַהיים“, „אַהיים“, „אַ יאָר“ פֿון „איין יאָר“; פֿאַר אַ „כֿ“: „פֿריילאַך“, „געבּאַך“ פֿון „גיעבּאָהאַ“, „פֿאַרטאַך“ פֿון „פֿאַרטוך“, „לייקאַך“ פֿון „לעקקוך“, „רייטאַך“ פֿון „רעטטיך“, „מיילאַך“ פֿון „מלך“, „מיכאָנעשאַך“ פֿון „ממה נפֿשך“; 2) „אַרבּעטער“ פֿון „אַרבּייטער“, „טינטער“ פֿון „טינטהאָרן“, „קימפּעט“ פֿון „קינדבּעט“, „באָרוועס“ פֿון „באַרוואָז“ — „פֿאַלמעסן“ פֿון „באַלזאַמירען“, „ענטפֿער“ פֿון „אַנטוואָרט“, „באַרמענען“ פֿון „בר־מינן“, „צעלאָכעס“ פֿון „צו להכעיס“, „קרישמע“ פֿון „קריאת שמע“, „צאָרעס“ פֿון „צרות“, „לאָפּעטע“ פֿון „לאָפּאַטאַ“, „ווערלעק“ פֿון „וועדליג“.

ס'איז פֿאַראַן נאָך אַ דריטע פֿאַרטונקלונגס־מדרגה, וואו דער וואָקאַל פֿאַלט להלוטין אַרויס. דאָס טרעפֿט ערשטענס אין פֿילע אמת־יידישע ווערטער, ווי, למשל, „קרישמע“ (קריאת שמע), „בּתיוו“ פֿון „בּדי־הויו“, „הענטשקע“ פֿון „האַנטשואָך“, אָבער תּמיד דאָרט, וואו דער מפּיק פֿון וואָרט באַשטייט פֿון די „ליקווידע“ האַלבּ־אָפֿענע טענער „ל“ און „נ“. אין יידיש זיינען „ל“ און „נ“ טראַף־בּילדנדיקע („זילבּענבּילדענדע בּלעיז“) טענער, און פֿאַר זיי פֿאַלן דעריבּער אַרויס די איבּעריקע ניט־באַטאָנטע אָפֿענע טענער („וואָקאַלן“); למשל: „זאָגן“ און ניט „זאָגען“, „קעפּל“ און ניט „קעפּעל“ (די טראַפֿן זיינען: זאָ+גן, קע+פּל), „וואָלוול“ פֿון „וואָלפֿייל“, „בראָנפֿן“ פֿון „בראַנטווייין“, „בוימל“ פֿון „בוימאייל“, „פֿערצן“ פֿון „פֿערצעהן“, „כעשבּן“ פֿון „חשבון“.

דער ל איז אָבער ניט טראַף־בּילדנדיק נאָך אַ נ און נאָך אַ ל; דער נ איז ניט טראַף־בּילדנדיק נאָך די פֿאָלגנדע קלאַנגען: נ, מ, נק, „נג“, און נאָך אַ ל מיט אַ פֿאָרויסגייענדיקן ניט־אָפֿענעם קלאַנג („קל“, „גל“, „טל“, „דל“, א. א. וו.): „קערנדל“ פֿון „קערנעל“, „שטילאַכל“ פֿון „שטילעל“, „וויינען“ און ניט „ווינן“, „ראַמען“ און ניט „ראַמן“, „בענקען“ און ניט „בענקן“, „קלינגען“ און ניט „קלינגן“, „וויקלען“, „מאָזלען“ א. א. וו.

חוץ דעם, איז דער „נ“ ניט טראַף־בּילדנדיק אין יענע פּעלים, וואָס נעמען זיך פֿון העבּרעיש אָדער סלאַוויש: „ספֿקען“, „אַכלען“, „גנבֿען“, „בלאָנדזשען“, „כאָפּען“ א. דגל. פֿאַראַן אויך עטלאַכע אויסנאַמען: „כאַפּן“, „פּועלן“.

לויט אָט אָ די פֿאָנעטישע כּללים שרייבּ ייִך אַלע אמת־יודישע ווערטער. אויך די נעאָלאָגיזמען כּמעט ייִך זיס בּאַ'ם שרייבּן ווי ווייט מיגלאַך צו ייִהישן, אָבער דאָ מוז ייִך זיך אָפּטמאָל אָפּהאַלטן, כּדי ס'זאָל ניט אויסקומען אומפֿאַרשטענדלאַך. בּכלל נעם ייִך די ווערטער אַזוי, ווי זיי ווערן אַרויסגערעדט פֿון פֿאָלק, און ניט פֿון די אינטעליגענטן. דערפֿאַר שרייבּ ייִך „קיניג“, „מיגלאַך“, „האַנט“, „טויזנט“, „ווינט“, „טאָפּלט“, „באַטייטונג“ „בּריוו“; דאָרט, וואו דער פֿאָלק האָט געמוזט צוליבּ דער עקאָנאָמיע פֿון שפּראַך־קרעפֿטן, געבּרויכן אַ צונויפֿגעזעצטן עקספּלאָזיוו־קלאַנג אָנשטאָט אַנאַטאָמיש־קלאַנג (ספּיראַנט), שרייבּ ייִך דעם עקספּלאָזיוו־קלאַנג: „מענטש“ ניט „מענש“, „בענטשן“ ניט „בענשען“, „אינדז“ ניט „אונז“, „האַלדז“ ניט „האַלז“, „פֿענצטער“ „פֿענסטער“ א. דגל. וואו דער פֿאָלק זאָגט אַרויס קלאָר דעם קאָפּ־טאָן יי(ji), ווערלאַכער טאָר ניט פֿאַרטונקלט ווערן, ווייל ער בלייבּט תּמיד באַטאָנט, שרייבּ ייִך „יי“: „ייִך“, „יים“, „ייר“, „ייד“, „יידיש“, „ייִנגל“. אין יענע ווערטער, צוריק, וואָס ווערן יאָ פֿאַרטונקלט, אייבּ זיי ווערן געבּרויכט פּראָקליטיש, שרייבּ ייִך „אי“: „אין“, „איז“, „איצט“, „איבּער“.

יידיש האָט אָפּטמאָל בּעהאַלטען דעם „סונאַראַבהאַקטי־וואָקאַל“, וואָס דינט צו פֿאַנאַנדערטיילן צוויי ניט־טראַף־בּילדנדיקע קלאַנגען אין דייטש: דער קלאַנג איז אויך געבּליבּן אין פֿילע דייטשע דיאַלעקטן, שרייבּ ייִך יים, ווי דער פֿאָלק רעדט אַרויס, ד. ה. „אַ“ אָדער ע, „אָרעם“ ניט „אַרם“, „וואַרעם“ ניט „וואַרם“, „פֿינעף“ ניט „פֿינף“, „עלעף“ ניט „עלף“, „נאַהען“ פֿון „ניאַן“ (9), „צעהען“ ניט „צעהן“, „מילאַך“ ניט „מילך“, „קאַלאַך“ ניט „קאַלך“, „וועלאַכער“ ניט „וועלכער“. אַן אויסנאַם מאַך ייִר פֿאַר יענע ווערטער, וואָס דער אינטעליגענץ האָט זיך דערווייל איינגעגעבּן שטאַרק קאַליע צו מאַכֿן: „האָפֿנונג“ (מע דאַרף „האָפֿענונג“), „באַדערפֿניש“ (מע דאַרף „באַדערפֿעניש“). אַזעלכע פּשרות מאַך ייִך נאָך אין פֿאָלגנדע פֿאַלן: דאָרט וואו דער פֿאָלק רעדט אַרויס גאָר אַנדערש, איידער מע שרייבּט: דער פֿאָלק זאָגט, למשל, „קעריק“, שרייבּן

שרייבט מען אָבער „צוריק“; מוז מען שוין דערווייל שרייבן אַזוי. אויך דעם נאַזאַלירטן „נק“, „נג“ שרייב יך ווי געוויינטליך.

דערפאַר אָבער האָב יך די העזה צו שרייבן: „פאַרשיידן“, „געווינטלאַך“, „דאַפן“ (ניט „דאַרפן“), „מע“ ניט „מען“ און ניט „מ'“ (פאַרקערט „ס'“, ווייל סוווערט אָפט אַרויסגערעדט „ס“); קיין צוויי גלייכע אותיות שרייב יך ניט: דערפאַר — „אייביקייט“, „ער אַרבעט“ (ניט „אַרבייטעט“ אָדער „אַרבייטעט“).

בײַ דער אָרטאָגראַפישער רעפאָרם מוז מען נאָך האָבן אין זינען אָט די מאָמענטן: 1) אַז די שרייבונג דאַרף ניט צו שטאַרק מוותר זיין די עטימאָלאָגישע באַטייטונג פונ'ם וואָרט. למשל, זאָגן זאָגט מען „טיילוויס“, „איינציקוויים“, — אַזוי ווי אָבער דער תואר דערפון קלינגט „טיילווייזער“, שרייב יך מיט אַ „ז“. 2) אַז יידיש ווערט געלייענט אין פאַרשיידענע קאַנטן פאַרשיידן, און דער ליטווישער יסוד דאַרף ניט צו שטאַרק מוותר זיין די פוילישע אָדער וואָלינישע איבשפּראַך. אַזוי לייענט דער פוילישער ייד צוויי „יי“ נאָך אַ קאָנסאָנאַנט תמיד ווי „אַיי“ אָדער ווי „אַאַ“. דעריבער דאַרף מען שרייבן ניט „ביינקען“, נאָר „בענקען“: אַניט וועט דער פוילישער ייד לייענען ווי „באַנקען“ און קען האָבן אַ טעות אין פּשט.

ב. באָראָכאָוו.

ב. רובשטיין.

# די אמאליגע שפראך פון יודען אין די רוסישע געגענדען.

אויפ'ן צפונ'דיגען ברעג פונ'ם שוואַרצען ים האָט פון אוראַלטע צייטען, נאָך פאַר'ן חורבן בית שני, געוואוינט אַ בעדייטענדע יודישע בעפעלקערונג. צווישען די מצבות און אַלטע אויפשריפטען, וואָס מ'האָט געפונען אין אַמאָליגען פּאַנטיקאַפּייאָן (איצט קערטש), געפינט זיך אַ מירמעלשטיינערנע ברעט מיט אַן אויפשריפט אויף גריכיש וועגען בעפרייאונג פון קנעכט מיט'ן תנאי, אַז זיי זאָלען זיך מקדיש זיין דער שול (אָדער לויט אַ צווייטען נוסח: זאָלען זיך מתחייב זיין צו בעזוכען די שול), וואָס איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר 80 לויט דער קריסטליכער צייט-רעכענונג, און צווישען די געפונענע מצבות אויפ'ן קרימער האַלב-אינזעל געפינען זיך אַזעלכע, וואָס זענען געשטעלט געוואָרען אין 2-טען יאָהרה. פון דער נייער צייטרעכענונג[1].

לויט זייער קולטורעלען מצב טיילען זיך אָט די יודען אויף צוויי טיילען: די יודען, וואָס האָבען געוואוינט אויפ'ן צפון-מזרח'דיגען ברעג פונ'ם שוואַרצען ים: אין פּאַנטיקאַפּייאָן (היינט קערטש) אנאפּא, ווי אויך אין אָלביא (אויפ'ן ברעג פונ'ם מערב'דיגען טייך בוג) און אַנדערע גריכישע קאָלאָניעס, זענען געווען לחלוטין העלעניזירט, און די גריכישע שפראַך — לא די, וואָס זי איז געוואָרען די איינציגע שפראַך פון זייער פּראַקטישען לעבען, נאָר זי האָט אַרויסגעשטופּט די אַלטע העברעאישע שפראַך אפילו פונ'ם רעליגיעזען לעבען. די איבענדערמאָנטע יודישע מצבות אין אָט די גריכישע קאָלאָניעס זענען אַלע געשריבען אין דער גריכישער שפראַך.

אין אַ גאַנץ אַנדערן קולטורעלן צושטאַנד האָט זיך געפונען די בערך צאָהלרייכע יודישע בעפעלקערונג אינ'ם צענטער פונ'ם קרימער האַלב-אינזעל. די גרויסע צאָהל יודישע מצבות, וואָס מ'האָט געפונען אין בעזונדערע טיילען פון טאַווריִדע, זענען אַלע געשריבען העברעאיש, און זיי זאָגען עדות, אַז די דאָזיגע יודען זענען פיעל געטרייער פערבליבען צו דער יודישער אמונה, טראַדיציעס, ווי אויך צו דער העברעאישער שפראַך, ווי זייערע העלעניזירטע ברידער פון דער שכנ'ישער באָספּאָראַנישער מלוכה, הגם אויך ביי זיי, ווי סימינט הע"ד ה' הרכבי, האָט שוין צו יענער צייט די העברעאישע שפראַך אויפגעהערט צו זיין די אומגאַנגס-שפראַך.

פון וואַנען זענען געקומען די דאָזיגע יודען, און אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָבען זיי גערעדט?

ליידער, קען די יודישע היסטאָריע ביי איהר איצטיגען צושטאַנד ניט געבען אַ מעהר אָדער וועניגער וויסענשאַפטליך בעגרינדעטען ענטפער אויף אָט די אָהן ספק זעהר וויכטיגע פראַגען פאַר דער געשיכטע פון די יודען אין איצטיגער רוסלאַנד.

די נעמען, וואָס די יודישע בעפעלקערונג האָט געטראָגען אין קרים ביז'ן IV יאָהרה., זענען געווען הרכאים (ווי ווייט עס איז געגוג די עדות פון דער קליינער צאָהל געפונענע מצבות פונ'ם דאָזיגען פּעריאָד) העברעאישע (משה, שמואל, עזריה וכדומה). ערשט זינט דעם IV יאָהרה. הויבען זיך אָן צו בעגעגענען אויף די יודישע מצבות פערשיידענע טערקישע נעמען: טאַקשי, טאָלטאַמיש, סעווערגלין, עלטונקיז און אַז. וו. אָט די טערקישע נעמען ווייזען אָהן קיין שום ספק, אַז שוין צו יענער צייט זענען די דאָזיגע יודען געווען קולטורעל אונטער אַ געוויסער השפּעה פון אַ טערקישען, אָדער טערקיש-רעדענדיגען שבט, אָדער לכל הפּחות פלעגען זיי קומען מיט אַזאַ שבט אין אָפטע און נאָהענטע בעריהרונגען. צי האָבען אָבער די יודען אין קרים איבערגענומען, צוזאַמען מיט די נעמען, אויך די שפראַך פון זייערע טערקישע אָדער טערקיש-רעדענדיגע שכנים, איז דערווייל אוממעגליך צו וויסען.

אין אָנהויב פונ'ם 8 יאָהרה. האָט זיך די יודישע בעפעלקערונג אין קרים שטאַרק פערגרעסערט דורך דער אימיגראַציע פון די ביזאַנטישע יודען. אין דער צייט פון לעאָן דעם איסאַוריער הייבען זיך אָן אין דער גריכישער אימפּעריע שטאַרקע רדיפות אויף דער יודישער אמונה, און די גריכישע יודען זענען געצוואונגען געווען מאַסענווייז צו פערלאָזען זייער פאָטערלאַנד און זוכען ערגיץ-וואו פאַר זיך אַ מקום-מקלט; זייער אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגען צו זיך אָט די ווייטע און צו יענער צייט נאָך גריכישע פּראָווינץ; דאָ האָבען זיי זיך געקענט פיהלען זיכערער, ווייל דאָ אין דעם קאַנט, וואָס איז כמעט אינגאַנצען בעזעצט געווען פון ניט-קריסטליכע עלעמענטען, האָט די גריכישע רעגירונג, ווי שטאַרק זי איז ניט געווען בעאיינפלוסט פון

[1] זעה „Регесты и надписи“, ז. 2 און ו.

[2] „היהודים ושפת הסלאווים“ ז. 3.

דער קירך, געמוזט אָבזאָגען זיך פֿון געוואַלד-טאַטען קעגען די ניט-קריסטען, ווייל דאָס וואָלט אויפגעבראַכט קעגען איהר די גאַנצע בעפֿעלקערונג, און די אויפרעגונג וואָלטען זיכער אויסגענוצט די שטאַרקע און קריגערישע כוזרים, כדי אָבצורייסען די דאָזיגע פּראָווינץ פֿון גריכענלאַנד. דעריבער איז דאָ די גריכישע רעגירונג געצוואונגען געווען מענשליכער צו בעגעהן זיך מיט איהרע יודישע בירגער.

פֿון דאַנען האָבען די יודען דערנאָך געקענט איבערוואַנדערן אין כוזרישען כאַהאַנאַט, וואו עס האָט זיך באַלד מגייר געווען דער כהן (כוזרישער קעניג) מיט זיינע מקורבים, ווי אויך אַ טייל פֿון דער כוזרישער בעפֿעלקערונג, און זיי זענען אויף אַזאַ אופֿן געוואָרען דער הערשענדער קלאַס פֿונ'ם לאַנד. אַדאַנק אָט דער אמונה-איינהייט האָט זיך שטאַרק פֿערגרעסערט די צוזאַמענגיסונג פֿון די יודען מיט דער אָרטיגער בעפֿעלקערונג, און אויב אין אמונה-זאַכען האָבען די יודען משפיע געווען אויף די כוזרים, איז, להיפוך, אין פרט פֿון שפּראַך האָבען די יודען, ווי דער מיעוט, געמוזט זיך אונטערגעבען דער מעהרהייט פֿון דער כוזרישער בעפֿעלקערונג. די געלעהרנטע האָט זיך נאָך ביז איצט ניט איינגעגעבען פֿעסטצושטעלען, אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך האָבען גערעדט די כוזרים, אָבער על כל פנים, אויב מ'זאָל נאָר גלויבען די עדות פֿון די מוסולמענישע שרייבער, „איז די כוזרישע שפּראַך ניט עהנליך געווען צו דער שפּראַך פֿון דער סלאַווישער בעפֿעלקערונג“ [3].

נבכן, אין די צווי לענדער, פֿון וואַנען די „קיעווסקאַיאַ רוס“ האָט געקענט בעקומען איהרע ערשטע יודישע קאָלאָניסטען, האָבען די יודען גערעדט אויף ניט-סלאַווישע שפּראַכען.

צי האָבען די ערשטע יודישע קאָלאָניסטען אין די סלאַווישע געגענדען, וואָס זענען געקומען אַהער פֿון ניט-סלאַווישע קאַנטען (טאַווריע און כוזרישען כאַהאַנאַט), גיך איבערגענומען די שפּראַך פֿון דער סלאַווישער בעפֿעלקערונג, וואָס צווישען איהר האָבען זיי געוואוינט, אָדער זיי האָבען אויך ווייטער גערעדט אויף די שפּראַכען, וואָס זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט, ביז וואַנען זיי זענען איינגעשלינגען געוואָרען פֿון דעם מעכטיגען שטראָם פֿון דער מערב-אייראָפּעאישער עמיגראַציע מיט איהר יודיש-דייטשער שפּראַך?

אָט די, אָהן קיין שום ספק, זעהר אינטערעסאַנטע פֿראַגע איז פֿיעל מאָל אַרומגערעדט געוואָרען פֿון די יודישע און ניט-יודישע היסטאָריקער, אָבער, ליידער, נור אַגב-אורחא. אפֿילו אַזאַ אויספאָרשער און שאַרפֿזיניגער קריטיקער, ווי פּראָפּ. בערשאַדסקי, וואָס האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ אינגעהייערע בקיאות בנוגע צו אַלע אַנדערע פֿראַגען פֿונ'ם יודישען געזעלשאַפֿטליכען און קולטורעלען לעבען אין ליטווישען קעניגרייך, האָט די דאָזיגע פֿראַגע בעהאַנדעלט זעהר אויבענאויפֿיג, ווייל ער האָט ניט געקענט אויסנוצען די פֿיעל היסטאָרישע מקורים, וואָס געפֿינען זיך אין די שו"ת, ווי אויך אַ גאַנצע רייה אַנדערע דאָקומענטען, וואָס זענען געשריבען העברעאיש. די איינציגע, וואָס האָבען זיך אָבגעגעבען ערנסט און וויסענשאַפֿטליך מיט אָט דער דאָזיגער פֿראַגע, זענען

3) А. Гаркави, Сказанія мусульманскихъ писателей о славянахъ и руссахъ.



אונזערע היסטאָריקער א. הרכבי און ש. דובנאָוו, וואָס שטעהען בנוגע צו דער דאָזיגער פֿראַגע אויף סותר'דיגע שטאַנדפּונקטען. מיט פֿאָלגענדע 9 ראיות בעמיהט זיך הרכבי צו בעווייזען, אַז די יודען אין די רוסיש-סלאַווישע געגענדען האָבען גערעדט ביז'ן 16 יאָהרה. אין טיילווייז נאָך אין אָנהויב פֿונ'ם 17 יאָהרה. רוסיש [4].

א) ביי פֿיעל מחברים און מפרשים פֿון תנ"ך, וואָס האָבען געלעבט אין דער צייט פֿון 11 ביז'ן 17 יאָהרה., ווי אויך אין אַנדערע יודישע רעליגיעזע ספרים, בעגעגענען מיר אָפֿט סלאַווישע ווערטער. צום ערשטען מאָל בעגעגענען מיר זיך מיט אַזעלכע ווערטער אין אָנהויב פֿונ'ם XI יאָהרה. ביי ר' נתן בר' יחיאל פֿון רוים, דעם מחבר פֿון „ערוך“ (מקבצה, אַקרין, פּערינע און אַנד.). אויך ביי רש"י טרעפֿען זיך סלאַווישע ווערטער, זעהר אָפֿט ביי ר' יוסף קרא, ווי אויך ביי פֿיעל אַנדערע.

ב) צווישען די נעמען, וואָס די יודען האָבען געטראָגען אין די סלאַווישע געגענדען, בעגעגענען זיך גאַנץ אָפֿט סלאַווישע.

ג) אויף די געפֿינענע אַלטע פּוילישע מטבעות איז די סלאַווישע איבערשריפֿט „מעשקאָ דער קעניג פֿון פּוילען“ געשריבען מיט יודישע אותיות (משקא קרל פולסקי).

ד) ביי די יודען אין דרום-רוסלאַנד איז פֿאַרהאַן אַ מסורה, אַז די יודען האָבען דאָ אַמאָל גערעדט רוסיש; די דאָזיגע מסורה האָט יצחק בער לעווינזאָן געבראַכט אין זיין „תעודה בישראל“ און אויך הרכבי'ן גופא איז אויסגעקומען צו הערען דאָס אין דער דרום'דיגער געגענד.

ה) די עדות פֿונ'ם אַראַבישען שרייבער אבן כורדאַבאַדע, אַז נאָך אינ'ם 9 יאָהרה. האָט ער בעגעגענט יודישע סוחרים — תלמידיכטען, — וואָס האָבען גערעדט אויף דער סלאַווישער שפּראַך [5];

ו) די עדות פֿונ'ם ר"ם (ר' מאיר כ"ץ) — דעם פֿאָטער פֿונ'ם בעל הש"ך, אַז די יודען אין די רוסישע געגענדען האָבען גערעדט רוסיש, און אָט דאָס זענען זיינע ווערטער: „כי זה המנהג נתפשט בארצנו שבני בריתנו היושבים בקרבנו רובם מדברים בלשון רוסיא וקוראים לעיר בריס"ק ברסטא אם יתן ד' ותמלא הארץ דעה ידברו כולם שפה אחת לשון אשכנז“... ווי אויך די שו"ת וועגען אַ יודען פֿון ווילנא, וואָס האָט מקדש געווען אַ מיידעל אויף רוסיש און האָט דערביי געזאָגט: „יאַ איסט"ם טבי"א מקדש בי"ל (שו"ת הש"ך „גבורת אנשים“).

ז) די ידיעה פֿון ר' יואל סירקיש, וואָס איז בעוואוסט אונטערן נאָמען ב"ח, וועגען יודען פֿון מעדזשיבוזש (פּאָד. גוב.), וואָס האָט זיין גבית עדות געגעבען אויף רוסיש (יום א' כ"ו טבת במותב תלתא כחדא הוינן ואתא לקמנא כמ"ר יוסף בר' שמואל ושאלנו אותו באליו"ע (באם לא יגיד ונשא עונו) והעיד בלשון רוסית והעתקנו בלה"ק — שו"ת הב"ח סימן פ"ב).

ח) די קאַווקאַזער סעקטע שבתי שבת (סובאָטניקעס), וואָס רעדען נאָך ביז איצט רוסיש און זענען געווים, לויט דער מיינונג פֿון הרכבי, יודען, וואָס האָבען געמוזט מחמת די רדיפֿות בעהאַלטען זייער יודישקייט, ווי ס'איז צו זעהן פֿונ'ם בריעף, וואָס

4) ז. „היהודים ושפת הסלאווים“ ז. 19 און וו.

5) אין אָריגינאַל ווערען די יודען אָנגערופען „אל רהדאַניה“. נאָר הרכבי לעגט פֿאָר צו לייענען „אל רבניה“, וואָס בעדייט רבניטען, צום אונטערשייד פֿון די קאַראַאימער, וואָס רופֿען זיך אין אַראַביש „אל קרויה“.

ס׳האָט געשיקט אַ מיטגליד פֿון דער דאָזיגער סעקטע — דער קאָזאַק סימאָן לאַטישעוו צום קאַראַאימישען חכם זרח כאַרצענקי, אָדער לכל הפחות זענען די גרינדער פֿון דער סעקטע געווען יודען, וואָס האָבען מיט דער צייט זיך אינגאַנצען צוזאַמענגעגאָסען מיט די איבעריגע אָנהענגער, און דאָס, מיינט הרכבי, וואָלט ניט מעגליך געווען, ווען די גרינדער וואָלטען ניט געווען גערעדט קיין תּכוּש.

און ט) די עדות פֿון צונג, אַז די פּוילישע יודען, וואָס האָבען זיך אינ׳ם 16 יאָהרה. געפֿינען אין די שטעדט ברעשׂיא און מאַנטוא, האָבען גערעדט פּויליש, און כּספּעציעל צוליעב זיי האָט מען געשריבען יודישע ספֿרים אין דער פּוילישער שפּראַך, און די כּתבֿ־ידיען געפֿינען זיך נאָך איצט אין דער ביבליאָטעק פֿון פּאַרמאַ.

דאָס זענען די אַלע ראַיות, וואָס מיט זיי וויל ה׳ הרכבי בעווייזען, אַז די יודען אין די תכוש־סלאַווישע געגענדען ביזן 16־טען יאָהרה., און טיילוויז אויך אין אָנהויב פֿונ׳ם 17־טען יאָהרה., האָבען גערעדט רוסיש. ליידער אָבער זענען ניט אַלע זיינע ראַיות איינגעגעבען און גענוג בעגרינדעט.

אַזוי, למשל, קאָנען די סלאַווישע נעמען, וואָס מיר בעגעגענען זיי ביי דער יודיש־רוסישער בעפֿעלקערונג, בשום אופֿן ניט דיענען פֿאַר אַ בעווייז, אַז רוסיש איז געווען די מוטער־שפּראַך פֿון די דאָזיגע יודען. ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז אַ פֿאָלק זאָל איבערנעמען ביים צווייטען פֿאָלק, וואָס ער קומט מיט איהם אין נאָהענטע בעריהרונגען, זיינע נעמען און זאָל אין דערזעלבער צייט לחלוטין בלייבען פֿריי פֿון זיין ווירקונג אינ׳ם פּרט פֿון שפּראַך. ווי בעוואוסט, איז גריכיש קיינמאָל ניט געווען די אומגאַנגס־שפּראַך פֿון די פּאַלעסטינער יודען, און דאָך האָבען זיי נאָך אַלכּסנדר מוקדונ׳ס צייט גאַנץ אָפֿט זיך גערופֿען מיט גריכישע נעמען. די רוסישע סלאַווען האָבען אין 16 יאָהרה. געוויס ניט גערעדט קיין טאָטעריש, און דאָך בעגעגענען מיר ביי זיי אַפֿילו אין די וויַיטסטע צפֿון־טיילען, וואָס האָבען זיך ווייניגער בעריהרט מיט די טאָטערן, אַזעלכע עכט־טאָטערישע נעמען, ווי אַחמעט, מוראַט, מורזאַ און כּדומה. מיר בעגעגענען אויך ביי די רוסען איינינע יודישע נעמען, וואָס זענען ניט קאַנאָניזירט געוואָרען דורכ׳ן קלויסטער, און די רוסען האָבען זיי, אַלזאָ, געמוזט דירעקט געהאַט איבערגענומען ביי דער יודישער בעפֿעלקערונג: שלם, שלמה, (אָדער אין לאַטיינישער טראַנסקריפּציע (Schelom, Scheloma, Schloma). קיינעם וועט דאָך ניט איינפֿאַלען צו זאָגען, אַז אין זין פֿון שפּראַך זענען די רוסען געווען בעאיינפֿלוסט פֿונ׳ם הייפֿעלע יודען, וואָס האָבען צווישען זיי געוואוינט.

מיר מוזען דאָ אויך בעמערקען, אַז די יודען אינ׳ם ליטווישען קעניגרייך אין 15—16 יאָהרה., ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט אין אונזער אַרטיקעל „די ליטווישע יודען“, האָבען גאַנץ אָפֿט געטראָגען מאָנגאָלישע נעמען, און מוואָלט איפֿן איינעם סמך געקאָנט אויך אַהיכדרינגען, אַז די ליטווישע יודען האָבען צו יענער צייט גערעדט אויף איינער פֿון די מאָנגאָלישע שפּראַכען.

אויך די ראַיה (נומ. 8) פֿון די קאַווקאַזער סובאָטניקעס איז,

5) ז. „ווערטערבוך פֿון די אַלט־רוסישע פּערזענליכע נעמען“ פֿון טופּיקאָוו.

ליט אונזער מיינונג, גיט קיין געלונגענע. פֿונ׳ם בריעף, וואָס דער מיטגליד פֿון דער דערמאָנטער כּעקטע סימאָן לאַטישעוו האָט געשיקט צו קאַראַאימישען חכם חאַרצענקא [6], איז בשום אופֿן ניט צו דרינגען, אַז די דאָזיגע סעקטאַנטען זענען יודישע אַנוסים (אויב ס׳איז בכלל מעגליך אין היסטאָרישע אויספֿאָרשונגען זיך סומך צו זיין אויסשליסליך אויף לעגענדעס). מיר זענען מסכּים מיט׳ן ה׳ הרכבי, אַז די גרינדער פֿון דער סעקטע האָבען געמוזט זיין יודען. ס׳איז גאַנץ צו גלויבען, אַז די דאָזיגע סעקטאַנטען שטאַמען פֿון די נאָוגאָראָדער און מאָסקווער „זשידאָווסטוואָיושטשי“, וואָס האָבען נאָך דעם, ווי כ׳האָבען זיך אָנגעהייבען אויף זייער סעקטע רדיפֿות, פֿערלאָזען נאָווגאָראָד, מאָסקווע, ווי אויך אַלע אַנדערע גרויסע צענטרען פֿון רוסלאַנד און האָבען זיך בעזעצט אין ווייטע פּערוואָרפֿענע ווינקעלעך, וואו זיי האָבען זיך געקאָנט בעפֿרייען פֿון דער גייסטליכער אַפּטרופּסות פֿון דער רעכטגלויביגער קירכע און לעבען אין פֿולקומער איינשטימונג מיט זייערע רעליגיעזע השגות.

די גרינדער פֿון דער סעקטע זענען געווען קיעווער אָדער טשערקעסער יודען, און די דאָזיגע יודען האָבען געוויס געמוזט קענען די רוסישע שפּראַך אין אַ מאָס, וואָס איז גענוג אויף צו קאָנען פּרעדיגען זייער אמונה צווישען דער רוסישער בעפֿעלקערונג, אָבער דערפֿון איז נאָך ניט נעדרונגען, אַז רוסיש איז געווען זייער מוטערשפּראַך, ווי אויך די מוטער־שפּראַך פֿון אַלע איבעריגע יודען אין די סלאַווישע געגענדען.

וואָס איז שייך צו דער ידיעה, וואָס עס האָט געבראַכט דער היסטאָריקער צונץ, אַז אין פּאַרמער ביבליאָטעק געפֿינען זיך יודישע ספֿרים כּתבֿ־ידיען אין דער פּוילישער שפּראַך, איז דאָך דער ה׳ הרכבי גופֿא מסופּק דערין. אין דעם קאַטאַלאָג פֿון די יודישע ספֿרים און מאַנוסקריפּטען אין דער דערמאָנטער ביבליאָטעק, וואָס האָט צונויפֿגעשטעלט דער געלעהרנטער גלח פּעראָ (Perreau) געפֿינען זיך ניט די ספֿרים, וואָס אויף זיי ווייזט אָן צונץ.

זעהר וויכטיג אין דעם פּרט זענען די געפֿונענע אַלטע פּוילישע מטבעות, וואָס די אויפֿשריפֿטען אויף זיי זענען אין דער סלאַווישער שפּראַך, נאָר מיט יודישע אותיות. אָבער זיי קאָנען דאָך ניט דיענען פֿאַר אַ גענוג זיכערן בעוויז, אַז סלאַוויש איז געווען די מוטער־שפּראַך פֿון די יודען אין די רוסישע געגענדען. מ׳דאַרף געדענקען, אַז די כּוזרים, וואָס ביז׳ן 10 יאָהרה. האָבען זיי געהערשט איבער אַלע סלאַווישע שטאַמען פֿון מזרח־אייראָפּא און וואָס אונטער זייער הערשאַפֿט זענען געווען אונטערגעוואָרפֿען, ווי סווילען האָבען איינינע היסטאָריקער (גומפּלאָוויטש און אַנד.), אויך די פּוילען, האָבען בענוצט דעם יודישען אַלף־בית. ס׳איז, בכן, גאַנץ מעגליך, אַז די יודישע שריפֿט, וואָס עס האָבען בענוצט די הערשער פֿונ׳ם סלאַווישען מזרח, איז ניט געווען גאָר פֿרעמד די סלאַווישע רעגירונגען. ס׳איז אַפֿילו צו גלויבען, אַז די שריפֿט פֿונ׳ם כּוזרישען כּהן איז אין דער צייט פֿון דער כּוזרישער מאַכט געווען ביי די אונטערדריקטע סלאַווען אַ מין „עהרעשריפֿט“. להיפּוך די יודען האָבען לא די, וואָס צו יענער צייט, נאָר אויך פֿיעל שפּעטער אַפֿילו אינ׳ם 16 יאָהרה. דאָס רובֿ ניט געקענט בענוצען די רוסישע „אַזבוקע“. ס׳איז, אַלזאָ, גאַנץ פֿערשטענדליך, אַז די יודען, ניט וויסענדיג דעם סלאַווישען „אַלף־בית“, האָבען געסענדיג די מטבעות

6) „הכרמל“ תרכ״ה, נומ׳ 15, ז. 121—122.

בענוצט די ייִדישע שריפֿט, וואָס איז געווען מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט די הערשענדע קלאַסען פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט. אמת, אַז דאָס איז זעהר וויכטיג, ווי אַ בעווייז, אַז נאָך אין 10—11 יאָהרה. איז די יודען ניט פֿרעמד געווען דער געדאַנק פֿון צו בענוצען יודישע אותיות פֿאַר אַ פֿרעמדער שפּראַך, און זיי האָבען אויך דעריבער פֿאַר דער רוסישער שפּראַך געקענט בענוצען יודישע אותיות, אָבער עס קאָן ניט דיענען פֿאַר אַ ראַיה, אַז רוסיש איז געווען די מוטער־שפּראַך פֿון די יודען אין די סלאַווישע געגענדען.

מקאָנען, הייסט עס, קומען אין בעטראַכט די איבעריגע פֿינף ראַיות. דערביי דאַרפֿען מיר אָבער בעמערקען, אַז די סלאַווישע ווערטער, וואָס בעגעגענען זיך ביי ר׳ נתן בר׳ יחיאל פֿון רוים, (ראיה „א״), ווי סווייזט אָן דער ה׳ הרכבי גופא, קאָנען ניט בעווייזען, אַז סלאַוויש איז געווען די אומגאַנגסשפּראַך פֿון ר׳ נתנ׳ס תלמידים פֿון די רוסישע געגענדען. אין ר׳ נתנ׳ס צייט זענען געווען געגרינדעט אין דרום־אייראָפּאַ ביי די גרעניצען פֿון איטאַליען אייניגע סלאַווישע מלוכות, וואָס די איטאַליענישע יודען פֿלעגען קומען מיט זיי אין מסחר־בעריהרונגען און האָבען דעריבער געמוזט מעהר אָדער ווייניגער פֿערשטעהן די סלאַווישע שפּראַכען. ר׳ נתנ׳ס תלמידים ווידער האָבען געקאָנט האָבען אַ וואָכערע עס איז אַנדערע מוטערשפּראַך, זיי האָבען אָבער דאָך פֿערשטאַנען סלאַוויש, די שפּראַך פֿון דער בעפֿעלקערונג, וואָס צווישען איהר האָבען זיי געלעבט. כלאַויש איז, בכן, געווען די שפּראַך, וואָס אויף איהר האָט ר׳ נתן מיט זיינע סלאַווישע תלמידים זיך געקענט איפּרעדען, און ס׳פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז אין דער שפּראַך האָט ר׳ נתן זיי איבערגעזעצט אייניגע האַרבע ערטער פֿון זייער למוד. דאָס אייגענע וואָלט מען אפֿשר געקענט זאָגען אויך וועגען ר׳ יוסף קרא, וואָס איז אין זיינע פֿיעל וואַנדערונגען געווים געקומען אין בעריהרונג אויך מיט סלאַווען און האָט זיך געקאָנט בעקענען מיט דער סלאַווישער שפּראַך. נאָר די גרויסע צאָהל סלאַווישע ווערטער, וואָס געפֿינען זיך אין יוסף קרא׳ס כתבים, וואָס פֿירקאָוויטש האָט ענטדעקט אין קרים, פֿעהלען אין די כתבים, וואָס געפֿינען זיך אין פּאַריזער ביבליאָטעק, און דאָס ווייזט, אַז די דאָזיגע סלאַווישע ווערטער זענען אַריינגעבראַכט געוואָרען פֿון די איבערשרייבער, וואָס האָבען איבערזעצט די האַרבע ווערטער אויף זייער אייגענער מוטער־שפּראַך, ווי אויך אויף דער שפּראַך פֿון די סלאַווישע יודען, פֿאַר וועמען זיי האָבען די דאָזיגע כתבים איבערגעשריבען. וואָס איז שייך צו רש״י, איז קיין ספֿק ניט (?), אַז איהם איז געווען אומבעקאַנט די כלאַווישע שפּראַך, און די עטליכע סלאַווישע ווערטער, וואָס בעגעגענען זיך ביי איהם, זענען געווים אַריינגעטראָגען געוואָרען דורך זיינע תלמידים, וואָס האָבען זיך די דאָזיגע ווערטער איבערזעצט אויף זייער מוטער־שפּראַך.

מיר קאָנען זיך אָבער מיט צוטריי בעציהען צו די עדות פֿון אבן כורדאַבאַדע (ראיה נומ. 9), אַז ער האָט נאָך אין 9 יאָהרה. בעגעגענט יודען, וואָס רעדען רוסיש, הגם די ערשטע ידיעה וועגען יודען אין „קיעווער רוס״ בעגעגענען מיר ערשט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 10 יאָהרה. דער היסטאָריקער טאַטישצעוו דערצעהלט וועגען 2 מלחמות צווישען די רוסען און כוזרים (967 און 965 יאָהר.), וואו די רוסען האָבען אָבגעהאַלטען אַ גלענצענדען נצחון איבער די כוזרים, האָבען פֿיעל פֿון זיי געפֿאַנגען און בעזעצט זיי אין די שטעדט ביים טייך „רוס״ (דניעפּר) [7]. ס׳איז אָבער קיין ספֿק ניט, אַז די דאָזיגע שבויים זענען ניט געווען די ערשטע יודישע קאָלאָניסטען אין די רוסישע געגענדען. ווי בעוואוסט, איז דער האַנדעלספֿערקעהר צווישען די כוזרים און סלאַווען געווען שטאַרק ענטוויקעלט נאָך אין 8—9 יאָהרה. די הויפּט־שטאָדט פֿון די כוזרים איז געווען אין הערזעלבער צייט אויך דער הויפּט־האַנדעלס־צענטער פֿאַר די סלאַווישע סוחרים, און מ׳האָט דאָ תמיד געקענט טרעפֿען אַ גרויסע צאָהל סלאַווישע סוחרים, וואָס האָבען דאָ געהאַט זייערע לאַגערן, און עס פֿערשטעהט זיך, ממילא, אַז אויך אין סלאַווישען האַנדעלס־צענטער קיעוו האָט זיך געפֿינען אַ בעדייטענדע צאָהל כוזרישע סוחרים, וואָס צווישען זיי זענען, מסתמא, געווען ניט ווייניג יודען אָדער יודישע גרים.

אָבער אויך אַהוץ „קיעווער רוס״, האָבען די יודען געקענט קומען אין נאָהענטע בעציהונגען מיט די סלאַווען. אין האַנאַדוּוריע — אָדער ווי זי האָט זיך שפּעטער גערופֿען טמוטאַראַקאַניא, — וואָס האָט זיך געפֿינען ביזן X יאָהרה. אונטער דער מאַכט פֿון די כוזרים — האָט פֿון אור־אַלטע צייטען געלעבט אַ בעדייטענדע יודישע בעפֿעלקערונג. אין אָנהויב פֿונם 9 יאָהרה. האָבען זיך דאָ בעזעצט אייניגע רוסישע שטאַמען און זענען געוואָרען מיט די יודען גאַנץ נאָהענטע שכנים. די עדות פֿון אבן כורדאַבאַדע וועגען יודען, וואָס האָבען גערעדט סלאַוויש, ווערט ווערען נאָך מעהר גלייבליך, ווען מיר וועלען דערמאָנען, אַז די יודען האָבען זיך בעגעגענט מיט די טמוטאַראַקאַנישען רוסען אין דעם פּעריאָד, ווען זיי, די יודען, האָבען אַרויסגעוויזען אַ שטאַרקע פּראָזעליטישע מעטיגקייט אין דער כוזרישער מלוכה. אמת, אויך ביי די כוזרים האָט די יודישקייט ניט געקענט זיך בעריהמען מיט קיין גרויסען ערפֿאָלג: נאָר אַ טייל כוזרים זענען איבערגעגאַנגען צום יודישען גלויבען; אָבער דער פֿאַקט, וואָס דער כוזרישער כהן מיט זיין הויף, אונטערנעמענס מאַכט ס׳זענען געווען אונטערגעוואָרפֿען אויך די טמוטאַראַקאַנישע רוסען, האָבען געהערט צום יודישען גלויבען, האָט ניט געקענט בלייבען אָהן ווירקונג אויף דער שטעלונג פֿון די טמוטאַראַקאַנישע רוסען צו דער יודישער אמונה, און געווים האָבען אייניגע פֿון זיי נאָכגעטאָן זייער הערשער.

אָט די אַלע ראיות, וואָס זענען גענוג, לויט אונזער מיינונג, אויף צו פֿערענטפֿערן די פֿראַגע וועגען דער שפּראַך, וואָס אויף איהר האָבען יודען אין די רוסישע געגענדען גערעדט ביזן 16 יאָהרה., ד. ה. איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע עמיגראַציע פֿון די פּוילישע יודען אין ליטווישען קעניגרייך, געפֿינט אונזער היסטאָריקער ש. הבנאָוו פֿאַר ניט איבערצייגענד. „אָבלייקענען די שפּראַך־אָבגעזונדערטקייט פֿון די יודען אין די סלאַווישע געגענדען, זאָגט הבנאָוו, קענען נאָר די, וואָס איגנאָרירען בעוואוסטזיניג די צאָהלרייכע יודישע דאָקומענטען און רבנישע שו״ת, אָדער וואָס זענען ניט בעקאַנט מיט דער העברעאישער שפּראַך און קאָנען, אַלזאָ, אָט דעם מין ליטעראַטור ניט בענוצען״ [8]. דערביי האָט אָבער דער ה׳ הבנאָוו פֿערגעסען, אַז דער ערשטער און איינציגער, וואָס האָט ערנסט און וויסענשאַפֿטליך בעטראַכט די דאָזיגע

[7]) „Исторія Россійскаго Государства“ 2 т., 392—93 прим. 137.

[8]) „Еврейская Старина“ 1909 I т., 24.

פּראַגע, איז הרכּבי, וואָס איז תּקא איפּן סמך פֿון דער רבנישער ליטעראַטור אין שו"ת געקומען צו דער מסקנא, אַז די ערשטע יודישע קאָלאָניסטען אין די רוסישע געגענדען האָבען שפּראַכליך זיך אַסימילירט מיט די סלאַווען, און די שפּראַך-אָבגעזונדערטקייט האָט זיך אָנגעהויבען אין די רוסישע געגענדען ניט פֿריהער פֿון ענדע 16 יאָהרה. די ווערטער פֿונ'ם ר"ם (ר' מאיר כ"ץ) — כּי זה המנהג נתפּשט בּארצנו שבּני בּריתנו היושבים בּקרבּנו רובּם מדבּרים בּלשון רוסיא... אם יתּן ה' ותּמלא הארץ דעה ידבּרו כּולם שׂפה אחת, לשון אשכּנז..., זאָגט ווייטער ה' דובּנאָוו, דאַרף אויסגעטייטשט ווערען אין דעם זין, אַז די יודען אין די רוסישע געגענדען פֿון פּוילין האָבען, אַחוץ זייער יודיש-דייטשער שפּראַך, געקענט אויך די רוסישע שפּראַך, וואָס אין איהר פֿלעגען זיי זיך איבּערעדען מיט דער אַרומיגער בּעפֿעלקערונג, און אַז ר' מאיר האָט געוואָלט, אַז די יודישע שפּראַך זאָל זיין בּיי זיי די איינציגע, ווי למשל, אין די צענטראַלע געגענדען פֿון פּוילין [9]. נאָר, ערשטענס, לאָזען זיך ר' מאירס ווערטער, ווען מ'זאָל זיי נעמען פּשוטו כּמשמעו, בּשום אופן זיך ניט אויסטייטשען, ווי ס'וויל האָבען ה' דובּנאָוו. די ווערטער „בּני בּריתנו היושבים בּקרבּנו רובּם מדבּרים בּלשון רוסיא" קען אַנדערש ניט איבּערגעטייטש ווערען, ווי דער רוב פֿון די יודען פֿון יענער געגענד (ס'האַנדעלט זיך וועגען ליטא) רעדען רוסיש. און צווייטענס, איז בּשום אופן ניט צו פֿערשטעהן ר' מאירס וואונש, אַז די יודען זאָלען פֿערשטעהן נאָר יודיש און ניט די שפּראַך פֿון דער אַרומיגער רוסישער בּעפֿעלקערונג, וואָס פֿון איהר ציהען זיי זייער חיונה. און צי האָבען די יודען אין די צענטראַלע געגענדען פֿון פּוילען ניט פֿערשטאַנען די שפּראַך פֿון דער אַרומיגער בּעפֿעלקערונג? *).

וואָס איז שייך צו די שו"ת בּ"ח און ש"ך וועגען דעם יודען, וואָס האָט זיין גבית עדות אָבגעגעבּען אין דער סלאַווישער שפּראַך, מיינט ה' דובּנאָוו, אַז דאָס זענען געווען יוצא-מן-הכּללים, אַז דאָס זענען דאָרפֿס-יודען (ישובניקעס), וואָס זענענדיג לחלוטין אָבגעריסען פֿון דער יודישער סביבה, האָבען זיי געקענט אויך פֿערגעסען יודיש און אָננעמען די שפּראַך פֿון דער אַרומיגער סלאַווישער בּעפֿעלקערונג. צו דען, בּעמערקט ווייטער דער ה' דובּנאָוו, האָט מען ניט געקאָנט טרעפֿען אינ'ם 19-טען יאָהרה., ווען די שפּראַך-אָבגעזונדערטקייט פֿון דער יודישער בּעפֿעלקערונג וועט שוין קיינער ניט קאָנען אָבלייקענען, צו דען האָט מען ניט געקאָנט טרעפֿען קיין יודישע ישובניקעס, וואָס האָבען ניט געוואוסט די יודישע שפּראַך? צו דען טרעפֿען מיר זיך ניט אויך איצט מיט אַ געוויסער צאָהל יודען, וואָס האָבען זיך שפּראַכליך אַסימילירט מיט דער אַרומיגער בּעפֿעלקערונג, כאָטש די גאַנצע יודישע מאַסע אין רוסלאַנד רעדט נאָר יודיש?

דער ה' דובּנאָוו פֿערגעסט אָבער, אַז צו יענער צייט איז אַפּילו דער יודישער ישובניק ניט געווען שטאַרק אָבגעריסען פֿון דער יודישער סביבה. מיט מיזענדער פֿעדים איז ער צוגעבּונדען געווען צו דער יודישער קהלה פֿון דער נאָהענטער שטאָדט. פֿאַר דעם יודישען קהל האָט ער זיך געדאַרפֿט משפּטן, דער יודישער קהלה האָט ער געמוזט צאָהלען זיינע צינזען, אָהן איהר ערלויבּעניש האָט ער זיך פֿון אָרט ניט געקאָנט ריהרען. אַפּילו אין עקאָנאָמישען לעבּען איז ער אָפֿטמאָל לחלוטין געווען אָבּהענגיג פֿון דער יודישער קהלה; דער „קהל" האָט געשיצט זיין חזקה אויף דעם שענק אָדער מיהל, וואָס ער האָט אַרענדירט, ער האָט איהם אויך אָבגעהיט אויך אין אַ געוויסער מאָס פֿון דער קאָנקורענץ מצד די איבּעריגע יודען און האָט זיך אָנגענומען זיין קריוודע אין פֿאַל פֿון אַ סכסוך צווישען ישובניק און פּריץ [10]. הכּלל, וואו דער יוד זאָל ניט וואוינען, איז ער אַלעמאָל געווען עקאָנאָמיש, יורידיש און קולטורעל צונויפֿגעבּונדען מיט דער יודישער קהלה, איז געווען געצוואונגען צו קומען מיט איהר אין גאַנץ אָפֿטע און נאָהענטע בּעריהרונגען און האָט בּשום אופן ניט געקאָנט לחלוטין פֿערגעסען די יודישע שפּראַך. אויף די איבּעריגע בּעווייזען פֿונ'ם ה' הרכּבי האָט דובּנאָוו, משמעות, געפֿונען פֿאַר איבּעריג צו ענטפֿערן, כאָטש צווישען זיי געפֿינען זיך אַזעלכע צוויי ווילכטיגע ראַיות, ווי די סלאַווישע ווערטער, וואָס טרעפֿען זיך בּיי פֿיעל יודישע מחבּרים און מפֿרשים, ווי אויך די עדות פֿון אבן כּורדאַבּאַדע, אַז אינ'ם 9 יאָהרה. האָט ער בּעגעגענט יודען, וואָס האָבען גערעדט סלאַוויש.

דער ה' דובּנאָוו בּרענגט אויך אַ גאַנצע רייה דאָקומענטען (האַנדלונגס-אָבמאַכונגען, כּרוזים און אַז. וו.) פֿונ'ם XVI–XVII יאָהרה., און מיר זענען גאַנץ זיכער, אַז ער איז ניט מגזם, ווען ער זאָגט, אַז ער וואָלט געקענט בּרענגען נאָך כּהנה וכהנה. אָבער וואָס זאָגען די דאָזיגע דאָקומענטען? צוערשט מוזען מיר בּעמערקען, אַז פֿון די אַלע דאָקומענטען האָט נאָר אַ קליינער טייל אַ שייכות צו ליטא. דער רוב פֿון זיי, און דערבּיי די עלטסטע (פֿונ'ם 16 יאָהרה.) זענען שייך צו פּוילין. אָבער וואָס אָנבּעלאַנגט צו פּוילין איז דאָך קיינער ניט מסופּק, אַז שוין זעהר לאַנג—אַלענפֿאַלס פֿאַרן 16 יאָהרה. — הערשט בּיי די יודען די יודיש-דייטשע שפּראַך, די פֿראַגע איז נאָר וועגען ליטא און אַנדערע רוסישע געגענדען. קיינער לייקענט דאָך ניט אָב, אַז די אַשכּנזישע יודען האָבען קיינמאָל ניט פֿערבּיטען זייער יודיש-דייטש אויף סלאַוויש (אַחוץ בּערשאַדסקי, וואָס האָט, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, בּעריהרט די דאָזיגע פֿראַגע זעהר איבּערפֿלאַכליך). די פֿראַגע, ווען עס האָט אַריינגעדרונגען די יודישע שפּראַך אין דער ליטא, איז, אַלזאָ, ענג פֿערבּונדען מיט דער פֿראַגע: ווען האָט זיך אָנגעהויבען אַהער אַ בּעדייטענדע אימיגראַציע פֿון די מערבֿ-אייראָפּעאישע יודען.

דער ה' דובּנאָוו לייקענט דאָך ניט אָב, אַז די ערשטע קאָלאָניסטען אין די סלאַווישע געגענדען זענען געקומען ניט פֿון מערבֿ, נאָר פֿון מזרח, און עס פֿערשטעהט זיך, אַז ניט יודיש-דייטש איז געווען די מוטער-שפּראַך פֿון די דאָזיגע איינוואַנדערער. די ערשטע צוויי עמיגראַציאָנס-וועלען פֿון מערבֿ-אייראָפּע האָבען כמעט ניט בּעריהרט די רוסישע געגענדען, זיי האָבען זיך אָבגעזעצט בּלויז

[9] דאָרט ז. 23.

*) דאָ איז דער מחבּר, לויט ווי אונז דוכט, ניט גאַנץ פּינקטליך. ה' דובּנאָוו זאָגט, אַז ר' מאיר'ס וואונש איז געווען, אַז „לשון אשכּנז" זאָל זיין די איינציגע אומגאַנגס-שפּראַך פֿון יודען צווישען זיך, אָבער ניט, אַז זי זאָל זיין די איינציגע שפּראַך, וואָס זיי פֿערשטעהען.

די רעדאַקציע.

[10] גענויער וועגען דעם אינסטיטוט חזקה זעה И. И. Шерешевскій „О книгѣ Кагала"; С. Л. Бершадскій „Литовскіе евреи" 29 ff.

אין די צענטראַלע פּונקטען פֿון פּוילין. אין 16 יאָהרה. האָט ליטא (דעמאָלט האָט זי פֿאַרנומען כמעט אַלע רוסישע געגענדען, וואו יודען האָבען געוואוינט), געצעהלט אַ יודישע בעפֿעלקערונג פֿון אַן ערך 10—12 טויזענד מאַן[11], און דאָס וואָלט אודאי געווען אוממעגליך, ווען די ערשטע צוויי מערבֿ־איראָפּעאישע עמיגראַציאָנס־וועלען וואָלטען דערגרייכט אַזש ביז ליטא. „אין משך פֿון הונדערטער יאָהרען פֿונ'ם מאָמענט, ווען וויטאָווט האָט געשאָנקען די פּריווילעגיעס די טראָקער, ברעסטער און גראָדנער יודען, איז ניט צו בעמערקען קיין שום ענטוויקלונג אינ'ם שטאָדטישען לעבען פֿון ליטא. אַפֿילו אַזעלכע אַלטע שטעדט, ווי ווילנא און טראָק, קענען אייגענטליך אויך ניט פֿערעכענט ווערען פֿאַר שטעדט אין מערבֿ־איראָפּעאישען זין פֿון וואָרט[12]". ס'פֿערשטעהט זיך, אַז ביי אַזעלכע אומגינסטיגע בעדינגונגען האָט ליטא ניט געקאָנט צוציהען צו זיך אין אַ בעדייטענדער מאָס מערבֿ־איראָפּעאישע יודען, וואָס האָבען זיך פֿערנומען דער עיקר מיט האַנדעל, און אָהן דער דאָזיגער עמיגראַציע האָט דאָך אויך ניט געקאָנט אַריינדרינגען די יודישע שפּראַך אין די רוסישע געגענדען. ערשט אין 16 יאָהרה. בעמערקט זיך אין ליטא אַ צופֿלוס פֿון מערבֿ־איראָפּעאישע יודען, און דאָס איז אויך צו זעהן דערפֿון, וואָס אין די דאָקומענטען הויבען זיך אָן אין דער צווייטער העלפֿט פֿונ'ם 16 יאָהרה. אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער צו בעגעגענען די ספּעציעל יודיש־אַשכּנזישע נעמען[13]. די דאָקומענטען, וואָס עס ברענגט דער ה' הרכּבֿי — אויך אין די רוסישע מקורים האָבען מיר בעגעגענט דאָקומענטען, וואָס זענען געשריבען געוואָרען „פּאָ זשידאָווסקי[14]" — ווייזען נאָר, אַז שוין אין דער צווייטער העלפֿט פֿונ'ם 16 יאָהרה. האָט זיך אין פֿיעל שטעדט פֿון די רוסישע געגענדען געפֿונען אַ מעהר אָדער ווייניגער צאָהלרייכע יודישע בעפֿעלקערונג, וואָס האָט, נאַטירליך, גערעדט יודיש. אָבער דאָס לייקענט נאָך ניט אָב די מיינונג, אַז די ערשטע יודישע קאָלאָניסטען פֿון די רוסישע געגענדען, וואָס זענען געקומען אַהער פֿון די מזרח־לענדער, האָבען זיך שפּראַכליך צונויפֿגעגאָסען מיט דער סלאַווישער בעפֿעלקערונג און האָבען ביזן 16 יאָהרה. און אויך טיילווייז אין אָנהייב פֿון 17 יאָהרה., ד. ה. ביז וואַנען ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע אימיגראַציע פֿון אַשכּנזים אין ליטא — גערעדט סלאַוויש.

צו די איבערגעבראַכטע ראיות פֿונ'ם ה' הרכּבֿי, אַז די ערשטע יודישע קאָלאָניסטען אין די רוסישע געגענדען האָבען אָנגענומען די רוסישע שפּראַך, וואָס אויך איהר האָבען זיי גערעדט ביזן 17 יאָהרה., וועלען מיר נאָך צוגעבען פֿאָלגענדע:

ווי בעוואוסט, האָבען די סלאַווען געהאַט זעהר וועניג ספּעציעלע פֿרויען־נעמען. על פּי רובֿ שאַפֿען די סלאַווען זייערע ווייבליכע נעמען פֿון די מענער־נעמען דורך דער אומבייטונג פֿון די ענדונגען e, o, ъ אויף я, a. פֿערשטעהט זיך, אַז אויך די ליטווישע יודען, וואָס האָבען ביזן 16 יאָהרה. געטראָגען גאַנץ אָפֿט (אפֿשר אָפֿטער, איידער העברעאישע) סלאַווישע נעמען, פֿלעגען

Литовскіе евреи, 7. ([11]

[12]) דאָרט 247—48.

[13]) זעה „Русско-еврейскій Архивъ" דאָקומענטען, געקליבען פֿון פּראָפֿ. בערשאַדסקי.

„Русско-еврейскій Архивъ" I т. № 183. ([14]

שאַפֿען זייערע פֿרויען־נעמען אויפֿ'ן אַלגעמיינעם סלאַווישען שטייגער. אַזוי, למשל, צוזאַמען מיט די סלאַווען בילדען אויך די ליטווישע יודען פֿונ'ם מאַנסבילשען נאָמען „באָגדאַן" — אַ גאַנץ אָפֿטער נאָמען ביי די ליטווישע יודען אין יענער צייט — דעם ווייבערשען נאָמען „באָגדאַנאַ". אָבער וויכטיג איז, וואָס אויך פֿון די העברעאישע מאַנסבילשע נעמען פֿלעגען די ליטווישע יודען מאַכען ווייבערשע נעמען אויפֿ'ן אַלגעמיינעם סלאַווישען שטייגער — דורך דער ענדערונג פֿון דער נאָמען־ענדונג אויף: я a. אַזוי, צום בייספּיעל, האָבען זיי פֿון די העברעאישע מענער־נעמען משה און האצקאָ (דאָס איז אַ פֿערגרייזטער נאָמען פֿון יחזקאל אָדער יחזקיה — ביי דער רוסישער בעפֿעלקערונג האָבען מיר דעם נאָמען ניט בעגעגענט) געבילדעט די פֿרויען־נעמען „מאָשאַ" און „האַצקאַ[16]", און דאָס, נאַטירליך, איז מעגליך נור דאַן, ווען אין דער שפּראַך, וואָס אויך איהר האָבען על פּי רובֿ גערעדט די יודען אין ליטא אין 16 יאָהרה., איז די ענדונג a געווען אַ כאַראַקטעריסטישער סימן פֿאַר'ן ווייבליכען מין. פֿון אַלע מזרח־איראָפּעאישע שפּראַכען האָט די דאָזיגע אייגענאַרטיגקייט נאָר די סלאַווישע שפּראַך.

צווישען די פֿיעל דאָקומענטען, וואָס זענען געזאַמעלט דורך פּראָפֿעסאָר בערשאַדסקי אין זיין „רוסקאָ־יעוורייסקי אַרכיוו", האָבען מיר געפֿונען אַ בריעף פֿונ'ם געוועזענעם „מיטניק" (אַרענדאַטאָר פֿון די צינזען) דאַנקאָ יעסקאָוויץ צום „מיטניק" מיכאל יעזאָפֿאָוויץ וועגען די וועגען אין ליטווישען קעניגרייך[17]. מחמת זיין וויכטיגקייט האָט דער קעניג געהייסען אַריינצושרייבען איהם אין די שטאַאַטס־ביכער („דאָ קניגי איפּיסאַטי"). אין דער פֿעראָרדנונג איז ניט דערמאָנט געוואָרען וועגען איבערזעצען דעם בריעף אין רוסיש („פּאָ רוסקי פּערעלאָזשיטי"). דער בריעף איז אויך אַריינגעטראָגען געוואָרען אין די ביכער גאַנצערהייד מיט אַלע זיינע פּריוואַטע שטעלען, און דאָס ווייזט אָהן אַ ספֿק, אַז ער איז אַריינגעשריבען אין די ביכער אין דער פֿאָרם און שפּראַך, אין וועלכע ס'האָט איהם געשריבען זיין אַווטאָר — דאַנקאָ יעסקאָוויץ, ד. ה. אַז דער בריוו־שרייבען זיך פֿון די צוויי איבענדערמאָנטע יודען איז געווען אויף רוסיש. מ'קאָן אָבפֿרעגען, אַז די ביידע דערמאָנטע יודען זענען געווען „מיטניקעס", וואָס האָבען צוליעב זייערע געשעפֿטען מיט דער רעגירונג געמוזט קענען די רוסישע שפּראַך און זיי האָבען, אַלזאָ, געקאָנט אויך זייער קאָרעספּאָנדענץ פֿיהרען אין רוסיש, אָבער דאָס איז כלל קיין ראיה ניט, אַז רוסיש איז געווען זייער מוטער־שפּראַך, ווי אויך די מוטער־שפּראַך פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג אין ליטא.

וועלען מיר זיך ווענדען צו די עדות פֿון אַנדערע דאָקומענטען.

אין די אַקטען־ביכער פֿונ'ם קיעווער צענטראַל־אַרכיוו געפֿינט זיך אַ מעלדונג פֿונ'ם יודען יאַחנאָ, אַז ער האָט בעקומען אַרויסגעטיילט זיין חלק ירושה און ער זאָגט זיך אָב אויף להבא פֿון אַלע פּרעטענזיעס צו זיינע ברידער, און וועגען דעם האָט ער זיי אַרויסגעגעבען אַ כתבֿ „זשידאָווסקים פּיסמאָם פּיסאַני"[18]. וואָס איז דער טייטש „זשידאָווסקים פּיסמאָם פּיסאַני"? אין „מאָסקווע" פֿלעגט דאָס וואָרט „פּיסמאָ" אַמאָל (אמת זעהר זעלטען) געבּרויכט

Русс.-евр. Арх. 2 т., №№ 197, 286. ([16]

[17]) דאָרט ערשטער באַנד נומ' 66.

[18]) דאָרט צווייטער באַנד נומ' 212.

יערען אין זין פֿון שפּראַך. אין דער „גראַמאָטאַ“ צום רוימישען אימפּעראַטאָר מאַקסימיליאַן געבראַכט יאָאַן וואַסיליעוויטש די ווערטער „רוסקאָיע פּיסמאָ“ אָנשטאָט „פּאָ רוסקי“ 19). מיר מיינען אָבער, אַז אין די תּוֹכישע געגענדען פֿון פּוילין זענען די ווערטער „רוסקאָיע פּיסמאָ“ קיין מאָל ניט געבראַכט געוואָרען אין זין פֿון שפּראַך. אין פּוילישען קעניגרייך פֿלעגען זיך די אָפֿיציעלע דאָקומענטען שרייבען אויף דרייערליי אופֿנים: מיט לאַטיינישע בוכשטאַבען (לאַטינסקים פּיסמאָם), אין דער לאַטיינישער שפּראַך (פּאָ לאַטיני), און ענדליך אין רוסישער שפּראַך (פּאָ רוסקי), אַזוי אַז די ביידע בעגריפֿען — "פּאָ לאַטיני" און „לאַטינסקים פּיסמאָם“ (אָדער אין אונזער פֿאַל „זשידאָווסקים פּיסמאָם“ און „פּאָ זשידאָווסקי“) האָבען געמוזט זיין גענוי פֿונאַנדערגעטיילט, און די געריכטען האָבען זיך ניט געקענט טועה זיין און פֿערבייטען איין בעגריף מיט'ן צווייטען, און „זשידאָווסקים פּיסמאָם פּיסאַני“ קאָן נאָר בעדייטען, אַז דער דאָקומענט איז געווען געשריבען מיט יודישע אותיות.

דער דאָקומענט איז ניט קיין איינציגער. אין יאָהר 1569 האָט די אַלמנה פֿון איינעם שמואל (שמאילא) געמאָלדען דעם בורגמייסטער שטאָדט-געריכט, אַז דאָס הויז, וואָס מ'וויל אָבשרייבען פֿאַר די הכּתובה פֿון איהר מאַן, געהערט צו איהר, ווייל איהר מאַן האָט עס איהר אַריינגעשריבען אין די תּנאים (вѣно), וואָס זענען געשריבען „זשידאָווסקים פּיסמאָם“, און אַז דער געריכט האָט זיך געוואָלט מיט דעם שטר בעקענען, האָט ער עס ניט געהייסען איבערזעצען אין רוסיש (פּאָ רוסקי פּערעלאָזשיט), נאָר בלויז איבערשרייבען מיט רוסישע אותיות (נאַ רוסקאָיע פּיסמאָ פּערעלאָזשיטי 20). פֿאַר די, וואָס וועלען דאָך מסופּק זיין, צי „זשידאָווסקי פּיסמאָ“ דאַרף אויסגעטייטשט ווערען ניט אין זין פֿון שפּראַך, נאָר אין דעם זין, אַז די דאָקומענטען זענען געשריבען געווען בלויז מיט יודישע אותיות, וועלען מיר ברענגען פֿאָלגענדעס: אינ'ם זעלבען יאָהר (1569) האָט איינער ליפּמאַן דערלאַנגט אין געריכט אַ געלד-תּביעה צו די יורשים פֿון געשטאָרבענעם ברודער און האָט דערביי צוגעשטעלט אַ וועקסעל, וואָס איז געשריבען מיט זיין -- ליפּמאַנס — אייגענער האַנד און בלויז געחתמעט פֿון זיין ברודער. די יורשים האָבען דעם וועקסעל ניט געוואָלט אָננעמען, טענהנדיג, אַז זייער פֿאָטער האָט איהם אַרויסגעגעבען אַ ריינעם בלאַנק, און ער אַליין האָט איהם אויסגעפֿילט. דערויף ענטפֿערט ליפּמאַן, אַז דער ברודער האָט קיין מאָל ניט אַרויסגעגעבען קיין אונטערגעחתמעטען בלאַנק אָהן אַן אויפֿשריפֿט אויף דער צווייטער זייט מיט יודישע אותיות (ליטעראַמי זשידאָווסקימי), אַז דאָס איז אַ בלאַנק. אַלזאָ, די יודישע דאָקומענטען פֿלעגען ווערען געשריבען מיט'ן יודישען אלף-בית. אָבער אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך פֿלעגט מען זיי שרייבען? פֿון די איבענגעבראַכטע דאָקומענטען איז קענטיג, אַז זיי זענען געשריבען מיט יודישע אותיות (זשידאָווסקים פּיסמאָם, זשידאָווסקימי ליטעראַמי), און פֿון דעם איז צו דרינגען, אַז בלויז מיט זייער שריפֿט און ניט מיט זייער שפּראַך פֿלעגען זיך אונטערשיידען די יודישע דאָקומענטען פֿון די אַלע איבעריגע, דאָס הייסט, אַז זיי זענען

19) „Памятники дипломатическихъ отношеній древней Руси, I т., стр. 41.

20) Регесты и надписи, I т. № 139.



געשריבען געווען אין דער סלאַווישער שפּראַך. אַז דער געריכט וויל זיך בעקענען מיט אַ יודישען דאָקומענט, הייסט ער איהם בלויז איבערשרייבען מיט סלאַווישע אותיות, און דאַן ווערט ער איהם פֿערשטענדליך, און דאָס וואָלט דאָך אוממעגליך געווען, ווען די יודישע דאָקומענטען וואָלטען ניט געווען געשריבען אויף רוסיש.

צווישען דער „פּאָסאָלסטוואָ“ פֿונ'ם מאָסקווער גרויס-פֿירשט יאָאַן וואַסיליעוויטש צום קרימער חאַן מענגלי-גיריי געפֿינט זיך אַ בריעף צום קאַפֿאַ'ער (איצט פֿעאָדאָסיע) יודען חאָזע קאָקאָס, אין וועלכען דער גרויס-פֿירשט בעט חאזען צווישען אַנדערע זאַכען אויך וועגען דעם, אַז ער זאָל איהם שרייבען זיינע בריעף ניט „זשידאָווסקים פּיסמאָם“, נאָר „רוסקים פּיסמאָם“ אָדער בוסערמאַנסקים (בוסערמאַנסקי דאַרף דאָ בעדייטען טאָטעריש, כאָטש מיט דעם וואָרט פֿלעגען די רוסען בעצייכענען אַלע ניט-רוסישע אלף-בית'ן). דערפֿון איז צו זעהן, אַז חאָזע האָט איהם שוין אַמאָל געשריבען אַ בריעף „זשידאָווסקים פּיסמאָם“.

מיר האָבען שוין פֿריהער דערמאָנט, אַז אין רוסלאַנד האָט דאָס וואָרט „רוסקים פּיסמאָם“ (זשידאָווסקים פּיסמאָם) געקענט געבראַכט ווערען אין זין פֿון שפּראַך. דאָך רעכענען מיר, אַז האָזעס בריעף צום גרויס-פֿירשט איז געשריבען געווען בלויז מיט יודישע אותיות, נאָר אין דער רוסישער שפּראַך.

חאָזע קאָקאָס און יוסף פֿון קאַפֿאַ זענען געווען שוואָגערס און זענען גוט בעפֿריינדעט מיט זכריה'ן, דעם פֿירשט פֿון טאַמאַן, וואָס איז אַהער געקומען פֿון טשערקאַס (לויט דער צווייטער ווערסיע: פֿון קיעוו). יוסף איז געווען גוט בעקאַנט מיט דער רוסישער שפּראַך. דאָס איז צו זעהן דערפֿון, וואָס חאָזע שיקט דורך איהם זיינע בריעף צום מאָסקווער גרויס-פֿירשט. צווישען די יודען, וואָס זענען געקומען צוזאַמען מיט זכריה'ן פֿון ליטא קיין נאָווגאָראָד און האָבען דאָרט געגרינדעט די סעקטע „יודישע אפּיקורסות“, געפֿינען מיר אויך ידעם נאָמען יוסף. די ביידע יוסף'ס זענען, מסתמא, איינע און דיזעלבע פּערזאָן. איז ער, הייסט עס, געווען אַ סלאַווישער יוד, וואָס איז אַהער געקומען צוזאַמען מיט זכריה'ן פֿון ליטא, און ס'איז גאַנץ וואָהרשיינליך, אַז אויך זיין שוואָגער חאָזע איז געווען אַ ליטווישער יוד און אַלס אַזעלכער האָט ער געוויס געקענט די רוסישע שפּראַך (דער ה' הרכּאַווי איז דאָך אויך מודה, אַז די רוסישע יודען האָבען פֿערשטאַנען רוסיש). אָבער אויך אַחוץ דעם, איז אויך קיין ספֿק ניט, אַז חאָזע האָט געקענט רוסיש. ווי ס'איז צו זעהן פֿונ'ם דערמאָנטען בריעף, ווי אויך פֿון אַ צווייטען 21), איז חאזע קאָקעס געווען אַ מין רוסישער פּאָליטישער אַגענט. ווען דער מאָסקווער גרויס-פֿירשט וויל זיך משדך זיין מיט'ן קרימער חאַן, בעט ער די פֿערמיטעלונג פֿון חאזע קאָקעס; צו זיין פֿערמיטעלונג ווענדעט ער זיך אויך, ווען ער וויל בעקומען פֿונ'ם קרימער האַן אַ „יאַרליק“ אויף גרויס-פֿירשטעריי, ווי אויך אין פֿיעל אַנדערע קלענערע פֿאַלען. חאָזע קאָקעס פֿערנעמט זיך אויך מיט אויסקויפֿען די רוסישע געפֿאַנגענע, בעוואָרנט זיי אויך (אָפֿטמאָל אויף באָרג, אויף דער ערבות פֿונ'ם גרויס-פֿירשט) מיט קליידער, העלפֿט זיי

21) Регесты и надписи т. I, № 197.

אומצוקערן זיך צוריק אין זייער היים, קויפט איין פאר'ן גרויס-פירשט אלערליי מזרח-כתובות און אז. וו. גאנץ פערשטענדליך, אז ביי אזא מין טעטיגקייט האט חאטש געמוזט בעקאנט זיין מיט דער רוסישער שפראך, און ס'איז קיין ספק ניט, אז אין דער שפראך האט ער אויך געשריבען דעם גרויס-פירשט. ס'איז איבעריג צו דערמאנען, אז חאטש בריעף האט ניט געקאנט זיין דער ערשטער פרוב צו שרייבען רוסיש מיט יודישע אותיות, און אויב חאטש האט אזוי געשריבען צום גרויס-פירשט, איז א סימן, אז אזא מין שרייבען — רוסיש מיט יודישע אותיות — איז געווען א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג ביי די סלאווישע יודען. און דאס איז, נאטירליך, מעגליך נור דאן, ווען רוסיש איז געווען זייער אומגאנגס-שפראך.

און אונז דארף כלל ניט וואונדערן, וואס די סלאווישע יודען, וועלכע האבען איבערגענומען ביי דער רוסישער בעפעלקערונג, וואס צווישען איהר האבען זיי געוואוינט, זייער שפראך, האבען צוזאמען מיט איהר ניט איבערגענומען די רוסישע שריפט און האבען אויפגעהיט זייער יודישען „אלף-בית". ווארום אזוי האבען זיי זיך דאך נוהג געווען אלע מאל און אומעטום, וואו זיי האבען אסימילירט א פרעמדע שפראך. חוץ דעם, איז אונז דאך בעוואוסט, אז נאך אין 10—11 יאהרה. האבען שוין די יודען אין פוילין געוואכט די קונסט איבערצוגעבען די סלאווישע שפראכען מיט יודישע בוכשטאבען (די געפונענע אלטע פוילישע מטבעות, וואס אויף זיי זענען די סלאווישע אויפשריפטען געשריבען מיט יודישע אותיות).

דא וועלען מיר נאר צוגעבען, אז די רוסישע „אזבוקא" איז נאך אין 16 יאהרה. ס'רוב געווען אומבעוואוסט דער יודישער בעפעלקערונג, און הגם די יודען טראגען עכט-רוסישע נעמען און צונעמען: באטקא, אשיקא, (דאס איז א נאמען און ניט קיין צונאמען) קאזצא, סלעפאי, קראוטשיק און אז. וו., חתמ'ען זיי זיך דאך אויף די אפיציעלע דאקומענטען מיט יודישע אותיות[22].

פון אט דאס אלץ איז צו זעהן, אז נאך אין 16 יאהרה. האבען א טייל יודען אין די רוסישע געגענדען געפיהרט זייער קארעספאנדענץ, געשריבען געשעפטס-אפמאכונגען און אנדערע דאקומענטען אין רוסיש — גאנץ אפט מיט'ן יודישען אלף-בית — און דאס, נאטירליך, איז דער בעסטער בעווייז, אז נאך אין 16 יאהרה. איז די מוטערשפראך פון א געוויסען טייל יודען אין די סלאווישע געגענדען געווען רוסיש.

22) Русск. евр. Архивъ т. I, №№ 215, 257, 298. 310, 338, 344; т. II №№ 8. 297. Археограф. докум., изд. вил. стат. комит. т. III № 21.



ש. דובנאוו.

## עטליכע ווערטער צום פאריגען ארטיקעל.

איך בענוץ דעם פארשלאג פון דער רעדאקציע פון „פנקס"— צוצוגעבען איינצע בעמערקונגען און ערקלערונגען צו ה' רובשטיין'ס ארטיקעל, אין יענעם טייל, וואו עס רעדט זיך וועגען מיינע מיינונגען בנוגע צו דער שפראך-פראגע אין דער פערגאנגענהייט. עס איז נויטיג אין אזא וויכטיגער פראגע בעזייטיגען אלע מיספערשטענדנישען. קלאר שטעלען די פראגע — איז שוין א רעכטער אויפגאב אויף א קלארער תשובה.

און דא מוז איך, ערשטענס, בעזייטיגען איין מיספערשטענדניש. אין מיין מאמר „די אומגאנגס-שפראך פון די פויליש-ליטווישע יודען אין 16 און דער ערשטער העלפט פון 17 יאהרהונדערט" האב איך ניט געשטעלט די פראגע: אין וואס פאר א שפראך עס האבען גערעדט די פויליש-ליטווישע יודען ביז דעם 16 יאהרהונדערט? איך האב בפירוש געזאגט אין מיין הקדמה צום מאמר, אז מען מוז קודם כל פערענטפערן די פראגע בנוגע צו דער עכט-היסטארישער צייט, פון 16 יאהרהונדערט און ווייטער, און דערנאך, אז מיר וועלען שוין דא שאפען א פעסטען באדען, אתמקיקען זיך צוריק אויף די עלטערע טונקעלע צייטען, פאר וועלכע מען דארף נאך זאמלען מאטעריאל. אלע מיינע פאקטישע בעווייזען אין יענעם מאמר האבען א שייכות נור צום 16—17 יאהרהונדערט, און נור אין דעם תחום קאן א קריטיקער מיט מיר דערווייל שטרייטען. דעריבער בין איך ניט מחויב צו ענטפערן אויף יענע קשיות פון ה' רובשטיין, וועלכע שטיצען זיך אויף הרכבי'ס ראיות בנוגע צו דער עלטסטער צייט, אזוי ווי איך „האב געפונען פאר איבעריג" צו פאלעמיזירען מיט הרכבי'ן אין דעמזעלבען פונקט, ווארום די פראגע וועגען דער שפראך פון יודען ביז דעם 16 יאהרהונדערט דארף נאך ערשט אויסגעפארשט ווערען.

מיינע טענות קעגען הרכבי-בערשאדסקי'ס מיינונג בעשטעהט אט אין וואס: זיי מיינען, אז אפילו אין 16—17 יאהרהונדערט האבען די ליטווישע יודען (הרכבי איז מוסיף אויך דרום-מערב-קאנט: פאדאליען און וואלין) על פי רוב גערעדט סלאוויש, ד. ה. רוסיש, וואס זיי האבען בעקומען בירושה פון די עלטערע דורות, און נור שפעטער האבען זיי זיך צוגעוועהנט צו דער יודיש-דייטשער שפראך. איך האב אבער בעוויזען אין יענעם ארטיקעל מיט א סך ציטאטען פון שאלות ותשובות, פנקסים און אלט-יודישע ספרים, אז די אומגאנגס-שפראך אין 16—17 יאהרהונדערט איז אומעטום — אין ליטא, ווי אין פוילין — געווען די יודיש-דייטשע, דער „זשארגאן"; נור אין איינציגע ערטער — בעזונדערס אין דעם טייל ליטא, וואס מען פלעגט רופען „רייסין", שפעטערדיגע בעלארוסיע, וועלכע גרעניצט מיט דעם צענטער פון מאסקעווער רוסלאנד — פלעגט מען טיילווייז בענוצען אויך די רוסישע שפראך, אלס אויסנאם, בדרך יוצא מן הכלל. די שטארקסטע ראיות פון הרכבי און זיינע תלמידים בעשטעהען אין א פאר רוסישע ציטאטען פון יודישע ווערק און אין דער אבגעדראשענער פראזע פון דעם מאהילעווער (אין רייסען) רב מאיר כ"ץ אין ספר „גבורת אנשים" (אנהויב 17 יאהרהונדערט): „כי

זה המנהג נתפשט שבני בריחנו היושבים בקרבנו רובם מדברים בלשון הכיא". אָבער אין דעמזעלבען ספר ברענגט דערזעלבער רב גביות עדת אין מאָהילעוו גופא אויך אין יודיש („דער הליון ממאהיליאָוו איז צו מיר געקומען און געשפּראָכען" א. אַז. וו.; בעזונדערס דער עדות־זאָגען פֿון אַ יודען, וואָס גיט איבער רוסישע ווערטער פֿון אַ גוי „מסיח לפי תומו" — (אין מיין אַרטיקעל, 14—15). דערפֿון זעהט מען, אַז ר׳ מאיר כ"ץ האָט אַ ביסעל מגזם געזען אין יענער פֿראַזע, און מיר האָבען מעהר גרונד צו פֿערלאָזען זיך אויף זיינע ציטאַטען, איידער אויף זיינע רייד. איך וויל דאָ ניט איבערחזרן מיינע איבעריגע ראיות, וואָס געפֿינען זיך אין דעם דערמאָנטען אַרטיקעל.

ה׳ תבשטיין בעמיהט זיך צוצוגעבען צו די אַלטע ראיות עטליכע נייע, אַ ביסעל איבערגעמאַכטע פֿון בערשאַדסקיס. ערשטענס — דער בילדען פֿון ווייבערשע נעמען איפֿן הכישען אופֿן (באָגדאַנאַ פֿון באָגדאַן א. אַז. וו.); אָבער אַזוי ווי פֿרעמדע נעמען קענען ניט בעווייזען — דאָס איז מודה דער מחבר אַליין — אַ פֿרעמדע מוטער־שפּראַך, אַזוי קאָנען דאָס נאָך ווייניגער בעווייזען די המצאות פֿון אַ גויאישען שרייבערל אין אויסלעגען יודישע נעמען, וועלכע מען פֿלעגט על פּי רוב איבערזעצען אין סלאַוויש. די צווייטע ראיה: פֿון אַ פּאָר יודישע מיטניקעס, ד. ה. האַלבע־בעאַמטע, וועלכע האָבען זיך אַמאָל הרכנעשריבען רוסיש — אין דאָס אויך, כדי מען זאָל דעם בריעף קאָנען אַריינטראָגען אין די אָפֿיציעלע אַקטען — איז אַודאי קיין בעווייז ניט בנוגע צו דער מוטער־שפּראַך. אויף דער דריטער ראיה — דעם „בעסטען בעווייז" פֿון ה׳ תבשטיין, — אַז „זשידאָווסקאָיע פּיסמאָ" אין די אַקטען הייסט סלאַווישע שפּראַך מיט יודישע אותיות — קאָן מען ענטפֿערן: ערבך ערבא צריך — מען דאַרף נאָך אויף דער ראיה האָבען אַ ראיה. איך מיין גראָד פֿערקעהרט: אַז דאָס הייסט אין וועקסלען — אַ שטר עיסקא אָדער אַ חתימה אויף יודיש אָדער לשון קודש, און אַנדערש איכטייטשען קאָן מען נור דורך פּלפּול. די קאָרעספּאָנדענץ צווישען קרים און מאָסקווע געהערט ניט צו אונזער ענין: דאָס איז תיץ לזמני (אין 15 יאָהרהונדערט) און חוץ למקומי — ניט אין פּוילין און ניט אין ליטא.

בכן, בלייב איך ביי מיין מיינונג. אין 16—17 יאָהרהונדערט האָט מען אומעטום אין ליטא, ווי אין פּוילין, גערעדט יודיש־דייטש אין פֿערשיידענע אידיאָמען: דאָ אַ ביסעל פֿערדייטשט, דאָ פֿערפּוילישט, דאָ פֿערהכושט, פּונקט ווי אין היינטיגע ציטען. אַ קליינער פּראָצענט אַסימילירטע אין שפּראַך — און גראָד ניט אין דער אינטעליגענץ, נאָר אין המון — על פּי רוב צווישען די דאָרפֿס־לייט — איז אויך דענסטמאָל געווען, אָבער דאָס כאַראַקטעריזירט ניט דאָס גאַנצע פֿאָלק.

גאָר אַנדערש בעשטעהט די פֿראַגע וועגען די יודישע אומגאַנגס־שפּראַך אין די עלטערע צייטען, ביז ענדע פֿון XV יאָהרהונדערט. דאָ איז געווען אַ טיעפֿערער אונטערשייד צווישען די מערב־פּוילישע און די ליטוויש־רוסישע יודען פֿון די מזרח־קאַנטען, און אַפֿילו צווישען פֿערשיידענע קלאַסען פֿון פּוילישע יודען גופא. נאָר דאָ קאָן מען נאָך קיין שום פֿעסטע כללים ניט שטעלען: מען מוז דאָ פֿערקריכען גאָר ווייט, ביז דער כאַזאַרישער און ביזאַנטינישער צייט, און מען דאַרף צוערשט אָפּטיילען די אמת׳ע דענקמעלער פֿון די פֿאַלשע (אין קרים, למשל, וואו פֿירקאָוויץ האָט אָבגעטאָן מעשים, און ה׳ תבשטיין געהט נאָך איהם און תיאָלכאָנען און גלויבט זיי אויפֿן וואָרט, אַז אין די ערשטע קריסטליכע יאָהרהונדערטען האָבען עקסיסטירט מצבות מיט העברעאישע איבערשריפֿטען). בעסער צו וואַרטען אויף נייע אויספֿאָרשונגען — עס איז נאָהענט דערצו — איידער צו בויען השערות אויף השערות.

---

ד"ר א. קאַפּעל.

# ד"ר שלמה עטינגער.

(זיין לעבען און זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט *).

I

ד"ר שלמה עטינגער איז געבוירען געוואָרען אין וואַרשא אינ׳ם יאָהר 1800. ער שטאַמט פֿון זעהר אַ למדישער און רייכער פֿאַמיליע אין פּוילין. די פֿאַמיליע עטינגער האָט געגעבען פּוילין פֿיעל גאונים, פּרנסים, שתדלנים און סוחרים, וואָס האָבען געפֿיהרט גרויסע געשעפֿטען מיט די אַמאָליגע פּוילישע פּריצים. איינע פֿון די עלטסטע און אָנגעזעהנסטע יודישע פֿאַמיליעס אין פּוילין, איז די פֿאַמיליע אין מיטען פֿון 19־טען יאָהרהונדערט צוגעשטאַנען צו דער אַסימילאַציע, און איצט איז געבליבען פֿון דער אַמאָליגער גרויסער יודישער משפּחה בלויז אַ קליין רעשטיל. דער בעסטער און גרעסטער טייל איז אַוועק פֿון יודישען פֿאָלק, און דער טייל, וואָס איז נאָך געבליבען צווישען יודען, לאָזט זיך ניט הערען. די פֿאַמיליע עטינגער מיט איהר אַמאָליגער חשיבות און איצטיגער ירידה איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר פֿיעל גרויסע און אָנגעזעהענע יודישע פֿאַמיליעס פֿון דעם אַלטען פּוילין, וואָס די גרויסע ליעבע צו פּוילין און די סאָציאַלע לאַגע האָט זיי געפֿיהרט צום נאַציאָנאַלען זעלבסט־מאָרד.

שלמה עטינגער איז געבליבען אַ יתום נאָך קינדהייט. דעם קליינעם יתומ׳ל האָט צוגענומען צו זיך אַ נאָהענטער קרוב, ר׳ מענדעלי עטינגער, לענטשיצער רב. דער לענטשיצער רב איז געווען אַ גרויסער ירא־שמים, אַ געוואַלדיגער חריף און אַן אמת׳ער בעל־מידות. נור ווענענדיג אַ קינד פֿון דער גרויסער פֿאַמיליע עטינגער, וואָס האָט געהאַט צו טון מיט פּריצים און האָט געפֿיהרט געשעפֿ־

* פֿאַר זיין אַרטיקעל האָט דער אווטאָר בענוצט די בריעף און כ"י, וואָס געפֿינען זיך ביי דער טאָכטער פֿונ׳ם פֿערשטאָרבענעם שריפֿטשטעלער. צונויף געקומען זענען איהם אויך פֿערשיידענע שמועסען מיט מענשען, וואָס געדענקען נאָך דעם ד"ר שלמה עטינגער.

טען אין איסלאַנד, איז ער ניט ווייט געווען אויך פֿון הויות העולם דער לענטשיצער רבֿ האָט געשמ׳ט מיט זיין דייטשקענטשאַפֿט.

שלמה עטינגער איז אויפֿגעצויגען געוואָרען ביי רבי מעני-העלי אין פֿרומקייט און אין יראת=שמים, אָבער נאָך אין די יונגע יאָהרען איז ער שוין געווען אויך בעקאַנט מעהר אָדער וועניגער מיט דער דייטשער ליטעראַטור.

אין די ספֿרים חיצונים האָט ער אַריינגעקוקט נור אגבֿ אורחא, דער עיקר איז געווען, פֿערשטעהט זיך, די יודישע למודים.

דער יונגער עטינגער איז געווען אַ גוואַלדיגער מתמיד און צו 13—14 יאָהר האָט ער שוין געשמ׳ט פֿאַר אַן עלוי. די ספֿרים



חיצונים האָבען אויף איהם קיין שום ווירקונג ניט געהאַט, זיי האָבען איהם ניט געקאָנט אָבריסען פֿון דער תורה. דאָס זענען געווען דברי=חיל, וואָס מען האָט געלערנט מיט געוויסען ביטול און אין אַ צייט, „וואָס איז ניט טאָג און ניט נאַכט“.

אויף דעם יונגען עלוי און גרויסען יחסן האָבען געוואָרפֿען אויגען זעהר פֿיעל רייכע פֿאַמיליעס, וואָס האָבען געהאַט כלה=מיידלעך פֿון 12—13 יאָהר.

דער עלוי איז אָבגעהאַנדעלט געוואָרען פֿון אַ רייכען בעל-הבית אין זאַמאָשץ (די געבורטס=שטאָדט פֿונ׳ם דיכטער י. ל. פּרץ).

ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָהרען, האָט זיך דאָס לעבען פֿונ׳ם יונגען עטינגער נאָך דער חתונה בעצם גאָרניט געביטען. ער איז בלויז פֿון לענטשיצער אַריבערגעגאַנגען אין זאַמאָשצער בית=המדרש. נור דאָ איז דער שווער געוואָרען אַ יורד און אויף דעם יונגען עלוי האָט מען געוואָלט אַרויפֿלעגען דעם עול פֿון פּרנסה. זיין פֿרוי האָט געעפֿענט אַ קראָם, און איהם האָט מען אָנגעהויבען מחנך זיין און אַרויספֿיהרען אין דער וועלט. מען האָט געוואָלט, אַז ער זאָל דעם גרויסען מהלך, וואָס ליגט צווישען בית=המדרש און קראָם, מאַכען אין איין שפּרונג. דאָס איז געווען צופֿיעל פֿערלאַנגט. דער עלוי איז צו אַזאַ קפֿיצת=הדרך ניט מסוגל געווען. ער איז מיט שווערע טריט און מיט גרויסע שמאַרצען געגאַנגען צו זיין קראָם. און ווען ער איז שוין געווען דאָרט, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיין גאַנצע אָנשטרענגונג איז געווען אומזיסט. ער איז קיין קרעמער ניט געוואָרען, דערפֿאַר איז ער אָבער אָבגעריסען געוואָרען פֿונ׳ם בית=המדרש.

עס איז געווען די טהייערסטע צייט אינ׳ם לעבען פֿונ׳ם יונגען עטינגער. ער איז געבליבען שטעהן פֿאַר דער בייזער ווירקליכקייט אָהן געניטקייט, אָהן מוט און אָהן אַ באָדען אונטער די פֿיס.

און דער יונגער בעל=הבית׳ל לאָזט זיך אַוועק אין דער וועלט זוכען ברויט פֿאַר זיך, פֿאַר זיין ווייב און קינד. ער פֿאָהרט קיין אָדעס. אָדעס איז דעמאָלט געווען די גרעסטע מסחר=שטאָדט, און אגבֿ האָט ער דאָרט געהאַט רייכע קרובֿים, פֿון זיין ווייבס צד, וואָס אויף זיי האָט ער געלעגט זעהר פֿיעל האָפֿענונגען.

אין אַ שטריימעל און אין אַ זיידענער קאַפּאָטקעלע איז געקומען דער וואָהל-לערנער זוכען מסחר אין דער טומעלדיגער און שיין האַן „דייטשער“ שטאָדט.

צווישען די כתבֿים פֿון ש. עטינגער, וואָס געפֿינען זיך ביי זיינער אַ טאָכטער, האָב איך געפֿונען אַ קאָפּיע פֿון אַ בריעף, וואָס ער האָט געשריבען צו איינעם פֿון זיינע פֿריינד. דער בריעף איז געשריבען אינ׳ם הויכען דייטשען סטיל, מיט גוואַלדיגע השכלה=מליצות. דער בריעף איז אָבער זעהר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענער צייט, ער איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט. אין דעם בריעף שילדערט עטינגער זיין אָנקומען קיין אָדעס, און ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען זיין רייזע קיין איסלאַנד צו שטודירען.

„איך און מיינע פֿריינד, דערצעהלט ער, האָבען באַלד איינגעזעהן, אַז צו מסחר טויג איך ניט. מיר האָבען געזעהן, אַז אַזאַ שוואַך שעפֿעלע, ווי איך בין, וועט זיך ניט דורכשלאָגען צווישען די טיגערס און די וועלף, וואָס בושעווען אין עולם=המסחר. די שענע האָפֿענונגען אויף די רייכע קרובֿים האָבען געפּלאַצט, און איך האָב שוין כמעט געפּועל׳ט ביי זיך צו פֿאָהרען צוריק אַהיים. נור דאָ האָט מיר הגבֿיר יעקבֿ נאַטאַנזאָהן פֿאָרגעלעגט, אַז איך זאָל פֿאָהרען מיט זיין זוהן, וואָס וויל שטודירען די „אַפּטייקערקונסט“, קיין לעמבערג, איך זאָל מיט איהם צוזאַמען לערנען. דער פֿאָרשלאָג האָט מיך גאָר צעטומעלט. נאָך אַ לאַנגען ישובֿ=הדעת מיט קרובֿים איז געבליבען, אַז הויות ווי די „אַפּטייקער=קונסט“ פֿאָדערט פֿיעל געלד, לכן זאָל איך בעסער זיך נעמען צו שטודירען מעדיצין. אַ רייכער קרובֿ האָט מסכים געווען צו שטיצען מיך מיט געלד.

איך האָב אויך מסכים געווען הערצו. נור דאָ האָט זיך אָנגעהויבען די שרעקליכע טראַגעדיע: ווי וועל איך אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך די יודישע קליידונג, די שטריימעל און די זיידענע קאַפּאָטע? דער שרעקליכער געדאַנק האָט מיך געפּייניגט און האָט מיך ניט אָבגעלאָזען. סטייטש! נעם, זאָג זיך אָב פֿון יודען, ווער זיי פֿרעמד און פֿערהאַסט! מען וועט דאָך מיך אין אַ יודיש הויז ניט אויפֿנעמען, מען וועט מיך אַ יודישע גאַס ביי מיר אין דערהיים ניט לאָזען דורכגעהן!

פֿיער וואָכן האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט די שרעקליכע געדאַנקען, און בײַ מיר איז שוין געווען געבליבן, אַז איך זאָל פֿאָרן צוריק צו מײַנע יודען און לעבן מיט זיי. דאָ האָט דאָס גליק מיך אַרײַנגעפֿירט אין שטוב פֿונ'ם משכּיל ר' שמואל לאַנדוי. דאָרט האָט מען מיר מיט זעהר קלוגע רייד געלינדערט מײַנע שמאַרצען און מיך אויפֿגעמונטערט. ר' שמואל לאַנדוי האָט מיט מיר אײַנגעטענהט, אַז די יודישקייט ליגט ניט אין דער שטרײַמעל און אין דער קאַפּאָטע. די יודישקייט ליגט טיעפֿער, אין האַרצען ליגט זי. אַ ליב, ווען ער איז אַפֿילו אין דער פֿעל פֿון אַן אייזעל, בלײַבט ער אַ לייב, און אַ יוד אין אַ דײַטשער קליידונג בלײַבט אַ יוד.

די קלוגע רייד האָבן אויף מיר שטאַרק געווירקט. איך האָב אין אַ שענעם פֿריהמאָרגן אַראָבגעוואָרפֿן די שטרײַמעל און די קאַפּאָטע און בין אַוועקגעפֿאָהרען קיין לעמבערג".

אין לעמבערג איז אַלץ געגאַנגען אויפֿ'ן בעסטען אופֿן: דער מתמיד איז פֿון דער גמרא אַריבער צום בוך. ער איז ווידער געקומען צום ספֿר, פֿון וועלכען מען האָט איהם געוואָלט אָברײַסען. קיין שנאה צו ספֿרים חיצונים האָט מען אין איהם קיינמאָל ניט אײַנגעפֿלאַנצט. עטינגער האָט בעצם ניט איבערגעלעבט דאָס, וואָס די אַמאָליגע משׂכּילים האָבן איבערגעלעבט, ווען זיי זענען אַריבער פֿונ'ם בית-המדרש אין אוניווערסיטעט. פֿון דעם פֿריהערדיגען רעליגיעזען פֿאַנאַטיזם איז בײַ איהם ניט געוואָרען קיין בלינדער השׂכּלה-פֿאַנאַטיזם.

דער גאַנצער טראַגיזם האָט זיך אָנגעהויבן און אויסגעלאָזען בלויז מיט דער יודישער קליידונג. און אַז ער האָט אָבגעאַרבייט זײַן צײַט אין לעמבערג, איז ער צוריק געפֿאָהרען קיין זאַמאָשטש צו זײַן אַלט-יודישער און פֿרומער פֿרוי, צו די אײַנפֿאַכע יודען, וואָס מיט זיי האָט ער פֿריהער אינאיינעם געלעבט.

זײַן גאַנץ לעבן וואוינט ער אינ'ם קליין שטעדטיל רוהיג, שטיל, פֿערנעמט זיך מיט פּראַקטיק, מיט שטאָדט-זאַכען. ער איז איינער פֿון די יודען פֿון זײַן יודישער שטאָדט. ער איז ניט געווען קיין היציגער קעמפֿער פֿאַר'ן השׂכּלה-אידעאַל און האָט קיין קאָנפֿליקטען מיט די פֿרומע יודען פֿון זאַמאָשטש ניט געהאַט.

דאָס יודישע לעבן אין דער אַלטער פֿאָרם איז איהם געווען ליעב און טייער. ער האָט זיך אַליין געהאַלטען פֿאַר איינעם פֿון די „אַלטע". אַ יוד אָהן קונצען און אַ פֿאָלקסטימליכער לויט זײַן גאַנצען מהות, האָט ער געלעבט און געאָטעמט מיט דער לופֿט פֿון דער אַלטער יודישקייט. אַלע קהל'שע און שטאָדט-ענינים זענען איהם געווען נאָהענט און טייער, און צוזאַמען מיט די אַלע אָנזעהענע פֿרומע יודען פֿון זאַמאָשטש איז ער זיי געווען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבן.

עטינגער איז געווען אפֿשר דער איינציגער משׂכּיל אין זײַן צײַט, וואָס האָט ניט געשלעפּט דעם פֿראַק אויף די אַלטע פּלייצעס פֿון זײַן שטעדטיל. ער איז געווען דער איינציגער משׂכּיל, וואָס האָט געפֿיהלט אַן אמת'ע ריינע ליעבע צו די אַלטע פֿאָרמעס פֿונ'ם יודישען לעבן. ער האָט קיינעם ניט גע'מוסר'ט, ניט איבערגעלאַכט און האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט אַרויסשטעלען פֿאַר אַ לעהרער און פּרעדיגער.

אַז ער איז שוין געווען אַן אַלטער יוד, האָט מען איהם גע'מסר'ט, אַז ער פּראַקטיצירט אויף אַן אויסלענדישען דיפּלאָם. גע'מסר'ט האָבן איהם ניט, ווי מען מיינט, די „מורדי אור", נור אַ בעל-דבית, וואָס האָט געהאַט אַ האַרץ אויף איהם איבער אַן עליה. עטינגער פֿאָהרט קיין קראָקאָו, מאַכט דעם שטאַטס-עקזאַמען אין הילאַנד און פֿאָהרט צוריק אַהיים.

זײַן אידעאַל פֿון דער השׂכּלה-צײַט איז איהם געווען טיעף אײַנגעבאַקען אין האַרצען. ער האָט געהאַלטען, אַז יודען דאַרפֿען זיך פֿערנעמען מיט ערד-אַרבייט. אָבער אויך אָט דעם הייליגסטען אידעאַל זײַנעם האָט ער ניט געפּרעדיגט מיט הויכע פֿראַזעס. שטיל און בעשיידען האָט ער זיך פֿערנומען אין זײַן שטאָדט מיט דער פּראַקטישער פֿערווירקליכונג פֿון זײַן אידעע. ער גרינדעט אַ יודישע קאָלאָניע זשדאַנאָוו בײַ זאַמאָשטש. ווי אַ בײַשפּיעל שטעלט ער אַרויס זיך אַליין: ער בעזעצט זיך מיט זײַן פֿאַמיליע דער ערשטער אין דער קאָלאָניע.

די יודען פֿון זײַן שטאָדט הויבען זיך אָן צו בעזעצען אין „עטינגער'ס קאָלאָניע" ערשט דאַן, ווען עס געהט אַרויס דער אוקאַז וועגען רעקרוטען. זיי בעזעצען זיך דאָרט, נור מיט דעם איינציגען צוועק צו בעפֿרייען זייערע קינדער פֿון מיליטער-דיענסט.

שפּעטער האָבן „עטינגער'ס קאָלאָניסטען" אָנגעהויבען פֿערלאָזען די קאָלאָניע און מיט דער צײַט האָבן זיי זיך אַלע צוריק איבערגעפּעקעלט אין שטאָדט אַרײַן.

עטינגער אַליין האָט צוליעב זײַן פּראַקטיק געוואוינט אין שטאָדט, נור צײַטענווייז פֿלעגט ער קומען צו זײַן פֿאַמיליע אין דער קאָלאָניע. אינ'ם יאָהר 55 איז ער געקומען קיין זשדאַנאָוו און איז פּלוצלינג געשטאָרבען פֿון אַ האַרץ-שלאַג.

ער האָט איבערגעלאָזען אַ פּעקיל כּתבֿים, אַ קאָמעדיע אין פֿיער אַקטען מיט'ן נאָמען „שרהקעלע" און זעהר פֿיעל משלים, ליעדער און שפּאַסען.

II

עטינגער האָט פֿאַר זײַן לעבען ניט זוכה געווען צו זעהן אַפֿילו איין זאַך פֿון זײַנע ווערק געדרוקט. אַלץ, וואָס ער האָט געשריבען, איז געדרוקט געוואָרען ערשט נאָך זײַן טויט.

נור נאָהענטע און בעקאַנטע האָבען געוואוסט פֿון זײַנע חבֿורים, און איניגע, די גרעסערע פֿון זיי, זענען אַרומגעגאַנגען פֿון האַנד צו האַנד אין מאַנוסקריפּט.

זײַן בעסטער און שענסטער חלום אין לעבען איז געווען צו דרוקען זײַנע ווערק. ער האָט זיך צוזאַמענגעשריבען מיט די משׂכּילים פֿון יענער צײַט, געהאַלטען זיך מיט זיי עצות וועגען דרוקען זײַנע שריפֿטען. און ווען ער איז געפֿאָהרען צוריק פֿון קראָקאָו, איז ער אַראָבגעפֿאָהרען ספּעציעל קיין אָדעס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער נעסט פֿון השׂכּלה, פֿון די „בראָדער", און האָט אַלץ געזוכט אַן עצה, ווי אַזוי אַרויסצוגעבען זײַנע ווערק.

ער האָט געמוזט אָנגעמען דעם אַלטען מיטעל און קלײַבען פּרענומעראַנטען אויף זײַנע ווערק. ער האָט אָבגעדרוקט פּרענומעראַנט-צעטליך און האָט זיי צוזאַמען מיט זײַנע ווערק איבערגעלאָזען בײַ אָדעסער משׂכּילים, אַז זיי זאָלען אַלץ בעזאָרגען. פֿון דער גאַנצער זאַך האָט זיך, פֿערשטעהט זיך, גאָרניט אויסגעלאָזען.

קיין אייגענע מיטלען האָט עטינגער ניט געהאַט, זײַן פּראַקטיק האָט איהם געגעבען קוים צום לעבען. חוץ האָנאָראַר פֿאַר אַ

האָקטאָר איז דאַן געווען בכלל זעהר קליין, און בפרט אין אַזאַ קליין שטעדטיל ווי זאַמאָשץ.

אַ סך יאָהרען נאָך זיין טויט, אין יאָהר 1875, בעוויזט זיך צווישען די חומיל־ספרים ביי וואַרשויער מוכר־ספרים'ניקעס אַ קאָמעדיע מיט'ן נאָמען „סערקעלע", פערשטעהט זיך אָהן זיין נאָמען. דער וואַרשויער אַרויסגעבער גיט אָן, אַז ער האָט עס איבערגעדרוקט פון אַ יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע — פונ'ם יאָהר 1861. (די יאָהאַניסבורגער האָט זיך מיר בשום אופן ניט איינגעגעבען צו זעהן).

אינ'ם יאָהר 1867 הויבט אָן אַרויסצוגעהן אין וואַרשוי אַ יודישער וואָכענבלאַט מיט'ן נאָמען „וואַרשויער יודישע צייטונג". אינ'ם ערשטען נומער פונ'ם הערמאָנטען וואָכענבלאַט איז געדרוקט אַ ליעד מיט'ן טיטעל „שיפער־ליעד" אָהן דעם נאָמען פונ'ם מחבר. אינ'ם צוועלפטען נומער איז שוין דאָ אַ ליעד „איטעלע אין קראַקוי" מיט'ן נאָמען פונ'ם מחבר, אינ'ם 19־טען — „דער פערמיטלער", אינ'ם 20־טען — „דאָס קאַטשקעלע", אינ'ם 25־טען — „מעמעריל מיט דעם האָהן" און אינ'ם 27־טען — „דער האָהן", אַלע שוין מיט'ן נאָמען פונ'ם מחבר. אינ'ם אָנהויב פון די אַכציגער יאָהרען ערשט האָט אַ זוהן פון שלמה עטינגער, ווילהעלם עטינגער, אַ גע'שמד'טער יוד, רחמנות געהאַט אויף זיין פאָטערס כתבים און האָט אַרויסגעגעבען אַלע זיינע „משלים, ליעדלעך און כתבות'לעך". די צווייטע אויפלאַגע איז אַרויס אין פּעטערבורג אינ'ם יאָהר תר"נ.

„שרה'קעלע" איז דאָס יוגענד־ווערק פון שלמה עטינגער. זי איז געשריבען געוואָרען לערך אינ'ם יאָהר 25—1826, און אַזוי אַרום איז דאָס ווערק געלעגען אַלס כתב־יד לערך 50 יאָהר (רעכענענדיג ביז דער וואַרשויער אויסגאַבע).

„שרה'קעלע" האָט אַ האַלבען יאָהרהונדערט געוואַרט, ביז זי האָט דערזעהן די וועלט, און לסוף איז זי אַריינגעפאַלען צו עמי־הארצים אין די הענד, צו פשוט'ע מוכרי־ספרים'ניקעס, וואָס דרוקען תחינות און דרייקאָפּיקענע הגדות. זיי האָבען זי פערדאָרבען, פערגרייזט, פערפלאַכט און וואַנדאַליסטיש צעקאַליעטשעט.

איך האָב געהאַט די מעגליכקייט צו פערגלייכען די וואַרשעווער אויסגאַבע מיט'ן אייגענהענדיגען כתב־יד פון שלמה עטינגער און איך בין ממש ערשטוינט געוואָרען, זעהענדיג, ווי דאָס ווערק איז פערקריפּעלט געוואָרען.

לויט די ניט גאָר זיכערע ידיעות, וואָס איך האָב צוזאַמענגעקליבען וועגען דער וואַרשעווער אויסגאַבע, קאָן מען גאַנץ זיכער זאָגען, אַז „שרה'קעלע" איז אָנגעקומען צו דעם וואַרשעווער פערלעגער אַלס געגנב'עטע סחורה. דער כתב־יד פון „שרה'קעלע", וואָס איז אומגעגאַנגען פון האַנד צו האַנד, איז פשוט איבערגעשריבען געוואָרען פון אַן עם־הארץ און פערקויפט געוואָרען דעם פערלעגער. דערמיט האָבען זיך נאָך ניט געענדיגט די ענוים פון „שרה'קעלע". דער פערלעגער האָט זי נאָך געגעבען איינעם „איסבעסערן", און אָט די פרעמדע, גראָבע און אומגעניטע האַנד האָט אינגאַנצען פערחושכ'ט דעם אויסזעהן פון דער אמת'ער „שרה'קעלע".

אין דער וואַרשעווער „שרה'קעלע" זענען אַריינגעשטעלט געוואָרען גאַנצע דיאַלאָגען, וואָס האָבען קיין טעם און קיין ריח ניט. די שפּראַך איז צעהאַקערט געוואָרען, דער וויץ איז פערטעמפּט געוואָרען. דאָס גאַנצע ווערק האָט בעקומען דעם אויסזעהן פון אַ

תחינה אָדער אַנדערע חומיל־ספרים. קיין קאָמע, קיין פּונקט און קיין איין אַנדער אָפּשטעל־צייכען.

פונ'ם מאַנוסקריפּט און פון די געדרוקטע משלים זעהט מען פאַר זיך דעם ערשטען מענשען אין דער יודישער ליטעראַטור, וואָס יודיש איז פאַר איהם געווען אַ שפּראַך. אויסער מענדעלי מוכר־ספרים, איז עטינגער דער איינציגער, וואָס האָט געאַרבייט אויף דער שפּראַך מיט גרויס ליעבע, און דער עיקר מיט גרויס פערשטענדעניש.

עטינגער מיידט אויס דייטשע ווערטער, ווען זיין באַזשין רעדט יודיש. האָט ער ניט קיין ספּעציעל יודיש וואָרט, פערוואַנדעלט ער אַ דייטש וואָרט זעהר געשיקט און זעהר טיעף.

אינ'ם מאַנוסקריפּט איז אַפילו דער שער־בלאַט מיט גרויס זאָרגעוודיגקייט אויפגעשריבען. עס הייסט ביי איהם „גאָר אַ נייע מעאַטער־שטיק אין פינף אויפציהען".

אינ'ם מאַנוסקריפּט פון די משלים און ליעדער הייסט ביי איהם דער אינהאַלט־פערצייכעניש „זוך־צעטיל". אַ הייסע ליעבע און טיעפע פערשטענדעניש צו יודיש שטראָמט אַרויס פון יעדער שורה.

ביי איהם איז יודיש ניט געווען, ווי ביי אַלע משכילים פון זיין צייט, נור אַ מיטעל צו קומען צו דעם פשוט'ן המון. ביי איהם איז יודיש געווען די שפּראַך פון אַלע יודען.

ביי די משכילים פון עטינגער'ס צייט איז לשון־קודש געווען די שפּראַך פון זייער שאַפען, נור אַמאָל צוליעב אַגיטאַציאָנס־צוועקען פלעגען זיי שרייבען יודיש. אין העברעאיש זענען זיי געווען „משוררים", חוקרים, פּובליציסטען, און אין יודיש זענען זיי געווען פשוט'ע מענשען, לעהרער, וואָס לאָזען זיך אַראָב צו זייערע תלמידים און זענען זיי מסביר די פשוט'סטע זאַכען. אין יעדער זשאַרגאָנישער שורה פיהלט זיך די פעראַכטונג פונ'ם שרייבער צו דער שפּראַך, וואָס אויף איהר שרייבט ער, און יעדער שורה פיהלט ער אַ התנצלות, אַז נור צוליעב אַ געוויסען צוועק האָט ער פערלאָזען די הייליגע שפּראַך, די „שרידה" און „יהודה" און האָט געטאָן אַ שידוך מיט דער „שפחה".

שלמה עטינגער האָט אַלץ געשריבען אין יודיש. צווישען זיינע כתבים האָב איך געפינען נור עטליכע מצבות־שירים אויף העברעאיש.

עטינגער איז איך אין לעבען געווען דער פאָלקסטימליכער מענש. אין זיין הויז, אין גאַס און אין זיין כלל־טעטיגקייט האָט ער גערעדט יודיש און געלערנט אַנדערע רעדען יודיש דייטליך און שען.

וויפיעל עגמת־נפש וואָלט אָט דער ערשטער פּרינציפּיעלער „יודישיסט" געהאַט, ווען ער וואָלט געזעהן, ווי די וואַרשעווער חומיל־„פערלעגער" האָבען פערקריפּעלט זיין יוגענד־ווערק „שרה־קעלע"!

פאַר די, וואָס האָבען ניט די מעגליכקייט צו בעקאָנען זיך מיט דעם מאַנוסקריפּט פון „שרה'קעלע", איז גענוג צו פערגלייכען די געדרוקטע „שרה'קעלע" מיט זיינע געדרוקטע משלים. און עס וועט זיי קלאָר ווערען, אַז פאַר זיי ליגט ניט שלמה עטינגער'ס „שרה'קעלע", נור אַ „שרה'קעלע" פון די עם־הארצות'דיגע שמירער פון יענער צייט.

.III

שרה'קעלע איז דורך און דורך א רעאליסטישע קאמעדיע. די „העלדין" שרה'קעלע איז א לעבעדיגער מענש פון יענער צייט עס איז די פרוי פון דער מאטריארכאטס-עפאכע ביי יודען. אין יענער צייט, ווען די יודישע פרוי איז, צום רוב, געווען די שפייזעריִן, ווען זי איז געווען דער בעל-הבית אין דער פאמיליע, וואס האט געזארגט פאר חינה און האט טאקע אויסגעהאלטען א מאן א בית-מדרש'ניק און ווידענע קינדערלעך, האט זיך אויסגעבילדעט א פרוי מיט א מאנסבילשען כאראקטער. די פרוי איז דעמאלט געשטאנען אין לעבענס-קאמף. אינ'ם לעבענס-קאמף האט זי אפטמאל פערלארען איהר פרויען-צארטקייט, איהר ווייכקייט און אפילו איהר צניעות און ריינקייט. זי איז געווען א געשעפטס-מענש, האט געשווינדעלט, געבארגט, געליהען און געדרעהט א וועלט. זי איז געווען דער סוחר, וואס ביי איהם זענען כשר אלע מיטלען, וואס ברענגען אריין געלד.

„שרה'קעלע איז דער סוחר'שער מאנסביל פון יענער צייט. זי האנדעלט, זי שווינדעלט, זי מאכט א פאלשע צואה און ווערט רייך.

דאס ווייבערישע אין איהר איז געפעלשט, ניט עכט, איהר צארטקייט, איהר „שוואכקייט" זענען נור מיטעל צו פערדעקען די מאנסבילשע הארטקייט און דעם מענערישען כאראקטער. שרה'קעלע שפיעלט בלויז די ראלע פון א שוואכער פרוי. דאס איז איהר בעקוועמער פאר איהרע טונקעלע געשעפטס-קאמבינאציעס. זי פערהילט דעם טיגער, דעם אכזר, וואס ליגט אין איהר. שרה'קעלע איז געזונט ווי א שטיין — און אויף טריט און שריט קרעכצט זי „אוי, מיינע כוחות!" אומעטום שטרייכט זי אונטער, אז זי איז ניט מעהר ווי א קראנקע, שוואכע פרוי — און דארף מיט איהרע שוואכע פרויען-הענד האלטען די לייצעס פון א צערודערטער פאמיליע.

שרה'קעלע איז אין אמת'ן פערהארטעוועט און פערשטיינערט געווארען אינ'ם שטענדיגען לעבענס-קאמף. עס איז אין איהר ניט געבליבען קיין שפור פון צערטליכקייט און ווייכקייט.

די פרוי, די שטילע, ווייכהארציגע פרוי אין הויז איז איהר מאן, ר' משה דאנציגער. ער איז ווייט פונ'ם לעבענס-קאמף, ער איז אויף קעסט ביי זיין פרוי, דער אשת-חיל, דער געשעפטס-פיהרערין. מען הערט איהם ניט און מען זעהט איהם ניט אין הויז. אין זיין ווייבס געשעפטען האט ער א קנאפע השגה. ער ווייס נור פון דער פאלשער צואה. ער ווייס פון דעם, און עס פייניגט איהם, עס נאגט איהם עפיס טיעף אין הארצען. שטיל, פערטרויערט געהט ער ארום, און דער פערברעכען פון זיין פרוי דריקט אויף איהם, ווי א בארג. ער מוז אבער שווייגען און שווייגט טאקע.

אט האט איהר דעם מאן אין אונזער פערגאנגענער מאטריארכאטס-תקופה.

און משה דאנציגער איז דער ערשטער, וואס זיפצט אב לייכט, ווען דער גאנצער שווינדעל ווערט אויפגעדעקט. ער איז פריי, ער איז ריין. קיינער איז איהם ניט חושד, קיינער האט אויף איהם קיין תרעומות ניט. אלע בעשירעמען און היטען איהם פון דער בעשולדיגונג. ער איז דאך די צארטע, פרומע און עהרליכע פרוי אין שרה'קעלע'ס הויז!

עטינגער האט אין זעהר שארפע שטריכען געשילדערט דאס ניט-נארמאלע אינ'ם יודישען לעבען אין יענער צייט. ער האט מייסטערהאפט געשילדערט די דא ניט-לאנג פערגאנגענע מאטריארכאטס-תקופה ביי יודען.

דאס איז די טענדענץ פון דער גאנצער קאמעדיע. און אומזיסט בעמיהען זיך איינינע אויסצוזוכען עכט-משכילישע טענדענצען אין דער קאמעדיע „שרה'קעלע".

עס איז א קלוגע און זעהר בולטע שילדערונג פון א צייט, אין וועלכער די פרוי נעמט אויף זיך די ראלע פונ'ם מאן, און דער מאן ווערט די סענטימענטאלע פרוי. ביידע זענען ניט אויף'ן ריכטיגען ארט.

„שרה'קעלע" איז א פאמפלעט קעגען דער „אשת חיל", קעגען דער הערשאפט פון דער פרוי.

שרה'קעלע איז דער בייזער גייסט אין איהר שטוב, זי דעמאראליזירט אלץ און אלעמען. זי האט פערקריפעלט איהר אייגענע טאכטער פריידע אלטעלע, איהרע משרתים און די איבעריגע מענשען, וואס שטעהען אונטער איהר „הערשאפט". און דערביי איז שרה'קעלע ניט איבעריגס קלוג, ניט בעזונדערס וויטזיכטיג אין אלע איהרע געשעפטס-קאמבינאציעס. נאך אלע זאכען איז זי ניט מעהר ווי „א נארישע יודינע".

עטינגער פיהרט ארויס א פרויען-געשטאלט, וואס איז אויפגעצויגען געווארען אין א הויז, וואו דער פאטער איז געווען דער „איש-חיל", דער פיהרער און דער געביטער. הינדע, די טאכטער פון שרה'קעלע'ס ברודער ר' דוד, איז דער „מוסטער" פון א פרוי. זי איז ריין, עהרליך, סענטימענטאל און שטיל ווי א „טויב".

וויל מען דוקא זוכען עטוואס משכילישעס אין עטינגערס שרה'קעלע, קען מען עס געפינען בלויז אין דעם, וואס עטינגער שילדערט מיט די שענסטע און ליכטיגסטע פארבען די זעלבשטענדיגע און „געבילדעטע" מענער.

דער געבילדעטער ר' דוד און דער סטודענט מארקוס רעדליך זענען די מוסטער-מענער, זיי זענען די נייע מענשען, וואס בעווייזען זיך אינ'ם יודישען לעבען.

די גערעכטיגקייט און דער אמת טריאומפירען אינ'ם סוף פון דער קאמעדיע; פון שרה'קעלען ווערט אראבגעריסען די מאסקע, און אלע אטעמען אב פריי. די דאזיגע „ליטעראַרישע נאאיוויטעט" האט געהערשט אין דער גאנצער אייראפעאישער ליטעראטור מיט 90 יאהר צוריק, ווען „שרה'קעלע" איז געשריבען געווארען.

איין שטריך איז פאראן אין עטינגער'ס „שרה'קעלע", וואס האט זיך שפעטער „אבגערופען" אין דער יודישער טעאטער-ליטעראטור און אנדערע יודישע ביכלעך פון דער השכלה-עפאכע; דאס איז: די געבילדעטע פערזאנען רעדען דייטש. מארקוס רעדליך, דער סטודענט, הינדע, די גוט-ערצויגענע מיידעל, און דער געבילדעטער ר' דוד רעדען דייטש.

ביי עטינגער'ן טוען עס די פערזאנען אבער ניט מחמת פעראכטונג צום „זשארגאן". ביי איהם איז עס נור א רעאליסטישער שטריך, ער וויל זיין געטריי דער ווירקליכקייט.

אין יענער צייט האבען די געבילדעטע קיין זשארגאן ניט געוואלט רעדען. עטינגער אליין לאכט אויס די „שוואכקייט" אין זיין קאמעדיע גופא. איין ארט איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר דער בעציהונג פון עטינגער צו יודיש. ר' דוד, שרה'קעלע'ס ברודער, רעדט מיט זיך אליין דייטש, נור מיט דער וועלט רעדט ער יודיש.

אָן ניט נור ער רעדט יודיש, ער צווינגט אַפילו פֿריידע אַלטעלעך, שׂרה׳קעלעס טאָכטער, וואָס ברעכט די צונג אויף דייטש רעדען, צו רעדען פּשוט יודיש.

— „איהר זעהט", — זאָגט הוד צו שמעלקען, — „זי הויבּט אָן יודיש צו רעדען. ווי איך זעה אָן, וועט איהר מיך נאָך אַמאָל דאַנקען". אָן ניט נור אַלטעלע הויבט אָן רעדען פּשוט יודיש, נאָר אַפילו די געבילדעטע הינדע, ר׳ הוד׳ס טאָכטער, פֿערגעסט דייטש און הויבּט אָן רעדען יודיש. בּיי זיין דייטש בּלייבּט נור דער סטודענט רעדליך.

מיט איהם קאָן עטינגער גאָר ניט מאַכען.

עטינגער איז, אַלזאָ, ניט בּלויז דער ערשטער יודישער שרייבער, ער איז אויך דער ערשטער, וואָס האָט, אַזוי צו זאָגען, אַ פּרינציפּיעלע בּעציהונג צו יודיש.

עטינגער שטעהט מיט פֿיעל קעפּ העכער פֿאַר די שרייבּער פֿון זיין צייט נאָך אין אַ וויכטיגען פּונקט: בּיי עטינגער׳ן איז די דראַמאַטישע פֿאָרם ניט קיין ליטעראַרישער קאַפּריז. ער האָט געהאַט אין זינען אַ סצענע מיט אַלע איהרע געזעצען און פֿאָדערונגען. „שׂרה׳קעלע", איז אַ זעהר סצעניש ווערק לויט די בּעגריפֿען פֿונ׳ם טעאַטער אין יענער צייט. קיינער פֿון עטינגער׳ס חבֿרים, ווי, למשל, אַקסענפֿעלד און אַפילו שפּעטער ר׳ מענדעלי, האָבּען ניט געהאַט קיין סצענע פֿאַר די אויגען, ווען זיי האָבּען געשריבּען זייערע „טעאַטער=שטיק". בּיי זיי איז עס געווען בּלויז אַן אַבּסטראַקטע ליטעראַרישע פֿאָרם. עטינגער האָט געשריבּען זיין „שׂרה׳קעלע" פֿאַר אַ בּיהנע, און אפשר מיט דער שטילער האָפֿענונג צו זעהן זי אויפֿגעפֿיהרט.

עטינגער האָט אָבּער לא די וואָס ניט זוכה געווען צו זעהן זיין שטיק אויפֿגעפֿיהרט אין אַ יודישען טעאַטער, ער האָט ניט זוכה געווען אַפילו צו זעהן זי געדרוקט. און ווען ער וואָלט אַפילו געזעהן די וואַרשעווער אויסגאַבּע, וואָלט ער אויך ווייניג נחת געהאַט. אין דער וואַרשעווער אויסגאַבּע איז נור געבּליבּען אַ צעשוואומענער שאָטען פֿון עטינגער׳ס ווערק. עטינגערס „שׂרה׳קעלע" איז אַזוי גוט ווי ניט־געדרוקט.

דאָס ווערק ליגט נאָך עד־היום אין מאַנוסקריפּט. און עס וואָלט געווען אַ געווינס פֿאַר דער יודישער ליטעראַטור, ווען מען וואָלט „שׂרה׳קעלע" איצט געדרוקט אויף ס׳ניי לויט׳ן מאַנוסקריפּט.

און ווען אונזער טעאַטער וואָלט געהאַט אַ בּיסעל פּיעטעט צו אונזער קלאַסיקער און אַ בּיסעל מבֿינות, וואָלט „שׂרה׳קעלע" ניט איינמאָל אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען. פֿונ׳ם פּשוט׳ן „ערפֿאָלג"=שטאַנדפּונקט וואָלט דאָס אַלטע ווערק געלוינט אויפֿצופֿיהרען, עס פֿערמאָגט אַלע סצענישע טריקען, וואָס מאַכט אַ שטיק דעם ערפֿאָלג.

יעדענפֿאַלס וואָלט זעהר געווען גלייך צו בּעקומען פֿאָרלויפֿיג דעם מאַנוסקריפּט פֿאַר׳ן יודישען מוזיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין ווילנא. און שפּעטער וועט זיך אפשר געפֿינען אַ בּעלן, וואָס וועט עס אויך אָבּדרוקען.

עס טאָר ניט געהן לאיבּוד!

ח. טשעמערינסקי.

# די יודישע פאנעטיק.

## הקדמה.

### 1 פֿאָנעטיק בּכלל.

פֿאָנעטיק איז טייטש: די לעהרע וועגען שפּראַך=קלאַנגען. יעדע שפּראַך האָט איהרע אייגענע קלאַנגען. דער קלאַנג, וואָס געפֿינט זיך אַפילו אין עטליכע שפּראַכען, איז אויך ניט גלייך אין אַלע. כלאַווישע שפּראַכען, למשל, האָבּען צווייערליי למד׳ן; פֿערגלייך אין פּויליש לאַסקאַ—געפֿעליגקייט און ליאַסקאַ—אַ שטעקעל. אונטערן כלאַווישען איינפֿלוס איז דער אונטערשייד דאָ אויך אין רוסיש=פּוילישען יודיש, פֿערגלייך לאַק צום שמירען און ליאַק אָדער ליאָק — ראָכעל פֿון הערינג. קורלענדער יודען רעדען אויס דעם למד האַלבּ ווייך, ווי בּעת מיר זינגען לאַ־לאַ־לאַ. אַזוי איז עס אויך אין דייטש. אין ענגליש ווידער ווערט דער למד אויסגערעדט ווער האַרט: לעטער.

אַוואָרט, וואָס איין שפּראַך נעמט איבּער פֿון דער צווייטער, ווערט אויך פֿערענדערט הן אין אויסרעדען, הן אין אויסלייגען, (טראַנסקריפּציע). דאָס קומט פֿאָר אַפילו בּיי אייגענגעמען. פֿערגלייך, למשל, יוסף, יאָסיף, יזועף, יאָזעף, זשאָזעף, דזשאָזעף, דזשוזעפּע. אַזאַ פֿערשיידענהייט איז ניט קיין קאַפּריז פֿון אַ פּעדאַנט אַ מניח הלשון, נאָר אַ נויטיגע נאַטירליכע ערשיינונג: יעדע שפּראַך האָט איהרע קלאַנגען, וואָס דער אויער איז געוועהנט צו הערען און די צונג — אויסצורעדען, און נור אַזעלכע קלאַנגען ווערען געבּרויכט הן אין אייגענע ווערטער, הן אין פֿרעמדע.

### 2 יודישע פֿאָנעטיק.

בּעזונדערס גרויס איז די בּעדייטונג פֿון פֿאָנעטיק אין אַזאַ שפּראַך, ווי יודיש, וואָס איז געמישט פֿון דייטש, העבּרעאיש און, טיילווייז, כלאַוויש. די פֿערשיידענע קלאַנגען פֿון אַלערליי פֿרעמדע שפּראַכען האָבּען, פֿערשטעהט זיך, געמוזט בּייטען זיך, איינגלייכען זיך אונטער איין קלאַנגען=סיסטעם, לויט פֿעסטע כללים פֿון יודישער פֿאָנעטיק.

### 3 אונזער מעטאָדע.

די וויסענשאַפֿטליכע מעטאָדע פֿערלאַנגט, אַז מיר זאָלען יעדעס יודיש וואָרט פֿערגלייכען מיט יענע ווערטער אין יענע שפּראַכען, פֿון וועלכע דאָס וואָרט שטאַמט. אָבּער, ערשטענס, בּעשטעהט יודיש גופֿא פֿון פֿערשיידענע דיאַלעקטען, וואו איינע און דיזעלבּע ווערטער ווערען פֿערשיידען אויסגערעדט. און, צווייטענס, נעמען זיך די יודישע ווערטער פֿון צו פֿערשיידענאַרטיגע מקורים: פֿון מיטעלהויכדייטש, פֿון מאָדערנעם ליטעראַרישען דייטש, פֿון העבּרעאיש=אַראַמיש, סלאַוויש און אַנדערע לשונות. נמצא, אַז פֿאָלגענדיג דער שטרענג וויסענשאַפֿטליכער מעטאָדע, וואָלט אונז אויסקומען זיך אַריינצולאָזען

אין ווייטע חקירות, פֿון וואַנען יעדעס וואָרט שטאַמט, און אויב שוין יאָ פֿון דייטש, איז פֿון וואָסער צייט און פֿון וואָסער אָרטיגען דייטשען דיאַלעקט עס שטאַמט. דאָס וואָלט אונז צו ווייט אָבגעפֿיהרט פֿון אונזער פּראַקטישען צוועק, און הערינבער וועלען מיר מוזען פֿאָלגען אַן איינפֿאַכערע מעטאָדע: פּשוט צו פֿערגלייכען די איצטיגע יודישע ווערטער מיט די בעטרעפֿענדע ווערטער פֿון דעם איצטיגען הויך-דייטש. אויף אַזאַ אופֿן וועט זיך אונז גענוים איינגעבען פֿעסטצושטעלען געוויסע ריין-עמפּירישע כללים פֿון דער יודישער פֿאָנעטיק. וואו אָבער אַזאַ מעטאָד וועט זיך אַרויסווייזען פֿאַר ניט גענוג, וועלען מיר אויך צוציהען צום אַנאַליז די מיטעל-הויך-דייטשע שפּראַך (מה"ד) און אַנדערע שפּראַכען. די יודישע ווערטער וועלען מיר נעמען על פּי רוב אין דעם ליטווישען אויסשפּראָך פֿון ווילנער קאַנט.

די אַלגעמיינע כללים פֿון דער יודישער פֿאָנעטיק, וואָס בעקומען זיך אויף דעם וועג, גילטען כמעט גלייך פֿאַר אַלע פֿאָנעטישע פֿערענדערונגען, אויך אין העברעאישע און סלאַווישע ווערטער. למשל, דער לאַנגער וואָקאַל אַ ווערט אין יודיש אומגעביטען אויף אָ, — גילט עס אַלץ איינס הן אויפֿ'ן דייטשען באַד—באָד, רוסישען סאַד—סאָד אין העברעאישען גאַד—גאָד, אין אייגען-נאָמען גד. (דער קמץ גדול איז אין העברעאיש אַ לאַנגער אַ לויט דער ספֿרדישער הברה). דאָס אייגענע איז מיט'ן לאַנגען אָ, וואָס קלינגט אין יודיש ווי אוי: פֿון דייטשען Kohlen קויהלען, פֿון פּוילישען komin קוימען, פֿון העברעאישען קונה (קאָנע לויט ספֿרדישער הברה) — קוינע.

## 4 די נויטיגקייט פֿון פֿאָנעטיק.

די יודישע שפּראַך איז דערווייל זעהר אָבגעשטאַנען, מ'מוז זי רייכער מאַכען. דער הויפּט-קוואַל, פֿון וואַנען מ'קאָן שעפּען נייע ווערטער, איז די נאָהענטסטע שפּראַך — דייטש. מטאָר אָבער ניט נעמען קיין דייטשע ווערטער, ווי זיי שטעהען אין גאַנגען, נאָר פֿערענדערן לויט די כללים פֿון יודישער פֿאָנעטיק — פֿעריודישען, אַניט וועלען די נייע ווערטער בלייבען, ווי אַ ביין אין האַלז, ניט צו דערשלינגען, ניט אויסצושפּייען. דאָס איז ניט קיין פּעדאַנטיזם פֿון טהרת-הלשון, נאָר אַ מוז. אַז מ'פֿיהרט איין אַ נייע וואָרט, וואָס קלינגט יודישליך — ווערט עס אומבעמערקט איינגעכאַפּט אין פֿערשפּרייט צווישען די פֿאָלקס-מאַסען. אַ פּאָר מאָל געזעהן, געשריבען אָדער געהערט רעדען — און דער מאַסען-מענש בענוצט שוין דאָס נייע וואָרט, ניט פֿיהלענדיג, אַז עס איז ניי.

אַנדערש אָבער, ווען דאָס נייע וואָרט קלינגט פֿרעמד, משונה דייטשמעריש: דער פֿאָלקס-מענש דאַרף ברעכען דעם מוח, ביז ער פֿערנעמט עס מיט'ן אויער, ברעכען די צונג, ביז ער רעדט עס אַרויס, און צום סוף פֿערגעסט ער עס, ווייל עס קלעפּט זיך ניט צום גאַנצען שפּראַך-סיסטעם זיינעם.

ניט ווייניגער וויכטיג זענען די פֿאָנעטישע כללים פֿון עסטעטישען שטאַנדפּונקט. שוין צייט, למשל, צו האָבען אַ גוטע ביבעל-איבערזעצונג. די נביאישע מליצות מיט „כפל ענין במלות שונות" פֿאָדערן מאַכען נייע ווערטער אויף אַלע סינאָנימען. נעמען מוז מען זיי פֿון דייטש, אָבער אַזוי, זיי זאָלען פֿאָרט קלינגען ניט מאָדערן-פֿרעמד, נאָר פֿאָלקסטימליך, דער אַנטיקער ביבלישער טאָן זאָל זיך ניט פֿערלירען, און דאָס קאָן געמאָלט זיין ניט אַנדערש, כּוידען די נייע ווערטער זאָלען איבערגעאַנדערשט ווערען לויט'ן גייסט פֿון דער יודישער שפּראַך, דאָס הייסט לויט די כללים פֿון יודישער פֿאָנעטיק.

## 5 פֿערגרייזטע ליטעראַטור.

אונזערע שריפֿטשטעלער, בעלעטריסטען און פּובליציסטען האָבען עס ניט פֿערשטאַנען. די עלטערע קלאַסיקער — מענדעלי און שלום-עליכם זענען געבליבען ריין פֿאָלקסטימליך, אָבער כמעט אַזוי ווי פֿערגליווערט אין די אַלטע פֿאָרמען. פֿאַר זייערע פֿאָלקסטימליכע כתזשעטען איז עס גענוג. אָבער קוים דאַרף מען זיך אויפֿהויבען מיט אַ קאָפּ העכער פֿון דער געשילדערטער פּשוט'ער סביבה — פֿערפֿעהלט שוין לשון. אַזוי, למשל, האָט אונזער זיידע, אונזער שפּראַך-מייסטער ר' מענדעלי, געפּרובט פּאָפּולאַריזירען ד"ר פּינסקער'ס אויטאָעמאַנסיפּאַציע, איז ביי איהם אַרויסגעקומען שיער ניט אַ פּאַראָדיע: מאָדערנע בעגריפֿען אָנגעקליידט אין דער מליצה פֿון אַ פֿאַרצייטיגען מגיד. דאָס איז ניט קיין צופֿאַל, נאָר אַ פּועל-יוצא פֿון צו שטרענגען קאָנסערוואַטיזם און פּוריזם אין פֿאָרם. די אַלט-פֿעטערישע שפּראַך פֿערמאָגט ניט די בריגעווודיגקייט פֿון אַ פֿרישׁ מאָדערנעם כּלי; עס פֿעהלען איהר פֿאָרמען פֿאַר די טויזענדער בעגריפֿען און ווענדונגען, וואָס אונזערע אבות-אבותינו האָבען דערפֿון ניט געוואוסט.

אַזוי ווי די אַלטע האָבען ניט דערזאַלצען, האָבען די יונגע שריפֿטשטעלער שוין איבערגעזאַלצען. גייסטיג אויפֿגעהאָדעוועט אויף פֿרעמדע קולטורען און שפּראַכען, האָבען זיי על פּי רוב פֿערלאָרען דעם געזונטען שפּראַך-אינסטינקט, און זיי שרייבען יודיש מיט רוסישען סינטאַקסיס און דייטשמערישער עברי. דאָס ערשטע — סינטאַקסיס — איז אונז איצט ניט נוגע, וועלען מיר ברענגען אַ פּאָר ביישפּיעלען פֿון פֿאָנעטישער עם הארצות. די דייטשע וואָרט-ענדונגען אַבע און אַגע דאַרפֿען קלינגען אין יודיש אָב און אָג: אַ פּשוט'ער יוד אַ קצב זוכט געלד, איך אויסלאָג, גיט דעם קונה אַ פֿונט ביינער צולאָג צו פֿלייש, גיט אויסגאָב פֿון אַ קערביל — און אונזערע פּעריאָדישע אויסגאַבען, דרוקען טאַגע-בלעטער מיט ליטעראַרישע ביילאַגען. אמת, דער כּוף-וואָרט אַגע געפֿינט זיך אפֿילו יאָ אין יודיש, אָבער אַריינגעבראַכט ווי קאָנטראַבאַנדע דורך האַלב אינטעליגענטע קולטור-טרעגער: פֿראַגע און לאַגע — בערך נייע ווערטער; אונזערע זיידעס האָבען דערויף (ווי איבערהויפּט אויף רוחניות'דיגע ענינים אָדער אַבסטראַקטע בעגריפֿען*) געהאַט העברעאישע ווערטער: שאלה, מצב, מעמד, פֿאַר ניט — צושטאַנד. „זאַגע" — שרייבען אַ צאָהל מיט ווערטער אָנשטאָט ציפֿער — אַ כּתרישער אויסדריק; פֿליאַגע — גענומען פֿון פּויליש אין זין פֿון זלידניע, קלעק, צו אונטערשיידען פֿון פּלאָג — פּורעניות. דאָס אייגענע „וואַגע" פֿון אַ זייגער, צו אונטערשיידען פֿון „וואָג" — געוויכט.

פֿאַרדאַן אָבער ערגערע ליטעראַרישע גרייזען, וואָס גרילצען ממש אין אויער. למשל, דאָס דייטשע pf קלינגט אין יודיש: וואָרט-איין — ווי פֿ, וואָרט-אין און אויס — ווי פּ: פֿערד, פֿלימען, צאַפּען, זומפּ, קאָפּ.

*) פֿערגלייך ב. באָראָכאָוו'ס אַרטיקעל „די אויפֿגאַבען פֿון דער יודישער פֿילאָלאָגיע" ז. 10—11 די רעדאַקציע.

„אונוויסענדע“ מלמדים פלעגן טייטשן ריכטיג: אשה — אַ פֿייער־אָ פּ ע ר, הקטר — דעמפֿען, און אונזערע שריפֿטשטעלער עמפּפֿעהלען די פּפֿליכט טאַפּפֿער צו קעמפּפֿען קעגן... געזונטען שפּראַך־אינסטינקט.

און אפֿשר מהאי טעמא טאַקע האָט די גאַנצע קולטור־אַרבייט פֿון אונזערע ליטעראַטען אַזוי ווייניג זיך צוגעקלעפּט צו די ברייטערע פֿאָלקס־שיכטען. נייע בעגריפֿען פֿאָדערן פּאַסיגע צנורות־קאַנאַלען, כּדי זיך אַריינצוזויגען אין פֿאָלקס־נשמה, מוז דאָס נייע וואָרט זיין גלאַט און יודישליך, ניט „פּפֿליקען די עמפּפֿינדונג מיט זיין שטומפּפֿיגען פּפֿייף“.

## 6 אַיינגע׳חזר׳טע גרייזען.

מיר האָבען געזעהן, אַז בערך נייערע ווערטער בלייבען על פּי רוב ניט פֿערענדערט (פֿערגלייך, למשל, צאָהן און באַהן). מ׳דאַרף ניט זיין אַזאַ פּעדאַנט און איינשפּאַרען זיך היקא פֿערריכטען אַלע איינגע׳חזר׳טע גרייזען. אדרבא, טיילמאָל איז עס נאָך היקא אַ מעלה צו האָבען צווייערליי יודישע פֿאָרמעס פֿון איינעם און דעמזעלבען דייטשען וואָרצעל. למשל, דער דייטשער סוף וואָרט „נד“ ווערט פֿערענדערט אויף נט: הונט, ווינט, וואַנט א. א. וו. (דער ליטעראַרישער אויסלייגען מיט אַ דלת איז אַ גראָבער פֿעהלער: די ראיה האָבען מיר פֿון דעם אייגענעם סוף־וואָרט, ווען נאָך איהם קומט אַ וואָקאַל, למשל: לינדע ווינטעלעך און קינדערשע ווינדעלעך) ווערט פֿון פֿריינד — פֿריינט און זין פֿון „קרוב“, דער בערך נייערער בעגריף פֿריינד — גוטער ברודער בלייבט מיט אַ דלת: גריסט איהם גאַנץ פֿריינדליך, מיר זענען שטיקלעך פֿריינטלעך. אָדער: דאָס דייטשע ע סוף וואָרט פֿאַלט אַרויס אין יודיש (רוה, מיה א. אַ. וו.). האָבען מיר אַ שול צו דאַוונען, מעהרצאָהל שולען; געלערנט האָט מען אין חדרים. צוגעקומען אַ נייער מין שקאָלעס, האָט עס געהייסען ניט פֿערענדערט שולע, מעהרצאָהל שולעס (ווי אַלץ, וואָס ענדיגט זיך אויף ע: מאַמעס, מומעס). אַזאַ פֿאַרטיגען אוצר האָבען אונזערע ליטעראַטען בידים געפּטר׳ט און בעסער געוואָרפֿען גורל און געשריבען כינאַגאַגע מיט אַ ה: שוהלען, צו אונטערשיידען פֿון שולען פֿאַר קינדער.

די אונטערשטע שירה איז: איינגע׳חזר׳טע אָנגענומענע גרייזען, וואָס גרילצען ניט אין אויער, דאָס הייסט אַזעלכע קלאַנגען, וואָס האָבען זייער גלייכען אין יודיש ממש — מעגען בלייבען, בפֿרט נאָך, ווען מ׳קאָן זיי אויסנוצען אויף פֿערשיידענע שאַטירונגען ביי נאָהענטע קרוב׳ישע בעגריפֿען — איז כּדאי אַזעלכעס אפֿילו לכתחילה צו שאַפֿען.

אויסגעלומפּערטע גרייזען ווי פּפֿליכט און קאַמפּף מוז מען אויסראָטען. צו דער קאַטעגאָריע געהערט אויך, למשל, אַזאַ גראַמאַטיקאַלישע פֿאָרם ווי עלן. צבש. פֿידעל ווערט אין צייט־וואָרט ניט „פֿידעלן“, נאָר „פֿידלען“, פֿון נאָדעל אין מעהרצאָהל ניט נאָדעלן, נאָר נאָדלען. ווער עס שרייבט אָדער רעדט אַנדערש, דאַרף מען איהם דערפֿאַר טאַדלען, ניט טאַדעלן.

## 7 פֿרעמדווערטער.

וועגען פֿרעמדווערטער, אינטערנאַציאָנאַלע, גענומען פֿון אַלט־גריכיש און לאַטיין איז שווער פֿעסטצושטעלען קלאָרע פֿאָנעטישע כּללים, ווייל אַזעלכע ווערטער זענען כּמעט ווי ניט בנמצא אין פֿאָלקסטימליכען שפּראַך־געבּרויך. די געצעהלטע עטליכע אַלט־געזעסענע זענען פֿאָנעטיש פֿערענדערט, ווי דייטשע ווערטער. למשל, אין סאַרווער פֿון ראָמאַנישען וואָרצעל סערווירען — בעדיענען איז דער ע פֿאַר׳ן ריש מגולגל געוואָרען אין אַן אַ, ווי אין עהנליכע דייטשע ווערטער: האַרבריג, אַרבעס. שפּעטער האָט יודיש אויפֿגענומען אַ ביסעל פֿרעמד־ווערטער גלייך פֿון פּויליש, מיט׳ן פּוילישען נוסח, נגינה מלעיל: אַקציעס (אין דער פֿאָלקסטימליכער בעדייטונג פֿון מעשים תעתועים (ניט אַקציאָן ווי אין | דייטש) אָפּעראַציע, אָקאַזיע (געלעגענהייט), עדוקאַציע (ערציהונג).

בכלל דאַרף אַ פֿרעמד וואָרט בלייבען ניט פֿערענדערט: מסופּקדיגע קלאַנגען אָדער אַזעלכע, וואָס זענען אין יודיש נישטאָ, למשל, au, eu דאַרפֿען פֿאָרלויפֿיג געענדערט ווערען, ווי אין רוסיש. גענויערס — אין טעקסט.

I.

# געשפּראָכענע קלאַנגען און שריפֿטליכע צייכענס.

## 1 אותיות און נקודות.

די קלאַנגען, וואָס דער אויער הערט, ווערען איבערגעגעבען אין אָנזיכטיגע סימנים פֿאַר די אויגען דורך שריפֿטליכע אותיות פֿון אלף־בית. די דאָזיגע סימנים זענען אָבער ניט גענוג, ווייל די לעבעדיגע שפּראַך איז רייכער און פֿערשיידענאַרטיגער אין איהרע קלאַנגען, איידער די טויטע שריפֿטליכע צייכען — מוז מען זיך בעהעלפֿען נאָך מיט אַנדערע סימנים אויך: אויסער די איינפֿאַכע אותיות בענוצען קאָמבינאַציעס פֿון פֿערשיידענע בוכשטאַבען, דערצו נאָך אַנדערע צייכענס: שטריכעלעך, פּינטעלעך, נקודות.

כּדי זיך ניט אַריינצולאָזען אין טיעפֿע פֿאָנעטישע חקירות מכּח דער קלאַסיפֿיקאַציע פֿון די יודישע קלאַנגען, וועלען מיר זיך האַלטען פֿאַר דער געוועהנליכער איינטיילונג, וואָס איז אָנגענומען אין די שול־גראַמאַטיקעס. דערביי בעמערקען מיר אַ געוויסען אונטערשייד צווישען דער טראַדיציאָנעלער איינטיילונג ביי די אומות העולם און ביי די העברעאישע מדקדקים.

די קלאַנגען, מיט די אותיות, וואָס בעצייכענען זיי, ווערען ביי די אומות העולם, כּידוע, איינגעטיילט, ערשטענס, אין צוויי הויפּט־גרופּעס: וואָקאַלען — זעלבסט־הילכער און קאָנסאָנאַנטען — מיטקלינגער. די הויפּט־וואָקאַלען זענען i, e, a, o, u חוץ דעם האָט ליטעראַריש־דייטש, למשל, נאָך פֿערשיידענע פֿערענדערטע און קאָמבינירטע וואָקאַלען, ווי ä, ö, ü, ei, ai, eu, au.

די קאָנסאָנאַנטען ווידער ווערען איינגעטיילט אויף פֿליסיגע l, m, n, r (למנר) און פּערגליווערטע. די לעצטע ווערען ווידער איינגעטיילט אין דריי גרופּעס: ליפּענדיגע, צונגענדיגע און קעהליגע. יעדע גרופּע האָט פֿיער פֿערשיידענע מדרגות פֿון שטייפֿקייט. למשל, די ליפּענדיגע: שטייף געפּיקט — פּ, מיטעלמעסיג — געבאָמבעלט ב; שטייפֿלעך געפֿייפֿט — פֿ, לינד געוועהט — וו. אַזוי ווערען זיי גרופּירט אין דער פֿאָלגענדער טאַבעלע I, בעצייכענט מיט זייערע לאַטיינישע נעמען:

## טאבעלע I.

| שפּראַך-אָרגאַן | שטייפע: Tenues | שטייפע: Aspiratae | לינדע: Mediae | לינדע: Spirantes |
|---|---|---|---|---|
| Labiales<br>ליפּען | P<br>פּ | F V<br>פ | B<br>בּ | W<br>ב (וו) |
| Palatales<br>צונג און ציינען | T<br>ט (ת) | Sch,sz,Th<br>(ת) ס, ש | D<br>ד | S<br>ז |
| Gutturales<br>גומען און קעהל | K<br>ק | ch<br>כ (ח) | G<br>ג | H J<br>י ה |

sch (ש) געהערט צו די שטייפע אַספּיראַטען קעגען דעם לינ-דערן זש; z (צ) איז אַ צונויפגעזעצטער קלאַנג פון ts (טס), זיין לינדערער אָבקלאַנג קאָן זיין דז.

אין העבּרעאישען דקדוק ווערען די אותיות פון אלף בית אַנדערש איינגעטיילט: בומפ—ליפּענדיגע, זסשץ—צאָהניגע, דטלנת—צונגיגע, גיכק—גומענדיגע, אהער—גאָרגעל-קעהליגע. אָבגעשיידט די פליציגע למנר און צעטיילט די איבּעריגע לויט די שפּראַך-אָרגאַנען, פּאָרען-ווייז, שטייפע אַנטקעגען לינדע בעקומען מיר די פאָלגענדע טאַבעלע:

## טאבעלע II.

| | Labiales: ליפּען | Palatales: צונג | Palatales: ציינען | Gutturales: גומען | Gutturales: גאָרגעל | Gutturales: קעהל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| שטייף | פּ, פ, | ט | ס, ש, צ | ק, כ | ח | ה |
| לינד | בּ, ב, וו | ד | ז (זש,דז) | ג, י | ר | (ע) א |

פערגלייכענדיג די שטייפע מיט די לינדע, יעדען מיט זיין בן זוג, זעהען מיר, אַז דער שטייפער ווערט אַרויסגערעדט בּיי אַ גרעסערער אָנשטרענגונג פון שפּראַך-אָרגאַן און קומט אַרויס שאַרף אָבגעהאַקט אין פולשטענדיג שטומפּ געפּליסטערט, אָהן אַ שום בּיי-קול פון אַ וואָקאַלישען הילך. אַנטקעגען זשע אַרויסרעדענדיג דעם מילדערן, איז די מויל אַ בּיסעל נאָכלעסיגער, מ'וואָלט געמעגט זאָגען — פוילער, אַ בּיסעל מעהר אויפגעעפענט, רייסט זיך אַרויס אַ שטי-קעל בּיי-הילך, אַ מין שוואַכער וואָקאַל, וואָס אָהן איהם איז שווער אַרויסצוברענגען דעם לינדען קלאַנג אַליין. למשל, אַרויסרעדענדיג דעם רוסישען פאָרשטעל вЪ הערט מען פאַר'ן וו אַ מין שוואַכען או: או-וו. דעריבער קאָנען די לינדע קלאַנגען דיענען אין אַ געוויסער מאָס אויך צו פערלענגערן דעם וואָקאַל, וואָס פאַר זיי. פערגלייך, למשל, ליפּ און ליב=ליעב', כמעט ליעבע.

מיר וועלען דאָ ניט אַריינגעהן אין טיעפע חקירות וועגען קאָנסאָנאַנטען בכלל, ווייל דערווייל בעהאַנדלען מיר דער עיקר די וואָקאַלען; דאָך מעג מען מאַכען נאָך איינינע בעמערקונגען, וואָס וועלען נויטיג זיין צו אונזער איצטיגען ענין. פערגלייכענדיג בּיידע טאַבעלעס, זעהען מיר, ערשטענס, אַז די גרופּירונג בּיי די אומות העולם לויט טאַבעלע I האָט מעהר יסוד, איידער די איינ-טיילונג בּיי אונזערע אַלט-העבּרעאישע מדקדקים. אַז צונג און ציינען געהערען צו איין גרופּע, זעהט מען בעשיינפערליך פונ'ם צווייזייטיגען אָות ת און ת. פערגלייכענדיג העבּרעאיש מיט איהר שוועסטער-שפּראַך אַרמיש, בעמערקען מיר אימעטום פאָלגענדע אי-בערגאַנגען: פון ט אויף צ: טביא=צבי, פון ת אויף ש: תרעא=שער, פון ד אויף ז: דהבא=זהב. אין יודיש בעמערקען מיר נאָך אַזאַ סמיכות

הפרשיות: דער נון פון וואָרט-ענדונג ען ווערט אַמאָל פערקעהרט אין אַ מם און גראָד נאָך ז אָדער ד, ווייל זיי זענען נאָהענטע קרובים: בעזים, בוזים פון Besen, Busen, בוידים, פאָדים פון Faden, Boden.

נאָך וויכטיגער איז דער אינטערשייד (צווישען בּיידע טאַבעלען), וועלכער איז ניט קיין צופעליגער, נאָר ער ליגט טיעף אין עצם אויסשפּראַך בּיי די אינדאָגערמאַנישע, אַרישע שפּראַכען פון איין זייט און סעמיטישע פון דער אַנדער זייט.

דער העבּרעאיש-יודישער ריש געהערט ניט צום צונג-אָרגאַן, (ווי אין רוסיש, למשל), ווייל ער ווערט ניט גראָב געריבּען, נאָר געגאָרגעלט, עהנליך צום יודישען ח, נאָר אַ בּיסעל לינדער. דער יודישער חית ווידער איז אַ שטייף געכאָרכעלטער גאָרגעל-קלאַנג, שכיח אין אַלע מזרח-שפּראַכען און כמעט ניט בנמצא אין די דייטשע דיאַלעקטען, חוץ די שווייצערישע. אין הויך-דייטש איז דער הא זעהר וויך. אין שריפט לאָזט ער זיך אַזוי וויך בעצייכענען ניט אַנדערש, סיידען מיט אַ שוא יוד: איך=איכי, דעריבער ווערט דער דייטשער הא אין יודיש איבּערגעגעבען ניט מיט'ן גאָר-געלדיגען חית, נאָר מיט'ן גומענדיגען כף. דער סלאַווישער כאַ איז אויך גענוג וויך — האָט מען איהם אויך געמעגט שרייבען מיט אַ כף און איבּערלאָזען דעם חית נור פאַר ריין העבּרעאישע ווערטער. אַגב איז אין אונזער אויסשפּראַך ניטאָ צווישען זיי קיין שום אינטערשייד: בּיידע קלינגען געכאָרכעלט טרוקען, ווי חית.

דער עין האָט אַ מאָל געהאַט אַ ממשות'דיגען גאָרגעל-קלאַנג, צווישען ה, ח און ר. היינט איז ער געבּליבּען בּיי אַראַבּער און תימנער יודען, בּיי אונז איז ער פּונקט עהנליך צום אַלף.

דאָס מערקווירדיגסטע איז דער אַלף גופא, ווי מיר זעהען אין טאַבעלע II: דער שוואַכסטער פון אַלע, דער לינדער אָב-קלאַנג פונ'ם שוואַכסטען ספּיראַנס, דעם קעהל-געהויכטען ה.

און דאָס איז נאָך אויך צו פיעל, ווייל אייגענטליך איז דער אַלף, פאַר זיך גענומען, לחלוטין שטום. דערהערען איהם קאָן מען ניט אַנדערש, סיידען ווען ער בעקומט צו זיך אַ וואָסער עס איז וואָ-קאַל-צייכען, אַ נקודה, אָדער אַן אות במקום נקודה אַ, אָ, אי, אי, (ע) נמצא, אַז דער אַלף צווישען אותיות שפּיעלט אַ ראָלע, עהנליך צום נול צווישען ציפערן: אַ סימן, אַז דאָ איז ניטאָ קיין ממשות'-דיגער קלאַנג, נאָר אַ ריינער הויך פון קעהל, וואָס קאָן בעקומען אַ וואָקאַלישען הילך, פערשיידען, לויט דער נקודה, וואָס דאַרף איהם ערשט בעשטימען.

דער יודישער אַלף איז, אַלזאָ, דער איינציגער טרעגער פון אַלע זעלבּסט-הילכיגע וואָקאַלען, און דערין ליגט דער שאַרפסטער אינטערשייד צווישען דעם יודישען אַלף-בית און דעם אייראָפּעאישען, אַן אינטערשייד, וואָס אונזערע לעהרער וואָל-טען געמעגט האָבען אין זינען, אַריינקנעלענדיג עבריי לויט דער מאָדערנער קלאַנגען-מעטאָדע.

די אומות העולם האָבען סינף בעזונדערע בוכשטאַבען אויף אַלע פינף גרינד וואָקאַלען: י, ע, אַ, אָ, ו. די דאָזיגע וואָקאַל-צייכענס בלייבען דאָס אייגענע הן, ווען זיי בעטייטען אַ זעלבּשטענ-דיגען הילך, אָהן אַ שום ממשות'דיגען קלאַנג, הן אַלס הילך-צייכען צום קאָנסאָנאַנטישען קלאַנג, צו בעשטימען די פאַרב זיינע. למשל un און nu. בּיי אונז אָבער איז עס צווייערליי: דער טרעגער פונ'ם זעלבּשטענדיגען הילך אין „און" איז ניט דער מלופום,

נור דער שטומער אַלף. דער „ו“ בעצייכענט זיין הילכיגע פאַרב, פונקט ווי ער בעצייכענט די פאַרב פונ'ם קלינגענדיגען נון.

ביי די אומות העולם אַפּילו לעגט זיך אויך מעהר אויפ'ן שכל צו לערנען לייענען לויט דער אַמעריקאַנישער מעטאָדע: קאָנסאָנאַנטישער קלאַנג מיט זיין קאָליר־בעצייכנונג, אויסגעגאָסען אינאיינעם: ני, בא א. אַז. וו. ניט צו מאַכען אַן אָנשטעל און הייסען דעם קינד שטאַמלען און פּיקעווען זיך ק—או, ק' אי, ר—אי, קאוּ—קוקוריקו. אָבער אויב ביי זיי איז עס נאָך ווי עס איז צו פערליידען — איז עס 'בנוגע צו אונזער אַלף־בית אַ פולשטענדיגער אַבסורד: דער פיפיגער תלמיד דאַרף דאָך פון אַזאַ מעטאָדע אַיינ'חדר'ן אַ גרייז און שרייבען אָדער קאו אַנשטאָט קי אָדער וק אָנשטאָט איק. נאָך מעהר: קיין שפּראַך האָט ניט צו טון מיט אַזעלכע איידעלע חילוקים אין אויסשפּראַך און שריפט, ווי ביי אונז צווישען בי'ן און ב'אין בּרירה, וואַל און ויעל כולם, בים און ב'אם לאו א. אַז. וו. אין ערשטען פאַל האָבען מיר איין גאַנצען קלאַנג: בי', ווא, בי, אין צווייטען — צוויי בעזונדערע, וועניגסטענס אָגדערט־האַלבען קלאַנגען: בע—אי=ב'—איי; ווע—אַ=וו'—אַ; בע—אי=ב'אי.

דער העברעאישער אַלף־בית ווייס בכלל ניט פון דעם מין ספּעציעלע בוכשטאַבען־וואָקאַלען אין אייראָפּעאישען זין. צוערשט האָט ער בעצייכענט נור די ממשות'דיגע קלאַנגען מיט די געהעריגע אותיות, דער לעזער אַליין זאָל זיך שוין אָנשטויסען, ווי אַזוי אַרויסצוברענגען דעם שטומפיגען וואָרט־סקעלעט, צוגעבען איהם אַ הילכיגען טאָן, אַ לעבעדיגע פאַרב. דערנאָך האָט מען צו דעם צוועק אָנגעהויבען בענוצען די לייכטסטע קלאַנגען: די ספּיראַנטעס פון אַלע דריי שפּראַך־אָרגאַנען ו, י, ה און דעם שטומען קעהל־הויך א. אָט די פיער אותיות אהוי האָבען געזאָלט דיענען פאַר לייען־צייכען (— אמות הקריאה. מ'האָט זיי אָבער בענוצט זעהר פלאָנטערדיג, ניט סיסטעמאַטיש, אַזוי, אַז דער אייגענער אַלף, למשל, האָט געקאָנט דיענען פאַר אַ „לייען־צייכען“ אָנשטאָט פערשיידענע וואָקאַל־צייכען: פלא, ראשון, ראש, בא. אַזוי איז עס ער היום געבליבען אין די ספרי־תורות. נאָך שפּעטער אין מיטעל־אַלטער, האָט מען צוגעטראַכט די נקודות, ווי סימנים פאַר יעדען איינציגען וואָקאַל־הילך בעזונדער. אָבער אַזעלכע סימנים, געשריבען ניט אין שורה מיט די אותיות צוגלייך, נאָר דרויסען, אונטער'ן אות אָדער אויף איהם, דערצו נאָך ניט אין דער געשטאַלט פון אָנזיכטיגע אותיות, נאָר אין קליינינקע פּונטעלעך מיט שטריכעלעך, — אַזאַ סיסטעם איז געוויס שווער צום זעצען און נאָך שווערער צום שרייבען. דעריבער האָט העברעאיש עד היום צו טון מיט איהר אָרטאָגראַפיע. ווערטער־בעגריפען קאָן מען נאָך איבערלייענען, ווער עס פערשטעהט נאָר דעם טייטש. נעמען אָבער בלייבען טיט; היסטאָרישע נעמען — על פּי רוב פערגרייזט, למשל, ר' טרפון לייענט מען טאַרפען אָנשטאָט טריפאָן. מיט דעמזעלבען רעכט האָט מען עס געקאָנט לייענען אויך טערפען, טעראַפען און ווי איהר ווילט נאָך אַנדערש.

אין יודיש האָט מען שוין אַיינגעפיהרט אַ בעסערע סיסטעם, בענוצענדיג אויך די אייגענע לייכטע אותיות א, ו, י, דערצו נאָך ע, אָנשטאָט דעם העברעאישען ה. אַזוי ווי פיער אותיות קלעקען ניט פאַר אַלע פינף גרונד־וואָקאַלען — גילט דער אַלף אָנשטאָט צוויי וואָקאַל־צייכען: מיט פתח — אָנשטאָט a, מיט קמץ — אָנשטאָט o, נמצא, אַז די פיער אותיות א, ע, ו, י קאָנען ניט הייסען וואָקאַלען, דאָס הייסט זעלבסט־הילכער אין אייראָפּעאישען זין. מיר ווילען זיי אָנרופען „הילכער“, ווייל זיי גיבען צו דעם געהעריגען הילך, די טאָן־פאַרב צום אות, וועלכען זיי בעצייכענען, מעג דער אות זיין אַ קאָנסאָנאַנט אָדער דער שטומער קעהל־הויך א.

„זעלבסט־הילכער“ וועט ביי אונז הייסען די קאָמבינאַציע פון א (אָדער ע) צוזאַמען מיט זיין הילך־צייכען אָדער נקודה. אַלע איבעריגע אותיות וועלען הייסען מיטקלינגער—קאָנסאָנאַנטען, ווייל אַ קלאַנג האָבען זיי אַן אייגענעם, שטומפּיג — אָהן אַ נקודה, הילכיג—מיט אַ הילך־צייכען במקום נקודה.

אַלזאָ אי, ע, אַ, אָ, או, ווי אויך צוזאַמענגעזעצטע איי, אַיי, אוי, אָי, אַי הייסען זעלבסט־הילכער, די יודען מיט די וו'ען און די האָזיגע זעלבסט־הילכער זענען סתם הילכער אָדער הילך־צייכענס. אַ אָ ע זענען צופעליג גלייך אי זעלבסט־הילכער אי הילך־צייכענס. אין וואָרט ענגער, למשל, האָבען מיר: ערשטער עין — זעלבסט־הילכער, צווייטער עין הילך־צייכען, אָדער סתם הילכער, די איבעריגע דריי אותיות ג, נ, ר זענען מיט־קלינגער — קאָנ־קאָנסאָנאַנטען.

## 2 טראַף.

ווען חדר־יונגלעך פלעגען אָנהויבען צונויפלעגען אותיות מיט נקודות, ניט אַרויסרעדענדיג די אַלטמאָדישע נעמען פון יעדען צייכען, דאָס הייסט, למשל, האָבען אין זינען: „קמץ גימל גאָ“ און אַרויסרעדען נור דעם „שפּיץ“: גאָ, — האָט עס ביי הדרדקי־מלמדים געהייסען: „טראַף“. אויף דעם סמך ווילען מיר דאָס דייטשע וואָרט „זילבע“ אָנרופען אויף יודיש „טראַף“. טראַף הייסט, אַלזאָ, די קאָמבינאַציע פון איין אות אָדער עטליכע מיט איינער אַ נקודה אָדער מיט אַ הילכער במקום נקודה.

די זעלבסט־הילכער אַ, אָ, ע, קאָנען זיין פאַר זיך טראַפען, ווייל אין זיי האָבען מיר אויך אַזאַ קאָמבינאַציע פון שטומען אַלף מיט זיין נקודה אַלס הילך־צייכען. אַ טראַף קאָן אויך האָבען ביז זיבען מיט־קלינגער, גרופּירט אַרום איין הילכער: שפּרינגסט, שטרענגסט. דאָס וואָרט אַלע איז שוין צוויי־טראַפיג; קורץ: וויפיעל הילכער אין וואָרט, אַזוי פיעל טראַפען.

ווייטער דאַרף מען אונטערשיידען אָפענע טראַפען פון געשלאָסענע. אַ טראַף, וואָס ענדיגט זיך מיט אַ הילכער, איז אָפען — „הברה פשוטה“; ענדיגט ער זיך אויף אַ מיטקלינגער — הייסט ער געשלאָסען — „הברה מרכבת“. למשל, קול — געשלאָסען, ווייל געענדיגט אויף אַ למד־אות, און „קולות“ איז דער ערשטער טראַף אָפען, ווייל געענדיגט מיט'ן הילך־צייכען ו.

דער אונטערשייד צווישען הברה פשוטה און הברה מרכבת איז בעזונדערס וויכטיג אין העברעאישע ווערטער, וואו יעדער טראַף ווערט בעטראַכט ווי אַ זעלבשטענדיגער פאָנעטישער מהות, אַליין איינס, צי ער מאַכט אויס אַ גאַנץ וואָרט פאַר זיך אָדער ער איז נור אַ טייל פון אַ גרעסערן וואָרט.

אַנדערש איז עס אין ווערטער פון אייראָפּעאישע שפּראַכען. דאָרט ווערט דאָס גאַנצע וואָרט פאָנעטיש בעטראַכט כמעט ווי איין גוף, ממילא איז ביי זיי אַ פולשטענדיג אָפענער טראַף שייך נור צום סוף וואָרט. למשל, אין וואָרט „ריינע“ איז דער לעצטער טראַף „נע“ אָפען. אין וואָרט „ריינערע“ איז דער אייגענער „נע“ שוין נור האַלב אָפען, הגם דער ריש געהערט צו אַן אַנדער טראַף.

און נאָך אַ חילוק: אין העברעאישע ווערטער איז דער טראַף אַ געשלאָסענער אַלץ איינס, אויף וואָסערע מיטהילכער עס ענ־דיגט זיך, שטייפע צי לינדע; אָבער אין דייטשע ווערטער זענען שוין פאַראַן פערשיידענע מדרגות: געענדיגט אויף אַ לינדען קלאַנג הייסט דער טראַף נאָך האַלב אָפען, אויף איינעם אַ שטייפען קלאַנג — האַלב געשלאָסען, אויף צוויי אָדער מעהר מיטהילכער הייסט שוין דער טראַף גאַנץ געשלאָסען. און דאָס האָט אַ וויכטיגע בעדייטונג בנוגע צו די הילכער אין טראַף. עס מאַכט זיי לענגער אָדער קירצער און ווירקט אויף זייער ענדערונג פון דייטש אויף יודיש, ווי מיר וועלען זעהן אין 4־טען פּאַראַגראַף און ווייטער.

דערווייל וועלען מיר נאָך אין איין פּאַראַגראַף בעהאַנדלען דעם טאָן פון וואָרט אָדער טראָפּ.

### 3. טראָפּ, אַקצענט.

אין ווערטער פון צוויי טראַפען אָדער מעהר ווערט איין טראַף בעטאָנט שטאַרקער פון אַלע איבעריגע, געקוועטשט מיט'ן טראָפּ. וואו דאַרף דער טראָפּ שטעהן? דערויף האָט יעדע שפּראַך אידהרע אייגענע כללים. אין העברעאיש, למשל, איז דער כלל: נגינה מלרע, דאָס הייסט: טראָפּ — אויפ'ן לעצטען טראַף. אויס־נעמען זענען דאָ אין געוויסע געצעהלטע פאַלען, טיילמאָל — כדי צו רעגולירען די לענג און קירץ פונ'ם הילך אין אָפענע אָדער פון געשלאָסענע טראַפען.

דייטש האָט אַן אַנדער כלל: טראָפּ אויפ'ן עיקר מיטהיל־כער פון וואָרצעל. וואָרצעל הייסט דער שותּפ'ישער עלטער־פאָטער פון אַ גאַנצער משפחה ווערטער. למשל: טרינקען, געטראַנק, דער־טרונקענער — אַלע פון איין וואָרצעל, שטעהט אומעטום דער טראָפּ אויפ'ן הויפּט־קלינגער ריש. יודיש איז אין דעם פּרט נאָך שטרענ־גער, ווי דייטש. האָרט איז דאָ אַן אויסנעם לעבענדיג מיט'ן קוועטש אויפ'ן בית; אין יודיש זאָגט מען ווי געהעריג: לעבעדיג, טראָפּ אויפ'ן למד, דעם הויפּט מיטקלינגער פון וואָרצעל. — אַזוי ווי יעדער וואָרצעל נעמט צו פערשיידענע צוזאַצען פון פאָרענט און פון הינטען אויף צו בעצייכענען פערשידענע שאַטירונגען און פאָרמעס פון הויפּט־בעגריף: צאָהל און מין מיט אַלערליי נויגונ־גען און בויגונגען — קומט אויס, אַז אַ בעדייטענדע צאָהל דייטשע ווערטער האָבען דעם טראָפּ אויפ'ן פאָרלעצטען טראַף — מלעיל.

אין פּויליש איז עס איבערהויפּט אַ כלל: אומעטום שטעהט דער טראָפּ אויפ'ן צווייטען טראַף צוריק פון סוף־וואָרט. האָט מען שוין די אייגענע געוועהנשאַפט אַריבערגעטראָגען אויף העברעאישע עברי אויך אין אונזער פערגרייזטער הבֿרה אַשכּנזית.

אין מעהר־טראַפיגע סלאַווישע ווערטער קוועטשט מען דעם טראָפּ צום מיינסט אויפ'ן דריטען טראַף פאַר'ן לעצטען: קאָטשערע, לאָפּעטע, ציבעלע. אַזאַ נוסח ווערט אויך טיילמאָל געברויכט אַפילו ביי אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער. למשל, אין פּאַריזער געטאָ זאָגט מען רעסטאָראַן מיט'ן טראָפּ אויפ'ן ערשטען ריש מיט'ן סגול.

אין צוויי צוזאַמענגעזעצטע ווערטער, וואו איינס בעשטימט דעם צווייטענס אַ מעלה, שטעהט דער טראָפּ אויפ'ן בעשטימענ־דען וואָרט: בן־בית, הויז־מענש, כשר־טאַנץ, טאַנץ־זאַל. אין צוויי ווערטער, לחלוטין צונויפגעגאָסען אינאייגעם, ווערט דאָס צווייטע פערקירצט אָבגעכאַפּט, טיילמאָל ביז צו ניט דערקענען: ברויז, בוימיל, לייווענט, בראַנפען אַנשטאָט ברוי־הויז, בוים־איל, ליינ־וואַנד, בראַנד־וויין.

אין פרעמד־ווערטער, גענומען פון פראַנצויזיש, שטעהט דער טראָפּ נאַטירליך אויפ'ן לעצטען טראַף: רעפּובליק, אַטאַשע. בכלל זענען אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער אין פאָלקסטימליכען יודיש כמעט ווי ניט בנמצא. די עטליכע אַלטגעזעסענע, וואָס מיר טרעפען יאָ, זענען איבערגענומען פון פּויליש מיט'ן פּוילישען נוסח: טראָפּ אויפ'ן פאָרלעצטען טראַף. למשל. אַקציע (אין דער בעדייטונג פון מעשים תעתועים), אָפּעראַציע (ניט אָפּעראַציאָן, אַקציאָן), אָקאַזיע (געלע־גענהייט). עהנליך דאַרף מען לייענען פּאָעזיע, פאַנטאַזיע מלעיל, דעם קוועטש אויפ'ן עין, אלף, ניט אויפ'ן חריק סוף וואָרט. דער צוזאַץ סוף־וואָרט איסט איז מלרע, ניט ווי אין פּוילישען: ספּעציאַ־ליסט, ניט ספּעציאַליסטאַ.

### 4. וואָקאַלען—הילכער.

מיר האָבען פריהער געבראַכט די פינף גרונד־הילכער u, o, a, e, i. דער מקור און מיטעל־פּונקט פון אַלע הילכער איז a. פון איהם האָבען זיך ענטוויקעלט: פון איין זייט — דער העכסטער, העלסטער הילך i, פון דער אַנדער זייט — דער טיעפסטער, מונ־קעלסטער u. פון געבראָכענעם u נעהענטער צו a האָט זיך ענט־וויקעלט דער o, און צווישען a מיט i — דער e.

פון די דריי לינקע הילכען מיט e אָדער i האָבען זיך גע־בילדעט די 3 דייטשע אימלויטען — פערענדערטע הילכען: ä, ö, ü, ווי אויך די צוזאַמענגעזעצטע — דיפטאַנגען — au, ai, ei, eu, ie. די דיפטאָנגען זענען לאַנגע הילכער, אויסגעצויגענע.

### 5. לאַנגע און קורצע הילכער.

די גרונד־הילכער ווערען אין דייטש אויסגעשפּראָכען אויף צווייערליי אופנים: אָדער קורץ, געשווינד אָבגעכאַפּט, אָדער לאַנג, געצויגען. די קורצע זענען היסטאָריש עלטער. פון זיי האָבען זיך שוין די לאַנגע ענטוויקעלט, נאָר אין זעלטענע פאַלען טרעפט, אַז אַ לאַנגער הילך זאָל אַריבערגעהן אין אַ קורצען. אַזוי איז עס אין דייטש.

העברעאיש, מיט דער ריכטיגער ספרדישער הברה, האָט זיך ביידערליי הילכען: 5 פּאָר נקודות לאַנגע און קורצע, ווי עס איז צו זעהן פון טאַבעלע III.

**טאַבעלע III.**

| הילך | לאַנג—תנועה גדולה: נאָמען | לאַנג—תנועה גדולה: געשטאַלט | קורץ—תנועה קטנה: נאָמען | קורץ—תנועה קטנה: געשטאַרט |
|---|---|---|---|---|
| i | חריק גדול | אִי | חריק קטן | אִ |
| e | צירה | אֵי | סגול | אֶ |
| a | קמץ גדול | אָ | פּתח | אַ |
| o | חולם | אוֹ | קמץ קטן | אָ |
| u | מלאפום | אוּ | שרוק | אֻ |

נאַטירליך פּאַסט דער לאַנגער הילך צום אָפענעם טראַף און דער קורצער צום געשלאָסענעם. אַזוי איז טאַקע דער כלל אין העברעאיש: תנועה גדולה — הברה פּשוטה; תנועה־קטנה — הברה מרכּבת. טרעפט אָבער פערקעהרט, — רעגולירט מען עס מיט דער נגינה: מ'שטעלט דעם טראָפּ אויפ'ן קורצען אָפענעם

אָדער לאַנגען געשלאָסענעם אין דערמיט ווערט עס מילא פֿערלענגערט אָדער שאַרפֿער בעטאָנט.

אין דייטש קאָן דער כלל ניט גילטען. ערשטענס האָבען מיר שוין געזעהן (פּאַראַגראַף 2), אַז דאָס גאַנצע וואָרט ווערט דאָרט בעטראַכֿט ווי איין גוף, ממילא איז במציאות ניטאָ קיין פֿ י ל ש ט ע נ ד י ג אָפֿענער טראַף אין מיטען וואָרט. ווייטער ווייסען מיר פֿון פּאַראַגראַף 3, אַז דער טראָפּ קאָן ניט אָבטרעטען פֿון זיין בעשטימטען אָרט — דעם וואָרצעל־קלאַנג. ממילא איז אַרויסגעקומען אַ פּלאָנטער, ניט צו ווייסען פֿון ג ע ש ר י ב ע נ ע ם וואָרט, ווי עס דאַרף קלינגען אין אויסשפּראַך, קורץ אָדער לאַנג.

דאָך זענען פֿאַרהאַן געוויסע כללים, הגם מיט היבש אויסנעמען.

די הויפּט־סימנים זענען:

א) לאַנג איז דער הילך אין פֿאָלגענדע פֿאַלען:

1) אָפֿענער טראַף סוף וואָרט.

2) די דיפטאָנגען au, ai, ei, eu אַפילו אין מיטען וואָרט

3) טאָפּעלע הילכער ee, oo, aa, צב״ש: Boot, Paar, Seele

4) h נאָך u, o, a, e פֿאַר די פֿלייציגע מיטקלינגער למנר. צב״ש: Ruhm, Ohr, Zahn, Mehl. h ביי אַ t פּערלענגערט אַפילו דורך אַ מחיצה Roth, Thal (אין דער נייער דייטשער אָרטאָגראַפֿיע האָט מען דעם פּערלענגערונגס־סימן ה צום מייסט אַרויסגעוואָרפֿען, ווי אויך דעם טאָפּעלען אַ).

5) ie צב״ש: Lied, Liebe. איבעריגענס איז דער סימן זעהר ניט קיין קלאָרער, ווייל אין דייטש פּלאָנטערט מען זיך אויך. למשל דער חריק איז דוקא קורץ אין דיעל, זיעבען. פּיעל, גליעדער ניעדער, וויעדער אין פּיעל אַנדערע.

ב) קורצער הילך:

1) פֿאַר 2 מיטקלינגער, גלייכע אָדער פּערשיידענע, צב״ש: Herr, Frost; אויסנעמען: Schaf, Schlaf, Sprache, nach, hoch: Mass, Strasse, gross, Ambos bloss.

3) פֿאַר z, k (צ); אויסנעם Haken, (האָק) און עטליכע אַנדערע.

ג) געמישט פֿאַר א י י נ פֿ אַ כֿ ע מיטקלינגער:

1) פֿאַר שטיפֿע: צום מייסט קורץ, זעלטענער לאַנג.

2) פֿאַר לינדע: צום מייסט לאַנג, זעלטענער — קורץ.

אין יודיש בעמערקט מען כמעט ניט קיין אונטערשייד צווישען לאַנגע וואָקאַלען און קורצע. מיר האָבען אָבער געמוזט ברענגען אַלע ביזאַהעריגע בעטראַכֿטונגען און כללים מיט זייערע אויסנעמען, צוליעב אונזער עיקר־ציעל אין קומענדיגען קאַפּיטעל: די כללים, ווי אַזוי די וואָקאַלען פֿון דייטש און אַנדערע שפּראַכֿען ווערען פֿערענדערט אין יודיש. דערביי שאַדט ניט נאָך אַ מאָל צו בעמערקען, אַז פֿערענדערט פֿון דייטש הייסט ניט, אַז ערגיץ אַ „מניח הלשון" האָט גענומען ווערטער אָדער הילכֿען פֿון איצטיגען ליטעראַרישען הויך־דייטש און זיי קאַליע געמאַכֿט, פֿערדרעהט אויף יודיש. גיכער הייסט עס, אַז אין יודיש זענען געבליבען די עלטערע קלאַנגען, ווי מ׳האָט זיי אַ מאָל אויסגערעדט אין מיטעל־הויך־דייטש. און ווי דער יודישער אויער איז געוועהנט צו הערען און די צונג צו רעדען — אַזוי האָט מען שוין אויסגעשפּראָכֿען העברעאישע עברי אויך. דערפֿון נעמט זיך אונזער פֿערגרייזטע הברה אַשכנזית, אָנשטאָט דער ריכטיגער ספֿרדישער. מיט דעם איינענעם נוסח זענען אויך פֿערענדערט געוואָרען פּיעל סלאַווישע אַלטגעזעסענע הילכֿען אין לאַנג־פֿערבירגערטע ווערטער, וואָס קלינגען איבערהויפּט ווי דייטשע. מיר האָבען שוין איינמאָל געבראַכֿט דעם ביישפּיעל פֿון סאָד אָנשטאָט סאַד, ווי באָד אָנשטאָט באַד. די מעהרצאָהל איז אויך גלייך: סעדער, בעדער, הגם סלאַווישע ווערטער בכלל האָבען די מעהרצאָהל „עס": זשידעס, הודעס א. אַז. וו.

אַזאַ גזרה־שוה פֿון גלייכען קלאַנג ברענגט אַמאָל (אמת, זעהר זעלטען) צו טעותים אין יודיש אויך.

די האָזיגע בעטראַכֿטונגען גיבען אונז אַ זיכערן שליסעל אויף צו פֿעריודישען נייע ווערטער. דערביי מוז מען גענוי ווייסען אַלע פּרטים. ווי דאָס וואָרט קלינגט אין דייטש, לאַנג אָדער קורץ, דעם שורש, ווי האָט עס אויסגעזעהן אין אַלט־דייטשער שריפֿט א. אַז. וו.

טיילמאָל אָבער מוז מען אויך אין נייע ווערטער מאַכֿען אַ טעות בכיון, עהנליך צו אַזעלכֿע טעותים, וואָס דער שפּראַך־געבֿיך האָט געמאַכֿט אומגערן, מיט אַ גזרה־שוה פֿון גלייך־קלאַנג. דערצו דאַרף מען שוין אויסער פֿילאָלאָגישע ידיעות פֿערמאָגען אַ געוויסען געשמאַק, אַ געוואָנטען שפּראַך־אינסטינקט. ווייל איבער אַלע פֿילאָלאָגישע דקדוקים שטעהט דער כלל פֿון אַלע כללים: וואוילקלאַנג.

גענויערע פּרטים וועלען מיר זעהן ביי פֿערשיידענע איינצעלפֿאַלען אין קומענדיגען קאַפּיטעל.

II.

## פֿעריודישטע הילכֿער.

### 6. קיצור און פּשטות.

די כאַראַקטעריסטישע שטריכֿען פֿון יודישער פֿאָנעטיק זענען: קיצור און פּשטות — ווייניג וואָקאַלען בכלל און די וואָס פֿאַרהאַן זענען איינפֿאַך און קורץ. דאָס גאַנצע וואָרט ווערט אויך פֿערקירצט און פֿעראיינפֿאַכֿט: דאָס ע סוף וואָרט ווערט אָבגעוואָרפֿען, ממילא קומט אַרויס ווייניגער מיט אַ טראַף. צב״ש זאַך אָנשטאָט זאַכֿע, לענג אָנשטאָט Länge. פֿון די גאַנץ געבליבענע הילכֿער אין פּיעל־טראַפֿיגען וואָרט ווערט שאַרף אַרויסגערעדט נור איינער, אויף וועמען דער טראָפּ שטעהט. די איבעריגע פֿאַר׳ן טראָפּ און נאָך איהם כאַפּט מען שוין אָב, דומפּ, שטומפּיג, ניט צו דערקענען אַפילו: צב״ש: געגעבען. מיטעלער סגול שאַרף; ערשטער שמימפּ. צווייפֿעלהאַפֿט, (סגול אָדער חריק; לעצטער — לחלוטין שטום.

דער לאַנגער בעטאָנטער הילך אין טראַף, וואו דער טראָפּ שטעהט, בלייבט שאַרף, אָבער פֿערענדערט eu אויף איי: טריי, פֿייער, בייטעל; au אויף אוי: הויז, מויער, פּויק, אָ—אויף אוי: אַזוי, גרויס, ברויט; אַ אויף אָ: באָד, דאָ, שאָל.

(וואַרשויער אויסשפּראַך ציהט אויס צוריק דעם יודישען אַיי אויף אַ: דראַא, שנאַאַדער, דעם אוי פֿון au —אויף אָ: האָאָז אָנשטאָט הויז, אָבער ברויט, טויט, ווייל געקומען פֿון o, ניט פֿון au. וואָלינער אויסשפּראַך מאַכֿט עס אויך כמעט אַזוי, נאָר ווייניגער שאַרף; דראַ, הוז. „יי" פֿאַר ע ווערט ביי זיי על פּי רוב פֿערענדערט אויף אָווע: באָוען אַ מאָווער).

קורצע בעטאָנטע הילכער ווערן אויך פערענדערט, אָבער אין אַ קלענערן גראַד, צב״ש: או אָנשטאָט אָ אין געוויסע פאַלען: גענומען, זומער.

גענייערע פרטים — אין די וויטערדיגע פאַראַגראַפען יעדער הילכער בעזונדער.

## 7. קמץ און חולם=o.

מיר האָבען געזעהן, אַז דער o איז אַ מיטעל־הילך צווישען a און u. אין לאַנגען דייטשען פערצויגענעם אויסשפּראַך הערט זיך טאַקע ווי אַן אָבקלאַנג פון אַ שוואַכען u: גראָוס gross; ווערט ער אין יודיש פערענדערט, ווי דער דיפטאָנג au, אויף אוי — גרויס.

דער העברעאישער חולם איז אַ לאַנגער, ער האָט, קענטיג, אַמאָל אויך געהאַט דעם שוואַכען אָבקלאַנג פון u. אַ ראיה האָבען מיר דערפון, וואָס ער ווערט פערקירצט אויף צווייערליי תנועות־קטנות: קמץ קטן און שרוק (פערגלייך כול יכול, כל ישראל כלו זכאי). דעריבער איז ער אין אונזער הברה אשכנזית אויך פערענדערט געוואָרען אויף אוי.

אין עברי איז די דאָזיגע ענדערונג אַ דורכאויסיגער כלל. קנעלענדיג מיט׳ן חדר־יונגעל האָט דער דרדקי־מלמד זיך ניט געקאָנט אַריינלאָזען אין איבעריגע חקירות און איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעחזר׳ט מיט׳ן תלמיד: „חולם אלף אוי“.

אָבער אין רעדען האָט דער אויער געפיהלט אַ חילוק צווישען פערשיידענאַרטיגע טראַפען. אמת־לאַנג איז דער וואָקאַל o נור אין אָפענעם טראַף (הברה פשוטה), אָבער אין געשלאָסענעם טראַף (הברה מרכבת) קומט שוין דער וואָקאַל אַרויס אָבגעהאַקט, פערקירצט. דער אויסשפּראַך פון חולם אין רעדען ווענדט זיך דעריבער אָן טראַף: אין אָפענעם — פערענדערט אויף אוי, אין געשלאָסענעם בלייבט עס ניט פערענדערט, ווי אַ קורצער קמץ. ביישפּיעלען: קינה, קינים — ביידע „קוי“, ווייל אָפען; כוס — קאָס, כוסות — קיסעס, ווייל דער ערשטער געשלאָסען, דער צווייטער — אָפען. דאָס איינגע ביי עוף, עופות, קול, קולות א. א. וו. סו־פר — סײפער, סופרים—סאָפרים; מופת—מופתים א. א. וו. סוחרים — סאָחרים, ווייל חטף־חית לייענט זיך ווי שוא־חית. אין מוהלים, כוהנים, גואלים, טוענים — פערענדערט, ווייל דער חטף אונטער א, ה, ע ווערט דאָ אָדער איינגעשלונגען אָדער געלייענט ווי אַ גאַנצער פתח, ממילא בלייבט דער חולם׳דיגער טראַף אָפען. בוררים־באָררים — ניט צו הערען דעם חטף — דעריבער דאַרף מען חובבי ציון אויסרעדען: חאָוווי. מאָסער דאַרף מען שרייבען מסור (די מעהרצאָהל אין תלמוד איז ניט מוסרים, נאָר מסורות, אַזוי ווי לקוחות). שופרות, תוספות זאָגט מען אויס אויף „אוי“, ווייל אין העברעאיש איז דער צווייטער קלאַנג מיט אַ קמץ: שופרות, פון שופר. דאָס איינענם איז מיט אוצרות פון אוצר=אוצרות, אָבער יוצרות=יאָצרעס, ווייל אין העברעאיש מיט אַ שוא: יוצרות פון יוצר מיט אַ צירה. דער איינציגער מיר בעקאַנטער אויסנעם איז חוב=ב חיב. ניט חאָוו. אפשר דערפאַר, ווייל דער דאָזיגער שורש קומט פאָר אין שפּראַך־געברויך גאַנץ אָפט מיט אַ יוד ממש: חייב, חיובניק.

אין דייטשע ווערטער בעמערקען זיך נאָך טיעפערע אונטערשיידען, ווייל דער הילכער קאָן זיין אי לאַנג, אי קורץ הן אין אָפענעם טראַף, הן אין פערמאַכטען. פערגלייך שויס און שאָס (פון אַ ביקס), זויל (פון פוס, שוך) און זאָל, אויווען און אָפען: דאָ לאַנג, דעריבער פערענדערט, דאָרט קורץ — ניט פערענדערט.

די כללים פון לענג און קורץ, האָבען מיר געבראַכט אין § 4. אויסנעמען: לאָס (גורל) דאַרף זיין לויס, אָבער די וואַרשעווער לאָטעריי־צעטלען האָבען איינגעפיהרט דעם פּוילישען נוסח לאָס *. גראָב, געבאָט און אַנדערע בלייבען ניט פערענדערט, הגם לאַנג אין דייטש; איבען, פויגעל פערענדערט, הגם קורץ. טרויסט איז לאַנג, הגם געשלאָסען אויף צוויי מיטקלינגער. אָהן, מאָהן, מאָנאַט, בראָמבערג זענען לאַנג, אָבער אַליין שוין פערענדערט פון פתח. דער פאָרשטעל vor איז אין יודיש פערפלאָנטערט געוואָרען מיט für, ביידע קלינגען גלייך: פאַר. דאָך איז דער ריכטיגער הילך געבליבען אין צוזאַמענגעזעצטע ווערטער: פאָרשפּיעל (קודם החתונה), פאָרשטעלען, אָבער פירשפּרעכער (מליץ־יושר). פירהאַנגען איז אַ גרייז גענומען פון פּויליש. אַזאַ פאָלקסטימליכער גרייז איז אויך: „ווי מ׳נעמט זיך פיר, אַזוי העלפט גאָט“ — פיר אָנשטאָט פאָר.

אין צוזאַמענגעזעצטע ווערטער ווערט דער לאַנגער הילך פערקירצט פאַר מיטהילכער: האָפערדיג פון האָך־פערטיג. פון Obst ווערט איבס, און מיט אַ גזרה שוה — פּייבס פון Pabst, שטראָם איז געבליבען ניט פערענדערט, הגם לאַנג. נייע ווערטער צו בעשאַפען: הויין (דער „ער“ פון בינען), אָבער „צאָט“ (קאָלטען), „שלאָט“ (ליגענדיגער קימען)—ניט פערענדערן, (ניט צוגלייכען צו שרויט, ברויט), ווייל דער אָ אין צאָט און שלאָט איז שוין אַליין אַ לאַנגער הילכער, פערענדערט פון פתח אַ. אין סלאַווישע ווערטער האָבען מיר, למשל, דעם לאַנגען אָ פערענדערט אויף אוי, אין פּלויט, טויק—טאָק צום דרעשען. אויסער דעם ני, וועלכער רעכענט זיך פאַר אַ דיפטאָנג, האָבען מיר אָי, וואו דער יוד איז אַ מיטקלינגער ממש, און דער טראַף איז בולשטענדיג געשלאָסען: וואָיט, באָיקאָט, באָי (יונגעל).

דער קורצער o ווערט אַמאָל פערענדערט אויף ו פאַר אַ טאָפּעלען מיטקלינגער: פאַר mm, nn איז עס אַ דורכאויסיגער כלל: זומער, (אין מיטעל־הויך־דייטש sumar), קומען, גענומען (פון genommen), זון (אין הימעל, ענגליש sun) און — מיט אַ גזרה שוה — זוהן (בן), טון — אַ פאַס אָדער רוסישע מאָס „באָטשקאַ“, אָבער טאָנע (מעטרישע מאָס), ווייל אינטערנאַציאָנאַל. ניי איינצופיהרען „נון“ Nonne מנישקע. אָבער „צאָנע“ (געאָגראַפישע פאַסען: הייסער, מיטעלער און קאַלטער), ווייל אינטערנאַציאָנאַל.

פאַר אַנדערע מיטקלינגער קומט אַזאַ ענדערונג אויך פאָר, אָבער זעלטענער: פיל, דול (אָנשטאָט toll), קופערט; אויסנעמליך אויך „טרוקען“ פאַר אַן איינצעלנעם מיטהילכער.

## 8. פתח, קמץ גדול=a.

דער לאַנגער דייטשער אַ, ברייט אויסגעשפּראָכען מיט אַ צעשפּרייטען מויל, ווערט אין יודיש פערקירצט (די ליפען פערשמעלט) אויף אָ: האָר, צאָהן, האָהן פון Haar, Zahn, Hahn א. אַז. וו.

* בכלל האָבען מיר ניט קיין ביישפּיעלען פון פערענדערטען טאָפּעלטען אָ, אויף אַ שיפעל זאָגט מען אין קאָוונא: באָט אָנשטאָט „בויט“ פון Boot.

דער העברעאישער קמץ גדול איז אויך אַ לאַנגער פּתח — ווערט ער אויך אַזוי פֿערענדערט אויף אָ: קמץ אַלף אָ. דאָ איז עס פּשוט׳ער, איידער ביים חולם, ווייל ממה נפשך: איז עס אַ לאַנגער אָפֿענער טראַף, איז דער קמץ אַ תּנועה גדולה, ס׳הייסט אַ לאַנגער פּתח און ווערט אַ קמץ. אלא אין געשלאָסענעם טראַף איז עס אין בלייבט אַ קמץ קטן, אָדער אַ קורצער לויפֿיגער חולם=אָ.

אין דייטשע ווערטער גילטען דאָ די אייגענע כּללים. וואָס ביים o: aa, ah — לאַנג, דעריבער אָ: האָר, יאָהר פֿון Haar Jahr, טאָל—Tal, ראָט (עצה) פֿון Rat, אָבער ראַץ, טשור. צאָהל (מספּר) פֿון Zahl, אָבער צאָל (שטייער) פּאָשליניע, דוימען-מאָס פֿון Zoll מיט אַ טאָפּעלן ll.

קאָץ געשלאָסענער טראַף, קאָטער — אָפֿענער, אָבער קאַטער (פֿון פֿערקיהלונג), ווייל אין דייטש געשריבען מיט צוויי ט. דערצו נאָך אַ פֿרעמד וואָרט.

אויסנעמען האָבען מיר היבש. אין אַלטע ווערטער שטעלט זיך דאָס היבּ אַרויס, אַז דאָס וואָרט איז אין דייטש ניט ריכטיג געשריבען, למשל, יאָמער פֿון Jammer, הגם דאָרט מיט צוויי מ׳מען, דאָך לאַנג. מה״ד — Jomer, פֿאַרהאַן אַזעלכע אויסנעמען, וואו עס איז שווער צו דערגעהן דעם קלאָרען טעם, ווייל די דייטשע אָרטאָגראַפֿיע, איז ניט אומעטום פּינקטליך, און דער קלאַנג אין אויסשפּראַך איז אויך פֿערשוואונדען. למשל, בלאָטער, נאָטער (פּיפּערנאָטער) געשלאָסען מיט 2 טית׳ן אין דאָך פֿערענדערט; דאָס אייגענע איז מיט גאָרטען, גאָרן (פֿאָרעם), אָרעם און וואַרעם — אין דייטש גלייך, אין יודיש פֿערשיידען. דאָך דאַרף דער דייטש זיין אַ פּוסק אין מסופּק׳דיגע און נייע ווערטער: ראָט אַן עצה און ראַץ אַ שטשור; לאָהם (קרום, געלעהמט) און לאַם אַ שעפּעלע; שאָרען חילות. אויב מיר ווילען איינפֿיהרען דעם אימפּערפֿעקטום (אין ביבעל-איבערזעצונג, פּאָעזיע), דאַרף מען בענוצען: וואָר (געווען), שפּראָך (גערעדט). שפּראַך — לשון איז שוין ביי אונז אָנגענומען פֿערגרייזט: פּתח, הגם לאַנג. אָבער אין פֿאָלקס-געברויך נוצט מען דעם ריכטיגען אויסשפּראַך „שפּראָך״ אין ביידערליי בעדייטונגען: לחש און לשון. אין ליטעראַטור מעג מען אויך בענוצען דעם ריכטיגען אויסשפּראָך, ווייניגסטענס אין וואָרט אויסשפּראָך גופא.

## 9. צירה, סגול — e.

אין בעטאָנטען אָפֿענעם טראַף קלינגט דער דייטשער e ווי ei, אַזוי קלינגט ער אויך אין יודיש-פּוילישען און וואָלינער אויסשפּראַך: פֿעדער, לעדער, לעבער=פֿיידער, ליידער, לייבער, פֿעהלער — פֿיילער (אָבער פֿעל, פֿעלה בלייבט דער סגול, ווייל קורץ). אַ זכר דערפֿון בעמערקט מען אין ליטווישען אויסשפּראַך אויך: בייט, איינג, וועהניש, אייזעל, איידעל, מייערקעפּעלעך, (פֿאַנצערשאַרבען פֿון ים-שרצים, ראַקאָווינעס, מושלען).

אַזוי איז דער העברעאישער לאַנגער ע אויך פֿערענדערט געוואָרען: צירה אויף אֵי. אין יודיש האָט מען פֿערענדערט אייניגע אַזעלכע העברעאישע ווערטער, וואָס שרייבען זיך אפֿילו מיט אַ סגול: כּלי, קבֿר, פּגר=קיילע, קייווער, פּייגער. איבעריגענס בעמערקט מען ניט קיין בעזונדערע אונטערשיידען צווישען אָפֿענעם טראַף און געשלאָסענעם אין העברעאיש-יודישע ווערטער, ווייל דער אויסשפּראַך פֿון סגול און צירה זענען בכלל ניט ווייט פֿון אַנאַנד און גרינג עלול זיך צו פֿערבייטען.

געשריבען ווערט ביי אונז דער פֿערלענגערטער סגול אויף דרייערליי אופֿנים: עה, עע און פּשוט צירה עין — עבּיג. על פּי רוב איז עס איבעריגע קונץ-שטיק: פֿאַרוואָס, למשל, שרייבט מען בייט, שפּריי-רעגען פּשוט מיט צוויי יודען, און זעעל דווקא מיט מיט צוויי עין׳ס? העכסטענס דאַרף מען שרייבען צוויי עין׳ס סוף וואָרט בעזונדערס אין פֿרעמדווערטער: אַלעע, אַרמעע, אידעע, ליווּרעע, מאָשעע; עה — קאָן מען שרייבען, דאָרט, וואו דער ה איז פֿון שורש: געהן, שטעהן, צעהן. דאָרט הערט מען איהם אַמאָל בפֿירוש: געהען, שטעהען, צעהען. אַן עין מיט אַ צירה איז גאָר אַ ברכה לבטלה: איידעל, אייביג, איידער איז ריכטיגער אין יודישען, איידער עהדער, ערעל, עביג.

דער קירצער דייטשער e אין ניט-בעטאָנטען טראַף נאָכ׳ן טראָפּ ווערט פֿערקירצט און פֿערשטומט: סוף וואָרט וואַרפֿט מען איהם לחלוטין אַרויס: רוה, מיה זאַך, א. אַז. וו., און מיטען וואָרט פֿאַר די ענדונגען ען, על איז ער אין דייטש טאָגליך: היטל, קיטל א. אַז. וו. אַזוי האָט מען טאַקע געשריבען אין מיטעל-הויך-דייטש: geborn, verlorn, steln אין יודיש האָט מען עס אויך געמעגט נאָכטון. דער עין ווערט צוריק אַריינגעשטעלט אין מקור פֿון צייט-ווערטער נאָך מם, נון פֿון וואוילקלאַנג וועגען: קומען נעמען, געווינען, אָבער אין בויגונג פֿאַלט ער ווידער אַרויס: קומט, נעמסט, געווינט. ער הערט זיך אין בלייבט שטענדיג נור אין סלאַווישע און נאָכקרימענדיגע ווערטער: באַמקען, טערעליקען — געבאַמקעט, טופּען — געטופּעט, אָבער שטופּען — געשטופּט, בעבען — געבעבעט, אָבער שוועבען—געשוועבט.

דייטש האָט פֿיעל וואָרט-ענדונגען אויף צוויי מיטקלינגער, וואָס דער ערשטער איז אַ פֿליסיגער, בעזונדערס ר, ל. יודיש קאָן ניט ליידען דעם וואָרט-אויס רם און שטעלט אין מיטען אַריין אַ מחיצה: אָרעם (האַנט) אָנשטאָט Arm. די מעהר ענטוויקעלטע וואָלינער און וואַרשויער אויסשפּראַכען געהען נאָך ווייטער: זיי מאַכען אַ מחיצה: אויך צווישען למד מיט די אַספּיראַטען ך, ף: מילעך, הילעף, קאַלעך. אַזוי דאַרף מען אויך טון אין נייע ווערטער: שילעף פֿון Schilf (רעהר פֿון געמייזעכץ, אָטשערעט), האַנעף—קאָנאָפּליעס (אויב מיר ווילען ניט דאָס וואָרט איבערבויען אויף מיני פֿינ׳ם לאַטיינישען שורש canabus תּלמודיש — קנבוס. דעמאָלט דאַרף ער אין יודיש אַזוי געענדערט ווערען: טראָפּ אויפֿ׳ן 3-טען טראַף פֿון סוף; אין אַזאַ בעטאָנטען טראַף דאַרף דער פּתח פֿערענדערט ווערען אין אַ קמץ, דער חריק סוף וואָרט דאַרף אָבגעשוואַכט ווערען ווי אַ סגול, קומט אויס קאָנאַבעס, ענליך קלינגענדיג, ווי דאָס רוסישע קאָנאָפּליעס).

די מחיצה צווישען ריש מם ווערט פֿערענדערט פֿון אַ סגול אין אויף אַ חריק יוד איבער אַ גזרה-שוה פֿון העברעאישען סוף וואָרט ים סימן רבים. אַלזאָ, וואָרם—וואָרים, געדערים (אַלע בני מעים צוזאַמען), דאָרים (איינע אַ קישקע), טורים, שטורים, פּורים, פֿאָרים, אָרים (קבצן), אָבער אָרעם (האַנט) צום אונטערשיידען. די אייגענע ענדערונג פֿון ע אויף י איז דאָ אין בוידים, פֿאָרים, בעזים, בוזים, איידים פֿון איידאם. עס הארצים זאָגען אפֿילו גאַן-איידים אָנשטאָט גן-עדן. איבעריגענס, ווער עס שרייבט אין די אַלע איבענדערמאָנטע פֿאַלען עם, ניט ים, גרייזט אויך ניט. נאָר בעסער, הילכט

זיך, האָלט פֿאָרט געווען ים. דער וואַרשעווער נוסח צו בעשטימען די שעה איפֿ'ן זייגער מיט אַ ע וואָרט־אויס — איינסע, זיבענע, צוועלפֿע — איז אַ חנ'דעל אָהן אַ טעם. אין איצט, איצונד, אימיצער האָבען מיר אי אָנשטאָט je.

מיר האָבען שוין פֿריהער אָנגעוויזען, אַז דער דייטשער סוף־וואָרט על הערט אין יודיש לען: נאָדלען, פֿידלען. אָבער: ער פֿי־רעלט א. א. וו. ווען דער ע איז אָבער פֿון וואָרצעל, בלייבט ער: וועלן, שטעלן א. אז. וו.

אין די דייטשע ווערטער, וואו דער ע סוף וואָרט איז געבלי־בען, איז די מעהרצאָהל עס: מומעס*, שולעס (פֿאַר קינדער). דער כּלל גילט ניט אויף צוויי עֵינ'ס סוף־וואָרט, הן דייטשע, הן פֿרעמדע: פֿון יעע (אָזערא) הערט זעען, דאָסגל. אַלעען אַרמעען א. אַז. וו.

דער רוסישער e לייענט זיך יע — דאַרף מען זיין פֿאָרזיכטיג. למשל, די יודישע אלישבע אין די ענגלישע מלכּה עליזאַבעט איז ניט שולדיג דערין, וואָס אין רוסיש הייסט עס יעליסאַוועטאַ. אָבער פּראָיעקט פֿון Projekt מיט אַ „יאָט".

## 10. חריק=i, שרוק, מלאפּום=u. **

אין יודישען אויסשפּראַך איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווי־שען קורצען און לאַנגען חריק אָדער מלאפּום. דאָ לאָזט זיך נור איבער'חזר'ן דאָס, וואָס מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט וועגען די פֿערלענגערונגס־צייכענס ע נאָך חריק און ה נאָך מלאפּום: צו וואָס אַ סימן פֿאַר'ן אויג, ווען דער אויער הערט ניט? בּפֿרט נאָך, אַז אין דייטש ווערט דער ie אויך פֿאַלש בענוצט. אוה קאָן העכסטענס בלייבען וואָרט־אויס: קוה, רוה, וואָרט־אין האָט מען עס אין דייטש שוין אויך אַרויסגעוואָרפֿען: אור, פֿור.

די יודישע אָרטאָגראַפֿיע פּלאָנטערט זיך דערמיט, וואָס יוד, וו וועַנען גלייכצייטיג אי מיט־קלינגער, אי הילף־צייכענס. קומט אויס מלאפּום וו אָדער חריק יוד — פֿערלירט מען זיך: אויף צו בעצייכענען דעם קלאַנג wu האָט מען זיך מתיר־נדר געווען: אַריינ־פֿיהרען אין מיטען אַ מחיצה — אַן אַלף: וואונדער, וואונדען. פֿער־קעהרט ביי uw וואַרפֿט מען זיך אויף אַלע זייטען, שרייבט מען: פּרובען, אוּבערטיור מיט ב̄. אין צוזאַמענגעזעצטע ווערטער, וואו דאָס צווייטע הייבט זיך אָן מיט וו, זוכט מען אַנדערע תחבולות: שוה־וואַקס — דערמאָנט מען זיך אָן דייטשען h וועלכער איז אין יודיש גאָר אַ כֿף: שוך. (אגב בעמערקט: אַזוי ווי שוך פֿון שוה, אַזוי הערט אויך פֿיך פֿון פֿיה; אַזוי האָבען מלמדים געטייטשט, נאָר אַנזערע דייטשמעריסטען קאָנען עס ניט פֿערדייען; אין טייטש־חומשים האָט מען נאָך היבש בענוצט דעם אימפּערפֿעקט, און כּסדר מיט כֿף אָנשטאָט הא: ער זאַך, עס געשאַך, אָנשטאָט דעם דייטשען זאַה, געשאַה — ער האָט געזעהן, עס איז געשעהן. אין פֿאָלקס־געברויך איז דאָ אַ וואָרט געשיכעניש, אָנשטאָט געשעהעניש.).

דעם צוזאַץ „צו" פֿערענדערט מען אויף צע: צעוואַקסען, צעוואָרפֿען — אַ פֿאָרעס, וואָס ניט געשטיגען און ניט געפֿלויגען, הגם שלום־עליכם בענוצט זי. דאַרף דער קוועטש שטעהן אויפֿ'ן צו — טרענט מען איהם אָב פֿון וואָרט: צו־וואַקסען, צו־וואַרפֿען. אויף אַזעלכע פֿערדרעהטע כּללים זאָל עס דער חדר־יונגעל ברעכען דעם מוח, בעת לערנען זיך אויסלייגען! דוכט זיך גלייכער פּשוט און קלאָר שרייבען דריי ווי'ן: בּפֿרט נאָך, אַז אין דרוק האָבען מיר אַ ספּעציעלען מלאָפּום וו מיט אַ פֿאַרטיגער פּינטעלע אין מי־טען: פּרוווען, שוואַקס, צוואַרפֿען. אָהן אַ פּינטעלע איז אויך רעכט (שרייבט מען דאָך אין דייטש דריי לאַנגע פֿייען נאָכאַנאַנד אין שיפֿפֿ־פֿאַהרט, אָדער דריי יודען אין אַ גט „די תנצבייין"). דאָס אייגענע איז מיט חריק יוד. דייטש האָט דערויף אַ יאָט מיט אַ u אומלויט: jünger, jüdisch און אין יודיש מאַטערט מען זיך: יוד אָדער איד, יונגער אָדער אינגער,ביידע גלייך ווידערנאַטירליך, אָנ־שטאָט צו שרייבען פּשוט ייִד, ייִנגעל, ייִנגער: דער ערשטער יוד— אַ מיטקלינגער, דער צווייטער אַ הילף־צייכען במקום חריק. דעם העברעאישען ירמיהו קאָן מען איבערגעבען מיט יודישער אָרטאָ־גראַפֿיע ניט היינט יורמיע, ניט אירמיע, נאָר ייִרמיע.

## 11 אומלויטען.

דער אומלויט ä קלינגט אין יודיש כּמעט שטענדיג שאַרף און ברייט — ע: קעלבער, העלזער. (זעלטענע אויסנעמען: לענגער מיט אַ צירה). ö קלינגט זעהר אָפֿט ווי אַ צירה: בייז פֿון böse שיין, אייל א. א. וו. (איפֿ'ן שטייגער שרייבט מען זיי מיט אַ צירה־עין: שען — אַן איבעריגע חומרה). דער צירה בלייבט אַפֿילו ביי אומלויטען פֿון לאַנגען o, וואָס איז פֿערענדערט אויף ו, פֿייגעלעך וואַרשעווער „פֿײַגעלעך") פֿון Vögel, די גרייס (Grösse) פֿון gross גרויס. מאָרגען־רייט (Röte) פֿון rot — רויט. אַזוי איז אויך מיט'ן u אומלויט, למשל, פֿרימער פֿון פֿרום, הגם אין דייטש איז גאָר פֿראָם, פֿרעמער.

איבערהויפּט בענוצט מען אין יודיש דעם אומלויט וועַ־ניגער, איידער אין דייטש. בעזונדערס שטאַנדהאַפֿטיג איז דער פּתח: שוואַכער — אָפּשוואַכען, ניט שוועכער, שוועכען ווי אין דייטש, דער קמץ איז נאָכגעביגער: קעכלען פֿון קאָכען, לעכערן פֿון לאָך.

בעזונדערס בעליעבט איז אין יודיש דער דייטשער נוסח צו מאַכען אַבסטראַקטע זאַך־ווערטער פֿון ביי־ווערטער, אומבייטענדיג דעם גרונד־הילך אויף אַן אומלויט: פֿון לאַנג, קורץ, גראָב, שמאָל מאַכט מען אין דער לענג, קירץ, גרעב, שמעל א. אַז. וו.

דאָ בעמערקט מען אַ מאָל אויך די אייגנעשפּאַרטקייט פֿון פּתח, למשל: פֿון דייטשען וואָרט Fläche ווערט אין יודיש פֿלאַך***. אַזוי זאָגט מען אין קורלאַנד: „שפּאַצירען אויפֿ'ן פֿרייען פֿלאַך". ווי געזאָגט, קלינגט דער אָ־אומלויט אָפֿט ווי אַ צירה: לייב פֿון Löwe; אַזוי דאַרף מען אויך ענדערן Möwe (וואַסער־פֿייגעל — טשאַיקע) אויף מייוו.

*) מאַסען העברעאישע ווערטער, געענדיגט אויף אַ קמץ, בעלייענט, ווי אַ סגול: מכּה, רפֿואה א. אַז. וו. האָבען די מעהרצאָהל: מכּות, רפֿואות — לייען: מאַקעס, רפֿועס, האָט מען אָבגעלערענט - אַ גזרה שוה אויף אַלע ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט אַן אָפֿענעם ע: טאַטע, מאַמע, באָבע, זיידע און—צווישען אַלע קרובים— אויך די מומע. אין פּעקיל פּראַגער בריוו פֿון יאָהר 1619 שרייבען זיי טעט, מעם, באַב און—מום.

** אין העברעאישע ווערטער איז חריק און מלאפּום אין אומבעטאָנטען טראַף סוף וואָרט פֿאַר ל, נ—שטום: מפּיל מבול, מבין, אדם הגון; פֿאַר ת—ע: רביעית, טעות (בעלייענט „עס"). פֿאַר אַנדערע מיטקלינגער ריכטיג: מגיד טרוד.

* אין פֿערגרייזטען ליטווישען אויסשפּראַך לייענט מען אי ראָט=רויט, אי ראָטע=רייט—ביידע מיט אַ צירה. מוז דער ליטוואַק זיך איינהערען, ווי אַ וואַרשעווער רעדט. למשל, אַ מערה קאָן ביים ליטוואַק זיין אַ ספֿק, צי נעמט זיך עס פֿון הוילען אויסלעכער, אָדער פֿון Höhle—הייהל. דער פּוסק איז דאָ דער וואַרשעווער: הייל—אַ סימען, אַז עס איז אַ צירה, ניט קיין חולם.

** ביים אומבייטען דעם הילך בייט זיך אויך דער מין. אַזוי איז עס אין דייטש אויך: der Schurz און die Schürze (פֿאַרטוך).

טײלמאָל קלינגט דער ö װי אַ חריק: פֿערגינען, װער מיר גוטס גינט (פֿערגלײך „גינציג"), קיניג (פֿערגלײך ענגלישען קינג). אין מיטעל-הױך-דײטש האָט עס זיך טאַקע געשריבען Künig. את השפן פּלעגט דער מלמד טײטשען „דאָס קיניגעל" — ריכטיג! אין רוסיש הײסט עס קראָליק, אױף דײטש — קאַנינכען פֿון Kuning — אַלץ לשון מלכות. אַ נזיר פֿון קלױסטער האָט געהײסען Münch דערפֿון — די שטאָדט מינכען**** עיר מקלט פֿון נזירים, אַלזאָ: ניט מאָנאַך, ניט מענך, ניט מניך, נאָר: מינך. Pöbel פּראָסטער המון האָט אין מיטעל-הױך-דײטש געהײסען gepüvel אַזױ דאַרף עס אױך הײסען אין יודיש: געפּיװל אָדער פּיװל. מיגליך אָנשטאָט מעגליך בענוצט מען איצט זעלטען:

דער אומלױט u װערט אָפּט אין יודיש אַ פּשוט'ער מלאפּום: בוקען, רוקען זיך, אַ רוקען (פּלײצע), רוק און לענד, פּאַרוק, „דער מוק צום האַמער".

נאַטירליך בעמערקט מען עס ניט אין װאָלינער און װאַרשױער אױסשפּראַך, װײל אַלע מלאפּומ'ס װערען דאָרט חריק'ן. אונזערע ליטעראַטען האָבען עס אָנגענומען פֿאַר פּשוט'ע גרײזען אין ליטװישען אױסשפּראַך. אַז עס איז ניט אַזױ פּ ש ו ט, זעהט מען דערפֿון, װאָס די אַלע „גרײזען" קומען פֿאָר גראָד פֿאַר אַ קוף, קענטיג, האָט עס אַ געװיסען פֿאָנעטישען גרונד, הגם עס טרעפֿט אױסנעמען אױך: בריק, גליק, צוריק. אױף דעם סמך װאָלט מען געדאַרפֿט שרײבען לוק אָנשטאָט דײטשען Lücke, אַ בלױז אָדער אַ לוק — אַ לאָך צום אַראָפּלאָזען זיך אין שיף. קרוק (קאָסטיל, קוליעס), טוק פֿון Tücke, (הינטערגענג, קאָזני). רונג אָנשטאָט רינג (פֿינגערל) איז, קענטיג, טאַקע אַ גרײז.

.ai, ei .12

דער דײטשער ei װערט אין יודיש אױסגעשפּראָכען אױף צװײערלײ אופֿנים: אײַ און אײ: צװײ און דרײַ (פּױלישער אױסשפּראַך צװײַ, דראַא). דאָס װענדט זיך אָן מקור, פֿון װאַנען דער ei נעמט זיך: װערטער, װאָס האָבען זיך געשריבען אין מיטעל-הױך-דײטש מיט אַ לאַנגען חריק, קלינגען אין יודיש אײ: צײַט פֿון zît גרײז גרױ פֿון gris שפּײַ פֿון spie, לײַב, װײַב, א. א. װ. די װאָס האָבען זיך געשריבען מיט ei, בלײבען אײַ: הײלען, צײַכען, אײַן, אַלײן. פֿאַרהאַן געװיס אױסנעמען אױך.

בכלל װײכט דער יודישער אױסשפּראַך פֿון דײטשען. למשל, רײף צו אַ פֿאַס איז אין יודיש מיט אַ צירה, אין דײטש מיט אַ פּתח רײַף, אָבער רײַף — צײטיג.

אין אַלטע װערטער איז אָהן אחריות. אָבער, אין נײע מוז מען אין יעדען אײנצעל-פֿאַל נאָכשפּירען. קומט אױס: אױך (דעמב), אַמײַז (מוראַשקע, מילב), אָבער: בײַלט, ודוי, קײַם (זריעה, קערענדעל, זרע בײם אָנהױב װאַקסען). אַ סימן פֿון אַלטען לאַנגען חריק קאָן מען אָפּט האָבען פֿון אַנדערע שפּראַכען, בעזונדערס ענגליש: time (טײַם), צײט, side (זײט), wife (װײב). רוסיש, למשל: דרײ—טרי; װײן—װינאָ. בײ נײע װערטער איז אָבער אַ צרה. װען מ'שרײבט זײ אױף אײ, װעט דער װאַרשעװער לײענען אַא, און גאָרניט װיסען, װאָס דאָס װאָרט בעטײט. מוז מען דעם דקדוק װי װײט מעגליך פֿערבױגען און האַלטען זיך בײם דײטשען כלל: אפֿילו פֿון אַלטען לאַנגען חריק װערט אײ אין מיטען װאָרט נור פֿאַר מם און נון: מײן, דײן, זײן א. א. װ.

אױך דאָ אין גאַנץ אונבעטאַנטע װערטער װאָלט אפֿשר כדאי געװען אײנפֿיהרען אַן אלף פֿאַר'ן יוד, װי מ'טוט עס אין מאַי, פּאַי (חבר-געלד, אײנלאַג), כדי דער װאַרשעװער זאָל קײן טעות ניט האָבען.

פֿון דײטשען Eimer װערט עמער. אין מיטעל-הױך-דײטש האָט מען געשריבען aimpar, װי ציבער Zwipar (צװײ פּאָר װאַסער), די דײטשע Eidechse (יאַשטשערקע) האָט זיך געשריבען Egidechse, יודישער ע ג ד י ש, פֿערגרײזט אױף העקדעש — אַ גזרה שוה פֿון העבּרעאישען הקדש.

געשריבען ריכטיג אין געלײענט „אײ" װערט דער אַ פֿאַר נג, נק: געדאַנק באַנק, לאַנג, שלאַנג. דאָס אײגענע איז מיט'ן העבּרעאישען חטף פּתח אונטער א, ע: מעשה, שאלה, מעלה. אין װאָלינער און װאַרשעװער אױסשפּראַך װערען זײ װידער אױסגעצױגען אױף אַא.

au איבערהױפּט װערט אין יודיש אױ, אָבער אין דײטש גופֿא האָט דער au זיך ענטװיקעלט פֿון פֿיערערלײ מיטעל-הױך-דײטשע קאָמבינאַציעס:

פֿון לאַנגען u בױ, פֿױל, קױם, בױער, (פֿערגלײך די בױרען—בױערן), הױט אױס, הױז, מױז, א. אַז. װ.;

פֿון ou: טױ, פֿרױ, בױם, טרױם, גלױבען, קױפֿען, אױג, אױך, רױך א. אַז. װ.

פֿון לאַנגען aw, a: בלױ, גרױ, קלױען, אױגען-ברױען (ברעמען).

פֿון ui אין brauen, kauen.

יעדע אײנציגע קאַטעגאָריע האָט איהרע כאַראַקטעריסטישע שטריכען. די ערשטע קאַטעגאָריע נעמט אָן אַן אומלױט אין מעהרצאָהל, װערט שױן אײ פֿון אױ: הײזער, מײז, הײט. די צװײטע קאַטעגאָריע בלײבט אין יודיש אױ, אפֿילו בײ אַן אומלױט אין דײטשער מעהרצאָהל: בױמער, טרױמען. דאָס אײגענע איז בײ פֿערקלענערונג: מײערלעך, הײזעלעך, אָבער בױמעלעך אױגעלעך, הגם דער װאַרשעװער זאָגט בײַמעלעך, אײַגעלעך.

פֿון דער דריטער קאַטעגאָריע האָבען מיר אין װאָלינער אױסשפּראַך גראָװ און בלאָװ (לעצטער — אױך אין ליטאַ). די צװײ װערטער דאַרף מען אײנהאַלטען אין זײער אײגענטימליכער בעדײטונג: „גראָװ װי אַ טויב" — דאָס הײסט גרײז-גרױ, רוסיש—סיעדאָי; אָבער גרױ — סיערי — אַש-קאָליר; „בלאָװ, װי אַ מילץ"— דאָס הײסט טיעף-בלױ, רוסיש — סיני; אָבער בלױ — הימעל-בלױ, רוסיש — גאָלױבאָי.

Augenbrauen איז גאָר אַן אױצר: יודיש פּלאָנטערט די אױבערשטע האָר צװישען אױג און שטערן מיט די הערעלעך בײ די ראַנדען אױגען-לעדעלעך. דאַרף בלײבען „בראָװען" אױף די אױבערשטע, װי אין רוסיש בראָװי; „ברעמען" זאָלען בעצײכענען די װימפּערען — רעסניצי; אַזױ געשיקט עס זיך טאַקע בכלל אױף אַ ר ױ כ י ג ע ן ר אַ נ ה: אַ מאַנטעל, אַרומגעברעמט מיט פֿוטער.

* מען מוז װײכען פון דער רוסישער טראַנסקריפּציע מיונכען, ציוריך א. אַז. װ. u אומלױט איז אין יודיש פּשוט חריק.

פֿון דער 4־טער קאַטעגאָריע האָבן מיר: קייען פֿון Kauen אַ ברויז—ברויי־הויז, ברייזעל, ברייזער, פֿון brauen. נמצא, אַז מ׳דאַרף זאָגן אַ ביר־ברייער, ניט ברויער; אפֿשר איז דאָס טאַקע דער שורש פֿון „איך וועל דאָ ניט פֿיעל ברייען“ אין בעדייטונג פֿון מאריך בדרוש זיין, קאַכען, יעהרען מיט לאַנגע דבורים.

eu אָנשטאָט מהד iu — איי: ניי, טריי, הײַנט, בײַטעל, אייטער א. א. וו. אויסנעמען: היי, פֿרייד, לייקענען, ווייל גענומען ניט פֿון iu, נאָר פֿון מהד öu (אָ אומלויט און אי).

אין פֿרעמדווערטער דאַרף מען דעם u פֿון au, eu לייענען אַזוי ווי אין רוסיש. אַזוי הייסט אויך די תּלמודישע טראַנסקריפּציע: אבטולמוס, אבטינס, Eut.., אוקלודס Eukl... אין יודיש האָבן מיר אויך שוואַכע טענדענצען צו פֿערקעהרען דעם אוי אין וו (זאַווער, מאָווער, טעווער, עווער). אַלזאָ: עוראָפּאַ, טעווטאָנען, רעוומאַטיזם, אַווטאָנאָמיע, אַווטאָריטעט.

אגבֿ בעמערקט: די רוסישע טראַנסקריפּציע, בכלל אַ ריכטיגע, שטימט מיט דער תּלמודישער אין אַנדערע פֿאַלען אויך: ק אָנשטאָט z: קיסר, מקדן, אוקינוס — Макед́онія, Кесарь, Океанъ.

דער צוזאַץ אַרכי—תּלמודיש, אַרכי—לסטים, אַזוי דאַרף אויך זיין אין יודיש.

## 14. דער איינפֿלוס פֿון ריש (און חית).

אין דייטש איז אַ כּלל, אַז אַ ריש קאָן ניט שטעהן דירעקט נאָך אַ דיפֿטאָנג. שטעלט מען אַריין אַ מחיצה ע: זייער, מייער, טייער, פֿייער, שלייער. אין יודיש גילט דער דאָזיגער כּלל אויך ביים ױ, וואָס נעמט זיך פֿון דייטשען o טויער, אויער.

חידוּש איז אין דייטש אַ כּלל, אַז פֿאַר rt, rth, rd איז דער הילך לאַנג. אין יודיש ווערט אַ מאָל דער רט פֿערענדערט אויף רד: שווערד, באָרד (פֿערגלייך רוסיש: באָראָדאַ). אָבער: האַרט, צאַרט, אַרט, אָרט, סאָרט וכדומה, הילכער און ט ניט פֿערענדערט...

בכלל האָט דער ריש אַ טבֿע צו פֿערלענגערן און פֿערענדערן דעם קירצען הילך, וואָס פֿאַר איהם. אין ענגליש ווערט דער ריש אַליין פֿערשלונגען אין אַזעלכע פֿאַלען, אַזוי איז עס אויך כּמעט אין וואַרשעווער אויסשפּראַך: מוטאַ, פֿוטאַ — אָנשטאָט מוטער, פֿאָטער.

דער יודישער כּלל קאָן אַזוי פֿאָרמולירט ווערען: פֿאַר צוויי אָדער עטליכע מיטהילכער, וואָס דער ערשטער פֿון זיי איז אַ ריש, ווערט דער הילך פֿערענדערט: י—ע: הירש — הערש, ע—אַ: הערץ — האַרץ, ar=ür: באַרשט, אור־אָר: פֿאָרכט.

פּרטים: ער — אַר. ביישפּיעלען: הערד — האַר, ווייל צוויי רישן; אָבער: הערצאָג, הערשאַפֿט, ווייל גענומען פֿון העער — חיל. אַרבען (ירשנען), פֿערדאַרבען, פֿאַרטיג, גאַרבער, גאַרבען, באַרג, האַרבאַריג (אכסניא) פֿון הערבערג, סאַרווער פֿון סערוויר — אַ פֿרעמד אַלטגעזעסען וואָרט; אָבער נערווען, ווייל ניי און פֿרעמד. האַרץ, שמאַרץ, שמאַלקאַרץ (לאַנגע יאָהרצייט ליכט, „קערצען“ אין קירך ביים שטול, „פּרעסטאַל“), אַרבעס, אָנשטאָט ערבסען. אַזוי דאַרף מען ענדערן נייע ווערטער אויך: אַרץ — מעטאַל־ערד, האַרבסט — שפּעט־יאָהר — אין קורלאַנד זאָגט מען טאַקע „האַרבסט“.

אין מעהרצאָהל ווערט ווידער אַ מאָל ע: הערצער, בערג. אין פֿערגלייכענדער מדרגה פֿון בייווערטער אויך אַר בלייבט דער פּתח: שאַרפֿער, קאַרגער, שטאַרקער, אין דער צייט, ווען פֿאַר אַן אַנדער אות בעקומט דער אַ אַן אומלויט אויף ע: קעלטער, עלטער. אויסנאַם: ערגער פֿון אַרג. דאָך האָבן מיר אַן אַלט ווערטעל „קיינמאָל אַרגער ווייטער בעסער“. אויסנעמען פֿון דעם כּלל: ערשט, גערשטען; ערד, פֿערד, שווערד, ווייל אין דייטש איז דער הילך אַ לאַנגער; הערד (פּריפּיטשאָק), הערד — טשערעדע. אין אַלטע טייטש־חומשים ווערט בענוצט: הערט אַ פֿאַסטוך (פּרץ שרייבט שוין אַזוי), הערטשאַפֿט — אַ סטאַדע. און Zwerg — קאַרליק איז געבליבען דער סגול אַדאַנק דעם אַריינגעשטעלטען דלת „צווערדליג“.

ir—er, אין דער פֿערענדערטער ער פֿון זיין זייט, ווערט טיילמאָל ווייטער פֿערענדערט אויף אַ פּתח. ביישפּיעלען: אירגענד — ערגיץ, שטורנע — שטערן, בורנע — בערנע — באַרנע — באַר. פֿון פֿיר ווערט אַ פֿערטיל, פֿערצן, פֿערציג, ווייל עס קומט צו אַ מיטקלינגער נאָכ׳ן ריש. שרייבען פֿיערצעהן א. א. וו. מיט אַ חריק איז אַ דייטשמערישער פּעדאַנטיזם. Birke, בערק (בערעזע) — די ראיה האָבן מיר פֿון פֿאַמיליען־נאָמען בערקמאַן. אויסנעמען: נירדערנע (פֿון לייס) און פֿאַר אַ זש: הירזש, בירזשע (דראָזשקע), קירזשנער. אָבער קערשען — קאַרשען, ווייל ש ניט זש. קירך איז ניי, דעריבער ניט פֿערענדערט.

מיר האָבען שוין ניט איינמאָל געזעהן, אַז דער וואָלינער אויסשפּראַך איז ווייטער ענטוויקעלט, איידער דער ליטווישער, און דער וואַרשעווער — נאָך ווייטער. זאָגען זיי טאַקע פֿערשט אָנשטאָט פֿירשט. וואַרשעווער זאָגען אַ פֿאַרטעלע, פֿאַרצן, פֿאַרציג, לאַרנען א. אַז. וו.

נאָך שטאַרקער איז עס צו בעמערקען ביים יודישען טרוקענעם חית אָדער כף געכאָרכעלט אין האַלז, ווי אַ שטייפֿער ריש — געפֿינען מיר אויך ענדערונגען פֿאַר אַ חית: פֿון ִ אויף ֶ אין ליטווישען אויסשפּראַך אויך: די ענדונג ליך איז אין דייטש קורץ, דעריבער דאַרף זי פֿערענדערט ווערען — שרייבט מען ליך אַלס פֿאַרמאַציאָס־פֿאָרעם פֿון שטייגער־ווערטער: צב״ש פֿריינדליך, „לעך“ אַלס פֿערקלענערונג: פֿריינטלעך, קינדערלעך, ביידע אָבער ווערען אויסגעשפּראָכען „לאַך“ — פֿערענדערט אויף צוויי מדרגות ליך־לעך־לאַך. אין אַנדערע ווערטער בלייבט דער ליטוואַק ביים חריק, דער וואָלינער — ביים סגול, אין דער וואַרשויער דערגעהט ביז׳ן פּתח: ייך, יעך, יאַך; זיך ריכטען, רעכטען, ראַכטען; געדיכט, גערעכט, געדאַכט; ליכט, לעכט, לאַכט; שלאַכט, נאַכטין, נאַכטיגען א. אַז. וו. ביים וואָלינער געפֿינען מיר אַזעלכע ענדערונגען אפֿילו אין סלאַווישע ווערטער: פּיך, דוך דאַרף ווערען פּיך, דיך, ווי בילקע, לילקע. ענדערט ער שוין דעם חריק פֿאַר׳ן כף אין פּעך, דעך. אַ רומיל פּיך הייסט אַ הערט — פֿון הורט, א. אַז. וו.

ur ווערט תּחילת פֿערענדערט ווי יר אויף ער: טערק פֿון Türke, אַ בערדע (אין שפּיעלען) פֿון Bürde (אַ משׂא), „ווערדע“ איז אַ ממזר־וואָרט פֿון Wert און Würde דאַרף מען בענוצען ווערדע אין לעצטען זין: אָנשטענדיגקייט, בכבֿוד׳קייט.

דאָס זענען נור איינציגע אויסנעמען, אָבער דאָס רובֿ ווערטער אויף ur פֿאַר אַ מיטקלינגער ענדערן זיך גלייך אַר: באַרשט, גאַרטעל, דאַרפֿען, וואַרגען, צאַרנען; נייע ווער-

טער: וואַרבעל-זייל — חוט השדרה, וואַרפּעל — גלייך=זייטיגע קלעצלעך, קוביקעס; באַרגען — ערב זיין, קאַווירען.

ur = אָר: גאָרגעל, דאָרשט, וואָרצעל, פאָרכט. דעריבער וואָלט מען בעראַרפט זאָגען: וואָרשט, ניט וואורשט. וואַרשעווער געהען דאָ איך ווייטער און זאָגען קאָרץ, דאָרף, אָנשטאָט קורץ, דורף. מהדרים שטעלען נאָך אַן עין נאָכ'ן ריש, לויט פּאַראַגראַף 9: קאָרעץ, דאָרעף.

די פאָרשטעלען nur, für; הגם זיי האָבען ניט קיין צוויי-מיטקלינגער נאָכ'ן ריש, האָבען זיך דאָך פערענדערט אויף פאַר, נאָר אַזוי איז אויך פערענדערט געוואָרען דער צוזאַץ וואָרט=איין פער אויף פאַר: פאַרמאַכען, פאַרהאַן א. א. וו. פערקעהרט ווידער געפינען מיר דעם וואָרט=אויס פאַר פערענדערט אויף פער אין פּרובּפען, אַכפּערן. פון בּית איז געוואָרען אַ פּיי, וו. אין ווינפּערלעך.

אגב, צום שלום — אַ חקירה, וואָס איז אייגענטליך שייך צו אַן אַנדער פּרק וועגען מיטהילכער: Beeren קלינגט אין יודיש עהנליך צו Bären. בעקומט זיך אַ אידעען=אַסאָציאַציע פון עפּיס רויכיגס, פון וואַלד. תּשעה בּאָב וואַרפט מען זיך מיט בּערעלעך (אין העברעאיש איז איך דאָ אַזאַ סמיכת הפרשיות: דוב — אַ בער, דובדבנים — ווינשעל. „רבע הקב דביונים" — פּשוט בּערעלעך, יאַגדעס; דער כּתוב „חריונים" איז פון לשון חריות, אַ פּרוכט, וואָס וואַקסט אויף דינע צווייגעלעך — שטרויכען.

פערענדערט דעם ב אויף פּ ווערט פון בּעערעלע — פּערעלע, בעקומט זיך אַ פאָרשטעלונג פון אַ פּרילע, קיילעכיג, ווי אַ פּערעלע: ווערט ווינפּערלעך, און אויף דעם אופן קאָן מען שאַפען נייע ווערטער פאַר אַלערליי יאַגדעס: הימפּערלעך, ערפּערלעך, יאָנפּערלעך, בּראָמפּערלעך... אין קורלאַנד זאָגט מען טאַקע: הימפּערן.

# אנמערקונגען צום פאריגען ארטיקעל

פון ב. באָראָכאָוו.

איידער מיר גייען איבער צו פּרטים, ווילן מיר באַמערקן, אַז ה' טשעמערינסקי, וועלכער ווייזט אַרויס אַזאַ פיינעם חוש פאַר די עמפּירישע איינצלהייטן אין דער סטאַטיק פון דער יידישער שפּראַך, באַניצט, ליידער, אַ מעטאָדע, וואָס איז שוין איצט פאַרעלטערט און קאָן אונז נישט העלפן אַרויסצוגעפינען און וויסנשאַפטליך צו פאָרמולירען די אַלגעמיינע כּללים פון דער יידישער פאָנעטיק. ניט אַריינלאָזנדיג זיך אין אַן אויספירליכער קריטיק פון ה' טש. מעטאָדע, ווילן מיר זיך באַגענוגן דערמיט, וואָס מיר ווילן איהר אַנטקעגנשטעלן עטלאַכע וויכטיקע מעטאָדאָלאָגישע כּללים פון דער מאָדערנער וויסנשאַפטליכער פאָנעטיק.

צווישן אַלע צווייגן פון דער שפּראַכוויסנשאַפט איז די פאָנעטיק בּאַ היינטיקן טאָג דער גרינדליכסטער, דער וויסנשאַפטליכסטער. די פאָנעטיק איז דער עקספּערימענטאַלער, נאַטורוויסנשאַפטליכער טייל פון דער פילאָלאָגיע. אויף אַזאַ הויכער מדרגה האָט מען זי אַוועקגעשטעלט ערשט אין די לעצטע פופציק יאָר: פאַר דער צייט (דער עיקר אַדאַנק העלמהאָלצ'ן) איז זי געוואָרן דער גרעניץ=געביט צווישן דער לינגוויסטיק, פיזיאָלאָגיע און פיזיק.

די היינטיקע פאָנעטיק אָפּערירט, אין יירע אַקוסטיש=פיזיאָלאָגישע מאָמענטן, מיט ריין=אָביעקטיווע מיטלען, מיט'ן קאַמערטאָן, מיט'ן שפּיגל פונ'ם גאָרגל=קאָפּ, מיט רעזאָנאַטאָרן, מיט דעם היפּק, מיט'ן האַרץ=קלאַפּן, מיט מאַטעמאַטישע קורווען, א. דגל. אין די ריין=לינגוויסטישע טיילן יירע קומט אויס דער פאָנעטיק שוין ממילא צו אַרבעטן מיט גאָר אַנדערע השגות, איידער די, עס האָבען בענוצט די אַלטפרענקישע גראַמאַטיקער און וואָס אין זייער וועג געהט אין דעם פּרט אויך ה' טשעמערינסקי. קודם כּל ווערט בטל די גאַנצע פאַרצייטיקע איינטיילונג אין וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן: דאָס איז אַן איינטיילונג ניט קיין פאָנעטישע, נאָר אַן אַלפאַבעטישע, ד. ה. קיין וואָקאַלע און קאָנסאָנאַנטע קלאַנגען זיינען ניטאָ, פאַראַן אָבער אַזעלכע אותיות (וואָקאַלן — וואָס עס איז גרינגער זיי צו לייענען אַליין פאַר זיך, קאָנסאָנאַנטן — וואָס לייענען זיי אַליין פאַר זיך איז שווערער). צונויפמישען אַ קלאַנג מיט אַן אות — דאָס איז אַ גרויסער פעלער, וואָס הרג'עט אַוועק יעדע פאָנעטיק, און ממילא שוין יעדע אָרטאָגראַפיע (און טיילווייז אויך די גראַמאַטיק — ד. ה. עטימאָלאָגיע, בפּרט אָבער די מעטריק).

אָט איז אַ רשימה פון יידישע עלעמענטאַרע קלאַנגען:

אַ, אָ, בּ, ג, ד, ה, הּ, וו, ז, זש, ח, ט, י, יְ, ל, לְ, מ, נ, נְ, ס, ע, עְ, פּ, פ, ק, ר, ש.

קאָמבּינירטע קלאַנגען: צ, טש, דז, אי, אַי, אוי.

איבּערגאַנגס=קלאַנגען: ע (האָבען) און נאָך פיעל אַנדערע, וואָס די שריפט קאָן זיי ניט איבערגעבּן.

פוילישער דיאַלעקט פאַרמאָגט נאָך לאַנגע קלאַנגען: אַאַ, אָע, א. דגל.

די אַלטמאָדישע איינטיילונג אין לאַביאַלע, גוטוראַלע א. אַז. וו. געהערט ניט צו דעם לינגוויסטישן, נאָר צום פיזיאָלאָגישן טייל פון דער פאָנעטיק. חוץ דעם, איז זי אויך אין דעם פּרט פּרימיטיוו.

פאַר דעם לינגוויסטישן טייל פון דער פאָנעטיק איז דער עיקר ניט די פראַגע, וואָס פאַר אַן אבר (דער גומען, די צונג, די יאַסלעס, די ציין, די ליפּן, די נאָז=לעכער א. דגל.) בילדט דעם מכשיר פאַר'ן קלאַנג, — נאָר גאָר אַן אַנדער פראַגע. דאָס איז די פראַגע וועגן דער פונקציע פונ'ם קלאַנג. ס'איז קלאָר, אַז די גראַמאַטיק דאַרף זיך דער עיקר אָפּגעבּן ניט מיט די רייד=אָרגאַנען, נאָר מיט די פונקציעס פון די קלאַנגען.

די טאַבעלע אויף ז. 73—74 ברענגט אַ מאָדערנע קלאַסיפיקאַציע פון די יידישע קלאַנגען, — פאַרשטייט זיך, נאָר פון די עלעמענטאַרע קלאַנגען.

# איינטיילונג פון די עלעמענטארע יידישע קלאַנגען

(אויסגענומען די צונויפגעזעצטע: צ, טש, דז, אַי, עי, אָי, וּ).

[אין די קאַנטיקע קלאַמערס ניט-יידישע קלאַנגען אָדער יידישע, וואָס געהערן נאָר צו איינצלנע דיאַלעקטן].

| גראַמאַטישע קלאַסיפיקאַציע. (לויט דער שפּראַכ-ליכער פונקציע פון די קלאַנגען). | אַקוסטישע קלאַסיפיקאַציע. (לויט דער הויך פון די אויבערטענער, דער שטאַרקייט פונ'ם קלאַנג און זיין פאַרב, אין לויט זיין ריינקייט). | | | פיזיאָלאָגישע קלאַסיפיקאַציע. (לויט די פאַרשליסנדיקע אַרטיקולאַציאָנס-אָרגאַנען). מויל-קלאַנגען. ליפּן-קלאַנגען: לאַביאַלעס (ליפּן) | לאַביאָ-דענטאַלעס (ליפּן און ציין) | צונגען-גומען-קלאַנגען: אינטער-דענטאַלעס (שפּעפּליאַווע) | סופּראַ-דענטאַלעס, קאָראָנאַל-אַלוועאָלאַרעס (צונג, ציין און יאַסלעס): פאָדערשטע | הינטערשטע | דאָרסאַלעס: פּאַלאַטאַלעס (האַרטער גומען) | וועלאַרעס (ווייכער גומען) | גאָרגל-קלאַנגען[1]: לאַרינגאַלעס (גאָרגל-שפּאַלט) |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מאָמענט-קלאַנגען (ניט זילבן-בילדנדיק). | רעש-קלאַנגען. | עקספּלאָזיווע (זיי עקספּלאָדירען מיט אַ מאָל). | שטומע (פּאָרטעס, אַספּיראַטע). | פּ | | | ט [העבר. ת ت] | [העבר. ט ط] | ק [העבר. כּ] | [העבר. ק ق] | [העבר. א ء] |
| | | | הילכיקע (לענעס, פּאַניסע). | ב | | | ד [העבר. ד] | [ض] | ג [העבר. ג] | | [העבר. ע] |
| | | ספּיראַנטן (זיי ווערען געצויגן מיט'ן אָטעם). | שטומע (פּאָרטעס). | | פ | [העבר. ת ש; ث ענגל. th] | ס | ש | [דייטש ch אין ich] | [(³העבר. כ] | ח |
| | | | הילכיקע (לענעס). | [העבר. ו̣ ° و] | וו [העבר. ב] | [(זש²) ذ ענגל. th העבר. ד] | ז | זש | י (j) | | ה |
| דויער-קלאַנגען (קאָנען יאָ בילדן אַ זילבע, אָבער ניט אַלע בילדן זי בעזיינדלאַך). | קול-טענער (סאָנאָרע). | האַלב-אָפענע טענער (ליקווידע). | נאַזאַלירטע טענער. | מ | | | נ | נ̤ (⁴) | ń (נ'⁵) פאַר ק און ג | | |
| | | | גלאָט-רעזאָנירנדיקע טענער. | | | | ל | ל̤ (⁶) | [פראַנצ. ill] | | |
| | | | ציטערנדיקע טענער. | | | | ר(⁷) | [ר רוסיש-שאַרף] | [ר ניי-גריכיש γ העבר. ג] | [ר, غ] | ר(⁸) |
| | | אָפענע טענער (וואָקאַלען). | 1. נידעריקסטע טענער (c¹—e²-טענער) | | אוּ u | | | | | | |
| | | | 2. c²-טענער | | | | | | אָ o | [oa אָ̂] (⁹ | a אַ |
| | | | 3. מיטלערע טענער (e²-טענער) | | | | | | (¹⁰עֹ ы | | |
| | | | 4. d²—h³-טענער | | | | | e עֶ | | | |
| | | | 5. אויבערשטע טענער (e⁴-קאָפּ-טענער). | | | | | | אִי i | | |

[1]) איינגנטלאַך, קאָן מען נאָך די גאָרגל-קלאַנגען צעטיילן אַף צוויי גרופּן: 1) וועלאַר-לאַרינגאַלע: העברעאיש יידיש ר יידיש און העברעאיש, ח אַראַביש خ, אַראַביש غ; 2) ריין-לאַרינגאַלע: העבר. א; העבר. ע; ה; אַראַביש ح; און דער וואָקאַל a. [2]) באַגעגנט זיך אין יידיש אין יענע קאַנטן, וואו די יידן שעפּעליאַווען. [3]) באַגעגנט זיך בא די דרום'דיקע יידן; דאָס איז דער רוסישער x. [4]) אין „טאָטוניו". [5]) באַגעגנט זיך אין יידיש בכלל נאָר פאַר ג און ק (בענקען, קלאַנגען), אין פוילישן דיאַלעקט אָבער אָפטער, למשל „מעשה" ווערט אויסגעשפּראָכן mańssej. [6]) אין „שליאַך". [7]) באַגעגנט זיך בא פיל יידן; דאָס איז דער ווייכער רוסישער p; [8]) דער כאָרכלדיקער ר. [9]) דער ענגל. a אין all; באַגעגנט זיך בא די קיעווער, בעסאַראַבער און אונגאַרישע יידן. [10]) דער קלאַנג אין „פאָטער", ענליך צו רוסיש ы, פויליש y.

כּדי מען זאָל זעהען, ווי וויכטיק איז אַזאַ קלאַסיפיקאַציע, וואָלט ייך אָנווייזן אַף די פאָלגנדע מסקנות. 1) אַלע דויערדיקע קלאַנגען קאָנען בילדן אַ טראַף. מען זאָגט בלשון לצנות, אַז דער סופערלאַטיוו פון „גוט" איז אין יידיש „פּס!"; דאָ בילדט דער „ס" אַ טראַף. אַז מע פאַרטרייבט הינער מיט׳ן רוף „קש!", בילדט דער „ש" אַ טראַף. געוויינטלאַך אָבער בילדן אין יידיש אַ טראַף נאָר די סאָנאָרע טענער, און אויך ניט אַלע, נאָר די פאָלגענדע אַלט: אַ, אָ, ע, ע, אי, אַי, ל און נ. ד. ה., ל און נ זיינען אין יידיש געוויינטלאַכע „וואָקאַלן". ל און נ זיינען אָבער זילבנבילדעדיק אויך ניט אומעדום, נאָר ניט מער, ווי אין די סופיקסן (און פלעקסיוו-ענדונגען); פאַראַן אויך דאָ איינציקע אויסנאַמען: אַ נ איז ניט זילבנבילדעדיק אין די פּעלים, וואָס שטאַמען פון העברעיש און סלאַוויש, ווייטער אין די דייטשע סופיקסן — קלען, — גלען, — דלען, — מלען, — נגען, — נקען, — מען; נל פאַרטראָגן ניט איינער דעם צווייטן, בילדט זיך נדל; לל בילדט זיך צו לכל; נן צו נען. וועגן אויסנאַמען איז דאָ ניט דער אָרט צו רעדן. קורץ קאָן מען אויסדריקן דעם כּלל, אַז די האַלבאָפענע טענער פאַרטראָגן שווער איינער דעם צווייטן. די אָרטאָגראַפישע מסקנא איז, אַז וואו דער ל אָדער נ זיינען זילבנבילדעדיק, דאַרף מען קיין ע ניט שרייבן. 2) יעדער הערדיקער קלאַנג קאָן אַף זיך האָבן דעם טראָפּ. אַזוי זאָגן די טשעכן וור׳כליצקי: וור׳+כלי+צקי; די סערבן זאָגן סר׳פּסקא: סר׳+פּסקא; די אַלטע אינדיער — ר׳גוועדא: ר׳ג+ווע+דא. אין יידיש באַקומט דעם טראָפּ נאָר אַנ׳אָפענער טאָן, ד. ה., וואָס מע תּפסט אָן וואָלגאַריש „וואָקאַל"; אַפ׳ן ל און נ פאַלט אין יידיש דער טראָפּ ניט.

3) כּדי צו באַגרינדן די דריטע — אומגעהייער וויכטיקע — מסקנא, מוז ייך זיך אָפּשטעלן אַף די כּללים פון יידישן טראָפּ. אַ טראָפּ צו אַ טראָפּ איז ניט גלייך. פאַראַן 1) נאַטירלאַכער טראָפּ, 2) פאָנעטישער אָפּגעהאַקטער טראָפּ, און 3) אומרעגלמעסיקער טראָפּ [1]. אומרעגלמעסיק איז דער טראָפּ, למשל, אין ענגליש און רוסיש; פאָנעטיש אָפּגעהאַקט אין פּויליש (אַף דעם פאָרלעצטן טראַף), אין איטאַליעניש (דאָסועלביקע), אין פראַנצויזיש (אַפ׳ן לעצטן טראַף), אין טערקיש (דאָסועלביקע), אין טשעכיש (אַפ׳ן ערשטען טראַף), אין אונגאַריש (דאָסועלביקע), אין אַלט-גריכיש (אַף יענעם טראַף, וואָס באַטרעפט דריי קורצע אָטעמס פונ׳ם סוף-וואָרט), אין לאַטייניש, העברעיש און אַראַביש (אַנדערע כּללים). נאַטירלאַך איז דער טראָפּ אין דייטש און אין יידיש.

אַ נאַטירלאַך-באַטאָנטער טראַף קלינגט גאָר אַנדערש, ווי אַ פאָנעטיש-אָפּגעהאַקטער. ווען דער ייד זאָגט „ווע׳דליק", אין דער פּויל «wédług» קלינגט דער „ווע" אין ערשטען פאַל גאָר אַנדערש. מיר לאָזן בײַ דער זייט דעם אומרעגלמעסיקן טראָפּ און פאָרמולירן פאָלגענדן געזעץ:

דער נאַטירלאַכער טראָפּ טיילט אויס דעם וויכטיקסטן טראַף פונ׳ם גאַנצן וואָרט. דער פאָנעטיש-

1) איך לאָז בײַ דער זייט דעם פּליסעדיקן טראָפּ אין איניקע אגלו-טינאַנטע שפּראַכן און דעם אונאונטערבראָכענעם טראָפּ אין איניקע ראַדיקאַלע שפּראַכן.

אָפּגעהאַקטער טראָפּ טיילט אויס יעדן וואָרט פונ׳ם זאַץ. בײַ׳ם נאַטירלאַכן טראָפּ הערט דער אויער, וועלאַכער טראַף איז דער וויכטיקסטער פונ׳ם גאַנצן וואָרט. בײַ׳ם אָפּגעהאַקטן טראָפּ הערט דאָס דער אויער ניט, דערפאַר אָבער הערט ער, וואו סע ענדיקט זיך איין וואָרט און וואו סע הייבט זיך אָן דער צווייטער וואָרט. דער נאַטירלאַכער טראָפּ ציילט די געדאַנקען, דער אָפּגעהאַקטער ציילט די ווערטער און די טראַפן.

און דערפון די מסקנא: בײַ׳ם נאַטירלאַכן טראָפּ ווערן די אומבאַטאָנטע דויער-קלאַנגען פאַרטונקלט. בײַ׳ם אָפּגעהאַקטן טראָפּ ווערט יעדער קלאַנג, סיי באַטאָנט, סיי אומבאַטאָנט, שאַרף און קלאָר אויסגעשפּראָכן.

דער נאַטירלאַכער טראָפּ גיט צו דער גאַנצער רייד אַ זינגעוודיקן כאַראַקטער. דער אָפּגעהאַקטער, פאַרקערט, — אַ רעטשי-טאַטיוון כאַראַקטער. איצט שטעלט זיך פאָר, אַז דער ייד זינגט אויס דעם וואָרט „פאַראָרימט". די גרעסטע אָנשטרענגונג מוז ער מאַכן אַפ׳ן מיטלערן טראַף, איז ממילא מוז ער די שטים אָפּלאָזן בײַ די איבעריקע. אַזוי ווי אָבער די קלענסטע אָנשטרענגונג איז — אַרויסצוברענגען אַ טאָן פון מיטלערער הויך (סיי די נידעריקע טענער, סיי די העכערע טענער איז שוין אַ גרעסערע אָנשטרענגונג), — כאַפּט דער ייד פון די נידעריקע און פון די העכערע טענער מיטלערע טענער. דערפון נעמט זיך דער כּלל: די אומבאַטאָנטע וואָקאַלן אין יידיש ווערן מיטלערע טענער אַ און ע. און ס׳קומט אויס: Farorymt.

פון דעם דאָזיקן גרונד-געזעץ פון יידישן וואָקאַליזם שטאַמען נאָך אַנדערע וויכטיקע אויספירונגען:

א) די יידישע דיאַלעקטן שיידן זיך אונטער צווישן זיך דער עיקר מיט די באַטאָנטע וואָקאַלן.

ב) אַ ניי-אַריינגענומען וואָרט טיילט זיך אויס פון די אַלטע אמת-פאָלקסטימלעכע יידישע ווערטער דער עיקר אין דער פאַרטונקלונג: אַ ניט-פאַרטונקלט וואָרט איז געוויס אַ נעאָלאָגיזם.

———

צו ז. 51. קינד, רינד, געשווינד, שינדן, גרינדן, גרונד, לאַנד, — און נאָך פילע אַנדערע ווערטער. איז דען „קינד" אַ נייער באַגריף? נמצא, אַז ה׳ טשעמערינסקי׳ס כּלל איז קיין כּלל ניט. וואו דער ד ווערט פאַרענדערט אין אַ ט, דאַרף מען טאַקע שרייבן ט (האַנט, וואַנט, טריזנט, געזונט, הונט, ווינט), וואו דער קלאַנג שוואַנקט, מעג מען שרייבן אי אַזוי אי אַזוי (פריינד, פריינט, פיינד, פיינט, גרונד, גרונט), און וואו דער קלאַנג איז ד, דאַרף מען אויך שרייבן ד.

צו ז. 53. די קלאַסיפיקאַציע פון די העברעישע מדקדקים איז געוויס ווייט פון דער מאָדערנער גענויקייט, — פונדעסטוועגן איז גענוג אַריינצוקוקן אין מיין טאַבעלע, כּדי צו זעהען, אַז די העברעישע מדקדקים האָבן אין דער פיזיאָלאָגישער קלאַסיפיקאַציע אַרויסגעוויזן אָן אַנ׳ערך מער אַנאַליטישן טאַלאַנט, איידער די גריכישע, וואָס פון זיי שטאַמט די קלאַסיפיקאַציע בײַ די „אומות העולם" [2].

2) בומף == ליפּן-קלאַנגען אין מיין טאַבעלע; זסש(ר) ץ און דטלנת — די צונג-גומען-קלאַנגען; גיכ׳ק — די דאָרסאַלעס; אהחער — לאַרינגאַלעס.

ה' טש' באַמערקט ריכטיק, אַז דער אַלט־אַראַמעיִשער קלאַנג האָט זיך אין העבּרעיִש פאַרענדערט; ער מיינט אָבער, אַז די העבּרעיִשע מדקדקים זינדיקן קעגן דעם דאָזיקן געזעץ. ס'איז אַ טעות. פון מיין טאַבעלע זעט מען גלייך, ווי די אַרמ'ישע עקס־פּלאָזיווע זיינען אַריבּער אין די אנטשפּרעכעדיקע העבּרעיִשע ספּי־ראַנטן (ט אין צ — און צ איז אין אַלט־העבּרעיִש געווען ניט קיין טס, נאָר אַנ'עמפאַטישער, געקוועטשטער ס; ת אין ש — מסתמא אין אַ שעפּעליאַוון קלאַנג — אינטערדענטאַלער קלאַנג: דערמאָנט זיך די געשיכטע מיט שבלת; ד אין ז — ד. ה. אַלץ פאָרט געבּליבּן אין דעם קאָראָנאַל־אַלוועאָלאַרן, שפּיץ־צונג־יאַסלעס געביט).

צו ז. 54. דער אַ און דער ע—אין העבּרעאיש (און אויך אין אַראַבּיש) זיינען צוויי קלאַנגען, וואָס אָן דער הילף פון דער מאָדערנער אַקוסטישער קלאַסיפיקאַציע איז זיי ניט מיגלאָך צו צעטיילן. ביידע זיינען גארגל־קלאַנגען, נאר דער א איז אפאנייש, בשעת ע—איז פאָניש. אין מאָדערן־אַראַבּיש הערט מען נאָך ביידע איך אָן אַ שום וואָקאַל. דער אַראַבּער זאָגט „ראַ'ס" (ראש), „טאַבּ" (טבע). — אין דערמיט פאַרליִרט ייִר יסוד די גאַנצע ווייטערדיגע טעאָריע פון ה' טש', אַז אַלע וואָקאַלן דאַרפן אין ייִדיש נעטראָגן ווערן פון אַנ'א. — אויב אַזוי, אויב מע דאַרף שרייבּן וואָרט—איין או. אי, טאָ פאַרוואָס ניט „אע" — אעפּעל, אעסען (עפּל, עסן)?

צו ז. 55. פון ד. אותיות הנוח (אהו"י) איז אייגענטלאַך דער ה קיין מאָל ניט געווען קיין Mater lectionis (דער ה פלעגט אויסגעשפּראָכן ווערן אַליין פאַר זיך, ווי h).

צו ז. 57. ס'איז אַ סבֿרה, אַז די אַשכּנזי'שע הבֿרה איז נעהנ־טער צו דער אַלט־העבּרעיִשער און אַראַמעיִשער, איידער די ספרדי'שע. — ווייטער איז ניטאָ קיין שום יסוד, אַז די אַשכּנזי'שע יידן האָבּן געביטן מלרע אף מלעל תיקא אונטער'ן פּוילישן איינפלוס. אויב אַזוי, פאַרוואָס באַמערקן מיר דיזעלבּיקע פאַרענדערונג פון מלרע אין מלעל בּא די יידן אין דייטשלאַנד, אין בּעהמען, אין דער אוקראַינע?

ד. ג. ס'איז ניט ריכטיק, אַז די יידן קוועטשן זייערע סלאַווישע ווערטער אפ'ן דריטן טראַף: אבּי (obi) אומישנע (umischny). קאָראָבּקע ע. א. ד. גל. אמת, על פּי רובֿ קומט אויס דער טראָפּ אף דעם דריטן טראַף פון סוף, נאָר דאָס איז ניט קיין כּלל פאַר זיך, נאָר אַ פּועל יוצא פון אַנ'אַנדער כּלל, וועלאַכן ה' טש' האָט דאָך אַליין פאָרמולירט: דער ייִד באַטאָנט דעם שרש, און געווינטלאַך איז דער שרש — די דריטע זילבּע פון סוף אין די סלאַווישע ווערטער: סע טרעפט אויך, אַז דער ייִד האָט אַ טעות אין פּשט און נעמט אָן דעם דריטן טראַף פאַר'ן וויכטיקסטן, ד. ה. פאַר'ן שרש (ווי אינ'ם פראַנצ. וואָרט „רעסטאָראַן".

ז. 59. די אַשכּנזי'שע הבֿרה איז ניט „פערגרייזט", און די ספרדי'שע איז ניט „ריכטיג". (ז. אויך באַמ. צו ז. 57). די „קאָנסאָנאַנטן" ווערן אין דער הבֿרה אַשכּנזית געווים אויס־געשפּראָכן נעהנטער צו דער אַמאָליקער העבּר.־אַראַמ. אויס־שפּראַך; מכּח די „וואָקאַלן" איז פאַראַן אַ פּלוגתא דרבּנן.

% באַהויפּטונג, אַז די הבֿרה אַשכּנזית איז פאַרגרייזט, איז אַליין ניט מער ווי אַנ'אַלטמאָדישע פאַרגרייזטע „טעאָריע" [פערגל. דעם אַרטיקעל הבֿרה העבֿרית פון צבֿי אידלזון אין „השלח" 1913, העפט I און II].

ז. 63. אין מהד. איז געווען איך אַ פאָרמע jâmer (צו־גלייך מיט אַנדערע): מסתמא נעמט זיך פון ייִר „יאָמער".

אָרט גופא. אף וואָס בּרויכן מיר ווידער אַריינפירן דעם אימפּערפעקט, פון וועלאַכן מיר זיינען שוין ב"ה פּטור געוואָרען, — בעת די דייטשן גופא האַלטן איך בּא פּטור ווערן פון ייִם?

ה' טש. איז שטרענג מדקדק אף די נייע ווערטער, וואָס מע דאַרף אַריבּערנעמען פון דייטש. ס'איז אָבער קלאָר, ראשית, אַז פילע פון די ווערטער וועט קיינער ניט אַריבּערנעמען, ווייל ס'איז פאַראַן שוין אַנדערע ייִדישע, נייע העבּרעיִשע; שנית, אויב שוין יאָ אַריבּערנעמען נייע ווערטער, וועט דאָס טאָן דער דיכטער; דער זשורנאַליסט, דער פאָלקסלערער, וואָס זיינען בטבֿע ניט מסוגל מחמיר צו זיין אין פאָנעטישע פּרטים. איז דאָך די אויפגאַבּע פונ'ם פילאָלאָג פעסטצושטעלן נאָר די כּללים פונ'ם פאָלקסטימלאַכן וואוילקלאַנג. אַזוי ווי אָבער דער ליטעראַרי־שער ייִדיש (ווילנער מונדאַרט פון ליטווישען דיאַלעקט) פאַרמאָגט ניט קיין קורצע און קיין לאַנגע טענער, — דעריבּער האָבּן ה' טש'ס כּללים לחלוטין גאָרנישט צו טאָן מיט'ן ייִדישן וואוילקלאַנג. ער פאַרנעמט זיך די גאַנצע צייט נאָר מיט די לאַנגע און קורצע וואָקאַלן אין דייטש. אָבער וואָס אַרט אונדז דער הייטישער וואוילקלאַנג?! אַבי ייִדיש זאָל קלינגען שיין! און אין ייִדיש ווערט דער וואוילקלאַנג באַשטימט גראָד דורך די אייגנשאַפטן פון די זילבּן־בּילדעדיקע ל און נ, און די פאַרטונקלונגס־פאָרמען פון אומבּאַטאָנטע וואָקאַלן.

אין ייִדיש מעג מען זאָגן „ראַט", פּונקט ווי מע מעג זאָגן „קאַץ". ווייל ווען דאַרף דאָס אַרן, וואָס בּא די דייטשן איז דער ערשטער אַ לאַנג, און דער צווייטער קורץ? בּא אונדז קלינגען ביידע גלייך!

מ. וויינגער.

# העברעאישע קלאַנגען אין דער יודישער שפּראַך.

(גאָטיק).

די העברעאישע קלאַנגען, וואָס מיר הערען ארום זיך סיי פון אַ פערברענטען חובב שפת עבר, סיי פון אַ פראָסטען יודען אין בית־המדרש, זענען ניט די אייגענע קלאַנגען, וואָס מען האָט געקאָנט הע־רען פון אַ העברעער מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק אין ארץ־ישראל.

אַז אַ דעמאָלטיגער יוד זאָל אויפשטעהן פון קבר און הערען, ווי אַ וואַרשעווער יוד, צום ביישפּיעל, רעדט אָדער דאַווענט העברעאיש, וואָלט ער אַודאי געמיינט, אַז ער הערט ניט די קלאַנגען פון די נביאים, נאָר אַן אַנדערע, אמת אַ נאָהענטע, אָבער פאָרט אַן אַנדער שפּראַך.

די קלאַנגען, וואָס מיר הערען פון אַ יודען ביים דאַווענען, זענען בשום אופן ניט קיין העברעאישע, פאַר זיי איז דאָ איינאיינציגער נאָמען: דאָס זענען יודישע קלאַנגען, יענע, וואָס מיר הערען, בשעת מיר רעדען יודיש. וואָרום די ענטוויקלונגס־געזעצען, וואָס האָבען געבראַכט העברעאיש צו זיין היינטיגען צושטאַנד, זענען דיזעלביגע, וואָס ווירקען בכלל אין יודיש.

דער דאָזיגער געדאַנק וועט ווערען קלאָר און זיכער, אויב מיר וועלען 1) פאָרשטעלען די אַמאָליגע קלאַנגען פון העברעאיש, 2) פערגלייכען מיט זיי די היינטיגע קלאַנגען פון העברעאיש און 3) בעווייזען, אַז די געזעצען, וואָס האָבען געהערשט אין דער ענטוויק־לונג פון הע־רעאיש, זענען דיזעלביגע, וואָס אין דער יודישער שפּראַך בכלל.

מיר וועלען דערביי געדענקען, אַז ביי דער היסטאָרישער בע־טראַכטונג פון יודיש איז וויכטיג אָבצוטיילען לאַנגע וואָקאַלען פון קורצע[1], און נאָך וויכטיגער איז פאַר דער געשיכטע פון יודישע קלאַנגען די בעטאָנטקייט און אומבעטאָנטקייט זייערע.

---

דער העברעאיש פון תנ"ך האָט געהאַט פאָלגענדע קלאַנגען און צייכענס פאַר זיי: קמץ — ָ. דאָס איז געווען אַ לאַנגער a, וואָס ווערט אַרויסגערעדט מיט אַ ברייט געעפענטען מויל און וואָס געדויערט צוויי מאָל אַזוי פיעל, ווי דער געוועהנליכער קורצער a.

דער קמץ איז אויך געווען דער צייכען פאַר'ן קורצען o. ער האָט געהייסען קליינער קמץ.

פתח ַ האָט בעדייט דעם קורצען a.

דער חולם ֹ, וֹ — איז דער סימן פון לאַנגען o.

שורוק וּ און קבוץ ֻ זענען געווען די צייכענס סיי פאַרן לאַנ־גען, סיי פאַרן קורצען u.

דער חירק ִ איז דער סימן פאַרן לאַנגען און קורצען i.

צירה ֵ איז געווען אַ לאַנגער e.

דער סגל ֶ אַ קורצער e.

די איבעריגע צייכענס — שוא, חטף־קמץ, חטף־פתח, חטף־סגל —

[1]) אויף דעם פּרינציפּ האָט אָנגעוויזען אין צווייטען און דריטען העפט פון באַנד XII, Saineanu, Memoires de la société de linguistique de Paris.

האָבען דעמזעלביגען ווערט, וואָס ווערט זיי צוגעשריבען אין אונ־זערע היינטיגע עלעמענטאַרע העברעאישע גראַמאַטיקעס[1].

מיר וועלען יעצט זעהן, וואָס פאַראַ ענדרונגען ס'האָבען גע־קראָגען די אַמאָליגע העברעאישע קלאַנגען אין מויל פון היינטיגע יודען.

## בעטאָנטע וואָקאַלען.

### ָ — a (לאַנגער a).

דעם פאַרצייטיגען קמץ, נאָר אָהן זיין אַמאָליגער לאַנגקייט, האָבען מיר נאָך היינט אין אַזעלכע ווערטער, ווי: מסתּמא — מיסטאַמע, חָבר — כאַווער, גאַנווענען פון גָנב, סאַרפענען פון שָׂרף, באַרקענען פון בָּדק און אַנדערע.

דאָס זענען אָרימע רעשטען פון אַמאָליגען בנין.

היינט איז ביי אונז דער קמץ ניט קיין לאַנגער a, נאָר אַן o. צ. ב. דָבר לייענען מיר ניט דאַבאַר, נאָר דאָוואָר. צְדָקה ניט צדאַקאַ, נאָר צדאָקע. קָרוב — ניט קאַראָב, נאָר, קאָרעוו.

דער דאָזיגער o, וואָס שטאַמט פון קמץ, געהט איבער אין פּוילישען און דרום־רוסלענדישען דיאַלעקט אין u.

דאָוואָר — דואוואור. צדאָקע — צדוקע, קאָרעוו — קורעוו.

מיר וועלען יעצט פערגלייכען דעם o פונ'ם קמץ מיט'ן o, וואָס שטאַמט פונ'ם דייטשען לאַנגען u.

קעגען דעם דייטשען â האָבען מיר אין יודיש o.

schlagen — שלאָגען, magen — מאָגען, sagen — זאָגען.

אין די דיאַלעקטען איז דער דאָזיגער o — u.

שלאָגען — שלוגען, מאָגען — מוגען, זאָגען — זוגען.

דער סך־הכל: דער העברעאישער קמץ האָט אָנגענומען אין יודיש אַזאַ פאָרם, ווי ס'האָט איהם אָנגעוויזען דער געזעץ, וואָס הערשט אין דער גאַנצער שפּראַך.

### ָ — קורצער o.

דער קליינער קמץ, וואָס האָט בעדייט o, איז אין יודיש גע־בליבען o.

קָרבָּן — קאָרבען.

כָּל שכן — קאָלשקיין, כָּל בו — קאָלבוי.

דער דאָזיגער o, וואָס שטאַמט פון קורצען העברעאישען, בלייבט אומפערענדערט אין די דיאַלעקטען.

דער פּוילישער און דרום־רוסלענדישער יוד וועט זאָגען אַזוי ווי דער ליטווישער: קאָרבען, קאָלשקיין, קאָלבוי.

דאָסזעלבע געפינען מיר אין גערמאַנישען עלעמענט פון יודיש: דער קורצער o בלייבט אומפערענדערט.

kloz — קלאָץ, kochen קאָכען, kosten — קאָסטען.

אין די דיאַלקטען בלייבט אויך: קלאָץ, קאָכען, קאָסטען.

[1]) Stade Lehrbuch der hebräischen Grammatik l, 40. Ewald — — 119—127.

### ַ — קורצער a.

דער פּתח בּלײַבּט אין יודיש אומפערענדערט.

שַׁבָּת—שאַבּעס, נַחַ —נאַכעס, דַלות—דאַלעס.

אין די דיאַלעקטען בּלײַבּט דער דאָזיגער a אומפערענדערט: שאַבּעס, נאַכעס, דאַלעס.

דאָס אײַגענע איז אין די דײַטשע ווערטער, backen—בּאַקען, glatt—גלאַט, waschen—וואַשען. אַזוי איז עס אין אַלע דיאַלעקטען.

### ֹ — o

דער פּאַרצײַטיגער חולם, אָהן זײַן אַמאָליגער לאַנגקײַט, איז בּײַ אונז געבּליבּען אין אַזעלכע ווערטער ווי: קֹול—קאָל, סוד – סאָד, רוב–ראָוו, סוף—סאָף, עוף—אָף.

געוועהנליך איז בּײַ אונז דער חולם אַריבּער אין oj.

בּכורה—בּכוירע, טובה—טויווע, משה—מוישע.

מיר בּעמערקען אָבּער אַ געוויסע געזעצמעסיקײַט אין'ם איבּער־בּײַט צווישען פּאַרצײַטיגען חולם און הײַנטיגען oj.

מיר זאָגען: בּכאָר און בּכוירע, קאָל און קוילעס, סאָד און סוידעס.

דעם כּלל, וואָס אָן איהם ווענדט זיך די בּעציהונג צווישען o און oj אין יודיש, קען מען פאָרמולירען אַזוי: אויבּ דער טראַף איז געשלאָסען מיט אַ קאָנסאָנאַנט, האָבּען מיר o, אויבּ דער טראַף איז אָפען, האָבּען מיר oj [1].

און ווידער, כּדי צו פערשטעהן דעם סוד פון דעם דאָזיגען כּלל, מוזען מיר זיך ווענדען צום גערמאַנישען עלעמענט אין יודיש.

דאָ האָבּען מיר אַזאַ כּלל: דער לאַנגער o איז oj: brot—בּרויט, boden—בּוידעם, hoch—הויך. דער קורצער o בּלײַבּט o.

אָבּער קורץ איז דער טראַף אין גערמאַניש דעמאָלט, ווען ער איז געשלאָסען מיט צוויי אָדער מעהר קאָנסאָנאַנטען, לאַנג—ווען ער איז אָפען אָדער געשלאָסען מיט איין קאָנסאָנאַנט.

אין העבּרעאיש קאָנען אָבּער קײן צוויי קאָנסאָנאַנטען, קײן צוויי שוא'ען ניט שליסען קײן טראַף. און דערפאַר איז דער אײנער קאָנסאָנאַנט, וואָס שליסט דעם טראַף אין בּכור, סוד, סוף, געוואָרען דער סימן פון וואָקאַל־קורצקײַט.

אין דעם פּוילישען און דרום'דיגען דיאַלעקט האָבּען מיר פון'ם חולם o און oj, אין דעם ליטווישען דיאַלעקט—o, ej.

בּכאָר, בּכוירע—בּכאָר, בּכייִרע, סאָד, סוידעס—סאָד, סייִדעס, קאָל, קוילעס—קאָל, קייִלעס.

דאָסזעלבּע אין דײַטשע ווערטער: הויבּ—הייִבּ, בּוידעם—בּײַ־דעם און א. ז. וו.

### ֵ — ê (לאַנגער e).

דער אַמאָליגער צירה איז געבּליבּען בּײַ אונז אין אַזעלכע ווערטער, ווי: מֵת—מעס, שֵׁד—שעד, שֵׁם—שעם, מעת־לעת—מעסלעס.

געוועהנטליך געהט ער אַריבּער אין ej.

מֵתים—מייסים, שֵׁדים – שיידים, עֵצה—אייצע.

אויך דאָ האָבּען מיר די פולע אַנאַלאָגיע מיט'ן גערמאַנישען עלעמענט. לאָמיר זיך דערמאָנען אַזעלכע ווערטער ווי: לײבּ, löwe, אייל—öl; לאָמיר געדענקען. אַז אין דרום־רוסלאַנד איז יעדער

1) אַזאַ פאָרמולירונג איז מיר אויסגעקומען צו הערען פון ה' טשע־מערינסקי.



לאַנגער e—ej. שטעטעל — שטייִטעל, נעמען (נאָמען) — נייִמען, פרעגען—פרייִגען.

### ֶ — קורצער e.

דער סגול איז געבּליבּען אין יידיש e.

בֶּגֶד — בּעגעד, שֶׁרֶץ, — שערעץ, פֶּרֶא אדם — פּעראדאָם, קעגען דעם דײַטשען קורצען e האָבּען מיר אויך e.

messer—מעסער, setzen—זעצען, fressen—פרעסען.

### ֶר — er

קעגען דעם דײַטשען er איז אין יודיש אָפט ar: herz—האַרץ schmerz—שמאַרץ, sterben—שטאַרבּען; דאָסזעלבּיגע האָבּען מיר אין העבּרעאיש, צ. בּ., אין וואָרט חרפּה—כאַרפּע.

### ִ — i (לאַנגער אָדער קורצער i).

דער לאַנגער דײַטשער i האָט קעגען זיך אין יודיש אַ ווייכען i אין אַלע דיאַלעקטען: giessen—גיסען, זאָגט דער ליטווישער און פּוילישער יוד. דער קורצער i איז אין ליטוויש אַן i, וואָס איז אַ בּיסעל האַרטער פון יענעם i, וואָס שטאַמט פון לאַנגען דײַטשען i; אין'ם פּוילישען און דרום'דיגען דיאַלעקט איז דער דײַטשער קורצער i—אַ האַר־טער קלאַנג עהנלעך צום רוסישען ы. tisch—ליטוויש—טיש, פּויליש און דרומיש טыש. fisch—פיש—פыש. — דיזעלבּיגע זאַך האָבּען מיר אין העבּרעאישע ווערטער, מיתה—מיט אַ בּרייטען i—גיט אין אַלע אויסשפּראַכען—מיסע. דאָס אײגענע—בּריאה, מציאה—בּריע, מעציע. פערקעהרט דער קורצער i אין שידוך, סידור, שכּור גיט אין ליטוויש אַ מיטעלען i און אין דעם פּוילישען און דרום'דיגען דיאַ־לעקט ы. אַלזאָ: שיקער. שידאַך, סידער — שыדאַך, שыקער, סыדער.

### ִר — ir

קעגען דעם דײַטשען ir האָבּען מיר אָפט אין יודיש er, irdisch, irgend, hirsch, vierzig, vierter—ערדיש, ערגיץ, הערש (נאמען), פערציג, פערטער. דאָס אייגענע קומט פאָר אין העבּרעאישע ווערטער: בּריה—בּעריע. ווען דער r איז אַפילו אָבּגעטײלט פון i ווירקט אויך דער געזעץ. מדרש — מעדרעש, בּית־המדרש — בּעסאַמעדרעש.

### ֻ, ו — (קורצער אָדער לאַנגער u).

דער דײַטשער לאַנגער און קורצער u איז אין ליטוויש צוזאַמענ־געפאַלען אין איין u; אין דעם פּוילישען און דרום'דיגען דיאַלעקט גיט דער לאַנגער u—i, און דער קורצער u — אַ קלאַנג, וואָס מען קאָן אויסדריקען מיט'ן רוסישען ы.

דער לאַנגער u אין stuhl, ruhen גיט אין ליטווישען— שטול, רוהען; אין פּויליש. און דרום. שטיל, ריען.

דער קורצער u אין butter, mutter, gefunden—גיט אַ ליט־ווישען פּוטער, מוטער, געפונען; אין פּוילישען און דרום'דיגען—פּыטער מыטער, געפыנען. דאָס אײגענע אין העבּרעאיש.

דער לאַנגער u אין צורה, סעודה, ירושה —גיט אין ליטוויש: צורע, סודע, יערושע; אין פּויליש אין דרום'יש: צירע, סידע, יערישע.

דער קורצער u אין משומד, מותר, לולב גיט אין ליטוויש מעשומעד מוטער, לולעוו; אין פּויליש אין דרומיש: מעשыמעד, מыטער, לыלעוו.

### חטף־קמץ, חטף־פּתח, חטף־סגול.

1) אויבּ אויף דעם חטף־קמץ, פּתח, סגול פאַלט די טראָפּ

(דער אַקצענט), פערלירען זיי דעם חטף און ווערען פולע קלאַנגען: חֲזִיר—כאַזער, אֱמֶת—עמעס, חֲתוּנה—כאַסענע.

2) אויב דער חטף־קמץ, פּתח, סגול שליסט אַ טראַף, פערלירט ער זיין וואקאל־ווערט:

רַחֲמנות—ראַכמאָנעס; סוֹחֲרים—סאָכרים.

3) אויב נאָך אַ פּתח שטעהט אַ חטף־פּתח—גיבען זיי צוזאַמען aj: מַעֲשׂה — מייסע, טַעֲנה — טיינע, גַאֲוה — גייווע, תַּאֲוה — טייווע, דַאֲגה—דייגע.

## אומבעטאָנטע וואָקאַלען.

### שוא.

דער שוא בעדייט אין דער העברעאישער גראַמאַטיק דעם פעהלען פון יעדען וואָקאַל. דאָס קומט פאָר געוועהנטליך אין אַ קאָנסאָנאַנט, וואָס שליסט דעם טראַף. אָדער ער בעדייט אַ האַלבען e. דאָס קומט פאָר אין אָנהויב טראַף.

דער צווייטער שוא האָט זיך אין יודיש טיילוויז אויסגעגלייכט מיט'ן ערשטען—ער האָט פערלאָרען יעדע בעדייטונג און איז געוואָרען אַ טויטער צייכען. טיילוויז איז ער אַריבער אין e. אַזוי אַז יידיש ווייס אייגענטליך נישט, וואָס הייסט שוא.

דער שוא געהט איבער אין e ביי פאָלגענדע קאָנסאָנאַנטען:

1) י : ירושה—יערושע, יריד—יעריד, יתומה—יעסוימע.

2) ל : לבנה—לעוואָנע.

3) מ : מנורה—מענוירע, משומד—מעשומעד.

4) נ : נשמה—נעשאמע, נגידה—נעגידרה, נגינה—נעגינע, נדבה—נעדאָווע.

5) ג : גמרא—געמאָרע.

ביי די איבעריגע קאָנסאָנאַנטען פערשטומט דער שוא:

1) ב : ברוגז—ברויגעז, בכור—בכאר, ברירה—ברײרע.

2) ד : דבורה—דבוירע, דרשה—דראָשע.

3) ז : זמירות—זמירעס.

4) ט, ת : תפלה—טפילע, תליה—טליע.

5) כ, ק : קריעה—קריע ... און אַז. וו.

אויך די דאָזיגע זאַך האָט אַ שייכות צום אַלגעמיינעם גייסט פון דער שפּראַך. דער גערמאַנישער עלעמענט פון יודיש ווייס ניט פון קיין שוא און האָט איהם אויך אַרויסגעשטויסען אין די העברעאישע ווערטער.

---

בנוגע צו די אומבעטאָנטע וואָקאַלען בכלל האָבען די גערמאַנישע שפּראַכען, אין אויך יודיש, אַזאַ געזעץ: 1) אַלע אומבעטאָנטע וואָקאַלען שטרעבען איבערצוגעהן אין e, 2) דערנאָך ווערען זיי אינגאַנצען פערשוואונדען [1].

דער דאָזיגער געזעץ הערשט אין יודיש אין פולער קראַפט.

לאָמיר פערגלייכען אַזעלכע ווערטער, ווי:

amerika, drama, zaba, błoto, מיט די יידישע: אַמעריקע, דראַמע, זשאַבע, בלאָטע.

דאָ האָט דער e אוניפאָרמירט פערשיידענאַרטיגע פרעמדע קלאַנגען. לאָמיר יעצט פערגלייכען אַזעלכע ווערטער, ווי rabe, löwe, kleiden, schreiben, schreibe מיט די יודישע: ראָב, לייב, שרייב, שרייבן קליידן, דאָ איז דער דייטשער e אינגאַנצען פערפאַלען געוואָרען.

אין די העברעאישע ווערטער האָבען מיר אויך די צוויי סטאַדיעס פונ'ם e.

אין e געהען איבער די פערשיידענאַרטיגסטע אומבעטאָנטע וואָקאַלען:

◌ַ : נַחַת—נאַכעס.

◌ָ : שַׁבָּת—שאַבעס, חתוּנָה—כאַסענע, סחוּרָה—סכוירע.

◌ֹ : חלום—כאָלעם, זמירות—זמירעס.

ו ◌ְ : דלות—דאַלעס.

◌ֵ : פּרנֵס—פּאַרנעס, מקנֵא—מעקאַנע.

ו : ודוי—ווידע, שינוי—שינע, ראוי—ראע, לקוי חמה—ליקע־כאַמע, לקוי לבנה—ליקע־לעוואָנע.

◌ָ י : גבָּאי—גאַבע.

בכלל קען מען זאָגען, אַז דער e ווערט אויפגעהיט אין פאָלגענדע פאַלען: 1) די וואָקאַלענדונג: חלה, כלה—שנוי, ודוי, גבאי.

2) די ענדונג ות: חתונות—כאַסענעס, אַלמנות—אַלמאָנעס.

3) צווישען ל, נ און מ: צלם,—צײלעם, חלום—כאָלעם, אַלמן—אַלמען, גהנם—געהנעם.

4) פאַר ב, ו : גנב—גאַנעוו, עשו—אייסעוו.

5) פאַר ר: פגר—פייגער, כשר — קאָשער, חבר — כאַווער, כלי־זמר—קלעזמער.

6) פאַר ס : פאַרנעס, מפרנס זיין.

7) פאַר ש: כידעש, כוידעש, טיפעש, איפּעש.

דער e ווערט פערשוואונדען אין אַלע איבעריגע פאַלען.

חתן—כאָסן, בדחן—באַדכן; ראָצן, דאַלפן, שאָכן, מייבן, גילגל, מאבל, ניגן, גוירל און אַנדערע.

אין e געהט ניט איבער דער וואָקאַל פאַר כ, ח אין אַזעלכע ווערטער, ווי: מלך—מײלאך, מקח—מעקאַך, רוח—רעוואַך, כח—קויאַך, מוֹיאַך, רואַך.

דאָס שטעהט אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזעלכע גערמאַנישע ווערטער ווי: פרײלאך, לײלאַך, ווײסלאַך, גרינלאַך, שפּיגעלאַך און אז. וו.

צוויי, אָדער עטליכע וואָקאַלען ווערען צייטענווייז צונויפגעצויגען אין איין וואָקאַל. דאָס קומט פאָר:

1) מיט דער ענדונג יות: מעשיות—מייסעס.

2) צוויי פּתח'ן ווערען צונויפגעצויגען אין a: צַעַר—צאַר, בעל־באַל (הבית...).

3) צוויי קמצ'ן אין o: שעה—שאָ.

4) צייטענווייז ווערט צונויפגעצויגען אַ שוא מיט אַ ווייטערדיגען וואָקאַל: סעודה—סודה, פעולה, פולע, גאולה—גולה, נעילה—נילע־

---

אַנמערקונג. הגם ה' ווײנגער געהט אַרויס פון דער שטרייטיגער הנחה, אַז די הברה ספרדית איז דער איינציג ריכטיגער אויסשפּראַך פון העברעאיש אין מויל פון די אַמאָליגע יודען, האָבען דאָך די איינצעלנע פערגלייכונגען אַ ווערט, ווי ווייט זיי אילוסטרירען די געזעצמעסיגקייט אין דעם קלאַנגען־בײט פון דער יודישער שפּראַך. אָבער ניט אַלע זיינע בעאָבאַכטונגען זענען געניי, דערפאַר זענען ניט אַלע ביישפּיעלען, און אויך ניט אַלע כללים, וואָס ער שטעלט אויף, גענוג מאָטיווירט. די רעדאַקציע.

[1]) Wilmanns. Deutsche Grammatik I s. 312—390.

ש. ניגער.

# שטודיעס
## צו דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור.

כדי אז די פאקטען פון דער יודישער ליטעראטור זאלען ניט זיין קיין הוילע, טרוקענע פאקטען, נאר רינגעלעך אין דער קייט פון אונזער גייסטיגער ענטוויקלונג, גלידער פון א גאנצען ארגאניזם, כדי אז די כראנאלאגישע און ביבליאגראפישע דאטען זאלען ווערען דאטען פון דער ליטעראטור-געשיכטע, איז נויטיג צו קענען און אויסצופארשען די צייט און די לופט פון די דאזיגע אלע פאקטען און דאטען. נויטיג איז עס אין אלע ליטעראטורען; אין דער יודישער ליטעראטור איז עס נויטיגער, ווי אומעטום. די יודישע ליטעראטור איז אן אויסנאם אין דעם פרט, וואס אין איהר האבען די הויפטראלע געשפיעלט ביז דער לעצטער צייט בעדערפענישען פון א כלל, ד. ה. אינוועניגסטע בעדערפענישען, ניט דער אינעווייניגסטער ברען און אימפעט פון שאפונגסדארשטיגע יחידים. דער כלל איז אבער שטענדיג מעהר פערשקלאפט ביי דעם ארט און דער צייט, וואו און ווען ער לעבט, ווי דער יחיד, וואס גאט האט איהם געבענשט אדער פערשאלטען מיט א דארשט נאך פרייהייט און שאפונג. און נאך א זאך איז פאראן, וואס צווינגט אונז ביי דער פארשונג פון דער יודישער ליטעראטור אכטונג צו געבען שטארק אויף דער סביבה, וואו זי איז געוואקסען און אויסגעוואקסען. מיר מיינען דאס, וואס אויף דער יודישער ליטעראטור האט דער ארום געווירקט אויף צוייערליי אופנים: 1) דירעקט, ווי אומעטום, און 2) אינדירעקט — דורך אנדערע ליטעראטורען, ד. ה. דורך דער דייטשער אדער העברעאישער ליטעראטור. דער שורש פון יעדער וויכטיגער ערשיינונג אין דער עברי-טייטש-ליטעראטור מוז געזוכט ווערען, ערשטענס, אין דעם יודישען לעבען פון א בעשטימטער צייט און אין א בעשטימטען ארט, און, צווייטענס, אין דער העברעאישער אדער דייטשער ליטעראטור פון א בעשטימטער צייט און אין א בעשטימטען ארט. אט פארוואס די סביבה-פראבלעם איז ערגיץ ניט אזוי וויכטיג, ווי אין דער וויסענשאפטליכער אויספארשונג פון דער ליטעראטור אויף עברי-טייטש.

צו דער סביבה אבער (מיר רעדען דא וועגען דער סאציאלער, ניט וועגען דער נאטור-סביבה) געהערען פריהער ווי אלץ די מענשען, וואס לעבען אין איהר, די מענשען מיט זייערע בעדערפענישען, מיט זייערע טראדיציעס, מיט זייער כאראקטער. מוז מען פריהער ווי אלץ וויסען דעריבער, ווער זענען די מענשען, וואס האבען געווירקט אין פערשיידענע צייטען און ערטער אויף דער ענטוויקלונג פון דער יודישער ליטעראטור, ווער זענען זיי עקאנאמיש, סאציאל, רעליגיעז, מאראליש א. אז. וו. די יודיש-דייטשע ליטעראטור איז בעשאפען געווארען דערהויפט פאר פראסטע מענשען און ווייבער; מוז מען וויסען, אין וואס פאר א פרטים האבען געווירקט אויף איהר אי די, אי יענע... די דאזיגע שטודיע איז א פרוב (דערווייל נאר א פרוב) אויפצוווייזען און קלאר צו מאכען די ווירקונג פון די פרויען אויף דער יודישער ליטעראטור.

### א.
## די יודישע ליטעראטור — און די לעזערין.

### I.

אין דער אנגענומענער מיינונג, אז די ליטעראטור אויף יודיש איז אין אנהויב געווען א ליטעראטור נאר פאר ווייבער און עם הארצים, שטעקט א שטיקעל גוזמא. א וויכטיגער יסוד פון דער פאלקסליטעראטור בכלל און פון דער יודישער בפרט איז דער פאלקלאר, און אינ'ם יודישען פאלקלאר האבען א חלק געוויס אויך לומדים און וואוילקענעוודיגע: שטאמען דען די יודישע גלייכווערטלעך, וואס אנדערע פון זיי זענען אזוי שארף און מיט אזא עמקות — שטאמען זיי דען אלע פון ווייבער אויף די פריזבעס, פון שוסטער-יונגען און שניידער-געזעלען? איז דען א טייל פון זיי ניט בעשאפען און געברויכט געווארען אין קלויז, אין שול, אין דער וועלט פון לומדות און חריפות? פלעגט דער חשוב'ער יוד, דער בעל-יועץ פון שטאדט, אז מען פלעגט קומען צו איהם אויף אן עצה, ניט ענטפערן אפט מיט א וויץ, מיט א משל, מיט א גלייכווארט? און דער קלוגער רב, אז ס'פלעגט האלטען ביי א פשרה און א דין-תורה, פלעגט ער ניט זאגען דען עפיס א גלייכווערטיל, ניט דערצעהלען א פאלקס-מעשה? היינט דער מגיד?!

אויך די פאלקסליעדער זענען ניט אלע געזונגען געוואָרען פון דיענסטמיידלעך, ניט אלע — ביים ווארשטאט. מכירת-יוסף, עקדת יצחק, גלית, אחשורוש און אנדערע שפיעלען פלעגען אפט אויפגעפיהרט ווערען אין די ישיבות פון ישיבה-בחורים — צו א „סיום", אויך אויף אנדערע שמחות; דערביי פלעגט זיין דער ראש-ישיבה, פלעגען זיין בעלי-בתים חשובים. אבער אויך אזוי ליעדער אויף יודיש פלעגען געזונגען ווערען אפט אויף שמחות פון לערנער; און די ליעדער, וואס עס זענען אריינגעמישט אין זיי פסוקים און ווערטער פון תנ"ך, פון פיוטים[1], זענען געוויס אויך בעשאפען געווארען פון לערנער, פון יודעי-ספר. אויך זענען פאראן פאלקסליעדער, וואס דער אינהאלט זייערער ווייזט, אז זיי זענען געזונגען געווארען פון „ארים-בחורים", „פאטראנעס" (קלויזניקעס) אדער מלמדים[2]. נח פרילוצקי ברענגט אין זיין זאמלונג ליעדער, וואס ווערען געזונגען אין הוילין פון די חסידישע רביים[3]. די בעריהמטע „ווייבערשע" תפלה „גאט פון אברהם פון יצחק, פון יעקב", וואס ווען אפילו זי איז ניט קיין פאלקסליעד, ווי ה' פרילוצקי מיינט, געהערט זי דאך צום יודישען פאלקלאר, איז איינע פון די עלטסטע תפלות אויף יודיש און האט אהן א שיעור װאריאנטען[4] — די דאזיגע תחינה פלעגט אויך א בעזונדער נוסח געזאגט ווערען שבת

1) מארעק און גינזבורג Еврейскія народныя пѣсни №№ 15,18

2) דארט №№ 314, 315, 316,317.

3) יודישע פאלקסלידער, געזאמעלט, דערקלערט און צוזאמענגעשטעלט פון נח פרילוצקי, ערשטער באנד. רעליגיעזישע און יום-טוב'דיגע, ערשטע סעריע, ווארשא תר"ע. פערגלייך די №№ 25, 30, 34, 35.

4) דארט.

צו נאַכט פאַר הבדלה פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער[5] (געשט. 1809).

בכלל, אי אינ׳ם שאַפען, אי אינ׳ם געניסען די פרוכטען פונ׳ם יודישען פאָלקלאָר האָבען אַ חלק געהאַט לומדים, רבנים, גוטע יודען, ניט נאָר ווייבער און עם־הארצים.

אָבער אויך די מחברים און איבערזעצער פון ספרים אויף יודיש זענען אַן אַנדערש מאָל אויסען געווען ניט נאָר דעם המון־עם און די ווייבער. אַזוי שרייבט אברהם בן משה, דער איבערזעצער פון יחזקאל אין גראַמען (קראקא, 1586): „אין מיטשן וואול בשיידן, פר וייבר אונ׳ מוידן, אך צו לייאן מיט פריידן, בחורים אונ׳ בעל הבתים אלי ביידן“[6]. און ר׳ אליהו בחור דערמאָנט אין דער געגראַמטער הקדמה צו זיין תהלים־איבערזעצונג (וויניציאה 1545). „דיא מלמדים די מיט דען יונגן קנלן (קנעלען) אין תהלים רעכט טויטשין וועלן, דיא ווערט דאָש דאָזיג [בוך] אונטר וויזן, דאָש זיא ניט מין אינ טויטשן גרייזן“[7]. לויט דער מיינונג פונ׳ם אַנאָנימען פערפאַסער פונ׳ם געגראַמטען יודישען ספר „חיי עולם“, וואָס שטאַמט, ווי עס ווייזט, פון 16־טען יאָהרהונדערט[8], קאָן די יודיש־טייטשע איבערזעצונג פון דער סדרה פערבייטען תרגום: נאָכדעם ווי ער הייסט מעביר זיין אַלע וואָך די סדרה „צווייא מאָל עברי אינ׳ תרגום איין מאָל“, זאָגט ער: „האָסט ניט איין תרגום, צוא איינם מאָל טויטש זאָלטו זיין בערייט“[9]. נאָך וויכטיגער איז די הקדמה צו דער רעדעלהיימער אויסגאַבע פונ׳ם בעריהמטען מעשה־בוך (1753; די ערשטע באַזעלער אויסגאַבע איז אַרויס אין יאָהר 1602[10]). אין דער דאָזיגער הקדמה שטעהט בפירוש געשריבען, אַז „עס דאַרף זיך קיין למדן אויך ניט שעמען אויס דעם מעשה־בוך צו לייען (לייענען)“[11].

די דאָזיגע דרייסטע מיינונג נעמט זיך דערפון, קאָן זיין, וואָס דער אַנאָנימער אַווטאָר אָדער קאָמפּילאַטאָר פונ׳ם מעשה־בוך, וואָס ער איז, מסתמא, אויך דער פערפאַסער פון דער דערמאָנטער הקדמה, האָט

5) ש. א. האָראָדעצקי: „רבי לוי יצחק בערדיטשעווער“ אין Евр. Старина 1909 I, 219. וואָס דאָרט שטעהט, אַז די דאָזיגע תפלה האָט ר׳ לוי יצחק אליין פערפאַסט — איז אַ טעות. זי האָט נאָר געהאַט ביי איהם אַן אייגענעם נוסח.

6) אלעזר שולמאַן: שפת יהודית אשכנזית וספרותה „הזמן“, מאסף לספרות ולמדע, ספר ראשון, ז. 20, פעטערבורג, 1903.

7) דאָרט 22.

8) Dr M. Grünbaum Jüdisch-deutsche Chrestomatie, Leipzig 1882. ז. 254

9) דאָרט ז. 263.

10) בן יעקב: אוצר הספרים ז. 353.

11) נאָך גרינבוימס פריהער ציטירטער „כרעסטאָמאַטיע“, ז. 386. גרינבוים׳ס דייטשע טראַנסקריפּציע שטערט אונז צו ברענגען דעם טעקסט מיט דער געהעריגער אָרטאָגראַפיע... וועגען „ניט שעמען זיך“ רעדט זיך, אגב, אויך אין די „סליחות אין טייטשין“ (פּר׳ ביים אָדער 1693) פון ר׳ יעקב בר׳ אליהו הלוי בטיפליק. דאָרט שטעהט „... פר לייט דיא ניט פרשטינן עברי אין וואו צו לעזען עש, דרפין מאנין נאָך ווייבר ניט שעמין אונ׳ מאגן זעלכי סלחות פר זיך געמין“. מען דאַרף אָבער ניט רעכענען, אַז מען האָט זיך דאַן שוין געשעמט מיט דער פאָלקסשפּראַך, מען האָט זיך געשעמט נאָר, וואָס מען פערשטעהט קיין לשון קודש ניט.



געהאַט אַ שטיקעל שייכות צו קבלה (דאָס זעהט מען פון די פיעל זאַכען פון זוהר און אַנדערע קבלה־ספרים, וואָס זענען געבראַכט אינ׳ם מעשה־בוך), און די מקובלים, אַזוי ווי שפּעטער די חסידים, האָבען ניט געמאַכט קיין גרויסען חילוק צווישען אַ למדן און אַ פּשוט׳ען יודען, האָבען זיי אויך קיין חילוק ניט געמאַכט צווישען דער שפּראַך פונ׳ם למדן און דער שפּראַך פונ׳ם פּראָסטען יודען. אויך האָבען זיי, ווי אין העברעאיש, אַזוי אויך אין יודיש, ניט געמיהט זיך צו זיין פּאָפּולער דוקא און פערשטענדליך פאַר אַלעמען: ניט מיט דער קלאָרקייט, נאָר, פערקעהרט, מיט דער סודות׳דינקייט און פערשטעלטקייט פון זייערע רייד האָבען זיי געזוכט צו ווירקען אויפ׳ן לעזער. אַז איהר לייענט דעם „טייטש־זוהר“, דעם נחלת־צבי, (פראַנקפורט ביים מיין 1711), פיהלט איהר ניט, ווי ווען איהר קוקט אַריין אינ׳ם טייטש־חומש (פּראָג, 1608), אַז ס׳איז געשריבען געוואָרען פאַר מענשען, וואָס זענען ניט שטאַרק איבערגעשפּיצט און ניט זעהר בע׳הבנ׳ט אין די קליינע אותיות־לעך; דער מקובל צבי הירש כ״אטש, דער פערפאַסער אָדער ריכטיגער אַרויסגעבער[12] פון נחלת צבי, פוילט זיך ניט, פערקעהרט, אַריינצושטעלען וואָס שווערערע און מאָדנערע ווערטער. וואָרום פאַר׳ן מקובל, ווי געזאָגט, איז ניט וויכטיג, ווער איז דער, וועמען ער וויל פערכשופ׳ן מיט זיינע רייד, אַ למדן צי אַן עם־הארץ. און דעריבער מיינען מיר, אַז ר׳ אלעזר שולמאַן ז״ל האָט אומזיסט זיך גע׳חידושט אויף דער הקדמה פון ר׳ שמעון עקיבא בער הענוכש צום ספר אביר יעקב (זולצבאַך 1717), וואָס איז אויך אַרויסגעגעבען געוואָרען, ווי עס ווייזט, ניט דוקא פאַר ווייבער און פּראָסטע מענשען: אינ׳ם מויל פון אַ מקובל (און דער מחבר פונ׳ם דערמאָנטען ספר איז געווען אַ מקובל) זענען, פערקעהרט, זעהר פערשטענדליך און נאַטירליך אַזוינע ווערטער, ווי „איר ליבן ברדר, מאַנן אונ׳ ווייבר, בחורים וזקנים, קומט אונ׳ זייט אייך מתענג בתענוגים, אונ׳ טוט צו דען נייאן ספר הער לויפן, אונ׳ טוט יעז ביהענד קייפן. עש איז אייטל טעם אונ׳ חן, צו לייאן דרינ׳ איז גאָר שון, אויף פרשות וויז איז עש גישטעלט, א. אַז. וו. אך לומדים דרפין דריינו לייאן, עש ווערט זיך געוויש איר הערץ דרינו פרייאן, א. אַז. וו. עש דאַרף זיך קיין למדן שעמין, פיל סודות ווערן זיין אופן באר, פיל חידושי־תורה ווערט איר דאָ ווערן גיוואר“ [13].

פאַר׳ן מקובל[14] און אויך פאַר׳ן חסיד איז מאַמע־לשון יודיש

12) דער פערפאַסער איז לויט בן יעקב (ז. 396) כאַטש זיידע, ר׳ אביעזר זעליג.

13) א. שולמאַן אינ׳ם פריהער ציטירטען ווערק ז. 39.

14) וועגען דער בעציהונג פון די חכמי הקבלה (די טאַטעס פון די שפּעטער־דיגע חסידים) צו דער שפּראַך פון פאָלק, איז, ווי ווייט מיר איז בעקאַנט, נאָך דערוויל ערגיץ ניט גערעדט געוואָרען. עס וואָלט אָבער לייכט געווען, דוכט מיר, צו בעווייזען, אַז אויך די פריינדליכקייט צו דער פאָלקסשפּראַך, ווי נאָך אַנדערע זאַכען, זענען געקומען צו די חסידים בירושה פון די בעלי הקבלה. דאָ איז קיין אָרט ניט צו רעדען וועגען דעם; מיר ווילען נאָר דערמאָנען, אַז ר׳ צבי הירש קוידאַנאָווער, דער פערפאַסער פונ׳ם העברעאיש־יודישען קב הישר (1709), און ר׳ שלמה זלמן לאַנדאַן, וואָס האָט זיין ספר קהלת שלמה (מיר איז בעקאַנט די דריטע אויסגאַבע פון אַמסטערדאַם 1772), אויך פערפאַסט אי אויף העברעאיש, אי אויף עברי־טייטש, — זענען געווען פונקט אַזוינע מקובלים, ווי כאַטש און דער מחבר פונ׳ם מעשה־בוך.

ניט קיין שאנד. זיינע בעריהמטע ספורי מעשיות (1815), איינס פון די שענסטע ווערק אין דער יודישער ליטעראטור, האט ר' נחמן בראצלאווער (1772 — 1811) דערצעהלט אויף יודיש, און זיינע תלמידים האבען אריינגעלעגט אין זיי דערנאך טיעפע כונות און געטליכע סודות. אויך תפלה טון ביחידות צו גאט פלעגט ר' נחמן הייסען אלעמען, ניט נאר עם-הארצים, אויף מאמע-לשון[15], און ער און זיינע תלמידים האבען אליין געמאכט תפלות אויף יודיש[16]. ווייטער, ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס ניגונים און תפלות מיט יודישע ווערטער זענען נאך עד היום בעקאנט און פערשפרייט אין פאלק, און אויך אין איינינע ספרים פון די חסידישע רביים געפינען זיך שמיקער יודיש;[17]) אפילו כתבים מיט חסידישער תורה פלעגען געשריבען ווערען אפטמאל האלב לשון-קדש, האלב יודיש[18]. איז עס מעהר ניט ווי א המשך פון דער חסידישער טראדיציע, ווען דער ליאדיער רבי, ר' דוב בער, האט אנגעשריבען א גאנץ ווערט אויף יודיש, דער מוסר-ספר פוקח עורים[19], און ווען אין דער הקדמה צו אט דעם ספריל שרייבט ער: „.... און אגב איז דש איין פעולה אפילו פאר דען למדן, וויל עש איז גיזאגט אף מיטר שפראך, דרום דר ווערקט זיך די הארץ פון מענשען, צו מקיים זיין וויש ער זעהט. למשל דר דאקטר שרייבט ניט אין דאקטר בוך פאר דיא דאקטוירים, נאר צו פראשטי לייט, אעפ"כ אז איין דאקטר לערנט דעם בוך קליגט ער זיך דורך דען בוך א. אז. וו." ביי די חסידים איז דער עיקר די הארץ, און קיין שפראך זאגט דאך ניט אזויפיעל דעם מענשליכען הארצען ווי די מוטער-שפראך, און אויף קיין לשון קאן די מענשליכע הארץ דאך ניט ארויסזאגען זיך אזוי פריי און לייכט ווי אויף מאמע-לשון. דעריבער האט איינס חסידים אייגען מאמע-לשון א ווערט אויך פאר'ן למדן, און זיי האבען אויך פאר לומדים געשריבען אפטמאל אויף יודיש.

אבער אויך אין דער העברעאישער הקדמה צו דער יודישער איבערזעצונג (דורך אליעזר פאווידר) פון בחינת עולם, וואס איז שוין ניט קיין חסידישער ספר, רעדט זיך וועגען לומדים, וואס קאנען האבען נוצען פון דער דאזיגער איבערזעצונג: „ואף גם ללומדים יהיה (תהיה) ההעתקה הלז (ו) תועלת גדול (ה)[20].

15) ש. א. האראדעצקי „לקורות החסידות“ בערדיטשעוו תרס"ו זז. 58,39. אויך אין ספר חסידים רעדט זיך וועגען דאוונען ניט אויף לשון קודש, ר' יהודה החסיד אבער האט אין זינען בעהאט נאר עם-הארצים און ווייבער: „ואם יבוא אליך מי שאינו מבין לשון עברי... או אם תבוא לפניך אשה, אמור להן שילמדו התפלות בלשון שמבינים, כי התפלה אינה אלא בהבנת הלב, ואם הלב אינו יודע מה שיוצא מפיו, מה מועיל לו, לכך טוב שיתפלל באותו לשון שהוא מבין“ (סימן תקפ"ח ציטירט נאך דער אויסגאבע פון 1870, יוזעפאף).

16) ש. א. הארארצקי דארט.

17) א. שולמאן: „עמקי שפה“ אין „השלח“ אווגוסט 1898 ז. 108, בעמערקונג 7.

18) הלל צייטלין: „דער אלטער רבי“ אין „מאמענט“ נומ. 27 1913.

19) אויס'ן שער-בלאט פון דער אויסגאבע, וואס איך האב, איז ניט אנגעוויזען ניט דער יאהר, ניט דער ארט פונ'ם דרוק; נאר אויפ'ן אנדער ספר, וואס דער „פוקח עורים“ איז צוגעגעבען צו איהם ווי א הוספה, אפנים, איז אנגעגעבען דער יאהר 1857, די שטאדט ווילנא און די דרוקעריי ראם.

20) ספר בחינת עולם עם בקשת הממ"ן, ווילנא 1858.

אין דער הקדמה צו איינער פון די אלטע יודישע תחינות-זאמלונגען שטעהט, אז „מן זאל מיט דעם קינט לערנן אין דר מוטר לשון“[21]. און אין סאמע אנהויב זאמלונג ווערט געבראכט טאקע א ברכה פאר קינדער אויף עברי-טייטש.

אויך דער בעקאנטער מוסר-ספר לב טוב (די צווייטע אויסגאבע איז ארויס אין פראג 1620), איז ניט געקוקט אויף דעם, וואס אין דער הקדמה רעדט זיך, ווי דער שטייגער איז, וועגען די, וואס קענען קיין לשון קודש ניט, געשריבען דאך, ווי עס ווייזט, ניט נאר פאר ווייבער און עם-הארצים. „נון, דער דרך ארץ“, לייענען מיר אין דעם פרק „הלכות דרך ארץ“, וואס זיין טעקסט ווערט אגב געבראכט ביי וואגענזייל[22]), „איז גיטיילט אויף פיר טייל. איין טייל רעט פין איינם (תלמיד חכם) וויא ער זיך הלטן זאל בדרך ארץ. דז אנדר טייל רעט פון אלטי לייטן ווי זיא זיך זאלן הלטן (בדרך ארץ). דז דריט טייל רעט וויא זיך זאלן הלטן די בעלי בתים אונ' בחורים אונ יונגן וויא זיא זיך זאלן הלטן בדרך ארץ. דז פירדי טייל רעט וויא זיא זיך זאלן הלטן ווייבר אונ' מיידן (בדרך ארץ)“[23]. אויך דער מחבר פונ'ם „צוכט שפיגעל“ (ערשטע אויסגאבע, לויט דעליטש, 1610), זעליגמאן אולמא, איז מיט די שפראכען, וואס ער האט איבערגעארבייט אין גראמען אויף יודיש-טייטש, אויסען געווען, משמעות, ניט נאר עם-הארצים. צו אן עם-הארץ וואלט ער זיך ניט געווענדט מיט אזא מין עצה:

וילסט דו פון לערנען האבען געווין,
זא ברויך דיין חכמה אונד זין;
לערן דאס דו עס פערשטעהסט, אונד ניט אבענהין
אונד ווען דו אזא צו לערנען בעגעהרסט
זא איז עס דיר מין (מעהר) מצוה, אלס ווען דו
איין דרשה דו הערסט[24].

אויך גליקל האמיל (אויף דייטש גליקעל פון האמעלן; 1645 — 1724) פערענטפערט זיך ערגיץ ניט, וואס זי שרייבט איהרע זכרונות[25]) אויף יידיש-דייטש, כאטש זי איז געווען א וואוילקענעוודיגע, איז געגאנגען קינדווייז אין חדר און האט פערשטא-

21) גרינבוים, וואס לויט זיין „יודיש-דייטשער כרעסטאמאטיע“ (ז. 242) ציטירען מיר דעם אויבענגעבראכטען זאץ, זאגט, אז ער איז גענומען פון דער הקדמה צום ספר „אורחות צדיקים“. אבער אין דער יודישער, ווי אויך אין דער העברעאישער אויסגאבע פון דעם דאזיגען ספר, וואס מיר פערמאגען, האבען מיר אזא אויסדרוק ניט געפונען.

22) Johann Christof Wagenseil: Belehrung der jüdisch-Teutschen Red- und Schreibart, Königsberg, 1699, ז. 323—305.

23) ציטירט נאך דער דריטער אויסגאבע (?) פון אמסטערדאם 1706.

24) ציטירט לויט דעם ארטיקעל פון הערמאן לאטצע „צור יודיש-דייטשען ליטעראטור“ אין נאשעס ארכיוו פאר ליטעראטורוויסענשאפט, 1870 ]. לאטצע האט בענוצט די אויסגאבע פון „צוכטשפיגעל“, וואס איז ארויס אין פראנקפורט 1680. ער ברענגט אבער דעם טעקסט אין לאטיינישער טראנסקריפציע, האבען מיר נישט געקאנט דערפאר ברענגען די ציטאט מיט דער געהעריגער ארטאגראפיע.

25) Prof. Kaufmann: Die Memoiren der Glückel von Hameln, Frankfurt a/M, 1896.

נען גוט לשון-קודש. אַגבֿ, האָט זי פֿערזאָגט איהרע קינדער, וואָס צווישען זיי זענען געווים געווען לומדים: „לייאיט (לייענט) אים טייטשען בראנד שפּיגיל אים לבֿ טובֿ“ [26]. א. ה. ווייס (דאָ מאַכֿען מיר אַ שפּרונג פֿון 18-טען אין 19-טען יאָהרהונדערט) דערצעהלט וועגען זיין פֿאָטער, וואָס איז געווען אַ יוד אַ תּלמיד חכם „אשר באהבה רבה קרא בספרי דברי הימים כתובים עבֿרית או גם עבֿרית-טייטש כמו ספר יוחסין וסדר הדורות, צמח דוד ושארית ישראל“ [27].

בכלל פֿלעגט דעם למדן ניט אָנשטעהן צו לייענען רעליגיעזע ספֿרים אויף עבֿרי-טייטש (דאָס איז געווען אַ סימן פֿון עם הארצות); אָבער ביכלעך מיט אַ וועלטליכען אינהאַלט פֿלעגט מען זיך ניט שעמען אַפּנים צו לייענען אַ מאָל אויך אויף פּראָסט יודיש. צום ביישפּיעל דיקס „חייציקל אַליין“ און „ר׳ שמעיה, גוט-יום-טובֿ-ביטער“ פֿלעגען לייענען אויך אַזעלכע מענשען, וואָס זייער שטייגער איז געווען צו לאַכֿען פֿון די „ווייבערשע“ ספֿרים; אַזוי דערצעהלט אין זיינע ערינערונגען א. י. פּאַפּירנא [28], און אין דיקס אַ זאַך, וואָס איז נאָך ניט געדרוקט [29], און וואו עס קומט פֿאָר אַ געשפּרעך צווישען דעם מחבר און איינעם אַ ראַבינער אַ משכיל, זאָגט דער לעצטער צו דיק׳ן: „...איהר זייט דער איינציגער, וואָס איהר בעלעהרט, ציוויליזירט אונזער אידישע וועלט ניט נאָר פֿרייען און מעדכֿען און פּראָסטע מענשען, ניין, זעלבסט די בעסערע קלאַסען מענשען, לומדים און משכילים“... יע, משכילים פֿלעגען אָפֿט זייער „אַפּיקורסות“ שעפּען פֿון „זשאַרגאָנישע“ טריף-פּסול׳ען, וואָס שוין אין דער ערשטער העלפֿט פֿונ׳ם פֿאָריגען יאָהרהונדערט האָבען זיי אָנגעהויבען צו פֿערשפּרייטען זיך צווישען די יודישע לעזער, געדרוקטע אָדער אין מאַנוסקריפּט [30].

.II

עס שטעקט אַלזוי אַ שטיקעל גוזמא אין דער מיינונג, אַז די איינציגע לעזער פֿון דער עלטערער ליטעראַטור אויף יודיש זענען געווען ווייבער און פּראָסטע מענשען.

די מיינונג איז דאָך אַ ריכֿטיגע.

26) דאָרט ז. 13.

27) א. ה. ווייס: זכרונותי, ווארשא, 1895, ז. 83. פון די היסטאָרישע ווערק, וואָס ווייס רעכענט אויס, זענען יוסיפון און צמח דוד פאַרהאַן אין יודישע איבערזעצונגען (יוסיפון איז צום ערשטען מאָל איבערזעצט געוואָרען נאָך אין יאָהר 1546, צמח דוד—דורך זלמן הענא—אין יאָהר 1698); שארית ישראל (ערשינען אין אמסטערדאם 1744) אָבער איז לכתחילה פערפאַסט אויף יודיש פון מנחם מן בן שלמה אמעלאַנדער און איז איינס פון די וויכטיגסטע ווערק אין דער עלטערער יודישער ליטעראַטור.

28) ז. 334 III «Пережитое».

29) דער מאַנוסקריפּט, וואו עס איז בעשריבען די שטאָדט קאָטוילִיקע, אַ׳מין יודישע אינזעל אוטאָפּיע, געפינט זיך אין ווילנא אין אַ פּריוואַט-ביבליאָטעק.

30) אַזוי דערצעהלט צום ביישפּיעל אברהם בער הכהן גאָטלאָבער וועגען דער גרויסער ווירקונג, וואָס אויף זיין גייסטיגען וואוקס האָט בעהאַט די יודישע בעאַרבייטונג פונ׳ם ספר „קאָלומבוס“ („זכרונות מימי נעורי“ אין „הבקר אור“ 4-טער יאָהרגאַנג 8-טס העפט 1112 ווארשא תר״ם).

אַפֿילו די מחברים וואָס זענען געווען אויך לומדים, האָבען דאָך דער עיקר געמיינט „דיא ווייבר אוני דש גימיין פֿאָלק, דש ניט קאָנין תּורה לערנין“ [31]. ר׳ אנשיל, דער מחבר פֿון „מרכבת המשנה“ (קראָקוי 1534), איינעם פֿון די ערשטע געדרוקטע ספֿרים אויף יודיש, דערמאָנט אין זיין הקדמה די, וואָס ווילען „רעכֿט צו טייטשען אַלי ווערטר נאָך דער רעכֿט מיינונג על פּי הדקדוק“, דער עיקר אָבער איז ער אויך אויסען, די ווייב אָדער טאָכֿטער „די נארט (נייערט) טייטש קענט לייאין“ [32]; די פֿריהערדערמאָנטע הקדמה צו דער תּהלים-איבערזעצונג פֿון ר׳ אליהו בחור, וואו עס רעדט זיך וועגען מלמדים, הויבט זיך אויך אָן מיט די ווערטער „איר זרומי ורויאן (פֿרומע פֿרויען) דיא אנדעכֿטיגע“; איבער די דריי אויף יודיש איבערגעזעצטע לידער פֿון הגדה (אל בנה, אחד מי יודע, חד גדיא), וואָס וואַגענזייל ברענגט אין זיין פֿריהער ציטירטען ווערק, שטעהט: „דריי לידער, וועלכֿע די יודען, זאָנדערליך די ווייבסבילדער אונטער דענזעלבען — אָן דעם אבענדפֿעסט צו זינגען פּפֿלעגען“ [33]. ר׳ משה פֿראַנקפֿורט רעדט אויך אין דער אינטערעסאַנטער הקדמה צו זיין איבערזעצונג פֿון „מנורת המאור“ וועגען „דעם געמייני מאַן אונ אך נשים“ [34]. און ר׳ שלמה זלמן לאָנדאָן, דער מחבר פֿון דעם קולטור-היסטאָריש זעהר אינטערעסאַנטען העברעאיש-יודישען ספֿר „קהלת שלמה“ — טייטשט אויס בפֿירוש: ...אונ ווייל עש זיינן פֿיל מאַנן אוני ווייבר דיא זעלברט ניט וואייל און פֿורמירט (אינפֿאָרמירט?) זיין אין דש לשון הקודש, האָב איך... פֿיל ווערטר פֿון לשון הקודש אוני דען טייטש דאָ אונטר געשטעלט אוני היר מיט אין דער דרוק געבראַכֿט“ (עס ווערט געבראַכֿט אַ קורץ העברעאיש-יודיש ווערטערביכעל) [35]. ביי אַ תּפֿלה פֿאַר אַ גוסס, וואָס ווערט געבראַכֿט אין דעמזעלבען ספֿר, שטעהט געשריבען: „דיא מאַנן זאָלן זאָגן בייא איין גוסס אַז (ווי) דאָ שטיט אין לשון הקודש אוני דיא ווייבער זאָלן זאָגן אל שדי אַז דיא דאָ שטיט אויף טייטש“ [36].

אויך די אַרויסגעבער פֿלעגען אין די אויפֿרופֿען זייערע צו די קונים זיך ווענדען דערהויפּט צו ווייבער. אַזוי אַשטייגער הויבט זיך אָן אַ ספֿר ברכת המזון (באַזעל 1600) מיט די ווערטער: „איך יעקבֿ בר׳ אבֿרהם ז״ל דר שרייבר, אַלי ורומי ווייבר הב דש טייטש בענשין אין דרוק גיבראַכֿט, דרום ליבה ווייבר האָט אויף מיר אַכֿט“ א. אז. וו. [37]. אויך דער אַרויסגעבער פֿון דער בעריהמטער תּנ״ך-איבערזעצונג, וואָס איז פֿערפֿאַסט געוואָרען פֿון יוזל וויצנ-

31) פון דער הקדמה צו דער האנדשריפטליכער איבערזעצונג פון ספר איוב, וואָס שטאמט פון יאָהר 1579. ציטירט נאָך שולמאנס „שפת יהודית אשכנזית וספרותה“ ז. 27—28.

32) Дубновъ: «Разговорный языкъ etc». Евр. Старина I, 1909, 32. ז.

33) וואַגענזייל: „בעלעהרונג א. אז. וו.“ ז. 91.

34) ציטירט נאָך דער אויסגאַבע פון מיץ 1829,—די ערשטע אויסגאַבע איז אַרויס אין אמסטערדאם 1701 (?)

35) קהלת-שלמה, דף ל״ב, אמסטערדאם, 1772, דריטע אויפלאַגע.

36) דאָרט דף ק״א אויך און „סדר תחנות ובקשות“ (פיורדא, 1768) ווערט געבראַכט אַ תחנה, וואָס דער מאַן זאָל זאָגען פאַר זיין ווייב, ווען זי קומט אין זיבעטען חודש—איז זי אויף לשון-קודש.

37) שולמאַן ז. VII.

הויזן (1679) — יוסף בן אברהם עטיאש — שרייבט וועגען די פּיתשים, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען איף תנך על פּי דרש, אַז „ווען מאן זיא יוא אזא נאָך אנגדר לייאנט, קאָן דער געמייני מאן דער קיין למדן איז דעם פסוק קיין טעם אב האָבן, דען דיא ספרים זיינן ניט פֿין ווארט צו ווארט פֿאַר טייטשט דרך ספור דברים, דאש עש איין איטליכר הן איש או אשה, בחור או בתולה, אַפילו גימייני לייט אַזא וואול קענטן דען המשך פֿון דען פּסוקים פֿאַר שטין אזא וואול אַז איין למדן[38]). אַזוי שרייבט אויף דער אַרויסגעבער פֿון לב טוב און לב חכמים: „אַזוי וויש וואול דאָש פֿיל זיין די קיין לשון הקודש קענן, אַזו קן מן זיך איין צייט שטעלן אום אין טייטשי געטליכע ספרים צו לייאנן“[39]). בּישיידליך, פֿר ווייבר אוני מיידליך“, — איז אַ גראַם, וואָס טרעפט זיך אין דעם גרעסטען טייל שער-בלעטער אין הקדמות פֿון די עלטערע יודישע אויסגאַבען; אָפּט שטעהט „פֿר מאַנן אוני ווייבר“ אָדער „מאַנן אוני פֿרויאן“. מיינט מען דאָס פּראָסטע מענשען, מאַנסביל, וואָס אינם פרט פֿון לומדות שטעהען זיי אויף דערזעל-ביגער מדרגה, וואָס ווייבער. אַזוינע מאַנסביל עם הארצים האָבען ביי אונז קיינמאָל ניט געפֿעהלט, און עס האָבען זיך שטענדיג געפֿינען מענשען, רעליגיעזע און וועלטליכע שריפֿטשטעלער, וואָס האָבען געזאָרגט פֿאַר זיי. אַזוי שרייבט דער מחבר פֿין בראנט שפּיגעל: „דש בוך ווערט גימאַכט טייטש דען ווייבר אונ מאַנן די דאָ זיין אם (אַלס) ווייבר און קון קענן ניט פֿיל לערנן“[40]).

און ר׳ לייב ברעש, איינער פֿון די ערשטע חומש-איבער-זעצער אינ׳ם 16-טען יאָהרהונדערט, שרייבט, אַז ער האָט געזעהן „דש בעו״ה מיר ניט וויל לרנן (לערנער?) האָבן אוני די ווייבר אוני בחורות אונד פוילצילש (יונגע מיידלעך) דיא זעהין עש פֿון דיא מאַנן דש זיי ניט לערנן, דאָ לערנן זיי אך ניט אונעט-ליכע בעלי בתים ולטין גערן לרנן... אונ שעמין זיך די סדרה צו לערנן מיט דעם פירוש מיט איינם רבי“[41]) — דערפֿאַר האָט ער געדרוקט דעם חומש „אין טייטשע שפּראָך“. וועגען דיזעלביגע בעלי בתים, וואָס האָבען קיין צייט ניט געהאַט צו לערנען אין דער יוגענד, רעדט זיך אויך אינ׳ם שלוסוואָרט פֿונ׳ם אַרויסגעבער צו ר׳ אליהו בחור׳ס תהלים-איבערזעצונג (1545)[42]).

דעם איינענעם מאָטיוו געפֿינען מיר אין דער הקדמה צו דער אַנאָנימער איבערזעצונג פֿונ׳ם בעריהמטען ספר „אורחות צדיקים“ אָדער „ספר המדות“: „... וויל דאָש ספר אורחות צדיקים איז גימאַכט אויף לשון-קודש וואָש וואר (ווער?) קיין למדן איז פֿר שטייט דרינן ניט, אויך די נשים ווייסן ניט; דרום האָב איך דאָש אויף טייטש גישטעלט, אַז איטליכער זאָל ווישן, וואָש אין דעם ליבן ספר שטייט“[43]). אויך דער מחבר פֿונ׳ם

38) ציטירט נאָך דער צווייטער אויסגאבע פון אמסטערדאם 1687.

39) ציטירט נאָך דער דריטער (?) אויסגאַבע פון 1706.

40) גרינבוים ז. 231

41) מיר ציטירען עס לויט גרינבוימ׳ס כרעסטאָמאַטיע (ז. 551). דערפאַר זענען מיר ניט ערב פאַר דער ריכטיגקייט פון דער אָרטאָגראַפיע. גרינבוים ברענגט די טעקסטען, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט פריהער אין אַ בעמערקונג, אין דייטשער טראַנסקריפּציע.

42) דאָרט ז. 553.

43) די אויסגאַבע, וואָס געפינט זיך ביי מיר, איז איינע פון די לעצטע

פּאָפּולערען מוסר-ספר „שמחת הנפש“ (צום ערשטען מאָל אַרויס אין יאָהר 1707) שרייבט: „...נון דער למדן דער קאָן ליינן אין לשון הקודש אויך אין איין קהילה, ווי (וואו) לומדים זענין, קאָן דער גימיינר מאַן פֿרעגן, אבר אין פֿיל ערטר, וואָס קיין לומדים זענין דאָ, קאָן מען ניט פֿרעגן, און וועלכי לייט וואָלטן גערן גאָט דינין אונ ווייסין ניט. דרום האָב איך גישטעלט מוסר ותוכחות ודינים אויף טייטש, דס איטליכר ליינן קאָן, קאָן זיך איטליכר איין שיעור מאַכן אַלי טאָג צו לערנין דרינן“. אין ספר מנהגים, וואָס איינע פֿון זיינע אויסגאַבען (פֿון יאָהר 1762) ציטירט גרינבוים אין זיין כרעסטאָמאַטיע[44]), שטעהט בפירוש אינ׳ם פרק, וואו עס רעדט זיך וועגען שבת, אַז „נאָך טיש זל מן לרנן אוני וועלכר ניט קאָן לרנן, זאָל אין טייטשן גימליכן ביכר ליאן“... אָבער נאָך שאַרפֿער און קלערער רעדט וועגען דער נויטיגקייט צו בענוצען די מוטער שפּראַך פֿאַר די, וואָס פֿערשטעהען קיין לשון קודש ניט, יוסף בר יקיר, דער פֿערפֿאַסער פֿין דער ערשטער געדרוקטער יודיש-טייטשער סדור-איבערזעצונג (1546): „... דרום האַלט איך, שרייבט ער, ור (פֿאַר) אייטל טאָרן דיא אין לה״ק וואלן ארן (דאַוונען) אונ׳ ור שטיין דארן קיין הארט, איך וואָלט דך גערן ווישן נארט (נייערט) וואש זיא קענין האָבן ור איין כונה דרום האָבן מיר גימאַכט איין מסקנה צו דרוקן דיא תפלה אין טויטשר שפּראָך אוני אַנדרי ספרים מיר דר נאָך“[45]).

מיר זעהען, אַז דער רוב יודיש-טייטשע איבערזעצער און פֿערפֿאַסער האָבען אין זינען געהאַט טאַקע די פּראָסטע אומווי-סענדע מענשען, וואָס דעם איבענאָן צווישען זיי האָבען פֿערנומען די ווייבער.

ניט אַלע פֿרויען, אמת, זענען טעמפּ געווען אויף עברי: קאַיזערלינג, בערלינער און גידעמאַן[46]), רעכענען אויס אַ צעטיל יודישע פֿרויען, וואָס זענען געווען וואוילקענעוודיגע ניט נאָר אין תחינות זאָגען, אויך אין תלמוד און פּוסקים; אין די חשובערע יודישע פֿאַמיליעס פֿלעגט מען אָפּט שיקען די מיידלעך אין חדר אַריין גליך מיט די יונגלעך: גליקל-האמיל איז געגאַנגען אין חדר, אויך (שפּעטער) פוילינע וועגנעראָוו[47]). אונטען וועלען מיר רעדען וועגען פֿרויען פֿערפֿאַסערינס, וואָס זיי זענען דאָך אַוודאי גע-ווען למדנ׳טעס... נאָר דאָס זענען אַלץ אויסנאַמען.

בדרך כלל האָבען יודען תמיד געהאַלטען, אַז ווייבער זע-נען פּטור פֿון לערנען, כאָטש ניט אַלע פֿון די חכמי התלמוד

(ווילנא 1857); די ערשטע אויסגאַבע פון „ספר המדות“ אויף יודיש איז ארויס אין 1542.

44) ז. 340.

45) שולמאַן ז. 55.

46) Kayserling Die jüdischen Frauen in der Geschichte, Literatur und Kunst, Lpzg 1879; ד״ר א. בערלינער: „חיי היהודים באשכנז בימי הבינים“ הוצאת אחיאסף תר״ס ז. 8—9. ד״ר מ. גידעמאַן: „התורה והחיים בארצות המערב בימי הבינים“, ווארשא תרנ״ז, ז. 189—190. זעה אויך „אוצר ישראל“, VII, זז. 117—118,

47) Memoiren einer Grossmutter B. 1, zweite Auflage, Berlin 1913 ז. 70

האָבען מסכים געווען צו דער מיינונג פון ר' אליעזר, אַז „כל המלמד בתו תורה כאלו מלמדה תפלות“...

אינ'ם אַלטען יודישען מוסר־ספר בראַנטשפיגל (צום ערשטען מאָל געדרוקט אין יאָהר 1602 און אפשר נאָך פריהער[48]) ווערט דערצעהלט פון איינעם אַ יודען, וואָס ווען עס פלעגט געבוירן ווערען ביי איהם אַ יונגעל, פלעגט ער אויפ'ן טאָוועל פון ספר, וואו ער פלעגט געוועהנליך פערצייכענען משפחה־געשעהענישען, צושרייבען: „גאָט זאָל געבען, איך זאָל איהם איפהאָדעווען לתורה, לחופה ולמעשים טובים“... אויף אַ מיידעל אָבער פלעגט ער שרייבען... „גאָט זאָל געבען, איך זאָל זי אויפהאָדעווען אויף נייהען, וועבען און מעשים טובים“[49]. אַ מיידעל איז בעשאַפען פאַר דער וועלט, ניט פאַר יענער, פאַר'ן לעבען, ניט פאַר תורה.[50]. אין דער תחינה אויף גוטע קינדער, וואָס וויבער זאָגען, בעט מען אויף יונגלעך: „...אונ' מיין קינדר זאָלן זיין בעלי הוראות אונ זיא זאָלן פסקנן איסור והיתר אונטר ישראל פון נאָטט וועגן“, אויף מיידלעך אָבער איז דער נוסח שוין גאָר אַן אַנדערער, אויף מיידלעך בעט מען פריהער ווי אַלץ, זיי „זאָלן היפש זיין אין שין גצירט אונ זאָלן האָבען גנאָד און לייטזעליקייט אין דייני אויגן אונ אין לייטנש אויגן“ און ערשט דערנאָך — „אַז זיי זאָלן האָבן גוטן שכל אונ זאָלן זיין אייטל צנועות וצדקניות וחסידות“[51]. דער דאָזיגער טיעפער אונטערשייד צווישען יונגלעך און מיידלעך פיהלט זיך אויך אין די פאָלקסליעדער די יודישע. אַ יונגעלע אַז מען פערוויגט, זינגט מען:... וואָס איז די בעסטע סחורה? דאָס קינד וועט לערנען תורה; תורה וועט ער לערנען, ספרים וועט ער שרייבען, אַ גוטער יוד וועט ער בלייבען[52]. אַז אַ מיידעל אָבער ליגט אין וויגעלע, זאָגט מען: „... וואָס איז די בעסטע סחורה? שרה'לעס חתן וועט לערנען תורה; תורה וועט ער לערנען, ספרים וועט ער שרייבען; אַ גוטע און פרומע וועט שרה'לע בלייבען“[53]. פאַר שרה'לען איז גענוג, זי זאָל זיין אַ גוטע און פרומע, תורה לערנען און ספרים שרייבען וועט פאַר איהר דער חתן, דער מאַן. זי וועט „לעזען ביכעלעך“ און „שטריקען טיכעלעך“, זי „וועט זיין געלאַדען אויף די באַלען“ און „טאַנצען אין די זאַלען“, ווי עס שטעהט אין אַן אַנדער פאָלקסליעד.

דאָס איז אָבער נאָר מיידעלוויין; ווען זי חתונה האָבען, וועט איהר לאַגע זיין שוין ניט אַזוי אידיליש: זי וועט האָבען דאַן בילכערע אַרבייט, ווי לעזען ביכעלעך און שטריקען טיכעלעך; איהר וועט ליגען ניט נאָר די בעל־הבתישקייט אין דער פאַמיליע, אויך דעם עול פון פרנסה וועט זי טראָגען. יודישע פרויען (און דאָ געהען מיר איבער צו דער סאָציאַלער לאַגע פון דער פרוי, וואָס האָט אַזאַ ראָלע געשפיעלט אין דער שאַפונג פון דער יודישער ליטעראַטור) פלעגען אַמאָל אַזוי ווי איצט, זיצען אין קראָם, און אָפט פלעגען זיי אַפילו אַרומפאָהרען מיט סחורה איבער די דערפער און יריד׳ים[54]. ניט דער מאַן פלעגט זאָרגען פאַר דער ווייב, נאָר אָפט איז געווען פערקעהרט: אַ מין שטילער אָבמאַך איז געווען צווישען זיי, ווי צווישען יששכר און זבולון: דער מאַן איז געווען יששכר, ער פלעגט זיצען און לערנען, און זי, זבולון אין אַ קליידעל, פלעגט טון אין געשעפט[55]. אויף איהר נאָמען פלעגט זיך רופען ניט נאָר די קלייט, אויך דער מאַן: מענדעל ברײנעס (ביי פרצ'ן), חיים־חנה חיה־טרייגעס, (ביי מענדעלי'ן), לוי זלאַטעס (ביי שלום־עליכם).

עס פערשטעהט זיך, אַז ניט תמיד איז געווען אַזוי, אָבער דאָס פלעגט טרעפען זעהר און זעהר אָפט. דאָס זעהט מען דערפון, וואָס דער טיפ פון אַ יודענע אַן אשת חיל האָט איבערגעלאָזען אין אונזער שענער ליטעראַטור, אָנגעהויבען פון עטינגערס „סערקעלע“, אַהינע טיעפע שפורען. גאָרדאָן האָט זי בעזונגען אָדער, ריכטיגער, בעוויינט אין זיין „קוצו של יו"ד“; מיר בעגעגענען זי אויך אין זיין ספור „רבלה מוכרת חמאה“[56].

אשת־חילים זענען דאָס רוב יודינעס, וואָס מענדעלי האָט געשילדערט (חיה־טריינע, חיים־חנה'ס ווייב אין „פישקע דעם קרומען“, בנימין השלישי'ס פלוניתטע און אַנד.). און מענדעלי'ס איינִיקעל, שלום עליכם, האַלט אונז אין איינעם פון זיינע ראָמאַנען אַ לעקציע אַ גאַנצע, און זעהר אַן אינטערעסאַנטע לעקציע, וועגען אָט דעם עלט יודישען פרויענטיפּ, דער אשת־חיל: „אין דער צייט, זאָגט ער, ווען מען האָט נאָך ביי אַלע פעלקער צו טהון מיט דער שאלה, צי איז די נקבה אויך עפּיס אַ מענש, דאָס הייסט: צי מע מעג איהר עפּיס געבען אַיין אַרבייט אין דער האַנד, צי איהר עסק איז טאַקע נאָר די שטוב, דאָס טעפּעל, די קינדער און דעסגלייכען, דעמאָלט, ווען גרויסע מענשען זיצען און ברעכען זיך העם מוח איבער דעם ענין שוין היבשע עטליכע יאָהר, איבערפיהרענדיג אַזוי פיעל פאַפיר און טינט — שטעהען זיך די מאַזעפּעווקער יודען פון דערווייטענס און מאַכען חוזק פון זייערע אַלע המצאות און אויפטועכצען, דען ביי זיי אין מאַזעפּעווקע שפּילט די יודענע פון קדמונים פּונקט אַזאַ ראָלע ווי דער יוד, און די בעל־הבית'טע איז ניט קלענער פונ'ם בעל הבית, אדרבה מען קאָן זאָגען, אַז כמעט דער גאַנצער מסחר אין מאַזעפּעווקע געפינט זיך ביי די ווייבער אין די הענד. עס טרעפט

48) בן־יעקב: אוצר הספרים ז. 88. אין דער יודיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע איז על פי טעות אָנגעגעבען דער יאָהר 1692, נאָך שטיינשניידער איז די ערשטע אויסגאַבע ארויס נאָך אין יאָהר 1572.

49) ציטירט נאָך ד"ר א. בערלינער „חיי היהודים“ ז. 9

50) פרומע יודען און בעזונדער יודינעס פלעגען דערפאַר שטענדיג וועלען האָבען בנים זכרים. מען פלעגט אפילו מתפלל זיין: רבונו של עולם, זכני להוליד בנים זכרים! דו הער פון די גאַנצע וועלט, אַ לאָז איהם זוכה זיין צו הבן קינדר, דיא זאָלן זיין אייטל מאַנשפּאַרשונן (סדר תחנות ובקשות, כ"ג, פיורדא, 1768).

51) דאָרט.

52) מאַרעק—גינזבורג. נומ. 60 .

53) דאָרט נומ.67.

53) בערלינער „חיי היהודים“ ז. 10.

55) ד"ר מ. גידעמאַן: „התורה והחיים בארצות המערב בימי הבינים“, וואַרשאַ, 1896, ז. 188.

56) אויך אין זיין ליעד אויף יודיש „ווי זעהט אויס אליהו הנביא“ (שיחת חולין, וואַרשאַ 1886, ז. 84) ווערט געשילדערט חוה'קע די בריה, וואָס איז זיך אַליין מפרנס „און איהר מאַן דערביי“, דען ער זיצט אפין גרויסען שטייגער גאַנצענע טעג אין קלויז; ערסט שפּעט ביי נאַכט, אייגס אַ זייגער קומט ער צו געהן נאָך הויז“...

זיך דאָרט גאַנץ אָפֿט, אַז דאָס ווייב פֿערשטעלט דעם מאַן מיט איהר נאָמען לחלוטין" א. אַז. וו.[57].

ניט ווייניגער קלאָר און דייטליך רעדט וועגען דער גרויסער ראָלע פֿון דער יודישער פֿרוי אין'ם עקאָנאָמישען לעבען דער אַלטער דיק: „.... דאַן ווארען נור דיא פֿרויען דיא געשעפֿטספֿיהרער און די מענער זייערע ווארען אָרעמע לומדים, זיי פֿלעגען זיך אַריינצולאָזען אין די קראָמען נור אום פֿרייטאָג אום באד געלד צוא בעטען ביא דיא ווייבער און פֿלעגען זיך גענוג אָנוואַרטען ביז זייא פֿלעגען עס בעקומען, און דאָס אויך מיט קללות און מיט זידלעריי. דאהער פֿלעגען די עלטערן ריהמען זייערע מיידלען ביא איינעם שידוך טאָן, מיט דיזע ווערטער: אונזער טאָכטער איז אַ בעריעצקא, זיא וועט קענען מפֿרנס זיין איינען מאַן זייער גוט"[58]. און עס וואָלט אַ טעות געווען צו מיינען, אַז די יודינעס זענען געווען ניט צופֿרידען מיט זייער גורל, אַז זיי האָבען זיך שלעכט געפֿיהלט אין די „הויזען", וואָס זיי האָבען געטראָגען. פֿונקט פֿערקעהרט. זיי האָבען זיך געשעצט גליקליך אין זייער לאַגע. חוץ דעם, וואָס זיי האָבען פֿערדיענט צום לעבען פֿאַר'ן מאַן און די קינדער, האָבען זיי פֿאַר זיך אַליין געקראָגען — אַ חלק לעולם הבא. ווי ווייט דער דאָזיגער יששכר־זבולון־שותפֿות צווישען מאַן און ווייב איז געווען ערנסט, קאָן מען זעהן דערפֿון, וואָס מען פֿלעגט ניט פֿערלאָזען זיך אויף הבטחות גלאַט אין דער וועלט אַריין: עס פֿלעגט טרעפֿען, אַז די ווייב, די געשעפֿט־פֿיהרערין פֿלעגט פשוט פֿאָדערן אַ צעטיל ביים מאַן דעם למדן, אַ מין קשר, וואו ער זאָל זיך מתחייב זיין געבען איהר לאחר מאה שנה אַ געוויסען טייל פֿון זיין שכר אויף יענער וועלט[59]. עס האָט געהייסען: דו, יודינע, באָרגסט מיר מזונות, אָבער איך בין אַ בטוח, בה"ש, נישקשה: ש"י עולמות איז אַ פֿיינער מאַיאָנטעק — איוף אַלע יודען געזאָגט געוואָרען! און עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו חדש'ן זיך דעריבער, וואָס פּרץ דערצעהלט אין זיין „מענדיל בריינעס", אַז זי, בריינע, „האָט גאַנץ עהרליך געהאַלטען איהר מענדלען. זי האָט געווינשען צו זיין, זיין פֿוסבענקעלע אין גן עדן; זי האָט איהם געקאָכעלט און געשטאָפּט: געאַרבייט ווי אַיין אייזעל, מפֿרנס צו זיין און צו שלעכן און צו קליידען מענדלען מיט די 4 קינדער: דריי מיידלעך און איין יונגעל. איהר גאַנצער עולם הזה איז געווען, אַז זי האָט געזעהען פֿון געוועלב אַרויס איהר מענדלען געהן מיט דער צדקה־פושקע אין דער לינקער און מיט'ן שטעקקען מיט דער מעשענער סקיפּקע אין דער רעכטער האַנד! זי האָט פֿערקויפֿט בחצי חנם איהר שטאָרט אין עזרת נשים, ווייל די פֿענסטער געהען אין שול אַריין, און בעצאָהלט ממון קורח פֿאַר אַ שטאָרט נעבען בית מדרש־פֿענסטער, זי זאָל זעהען ווי מענדעלע איז עולה תורה און מאַכט די זיסע ברכה"[60]...' זי האָט דאָך אַ חלק אין דעם! און זי קלאָגט זיך טאַקע ניט אויף איהר מערכה, זי וואָלט מוחל געווען די שרייבער די טרערען, וואָס זיי פֿערגיסען אויף איהר ביטערן מזל, זי האָט גאָר איפּ'ן מאַן קיין פֿעראיבעל ניט, כאָטש זי ווייס, אַז ער איז „ניט קלוג אין די וועלט־נאַרישקייטען", פֿערקעהרט, וויפֿיעל זי טוט פֿאַר איהם, ווייס זי, איז עס נאָך אַליין ווייניג, וואָרום וואָס איז, אומשטיינס געזאָגט, דאָס ביסעלע עולם־הזה, וואָס זי גיט איהם, אַנקעגען זיין תורה, זיינע מצוות!

אַ פֿרומען יודען אַ ירא־שמים, קאָן זיך די פֿאָלקס־מעשה'לע, וואו עס שפּיגעלט זיך אָב דער לעבענס־שניט פֿון פֿאָלק, גאָרניט פֿאָרשטעלען אָהן אַ ווייב אַן אשת־חיל, אפֿילו דאַן, ווען ער, דער מאַן, איז אַ סוחר: „ער איז געווען (אַזוי דערצעהלט זיך אין „אַ מעשה נורא" פֿון ר' שמואל אַמסטערדאַמער) איין גרויסער סוחר און איין פֿרומער מאַן, ער איז געזעסין יומם ולילה על התורה ועל העבודה, און זיין ווייב האָט מען גערופֿען שרה'לע די צנועה, זי איז שטענדיג געזעסין אין געוועלב און איז געווען (אַ) גרויסע אשת חיל"; און אין דער „מעשה גור אריה" לייענען מיר: „אין דעם יאָהר שכ"ט איז געווען אין פּראג אַ גרויסער עושר. ער איז געווען זייער (זעהר) איין פֿרומער. ער פֿלעגט אַליין ניט האַנדלען, נאָר זיין ווייב פֿלעגט האַנדלען אונ' ער פֿלעגט זיצען אונ' לערנען". און דאָס איז ניט געווען עפּיס אַ מקרה־זאַך: אין זיין צואה ווערט ווייטער דערצעהלט, האָט ער פֿערזאָגט זיין זוהן, אַז אויך ער זאָל אַזוי טון, ה. ה. זיצען און לערנען, און די ווייב זאָל האַנדלען. אין ספֿר „הנהגות טובות" (העברעאיש און יודיש), וואו עס דערצעהלט זיך וועגען די זיבען היכלות, וואָס זענען פֿאַרהאַן אין גן עדן פֿאַר פֿרומע ווייבער, שטעהט, אַז „אין דריטען היכל זיצט מרים הנביאה אונ האָרטען זיצין די ווייבער, וואָס האָבען די מאַנען געגעבין פּרנסה כדי זיי זאָלין זיצין אונ לערנען". אַזוי הויך איז געווען דער ענין פֿון שפּייזען דעם מאַן, וואָס זיצט און לערנט! דאָס זעהט מען אויך אין איינער אַ תחינה, וואו עס שטעהט: „יוצרי ובוראי, מיין ליבער בעשעפֿער, בשעת דיין גוטער רצון איז געוועזען צו בשאפֿין אונזער מוטער חוה צו אדם הראשון, האָשטו געזאָגט: אעשה לו עזר כנגדו, חוה וועט זיין צו איר מאַן אַ הילף אונ אַזוי אויך איטליכע אשה דאַרף זיין צו איר מאַן אַ הילף, אין דיא ענינים פֿון פּרנסה נאָך איר יכולת"[61].

אָבער נישט געקוקט אויף אָט דער גרויסער ראָלע, וואָס די יודישע פֿרוי האָט געשפּיעלט אין'ם עקאָנאָמישען לעבען, אָדער אפֿשר דוקא דערפֿאַר, האָט זי צו דער רוחניות'דיגער וועלט, וואו דער יוד האָט געלעבט, ניט געהאַט קיין פֿרייען צוטריט[62].

57) „יאַסעלע סאָלאָוויי" ז. 18 אין דער „יודישער פֿאָלקסביבליאָטעק", II קיעוו, 1889. אויך יחזקאל קאָטיק אין זיינע „זכרונות" (ז. 8) דערצעהלט, אַז „בעל־מסחר'ס אין די קראָמען האָבען בלויז די פֿרויען, אַלטע, יונגע, מיידען און מיידעלעך".

58) א. מ. דיק: „אַמעריקאַנער געשיכטע" ערשטער טייל, ווילנא 1899 ז. 55—56, אין דער אַנמערקונג.

59) פּאַפּירנא אין זיינע מעמואַרען, פּערעזשיטאָיע III ז. 309. זעה אויך פּאַפּירנ'ס שילדערונג פֿון דער פֿרוי, וואָס איהר מאַן איז אַ יוד אַ חשוב „אַ שענער מענש". דאָרט ז. 295.

60) י. ל. פּרץ: „שריפֿטען", אויסגאַבע פֿון „פֿריינד", פּעטערבורג, 1903 ערצעהלונגען און בילדער ז. 55.

61) תחינות ובקשות הנקרא בשם ריח גן עדן, ווילנא, 1861, ז. 10.

62) אין בערנשטיינס „פּייגעלע מגיד" ווערט דערצעהלט, ווי אַזוי דער רב האָט פּייגעלען פֿערוועהרט צו זאָגען מגידות, „ווייל די גמרא זאָגט, אַז כל המלמד בתו תורה כאלו מלמדה תפלות דאָס הייסט ווער עס לערינט זיין טאָכטער תורה זאַכין איז אַזוי גלייך וויא ער וואָלט איר לערנען וויא צו זיין אויסגעלאַסען" (ציטירט נאָך א. מ. דיק'ס בעאַרבייטונג: „פּייגעלע דער מגיד" ווילנא 1868 ז. 12).

דאָס איז געווען ניט קיין עקאָנאָמישע עמאַנסיפּאַציע פֿון דער פֿרוי, וואָס פֿיהרט אין דער איצטיגער צייט אויך צו אַ געוויסער גייסטיגער עמאַנסיפּאַציע: דאָס איז געווען אַן עקאָנאָמישע עקספּלואַטאַציע פֿון דער פֿרוי. דער יוד, דער מאַנסביל האָט פּשוט געקוקט אויף זיך, ווי אויף עפּיס אַ העכערער ראַסע, וואָס גאָט האָט זי אויסדערוועהלט אויף צו זיצען און לערנען און היטען די היילינגע תורה, און די נאַרישע יודינע, די זינדיגע פֿרויענצימער, וואָס לעבט נאָר אין זכות פֿון איהר מאַן, זי מעג זיך שעצען גליקליך, וואָס זי איז זוכה צו זיין זיין שפּייזערין אויף דער וועלט און זיין פֿוס-בענקעלע — אויף יענער[63]. דאָ איז ניט דער אָרט זיך אַריינצולאָזען אין חקירות, ווי ווייט דער דאָזיגער קוק אויף דער פֿרוי איז אַ ריכטיגער; איך האָב געוואָלט נאָר שטעלען די טראָפּ אויף דעם פֿאַקט, וואָס די עזרת-נשים, די ווייבערשע שול איז געווען ניט נאָר אויסערליך, נאָר אויך אינערליך אָבגעטיילט, איזאָלירט פֿון דער מאַנסבילשער שול.

די עזרת-נשים איז געווען אַ מין גייסטיגע געטאָ פֿאַר ווייבער. און אָט די גייסטיגע געטאָ האָט די יודישע פֿרוי אַרומגערינגעלט פֿון קינדהייט אָן: אפילו אין חדר האָט מען זי, אַחוץ אין איכנאַמספּאַלען, ניט געגעבען. צווישען מאַנסביל האָט זיך במעט קיינמאָל ניט געטראָפֿען, אַז איינער זאָל קיין עברי ניט קענען, ער האָט געמעגט זיין אפילו דער גרעסטער עם הארץ. ווייבער אָבער זענען געווען אַ סך, וואָס האָבען קיין עברי נישט געקענט. שבת און יום-טוב צום דאַווענען פֿלעגט אַ יודינע, אַ וואוילקענעוודיגע — דאָזיגערקע האָט מען זי גערופֿען — לייענען פֿון סידור אָדער די תחינות — און אַלע פֿלעגען איהר נאָכזאָגען. עס פֿלעגט זיך אָבער טרעפֿען, אַז צווישען די ווייבער איז קיין איינע ניט געווען, וואָס זאָל קאָנען זיין אַ זאָגערקע, פֿלעגט אַ מאַנסביל אַריינגעצען זיך אין אַ פּאַס אויף דער ווייבערשער שול, און פֿון דאָרט „זאָגען" פֿאַר די ווייבער, וואָס פֿלעגען שטעהן אַרום און אַרום[64]. אַזוי גרויס איז געווען די ווייבערשע עם הארצות!

דעריבער האָבען זיך די ווייבער מעהר ווי אַלע גענויטיגט אין אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל געשריבען זיין אויף דער שפּראַך, וואָס זיי ריידען אויף איהר, אין אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל אַ פֿערמיטלערין זיין צווישען זיי, די זינדיגע ווייבער, און די הייליגע ספֿרים, אין אַ ליטעראַטור — אַ זאָגערקע. און ביז טיעף אין 19-טען יאָהרהונדערט אַריין זענען דאָס רוב מחברים, וואָס האָבען געשריבען זייערע ווערק אויף יודיש, טאַקע געווען אויסען דער עיקר די עם הארצים צווישען די עם הארצים — די ווייבער. די עצם שריפֿט, מיט וועלכער מען פֿלעגט דרוקען אַמאָל די ווייבערשע ספֿרים'לעך, איז געווען גאָר אַ בעזונדערע, און מען פֿלעגט זי רופֿען אין דייטשלאַנד „ווייבער-טייטש". שפּעטער איז די שריפֿט געוואָרען דיזעלביגע, וואָס אין די מאַנסבילשע, די העברעאישע ספֿרים. די ספֿרים אַליין אָבער זענען געבליבען ווייבערשע. אַ סך פֿון זיי האָבען אפילו אַ טיטעל געהאַט אַ ווייבערשען; צום בייּשפּיעל, „איין שין פֿרואַן בויכליין", „איין גאָטטעס פֿירכטיג ליד לכבוד דיא ווייבר אונ מאידן" אָדער „צאינה וראינה", וואָס נעמט זיך פֿון פּסוק אין שיר השירים (3, 11): „צאינה וראינה בנות ציון"... און נאָך א. מ. דיק פֿלעגט זיך ווענדען אין זיינע ווערק ניט צום „טייערען לעזער", נאָר צו דער „טייערער לעזערין"[65]. די יודישע ליטעראַטור איז אפשר די איינציגע אין דער וועלט-ליטעראַטור, וואָס האָט זיך ביז דער לעצטער צייט געהאַלטען אויף דער לעזערין, ניט אויפ'ן לעזער. מאַנסביל, אפילו ניט קיין לומדים, פֿלעגען זיך שעמען צו לייענען די „ווייבערשע ספֿרים", און טאָמער פֿלעגט זיך איינעם פֿערגלוסטען אַריינצוקוקען אין זיי, פֿלעגט ער עס טון שטילערהייד, בגנבה, אַז קיינער זאָל ניט זעהן[66] — מען זאָל איהם ניט האַלטען פֿאַר אַ „יודינע"![67].

די יודינעס זענען געווען אָבער ניט נאָר די לעזערינס און קויפֿערינס פֿון די יודישע ספֿרים, זיי זענען אָפֿט געווען אויך די, וואָס האָבען מעורר געווען די מחברים צו שרייבען זייערע ווערק אויף יודיש — צו שרייבען זיי טאַקע צוליעב זייער כבוד וועגען. אַזוי, צום בייּשפּיעל, האָט ר' ישכר בער פּערלהעפֿטער (געשטאָרבען 1701) זיין יודישען מוסר-ספֿר „באר שבע", וואָס געפֿינט זיך אין מאַנוסקריפּט, פֿערפֿאַסט לכבוד זיין פֿרוי בת שבע[68]; אויף אַ האַנדשריפֿטליכער איבערזעצונג פֿון תהלים, וואָס איז געמאַלט געוואָרען (אַן ערך 1532) דורך ר' אליעזר בר' ישראל, שטעהט געשריבען: „דש ספֿר תהלים אין טייטשין דש הין איך מיט ולייס געשריבן מיינר פּאַטראַנין פֿעסלין בת ר' יעקב ז"ל, אין דר ווארטן דש זי זול די רוינן (זאָל דרינען) לייאַן[69]. לכבוד דערזעלביגער פֿעסלען האָט ר'

63) דער מאַנסבילשער קוק אויף דער יודינע איז זעהר גוט אויסגעדריקט ביי מענדעלי'ן אין „מסעות בנימין השלישי"... „אַ יודענע, זאָגט בנימין, אַז זי איז שוין אפילו גאָר די אשת חיל, איז זי דאָך פֿאָרט נישט מעהר ווי אַ יודענע. וואָס דער מינדסטער מאַנסביל האָט אין נאָבעל, האָט עס נישט און קאָן עס גאָרנישט האָבען די פֿיינסטע און קליגסטע אפילו אין איהר קאָפּ".

64) פּילינע וועגנעראָוו: „מעמוארען אייגער גראָססמוטטער I ז. 10.

65) אויך צעדערבוים אין זיין פּראָספּעקט צום „קול מבשר" 1863 האָט געשריבען, אַז ער גיט אַרויס זיין בלאַט אויף „פּראָסט יודיש, כדי דער פּראָסטער עולם און אַ פֿ י ל ו ו ו י י ב ע ר זאָלען וויסען, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט". (ציטירט נאָך צינבערג. „דער קול מבשר" אין „דער יודישער וועלט" נום. 1, 1913).

66) זעה מענדעלי מוכר ספֿרים'ס אווטאָביאָגראַפֿיע אין ספֿר הזכרון ז. 123 ווארשא 1888.

67) אין דער אמת'ן אָבער האָבען די מוסר-ספֿרים שטענדיג געראַטען לייענען עברי-טייטש, ווען מען פֿערשטעהט ניט קיין לשון קודש. אזוי לייענען מיר אין איינעם פֿון אַזוינע מוסר-ספֿרים: „אונ' אַז דער מענש קאָן מער ניט, זאָל ער תמיד לערנן (מקרא). אָבער אַלי צייט מוז ער לערנען אין טייטש, ספֿרים... דען הייבט אין אונזרי צייטן איז ממש די גאַנצע תורה אונ אַלי דינים אויף דייטש" (אַ מ ו נ ת י ש ר א ל פֿון גדליה בר' אברהם, ווארשא, 1844, דף י"ד—ט"ו; די ערשטע אויסגאַבע פֿון דעם דאָזיגען מוסר-ספֿר, וואָס האָט אי אַ העברעאישען, אי אַ יודישען טעקסט, איז אַרויס אין אַמסטערדאַם 1764). אויך האָבען מיר שוין געבראַכט פֿריהער אין נאָמען פֿון דעם אַרויסגעבער פֿון ל ב ט ו ב, אַז ס'איז אַ מצוה קובע זמן זיין „אום אין טייטשי געטליכי ספֿרים צו לייאַנן".

68) קאַיזערלינג. די יידישע פֿרויען ז. 154. לויט בן יעקב איז דער מחבר פֿון דעם דאָזיגען ספֿר ר' בער אייבשיץ מפּראַג.

69) שולמאַן ז. 21.

אליעזר בר' ישראל איבערגעזעצט אויך דעם ספר משלי (1532 כ"י). לכבוד דער פרוי אטלן בת ר' נפתלי הלוי איז געמאכט געוואָרען די האנדשריפטליכע איבערזעצונג פון חומש (אין יאָהר 1544) דורך ר' יוסף בר' יעקב ווערלאר[70]. אויך פרקי אבות מיט אַפירוש (כ"י פון 16-טען יאָהרהונדערט) איז געמאכט געוואָרען אויף יודיש פון ר' אנשיל הלוי פאַר דער פרוי פרלע וואָלפין[71], און די אַנאָנימע איבערזעצונג פון ספר המדות (1542) איז געווידמעט דער יודישער דאָקטאָרין מוראדא[72].

מיר זעהען, אַז די יודישע לעזערין האָט ניט נאָר הנאה געהאַט פון די עברי-טייטש-ספרים, וואָס מען האָט איהר אונטערגעטראָגען, זי האָט אויך בעמיהט זיך פערזענליך און אונמיטעלבאַר, אַז אַזוינע ספרים זאָלען בעשאַפען ווערען: זי איז מעהר ווי אַלע אין דעם פעראינטערעסירט געוועזן.

און אַז איך זעה דעם בילד פונ'ם יודישען מאַלער פען, וואו עס איז אויסגעמאָלט אַ יודינע, וואָס זיצט מיט אַ פאַריק און אַ טוך אויפ'ן קאָפ, מיט שפאַקולען אויף די אויגען, און איז פערטיפט און אינגאַנצען אַריינגעטאָן אינ'ם טייטש-חומש — זעה איך פאַר זיך דעם סימבאָל און דעם גייסט פון דער עלטערער יודישער ליטעראַטור.

III

די הויפט-ראָלע, וואָס די לעזערין (און ניט דער לעזער) האָט געשפּיעלט אין דער ליטעראַטור אויף עברי-טייטש, האָט געמוזט לאָזען טיעפע שפורען אויפ'ן גאַנצען אויסזעהן און כאַראַקטער פון דער דאָזיגער ליטעראַטור. די אויפגאַבע פון די ווייטערדיגע נאָטיצען איז — די דאָזיגע שפורען אויפצוזוכען. אַז די יודישע פרוי איז געוועזן די הויבאַם און די אַם פון דער ליטעראַטור אויף יודיש — איז אַלעמען בעקאַנט, און עס וואָלט גאָרניט לוינען אפשר רעדען וועגען דעם אַזוי פיעל; עס איז נאָך ניט גענוג אָבער איסגעפאָרשט געוואָרען די בעדייטונג, וואָס פאַר דער יודישער ליטעראַטור האָט געהאַט דאָס, וואָס זי איז גרעסטענטיילס בעשטימט געוועזן פאַר אַ לעזערין, ניט פאַר אַ לעזער. עס האָט געהאַט זעהר אַ גרויסע בעדייטונג סיי פאַר'ן שטאָף פון די ווערק, וואָס זענען געשריבען געוואָרען אויף יודיש, סיי פאַר זיין בעאַרבייטונג.

לאָמיר זיך פריהער צוקוקען צום שטאָף.

ביז דער השכלה-עפּאָכע און נאָך אַ שטיק אין דער השכלה-עפּאָכע גופא איז דער הויפּט-שטאָף פון די יודישע, אַזוי ווי פון די העברעאישע, ספרים געוועזן אַ רעליגיעזער. דער מקור פונ'ם רעליגיעזען יודישען לעבען אָבער איז העברעאיש, לשון-קודש; איז קיין חידוש ניט, וואָס ביז דעם אָנהויב פון דער השכלה-בעוועגונג, וועלכע האָט אָנגעהויבען זיך אונטערצוגראָבען אונטער דעם אַלטען לעבענסשטייגער, האָט די יודישע ליטעראַטור געצייגען איהר חיונה דער עיקר פון דער העברעאישער[73]: איבערזעצונגען און בעאַרבייטונגען פון העברעאישע אָדער ריכטיגער העברעאיש-אַרמישע ספרים האָבען פערנומען אין דער יודישער ליטעראַטור דעם אויבענאָן. וואָס פלעגט מען אָבער איבערזעצען, וואָס פלעגט מען אַריבערנעמען פון דער העברעאיש-אַרמישער ליטעראַטור? דער ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע וועט אונז ווייזען, אין וואָס און פאַרוואָס דער שטאָף פון די „ווייבערשע ספרים" איז געוועזן אַנדערש, ווי דער שטאָף פון מאַנסבילשע, די לשון-קודש'דיגע ספרים. בכדי אָבער דער ענטפער זאָל קלאָר זיין, וועלען מיר פריהער צווייפאַכיג אַיינטיילען די העברעאיש-אַרמישע ליטעראַטור אין סוגים, נאָך דעם שטאָף נאָך: מיר וועלען זיי אַיינטיילען, ערשטענס, אין דעם סוג, וואָס מען רופט אָן תורה שבכתב, און אין דעם, וואָס איז זיך סומך דער עיקר אויפ'ן תלמוד, אָדער תורה שבעל פה. דער לעצטער מין איז דער גרעסטער, נאָך זיין כמות נאָך, ווארום, אַחוץ דעם תנ"ך גופא (און די אַפּאָקריפען), האָט אַלץ, וואָס איז געשריבען געוואָרען וועגען דער ביבעל, אָנגעהויבען פון די ערשטע מפרשים אָן, די בעלי המדרש, די חכמי התלמוד, — שוין ניט קיין ביבלישען, נאָר אַ תלמוד'ישען, אַ „ראַבּיניסטישען" כאַראַקטער.

די תלמודיש-רבנישע ליטעראַטור גופא אָבער (און דאָס איז די צווייטע אַיינטיילונג) בעשטעהט: א) פון הלכה און ב) פון אגדה.

לאָמיר זעהן איצט, וואָסער מין האָט געשפּיעלט די הויפּט-ראָלע אין דער לשון-קודש'דיגער, מאַנסבילשער ליטעראַטור און וואָסערע — אין די יודיש-טייטשע איבערזעצונגען און בעאַרבייטונגען. מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, אַז די תלמודיש-רבנישע ליטעראַטור האָט, לויט דער צאָהל און גרייס פון די ספרים, וואָס געהערען צו איהר, אַ ניט אין ערך ברייטערן פערנעם, ווי די ביבלישע ליטעראַטור. כדי עס צו זעהן בעשיינפערליך, דאַרף מען גאָר ניט אַוועקשטעלען איינס קעגען דאָס אַנדערע דעם תנ"ך און די בערג פשטים, רמזים, דרשים און סודות (פרד"ס), וואָס ווערען אַריינגעטייטשט אין יעדען פסוק דורך דער משנה, דער גמרא, די מדרשים, ילקוטים, מכלתות, קבלה- און דרוש-ספרים: עס איז גענוג צו נעמען אין האַנד אַריין אַ „עשרים וארבע" מיט ל"ב פירושים, בכדי צו זעהן, וואָס פאַר אַ קליינע (אמת גרינע און פרעכטיגע) אינזעל דער ביבלישער טעקסט איז אין דעם ים פון די מפרשים. אָבער ניט נאָר אין דער ליטעראַטור — אויך ביי דעם לעזער, אָדער, ריכטיגער, לערנער פון דער דאָזיגער ליטעראַטור, האָט חומש און עשרים וארבע פערנומען זעהר אַ קליינעם אָרט. אפילו מיט דעם פער'גמרא'טען און פער'מדרש'טען תנ"ך (חומש מיט רש"י איז דאָך שוין מעהר גמרא, מעהר מדרש, ווי חומש) האָט מען זיך וועניג זעהר אָבגעגעבען. קעגען חומש איז מען יוצא געווען מיט מעביר זיין די סדרה (נאָר חקרנים און בעלי-דקדוק פלעגען שבת צו קריאת התורה אָדער צו וואָרמעס פערטיעפען זיך אין אַ שטיקעל אבן-עזרא אָדער רד"ק, און תנ"ך האָט מען געלערנט נאָר יונגעלווייז אין חדר, און אויך דאָס נאָר אַ פאָר שעה אין טאָג. דעם „והגית בה יומם ולילה" האָט

70) שולמאַן ז. 13.

71) דאָרט ז. 63.

72) א. שולמאַן: „עטליכע ווערטער איבער די זשאַרגאָן-ליטעראַטור" „דער יוד" 1902 נום. 17.

73) פון דער דייטשער ליטעראַטור פלעגט די יודיש-דייטשע נעמען שטאָף נאָר פאַר די וועלטליכע בעלעטריסטישע ווערק.

מען איבערגעטראָגען פֿון דער תורה אויף ש"ס און פּוסקים: זיי פֿלעגט מען אָבגעבען די גאַנצע צייט, דעם גאַנצען לעבען...

די צווייטע אײַנטיילונג, וואָס מיר האָבען גערעדט וועגען איהר, די אײַנטיילונג אין הלכה און אגדה, איז שוין ניט אין ערך גלייכמעסיגער. אַז מען זאָל קאַטאַלאָגיזירען די הלכה (אין ברייטסטען זין פֿון וואָרט) בעזונדער און די אגדה (איך אין ברייטסטען זין) בעזונדער, איז שווער צו זאָגען, וואָסער קאַטאַלאָג וואָלט רייכער געווען: מעגליך, אַז דער אגדה׳שער. דאָך ווייסען אַלע, אַז די אגדה, אַזוי ווי דער תנ"ך, האָט ביי יודען, (ווענינגסטענס אין דער תקופה, ווען די ליטעראַטור אויף יודיש איז אויסגעוואַקסען און האָט זיך ענטוויקעלט, און נאָך פֿיעל פֿריהער) געשפּיעלט אַ סך אַ קלענערע ראָלע, ווי די הלכה. עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס אַפֿילו מיט געוועהנליכע בעלי הבתים, וואָס קאָנען ניט לערנען אַליין, פֿלעגט מען משניות לערנען אין דערפֿריה נאָכ׳ן דאַוונען, עין־יעקב אָבער — בין מנחה למעריב, ווען מען איז שוין מיעד פֿון טאָג, און מען זוכט אַן אָברוה. אין חדר, און בעזונדערס אין ישיבה, פֿלעגט מען די שטיקלעך אגדתא, וואָס כאַפּען זיך אַריין אַמאָל אין שיעור, זעהר אָפֿט איבערהיפּען. פֿאַר אונז, קינדער, איז די שטיקעל אַגדתא געווען דוקא אַ שמחה, אַ יום־טוב, עפּיס אַזוי ווי אַ שטיקעל ברעג, וואו מען קאָן אָברוהען פֿון דער שווערער נסיעה איבער׳ן „ים התלמוד"; פֿאַר׳ן למוד׳ן, ערנסטען רבי׳ן אָבער איז אַגדתא געווען אַ שפּיעל: אַ יוד אַ למדן וועט זיך ניט נעמען שפּיעלען אין מיטען העלען טאָג... אַ יוד אַ למדן פֿלעגט אפֿילו בין למנחה למעריב, ווען אַ מגיד איז געשטאַנען ביים אָרון קודש און „געזאָגט", זיצען ביי דער גמרא און לערנען. און דאָס איז געווען ניט, ווייל די הלכה, וואָס לערנט פּסק׳ען שאלות, האָט אַ גרעסערן פּראַקטישען ווערט, ווי די אגדה. ניין, אויף ש"ס און פּוסקים פֿלעגט מען לערנען „לשמה", ניט צוליעב די דינים. אַיי פֿאַרוואָס האָט מען עס געשאַצט מעהר, ווי די אגדה, כאָטש זי איז אַ סגולה צו פֿרומקייט? איינער פֿון די טעמים, איז געוויס דער, וואָס צו אגדתא, צו דרוש בכלל דאַרף מען ניט קיין „קאָפּ", און פֿאַר אַן ערנסטען לימוד האָט זיך גערעכענט נאָר אַ שכל׳דיגער לימוד, אַ לימוד מיט קאָפּ... אַזוי צי אַזוי — דער וויכטיגסטער און אָנגעזעהענסטער שטאָף פֿון דער ליטעראַטור אויף לשון קודש איז געווען ניט תנ"ך און ניט אגדה, נאָר הלכה.

ווי אַנדערש אָבער איז דער שטאָף פֿון די רעליגיעזע ווערק, וואָס זענען איבערגעזעצט און בעאַרבייט געוואָרען — פֿאַר ווייבער און פּראָסטע מענשען — אויף עברי־טייטש! אויך צווישען די דאָזיגע בעאַרבייטונגען און איבערזעצונגען געפֿינען זיך ספֿרי־הלכה; אָבער ווי קליין איז זייער סכום אין פֿערגלייך מיט דער צאָהל פֿון די ביבלישע, אגדה׳שע און מוסר־ספֿרים, וואָס זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען אויף עברי־טייטש! אַז די ביבליאָגראַפֿיע פֿון דער עלטערער יודישער ליטעראַטור וועט זיין סיסטעמאַטישער בעאַרבייט, ווי איצט, וועט מען האָבען דאַן אפֿשר ריכטיגע דאַטען וועגען דעם, אָבער איצטער שוין, בלעטערנדיג די ביבליאָגראַפֿישע רשימות פֿון שטיינשניידער, בן יעקב, פֿירסט און אַנד., זעהט מען, ווי קליין עס איז דער פּראָצענט פֿון ספֿרים אויף יודיש, וואָס האָבען אַ שייכות צו דינים און הלכות. קענענדיג דעם עולם, וואָס פֿאַר איהם האָט מען געשריבען אויף יודיש, איז עס אויך לייכט צו פֿערשטעהן. משניות, גמרא, פּוסקים, שאלות ותשובות — דאָס איז ניט פֿאַר ווייבער און עם הארצים. דאָ וועט שוין ניט העלפֿען דער שרייבען אויף אַ שפּראַך, וואָס אַלע פֿערשטעהען: די שווערקייט ליגט דאָ אינ׳ם עצם ענין, ניט אין דער שפּראַך [74]. (שוין ניט גערעדט פֿון דעם, וואָס ווייבער זענען סתם פּטור פֿון לערנען, ווי מיר האָבען פֿריהער געזעהן). איי־וואָס, פֿאַרהאַן דינים, וואָס יעדער יוד, אויך דער עם הארץ, און יעדער יודינע מוז זיי וויסען? מען קאָן דאָך ניט לויפֿען פֿרעגען שאלות צום רב ביי יעדער קלייניגקייט! איז אויף דעם פֿאַרהאַן אַ מיטעל: וועגען די גאָר נויטיגע דינים האָט מען אַרויסגעגעבען קליינע ספֿרים׳לעך איך, אויף עברי־טייטש. אַזוי זענען אונז בעקאַנט, צום ביישפּיעל, ספֿרים׳לעך אויף עברי־טייטש, וואו עס רעדט זיך וועגען די בעזונדערע מצוות, וואָס ווייבער מוזען אָבהיטען: אין יאָהר 1577 איז אין קראַקוי אַרויס „איין שוין פֿרואַן בויכליין" מיט דעם העברעאישען טיטעל „סדר מצוות הנשים" — „וויא זיך איין אירקליכי ורוי זאָל האַלטן מיט נידה אונ חלה אונ דיא ליכט צוא אָנצינדן אן דיא שבתות אונ ימים טובים". דאָס דאָזיגע אינטערעסאַנטע „בויכליין" איז אייגענטליך אַ מוסר־ספֿר, ווי מען זעהט עס פֿון די שטיקער טעקסט, וואָס ווערען געבראַכט פֿון גרינבוים אין זיין „כרעסטאָמאַטיע" (זז. 265 — 277), דאָך ווערט דאָ גערעדט דערהויפּט וועגען די דינים, וואָס זענען שייך צו ווייבער. וועגען די דאָזיגע און עהנליכע דינים רעדט זיך אויך אין די פֿערשיידענע אויסגאַבען, וואָס זענען אַרויס אין פֿערשיידענע צייטען אונטער דעם טיטעל „מצוות הנשים" אָדער „סדר נשים" אָדער „חיבת נשים" (אויב דאָס איז ניט קיין איינפֿאַכער איבערדרוק פֿון דעם „פֿרויאַן בויכליין"). וועגען זאַלצען פֿלייש וכדומה זאַכען, וואָס זענען נוגע צו דער יודישער קיך, אַלזוי צו ווייבער, רעדט זיך אין אַזוינע ספֿרים׳לעך, ווי טהרת אהרן (1728) [75], ברית מלח פֿון ר׳ יום טוב ליפּמאַן העללער—„דאַמיט אידרי (איעדערע) פֿרויא זאָל ווישן גוואַרנט צו זיין אונ אום צו גין (געהן) דערמיט וויא דער דין אונ׳ רעכט איז" [76], סדר מליחה (ווינציאה, יאָהר?) [77], סדר הניקור (קראָקא 1644) [78], פֿערשיידענע אויסגאַבען פֿון שחיטות ובדיקות א. ד. ג.

אַנדערע הלכה־ספֿרים אויף עברי־טייטש גיבען זיך אָב דאָס רוב אויך נאָר מיט אַזוינע דינים און מצוות, וואָס זענען שייך

74) אויף דער שווערקייט צו פערשטעהן די העברעאישע הלכה און פלפול־ספרים ווייזט אויך אָן דער מחבר פון „בראַנטשפּיגעל"... „דען, שרייבט ער, אונזער ספרים אין לשון הקודש שרייבן צו ווילן פלפול אויס דער גמרא, מעכטן (די ווייבער און עם הארצים—ש. נ.) ניט פאַר שטיין". גרינבום 231.

75) דער טעקסט פון דעם דאָזיגען ספר׳ל (ווי אויך פונ׳ם ברית מלח) ווערט געבראַכט אין דעם שוין פריהער דערמאָנטען „קהלת שלמה", דף קט"ז, וואָס איז בכלל אַן אוצר פון אלטע יודיש־דייטשע טעקסטען.

76) דאָרט קי"ז. עס ווערט דאָרט, אגב, דערצעהלט, אַז דער קראָקאָווער רב ר׳ אריה לייב האָט גוזר געווען „דש אידרר בעל בית איז מחויב זוא איין ברית מלח אין זיין הויז צו האָבען אונ׳ די פרויא אלי וואָך לפחות איין מאָל אל דיא דינים אויז צו לייאנן, אונ׳ ווען די פרויא ניט קען לייאנן איז איר מאַן מחויב אלי וואָך איר איין מאָל פאָר צו לייאנן".

77) בן יעקב ז. 411.

78) דאָרט ז. 412.

צום געזעלשאַפטליכען און צום פאַמיליען־לעבען: „הלכות מילה“, הלכות אבלות: „אלי דינים פון פריידין“ (1703) אָדער הלכות בית הכנסת, הלכות צדקה, הלכות שבת, הלכות דרך ארץ וכדומה אין לב טוב, אָבער דאָס אַלץ, ווי ווייט עס קאָן ברענגען פּראַקטישען מאָראַלישען נוץ[79].

סתם־הלכה, תורה לשמה, וואָס האָט פאַרנומען אַזאַ גרויסען אָרט אין דער „מאַנסבילשער“ ליטעראַטור, פעהלט אינגאַנצען אין דער ליטעראַטור אויף עברי־טייטש.

דער פעהלען פון הלכה אין דער עברי־טייטש־ליטעראַטור איז דער ערשטער נעגאַטיווער סימן, וואָס נאָך איהם דער־קענט מען דעם שטאָף, וועלכער האָט אינטערעסירט דער־היפּט דעם לעזער פון דער עלטערער יודישער ליטעראַטור.

פאַרהאַן אָבער נאָך אַ סימן — אַ פּאָזיטיווער.

דאָס איז די מאַסע איבערזעצונגען פון תנ״ך אויף יודיש, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען פאַר פערשיידענע מענשען און וואָס זענען געווען, קאָן מען זאָגען, דער פונדאַמענט פון דער יודיש־דייטשער ליטעראַטור. מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, אַז די מאַנסביל, די לומדים, די אָנטיילנעמער אין דער ליטעראַטור אויף לשון־קודש, האָבען זיך אין דער תקופה, ווען די יודישע ליטעראַטור איז אויסגעוואַקסען, מיט תנ״ך ווייניג וואָס אָבגעגעבען[80]. זיי זענען צופיעל געווען אַריינגעטאָן אין ש״ס און פוסקים, אין חילוקים און פּלפּולים. ווי זענען צו ווייט געווען פון דער ביבלישער פשטות, פון דער ביבלישער תמימות. זיי זענען צו אַלט און צו קלוג געווען פאַר דער ביבעל, וואָס איז געבליבען פון דער תקופה, ווען דער גאַנצער יודישער פאָלק איז נאָך יונג געווען און נאַאיוו. האָט מען זיך געקוויקט מיט'ן חומש נאָר אין חדר און... אויף דער ווייבערשער

79) דער מחבר פון „אורחות צדיקים“ (=„ספר המדות“; ערשטע אויסגאַבע 1542) זאָגט, אַז ווייבער, וואָס זענען פטור פון גמרא לערנען, מוזען דאָך לערנען איסור והיתר „דאָש זיי זאָלן וויסן אין הויז זיך וויא צו באַגיין“ (ז. 68). מיר ציטירען נאָך איינער פון די לעצטע אויסגאַבען: ווילנא 1857.

80) אַזוי, צום ביישפּיעל, שרייבט דער דרוקער יוסף עטיאַש אין זיין הקדמה צו איינער פון די ערשטע פולשטענדיגע תנ״ך־איבערזעצונגען, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון יוסף (יוזלן) וויצנהויזן (1679):

„אביר הייט דאש סאגש זיכט (זעהט) מאן בעונותינו הרבים אויגן שיינ־ליך דאָש דיא היליגי תורה, די תורה שבכתב, כמעט איז מונח בקרן זוית, דאָש ברענגט אויך בעונותינו הרבים אונזער אריכת הגלות... אזאַ זיכט מאן אויך היי־טיגש טאגש כמעט בכל ארץ פוילן ופיהם אונ' אין אנדרי מדינות דאָש אזא באלד איין קינד נייארט שאלאמוזן קאן לערינט דער רבי איין פרשה אודער עט־וואָש מער חומש מיט אים, דאָ נאך היבט (הויבט) מאַן משניות אונ' גמרא מיט אים אן אונ' ליגט זיך אויף חריפות און חילוקים, אביר דען עיקר יסוד, דען באר מים חיים, דיא תורה שבכתב לאָזט מען שטין... אונ' אויך זינט דיא צייט דאָש פיל פולישי מלמדים, אין אשכנז זיינן ביקומן. דאָ מאן זונשט יוי האָט פפלעגן פסוק צו לערנן, דא האבן זיא אויך גלייך אז (אַזוי) ווי איר סדר איז וויניג פסוק מיט דען קינדר גילרינט (רבי לא שנה, רבי חייא מנא ליה) בין כך בין כן מעכט דאָך חס ושלום דיא תורה שבכתב פאר געשין ווערדן פון ישראל“. ציטירט נאָך דער (צווייטער) אויסגאַבע פון אַמשטערדאַם 1687. מיר זעהען, אַז אין 17־טען יאָהרהונדערט האָט מען שוין אויך אין דייטשלאַנד זעהר ווייניג „פסוק“ געלערנט. פערגלייך אויך צונץ „די גאָטטעסדיענסטליכען פאָרטראַגע דער יודען“, בערלין, 1832, ז. 442.



שול; קינדער און פרויען — זיי האָבען נאָך ניט פערלאָרען די פעהיגקייט, דעם טאַלאַנט צו לערנען און צו לייענען די מעשה'לעך פון חומש. און די ערשטע ספרים, וואָס מען האָט אָנגעהויבען צו שרייבען און צו דרוקען אויף יודיש־דייטש אין 16־טען און נאָך אין 15־טען יאָהרהונדערט — זענען געווען טאַקע איבערזעצונגען פון תנ״ך. עס איז דאָ ניט דער אָרט זיך אָבצושטעלען אויף דער ווירקונג, וואָס אויף די יודיש־דייטשע איבערזעצער פון תנ״ך האָבען געהאַט די פאָלקסטימליכע דייטשע ביבעל־איבער־זעצונגען, וואָס זענען דאַן פערשפּרייט און פּאָפּולער געוואָרען אין די גערמאַנישע לענדער[81]. מיר האָבען נאָר געוואָלט דאָ אָנ־ווייזען אויף דעם פאַקט, וואָס דער עמוד התוך פון דער יודיש־דייטשער ליטעראַטור און איהר לעזער איז, להיפוך פון דער „מאַנס־בילשער“ ליטעראַטור אויף העברעאיש־אַראַמעאיש און איהרע לער־נער — געווען די ביבעל און אַלץ, וואָס האָט אַ נאָהענטע שייכות צו איהר. דער תנ״ך, וואָס דער מאַנסביל דער למדן האָט אָפט גע־וואוסט פון איהם נאָר עטליכע פסוקים, די, וואָס ווערען געבראַכט אין דער גמרא, — דער תנ״ך איז דורך די איבערזעצונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען פון איהם אויף דער פאָלקס־שפּראַך, גע־וואָרען ווידער אַן ערציהער פון די ברייטע מאַסען. דאָס איז געווען אַ נייער מתן־תורה, כביכול, פאַר ווייבער און עם־הארצים. ווייבער, וואָס קיין גמרא האָבען זיי ניט געטאָרט און אפשר אויך ניט גע־וואָלט און ניט געקאָנט לערנען, האָבען מיט פלייס און פרייד גע־לערנט חומש, טייטש־חומש און הפטרות. וואָרום דאָס, וואָס די חכמים האָבען געזאָגט, אַז ווייבער דאַרפען ניט לערנען, „דאָש מיינט מען גמרא, אָבער עשרים וארבע און דינים, וואָש איסור והיתר איז מוזין זיא לערנען“[82]. און מען האָט עס זיי געלערנט: שבת ביטאָג, ווען דער מאַן, איב ער איז אַ למדן געווען, פלעגט זיצען און לערנען אַ בלאַט גמרא, פלעגט די ווייב לייענען די סדרה אין טייטש־חומש. אין וואָכעדיגע, גשמיות'דיגע זאַכען, ווי אַ שטיי־גער פרנסה, איז דער פרומער יוד ניט געווען בעזונדערס אידעאַל צו דער יודינע: איהם האָט ניט געאַרט, וואָס זי טראָגט אויף זיך דעם יאָך פון דער הוצאה; בנוגע אָבער צו רוחניות, צו תורה לערנען — דאָ איז ער געווען אַן אמת'ער „דזשענטעלמען“: די שווערע גמרא האָט ער זיך גענומען, און דער ווייב, וואָס איז נעביך אַ שוואַך בע־שעפעניש, האָט ער געלאָזען די שענע סדרה פון וואָך מיט די זיסע אגדתות.

די אַגדתות — אָט די שטיפקינדער פון דער מאַנסבילשער למדות, זענען דער צווייטער וויכטיגער שטאָף פון דער יודיש־דייטשער ליטעראַטור נאָך דער ביבעל. דער צווייטער? גיכער דער ערשטער לויט זיין וויכטיגקייט נאָך. וואָרום דער חומש גופא איז אין די יודישע בעאַרבייטונגען איינגעטונקט אין אַגדתות; דער טייטש־חומש מיט זיינע פערשיידענע וואַריאַציעס איז ניט איינ־

81) עס וואָלט געווען, אגב, זעהר אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע צו פערגלייכען די בעציהונג צווישען לאַטיין און דער דייטשער פאָלקסשפּראַך אין יענער תקופה מיט דער בעציהונג פון לשון־קודש און עברי־טייטש. אין ביידע פאַלען האָבען מיר צו טון מיט אַ קאָנפליקט צווישען דעם גייסטיגען אַריסטאָקראַטיזם און דער פאָלקס־טימליכקייט.

82) אורחות צדיקים (ספר המדות) ציטירט נאָך דער אויסגאַבע פון ווילנא, 1857.

פאַך תּמש, נאָר חומש מיט רש"י, חימש מיט מדרש, מיט אַגדתות. עס זענען אמת געמאַכט געוואָרען איך פיעלע ווערטליכע איבערזעצונגען פון חומש אין עשרים וארבע; זיי זענען אָבער קיינמאָל ניט געווען אַזוי בעליעבט און פּאָפּולער, ווי דער טייטש-חומש (צום ערשטען מאָל אַרויס אין פּראג 1608) אָדער דער צאינה-וראינה (83).

אָבער אַחוץ די אַגדתות, וואָס זענען שייך צו דער סדרה און צו דער הפטרה (84), פלעגען ספּעציעל איבערגעזעצט און בעאַרבייט ווערען אויף עברי-טייטש כלערליי מעשיות, לעגענדעס, משלים, שטראָף- און טרייסט-רייד, גענומען פון תּלמוד און מדרשים (מנורת המאור, מעשה-בוך), פון זוהר און קבלה (נחלת צבי, קב הישר), פון כלערליי אַנדערע קוואַלען (יוסיפון, שבט יהודה, צמח דוד, מסעות ר' בנימין און פיעל אַנדערע); דער גרעסטער טייל מוסר ספרים, וואָס זענען איבערגעזעצט און בעאַרבייט אויף יודיש, בעשטעהט מייסטענס פון אַגדות, מעשיות און משלים. גוסטאַוו קאַרפּעלעס, וואָס דער פּרק אין זיין יודישער ליטעראַטורגעשיכטע, וואו עס רעדט זיך וועגען דער יודיש-דייטשער ליטעראַטור, איז ניט וועניגער, אויב נישט מעהר נאָך איבענאויפיג, ווי דאָס גאַנצע ווערק זיינע, — האָט דאָך אין דעם פּרט, וואָס מיר האַלטען ביי איהם, ריכטיג געזאָגט, אַז די יודישע ליטעראַטור פערהאַלט זיך צו דער העברעאישער, אַזוי ווי אין דער לעצטער דער אגדה'שער טייל צו דעם הלכה'שען. די יודישע ליטעראַטור, וואָס אין דעם ערשטען — רעליגיעזען פּעריאָד פון איהר געשיכטע קאָן זי בעטראַכט ווערען, ווי אַן אויסשניט פון דער העברעאיש-אַראַמעאישער ליטעראַטור, איז אַן אויסשניט ניט פון דער גאַנצער, נאָר פון צוויי ספּעציעלע אָבטיילונגען פון דער דאָזיגער רייך פערצווייגטער ליטעראַטור: פון דער ביבעל און דער אַגדה.

אַז די ביבעל און די אַגדה אין ברייטסטען זין פון וואָרט זענען געווען די הויפּטקוואַלען פון דער יודישער ליטעראַטור ביז דער נייער צייט, וועלען, אַגב, מודה זיין אויך די, וואָס לויט זייער מיינונג איז די יודישע ליטעראַטור אַ סך מעהר ווי אַ בלויזער (איבערגעזעצטער) אויסשניט פון דער העברעאיש-אַראַמעאישער ליטעראַטור.

דער „ווייבערשער" כאַראַקטער פון די ספרים אויף עברי-טייטש האָט זיך אָבער אָבגעשפּיגעלט ניט בלויז אויף דעם הויפּט-שטאָף פון דער דאָזיגער ליטעראַטור, וואָס איז געווען ביבליש-אַגדה'יש, ניט הלכה'יש — אויך אין די טעמעס פון איינציגע בעזונדערע ווערק לאָזט ער זיך פיהלען. אַז מען קוקט אַריין, צום ביישפּיעל, אין די ספרים, וואָס האָבען צוויי פּאַראַלעלע טעקסטען, אַ העברעאישען און אַ יודיש-טייטשען (אַזוינע ספרים פלעגען אָפט אַרויסגעגעבען ווערען, כדי צו פערשפּאָרען קויפען דעם כאַן אַ בעזונדער ספר און דער ווייב אַ בעזונדערן), זעהט מען, אַז דער שטאָף פון דעם יודיש-טייטשען טעקסט איז אָפט גאָר ניט דער איינענער שטאָף, וואָס ווערט בענוצט אין דעם לשון-קודש'דיגען טייל. אָט ליגט פאַר מיר גראָד אַ ספר פון דעם מין: קהלת שלמה פון ר' שלמה לאָנדאָן (אַמסטערדאַם, 1772, דריטע אויפלאַגע), אַ מין אַנטאָלאָגיע פון דער עברי-טייטש-ליטעראַטור. עס מישט זיך מיר אויף „דיני ברכות המזון" — ווערט אויף דער רעכטער, העברעאישער, זייט דערצעהלט עפּיס אין נאָמען פון די מקובלים, אויף דער לינקער זייט אָבער שטעהט „איין שינה (שענע) תּחינה נאָך דעם עשן זאָל מן דאָז זאָגן" א. אַז. וו. אָבער ניט נאָר דאָ — אומעטום האָט מען דעם איינדרוק, אַז דער מחבר פון דעם ספר האָט פאַר דעם עברי-טייטש-לעזער אָדער, ריכטיגער, לעזערין גאָר אַן אַנדער שטאָף, ווי פאַר דעם לעזער פונ'ם לשון-קודש'דיגען טעקסט. און דער ספר „קהלת שלמה" איז ניט קיין אויסנאַם אין דעם פּרט. אין אַ גרויסען טייל מוסר-ספרים, וואָס זענען בעאַרבייט געוואָרען אויף יודיש, זענען פאַראַן פּרקים, וואָס גיבען זיך אָב ספּעציעל מיט ווייבערשע טעמעס. אַזוי איז אין לב טוב אין פינפטען פּרק (הלכות דרך ארץ) פאַראַן אַ בעזונדער טייל, וואו עס רעדט זיך וועגען דרך ארץ „פון ווייבר אונ' מיידן" (85); אין סוף שמחת הנפש שרייבט דער מחבר, ר' מנוח הענדעל קירכהאָן, „וויא זיך מאַן אונ ווייב זאָלען נוהג זיין" (86); אין שבט מוסר איז פאַראַן אַ גאַנצער, אַגב, אויסגעצייכענטער, קאַפּיטעל (פּרק כ"ד), וואו עס ווערען אויסגערעכענט די תּנאים, „וואס איין פרומע אשה בדאַרף האָבין אין זיך, כדי זיא זאָל גיליבט זיין אויף איר מאַן, אַז ער זאָל ניט ח"ו האָבין מחשבות אויף אַננדרי (אַן אַנדערע) אשה, וואָס דורך דעם זענין זייני קינדר ניט גוט" (87); וועגען דעם, פערקעהרט, ווי אַ פרומער מאַן דאַרף זיך פערהאַלטען צו פרויען, רעדט זיך אין דעם שוין איינמאָל ציטירטען מוסר-ספר „חיי עולם" (88) און אין פיעל אַנדערע ספרים; דער (שוין אויך פריהער דערמאָנטער) „בראַנט שפּיגל" גיט זיך אָב גרעסטענטיילס אויך מיט די חובות, וואָס עס האָבען אויף זיך פרויען (89), שוין ניט גערעדט פון דעם „שוין פרואן בויכליין" (שען פרייען-ביכליין; קראַקוי, 1577), וואָס דער נאָמען זיינער אַליין ווייזט, אַז ער איז געמאַכט לכתחילה, פאַר ווייבער און גיט זיך אָב מיט „ווייבערשע" ענינים.

כדי אָבער דער לעזער זאָל זעהן בעשיינפערליך, וואָס איז אַהינס אָט דער „ווייבערשער" שטאָף אין זיין ריינסטער געשטאַלט, נעמען מיר זיך רשות צו ברענגען דעם ערשטען קאַפּיטעל פון אָט דעם אינטערעסאַנטען ווייבערבוך, ווי ער איז ציטירט ביי גרינבוים; כאָטש מיר מוזען עס איבערשרייבען מיט יודישע אותיות און קאָ-

83) דער מחבר פון צאינה וראינה, ר' יעקב בר יצחק מיאנאָווע, איז געשטאָרבען אין פראג 1628. וועגען דעם יאָהר ווען דער צאינה וראינה איז ארויס צום ערשטען מאָל, איז א מחלוקת הביבליאָגראפען. די עלטסטע אויסגאבע, וואָס איז בעקאנט, איז פון יאָהר 1622. פערגלייך שולמאן שפת י"א ז. 36.

84) דערצו געהערען אויסער דעם טייטש-חומש און דעם צאינה וראינה דער המגיד, פראג 1576, באר משה, פראג 1605, סלת למנחה, פראנקפורט, 1781 און אַנד.

85) נאָך דער אויסגאבע פון אמסטערדאם 1706 דף ל"ה, ע"ב.

86) נאָך איינער פון די לעצטע אויסגאבען, ווארשא, 1901 וואו דער נאָמען פונ'ם פערפאסער איז ניט אָנגעגעבען.

87) גאָך איינער פון די לעצטע אויסגאבען (ווארשא 1889), וואו אויבען איז דער העברעאישער טעקסט, אונטען עברי-טייטש.

88) גרינבוימ'ס „כרעסטאָמאטיע" זז. 260—261.

89) דאָרט זז. 233—235.

נען ניט ערב זיין, אַז מיר וועלען צוטרעפֿען אַקוראַט די אָרטאָגראַפֿיע פֿון יענער צייט. מיר לייענען אינ'ם ערשטען קאַפּיטעל:

„מיין ליבי טאָכטר, זיך (זעה) אונ' מערק עבן אויף ווס איך דיך דאָ טו לערנן; ווערסטו מיר פֿאָלגן, דאָ ווערסטו לעבן אין ציכטן אונ' ערן, אונ' גאָט דער אַלמעכטיג ווערט דיר גלויק (גליק) אונ היייל בשערן, אונ' פֿרייה ווערסטו זעהן אָן דיין קינדערן אונ' דיין טאג ווערן זיך טון מערן, אונ דיין גויט (גיטער), און דיין קויסט־ליכע קינדר ווערן זיין אַזוי פֿיל אַז שטערן אין הימל אונ' אַלי אנהילונג דיין הערץ ווערט דיר גאָט יתברך שמו בעמערן אונ' ידערמן ווערט דיינן געבענשטן נאָמן זוכן אונ' טון בגערן. אונ' דרום מיין ליבי טאָכטער וויל איך לערנן געהן דיין רעכטן וועג, אונ' ווערסטו מיר פֿאָלגן, זאָ וואל דיינן לייב און דיינר זעל. מן ווערט זי פֿירן אין רעכטן וועג, ווען איך וויל דיך דא לערנן דס דו פֿרום ווערסט זיין אונ' ווערסט גוטי קינדר האָבן אונ' די דאָ „תלמידי חכמים" ווערן זיין, דאָס אַל די וועלט ווערט זאָגן אונ' ווערן דיך בענשן אונ' ווערן זאָגן: גבענשט מוז דר בויך זיין דר דס קינד געטראָגן האָט, אונ' איבער הונדערט יאָהרען ווען דו ווערסט שטרבן זא ווערן קאָמן אזא פֿיל דער הימלישן ענגל, די דאָ זיין געהייסן מלאכי רחמים אונ' זיא ווערן דיין זעל אַנטפֿאַנגן מיט גראָסן פֿריידן, אונ' זיא ווערן זאָגן: שלום בואך, שלום בואך, דס איז אין טייטשען, פֿריד זאָל זיין דיין קאָמן, פֿריד זאָל זיין דיין קאָמן אונ' ווערן זיא פֿוירען אַזא באַלד פֿער (פֿאַר) דען דיין האמת, אונ' דאָרט ווערן דיא ענגל גאָטס אַל דיין פֿיר שפרעכר זיין, אונ' הערן זאָגן: גאָט הער אַל דר וועלט, טו גנאָד דער זעלן, די דאָ האָט געוואָנן און דערצאָגן קינדר, די דאָ לערנן אין דייער היילגן תורה, אונ' דערלייכטן אויגן דר בלינדן, דאָס מיינט זיא עם־הארצים, די דאָ זיין געגליכן צו דען בלינדן; דרום ביטן מיר דיך, גאָט הער אַל דער וועלט, בשירם דיא זעל פֿער דאָס געריכט דאָס גיהנם, אונ' ווען זי שוין האָט איין ווינג (וועניג) עבירות אוף איר, זאָ פֿרגיב זיא איר דורך ווילן איר קינדר דיא זיא געוואָנן האָט אונ' דערצאָהן מיט גוטן פֿלייס, אונ' מיט גוטר מחשבה, דיא זיא האָט געהאַט ווען זיא איז צו טבילה גאַנגן, אונ' ווען זיא זיך האָט צו אירן מאַן געלעבט, זאָ האָט זיא זיך געפֿליסן צו זעלכי פֿרומע קינדר, אונ' ניט צו קיינר ביברייא נאָך צו דר פֿילן ליסט דעם יצר־הרע. דען ווערט גאָט יתברך שמו שפרעכן צו דען מלאכים: עס איז בילך (גלייך) דאָס דיא זעל זאָל ערבן דאָס גן עדן, אונ' אַזוי באַלד ווערן. די ענגל די זעל פֿוירן אין דאָס גן־עדן אונ' אַזוי באַלד ווערט די זעל געפֿינן איין שטול בּרייט, אונ' דאָ ווערט זיא שרה אונ' רבקה אונ' רחל, אונ' לאה פֿינדן, אונ' זיא ווערן זיא גאָר ליפליך אַנטפֿאַנגען, אונ' דאָ ווערט זיך דיא זעל דערמייען מיט דען חסידות און צדקניות, די דאָ זיין, אין דען גן־עדן, אונ' צו איקליכם מל דאָס אירי קינדר ווערן לערנן אודר ארן אונ' די מצות טון אודר אַנדרי לייט מאַכן טון צון איקליכען מאלש (מאָל) ווערט דער האָכט איר שטול אונ' איז זיך דערמייען פֿון שיין דער שכינה, אונ' איז זיך גענענן צו דען היילגן כסא הכבוד, דרום, ליבי טאָכטר, פֿאָלג מיר אונ' טו ווס איך דיך ווער לערנן, אונ' זיך עבן דאָס טו טוסט עבן מיט דען זאַכן רעכט אונ' זייא ניט מיקל דראן דען דיין לייב אונ' דיין זעל אונ' דיין לעבן הענגט דראן... אין לאַיי (לייען) דאָס ביכעל אָפֿט, דאָס דו רגיל דרינען ווערסט אונ' דאָס דו ווייסט אַלי דינים אונ' היט דיך, דאָס דו דיך אין קיין ספק טוסט שטאָסן"[90].

אָט אַזוינע מאָטיווען ווי די הבטחה צו האָבען גוטע, פֿרומע קינדער, צו בעגעגענען אין גן־עדן די אמהות, שרה, רבקה, רחל, לאה — אַזוינע עכט ווייבערשע מאָטיווען טרעפֿען זיך כמעט אין יעדען ספר אין ספרי'ל אויף עברי־טייטש. אָבער אַזוי בולט אין קענטיג ווי אין די תחינות זענען זיי ערגיץ ניט. וועגען דעם בעזונדערן גייסט און סטיל פֿון די תחינות וועלען מיר רעדען שפּעטער; איצט האַלטען מיר ביים שטאָף. יעדערער, וואָס קען די ווייבערשע תחינות, ווייס, אַז אויך דער שטאָף, ניט נאָר דער גייסט זייערער, איז אַן אַנדערער, ווי אין די מאַנסבילשע תפלות.

אמת, אויך די לשון־קודש'דיגע און אַרמישע תפלות זענען אַלע איבערגעזעצט געוואָרען אויף עברי־טייטש: אַפֿילו מחזור, סליחות, מעמדות, קינות, זמירות און כלערליי אַנדערע פּיוטים זענען פֿאַר־האַן אין יודיש־דייטשער איבערזעצונג; האַנדשריפֿטליכע איבער־זעצונגען פֿון סדור און מחזור זענען פֿאַרהאַן, וואָס שטאַמען נאָך פֿונ'ם 15־טען יאָהרהונדערט[91]; נאָר די אַלע „מאַנסבילשע" תפלות האָבען קיינמאָל ניט פֿערנומען אַזאַ פּלאַץ אין דער רעליגיעזער עברי־טייטש־ליטעראַטור, ווי די לכתחילה פֿאַר ווייבער און אָפֿט אויך פֿון ווייבער פֿערפֿאַסטע תחינות. די לעצטע זענען אָפֿט אויך מעהר ניט ווי איבערגעאַרבייטע, קאָמפּילירטע לשון־קודש'דיגע תפלות; אָבער וואָסערע העברעאיש־אַראַמעאישע תפילות פֿלעגען בעאַר־בייט און קאָמפּילירט ווערען אויף עברי־טייטש? די וואָס לויט זייער שטאָף און אויך גייסט נאָך זענען זיי גיכער תחינות, ווי תפלות, כאָטש זיי זענען פֿערפֿאַסט אויף לשון קודש; צום ביישפּיעל, די כלערליי „יהי רצונ'ס", „רבונו של עולם", „זכור לנו"[92], און אַנדערע אַזוינע תפילות, וואָס טראָגען אַן אינטימען, געמיטליכען כאַראַקטער, תפלות, וואו עס רעדט זיך מעהר וועגען פּרט, ווי וועגען כלל, וואו מען בעט גאָט, ער זאָל מוחל זיין אויף די זינד און געבען פּרנסה, אַריכת ימים, וואו עס ווערען דערמאָנט די אָבות און אמהות און אַלע צדיקים און צדקניות, זייער זכות זאָל אונז ביישטעהן, רבונו של עולם! וואו עס זענען פֿאַרהאַן, מיט איין וואָרט, בילדער, געשטאַלטען, וואָס וועקען די פֿאַנ־טאַזיע, רייד, וואָס פֿערנעמען פֿאַר'ן האַרצען, בקשות און תחנונים, וואָס עפֿענען אויף אַלע וואונדען פֿון דער צעוועדהטאָגטער נשמה און מאַכען רינען טרערען פֿון די אויגען... אָט אַזוינע תפלות און געבעטען פֿלעגען איבערגענומען און איבערגעאַרבייט ווערען פֿון העברעאיש אין, פֿערשטענדיג געוואָרען דער יודינע, פֿלעגען זיי דערקוויקען איהר האַרץ, מינטערן איהר געמיט, שטילען איהר גייס־טיגען דאָרשט...

די פֿערפֿאַסער פֿון די ווייבערשע תפלות פֿלעגען אָבער ניט שטענדיג געפֿינען אין לשון־קודש, אין די שטרענגע מאַנסבילשע סדורים, אין די פֿערפֿלאָנטערטע האַלב־פֿערשטענדליכע פּיוטים, דאָס, וואָס זיי האָבען געזוכט. די מאַנסבילשע תפלות, וואָס רעדען ס'רוב

90) דאָרט זז. 270—271.

91) א. שולמאַן: שפת יהודית אשכנזית וספרותה זז. 54—55; אויך גרינבוים: „כרעכטאמאטיע" ז. 289.

92) וועגען די דאָזיגע לשון־קודש'דיגע תחינות און זייער בעזונדערן פֿאָלקסטימליך־פּאָעטישען ווערט זעה ח. נ. ביאַליק: „שירתנו הצעירה" „השלח" תרס"ז, שבט—תמוז, ז. 73.

וועגען כלל ישראל, ניט וועגען רבי ישראל, און וואָס אָפֿט האָבען זיי גאָר אָן אוניווערסאַלען, אַלגעמיינמענשליכען אינהאַלט, זענען פֿאַר ווייבער געווען צו קאַלט, צו שטרענג, צו אַבסטראַקט. האָט מען אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אויף עבֿרי־טייטש תפֿלות (=תחינות), וואָס זענען בעשאַפֿען לכתחילה פֿאַר ווייבער. (די איבערגעזעצטע תפֿלות זענען געווען ניט פֿאַר ווייבער אַליין, נאָר אויך פֿאַר מאַנסביל עם הארצים, „דיא אין לה"ק וואָלן ארן (דאַווענען) אונ' ור שטיין (פֿערשטעהן) דארינן קיין וואָרט", ווי צום ביישפּיעל די סדור־איבערזעצונג פֿון יוסף בר יקר 1544, וואָס פֿון דער הקדמה צו איהר האָבען מיר גענומען די נאָר וואָס ציטירטע ווערטער[93].

די ערשטע אָריגינעלע תחינה, וואָס איז בעקאַנט די פֿאָרשער פֿון דער יודישער ליטעראַטור, שטאַמט פֿון ענדע 16־טען יאָהרהונדערט; איהר פֿערפֿאַסער איז אַבֿרהם אַפּאַטעקר[94]. וועגען איהר אינהאַלט קאָנען מיר נישט רעדען, ווייל ער איז אונז ליידער נישט בעקאַנט. דערפֿאַר קענען מיר אַ ביסעל דעם אינהאַלט פֿון אַן אַנדער אָריגינעלער יודישער תחינות־זאַמלונג, וואָס שטאַמט אמת פֿון אַ שפּעטערדיגער צייט, נאָר דאָך איז זי גענוג אַלט. מיר מיינען די זאַמלונג, וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „ליבליכי תפֿלה אָדער גרעפֿטיגי ארטצנייא פֿר גוף אונ' נשמה". אויף דעם עקזעמפּלאַר, וואָס גרינבוים האָט בענוצט פֿאַר זיין „כרעסטאָמאַטיע", איז דער נאָמען פֿונ'ם פֿערפֿאַסער, ווי אויך דער יאָהר און אָרט פֿון דרוק ניט אָנגעגעבען; קאַרפּעלעס אָבער אין זיין געשיכטע פֿון דער יודישער ליטעראַטור (ז. 1111) רופֿט אָן דעם נאָמען פֿונ'ם מחבר — אהרן בן שמואל און גיט אָן דעם דרוקיאָהר — 1709. אָט דער אהרן בן שמואל און גיט אָן דעם דרוקיאָהר — זיינע תחינות, אַזוי ווי יוסף בר יקר, דער איבערזעצער פֿון סידור, וועגען דעם, וואָס מען מעג אין ס'איז אַפֿילו אַ מצוה צו דאַווענען אויף דער שפּראַך, וואָס מען פֿערשטעהט, ד. ה. אויף דער מוטער־שפּראַך, און ניט אויף לשון־קודש, וואָס מען פֿערשטעהט ניט, און עס געפֿינען זיך טאַקע אין זיין זאַמלונג תפֿלות, וואָס זענען בעשאַפֿען געוואָרען אויך פֿאַר מאַנסביל[95]; צום ביישפּיעל, „איין שיני תחנה פֿר איין לנטיץ מן (לאַנדסמאַן, ישובֿ'ניק) דר קיין למדן איז" אָדער „איין שיני תפֿלה פֿר איין משרת"[96]; אין דער אמת'ן אָבער איז אהרן בן שמואל, אַזוי ווי אַנדערע פֿערפֿאַסער פֿון תפֿלות אויף אונזער פֿאָלקס־שפּראַך, אויסען געווען דער עיקר די ווייבער. ער שרייבט עס בפֿירוש איפֿ'ן שער־בלאַט: „ליבי ברידר, קופֿט דיזי ליבליכי תפֿלה א. אז. וו. אונ' לאָזט אַייער ווייב אונ' קינדר פֿלייסיג דרינן לייאנן"[97]. דער אינהאַלט פֿון די דאָזיגע תחינות איז דאָס רובֿ אינטים, פֿער־

93) שולמאַן ז. 55; אויך גרינבום ז. 296.

94) שולמן ז. 66.

95) אָט דאָס איז, ווי עס ווייזט, די רבנים ניט געפעלען געוואָרען, זיי האָבען בעזעהען אין דעם אַ מין „רעפאָרם" (אגב איז דער ספר געדרוקט געווען מיט קוואַטראַט־שריפט, וואָס איז געווען ביז אַהער אַ פּריווילעגיע פון די מאַנסבילשע ספרים). האָבען זיי אַרויפגעלעגט אַ חרם אויף אהרן בן שמואל'ס עברי־טייטש־תפלות און זיי (אויף אונזער היינטיגען לשון גערעדט), קאָנפיסקירט, ד. ה. בעהאַלטען אויפ'ן בוידים פון בית־המדרש.

96) א. שולמאַן: עמקי שפר אין השלח, אווגוסט, 1898, ז. 109 בעמערקונג 8.

97) גרינבוים ז. 231.



זענליך, כמעט פּריוואַט: פֿאַר יעדען סאָרט מענשען, אַזוי ווי פֿאַר יעדער בעזונדער אָנגעלעגענהייט איז געמאַכט געוואָרען בעזונדער אַ תחינה. אַזוי איז, אַחוץ די פֿריהער דערמאָנטע תפֿלות פֿאַר אַ ישובֿ'ניק און אַ משרת, פֿאַרהאַן אין אהרן בן שמואל'ס זאַמלונג ספּעציעל אַ תפֿלה, איידער מען געהט אין שול פֿאַר די, וואָס ווייסען ניט דעם פּירוש המלות פֿון דעם לשון־קודש'דיגען דאַווענען; די תפֿלה הויבט זיך אָן אַזוי: „אך דו באַרמהערציגער גאָט, ווייל מיר ניט קענען אַלע אונזערע תפֿלות פֿערשטעהן און ווייסען ניט דיין היילינגען נאָמען אַלע צייט אָנצורופֿען, זאָ שריי איך צו דיר: אך מיין גאָט, איך טו מיינע לעפֿצען אויף, אונד מיין מונד זאָגט דיין לויב. ערוועק דאָך מיין נשמה און געמיט, דאָס איך ניט אַליין מיט מונד און לעפֿצען דיין עהר ערצעהל און דאָס הערץ וויים ניקס דערפֿון, זאָנדערן גיב מיר חסד, דאָס איך דיך פֿון גרונט מיינעס הערצען מיט איינער רעכטע כונה אָנרופֿע א. אַז. וו."[98].

די טבֿע פֿון תפֿלה טון צו גאָט אויף אַ בעזונדער נוסח ביי יעדער בעזונדער געלעגענהייט איז פֿאַרהאַן אויך אין די תפֿלות פֿון מאַנסביל אויף לשון־קודש; דאָך איז די דאָזיגע טבֿע דאָרט ניט אַזוי שטאַרק קענטיג, ווי אין די ווייבערשע תפֿלות אָדער תחינות אויף עבֿרי־טייטש, וואָס זענען כמעט אַלע, אַזוי ווי ביי שמואל בן אהרן, געלעגענהייטס־תפֿלות. איינע ווילען דאָס אונז געבען צו פֿערשטעהן דורך דער בעזונדער אינטימיטעט פֿון דעם ווייבערשען געמיט, דורך דעם, וואָס די פֿרויען קומען צו גאָט אין אַ נעהענטערע, היימישערע בעציהונג, ווי מיר, מאַנסביל; אַנדערע, וואָס גלויבען ניט שטאַרק אין די בעזונדערע מעלות פֿון פֿרויען, ווילען זאָגען, אַז דאָס נעמט זיך, אַדרבא, דערפֿון, וואָס זיי, די נשים, זענען ניט מסוגל אויפֿצוהויבען זיך ביז צו דער מדרגה פֿון אַן אַלגעמיינער, אוניווערסאַלער און אַבסטראַקטער תפֿלה, ווי די מאַנסביל, און ווי אין וואָכעדיגען, אַזוי אויך אין רעליגיעזען לעבען זענען זיי „פּראַקטיש": הויבען אָן מיט אַ לויב צום אַלמעכטיגען און קומען סוף כל סוף צו אַ פּערזענליכער, כמעט פּריוואַטער השתדלות און בקשה פֿאַר דעם מאַן און די קינדערלעך, פֿאַר געזונט, פּרנסה, פֿאַר אַ ביסעלע נחת, אַ שטיקעלע עולם־הבא... אַזוי צי אַזוי, דער שטאָף פֿון די ווייבערשע תפֿלות איז מייסטענטיילס אַ ספּעציעל ווייבערשער, ד. ה. אַן אינטים־פּערזענליכער שטאָף. אָט ליגט פֿאַר מיר איינע פֿון די עלטערע תחינות־זאַמלונגען, געדרוקט מיט דעם בעזונדער שריפֿט, וואָס איהם פֿלעגט מען בענוצען פֿאַרצייטען ספּעציעל פֿאַר די ווייבערשע ספֿרים (נאָר דער ערשטער וואָרט אין יעדען אָבזאַץ אין די לשון־קודש'דיגע אויסדרוקען זענען געדרוקט מיט קוואַדראַט־שריפֿט). די זאַמלונג טראָגט דעם נאָמען תחינות ובקשות[99],

98) דאָרט ז. 323. מחמת גרינבוימס דייטשער טראַנסקריפּציע שרייבען מיר די דאָזיגע ציטאַט מיט אונזער היינטיגער אָרטאָגראַפיע, וואָס, איז פערשטעהט זיך, זעהר ווייט פון דער יודישער שרייבונג פון אָנהויב 18 יאָהרהונדערט.

99) דער עקזעמפלאַר, וואָס מיר בענוצען, געהערט צו אַ שפּעטערדיגער אויסגאַבע (ווילנאָ, 1864). אָבער דער אינהאַלט און די שפּראַך, ווען אַפילו ניט די אָרטאָגראַפיע, צייגען, אַז דאָס איז מעהר ניט ווי אַ נייע פערקירצטע אויסגאַבע פון די פערשיידענע „תחנות ובקשות", וואָס זענען אַרויס אונטער פערשיידענע נעמען נאָך אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 18־טען יאָהרהונדערט. אַ ראיה דערצו איז אויך דאָס, וואָס אַ גרויסער טייל פון די תחינות, וואָס געפינען זיך דאָ,

אין דער אינהאַלט פֿון דעם גרעסטען טייל תּפֿלות, וואָס געפֿינען זיך אין דער דאָזיגער זאַמלונג, איז. אַ ריין־ווייבערשער. אַפֿילו אין די תחינות, וואָס זענען איבערגעאַרבייט פֿון העבּרעאיש, רעדט זיך אָפֿט וועגן מאַן און קינדער, וועגן דיין דינסט פּלונית בת פּלונית וכּחומה זאַכען, וואָס גיבען צו אַפֿילו דעם אַלגעמיינעם אַבסטראַקטען טייל פֿון דער תּפֿלה אַ קאָנקרעטען, אינטימען כאַראַקטער; נאָר פֿאַרהאַן דאָ תּפֿלות, וואָס זענען לכתחילה בעשאַפֿען פֿאַר פערשידענע ריין ווייבערשע אָנגעלעגענהייטען; צום בייספּיעל: „איין תּחנה פֿר וייבר צוא בעטין איף דיך אונ איף איר מאַן אונ קינדער"; עטליכע תחנות „איף גוטע קינדר"; „איין תחנה איי(דער) מען חלה נעמט"; „איין תחנה אַז מען האָט זיך אָן גצינגן לכּבוד שבּת"; „ אַ תחנה פֿרייטאָג צוא נאַכט נאָך ליכט צינדן"; „אַ תחנה שבת ויו"ט פֿר די ליכט צינדן"; אַ תּפֿלה פֿאַר אַן אַלמנה; אַ תחנה „מתפּלל צו זיין אַז דער מאַן איז אין וועג"; אויך די פֿערשיידענע תחנות „איף פּרנסה" קאָנען צוגערעכענט ווערען צו די תּפֿלות מיט אַ ספּעציעל ווייבערשען שטאָף, וואָרום איך אַפֿילו איך אין די לשון־קודשדיגע תּפֿלות ווערט דערמאָנט אָפֿט דער ענין פֿון פּרנסה, איז דאָך אָבער אויף לשון־קודש קיין ספּעציעלע, און דערצו נאָך ריין פּערזענליכע, בּקשות וועגען פּרנסה, ווי ווייט איך ווייס, נישטאָ [100]. נאָר אַ יודינע קאָן זיך אַוועקשטעלען און בעטען ביי גאָט:

„ליבּר הער גאָט, גיב מיר מיט מיינע מאַן און מיינע קינדר איין גוטע פּרנסה און איין גרינגע פּרנסה א. אַז. וו. ליבר הער גאָט, לאָז מיך אונ מיין מאַן אונ מיינע קינדר ניט קומען צוא קיין שפֿלות חו"ש אונ גיב אונז אייטל מזל אין אונזער פּרנסה. דוא ליבּר גאָט, זאָלשט אונז אויך באַלד עפֿנן דאָש טויער פֿון די פּרנסה אונ אַז מיר זאָלן בּגליקן אין אַלע אונזערע וועג אונ שטעג און אַלש (אַז) מיר זאָלן קיינער ניקש ווישן צוא זאָגן, וואָש דלות איז, ליבּר הער גאָט, אונ מיר זאָלן אַלש ערליך אויש־פֿירן, אָמן!" [101]. מיט אַזאַ „מענה־לשון", אַזוי עקשנותדיג איבּערי־חזרן איינע און דיזעלביגע בקשה קאָן נאָר אַ יודינע. אָבער דאָס געהערט שוין צום סטיל פֿון די תחינות, וועלען מיר רעדען וועגען דעם אונטען, דאָ האָבען מיר געוואָלט נאָר זאָגען, אַז אויך די תּפֿלות איף פּרנסה קאָנען צוגערעכענט ווערען צו די תּפֿלות מיט אַ ווייבערשען שטאָף, און זיי בעגעגענען זיך טאַקע זעהר אָפֿט צווישען די תחינות [102].

נאָר די אַלע אָנגערופֿענע תחינות זענען נאָך ניט אַזוי עלט ווייבעריש, ווי די, וואָס געפֿינען זיך אין דעם „סדר תחינות" (פֿראַנקפֿורט

ווערען געבראַכט אויך אין קהלת שלמה (1772, דריטע אויפלאַגע), און נאָך אַ גרעסערער טייל—אין „סדר תחנות ובקשות" (פיורדא, 1768), וואָס איך האָב געהאַט די מעגליכקייט צו זעהן אַ דאַנק דער פריינדליכקייט פון ה׳ נ. שטיף (בעל דמיון). פערגל. אויך שולמאַן ז. 67 און גרינבוים 329—330.

100) אין דער „תפלה על הפרנסה" אויף לשון־קודש, וואָס מיר איז בע־קאַנט, רעדט זיך בלשון רבים: „וכתבנו בספר פרנסה..."

101) דאָרט סימן מ"ח.

102) ביי מיר געפינט זיך אַ קונטרס׳ל „תחנה חדשה על הפרנסה" (זשי־טאָמיר, 1854), וואו עס רעדט זיך אייגענטליך גאָר ניט וועגען פרנסה, נאָר מסתמא זענען די תחנות אויף פרנסה געווען בעליעבט ביים עולם, האָט מען עס אַזוי אַ נאָמען געגעבען.



ביים מאַין, 1732), וואָס גרינבוים ציטירט אין זיין פֿיעל מאָל פֿון אונז שוין בענוצטער „כרעסטאָמאַטיע". דאָרט זענען פֿאַרהאַן תחינות, וואָס אַ יודינע זאָגט: ווען זי גיעדט צו און פֿון טבילה; ווען זי „צו גילינגן גייט"; ווען זי איז אין זיבעטען חדש; „ווען זיא זיך צו אירם מאַן בהעפֿט". דערנאָך איז פֿאַרהאַן אַ תחינה, וואָס אַ אשה איז מתפּלל פֿאַר אַן אַנדערער; אַ תּפֿלה פֿאַר אַ אשה אַן עשירה [103].

אָבער אויך די תחינות, וואו עס רעדט זיך ניט ספּעציעל וועגען ווייבערשע ענינים, האָבען צו טון אָפֿט מיט ווייבער. ביי יעדער פּאַסיגער געלעגענהייט ווערען דערמאָנט די אמהות (איין תחינה רופֿט זיך טאַקע: תחנה אמהות) און אויך אַנדערע נשים צדקניות [104]. אַפֿילו אַזאַ ווענינ בעריהמטע צדקניות, ווי „די פֿרויא פֿון עובדיה", ווערט דערמאָנט, און עס ווערט געבעטען ביי גאָט: „דוא זאָלשט אונז שפּייזן גלייך אַז (אַזוי ווי) דוא האָשט גשפּייזט דיא פֿרויא פֿון עובדיה מיט אירע קינדער דורך האַנט אלישע הנביא דען פֿרומען געטליכן מאַן [105]; אויך צו בתיה בת פרעה און אַפֿילו צו סרח בת אשר זענען די ווייבער ניט אַזוי אומדאַנק־באַר, ווי מיר, מאַנסביל, וואָס האָבען אָן זיי גאָר פֿערגעסען און דערמאָנען זיי ניט אַפֿילו אין דעם צעטיל פֿון די צדקניות... די פֿערפֿאַסערינס און זאָגערינס פֿון די תחינות האָבען בכלל ליעב זיך איבערצונעמען און אויסצובעריהמען זיך (אַזוי ווי, להבדיל, די היינטיגע „פֿרייענרעכטלערינס") מיט די ווייבער, וואָס האָבען אַ שם אין דער וועלט. איינע פֿון די תּפֿלות, וואָס איז פֿערפֿאַסט פֿון דער געהיימניספֿילער שרה בת טובים, דערצעהלט וועגען די „פֿיל מיזינט ווייבר", וואָס קלייבען נחת אין גן־עדן, ווייל זיי האָבען זוכה געווען דאָרט צו זיין אינאיינעם מיט אַזוינע צדקניות, ווי אסתר המלכה, יוכבד, מרים, דבורה הנביאה און אַנדערע [106]. אין אַ

103) גרינבוים ז. 329. אין מיין זאַמלונג איז פאַרהאַן אויך אַ תחינה פאַר אַ כלה אַ יתומה. און אין דעם פריהער ציטירטען „סדר תחינות ובקשות" זענען פאַרהאַן תחינות: „ווען איין אשה צו קינד גיט" און „ווען מַן איר קינד צו יודשן טראָגט", ווען איינע וויל תפלה טון פאַר אַ אשה מעוברת א. ד. ג.

104) תחנות ובקשות פריהער ציטירט ז. 28.

105) זעה תחנה שלשה שערים, וואָס איז אומעטום פערשפרייט נאָך עד היום.

106) דער עיקר אָבער דערמאָנט מען די פרויען, וואָס האָבען געבּיך קיין קינדער ניט געהאַט און האָבען מתפלל געווען אויף קינדער. זיי זענען בעזונדער בעליעבט, זיי ריהרען זעהר דעם ווייבערשען געמיט — צום ביישפיעל: חנה... ווי ריהרענד זענען אָט די ווערטער פון אַ תחינה, וואָס ווערט געבראַכט אין „קהלת שלמה" (דף מ׳ ע"ב) און איז בעשאַפען געוואָרען, אַלזוי, אין 18־טען יאָהרהונדערט, אויב נישט נאָך פריהער: „... דאָש דו זאָלשט דיך קערן צו מיין גבעט וואָש איך טוא אויף דיזר צייט וויא דוא האָשט פר נומן די תפלה פון דער צדיקת חנה, די איז איין עקרה גוועזן און האָט תפלה גטאָן דאָש דו זאָלשט איר בשערן גוטי קינדר, און דו האָשט בווערט איר גבעט, און פון איר איז גקומען שמואל הנביא א. אַ. אַז. ווייטער. אין די „תחינות ובקשות" איז דער נוסח אַ ביסעלע אַנדערש. דאָרט שטעהט: „דאָש דו זאָלשט דיך קערן צו מיינע גבעט וואָש איך טוא בעטן אין דיא צייט אַז ווי דו האָשט דיך געקערט אונ׳ האָשט אָנגנומען די תפלה פון צדיקת אונזער מוטר חנה דיא איין עקרה איז גיוועזן און האָט תפלה גטאָן דאָש דו איר זאָלשט בשערן גוטע קינדער אונ האָסט איר גבעט צוא גיהערט דאָש פון איר איז ארויש גיקומן דער צדיק שמואל הנביא א. אַז. וו. (סמן ל"ב ז. 58).

תחינה, וואָס איז געדרוקט אין דעם פריהער ציטירטען „ריח גן עדן“, ווערט געזונגען אַ לויב צו גאָט פאַר „דיא גרוישע חשיבות וואש הוא האָשט אונז נשים חשוב גימאַכט... אַז דיא גאולה פון מצרים איז גיוועזין מחמת דעם זכות פון נשים צדקניות און דיא גאולה אַחרונה וועט אויך זיין מחמת דעם זכות פון נשים“...

אין דערזעלביגער תחינה בעט די יודינע, אַז זי „זאָל ניט האָבען קיין תאוה צו אָן קליידין איר גוף מיט טייערע מלבושים, וואָש זייא זיינען גורם כמה רעות... דורך זייא וועט קומען אַ פרעמדער מאַנזביל צו איין מחשבה רעה א. אַז. וו.“

וועגען אָט אַזוינע ריין ווייבערשע שוואַכקייטען רעדט זיך אויך אין אַנדערע תחינות, כאָטש ניט אַזוי אָפט, ווי אין די מוסר=ספרים 107).

היוצא מדברינו, אַז אי אין די מוסר=ספרים אויף עברי=טייטש. אי אין די תחינות פערנעמען אַ גרויסען אָרט די ספּעציעל=ווייבערשע טעמעס, כאָטש געשריבען איז אַ געוויסער טייל דערפון אויך פאַר מאַנסביל עם=הארצים.

אין דער וועלטליכער ליטעראַטור אויף עברי=טייטש, ווי ווייט זי האָט עקסיסטירט אַמאָל, איז שווערער אויפצוזוכען דעם ספּעציעל=ווייבערשען שטאָף. מיר האָבען שוין בעמערקט איינמאָל, אַז מיט וועלטליכע יודיש=טייטשע ספרים פלעגען זיך אינטערעסירען אָפּט אויך מאַנסביל נישט קיין עם=הארצים. די כל=ערליי כראָניקעס, רייזע=בעשרייבונגען, גראַמאַטיקאַלישע, מעדיצינישע און אַנדערע פּאָפּולער=וויסענשאַפטליכע ווערק אויף יודיש=טייטש זענען אָהן קיין שום ספק געשריבען געוואָרען ניט דוקא פאַר פרויען אַליין. בלויז צווישען די מעדיצינישע ווערק אויף יודיש=טייטש געפינט מען אַזוינע, וואָס גיבען זיך אָב מיט ריין „ווייבערשע“ טעמעס, ווי, צום ביישפּיעל, „דרך נשים ווולדות“, „מציל נפשות“ (וועגען קינדער=היגיענע) וכדומה. נאָר אפשר קאָן מען אָנרופען „ווייבערש“ דעם שטאָף פון די בעלעטריסטישע ווערק, וואָס מען פלעגט איבערנעמען פון די דייטשע ריטטער= און פאָלקס=ביכער: ווייבערש קאָן מען זיי אָנרופען אפשר דערפאַר, וואָס להיפוך פון די יודישע מאַנסבילשע ספרים פלעגען זיי דיענען נאָר די צייט צו פערטרייבען און פלעגען מסתמא געלייענט ווערען, אַזוי ווי שפּעטער די שמ"ר=ראָמאַנען, דערהויפּט פון פרויען. דאָס לעצטע איז אַ השערה, אָבער אַז די כל'ערליי ניט=יודישע געשיכטען, ווי, צום ביישפּיעל, „איין שין מעשה פון קיניג אַרטיש הוף“ 108) און אַנדערע פלעגען געלייענט ווערען בלויז פון פערגניגען ווערען — לאָזט זיך בעווייזען. די אַרויסגעבער פון די דאָזיגע „שיינע מעשיות“ פלעגען רעדען ניט פון נוצען (ווי ס'רוב מחברים פון די מוסר=ספרים), נאָר פון פערגעניגען, וואָס מען קאָן האָבען פון זייערע אויסגאַבען. אַזוי שטעהט אין אָנהויב פון „אַרטיש הוף“: „ווען איר ווערט דרינן לייען ווערט זיך אייער הערץ ערפרייען“ 109). אויך אויפ'ן שער=בלאַט פון „הער דיטרייך“ שטעהט „גאָר קורץ ווייליג צו לייען פער ווייבר אונ' מוידליך“ 110). די פרומע מחברים האָבען דעריבער מלחמה געהאַלטען קעגען דער דאָזיגער „ליידיגגעהערישער“ ליטעראַטור. זיי פלעגען זוכען מיט אַלע מיטלען אָבצוציהען פון איהר דעם יודישען עולם, וואָס איז משמעות געווען דוקא אַ בעלן אויף דעם. אַזוי האָט דער מחבר פונ'ם „מעשה=בוך“ זיינע מעשיות פון מדרשים, זוהר און אַנדערע הייליגע ספרים אויף יודיש=טייטש בעאַרבייט, כדי דער עולם זאָל ניט לייענען „דאָס בוך פון דען קיהען (קוה=בוך), דיטריך פון בערן און מייסטער הילדעבראַנט“, די דייטשע פאָלקס=ביכער, וואָס זענען פערשפּרייט געוואָרען אויף יודיש=טייטש אין 16=טען יאָהרהונדערט. די געשיכטען, וואָס זענען, ווי דער מחבר זאָגט, „וואַרליך אייטעל שמוץ, זיי גיבען אויך ניט וואַרם נאָך היץ, אויך זיין (זענען) זיי ניט געטליך דאַרביי, איהר באַדאַרפט וואהל דאס איך'ס גאָט פאַרצייה — אונזערע ספרים שרייבען: עס איז איין זינד ווי איין הויז צו לייענען אין דעם הייליגען שבת דארינס. וואָלט איהר אייער צייט מיט לייענען פערטרייבען — אַלזוי וויל איך אייך איין מעשה=בוך שרייבען“ 108).

און פונקט אַזוי ווי אין יענער אַלטער גוטער צייט האָט מען דורך פרומע גאָטספאָרכטיגע מעשיות און ספורים געוואָלט אָבציהען די ווייבער פון די דייטשע, מיט יודישע אותיות געדרוקטע און אויף יודיש=דייטש בעאַרבייטע העלדען= און ריטטער=געשיכטען, אַזוי האָט מען שפּעטער אין דער השכלה=צייט, פונקט פערקעהרט, געוואָלט צוציהען די ווייבער צו דער וועלטליכער ליטעראַטור אויף יודיש, ווייל זיי, וואָס זיי זענען ניט געווען אַריינגעטאָן, ווי די מאַנסביל, אין רעליגיעזע ספרים, איז געווען לייכטער צוצוציהען. א. מ. דיק זאָגט אין זיין שוין פריהער דערמאָנטען מאַנוסקריפּט בפירוש, אַז שרייבען זיינע השכלה=ספרים אויף לשון=קודש פאַר מאַנסביל, וואָלט געווען ניט פּראַקטיש, וואָרום דער מאַנסביל „דער פאַנאַטיקער“. „וועט עס גאָר ניט וועלען נעמען אין האַנד און פשיטא שוין ניט לעזען עס, דען ער וועט עס פעראַכטען ווי אַלע אַנדערע השכלה=ספרים, וואָס ער האַלט עס פאַר ספרי חיצונים“... „ניט אַזוי אָבער איז דער פאַל מיט מיינע בראָסרען, וואָס זייען געשריבען אין זאַרגאָן. דיין הערץ, מיינע טייערע לעזערין, איזט נאָך גאַנץ אונבעפאַנגען (פרייע) פון אַלע אַנדערע פערקריפּעלטע (פערדרעהטע) אידעען (געדאַנקען). דו ביזט ניט שטאָלץ אויף דיינע לומדעס, ניט אויף דיין הייליגע

107) די תפלות און זמירות אויף עברי=טייטש, וואָס זענען אפילו ניט בעשאַפען געוואָרען לכתחילה פאַר ווייבער, ווי אַשטייגער די, וואָס ווערען געבראַכט אין פּרילוצקי'ס „יידישע פאָלקסלידער“, בעהערען דאָך אין דער פאַמיליע אַריין — אין דער אינטימער היימישער לופט פון שבת נאָך הבדלה („גאָט פון אברהם“), פסח נאָכ'ן סדר („אחד מי יודע“), פורים צו דער סעודה (שושנת יעקב). אויך ווערען זיי בעזונגען און בעזאָגט אויף חתונות, ברית'ן און אַנדערע שמחות, וואו די גאַנצע ביסעלע בלוט איז אינאיינעם, יונג און אלט, מאַן און ווייב...

108) איינער אַ טעקסט פון דעם דאָזיגען אויף יודיש=טייטש איבערגעזעצטען עפּאָס ווערט געבראַכט ביי וואַגענזייל אין זיין שוין פריהער דערמאָנטער „בעלעהרונג“, ז. 157 און ווייטער. די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרען פון וויצענהויזען (פּראַג, 1683) F. Rosenberg: Ueber eine Sammlung deutscher Volks- und Gesellschaftslieder in hebräischen Lettern, Braunschweig, 1888.

109) וואַגענזייל ז. 157.

110) Felix Falk: Mélanges bibliographiques sur les livres de Samuel לייפּציג, 1908, ז. 10, בעמערקונג. אין די רעליגיעזע ספרים טרעפען זיך אויך אַזוינע אויסדריקען, אָבער זעהר זעלטען.

111) M. Steinschneider: „Ueber die Volksliteratur der Juden“ אין „גאָשע'ס ארכיוו פיר ליטעראַטורגעשיכטע“ 1871. ז. 20.

ראַליע. דו ביזט ניט פאַנאַטעס (פאַנאַטיש — ש. נ.) און ווערסט אַלזוי זיין איינע אונפאַרטייאישע (וואהרהאַפטיגע און ערליכע) ריכטערין איבער דיזע בראָסורען מיינע, זיי וועלען מאַכען איין גוטען איינדרוק אויף דיין צאַרטען געמיט און דוא ווערסט עס מיטטיילען דיין מאַן, דיין חתן און ווערסט אויף אים אויך וויר־קען אין פאַל, ווען ער זעלבסט עס ניט געלעזען האָט. דען וואָס איינע קלוגע פרוי קען ווירקען אויף איר מאַנעס האַרץ, דאָס קען קיין ספר ניט ווירקען און קיין בוך, ווי אונזערע חכמים [זאָגען]: הכל מן האשה, בפרט דאָס ווי די וואהרהייט צו זאָגען, דאָס דוא ווערסט מיך און מיינע בראָסורען פיל בעסער פערשטיין אַלס דיין מאַן, ווען ער עס זעלבסט לעזען ווירד. ווייל דוא, וואָס דו ביזט פיל מעהר אַלס ער צו הויז און די לעבינסלאַסטען דריקען דיך מעהר אַלס אים, וואָס ער פערטרייבט אַלע זיינע זאָרגען (אין פאַל ווען ער איין למדן איזט) אין בית מדרש, קימערסט דו דיך שוין מעהר אום דיינע הויז האַלטונג אַלס ער". מיר זעהען, אַז אַפילו א. מ. דיק, וואָס זיינע השכלה־ספרים פלעגען לייענען, ווי מיר האָבען פריהער בעמערקט, אויך מאַנסביל, — אַפילו דיק האָט אין זינען געהאַט, בעת ער האָט געשריבען זיינע מעשיות אין „בראָשורען" אויף יודיש — די פרוי, און דאָס האָט געמוזט ווירקען אויך אויף דעם שטאָף, וואָס ער פלעגט בענוצען פאַר זיינע ווערק. נעמען פאַר אַלע זיינע זאַכען אַריין ווייבערשען שטאָף האָט ער נישט געקאָנט און נישט געוואָלט, וואָרום די „טייערע לעזערין" האָט דאָך געזאָלט אויך דעם מאַן און דעם חתן איהרען איבערגעבען די אידעען, וואָס זי האָט געפונען אין דיק'ס „בראָשורען". אָבער אַ פּאָר זאַכען זענען פאַרהאַן ביי איהם מאַקע, וואו די טעמע איז, אַזוי ווי אין די תחינות און אין איי־ניגע מוסר־ספרים, אַ ריין ווייבערשע. צו די דאָזיגע זאַכען גע־הערט די ערצעהלונג „דיא קרעמערקעס[112]", אָדער גאָלדע מינע די בראָדער עגונה" (ווילנא, 1865), וואָס אויפ'ן שער־בלאַט איהרען שטעהט: „עס ווערין חרך איר אונזרע פרויען פערשטיין, וויא זייא דאַרפען זיך אין דער וועלט בעגיין, ווי זיי זאָלען איר הויז רעגירען, אונ' וויא זיי זאָלן זיך מיט מאַן און קינדר אויף פירען, אונ דאָס דער פוץ און צירונג איז נור איינע היילע פאַר אירונג אונ דאָס בייא אונז אידען דאַרף זיין דאָס רעכטע גליק נור דער הויז פרידען"[113]. דאָס אייגענע איז נאָך בעסער און גענייער אויסגעטייטשט אין סוף פונ'ם ביכעל, וואו „דער שרייבער נעמט אָבשייד פון דיא לעזערין" און וואו מיר פער־געסען שוין גאָר אינגאַנצען, אַז מיר לייענען אַ השכלה־ביכעל, און עס דוכט אונז, אַז עס ליגט פאַר אונז אַן אַלטער ווייבערשער מוסר־ספר.

112) אויף דעם עקזעמפלאַר, וואָס געפינט זיך ביי מיר, איז דער נאָמען פונ'ם פערפאַסער נישט אָנגעגעבען, אָבער יעדער, וואָס האָט אַ שטיקעל השגה אין דיקס שטייגער שרייבען, וועט גלייך דערקענען, פון וועמענס פען עס איז אַרויס די דאָזיגע ערצעהלונג.

113) דער שער־בלאַט צו אַן אַנדער ערצעהלונג דיקס לאָזט זיך אויס מיט די ווערטער: „... פאַר יעדין יונגין מאַן, וואָס נור לעזען קאַן, און צוא גלייך איין זיסעס צייט פאַר טרייב פאַר יעדער פרויא, וואָס האָט נור איין צער־טליכעס הערץ און אין אירעם לייב און נאָך מער — איין טראָסט אַ גוטער פאַר יעדער הייסער מוטער" („דער סאָלדאַטסקע סין", ווילנא 1876)

אַזוי טיעף האָט זיך דער ווייבערשער שטאָף פון דער אַלטער רעליגיעזער ליטעראַטור אויף עברי־טייטש איינגע־וואָרצעלט אין דער נייער וועלטליכער יודישער ליטעראַטור.

די פרויען זענען ניט געווען די איינציגע לעזער פון דער יודיש־דייטשער ליטעראַטור. זיי זענען געווען אָבער די וויכטיגסטע, די זיכערסטע, די כאַראַקטעריסטישע לעזער פון דער דאָזיגער לי־טעראַטור, האָבען זיי אַרויפגעלעגט דעם שטעמפעל זייערן אויף איהר שטאָף.

אין דעם קומענדיגען קאַפיטעל וועלען מיר זעהן, ווי אַזוי זיי האָבען געווירקט אויך אויף דער בעאַרבייטונג פון דעם דאָזיגען שטאָף.

## IV

די בעאַרבייטונג פונ'ם שטאָף, מיינען מיר — דער סטיל. דער סטיל אין ברייטסטען און טיעפסטען זין פון דעם דאָזיגען וואָרט.

דעם בעזונדער כאַראַקטער פון דעם ווייבערשען סטיל זעהט מען שוין אין דעם נוסח פון די ווייבערשע בריעף, וואָס איז גאַנץ אַנדערש, ווי אין די מאַנסבילשע. אַדאַנק דעם בינטעל יודישע בריעף פון אָנהויב 17־טען יאָהרהונדערט, וואָס איז דאָ ניט לאַנג פערעפענטליכט געוואָרען אין ווין[114], האָבען מיר די מעגליכקייט צו פערגלייכען סטיליסטיש די מאַנסבילשע און די ווייבערשע בריעף פון יענער צייט. מיר פערגלייכען ניט דעם עצם טעקסט פון די בריעף. ער איז אינדיווידועל און צופעליג; נאָר דעם אָנהויב אין דעם אויסלאָז, וואָס פלעגט כמעט שטענדיג פאַרצייטען גע־שריבען ווערען לויט אַ בעשטימטען סקאַרבאָווען נוסח. דער אָנ־הויב און דער אויסלאָז פון די ווייבערשע יודישע בריעף צייכענט זיך אויס ניט בלויז דורך דעם, וואָס ס'איז געשריבען אויף יודיש און ניט אויף לשון קודש, ווי אין די מאַנסבילשע בריעף, (אויך די יודיש־דייטשע): דאָס וואָלט געווען אַן אויסערליך־שפראַכ־ליכער, ניט קיין אינערליך־סטיליסטישער אונטערשייד און וואָלט זיך לאָזען דערקלערען דורך דעם, וואָס ווייבער זענען וועניגער בעהבינ'ט אין די „שוואַרצע פינטעלעך", ווי מאַנסביל[115]. דער אונ־טערשייד צווישען דעם מאַנסבילשען און דעם ווייבערשען בריעף־נוסח איז אָבער אַן אינערליך־סטיליסטישער און בעשטעהט דערין, וואָס די מאַנסביל הויבען אָן זייערע (יודיש־טייטשע) בריעף מיט קאַלטע, טרוקענע, האַרטע מליצות: „יהי שלום בחילך ושלוה בארמונתיך" (בריעף № 13) שלומים רבים כטל וכרביבים (№ 29) א. אַז. וו.[116]. בעת, ווען דער געוועהנליכער נוסח, וואָס מיט איהם הויבען זיך אָן די בריעף, וואָס זענען געשריבען פון, אָדער פאַר ווייבער, איז אַן איינפאַכער, אַן אינטימער, אַ וואַרימער: „גאָר פיל גוטר זעליגר

114) Dr. A. Landau und Dr. B. Wachstein. „Jüdische Privatbriefe aus dem Jahre 1619". Wien und Leipzig 1911.

115) די פריוואַט־בריעפע ווייזען אונז, אַז אויך יודען לומדים פלעגען שרייבען אַן אַנדערשמאָל אָפט בריעף אויף דער פאָלקס־שפראַך, ניט דוקא אויף לשון קודש. פערגלייך דאָרט דעם בריעף № 4.

116) פערגלייך די מאַנסבילשע בריעף אויף יודיש־טייטש, וואָס זענען גע־בראַכט ביי Avé-Lallemant: Das deutsche Gaunertum. Leipzig 1858-64, Band III, 245, 421.

יאָר, (אָדער: „טויזנט גיבנשטה זעליגה פֿרוידיגה יאָר“) דיא זאָלן דיר ווערן וואַר“ (№ 5), „פֿיל פֿרייד אונ׳ נימר מין (מעהר) קיין לייד צו...“ (№ 1)[117]. פּונקט אַזוי ווייך און האַרציג קלינגט דער אויסלאָז פֿון די ווייבערשע בריעף (די מאַנסבילשע לאָזען זיך אויס דאָס רוב מיט פּסוקים): „גאָט ית׳ זאָל דיך לאָזן פרישׁ אונ׳ גיזונט בלייבען, דאש ביט אונ׳ ביגערט דיין שוועסטער...“ (№ 5) אָדער: „דאַמיט בהיט ענק (אַייך) גאָט זריא (פריה) אונ׳ שפּיד (שפּעט) זאָר (פּאָר) אליר נוד (נאָט) דז ביט אונ׳ ביגערט“...

די אַרויסגעבער פֿון די „פּריוואַט-בריעפֿע“ ווייזען, אמת, אָן אויף געוויסע עהנליכקייטען, וואָס זענען פֿאַרהאַן צווישען דעם סקאַרבאָווען נוסח פֿון די יודיש-טייטשע בריעף און דעם אַלגעמיינעם טייטשען בריעף-סטיל פֿון יענער צייט: אַזוי זענען, למשל, די מאַנסבילשע בריעף אויף דייטש געווען אָנגעשטאָפּט מיט לאַטיין, ווי די יודיש-טייטשע מענער-בריעף — מיט לשון קודש. דער אָנהייב- און אויסלאָז-נוסח פֿון די ווייבערשע בריעף אויף יודיש-טייטש האָט אָבער אַ קרובֿ'עשאַפט ניט מיט דעם דייטשען בריעף-סטיל בכלל, נאָר מיט דעם סטיל פֿון די **ווייבערשע** בריעף אויף דייטש[119].

אַזוי זעהען מיר, אַז שוין אין די פּריוואַטע בריעף פֿון די יודישע פֿרויען ווייזט זיך אַרויס די בעזונדער ווייכקייט און אינטימיטעט פֿון זייער סטיל. און אָט די ווייכע, אינטימע ווייבערשע האַרציגקייט לאָזט זיך פֿיהלען אין דער גאַנצער יודיש-טייטשער ליטעראַטור. אין פֿאָריגען קאַפּיטעל האָבען מיר אָנגעוויזען דערויף, וואָס דער **שטאָף** פֿון דער רעליגיעזער ליטעראַטור אויף עברי-טייטש איז **ביבליש-אגדה'יש**, ניט **הלכה'יש**; אָבער ניט נאָר דער שטאָף, אויך זיין בעאַרבייטונג, דער גאַנצער סטיל פֿון דער דאָזיגער ליטעראַטור האָט אין זיך עפּיס פֿון דער ביבעל, און נאָך מעהר פֿון דער אגדה, אָבער כמעט גאָרנישט פֿון דעם שטרענגען, קאַלטען, קורצען הלכה-סטיל. מיר האָבען שוין פֿריהער גערעדט וועגען דער גרויסער ראָלע, וואָס די ביבעל האָט געשפּיעלט אין דער „ווייבערשער“ ליטעראַטור. זי האָט געגעבען חיזוק דער פֿאַנטאַזיע פֿון דער יודישער פֿרוי. זי האָט איהר געוויזען די וואונדערליכע געשטאַלטען פֿון די אבות און אמהות, די פֿריידען און ליידען פֿון זייער פֿאַמיליען-לעבען. (דער חומש בראשית און בכלל דער גאַנצער **דערצעהלענדיגער** טייל פֿון תנ"ך איז דאָך אייגענטליך אַ זאַמלונג פֿון פֿאַמיליען-געשיכטען, פֿון פֿאַמיליען-כראָניקעס)... די ביבעל איז פֿאַר דער יודישער פֿרוי, אַזוי ווי פֿאַר דער פֿרוי און פֿאַר די רעליגיעזע געמיטער פֿון אַנדערע פֿעלקער, ניט קיין **געזעץ**-בוך, נאָר אַ בוך פֿון לעבען. אַ בוך, פֿול לעבען, אַ בוך, וואו עס רעדט זיך וועגען מאַן און פֿרוי, עלטערן און קינדער, ברידער און שוועסטער, חתונה און גט, ירושה און צוואה. אַ בוך, וואו עס ווערען דערצעהלט ראָמאַנען, געשילדערט דראַמעס און אידיליעס, קאַמף און פֿרידען, טומאה און קדושה, רשעות און גוטסקייט. אַ בוך, וואו גאָט אַנטפּלעקט זיך און דער שטן, וואו מלאכים געהען אויף דער ערד אַראָב, און מענשען — אויפֿ'ן הימעל אַרויף. אַ בוך, וואו עס הייבען זיך אויף פֿאַרהאַנגען, וואָס טיילען אָב פֿאָלק פֿון פֿאָלק, לאַנד פֿון לאַנד, וואו עס ווישען זיך אָב די גרעניצען צווישען דער פֿערגאַנגענהייט און דער צוקונפֿט, וואו מען פֿערוועבט זיך און בעהעפֿט זיך מיט דער גאַנצער וועלט, מיט אַלע צייטען — אַ בוך פֿון ביכער... יע, די פֿרוי, די יודישע פֿרוי האָט אַ סך טיעפֿער און עכטער געפֿיהלט דעם לעבעדיגען לעבען, דעם הייסען אָטעם פֿון דער ביבעל, ווי דער מאַנסביל, וואָס האָט געזוכט אין איהר ניט לעבען, נאָר לעהרע... דאָס נאַטור-לעבען, וואָס ווערט געשילדערט אין דער ביבעל, איז געווען אמת צו וויט, צו ווייניג קאָנקרעט פֿאַר דער פֿאַנטאַזיע פֿון דער יודישער אשת-חיל אין 16-טען יאָהרהונדערט: זי האָט זיך שוין ניט געקאָנט פֿאָרשטעלען אברהם אבינו אָהן אַ יאַרמעלקע און די מוטער שרה אָהן אַ פּאַריק. האָט צו דער ביבעל געמוזט צוקומען די אגדה, דער „פֿעמינינער“ טייל פֿון דעם שטרענגען מענליכען תלמוד. די אגדה איז געוואָרען די פֿערמיטלערין צווישען דער אַנטיקער און דער מיטעלאַלטערליכער יודישער פֿאַנטאַזיע. אין דער אגדה איז פֿאַרהאַן מעהר ליריק, ווי אין דער ביבעל, האָט זי געשפּייזט דעם געמיט, דעם לירישען געמיט[120] פֿון דער פֿרוי, און דורך דעם, וואָס זי איז אַליין נעהענטער צום מיטעלאַלטער, האָט זי אויך די געשטאַלטען פֿון דער ביבעל נעהענטער צוגערוקט צו דער דאָזיגער צייט: יצחק איז געגאַנגען אין שול מנחה דאַווענען, און יעקב האָט געלערנט אין דער ישיבה פֿון שם ועבר... אַזוי איז געוואָרען פֿון חומש — טייטש-חומש... דער טייטש-חומש, ניט דער חומש, ניט די **ווערטליכע** איבערזעצונג פֿון דער ביבעל איז געוואָרען אַ פֿאָלקסבוך, **דאָס** בוך פֿון דער יודישער פֿרוי און פֿאַמיליע. דער **טייטש-חומש** — ד. ה. דער סינטעז פֿון ביבעל און אגדה. ערגיץ איז די ביבעל און די אגדה ניט צונויפֿגעוואַקסען אַזוי נאַטירליך, ווי אין צאינה-וראינה. אין חדר, אַז מען לערנט חומש מיט רש"י, פֿיהלט מען נאָך, אַז מען האָט צו טון דאָ מיט **צוויי** זאַכען, מיט אַ טעקסט און אַ פּירוש צום טעקסט, כאָטש אויך דאָרט זענען די ביידע זאַכען שטייף פֿערבונדען איינס מיט דאָס אַנדערע. אין טייטש-חומש אָבער איז אָבגעמעקט שוין די לעצטע גרעניץ צווישען פּירוש און טעקסט, דרש און פּשט. אין טייטש-חומש זענען די ביידע זאַכען געוואָרען איינס: אַ נייע גייסטיגע איינהייט איז בעשאַפֿען געוואָרען. די שאַפֿערין איז די פֿרוי! ניט אין דער וועלט פֿון דער ביבעל, פֿון דער נאַקעטער נאַטור-אומשולד, און ניט אין דער ספֿערע פֿון דער אגדה, פֿון דער פֿערשלייערטער מענשען-נאַאיוויטעט, לעבען מיר, ווען מיר פֿערטיעפֿען זיך אין „צאינה וראינה“, נאָר אין אַ גאַנץ נייער לופֿט: אין דער לופֿט פֿון דעם יודישען פֿרויען-געמיט. יצחק בן יעקב מיאַנאָווע, דער פֿערפֿאַסער פֿון צאינה וראינה, דער נאָך ניט אָבגעשאַצטער קלאַסיקער פֿון דעם פֿאָלקסטימליך-יודישען סטיל אין 17-טען יאָהרהונדערט — יצחק בן יעקב מיאַנאָווע איז אָהן קיין שום ספֿק געווען אַ ווייבערשער כאַראַקטער: אַניט וואָלט ער נישט געקאָנט פֿערפֿאַסען זיין ווייבערשע ביבעל. און איך בין זיכער, אַז אין דער פֿעראַכטונג פֿון

117) דאָרט ז. XXII.

118) דאָרט ז. XXIV.

119) דאָרט ז. XXXI און ווייטער.

120) עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דעם לירישסטען פון אלע רעליגיעזע ביכער, וואָס מיר פערמאָגען, — דעם **תהלים** — האָט מען איבערגעזעצט אויף יודיש-טייטש פריהער ווי אלע אנדערע. זעה שולמאַן ז. 21.

די לומדים צו עברי-טייטש איז געלעגען אפט ניט נאר די פאראכטונג פונ׳ם תלמיד חכם צום עם-הארץ, נאר אויך דער ווידערווילען פון מענליכען כאראקטער קעגען דער פעמינינישקייט, דער ווייבעווישער בערעדעווידיגקייט פון א יעקב בן יצחק מיאנאווע און אנדערע מחברים פון רעליגיעזע ספרים אויף עברי-טייטש[121]...

די פעמינינישקייט פון דער רעליגיעזער ליטעראטור אויף עברי-טייטש געהט אזוי ווייט, אז זי לאזט זיך פיהלען אפילו אינ׳ם ביסעלע הלכה, וואס האט זיך אריינגעגנב׳עט אין דער דאזיגער ליטעראטור. די דינים אין איהר ווערען איבערגעגעבען ניט אין דער שטרענגער, קאלטער, סיסטעמאטישער „מענליכער" פארם פון סימנים און סעיפים, נאר, אחוץ אין א פאר אויסנאמספאלען, ווערען זיי, ווי ביטערע טראפענס, אריינגעקאפעט אין דעם זיסען געטראנק פון מעשיות, משלים, איינרעדענישען און צוזאגעכצען[122]. „נון זיכט (זעהט) איר, ליבן ווייבר, וויא איין גיטי זעליגי זך איז אום איין פרויא דיא דר היימן בלייבט אין אירם הויז בייא אירן קינדר אונ׳ דרציהט אירי קינדר צו תורה אונ׳ צו מעשים טובים. וואול איר אונ וואול אירן מן אונ וואול צו אירן קינדר, וואיל איר אויף דער וועלט אונ׳ וואול איר אויף יענר וועלט, דיא ברענגט זיך מיט איר מן אונ׳ אירי קינדר צו דער עולם הבא אונ׳ זי ווערט ווידר אויף שטין (אויפשטעהן) צו תחית המתים, מיט דען אנדרן צדיקים אונ׳ מיט פרומי צדקניות שרה, רבקה, רחל אונ׳ לאה. אמן". אזוי ענדיגט זיך אין לב טוב דער פרק הלכות דרך ארץ. דער „ליעבער פרוי" ווערט געגעבען, די הבטחה, אז אויב זי וועט היטען די אלע דינים, וואס זענען פריהער זעהר ברייט אהמגערעדט געווארען, וועט איהר און איהר מאן און איהרע קינדערלעך — זאלען געזונט זיין — זיין וואויל אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, און איה״ש צו תחית המתים וועט זי אויפשטעהן אינאיינעם מיט אלע צדיקים און — דער עיקר — מיט די צדקניות שרה, רבקה, רחל, לאה. מען מוז צוגעבען, אז פריהער, וואו עס רעדט זיך וועגען דרך ארץ פון תלמידי חכמים, פון בעלי בתים, פון בחורים, בכלל פון מאנסביל — לאזט זיך דער מחבר ניט אריין אין אזעלכע ווייכע, זיסע רייד. דארט אבער, פערקעהרט, וואו ער רעדט אי צו ווייבער, אי צו מאנספערשוינען, געפינט ער א טאן, וואס זאל פאסען פאר ביידען: „נון, איר ליבן לייט" — ווענדט ער זיך צו די לעזער אין הלכות שבת... קאנען מיר זיך אבער פארשטעלען, אז א סעיף אין שולחן ערוך (הלכות שבת איז גראד איינגעטיילט אין סימנים) — זאל זיך אנהייבען: „נון, איהר ליעבע לייט"? ניין, מיר זעהען בעשיינפערליך, אז אפילו די שטרענגע, הארטע מענליכע הלכה איז אין עברי-טייטש פערווייכט, פערווייבערשט געווארען.

דעם אמת׳ען ווייבערשען טעם פונ׳ם עברי-טייטש-סטיל פיהלען מיר אבער ערשט אין די מוסר-ספרים און אין די תחינות.

אויך אויף לשון-קודש האבען די מוסר-ספרים אין זיך עפיס א ווייכקייט און א זיסליכקייט, אויך דארט זענען זיי בערעדעווידיג און אינטים מיט׳ן לעזער. נאר זייער אמת׳ן פאסיגען סטיל, זייער אמת׳ן חן קריגען זיי ערשט דאן, ווען זיי ווערען איבערגעזעצט, איבערגעארבייט אדער לכתחילה געשריבען אויף עברי-טייטש. עברי-טייטש איז שוין מחמת זיין פאלקסטימליכקייט אליין און זיין נאהענטקייט צום לעבען ניט אין ערך מעהר מסוגל צו מעשיות, משלים, מוסר, שטראף- און טרייסט-רייד, ווי לשון-קודש. אבער ניט נאר מחמת דעם. פארהאן שפראכען, וואס עס בעט זיך, מען זאל זאגען אויף זיי שירה, פארהאן שפראכען, וואס זענען בעשאפען פאר פלאם-פייערדיגע רעדעס — עברי-טייטש איז בעשאפען, מען זאל שרייבען אויף איהם מוסר-ספרים. עברי-טייטש האט אין זיך די נויטיגע שטילקייט, די זיסקייט. און אפשר האט ער אט די שטילקייט און אט די בוימעלדיגקייט בעקומען ערשט פון די פיעל מוסר-ספרים, וואס זענען געשריבען געווארען אויף איהם? און אפשר האט ער צו פערדאנקען אט די בעזונדערע ווייכקייט און הארצעדיגקייט ניט די, וואס האבען פערפאסט אויף איהם די מוסר-ספרים, נאר די, פאר וועמען זיי זענען פערפאסט געווארען? אפשר וואלטען די ספרים אויף עברי-טייטש, ווען זיי וואלטען ניט געשריבען געווען דער עיקר פאר ווייבער, טאקע גארניט געהאט אין זיך אזא אינטימען חן? געוויס איז עס אזוי. מען דארף נאר ניט פערגעסען די ראליע, וואס די מוסר-ספרים האבען געשפיעלט אינ׳ם רעליגיעזען לעבען פון דער יודישער פרוי. מען דארף ניט פערגעסען, אז דער מוסר-ספר איז געווען ביי דער פרוי דער יודישער ניט נאר אנשטאט דעם שולחן-ערוך, אנשטאט דעם חדר און דער ישיבה, אנשטאט דעם פרק משניות און דעם שטיקעל עין-יעקב, וואס דער מאנספארשוין האט געלערנט יעדען טאג אין שול נאכ׳ן דאווענען: ער איז געווען ביי איהר אויך אנשטאט... א מגיד. ניט „אויך", נאר פריהער ווי אלץ — אנשטאט א מגיד. בערנשטיינ׳ס פייגעלע מגיד האט געקראגען איהר שם נאר אדאנק די ווייבערשע מוסר-ספרים, וואס זי האט זיך אנגעלייענט. דאס רוב משלים און פסוקים-טייטשעניש פון די מוסר-ספרים מאכען דעם איינדרוק, ווי ווען מיר וואלטען זיי ניט געלייענט אין א ספר, נאר פון בימה געהערט; פונקט אזוי זענען די מגידים מעהר נישט ווי לעבעדיגע, רעדענדיגע מוסר-ספרים. דער דובנער מגיד אין דער „פתיחה" צו זיין „ספר המדות"[123]) רעדט טאקע אין איין אטעם וועגען דעם משל פון א מוסר-ספר און — א מגיד: „איבה דעם, שרייבט ער, האבן מיר גישטעלט דס ספר מיט א גרינג לשון וגם מיט משלים, ווארן דער כח פון משל איז זייער (זעהר) גרויס... ווארן עס קען אמאל זיין, זאלסט איינם פרעגען: „האסט געהערט דעם מגיד? זאג מיר, וואס האט ער געזאגט". ענטפערט ער: „גלייב מיר, האב גאר ניט גיהערט, איך האב די אויערן ניט צו געלייגט, הגם איך בין ביי אים גשטאנן. אבר אז דער מגיד זאגט איין משל, עפינט איטליכר דיא אויערן זאלן הערן אלעס, וואס ער זאגט". עס איז ניט קיין צופאל, קאן זיין, וואס אין 17-טען יאהרהונדערט האבען אנגעהויבען ארויסציגעהן בעזונדערס פיעל מוסר-ספרים אויף עברי-טייטש: אין דעמזעלביגען 17-טען יאהרהונדערט האט אנגעהויבען צו פערשפרייטען זיך דער מנהג

121) די וואס גלויבען, אז ס׳איז פארהאן א געהיימער באנד צווישען מיסטיציזם און פעמיניזם, וועלען זיך גיט וואונדערן, וואס צווישען די דאזיגע ווייבערשע מחברים זענען פארהאן מקובלים און כלערליי מיסטיקער.

122) זעה די אויבען דערמאנטע לב טוב, בראנטשפיגעל און אנד.

123) מיר איז בעקאנט די אויסגאבע פון יוזעפאוו. 1893.

פון מגידות זאָגען[124]). די מגידים זענען בעשטימט געווען, אַזוי ווי די מוסר־ספרים, דערהויפּט פאַר ווייבער און פּראָסטע מענשען; לומדים פלעגען האַלטען פאַר אַ פּחיתת הכּבוד צו געהן הערען אַ מגיד, און ווען אַפילו דער לב טוב (הלכות שבת, נ"ה) הייסט אויך די תלמידי חכמים געהן הערען די דרשות פון די מגידים, איז עס נאָר מחמת „ווען דיא עם הארצים זאָלטן זעהן, דאָש דיא חכמים ניט גינגען צו דער דרשה, זוא גינגען זיא אך (אויך) ניט, איינש: זיא ווערן זיך שעמן, דאָש אנדער: זיא ווערן דיא דרשה פר אַכטן אונ' ווערן עש פאַר נישט האַלטן". בעצם אָבער פלעגט דעם למדן פּונקט אַזוי ניט אָנשטעהן צו הערען מגידות, ווי אַריינצוקוקען אין די ווייבערשע ספרים. פאַר'ן מגיד איז עס קיין סוד ניט געווען, פלעגט ער זעהן טאַקע שטענדיג צופּאַסען זיינע רייד און משלים צום פערשטאַנד און צו די השגות פון די פּראָסטע מענשען און פון דער ווייבערשער שול. ניט יעדער מגיד אָבער איז פעהיג געווען דערצו; אָפט פלעגט מען דעם מגיד ניט פערשטעהן, און ער פלעגט קיין שום ווירקונג ניט מאַכען[125]). פלעגט דער מוסר־ספר, וואָס מען האָט מעהר צייט צו פערטיעפען זיך אין איהם, קלאָר מאַכען, וואָס ס'איז געבליבען אומקלאָר ביים מגיד. ר' יעקב בר' יצחק, וואָס אַחוץ דעם „צאינה וראינה" און דעם „המגיד" (פּראג, 1576), האָט ער נאָך פערפאַסט אַ חומש־ספר אויף יודיש מליץ יושר (לובלין, 1622), טייטשט עס אויס בפירוש אין זיין הקדמה צו אָט דעם ספר: „...דען דיא לייט, שרייבט ער, הערין דרשות אין שולן אונ' פר שטינן (פערשטעהען) ניט, ווש דיא דרשה איז... אבר אין דען ספר קאָן ער בילנצום (לאַנגזאַם) לייאנן (לייענען) זעלברט צו פר שטיין, אונ' ווען ער ניט פר שטיט, דא קאָן ער רידן מיט זיינם חבר דרויף"[126]). דער מוסר־ספר איז געווען, בכן, אַ מגיד, וואָס איז אַראָב פון דער בימה און אַריין, מגולגל געוואָרען אין די שוואַרצע פינטלעך[127]). און ווי יענער פון בימה, אַזוי האָט אויך דער אין ספר דערצעהלט אי וואונדערליכע מעשיות פון רבי בר בר חנה און פון אַ בן מלך מיט אַ בת מלכה, אי פּראָסטע משלים פונ'ם אַ וואָכעדיגען לעבען; ווי יענער, אַזוי האָט אויך דער געזוכט צו ווירקען איפ'ן געמיט און אויף דער פאַנטאַזיע פונ'ם איינפאַכען מענשען, ניט איפ'ן שכל; ווי יענער, אַזוי איז אויך דער געווען ווייך און לירישׁ און האַרציג און אינטים, קורץ, פאָלקסטימליך און ווייבעריש.

נאָך פאָלקסטימליכער און ווייבערישער איז דער סטיל, די בעאַרבייטונג פון די תחינות.

אַפילו דאָרט, וואו עס ווערען איינפאַך איבערגעזעצט פּסוקים פון לשון קודש, איז די איבערזעצונג ניט קיין ווערטליכע[128]), נאָר—

124) Zunz „Gottesdienstliche Vorträge der Juden". Berlin, 1832. ז. 443.

125) דאָרט ז. 449.

126) שולמאַן ז. 37.

127) וועגען דער עהנליכקייט צווישען דער מוסר־ליטעראטור און מגידו זעה אויך גרינבוים: „כרעסטאָמאטיע" ז. 196.

128) די תפלות, וואָס זענען ווערטליך איבערגעזעצט געוואָרען פון לשון־קודש, זענען ניט כאראַקטעריסטיש, זיי זענען קיינמאָל ניט איבעריגס פאָ־פולער געווען, נאר זיי האָבען געגעבען שטאָף צום לאַכען פאר די משכילים. צום בייּשפּיעל: „מי ווער איז איין גאָט וויא דוא פאר טראָגסט אומרעכט און ער טוט איבער פאר'ן אויף מיסטעט (ועובר על פשע) צוא דער איבערבליי־בונג פון זיין ארב" א. אז. וו. (ספר תפלה ישרה, זיטאָמיר 1860).



איך וואָלט זאָגען — אַ ווייבערשע. אָט האָבען מיר אַ זאַמלונג פון תחינות מיט'ן נאָמען „ברכות קודש"[129]). דאָ ווערט געבראַכט אי אַ העברעאישער אי אַ יודישער טעקסט פון יעדער תחינה. שטעהט אויף העברעאיש:

„אָנא תבוא לפניך תפלתי ותטה אזנך לשועתי"...

איז דער טייטש:

„איך בעט דיר גאָט, ליבער גאָט, דער גאָט פון מיינע עלטערען, אברהם, יצחק, יעקב, אונ שרה, רבקה, רחל לאה, אַז עש זאָל קומען פאַר דיר מיין גיבעט אונ זאָלשט נייגין דיינע אויערין צוא מיין גישרייא"...

אָדער: „האר פניך אתנו ורחמנו כגודל צדקתך"...

דאָס אייגענע אויף יודיש:

„מאַך לייכטען דיין פּנים מיט אונז, ליבער, האַרציגער גאָט, אונ דערבאַרים זיך אויף דיינע ליבע קינדער, וואָש האָפען צוא דיר אַזוא וויא דיין גירעכטיקייט"...

אַז מיר פערגלייכען די ביידע טעקסטען, זעהען מיר, אַז דער יודישער איז לענגער ווי דער העברעאישער, און עס איז קלאָר, אַז דאָס ליגט ניט נאָר אין דער טבע פון דער יודישער שפּראַך, וואָס האָט ניט דעם וואונדערליכען קיצור פון לשון־קודש, נאָר אויך אין דער טבע פון דער פרויענצימער, וואָס קאָן ניט זיין אַזוי אַבסטראַקט, ווי דער מאַנסביל אין זיינע תפלות: זי מוז אויס־טייטשען, צו וועמען זי טוט תפלה (צו גאָט, דעם גאָט פון איהרע עלטערן א. אז. וו.) און פאַר וועמען זי בעט (פאַר די ליבע קינדער). אין דער תחנה אמהות ווערט געבעטען אין זכות פון יעדער פון די אמהות אַ בעזונדער געבעט: „די מוטער שרה זאָל פאַר אונז בעטען בשעת משפט", „דען בייא דיר איז דיא מדה פון רחמים"; „אונזער מוטער רבקה זאָל בעטין פר אונ־זער פאָטער און מוטער, אַז זייא זאָלן זיך ניט חלילה אפשיידען פון אונז, דען דוא ווייסט וואול, וויא עס טוט באַנק נאָך פאָטער אונ מוטער, דען אַז אליעזר דער קנעכט הט דיך אַוועק גינומן פון דיין פאָטער אונ מוטער צוא דיין מאַן יצחק, אַזו האָסטו אויך זייער (זעהר) גיוויינט"; און צו דער מוטער רחל ווערט געזאָגט: „דוא זאָלסט פר אונז בעטין אַז מיר זאָלן אַיין כתיבה וחתימה טובה האָבין אונ מיר זאָלין הבן שנת חיים אונ שנת פרנסה. אונ מיר זאָלין (קיין מאָל קיין צער ניט האָבן. מיר ווייסן וואול אַז דוא קענכט קיין צער ניט הערין דען אַז מען האָט דיין ליבין זון יוסף גיפירט קיין מצרים [האָבן אים די ישמעאלים גרוס צער אנגיטאָן] איז ער גיפאַלין אויף דיין קבר אונ האָט אָן גיהויבן צוא וויינען מוטער מוטער דער באַרעם דיך איבער דיין קינד וויא קענסטו צו זעהען מיין

129) דער עקזעמפּלאר, וואָס מיר בענוצען דאָ, איז ארויס אין ווילנא ביי די אלמנה און ברידער ראָם 1883, איבערגעדרוקט, ווי עס שטעהט אויפ'ן שער־בלאט, פון דער ווילנער אויסגאַבע 1879. צו דער צייט פלעגען שוין ארויס אָפט נאָכגעמאכטע תחינות. איז מעגליך, כאָטש די שפּראַך איז אַן ארכאאישע, אַז אויך די תחינה איז נאָכגעמאכט פון א. מ. דיק אָדער אַן אנדערן פון ראָמס תחינות־צושטעלער, דאָך איז זי כאראַקטעריסטיש אויך פאר די אַלטע תחינות, ווארום די נאָכמאכער פלעגען זיך פלייסען שטענדיג צו כאַפּען דעם עכטען טאָן פון די ווייבערשע תפלות.

צער אַזוי אַיין לִיבשאַפְט וויא דו האָסט מיך ליב גיהאַט אונ היינט בין איך אַזוי פר פינצטערט אונ דוא דער בּאַרעמסט דיך ניט איבער מיר אַזוי האָסטו ניט גיקענט צו הערין דעם צער פון דיין קינד אונ האָסט אים גיענטפערט מיין ליב קינד איך הער דיין [גיוויין אונ דיין ביטער] גישריי איך וועל מיך תמיד דר בּארעמן אַז איך וועל הערין דיין צער דרום דר בּאַרעם דיך אויף, אונזער צער אונ אַנגסט אונ ציטערנעש וואָס מיר האָבין פאַר דעם משפט אונ בעט פאַר אונז עס זאָל אונז אָן גישריבען ווערן צו איין גוט יאָר מיר זאָלין קיין מאָל קיין צער ניט האָבן אָמן". [130]).

די דאָזיגע טבע פון דער פרוי צו זיין קאָנקרעט און אין זינען צו האָבען פערזאָנען און געשטאַלטען, ניט הוילע בעגריפען, ווייזט זיך אַרויס ניט נאָר דערין, וואָס די ווייבערשע תחינות, ווי מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, זענען וועניגער אוניווערסאַל, ווי די מאַנסבילשע (אין די ווייבערשע תחינות, אפילו אין די אַלגעמיינערע, רעדט זיך כסדר וועגען מאַן און קינדערלעך [131]), נאָר אויך דערין, וואָס זיי זענען שטענדיג כמעט (דאָס האָבען מיר שוין אויך איינמאָל געזאָגט) פערזענליך, פריוואַט: כמעט אין יעדער ווייבערשער תפלה ווערט דערמאָנט דער נאָמען פון דער בעטערין (פלונית בת פלונית) [132]).

ווילען מיר אין אָנגענומענע ליטעראַרישע בעגריפען אויסדריקען דעם חילוק צווישען דעם סטיל פון די מאַנסבילשע און די ווייבערשע תפלות, קאָנען מיר געברויכען די טערמינען עפּיק און ליריק. אויך די מאַנסבילשע תפלות, ווי תפלות בכלל, זענען ניט עפּיש, אָבער זיי זענען קיינמאָל ניט אַזוי ליריש, ווי די תפלות פון די ווייבער. אין דעם עצם נאָמען פון די ווייבערשע געבעטען — אין דעם נאָמען תחינה [133]) — ליגט שוין אַ שטיק ליריק, אַ שטיק „געפיהלעכץ". תפלה איז דער טייטש: בעטען, תחינה: — בעטען זיך. אין אַ תפלה איז רעכט, אַז מען בעט גאָרנישט. פאַראַן תפלות, וואָס מען דערצעהלט אין זיי נאָר גאָטס גרויסקייט, גאָטס וואונדער; די תחינה איז אָבער בעשאַפען געוואָרען נאָר אויף אויסצוגיסען די האַרץ. אַ תפלה, אגב, קאָן אויך זיין אַ פרעהליכע, אַ זינגעוודיגע (ותתפלל חנה ותאמר: עלץ לבי בד'...), אַ תחינה איז אומעטיג, וויינעוודיג; אַ תפלה קומט פון פולען האַרצען, אַ תחינה — פון צעבראָכענעם געמיט [134])... זי איז, הייסט עס, ניט נאָר ליריש, די תחינה; זי איז אויך עלעגיש... „רבש"ע, דאָ קום איך בטריבטי אלמנה צו דיר בעטן מיט איין צוא בראָכן האַרץ... נון, מיין גאָט מיין הער, וואש איז ערגר אויף דער וועלט אלש איין אלמנה? רבש"ע, וויא קאָן מיין האַרץ פרייא (פריי) זיין ווען איך טוא מיר נאָר בדיינקן אלש (אַז) איך בין איין אלמנה גיוואָרן. דוא ליבער הער גאָט, דוא טושט אַלש רעכט, איך נעם דאש אָן באהבה, דען דאש טוא איך זעלבערט זאָגן: זעלט איך ניט גיוועזן איין זינדיגרן, וואָלשטו דאָש מיר ניט צוא גישיקט... נאר דאש טוא איך דיך בעטן, אַלש (אַז) דו זאָלשט נאָר אָן נעמען דיא טרערין, וואש איך האָב גילאָזן זינט אַלש איך בין אין ליידער איין אלמנה גיוואָרן אונ זינט מיר איז די צרה צוא גיקומען... נון דוא ליבר הער גאָט, ווען איך טוא נאָר גידיינקען אַלש מיינע קינדר זאָגן: מיר זיינען יתומים גיוואָרן... א. אַז. וו." [135]) — אָט דער אלמנה- און יתומה-טאָן פילט אָן כמעט אַלע תחינות... גאָט איז פאַר דער יודינע ניט קיין אל קנא ונוקם, נאָר אַן אל רחום וחנון, אַ גאָט אַ דערבאַרעמדיגער, אַ ליעבער גאָט, אַ האַרציגער גאָט, אַ באַרימהאַרציגער פאָטער, אַ טאַטע אין הימעל [136]). גאָט איז אין די תחינות פערהיימישט, פער'משפחה'ט געוואָרען. גאָט איז אין די תחינות מיט אַ ווייך האַרץ, וואָס קאָן קיין טרערען ניט איבערטראָגען. גאָט איז אין די תחינות, כביכול, פערווייבערשט געוואָרען. ניט נאָר אין אַ ווייבערשער שול — צו אַ ווייבערשען גאָט ווערען די תחינות געזאָגט.

און לא די, וואָס ווייבער זאָגען זיי — אויך צווישען די, וואָס האָבען זיי פערפאַסט, זענען געווען ווייבער. אונטען וועלען מיר אויסרעכענען אַ גאַנצען צעטיל פון פרויען-פערפאַסערינס, וואָס צווישען זיי זענען מעהר ווי אַלץ פערפאַסערינס פון תחינות. איינער פון די פּאָפּולערסטע נעמען, וואָס זענען אונטערגעשריבען אונטער

130) די ווערטער אין עקיגע קלאַמערן זענען פון אַן אנדערער, אַן עלטערער אויסגאַבע. די אויסגאַבע, וואָס מיר ציטירען, איז פון ווילנא 1896, איבערגעדרוקט פון 1887. אויפ'ן שער-בלאַט שטעהט: „דיא נייע תחנה האָט מתקן גיוועזן האשה הרבנית מרת סערל בת הרב המפורסם מוהר"ר יעקב סגל מדובנא אשת הרב המאור הגדול הבקי בחכמה מהור"ר מרדכי כ"ץ זצ"ל ראפפורט".

131) נאָר ווען-ניט-ווען ווערן אָנגערופען אויך אַנדערע, אָבער אויף אַ גאַנץ קאָנקרעטען אופן. צום ביישפיעל: „אזוי זאָלן זיך אונזערע טייערע זכות-אבות טין דארוועקען פאַר מיר אין פאַר מאַן מאַן אין פאַר מאַני קינדער מאַני שוועסטער, אין פאַר מאַני ברידער, פאַר אלי גיטי פראַנד און פאַר אלי ידישע קינדער"—אזוי ענדיגט זיך אַ וואַריאַנט פון דער תחינה „גאָט פון „אברהם" (נח פרילוצקי: יידישע פאָלקס-לידער", № 16, ז. 33). נאָך קאָנקרעטער איז אַן אַנדער וואַריאַנט: „דערבאַרעם דיך איבער מיין מאַן, איבער מיינע קינדאלאַך, איבער מיין טאַטען, איבער מיין מאַמע, איבער מיינע שוועסטערן, איבער מיינע ברידער און איבער מיר אויך" (דאָרט ז. 36). אָבער קאָנקרעטער ווי, אין דעם וואַריאַנט № 23, קאָן מען שוין גאָר ניט זיין: „רבונו של עולם! מיין זין (זוהן) איז שוין אַלט 18 יאָר: ער איז הערש (ערשט?) אין האַלבען אַלף-בית קלאָר, כ'בעט דיך נאָכאַמאָל, אַז מיין טאָכטער שאָשע זאָל ווערן אַ כלה דאָס יאָר" (דאָרט ז. 139).

132) די נטיה אָנצורופען יעדע פערזאָן מיט אַ נאָמען, איז פאַראַן אויך אין די פאָלקס-ליעדער. פערגלייך די זאַמלונג פון מאַרעק—גינצבורג №№ 132, 354, 355; אויך די זאַמלונג פון י. ל. כהן (צוויי בענד, ניויאָרק-וואַרשאַ, 1912) №№ 13, 14, 15, 20, די ליעדער פון וואַרשאַווסקי. בכלל מוז אַ טייל ווערק אויף עברי-טייטש בעטראַכט ווערן ווי פאָלקסטימליכע, ניט נאָר ווי ווייבערשע ווערק. נאָר וועגען דעם מוז מען רעדען בעזונדער.

133) וועגען דעם חילוק, וואָס איז פאַראַן צווישען תפלה און תחינה, רעדט זיך און דעם מוסר-ספר „לב חכמים" (אמסטערדאַם 1706), געדרוקט אינאיינעם מיט'ן לב טוב, דף צ"ו, ע"ב.

134) „פאַר אונז בידנע ווייבער, זאָגט די רעבעצין און „קליין מענשעלע",— פאַר אונז, בידנע ווייבער, נעביך איז טאַקע גוט נאָר תחינות, איין איינציגע רפואה צו הערצער פול מיט מכות מיט וואונדען; איין איינציג מיטעל אויסצוווייגען זיך כאָטש אַ מאָל און אויסצוגיסען דאָס שווער ביטער געמיט אין הייסע ווארימע קוואַלען טרעהרען"...

135) תחינות ובקשות דף מ' (שוין ציטירט).

236) אזוי איז אויך די תורה אין די תחינות—„די ליעבע תורה", שבת—„דער ליעבער הייליגער שבת", און ישראל—„דיינע קינדער ישראל", „דיין אָרים פאָלק ישראל"...

די תחינות (ס'רוב זענען די תחינות אַנאָנים), איז דער נאָמען שרה בת טובים. אונטער דעם דאָזיגען פסעוודאָנים (און נאָך מעהר אַנאָנים) זענען אַרויס תחינות נאָכגעמאַכטע פון שפּעטערדיגע מחברים — משכּילים (צווישען די תחינות־נאָכמאַכער זענען געווען, ווי מען קאָן הערען אין די ווילנער יודישע פער־לעגער־קרייזען, א. מ. דיק[137], מ. א. שאַצקעס, און שפּעטער: נפתלי משכּיל לאיתן (ממ"ני)[138], יהושע מזח און אַנדערע). אַזוי אַז מען האָט גענומען ספק'ן גאָר, צי איז געווען אַמאָל אויף דער וועלט אַ פרוי, וואָס האָט אַרויסגעגעבען תחינות אונטער'ן נאָמען שרה בת טובים[139]. אַזאַ פרוי איז אָבער געוויס געווען אַמאָל. ביי אַ געוויסער אָנשטרענגונג וועט ניט שווער זיין צו דערגעהן אויך, ווער און ווען זי איז געווען; דאָ וועלען מיר זיך נאָר בעגענוגען מיט איינִיגע ציטאַטען פון דער זעהר פּאָפּולערער תחינה „שלשה שערים“, וואָס זי האָט פערפאַסט. די דאָזיגע ציטאַטען, וואָס וועלען ווייזען דעם לעזער די עכטקייט פון דער תחינה „שלשה שערים“, וועלען איהם אויך, צום סוף, נאָך אַמאָל ציינגען דעם אינטימען, לירישען כאַראַקטער פון די ווייבערשע תפלות. די ערשטע זאַך וועלען מיר ברענגען די הקדמה, וואָס שרה בת טובים האָט געמאַכט צו איהר תחינה „שלשה שערים“:

„איך (שרה בת טובים) איך טוא דס פון וועגן ליבן גאָט (ב"ה וב"ש) אונ בין מסדר נאָך איין שיינע נאַייע תחנה (על שלשה שערים). (שער הראשון) איז גשטעלט גוואָרן אוף די דריי מצות וואס מיר נשים זענן וואָרן גבאָטן (חנ"ה שמותן). זייער נאמן איז חנ"ה. (כּלומר) חלה. נדה. הדלקת הנר. אונ (שער השני) איז איין תחנה אז מען בענשט ראש חודש. אונ (שער השלישי) איז פון (ימים נוראים):

איך נעם צו הילף דעם לעבדיגן גאָט (ב"ה) וואס לעבט אימער אונ אייביג אונ שטעל די תחנה אוף טייטש מיט גרוס ליבשאַפט אונ מיט פארכט אונ מיט ציטערניש מיט דער שרעקניש מיט צו בראכענע גלידר מיט פיל גבעט בזכות אונזרע מוטערס (שרה רבקה רחל לאה). מיינע ליבע מוטערס זאָלן פר מיר בעטן גאָט (ב"ה) און דאָס וואָס איך בין (נע ונד) זאָל מיר זיין איין (כפרה) אוף מיינע (עונות) אונ השי"י זאָל מיר מוחל זיין וואָס איך האָב אין מיין יוגנט גישמועסט אין שול ווען מען הט גיליינט אין די ליבע תורה:

הער פון דר גאַנצר וועלט איך מאַך פאַלן מיין גבעט פר דיר ווי איך הייב אָן מסדר צו זיין איין שיינע נאַייע תחנה מיט מיין גאַנצע כוונה אונ מיט מיין גאַנצן גרונט פון מיין האַרצן אונ זאָלסט אונז היטן פון פיין אונ שמערצן איך בעט דיך דם ליבן גאָט ב"ה אַז ער זאָל שון האָבן גרוס רחמנות אוף זיין פאלק ווי ער הט דר הערט דס גבעט פון אונזרע (אבות ואמהות) גדענק ווען אברהם אָבינו הט מיט זיין לינקע האַנד בגריפן אָן דעם האַלז פון (יצחק) אונ אין זיין רעכטר האַנד נעמט ער דס שעכט מעסר צו שעכטן זיין זון (יצחק) און דאָס האָט ער דיר צו ליב גטאָן אונ הט איין גהאַלטן זיין רחמנות אַזו קער דיך צו דר בארמן איבר אונז אונ איין צו האַלטן דיין צאָרן אונ איך בעט הימל אונ ערד אונ אַלי הייליגע מלאכים זאָלן פר מיר בעטן אַז מייני בידי תחנות זאָלן ווערן אָן גנומן עס זאָל ווערן איין קרוין אוף זיין הייליגן נאָמן זיין קאָפּ אָמן:“.

אין אָנהויב פון טעקסט שטעהט אָנגעשריבען אויף לשון־קודש: „שער זה נתיסד על שלשה מצות שנצטוו הנשים ושמי שרה בראשי החרוזים“. נאָר אויב דאָס אַלץ איז נאָך וועניג צו בעווייזען, אַז ס'איז געווען טאַקע אַ יודינע שרה, וואָס האָט געשריבען תחינות, וועלען מיר ברענגען נאָך אַ פּאָר ציטאַטען, וואו דער ווייבערשער סטיל און כאַראַקטער איז אַזוי קענטיג, אַז אָבלייקענען איהם איז כמעט אוממעגליך. „איך אשה שרה, לייענען מיר ווייטער אין „שלשה שערים“, טו בעטן אייך, יונגע ווייבר, איר זאָלט ניט שמועסין אין שול, וואָרום עש איז איין גרוישע זינד. איך טוא גדיינקן, וואש עש שטייט, אַז דער תנא רבי אליעזר א. אַז. וו. דרום טוא איך אייך וואָרנן, דש איר זאָלט חס ושלום ניט גשטראָפט ווערן, וויא איך בין גשטראָפט גוואָרן מיט נע ונד“.

דער פאַקט פון איהר נע ונד זיין ווערט הערמאָנט, ווי מיר האָבען געזעהן, אויך אין דער הקדמה און אויך שפּעטער. און דאָס איז ניט נור ביאָגראַפיש אינטערעסאַנט: דאָס ווייזט, אַז זי גיט איבער אין איהרע תפלות טאַקע איהרע אייגענע איבערלעבונגען און נסיונות. אויך ווייטער שרייבט זי: „איך טוא מיך דער מאָנן אָן אַלע זאַכן, ווען איך פלעג צו קומן אין דער ליבר שול אָן גטאָן אין אבנים טובות, פלעג איך נאָר שפּעטן אונ צו לאַכען, טוא איך אייך היינט דער מאָנן אונ גדיינקן, אַז השי"י ב"ה טוט ניט שיינקן... היינט בין איך נע ונד גקומן, מיין האַרץ טוט אין מיר ברומן... דרום טוא איך זייער בעטן, אַז איר זאָלט מיינע רייד פאַר נעמען און איר זאָלט אייך צום האַרצן נעמען“ א. אַז. וו. א. אַז. וו. ביז זי קומט ווידער אין סוף צו אַ שטיקעל אַוטאָביאָגראַפיע: „דרום טו איך אשה שרה אייך בעטן אַז איר זאָלט דאָש פון ליבן גאט ב"ה וועגן טאָן איר זאָלט זעהן צו האָבן גרויש השגחה וואָרום איך (שרה) טו האָפן מיט אַלע אביונים אוף גאָטס השגחה איך טוא דעם ליבן גאָט בעטן אַז ער זאָל השגחה האָבן אוף מיינע אַלטע טעג. אַז אונזערע קינדר זאָלן ניט ווערן פון אונז פריאָגט אוך האָב איך אייך די אַנדרע נאַייע תחנה מסדר גוועזן אַז מיר זאָלן פון אונזרע זינד אונ פון מלאך המות זיין גנעזן ובזכות זה זאָל אונס גאָט ברוך הוא שיינקן דס לעבן“. דער פולער טיטעל פון דער דאָזיגער טיפּישער תחינות־פערפאַסערין, ווי ער שטעהט אויפ'ן שער־בלאַט פון דער דערמאָנטער תחינה, איז: „האשה הצנועה מרת שרה בת מוה' מרדכי זצ"ל נכד הרב מוהר"ר מרדכי זלה"ה אב"ד דק"ק בריסק יע"א“. זי אַליין שטאַמט, אפנים, פון דער שטאָדט סאַטנוב

137) אין זיין שוין פריהער ציטירטען מאנוסקריפּט דערצעהלט א. מ. דיק, אַז ער האָט איבערגעארבייט אמאָל פאר ראָמס פערלאַג דעם קרבן מנחה, נאָר ער האָט איהם שוין צופיעל פערטייטשמעריש, האָט איהם קיינער אין האנד ניט בעוואָלט נעמען.

138) מיר זענען בעקאַנט זיינע „א נייע תחנה הזכרת נשמות“, ווארשא, תרל"ד, און „תחנה חדשה לתשליך“ ווארשא, תר"לו.

139) אַז איך האָב געפרעגט אַ מאָל אין אַ געשפרעך ביים אַלטען מזח, ווער איז די שרה בת טובים, האָט ער מיך צוגעפיהרט צום שפּיגעל און אָנווייזענדיג אויף זיין פערוואַקסענעם געזיכט, האָט ער געזאָגט:—אָט דאָס איז זי... אויך אין איינער פון פרץ'ס פאָלקסטימליכע געשיכטען שפּיעלט שרה בת טובים די ראָלע פון אַ לעגענדארישער פיגור.

אין סוף פון די „שלשה שערים" שטעהט אונטערגעשריבען: „האשה שרה בת מהור"ר מרדכי זצ"ל מק"ק סאטנוב" 140).

אז מען לעבט זיך איין אין דער וועלט פון די תחינות און מען זעהט, וויפיעל סטיל און וויפיעל געמיט און וואס פאר אן אייגענארטיגע פאלקסטימליכקייט פון דארטען לייכט ארויס, וואונדערט מען זיך איף אייזיק מאיר דיק, וואס איז דאך אליין געווען, ניט געקוקט איף זיין השכלה-מגידות, א פאלקס-מענש און אן אמת'ער פאלקס-פריינד, — ווי אזוי האט ער עס געקאנט שרייבען וועגען די תחינות, אז „זיי זיינען גאר אן אזין, עס איז אין זייא קיין גראדעס ווארט דא, קיין געדאנקען, וואס זאל דאס הערץ ערווארעמען, דעם גייסט ערהויבען. עס איז יעדעס ווארט פינף מאל איבערגעקייט, דאס עס עקעלט אן יעדען גראדען מענשען, עס קלעפט ניט איין ווארט צו דעם אנדערן, קיין המשך"... 141) מען וואונדערט זיך איף א. מ. דיק, וואס איז געווען איינער פון די ערשטע, וואס האט געפיהלט דעם ווערט און דעם זיבעטען חן פון דער יודישער פאלקס-שאפונג, און מען איז איהם חושד, ניט ווילענדיג, אז אדער ער איז געווען, ווי א משכיל, טענדענציעז בנוגע צו די תחינות, אדער ער האט די אמת'ע, עכטע תחינות גאר ניט געקענט, און ער איז אויסען געווען מיט זיין בייזער קריטיק נאר די פערקריפעלטע, פערגרייזטע ווערטליכע איבערזעצונגען פון לשון-קודש'דיגע תפלות...

אבער נישט געקוקט איף זיין שלעכטער מיינונג וועגען דער ווייבערשער פאלקס-שאפונג איף יודיש, איז ער דאך פאקטיש געווען דער יורש פון דעם ווייבערשען עברי-טייטש-סטיל. א סך שורות פון א. מ. דיק'ס ווערק קאן מען אריינשטעלען אין די פארצייטיגע ווייבערשע מוסר-ספרים, און מען וועט גארנישט דערקענען, אז זיי זענען אריינגעשטעלט און אז זיי געהערען גאר צו א פערפאסער און צו א תקופה, וואס די אלטפרענקישע גוטע און פרומע יודישע קולטור האט זיי שוין מעהר ניט צופרידענגעשטעלט. א. מ. דיק (און שפעטער זיין תלמיד דינעזאן) איז דער נאטירליכער, פאמעליכדיגער, פארזיכטיגער איבערגאנג פון דער פריהערדיגער פאקטישער צו דער שפעטערדיגער, שוין נאר פסיכאלאגישער, ווייבערישקייט פון א סטיל פון דער יודישער ליטעראטור. שמ"ר איז, פונקט אזוי ווי דיק, נאך אויסען געווען דער עיקר די „טייערע לעזערין" און, אזוי ווי דיק, האט ער געזוכט פריהער ווי אלץ צופרידען צו שטעלען איהרע בעדערפענישען און צו שרייבען אין איהר גייסט, אין איהר סטיל. מעהר נישט, וואס דיק איז געשטאנען נעהענטער צו דער אלטער לעזערין, שמ"ר — צו דער נייער. די אלטע לעזערין בעשרייבט פרץ אין דער סקיצע „א פערשטערטער שבת": „סעריל איז א מושלמת, לייענט עברי-טייטש ווי א וואסער; קאן דאס דייטשחומש מיט'ן קב-הישר, מיט'ן ראשית-חכמה און נאך עטליכע אזוינע ספרים, כמעט אויסענווייניג; אין גיהנם איז זי קלאר; זי איז אין יעדען ווינקעלע ווי אין דער היים. זי ווייסט, וואו מען קאכט אין הייסער סמאלע" א. אז. וו. 142).

און אט איז די נייע לעזערין:

„... פון די בענש-ליכט צאנקט נאך איינס, און פון די שטוב-נפשות איז נאך איינע וואך—די עלטסטע טאכטער. די צערפלאסענע האר זיינען רויט. דאס פנים — געל: גענעהרט פון קארטאפעל נישט צו דער זאט. אין די אויגען דאך ברענט; די איינגעפאלענע ברוסט הויבט זיך און פאלט, די דארע הענד ציטערן...

זי לעזט ביי'ם צאנקענדיגען ליכט שמ"רס ראמאן. די ליפען ציטערן פאר אונגעדולד. זי איז צורודערט. זי שרעקט זיך: טאמער געהט איהר אויס דאס ליכטעל, און זי וועט נישט געוואהר ווערען דעם סוף פון פיפערנאטער" („די לעזערין") 143).

די מאמע האט געמוזט געוואהר ווערען דעם סוף פון יוסף הצדיק, וואס די ברידער האבען איהם אין גרוב אריינגעווארפען; די מאמע האט געלייענט דעם טייטש-חומש, די טאכטער-שמ"רס ראמאן. דעם טייטש-חומש און די מוסר-ספרים האט די מאמע געלייענט פון מצוה וועגען. געווים האט אויך איהר פאנטאזיע געקוואלען, ווען זי האט געלייענט וועגען יוסף הצדיק, ווי די ברידער האבען איהם פערקויפט און ווי זיינע חלומות זענען מקוים געווארען און ווי מען האט איהם אויפגענומען פאר א משנה למלך אין לאנד מצרים; אדער ווען זי האט געלייענט וועגען שלמה המלכ'ס שטול, וועגען דעם אשמדי און וועגען גיהנם און גן עדן אין „שבט מוסר", און ווי דער בית-המקדש איז חרוב געווארען... דער עיקר איז געווען אבער די רעליגיעזע בעדערפעניש ביי איהר. די הנאה, וואס זי האט געהאט פונ'ם לייענען, איז געווען די הנאה, וואס מען האט פון א מצוה טון. איהרע טרערען זענען געווען פרומע טרערען. שמ"ר האט געלאזט גלענצען אויפ'ן צניעות'דיגען פנים פון דער יודישער טאכטער טרערען איינפאכערע, ניט קיין פרומע טרערען. שמ"ר האט געוועקט אין דער יודישער לעזערין די פאנטאזיע, וואס שוועבט ארום איף דער, ניט איף יענער וועלט; ער האט געוועקט אין איהר א בענקעניש נאך לעבען און ליבע; ער האט זי צוגעוועהנט לייענען פון פערגעניגען, פון נייגיריגקייט וועגען. זי האט געמוזט וויסען „דעם סוף פון פיפערנאטער" און פון די רויבער, וואס האבען געהאט א הייהל אין וואלד, און פון רודאלף, וואס איז אוועקגעפאהרען פון זיין שטעדטיל און איז געווארען א סטודענט, און פון ראזע'ן, וואס האט זיך איבערגעטאן פאר א מאנסביל און איז אנטלאפען פון דערהיים. און אז זי איז עס געוואהר געווארען, האט זי זיך איבערגעטראגען אין אן אנדער, א נייער, א שענער, א וואונדערליכער וועלט, און זי האט שוין געהאט עונג שבת, זי האט זיך שוין אויפגעהערט צו פיהלען וואכעדיג, לייענענדיג ניט די סדרה, נאר דוקא א ראמאן...

דער שטאף און דער סטיל האט זיך אומגעביטען אין דער יודישער ליטעראטור, און צוגלייך איף די לעזערין. אבער נאך אלץ די לעזערין, ניט דער לעזער.

ערשט אין די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהר, ווען עס

140) פון די פערשיידענע אויסגאבען פון „שלשה שערים", וואס זענען מיר בעקאנט, איז די עלטסטע (געדרוקט מיט דעם בעזונדער שריפט, וואס מיט איהם פלעגט מען דרוקען צמאל די ווייבערשע ספרים) פון ווילנא, 1864, דרוקעריי פון ש. י. פין און א. ה. ראזענקראנץ.

141) הקדמה צום „שבעים מאלצי'ם", ווילנא, 1877.

142) אלע ווערק פון י. ל. פרץ, II, 28, פערלאג „פראגרעס", ווארשא, 1911.

143) דארט, ז. 24.

האָט זיך אָנגעהויבן צו ווייזן ביי אונז אַ פאָלקס־אינטעליגענץ, און ביי די מאַסען גופא זענען וועלטליכע גייסטיגע בעדערפעגישען אויסגעוואַקסען, — ערשט אין די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר האָט די יודישע ליטעראַטור אויפגעהערט צו זיין אַ לעזערין־ליטעראַטור. אין דער נייער יודישער ליטעראַטור שרייבען שוין אפילו די פערפאַסערינס ניט בלויז פאַר לעזערינס. אַמאָל אָבער זענען די טאָן־געבערס און די סטיל־שאַפערס אין דער ליטעראַטור אויף עברי־טייטש געווען, ווי מיר האָבען געזעהן, לעזערינס און פערפאַסערינס.

אין דעם ווייטערדיגען, לעצטען, קאַפיטעל פון אונזער איציגער שטודיע, וועלען מיר ברענגען די דאַטען, וואָס אונז זענען בעקאַנט, וועגען די אַלטע יודישע פערפאַסערינס, וואָס איינינע פון זיי האָבען אַרויסגעלעגט דעם שטעמפעל פון זייער פרויענליכקייט, פון זייער ווייבערישקייט, אויך אויף די ווערק פון די מאַנסבילען־מחברים אויף עברי־טייטש...

V

די ערשטע זאַך וועלען מיר אָנרופען מיט די נעמען די תחינות־פערפאַסערינס, וואָס זענען אונז בעקאַנט.

1) חנה בת ר' יהודה לייב כ"ץ, די פרוי פון ר' יצחק אשכנזי. האָט פערפאַסט, אַחוץ תחינות, אויך אַ „דרשה" אין גראַמען אויף יודיש, וואָס איז אַרויס אין אַמסטערדאַם אַרום 1700 [144].

2) בילא בת הקדוש ר' בער בר' חזקיה הורוויץ, די פרוי פון ר' יוסף חזן.

האָט פערפאַסט (אָדער נאָר אַרויסגעגעבען?) „תחינות וואש מן זאָל זאָגין פון ר"ח אלול ביז יוה"כ, פראָג, אַרום 1705 [145].

3) לאזא.

האָט איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבען מיט אַ הקדמה און ציורים די תפלות שלשה משמורות פון איהר מאַן יעקב בן מרדכי שווערין [146].

4) עליס (עלוש) בת ר' מרדכי מוכלש פון סלוצק.

געלעבט אין 17־טען יאָהרהונדערט און איבערגעזעצט אויף עברי־טייטש די תפלת שומרים לבוקר (פראָג 1692), אויך אַ קיצור פון „מעבר יעבק" מיט'ן נאָמען „רפואת נשמה" (פראַנקפורט, ביים אָדער 1705). ווי זי אַליין דערצעהלט, האָט זי די איבערזעצונג פון די תפלות געמאַכט, פאָהרענדיג אינאיינעם מיט איהר מאַן, אליקום געץ, אַ גבאי אין אַ קליין שטעדטיל אַרום ווילנא, קיין ארץ ישראל [147].

5) רחל בת ר' מרדכי סופר מפינטשוב.

איהרע תחינות טראָגען דעם אייגענעם נאָמען, ווי די תחינות פון בילא הורוויץ [148].

144) אוצר הספרים, ז. 121.

145) א. שולמאַן: שפת יהודית אשכנזית וספרותה, 67. לויט קארפעלעס האָט זי נאָך פערפאַסט „די געשיכטע פון הויז דוד" (?) און—אינאיינעם מיט רחל רוסטיך—„די געשיכטע פון די יודען אין פראג".

146) שולמאַן, דאָרט 64.

147) דאָרט, 63—64. פערגלייך אויך קאַיזערלינג: די יודישע פרויען אין דער געשיכטע etc" ז. 153. לויט קאַיזערלינג איז איהר מאַן געווען ניט אליקום, נאָר אהרן בן אליקום געץ.

148) שולמאַן, 67



6) שפרה בת ר' יהודה לייב מלובלין.

אויף דעם שער־בלאַט פון דער תחינה שערי תשובה, וואָס זי האָט איבערגעזעצט, שטעהט אָנגעשריבען אַזוי: „דיא תחנה האָט מחבר גיוועזין איין איש צדיק וחסיד אין ארץ ישראל אויף לשון הקודש שוין מער אלש הונדערט יאָר אונ ניט לאַנג האָט זיא איבער גיזעצט (ניט „איבערזעצט", ווי מען שרייבט איצט פערטייטשמערישט — ש. נ.) האשה הצנועה והחסידה המפורסמת מרת שפרה בת הרב הגאון המפורסם, מוה"רר יהודא ליב אב"ד דק"ק לובלין זצ"ל". דער עקזעמפלאַר, וואָס איז מיר בעקאַנט, איז געדרוקט אין ווילנא, 1872, איבערגעדרוקט, ווי עס שטעהט אונטען, אינ'ם רוסישען טייל פונ'ם שער־בלאַט, „פון דער אויסגאַבע 1868".

7) דבורה, די פרוי פון רבי נפתלי.

ארץ ישראל תחינה, ווילנא, 1875.

8) סעריל בת ר' יעקב סג"ל מדובנא.

אויף דער זעהר פאָפולערער תחינה אמהות מן ראש חודש אלול, וואָס זי האָט פערפאַסט, שטעהט אָנגעשריבען: „דיא נייע תחנה האָט מתקן גיוועזן האשה הרבנית מרת סעריל בת הרב המפורסם מוה"ר יעקב סג"ל מדובנא אשת הרב המאור הגדול הבקי בחכמה מה"רר מרדכי כ"ץ זצ"ל ראַפּאָפּורט". די דאָזיגע תחינה איז ווערט טאַקע דעם נאָמען, וואָס זי טראָגט תחנה אמהות. ערשטענס זענען דאָ פאַראַן תפלות צו יעדערער פון אונזערע אמהות שרה, רבקה, רחל, לאה, און צווייטענס איז איבער דער גאַנצער תחינה אויסגעגאָסען עפיס אַ וויין, וואַרים מוטער־געפיהל. מיר ברענגען אַ שטעלע פון דעם ערשטען בלעטיל:

„איך טוא דיך בעטין, אַז דו זאָלסט אָן נעמען מיינע ביטערע טרערין, וויא דוא האָשט אָן גינומען דס גיבעט פון די מלאכים, ווען אברהם האָט זיין ליבין זון גיבראַכט צו דר עקידה, זיינען די טרערן פון די מלאכים גיפאַלן אויף דעם מעסער פון אברהם, אונ האָבין אים ניט גילאָזט שעכטין זיין זון יצחק, אַזוי זאָלין אונזערע טרערין פאַלין אויף דעם מעסער פון דעם מלאך המות אונ זאָלין ניט לאָזין חלילה אַוועק ברייגגען מיך אָדער מיין מאַן אָדער חלילה מיינע קליינע קינדער אונ אַלע מיינע פריינד. איך טוא דיך בעטן דו זאָלסט דיך איבער אונז דר באַרימען אונ זאָלסט אַליין זיין מיין מליץ יושר בייא דעם משפט אונ פאַר גיב מיר מיינע זינד אָמן" [149].

9) הענא בת ר' יהודה, די פרוי פון ר' אריה ליב ספרא פון בראָד.

אויפ'ן שער־בלאַט פון דער תחינה, וואָס זי האָט איבערגעזעצט אויף עברי־טייטש, שטעהט אַזוי: „תחנה קול בכיות, הובאה מארץ ישראל. דיא תחנה איז גיוועזן געשריבען אויף לשון

149) מיר ציטירען איינע פון די שפעטערדיגע אויסגאַבען: ווילנא, 1896 איבערגעדרוקט פון 1887. אין דעם עקזעמפלאַר פון אַן עלטערער אויסגאַבע, וואָס מיר האָבען, פעלען די ערשטע בלעטלעך, נאָר פון דעם טייל, וואָס איז פאַראַן, זעהט מען, ווי מיאוס פערגרייזט זענען די שפעטערדיגע אויסגאַבען. אַזוי לייענען מיר אין איינער פון זיי: „איך בעט דיך, דו זאָלסט שטאַרקען מיין הארץ צו מקיים זיין דיינע מצוות, וואָס דו האָסט גיבאָטין צו אונזער מוטער חנה". דאָס האָט קיין שום זין ניט. קוקען מיר אַריין אין דער עלטערער אויסגאַבע, שטעהט דאָרטען „זאָלסט שטאַרקן מיין הארץ מקיים צו זיין דיינע מצות, וואָס דוא האָסט גיבאָטן: דער סימן איז חנ"ה" (חלה, נדה, הדלקת חנר).

הקודש, אַזו האָט זיא מעתיק געווען מלשון הקודש אויף טייטש האשה הצנועה יראת יי מרת הענא בת הרבני המנוח מהו"רר יהודה זצל"הה אשת הרבני החכם השלם מהו"רר אַריה ליב ספרא דק"ק פּראָג יע"א". אין סוף איז פאַראַן „איין תפלה פאַר הש"י צו דער אשה, וואָס האָט ניט קיין קינדער". די אויסגאַבע, וואָס אונז איז באַקאַנט, שטאַמט פון ווילנא (דרוק ש. י. פין און א. ה. ראָזענקראַנץ) 1864.

10) ממלא (?) בת רבי צבי הירש, די פרוי פון ר' יצחק, אַ רב אין דער שטאָט בעלז.

זי האָט פערפאַסט די תחנה תשובה תפלה וצדקה. אויפ'ן שער־בלאַט שטעהט: „דיא נייאי תחנה האָט גימאַכט האשה הרבנית מרת ממלא בת הרב הפרנס הגאון ונאמן מהו"רר צבי הירש אשת הרב המאיר הגדול והקדוש מהור"ר יצחק זצ"ל אב"ד דק"ק בעלז". יאָהר און אָרט פון דרוק פעהלען. אין דער תחנה רעדט זיך פיעל וועגן טויט: „מיין נשמה וועט זיך שיידן פון מיין גוף, עס וועט פר לאָשן ווערן מיין ליכט, מיין אויגן, ווען מיין נשמה וועט פר גייאן. נאַקיט בין איך גיקומן אויף דעם עולם אונ נאַקיט וועל איך ווידר קערן אויף יענם עולם. פון מיין שיין לעכטיג הויז וועט מען מיך טראָגן אין דעם פינצטערן קבר. אין איין שעה בין איך גיבאָרן, אין דר אַנדרער שעה וועל איך ווערן פאַרלאָרן. איך וועל פאַר נעסן ווערן פון דער וועלט גלייך, אַז איך העט גאָר אויף דער וועלט ניט גיוועזין. אונ דוא (די) ווערים וועלן קומן איבר מיין גאַנצן האַרצן אין לייב אונ וועלן מיך עסין אונ נאָגין מיין בלוט וויא איין גוטען וויין, אונ מיין נשמה וועט נעבך שטיין און וועט דאָס אַלין צוזעהן"...

11) שרה בת ר' מרדכי, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען שרה בת טובים. וועגען איהר און איהרע תחנות האָבען מיר גערעדט פריהער.

12) רחל הינדה.

אויף דעם שער־בלאַט פון דער „תחנה פון שבת קודש", וואָס זי האָט פערפאַסט, שטעהט אָנגעשריבען: „געפונען באמתחת התחינות הנשאר מהרבנית הצדיקית מרת רחל הינדה נכדת הרב הגאון מוהרי"ל אויערבאַך מקלעוואַן ז"ל".

פון אַנדערע יודיש־דייטשע פערפאַסערינס זענען אונז באַקאַנט[150]:

150) צו די פרויען־נעמען, וואָס זענען אויסגערעכענט אין טעקסט, דאַרף מען נאָך צורעכענען איינע אַן עלטערע וועלטליכע פערפאַסערין — מלכה בערליאנד. זי האָט אָנגעשריבען אַ מעדיצינישע ביכעל מיט'ן נאָמען „דיא גליקליכע מוטער, דיא געזונדהייט אין צייט פון שוואַנגערשאַפט צוא פערהיטען", ווילנא, 1827. אחוץ דעם, איז נאָך ווערט דערמאָנט צו ווערען די פרוי פטשעל (בת שבע), די טאָכטער פון ר' זאַנוויל („היקרה מרת פטשל בת הר"ר זנוויל ז"ל חתן הר"ר זעליגמאַן הורוויץ"), וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַ „געטליך ליעד, אין 25 סטראָפען, (אַ מין פיוט אויף עברי־טייטש) פון ר' משה בר' אברהם צאָריט (פּראַג, 1603). פערגל. גרינבוים: „כרעסטאָמאַטיע", ז. 331—333.

עברי־טייטש פערמאָגט נאָך אויך אַ פּלאַגיאַטאָרין צום רומיל, דאָס איז איינע אַ.ש״נדעלע, וואָס האָט אונטער איהר נאָמען אַרויסגעגעבען די ליעד וועגען די עשרת הדברות פון ר' מאיר ווערטער (קאַיזערלינג: די יודישע פרויען ז. 154).



13) רבקה טיקטינער, די טאָכטער פון ר' מאיר טיקטינער פון פוילין.

האָט איבערגעזעצט דעם בעריהמטען מוסר־ספר חובת הלבבות (1609), פערפאַסט אַליין אַ מוסר־ספר מינקת רבקה (קראַקוי, 1608) און אַ שמחת־תורה־ליעד. די ספרים זענען אַרויס פון דרוק נאָך איהר טויט. זי איז געשטאָרבען אין יאָהר 1550. סוף פאָריגען יאָהרהונדערט האָט איינער אַ דייטשער פּראָפעסאָר צעללנער געשריבען וועגען מינקת רבקה אַ דיסערטאַציע[151].

14) ראזעל פישעלס, די טאָכטער פון ר' יוסף הלוי פון קראַקוי.

לויט קאַרפּעלעס האָט זי אַליין געמאַכט אין גראַמען, ווי מען זעהט אָבער פון איהר אייגענער פאָררעדע, האָט זי נאָר איבערגעשריבען און געלאָזען דריקען (קראַקוי, 1586) ר' משה שטענדאַל'ס געגראַמטע תהלים־איבערזעצונג, „אין ניגון פון שמואל בוך גיבראַכט", מיט איהרער אַ פאָררעדע[152]. אין דער פאָררעדע שרייבט זי, אַז זי האָט געוואַנדערט איבער דער וועלט, האָט זי אין דער „קהילה קדושה הנזכר" געפונען דעם כ"י פון ר' משה שטענדאלס איבערזעצונג — „דא האב איכש מיט מיינר האנד איבר שריבן, דש עז איז נישט דרינן גיבליבן, אונ' האָב מיך בידאַכט אונ' אין דען דרוק גיבראַכט"...

15) טויבע, בת ר' לייב פיצקער, די ווייב פון ר' יעקב פאַן. האָט געלעבט אין 16־טען יאָהרהונדערט און פערפאַסט אַ ליעד, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„איין שיינעס ליעד, ניי גימאַכט,
בלשון תחנה אויז'ס ווארדן אויסגעטראַכט..."

און לאָזט זיך אויס:

„ווען יעצט וואָלט וויסען, ווער דאָס ליעד האָט געמאַכט —
טויבע, ווייב דעם ר' יעקב פאַן, האָט עס דערטראַכט,
טאָכטער דעם עהרווירדיגען ר' לייב פיצקער ז"ל,
דער עוויגער מעג בעהיטען אונז אַלי"[153].

16) אייהעל בת ר' משה מענדלס.

האָט אַרויסגעגעבען אויף עברי־טייטש אַ קיצור פון יוסיפון (קראַקוי, 1670).

17) ליטטע (אָדער ליווא) פון רעגענסבורג.

זי האָט געלעבט, ווי קאַיזערלינג מיינט, פאַר דעם יאָהר 1519 (דאַן האָט מען יודען אַרויסגעטריבען פון רעגענסבורג) און האָט פערפאַסט אָדער נאָר קאָפּירט דאָס בעריהמטע קלאַסישע ווערק פון דער עלטערער יודיש־דייטשער ליטעראַטור — דאָס שמואל־

151) קייזערלינג: „די יודישע פרויען" ז. 152.

152) שולמאַן, ז. 24—25. דאָרט ווערט אויך געבראַכט די געגראַמטע הקדמה פון דער אַרויסגעבערין ראָזעל. דער דייטשער געלעהרטער וואַגענזייל האָט שטענדאַלס איבערזעצונג אין יאָהר 1705 אַרויסגעגעבען מיט דייטשע לעטערן און מיט אַ הקדמה אונטער דעם נאָמען: „Rabbi Moses Stendals nach Jüdischer Redeart vorlängst in Reimen gebrachte Psalmen Davids".

153) ציטירט נאָך קאַיזערלינג „יודישע פרויען", ז. 152. דאָרט איז עס געבראַכט מיט לאַטיינישע בוכשטאַבען, דערפאַר איז די פאַרצייטיגע אָרטאָגראַפיע נישט אויפגעהיט.

בוך[154]. מען מיז אָבער איסטייטשען, אַז די פראַגע, צי איז זי טאַקע געווען די פערפאַסערין אָדער קאָפּיסטין פֿון שמואל־בוך אָדער ניט, איז נאָך נישט פערענטפֿערט געוואָרען ענדגילטיג. עס עקסיסטירט וועגען דעם אַ לאַנגאָנעדיגע מחלוקת צווישען די ביבליאָגראַפֿען און היסטאָריקער פֿון דער עלטערער יודיש־הייטשער ליטעראַטור. אַרום דער דאָזיגער מחלוקת איז אויסגעוואַקסען אַ גאַנצע ליטעראַטור. אַ קריטישען בעריכט וועגען איהר וועט דער לעזער געפֿינען אין די Mélanges Bibliographiques sur les livres de Samuel (לייפּציג, 1909) פֿון פֿעליקס פֿאַלק[155].

צום סוף ווילען מיר נאָך זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער יודיש־דייטשער פֿערפֿאַסערין, וואָס איז אונז מעהר, ווי אַלע אַנדערע, בעקאַנט און איך ווערט מעהר, ווי אַלע אַנדערע (אויב מען זאָל ניט רעכענען ליוואַ (ליטע) פֿון רעגענסבורג, וואָס מען ווייס נאָך ניט אויף געוויס, צי איז זי טאַקע די פֿערפֿאַסערין פֿון דעם וואונדערליכען יודישען עפּאָס — דעם שמואל־בוך — צי ניט) —

18) גליקל האַמיל (גליקעל פֿון האַמעלן).

פֿון איהר זענען געבליבען זכרונות. וואו זי האָט בעשריבען, אין 7 ביכער, איהר לעבען פֿון דעם יאָהר 1645, ווען זי איז געבוירען געוואָרען, ביז דעם יאָהר 1719. ערשט אין יאָהר 1896 האָט פּראָפֿ. קויפֿמאַן אָבגעדרוקט דעם טעקסט פֿון די זכרונות (לויט דעם מאַנוסקריפּט 91 פֿון דער „מערצבאַכעריאַנאַ“ אין דער מינכענער ביבליאָטעק) מיט אַ דייטשער הקדמה[156]. ביז דער לעצטער צייט זענען די דאָזיגע „זכרונות“ געווען דאָס איינציגע מעמואַרען־ווערק אויף יודיש. אָבער אַפילו איצט, ווען מיר פֿערמאָגען שוין אויף יודיש מעמואַרען אויך פֿון אַנדערע פּערזאָנען, אַפּילו איצט איז ניטאָ אין אונזער ליטעראַטור נאָך אַ ווערק, וואָס זאָל האָבען אַזאַ גרויסען קולטור־היסטאָרישען ווערט, ווי די זכרונות פֿון גליקל האַמיל. גליקלס פֿאָטער, ר' לייב פּינקערלע, איז געווען איינער פֿון די חשובֿ'סטע פּערזענליכקייטען אין דער האַמבורגער יודישער קהלה. זיין הויז איז געווען דער מיטעלפּונקט פֿון אַלע קהל'שע אָנגעלעגענהייטען. אַז עס האָט געהאַלטען איינמאָל ביי אַרויסטרייבען יודען פֿון האַמבורג, איז ער געווען דער, וואָס האָט פּועל געווען, אַז די גזרה זאָל בטל ווערען. אַזוי האָט גליקל שוין קינדהייז געלעבט אין דער אַטמאָספֿערע פֿון יודישער כלל־טוערייי, פֿון יודישען כלל־לעבען. איהר איז בעשערט געווען אָבער בעקאַנט צו ווערען אויך מיט'ן לעבען פֿון אַנדערע יודישע קהלות, אַחוץ דער האַמבורגער. נאָך גאָר אַ קינד, האָט זי חתונה געהאַט מיט ר' חיים האַמיל (פֿון האַמעלן) און זיך בעזעצט אין זיין שטאָדט. מיט איהר מאַן האָט זי געהאַט צוועלף קינדער. אַדאַנק די שידוכים, וואָס זי האָט שפּעטער געטאָן מיט זיי, איז זי בעקאָנט און פֿערבונדען געוואָרען מיט מענשען און

154) די ערשטע אויסגאַבע (פֿון נתן בן אליעזר מיכלבאַך) איז אַרויס אין אויגסבורג 1544. דער זעהר אינטערעסאַנטער אויסצוג פֿון שמואל־בוך, וואָס איז געבראַכט ביילאַטצע (אין „גאַשעס ארכיוו פֿיר ליטעראַטור־וויסענשאַפֿט“, 1870, I) איז פֿון דער אויסגאַבע באַזעל 1612.

155) די אַרבייט פֿון פֿאַלק איז געדרוקט געווען אויך אויף דייטש אין די „Mitteilungen zur Jüdischen Volkskunde“. Leipzig 1908, IV-V

156) Prof. „Kaufmann: Die Memoiren der Glückel von Hameln“.

מנהגים פֿון פֿערשיידענע שטעדט און לענדער[157]. די דאָזיגע פֿערשיידענע מענשען און מנהגים, ווי אויך אַלע טומלעניש'ען און בהלות און בעוועגונגען פֿון יענער צייט ווערען דערמאָנט און געשילדערט אין די זכרונות, אַזוי אַז מיר געפֿינען דאָרט לעבעדיגען שטאָף פֿאַר דער געשיכטע פֿון יודישע קהלות און דעם יודישען לעבען אין סוף 17־טען און אָנהויב 18־טען יאָהרהונדערט אין דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, דענעמאַרק, האָלאַנד, עסטרייך, פּוילין. אונז אָבער אינטערעסירט דאָ ניט אַזוי דער קולטור־היסטאָרישער, ווי דער ריין ליטעראַרישער ווערט פֿון די זכרונות. ריין ליטעראַריש גענומען, זענען די מעמואַרען פֿון גליקל האַמיל פֿריהער ווי אַלץ אַן ערשט־קלאַסיג ווערק פֿון דער יודישער ווייבער־ליטעראַטור. נאָר אין די בעסערע תחינות און אין די עלטע ווייבערשע מוסר ספֿרים געפֿינט מען דעם האַרציגען ליריזם און די נאַקעטע, אָבער צניעות'דיגע אינטימיטעט פֿון די זכרונות. זייער אַרויסגעבער האָט ריכטיג געזאָגט: „ניט קיין קבֿר עפֿענט זיך אויף אין אָט דעם בוך, נאָר אַ מענשענהאַרץ“[158]. מחמת ריין־פּערזענליכע, סוביעקטיווע מאָטיווען האָט זי אָנגעהויבען שרייבען איהרע זכרונות. זי האָט געוואָלט דורך דעם פֿערטרייבען דעם אומעט אין די צעבראָכענקייט פֿון איהר געמיט. דאָס איז געווען אין יאָהר 1691, באַלד נאָך איהר מאַנס טויט. „שנת תנ"א“, אַזוי הויבט זי אָן איהר לעבענסווערק, וואו עס זענען אַריינגעמישט זעהר אַ סך לשון־קודש'דיגע ווערטער און פּסוקים — „שנת תנ"א אתחיל לכתוב זה מרוב דאגות וצרות ומכאובי לב וויא ווייטר פֿולגען ווערט“[159], לייענען מיר ווייטער: „.... מיין ליבי קינדיר, איך האָבי דיזוש אָן גיפֿאַנגין בס"ה צו שרייבין נאָך דען טוט פֿון אַייער פֿרומין פֿאָטיר, דאָז עש מיר איזט גיוועזין לקצת נחת רוח, ווען מיר היא מאלקולישי (מעלאַנכאָלישע) גידאַנקין זיינען גיקומין“[160]. ווייטער דערצעהלט זי, אַז ביינאַכט, ווען איהר פֿלעגט זיך ניט שלאָפֿען, פֿלעגט זי אויפֿשטעהן און נעמען זיך פֿאַר דער פֿען[161]. אַזוי האָט זי ביסלעכווייז געשריבען, ביז זי האָט אין יאָהר 1700 נאָך אַמאָל חתונה געהאַט מיט דעם באַנקיר הערץ לוי פֿון מעץ, און ערשט אין 1712, ווען אויך דער צווייטער מאַן איהרער איז געשטאָרבען, און ווידער פֿלעגען מעלאַנכאָלישע געדאַנקען קומען אין קאָפּ, — האָט זי נאָך אַ מאָל גענומען זיך פֿאַר איהרע זכרונות, וועלכע זי האָט געענדיגט אין יאָהר 1719, פֿינף יאָהר פֿאַר איהר טויט (זי איז געשטאָרבען דעם 19־טען סעפּטעמבער 1724, 79 יאָהר אַלט). זי איז אויסען געווען מיט איהרע זכרונות ניט נאָר בעקאַנט צו מאַכען די קינדער מיט די וויכטיגע לעבענס־געשעהענישען פֿון זייער גרויסער, רייכער, חשובֿ'ער, איבער דער גאַנצער וועלט פֿערשפּרייטער פֿאַמיליע; זי האָט געהאַט די כוונה אויך צו לאָזען אין איהרע זכרונות אַמין גייסטיגע צוואה פֿאַר איהרע קינדער; זי האָט זיי געוואָלט לערנען, ווי צו לעבען אויף

157) זי האָט, אגב, בעזעהן אויך די אַנטלאָפֿענע פֿון חמעלניצקיס רדיפֿות, איבערגעלעבט די שבתי־צבֿי־בעוועגונג.

158) דאָרט, ז. XIII.

159) דאָרט גופֿא, ז. 1.

160) דאָרט גופֿא, ז. 3.

161) דאָרט גופֿא, ז. 4.

דער וועלט. איהרע זכרונות הויבען זיך אָן, אַזוי ווי די מוסר־ספרים, אין וועלכע זי איז זעהר בעלעזען געווען, מיט אַ לויב צו גאָט ברוך הוא, וואָס „האָט אליש מיט חסד ורחמים בישאַפין, דש עש אינש זינדיגע מענשין אליש צו ניץ קומט“ 162). און עס קאָן גרייליך זיין, אַז זי איז גאָר אויסען געווען צו שרייבען אַ מוסר־ספר, נאָר ביי איהר, ווי ביי אַ פרוי, וואָס געפינט זיך שטענדיג אונטער דער מאַכט פון דעם אייגענעם געמיט, האָט דער מוסר און דער לויב און די בקשה צו גאָט געמוזט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, פערבינדען זיך, ווי מיר האָבען עס געזעהען פריהער ביי שרה בת טובים, מיט די פערזענליכע זכרונות, מיט די פערזענליכע ליידען און פריידען. אַזוי איז פון דעם מוסר־ספר געוואָרען אַן אַווטאָביאָגראַפיע, כאָטש עס האָט דאָך דעם ווערט פון אַ מוסר־ספר און כאָטש עס איז אויך געשריבען סוף כל סוף אין דעם סטיל פון אַ מוסר־ספר: „למשל, עש איזט איין שיף מיט לייט אים ים גיפאָהרין, האָט איינר אויף דעם באָרטן פון שיף גאַנגין אונ' זיך זער אין ים אַניין גיבוקט, איזט ער אין ים היניין גיפאַלין אונ' ווער פאַר זאָפין (אין וואלט דערטרינקען געוואָרען)... דער שיפיר האָט דאָז גיזעהין אונ' כמה שטריק צו גיוואָרפין אונ' מזהיר גיוועזין, [ער] זאָל זיך פאשט (פעסט) אָן דיא שטריק אָן האַלטען, זוא ווערט ער ניט פאַר זויפין, אַלזו מיר, זינדיגע מענשין“ א. אַז. וו.“ 163). אַזוינע משלים און מעשיות, וואָס די קלוגע, געניטע און בעלעזענע גליקל האָט זיך אָנגעהערט און אָנגעלייענט אין פערשיידענע ערטער אין יודיש־טייטשע ספרים — אַזוינע עלט־מגיד'ישע משלים און מעשיות זענען פאַרהאַן לרוב אין די זכרונות. און ווען מען האָט אין זינען, אַז, ניט געקוקט אויף איהר לירישען געמיט, האָט גליקל האמיל געהאַט דעם כח רוהיג און געלאַסען צו שילדערן און דערצעהלען 164) אַ זאַך — קאָן מען זאָגען אויף געווים, אַז גליקעלס זכרונות וואָלטען געהערט צו די פּאָפּולערסטע און בעליעבטעסטע יודישע מוסר־ספרים, ווען זיי וואָלטען אַרויסגעגעבען געוואָרען ניט אין סוף פון 19־טען יאָהרהונדערט, אין דייטשלאַנד, דורך אַ פּראָפעסאָר, צוליעב וויסענשאַפטליכע ציעלען, נאָר דורך אַ געוועהנטליכען יודישען דרוקער און מוכר־ספרים'ניק דאַן, ווען אַזוינע ספרים זענען געווען אַ בעדערפעניש און אַ דערקוויקונג און אַ צירונג פון יעדער יודישער שטוב, פון יעדער וואוילקענעוודיגער יודישער פרוי, — די זכרונות וואָלטען דאַן געלעגען ניט אין די ביבליאָטעקען, נאָר אין יעדער גוטער און פרומער יודישער הויז און זיי וואָלטען געווען דער בעסטער ביישפּיעל פאַר דעם ווייבערשען, ד. ה. ווייך־געמיטליכען, אינטים־לירישען כאַראַקטער פון דער גאַנצער רעליגיעזער ליטעראַטור אויף עברי־טייטש....

162) דאָרט ז. 1.

163) דאָרט ז. 4.

164) מיר ווילען ברענגען כאָטש איין ביישפיעל פון גליקעלס בעשרייבונגס־טאַלאַנט: „.... אלזו זענין מיר אין גוטיר פארגניגליכקייט פאר הנוביר גיקומין, איזט אונש (אונז) חמי זצ"ל אנטקיגן גיקומען, אלש איין מלאך, ווי אליהו הנביא, מיט איין שטעקין אין דער האנט, אונ' איין שני ווייסין בארט ביזקין אן זיין בארטיל, אונ' זיין באקין ריצי רויט—לקצר: ווען מאן איין אלטען שינען מאן זאלט אפמאָלין, העט מאן אין (איהם) ניט שיניר קענען אָפּ מאָלין...“ (זכרונות, ז. 156).

יעקב דינעזאָן.

# ע ר י נ ע ר ו נ ג ע ן.

## א.

### מיינע ערסטע קינדער-יאָהרען ביז מיין ערסטער פּראָבּע צו שרייבען.

ווען נאָר איך פֿערטראַכט זיך איבער דער פֿראַגע: ווען און ווי אַזוי האָב איך אָנגעהויבען צו שרייבען? וואָס זענען אייגענטליך די סבּות געווען, וואָס האָבען מיך געפֿירט, אָדער געטריבען דערצו? — קומען מיר אַלע מאָל אויפֿן זינען אַרויף יענע אַלטע ערינערונגען מיינע, וועלכע זענען אין מיין זכּרון פֿערבליבען נאָך פֿון מיינע סאַמע ערסטע קינדער-יאָהרען.

איך ווייס ניט בעשטימט, צי האָבען יענע ערינערונגען געהאַט אַ מאָל ערגעץ אַ שייכות צו מיין שפּעטערדיגען שרייבען, און אויב זיי האָבען אַזוינס אַפֿילו יאָ געהאַט, צי קאָנען זיי איבערהויפּט פֿאַר וועמען עס איז אינטערעסאַנט זיין. מיין אייגענע כאַראַקטעריסטיק אָבער, וועלכע איז מיר אַליין יעדענפֿאַלס אינטערעסאַנט, דאַכט מיר, וועט קיינמאָל נישט פֿול און נישט גאַנץ זיין, אויב איך זאָל יענע ערינערונגען נישט דערמאָנען, דאָרט, וואו איך פּרובּ מיר, אויפֿן פּאַפּיער נאָך אַ מאָל דורכצוגעהן אָדער דורכצולויפֿען יענעם לאַנגען, ווייטען און קרומען וועג, אויף וועלכען אַ יודיש קינד, אָהן אַ וועגווייזער און אָהן אַ בעגלייטער בלאָנדזשעט אַ מאָל יאָהרענלאַנג אַרום, איידער אַ צופֿאַל, אָדער אַ גוטער מלאך פֿיהרט איהם צו צו דעם פּלאַץ, וואָס איז פֿאַר איהם אפשר פֿון אָנהויב אָן בעשטימט, און וואו ער פֿערנעהמט טאַקי דערנאָך מיט רעכט אין זיין לעבען.

און אָט, צוטרעטענדיג צו דערצעהלען אויפֿן פּאַפּיער די סבּות, וואָס האָבען מיך בעוועגט צו שרייבען, ערלויב איך מיר דעריבּער פֿריהער צו דערצעהלען די ערינערונגען, וואָס זענען אין מיין זכּרון פֿערבליבען פֿון מיינע סאַמע ערסטע קינדער-יאָהרען.

———

נאָך איידער איך האָב געוואוסט, וואָס שרייבען איז, און אַז צום שרייבען מוז מען פֿריהער ווי אַלץ האָבען פּאַפּיער, האָב איך שוין זעהר ליעב געהאַט אַ ריין-ווייס-בלעטעל שרייב-פּאַפּיער. — אויף וואָס טויג עס מיר, האָב איך נאָך אַליין נישט געוואוסט, נאָר קוים האָב איך דערזעהן ביי אַ יונגעל, צי אויף דער גאַס, צי אין חדר, אַ לעדיג בלעטעל שעהן און ריין שרייב-פּאַפּיער, איז מיר קיין פּריי, וואָס איך האָב נאָר דעמאָלט פֿערמאָגט, נישט צו טהייער געווען, אום דאָס בלעטיל פּאַפּיער פֿאַר מיין אייגענס צו מאַכען. האָב איך געהאַט אַ מזומנע קאָפּייקע, האָב איך עס אָבגעהאַנדעלט פֿאַר די קאָפּייקע, איז אַ מאָל די קאָפּייקע ביי מיר נישט בנמצא געווען, איז רעכט געוואָרען אַוועקצוגעבען פֿאַר אַזאַ מציאה מיין גאַנצען פֿרישטיק, וואָס מען האָט מיר מיטגעגעבען אין חדר אַריין, און בלייבען זיטצען, אַ ניט-געגעסענער און פֿערחלשטער, ביז דער רבי פֿלעגט אַ קוק טהון אויף דעם גרויסען וואַנדזייגער מיטן ציפֿערבּלאַט, וואָס איז פֿערגעלט געווען פֿון אַלטקייט, און פֿלעגט מעלדען: צייט צו געהען עסען וואַרימעס. נאָר קומט באַלד צוריק!

פֿרומע צייטען געווען אין מיינע ערסטע קינדער-יאָהרען. אַפֿילו אַ קליין חדר-יונגעל פֿון קוים פֿינף יאָהר האָט אין פֿריהמאָרגען שוין נישט געטאָרט עפּיס טועם זיין, איידער זיין רבי האָט מיט איהם אָבגעדאַווענט, אָדער כאָטש ציצית געבענשט אין חדר.

אַזעלכע גלענצענדע געשעפֿטען, ווי איבּערבּייטען מיין פֿרישטיק אויף אַ בלעטעל ווייס שרייבּער פּאַפּיער, פֿלעג איך מאַכען מיט אריה דעם רבּינס. שוין אַ גרויסער איבּערגעוואַקסענער בית-מדרש-בּחור, וואָס האָט זיך געשפּייזט ביי זיין טאַטען, אונזער רבּין, טאַקי נאָר מיט אונזערע פֿרישטיקען און מיטאָגען, וואָס מיר, קליינע חדר-יונגלעך, פֿלעגען מיטברענגען פֿון דערהיים.

אַלערליי סחורות האָט אריה אין זיינע קעשענעס פֿערמאָגט. סעזאָן-אַרטיקלען: דרעדלעך צו חנוכּה, גראַגערס צו פּורים, פֿייַלענבויגענס צו ל״ג בעומר, שווערדלעך צו תשעה-באָב וכדומה אַזעלכע נייטיגע זאַכען, אָהן וועלכע אַ חדר-יונגעל האָט, אין יענע יאָהרען, זיך ניט געקענט בעגעהן; און אויך ניט סעזאָן-אַרטיקלען, נאָר גלאַט סחורה: אַלערליי קנעפּלעך, גלעזעלעך פֿון כל-ערליי פֿאַרבען, פּריזמעס, וואָס אריה פֿלעגט אַראָבּגנבֿ'ן פֿון די קריסטאָלענע הענגלייכטער אין גרויסען בית מדרש, כלומרשטע מעסערלעך, דלאָטיקעס און זעגעלעך, אויף וואָס יעדעס חדר-יונגעל איז אַ בעל. ווייס-פּאַפּיער האָט אריה אין זיין מאַגאַזין געהאַלטען עקסטרע פֿאַר מיר. דורך אַ צופֿאַל איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז פֿאַר אַ שטיקעל שרייב-פּאַפּיער קאָן מען ביי מיר כאָטש די נשמה אויסנאַרען, און ער האָט באַלד געעפֿענט „אַ פּאַפּיער-סקלאַד" אין זיין קעשענע.

מיין מאַמע האָט זיך אַפֿילו באַלד אַרומגעזעהען, אַז איך קום אָפֿט אַ הונגעריגער און אַ פֿערחלשטער פֿון חדר, און ניט גלייבענדיג, אַז איך האָב אין חדר אַזאַ גוואַלדיגען אַפּעטיט בעקומען, און איהר פֿרישטיק, וואָס זי גיט מיר מיט, איז מיר שוין צו ווייניג, האָט זי באַלד אָנגעהויבען חושד צו זיין, אַז די מעשה מיט מיין קומען אַ הונגעריגער פֿון חדר איז עפּיס נישט גלאַט, און גענומען מיך איבּערפֿרעגען, וואָס אַזוינס קען דאָרט געשעהן, וואָס איך קום אַזוי הונגעריג. דערצעהלען איהר דעם אמת האָב איך אָבער נישט געקענט. טאַקי פֿון דעם אייגענעם אריה זענען מיר קליינע חדר-יונגלעך געוואָרנט געוואָרען, ווי גרויס עס איז די עבירה, אַז מען זאָגט אויס, וואָס אין חדר טהוט זיך.

— טאָמיר וועט איהר חס וחלילה אויסזאָגען, אַז איהר האָט מיר פֿערקויפֿט אייערע בייגעל מיט פּוטער, אָדער די פּלעצלעך מיט קעז, וועט עס גלייך זיין ווי אויסזאָגען פֿון חדר.

— און פֿאַרן אויסזאָגען פֿון חדר — דערצעהלט אריה ווייטער — שמייסט מען אויף יענער וועלט אין גיהנם מיט אָנגע-

ברענטע אײַזערנע ריטער, און מען הענגט אויף אַ שפּיץ צונג יאָרען לאַנג, ביז מען לײַטערט זיך אויס!...

— געדענקט זשע, קינדער, פלעגט ער אונז אָנזאָגען — מעג דער טאַטע פרעגען, מעג די מאַמע פרעגען, מעג די גאַנצע וועלט פרעגען — פון חדר זאָגט מען נישט אויס! שווײַגען שטום ווי די וואַנט — און גאָר!...

פערשטעהט זיך, אַז געשמיסען צו ווערן מיט אָנגעברענטע ריטער אפילו נאָך מײַן טויט און הענגען פאַר אַ שפּיץ צונג אין גיהנם, ביז איך וועל אויסגעלײַטערט ווערן פון אַזאַ גרויסער עבירה, האָב איך נישט געוואָלט. האָב איך געשוויגען, אַ וואָרט נישט געענטפערט אויף אַלץ, וואָס די מאַמע האָט מיך געפרעגט וועגען פרישטיק.

פאַר מײַן אײַנגעשפּאַרטקייט, פלעגט מיך די מאַמע אָבשטויסען פון זיך, מיט די ווערטער:

— גײה אַוועק פון מײַנע אויגען. אַ אײַנגעעקשנט קינה האָב איך פײַנט. אָנקוקען וויל איך דיך נישט מעהר!

אַזאַ פּסק האָט מײַן קינדערשע האַרץ אפשר נאָך שטאַרקער וועה געטהון, ווי די אָנגעברענטע ריטער אין גיהנם, אָבער אויסזאָגען האָב איך ניט אויסגעזאָגט.

אַ עלטערע שוועסטער מײַנע האָט אַ מאָל בײַ אַזאַ אויספאָרשונג זיך אויסגערופען:

— אָט גײה איך אַוועק צו איהם אין חדר, און וועל דאָרט שוין דערגעהן דעם אמת! — און זי האָט טאַקי שוין געוואָלט געהען, נאָר מײַן גוטע מאַמע האָט זי אָפּגעהאַלטען.

— מען האַרף ניט, מײַן טאָכטער — האָט זי צו איהר געזאָגט — אַ זאַטער וועט נישט אויסנאַרן דעם פרישטיק בײַ אַ קינד, און אַ הונגריגען טאָהר מען ניט פערהענקען. זאָלט איהר, מײַנע קינדער, קײנמאָל אין אײַער לעבען נישט געפּרובט ווערן דערצו!

פון יענעם טאָג אָן האָט די מאַמע מיר אָנגעהויבען מיטצוגעבען אַ צווייפאַכיגען פרישטיק אין חדר אַרײַן. אָבער דאָס האָט אויך קנאַפּ וואָס געהאָלפען, — בײַ אריה'ן האָבען זיך געהויבען די מקחים אויף שרײַב-פּאַפּיער, און עס איז פון איהם אַ גרויסער חסד געווען, אַז ער פלעגט מיר איבערלאָזען כאָטש אַ ביסען, דאָס האַרץ איבערצוכאַפּען.

און אַזוי ווײַט האָט די בלינדע ליעבע צו גלאַטען לעדיגען שרײַב-פּאַפּיער געהערשט איבער מיר, אַז זי האָט מיך געבראַכט צו אַן עבירה.

אײנמאָל האָט די מאַמע מיך אַרײַנגעשיקט צום טאַטען אין חדר, אַרײַנברענגען איהם אַ שטיקעל פּאַפּיער מיט'ן טינטער און פעדער, צו פערשרײַבען די וועש, וואָס זי האָט זיך געקליבען אָפּגעבען צו וואַשען. אין חדר איז דער טאַטע, בעת מעשה, נישט געווען, און איך האָב גענומען זוכען אַ שטיקעל פּאַפּיער. — טינט און פעדער שטעהט אויפ'ן טיש, איך דאַרף עס נישט זוכען. טהו איך אַ ציה אַרויס דאָס טיש-קעסטעל פון טאַטענס טיש, און איך דערזעה, אפשר פינף גאַנצע ליבּרעס שעהן און ווײַס שרײַב-פּאַפּיער. טאַקע אמת'ע, נישט אַזוינע, ווי אריה דעם רבי'נס פערקויפט מיר צו פיצלעך און צו בלעטלעך.

עס צופלאַקערט זיך אין מיר מײַן בלינדע ליעבשאַפט צו פּאַפּיער. איך ווייס שוין ניט, וואָס מיט מיר טהוט זיך. שטעק אַרײַן די האַנד אין טיש-קעסטעל, נעהם אָן אַ גאַנץ ביכעל פּאַפּיער פון אַ האַלב ליבּרע, צוקנײטש עס אין אײַלעניש אין צווייען, שפּאַר אַרײַן אין מײַן בוזים, פערשטעל עס מיט מײַן קאַפּאָטקעלע. איך פערגעס אין גאַנצען, נאָך וואָס מען האָט מיך געשיקט אַהערצו, און הײב שוין אָן אַרויסצולויפען, ווי אַ גנב. — בײַ דער טהיר אָבער בעגעגענט מיך די מאַמע, וואָס איהר איז צו לאַנג געוואָרען דאָס וואַרטען אויף מיר. זי דערקענט באַלד אָן מײַן צוטומעלטקייט און צושראָקענקייט, אַז איך האָב דאָ געמוזט עפּיס אָבּטהון אַזוינס, פאַר וואָס איך ציטער אַזוי. נאָר אײדער זי פרעגט מיך נאָך, וואָס אַזוינס איז דאָ געשעהן, דערזעהט זי, ווי עס שטאַרצט מיר אַרויס עפּיס פון בוזים אונטער מײַן רעקעל. זי טהוט אַ שטעק אַרײַן איהר האַנד, שלעפּט אַרויס די גנבה און ווערט אַליין דערשראָקען פון אַזאַ אונערוואַרטעטע שאַנד, וואָס האָט איהר געטראָפען.

— אַזוי גאָר, ביזט אַ גנב? גנב'סט פּאַפּיער פון טאַטענס טישקעסטעל?... אָט דאָס האָב איך פון דיר פערהאָפט?...

צוריק אין עס-שטוב האָט זי מיך שוין אַרײַנגעפיהרט, ווי מען פיהרט אַ גנב, בעת מען כאַפּט איהם. באַלד איז געקומען אויך דער טאַטע, און מײַן יום הדין האָט זיך ערשט אָנגעהויבען.

פריהער פאַר אַלץ איז דער טאַטע צוגעגאַנגען צום נײַעם בעזים, וואָס מען האָט ערשט מיט אַ טאָג פריהער געקויפט, אַרויסגעצויגען אַ פּאָר פרישע ריטלעך. אַ פּאָכע מיט זיי געטהון אין דער לופט אַרײַן, דעם שרעק גרעסער צו מאַכען, איז ער צוגעטרעטען צו מיר, איך זאָל זיך די ת'ע מודה זײַן מיט גוטען, צו וואָס האָב איך גענומען דאָס פּאַפּיער, אָדער צי האָט מיר ווער צוגערעדט עס צו נעהמען? — אויב ניט — איז ער מיר מזהיר, וועט ער שמײַסען, אַז דאָס בלוט וועט ביז'ן באַלקען שפּריצען.

די מאַמע שטעהט אויך דערבײַ — מיט דער כּונה געוויס, מיך אַרויסצוראַטעווען פון טאַטענס הענד אין דער רעכטער רגע — דערווײַל אָבער איז זי כּלומרשט יד אחת מיט איהם אין בעט, איך זאָל זיך פאַר איהר מודה זײַן מיט גוטען.

איך שטעה און ציטער און שווײַג. אויף וואָס איך בּרויך דאָס פּאַפּיער, ווייס איך אַליין אויך ניט. איך האָב צו יענער צײַט נישט געוואוסט אפילו, וואָס שרײַבען איז, און האָב נאָך קײן אלף ניט געקאָנט אויפשרײַבען. אָנגערעדט מיר, איך זאָל גנבען פּאַפּיער, האָט מיר אויך קײנער ניט.

— וואָס שווײַגסט דו? פרעגט דער טאַטע מיט כּעס און גיט מיר דערווײַל עד לחשבּון אַ פּאָר שמיצלעך איבער מײַנע „גנבה'שע פינגער“.

די מאַמע בעקומט רחמנות און הויבּט אָן זיך בעטען בײַ מיר, איך זאָל זאָגען דעם אמת, עס וועט מיר אַלץ געשענקט ווערען. זי וועט מיך ליעב האָבען ווי פריהער. נאָר זאָגען דעם רײנעם קלאָרען אמת זאָל איך, צי האָב איך גענומען דאָס פּאַפּיער פאַר זיך און צו וואָס, אָדער צי האָט מיר ווער אָנגערעדט צו נעהמען, טאָ ווער איז דער אָנרעדער?

איך שווײַג. און זי איז שוין כּמעט אויך מסכּים, מען זאָל מיך שמײַסען.

דער טאַטע זעצט זיך שוין אַנידער מיט דער אַרויסגעשטריקטער קניה, מיך אַרויסצוציהען. די מאַמע כטראַשעט, זי וועט אַליין צוהאַלטען פאַר די פיס, בעת דער טאַטע וועט מיך

שמייכען. נאָר דאָ עפֿענט זיך די טהיר, און עס קומט אַריין אונזער שכן, דער גוטער ר׳ מיכל, כאַפּט מיך אַרום פֿון טאַטענס הענד און לאָזט נישט צו, מען זאָל מיר עפּיס טהון.

מען דערצעהלט איהם די שרעקליכע גנבֿה, וואָס איך בין דאָ בעגאַנגען, מען ווייזט איהם אפֿילו די צוקנייטשטע בייטעלע פּאַפּיער, און מען פֿרעגט איהם, צי האָב איך אפֿשר ניט כשר פֿערדינט פֿאַר אַזאַ פֿערברעכען געשמיסען צו ווערן?

ער קוקט מיר אין די אויגען, איך קוק אויף איהם, אָבער ניט פֿערשעמט, נאָר אדרבה, ווי פֿעסט ביי זיך, אַז ער, דער גוטער ר׳ מיכל, ווייסט דעם אמת, אַז קיינער האָט מיר נישט אָנגערעדט צו גנבֿ׳ן, און איך אַליין בין אויך נישט שולדיג.

און ר׳ מיכל האָט מיך טאַקי פֿערשטאַנען אין יענער רגע.

— גיט איהם נאָר איבער צו מיר אין די הענד, זאָגט ער צום טאַטען און צו דער מאַמען. איך וועל עס שוין דערגעהן ביי איהם, צו וואָס ער ברויך דאָס פּאַפּיער, אָדער צי האָט איהם יעמאַנד צוגערעדט דערצו.

— אדרבה, איז די מאַמע מסכים, און דער טאַטע איז אַ ביסעל ברוגז, וואָס ר׳ מיכל מישט זיך איהם אַריין שטענדיג אין מיטען ביי אַזעלכע מינוטען.

דערווייל נעהמט מיך ר׳ מיכל אָן פֿאַר אַ האַנד, פֿיהרט מיך אַריין צוריק אין חדר צום טאַטען, דאָס געגנבֿטע פּאַפּיער נעהמט ער אויך מיט זיך. פֿערשליסט די טהיר און לאָזט קיינעם אין חדר נישט אַריין.

דאָ דערלאַנגט ער מיר דאָס פּאַפּיער און הייסט, איך זאָל איהם פֿריהער ווייזען, פֿון וואַנען און ווי אַזוי איך האָב עס אַרויסגעגנבֿט, און דערנאָך זאָל איך עס אַוועקלעגען צוריק, וואו עס איז פֿריהער געלעגען.

ערשט איצט האָב איך דערפֿיהלט די גאַנצע שאַנד פֿון מיין פֿערברעכען און האָב זיך ביטערליך צוויינט.

— האָסט חרטה? האָט ער מיך געפֿרעגט.

— חרטה! האָב איך אַרויסגעכליפּעט.

— וועסט עס שוין מעהר נישט טהון?

— מעהר נישט טהון! כליפּע איך איהם נאָך.

ער האָט מיר אַ גלעט געטהון איבערן קעפּעלע, צום צייכען, אַז ער איז מיר שוין מוחל.

— לייג אַוועק דאָס פּאַפּיער צוריק אין טיש־קעסטעל.

איך פֿאָלג איהם אין וואָרט, ער זאָל מיר עפּיס נאָך הייסען. נאָר ער נעהמט מיך אויף די קניה, גלעט מיך, קושט מיך און פֿרעגט, צי בין איך ברוגז מיט איהם, אָדער צי האָב איך איהם נאָך איצט אַזוי ליעב ווי אַלע מאָל?..

איך ענטפֿער איהם: ניט ברוגז, איך האָב אייך ליעב, שטאַרק ליעב, ר׳ מיכל! איך קוש זיין האַנד.

ער פֿיהלט, אַז איך זאָג איהם אמת.

— נו, אַז דו האָסט מיך ליעב, טאָ זאָג, צו וואָס האָסט דו גענומען דאָס פּאַפּיער?

— אַזוי!

— וואָס אַזוי?

— אַזוי, ווייל איך האָב עס ליעב, ווייל עס ווילט זיך מיר האָבען פּאַפּיער.

— אָבער וואָס וואָלסט דו דערמיט געטהון?

— גאָר נישט! געקוקט, געהאַלטען און געשפּיעלט זיך! האָב איך דעם ריינעם אמת אַרויסגעזאָגט, און דער קליינער ר׳ מיכל, האָט, קוקענדיג מיר, בעת מעשה, כסדר אין די אויגען אַריין, אויך מיין גאַנצע קינדערשע נשמהלע דורכגעקוקט.

— איצט ווייס איך שוין אַלץ! האָט ער צו מיין מאַמען געזאָגט, ווען ער האָט מיך צוריק אין עס־שטוב אַריינגעפֿיהרט — דער טאַטע איז שוין אין גאַס אַוועק.

— וואָס ווייסט איהר שוין אַלץ? פֿרעגט איהם די מאַמע.

— איך ווייס, אַז ער איז אַזוי אַ גנבֿ, ווי איך בין איצט אַ רבֿ, — ענטפֿערט ער.

— צו וואָס זשע דען האָט ער דאָס פֿאָרט גענומען?

— און אַז איך וועל אייך זאָגען, וועט איהר מיר דען גלייבען? ענטפֿערט ר׳ מיכל.

— פֿאַרוואָס זאָל איך אייך נישט גלייבען? וואונדערט זיך די מאַמע.

— ווייל איהר וועט נישט פֿערשטעהן! ענטפֿערט ער.

די מאַמע אָבער זאָגט איהם צו, אַז זי וועט פֿערשטעהן.

— טאָ זייט זשע וויסען, אַז אַ קינד האָט אַ מאָל ליעב עפּיס און ווייסט אַליין נישט, פֿאַרוואָס, און ווייל ער האָט עס ליעב, וויל ער עס אויך האָבען ווי זיינס, — אַזאַ טבֿע האָבען מיר מענשען שוין, אַז אַלץ, וואָס מיר האָבען ליעב, ווילט זיך אונז דאָס זאָל אונזערס זיין.

— אָבער צו וואָס טויג איהם דאָס פּאַפּיער? פֿאַרוואָס האָט ער עס ליעב? פֿרעגט נאָך די מאַמע אַלץ דאָס פֿריהריגע.

— אדרבה, ווייל טאַקי דאָס פּאַפּיער טויג איהם נאָך דערווייל צו גאָר נישט, און ער האָט עס ליעב, איז אַ סימן, אַז מסתמא האָט דאָס פּאַפּיער ערגעץ אַ שייכות צו זיין יונג נשמהלע.. ווער קען וויסען, וואָס דאַרף אַ מאָל פֿון איהם אַרויסוואַקסען? אפֿשר וועט ער אַ מאָל זיין אַ גרויסער רבֿ און וועט שרייבען אויף פּאַפּיער ספֿרים הייליגע אין דער תורה.

— פֿון אייער מויל אין גאָטס אויערן! כאַפּט אונטער די מאַמע.

— און אפֿשר וועט ער גאָר זיין אַ געבילדעטער און וועט שרייבען ליעדעלעך אַזעלכע, ווי איך שרייב!

— זאָלט איהר זיך בעסער די צונג אָפּבייסען! ענטפֿערט איהם די מאַמע.

— אַהי, צי אַזוי — אַ שייכות האָט דאָס פּאַפּיער צו זיין נשמהלע, און שולדיג אין זיין גנבֿה איז ער, אַזוי ווי איך און ווי איהר זייט אין דעם שולדיג.

איך וואָלט זיכער יענעם געשפּרעך גאָר ניט געקאָנט געדענקען אַזוי גוט, ווען מיין ליעבע גוטע מאַמע וואָלט עס מיר שפּעטער ביי יעדער געלעגענהייט ניט געהאַט איבערדערצעהלט מיט אַלע איינצעלהייטען.

און יענער שכן אונזערער, דער גוטער ר׳ מיכל, איז געווען טאַקי דער בעוואוסטער, און אין זיין צייט זעהר בעליעבטער, יודישער פֿאָלקס־דיכטער מיכל גאָרדאָן *, וועלכער האָט צו יענער צייט אין מיין געבורען שטעדטעל זשאַגער געוואוינט און איז אַ גוטער פֿריינד פֿון מיינע עלטערן געווען. צו

* 1832—1890.

מיין ברית איז ער געווען מיין קוואַטער און שפּעטער מיך כּסדר איך זיינע הענד אַרומגעטראָגען, ביז איך האָב צו גיהען אָנגעהייבען.

איינמאָל, אַז איך בין געפעהרליך קראַנק געוואָרען — אַזוי האָט מען מיר שפּעטער דערצעהלט, — און מען איז שוין געשטאַנען מיט ליכט אַרום מיין בעטעלע און מיין יציאת נשמה דערוואַרט, איז ער, דער גוטער ר' מיכל גאָרדאָן, געקומען, צוטריבען די ווייבער מיט זייערע ליכט, אַרויסגעפיהרט איבערגוואַלד זעלבסט די מאַמע מיינע פון דעם חדר, זיך אַוועקגעזעצט נעבען מיר, געטהון אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט געהייסען נאָך פריהער טהון, כאָטש עס איז שוין ווענינג האָפנונג, איך זאָל לעבען בלייבען, און אַזוי איז מיכל גאָרדאָן אַ גאַנצען מעת לעת פון מיין בעטעלע ניט אָפּגעטרעטען, ביז ער האָט בעמערקט אַ געוויסע בעסערונג אין מיין קראַנקהייט. אַזוי האָט ער מיך פון דעם מלאך המות הענד אַרויסגעריסען, ווי מיין מאַמע פלעגט זיך אויסדריקען.

און טאַקי דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי פיעל ליעבשאַפט און געטרייקייט אַרויסגעוויזען צו מיר, פלעגט ער אין אַזעלכע מינוטען, ווען מען האָט מיך געוואָלט פאַר עפּיס בעשטראָפען, זיך נעהמען נאָך אַ גרעסערער רעכט איבער מיר, ווי זעלבסט מיין טאַטע און מאַמע האָבען איבער מיר געהאַט, און פלעגט נישט דערלאָזען, עס זאָל אויף מיר אַ פינגער אַרויפגעלעגט ווערן.

זיין לידעלע „צי זענט איהר, ר' יוד, אין פּאַלטאַווע געוועזן, צי האָט איהר דאָרט מיכל גאָרדאָן געזעהן?“ האָט ער אַליין מיך איינגעלערנט, איך זאָל עס זינגען, ווען איך האָב נאָך אפילו נישט פערשטאַנען, אַז דער מיכל גאָרדאָן פון לידעלע איז דאָס טאַקי ער אַליין. די שוועסטער מיינע און זייערע חברטעס, וואָס פלעגען צו זיי קומען, האָבען שוין דעמאָלט געזונגען, געדענק איך, זיינע לידער: „דער יוד אין גלות“, „די שטיפמוטער“, „די משקה“, און „הער צו, הענע לאה,

איך זאָג דיר איצט מיין דעה“.

אַט די אייגענע הענע לאה, וואָס איז דורך דעם לידעלע כמעט היסטאָריש געוואָרען, איז טאַקי אַ קרובה מיינע. זי האָט ביי מיכל גאָרדאָן געלערנט שוין אין יענע יאָהרען דייטש, רוסיש און פראַנצויז. און אַז מען האָט געוואָלט מיט איהר אַ שידוך טהון און געבען איהר אַ חתן, ניט אַזעלכען, ווי זי איז ווערטה געווען לויט איהר שכל און בילדונג, האָט מיכל גאָרדאָן ספּעציעל דאָס לידעלע איינגעשריבען און דאָס געגעבען זיינע און איהרע בעקאַנטע צו זינגען.

איך געדענק ניט, צי האָב איך די דאָזיגע הענע לאה געקענט, צי אַמאָל זי געזעהן, כאָטש איהרע בעריהמטע עלטערן האָב איך אין מיין ערסטער קינדהייט גוט געקענט, זיי שטאַרק ליעב געהאַט, און זיי מיך — נאָך מעהר.

דער פאָטער איהרער איז געווען ר' חיים ז"ק. אַ יוד אַ גדול בישראל הן אין תורה הן אין חכמה. ווי מיר דאַכט, איז ער געווען דער גרעסטער, אויב ניט אפשר אויך דער ערסטער פון יענע בעריהמטע פערזענליכקייטען, זיינע מקורבים, וואָס זענען נאָך איצט בעקאַנט מיטן טיטול „חכמי זשאַגער“.

יעדען דריטען יאָהר פלעגט ער מאַכען אַ סיום אויף גאַנץ ש"ס. דערצו איז ער העכסט געלערנט געווען אין וועלטליכע חכמות און פילאָזאָפיע. צעהן שפּראַכען, אַלטע און נייע, האָט ער געקענט, און אָהן איהם, אָהן זיין מיטהעלפען און אָהן זיינע ערקלערונגען וואָלט דער בעוואוסטער געלעהרטער לעאָן מאַנדעלשטאַם, וועלכער איז אויך געווען אַ זשאַגערער, נישט בכח געווען צו איבערזעטצען אין דייטש דעם רמב"ם, לויט דעם אויפטראַג פון דער רוסישער רעגירונג אין יענער צייט.

איך בין נאָך צופיעל קינד געווען אין יענע יאָהרען, ווען איך האָב דאָס גליק געהאַט דעם גרויסען יודען ר' חיים ז"ק. אין פערזאָן צו קענען, איך זאָל איך געדענקען עפּיס פון זיינע גרויסע מעשים אָדער געדאַנקען, וואָס איך זאָל האָבען פון איהם אַליין געזעהן אָדער פון איהם געהערט. איך געדענק נאָך, מיט וואָס פאַר אַ דרך ארץ און אַכטונג האָט מען זיין נאָמען אויסגעשפּראָכען ביי מיינע עלטערן אין הויז, און מיט וואָס פאַר אַ יראת הכבוד האָבען געריידט צו איהם אפילו זיינע מקורבים ביי איהם אין דערהיים.

זשאַגער האָט זיך דעמאָלט געטהיילט אין צוויי קלאַסען יודען. צו איין קלאַס, און געוויס דוקא צום גרעסערן, האָבען געהערט אַלע לומדים, מופלגים, ווילדע פרומע און האַלבמשוגע'נע מוסר'ניקעס, וואָס פון זייערע מעשים תעתועים אין זייערע מוסר-שטיבלעך פלעגט מען דערצעהלען אַלערליי מעשיות צום לאַכען. צום אַנדערן קלאַס האָבען געהערט יענע אויפגעקלערטע יודען, וואָס זענען אויך געווען גרויסע מופלגים אין דער תורה און זענען אויך, כאָטש נישט ווילד-פרום, אָבער דאָך פרום געווען, נאָר צו גלייכער צייט האָבען זיי אויך געלערנט און געלעזען פיעל וועלטליכע וויסענשאַפט און ליטעראַטור. צו דעם קלאַס האָט אויך געהערט ר' חיים ז"ק. און כאָטש דער ערסטער קלאַס די ווילדע מוסר'ניקעס, און אַזוי פאַנאַטיקער, האָבען אויסגערעדט וואָס אין אַ קאָרט אויף די יודען פון צווייטען, אָבער אויף רב חיים ז"ק האָט זיך קיינער נישט ערלויבט אפילו אַ שטויב צו לאָזען פאַלען. „רבי חיים ז"ק האָט אַזוי געזאָגט, מעג מען הערען“. „ר' חיים ז"ק האָט אַזוי געהייסען, דאַרף מען פאָלגען“.

און נישט מיט תקיפות און ניט מיט זיין רייכקייט האָט ער אויף גרויס און קליין אַזוי געווירקט, סיי אויף די פרומע סיי אויף די אויפגעקלערטע. נאָר מיט זיין קלוג בערעכענט וואָרט, וואָס האָט זעלטען אַ מאָל זיין ציעל פערפעהלט. דאָס אַליין ווייזט שוין אויף דער אמת'ער גרויסקייט פון דעם ר' חיים ז"ק, ווי אין תורה, אַזוי אין חכמה, און ווי אין מדות טובות איבערהויפּט, אַזוי אין זיינע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען אין זיין שטאָדט.

מען האָט מיר דערצעהלט, אַז עס זענען נאָך איהם פערבליבען פיעל וויכטיגע מאַנוסקריפּטען, אין תורה און אין חכמת ישראל, און אַז די דאָזיגע כתבים געפינען זיך ביי זיין טאָכטער, די גבירה מינע פרומקין פון גראָדנא, וועלכע קלייבט זיך שוין יאָהרען לאַנג זיי צו פערעפענטליכען. זאָל עס ווירקליך אמת זיין, וועט אַ גרויס אומרעכט געשעהען, ווי פאַר דעם בעריהמטען נאָמען פון איהר גרויסען פאָטער, אַזוי אויך געגען דעם גאַנצען יודישען פאָלק אין זיין וויסען, אויב די דאָזיגע מאַנוסקריפּטען וועלן חלילה לאבוד געהען מחמת דער נאַכלעסיגקייט פון די יורשים.

איך האָב זיך איינגעהאַלטען אויף דעם פונקט אין מיינע

פאַרבייליפּענדיגע עראינערונגען אפשר צופיעל, עקסטרע צוליעב דעם, איך זאָל דאָ דיזע בעמערקונג טאַקי מאַכען.

אין די נאָכגעבליבענע כתבים פון אַזאַ גרויסען יודען, ווי ר׳ חיים ז״ק, גלויב איך, קאָן אפשר אָנגעדעקט ווערן אַ גאַנץ שטיק יודישע געשיכטע.

דורך זיינע כתבים, מיין איך, וועלן פאַר יעדען קלאָר ווערן די וועלט-אָנשויאונגען זיינע און אויך די וועלט-אָנשויאונגען פון זיינע גייסטיגע פריינד אין זיין צייט.

איך גלויב אויך אין דיזעלבע כתבים צו געפינען אַן ענטפער אויף דער פראַגע: פאַרוואָס האָבען די זשאַגערער איפגעקלערטע יודען חלה געווען געקרינקט צו ווערן מיטן טיטעל „חכמי זשאַגער“, בעת די איפגעקלערטע יודען פון אַנדערע קהלות אין דערזעלבער צייט האָבען חלה געווען נאָר צום אַלגעמיינעם נאָמען: „משכילים“?

צי ליגט ניט אפשר אין דער פערשיידענהייט פון די ביידע טיטולען אויך די פערשיידענהייט אין דעם אויסגאַנגס-און ווענדע-פּונקט אויף דעם וועג, וואָס די ביידערליי איפגעקלערטע יודען זענען אַליין געגאַנגען אין האָבען אויך זייער פאָלק געוואָלט אַריינפיהרען?

אַזוי צי אַזוי, האָב אַליך, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט וועגען ר׳ חיים ז״ק, איז מיר מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט געוואָרען ערשט אַ צייט שפּעטער. דעמאָלט אָבער, ווען איך בין נאָך אין זשאַגער אַ קליין יונגעלע געווען, האָב איך איהם ליעב געהאַט נאָר פאַר זיין גוטסקייט צו מיר, פאַר די קלוגע שענע מעשה׳לעך, וואָס ער פלעגט מיר אַמאָל דערצעהלען און קוקען מיר בעת מעשה אין די איגען אַריין, כדי צו בעמערקען, מסתמא, דעם איינדרוק, וואָס דאָס מעשה׳לע מאַכט אויף מיין נשמה יעדעס מאָל.

אין די פרוי זיינע, הינדע גיטע! זי איז געווען נישט נאָר די אמתע אשת חיל, אָבער טאַקי פון יענעם טיפּ יודישע געניאַלע פרויען, וואָס זייער טיטול אין אונזער תנ״ך איז: „אשה גדולה“.

גתיים מיט איהרע געשעפטען און פאַבריקען, וואָס זי האָט אַליין און אויף איהר אייגענעם נאָמען געפיהרט. גרויס מיט איהר אונגעוועהנליכען שכל און מדות טובות, גרויס אויך אין איהר שעהנעם גאַנצען לאַנגען לעבען ביז דער לעצטער מינוט פון איהם. ווען זי איז שוין אַלט געווען נייַנציג יאָהר — האָט מען מיר דערצעהלט — פלעגט מען זי נאָך אַמאָל זעהן ביי איהר פאָרטאָ-פּיאַנא זיטצען און שפּיעלען. און דריי יאָהר פאַר איהר טוידט — ווי מען זאָגט, זאָל זי האָבען איבערגעלעבט איהרע גאַנצע הונדערט יאָהר — האָט זי נאָך אייגענהענדיג געשריבען צו מיר אַ בריעף, וואָס ווי דעם כתב, אַזוי די שפראַך און סטיל האָבען געמעגט מקנא זיין פיעל פון די היינטיגע הויכגעבילדעטע דאַמען.

ווען איך בין קוים דריי יאָהר אַלט געוואָרן, האָט מיכל גאָרדאָן מיר איינגעלערנט אַ קינדערשע דרשה׳לע פון גמרא, וואָס האָט זיך אָנגעהייבען, געדענק איך נאָך, מיט די ווערטער: „תני רבנן, האָבען די רבנן געלערנט. תינוק שיכול לדבר, אָביו חייב ללמדו תורה“, א. אַז. וו. אָט דאָס דרשה׳לע פלעג איך מוזען זאָגען פאַר הינדע גיטען, ווען נאָר די מאַמע איז מיט מיר צו איהר צו גאַסט געקומען, אָדער אַפילו ווען זי האָט מיך אויף דער גאַס געכאַפּט. און זי האָט געקוואָלען פון נחת, ווי איך בעטאָן יעדעס וואָרט מיטן ריכטיגען גמרא-נגון און דרעה נאָך צו מיט׳ן גראָבען פינגער דאָרט, וואו מען דאַרף, אַזוי ווי די אַלטע לומדים טהוען עס.

פאַר אַזאַ דרשה פלעגט זי מיר אָנשיטען אַ קעשענע מיט ראָזינקעס אָדער שענקען מיר עפּיס אַ שעהן קינדערשפּילכעל פון איהר גרויסען גאַלאַנטעריי-געשעפט.

צוליעב יענס דרשה׳לע, וואָס דער גוטער מיכל גאָרדאָן האָט מיר איינגעלערנט, האָט נישט איין מאַמע מקנא געווען מיין מאַמען, וואָס גאָט האָט זי געבענשט צו האָבען אַזאַ יונגעלע, וואָס דרשנט שוין אין דער הייליגער תורה, כאָטש ער איז נאָך קיין פולע דריי יאָהר נישט אַלט.

צו פיער יאָהר האָט מען מיך אָפּגעגעבען צו אַ רבי׳ן אין חדר אַריין. עס זענען געווען דעמאָלט אין זשאַגער אפשר אויף גוטע מלמדים, וואָס האָבען געלערנט מיט דערוואַקסענע קינדער; פאַר קליינע חדר-יונגלעך, בפרט פאַר קינדער פון פרומען קלאַס בעל-בתים, וואָס צו איהם האָבען מיינע עלטערן געהערט, איז קיין רעכטער דרדקי-מלמד נישט געווען.

עס איז געווען אַפילו צו יענער צייט אַ מלמד אַ גוטער, וואָס האָט געקענט „אַ סך דקדוק“, און זיינע תלמידים האָבען עפּיס גאָר אַ אַנדער מין עברי געזאָגט, אָבער יענער איז געווען דער בעקאַנטער מלמד קלמן מאַריענהאָף*, וואָס אונטער איהם איז שטענדיג דער גיהנם אָפען, ווי דער קעלמער מגיד האָט עס געזאָגט אין שול פון בימה אַראָב. — ביי איהם האָבען געלערנט נאָר די טייטשישע קינדער, וואָס די טאַטעס זייערע זענען שוין געגאַנגען אין קורצע רעק און אין לאַנגע הויזען, מיט געוויקסטע שטיוועל, און אַנדערע — אַפילו מיט אַ געשאָרענער באָרד. — צו אַזוינעם אין חדר, ווען ער זאָל מיין טאַטען אַפילו צוצאָהלען, וואָלט דער טאַטע מיך נישט אָפּגעגעבען. — האָט מען מיך אַריינגעגעבען צו די פרומע מלמדים, און צו זיי, זאָלען זיי מיר מוחל זיין — האָב איך קיין מזל ניט געהאַט.

גאָר דעם ערשטען רבי׳ן מיינעם געדענק איך נאָר ווי דורך אַ חלום. אַייזיק הערצעס האָט מען איהם גערופען, מעהר געדענק איך נישט, נישט זיין חדר, נישט די תורה, וואָס איך האָב ביי איהם געלערנט. האָלט זיך, באַלד ווי איך בין צו איהם אין חדר אַריין, בין איך קראַנק געוואָרען אויף מאָזלען, און אַז איך בין געזונד געוואָרען, האָט מען מיך שוין צו איהם אין חדר נישט געלאָזט געהען ווייטער.

דעם צווייטען רבי׳ן מיינעם האָט מען גערופען „וואָלף דער מנקר“, וואָס אויף איהם האָט מען געזאָגט, אַז אָנשטאָט צו שמייסען די קינדער מיט ריטער, האָט ער אַ גתייסען גאַלגאַנסקען האָהן, און בעת ער וויל אַ יונגעל שמייסען, לעגט ער דאָס יונגעל אַוועק אויפ׳ן בענקעל, שיט אָן גערסטען אויפ׳ן אָרט, וואו מען שמייסט, לאָזט אַרויף דעם האָהן מיט די שפּאָרען פּיקען די גערסטען. און דאָס טהוט נאָך מעהר וויה, ווי די שטאַרקסטע ריטער.

אין דער קורצער צייט, וואָס איך האָב ביי איהם געלערנט, האָב איך אַזאַ אין חדר קיינמאָל נישט געזעהן.

מען האָט אַפילו דערצעהלט, אַז די יונגלעך, וואָס האָבען געלערנט ביי איהם דעם פערגאַנגענעם זמן, האָבען געכאַפּט דעם קאָפּ דעם האָהן און האָבען איהם דעם קאָפּ אַראָבגעדרעהט, און

* ער ווערט דערמאָהנט אין מיינע עראינערונגען אין „יוד“.

צוליעב זייער זכות וועגען מיר פֿון איהם בעפֿרייט געוואָרען. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז דאָס אַלץ האָבען נאָר שונאים אויסגעטראַכט, וואָרום ער איז צו אונז גאָר נישט שלעכט געווען, ער האָט זיך נאָר צוגעפּילט אַ ביסעל מיט אונז צו לערנען, און דערפֿאַר האָבען מיר איהם בשום אופן נישט געקענט פֿיינט האָבען.

לאַנג האָב איך בײַ איהם אין חדר זיך ניט געהאַלטען. דעם טאַטען האָט זיך פֿערגלוסט אָבגעבען מיך צו חיים יעקעל בירזשערס אין חדר אַריין.

— פֿאַרוואָס ווילט זיך דיר תּיקא בײַ חיים יעקעל בירזשערס? געדענק איך, האָט די מאַמע געפֿרעגט.

— ווייל בײַ זיין טאַטען, ר׳ יעקעל בירזשער אַליין, האָב איך נאָך געלערנט, בעת איך בין אַזאַ קליין יונגעלע געווען, ווי אונזער יאַנקעלע: איז דעריבער דער יושר, אַז מיין זוהן זאָל לערנען אין חדר בײַ זיין זוהן, איך מיין: בײַ חיימ׳ן. אַ ייד אַ אָרימאַן, זאָל איהם גאָט העלפֿען! האָט דער טאַטע דערקלערט.

פֿון זיין רבי׳ן, פֿון יעקעל בירזשער, געדענק איך, פֿלעגט דער טאַטע דערצעהלען אַלערליי מעשה׳לעך — אַ גרויסער בעל־מסביר איז ער געווען אין זיין צייט. „אַלף־בית" האָט ער געלערנט מיט זיינע תּלמידים, און ער פֿלעגט זיי דערקלערן, אַז מיט אַ פּינטעלע איז אַ פּאַ, אָהן אַ פּינטעלע — איז אַ פֿאַ.

— געדענק זשע, קינדער, פֿלעגט ער איבערחזר׳ן: מיט אַ פּינטעלע וואָס איז?

— אַ פּאַ! פֿלעגען די קינדער מוזען שרייען.

— און אָהן אַ פּינטעלע וואָס איז?

— אַ פֿאַ!

— הפֿלא ופֿלא! — פֿלעגט איהם הנאה טהון, וואָס די קינדער זענען אַזוי גוט תּופֿס זיין תּורה.

— אַז די ביזט יאָ אַזאַ וואוילער בחור, טאָ גיעה זשע, קינדער, עסען וואַרימעס! פֿלעגט ער קאָמאַנדעווען.

און אַז מען האָט איהם אַ מאָל אַ פֿרעג געטהון: פֿאַרוואָס רעדט ער אַלע מאָל צו זיינע קליינע תּלמידים בלשון יחיד: „גיעה, קינדער", „פֿערשטעהסטו, קינדער", „קינדער, קום אַריין", „קינדער, אין כּף הקלע זאָלסט דו אַוועקגעהן"? — האָט ער געענטפֿערט.

— האָבט געהערט אַזאַ פֿערלאַנגעניש? איך, ר׳ יעקעל בירזשער, אַ ייד, וואָס האָט סמיכה אויף הוראה, אַ ייד, אַ בן שבעים, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, זאָל „איהר"־צען אַזעלכע קליינע פּיזיקלעך!?, אַלץ אין דער וועלט, אָבער אַזוינס וועט מען בײַ מיר נישט פּועל׳ן!

און באמת האָט ער אויך געקוקט אויף אַלע זיינע חדר־קינדער, ווי אויף איין קינד. דעריבער, אַז ער האָט בעדאַרפֿט שמייסען איין חדר־יונגעל, האָט ער געשמיסען אַלע מיט אַמאָל.

זיין זוהן חיים יעקעל בירזשערס, צו וועמען מיין טאַטע האָט מיך אָבגעגעבען, האָט געהאַט אַ אַנדער מעלה, אָדער חסרון: ער איז שטאַרק פֿערליעבט געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, אָבער מיינט איהר אין וועמען?

אין דעם „איזהו מקומן" פֿון סדור! און האָט געלערנט מיט זיינע תּלמידים כּסדר נאָר „איזהו מקומן". אין דער פֿריה האָט ער מיט אונז געדאַוועט „איזהו מקומן"; נאָכ׳ן דאַווענען האָט ער מיט אונז געלערנט „איזהו מקומן", דאָס הייסט: נישט געלערנט, נאָר „עברי" געזאָגט „איזהו מקומן"; נאָך מיטאָג האָט ער מיט אונז געחזר׳ט „איזהו מקומן" און פֿאַרנאַכט, פֿאַרן פֿריי לאָזען, האָט ער מיט אונז געבענטשט און קריאת שמע געלייענט ווידער „איזהו מקומן", און אַזוי אַ גאַנצען זמן, אַ טאָג נישט געענדערט.

דער „איזהו מקומן" איז אונז פֿון האַלז געקראָכען. ווי אַ ביטערע ציבעלע האָט ער זיך אונז צוגעגעסען. און נאָך עד היום קען איך ניט בעגרייפֿען, וואָס אַזוינס האָט זיך געטראַכט דער דאָזיגער ייד, וואָס האָט אין שטאָדט אַ נאָמען געהאַט פֿאַר אַ גמרא־למדן און האָט געקענט מיט אונז לערנען עפּיס אַנדערש אויך, און האָט מיט אונז נאָר געלערנט ווידער איזהו מקומן און אָבער איזהו מקומן?

ער, ר׳ חיים יענקעל בירזשערס, איז אויך געווען דער טאַטע פֿון אריה דעם רבינס — דעם דאָזיגען איבערגעוואַקסענעם נודניקען בית־מדרש־בחור, וואָס האָט זיך נאָר מיט אונזערע פֿרישטיקס געשפּייזט, און מיר האָבען איהם ליעב געהאַט, ווי פֿאַר די גוטע זאַכען, וואָס ער פֿלעגט אונז פֿערקויפֿען פֿון זיין גרויסער קעשענע־מאַגאַזין, אַזוי אויך פֿאַר זיינע שעהנע מעשה׳לעך, וואָס ער פֿלעגט אונז דערצעהלען.

צום סוף זמן איז מיין טאַטע געקומען צו פֿאָהרען, און אַז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז מעהר ווי איזהו מקומן האָט זיין רבינס זוהן מיט זיין זוהן פֿאַרן גאַנצען זמן נישט געלערנט, האָט ער מיך אָבגענומען פֿון איהם, און אַ סוף געמאַכט פֿון איזהו מקומן למוד.

אויפֿ׳ן נייעם זמן האָט ער מיך אָבגעגעבען צו חייקעל דעם מלמד.

בײַ איהם האָב איך שוין גאַנצע פֿיער זמנים נאָך אַנאַנד געלערנט.

געווען איז ר׳ חייקעל — זאָלען איהם מיינע רייד נישט צו שווער זיין — אַ ייד אַ מלאכים־מעלקער. שטענדיג געגלאָצט די אויגען צום הימעל, צו די מלאכים מכּתמא, שטענדיג נאָר מיט זיי געהאַט עסקים, זיי נאָר ליעב געהאַט, און מענשען אויף דער ערד האָט ער אָנקוקען נישט געקאָנט.

געלערנט האָט ער מיט זיינע תּלמידים אַפֿילו ערנסט און פֿיעל, אָבער געשלאָגען און געפּייניגט זיי האָט ער נאָך מעהר.

און שלאָגען פֿלעגט ער גאָר אָהן אַ פֿאַרוואָס, יאָ געקענט, נישט געקענט, געהאַקט אין די תּוקענס אונזערע ווי אין קרויט. אַפֿילו אַז ער פֿלעגט אונז שוין פֿאַרנאַכט אָבלאָזען פֿריי אַהיים, פֿלעגט ער איבערטיילען אַזוינס פֿאָראויס אויף מאָרגען. בעזונדער גרויס איז דער אַזוינס געווען פֿרייטאָג, מיר זאָלען איהם געדענקען ביז איבער שבת.

— משומדים! — קיין אַנדער נאָמען האָבען מיר נישט געהערט פֿון איהם — משומדים, איהר וועט דאָך שבת שטיפֿען, איהר וועט דאָך צום דאַווענען אין שול קיין ברוך הוא וברוך שמו נישט ענטפֿערן. טאָ נאַט אייך אייער שכר שוין. איבערגענקר׳ט זאָלט איהר ווערן!

און ציקיילטע, צובײַלטע זענען מיר אומגעגאַנגען, און פֿון חדר קיינמאָל נישט אויסגעוואָגט. נאָר איינמאָל, איך זיץ אַזוי אין דערהיים און עס וואַרימעס, לויפֿט אַריין אַ ווייבעל, דאַכט זיך, דער מאַמעס עפּיס אַ קרובה, געהט צו גלייך צו מיר, פֿרעגט מיך גאָר ניט, נעמט און טהוט מיר דאָס רעקעל אויס, שפּילעט פֿאַ־

נאַנדער האָב קנעפּל פֿון מיין העמד, ריקט עס אַראָב ביזן בויך, און טהוט אַ געשריי צו מיין מאַמען:

— פּעכיע קרין! זעהט כאָטש מיט אייערע אויגען, ווי דער רוצח, דער רבי זיינער — זאָל עס איהם נישט פֿערשוויגען ווערן — שלאָגט און פּייניגט אייער טהייערן יאַנקעלען! — עס איז דאָך איף זיין גאַנץ לייבעלע קיין פּיצעל נישט געבליבען אָהן אַ ברוין=בלאָהען צייכען פֿון די קניפּען און זעטצען זיינע...

די מאַמע האָט זיך דערשראָקען און איז פֿערקלעמט געוואָרען, אַ רגע צום הלשון. מיינע עלטערע דריי שוועסטער האָבען זיך צוויינט, און דאָס ווייבעל דערצעהלט ווייטער:

„אַזוי ווי איך וואָהן איף דער אייגענער גאַס, וואו אייער קינדס חדר איז, און מיין פֿענסטער קומט אויס פּונקט געגענאיבער דעם פֿענסטער פֿון זיין רבין, זעה איך זיך אָן די אַכזריות פֿון דעם טיראַן, דעם מלאָכים=מעלקער, מען זאָל עס שוין בעסער נישט זעהן!... ער פּייניגט די אומשולדיגע עופֿהלעך ערגער, ווי מען פּייניגט די רשעים אין גיהנם, אַפֿילו ווי דער קעלמער מגיד זאָגט.— דאָס האַרץ צוגעהט מיר פֿאַר רחמנות טאָג פֿאַר טאָג. און מעגט איהר פֿאַראיבעל האָבען, צעריסען וואָלט איך אַזעלכע מאַמעס, וואָס גיבען אָפּ זייערע קינדער צו אַזאַ וואַלד=גולן אין די הענד אַריין. איך האָב שוין אַמאָל געפּרובט זאָגען הינדע ר' מענדעלס, אַז דער רבי פּייניגט איהר קינד, האָט זי מיך נאָך גוט אָנגעזידעלט און געבעטען נישט קומען צו איהר מיט אַזעלכע מכירות. בין איך זיך מישב, קוק איך און שוויג, און דאָס האַרץ צוגעהט אין מיר פֿון רחמנות איף די אומשולדיגע עופֿהלעך. און מיטען דערזעה איך זיך, אַז אייער גאָלדען קינד לערנט איך ביים רוצח אין חדר. מיין איך, אפֿשר איז ער צו איהם בעסער, ערסט עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. שלאָגט, קנייפּט און בייסט אַפֿילו מיט די צייהן, ווי אַ בייזער הונד. אייער טהייער קינד גלייך מיט אַלע קינדער. פּלאַצט שוין אין מיר די געהלד. בלוט איז קיין וואַסער ניט, עפּיס זענען מיר דאָך ניט קיין פֿרעמדע. אָט בין איך געקומען צו אייך, ווייזען.. נישט מעהר ווי ווייזען, דאָס איבעריגע איז שוין אייער זאַך"...

איך רייס זיך, עס איז מיר אַ שאַנדע פֿאַר די אַלע ווייבער און מיידלעך, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעלאָפֿען, דערהערענדיג דאָס געשריי און קלאָג פֿון מיינע שוועסטער, נאָר דאָס ווייבעל לאָזט מיר ניט צוריק די הענד און די אַרבעל פֿון מיין העמד אַריינטהון, און שרייט:

— אַדרבה, זאָלן טאַקי אַלע זעהען! זאָלן זיך צוזאַמענקומען אַלע מאַמעס, וואָס האָבען קינדער, און זעהען, צו וואָס פֿאַר אַ רוצחים מען גיעט זיי, די אינשולדיגע עופֿהלעך נעביך, אין די הענד אַריין! — אָבדאַרן, רבונו של עולם, זאָלן נאָר אַזעלכע הענד, וואָס פּייניגען אַזעלכע בריליאַנטענע מלאָכימלעך!—

דער מאַמען איז נישט גוט געוואָרען. זי לאָזט זיך אַ טויט=בלאַסע איף'ן שטול אַראָב. ווייבער הייבען אָן שרייען: „וואַסער! אַ ביסעל קאַלט וואַסער גיט איהר, ווערט איהר איבערגעהען!" עס ווערט אַ בהלה און אַ טומעל, איך צעוויין זיך, און דאָס ווייבעל העלפֿט מיר שוין צוריק די הענד אין אַרבעל פֿון מיין העמדל אַריינטהון, פֿערשפּילעט מיר דעם קראַגען פֿון העמדל, און איך לויף צו מיין ליעבער מאַמען צו. זי דריקט מיך צו צו איהר האַרצען, און גרויסע טראָפּען טרעהרען ווי פּערל פֿאַלען פֿון איהרע אויגען איבער מיינע ביידע באַקען, וועלכע זי האַלט אין איין קישען.

אַ שכנטע, אַ זאָגערין, טרייסט די מאַמען:

— זאָלן אייערע טרעהרען פֿאַלן אַ קרבן פֿאַרן רבונו של עולם, פֿאַר אייער טהייער קינד, עס זאָל איהם גאָר נישט שאַדען, און ער זאָל אויסוואַקסען אַ לייט אַ גרויסער, וועלכער וועט אייך פֿאַר אייער צער מיט טויזענד מאָל מעהר נחת בעצאָהלען.

— וואָס דען האָט איהר געמיינט? רופֿט זיך אָב נאָך אַ יודענע. גרינג איז צו זיין אַ יוד? — פֿון דעם אַכטען טאָג אָן, זינט אַ יוד ווערט געבוירען, פֿערזוכט ער שוין דעם טעם פֿון יודישקייט. דערנאָך געהט דער חדר, דער רבי, דערנאָך פֿרומקייט, פֿאַסטען, דאַוונען און גאָט דינען, און אַפֿילו די היילגע תורה אַליין, — ניט זינדיגען זאָל איך מיט מיינע רייד — געהמט קנאַפּ צו געזונד ביי די יודען, וואָס לערנען זי? וואו זעהט איהר אַ יוד אַ למדן אַ געזונטען? הערכאָיים געלע, פֿערוועלקטע פּנים'ער, קראַנקע, צובראָכענע, היכטער און לעבעדיגע מתים, און ווייטער גאָר נישט! און גאָט ווייס, צי מען וועט דאָרט אין גן=עדן כאָטש זיי עפּיס געבען דערפֿאַר, אָדער מען וועט נאָך מוזען ענטפֿערן, פֿאַרוואָס מען האָט דאָ פֿאַרן געזונד נישט געטהון און מען איז שוין צעהן איילען אין דער ערד געלעגען מיט ווייב און קינדער לעבעדיגערהייט...

שפּעטער, געדענק איך, האָט מען איבערגערעדט דער דאָזיגער יודענעס שאַרפֿע זינדיגע רייד, און מען האָט זי פֿערענטפֿערט, אַז נישט זי רעדט דאָס, נאָר די צרות איהרע רעדען עס פֿון איהר אַרויס. זי האָט אַ מאַן אַ גרויסען למדן אַפֿילו, אָבער אַ פּגירה, קען אַ קאַץ קיין עק נישט פֿערבינדען, און זי ווערט פֿערשוואַרצט האָריוועניג פֿאַר איהם און פֿאַר די קינדער פֿון דעם טאָג פֿון איהר התונה אָן, און ער הערשט נאָך איבער איהר. און קיין אַנדער נאָמען ווי „אַרורה" רופֿט ער זי ניט.

מיין ליעבע מאַמע איז פֿערקלעמט געזעסען און געשוויגען.

עס זענען אַריינגעקומען עטליכע מאַנסבילן אויך, אָבער זיי האָבען זיך אינגאַנצען אויסגעלאַכט:

— פֿון וואָס ווייבער מאַכען אַ תשעה באָב! האָבען זיי זיך געוואונדערט. און צו דער מאַמען האָט איינער אַ זאָג געטהון: און אַז אַ חבר אין חדר וואָלט איהם שטיפֿענדיג צווישען זיך אַזעלכע סימנים געמאַכט, וואָלט שוין ביי אייך רעכט געווען? האָט עס געמאַכט דער רבי, קעהרט זיך ביי זיי די וועלט איבער.

עטליכע טעג כסדר האָט די מאַמע מיך ניט געלאָזען געהן אין חדר, כאָטש איך האָב זיך געריסען געהן, מורא האָבענדיג, אַז דערנאָך וועט מיך מיין רבי דער מלאָכים=מעלקער נאָך מעהר שלאָגען.

איף שבת איז דער טאַטע געקומען צו פֿאָהרען, און אַז די מאַמע האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה, וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען מיט מיר מיט אַ פּאָר טעג פֿריהער, איהם געוויזען נאָך די צייכענס איף מיין לייב, האָט דער טאַטע זיך נאָך אָנגעבייזערט איף איהר, און געזאָגט, אַז דער סוף וועט זיין, זי, די גוטע ליעבע מאַמע מיינע, וועט מיר נאָך מויאָס מאַכען דעם רבין, איך וועל אויפֿהערען צו וועלען געהען אין חדר און איך וועל אויסוואַקסען אַ פּויער. דערביי האָט ער דערצעהלט, איך זאָל עס הערען, ווי מען האָט איהם געשלאָגען, בעת ער איז אַזאַ קליין יונגעל געווען ווי איך.

— איך מיר אַ שלאָגען איז דאָס! מאַכט חוזק דער טאַטע. פֿון וואָס ביזטו דאָ אַזוי נתפּעל געוואָרען? אַ זעטץ, אַ קניפּ, אַ פּליק אין אַ ריס, דאָס הייסט היינט שלאָגען, און עס קעהרט זיך די וועלט, אַז די מאַמעס דערזעהען עס. אין מיינע יאָהרען, ווען איך בין אַ חדר־יונגעל געווען, פֿלעגט מען שלאָגען מיט אַ ריימענעם קאַנטשיק, מיט אַ שטריק און מיט אַ פּלאָקען, זענען טאַקי דעמאָלט געווען אַ העלפֿט פֿון אַלע זשאַגעדער קינדער ליטער עילויים, איינער שאַרפֿער פֿאַר'ן אַנדערן, און היינט? — אויס שלאָגען, אויס תּורה און עילויים!...

— פֿאַרוואָס ביזטו נישט אַרויס אַ עילוי? טהוט איהם די מאַמע אַ פֿרעג מיט איראָניע.

דער טאַטע איז ברוגז געוואָרען, איהר נישט געענטפֿערט און איז פֿון טיש אַוועק.

שבת נאָך מיטאָג איז מיין רבי געקומען צו אונז, אַ בּיכעל מיט אַ אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, ווי אַ שולדיגער.

געמיינט האָב איך: די מאַמע וועט אָנפֿאַלען אויף איהם, אָבגעבען איהם זיין גאָב, אַז עס זאָל איהם קאַלט און וואַרעם ווערן — אַזוי האָט זי אַלץ פֿאַר זיך איבערגערעדט די גאַנצע צייט, און דער טאַטע וועט זיך איינשטעלען פֿאַר איהם. צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזען פּונקט פֿערקעהרט: די מאַמע איז פֿון טיש אַוועק, ווי זי האָט נאָר דעם רבי'ן דערזעהן, זיך אַוועקגעזעצט לעבען פֿענסטער, אין כלומר'שט געקוקט אין גאַס אַרויס, און דער טאַטע האָט זיך אַ לאָז געטהון מיט'ן גאַנצען צאָרען אויפֿ'ן רבי'ן.

— ווי האָט מען עס אַזאַ האַרץ פֿון אַ טאַטער? ממש פֿון אַ טאָטער, אַזוי אַ קליין קינד צו שלאָגען! — האָט דער טאַטע געשריען. גאָר קיין גאָט אין האַרצען האָט איהר ניט. איהר מעגט אייך פֿרום זיין, איך גיב אָבער פֿאַר אַזאַ פֿרומקייט קיין שמעק טאַבאַק ניט!... וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, מען זאָל מאַכען אַ קינד בתינע אין בלויע צייכענס איבערן גאַנצען לייבעלע; און מען זאָל נאָך האָבען אַזאַ העזה צו קומען צום טאַטען פֿון קינד, פֿערלאַנגען אפֿשר צו לאָזען דאָס קינד ווייטער געהען אין חדר, דער תּליון זאָל האָבען ווייטער וועמען צו שלאָגען!..

— איכ! פֿאַר קיין גליקען אין דער וועלט לאָז איך מעהר מיין קינד ניט צו אייך!

דער רבי פּרובּט זיך אַפֿילו פֿאַרענטפֿערן, אַז באמת שלאָגט ער גאָר נישט אַזוי שטאַרק. אַי די סימנים, וואָס איך האָב אויף מיין לייב? איז שולדיג אין דעם נישט ער, דער רבי, נישט זיין קניפּ, נישט זיין פּליק. שולדיג איז דאָ נאָר מיין לייבעלע, וואָס עס בלייבט באַלד אַ סימן אויף איהם, ווען מען זאָל עס נאָר אַ גלעט טהון אַפֿילו. — אָבער דער טאַטע האָט איהם נישט געלאָזט רעדען.

— איהר וועט מיר ניט איינרעדען, מיין קינד וועט צו אייך אין חדר מעהר נישט געהען!

— זאָל זיין אַזוי, איז דער רבי כלומר'שט שוין מסכּים — אָבער מיר איז אַ שאָד דאָס קינד. דאָס לערנען זיינס, וואָס ער וועט בּיי אַיין אַנדערן פֿערגעסען, זיכער פֿערגעסען! און צוליעב דעם טאַקי, איהר זאָלט וויסען, וואָס אין וויפֿיעל ער וועט בּיי אַיין אַנדער מלמד פֿערגעסען, טהוט מיר דעם איין „צוליעב“, און לאָזט מיך איהם פֿערהערען פֿאַר אייך, וועט איהר כאָטש וויסען, וואָס ער קען שוין איצט. —

אין נישט וואַרטענדיג, ביז דער טאַטע וועט דערצו מסכּים זיין, טהוט שוין דער רבי אַ עפּען אויף דעם חומש און הייסט מיר זאָגען.

איך זאָג קלאָר און שאַרף ווי דעם חומש אַזוי אויך רש״י מיט אַלע בּעוואָרעניש'ען און ענטפֿער דרייסט און זיכער אויף די אַלע קשיות, וואָס עס פֿרעגט אַמאָל דער טאַטע, אַמאָל דער רבי אַליין צו פּרובּען מיך, צו פֿערשטעהן איך טאַקי דאָס אַלץ מיט מיין אייגענעם שכל, אָדער איך זאָג נאָר איבּער, ווי דער רבי האָט מיר געלערנט.

די מאַמע איז שוין צוריק צום טיש צוגעקומען, ושטעהט אַפֿילו אַ ביסעל אָבגערוקט פֿון די מאַנסלייט, אָבער איך זעה שוין אויף איהר פּנים, ווי גליקליך, ווי צופֿרידען זי איז, וואָס איך קען אַזוי גוט לערנען.

מיין מאַמע האָט ליעב געהאַט תּורה מעהר ווי רייכקייט, מעהר ווי אַלץ אין דער וועלט. — „ניטאָ אַזאַ שענע זאַך אויף דער וועלט — פֿלעג איך הערן ווי זי זאָגט — ווי תּורה. ניטאָ קיין שענערע קאַרטינע אין דער גאַנצער וועלט, ווי צוציקקען זיך, ווי גרויסע לומדים קלייבּען זיך צונויף און האַלטען מלחמה צווישען זיך אין דער הייליגער תּורה!“

אַזוינס האָט זיך מיין מאַמע טאַקי גענוג אָנגעזעהן בּיי איהרע עלטערן. איהר זיידע איז געווען דער רבי ר' אליהו, וואָס איז געווען מיט זיבּעציג, אָדער אַכציג יאָהר צוריק אַ רב אין זשאַגער, האָט אַ סך תּלמידים געהאַט, און דאָס ווערטעל איז נאָך אין מיין צייט געגאַנגען: אַז פֿון דעם רבי ר' אליהו'ס תּלמידים זענען אַרויס: איין העלפֿט גרויסע רבנים און גאונים, און איין העלפֿט בּערימטע חכמים און גרויסע גבירים. — דעם זיידען איהרען האָט מיין מאַמע אייך נישט געקענט. דער טאַטע איהרער, מיין זיידע — איהם געדענק איך קים קים — איז געווען אַ בּערימטער חריף און אַ בּקי צוזאַמען. זיין שטוב איז פֿול געווען מיט תּורה. — דער טאַטע מיינער האָט געשטאַמט פֿון אַ סוחרישער פֿאַמיליע, און תּורה אָהן מכתּר איז פֿאַר איהם קיין סתירה נישט געווען. דערצו האָט מיין מאַמע איהרע ערשטע קינדער געהאַט נאָר מיידלעך (אַ פֿינפֿט קינד — אַ יונגעל, בּין איך עס געווען), האָט זי געמיינט, אַז אין איהר שטוב וועט זי שוין קיינמאָל קיין תּורה נישט זעהן. דעריבּער איז זי איצט אַזוי דערפֿרייהט און גליקליך געוואָרן, אַז זי האָט מיין לערנען דערהערט און האָט בּעת מעשׂה דערזעהען אין מיינע אייגען יענעם ליכטיגען תּורה־פֿונק, וועלכען זי פֿלעגט אַזוי אָפֿט זעהן בּיי איהר פֿאָטער אין הויז.

איז נאָך דאָס אַליין דעם רבי'ן נישט גענוג געווען. בּעוויזט ער דעם טאַטען, אַז איך קען שוין ווייזען קונצען גאַנצע אין ווייס, ווי יעדעס וואָרט פֿון גאַנצען חומש לעגט זיך אויס.

אייגענטליך איז דער רבי מיינער אין דעם גאָר נישט שולדיג געווען. פֿון וואַנען דאָס טרעפֿען, ווי יעדעס וואָרט לעגט זיך אויס, נעהמט זיך בּיי מיר, האָב איך אַליין נישט געוואוסט. עפּיס זענען מיר די ווערטער ווי פֿאַר מיינע אייגען געשטאַנען, און איך האָב אַלע אותיות אין זיי קלאָר און דייטליך געזעהען אַפֿילו אויבּערווייניג.

פֿון דעם קונץ איז מיין טאַטע נאָך מעהר צופֿרידען געוואָרען, ווי פֿון מיין לערנען. האָט מיר אַ קוש געטהון און געהייסען מיר האַנקען דעם רבי'ן, וואָס האָט מיך פֿאַר אַזאַ וואוילען יונגעל געמאַכט.

מיין מאַמע האָט שוין גאָר נישט געוואוסט וואָס צו טהון פאַר פרייד. האָט דעם רבי׳ן כבוד אינטערגעטראָגען, אַלע גוטע זאַכען, וואָס זי האָט אין איהר גבול געהאַט, געבעטען דעם רבי׳ן געניכען געזונטערהייט, און פערגעסען גאָר, אַז זי איז אויף איהם אַ מאָל גאָר אין כעס געווען. נאָר פאַר׳ן אַוועקגעהן האָט זי צו איהם געזאָגט:

— רבי קרוין, זאָגט איהר אַליין, דאַרף מען אַזאַ בריליאַנטען קינד, אָהן עין-הרע, שלאָגען? — איך בעט אייך, טהייערער רבי, זאָגט מיר צו מיט אייער הייליג עהרליך וואָרט, אַז איהר וועט מיין קינד מעהר נישט שלאָגען, און די שענכטע מתנה וועל איך צושיקען מיט מיין קינד. פאַר אייך, און פאַר דער רביצין אַפילו.

דער רבי האָט צוגעזאָגט:

— נישט שלאָגען, וואָס עפּיס שלאָגען? וויים איך... געמאַכט אַ ויצעקו, ווי מי יודע וואָס איך וואָלט געווען.

— אָבער וואָס געווען איז געווען, רבי קרוין, ווײַטער, בעט איך, זאָל שוין מעהר נישט זיין! בעט זיך די מאַמע.

— נישט זיין מעהר! ענטפערט דער רבי.

— אויף אייער ידי׳ש עהרליך וואָרט?

— אויף מיין ידיש עהרליך וואָרט! ענטפערט דער רבי, זאָגט: אַ גוטען שבת, און עפענט די טהיר אַרויסצוגעהן.

— אַ גוט יאָהר, רבי, געהט געזונד, ווינשט איהם די מאַמע פון גאַנצען האַרצען און נעהמט זיך צו מיר און האַלזט מיך און קושט מיך.

אויף מאָרגען בין איך שוין, ווי פריהער, ווידער געגאַנגען אין חדר אַריין. דער רבי איז גוט, צופרידען מיט מיר, וואָס איך האָב איהם מיט מיין איבצייכענען זיך און לערנען אַרויסגעפיהרט פון דער מפלה, אויף וועלכער ער האָט זיך געריכט, און כדי ביי דער מאַמען נאָך מעהר נגשא חן צו זיין, האָט ער מיט מיר טאַקי נאָך היינט אָנגעהויבען „שערוואַרבע״ יהושע, און האָט געהייסען בעטען דעם טאַטען, מיר געבען אַ „שערוואַרבע״ יהושע מיט אין חדר אַריין.

מיין מאַמע האָט איהר צוזאָג נישט פערגעסען, און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זי מיר מיטגעגעבען אין חדר, פערפּאַקט אין אַ שאַכטעל, אַ ביבערנע היטעל מיט גרינע בענדעלעך פון כאַרענט, אַ מתנה פאַר׳ן רבי׳ן און צוויי שנירלעך ברויטין-קאַרעלען — אַ מתנה פאַר דער רביצין.

אַזאַ גליקליכען טאָג, ווי יענעם, האָב איך ניט פריהער, ניט שפּעטער, אין חדר קיינמאָל נישט געהאַט.

בעזונדער איז דער רבי צופרידען געווען מיט׳ן ביבערנעם היטעל, און איטליכע ווײַלע פלעגט ער עס אַרויסנעמען פון שאַכטעל, אַ בלאָז טהון די האָר, צו דערקענען, צי דאָס איז טאַקע עכטע ביבער, אָדער נאָר אַזעלכע געפאַרבטע קעץ, געפעלשטער ביבער. אַזוי לאַנג איז ער נאָך ניט זיכער געווען, אַז עס איז נישט געפעלשטער, ביז ער האָט אַריינגערופען שכנא דעם קירזשנער, האָט איהם געהייסען שאַצען. און שכנא האָט אָבגעשאַצט:

— זעקס רובל, אַ מציאה פון אַ גנב!

— גזמא קתני! מאַכט דער רבי און קלערט, אַז שכנא מאַכט תוק.

— אַ לייפּציגער היטעל! איהר שפּילט זיך מיט אַ לייפּציגער היטעל, נישט אָבצושאַצען!



— איב אַזוי, איז דאָך טאַקי אַ שאָד עס אָנצוטהון אין דערוואָכען.

— טאַקי אַ שאָד. מיט אַזאַ היטעל מעג מען פיהרען אַ טאָכטער, וואָס מען גיעט איהר טויזענד רובל נדן, צו דער חופּה אין אַ גוטער שעה.

אין פינדעסטוועגען האָט דער רבי גאָר אין גיכען אי זיין הייליג ידיש עהרליך וואָרט, אי די גרויסע מתנה דער מאַמעס פערגעסען, און האָט מיך ווייטער געשלאָגען, פערגעסען אפילו, אַז ער שלאָגט. עס איז שוין אַזאַ געוואוינהייט ביי איהם געווען, און ער פלעגט שלאָגען, קנייפּען, בעת ער האָט עס גאָר ניט געוואָלט. עפּיס אַזוי פון פרייהליכקייט וועגען, עס זאָל זיין לעבעדיג ביים טיש, ווי מען לערנט. נאָר איינמאָל, ווען ער האָט מיר אַ צו שטאַרקען קניפּ געטהון, און ער האָט אַליין דערפיהלט, אַז ער האָט געמוזט מאַכען אַ רושם אויף מיין לייב, האָט ער באַלד מיר אַ גלעט געטהון:

— זיין ניט, אומגערן! איך נאַמנות אומגערן! דערפאַר וועל איך נאָך היינט אָנהייבען מיט דיר גמרא.

פון שמחה, וואָס איך וועל נאָך היינט אָנהייבען גמרא, האָב איך דעם וועהטיג פון קניפּ פערגעסען.

אָנהייבען גמרא צו לערנען האָב איך געוואָלט ווי לעבען. עס האָבען מיט מיר צוזאַמען געלערנט ביי ר׳ חייקלען גרעסערע גמרא-יונגלעך, און מיט מיר און מיט נאָך אַ פּאָר פון דער קלענערער כתה האָבען זיי קיינמאָל נישט געוואָלט שפּיעלען: ווי פּאַסט עס פאַר גמרא-יונגלעך אַריינצונעהמען אין קאָן חומש-מיט-רש״י-יונגלעך? און עס האָט זיך מיר געוואָלט שוין אויך זיין אַ גמרא-יונגעל און שפּיעלען מיט זיי צוזאַמען „אין קאַמענדרע״, אין „שלי שלך״, אין מלחמה און נאָך אַזעלכע שפּיעלען, וואָס עס שפּיעלען אין דעם נאָר גמרא-יונגלעך.

נאָך גרעסער איז געווען דער מאַמעס שמחה, אַז איך האָב איהר אָנגעזאָגט, אַזוי ווי דער רבי האָט מיר געהייסען, אַז איך לערן שוין גמרא, און דעריבער זאָל זי מיר מאָרגען מיטגעבען אין חדר אַ גמרא, איך זאָל האָבען, אין וואָס צו לערנען.

אין ספרים-אַלמער ביי אונז איז געשטאַנען אַ ווילנער ש״ס רעגאַל-פּאַפּיער מיט גרויסע לעדיגע ברעגען, — אַזוי ברייט זענען געווען די לעדיגע גליונות, אַז דעם טאַטענס בעל עגלה, אַ פּראָסטער ייד, וואָס האָט קוים געקענט דאַוונען, אָבער אַ ווייצלינג אַ גרויסער, ווען ער האָט געזעהן, ווי דער טאַטע לערנט אין אַזאַ גמרא, איז ער צוגעגאַנגען און האָט צום טאַטען געזאָגט:

— ר׳ בנימין — אַזוי האָט מיין טאַטע געהייסען — איהר מיינט באמת, אַז איך בין טאַקי דער עם הארץ, דער בור און דער גראָבער יונג, וואָס ווייס ניט, וואָס גמרא איז? איך וועט זיך מיט אייך, אַז אַ האַלבען ש״ס אייערן קען איך אויסווענדיג.

— די לעדיגע ברעגען מבתמא מיינסטו! האָט דער טאַטע באַלד פערשטאַנען.

— געטראָפען, ווי איך בין אַ ייד! האָט דער בעל-עגלה מודה געווען.

דעם וויץ האָט מען דערנאָך איבערן שטעדטעל צוטראָגען און דער בעל-עגלה האָט דורך דעם אַ צונאָמען בעקומען: לייבקע האַלבער ש״ס.

ווען איך האָב דער מאַמען די שמחה אָנגעזאָגט, איז דער טאַטע, ווי תמיד, אין דערהיים נישט געווען. ער וואָלט מיר זיכער פֿון זאַא טהייערן ש״ס, אין געל קאַלב־לעדער געבונדען, קיין איינציגע גמרא נישט אַריינגעגעבען איך מיטצונעהמען אין חדר. די מאַמע אָבער, וואָס האָט דעם ש״ס בירושה בעקומען פֿון איהר פֿאָטער, האָט הקא געוואָלט, אַז איך זאָל לערנען אין איגענעם ש״ס, און וועלכען איהר טאַטע, מיר צו לענגערע יאָהר — האָט געלערנט. און איידער זי האָט אַליין איבערגעזוכט די גמרא בבא מציעא, וואָס דער רבי האָט מיר געהייסען ברענגען, האָט אַ גוטע האַלבע שעה געדויערט.

מיט פֿרייד האָט זי מיר די גמרא דערלאַנגט, נאָר אָנגעזאָגט און געבעטען, איך זאָל זי אָבהיטען, ווי מיין אייג פֿון קאָפּ, און מיטברענגען אַלע טאָג, ווען דער רבי לאָזט מיך פֿריי, צוריק אַהיים.

זיבען יאָהר בין איך דעמאָלט ערכט אַלט געווען, קליין און געזונד, און די גמרא איז כמעט גרעסער, ברייטער און און שווערער געווען פֿאַר מיר און גאַנצען. מיט ביידע הענדטלעך האָב איך זי קוים אַרומגענומען, און אַזוי פֿלעג איך צוויי מאָל אין טאָג, אין חדר און פֿון חדר, זיך אומטראָגען מיט דער גמרא, אָבגעזאָכען ווערן מיט שווייס, און האָב שוין דערפֿיהלט, ווי שווער דער יאָך איז פֿון דער הייליגער תורה.

און אָנהויב האָב איך אַפֿילו שטאָלצירט מיט מיין גמרא לערנען. אַ מין־דרך ארץ האָבען ועלבסט מיינע עלטערע שוועסטער בעקומען פֿאַר מיר. אָבער באַלד האָב איך זיך אַרומגעזעהען, אַז פֿריהער, איידער איך האָב גמרא אָנגעהייבען, איז מיר געווען אַ סך בעסער. קומענדיג אַ מאָל מיט דער גמרא פֿון חדר אַהיים, האָב איך דערזעהן אַ גאַנץ בערגעל פֿרישען, נאָך פֿייכטען זאַמד, וואָס מען האָט דאָ ערסט אָבגעשאָטען, מסתמא ביי אַ שכן ערגעץ אַ איוזען איבערצומאַכען. מיט אַזאַ בערגעל זאַמד קען מען מאַ־כען, וואָס מען וויל. אַ הייל, אַ מין מערת המכפלה, אַ קאַלך־אויוען, אַ ברונען און אַ וואַסער־מיהל. אין חדר אויפֿן הויף פֿלעגען אַזוינס מאַכען אַפֿילו די קינדער פֿון דער גרעסערער כתה. פֿערגלוסט זיך מיר אַ ברוב טהון מאַכען אַזעלכע זאַכען טאַקי שוין דאָ אויף אונזער אייגענעם בערגעל זאַמד. ווער קען מיר שטערן?

לעג איך מיר אַוועק די גמרא אין איין זייט בערגעל, ווען זיך אַליין פֿון דער אַנדערער זייט און הויב מיר אָן צו גראָבען אין זאַמד איבערצובויען אַ מערת המכפלה. מיט אַ מאָל איך דערהער אַ געלעכטער מיט אַ פּאַצערייי מיט די הענד. איך הייב אויף דעם קאָפּ: אין פֿענכטער, וואָס איבערן בערגעל, שטע־הען מיינע דריי שוועסטער און לאַכען. איינע פֿון זיי שרייט צו דער מאַמען:

— מאַמע, קום אַהער, גיב אַ קוק אויף דיין שעהנעם גמרא־בחור. לאָזט די גמרא זיך וואַלגערן אויף דער ערד און שפּיעלט זיך אין זאַמד, ווי אַ מיידעלע פֿון דריי יאָהר!

איך האָב זיך פֿערשעהמט, אַליין פֿערשטאַנען די נאַריש־קייט און האָב פֿערשעהמטערהייט אויפֿגעהויבען די גמרא און אין שטוב אַריין.

פֿון יענעם מאָמענט אָן האָב איך בעקומען דעם נאָמען: „גמרא־בחור“ — פֿאַר יעדע זאַך, וואָס ערסט מיט עטליכע טעג פֿריהער האָט מיר קיינער אַ וואָרט נישט געזאָגט, האָט מען מיר





באַלד געשריען: גמרא־בחור, ווי איז דיר קיין חרפּה, קיין בושה ניט?

און איך האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז עס האָט מיר גאָר דער גאַנצער עסק נישט געלוינט. צוליעב דעם שטיקעל גמרא טאָהר איך שוין דאָך ניט, פּאַסט מיר שוין יענס ניט... וויל איך זיך צוהערען די שעהנע מעשה־ביכלעך, וואָס מיינע שוועסטער לייענען שבת ביי טאָג מיט זייערע חברטעס, טרייבט מען מיך פֿון חדר אַרוים: „פֿאַר אַ גמרא־בחור פּאַסט ניט צו זיין צווישען מיידלעך!“... ווילט זיך מיר אַ מאָל אַ שטיף טהון מיט שכנישע יונגלעך אויפֿן הויף, שרייט מען מיר באַלד ווידער: „אַ שעהנער גמרא־בחור קען ער זיין, אַז דער קאָפּ איז נאָך אַריינגעטהן אין אַלע נאַרישקייטען, ווי ביי אַ יונגעלע, וואָס קען נאָך אַפֿילו קיין חומש ניט!“ און אַזוי כסדר, ביז איך האָב זיך אַליין אָנגעהויבען צו פֿרעגען: מיט וואָס בין איך איצט אַנדערש געוואָרן צוליעב דעם שטיקעל גמרא, וואָס דער רבי לערנט מיט מיר? פֿאַרוואָס מעג אַ חומש־יונגעל יאָ, און אַ גמרא־יונגעל — ניט.

וויפֿיעל מיין גוטע מאַמע האָט זיך נישט געמיהט מיר צו געבען צו פֿערשטעהן, אַז אַ יונגעלע, וואָס לערנט שוין גמרא, איז שוין אַ ייד מיט אַלע יודען גלייך, און נאָך אַ יאָהר און נאָך אַ יאָהר — ווערט מען שוין בר־מצוה, און נאָך אַ יאָהר און נאָך אַ יאָהר — ווערט מען שוין מיט מזל אַ חתן, מען האָט חתונה און מען ווערט אַ ייד, און נאָך אַזעלכע ערקלערונגען, וואָס דער אויספֿיהר איז אַלע מאָל געווען, אַז אַ גמרא־יונגעל טאָר זיך טאַקי נישט צוגלייכען צו אַ חומש־יונגעל, — מיין מוח האָט עס אָבער נישט בענומען, פּשוט ווייל מיין קינדערש הערצעל איז נאָך פֿיל געווען מיט אַלע קינדערשע שפּיעלערייען און שטיפֿערייען. און אַז איך האָב אָבער פֿאָרט נישט געוואָלט, עס זאָל באַלד אַ געשריי ווערן: זעהט נאָר דעם גמרא־בחור! און פֿיהלען בעת מעשה דאָס געשפּעט און דעם טאָן, ווי די ווערטער „גמרא־בחור“ ווערן אַרויסגערעדט, פֿלעג איך שטענדיג מיט צער און ווייהטיג זיך מוזען אָבזאָגען פֿון אַ סך זאַכען און שפּיעלערייען, צו וועלכע איך האָב דעמאָלט אַזוי פֿיעל ליבט געהאַט, און האָב דערפֿיהלט, אַז ניט נאָר שווער איז די גמרא, אָבער אויך ניט גוט און ניט פֿריינדליך צו די קליינע קינדער, וואָס לערנען זי.

איין טרייסט איז מיר פֿאָרט צוגעקומען: מחמת דעם, וואָס איך בין שוין אַ גמרא־יונגעל, האָט מיין מאַמע געפֿונען, אַז עס איז שוין צייט, איך זאָל אָנהייבען לערנען אויך אַ ביסעל שרייבען, און צוליעב דעם האָט זי געבעטען מיין עלטערע שוועסטער, וואָס האָט שוין דעמאָלט געקענט שרייבען היץ יודיש אַפֿילו אויך דייטש, זי זאָל מיר אַלע טאָג צו־ווייזען, ווי צו שרייבען, און דערפֿאַר וועט זי איהר צאָהלען צו גילדען אַ וואָך.

די אַרבייט פֿון שרייבען איז מיר שטאַרק געפֿעלען. די אַלטע ליעבע צו שרייב־פּאַפּיער האָט ווידער אָבגעלעבט. און וואָ איך האָב נאָר אַ קאַפּיקע בעקומען, באַלד געקויפֿט אין קרעמעל אַ בויגען פּאַפּיער — אבליניען האָט די שוועסטער גוט געקענט — און איך האָב געשריבען. פֿריהער נאָך דער שוועסטערס פֿאָרשריפֿט, און דערנאָך, אַז איך האָב שוין געוואוכט אויסצולעגען אויך אויף יודיש, האָב איך געשריבען גלאַט אַזוי, וואָס מיר איז נאָר אין זינען אַריין.

האָב איך געוואָלט עפּיס בעטען בײַ דער מאַמען, האָב איך באַלד אַ בריוועלע אָנגעשריבען. האָב איך זיך געוואָלט רייצען מיט מיינע שוועסטער, האָב איך אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער אויפֿגעשריבען אַ מין גראַם שטראַם און זיי דאָס צוגעוואָרפֿען.

און דער רבי האָט זיך דערווייל געטהון דאָס זייניגע: געלערנט ווייטער גמרא און שערוואַרגע, און אָט לערן איך שוין שופֿטים. און שופֿטים געפֿעלט מיר עפּיס מעהר ווי יהושע.

שטאַרק געפֿעלן איז מיר דער קאַפּיטעל, וואו עס ווערט דערצעהלט, ווי יפֿתּח האַלט די מלחמה מיטן מלך פֿון בני עמון, און ווי ער האָט זיך אַ נדר געטהון, ווען גאָט וועט איהם העלפֿען איינצונעהמען די מלחמה, און ער וועט קומען אַהיים צוריק, וועט ער דעם ערשטען, וואָס וועט איהם אַרויסגעהען אַנטקעגען, מקריבֿ זיין פֿאַר אַ קרבן צו גאָט.

מיט אַ האַרץ־קלאַפּען פֿון שרעק און אומגעדולד האָב איך בעת מעשה דערוואַרט, אַז יפֿתּח זאָל די מלחמה איינגענעהמען און זאָל שוין קומען אַהיים צוריק, און איך וועל שוין וויסען, ווער וועט איהם אַרויסגעהען אַנטקעגען. ווילען ווילט זיך מיר, אַז אַנטקעגען זאָל איהם אַרויסגעהען דער פּאַסטעך, וואָס פֿיטערט זיינע שעפּסען, מיט די שענסטע און פֿעטסטע פֿון דער כמאַדע, און יפֿתּח זאָל זיך אויסקלייבען איינעם אָדער עטליכע שעפּסען אָדער באַראַנעס און מקריבֿ זיין צו גאָט מיט דאַנק פֿאַר דעם איינגענעהמען דעם מלך פֿון בני עמון. מיט אַמאָל טהוט דער רבי אַ קעהר איבער דאָס בלעטעל און הייסט מיר זאָגען:

„והנה, — טן, בתו — זיין טאָכטער, יוצאת — געהט אַרויס, לקראתו — קעגען איהם.

די לעצטע ווערטער פֿון פּסוק האָבען מיך ווי מיט אַ קייל אין האַרצען געטראָפֿען. איך בין בלאַס געוואָרען, דאָס האַרץ האָט מיר פֿערקלעמט, און איך קען ווייטער אַ וואָרט נישט אַרויסרעדען.

— וואָס ביזטו אַנטשוויגען געוואָרען, וואָס זאָגסטו נישט ווייטער? פֿרעגט דער רבי. און דערשרעקט זיך אַ ביסעל פֿון מיין בלאַס ווערן.

— איך קאָן ניט, איך וויל עס ניט, אַ רחמנות, אַ רחמנות! — רעד איך קוים אַרויס מיט אַ פֿערדריקטער שטים.

— אויף וועמען האָסטו עס רחמנות? פֿרעגט דער רבי.

— אויף יפֿתּחס טאָכטער! ענטפֿער איך, און מיינע אויגען זענען שוין פֿול מיט טרעהרען.

— געפֿינען, אויף וועמען רחמנות צו האָבען! נאַרעלע, טרייסט מיך מיין רבי, דער מלאָכים־מעלקער, — אַ מעשה פֿון אפֿשר כמה טויזענד יאָהר צוריק, האָט ער זיך איצט דערמאָהנט רחמנות צו האָבען אויף איהר!

איך האָב דעם רבין אַ קשיא געפֿרעגט: פֿאַרוואָס, אַז אַברהם האָט געוואָלט מקריבֿ זיין יצחקן פֿאַר אַ קרבן־עולה צו גאָט, האָט אַ מלאך פֿון הימעל אַ חוף געטהון: אַברהם, אַברהם, שטרעק נישט אויס דיין האַנד צום יונגעל און זאָלסט איהם גאָר נישט טהון! פֿאַרוואָס האָט אָט דער אייגענער מלאך נישט געקענט אַ חוף טהון: יפֿתּח, יפֿתּח! שטרעק נישט אויס דיין האַנד צום מיידעל, זאָלסט איהר גאָר נישט טהון!?

— וואָס גלייכסטו, שוטה, אַברהם אָבינו צו יפֿתּחן, און יצחקן צו יפֿתּחס טאָכטער? גאָר גלייך, ווי טאָג צו נאַכט! — דערקלערט דער רבי.

— פֿאַר וואָס ניט גלייך? וויל איך וויסען.

— ערשטענס, איז דאָך דאָס געווען אַברהם אָבינו. ווייסט עפּיס, ווער אַברהם אָבינו איז געווען? צווייטענס — איז דאָך יצחק געווען אַ יונגעל, וואָס האָט געלערנט תּורה אין בית מדרש פֿון שם ועבֿר און האָט מתקן געווען די תּפֿילה פֿון מנחה, און יפֿתּחס טאָכטער איז געווען אַ מיידעל, מיט לאַנגע האָר, מיט קורצען שכל. תּורה האָט זי געלערנט? און צייכען האָט זי געשפּיעלט! פֿאַרוואָס האָט גאָט געזאָלט רחמנות האָבען אויף איהר?

נאָר נאָך אַלע ערקלערונגען פֿיהל איך, אַז דאָס האַרץ צוגעהט אין מיר פֿון רחמנות אויף יפֿתּחס טאָכטער. אַ איינציגע נעביך, און אַזאַ שעהנע, אַזאַ שעהנע און אַזאַ ליעבע!...

אַז זי האָט געמוזט זיין אַ שעהנע און אַ ליעבע, איז ביי מיר גאָר קיין ספק נישט געווען. אַלע מיידלעך, סיי פֿון חומש, סיי פֿון שערוואַרגע זענען געווען שעהנע און ליעבע. רבֿקה איז אפֿשר נישט שעהן געווען? רחל, דינה און מרים, משה'ס שוועסטער, זענען אפֿשר מיאוס'ע מיידלעך געווען? פֿאַרוואָס האָט עפּיס יפֿתּחס טאָכטער געזאָלט נישט אַ שעהנע זיין?

און עס טהוט מיר דאָס האַרץ וועה, איך קען זי אַ רגע פֿון זינען נישט אַרויסלאָזען.

די מאַמע האָט בעמערקט, אַז איך בין עפּיס פֿערטראַכט און אומעטיג, ווי פֿון עפּיס אַ צער, וואָס איך טראָג אין האַרצען, און זי האָט מיך אַ פֿרעג געטהון: וואָס איז מיר אַזוינס געשעהן?

איך האָב איהר די גאַנצע געשיכטע מיט יפֿתּחס טאָכטער דערצעהלט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— זיי זיך נישט מצער, מיין קינד, האָט מיין ליעבע מאַמע געזאָגט. אמת, עס קען אַ האַרץ צוגעהן פֿון אַזאַ נדר, וואָס איז נעביך אויסגעגאָסען געוואָרען אויף די שעהנע יודישע טאָכטער בת יפֿתּח. שווער איהר נעביך געווען אַזוי יונג און פֿריש פֿון דער ליכטיגער וועלט אַוועקצוגעהן! אָבער איצט, מיין קינד, איז איהר שוין גוט, אַ סך בעסער, ווי אונז, לעבעדיגע. איצט זיצט זי שוין אין גן עדן אויפֿן שויס ביי דער מוטער שרהן, אָדער ביי אַ אַנדערע פֿון די הייליגע אמהות, און זיי, די אמהות, שרה, רבֿקה, רחל ולאה, האַלזען זי און קושען זי, הייסען איהר אַ גוטע בעטערין זיין פֿאַר אַ סך אַזעלכע יודישע טעכטער, וואָס זייערע טאַטעס זענען נישט קליגער פֿאַר יפֿתּחן און מאַכען פֿאַר זייערע טעכטער איך קיין בעסערן תּכלית, ווי יפֿתּח פֿאַר זיין טאָכטער...

גערעדט האָט די מאַמע די לעצטע ווערטער נישט פֿאַר מיר, נאָר פֿאַר זיך. —

ביי־נאַכט פֿלעגט יפֿתּחס טאָכטער מיר קומען צו חלום, איך פֿלעג רעדען מיט איהר, זי פֿלעגט מיר אַמאָל דערצעהלען, אַז איהר איז שוין איצט גוט, אָבער פֿריהער, בעת מען האָט זי געבונדען, געקוילעט און אויפֿן מזבח פֿערברענט, האָט איהר שטאַרק וועה געטהון. זי האָט געוויינט און געקלאָגט, עס האָט נישט געהאָלפֿען.

דער ישיבה־בחור, וואָס האָט בײַ אונז אַ דינסטאָג געגעסען, האָט מיר אַפילו אַ מאָל אַ זאָג געטהון, אַז עס איז אין גאַנצען אַ טעות גמור. מען האָט גאָר יפתח׳ם טאָכטער, זאָגט די גמרא, נישט געבראַכט פאַר אַ קרבן, ווייל פנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן האָט יפתח׳ן מתיר נדר געווען, נאָר זי האָט שוין קיינמאָל נישט געטאָרט חתונה האָבען און איז געשטאָרבען אַ מיידעל. און צוליעב דעם איז גאָר נישט כדאי צום האַרצען זיך צו נעהמען דאָס, וואָס מיט איהר איז געשעהען. אָבער דאָס אַלץ האָט מיין פערוואונדעט האַרץ נישט פערהיילט.

עפּיס בין איך שוין דעמאָלט אינסטינקטיוו אַ קנאַפּער מאמין געווען אין דרש.

— דאָס איז אַלץ געזאָגטע זאַכען! — פלעג איך מיר טראַכטען. דער פּסוק אין שערוואַרצע איז דאָך דערביי געווען, און ער דערצעהלט בפּירוש: ויעש לה את נדרו אשר נדר. און דער דרש איז אפילו גאָר דערביי נישט געווען. טאָ ווער ווייסט בעסער?

און לאַנג, לאַנג איז מיר די שעהנע אינגליקליכע יפתח׳ס טאָכטער פון זינען נישט אַרויס, ביז מיר איז אויפ׳ן זינען אַרויפגעקומען צו בעשרייבען איהר געשיכטע אויף יודיש. אָבער נישט, ווי אין שופטים ווערט דערצעהלט, נאָר ווי מיין אייגענע פאַנטאַזיע האָט מיר איבערגעמאָלט.

פון יענעם טאָג אָן האָב איך שוין כסדר געשריבען. ווען איך האָב נאָר צייט געהאַט, האָב איך נאָר געשריבען און געשריבען. וואו איך האָב נאָר אַ קאָפּיקע בעקומען, באַלד אין קרעמעל אַ בויגען פאַפּיער מיר געקויפט.

וואָס האָב איך געשריבען, געדענק איך ניט, נאָר דאָס געדענק איך יאָ, אַז בעת׳ן שרייבען פלעגט זיך מיר האַלטען, איך רייד מיט איהר, מיט יפתח׳ס טאָכטער, איך בעגלייט זי ביז׳ן מזבח, איך וויין צוזאַמען מיט איהרע חברטעס, וואָס בעקלאָגען איהר יונגען טויט.

וואָכען לאַנג נאָך אַנאַנד האָב איך נישט איבערגעהערט צו שרייבען. עס איז מיר שווער געווען צו שיידען זיך מיט מיין אייגענער פאַנטאַזיע, וואָס האָט זיך געריסען אויף דאָס פאַפּיער זיך איבערצוגיסען.

און אַז מיין מאַמע האָט מיך אַ מאָל גערופען צום טישעמען, און איך האָב מיך פון טינט און פעדער ניט געקענט אָפּרייסען, געדענק איך, האָט זי צום ערסטען אַ זאָג געטהון:

— אויב אַ נאַר איז אַ האַלבער נביא, איז דער קלוגער מיכל גאָרדאָן זיכער געווען אַ גאַנצער נביא. זיין נבואה אויף מיין קינד הייבט שוין אָן מקוים צו ווערן. הלואי, רבונו של עולם, זאָל זי מקוים ווערן, ווי איך האָב געוואָלט!

* * *

בן עמי.

# רב מענדעלי שבעל פה.

דער גרויסער שרייבער לײַדיגט ניט אויס אינגאַנצען זיין נשמה אין זיין שרייבען. נישט תמיד וויל ער און אויך נישט תמיד קאָן ער אַרויסגעבען אַלץ, וואָס ער פיהלט, דענקט און זעהט. און דעריבער, אַז מען קען נאָר די שריפטען, קען מען נאָך ניט אינגאַנצען דעם שריפטשטעלער. אויסער דעם שריפטשטעלער שבכתב, איז נאָך תמיד דאָ דער שריפטשטעלער שבעל פה, וואָס איז אָפטמאָלס גרעסער און אינטערעסאַנטער פון דעם ערשטען.

אונזער זיידע ר׳ מענדעלי שיחיה געהערט געוויס צו די דאָזיגע שרייבער, וואָס האָבען גאָר אַ סך געלאָזט בײַ זיך אין זיך. אפשר אַ סך מעהר פון דעם, וואָס ער האָט אונז געגעבען אין זיינע שריפטען. ער אַליין האָט מיר פיעל מאָל געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבען, איז נאָך זעהר ווייט פון דעם, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגען און וואָס ער וואָלט געדאַרפט זאָגען.

אָבער אָהן זיין עדות זאָגען איז דאָס קלאָר פאַר יעדערן, וואָס שטעהט נאָהענט צו ר׳ מענדעליין, וואָס האָט געהערט זיינע רייד, זיין דערצעהלען בײַ איהם אין זיין קאַבינעט, אַז איהר בלייבט מיט איהם איינער אַליין אָדער מיט אַ פּאָר גוטע פריינד משלנו, אָדער גאָר, אַז איהר געהט מיט איהם שפּאַצירען און האָט עפּיס אַ בעגעגעניש, וואָס עפענט פּלוצלונג זיין האַרץ אָדער זיין מחשבה.

דעם דאָזיגען ר׳ מענדעלי שבעל פה וועל איך דאָ פּרובען אָבמאָלען, אַזוי ווי איך קען איהם און פערשטעה איהם.

I

אין זוהר ווערט דערצעהלט: איינמאָל איז רבי אבא געגאַנגען אין וועג מיט רבי יצחק. זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אַ גאָרטען, וואו עס האָבען געוואַקסען רויזען. ר׳ אבא האָט אָבגעריסען אַ רויז און איז געגאַנגען ווייטער, האַלטענדיג די בלום אין דער האַנד. איז זיי אַקעגענגעקומען ר׳ יוסי.

— אָ, איך פיהל דאָ נאָהענט די שכינה,—האָט רבי יוסי געזאָגט. — און אָט זעה איך זי אין דער האַנד בײַ ר׳ אבא, וואָס וועט געוויס איצט אונז דערקלערען גרויסע זאַכען און סודות.

— זעץ זיך, מיין זוהן, — האָט ר׳ אבא געזאָגט.

זיי האָבען זיך אַלע אַנידערגעזעצט אויפ׳ן גראָז אין שאָטען פון אַ בוים, און, שמעקענדיג די רויז, האָט ר׳ אבא אָנגעהויבען זאָגען תורה.

שטעלט אַריין אין דעם זים שענעם און גייסט־רייכען בילד ר׳ מענדעליין אָנשטאָט רבי אבא, וועט דאָס זיין די בעסטע פאָרשטעלונג פון איהם סיי שבכתב, סיי שבעל פה.

יאָ, אַ תלמיד־חכם מיט אַ גרויסער קינסטלערישער און פּאָעטישער נשמה, וואָס פעראייניגט אין זיך תורה, חכמה און הייסע ליעבע צו אַלע שענקייטען פון דער נאַטור — דאָס איז ר׳ מענדעלי אין שרייבען, דאָס איז ער נאָך מעהר אין לעבען.

ר׳ מענדעלי צווישען דער נאַטור! ר׳ מענדעלי, ליגענדיג אין טיעפען גראָז, ר׳ מענדעלי אויסציהענדיג זיך אויפ׳ן זאַמד בײַם ברעג ים, ר׳ מענדעלי אין וואַלד! אָ, דער וואַלד! קיינער,

דאַכט זיך, האָט ניט אַזאַ שטאַרקע, הייסע ליעבע צום וואַלד, ווי ר' מענדעלי. קיינער פערשטעהט ניט דעם לשון פון די בוימער און פון די פייגלען, ווי ער. מען דאַרף איהם זעהן צווישען דער נאַטור, פערברענגען מיט איהם איסער דער שטאָדט, מען זאָל פיהלען די גאַנצע טיעפקייט און שענקייט פון זיין פאָעטישער נשמה.

ר' מענדעלי איז בטבע נישט פון די שטאַרק ווייכע און זיסע מענשען, וואָס זייער האַרץ איז אַ מין אַכסניא, וואָס איעדער קאָן אַהין אַריינפאָהרען גלייך מיט'ן דישעל. ניין, ער איז אַמאָל זעהר האַרט און קאָן אַזוי אויפנעמען אַ פנים חדשות, אַז יענער זאָל פערזאָגען דעם צעהנטען. ער האָט פיינט בתכלית שנאה אָטאָ די זיסע מענשען, וואָס ער רופט זיי „פעטערס" און וואָס זענען תמיד „צוקער מיט לאַקריצע". עס טרעט אין איהם אָפט אַרויס דער קאַלטער תלמיד חכם, דער בעל הלכה. אָבער נעמט ער נור די רויז אין די הענד און גיט אַ שמעק דעם זיסען ריח פון דער נאַטור, ווערט ער באַלד אַן אַנדערער, בעקומט אַ קינדערש זיס שמייכעל, הייבט אָן טרוימען — ווערט דער בעל האגדה.

———

את חטאי אני מזכיר. אַז איך האָב מיך בעקאַנט מיט ר' מענדעלין, האָב איך זיינע שריפטען ניט געלייענט. דאָס איז געוועזען אין יאָהר 1886. איך בין צוריקגעקומען פון דער שווייץ, וואו איך האָב פערבראַכט פינף יאָהר. דענסטמאָל איז נאָך נישט געוועזען נישט קיין יודישע, נישט קיין העברעאישע ליטעראַטור אין אמת'ן זין. עס זענען געוועזען מענשען, וואָס פלעגען צייטענווייז לעזען. אָבער דאָס איז געוועזען אַ דבר טפל. ווער שמועסט יודיש, האָט מען נאָר געטמען לייענען, ווען מען האָט זיך געוואָלט אַ ביסעל פרעהליך מאַכען מיט דברי חול, אַ ביסעל לאַכען. און ביים דעמאָלטיגען לעזער איז געוועזען אַלץ איינס: „דאָס קליין מענשעלע" אָדער „דאָס פוילישע יונגעל", און אַזוי פלעגט מען טאַקע רעכענען בנשמה אחת ר' מענדעלי'ן און לינעצקי'ן אָהן אַ שום להבדיל. ווייל דער עולם, וואָס האָט דענסטמאָל געלעזען דברי חול, האָט באמת נישט געוואוסט צו אונטערשיידען צווישען ארור המן און ברוך מרדכי.

אמת, ר' מענדעלי איז געוועזען מעהר ווי אַלע אַנדערע בעקאַנט צווישען דער יודישער אינטעליגענץ; אָבער געוויס מעהר מיט זיין תולדות־הטבע, וואָס איז אין יענער צייט געוועזען שטאַרק אין דער מאָדע, איידער מיט זיין קלאַסישער „ק ל י אַ ט ש ע". דער המון האָט פון איהם גאָר ווייניג געוואוסט נאָך אפילו אין די ניינציגער יאָהרען. דער גרויסער מפורסם איז ער געוואָרען די לעצטע פינף־און־צוואַנציג יאָהר, אַז עס איז אויסגעוואַקסען אַ יודישע נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ. פערגלייכט דעם פינף־און־צוואַנציג־יאָהריגען יובל, וואָס איינינע גוטע פריינד מיט מנשה מרגלית בראש (מערקווירדיג — לויטער אַסימילאַטאָרען) האָבען געפייערט אין אָדעס, מיט דעם פופציג־יאָהריגען יובל, וואָס איז געוועזען אַן אמת'ער יודישער פאָלקס־יום־טוב... אמת, פאַר דער צייט איז ר' מענדעלי אַליין אויך אויסגעוואַקסען צוויי מאָל אַזוי גרויס. אין ערשטען פעריאָד איז ער געוועזען דער בורא פנים נייעם שעֲנעם יודישען לשון; אין צווייטען פעריאָד האָט ער געשאַפען דעם וואונדער־שעֲנעם נייעם העברעאישען לשון. מיט זיין ערשטער



אַרבייט האָט ער געעפענט אַ וועג פרץ'ן און שלום עליכמ'ן; מיט דער צווייטער — אחד העמ'ען און ביאַליק'ן.

———

אָבער נחזור לענינינו. איך האָב אין יענער צייט פון ר' מענדעלי'ן נור געהערט. אמת, שוין קינדווייז, אַז איך בין אַלט געוועזען אַ יאָהר ניין, האָב איך אַ מאָל געהערט לייענען די „טאַקסע" — און דער גאַנצער עולם האָט געלאַכט; אויך געדענק איך, אַז איך בין שוין אַרויס לתרבות רעה, עס הייסט, ווען איך האָב שוין געלערנט אין אָדעסער תלמוד־תורה (אין יענער צייט איז זי געוועזען זעהר טריף ביים עולם, ווייל מען האָט געלערנט אָהן היטלען), האָט דער לעהרער פון „טשיסטאָפּיסאַניע" געבראַכט דאָס „קליינעם מענשעלע" און געלייענט אין קלאַס, וואו אַלע לעהרער האָבען זיך צונויפגעקליבען — און מען האָט ווייטער שטאַרק געלאַכט. אָבער ווער דער מחבר איז געוועזען, האָב איך ניט געוואוסט. פונדעסטוועגען, אַז איך בין נור צוריקגעקומען קיין אָדעס, איז איינער פון מיינע ערשטע וויזיטען געוועזען ביי ר' מענדעלי'ן.

דעם אדם גדול האָב איך אין איהם ניט באַלד דערשפירט. ערשטענס, ווייל איך אַליין בין געוועזען נאָך אַ ביסעל אָבגעהייטערט דענסטמאָל פון דער וועלט, צו וועלכער עס האָט געהערט ר' מענדעלי, און נאָך ניט איינגאַנצען צוריק אַריין אין איהר. צווייטענס, בכל גדלו ותפארתו ווייזט זיך ר' מענדעלי נאָר אין נאָהענטער פריינדשאַפט, ווען ער פיהלט זיך, ווי ביי זיך אין מיט זיך. אין אַ געזעלשאַפט פון מענשען, וואָס זענען איהם ניט גאַנץ נאָהענט ברוח, איז ר' מענדעלי גאָר אַנדערש און מאַכט ניט דעם רושם, וואָס ער וואָלט געדאַרפט מאַכען. ווייל ער, גלייך ווי אַ סך אַנדערע גרויסע מענשען, פערגעסט אָפט, אַז זיין גרויסקייט איז אין דעם, וואָס ער א י ז און ניט אין דעם, וואָס ער א י ז נ י ט. און אַז מען וויל זיך ווייזען ניט דאָס, וואָס מען איז, ווייזט מען, פערשטעהט זיך, אויס פיעל קלענער, ווי מען איז, און אַמאָל ווייזט מען גאָר אויס גאָרנישט.

עס האָט אָבער גאָר ניט פיעל געדויערט, — ביז מיר האָבען זיך אמת צוגעבונדען איינער צום אַנדערען — און ר' מענדעלי האָט אָנגעהויבען וואַקסען אין מיינע אויגען מיט יעדען טאָג, מיט יעדער שעה, סיי אַלס שרייבער, סיי אַלס תלמיד חכם און אַלס גרויסע פאָעטישע און קינסטלערישע נשמה.

II

איך קאָן זאָגען, אַז פון ערשטען מאָל אָן איז כמעט ניט אַרויס איין שורה פון ר' מענדעלי'ס פעדער, וואָס ער האָט זיי מיר פריהער ניט געלייענט, אַחוץ, פערשטעהט זיך, די לעצטע יאָהרען, וואָס איך האָב פערלאָזען אָדעס. יאָ, ר' מענדעלי האָט ליעב צו לייענען זיינע שריפטען אין כתב־יד זיינע גוטע פריינד, און אַמאָל אויך גלאַט גוטע בעקאַנטע. ר' מענדעלי'ס כתב־יד! איך האָב אויף מיין לעבען, דוכט זיך מיר, שענערס ניט געזעהן. פשוט אַן עבירה צו דרוקען. די האַנדשריפט איז כמעט אַזוי שעֲן, ווי דער אינהאַלט. עס ווייזט זיך אויך אויס, אַז דאָס זענען ניט קיין שורות מיט אותיות, נור שנורען קליינע, וואונדערשעֲנע פעריל.

הערען ר' מענדעלי'ן לייענען זיינע זאַכען איז איינע פון די גרעסטע תענוגים, וואָס מען קאָן האָבען. דענסמאָל פיהלט איהר

און הערט ניט נור דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר אָבער אויך דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט זאָגען און וואָס איז איבערגעבליבען בײַ איהם אין דער נשמה. דער לייענען זיינער איז אַ מין פּירוש אויף יעדען וואָרט, אויף יעדען זאַץ. וואָרום ר׳ מענדעלי שרייבט תמיד בשתּי אנפּין. תמיד איז דאָ אַ רמז, תמיד אַ ניט דערמאָלטער טיעפער פּאָן, וואָס זעהט זיך עפּיס וויים, ווייט בעדעקט מיט אַ נעבעל. אַ קנייטש מיט׳ן שטערן, אָדער מיט דער נאָז, אַ פינטעל מיט די קלוגע, קורציכטיגע אויגען — און ניט נור איהר פערשטעהט, איהר זעהט בחוש דעם רמז, דעם נמשל. עס טרעטען אַרויס פאַר אײַערע אויגען לעבעדיגע בריאות מיט אַלע זייערע העויות, און איהר זעהט פאַר אײַך די גאַנצע אָבגעמאָלטע וועלט, גלײַך ווי זי לעבט, ריהרט זיך מיט אַלעמען, וואָס איז אַרום איהר. ר׳ מענדעלי׳ס לייענען איז בכלל פּרימיטיוו, איינפאַך, כּמדבּר איש אל רעהו, אַפילו ווען ער לייענט פאַר אַ גרויסען עולם בּפומבּי. און אין דער נאַטירליכער איינפאַכקייט ליגט די גאַנצע שעַנקייט פון זיין לייענען, וואָס איז באמת מייסטערהאַפט. איין חסרון: אַז איהר האָט געהערט די זאַך לייענען מפּיו של מענדעלי אין כּתב יד, איז דער רושם דערנאָך, אַז איהר לייענט עס אָבגעדרוקט, אָפּט שוואַכער. און עס דאַרף אַוועקגעהן אַ צייט, איך זאָל נאָך אַמאָל פיהלען די פריהערדיגע שעַנקייט אין דער אָבגעדרוקטער זאַך. אָבער תמיד, ווען איך לייען איהם, זעה איך איהם אַליין, ר׳ מענדעלי׳ן שיחיה, פאַר זיך, הער זיין ליעבען קול, זעה זיין קנייטשען מיט׳ן שטערן, זײַן דרעהען מיט דער נאָז, זיין פינטלען מיט די גוטמוטיגע קלוגע אויגען, זיין איראָניש אָדער סאַרקאַסטיש שמייכעלע, וואָס מען קאָן קיינמאָל ניט פערגעסען.

אַז מען מאַכט איהם אַ בעמערקונג, שפּאַרט ער זיך שטאַרק אין אָנהויב, אָבער דערנאָך פערבעסערט ער, אויב די בעמערקונג איז אַ ריכטיגע.

טרויעריג, אָבער אויך וואַרים און זיס ווערט מיר אויפ׳ן האַרצען, אַז איך דערמאָן זיך אָן ר׳ מענדעלי׳ס קאַבינעט, צום מיינסט אויף דער געוויסער באַזאַרנע גאַס, וואו עס איז געוועזען אַמאָל די אַלטע תּלמוד־תּורה, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט איהר אייגען הויז. איך האָב מיך אויך בעזעצט אויף דער באַזאַרנע. וואָס איז זעהר לאַנג — אַ ווערסט לערך און פּונקט אויפ׳ן אַנדער׳ן עק — נאָהענט שוין דער ים.

— נאַ, איצט זענען מיר שכנים, האָט מיר ר׳ מענדעלי געזאָגט, אַז איך בין צו איהם געקומען: וועט מען קענען אַמאָל שיקען לייהען איינער ביים אַנדערן מילכיגע לעפעל, אַ יויך־טעפּיל און כּדומה, אַזוי ווי סע פיהרט זיך צווישען שכנים. — און דערבײַ דאָס בעקאַנטע שמייכעלע אויף די דינע ליפען, וואָס אין דעם ליגט אַלץ.

אין דער צײַט איז ר׳ מענדעלי נאָך געוועזען אַליין ווייט פון אַלעמען, פון די אונזעריגע, הייסט עס. איך בין געוועזען דענסמאָל כמעט פון די ערשטע אין אָדעס — פון די שרייבערס, הייסט עס, — וואָס איך פלעג אָפּט צו איהם אַריינגעהן און האָב מיך מיט איהם בעפריינדעט.

אמת, דענסטמאָל, איז אַחוץ ליליענבלום, וואָס מחמת זיין פערביטערטען אינערן לעבען האָט ער קיינמאָל ניט שטאַרק ליעב געהאַט זיך צונויפצוקומען און האָט זיין גאַנץ לעבען כמעט ניט געוואוסט פון שבת אַחים גם יחד, איז נאָך אין אָדעס קיינער ניט געוועזען. אחד העם האָט שוין יאָ געוואוינט אין דער צייט אין אָדעס, אָבער ער איז נאָך ניט געוועזען „אחד העם“, ווייל ער האָט נאָך ניט אָנגעהויבען צו שרייבען, און קיינער האָט פון איהם נישט געוואוסט, אַחוץ אַ קליינעם קרייז פון משכּילים.

בײַ ליליענבלום׳ען האָב איך בעגעגענט ראַבניצקי׳ן, וואָס פלעגט אָפּט צו איהם אַריינגעהן. ער איז מיר פון׳ם ערשטען מאָל שטאַרק געפעלען, און איך האָב מיך צו איהם שטאַרק צוגעבונדען, אַזוי אַז ער איז געוואָרען בײַ מיר אַ בן בית און פלעגט כמעט אַלע טאָג צו מיר אַריינגעהן. און דורך זי׳ן ליעבליכען כאַראַקטער, זיינע אידעלע אײַנפאַלען און אמת׳ע ליעבע צום פאָלק און אויך זיין שטאַרקער חבּת ציון איז ער מיר אַלץ געוואָרען נאָהענטער. אַז ער האָט אָנגעהויבען מאַכען פלענער וועגען אַרויסגעבען זאַמעלביכער אין אָנהויב אין יידיש און נאָכדעם אין העברעאיש — דעם „פּרדס“, האָב איך איהם בעקענט מיט ר׳ מענדעלי׳ן. און אַזאַ גליק האָט שוין דער דאָזיגער „רויטיטשקער“ (ווי מיר רופען איהם), אַז ער האָט ביים זיידען אויך שטאַרק נושא חן געוועזען, און ער האָט איהם ניט אָבגעזאָגט קיינמאָל אין קיין שום זאַך. און אַז ראַבניצקי איז געוואָרען „משל לאדם שיש לו פּרדס“, האָט איהם דער זיידע געגעבען פאַר זיין „פּרדס“ איינִיגע פון זיינע בעסטע און שענסטע פלאַנצען, און וואָס מיר האָבען אַלע, פערשטעהט זיך, פריהער געהערט לייענען אין כּתב יד.

פון דענסטמאָל אָן איז רבניצקי אויך געוואָרען איינער פון די נאָהענטסטע צום זיידען. אַזוי האָט זיך אין אָדעס פערוויקעלט דענסטמאָל דער סופרישער קנויל, וואָס איז אַלץ געוואַקסען און געוואַקסען, אַלעמאָל צוציהענדיג נייע כּוחות. באַלד איז צוגעקומען אחד העם, וואָס איז פּלוצלינג בין יום ובין לילה אויסגעוואַקסען אין אַ אומגעוועהנליכער ערשיינונג מיט זיינע „פּרורים“, „תּורה שבּלב“, „הכּוהנים והעם“, וכדומה. דערנאָך האָט זיך אין אָדעס בעזעצט דובנאָוו, דענסטמאָל נאָך אַ האַרטנאַקיגער אַסימילאַטאָר און קאָסמאָפּאָליט, וואָס איז אָבער גיך בטל געוואָרען בששים. דאַן לעווינסקי — ואחרון אחרון חביב. דער לעצטער איז צוגעקומען דער יונגסטער און דער גרעסטער, וואָס איז אַלע איבערגעוואַקסען, — ביאַליק בכבודו ובעצמו. און אַזוי איז די שטאָדט, וואָס איז ווייטער, ווי אַלע, פון יודישקייט, וואו אַפילו דאָס געמיינע פאָלק איז אויך אין גרעסטען טייל אַסימילירט און וואו נאָך מיט אַ יאָהר פופצעהן צוריק האָט מען שוין געקאָנט געפינען יודישע „באָסיאַקעס“ און הונדערטער קינדער, וואָס ווייסען ניט, וואָס איז אַן אַלף, די שטאָדט, וואָס אַליין האָט זי ניט געשאַפען אַפילו דעם מינדעסטען ספר, — געוואָרען דער צענטער. פון די שענסטע און בעסטע יודישע סופרישע קרעפטער

אָבער איך בין אַ ביסעלע פערלאָפען צו ווייט.

III

יאָ, ר׳ מענדעלי׳ס קאַבינעט, — דאָס איז געוועזען פאַר אונז אַ מין מקום קדוש און מקום תּורה, וואו מען פיהלט זיך אַזוי וואַרים, אַזוי וואַרים און אַזוי ליעבליך און אויך אַזוי ווייט פון דער געמיינער טעגליכער וועלט. צום בעסטען האָט מען זיך דאָרט געפיהלט שבת אָדער יום טוב. וואָרום שבת איז ר׳ מענדעלי גאָר אַן אַנ־

דערער, אַ שבת׳דיגער, און דעם עונג שבת איז אינגאַנצען אויסגעגאָסען אויף זיין פּנים, און יום טוב איז ער אַ יום טוב׳דיגער, אַ ווייכער, אַן אויפגעלעגטער, מיט׳ן גוטען יום־טוב׳דיגען שמייכעל אויפ׳ן פּנים. מען דאַרף נישט פערגעסען, אַז ר׳ מענדעלי איז קודם כל אַ תלמיד חכם, אַ למדן און אַ חריף. אַז מען פערגעמט זיך ניט מיט ליטעראַטור, שלעפּט ר׳ מענדעלי אַרויס דעם תנכ״ל אָדער אַ מדרש אָדער גאָר אַמאָל אַ גמרא, נאָר אָפטער זיין טייערן ליעבלינג — דעם תנכ״ל, און הויבט אַיך אָן ווייזען חידושים, אָנווייזען שווערע, ניט פערשטענדיגע ערטער, וואו עס איז כלה מוקשה, ניט גלאַטיג... און דערנאָך, אַז איהר זעהט שוין גוט, אַז איהר וועט פון דעם פּסוק ניט אַרויסקריכען, הויבט אַיך אָן ר׳ מענדעלי צו בעלייכטען און דערקלערן דעם ענין, פערגלייכענדיג מיט צוואַנציג אַנדערע פּסוקים אָדער ווערטער — און פּלוצלינג ווערט אַיך די זאַך אַזוי קלאָר און עס ווערט אַייך אַזוי ליכטיג אין די אויגען, אַז איהר שפּרינגט אונטער פון התפּעלות. יאָ, אין דערקלערען און בעלייכטען די שווערסטע ערטער אין תנ״ך איז ר׳ מענדעלי איינער פון די גרעסטע און שאַרפסטע מייסטערס — ער האָט אַזוינע רייכע און טיעפע איינפאַלען אין דעם ענין, אַז אָפט בעוואונדערט איהר אין איהם דעם גרויסען חריף, ווי דעם גרויסען קינסטלער. עס איז באמת אַ גרויסער שאָדען, וואָס ר׳ מענדעלי האָט נישט געמאַכט קיין פאָרלעזונגען פון תנ״ך פאַר יונגע לייט, אַזוי ווי מיר האָבען איהם אָפט פאָרגעלעגט. נאָך מעהר שאָדען איז, וואָס אַלע זיינע גלענצענדע דערקלערונגען זענען ניט פערשריבען געוואָרען און וועלען אַזוי פערגעסען ווערען.

די ביבעל־קריטיק האָט ר׳ מענדעלי, גליך מיט אַלע אַנדערע אמת׳ע גרויסע קענער פון תנ״ך, פיינט בתכלית השנאה און מאַכט פון איהר תמיד תוכא וטלולא. אַ שען פּנים קאָן האָבען ביי אַזאַ טיעפען למדן, ווי ר׳ מענדעלי, דער „דייטש" מיט זיינע פּירושים אויף תנ״ך.

און דער גרויסער למדן, וואָס איז בקי אין תנ״ך און אין ש״ס, ווי אַ יוד אין אשרי, אַז ער שרייבט, איז ער תמיד אַרומגערינגעלט מיט מדרשים, עין יעקב, פערשיידענע מסכתות און כדומה. און אָפט מאַכט זיך, אַז ער זוכט דעם נויטיגען פּאַסיגען אָרט עטליכע טעג!

אוי, ווי וואויל האָט מען זיך געפיהלט ביי ר׳ מענדעלי ביי זיין שרייבטיש! און וואָס פאַר אַ וועהמוט און וואָס פאַר אַ טיעף בענקעניש כאַפּט מיך אָן איצט, אַז איך דערמאָן מיך אָן די דאָזיגע גוטע זיסע יאָהרען!

ביז צוועלף ביינאַכט אָבזיצען ביי ר׳ מענדעלי׳ן איז געווען גאָר אַ געוועהנליכע זאַך. ס׳פלעגט זיך מאַכען אָפט, אַז מען איז אָבגעזעסען אינאיינעם ביז צוויי. און אויך עד עלות השחר. ביי ר׳ מענדעלי׳ן אָבזיצען אָדער גאָר שפּאַציערען אַ גאַנצע נאַכט — איז גאָרניט.

ר׳ מענדעלי׳ס שמועס איז בכלל רייך מיט טיעפע און ריכטיגע בעמערקונגען, שענע, גלענצענדע איינפאַלען, אַרויסגעזאָגט כמעט תמיד אין אַ גלענצענדער פאָרם, אָפט בדרך משל, וואָס איז שוין פאַר זיך אַליין אַ שען, אָפט גלענצענד בילד. און דערביי תמיד די פיינסטע איראָניע און דער אידעלער וויץ.

ר׳ מענדעלי איז ניט קיין סיסטעמאַטישער שטרענג לאָגישער דענקער. ער האָט אויך אפשר ניט קיין אָבגעשטעלטע גענויע וועלטאַנשויאונגען. דענקען דענקט ער תמיד, און יעדע זאַך, וואָס ער זעהט, וועקט אין איהם תמיד אויף אַ געדאַנק, אַ בעמערקונג. ער לאָזט כמעט ניט איין זאַך דורך אומבעמערקט. אָבער די אַלע געדאַנקען שטעהען זיך בעזונדער איינער פון דעם אַנדערן, זענען נישט געבונדען איינער מיט דעם אַנדערן — זיי זענען איינפאַלען, בליצען, און דעריבער זענען זיי אָפט סותר איינער דעם אַנדערן. און עס קומט פיעל מאָל פאָר, אַז ר׳ מענדעלי צעשטערט היינט דאָס, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט נעכטען. אין דעם פּרט איז ער אַן אמת׳ער קינסטלער, וואָס איז גאַנץ גלייכגילטיג צו אַ געוויסען אָבגעשטעלטען אמת מוחלט. ניט נור ער זוכט איהם ניט, דעם דאָזיגען אמת, נאָר עס קאָן אויך זיין, אַז ער גלויבט ניט שטאַרק, אַז עס איז דאָ אַזאַ אמת. איש איש ואמת שלו, דור דור ואמת שלו. און אַזוי אויך אין אַנדערע זאַכען.

מען האָט זיך, אַשטייגער, געחקירעט, צי איז מענדעלי אַ ציוניסט צי ניין. אויף דעם איז דאָ איין ענטפער: ר׳ מענדעלי איז אַ יוד, אַ יוד דורך און דורך, בכל לב ונפש, ער איז אין אַלעמען אַ יוד, און נור אַ יוד, אויך אין זיין קונסט, אין זיין ליעבע צו דער נאַטור. אַנדערש קאָן ער גיט זיין. מיר האָבען, דוכט מיר, ניט אַזאַ שרייבער, וואָס זאָל אין זיך אַזוי כולל זיין דעם גאַנצען יודען, ווי ר׳ מענדעלי. ער איז אַ צו גרויסע און שטאַרקע פּערזענליכקייט, עס זאָל צו איהם קענען צישטעהן עפּיס פרעמדס. זאָל זאַמד צושטעהן צו אַ פעלז... און דער יוד, דער אמת׳ער, ניט דער געקינסטעלטער, דער היינטיגער, האָט קיין מאָל ניט געחקירעט וועגען דעם, וואָס איז אַ יוד, פאַרוואָס דאַרף מען זיין אַ יוד און כדומה — דאָס אַלץ זענען שאלות, וואָס הויבען זיך אָן דענסטמאָל, אַז מען וויל אָנהויבען אַרויסקריכען פון דער יודישקייט.

ר׳ מענדעלי געהט זיך אויך אין דעם ענין זיין וועג אָהן שאלות און האָט גאָר פיינט בתכלית השנאה די אַלע חקירות, אַזוי ווי ער האָט אויך פיינט אַלע עטיקעטען מיט צונעמענישען פון פּאַרטייען. אַ יוד איז אַ יוד.

קיין אידעאַליסט איז ר׳ מענדעלי ניט. דערויף איז ער צו פּקח, צו קלוג און תמיד גענויגט צו זעהען די שוואַכע און אַמאָל אויך די לעכערליכע זייט פון יעדער אידעע. מען קאָן אויך ניט זאָגען, אַז ער איז גאַנץ מאַטעריאַליסטיש גענויגט, דערויף איז ער צופיעל דער איש הרוח. פונדעסטוועגען ריהרען איהם מעהר די מאַטעריעלע ליידען. ער זעהט דורך און דורך די גייסטיגע נויט, די גייסטיגע אָרימקייט, נור זי ריהרט איהם ווייניגער. ער איז דאָ אויך מעהר קינסטלער און נישט קיין בעל מלחמה פאַר דעם אָדער יענעם געדאַנק. ער איז אויך אין דעם ענין דער אמת׳ער יוד, וואָס לאָזט קיינמאָל ניט צו דעם געדאַנק, אַז דאָס יודישע פאָלק קאָן אונטערגעהן אַמאָל — „אַ שען פּנים וואָלט געהאַט גאָט אָהן יודען" — האָט ער איינמאָל געזאָגט. די אייביגקייט פונ׳ם יודען ליגט טיעף, טיעף ביי איהם אין האַרצען, און דעריבער קוקט ער זיך אָפּט קאַלטבלוטיג דאָרט, וואו ביי אַנדערע ווייזט זיך אַרויס אַ שרעקליכער יאוש. אין זיינע ווערק איז כמעט ניטאָ אַ סימן פון השכלה. פערקעהרט, ער איז דער איינציגער, וואָס האָט נישט „געוועקט" דאָס „שלאָפענדיגע" פאָלק, האָט איהם קיינמאָל קיין מוסר געזאָגט, ניט אויסגעלאַכט, ווי גאָר־

דאָן אָדער אַפילו סמאָלענסקין, זיינע „נאַרישע" מנהגים, זיין ווילדקייט און כדומה. ער האָט, פֿערקעהרט, אַ הייסע ליעבע צו אונזערע מנהגים און האַלט זיי פֿאַר דער גרעסטער קראַפֿט, וואָס שטאַרקט און האַלט פעסט דאָס יודישע פֿאָלק. „דאָס פֿלעדיל", „דער המן־טאַש" מאַכט מעהר יודען, ווי אַלע ביכלעך מיט אַלע רעדעס, אַפילו מעהר ווי די יודישע געשיכטע", זאָגט ער אָפֿט. זיין ליעבע צו שבת און די ימים טובים האָבען גאָר קיין גרעניץ. זיי זענען ביי איהם די טייערסטע ירושה אונזערע. פֿונדעסטוועגען קאָן מען ניט זאָגען, אַז די השכלה האָט גאָר אויף איהם ניט געווירקט, אין אָפֿט טרעט אין איהם אַרויס דער משכיל אין לעבען און אין די געדאַנקען. דאָ איז אָבער אויך דאָס אייגענע: עס איז לויטער אַיינפאַלען, אַלץ בערבוביה. און איהר געפֿינט אין איהם דבר והפוכו. שטאַרק און פֿעסט איז דאָך זיין ליעבע צו דער אַלטער יודישקייט. דער תלמוד און די תנאים פֿערגעטערט ער. און לאָז נאָר עמיצער פרובען זיי אָנריהרען! נאָך שטאַרקער איז זיין ליעבע צו משה'ן און צום אלהי ישראל.

איינמאָל האָט איינער גערעדט אין אַ פֿערזאַמלונג וועגען דעם „ויסענשאַפֿטליכען", און דעם „לעגענדאַרישען" משה.

ר' מענדעלי איז געוועזען אַזוי אויפגעבראַכט פֿון דער „פלאַפלעריי", אַז עטליכע טעג האָט ער זיך ניט געקאָנט בערוהיגען. און דער כעס אויפ'ן רעדנער איז אין איהם געוואַקסען מיט יעדען טאָג. יאָהרענלאַנג האָט ער איהם ניט געקאָנט מוחל זיין דעם חלול השם, וואָס האָט איהם טיעף געקרענקט.

די ציוניסטישע סטודענטען פֿון אָדעסער אוניווערסיטעט פֿלעגען מאַכען חנוכה אַן אָבענד פֿאַר אַלע יודישע שריפֿטשטעלער. אויף איין אָבענד, וואו ר' מענדעלי איז נישט געוועזען, ווייל ער איז דעמאָלט געלעגען קראַנק, איז אַרויסגעשפּרונגען עפּיס אַ יונגעל אַן עזות פנים מיט אַ רעדע, וואָס ער האָט אָנגעהויבען מיט אַזעלכע ווערטער: „מיר פֿייערן ניט די גבורים, וואָס האָבען מלחמה געהאַלטען פֿאַר'ן יודישען גאָט. דעם יודישען גאָט ווילען מיר ניט קענען. שוין צייט לאַנג מאַכען אַן ענדע מיט דער נאַרישקייט". דעם בחור האָט מען באַלד, פֿערשטעהט זיך, אָבגעשטעלט.

אויפ'ן אַנדערן טאָג בין איך געקומען אין דערפֿריה צו ר' מענדעלי'ן, וואָס איז געלעגען אין בעט. אַז איך האָב איהם איבערגעגעבען די ווערטער פֿונ'ם בחור, איז ער אויפגעשפּרונגען פֿון בעט פֿערציטערט. אין דעם שרעקליכען צאָרן איז אויך געוועזען אַ שטאַרק געפֿיהל פֿון וועהטאָג, גלייך עס וואָלט געטראָפֿען אַ גרויסער אומגליק. מיט פֿייערדיגער שנאה און עקעל האָט ער גערעדט פֿון דעם נייעם מין ציוניסטען און נאַציאָנאַליסטען, וואָס לייקענען אָב די יודישקייט: „וואָס טויג מיר זייער ארץ ישראל אָהן דעם אלהי ישראל?" — טענ'עט ער תמיד.

דאָ ווייזט זיך ביי איהם תמיד אַרויס די פֿייערדיגע נביא'שע קנאה לאלהי ישראל, וואָס ליגט אַזוי טיעף אין דער יודישער נשמה. עס קאָן זיין, אַז אַמאָל ביי חקרנ'ען זיך זאָל ר' מענדעלי עפּיס אַרויסזאָגען, וואָס זאָל זיין פּונקט דער היפוך. וואָרום דער ויידע נאַרט זיך אַליין אָפֿט, און דער פּלוצלינגדיגער איינפֿאַל זאָגט איהם אַמאָל דאָס, וואָס איז גאָר גאָר ווייט פֿון זיינע אמת'ע געפֿיהלען, וואָס זענען טיעף, טיעף איינגעוואָרצעלט אין זיין גרויסער יודישער נשמה.





IV

טיעף, שאַרף, אמת, און אָפֿט גלענצענד זענען דעם ר' מענדעלי'ס אַלע בעמערקונגען און איינפֿאַלען וועגען ליטעראַטור, — בכלל וועגען שרייבען, און בפֿרט וועגען דעם, וואָס מען זאָל ניט שרייבען. „די גרעסטע קונסט, זאָגט מענדעלי, איז אין דעם, וואָס מען זאָל ניט זאָגען, אינ'ם אַרויסוואַרפֿען". און נאָך זאָגט ר' מענדעלי: „איזהו גבור? הכובש את הגלייכווערטיל". דער שרייבען איז ביי איהם אַן עבודת הקודש, אַ כהונה, דאָס הייסט דאָס, וואָס עס דאַרף זיין ביי יעדערן. ער אַליין איז זיך צו דעם מכין, ווי דער כהן גדול פֿאַר יום כפור, אַז ער האָט געדאַרפֿט אַריינגעהן אין קדשי קדשים.

מיר האָבען אַמאָל גערעדט וועגען אַ שרייבער, וואָס שרייבט אומעטום: אויפ'ן בולוואַר, אין טראַם, אין וואַגאָן, אין אַ קאַפֿע און כדומה.

— איך דערמאָן מיך, האָט געזאָגט ר' מענדעלי, אַז איך בין געוועזען אַ יונגעל פֿון אַ יאָהר נייען, בין איך געקומען איינמאָל צו לויפֿען אַהיים פֿונ'ם חדר עסען וואַרימעס. ביי דער טיר האָט מען מיך אָבגעשטעלט, מאַכענדיג מיט די הענד און ווינקענדיג מיט די אויגען, מיט אַלע אברים: „שאַ, שטיל!" און מען האָט מיך אַפֿילו ניט געלאָזט אַליין פֿערמאַכען די טיר, איך זאָל, חלילה, ניט אַ קלאַפּ טון. איך קום אַריין אין שטוב אַריין. אַלע געהען אויף די שפּיץ פֿינגער, און מען שושקעט זיך שטילערהייד, ביי אַלעמען אַנגסטען אויפ'ן פּנים. אַלעמאָל קומט אַריין עפּיס אַ יודענע פֿון צווייטען צימער, זאָגט עפּיס אין אויער אַריין און ווערט באַלד אַנטרונען. וואָס איז? — די מאַמע איז געגאַנגען צו קינד.

פּלוצלינג, אַזוי ווי איך זיץ דאָ בעגראָבען אין געהאַקטע וואונדען אין אַ ווינקעלע, שפּרינגט אַריין פֿון דער קיך אַ הוהן, גיט אַ דרעה מיט'ן עק אַהין און אַהער — און לעגט אַן איי טאַקע דאָ אין מיטען שטוב פֿאַר אַלעמען... אַז עס דאַרף געבוירען אַ מענש — איז עס מיט וועהטאָגען, מיט הכנות — און דאָ — אַ היהנדעל: ציפּ־ציפּ — און גאָרניט". אויף איינינגע שרייבער, וואָס פֿערפֿלייצען די וועלט מיט מאמרים, האָט ער געזאָגט: „מען האָט אויף זיי אין הימעל מכריז געוועזען, זיי זאָלען זיין וואַסערפֿיהרער. האָבען זיך, אַפּנים, זכות אָבות בעמיהט, האָט מען זיי געמאַכט פֿאַר שרייבער..."

עס איז אָבער אַ מערקווירדיגע זאַך. מיט זיין גאַנצען גרויסען פֿערשטאַנד און מבינות קומט כמעט קיינמאָל ניט פֿאָר, אַז ר' מענדעלי זאָל גלייך אָנערקענען אַ גרויסען טאַלאַנט. עס האָט געדויערט עטליכע יאָהר, ביז ער האָט אָנערקענט דעם קעניג פֿון אונזערע משוררים — ביאַליק'ן. אין אָנהויב האָט ער איהם איינגאַנצען כמעט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנד, אַפֿילו נאָכ'ן „מתמיד" און נאָך „אַריה בעל גוף". אַפֿילו די שרעקליכע ערשיטערנדע „בעיר ההריגה" האָט אויך ניט אויסגענומען ביים זיידען. ער האָט אין איהר געפֿונען „אַכזריות" אין די ערטער, וואו די טראַגיקע פֿון דער אָהנמאַכט טרעט אַרויס אין איהר גאַנצער שרעק. ער האָט ניט בעמערקט, אַז אין דער „אַכזריות" ווייזט זיך אַרויס דעם משוררס מעכטיגע ליעבע, אפֿשר מעהר, ווי אומעטום. אָבער האָט ער שוין אָנערקענט ביאַליק'ן, האָט ער זיך צו איהם צוגעבונדען מיט דער גאַנצער נשמה. און איצט אין אָדעס, נאָך דעם, ווי דער גרויסער און שענער בית־

המקדש פון אונזערע סופרים איז חרוב געוואָרען, אַ טייל זענען גאָר
אַוועקגעגאַנגען אויף אייביג, און אַ טייל זענען זיך צעפּאָהרען און
פערוואָרפען געוואָרען בכל קצוי תבל. איז דאָרט איבערגעבלי-
בען נאָך דער ענגער היילינגער דריי-בונד — דער זיידע שיחיה,
זיין גרויסער איניקעל ביאַליק און דער „רוטיטשקער", ראַבניצקי
הייסט עס.

פון אַלע ביאַליק'ס זאַכען איז ר' מענדעלי מעהר נתפעל
געוואָרען פון זיין „הברכה", וואָס איז באמת די שענסטע לי-
רישע פּאָעמע ניט נור אין דער העברעאישער, נאָר אפשר אויך
אין דער גאַנצער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. איך קען ניט קיין איין
זאַך אין אַלע ליטעראַטורען, וואָס זאָל קענען זיך גלייכען מיט
דער העכסטער שענקייט פון בעשרייבונגען פונ'ס וואַלד און דעם
צווישען די געדיכטע ביימער בעהאַלטענעם טייכעל. עטליכע מאָל
האָט ר' מענדעלי גערעדט פון דער „הברכה" מיט גרויס התפעלות.
פערגלייכענדיג די „ברכה" מיט דער „מגלת האש", וואָס איז
אָבגעדרוקט געוואָרען פריהער, האָט ער געזאָגט: „ואתא מיא וכבא
לנורא".

און אַזוי ווי ר' מענדעלי קוקט אָפּט עפּיס מיט אַמין חשד
אויף אַ נייעם גוטען ווערק, קאָן זיך מאַכען, אַז ער זאָל אַמאָל
שטאַרק לויבען גראַד גאָר אַ שוואַכע זאַך. אַז יעדער באַראָן האָט
זיין פאַנטאַזיע, מעג אַ גרויסער שרייבער אודאי האָבען זיינע.
דערצו איז דער זיידע, דער גרויסער חכם, אָפט אַן אמת קינד,
וואָס מען קאָן איהם פערנאַרען מיט אַלעקעכיל. און קומען ביז
צו די עלטערע יאָהרען און נאָך זיין אין פיעל זאַכען אַ קינד, איז
איינע פון די מעלות, וואָס מען געפינט זיי היקא נור ביי גרוי-
סע מענשען. דאָס קינד מיט דעם שאַרפען חכם, דער פּאָעט,
דער גרויסער בעל-מחשבות מיט דעם ערגיץ אין דער טיעף בע-
האַלטענעם קאַלטען בר שכל שטויסען זיך אָפט אָן איינער אָן
דעם אַנדערן, האַלטען אָפט מלחמה איינער מיט דעם אַנדערן.
און דערפון קומען אַרויס די היפוכים, וואָס איך האָב שוין
אויבען פון זיי גערעדט. אָבער סוף כל סוף איז גובר דער גרוי-
סער יוד און דער גרויסער קינסטלער. און אַז ר' מענדעלי רעדט
אַמאָל רוהיג איבער די ווערק, הערט מען אָפט נתפעל פון זיינע בע-
מערקונגען. ער זעהט און בעמערקט אַזוינע שטריכען, וואָס קיי-
נער האָט גאָר פון זיי ניט געדענקט.

V

איך קלער ניט, חלילה, זיך דאָ צו פערנעמען מיט ר'
מענדעלי'ס „פסיכאָלאָגיע". „איהר ווייסט, וואָס הייסט פסיכאָלאָגיע?"
— האָט מיר אַמאָל ר' מענדעלי געזאָגט: „דאָס הייסט יענעם אריינ-
קריכען אין די געדערים". ר' מענדעלי'ס פערגלייכענישען, זיינע
גלייכווערטלעך, זיינע איראָנישע בעמערקונגען, זיינע וויצען! אַ
גאַנצער אוצר וואָלט דאָס געוואָרען, מען זאָל זיי געוועזען פער-
שרייבען. עס איז פאַראַן אַ גאַנץ בוך, וואָס הייסט „ליטערס טיש-
רעדען". דאָס האָבען זיינע חסידים פערשריבען אַלץ, וואָס ער פלעגט
זאָגען ביים טיש צווישען גוטע פריינד כטוב לבו ביין. פאַרוואָס
זאָל מען דאָס נישט טון מיט ר' מענדעלי'ן? עס איז נאָך איצט ניט
שפּעט, און אַלע אונזערע וואָלטען געדאַרפט אָנהויבען פערשריי-
בען דאָס, וואָס זיי געדענקען.

עס איז אָבער אַ ריינער אומגליק מיט זיי, מיט די אַלע
פערגלייכענישען, גלייכווערטלעך און כדומה. געוועהנליך ליגען זיי
ערגיץ טיעף בעהאַלטען. פיהלען זיי נור, אַז מען וויל זיי צונויפ-
נעמען, צעפליהען זיי זיך, ווי די פייגעלעך אין אַלע זייטען — און
געה כאַפּ זיי.

אָט האָט איהר עטליכע אַלס ביישפּיעל.

דער געוועזענער „קאַזיאָנער" רב גורלאַנד, וואָס איז גע-
וועזען בעקאַנט מיט זיין קנעכטשאַפט און קריכעריי פאַר דער נאַ-
טשאַלסטווא, איז, ווי בעקאַנט, געשטאָרבען אין שול אין מיטען
אַ „פּאַטריאָטישער" רעדע אין אַ פייערליכען טאָג: „אַן אמת'ער
צדיק, האָט ר' מענדעלי געזאָגט, — טאַקע יצאה נשמתו באורא,
וואַשע בלאַגאָראָדיע".

מען האָט עפּיס גערעדט פון איינעם, האָט ר' מענדעלי'ס
פרוי געזאָגט, אַז ער איז אַ יוד.

— ביי מיין ווייב, בעמערקט ר' מענדעלי, זענען אַלע יו-
דען; זי ווערט באַלד זאָגען, אַז איך בין אויך אַ יוד.

איין מאָל זאָגט מיר ר' מענדעלי, אַז איך בין צו איהם גע-
קומען: „איך האָב אייך געוואָלט עפּיס דערצעהלען. איז דאָס
אָבער זעהר אַ גרויסער סוד. ווייסט איהר שוין דאָך מן הסתם"...

איין מאָל בין איך אַוועקגעגאַנגען פון איהם מנחם אבל זיין
אַן אַלטען לעהרער, וואָס ביי איהם איז די ווייב געשטאָרבען. אַז
איך בין געקומען צוריק, ווענדט זיך צו מיר ר' מענדעלי: „נאַ
דער אבל האָט אייך אַ ביסעל מנחם געוועזען"...

דאָס איז נאָך ניט דער גאַנצער מענדעלי שבעל פה. בכל
גדלו ותפארתו טרעט אַרויס דער גרויסער ר' מענדעלי מיט דער
גרויסער קינסטלערישער נשמה זיינער, אַז איהר בלייבט אַמאָל
אַליין מיט איהם אין זיין קאַבינעט אָדער צווישען דער שענער
ליעבער נאַטור, אַז ער נעמט אַ רויז אין די הענד און שמעקט זי,
און די שכינה לאָזט זיך אַראָב אויף איהם.

איינמאָל ווינטער אין אַ גרויסען פראָסט און אין אַ גרויסען
טיעפען שניי, וואָס איז געלעגען אויף די גאַסען, ווי לאַנגגע הוי-
כע בערג, פערשטעלענדיג אינגאַנצען די שיין אין די ניט-הויכע
הייזער, האָב איך געכאַפּט אַ שליטעלע און בין אַראָבגעפאָהרען
מבקר חולה זיין דעם זיידען, וואָס איז געוועזען דענסטמאָל זעהר
קראַנק און האָט געליטען גרויסע שמאַרצען.

איידער איך בין אַריינגעגאַנגען צום קראַנקען, האָט מיך
די פרוי געבעטען, איך זאָל איהם נישט לאָזען רעדען אַ סך, ווייל
דאָס שאַדט איהם. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט ביים בעט נע-
בען קראַנקען ביראה ופחד, איך זאָל איהם חלילה נישט בעאומ-
רוהיגען, און גערעדט שטילערהייד, אַזוי ווי ס'פיהרט זיך. דער
זיידע האָט אויך גערעדט שטילערהייד מיט אַ שוואַכען קול, מיט
אַ קרעכץ צייטענווייז. און דרויסען האָט געפייפט און געבלאָזען
דער שרעקליכער צפון-ווינט, אַזוי אַז אַלץ האָט געציטערט. דער
שניי איז געפאַלען אַזוי געדיכט, אַז עס האָט אויסגעוויזען, אַז
אונטער די פענסטער שטעהט אַ הויכע ווייסע וואַנט.

ר' מענדעלי האָט זיך קרעכצענדיג אומגעקעהרט, אַ קוק
געטאָן צום פענסטער און דערזעהען דעם ווילדען בילד פון דער
שרעקליכער ווינטערדיגער נאַטור.

„קול ד' שובר ארזים, משבר ד' את ארזי הלבנון", — האָט
ער אָנגעהויבען שוין גאָר מיט אַן אַנדער קול, און זיין בלייך פּנים
איז פלוצלינג בעלויכטען געוואָרען, און אין די אויגען האָט זיך
בעוויזען אַ פייערל.

„זייערע בּילדער!“ האָט ער אָנגעהויבּען ווייטער, אויפהויבּענדיג אַ בּיסעל דעם שעָנעם גרויזילבּערטען קאָפּ, און בּעגייסטערט האָט ער אָנגעהויבּען הויך ציטירען שטיקער פון תּהלים, פון די נביאים, אַלץ בּילדער פון דער נאַטור. און וואָס מעהר ער האָט ציטירט, האָט ער זיך אַלץ מעהר בּעגייסטערט, אַלץ מעהר אַריין אין עקסטאַז. איך קען גוט די אַלע ערטער, איך בּעוואונדער זיי כּמעט אַלע טאָג, אָבּער דענסטמאָל, אַז איך האָבּ זיי געהערט, ווי זיי זענען אַרויס פונ'ם בּעגייסטערטען זיידענס מויל, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער זיי דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָבּ נור איצט פערשטאַנען זייער גרויסקייט און שעָנקייט. און ר' מענדעלי אַליין האָט זיך אויפגעהויבּען יעדע מינוט העכער, העכער, אַלץ געוואַקסען אין מיינע אויגען, און געוואַקסען האָט אויך אין איהם די בּעגייסטערונג און דער פייער, און דער קול איז געוואָרען אַלץ פעסטער און שטאַרקער, אַן אמת'ער קול חוצב להבות אש, געהט שטעלט איהם אָבּ און זאָגט איהם, ער זאָל בּלייבּען רוהיג, ווייל עס שאַדט זיין געזונט! אַז איהר וועט אָבּשטעלען דעם צפון-ווינט, — אָדער דעם ים, וואָס שרייט און רוישט דאָרט אונטען, דענסטמאָל וועט איהר איהם אָבּשטעלען, דעם זיידען, בּשעת די גרויסע פּאָעטישע נשמה האָט זיך אין איהם אויפגעוועקט. און ניט נור איך, ער אַליין האָט אויך פערגעסען, אַז ער איז אַ חולה, וואָס דאַרף ליגען רוהיג.

אַ בּיסעל בּערוהיגט זיך, האָט ער זיך אָנגעהויבּען פערטיעפען אין זכרונות פון זיינע יונגע יאָהרען, פון דעם לעבּען און די מענשען פון יענער צייט. און דאָ האָבּען אָנגעהויבּען אַרויסטרעטען פאַר מיר איינע נאָך דער אַנדערער גרויסע מעכטיגע פיגורען אין זייער גאַנצער שעָנער געשטאַלט, ווי אויסגעשניטען פון מירמעלשטיין דורך דער האַנד פון איינעם פון די גרעסטע מייסטערס. מיט בּעזונדער ליעבּע און ענטציקונג האָט ער מיר אָבּגעמאָלט אַ בּעל הבּית'ישע שטוב אין אַ שטאָדט אין דער ליטא, וואו אין הויף איז געוועזען אַ בּעזונדער קיך מיט אַ גרויסען עסצימער. דאָרט איז געשטאַנען אַ קעכי'ן, וואָס פלעגט דעם גאַנצען טאָג קאָכען, און יעדער אָרימאַן, יעדער פרעמדער, יהיה מי שיהיה, האָט אַהין געקענט אַריינגעהן און עסען, וויפיעל די האַרץ געלוסט.

דער גאַנצער בּילד פון די אַלע מענשען, אַפילו פון דער קעכי'ן און פון די געסט, האָט ער אַזוי מייסטערריש אָבּגעמאָלט, אַז איך האָבּ איינגאַנצען פערגעסען אַלץ אַרום און אַרום און מיך איבּערגעטראָגען ווייט, ווייט מיט פופציג יאָהר אין דער ליטווישער שטאָדט צווישען די „ווילדע בּרואים“, וואָס האָבּען ניט געוואוסט גאָר פון לערנען אַ בּוך און וואָס האָבּען נאָר אין זינען געהאַט אָנצוואַרימען דעם פערגליווערטען גוף און די נשמה פון אַן אָרימאַן, אַ נע-ונד'ניק און פון יעדען געפּאַלענעם.

איך האָבּ געלעזען אַלץ, וואָס ר' מענדעלי האָט געשריבּען, ניט איין מאָל, נור צעהנדליגער מאָל, אָבּער קיין איין געדרוקטע זאַך האָט אויף מיר ניט געמאַכט אַזאַ געוואַלדיגען איינדרוק. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז פאַר מיר שטעהען אַ רייהע פון ריזען, וואָס מיר זענען אַקעגען זיי ווי גאָרנישט, ווי היישעריקען.

אין אָנשטאָט אַ האַלבּער שעה, ווי איך האָבּ געקלערט, בּין איך אָבּגעזעסען בּיי ר' מענדעלי'ן גאַנצע פיער שעה. און אַז איך בּין אַרויסגעגאַנגען, בּין איך נאָך געוועזען ווי בּערוישט פונ'ם איינדרוק. אַלץ האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי פרעמד, אַזוי פיינדליך און אַזוי קליין, קליין.

„זיידעניו, זיידעניו“, האָבּ איך דערנאָך לאַנג געקלערט, „פאַרוואָס בּעהאַלטסט דו טיעף אין זיך אָט די ריזען-בּילדער און געפיהלען, וואָס דו טראָגסט טיעף אין דיין נשמה? פאַרוואָס זאָלסטו זיי נישט לאָזען בּמתּנה דיינע אייניקלעך און דיינע אור-אייניקלעך?“

אָבּער אַפּנים נישט אַלצדינג וויל די נשמה אַרויסגעבּען...

## VI

אָנהויבּ יולי 1905 בּין איך אָוועקגעפאָהרען אויפ'ן זיבּעטען ציוניסטישען קאָנגרעס. שוין זענענדיג דאָ אין אויסלאַנד, איז בּיי מיר געבּליבּען ניט מעהר אומקעהרען זיך, און איך האָבּ מיך בּעזעצט אין גענף, וואו איך האָבּ שוין געוואוינט פינף יאָהר אין די סטודענטישע יאָהרען.

איך וועל דאָ ניט רעדען פון דעם, וואָס איך האָבּ איבּערגעלעבּט אין דער צייט פון די שחיטות... בּיז איך האָבּ בּעקומען דעם ערשטען בּריעף! דער זיידע אַליין האָט מיר לאַנג נישט געענטפערט, און אָפּט פלעגט מיך אָנפאַלען אַ טויט-שרעק בּיים געדאַנק, אפשר נאַרט מען מיך גאָר, שרייבּענדיג, אַז ער האָט נישט געליטען בּשעת די הריגות.

פּלוצלינג בּעקום איך דאָס דאָזיגע קורצע בּריעועלע פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל:

שלום לך, חביבי ויקירי.

היום באתי הנה אני וכל בני ביתי ומחר איה"ש נסע מזה לעיר משכנך דרך עיר ווינא ושם נדבר הרבה, הרבה מאד א. ז. וו. אונטערגעשריבּען אהבך מחבקך ומנשקך מרחוק בכל לב ש. י. אַבּראַמאָוויטש.

דער זיידע קומט אַהער! צי בּין איך משוגע, צי די גאַנצע וועלט איז משוגע? ר' מענדעלי אין דער שווייץ מיט מיר איינאיינעם! אין דער פינסטערער שרעקליכער צייט, ווי ווערט מען נישט משוגע פאַר פרייד!

דער בּריוועלע איז געוועזען געשריבּען דעם צוואַנציגסטען נאָוועמבּער, און אין אָנהויבּ דעצעמבּער אין אַ שעָנעם פריה-מאָרגען בּעקום איך אַ שטאָדט-טעלעגראַם, אַז ר' מענדעלי איז שוין אָנגעקומען און האָט זיך אָבּגעשטעלט אין דעם און אין דעם האָטעל.

פערשטעהט איהר שוין, ווי איך בּין געלאָפען.

פאַראַן אין גענף אַ גרויסע בּריק, וואָס איז אַריבּערגעוואָרפען איבּער דעם טייך ראָנע, בּאַלד דאָרט, וואו ער געהט אַרויס פון גענפער אָזערע. זי הייסט די בּריק פונעם מאָן בּלאַן (Pont du Mont Blanc), ווייל פון דאָרט זעהט מען דעם ווייסען, תמיד מיט שניי בּעדעקטען, מאָן-בּלאַן, דאָס איז איינער פון די וואונדערשענסטע ערטער אין גענף. נור אַרויף אויף דער שעָנער בּריק, איך גיבּ אַ קוק — ר' מענדעלי געהט בּכבודו ובעצמו אין זיין בּעקאַנטען שאָקאָלאַד-קאָלירענעם פּאַלטאָ און אין ווינטערדיגען שטויסענעם קיילעכדיגען היטעל, מיט'ן גוט בּעקאַנטען שטעקען אין האַנד. איך בּין נישט אין שטאַנד איבּערצוגעבּען דעם איינדרוק, וואָס די ערשיינונג האָט אויף מיר געמאַכט. ר' מענדעלי מוכר ספרים מיט זיין בּיידעל, מיט זיין קליאַטשע, מיט'ן פּעקיל תּחינות, מחזורים, סליחות, סידורים, ציצית בּיים גענפער אָזערע,

און די ווייסע בערג, וואָס דערגרייכען ביז אין הימעל, קוקען אויף איהם מיט יראת הכבוד: שלום עליכם, ר' מענדעלי!

עס האָט מיר אויסגעוויזען, אַז דאָס זעה איך דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק, וואָס האָט זיך גענומען וואַנדערן, וואוהין די אויגען טראָגען, גיהן, געהן אָהן אַ סוף, אָהן אַ עק... איך בין געוועזען ערשיטערט פֿון פֿרייד און אויך פֿון אַ מין שרעקליכען טרויער, און די טרערען האָבען מיך אָנגעהויבען וואַרגען. דאָס מאָל איז ר' מענדעלי געבליבען אין גענף נור עפּיס אַ פּאָר טאָג; און די גאַנצע צייט האָט זיך געציגען די שרעקליכע ערצעהלונגען פֿון די שרעקליכע טעג מיט זייער אַכזריות, וואָס חיות רעות פֿון דער מדבר וואָלטען דערציטערט געוואָרען, הערענדיג זיי.

דערנאָך איז דער זיידע אַוועקגעפֿאָהרען אין פֿראַנקרייך צו אַ טאָכטער זיינער, וואָס איז דאָרט אַ דאָקטאָר אין אַ דאָרף. אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך דעם אָנקומען אַהין האָט ער מיר געשריבען: „עוד לא נחתי ולא שקטתי מכל התלאות וטלטולי הדרך ונפשי עוד תשתוחחה ותהמה עלי וה' יודע מתי תשוב למנוחתה ואוכל להתעסק בדברי תורה וספרות. החדר שאני דר בו עם אשתי הוא צר מאד, ה' אמות על ד' אמות, ובכ"ז טוב לי מעוני הצר הזה שהשקט ושלוה בו מבית גדול ומרוח במקום בלהות וזועות".

פֿונדעסטוועגען האָט ער זיך דאָרט נישט אַזוי אינגאַנצען גוט געפֿיהלט. און ווי האָט ער זיך געפֿרעהט אויף יעדען וואָרט, וואָס ער האָט בעקומען פֿון אַ פֿריינד! אַ טאָג זעקס נאָך דעם ערשטען בריוועלע האָט ער מיר געשריבען: „ידידי מחמד נפשי, מקרב לבי מגיש לך תודה רבה על מכתבך הנעים, אשר שמחתי עליו מעוד בעת צרה זו, אשר בודד אני בכפר רחוק ממאהבי ורעי ומתגעגע על אנשי שלומי הנה מה טוב ומה נעים מכתב אוהב כמוך.

בימים האלה אני מרבה בכתיבת מכתבים לאנשים, שיש לי עסק עמהם, ואיני מקבל מהם שום תשובה. רוסיה סוגרת ומסוגרת אין יוצא ואין בא. והדבר הזה מצערני עד מאד. מידידינו הסופרים והחכמים באדעסע אין קול ואין עונה".

אַ חדשים צוויי איז ר' מענדעלי אָבגעזעסען אין דעם פֿראַנצויזישען דאָרף, און אין דער צייט האָב איך בעקומען פֿון איהם זעקס בריעף. דאָס וויזט, ווי ער אַליין האָט זיך געפֿיהלט. וואָרום ר' מענדעלי איז בכלל גאָר נישט קיין מרבה בכתיבת מכתבים, און בעקומען פֿון איהם דריי בריוועלעך דורכ'ן יאָהר איז אויך אַ סך. זיינע בריעף זענען תמיד קורץ; ער האָט נישט ליעב קיין השתפכות הנפש. אָבער זיי זענען וואַרים אין דורכגעדרונגען מיט הייסער און ווייכער ליעבע, און עס ווערט פֿון זיי תמיד אַזוי וואויל און וואַרים אויפ'ן האַרצען.

אין אָנהויב פֿעברואַל איז דער זיידע געקומען צוריק קיין גענף, געדונגען אַ דירה, געקויפט מעבעל און זיך בעזעצט כדאיבעי, און עס האָבען זיך ווייטער אָנגעהויבען די אַמאָליגע טעג. איך ביי ר' מענדעלי, ר' מענדעלי ביי מיר. קרוב צוויי יאָהר האָט ר' מענדעלי דאָ אָבגעוואוינט — און די גאַנצע צייט איז געוועזען פֿאַר אונז בידע יום שהוא כלו שבת. גאַנץ גענף איז אין מיינע אויגען געוואָרען אַן אַנדערע, בעקומען אַ נייע ליכטיגקייט, אַ נייע שענקייט, בעקומען דעם יודישען חן, די שענע זיסע יודישע נשמה מיט איהר מוטערליכער וואַרימקייט. יאָ, יאָ, אם ר' מענדעלי יש כאן הכל יש כן. איך האָב באמת געפֿיהלט, גלייך דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק האָט זיך איבערגעטראָגען אַהער, און איך בין ווי-



טער צווישען מיינע ברידער. די ערשטע צייט, אַז איך פֿלעג מיך נור אויפֿכאַפּען פֿון שלאָף, פֿלעגט מיך אָנכאַפּען אַ מין פֿרייד, ווי אַ חדר-יונגעל, אַז ער כאַפּט זיך אויף און דערמאָנט זיך, אַז היינט איז יום טוב פּסח.

„חג היום לה'", האָט אַלץ אין מיר געשריגען.

ר' מענדעלי אַליין איז יונגער געוואָרען מיט צוואַנציג יאָהר. דאָס לעבען אין דעם שענעם לאַנד אָהן „דוואָרניקעס", אָהן „פּריסטאַווס" מיט „גאָראָדאָוויעס" און אַנדערע מושלים, וואו מען קאָן זיך גאָר בעגעהן אָהן אַ „פּראַטשפּאָרט", צווישען מענשען מיט מענשליכע פּנימ'ער, און ניט מיט פּנימ'ער פֿון אַ חיה רעה, וואָס וואַרפֿט אויף דיר אַ שרעק, — דאָס אַלץ האָט איהם אויפֿגעהויבען, געשטאַרקט דעם גייסט. מען וואָלט געדאַרפֿט זעהן ר' מענדעלי'ן, ווי ער איז געגאַנגען בקומה זקופה אין גענף. אַן אמת'ער לאָרד. מען פֿלעגט זיך אָפּט אָבשטעלען און קוקען אויף זיין הדרת פּנים.

מיינע אַ בעקאַנטע איטאַליענערין, וואָס האָט מיך פֿון איהרע פֿענסטער געזעהן דורכגעהן מיט ר' מענדעלי'ן, האָט מיך אויף דעם אַנדערן טאָג געפֿרעגט מיט אַ יראת הכבוד: „ווער איז דער שענער זקן"?

די אייגענע שאלה מיט דעם אייגענעם יראת הכבוד האָבען געמאַכט מיין זוהנס חברים פֿונ'ם קאָללעזש (גימנאַזיע), אַז זיי האָבען געזעהן, ווי ער האָט זיך מיט איהם אָבגעשטעלט.

דער לשון, פֿערשטעהט זיך, האָט איהם אַ ביסעל געשטערט.

„מיין זייגער, אַז איך געה אויף דער גאַס, בעהאַלט איך ווי אַ געגנב'עטען, מען זאָל איהם חלילה נישט דערזעהען", האָט ר' מענדעלי געזאָגט, ווייל ער האָט מורא געהאַט, עמיצער זאָל איהם נישט פֿרעגען, וויפֿיעל דער זייגער האַלט.

פֿיהלענדיג די פֿרייהייט און די שענע אָרדענונג אין יעדער זאַך, זעהענדיג דאָס רוהיגע, זיכערע אַרבייטס-לעבען, די פֿרעהליכקייט פֿון די מענשען, האָט ר' מענדעלי דאָס אַלץ בעוואונדערט און געפֿיהלט אַן אמת'ן תענוג, און פֿיעל מעהר פֿון אונזער יונגוואַרג, וואָס ווייסט נור פּלאַפּלען וועגען פֿרייהייט און פֿערשטעהט זי נישט, און שאַצט זי נישט דאָרט, וואו זי הערשט באמת. אָבער בטל געוואָרען פֿאַר איהר איז ער לחלוטין נישט. פֿערקעהרט, ער האָט נאָך שטאָלצער אויפֿגעהויבען דעם יודישען קאָפּ, און זיין בעגייסטערונג פֿאַר די גרויסע יודישע אוצרות איז דאָ געוואָרען עפּיס נאָך גרעסער. פֿלעגען מיר זיך נור צוזאַמענקומען ביי איהם, אָדער ביי מיר, איז באַלד אַרויף אויפ'ן טיש דער תנ"ך, אַ גמרא אָדער אפילו אַ סידור. אַחוץ די גרויסע פּאָעטישע און מאָראַלישע שענקייטען האָט אין איהם אַ גרויסע בעוואונדערונג אַרויסגערופֿען די לעצטע צייט די איינפֿאַכקייט און דער לאַקאָניזם פֿון זייער לשון און פֿון סגנון. איינמאָל האָט ער ביי מיר אויפ'ן טיש געפֿונען אַ חסידישען ספֿר, דוכט זיך „דברי צדיקים", אַ קוק געטאָן, זאָגט ער:

„זעהט, זיי זאָגען טאַקי דאָס, וואָס זיי ווילען זאָגען".

דער אַ סך רעדען, דער אָנהויבען ביי יעדער זאַך פֿון אָדם הראשון פֿלעגט אין איהם דערוועקען אַ כעס. די נייע מאָדערניסטישע פּלאַפּלעריי וועגען נאַציאָנאַליזם, יודישקייט, ליטעראַטור, פֿילאָזאָפֿיע און כדומה האָבען איהם געעקעלט עד להשחית. אָפֿט

פלעג איך איהם געפינען בייז און שטאַרק אויפגערעגט נאָכ'ן לעווען אַזאַ מין מאמר.

„רבונו של עולם! האָט ער גע'טענה'עט, — וואָס בין איך שולדיג, וואָס ער האָט געלייענט ניטשען? האָט עפּיס אַ בחור איבערגעלייענט אַ ניי בוך, איז דאָס אַ ריינער אומגליק אויף יודען. ער וועט אַייך שוין חדשים'ווייז שרייבען וועגען דעם אין צעהנדליגער מאמרים“.

אַ מחיה צו זעהן דעם ייִדען אין אַזאַ כעס. שאַרפע גלענצענדע ווערטער פליהען ווי פונקען. איהר וועט קיינמאָל ניט זאָגען, אַז דאָס איז אַ זקן פון אַריבער זיבעציג יאָהר, און די ווייסע זילבערנע האָר ווייזען אויס ווי אַ פריהער שניי, וואָס איז אַרויסגעפאַלען אויף די פעלדער, וואָס זענען נאָך גרין.

נור זאָגען דאָס, וואָס מען האָט צו זאָגען, ווען כל עצמותי תאמרנה, און אין קורצע שאַרפע ווערטער, — דער אידעאַל האָט זיך אין איהם געשטאַרקט ביז אין דער העכסטער מדרגה. ער פלעגט אָפט זאָגען אויף זיך אַליין, אַז ער קאָן נישט שרייבען. ער איז באמת געוואָרען נאָך שטרענגער צו זיך, און ביים לעצטען בעאַרבייטען דאָ אין גענף דעם „בעמק הבכה“ האָט דער סגנון זיינער דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון קורצקייט און שענקייט.

איינמאָל האָט ער מיר איבערגעלייענט דעם אָנהויב פון אַ קאַפּיטעל. איך בין געווען ענטציקט.

— עס טויג אויף כפרות, האָט ר' מענדעלי געזאָגט. אין אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער מיר ווייטער איבערגעלייענט די אייגענע שטעל. זי האָט מיר אויסגעוויזען גלענצענד.

— ניין, זאָגט ר' מענדעלי, נישט דאָס, עס טויג נישט.

ערשט אויפ'ן דריטען מאָל איז ער געווען צופרידען.

VII

אין גענף האָט ר' מענדעלי מעהר פון אַלעמען ליעב געהאַט די שענע גענפער אָזערע. ביי דער אָזערע געפינט זיך אַ גאָרטען, וואָס מען רופט איהם „דער ענגלישער גאָרטען“. דאָרט פלעגט ר' מענדעלי דער ייִדע אין די שענע טעג אָבזיצען שעה'נווייז, קוקען אויף דעם וואונדער-שענעם בלויען וואַסער-שפּיגעל און אויף די שענע ווייסע שטאָלצע שוואַנען, וואָס שווימען דאָרט, האַלטענדיג גלייך און הויך זייערע וואונדער-שענע קעפּ מיט דעם לאַנגען האַלבקיילעכדיגען האַלז, וואָס זעהט אויס ווי אַ האַרפע.

די דאָזיגע שוואַנען און אַנדערע פויגלען, וואָס געפינען זיך אויפ'ן אָזערע, וואַרפט מען אָפט שטיקלעך ברויט, און זיי זענען דערצו שוין אַזוי געוועהנט, אַז ווען זיי דערזעהען אַ מענשען נאָהענט ביים וואַסער, שווימען זיי צו צום ברעג.

— דאָס ערשטע מאָל זעה איך, אַז מען זאָל גאָר פויגלען אויך מאַכען פאַר שנאָרערס, האָט ר' מענדעלי בעמערקט.

פערשטעהט זיך, אַז מיר פלעגען גאַנץ אָפט שפּאַצירען אין די אַרומיגע דערפער, וואו עס ציהען זיך כסדר די פּראַכטשענע ווילאַס.

— איצט פערשטעה איך, פאַרוואָס אַ נאַר רופט מען „לא לנו“, זאָגט איין מאָל ר' מענדעלי, בעוואונדערנדיג די דאָזיגע ווילאַס, וואָס זענען בעהאַלטען צווישען גרויסע געדיכטע ביימער: אויף וואָס מיר גיבען אַ קוק — איז אַלץ לא לנו.

איינמאָל אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט זענען מיר געגאַנגען שפּאַצירען ווייט אונטער דער שטאָדט. מיר זענען תחילת



געגאַנגען מיט'ן גרויסען, שענעם וועג, וואָס פיהרט אין די דערפלעך קאָלאַני און וואַנדעוור. די בערג מיט זייערע הונדערטער זילבערנע שפּיצען זענען דאָרט געשטאַנען שטיל פערטראַכט אין זייער ווייטער גרויסער פערצויבערטער וועלט, פערהאַנגען מיט אַ דורכזיכטיגען בלויען פאָרהאַנג, און נור די שטאָלצע קעפּ זייערע, וואָס גרייכען ביז'ן הימעל, זענען געוועזען בעדעקט מיט גאָלדענע קרוינען, וואָס די אונטערגעהענדיגע זון האָט פאַר זיי אויסגעשפּינט מיט איהרע לעצטע שטראַהלען.

מיר זענען אַראָב פון גרויסען וועג און זיך געלאָזט געהן מיט אַ שמאָלער סטעזשקע, וואָס ציהט זיך צווישען געדיכטע ביימער.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען שטיל פערטראַכט, יעדער פערטיעפט אין זיינע געדאַנקען, אַקעגען אַ צעהן פופצעהן מינוטען.

פּלוצלינג גיט זיך דער ייִדע אַ שטעל און גיט מיר אַ זאָג, אָנווייזענדיג מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנד: „איהר זעהט?“

איך האָב אַ קוק געטאָן. מיר זענען געשטאַנען נעבען אַ גרויסען פעלד, בעדעקט מיט פרישע הויכע גראָז, אַרומגערינגעלט פון אַלע פיער זייטען מיט הויכע ביימער, וואָס זענען געשטאַנען, ווי הויכע גרינע ווענט. אין מיטען פעלד איז געשטאַנען איין איינציגער גרויסער בוים מיט ברייטע צווייגען, וואָס זענען פון אויבען נאָך געווען בעלויכטען מיט די לעצטע שטראַהלען פון דער זון, וואָס איהר פייערדיגער קויל האָט זיך שוין האַלב אַראָבגעלאָזט הינטער דער וואַלדיגער שוואַרצער מורא. עטליכע מינוט זענען מיר געשטאַנען, נישט זאָגענדיג אַ וואָרט. ר' מענדעלי, אינגאַנצען איבערגעגעבען, מיט פייערדיגע בעגייסטערטע אויגען, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפ'ן שטעקען און אַלץ געקוקט אויף דעם איינפאַכען שענעם פּייזאַזש, וואָס איז איך געשטאַנען, ווי פערטיעפט אין שטילע טרויעריגע געדאַנקען.

— אַז איך האָב אין דער יוגענד געוואַנדערט מיט די קבצנים, האָבען מיר זיך איינמאָל אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט אָבגעשטעלט פּונקט אויף אַזאַ אָרט, — האָט אָנגעהויבען ר' מענדעלי, שטיל, כמעט מיט אַ ציטערדיגען קול. און אין זיינע אויגען האָט זיך אַלץ צעברענט דער פייערל, און אויף זיינע איינגעצויגענע באַקען האָבען זיך בעוויזען רויטע פלאַמענדיגע פלעקען. איך האָב דערפיהלט, אַז דער רוח אלהים האָט זיך אויף איהם אַראָבגעלאָזט.

— יאָ, מען זאָל מיר געוועזען פערבינדען די אויגען און מיך ברענגען אַהער, וואָלט איך געשוואָרען, אַז דאָס איז דער אייגענער אָרט.

און מיט גרויסע מעכטיגע געניאַלע שטריכען האָט ער מיר אָבגעמאָלט אַ בילד פון דעם פאַרנאַכט, מיט דעם אָבענד אין מיטען פעלד מיט די ביידלעך, מיט די פערדלעך, מיט דער כאַליאַסטרע, צעזייהט און צעשפּרייט אויפ'ן גרינעם גראָז, די וועטשערע, וואָס האָט זיך געקאָכט אויפ'ן צעלעגטען פייער, דעם רויך, וואָס האָט זיך ווי אַ גלייכע זייל געצויגען צום ריינעם בלויען הימעל.

פון דער שענקייט פון זיין שילדערונג האָט אין מיר אַלץ געציטערט. איך בין געשטאַנען פערצויבערט, נישט קאָנענדיג אַרויסרעדען אַ וואָרט, און נור געקוקט אויפ'ן גרויסען ר' מענדעלי אונזערן, וואָס איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסען נאָך דעם מאָל גרעסער, ווי ער איז געווען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיין ווייס-זילבערנע קאָפּ דערגרייכט דעם הימעל, אַזוי ווי דאָרט דער ווייסער שנייענדיגער קאָפּ פון מאָן-בלאַן.

**אברהם יעקב פּאַפּערנאָ.**

# די ערשטע יודישע דראַמע און דער ערשטער יודישער ספּעקטאַקעל.

## מיינע ערינערונגען וועגען א. גאָלדענפאַדען *

מיט אַן ערך 50 יאָהר צוריק, אין יאָהר 1862, אַז איך בין געקומען צו פאָהרען קיין זשיטאָמיר, כּדי אָנצוקומען אין דער דאָרטיגער ראַבּינער־שולע, האָב איך בּיי דעם אָבּערלעהרער פון דער ראַבּינער־שולע, דעם בּעריהמטען העבּרעאיסט חיים צבי לערנער, איינמאָל געטראָפען אַ שענעם שלאַנקען בּלאָנדהאָריגען יונגען־מאַן. לערנער האָט אונז איינעם דעם אַנדערען פאָרגעשטעלט, אָנרופענדיג מיין נייעם בּעקאַנטען דעם תּלמיד פון דעם פינפטען קלאַס פון דער ראַבּינער־שולע, אבֿרהם גאָלדענפאָדים **. דערבּיי האָט מיר לערנער גאָלדענפאָדים'ען רעקאָמענדירט פאַר אַ גוּטען העבּרעער. לערנער האָט אויסגעזוכט עטליכע נומערן פון „המליץ“, וואו עס זענען געדרוקט געווען שירים פון גאָלדענפאָדים, וועלכע האָבּען געצייגט אין דעם פערפאַסער אַ זיכערן פּאָעטישען טאַלאַנט און אַ פיינעם העבּרעאישען סטיל. בּעזונדערס, געדענקט זיך, האָב איך בּעוואונדערט זיין שיר אין „המליץ“ (דעם טיטעל געדענק איך איצטער ניט), וואו עס איז זעהר פּאָעטיש און אָריגינעל און אין זעהר שענע קלינגענדיגע פערזען געמאָלט געוואָרען די ערשטע בּעגעגעניש פון דער ערשטער שענער מענשען־פּאָר אָדם און חוה אין גן עדן.

אַ יאָהר שפּעטער האָט גאָלדפאַדען פערעפענטליכט זיין פּאָעמע „בּת־שבע“, וואָס איז אויך זעהר געפעלען געוואָרען דעם לעזענדען פּובּליקום.

איך האָב דעם יונגען לעבּענסלוסטיגען פּאָעט זעהר ליעב בּעקומען. לערנער איז געווען ענטציקט פון זיין תּלמיד און פלעגט זיינע שירים פאָרלעזען אין קלאַס, פלעגט איהם שטעלען תּמיד פאַר אַ בּיישפּיעל די תּלמידים פון דער ראַבּינער־שולע, וואָס פלעגען זעהר ניט גערן זיך בּעשעפטיגען מיט דער העבּרעאישער שפּראַך, און האָט נבֿיאות געזאָגט, אַז ער וועט אַמאָל זיין אַ צירונג פאַר דער העבּרעאישער ליטעראַטור.

די נבֿואה איז אָבּער ניט אינגאַנצען מקוים געוואָרען: גאָלדענפאַדען האָט בּאַלד פערבּיטען די העבּרעאישע שפּראַך אויף דער יודישער. גאָלדענפאַדען איז אייגענטליך ניט געווען לערנערס תּלמיד אין דער העבּרעאישער שפּראַך. העבּרעאיש האָט ער זיך געלערנט בּיי דעם דעמאָלטיגען בּעוואוסטען פּאָעט א. בּ. גאָטלאָבּער, (1815—1899), וואָס איז געווען דעמאָלט לעהרער אין דער קאַזיאָנער יודישער שולע אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו. בּעמערקט אין דעם 12־יאָהריגען גאָלדפאַדען אומגעוועהנליכע פעהיגקייטען, האָט גאָטלאָבּער איהם צוגענומען אין זיין שולע און האָט זיך אָבּגעגעבּען מיט זיין פערפולקומענונג אין דער העבּרעאישער שפּראַך און ענטוויקלונג פון זיין געשמאַק און פּאָעטישען געפיהל. זיינע ערשטע ליטעראַרישע ערפאָלגען, האָט, אַלזאָ, גאָלדענפאַדען צו פערדאַנקען הויפּטזעכליך גאָטלאָבּער'ן.

בּיי גאָטלאָבּער'ן איז גאָלדענפאַדען אויך בּעקאַנט געוואָרען מיט דעם יודישען ליעד.

גאָטלאָבּער, ווי אַלע מחבּרים אין יענער צייט, האָט געשריבּען זיינע ספרים אין העבּרעאיש. אין ניט נאָר מענשען לומדים, אַפילו איינפאַכע מענשען פלעגען שרייבּען בּריעף — צי האָבּען זיי געקענט, צי נישט — אויף לשון קודש. שרייבּען זשאַרגאָן האָט מען זיך געשעמט, דאָס איז געווען אַ סימן פון עם הארצות. ערשט אין די פערציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט האָבּען זיך בּעוויזען דריי טאַלענטפולע מחבּרים אין פּאָעטען, וואָס האָבּען אָנגעהויבּען שרייבּען אַחוץ לשון קדש אויך יודיש*. דאָס זענען געווען אייזיק מאיר דיק, מיכל גאָרדאָן און א. בּ. גאָטלאָבּער. א. מ. דיק איז געווען אַ גרויסער געלעהרנטער אין תּלמוד און העבּרעאיש. ער האָט געשריבּען אין אַ זעהר שענעם און לייכטען סטיל, אָבּער ער האָט ווייניג וואָס איבּערגעטאָן אין העבּרעאיש און אַלע זיינע קרעפטען און דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבּען האָט ער אָבּגעגעבּען דעם פּראָסטען פאָלק און ווייבּער, וואָס האָבּען קיין לשון קודש ניט פערשטאַנען און זענען געווען גאַנץ אומוויסענד, ווייל, אויסער תּחינות און בּבא־מעשיות, האָבּען זיי ניט געהאַט וואָס צו לייענען. דיק האָט דעריבּער בּענוצט דעם זשאַרגאָן, און אין דער שפּראַך האָט ער אין זיין לעבּען פערפאַסט איינינע הונדערט ערצעהלונגען, זעהר פיעל פון זיי הומאָריסטישע פון יודישען לעבּען. מיכל גאָרדאָן, אַ נאָהענטער פריינד פון דעם פּאָעט יהודה ליב גאָרדאָן, איז אויך געווען אַ גוטער העבּרעער, נאָר זיינע סאַטירישע פאָלקסליעדער האָט ער געשריבּען אויף זשאַרגאָן. א. בּ. גאָטלאָבּער האָט אַרויסגעגעבּען פיעל בּיכער מיט שירים אויף לשון קדש, אָבּער זיי האָבּען קיין רושם ניט געמאַכט. עס איז אין זיי מעהר לשון און מליצה, ווי געפיהל און געדאַנקען, מעהר געזאָרגט פאַר דער פאָרם, ווי פאַר דעם אינהאַלט. אָבּער אַ פּאָעט איז ער אָהן קיין שום ספק געווען, און זיינע אינטימסטע געפיהלען, הייסטע נאַציאָנאַלע ליעבּע און

* געבּאָרען אין יאָהר 1840, געשטאָרבּען 1908.

** אזוי איז ער געווען פערשריבּען אין די אָפיציעלע דאָקומענטען און אזוי פלעגט ער זיך אונטערשרייבּען אונטער זיינע שירים אין „המליץ“. שפּעטער האָט ער, לויט דער עצה פון אַ לעהרער פון דער ראַבּינערשולע, אַ געבּאָרענעם אין גאַליציען און אַ גרויסען ליעבּהאָבּער פון דער דייטשער שפּראַך, זיין פּראָסט יודישען (וואָס נאָר יודיש, האָט יעמאָלט געהייסען פּראָסט) פאַמיליען־נאָמען גאָלדענפאָדים משנה געווען אויפ'ן „שענער קלינגענדיגען“ דייטשען פאַמיליען־נאָמען גאָלדענפאַדען. לויט דער עצה פון דעמזעלבּען האָט אויך דעמאָלט דער דאָרטיגער שילער און שוין דעמאָלט בּעקאַנטער העבּרעאישער שריפטשטעלער שלמה מאַנדעלקער דיזע פאַמיליע אויף מאַנדעלקערן אומגעבּיטען.

* געשריבּען אויף יודיש האָבּען שוין אויך פריהערדיגע שרייבּער, אַפילו אין רוסלאַנד, למשל, דער ריבּ״ל, עטינגער, אָבּער דרוקען וועלטליכע ספרים אויף יודיש האָט מען אָנגעהויבּען אין רוסלאַנד ערשט שפּעטער — די רעדאַקציע.

קומער האָט ער ליעב געהאַט אויסצודריקען אין זיין איינפאַכער מוטער־שפּראַך, אין אָט די יודישע פֿאָלקסליעדער זיינע האָבען געפֿינען אַן אָבקלאַנג אין פֿאָלק. אַ זוהן פֿון אַ חזן, האָט גאָטלאָבער געירש'ענט פֿין זיין פֿאָטער אַ מוזיקאַלישען טאַלענט. ער איז געווען אַ גוטער בעל תּפֿלה, און זיינע פֿאָלקסליעדער האָט ער געזונגען אין טאָן פֿין דער יודישער נאַציאָנאַלער מוזיק. אָט די פֿאָלקס־מאָטיווען האָבען זיינע פֿאָלקסליעדער נאָך מעהר פּאָפּולער געמאַכט. גאָטלאָבער'ס און גאָרדאָנ'ס ליעדער זענען געוואָרען זעהר בעליעבט און פֿערשפּרייט אין אַלע פֿאָלקסשיכטען. גאָרדאָנ'ס סאַטירישע ליעדער האָט מען אין יענער צייט געהערט אומעטום זינגענדיג אין ליטא, און גאָטלאָבער'ס ליריש־נאַציאָנאַלע ליעדער — אין וואָלין און פּאָדאָליען.

מערקווירדיג איז אָבער, וואָס ניט מיכל גאָרדאָן און ניט גאָטלאָבער האָבען זייערע זשאַרגאָנישע ליעדער פֿערעפֿענטליכט צום דרוק. זיי האָבען זיך נאָך געשעמט אָפֿען אַרויסצוטרעטען פֿאַר'ן פּובליקום אין זשאַרגאָן. אויך דיק, און אַפֿילו אַ פּאָר צעהנדליג יאָהרען שפּעטער אַבראַמאָוויץ און שלום עליכם, האָבען זייערע זשאַרגאָנישע ווערק אַרויסגעגעבען אונטער אַנאָנימען אָדער פּסעוודאָנימען. אַזוי גרויס איז געווען דער פֿאָראורטייל קעגען זשאַרגאָן!

דער רושם, וואָס עס האָבען געמאַכט אין יודישע קרייזען די „קליאַטשע“ און אַנדערע ווערק אַבראַמאָוויצ'עס, איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער זשאַרגאָניסט מענדעלי מוכר־ספֿרים האָט פֿערטונקעלט דעם העברעאיסט ש. אַבראַמאָוויץ, און דאָס, וואָס עס האָבען זיך בעוויזען אַזוינע קרעפֿטען, ווי פּרץ און שלום עליכם, האָט געבראַכט דערצו, אַז די זשאַרגאָנישע חרפּה איז פּאַמעליך אַראָבגעפֿאַלען. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דער גרעסטער יודישער פּאָעט אין יענער צייט, י. ל. גאָרדאָן, האָט זיך אָבגעשעמט אין האָט אַרויסגעגעבען (אין יאָהר 1886) אַ ביכעל יודישע ליעדער אונטער זיין נאָמען, נאָר אָנגערופֿען האָט ער דעם ביכעל „שיחת חולין“, „וואָכענדיגע“ (ד. ה. ניט הייליגע). דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגען, אַז מען זאָל זיינע יודישע שירים נישט פֿערגלייכען מיט זיינע העברעאישע — זיי זענען יום־טובֿדיגע, הייליגע, און די — וואָכעדיגע. דאָס איז געווען די טיעפֿסטע איבערציינגונג פֿון די שריפֿטשטעלער אין מיין דור. די העברעאישע שפּראַך האָבען מיר געהאַלטען פֿאַר אַ הייליגטום. פֿיעל פֿון אונז האָבען געשריבען אויך אויף אַנדערע לשונות, אָבער די אַרבייט אויף העברעאיש האָבען מיר גערעכענט פֿאַר עבֿודת הקדש, און זעלטען ווער פֿון אונז האָט פֿון דער אַרבייט נוצען געצויגען. און פֿון אָט דעם „המבֿדיל בין קדש לחול“ איז לאַנג ניט פֿריי געוואָרען אַפֿילו ר' מענדעלי. אין זיין בריעף, וואָס ער האָט מיר געשריבען אין יאָהר 1869 וועגען מיין קריטיק „האָבֿות והבנים“ — שרייבט ער מיר צום סוף: „באַלד וועל איך צושיקען מיין ספֿר „די טאַקסע“... כאָטש דער ספֿר איז געשריבען פּראָסט יודיש, דאָך איז ער ווערט, אַז מען זאָל איהם צורעכענען לספֿרות ישראל — ווייל נאָך מיין מיינונג געהערט צו ספֿרות ישראל אַלץ, וואָס איז אַרויס פֿון יודישען קוואַל, אַלץ גלייך, צי איז דאָס געקליידט אין הייליגע צי אין וואָכעדיגע קליידער“.

אַזוי זעהען מיר אויך, אַז נאָך אין יאָהר 1869, ווען עס זענען שוין געדרוקט געווען זיין „קליין מענשעלע“ און די „טאַקסע“, האָט נאָך אַבראַמאָוויץ די אַלטע העברעאישע שפּראַך פֿאַר הייליגער און וויכטיגער געהאַלטען, איידער די יודישע. אויב זיין מיינונג האָט זיך מיט דער צייט געענדערט, ווייס איך ניט: איך בין שוין לאַנג מיט איהם אין בעריהרונג ניט געקומען. נאָר איך האָב געהערט, אַז בשעת מען האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען זיינע יודישע שריפֿטען אין העברעאיש, האָט ער געלייענט אויף זיך דעם פּסוק „והעלותם את עצמותי מזה אתכם“.

איין גרויסער פֿערדיענסט פֿון גאָטלאָבער'ן, און אפֿשר דער גרעסטער, איז דאָס, וואָס ער האָט געגעבען דער העברעאישער ליטעראַטור צוויי וויכטיגע תּלמידים — אַבראַמאָוויץ און גאָלדענפֿאַדען, וואָס ביידע זענען זיי דערנאָך געוואָרען גרינדער פֿון דער ניי־יודישער ליטעראַטור. דער ערשטער אונטער דעם נאָמען מענדעלי מוכר ספֿרים, אַלס מוסטערהאַפֿטער שילדערער פֿון יודישען לעבען, און דער צווייטער — אַלס דראַמאַטיקער און פֿאָטער פֿון יודישען טעאַטער.

אין גאָטלאָבער'ס הויז האָט גאָלדפֿאַדען געלערנט שעצען די יודישע שפּראַך און צו ליעבען די יודישע פֿאָלקסליעד. גאָטלאָבער'ס יודישע ליעדער האָט ער געקענט אַלע אויסווייניג און פֿלעגט ליעב האָבען זיי צו זינגען. ער איז אויך געווען מוזיקאַליש און האָט געהאַט אַ שענע שטים. אין דער ראַבינער־שולע אין דער צייט פֿון רעקרעאַציע פֿלעגט גאָלדפֿאַדען אָפֿט אָנציהען אַ גאָטלאָבערישע ליעדעל, און די איבעריגע שילער פֿלעגען אונטערהאַלטען. איינע פֿון זיי, געדענק איך, האָט זיך אָנגעהויבען מיט די פֿערזען:

שוין צוויי טויזענד יאָהר געהט דער יוד אַרום,
ער איז פֿול די וועלט, פֿול אומעטום,
אומעטום געהאַסט גאָר ווי אַ וואָרים,
אין מזרח, אין מערבֿ, אין צפֿון, אין דרום.

———

באַלד נאָך דעם האָט גאָלדענפֿאַדען אָנגעהויבען צו שרייבען אייגענע ליעדער אויף יודיש אין גייסט און פֿאָרם פֿון די אומגעקינסטעלטע פֿאָלקס־ליעדער און פֿלעגט זיי זינגען אין דער ראַבינער־שולע. פֿון די ראַבינער־שילער זענען זיינע ליעדער איבערגעגאַנגען אין גאַס, פֿון זשיטאָמיר — אין דער פּראָווינץ. און אַזוי איז גאָלדענפֿאַדען, נאָך זיצענדיג אויף דער שול־באַנק, געוואָרען אַ פּאָפּולערער און בעליעבטער פֿאָלקס־דיכטער.

———

אין יאָהר 1862 איז געשטאָרבען דער אינספּעקטאָר פֿון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שולע יעקבֿ אייכענבוים, און אויף זיין שטעל איז אָנגעקומען דער בעריהמטער יודישער געלעהרטער חיים זעליג סלאָנימסקי. מאַדאַם סלאָנימסקי, די טאָכטער פֿון בעוואוסטען מאַטעמאַטיקער ר' אַבֿרהם שטערן פֿון וואַרשוי, איז געווען זעהר אַ הויך־געבילדעטע פֿרוי. בטבֿע אַן אַסימילאַטאָרין, האָט זי אָבער מיטגעבראַכט פֿין וואַרשוי, ווי אַ קוריאָז, די יודישע דראַמע „שרה'קעלע“ פֿון דאָקטאָר עטינגער פֿון זאַמאָשץ. די דראַמע איז איהר זעהר געפֿעלען געווען, פֿלעגט זי ליעב האָבען זי פֿאָרצולעזען פֿאַר בעקאַנטע. דעמזעלבען ווינטער איז איהר איינגעפֿאַלען צו מאַכען אַ ספּעקטאַקעל, וואו די דראַמע זאָל געשפּיעלט ווערען דורך די שילער פֿון דער ראַבינער־שולע.

דער פּלאַן, פֿאָרצושטעלען אויף יודיש אַ דראַמע, האָט אויסגעזעהן ווילד ביי דער זשיטאָמירער יודישער אינטעליגענץ, אָבער מאַדאַם סלאָנימסקי איז פֿעסט בעשטאַנען אויף איהר פּלאַן. אפֿשר האָט זי אַליין געקוקט אויף דעם, ווי אויף אַ קוריאָז, נאָר דאָך האָט זי זיך דערפֿאַר גענומען מיט גרויס ענערגיע. זי האָט פֿונאַנדערגעטיילט די ראָלען, אָרגאַניזירט, רעפּעטירט. געזאָרגט פֿאַר פּאַסענדע דעקאָראַציעס, און דער ספּעקטאַקעל איז צו־שטאַנד געקומען אין געגענוואַרט פֿון די לעהרער פֿון דער ראַבינער־שולע און פֿון דער איבעריגער זשיטאָמירער אינטעליגענץ. דער ספּעקטאַקעל האָט געמאַכט אַ פֿוראָר. די שילער האָבען זייערע ראָלען גוט געשפּיעלט, נאָר מעהר פֿאַר אַלעמען האָט זיך אויסגעצייכענט גאָלדענפֿאַדען, וואָס האָט געשפּיעלט די שווערסטע ראָלע — סערקעלע.

אין לעבען פֿון מענשען טרעפֿט אָפֿט אַ צופֿעליגע געשעהניש, אַמאָל אַ קלייניגקייט, וואָס מאַכט אַזאַ איינדרוק אויף איהם, אַז עס גיט אַ נייע ריכטונג זיין גאַנצען צוקינפֿטיגען לעבען. און איך בין זיכער, אַז אַזאַ שטאַרקע ווירקונג האָט געמאַכט אויף גאָלדענפֿאַדען זיין צופֿעליגער דעביוט אויף דער סצענע. די אידעע פֿון גרינדען אַ יודישען פֿאָלקס־טעאַטער איז דעמאָלט ביי איהם געבאָרען געוואָרען און האָט פֿאַרנומען אַזאַ אָרט אין זיין מוח און אין האַרץ, אַז זי איז געוואָרען זיין לעבענס־אויפֿגאַבע, און צו דער אויספֿיהרונג פֿון אָט דעם פּלאַן האָט ער אָנגעווענדט אַלע זיינע קרעפֿטען, יאָהרען־לאַנג געקעמפֿט מיט אַלע מניעות, וואָס ער האָט בעגעגענט אויף זיין נייעם און שווערען וועג, האָט ניט גערוהט און געראַסט, ביז ער האָט דערגרייכט זיין ציעל. — ער איז געוואָרען דער פֿאָטער פֿון דעם יודישען טעאַטער.

שרה רייזען.

# אברהם רייזען.

(ערינערונגען פון זיין קינדהייט און יוגענד צום 20-יעהריגען יובילעי פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט.

הגם איך געדענק מיין ברודער* כמעט אַ קליין יונגעל פון צוועלף—דרייצעהן יאָהר, געדענק איך איהם דאָך אַלס שרייבער און שטעדטילדיגען לעהרער, אַ פּולקום זעלבשטענדיגען מענש, וואָס לעבט זיך שוין דורך מיט זיין אייגענעם פערדיענסט, וואָס וואוינט שוין פון ציט צו ציט אַפילו אין אַ בעזונדער דירה און פיהרט שוין איינגאַנצען אַ לעבען פון אַ קינסטלער.

אונזער מוטער איז געשטאָרבען זעהר יונג — צו 39 יאָהר, פון אַ קימפּעט. דאָס עופ'לע איז אין צוויי טעג אַרום אויך געשטאָרבען, און „די שיף איז צעשלאָגען געוואָרען!"

נאָך דער מאַמעס טויט זענען איבערגעבליבען פינף קינדער. די עלטערע טאָכטער, וואָס האָט מיט דריי וואָכען פאַר דער מוטערס טויט חתונה געהאַט, דער ברודער — אַ יאָהר 17, און איך מיט נאָך צוויי קלענערע ברידער, נאָך גאָר קליינע קינדער.

אַך, ווי איצטער געדענק איך יענעם שרעקליכען טאָג! ס'איז געוועזען פריהלינג, אינגאַנצען פיער טעג צו פסח. ביי אונז איז שוין געווען אָבגעבאַקט מצה, און אַ ווינקעלע איז געשטאַנען אַ צובערל מיט אייגעזייערטע בוריקלעך, איבערגעדעקט מיט אַ שניי-ווייס טישטיכעל (די מאַמע איז געווען אַ גרויסע ווירטין).

ביי לייטען האָט מען געוואַשען און געשייערט. אויף די הייפען — אָנגעוואָרפען טישען, בעטלעך, בענקלעך, גראַטקעס.

די מאַמע האָט זיך געזעצט ביים פענסטער מיט די לעצטע קרעפטען, ס'איז געווען אַ פּאָר שעה פאַר איהר טויט. „ס'אַ שענער טאָג!" האָט זי שטיל, ווי צו זיך אַליין געזאָגט, און אין איהרע גרויסע קאַרע אויגען איז געלעגען אַזוי פיעל בענקשאַפט צו דעם העלען פריהלינגסטאָג, מיט וועלכען זי דאַרף זיך שיידען....

„מיין טאָכטערל, האָט זי צו מיר געזאָגט, געה זעה די קינדערלעך אין דרויסען. מ'זעט זיי נאָך חלילה איבערפאָהרען".

אין צוויי שעה אַרום איז זי געשטאָרבען. זיך אומגעקעהרט צום וואַנד און אַנטשלאָפען געוואָרען. גרויס און אָפען זענען געבליבען איהרע שענע קאַרע אויגען, און אויף די עטוואָס איבערגעפּענטע ליפּען איז געלעגען אַ שמייכעל. דער שטילער חנ'עוודיגער שמייכעל, וואָס האָט אַזוי פיעל מילדקייט און חן צוגעגעבען איהר געזיכט ביים לעבען... די מאַמע איז געווען אַ בילדשענהייט. העלע גאָלדענע האָהר, געשניצטע געזיכטס-שטריכען און אַ וואונדערליכער שמייכעל. אַז זי האָט חתונה געהאַט, און מ'האָט זי דעם ערשטען שבת אין שול אַריינגעפיהרט, האָבען די שטעדטילשע וויבער געזאָגט, אַז פון שולקעס שנור האָט אין אַלע ווינקעלעך פערליכטען... דערצו איז זי געווען אַ לב טוב. דאָס לעצטע אָבגעגעבען אַן אָרימאַן. דעם לעצטען רובל אַוועקגעליהען אַ גמילות-חסד אַן אָרימען שכן אויף שבת, און שטוב איהם אַוועקגעטראָגען. און אַ קלוגע געוועזען, אַ טענצערין, כלערליי אַרבייט געקענט. אַ גרויסע צדקית, אַ רעליגיעזע נאַטור. און געשטימט זעהר גוט מיט'ן טאַטען, הגם דער טאַטע איז שוין דאַן געווען אַ פריידענקער. נאַטירליך ביי איהר לעבען האָט ער „געהיט שטאַט"; איז שבת געגאַנגען דאַווענען אין מנין, און דער וואָכען געדאַוועט אין שטוב אַלע טאָג. אַגב, קאָן זיין, אַז זי האָט טאַקע געליטען פון דעם טאַטענס אַפּיקורסות. דאָס געדענק איך נישט.

———

דעם ברודערס קינדהייט ווייס איך נאָר פון די דערצעהלונגען פון די עלטערע, אַז ער איז געווען אַ שטיפער און האָט פיינט געהאַט דעם חדר מיט'ן קאַנטשיק און פלעגט פאַלען אויף כל המינים שפּיצלעך, ווי אַזוי דעם חדר אויסצומיידען. ס'איז ביי איהם געווען רעכט אָנטון אַ זאָק אויף אַ זאָק, כדי דורכ'ן לאַנגען זיכען פערשפּעטיגען און בלייבען אין דערהיים. טאָמער פלעגען זיך די אַלע איינפאַלען נישט איינגעבען, און מ'פלעגט איהם פּאָרט אויסריכטען אין חדר — אַליין פלעגט ער קיינמאָל נישט געהן; אָדער די שוועסטער אָדער די מאַמע פלעגט איהם אַוועקפיהרען — איז ער געגאַנגען מיט נעווייין און געשרייען.

שפּעטער, אַז ער איז גרעסער געוואָרען, און אין דעם קליינעם שטעדטיל קאָידאַנאָוו איז ניט געווען קיין גוטער מלמד פאַר'ן ברודער, האָט איהם דער טאַטע אַליין אָנגעהויבען צו לערנען. אונזער פאָטער איז אַ זוהן פון לפי ערך פערמעגליכע מענשען. זיין פאָטער האָט פערמעגט אַ רובעל 5 טויזענד געלד, וואָס אַמאָליגע יאָהרען אין דעם קליינעם שטעדטיל איז עס געווען ווי היינט 50 טויזענד. אַ יוד אַ צדיק, וואָס האָט פון עולם הזה גאָר ניט געהאַלטען, האָט ער פון זיין יונגערן זוהן — אונזער פאָטער — קיין גרויס נחת נישט געהאַט. ער איז אַפילו אַ גרויסער לערנער געוועזען, האָט געלערנט אין וואָלאָזשין, נאָר ער איז קאַליע געוואָרען פון די טריף-פסול'ען; אַ מענש מיט אומגעוועהנליכע פעהיגקייטען. און אַ גוואַלדיגען זכרון, האָט ער דורך עפּיס אַ צופאַל זיך אויסגעלערנט לייענען דייטש און רוסיש, און באַלד האָט ער שילערן, צשאָקען, געטען און ריקערט'ן געקענט אויף אויסווייניג. זיי האָבען עס, אַפּנים, געווירקט אויף איהם און געמאַכט פאַר אַ פריידענקער. דעם פרומען יידען האָט זיין מוזיניקס אַפּיקורסות זעהר גרויס צער פערשאַפט. דאָך האָט ער איהם ליעב געהאַט און שטענדיג איהם געשטיצט מיט געלד, געדעקט דעם טאַטענס דעפיציטען ביים פערקויפען זיין סחורה (דער טאַטע איז געווען אַ תבואה-הענדלער)..

דער פאָטער האָט אַליין זעהר ליעב געהאַט די פרייהייט און זי גערן אויף אַ צווייטען געשאָנקען, — דאָך איז ער זיך אַ ביסעל צו שטרענג בעגאַנגען מיט'ן ברודער. צווישען זיי פלעגען אָפטמאָל פאָרקומען סצענעס. דער ברודער פלעגט אַוועקגעהן פון שטוב. די מאַמע האָט אין אַזוינע פאַלען ביטער געוויינט, געמיינט, אַז גאָט ווייס וואָס דאָס קינד קען נאָך אָבטון, עס קען זיך נאָך שמד'ען אודאי...

* געבוירען אין יאָהר 1876.

דערוועהן, אַז מיט ביזען קען ער גאָרנישט מאַכען, דער ברודער האָט לחלוטין קיין חשק נישט געהאַט צו לערנען תורה — האָט איהם מיין פאָטער אָבגעגעבען לערנען צו אַ לעהרער, און טאַקע צום בעסטען לעהרער פון שטעדטיל. ס'איז געווען אַ געבילדעטער יונגערמאַן, אַ קעסטקינד, פון די חשוב'סטע שטאָדט-בעלי-הבתים. די נייע למודים זענען אַוועק פיעל בעסער. אין גאַר אַ קורצער צייט האָט דער ברודער אויסגעלערנט זיך רוסיש, דייטש, אַריטמעטיק און אָנגעהויבען אַלגעבראַ. דאָס איז פאַר איהם געוועזען איבערגענוג צו ווערען אַליין אַ לעהרער אין שטעדטיל, און דורכדעם אויך — אַ זעלבשטענדיגער מענש. דער פאָטער אונזערער, וואָס בעציהט זיך צו קינדער חבריש ביז אויף דעם היינטיגען טאָג, האָט מיט'ן ברודער געהאַט שמועסען וועגען ליטעראַטור. אַליין האָט דער טאַטע געשריבען פּראָזע און שירים אין העברעאיש און פלעגט זיי לייענען דעם ברודער. דער טאַטע מיט'ן ברודער פלעגען לייענען אינאיינעם דיזעלביגע ביכער, און וואָס הער ברודער איז עלטער געוואָרען און פערשטאַנדיגער, אַלץ מעהר האָט ער געזעהן אין טאַטען אַ לעהרער און אַ גוטען חבר.

זיינע ערשטע פּאָעזיע האָט דער ברודער אויסגעגאָסען פאַר זיינע שילערינס אויף די אַפּירען. דערנאָך איז ער אַריבער אין שיר. און ניט איך איין „הסקע רעטש" האָט ער געלאָזט רעדען זיין מוזע. שילערינס האָט דער ברודער געהאַט פיעל... אין יענער צייט איז געווען אַזוי איינגעפיהרט, אַז מ'פלעגט נעמען צוויי רובל אַ זמן פון אַ שילער. פיער שילער פלעגען זיך לערנען צוזאַמען — אויף אַזאַ אופן פלעגט אויסמאַכען 8 רובל אַ זמן פאַר אַ שעה. שעה'ן האָט דער ברודער געהאַט, וויפיעל גאָט האָט בעשטימט אין מעת-לעת, קוים-קוים אָברייסענדיג צייט אויף עסען און שלאָפען.

מיין ברודער איז געווען פערדעכענט פאַר'ן בעסטען לעהרער: „קאָן גוט אַרויסגעבען, און אַזאַ כתב!" היינט דייטש האָט ער געלערנט און לידעלעך געשריבען אויף די טאָוולען, אַליין געמאַכט... די שילערינס האָבען געהאַט צו איהם דעריבער גרויס רעספּעקט, ווי צו אַ לעהרער. אין פּריוואַט-לעבען זענען זיי געווען אָבער מיט איהם זעהר אינטים. „אברהם'עלע קריינעס... אַ ליעבער יונג... אַ חיצלינג"... דעם וויץ מיט דעם הומאָר האָט ער גע'ירש'נט פונ'ם פאָטער.

זעהר יונג האָט זיך דער ברודער אָנגעהויבען צו דרוקען. אין יענער צייט האָט מיין פאָטער געשריבען העברעאישע שירים און פעליעטאָנען, און האָט מעהרערע פון זיי געדרוקט אונטער פּסעודאָנימען אין „המליץ"... האָט אויך דער ברודער אַוועקגעשיקט אַ יודיש לידעל אין פרצ'ס „יודישער ביבליאָטעק", * ... די לידעל איז געוואָרען אָבגעדרוקט! דער ברודער איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל פון שמחה...

דערנאָך האָט ער געשיקט נאָך לידער צו פרצ'ן. דאָס איז שוין געוועזען נאָך דער מאַמעס טויט... ווי איצט געדענק איך יענע קאַרטעל, וואָס האָט זיך בעקומען פון פרצ'ן. איך וואָלט עס אפשר אַזוי גוט נישט געדענקט, נאָר אויפ'ן קאַרטעל איז געווען אויסגעמאָלט די אייגענע צאַצקע, וואָס אויפ'ן טייטש-חומש אין פרשה בראשית. דאָס האָט מיך זעהר איבערראַשט....

* דער ערשטער בוך פון דער דאָזיגער ביבליאָטעק איז אַרויס אין 1891, דער צווייטער — אין 1893.

געשריבען האָט פרץ דעם ברודער: „אַ שלאַקסרעגען" איז גוט, דאָס צווייטע ליעד — „דער ווינד מיט דער זון" — „שוואַלביך"...

זעהר וואַרים, התלהבות'דיג וואַרים האָט זיך אָבגערופען שלום-עליכם אויפ'ן ברודערס שאַפונגען. ווי אַזוי צו איהם זענען אָנגעקומען רייזענס לידער, ווייס איך נישט. נאָר איך געדענק, ווי ס'איז אָנגעקומען צום ברודער אַן אויסגעשניטענער פעליעטאָן פון אַן אַמעריקאַנער צייטונג. צי דעם פעליעטאָן האָט צוגעשיקט שלום-עליכם אַליין אָדער ווער פון אונזערע אייגענע אין אַמעריקע— ווייס איך נישט. אינאיינעם מיט'ן ברודערס לידער זענען דאָרטען געווען געדרוקט לידער פון נאָך עפּים אַ ליטווישען פּאָעט. מעגליך, אַז פון ליעסין (אברהם וואַלט). דעם גאַנצען פעליעטאָן שלום-עליכמ'ס געדענק איך נישט, איך בין נאָך געווען אַ קינד. נאָר די פראַזע „זעהט, וואָסערע פערל עס וואַלגערן זיך אין אונזער אָרימער ליטא!"— איז מיר אין זכרון פערבליבען.

נאָך דער מאַמעס טויט איז דער ברודער אַוועקגעפאָהרען אין אַ שטעדטיל, דריי מייל פון קאָידאַנאָוו, סאַמאָכוואַלעוויטש, וואו ער איז אויך געווען אַ לעהרער. אין קאָידאַנאָוו גערעדט אַ גלייכוואָרט, אַז אין סאַמאָכוואַלעוויטש ענדיגט זיך דער הימעל. די שטעדטיל איז ווייט פון אַ באַהן, פערישוב'ט און אָבגעשטאַנען. דער ברודער האָט זיך דאָ געפיהלט זעהר עלענד, און זיין גאַנצע בענקשאַפט האָט ער אין די לידער דערצעהלט. זעהר נידערגעשלאָגען איז ער געווען פון דער מאַמעס טויט, האָט ער אין פיעל, פיעל לידער זיין צער בעזונגען. מיר פלעגט ער פון צייט צו צייט ביי אַ געלעגענהייט שיקען אַ „גאָסטינעץ" אַ ביכעלע לידער, וואָס איך פלעג אויסלערנען אויף אויסווייניג, צופּאַסען אַ ניגון און זינגען זיי. ניט וועניג טרערען האָב איך אויף די דאָזיגע לידער פערגאָסען. אַלץ אומעטיגע לידער. אָט איז דעם ברודערס אַ קינדערש נאַאיווו לידעל, וואָס ער ווייס אַליין נישט פון אידער:

זאָג, דו ליעבעס פייגעלע,
זאָג, פון וואַנען פליהסטו?
אפשר אויפ'ן בית-עולם,
זאָג, געוועזען ביזטו?
אויב געוועזען ביזטו דאָרט,
זיי דאָך מיך מחיה,
און דערצעהל מיר וואָרט ביי וואָרט
פון מיין מוטער טרייע.
האָסט זיך אפשר אָבגעשטעלט
דאָרט אויף קערנער פּיקען?
האָסט זיך אפשר אָבגעשטעלט
דאָרט די גרעזלעך פליקען?
האָסטו אפשר דאָרט געהערט, —
דערצעהל, דערצעהל געשווינדער, —
ווי די מאַמע וויינט און קלאָגט
נאָך די ליעבע קינדער?
דו ענטפערסט מיר ניט, פייגעלע,
איך קען דיין שפּראַך ניט וויסען!
פליה צוריק, צוריק אין פעלה
און לאָז דער מאַמען גריסען.

זינג איהר דאָרט אַ ליעדעלע,
זי זאָל פֿיהלען, הערען,
אַז דאָס ליעדעל איז דורכֿאויס,
איהרע קינדערס טרערען!...

אויף ווינטער האָט דער ברודער אַוועקגעוואַנדערט קיין מינסק. דאָרט האָט ער גרויס דחקות געליטען, אָפּט געהונגערט, געשלאָפֿען אין שול אויף דער האַרטער באַנק. אָבער דאָרט האָט ער אויך זעהר פֿיעל ליעדער אָנגעשריבען, און אויף חנוכה האָט ער מיר אָנ־שטאָט חנוכה־געלד אַ גאַנץ ביכֿעל ליעדער צוגעשיקט. אין מינסק האָט ער זיך אויך געטראָפֿען מיט יונגע לייט, וואָס האָבען גע־קענט „ליטעראַטור־וויסענשאַפֿט". דער ברודער האָט מיט גרויס התמדה אָנגעהויבען שטודירען די נייע, איהם ביז אַהער אומבעקאַנטע חכֿמה, און אַז ער איז געקומען אַהיים אויף פסח, האָט ער דעם טאַטען אַליין געפּרובֿט קלאָר מאַכֿען, ווי אַזוי צו שרייבען שירים מיט אַ משקל....

נאָך פסח איז דער פֿאָטער אונזערער אַוועקגעפֿאָהרען פֿון קאָידאַנאָוו קיין זשיטאָמיר, אויף אַ שטעלע ביי בויען אַן אַיי־זענבאַהן. און דער ברודער איז אַוועקגעפֿאָהרען אויף אַ קאָנדיציע אין דאָרף ליסקאָווא, הינטער מינסק. ער האָט זיך דאָרט אָבער אַזוי שלעכֿט געפֿיהלט, אַז פֿון עגמת־נפש איז ער קראַנק גע־וואָרען און באַלד צוריקגעקומען אַהיים, קיין קאָידאַנאָוו. ער האָט אַזוי שרעקליך אויסגעזעהן, אַז כ'פֿלעג וויינען מיט טרערען, קו־קענדיג אויף זיין אומעטיג געזיכֿט.

צו ווינטער איז דער טאַטע געקומען מיט עטליכֿע הונ־דערט רובעל געלד, האָט פֿערקויפֿט די שטוב און איז אַרויסגעפֿאָהרען מיט אונז קיין ווינניצא. דער ברודער האָט נישט געוואָלט מיטפֿאָה־רען און איז געבליבען אין דער ליטא. ווינטער איז ער געווען אויף אַ קאָנדיציע, נישט ווייט פֿון קאָידאַנאָוו. דאָס מאָל איז גראָד געווען זעהר אַ גוטע קאָנדיציע. דערצו נאָך האָט דער בעל־הבית געהאַט זעהר אַ שעֶנע טאָכֿטער. איהר האָט עס דער ברודער גע־ווידמעט דאָס ליעד „ווען דאָס פֿייער פֿלאַקערט"... די שעֶנע מיידעל האָט אָבער אויף אַן אייגענאַרטיגען אופֿן אָבגעדאַנקט דעם דיכֿטער פֿאַר זיין ווידמונג. זי האָט גענומען עטליכֿע העפֿטען ניט־געדרוקטע ליעדער זיינע און זיי אַריינגעוואָרפֿען אין אויווען. „און זאָל דאָס פֿייער פֿלאַקערן"... דער ברודער איז פֿאַר פֿערדראָס שיער פֿון זינען נישט אַראָב. בכֿלל זענען ביי איהם זעהר פֿיעל ליעדער פֿער־לאָרען געגאַנגען, כֿמעט אַלע, וואָס ער האָט געשריבען פֿאַר זיין קומען אין וואַרשוי. אַ סך פֿון זיי וואָלטען געווים פֿערנומען נישט דעם לעצטען פּלאַץ צווישען די בעסטע מוסטערן פֿון זיין ליריק. דען אין דער צייט האָט ער שוין געהאַט אָבגעדרוקט ביי ספּעקטאָרן אין „הויזפֿריינד"* אַזאַ געדיכֿט, ווי „וואָס זשע קלאָגסטו ביי דער גמרא"... צו יענער צייט האָט ער אויך אָנגעשריבען אַ קליין בי־כֿעלע, אַ פּאַמפֿלעט אויף אונזערן אַ שכֿן, וואָס האָט געזוכֿט אַ כלה מיט געלד, דער ביכֿעלע האָט טאַקע אַזוי געהייסען: „אַ כפרה די נאָז, אַבי אַ גאָלדענער זייגער מיט דריי הונדערט רובל"...

* יאָהרביכער, וואָס זענען אַרויס אין די יאָהרען 1888, 1889, 1894, 1895, 1896 אין וואַרשאַ.

פֿאַר דעם דאָזיגען ביכֿעל האָט דער „בעשריבענער חתן" געוואָלט בעצאָהלען דעם ברודער מיט קלעפּ, דאָך איז די מעשה גלאַט אַריבער...

עס איז אַריבער נאָך אַ געוויסע צייט, און דער ברודער איז אַוועק פֿאַר אַ סאָלדאַט. פֿיער יאָהר האָט ער אָבגעדיענט, און די דאָזיגע פֿיער יאָהר, די בעסטע יוגענד־יאָהרען, האָבען אַ שווערען איינ־דרוק געמאַכֿט אויף זיין נשמה. „ליעבע ברידערלעך, האָט ער געשריבען אין זיינע בריעף, שפּיעלט זיך נישט אין סאָלדאַטען, דאָס איז אַ שרעקליכֿע שפּיעל"... אַ געוויסע פֿערלייכֿטערונג איז פֿאָרגעקומען אין זיין לאַגע, ווען ער איז אָנגענומען געוואָרען פֿאַר אַ מוזיקאַנט. ער האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר גאַנץ פֿעֶהיג צו מוזיק, און דער דיענסט איז איהם געוואָרען לייכֿטער. איינגיכֿען איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט איינינע אינטעליגענטע קרייזען פֿון שטאָדט (ער האָט געדיענט אין קאָוונא), וואָס צווישען זיי זענען געווען א. וויטער, דמיטרי צענזאָר (איצט אַ בעקאַנטער רוסישער דיכֿטער) א. אַנד. דאָס האָט צום גוטען געווירקט אויף דעם ברו־דערס פֿיהלען זיך אין קאַזאַרמע. קומענדיג אויף אורלויב אַהיים, האָט ער אָנגעשריבען זיין פּאָעמע „דער צוריקקעהר אַהיים", וועל־כֿע ער האָט מיר שפּעטער צוגעשיקט אין אַ קליין ביכֿעלע מיט נאָך איינינע ליעדער.

אין אַ יאָהר אַרום האָט ער זיך אויסגעדיענט און איז גע־קומען קיין מינסק. דאָ האָט ער זיך ווידער פֿערנומען מיט שטונדען געבען. צו דער צייט האָט אין וואַרשוי אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן „דער יוד"*. דער ברודער האָט אַהין אַוועקגעשיקט זיין פּאָעמע, און זי איז גלייך אָבגעדרוקט געוואָרען (אין ח׳ נומערן 7—8); שפּעטער איז זי איבערזעצט געוואָרען אויף העברעאיש, רוסיש, א. אַנד. שפּראַכֿען. „דער צוריקקעהר אַהיים" האָט געמאַכֿט אַ רושם, און דער ברודער האָט געקראָגען אַ שם. „דער יוד" האָט געדרוקט נאָך איינינע ליעדער זיינע. דער ברודער האָט שוין מעהר נישט געקענט בלייבען אין דער פּראָווינץ.

ער איז געווען דאַן אויף אַ קאָנדיציע ביי מינסק, אַלע טאָג פֿלעגט ער צו אונז קומען אין שטאָדט אַריין (דעמאָלט בין איך מיט מיינע צוויי קליינע ברידער געוועזען אין מינסק). איינמאָל אין אַ הייסען זומערטאָג איז געקומען דער ברודער.

— איך פֿאָהר קיין וואַרשוי, האָט ער געזאָגט מיט אַ שטי־לען שמייכֿעל...

און אויף מאָרגען איז ער שוין געזעסען אין צוג מיט אַ פּעקיל כתבים און מיט'ן וואַנדער־שטעקען אין האַנד...

— — — — — —

דאָ לאָז איך אויס מיין אַרטיקעל. איך האָב איהם געשרי־בען, ווי אַזוי עס האָט זיך געשריבען, דאָס ריין־פּערזענליכֿע און דאָס, וואָס האָט אפשר יאָ אַ בעדייטונג פֿאַר דעם ברודערס ביאָגראַפֿיע, האָב איך אפשר ניט שטרענג גענוג אָבגעטיילט. וועלען עס אַנדערע טון. שרייבען וועגען ברודער, זינט ער איז געקומען אין וואַרשוי, הייסט שרייבען די געשיכֿטע פֿון זיין ליטעראַרישען שאַפֿען, פֿון דעם אָרט, וואָס ער האָט פֿערנומען אין דער נייער יודישער ליטע־ראַטור — לאָזען דאָס אַנדערע טון....

* 1899 — 1902.

יעקבֿ מילך.

# צום 20-יעהריגען יובֿילײ פֿון דער „צוקונפֿט“.

(1912—1892)

## צוקונפֿט.

### אַוויסענשאַפֿטליך-סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפֿט.

### אַרויסגעגעבען פֿון די צוקונפֿט פּרעס פֿעדעראַציאָן.

### (ניו-יאָרק).

דאָס איז דער פֿולער טיטעל פֿון דעם זשורנאַל, וואָס האָט צום ערשטען מאָל ערשיינט אין ניו-יאָרק, צוריק מיט איין-און-צוואַנציג יאָהר (יאַנואַר 1892), און אָט דעם טיטעל, מיט אַ קלייגער ענדערונג אינ'ם נאָמען און אַ גרויסער ענדערונג אינ'ם אינהאַלט, טראָגט ער ביז'ן היינטיגען טאָג.

די „צוקונפֿט“ איז ניט געווען דאָס ערשטע יודישע וואָרט אין אַמעריקע. זי איז דאָס געזעצליכֿע קינד פֿון דער אַמאָליגער וועכֿענטליכֿער „אַרבייטער-צייטונג“,* און די „אַרבייטער צייטונג“ אַליין איז אויך ניט אַרויסגעשפּרונגען, ווי מינערוואַ פֿון יופּיטער'ס קאָפּ. מען קאָן דעריבער ניט רעדען פֿון דער „צוקונפֿט“ און דערביי ניט דערמאָנען די פֿריהערדיגע צייטונגען אין אַמעריקע. און איך וועל זיין געצוואונגען אָבצוגעבען אין דעם דאָזיגען אַרטיקעל פֿיעל פּלאַץ פֿאַר די אַנדערע צייטונגען, הגם מיין עצם טעמע איז די „צוקונפֿט“.

צו דערזעלבער צייט איז וויכֿטיג, דער לעזער זאָל אין זינען האָבען, אַז איך שרייב ניט די געשיכֿטע פֿון די יודישע צייטונגען אין אַמעריקע. עס האַנדעלט זיך נאָר אום אָבצושילדערן דעם הינטערגרונד פֿון דעם בילד, אויף וועלכֿען עס בעוויזט זיך די „צוקונפֿט“, אום אַריינצובריינגען דעם לעזער, אויב מעגליך, אין דער אַטמאָספֿערע פֿון יענער צייט.

I

מען זאָגט: וואו צעהן יודען קומען זיך צוזאַמען, מאַכֿען זיי אַ מנין. דער דאָזיגער שפּראָך קאָן היינטיגע צייטען אומגעמאַכֿט ווערען. מען קען זאָגען: וואו עס קומען זיך צוזאַמען צעהן יודען, ביי גינסטיגע אומשטאַנדען, מאַכֿען זיי אַ צייטונג.

פֿון דעם יאָהר 1857 ביז דעם יאָהר 1871, אויף וויפֿיעל מען קאָן עס פֿעסטשטעלען לויט דער אָפֿיציעלער סטאַטיסטיק, זענען אין די פֿעראייניגטע שטאַטען אָנגעקומען בס"ה 5302 איינוואַנדערער, יודען און ניט-יודען, פֿון דער „רוסישער אימפּעריע און פֿינלאַנד“. פֿאַר דער צייט פֿון 1861 — 1871 זענען אָנגעקומען 7794 אייגוואַנדערער פֿון עסטרייך-אונגאַרן, וואָס דער רובֿ פֿון זיי זענען, בלי ספֿק, געווען ניט-יודען — און שוין אין יאָהר 1871 ערשיינט אַ וואָכֿענשריפֿט: די „יודישע נייעס“, אַרויסגעגעבען פֿון איינעם יעקבֿ קאַהן, אויף ענגליש, דייטש, העברעאיש און יודיש. אַ יאָהר שפּעטער, אין 1872, ערשיינט די „יודישע פּאָסט“, אַרויסגעגעבען פֿון הענרי גערשוני. אין 1874 הויבט אָן צו ערשיינען די „יודישע גאַזעטטען“, אַרויסגעגעבען פֿון כתריאל צבֿי שרהזאָן בשותּפֿות מיט זיין שוואָגער יהלם שט"ין, וועלכֿער האָט געשריבען „דייטשמעריש“.

מיט פֿיער יאָהר שפּעטער שפּראָצט אַרויס אַ נייע צייטונג, די „יודישע פֿאָלקס-צייטונג“, אַרויסגעגעבען פֿון מ. טאָפּעלאָווסקי און ג. לאַנדוי. אָט די צייטונג איז אין איין צייט געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט שיער ניט איינגעשלונגען די „גאַזעטטען“, וואָס פֿון איהר איז זי סוף כּל סוף אַליין איינגעשלונגען געוואָרען, ווי פֿיעלע אַנדערע צייטונגען נאָך איהר.

עטליכֿע יאָהר איז די „יודישע גאַזעטטען“ כּמעט געווען די איינציגסטע וועכֿענטליכֿע יודישע צייטונג. מיט צרות און מאַטערניש האָט זי זיך געשלעפּט, ביז איהר ערפֿאָלג איז סוף כּל סוף געקומען. און אָט דער ערפֿאָלג איז געקומען, ווי העה יחזקאל שרהזאָן דערצעהלט אין די 25-יעהריגער יובֿילײ-אויסגאַבע פֿון דעם „יודישען טאַגע-בלאַט“, מחמת דעם, וואָס:

„פּרינטינג (דרוקעריי-אַרבייט) איז אַריין אין מאָדע ביי יודען. קאָסטימער פּעדלער (הויזירער, וואָס גיבען אויף אויסצאָהלען) האָבען געדאַרפֿט (וויזיט) קאַרדס, יונגע לייט האָבען אויף אונזער מזל תּתונה געהאַט און איינלאַדונגען בעשטעלט, סטאָרקיפּער (קרעמער) האָבען אויך אָנגעפֿאַנגען צו „פּאַטראָניזען“ (אונטערשטיצען); יודישע מעבעל-געשעפֿטען האָבען זיך געעפֿענט דריי אויף איין מאָל, און ווען איינער האָט אַריינגעשטעלט אַן אַדווערטייזמענט (אַנאָנס), האָבען די אַנדערע געמוזט נאָכֿטהון“.

הכּלל, די צייטונג, אַדאַנק איהר דרוקעריי, איז געוואָרען זעהר אַ גוטער געשעפֿט, און העה שרהזאָן האָט געמאַכֿט עטליכֿע פּרובֿען אַרויסצוגעבען אַ טעגליכֿע צייטונג, צום ערשטען מאָל אין יאָהר 1881, דאַן ווידער אין 1883, דאַן ווידער אין 1885. דאָס לעצטע מאָל איז געווען אין אַ מזל'דיגער שעה. די אַרויסגעבער זענען געוואַקסען און רייך געוואָרען.

זינט דעמאָלט אָן הויבען אָן די צייטונגען צו וואַקסען, ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגען. דעם דאָזיגען וואוקס האָבען פֿיעל מיטגעהאָלפֿען די גוט בעקאַנטע, און אין פֿיעלע פּרטים בעגאַבטע, גאָלדפֿאַדען און שמ"ר. אָבער אָט די אַלע צייטונגען האָבען קיין לאַנגען קיום ניט געהאַט. בין לילה היה ובין לילה עבֿר.

דעם ערשטען וויכֿטיגען קאָנקורענט האָבען די „גאַזעטטען“ געקראָגען אין יאָהר 1886, ווען די „ניו-יאָרקער יודישע פֿאָלקס-צייטונג“ האָט ערשיינט, רעדאַקטירט פֿון מ. מינטץ און דאָקטאָר בראַסלאַווסקי.

די „ניו-יאָרקער יודישע פֿאָלקס-צייטונג“ איז געווען די ערשטע „סאָציאַליסטישע“ צייטונג אין אַמעריקע. זי איז געווען דער ערשטער שטיין אין דעם פֿונדאַמענט, וואָס אויף איהם איז מיט פֿיער יאָהר שפּעטער אויפֿגעבויט געוואָרען די שוין דערמאָנטע „אַרבייטער-צייטונג“, אַרויסגעגעבען פֿון אַ געזעלשאַפֿט פֿון יודי-

* אַרויסגעגאַנגען אין ניו-יאָרק אין די יאָהרען 1890—1894 זעלבשטענדיג פֿון 1894 ביז 1902 אַלס זונטאָג-אויסגאַבע פֿון דעם „אָבענדבלאַט“ — צוערשט אונטער דער רעדאַקציע פֿון אַב. קאַהאַן און שפּעטער — פֿון פֿיליפּ קראַנץ.

שע אַרבּייטער — סאָציאַליסטען אונטער דער נאָמען: די „אַרבּייטער־ציַיטונג פּובּלישינג אססאָציאיישאָן“ („אַרבּייטער־ציַיטונג“ פערלאַגס־געזעלשאַפט).

דיזעלבּיגע געזעלשאַפט האָט מיט עטליכע יאָהר שפּעטער אַרויסגעגעבּען דעם טעגליכען „אָבענד־בּלאַט“, און דיזעלבּיגע מענשען האָבען, אונטער אַן אַנדער נאָמען, אויך אַרויסגעגעבּען די „צוקונפט“. די לעצטע דערמאָנטע ציַיטונגען זענען אַרויסגעגעבּען געוואָרען ניט צוליעב ריוח, נור צוליעב אויפקלערונג. דער ריוח פון דער ציַיטונג, אויב אַזעלכער וואָלט געווען, האָט געדאַרפט געהן צו פערגרעסערן די אויפקלערונגס־אַרבּייט.

אין יאָהר 1888 — 89 האָט ערשינט דער „פאָלקס־אַדוואָקאַט“, אונטער דער פיהרונג פון דעם בּעוואוסטען „פּראָפעסאָר“ געציל זעליקאָוויטץ, אַרויסגעגעבּען פון מינץ, בּראָדי און קאָמפּ. *

מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט דיזעלבּיגע געזעלשאַפט אַרויסגעגעבּען דעם טעגליכען „העראָלד“, וועלכער האָט אַ לאַנגע ציַיט געפיהרט אַ קלעגליכע עקזיסטענץ, בּיז עס איז געקומען דער בּעוואוסטער ל. מיללער, פריהערער סאָציאַליסט, האָט אָבּגעקויפט דעם „העראָלד“ און געמאַכט פון איהם די איצטיגע „וואַרהייט“. אין דעמזעלבּען יאָהר מיט דעם „פאָלקס־אַדוואָקאַט“ האָט אויך ערשיינט די אַנאַרכיסטישע „וואַהרהייט“, וואָס האָט עקזיסטירט נור אַ קורצע ציַיט און איז געווען דער פאָרלויפער פון דער „פרייער אַרבּייטער־שטימע“.

ענדע די אַכציגער און אָנהויבּ די ניינציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט געפינען מיר די פאָלגענדע פיער ציַיטונגען, קעמפענדיג איינע מיט דער אַנדערער פאַר דעם יודישען אימיגראַנט:

די „יודישע גאַזעטטען“, וואָס נאָך איהר האָט זיך שוין נאָכגעשלעפּט דאָס „יודישע טאַגעבּלאַט“, מיט דער לעצטער זייט אויף ענגליש, און וואָס מען פלעגט איהם אין שפּאַס רופען: „דאָס מאָרגעדיגע טאַגע־בּלאַט“; דער „פאָלקס־אַדוואָקאַט“; די „פרייע אַרבּייטער־שטימע“, און די „אַרבּייטער־ציַיטונג“. און די פיער ציַיטונגען, מיט זייערע בּעשטימטע גאַנץ פערשיידענע ריכטונגען זענען געווען דער אמת'ער אויסדרוק פון די פערשיידענע ריכטונגען בּיי די נאָר וואָס אָנגעקומענע יודישע איינוואַנדערער**

די „גאַזעטטען“ איז פון אָנהויבּ אָן געווען אַ „כל־ישראל־

* מינטץ איז א ברודער פון מאָזעס מינטץ, הויפט־רעדאקטאָר פון דער „ניו־יאָרקער אידישער פאָלקס־ציַיטונג“, און דער מאַן פון דער בעוואוסטער אידישער אקטריסע מאדאם ליפּצין. ער האָט שפעטער בעגרינדעט אין טשיקאגא דעם „יודישען קוריער“, וועלכער עקסיסטירט נאָך היינט. א דריטער ברודער, גוסטאוו מינטץ, האָט א געוויסע ציַיט ארויסגעגעבען דעם „אידישען רעקאָרדער“, א פיערטער ברודער איז געפאָהרען קיין סאַן פראנציסקאָ און דאָרט ארויסגעגעבען עפּיס א ציַיטונג, ועל כולם, איז געווען נאָך א פינפטער ברודער, וואָס האָט זיך שטארק בעטייליגט אין דער ארויסגאבע פון דער אנארכיסטישער „פרייער ארבּייטער שטימע“. ער איז פאראיאָהרען בעגאַנגען זעלבּסט־מאָרד, מחמת די שלעכטע טעאטער־געשעפטען.

** פון די דאָזיגע ציַיטונגען איז די „ארבּייטער־ציַיטונג“ אינגאנצען אונטערגעגאַנגען, אין קאמף מיט דעם „פאָרווערטס“. די „יודישע גאַזעטטען“ געהט נור אין די „קאַונטרי“ (אויף דער פּראָווינץ), מיט מאַטעריאַל, וואָס ערשיינט דורך דער וואָך אין דעם „טאַגעבּלאַט“. דיזעלבּע אַרבּייט טוט דער „פאָלקס־אַדוואָקאַט“ פאַר דער „וואַרהייט“. די איינציגע ציַיטונג, וואָס עקסיסטירט נאָך היינט,

בּלאַט“, אַ בּלאַט פון רבנות און בטלנות — רבנות און בטלנות אויסגעמישט מיט דעם אַמעריקאַנער געלד־מאַכעריי־אינסטינקט, אַן אינסטינקט, וואָס די אימיגראַנטען האָבּען גיך דערפיהלט אין זיך, אויף דעם פערקעהרטען זייט, נאַטירליך. און עס איז אַרויסגעקומען אַ טאָפּעלע פערזעהעניש, אַ פערזעהעניש פון רבנות און בטלנות, און אַ פערזעהעניש פון געלד־מאַכעריי, הגם די געלד גופא איז געווען גאַנץ גוטע, רעאַלע אַמעריקאַנישע דאָלאַרס.

דער „פאָלקס־אַדוואָקאַט“ האָט רעפּרעזענטירט די אַלטע השכּלה, אָדער ריכטיגער, די „מליצה“ פון דעם אַלטען חור; „מליצה“, וואָס צו איהר איז צוגעקומען, אויסער דער געלד־מאַכעריי, די הפקרות פון אימיגראַנטענטום, די ווילד געוואָרענע אומפעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס האָט ניט קיין מורא פאַר גאָט און קיין בושה פאַר לייט.

די „פרייע אַרבּייטער־שטימע“, איז געווען פון פּונקט אַ פערקעהרטען שניט. זי האָט פערטיידיגט גרויסע אידעאַלען. געלד־מאַכעריי איז געווען וויַיט פון איהר. זי האָט געוואָלט איבּערקעהרען די גאַנצע וועלט כהרף עין. זי האָט אָבּער רעפּרעזענטירט די ערגערע, די ערגסטע זייט פון דעם בּעפרייאונגס־געדאַנק — זי איז געווען אַנאַרכיסטיש, ווילד־אַנאַרכיסטיש. די אַנאַרכיסטישע בּעוועגונג איז אין אַלע ציַיטען געווען אַן אויסדרוק פון אומגעדולד, פון היסטעריע. זי האָט דעריבּער תּמיד אָפּערירט מיט קנאַקענדיגע פראַזעס און פלאַצענדיגע בּאָמבּעס. דער יודישער אַנאַרכיזם, ניט האָבּענדיג דעם מוט צו בּענוצען בּאָמבּעס, האָט בּענוצט אַ טאָפּעלע פּאָרציע פון קנאַקענדיגע פראַזעס. און לעכערליכע פראַזעס זענען עס געווען, אין זייער סך הכל — פיעל ערגער פון דער „מליצה“.

די „אַרבּייטער־ציַיטונג“, איז געווען די איינציגע ציַיטונג, וואָס איז געווען געזונט אין אַלע פּרטים. זי האָט זיך פערנומען דערהויפּט מיט דער אַרבּייטער־פראַגע; זי האָט געלערענט דעם אַרבּייטער זיך אָרגאַניזירען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש און האָט זיך אָבּגערופען אויף זיינע אוממיטעלבּאַרע בּעדערפעניסען.

עס איז שווער צו בּרענגען ציטאַטען פון ציַיטונגען, וואָס האָבּען עקסיסטירט פיעל יאָהרען, כּדי צו בּעוויַיזען זייער אַלגעמיינעם כאַראַקטער. און נאָך שווערער איז אין אַזאַ פאַל גערעכט צו בּלייבּען בּנוגע צו די ציַיטונגען. עס ליגט אין דער נאַטור פון אַ ציַיטונג צו געבּען יעדען די מעגליכקייט אויסצוקלייבּען גראָד דאָס, וואָס עס פּאַסט פאַר איהם צום בּעסטען. חוץ דעם, איז מיר שווער געווען צו קריגען די גאַנץ ערשטע נומערן. די עלטסטע נומערן „יודישע גאַזעטטען“, וואָס איך האָבּ געקאָנט געפינען אין דער גרויסער ניו־יאָרקער בּיבּליאָטעק, איז געווען פון דעם יאָהר 1890, ווען דער „גייסט“ פון „פּראָפעסאָר“ געציל זעליקאָוויטץ האָט שוין דאָרט אַרומגעשוועבּט, און זי האָט שוין געהאַט פערלאָרען פיעל פון איהר פריהערדיגען כאַראַקטער און אויך איהר „טייטשמעריש“. אָבּער ניט געקוקט אויף דעם אַלעמען, וועל איך דאָך בּרענגען איינִיגע כאַראַקטעריסטישע שטיקלעך.

אין די „גאַזעטטען“ פון דעם 22־טען אויגוסט 1890, אונטער „יודישע נייעס“ לעזען מיר:

גאָך פיעל גלגול מחילות, איז די „פרייע ארבּייטער שטימע“, פאַר די לעצטע 13—14 יאָהר אונטער דער פיהרונג פון ש. יאַנאָווסקי. זי איז אָבער היינט א גאַנץ אַנדערע ציַיטונג, וויַיט פון דעם אַמאָליגען פראַזענהאַפטיגען אַנאַרכיזם.

„סאַנט לואיס. דאָקטאָר מיזאנענשטיין, דער בעקאַנטער רעפאָרם פּרעדיגער פון סאַנט לואיס, האָט איינע לאַנגע אַנטוואָרט צוגעשיקט דעם „איזראַעליט“ איף די אָנפראַגע, וועלכע רעווערענד דאָקטאָר בערקאָוויטש, דער פּרעדיגער פון קאַנזעס סיטי, האָט פאַר צווייא וואָכען אין דעם „איזראַעליט“ אָנגעפראַגט, אייב עס איזט נאָך דעם רעפאָרמירטען יודישען דין ערלויבט ערלים מגיר צו זיין, און זיי אָהנע מילה מיט זייערע ערלת תחת כנפי השכינה הערונטער צו ברענגען, און רעווערענד דאָקטאָר זאָנענשיין איזט מתיר בביעה בכרתא, און ער ברענגט דרייא ראיות צו זיין היתר. ערשטענס, פון דער גמרא יבמות מ״ז, וואו ר׳ יהושוע בן חנניה זאָגט, דאָס טבל ולא מל הרי זה גר. צווייטענס פון מהרי״ל מפּראג, וועלכער זאָגט אין זיין ספר נצחון, אין האמונה תלויה במילה אלה בלב, הלא כותי שאני מאמין כשורה אין מילתו משנה ליהודי, גם המאמין כשורה, הרי הוא יהודא אפילו אינו נמול. דריטענס בערופט זיך דער געלעהרטער דאָקטאָר אויף די ענטשיידונג דער פּיטסבורגער פּרעדיגער־קאָנפערענץ, וואָס האָט בעשלאָסען און אָנגענומען מצוות און עברות, וועלכע האָבען בעצוג אויף מאכלות אסורות, קרבנות... זיינען יעצט אין חוץ לארץ בטל ומבוטל“.

דיזעלבע טעמע פערנעמט נאָך פיעל שפּאַלטען אין די ווייטערדיגע נומערן.

אַ יוד האָט זיך גענומען דאָס לעבען, און די „גאַזעטטען“ ברענגט די נייעס אונטער דער איבערשריפט: „שאָן ווידער איין יודישער מערדער בעוה״ר“.

מען קאָן אָנפילען גאַנצע ביכער מיט אַזעלכע און כדומה נאָך אַזעלכע אויסצוגען, אָבער אַלס מוסטער פון בטלנות איז דאָס, גלויב איך, גענוג.

דער ערשטער נומער „פאָלקס־אַדוואָקאַט“, וואָס איך האָב בענוצט, איז שטאַרק צעריסען און ערטערווייז פערלאַטעט, אַזוי אַז מען קאָן ניט אַלץ לעזען. דער נומער הויבט זיך אָן מיט צוויי „שירים“ פון אונזער „פּראָפעסאָר“, אונטער דעם פסעוודאָנים ותלקלקות. דער ערשטער שיר הייסט: „וחלקלקות צום פאָלק“. עס איז געזעצט אויף אַזאַ אופן, אַז עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פיגור מיט אַ קליין קעפּעלע, נאָך קלענערע פיסלעך, און מיט זעהר אַ גראָבען בויך, און לעזט זיך כהאי לישנא:

קינה
געשווינד
געה דיר מיין בלאַט
צייג׳ מיט שטאָלץ דיין געזיכט
דיין יסוד איז פרייהייט און ליכט
פערטהיידיג דאָס פאָלק געגען די צבויאַקעס
דוא הייסט „אַדוואָקאַט“ אונד דיין פאָטער וחלקלקות...
אין דער שוואַרצער נאַכט זייא הער לייכט טהורם
פירכטע קיין וואָלקען און קיין שטורם
גיעב אַ זיפץ און גיעב אויף אַלאַך
נור אין אַ קלאָרע שפּראַך
פאָלקס אַדוואָקאַט
נייעס בלאַט
אַדיע!
געה.

דער צווייטער שיר הייסט: „דער פאָלקס־אַדוואָקאַט“ צום לעזער“, און הויבט זיך אָן:

פיעלע לעזער וועלען פרעגען מן הסתם
איך זאָל זיי זאָגען: וואָס איז מיין פּראָגראַם
לעזער לעבען! אין מיין נאָמען פאָלקס־אַדוואָקאַט,
קען מען לייכט לעזען דעם פּראָגראַם פון מיין בלאַט...
ס׳איז דייטליך פאַר יעדען מיין נאָמען, מיין...

ווייטער זענען האַלבע שורות אויסגעריסען. מען קען ליכט זעהן, אַז די ראשי תיבות פון די ערשטע פינף שורות זענען א. ד. ה. א. ק. א. ט. (אַדוואָקאַט), פּונקט ווי די אַמאָליגע אָרים־בחורים פלעגען פערפאַסען די „שירים“ אויף זייערע חתונה־בילעטען, אָדער די שירים אויף מצבות.

באַלד נאָך די צוויי „שירים“ קומט „פּאָליטיק“, אונטער דער איבערשריפט „אַהין און אַהער“, און הויבט זיך אָן מיט אַ „שיר“:

די סערבישע קאָניגין איז אויף צרות
איהר מאַן מילאַן וויל מיט איהר שלאָגען כפּרות
טרויער קאָניגין! אַדיע דיין הימעל בעט!
דוא מוזט יעצט נעמען אַ סערבישען גט...
טרוי נור ניט קיין לאָיערס (אַדוואָקאַטען), ציטטער ניט ווי אַ בלאַט,
פערלאָז זיך אויף דעם יושר פון פאָלקס־אַדוואָקאַט.

און נאָך דעם הויבט זיך אָן די „פּאָליטיק“ גופא, בזה הלשון:

„ווען דער „פאָלקס־אַדוואָקאַט“ וואָלט אָבער געבוירען געוואָרען מיט אַ פּאַר וואָכען פריהער, צווישען שבעה עשר בתמוז און תשעה באָב, וואָלט אפשר די סערבישע קאָניגין נאַטאַליע ניט געהאַט אַזאַ שוואַרצען סוף פון איהר מאַן, וואָס האָט געקויפט אַ גט אויף איסטצאָהלען“ און אַז. וו.

אין דעמזעלביגען ערשטען נומער הויבט זיך אָן דרוקען אַ ראָמאַן:

ציפּקע די הנעוודיגע — אַ ראָמאַן אויס דעם ניו־יאָרקער לעבען. איבערזעצט אויס דעם פראַנצויזישען פון שפּרינצעס שטיעפאייניקעל.

ווען מען פערגלייכט דאָס דער מיט פאָלגענדען אויסצוג פון דער אַנאַרכיסטישער „פרייער אַרבייטער־שטימע“, קאָן מען גלייך זעהן דעם אונטערשיעד פון צוויי וועלטען און דעם חילוק פון „מליצה“ ביז פּראָזע.

די „פרייע אַרבייטער־שטימע“ האָט צום ערשטען מאָל ערשיינט אין יוני 1890, מיט אַ פּראָגראַם, וואָס איז געווען לאַנג, ווי דער יודישער גלות, און אַכזריות׳דיג, ווי די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. אַ טייל פון דעם פּראָגראַם ברענגען מיר דאָ:

„ווען אַ געזעלשאַפט ערררייכט אין איהר ענטוויקלונג ביז צו אַזאַ שטופע, אַז עס איז פּשוט אונמעגליך צו געפינען אַ צופריעדענעם מענשען אין איהר מיטע, און דער קול פון אונצופריעדענהייט לאָזט זיך פון איבעראַל הערען — דאַן איז עס אַ זיכערער סימן, אַז די אָרדנונג פון דיזער געזעלשאַפט האַלט ביים באַנקראָטירען, ביים קראַכען, און מענשען זענען געצוואונגען אויף איהר אָרט אַ נייע אָרדנונג איינצוריכטען...

„עס זענען דאָ מענשען, וואָס ציטערן פאַר דעם געדאַנק,

וואָס האָבען מורא פֿאַר דער רעוואָלוציאָן דער צוקונפֿט. אומזיסט זוכען זיי פֿערשיעדענע ווייכע מיטעל ווי אַזוי דעם קאַמפֿ צו פֿערמיידען, און אין דיזער סענטימענטאַלער טהעטיגקייט פֿערגעהן לייִדער אייניגע אַרבייטער רעפֿאָרמער אַזוי ווייט, אַז זיי פֿערגעסען אָן דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פֿון דער אַרבייטער בעוועגונג. ווייל מיר פֿערשטעהן גרינדליך די יעצטיגע פֿערהעלטנים, ווייל מיר ווייסען, אַז מיר דאַרפֿען קוקען דער געשיכטע גלייך אין די אויגען, דאַרום דענקען מיר, אַז עס איז נויטווענדיג די יעצטיגע צייט פֿון פֿיינהייט און פֿון ליעבע צו קליינע רעוואָלוציעלעך צו בעלעבען דעם אמת רעוואָלוציאָנערען גייסט דער בעוועגונג, אָדער ריכטיגער צו זאָגען, צו דערמאָנען שטענדיג אין דעם אמת היסטאָרישען, און דאַרום רעוואָלוציאָנערען אידעאַל פֿון דער צוקונפֿט. און דאָס איז איינע פֿון די וויכטיגסטע און הייליגסטע אויפֿגאַבען פֿון דער „פֿרייער אַרבייטער־שטימע".

צו יענער צייט האָבען די יודישע אַרבייטער דורכגעמאַכט זייער ערשטען גרויסען סטרייק, דעם גרויסען קלאָוק־מאַכער (דאַמען־מאַנטעל־מאַכער) סטרייק אונטער דער פֿיהרונג פֿון יוסף באַראָנדעס, און די „פֿרייע אַרבייטער־שטימע" האָט, נאַטירליך, דעם דאָזיגען סטרייק אונטערשטיצט מיט אַלע כחות. אפשר דערפֿאַר, ווייל זי האָט דאָס בעטראַכט פֿאַר דעם אָנהויב... פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אָבער די לייט זענען גיך געוואָרען ענטוישט. פֿון רעוואָלוציע איז קיין סימן ניט געווען. און זיי האָבען גלייך אָנגעהויבען אַ קאַמפֿ קעגען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען מיט זייער „אַרבייטער־צייטונג", וואָס זיי זענען אין זייערע אויגען געווען בוגדים און פֿערפֿיהרער פֿון פֿאָלק.

דער פֿאָלגענדער אויסצוג איז אפֿשר אַ ביסעל צו לאַנג, אָבער ער איז, דוכט מיר, נויטיג, בכדי צו כאַראַקטעריזירען יענע צייטען און יענע צייטונג.

אין אַן אַרטיקעל מיט דער איבערשריפֿט:

„רעוואָלוציאָנערען און רעפֿאָרמער"

שטעהט, צווישען פֿיעל אַנדערע זאַכען, אַזוי געשריבען:

„בעטלען ביי אונזערע אונטערדריקער, זיי זאָלען אַ וואָרף טאָהן אַן אָבגעגריזעטען ביין, אויסוויינען ביי זיי אַ פּאָר סענט, בעטען זיי, זיי זאָלען מאַכען געזעצע פֿאַר די בעשיצונג פֿון אונזערע פֿרויען און קינדער — דאָס אַלעס איז קיין רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג. דאָס הייסט איינפֿאַך אַרומדרעהען זיך אויף אַן אָרט. ווייל דערמיט ווערט כמעט גאָר ניט ערריכט.... נור דאָס איז נאָך ניט אַלעס. די ריין געווערקשאַפֿטליכע פֿאָדערונגען האָבען אין די גאַנץ יונגע יאָהרען פֿון דער אַרבייטער בעוועגונג געהאַט אַ זין, זיינען געווען אַ נויטווענדיגער רעזולטאַט פֿון דעם דאַמאָלדיגען ענטוויקלונגס־צושטאַנד. דער סאָציאַליזמוס איז נאָך געווען אין די וויקעלעך. די צייט האָט שוין אָבער בעוויזען די רעזולטאַטען פֿון דיזער טאַקטיק פֿון יוניאָנס. און נור מיט אַבזיכט ווילען אונזערע רעפֿאָרמערס און פּאָליטישענס ניט אָנערקענען די רעזולטאַטען... הייסט דען דאָס אַראָבלאָזען זיך צום פֿאָלק, צו זיין פֿערשטאַנד, צו זיין ענטוויקלונגס צושטאַנד, ווען מיר ווילען איהם ניט זאָגען, אַז די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט איז אַזוי ווייט געקומען, אַז די געווערקשאַפֿטליכע קאַמפֿמיטעל מיט די געזעצע וועגען פֿרויען אַרבייט, וועגען פֿערקירצונג פֿון דער אַרבייטס צייט זיינען קאַלטע רפואות, זיינען רעאַקציאָנער אין זייער כאַראַקטער, ווייל זיי זיינען קיין מאָל ניט אימשטאַנד צו פֿערניכטען די הייניגע לאָהן סיסטעם, דעם פּריוואַט בעזיץ אין אַרבייטס מיטעל און די פּאָליטישע הערשאַפֿט?.. דער הייליגער אידעאַל פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן קען דורך פֿערמאַסקירען איהר ווירקליכען ציעל ווייניג וואָס געווינען. שפּאָט, פּערפֿאָלגונג, דער קערקער, דער עשאַפֿאָט, זאָגאַר דער דומער האַס פֿון דעם שקלאַף זעלבסט דאַרף די רעוואָלוציאָנערען ניט אָבהאַלטען פֿון צו זאָגען דעם אמת, אָנצווייזען דעם אַרבייטער, אַז ער מוז זיך אָרגאַניזירען, אום אַלס אָרגאַניזירטע מאַכט אַרויסצוטרעטען געגען אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל ניט מיט האַלבע פֿאָדערונגען פֿון „בעטלערישע רעכטע" זאָנדערן מיט אַ פּראָגראַם פֿון פֿרייהייט און גלייכהייט פֿיר אַלע מענשען, דער מוז וויסען, אַז די געשיכטע האָט שוין כמעט אויסגעפּלאַנירט דעם גאַנצען כאַראַקטער פֿון דעם בלוטיגען קאַמפֿ... דאָס איז די פֿליכט פֿון אַ רעוואָלוציאָנער, און אין דעם אונטערשייידעט ער זיך פֿון רעפֿאָרמער און דעמאַגאָגען אָדער פֿאָלקס פֿערפֿיהרער".

עס האָט זיך מיר ניט אַיינגעגעבען צו בעקומען דעם ערשטען נומער „אַרבייטער־צייטונג", אָבער אויף וויפֿיעל איך געדענק, און נאָך איצטיגען איבערלייענען פֿערשיידענע נומערן פֿון דער אַלטער „אַרבייטער־צייטונג", קאָן איך מיט אַ ריינעם געוויסען זאָגען, אַז די „אַרבייטער־צייטונג" איז געווען די איינציגע צייטונג, וואָס איז געווען געזונט אין אַלע פּרטים, די איינציגע צייטונג, וועלכע איז געווען דער אמת'ער אויסדרוק פֿון דעם געזונטערן טייל פֿון דער אַיינוואַנדערונג. עס איז אמת, אַז אויך די „אַרבייטער־צייטונג" איז ניט געווען גאַנץ פֿריי פֿון כגידות, ספּעציעל אין דער וועכענטליכער „דרשה" פֿון „פּראָלעטאַרישקער מגיד", וואָס האָט געזוכט צו געבען אַ סאָציאַליסטישע „דרשה" אויף דער טעמע פֿון דער סדרה. אָבער זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט גערעדט כאחד האדם, וואָס האָט קודם כל געשריבען יודיש — יודישע יודיש, און וואָס האָט זיך פֿערנומען מיט לעבעדיגע פֿראַגען, און לעבעדיגע מענשען פֿערבונדען מיט אַ גרויסען אידעאַל, אַ אידעאַל, וועלכער האָט געהאַלטען די מענשען אין אַ בעשטענדיגען צושטאַנד פֿון בעגייסטערונג, ניט לאָזענדיג זיי דערביי פֿערגעסען, אַז זיי געהען אַרום אויף דער ערד.

מען מוז מודה זיין: די לייט פֿון דער „פֿרייער אַרבייטער שטימע" האָבען פּונקט אַזוי ערנסט, פּונקט אַזוי בעגייסטערט און מיט פּונקט אַזוי פֿיעל איבערגעגעבענקייט געאַרבייט און זיך מקריב געווען פֿאַר זייער אידעאַל, און האָבען אַרום זיך גרופּירט אייניגע, געצעהלטע איבערגעגעבענע מענשען; איינער פֿון זיי איז געווען דער יונג פֿערשטאָרבענער דוד עדעלשטאַט, וועלכער האָט געזונגען אין גוט יודיש:

„ליעבע לעזער! שוועסטער און ברידער!
איך וואָלט אויך אַמאָל געוואָלט
פֿאַר מיינע דיכטער־אַרבייט, פֿאַר מיינע ליעדער
ווערען ביי אַייך בעצאָהלט!
איך וויל ניט קיין רענדלאַך, איך וויל קיין דוקאַטען,
איך פֿערקויף ניט מיין מוזע פֿאַר געלד:
מיט ליעבע צו פֿרייהייט, מיט הייליגע טהאַטען,
מיט ביטערען האַס, ברידער, בעצאָהלט!

אָבער די לאָגיק פֿון לעבען איז ניט געווען אויף זייער זייט. אין אָנהויב האָבען זיי, דורך זייער אייגענער בעגייסטערונג, די געוואַלדיגע פֿראַזען און דעם בלישטש פֿון באַלדיגער בעפֿרייאונג, צוגעצויגען אַ געוויסע צאָהל מענשען פֿון די, וואָס קומען אַרויס פֿון דעם פֿאָלק, וואָס איז געוועהנט צו שרייען „נעשה“ פֿאַר „נשמע“. אָבער דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט די „אַרבייטער צייטונג“, וואָס האָט פֿערוואָרפֿען די „פּראָפּאַגאַנדא דער טאַט“, וואָס האָט געפּרעדיגט „נשמע“ פֿאַר „נעשה“, געוואונען די איבערהאַנד, און אויך דעם גרויסען, דעם גרעסטען, מאָראַלישען איינפֿלוס, ניט נור אויף די, וואָס זענען לכתחילה געווען סאָציאַליסטען, נאָר אויך אויף פֿיעלע פֿון די געוועזענע אָנהענגער פֿון די בטלנים, אויף די נאָך ניט גאַנץ פֿערדאָרבענע משכּילים און אויף זעהר פֿיעל פֿון די אַנאַרכיסטען.

די „אַרבייטער=צייטונג“, די „צוקונפֿט“ און דערנאָך דאָס „אָבענד בלאַט“ האָבען אינגאַנצען איינגענומען די עפֿענטליכע מיינונג. אַליץ, וואָס האָט געדענקט עהרליך, וואָס האָט געשטרעבט צו שענעס און דערהויבענס, האָט זיך גרופּירט אַרום די נאָר וואָס דערמאָנטע צייטונגען. די „אַרבייטער=צייטונג“, פֿון איהר זייט, האָט זיך געפֿלייסט אַריינצוציהען אַלע די, וועלכע האָבען געהאַט וואָס צו זאָגען און געוואוסט ווי עס צו זאָגען. איז יעקב גאָרדין געקומען קיין אַמעריקע, איז זיין נאַטירליכער מקום מנוחה געווען אין דער „אַרבייטער=צייטונג“, און בעת ער האָט לויט דער עצה און אויפֿמונטערונג פֿון פֿיליפּ קראַנץ, זיך גענומען שפּעטער פֿאַר דער דראַמע, איז עס ווידער געווען די „אַרבייטער=צייטונג“, דאַן שוין אונטער דער פֿיהרונג פֿון אַב. קאַהאַן, וועלכע האָט איהם געגעבען די גרעסטע שטיצע, בעת די „כּל ישראל'ניקעס“ האָבען איהם געירודפֿ'ט עד תרמה. יעקב גורדא (ב. גאָרין), קומענדיג פֿון רוסלאַנד מיט אַ רעפּוטאַציע פֿון זיינע ערשטע אויסגעצייכענטע ערצעהלונגען, האָט גלייך געפֿונען זיין היים אין דער „אַרבייטער=צייטונג“. דוד פּינסקי האָט פֿון איירעפּע נאָך מיטגעאַרבייט אין דער „אַרבייטער=צייטונג“. ז. ליבין, ל. קאָברין זענען אויסגעוואַקסען אויף איהר שויס. האָבען זיך בעוויזען נייע דיכטער, ווי דער יונג פֿערשטאָרבענער ב. ראָזענבלום, האָבען זיי זיך געטוליעט צו דער „אַרבייטער=צייטונג“. שפּעטער זענען צוגעקומען יהואש, ליעסין, ה. רויזענבלאַט און פֿיעל אַנדערע, און, — אַחרון, אַחרון חביב, — י. ל. פּרץ איז צום ערשטען מאָל בעקאַנט געוואָרען דעם אַמעריקאַנער פּובליקום דורך די שפּאַלטען פֿון דער „אַרבייטער=צייטונג“. פֿון דער אַנדער זייט, ווען פֿיליפּ קראַנץ האָט אַמאָל, בזכות אַלטע בעקאַנטשאַפֿט, אויפֿגעעפֿענט די „אַרבייטער=צייטונג“ פֿאַר די „פֿעליעטאָנען“ פֿון דעם „פּראָפֿעסאָר“, אונטער דעם פּסעוודאָנים „סמבטיון“, האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ שטורעם פֿון פּראָטעסט, און ער האָט די פֿעליעטאָנען געמוזט אָבשטעלען *.

* ביי דער געלעגענהייט איז אפשר אָנגעבראַכט צו דערצעהלען פאָלגענדעס:

אין יאָהר 1891 האָט אב. קאהאן, דעמאָלט דער רעדאקטאָר פון דער „ארבייטער-צייטונג“, נאָך ניט געהאט געהערט פון י. ל. פרץ, און עס איז געווען דער שרייבער פון אָט די שורות, פון תמיד בעגייסטערט פאר אונזער

II

אַ גרויס שטיק פֿון דעם ערפֿאָלג פֿון דער „אַרבייטער=צייטונג“ דאַרף מען, נאַטירליך, צושרייבען דער אומגעוועהנליכער טעטיגקייט פֿון דער גרופּע מענשען, וואָס האָבען זי אויף דער וועלט געבראַכט. בּראש פֿון דער גרופּע זענען געשטאַנען אַב. קאַהאַן, דער איצטיגער רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס“, פֿיליפּ קראַנץ, דער ערשטער יודישער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער רעדאַקטאָר, וועלכער הערט זיך היינט ניט פֿיעל נור מחמת דעם, ווייל ער איז ביז היינטיגען טאָג געבליבען אַ „גרינער“, און האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערענט די קונסט פֿון רעקלאַמע; מ. זאַמעטקין, וועלכער איז דערהויפּט געווען רעדנער; מאָריס הילקאָוויטץ (איצט: מאָריס הילקוויט), וועלכער איז היינט אַן אָנערקענטער פֿיהרער פֿון דער אַמעריקאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און ל. מיללער, היינטיגער רעדאַקטאָר און הויפּט=אייגענטימער פֿון דער „וואַרהייט“, וועלכער שטעהט היינט זעהר ווייט פֿון זיינע יוגענד=אידעאַלען.

זעהר פֿיעל, ווי געזאָגט, דאַרף מען צושרייבען אויף זייער קאָנטאָ. אָבער דערמיט ענדיגט זיך ניט די זאַך. די הויפּט=זאַך איז, וואָס די מענשען און די צייטונג האָבען אין זיך געטראָגען די לאָגיק פֿון די פֿאַקטען. זיי האָבען רעפּרעזענטירט דעם גייסטיגען און מאַטעריעלען צושטאַנד פֿון די אימיגראַנטען. אָט דאָס איז, וואָס האָט זיי פֿערזיכערט דעם גרויסען מאָראַלישען ערפֿאָלג.

עס האָבען שוין אַנדערע בעמערקט, אַז דער סאָציאַליזם האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פֿון דער יודישער ליטעראַטור, אָבער מען דאַרף האָבען איבערגעלעבט יענע יאָהרען אין אַמעריקע, מען זאָל דאָס קאָנען ווי געהעריג אָבשאַצען.

די יודישע עמיגראַציע פֿון די 80=ער יאָהרען איז ניט געווען קיין עמיגראַציע פֿון אַוואַנטיוריסטען, וואָס האָבען זיך געלאָזען אין דער ווייטער וועלט צו זוכען גאָלד. ברויט און מנוחה האָבען זיי געזוכט. די נויט און דחקות, פֿון איין זייט, די רדיפֿות און רעכטלויזיגקייט, פֿון דער צווייטער זייט, האָבען זיי געטריבען צו זוכען אַ מקום מנוחה אין פֿרעמדע לענדער.

עס איז געווען אַ פּעראָרימטע, האַלב פֿערהונגערטע, פֿערצווייפֿעלטע און נידערשלאָגענע מאַסע, וואָס האָט זיך גענומען צום וואַנדערשטאָק.

גרויסען קינסטלער, וועלכער האָט באלד נאָך זיין אָנקומען אהער אויף פרצ'ן אויפמערקזאם געמאכט און געראָטען איהם איינצולאדען. די עצה איז אָנגענומען געוואָרען. ב. פייגענבוים האָט דורך זיינעם אַ שוואָגער אין ווארשא זיך דורכגעשריבען מיט פרצ'ן, און עס האָט ניט לאנג געדויערט, ווי עס זענען אָנגעקומען עטליכע ערצעהלונגען פון פרצ'ן. אב. קאהאן האָט אויפ'ן שטעל אָבגעשאצט דעם גרויסען קינסטלער און אין זיין התלהבות איהם געמאכט אַ גרויסע רעקלאמע. איך ווייס ניט, ווי לאנג דאָס האָט געדויערט, נאָר די בעלי=בתים פון „יידישען טאגע-בלאט“ האָבען זיך מתקנא געווען. ניט פאר דער קונסט, חלילה! דערין קאָן מען זיי ניט חושד זיין. אָבער די רעקלאמע! די „ארבייטער-צייטונג“ זאָל האָבען ביי זיך דעם גרויסען יודישען שרייבער—דאָס קאָנען זיי ניט דערלאָזען. איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבען בעטאָן. איך ווייס נור, אז שפּעטער האָבען אלע גערעדט, אז מען קאָן קויפען פרצ'ס ערצעהלונגען בחצי חנם. „כל ישראל“ האָבען ניט בעקאָנט פערטראָגען, און אפשר לאמיר זיי דן זיין לכף זכות — ניט געקאָנט פערשטעהן דעם קינסטלער פרץ.

אין די רייזע אַליין איז אויך ניט געווען קיין גליקליכע. פֿאַר דעם גרעסטען רובֿ איז די נסיעה איבער דעם ים הגדול געווען שווערער ווי קריעת ים סוף.

און אַז זיי זענען אָנגעקומען אַהער, האָבען זיי אויך קיין האָניג ניט געלעקט. דער ביסען ברויט, אמת, איז אָנגעקומען אַ ביסעל גרינגער, אָבער דאָס איז געווען, ערשטענס, אַדאַנק די קליינע השגות און בעדערפֿענישלויזיגקייט, און, צווייטענס, מחמת דער ניט אין ערך שווערערער אַרבייט, מחמת דער עבֿודת פּרך.

מיט אַ שווער האַרץ האָבען זיי פֿערלאָזען די אַלטע היים, וואָס פֿאַר אַ סך איז זי געווען אַזוי טייער, און די נייע בעדינגונגען האָבען עס נאָך פֿיעל שווערער געמאַכט. דאָס ביטערע, האָראָפּאַשנע, מיט אימפּעט לויפֿענדיגע פֿאַבריק־לעבען, פֿון איין זייט, און דאָס געמיטלויזע, גייסטלויזע, חושכ׳דיגע לעבען אין די גרויסע טענעמענט־הייזער, פֿון דער צווייטער זייט, — האָט געמאַכט דאָס לעבען ניט צום דערטראָגען.

אין איין פּרט איז דאָ געווען גוט: דאָס פֿרייע וואָרט! דער שלאָס פֿון מויל איז געווען אַראָבגענומען, דער שלייער פֿון די אויגען איז געפֿאַלען. עס האָט זיך געהערט אַ נייער „שם המפֿורש", דער „שם המפֿורש" פֿון סאָציאַליזם, און דער געפּענטעטער גייסט האָט זיך גענומען ריהרען.

דער סאָציאַליזם פֿאַר יודען האָט בעטייט מעהר ווי פֿאַר ניט־יודען. ער האָט בעטייט, ערשטענס, אַ בעפֿרייאונג פֿון דער שווערער לאַסט פֿון דלות. עס האָט דעם נאָר וואָס געוואָרענעם פּראָלעטאַריער געלערענט זיך צו אָרגאַניזירען און שטרייטען פֿאַר זיינע רעכט. און ער האָט זיך אָרגאַניזירט אין פֿאַך־פֿעראיינען און אַלע פֿעראיינען פֿערבונדען אין איין גרויסען פֿעראיין, די „פֿעראייניגטע יודישע געווערקשאַפֿטען", און צוזאַמען געקעמפֿט פֿאַר העכערער שכירות און קירצערע שטונדען. דער סאָציאַליזם האָט איהם געלערנט: „איינינקייט איז מאַכט!" ער האָט איהם אָבער אויך געלערנט: „וויסען איז מאַכט!" און האָט אַזוי אַרום געלעגט דעם פֿונדאַמענט אי פֿאַר אַן עקאָנאָמישער, אי פֿאַר אַ גייסטיגער טעטיגקייט, און נאָך ביידע האָט דעם יודענס נשמה תמיד געלעכצט. אָבער דער סאָציאַליזם האָט דעם יודען נאָך פֿיעל מעהר צוגעזאָגט צו געבען. ער האָט אָנגעריהרט דעם סאַמע אָנגעוועהטאָגטסטען פּונקט פֿון זיין גאַנצער עקסיסטענץ, ער האָט איהם בעוויזען די מעגליכקייט זיך צו בעפֿרייען פֿון דער אייביגער מכּה פֿון אַנטיסעמיטיזם. דער סאָציאַליזם וועט פֿערברידערן אַלע פֿעלקער, „ולא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה". קורץ, אין דעם סאָציאַליזם האָט דער יודישער אימיגראַנט געפֿונען אַ צווייפֿאַכיגע רפֿואה פֿאַר אַ צווייפֿאַכיגער מכּה. עס וועט איהם בעפֿרייען אַלס אַרבייטער, עס וועט איהם אויסלייזען אַלס יוד... די אָנגעוועהטאָגטע האַרץ האָט זיך געעפֿענט, און די גאַנצע גייסטיגע ענערגיע, וואָס האָט געטליעט פֿון דורות און האָט קיין אויסוועג ניט געפֿונען, האָט מיט אַמאָל אויסגעשאָסען אין אַ פֿלאַם פֿייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע, וועלכע האָבען דערוועגט זיך נעהענטער צוצוגעהן...

„ברידער, מיר טראָגען אַ דרייפֿאַכע קייט —
„אַלס אידען, אַלס שקלאַפֿען, אַלס דענקער,
„מיר ווערען געיאָגט און געמאַטערט צום טויט
„פֿון אַנטיסעמיטען און הענקער". —

אַזוי האָט דוד עדעלשטאַט דאַן געזונגען און האָט אויף זיין איינפֿאַכען, אָבער אויפֿריכטיגען אופֿן אויסגעדריקט ריכטיג די געדאַנקען און געפֿיהלען פֿון דער גרויסער צאָהל אימיגראַנטען.

און כמעט אַלע יודישע אימיגראַנטען זענען געוואָרען סאָציאַליסטען, ווייל אַלע, אָהן אויסנאַם, זענען דורכגעגאַנגען די שבֿעה מדורי גיהנם פֿון דער פֿאַבריק און פֿון דער „שוויץ־סיסטעם".

דאָס איז די הויפּט־סיבה, פֿאַרוואָס די „אַרבייטער־צייטונג" איז געוואָרען דער וואָרט־פֿיהרער פֿון די יודישע אימיגראַנטען אין אַמעריקע.

דאָס דאַרף מען אָבער ניט נעמען צו שטרענג. אין אַמעריקע—און ניו־יאָרק איז דער קאָפּ און די האַרץ פֿון אַמעריקע — אין דעם „לאַנד פֿון אומבעגרעניצטע מעגליכקייטען" איז ניט ריכטיג צו זאָגען, אַז אַלע אָהן אויסנאַם זענען געווען גלייך, ספּעציעל צום סוף פֿון די אַכציגער יאָהרען, ווען מיר האָבען שוין דאָ געהאַט אפשר הונדערט טויזענד יודען. שוין פֿון דעם ערשטען טאָג אָן הויבט זיך אָן אַ דיפֿערענצירונג. ניט אַלע בטלנים זענען געוואָרען אויס בטלנים, און די קריכער, די קאַריעריסטען — פֿאַר זיי האָט זיך דאָ געעפֿענט אַ נייע וועלט. דער צופֿאַל, וואָס זיי זענען געקומען אַ ביסעל פֿריהער, אין אַ צייט, ווען יודיש איז נאָך ניט געווען די „לאַנדס־שפּראַך" פֿון דעם יודישען קוואַרטאַל, ווען עס איז נאָך קיין „קוואַרטאַל" ניט געווען, האָט זיי געצוואונגען בעסער צו לערנען ענגליש, און דאָס האָט זיי געגעבען די איבערהאַנד. זיי זענען ביסלעכווייז געוואָרען די פּאָליטישענס, די פּעדלער, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט צו קרעמער. פֿון זיי זענען דאָס געוואָרען די „שוויץ־מייסטער", וואָס האָבען איינגעפֿיהרט די שוויץ־סיסטעם, וואָס דורך איהר האָבען זיי אַזוי אומברחמנות׳דיג אויסגענאָגט די אָרימע, הילפֿלויזע, נייע אימיגראַנטען. דאָס זענען אַלע מאָל געווען די אַלטע אימיגראַנטען, וואָס האָבען אויסגענוצט די ניי־אַריבערגעקומענע, און די לעצטע זענען עס געווען די, וואָס האָבען געקעמפּט קעגען די פֿריהערדיגע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען זיך שוין געהאַט אַרויפֿגעאַרבייט.

זינט דעם ערשטען טאָג אָן האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אַ מיטעל־קלאַס, וואָס אַ גרויסער טייל פֿון איהם איז היינט איבערגעגאַנגען צו דער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס קעגען איהר איז געפֿיהרט געוואָרען דער לעצטער גרויסער שניידער־סטרייק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט 120 טויזענד מענשען. די דאָזיגע אויפֿגעקומענע לייט האָבען זיך, נאַטירליך, ניט געקאָנט האַלטען ביי דער סאָציאַליסטישער „אַרבייטער צייטונג", און נאָך ווייניגער ביי דער אַנאַרכיסטישער „פֿרייע אַרבייטער שטימע", וואָס האָט אָרגאַניזירט יום־כּפּור בעלער. אַ גרויסער טייל פֿון זיי זענען געוואָרען „סטאַטיקס", ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר שענע בעלי־בתּים, האָבען זיך דערמאָנט, אַז זיי זענען יודען און גענומען בויען שולען, אויסגעשריבען פֿון רוסלאַנד ר׳ יענקעלע חריף פֿאַר זייער רבֿ הכּולל, געגרינדעט בתּי מדרשים וכדומה. אָדער זיי האָבען געגרינדעט לאָדזשען, וואו זיי האָבען, נאָכמאַכענדיג די אַמעריקאַנער, זיך גענומען שפּיעלען אין „מאַסטערס" און „גראָס מאַסטערס", מיט די געהיימע סימנים און די אַלע זיבען זאַכען. די דאָזיגע בעלי־בתּים האָבען, יעדער נאָך זיין גוסט נאָך, געהאַלטען זיך אָדער ביי די „יודישע גאַזעטטען", וואָס האָט געשטיצט

די רבנים מיט די דיינים מיט די ארץ־ישראל־פּושקעס, און וואָס דאָס האָט, אַגבֿ, געגעבן אַ געלעגענהייט פֿאַר בייזע צינגער שטאַרק צו מורמלען וועגן די „גאַזעטטען" און די פּושקע־נעלדער; אָדער ביי דעם „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט", וועלכער האָט דווקא חוזק געמאַכט פֿון דעם „רבֿ הקלוקל". עס האָבן אויך ניט געפֿעהלט די „כּלי קודש", דער ספּעציעלער אַמעריקאַנער מין „רעווערענדס", מוהלים ומסדרי קדושין מיט זייערע ידידים פֿאַר די ימים נוראים.

צו זיי זענען שפּעטער צוגעקומען אונזערע בעוואוסטע „העכסט אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען־שרייבער, ווי שמ"ר, מ. זייפערט, און די, וואָס האָבן זיך ענטוויקעלט אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען, ווי א. טאַנענבוים, דער פֿערשטאָרבענער יאָהאַן פּאַליי, וואָס איז צוריק געקומען פֿון שמד, דער שוין דערמאָנטער „פּראָפֿעסאָר" און מ. מ. דאָליצקי, וועלכער איז אַמאָל, אין דער אַלטער היים, געווען אַ העברעאישער פּאָעט; זיי אַלע האָבן געפֿונען אַ מקום מנוחה ביי די „גאַזעטטען" אָדער „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט". אין טעאַטער האָט געהערשט יאָזעף לאַטיינער און י. הורוויטש מיט זייערע „היסטאָרישע" דראַמעס. און די אַלע צוזאַמען האָבן פֿאָרגעשטעלט אַן אמת'ע יודישע קאַפּעליע, אַ קאַריקאַטור פֿון דער היימישער ידישקייט. און ווייל עס איז געווען אַ קאַריקאַטור, האָבן זיי אַלע צוזאַמען מיט זייערע שולען, לאָדזשען, חבֿרות, „העכסט אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען, „טריאַטערס", צייטונגען, ניט פֿאָרגעשטעלט קיין געזעלשאַפֿטליכע קראַפֿט, און נאָך ווייניגער, אַ קולטורעלע אָדער מאָראַלישע קראַפֿט. די צייטונג, וואָס האָט געגעבן דעם גייסטיגען טאָן, וואָס איז געווען אַן אמת קולטורעלע קראַפֿט; די צייטונג, וואָס איהר האָבן אַלע, אַפֿילו זייטיגע עלעמענטען, געגלויבט און רעספּעקטירט זי, איז בלי ספֿק געווען די „אַרבייטער־צייטונג", און שפּעטער, זייט ביי זייט, די „צוקונפֿט" און דאָס טעגליכע „אָבענד־בלאַט". און דאָס איז אמת ביז'ן היינטיגען טאָג. *

.III

די „אַרבייטער־צייטונג" איז אַרויס צום ערשטען מאָל אין מערץ 1890, און, ווי שוין געזאָגט, איהר ערפֿאָלג איז געווען זעהר גרויס. אָבער דער ערפֿאָלג איז ניט געווען קיין פֿינאַנציעלער ערפֿאָלג. פֿינאַנציעלן ערפֿאָלג האָבן געהאַט יענע, די אַנדערע צייטונגען. און מען מעג גאַנץ דרייסט זאָגען, אַז דער מאָראַלישער ערפֿאָלג איז געקומען צום גרעסטען טייל אַדאַנק דעם פֿינאַנציעלען שלים־מזל; מען האָט אין זיי געגלויבט, ווייל דורך זייער דלות האָט אַרויסגעלויכטען די עהרליכקייט און די איבערגעגעבענקייט. פֿיליפּ קראַנץ האָט אָנגעהויבען זיין אַרבייט אַלס רעדאַקטאָר מיט שכירות פֿון זעקס דאָלאַר אַ וואָך. צום סוף אָבער איז דער פֿינאַנציעלער „ערפֿאָלג" אויך געקומען. שוין אויף דעם צווייטען יאָהר איז די שכירות פֿון דעם רעדאַקטאָר געהעכערט געוואָרען אויף 12 דאָלאַר אַ וואָך; דער געשעפֿטס־פֿיהרער, וועלכער איז אויך געווען דער בוכהאַלטער, האָט געקראָגען 10 דאָלאַר אַ וואָך; דער עקספּעדיטאָר 8 דאָלאַר אַ וואָך, און דערצו האָט מען זיך פֿערגונען אויסצושרייבען ב. פֿייגענבוים'ען פֿון לאָנדאָן, מיט אַ פֿעסטען געהאַלט פֿון 10 דאָלאַר אַ וואָך. ביי אַזאַ געוואַלדיגען „ערפֿאָלג" האָט דער לעבעדיגער גייסט פֿון דעם יודישען אינטעליגענטען אַרבייטער (עס זענען אויך געווען ניט־אינטעליגענטע) ניט געקענט רוהען, און מען האָט גענומען טראַכטען פֿון נייע אויפֿטוען. די „אַרבייטער־צייטונג" האָט זיך על פּי רובֿ פֿערנומען מיט'ן אַלטעגליכען קאַמף פֿאַר די אַרבייטער, פֿון איין זייט, און מיט דעם מלחמה האַלטען קעגען די אַנאַרכיסטען, פֿון דער צווייטער זייט. און אַ גרויסע אויפֿגאַבע איז דאָס געווען. פֿון איין זייט האָט מען בעדאַרפֿט אָרגאַניזירען אַן אָנגעלאָפֿענע, אומגעבילדעטע, אומדיסציפּלינירטע מאַסע, אַ מאַסע, וואָס איז מיט יעדען טאָג געוואָרען גרעסער און געמאַכט נויטיג יעדען טאָג אָנצוהויבען די אַרבייט פֿון ס'ניי; אַ מאַסע, וואָס האָט פֿריהער קיינמאָל ניט געהערט פֿון אָרגאַניזאַציע. פֿון דער צווייטער זייט, האָט מען בעדאַרפֿט בעקעמפֿען אַ געגנער, וועלכער איז געקומען אין נאָמען פֿון היילינגע אידעאַלען, פֿון בעפֿרייאונג, וועלכער האָט מיט גרויס התלהבֿות און מיט נאָך גרעסערע פֿראַזעס געאַרבייט קעגען די אַלע זאַכען. און הגם דיזע טאָפּעלע אויפֿגאַבע האָט געפֿאָדערט איינע און דיזעלבע טעטיגקייט — אַלגעמיינע אויפֿקלערונג און בילדונג, און די „אַרבייטער־צייטונג" האָט די דאָזיגע אויפֿגאַבע ערפֿילט אויסגעצייכענט, לויט איהר מעגליכקייט, האָבן אָבער די אינטעליגענטע יודישע אַרבייטער, די וואָס האָבן געטראָגען די גאַנצע משא אויף זיך, געפֿיהלט, אַז די „אַרבייטער־צייטונג" אַליין איז ניט ביכולת צו טון די גאַנצע אַרבייט. עס האָט זיך געפֿיהלט אַ בעדערפֿעניש צו בעשאַפֿען אַן אָרגאַן, וואָס זאָל זיין פֿריי פֿון די טעגליכע, אָפֿט קליינליכע אַרבייטען, אַן אָרגאַן, וואָס זאָל זיך אינגאַנצען אָבגעבען דער וויסענשאַפֿטליכער פֿערטיעפֿונג פֿון דער אויפֿקלערונגס־אַרבייט. גאַנץ גענוי, וואָס דער זשורנאַל האָט געזאָלט זיין, האָט בעצם קיינער ניט געוואוסט. מען האָט נור געוואוסט, אַז ער דאַרף זיין „וויסענשאַפֿטליך", דער עיקר בכדי צו געבען אויפֿקלערונג אין דעם וויסענשאַפֿטליכען סאָציאַליזם. דער רעזולטאַט פֿון דעם איז געווען, אַז „אויף דעם 5־טען יולי 1891 איז צוזאַמענגערופֿען געוואָרען אַ צוזאַמענפֿאָהר פֿון די יודישע סאָציאַליסטישע פֿעראיינען פֿון ניו־יאָרק און אומגעגענד, און נאָך אַן אַלזייטיגע דיסקוסיאָן, איז שליסליך אָנגענומען געוואָרען מיט אַ גרויסער מעהרהייט אַרויסצוגעבען אַ „ווירקליך" וויסענשאַפֿטליכען סאָציאַליסטישען מאָנאַטליכען זשורנאַל. דער נאָמען וואַר בעשטימט די „צוקונפֿט". אַלס רעדאַקטאָר וואַר איינשטימיג ערוועהלט פֿיליפּ קראַנץ", דערזעלבער קראַנץ, וועלכער איז געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פֿון „אַרבייטער־צייטונג" און וועלכער איז נאָך פֿריהער אין לאָנדאָן געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פֿון „אַרבייטער־פֿריינד", דער צייטונג, וואָס פֿון איהר האָבן די יודישע אַרבייטער אין אַמעריקע פֿריהער געצויגען זייער גייסטיגע יניקה. די מיטלען אַרויסצוגעבען דעם זשורנאַל האָבן געזאָלט קומען, ווי ד"ר אַרטמאַן, וואָס איז צו יענער צייט געווען דער געשעפֿטס־פֿיהרער פֿון דער „אַרבייטער־צייטונג" און דער סעקרעטאַר פֿון דער „צוקונפֿט", דערצעהלט אין דער יובילי־אויסגאַבע פֿון דער „צוקונפֿט" — די מיטלען האָבן געזאָלט קומען פֿון דעם, וואָס „יעדע סעקציאָן האָט זיך פֿערפֿליכטעט בייצושטייערן 2 דאָלאַר אַ מאָנאַט, צו זאַמלען אַבאָנענטען און פֿרייוויליגע ביטרעגע. אַזוי ווי דער

* הער פריידוס, דער הויפּט־ביבליאָטעקאַר פון דער יודישער אָבטיילונג און דער בעריהמטער ניו־יאָרקער שטאָדט־ביבליאָטעק, האָט מיר ערשט ניט לאַנג דערצעהלט דעם זעהר אינטערעסאַנטען פאַקט. אז פון אַלע די, וואָס קומען אין ביבליאָטעק לעזען די אַלטע צייטונגען, איז נאָך ניטאָ אפילו קיין איינער פון הונדערט, וואָס פרעגט זיך נאָך אויף יענע „רבנישע" און „מליצה"־צייטונגען.

פֿאָנד האָט זיך ניט גערידהרט פֿון אָרט, האָבען מיר אײַנבערופֿען ווידער אַ קאָנפערענץ“. אויף אָט דער קאָנפֿערענץ פֿון אַ 150 פּערזאָן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין אָקטאָבער, איז אויף דעם פֿאָרשלאָג פֿון מאָריס הילקאָוויטץ געמאַכט געוואָרען אַ זאַמלונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט 53 דאָלאַר מיט 25 סענט. „ווי גרויס די עשירות איז צווישען אונז געווען“, דערצעהלט דר. אָרטמאַן, „קען מען זעהן פֿון פֿאָלגענדע בײַטרעגע: דאָקטאָר ראָם און דאָקטאָר האַלפערין, יעדער פֿון זיי האָט זיך פֿערשריעבען אַ גאַנצען דאָלאַר און איהם אויך גלייך בעצאָהלט. קאַרפּ, ווייגעס האָבען זיך פֿערשריעבען צו 50 סענט און אײַנגעצאָהלט צו 25 סענט א. ז. וו.“.

אין געלד איז, בכן, קיין מניעה ניט געווען. שלעכט איז נור געווען מיט דער פּראָגראַם. די פּראָגראַם האָט ערשט בעדאַרפֿט אויסגעאַרבייט ווערען פֿון אַ קאָמיטעט. און אין נאָוועמבער פֿון דעמזעלבען יאָהר איז דער קאָמיטעט, וואָס איז בעשטאַנען פֿון פיליפּ קראַנץ, אַב. קאַהאַן, מאָררים הילקאָוויטץ, ל. מיללער און דעם שרייבער פֿון די דאָזיגע ציילען, זיך צוזאַמענגעקומען.

די ערשטע פֿראַגע בײַ אונזער צוזאַמענקומען איז געווען: מיט וועמען געהט מען צום טיש? און עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז אונזערע איז אַן אָרימע חתונה. מיר זענען גיך מוסכם געוואָרען צווישען זיך, אַז די „צוקונפֿט“ דאַרף זיך פֿערשפּרייטען אויף דריי געביטען: סאָציאַליזם, אַלגעמיינע וויסענשאַפֿט און שענע ליטעראַטור. אָבער וואו נעמט מען די שרייבער? און וואו נעמט מען די שרייבער, וואָס זאָלען שרייבען פֿאַר אונזערע לעזער? קיינער פֿון די שפּעטערדיגע און איצטיגע מיטאַרבייטער פֿון דער „צוקונפֿט“ איז נאָך ניט געווען. ב. פֿייגענבוים איז געקומען אין יולי 1891, אַלזאָ מיט זעקס מאָנאַטען פֿריהער, איידער די צוקונפט“ האָט ערשיינט, און הגם די „אַרבייטער־צייטונג“ האָט איהם ספּעציעל אויסגעשריבען פֿאַר אַ הילפֿסרעדאַקטאָר, האָט די מעהרהייט פֿון קאָמיטעט איהם ניט געהאַלטען פֿאַר גענוג וויסענשאַפֿטליך. דאָס האָט איהם נאַטירליך ניט געשטערט צו ווערען איינער פֿון די הויפּט־מיטאַרבייטער פֿון דער „צוקונפט“, און נאָך שפּעטער אויך דער רעדאַקטאָר. דער שרייבער פֿון דעם אַרטיקעל איז נאָר וואָס געווען געקומען, אַ בן בלי שם און איז נאָר וואָס אַרויסגעטראָטען אין דער „אַרבייטער צייטונג“. יצחק אַייזיק בן אריה צבי הלוי (דער בעקאַנטער איסאַאַק גורעוויטש) האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט פּלענער פֿון אַ רוסישער צייטונג, וואָס פֿון איהר איז אַרויסגעקומען אַ מפּיל, האָט ער זיך בײַ אונז וועניג געמישט. ל. בודין איז נאָך, דאַכט זיך, אין אַמעריקע ניט געווען. ער איז יעדענפֿאַלס געווען נאָך גאַנץ יונג. די שרייבער פֿון די „גאַזעטטען“ און „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט“ זענען לכתחילה געווען אויסגעשלאָסען, עס איז אויך צווישען זיי ניט געווען קיין איינער, וואָס איז פֿעהיג געווען עפּיס צו געבען פֿאַר אַזאַ זשורנאַל, ווי די „צוקונפֿט“ האָט געזאָלט זיין. עס זענען דאַן שוין געווען מ. קאַטץ, דר. מעריסאָן, דר. זאָלאָטאָראָף און ר. לוים (דער לעצטער איז אינגאַנצען פערשוואונדען), אָבער די האָבען געהערט צו דעם געגנערישען לאַגער, צו דעם לאַגער פֿון די אַנאַרכיסטען, וואָס זיי האָט מען בעדאַרפֿט בעקעמפֿען. מיט איין וואָרט: חוץ די פֿיער פֿון דעם קאָמיטעט, איז ניט געווען קיינער, וואָס האָט געקענט מיטאַרבייטען אין דער „צוקונפֿט“.

מכוח דער שענער ליטעראַטור איז געווען נאָך ערגער: אויף דעם געביט איז לחלוטין קיינער ניט געווען, אַחוץ אַב. קאַהאַן, וואָס האָט זיך דאַן ערשט אָנגעהויבען צו רעכענען פֿאַר אַ בעלעטריסט, וואָס ער איז, אַגב אורחא, קיינמאָל ניט געוואָרען, און דעם פֿערשטאָרבענעם יעקב גאָרדין, וועלכער איז נור וואָס געווען געקומען און איז נאָך ווייט ניט געווען דאָס, וואָס ער איז דערנאָך געוואָרען. קאָברין און ליבין זענען נאָך אפשר אין ניו־יאָרק ניט געווען. זיי האָבען יעדענפֿאַלס אָנגעהויבען שרייבען ערשט מיט דריי יאָהר שפּעטער. דוד פּינסקי איז נאָך דאַן ניט געווען קיין שרייבער, ער האָט אָנגעהויבען שרייבען אין איין צייט מיט קאָברין און ליבין; יהואש איז נאָך ניט געווען נתגלה געוואָרען, הגם ער האָט שוין פֿריהער געהאַט פֿערעפֿענטליכט עטליכע לידער אין מ. ספּעקטאָר'ס „הויזפֿריינד“ און איז שוין, דאַכט זיך, געווען אין אַמעריקע; ב. גאָרין איז נאָך דאָ ניט געווען, און, זעלבסטפֿערשטענדליך, איז נאָך ניט געווען קיינער פֿון די, וואָס געהערען היינט צו די „יונגע“.

אין דער פּאָעזיע האָבען מיר געהאַט נור מאָריס ראָזענפֿעלד, וואָס איז אַמאָל געווען אונזערער און אַמאָל ניט, און מאָריס ווינטשעווסקי, וועלכער האָט נאָך געוואוינט אין לאָנדאָן. א. ליעסין איז ערשט געקומען מיט אַ דריי יאָהר שפּעטער און איז נאָך געווען אַ יונגער בחור. י. באָוושעווער איז געווען אין דער „פֿרייער אַרבייטער שטימע“. מיט איין וואָרט: עס איז נאָך געווען אַ תוהו ובוהו. עס איז ניט געווען קיינער: ניט קיין פּובליציסטען, ניט קיין בעלעטריסטען, ניט קיין וויסענשאַפֿטליכע, קיין געלעהרטע סאָציאַליסטען. און אַז דער קאָמיטעט האָט געווענדט די אויגען נאָך רוסלאַנד, האָט ער אויך דאָרט ניט געפֿינען קיין אויפֿמונטערונג. פֿון דער גאַנצער רייה אויסגעצייכענטע פּובליציסטען, בעלעטריסטען און פּאָעטען, וואָס מיר האָבען היינט, איז נאָך קיין זכר ניט געווען, מיט דעם אויסנאַם פֿון די עטליכע אַלטע, ווי ר' מענדעלי, לינעצקי, שלום עליכם, פּרץ, דינעזאָן, ספּעקטאָר. די בטלנים, וואָס האָבען געשריבען מליצה אין צעדערבוים'ס „פֿאָלקסבלאַט“, ווי אויך די שונד־ראָמאַניסטען, וואָס אַ טייל פֿון זיי איז שוין געווען אין ניו־יאָרק, גערעהן נאַטירליך, ניט אַריין אין חשבון. און פֿון די עטליכע גרויסע שרייבער איז שוין פּרץ, ווי געזאָגט, געווען מיט אונז.

עס איז, אַלזאָ, אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פֿון די דרעמאָנטע פֿיער פֿון דעם קאָמיטעט ניט נור צו בעשטימען דעם כאַראַקטער און די פּראָגראַם פֿון דער „צוקונפֿט“, זיי זענען אויך געווען די איינציגע, וואָס האָבען געדאַרפֿט די פּראָגראַם דורכפֿיהרען. דערבײַ איז קיינער פֿון זיי ניט געווען קיין גרויסער געלעהרטער אָדער קינסטלער. פֿיליפּ קראַנץ איז געווען דער געבילדעטסטער צווישען אַלע; אַב. קאַהאַן האָט צו זיינע פּאָפּולאַריזאַטאָרישע פֿעהיגקייטען אַרויסגעוויזען נאָך טאַלאַנט פֿון אַ פֿעליעטאָניסט; מאָריס הילקאָוויטץ, אַ זעהר געשייטער, עלעגאַנטער און פֿעהיגער מאַן, איז שטענדיג געווען איבערפֿלעכליך, און ל. מיללער, מיט זעהר אַ גרויסער אַגיטאַטאָרישער פֿעהיגקייט, איז אַליין ניט געשטאַנען אויף קיין גוטען פֿוס מיט דער וויסענשאַפֿט. דערצו זענען זיי אַלע געווען יונגע לייט, צווישען 25 און 30 יאָהר, און קיינער פֿון זיי איז ניט געווען קיין ספּעציאַליסט אין קיין פֿאַך, אַז ער זאָל קענען אַרויסטרעטען ווי אַן אַווטאָריטעט. דאָס איז

אַפּילו ניט געווען דער פאַל מיט'ן סאָציאַליזם. ניין, מיט סאָציאַליזם אפשר נאָך ווייניגער, ווי מיט אַלע איבעריגע זאַכען.

די דאָזיגע לעצטע בעמערקונג ווערט געשריבען ניט מיט דעם צוועק צו פערמינערן, חלילה, דעם פערדיענסט פון די דערמאָנטע פערזאָנען, נאָר צו מאַכען זייער פערדיענסט גרעסער. עס איז קיין שום ספק ניט, אַז זייער טעטיגקייט האָט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען דער ענטוויקלונג פון דעם נייעם יודישען קולטור-לעבען בכלל, און פון דעם סאָציאַליזם צווישען יודען אין אַמעריקע און אין רוסלאַנד בפרט. אין געווים וואָלטען זיי עס קיינמאָל ניט דערגרייכט מיט זייערע בעגרעניצטע קרעפטען, ווען ניט דער גרויסער ענטוזיאַזם און די איבערגעבענקייט, מיט וועלכע זיי זענען אַלע געווען איבערפולט. ניט צו פערמינערן זייער פערדיענסט איז, אַלזאָ, די בעמערקונג געמאַכט געוואָרען. זי איז אָבער נויטיג, כדי קלאָר צו מאַכען דעם מצב פון יענער צייט, און צו ווייזען, פאַרוואָס די „צוקונפט" האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער, וואָס זי האָט געהאַט, און ניט קיין אַנדערן.

דערצו דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז די יונגע לייט, וואָס האָבען געזאָלט אָנהויבען אַ נייע עפּאָכע אין דעם יודישען לעבען, וואָס האָבען בעדאַרפט געבען אַ ריכטונג צו אַ זשורנאַל, וואָס זיין גלייכען איז נאָך ביז דאַן ניט געווען אין דער יודישער וועלט, זענען געווען אַ פּראָדוקט פון דעם רוסישען ניהיליזם פון איין זייט, און יודישער אַסימילאַציע פון דער אַנדערער. מיט יאָהרען שפּעטער, מחמת געוויסע סיבות, האָט דער סאָציאַליזם ביי יודען אין רוסלאַנד זיך אויסגעגאָסען אין אַ נייער פאָרם, אין דער פאָרם פון נאַציאָנאַלער „אויפלעבונג", ווי דער בונדיזם און די פיעל פערשיידענע פּראָלעטאַריש-נאַציאָנאַליסטישע בעוועגונגען. פון דעם אַלעמען האָט מען נאָך ניט געוואוסט און ניט געקאַנט וויסען אין די אַכציגער יאָהרען, ווען די דערמאָנטע גרינדער פון דער „צוקונפט" האָבען פערלאָזען רוסלאַנד. קומענדיג דירעקט פון ניהיליזם און אַסימילאַציאָנס-אידעאָלאָגיע אין דער פרייער און דעמאָקראַטישער אַמעריקע און ווערענדיג בעקאַנט מיט דער לעהרע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האָט זיך ביי די מענשען די וועלט געמוזט מאָלען גאַנץ אַנדערש, ווי ביי זייערע ברידער, וואָס זענען פערבליבען אין רוסלאַנד. מיט איין מאָל זענען אַלע פראַגען געלייזט געוואָרען. ניטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם, ניטאָ קיין „יודענפראַגע", ניטאָ קיין נאַציעס, ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. עס איז נאָר דאָ איין פראַגע, די אַרבייטער-פראַגע. מען האָט נאָך, אמת, געדענקט די צרות אין דער אַלטער היים, עס זענען אָנגעקומען כסדר נייע ידיעות, אָבער דאָס אַלץ האָט מען פערענטפערט מיט דעם וואָרט: דעמאָקראַטיע. די איינציגע פראַגע, די אמת'ע פראַגע, די פראַגע איבער אַלע פראַגען איז די אַרבייטער-פראַגע; די איינציגע פּראָבלעם צו לייזען איז די פּראָבלעם פון קאַפּיטאַל און אַרבייט, און די פּראָבלעם קען נור געלייזט ווערען אויף דעם וועג פון קלאַסענבעוואוסטזיין, וואָס קאָן נור קומען דורך אויפקלערונג און בילדונג; אַ טייל פון אָט דער לעצטער אַרבייט בעשטעהט אויך אין אויסוואָרצלען דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם.

## IV.

אָט דאָס זענען געווען די מענשען, און דאָס איז געווען דער געדאַנק פון די מענשען, וואָס האָבען בעדאַרפט געבען אַ פיזי-אָנאָמיע דער „צוקונפט". און דער גרונדשטיין איז געלעגט געוואָרען. ער האָט געהייסען: פּאָפּולאַריזאַציע! פּאָפּולערע וויסענשאַפט, וואָס אַהער זאָל אויך אַריינקומען קאַמף קעגען רעליגיע. דערצו דאַרף נאָך צוקומען די שענע ליטעראַטור, אויך ביאָגראַפיעס פון גרויסע מענער. דערמיט זענען אַלע פראַגען פערענטפערט געווען. אָריגינעלעס, אייגענס און אייגענאַרטיגס — אַז עס וועט זיין — מהיכא תיתי, אָבער אַז ניט, איז אויך רעכט. די וויסענשאַפט איז רייך, די ליטעראַטור-אוצרות פון די אומות העולם זענען ניט אויסצושעפּען, און עס איז גאָר ניט נויטיג קיין אייגענע געלעהרטע אָדער קינסטלער, עס איז גענוג צו האָבען דעם גוטען ווילען און די פעהיגקייט צו פּאָפּולאַריזירען און צו איבערזעצען פון די אַנדערע שפּראַכען.

אָבער דער פּאָפּולאַריזירען פון וויסענשאַפטען און קאַמף קעגען רעליגיע האָט דאָ ניט בעטייט דאָסזעלבע, וואָס אין דער פריהערדיגער השכלה-צייט אין רוסלאַנד. עס איז ניט געווען אַ זעלבסטצוועק, כדי „צו זיין אַ מענש אין גאַס און אַ יוד אין הויז". עס איז נור געווען אַ מיטעל צו אַ צוועק, אַ מיטעל צו פערשפּרייטען סאָציאַליזם. סאָציאַליזם איז דער עיקר, די וויסענשאַפט דער טפל. די שענע ליטעראַטור, אויף וויפיעל זי פערפיינערט דעם געשמאַק און מאַכט ווייטער דעם בליק, איז זי נויטיג צו פערשטעהן דעם סאָציאַליזם, און אויף אַזוי פיעל דאַרף מען איהר העלפען.

דאָס אַלץ, צוזאַמען מיט דער מורא, טאָמער וועט דער זשורנאַל ניט האָבען קיין קיום, איז גאַנץ דייטליך אויסגעדריקט געוואָרען אין דעם ערשטען נומער „צוקונפט", אין דער פּראָגראַם פון דער רעדאַקציע.

„אונזער פּראָגראַם, שטעהט דאָרט, קענען מיר אייגענטליך אויסדריקען אין דריי ווערטער: מיר זענען סאָציאַל-דעמאָקראַטען.

„וואָס דאָס בעדייט, איז שוין ערקלערט געוואָרען אין איינִיגע אַרטיקלען אין דער „אַרבייטער צייטונג", און מיר וועלען עס נאָך גרינדליכער און אויספיהרליכער ערקלערען אין דער „צוקונפט", אויב די טרייהייט און טהעטיגקייט פון אונזערע גענאָסען וועלען אונז געבען די מעגליכקייט צו האָבען אַ צוקונפט...

„מיר זאָגען דאָס גאַנץ אָפען, מיר ווילען פון קיינעם ניט בעהאַלטען דעם פאַקט, דאָס מיר פאַנגען אָן אַרויסצוגעבען אַ וויסענשאַפטליכען זשורנאַל אין זשאַרגאָן — אַ נייעס אין דער אָרימער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור — נור אַלס פּראָבע. די אידישע אַרבייטער בעוועגונג וואַקסט זעהר שנעל און ענטוויקעלט אויך אַזעלכע אַרבייטער, וואָס ווילען זעהר גרינדליך לערנען די סאָציאַלע פראַגע פון אונזער צייט און איבערהויפּט זיך אויסבילדען; אָבער זיי קענען דאָס ליידער ניט דערגרייכען, ווייל אויף זשאַרגאָן האָט מען ביז די לעצטע צייט געשריבען נור באָבע מעשיות און בדחנות, און אַנדערע שפּראַכען קענען זיי ניט אָדער קענען אַזוי ווייניג, אַז זיי זענען נאָך ניט אין שטאַנד צו פערשטיין אַ בוך אָדער איין ערנסטען אַרטיקעל. פאַר דיזע ערנסטע אַרבייטער וואָס געהערען צו וויסען און צו ווערען געבילדעטע מענשען, געבען מיר אַרויס די „צוקונפט"; און אויב זייער צאָהל איז ווירקליך אַזוי גרויס, ווי פיעלע גענאָסען בעהויפּטען, וועט זי עקזיסטירען און ערפילען איהר ערציהונגס-אויפגאַבע; און אויב ניט, דאַן וועלען מיר וואַרטען אויף די צייט, ווען אונזער פּראָפּאַגאַנדא אויף פערזאַמלונגען און דורך די „אַרבייטער צייטונג" וועט ענטוויקלען

אַזאַ צאָהל ערנסטע אַרבייטער, אַז אַ וויסענשאַפֿטליכֿער זשורנאַל זאָל יע קענען עקזיסטירען"...

דאַן קומט אַן ערקלערונג וועגען פֿערשיידענע וויסענשאַפֿטען, און די פּראָגראַם ענדיגט:

„איבער וויסענשאַפֿטליכֿע אַרטיקלען אין ריינעם מאַמע לשון איבער פֿערשיעדענע וויכֿטיגע פֿראַגען, וועלען מיר אויך געבען ערצעהלונגען, געדיכֿטע און קריטיק איבער קונסט; דען מיר האַלטען, אַז די קונסט בילדעט און איידעלט דעם מענשען, און מיר ווילען אויך פֿעראייניגען, ווי מען זאָגט, „אַנגענעהמעס מיט נוצליכֿעס".

„צום שלוס ערקלעהרען מיר, דאָס אַזוי ווי אונזער צוועק איז נאָר אַרויסצוגעבען אַ בילדונגס־זשורנאַל פֿאַר יודישע אַרבייטער און אַזוי ווי די ריינע וויסענשאַפֿט איז ניט קיין פּאַרטיי זאַך, לאַדעט די „צוקונפֿט" הערצליכֿסט איין די מיטווירקונג פֿון יעדען איינעם, וואָס איז אים שטאַנדע עטוואָס אָנצושרייבען, אַז די לעזער זאָלען דערפֿון עטוואָס לערנען אָדער האָבען איין עסטעטישען גענוס".

נאָך אָט דער פּראָגראַם־ערקלערונג עפֿענט זיך די „צוקונפֿט" אויך מיט אַ קורצער ביאָגראַפֿיע פֿון קאַרל מאַרקס, געשריבען פֿון מאָריס הילקוויטץ. דאַן קומט אַן אַרטיקעל פֿון פֿיליפּ קראַנץ איבער „גאָט, רעליגיאָן און מאָראַל". נאָך דעם געהט אַן אַרטיקעל פֿון פּראָפֿעסאָר דע ליאָן, וואָס איז דעמאָלט געווען דער הויפּט־פֿיהרער פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איבער דעם „וואוקס פֿון פּראָלעטאַריאַט אין אַמעריקא". נאָך דעם אַרטיקעל געהט אַן אַרטיקעל איבער „די וואַהלען אין דייטשלאַנד", פֿון הערמאַן שליטער, דעם רעדאַקטאָר פֿון דער „ניו־יאָרקער דייטשער פֿאָלקס־צייטונג". די לעצטע צוויי זענען ניט קיין יודען, און זייערע אַרטיקלען זענען געשריבען געוואָרען, דער ערשטער אין ענגליש און דער צווייטער אין דייטש.

אָט די אַלע אַרטיקלען פֿערנעמען 21 זייטען פֿון דעם 48־זייטיגען זשורנאַל. היינט האַלט די „צוקונפֿט" ביז הונדערט זייטען. די איבעריגע זייטען זענען אויסגעפֿילט מיט אַ גרויסען אַרטיקעל, דער ערשטער פֿון אַ סעריע, איבער „דאַרוויניזמוס", געשריבען פֿון אַב. קאַהאַן, און אַ צווייטער אַרטיקעל פֿון פֿיליפּ קראַנץ איבער „מאַלטהוזיאַניזמוס און קאַפּיטאַליזמוס", און ענדיגען מיט „די שווימענדע טרונע", אַ פֿאַנטאַזיע פֿון יעקב גאָרדין, און אַ קורצען פֿעליעטאָן „פֿון דער לבֿנה", געצייכֿענט: דער שטערנזעהער. דער צווייטער נומער ענטהאַלט אַ געדיכֿט פֿון מאָריס ראָזענפֿעלד, אַ ביאָגראַפֿיע פֿון פֿרידריך ענגעלס, געשריבען פֿון א. אַרטמאַן, די המשכים פֿון די אַרטיקלען: „גאָט, רעליגיאָן און מאָראַל"; „מאַלטהוזיאַניזמוס און קאַפּיטאַליזמוס" פֿון פֿיליפּ קראַנץ. און „דאַרוויניזמוס" פֿון אַב. קאַהאַן, צו וועלכֿען עס איז צוגעקומען אַן אַרטיקעל „דער אָנהויב פֿון כֿעמיע" פֿון א. קאַספּע; אַן אַרטיקעל איבער „קאַפּיטאַליזמוס אין אַמעריקא", פֿון דעם בעוואוסטען פֿראַנצויזיש־אַמעריקאַנישען סאָציאַליסט לוציאַן סעניאַל; אַן אַרטיקעל איבער „פּראָטעקציאָן און פֿריי האַנדעל" פֿון י. פֿראַנץ, אַ דייטשער סאָציאַליסט, און „דאָס קינד", אַן ערצעהלונג פֿון ג. דע מאָפּאַסאַן, איבערזעצט פֿון דוד בערנשטיין (אַב. קאַהאַן).

די נומערן דריי און פֿיער ברענגען המשכים פֿון אַב. קאַהאַנ'ס „דאַרוויניזמוס", צוויי שירים פֿון מאָריס ווינטשעווסקי, אַ ביאָגראַפֿיע פֿון טשערנישעווסקי, געשריבען פֿון ס. פּאָללאַק, אַ ביאָגראַפֿיע פֿון זשול געד, דעם בעריהמטען פֿראַנצויזישען סאָציאַליסט, פֿון אַב. קאַהאַן; „די פּאַריזער קאָמונע" פֿון פֿ. קראַנץ; די „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און מלחמה", נאָך פֿרידריך ענגעלס, פֿון איזאַק אָרטמאַן; „אַ צופֿאַל", ערצעהלונג פֿון פֿראַנסואַ קאָפּפּעע, איבערזעצט פֿון פֿ. קראַנץ; „אַן אַפּיקורסישע צוואה פֿון אַ גלח", נאָך דר. קאַרל גרינבערג, פֿון ב. פֿייגענבוים; „וואָס זאָל מען טאָן?" אַן אַרטיקעל וועגען דער בעוועגונג פֿון ל. מילער; „די רעליגיאָן פֿון קאַפּיטאַל", נאָך פּאַול לאַפֿאַרג, פֿון איזאַק אָרטמאַן; „די לעבענס־געשיכֿטע פֿון דעם משוגענעם פֿילאָזאָף, בעשריבען פֿון איהם אַליין" (מאָריס ווינטשעווסקי); „דער פּאָעט אין די שטראָסענמיידעל", ערצעהלונג פֿון פֿראַנסואַ קאָפּפּעע, איבערזעצט פֿון פֿ. קראַנץ; „אַ מאַסענפֿערזאַמלונג אויף דער לבֿנה", פֿון דעם שטערנזעהער. און... דערמיט זענען די כּוחות אויסגעגאַנגען.

פֿיער נומערן האָבען ערשיינט, מעהר איז ניט געגאַנגען. פֿיעל, זעהר פֿיעל זענען געווען בעגייסטערט פֿאַר דער „צוקונפֿט", אָבער זיי זענען געווען ווינציג אין צאָהל, אום זי אויפֿצוהאַלטען, און, איין גאָט ווייס, די הוצאות זענען ניט אַזוי גרויס געווען. דער רעדאַקטאָר, ער איז אויך געווען דער קאָרעקטאָר, האָט געזאָלט קריגען 20 דאָלאַר אַ מאָנאַט געהאַלט פֿאַר דעם רעדאַגירען, קאָריגירען און עקסטראַ אַרטיקלען. ער האָט געזאָלט קריגען, אָבער מיר דוכֿט, אַז ער האָט זיי קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן. מיט אַמאָל געווים ניט. אַלע איבעריגע שרייבער, אַחוץ אפֿשר מאָריס ראָזענפֿעלד, וועלכֿער איז געווען אַ גרעסערער אָרימאַן פֿון אַלעמען, האָבען געשריבען אומזיסט. מען וואָלט, דוכֿט זיך, יענעם געלעגט אין חרם אַריין, ווער עס וואָלט דערוועגט זיך בעטען געלד פֿאַר אַזאַ דבֿר שבּקדושה, און די שרייבער אַליין וואָלטען עס געהאַלטען פֿאַר אַ פֿערברעכֿען צו בעטען געלד. קיין עקסטראַ געשעפֿטס־פֿיהרער איז אויך ניט געווען. א. אָרטמאַן, דער געשעפֿטס־פֿיהרער פֿון דער „אַרבייטער צייטונג", האָט געטאָן די אַרבייט אומזיסט. קיין דירה־געלד פֿאַר אַ רעדאַקציע האָט מען אויך ניט בעדאַרפֿט. דערויף איז געווען די „אַרבייטער־צייטונג" רעדאַקציע. און פֿונדעסטוועגען האָט מען מעהר ווי פֿיער נומערן ניט געקענט אַרויסגעבען. אַפֿנים, אַז די צאָהל אַרבייטער, וואָס האָבען זיך גענויטיגט אין אַזאַ זשורנאַל, ווי די „צוקונפֿט", איז ניט געווען אַזוי גרויס, „ווי די גענאָסען האָבען בעהויפּטעט".

עס קאָן דאָ ניט זיין מיין אויפֿגאַבע צו זוכֿען די סיבה, פֿאַרוואָס די „צוקונפֿט" האָט ניט געקאָנט עקזיסטירען. עס איז אויך ניט דאָ דער פּלאַן צו קריטיקירען אָדער אַפֿילו אָבצושאַצען אַלע אַרטיקלען פֿון די פֿיער נומערן. איך האָב אויסגערעכֿענט די אַרטיקלען, כּדי דעם לעזער צו געבען אַ בעגריף, אויף וואָסער אופֿן עס איז אויסגעפֿיהרט געוואָרען די פּראָגראַם פֿון דער רעדאַקציע. צו דערזעלבער צייט וויל איך אויפֿמערקזאַם מאַכֿען אויף צוויי הויפּטפֿעהלערן פֿון די ערשטע נומערן „צוקונפֿט", איך טו דאָס ניט צוליעב דער קריטיק פֿון דער „צוקונפֿט", נאָר אום בולט'ער צו כאַראַקטעריזירען די אַטמאָספֿערע פֿון דער דעמאָלטיגער צייט.

אַז מען לייענט איבער די אינהאַלטס־פֿערצייכֿענונג, אָדער אַפֿילו די אַרטיקלען גופֿא, זעהט מען גלייך, אַז די „צוקונפֿט" איז ניט געווען קיין זשורנאַל אין דעם געוועהנליכֿען זין. עס איז

געווען א פעקיל מאמרים, א זאמלונג פון פערשיידענע ארטיקלען, וואס זענען געווען מעהר אדער וועניגער גוט און פאפולער געשריבען, אבער ניט מעהר. איך האב דערפאר טאקע געמוהט זיך אזוי פיעל אבצושילדערן דעם גייסטיגען צושטאנד פון יענע מענשען און יענער צייט, ווייל די „צוקונפט" אליין שוייגט העגען דאס אלץ. אזוי ווי מען וואלט זי מיט א כיון געהאט אבגערוקט פון לעבען. ווען איהר נעמט היינט די אלטע „צוקונפט" אין האנד, קאנט איהר ניט וויסען, ווען און וואו זי איז ארויסגעגעבען געווארען. דאס, משמעות, איז געווען איינע פון די הויפט־סיבות, וואס דער זשורנאל האט געהאט אזא קליינעם ערפאלג.

אבער עס איז געווען נאך א סיבה. מען האט געמאכט א גרוים געשריי וועגען דער וויסענשאפטליכקייט פון דעם זשורנאל, געגעבען האט מען אבער פאפולאריזאציעס. דער רעזולטאט איז געווען: דער ארבייטער, וואס פאר איהם זענען די פאפולאריזאציעס געמאכט געווארען און וואס פאר איהם האבען זיי זיך געפאסט, האט זיך געשראקען פאר דער „וויסענשאפט". „איך קאן דאס ניט פערשטעהן", האט ער זיך געזאגט, ווי וויקטאר הוגא'ס ארבייטער, וואס האט פערברענט א ביבליאטעק מיט זעלטענע ביכער, בעת דער אינטעליגענטער מענש האט גע'טענ'עט: צו וואס דארף איך לייענען אייערע פאפולאריזאציעס, אז איך קאן עס לעזען אין אריגינאל אין אן אנדער שפראך.

אבער דאס איז נור א מיינונג, אגב אורחא.

———

די „צוקונפט" האט זיך אבגעשטעלט, אבער זי איז ניט אונטערגעגאנגען. זי האט זיך מעהרערע מאל אבגעשטעלט און קיינמאל ניט אונטערגעגאנגען. אין די גאנצע ערשטע דריי יאהר, אין די יאהרען 1892, 1893 און 1894, האבען סך הכל ערשיינט 17 נומערן.

זיבען חדשים האט די „צוקונפט" געמוזט רוהען נאך איהר פיער מאל ערשיינען. די כוחות זענען געווען אויסגעשעפט.

צולעצט אין דעצעמבער 1892, האט זי ווידער ערשיינט אויף דעמזעלבען אופן: די המשכים פון קאהאנ'ס „דארוויניזמוס", קראנצ'ס „פאריזער קאמונע", ווינטשעווסקי'ס „לעבענסגעשיכטע פון א משוגע'נעם פילאזאף", א ביאגראפיע פון פראנסוא באבעף, געשריבען פון אב. קאהאן; „קאלעקטיוויזמוס און רעוואלוציאן" פון זשול געד, איבערזעצט, ווי ס'איז צו זעהן פון דער שפראך, פון אב. קאהאן; ווינטשעווסקי'ס א שיר, „א ראציאנאליסטישע ערקלעהרונג וועגען דעם מבול" פון מארים הילקאוויטץ, און אן איבערזעצונג פון בייראנ'ס „געפאנגענער פון שילאן", פון בנימין ראזענבלום, דעם יונג פערשטארבענעם פאעט.

דערמיט האט זיך געענדיגט דער ערשטער יאהרגאנג.

אין די ווייטערדיגע נומערען איז קיין שינוי ניט פארגעקומען, אחוץ דעם, וואס ביסלעכווייז האבען זיך אנגעהויבען צו קלייבען ארום דער „צוקונפט" נייע קרעפטען.

דער צווייטער יאהרגאנג, אדער ריכטיגער, דער זעקסטער נומער, עפענט זיך אויף מיט א ביאגראפיע פון ראבערט אוען, פערפאסט פון דעם שרייבער פון די ציילען. אין די ווייטערדיגע נומערן פון דעמזעלבען יאהרגאנג דרוקען זיך שירים, ערצעהלונגען און אבהאנדלונגען, ווי „די ענטוויקלונג פון מאראל", נאך לעטורנא, פון י. ל. פרץ, אונטער דעם פסעוודאנים פלא"י. עס בעווייזט זיך י. א. שארקאנסקי, ש. פעסקין, דער איצטיגער דאקטאר פעסקין, און זיין ברודער איזראעל פעסקין. אין 1894 קומט ז. ליבין מיט זיין סקיצע א „פיקעניק", און אויב איך האב ניט קיין טעות, איז דאס געווען זיין ערשטע סקיצע, אחוץ א גאנץ קליינער זאך אין דער „ארבייטער צייטונג".

בכדי צו געבען נאך א גענויערן בעגריף פון דעם כאראקטער פון דער „צוקונפט", וועט אפשר ניט שאטען איבערצוגעבען א טייל פון דעם אינהאלט פון די ערשטע 17 נומערן. חוץ די ביאגראפיעס, שירים, ערצעהלונגען און וויסענשאפטליכע ארטיקלען, וואס א טייל פון זיי איז שוין דערמאנט געווארען, קאן מען נאך מוסיף זיין אזעלכע טעמעס, ווי „די בעוועגונג פון הארץ און בלוט", פון דאקטאר ה. ספיוואק; „דער מענש און זיין נשמה", פון דאקטאר ס. אינגערמאן; „דער קוואל פון לעבען" פון י. פעסקין; „שפראכען און ווי זיי צו לערנען"; „פאעזיע און ווי מען שרייבט זי" פון אב. קאהאן; „די קונסט פון שרייבען געדיכטע" פון אב. קאהאן; „פייער שפייענדע בערג", נאך באמעלי, פון שמואל פעסקין; „דארוויניזמוס און סאציאליזמוס", נאך אן ארטיקעל אין דער „נייער צייט", פון ס. ריס; „ערד־ציטערנעסען" פון ש. פעסקין; „פון וואנען שטאמט דאס קאפיטאל", נאך קארל מארקס, פון אב. קאהאן; „דער מקור פון פראפיט" פון ויידעס (דאס איז דער היינטיגער בעריהמטער פראפעסאר זיידעס פון הארווארד־אוניווערסיטעט); „ווי אזוי האט זיך ביי מענשען גענומען די שפראך", נאך טאילאר, דארווין און מאקס מיללער, פון שואל עלענבויגען (מיר דוכט, אז דאס איז אב. קאהאן); „ווארימקייט און איהר קראפט", א קאפיטעל פיזיקע, פון ג. ראבינאוויץ; „וואס איז די ליעבע" פון ל. מיללער; „די אבשטאמונג פון איינינע אידישע ווערטער" פון אלעקסאנדער הארקאווי; „וואס האבען אויפגעטאן די מאשינען פאר דעם מענשליכען פארשריט", נאך פאול לאפארג, (דער דאזיגער ארטיקעל איז גע'חתמ'עט: ווילנאי נעמא); „די היסטארישע פילאזאפיע" פון קארל מארקס" פון שמואל פעסקין; „די שיף און דער לופט באלאן" פון י. פינן; „די ענטוויקלונג פון בעלעטריסטיק"; „פון וואנען לעבען די פלאנצען" פון איזראעל פעסקין; און ניט צו פערגעסען א גרויסע צאהל ארטיקלען פון ב. פייגענבוים וועגען יודישקייט און אפיקורסות, ווי „די אידעע וועגען א גאט", נאך לודוויג ביכנער; „דער וואהרער כאראקטער פון דעם אלטען אידישען גאט"; „אידישע מלוכות אין רוסלאנד און אראביען"; „אידישע אינקוויזיציע כדת רחמנים בני רחמנים", און נאך אנדערע.

ווי שוין געזאגט, איז ניט איצט די צייט, און עס איז אויך איצט ניט מעגליך, צו קריטיקירען די אלע ארטיקלען, אדער די „צוקונפט" בכלל. פאר דעם שרייבער פון דעם ארטיקעל וואלט זיך דאס נאך וועניגער געפאסט, ווייל ער איז געווען א לאנגע צייט איינער פון די הויפט־מיטארבייטער, און א געוויסע צייט אויך דער רעדאקטאר פון דער „צוקונפט". מען מעג אבער גאנץ דרייסט זאגען, און די דערמאנטע ארטיקלען בעווייזען דאס, אז די „צוקונפט" האט געזוכט ארומצונעמען אלע געביטען פון מענשליכען וויסען, און ביי די געשילדערטע אומשטאנדען און מיט די זעהר בעגרעניצטע כוחות האט זי פיעל אויפגעטאן.

אויף אזא אופן איז די „צוקונפט" געגאנגען ביז דעם יאהר 1897. דאן איז ארויסגעקומען א מחלוקת אין די רייהען פון די

יודישע סאָציאַליסטען. איבער די סיבות פון דער מחלוקת איז פאַרהאַן פיעל צו רעדען. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטעל פאַר זיך גופא. עס וועט זיין גענוג צו זאָגען, אַז די מענשען, וואָס האָבען יאָהרען־לאַנג געאַרבייט צוזאַמען, האָבען זיך צעטיילט. אַב. קאַהאַן, ל. מילער, און מ. זאַמעטקין, מיט אַ גרויסער אָנהענגערשאַפט, זענען אַרויסגעטרעטען פון דער „אַרבייטער־צייטונג פּובלישינג אַססאָסיאיישאָן“ (פערלאַג אַרבייטער־צייטונג) און האָבען געגרינדעט דעם „פאָרווערטס“. כאָרים וויטשעווסקי, וואָס איז דאַן נור וואָס געוועזען געקומען קיין אַמעריקע, איז צוגעשטאַנען צו דער אָפּאָזיציע. דער רעזולטאַט פון דער מחלוקת איז געוועזען, אַז די „אַרבייטער צייטונג“ און דאָס „אָבענד בלאַט“ זענען סוף כל סוף אונטערגעגאַנגען. אָבער דער ערשטער קרבן, וואָס איז געפאַלען, איז געוועזען די „צוקונפט“. די „צוקונפט“ איז פינאַנציעל קיינמאָל ניט געוועזען זעהר שטאַרק. עס איז שטענדיג געוועזען די התלהבות פון אַ קליינער צאָהל מענשען, וואָס האָבען זי מיט געוואַלד געהאַלטען ביים לעבען. ווען די מחלוקת איז אויסגעבראָכען, איז אַב. קאַהאַן געוועזען דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט“, און אַזוי ווי ער איז, נעבען ל. מילער, געוועזען דער פיהרער פון דער אָפּאָזיציע, איז די „צוקונפט“, נאַטירליך, געוועזען אויף זייער זייט. די הויפּט־אויפגאַבע פון דער אָפּאָזיציע איז געוועזען אַ טעגליכע צייטונג, און די „צוקונפט“ איז אָבגעשטעלט געוואָרען. דער אַנדער צד, דער, וואָס איז געבליבען ביי דער „אַרבייטער־צייטונג“ און „אָבענד בלאַט“, ווי פיליפּ קראַנץ, ב. פייגענבוים, ש. פּעסקין, ל. בודין, דער שרייבער פון דיזען, ג. י. סטאָן (דער איצטיגער פיהרער פון דעם טאַריף־ביוראָ אין וואַשינגטאָן) און נאָך אייניגע האָבען געפּרובט אַרויסגעבען אַ נייעם זשורנאַל „די נייע צייט“, מיט דערזעלבער טענדענץ, ווי די „צוקונפט“, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. דער דאָזיגער זשורנאַל האָט עקסיסטירט בלויז עטליכע מאָנאַט.

## V

אין יאָהר 1902 זענען זיך ווידער צוזאַמענגעקומען עטליכע פון דער „אַלטער גוואַרדיע“, און האָבען מחיה מתים געוועזען די „צוקונפט“, און פון דאַן אָן עקסיסטירט זי ביז היינטיגען טאָג.

עס וואָלט פערנומען צופיעל פּלאַץ צו פערגלייכען די נייע „צוקונפט“ מיט דער אַלטער. קורץ ווי די צייט איז געוועזען, זענען אין די עטליכע יאָהר דאָך פאָרגעקומען זעהר פיעל שינויים, און די נייע „צוקונפט“ האָט זיך אויך געביטען. מיט איין אונטערשייד: דער אומבייט בכלל איז געוועזען צום שלעכטען, די „צוקונפט“ האָט זיך געביטען צום גוטען. די פּראָגראַם פון דער נייער „צוקונפט“ איז געוועזען דער אויסדרוק פון דעם דאָזיגען אומבייט.

„די „צוקונפט“ לעבט ווידער! — שטעהט דאָרט געשריבען. — אין די אַלטע גוטע צייטען, ווען אונזער בעוועגונג איז נאָך געווען יוגענדליך פריש, ריין און ענטהוזיאַסטיש, ווען קיין ביזנעס בלוט האָט נאָך ניט פערגיפטעט די הערצער, וואָלט זיך דיזע בשורה, אַזוי ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגעטראָגען איבער די גענאָססענשאַפטליכע רייהען, אָנצינדענדיג אומעטום אין די נשמות אַ פייער פון בעגייסטערונג. ניט אַזוי איז איצט דער פאַל. די „צוקונפט“ האָט אויפגעלעבט, אָבער פיעלע פון אונזערע בעסטע גענאָססען האָבען אָבגעלעבט. אַמאָל זיינען געווען אַפילו אונזערע עלטערע מענשען יונג אין גייסט, היינט זיינען אויך אונזערע יונגע לייט גייסטיגע זקנים“.

און אָט דער „היינט“ און „אַמאָל“ איז אינגאַנצען אַלט געוועזען פיער מיט אַ האַלב יאָהר. וואָס האָט פּאַסירט אין דער קורצער צייט, וואָס האָט געמאַכט פון „אונזערע יונגע לייט גייסטיגע זקנים?“

א. ליעסין, דער שרייבער פון דער דאָזיגער פּראָגראַם ענטפערט:

„די אַמאָליגע „צוקונפט“ איז געשטאָרבען פון מאָראַלישע אויסצעהרונג. דער פייער פון מחלוקת, וועלכער האָט גראַדע דאַן אויסגעבראָכען אין דער בעוועגונג, האָט אויסגע׳שרפה׳ט ביי די גענאָססען יעדע מעגליכקייט צו אַרבייטען די געלאַססענע, לאַנגזאַמע אַרבייט פון אַ מאָנאַטליכער אויסגאַבע. זיי האָבען פערלאָרען דעם געדולד און זיך גענומען יאָגען נאָך נאָהענטע רעזולטאַטען, וועלכע זאָלען זיך פיהלען שוין אויף דער הייסער מינוט און וועלכע מען זאָל קענען אַרויסשטעלען דעם שונא אויף צופוקעניש. פון אַזאַ זשורנאַל האָבען זיי עס ניט געקענט ערוואַרטען, און זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, כוחות און מוחות זיינען איינגעשלונגען געוואָרען פון דער טעגליכער פּרעסע“.

אָט די פּראָגראַם, ווי מען קאָן זעהן, האָט מיט שאַרפע ווערטער פערורטיילט די מחלוקת און דעם גרינדען פון אַ נייער צייטונג. אָבער א. ליעסין איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט דער צייטונג (דעם „פאָרווערטס“), וואָס איהר גרינדונג האָט ער איצט פערורטיילט.

צי דאָס איז געשריבען געוואָרען מיט אַ כיון, צי ניט, אָבער דאָס איז טאַקע געוועזען די ריכטונג, וואָס די „צוקונפט“ האָט אָנגענומען. פון יאָהר 1902 ביז 1912 איז די „צוקונפט“ געוועזען אַ בעשטענדיגער פּראָטעסט קעגען דעם טעגליכען „פאָרווערטס“.

אין דער פּראָגראַם פון דער ערשטער „צוקונפט“ האָט די רעדאַקציע געשריבען: „אונזער פּראָגראַמע קען אויסגעדריקט ווערען אין עטליכע ווערטער: מיר זיינען סאָציאַל־דעמאָקראַטען“.

וועגען דעם שרייבט די נייע פּראָגראַם:

„דאָס איז געשריעבען געוואָרען אין יענער גליקליכער צייט. ווען אונזער בעוועגונג האָט נאָך געהאַלטען אין אויפבליהען... דאַן האָבען מיר געהאַט איין תורה, איין אמת, איין פּאַרטיי... דעמאָלט איז ווירקליך גענוג געווען צו זאָגען בקיצור: מיר זיינען סאָציאַל־דעמאָקראַטען. יעדער איינציגער אין לאַנד, וועלכער האָט נור געוואוסט פון אונזער עקזיסטענץ, וואָלט שוין אין אונז קיין טעות ניט געמאַכט.

אַנדערע צייטען, אַנדערע לידער! די נייע לידער קלינגען אפשר טרויעריגער, אָבער זיי זיינען אַנדערע“.

און די „צוקונפט“ פון יאָהר 1902 איז באמת געוואָרען אַן אַנדערע. אָבער די לידער זענען ניט געוועזען טרויעריגער. אמת, אינגאַנצען איז די „צוקונפט“ ניט אָבגעטראָטען פון איהר אַלטער פּראָגראַם; די ביאָגראַפיעס זענען ווייטער געדרוקט געוואָרען אין יעדען נומער; די „וויסענשאַפט“ איז ניט פיעל געמינערט געוואָרען; די „צוקונפט“ איז אָבער אין פיעל זאַכען אָבגעטראָטען פון דער אַלטער פּראָגראַם. זי איז געוואָרען ברייטער, פיעלזייטיגער און פיעלפאַרביגער. זי האָט זיך גענומען בעשעפטיגען מיט דעם לעבען. דאָס נייע לעבען, וואָס האָט אָנגעהויבען צו וועהען אַרום איהר, די פּאַסירונגען אין רוסלאַנד, די נייע בעוועגונגען צווישען די יודען אין רוסלאַנד, ווי דער פּאָליטישער

ציוניזם, דער בונדיזם, האָבען זיך בימלעכוויז אַריבערגעטראָגען קיין אַמעריקע, און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אַריינגעבלאָזען אַ ביסעל לעבען אין דער „צוקונפט“.

די „צוקונפט“ פון 1902 בעשעפטיגט זיך שוין מיט זאַכען, ווי „די כינעזישע פראַגע“; „דער אמת וועגען די בורען-מלחמה“, „די מלחמה און זיד אַפריקא“, „די רוסיש-פראַנצויזישע אַלליאַנץ“; די „אַגיטאַציאָן פאַר'ן רעפערענדום“; „ציוניזמוס און נאַציאָנאַליזמוס“ א. אז. וו.

דעם דאָזיגען שינוי האָט אויך מיטגעהאָלפען דער אָפטער בייט פון די רעדאַקטאָרען. עס איז, דאַכט זיך, ניטאָ קיין איין זשורנאַל, וואָס האָט אין אַ קורצען משך צייט געהאַט אַזוי פיעל רעדאַקטאָרען, ווי די „צוקונפט“. דאָס יאָהר 1902 איז רעדאַגירט פון אַב. קאַספע און מאָררים ווינטשעווסקי; 1903 איז רעדאַגירט פון מאָריסט ווינטשעווסקי און ב. פייגענבוים; 1904 און 1905 פון פיליפ קראַנץ; 1906 פון דר. פאָרנבערג; 1907 פון יעקב מילך און מאָררים ווינטשעווסקי; 1908 פון מאָררים ווינטשעווסקי. און פון דאַן אָן ביז צו ענדע פון 1912 אונטער אַ רעדאַקציאָנס-קאָמיטעט, געפיהרט פריהער פון דר. פאָרנבערג און דערנאָך פון ש. א. זאַקס.

מיט יעדען נייעם רעדאַקטאָר האָט די „צוקונפט“ אָנגענומען אַ נייע געשטאַלט. אָבער בכלל איז דער האָריזאָנט געוואָרען ברייטער. די ליטעראַטור און ליטעראַרישע קריטיק האָט פערנומען אַלץ אַ וויכטיגערן פּלאַץ, די יודישע פראַגע און איהר פיעלזייטיגקייט האָט זיך אַלץ מעהר פערברייטערט, און די אַזוי גערופענע פּאָפּולאַריזאַציעס זענען אַלץ מעהר פערשטופט געוואָרען אין אַ ווינקעל. אַזוי אַז מען קאָן זאָגען, אַז פון דעם יאָהר 1902 האָט די „צוקונפט“ דורכגעמאַכט אַ פּראָצעס פון זיך שטעלען אויף די אייגענע פיס. און אַז מען בלעטערט דורך די אַלטע „צוקונפט“, מוז מען פערוואונדערט ווערען פון די פיעל שענע און אָריגינעלע אַרבייטען, וואָס זענען דאָרט פערעפענטליכט געוואָרען אין משך פון די יאָהרען, פון אונזערע אייגענע שרייבער.

אַן איבערבליק איבער די טעמעס און ווי זיי זענען בעהאַנדעלט געוואָרען, וואָלט לייכט בעוויזען דעם חלק, וואָס די „צוקונפט“ האָט אין די ענטוויקלונג פון דער יודישער פּובליציסטיק און שפּראַך. אָבער די גרייס פון דער אונטערנעמונג און מיין אייגענע מיטווירקונג אין דעם זשורנאַל פערבאָטען מיר דאָס, כאָטש עס וואָלט געוואונשען געווען. מיר וועלען זיך בעגנוגען דערמיט, וואָס מיר וועלען זאָגען, אַז די „צוקונפט“ איז קיינמאָל ניט אַראָב פון איהר סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט, איז קיינמאָל ניט געווען וואולגאַר און האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין קאָמפּראָמיסען צו געפעלען דעם המון.

———

עס איז אוממעגליך צו רעדען פון דער „צוקונפט“ זינט 1902, און ניט דערמאָנען איהר געוועזענעם געשעפטס-פיהרער א. ר. נעטטער.

א. ר. נעטטער איז היינט אַ יוד פון אַ יאָהר זיבעציג, אָדער מעהר, און עס איז כדאי איהם צו קענען. ער איז אַ יוד אַ בר אורין, אַ משכיל פון ריב"ל'ס חדר, וועלכער האָט מעהר ווי איינמאָל געפּרובט זיין כוח מיט דער פעדער און האָט, אַחוץ פיעל אַרטיקלען אין די צייטונגען, פערעפענטליכט אַ ביכעל איבער רעליגיע. זיין ערנסטקייט און עהרליכקייט און געטריישאַפט צו זיינע פּרינציפּען האָט איהם פערשאַפט אַלגעמיינע אַכטונג. און אין יאָהר 1902 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען פאַר'ן געשעפטספיהרער פון דער „צוקונפט“. אַ שווערע אויפגאַבע האָט ער געהאַט. לאָ די וואָס ער האָט בעדאַרפט שאַפען די פינאַנצען; לאָ די וואָס ער האָט בעדאַרפט פערהאַנדלען מיט דעם דרוקער און פּאַפּיר-הענדלער, — אַ זאַך, וואָס האָט געפאָדערט זעהר פיעל טאַקט, ביי דער זעהר אומגינסטיגער פינאַנציעלער לאַגע, אין וועלכער די „צוקונפט“ האָט זיך תמיד געפונען, — האָט ער נאָך בעדאַרפט בעשאַפען די ליטעראַטור. דאָקטאָר אַב. קאַספע, דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער ניי בעלעבטער „צוקונפט“, האַלט זיך ניט פאַר קיין רעדאַקטאָר. ער האָט די רעדאַקציע אָנגענומען ניט ווילענדיג, ווייל עס איז דאַן קיין אַנדערער ניט געווען. דער סוף איז געווען, אַז די גאַנצע אַרבייט איז געפאַלען אויף דעם זעכציג-יעהריגען נעטטער. ער האָט זיך די פיס אָבגעהאַקט לויפענדיג פון איין שרייבער צום אַנדערן. גאַנצע טעג איז ער אָבגעזעסען ביי אייניגע, און ער האָט בעקומען אַרטיקלען אומזיסט דאָרט, וואו קיין אַנדערער וואָלט ניט בעקומען פאַר געלד. דעם אַלטען, גרייז-גראָהען, בנעימות'דיגען נעטטער האָט קיינער ניט געקענט אָבזאָגען. און מען קען מיט רעכט זאָגען, ווען ניט נעטטער, וואָלט ניט געווען קיין „צוקונפט“. ער האָט אָבער אויפגעטאָן נאָך עטוואָס: אין אַ געוויסען זין האָט ער געגעבען אַ ריכטונג דער „צוקונפט“, אפשר די אויסגעהאַלטענסטע ריכטונג, וואָס זי האָט געהאַט.

אין זיין פּראָגראַם פון יאָהר 1902 שרייבט א. ליעסין:

„איינע פון די גרויסע דיענסטע פון אונזער טעגליכער פּרעסע איז די וואַקסענדע אונצופריעדענהייט מיט איהר גופא“. ליעסין האָט דאָס געמיינט אין אַן אַנדער זין. ער האָט געמיינט, אַז די טעגליכע פּרעסע בעשאַפט אַ סאָרט לעזער, „וועלכע קענען זיך שוין מיט איהר ניט בענוגענען, וועלכע פאָדערן עטוואָס מעהר“. אויסגעקומען איז עס אָבער בוכשטעבליך. דער „פאָרווערטס“ איז געגרינדעט געוואָרען דורך דעם כח פון אַ געוואַלדיגען ענטוזיאַזם פאַר צוויי גרויסע פּרינציפּען: „פרייע פּרעסע“ און „פאָלקס-פערוואַלטונג“. אָבער עס האָט ניט געדויערט זעהר לאַנג, — און די פריהערדיגע אָנהענגער פון דעם „פאָרווערטס“ זענען געוואָרען זיינע געגנער. אין דער צייט, ווען די מחלוקת האָט זיך געפיהרט, האָט אויך נעטטער זעהר פיעל געשטיצט דעם „פאָרווערטס“ צד, און זיין שטיצע האָט בעדייט פיעל. זיינע יאָהרען, זיין אינטעליגענץ און עהרליכקייט האָט פערשאַפט דער „פאָרווערטס“-בעוועגונג פיעל אָנהענגער. ער האָט זיך אָבער באַלד ענטוישט, און ער איז געוואָרען אַ פערביסענער געגנער פון דעם „פאָרווערטס“ מעטאָדען און פיהרונג. מיט זיין מיטהילף אַלס געשעפטס-פיהרער האָט זיך די „צוקונפט“ אַלץ מעהר ענטוויקעלט צום געגנער פון „פאָרווערטס“. די דאָזיגע געגנערשאַפט האָט ניט געשטערט דעם „פאָרווערטס“ צו ווערען די גרעסטע און רייכסטע יודישע צייטונג אין דער וועלט, וועלכע דרוקט זיך, לויט דער לעצטער סטאַטיסטיק, אין 150 טויזענד עקזעמפּלאַרען יעדען טאָג*. זי האָט אָבער געשטערט זיין רוה. צווישען דעם „פאָרווערטס“ און דער „צוקונפט“ האָט זיך איבערגע'חזר'ט די פערהעלטניש, וואָס איז פריהער געווען צווישען דער

* אינ'ם בעריכטס-יאָהר פון אונזער „פנקס“, אין 1912, האָט דער „פאָרווערטס“ געפייערט זיין 15-יעהריגען יובילעי.

„אַרבייטער צייטונג" און די איבעריגע צייטונגען — דער „פֿאָרווערטס" איז געוואָרען וואָס אַמאָל רייכער, די „צוקונפֿט" — אַיינפֿלוסרייכער.

דער דאָזיגער צושטאַנד האָט געפֿיהרט צו רייבערייען, וואָס די „צוקונפֿט" האָט געליטען פֿון זיי פֿינאַנציעל, דער „פֿאָרווערטס"— מאָראַליש.

דער סוף איז געווען, אַז אין אַפּריל פֿון יאָהר 1912 זענען די מענשען אַרום דער „צוקונפֿט" צולעצט מיד געוואָרען און האָבען, איוף דעם פֿערלאַנג פֿון „פֿאָרווערטס", זי איבערגעגעבען צו דערמזועלבען. דער „פֿאָרווערטס" האָט זיך מתחיבֿ געווען אויסצוצאָהלען אַלע חובֿות, אַרום פֿינף טויזענד דאָלאַר, פֿון דער „צוקונפֿט", וואָס ער האָט איוך מקיים געווען.

ביז יאַנואַר 1913 איז קיין שינוי ניט פֿאָרגעקומען. אין יאַנואַר האָט דער „פֿאָרווערטס" אַרונטערגעזעצט דעם רעדאַקציאָנסקאָמיטעט מיט זיין אויספֿיהרענדען רעדאַקטאָר ש. א. זאַקס און האָט אַרויפֿגעזעצט על כסא הרעדאַקטאָר א. ליעסין.

וועגען דער נייער רעדאַקציע קאָן מען נאָך, נאַטירליך, גאָר ניט זאָגען, אָבער אויב אַ שינוי השם האָט עטוואָס צו בעדייטען, קען מען עס זעהן פֿון דעם: אָנשטאָט „אַ וויסענשאַפֿטליך-סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפֿט", שרייבט זיך איצט אויף דעם שער: „אַ פּאָפּולער-וויסענשאַפֿטליכע, ליטעראַריש-סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפֿט".

אונטער דער נייער רעדאַקציע און געשעפֿטס-מעטאָדען, האָט די „צוקונפֿט" זעהר פֿיעל געוואונען אין צירקולאַציע. וועט זי איוך געווינען אין אַיינפֿלוס? דאָס דאַרף מען אָבוואַרטען.

---

ב. גאָרין.

# דער רעפּערטואַר פֿונ'ם יודישען טעאַטער אין אַמעריקע פֿאַר'ן סעזאָן תרע"ב.

דער יאָהר תרע"ב אינ'ם יודישען ניו-יאָרקער טעאַטער-וועלטיל האָט זיך אָנגעהויבען מיט גרויסע האָפֿענונגען. אין די לעצטע עטליכע יאָהר האָט זיך מאַדאַם שונה ניט נאָר ברייטליך אויסגעלעגט אויף דער יודישער ביהנע, נאָר זי האָט איוך אינגאַנצען פֿערטריבען די בעסערע דראַמע פֿון די יודישע טעאַטערס. עס איז געקומען צו אַזאַ מדרגה, אַז ווען מען האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „בעסערע דראַמע", האָט מען אַייך אויסגעלאַכט.

מען דאַרף דערפֿון ניט דרינגען, אַז ביז מיט עטליכע יאָהר צוריק איז די יודישע ביהנע געווען אינגאַנצען אָבגעגעבען פֿאַר דער בעסערער דראַמע. צו אַזאַ מדרגה האָט נאָך די ביהנע קיינמאָל ניט דערגרייכט. אָבער ביז מיט עטליכע יאָהר צוריק האָבען זיך שוין אויסגעאַרבייט געוויסע טראַדיציעס אין דעם יודישען טעאַטער. אַזוי, למשל, דער שוישפּיעלער יעקבֿ אַדלער, וואָס איז איוך אַ דירעקטאָר פֿון אַ טעאַטער, האָט זיך אָבגעטרייסעלט פֿון די שונד-שטיקער און האָט געהאַלטען פֿאַר אַ פּחיתת הכּבֿוד צו ווייזען זיך אין אַזעלכע פּיעסעס. אין זיין טעאַטער האָט מען געקאָנט שפּיעלען די נאַרישסטע זאַכען, מאַכען פֿון דער ביהנע אַ באַלאַגאַן, נאָר ער אַליין האָט אין זיי קיין ראָלע ניט גענומען. עס האָט געהייסען, אַז פֿאַר פּרנסה קאָן מען אפֿילו האַלטען אַ באַלאַגאַן, נאָר אַליין אַרויסטרעטען, ווי אַ פּאַיאַץ — דאָס ניט. אמת, פֿון צייט צו צייט האָט ער זיך ניט אַיינגעהאַלטען און פֿלעגט אַ מאָל אַוועקלעגען די בושה אָן אַ זייט. און האָט זיך נאַריש געמאַכט צוזאַמען מיט די איבעריגע. נאָר דאָס האָט פּאַסירט זעלטען, און בדרך כּלל איז זיין טעאַטער געווען אָבגעגעבען מעהר מיט בעסערע פּיעסעס, און ער אַליין האָט זיך אָבגעהאַלטען פֿון צו שפּיעלען אין שונד-שטיק.

קעני ליפּצין האָט, דאָס רובֿ, אַליין קיין טעאַטער ניט געהאַט, נאָר פֿון צייט צו צייט פֿלעגט זי דינגען אַ טעאַטער אויף עטליכע וואָכען און אַליין אויפֿפֿיהרען פּיעסעס. געוועהנטליך, זענען זיי געווען בעסערע דראַמעס. אַזוי האָט זי אויפֿגעפֿיהרט „מעדעאַ", „מירעלע אפרת", די „שבֿועה" (איבערגעאַרבייט פֿון „פֿוהרמאַן הענשעל"), די „שחיטה" און אַזוי האָט זי געשאַפֿען אַן אייגענעם רעפּערטואַר, וואָס פֿערנעמט אַ וויכטיגען פּלאַץ אויף דער יודישער ביהנע אין אַמעריקע. אין דעם משך פֿון די פֿיעל יאָהרען, וואָס זי האָט געשאַפֿען דעם דאָזיגען רעפּערטואַר, האָט זי זיך ניט אַרונטערגעלאָזט צו שונד.

דוד קעסלער, דירעקטאָר פֿון אַ טעאַטער, האָט געשפּיעלט, וואָס עס האָט זיך געמאַכט. ער איז ניט געווען אַזוי אונאָבהענגיג ווי אַדלער אָדער ליפּצין, און פּרנסה האָט ביי איהם געהאַט צו זאָגען מעהר ווי ביי די אַנדערע. דאָך ביז מיט עטליכע יאָהר צוריק איז ער געווען מעהר פֿערבונדען מיט דער בעסערער דראַמע.

דאָס זענען געווען די דריי שטערען פֿון דער יודישער ביהנע, וועלכע האָבען מעהר אָדער ווייניגער אָבגעגעבען זיך מיט דער בעסערער דראַמע און האָבען זיך געשעמט צו שפּיעלען אין באַלאַגאַנישע שטיקער. אין יענער צייט האָט מען קעסלער'ן זעהר אָפֿט געטראָפֿען, אַז איהם איז אויסגעקומען צו שפּיעלען אין אַ נאַרישער שטיק, וואָס האָט קיין ערפֿאָלג ניט געהאַט, אַז ער זאָל אין מיטען שפּיעלען לוסטיג מאַכען זיך איבער'ן פּובליקום. ער פֿלעגט איבערקעהרען די היטעל און טראָגען עס מיט דער לינקער זייט אַרויף, ווישען אויף אַ געוויסען שטייגער די נאָז מיט'ן אַרבעל און אַרויסווייזען גאַנץ אָפֿען זיין פֿעראַכטונג צום פֿערפֿאַסער און צום פּובליקום. ניט זעלטען. ווען דער שלוס פֿון אַן אַקט איז געווען נאָך אַ געוויסען שאַבלאָן, און ער האָט אויף די העכסטע טענער געדאַרפֿט אויסשרייען: „אָה מיין פֿאָלק ישראל", האָט ער זיך געקאָנט פֿערגינען איבערצומאַכען עס אויף: „אָה, איהר משה'ס!" און דאָס איז דער ערגסטער נאָמען, וואָס מיט איהם רופֿט מען דאָ דעם נאַרישען פּובליקום.

מען דאַרף, חלילה, ניט מיינען, אַז די דריי דערמאָנטע שטערען זענען געווען מאַרטירער פֿון קונסט, אַז זיי האָבען זיך מקריבֿ געווען פֿאַר דער בעסערער דראַמע. אַזוי ווייט זענען זיי

ניט געגאַנגען. נאָר בשעת עס האָט, מיט יאָהרען צוריק, דער קורס פון שונד=שטיקער אָנגעהויבען צו פאַלען, האָבען זיי זיך גענומען צו בעסערע שטיקער ניט דערפאַר, וואָס זיי האָבען געהאָפּט צו געפינען אין זיי אַ מעלקעדיגע קוה, נאָר ווייל זיי האָבען ניט געהאַט וואָס אָנצו=ווערען. זיי האָבען געזאָגט, אַז וויבאַלד פון די נאַרישע שטיקער האָט מען ניט קיין געלד און ניט קיין בעפרידיגונג אַלס קינסטלער, איז שוין ביי אַזעלכע אומשטאַנדען פיעל בעסער צו שפּיעלען גוטע דראַמעס. עס איז אמת, אַז מען וועט פון זיי קיין געלד ניט האָבען, אָבער דערפאַר האָט מען די מעגליכקייט אַרויסצו=ווייזען אין זיי טאַלאַנט. אַז ניט קיין געלד, זאָל זיין כאָטש כבוד. און טאַקע אין יענע יאָהרען האָבען בעסערע פּיעסעס געהייסען „עהרען=פּיעסעס“, בשעת די נאַרישע שטיקער האָבען געהייסען „ברויט=פּיעסעס“. עס האָט געדויערט אַ היבשע צייט, ביז די בעסערע פּיעסעס האָבען אָנגעהויבען אַריינצוברענגען געלד, און פאַר דער דאָזיגער צייט האָבען די דערמאָנטע שטערען געהאַלטען זיך ביים אויבענדערמאָנטען פּרינציפּ, אַז אויב ניט קיין געלד, זאָל כאָטש זיין כבוד. און ווען די צייט איז טאַקע געקומען, אַז די „עהרען=פּיעסעס“ זענען געוואָרען די „ברויט=פּיעסעס“, האָבען די דאָזיגע דריי שטערען געקראָגען זייער שכר. זייערע נעמען זענען פערבונדען געוואָרען מיט בעסערע פּיעסעס, און ווען מען האָט געוואָלט זעהן אַ בעסערע זאַך, האָט מען זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז אַזאַ זאַך זאָל קאָנען אויפגעפיהרט ווערען לכל הפחות אָהן איינעם פון זיי. און איז מען געגאַנגען זעהן אַ בעסערע פּיעסע, איז ממילא געווען פערשטענדליך, אַז מען געהט אויך זעהן אַדלער'ן אָדער קעסלער'ן אָדער ליפּצין. דאָס זענען געווען די זיילען, וואָס אויף זיי האָט זיך געהאַלטען די בעסערע דראַמע אין אַמעריקע.

אַזוי איז דאָס געגאַנגען ביז מיט אַ דריי=פיער יאָהר צוריק, ווען קעסלער האָט אין טהאַליאַ=טעאַטער אויפגעפיהרט דאָס „אידישע האַרץ“. מען האָט דעמאָלט געגלויבט, אַז הגם די בעסערע פּיעסעס האָבען פערלאָרען זייער חן ביים עולם, וועט אָבער שוין זיין אוממעגליך פאַר די נאַרישע שטיקער צו פערנעמען זייער אַמאָליגען פלאַץ אויף דער ביהנע. דאָס „אידישע האַרץ“ איז דריי חלקים געווען אַ פּורים=שפּיעל און איין חלק גאַנץ דראַמאַטיש (מחשבות'ן, דער איין חלק איז געווען גענומען פון אַן אונגאַרישער דראַמע), און די שטיק האָט אַזוי „אָנגעריסען“, אַז אַלע האָבען געעפּענט מויל און אויערן. קיינער האָט זיך ניט גערעכנט אויף אַזאַ מין ערפאָלג פון אַזאַ שטיק. און ווי נאָר די דירעקטאָרען פון אַנדערע טעאַטערס זענען צו זיך געקומען פון פערוואונדערונג, האָבען זיי אַ טראַכט געטאָן מכח דער אומגעריכטער ערשיינונג אויף דער ביהנע און זיי האָבען פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אָנזאָג פון אַ נייער כוואַליע פון שונד. זיי האָבען גלייך פערקאַשערט די אַרבעל און גענומען זיך צו די נאַרישסטע, אומגעלומפּערטסטע שטיקער, וואָס די ווילדסטע פאַנטאַזיע האָט נאָר געקאָנט שאַפען. דער פּועל יוצא דערפון איז געווען, אַז אַלע דירעקטאָרען האָבען אַוועקגעוואָרפען די חרפה אָן אַ זייט, און איינער האָט זיך געסטאַרעט איבערצויאָגען דעם צווייטען אין אָנגעבלאָזענע עפעקטען, אומגעלומפּערטע סצענעס, ניט=געשטויגענע און ניט=געפלויגענע סיטואַציעס. עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי אַלע האָבען פערלאָזען די בע-

סערע דראַמע, און זי וועט שוין מעהר קיינמאָל קיין קאָפּ ניט קאָנען אויפהויבען. „דאָס פינטעלע איד“, וואָס האָט איבערגעשטייגט אַלע שונד=פּיעסעס פון די לעצטע עטליכע יאָהר און וואָס איז אויפגעפיהרט געוואָרען אין דעם סעזאָן תר"ע, האָט געהאַט אַן ערפאָלג, וואָס איז שוין לאַנג ניט געווען אין די יודישע טעאַטערס.

דער תרע"א=סעזאָן איז שוין ניט געווען אַזאַ גראָטענער פאַר שונד. עס האָט אויסגעוויזען, אַזוי ווי דער מזל האָט זיך אָבגעקעהרט פון די נאַרישע פּיעסעס. און אויב פריהער זענען פערצווייפעלט געוואָרען די, וואָס האָבען זיך אינטערעסירט מיט דער בעסערער דראַמע, האָבען איצט די דירעקטאָרען אָנגעהויבען צו קלאָגען, אַז דער יודישער טעאַטער געהט אונטער, און זיי האָבען אָנגעהויבען צו זוכען מיטלען, ווי אַזוי צו דערלענגערן זייערע יאָהרען.

און דערפון האָט זיך גענומען, וואָס דאָס יאָהר תרע"ב האָט זיך אָנגעהויבען מיט גרויסע האָפנונגען אין דעם ניו=יאָרקער יודישען טעאַטער=וועלטיל. שוין מיט עטליכע חדשים פריהער איז געוואָרען בעקאַנט, אַז דער בעוואוסטער דייטשער שוישפּיעלער רודאָלף שילדקרויט, וואָס האָט צו יענער צייט גאַסטראָלירט אין דייטשען טעאַטער אין ניו=יאָרק, איז אַנגאַזשירט געוואָרען פאַר'ן גאַנצען סעזאָן תרע"ב אין פּיפּלס טעאַטער און וועט שפּיעלען יודישע פּיעסעס אין ריינעם יודיש. פּיפּלס טעאַטער — דאָס איז טייטש: פאָלקס=טעאַטער. אין משך פון אַלע יאָהרען, בשעת עס איז געגאַנגען אַ קאַמף פאַר דער בעסערער דראַמע, איז ער געשטאַנען אָן אַ זייט. אַ מאָל אין אַ שמיטה האָט מען דאָרטען אויך אויפגעפיהרט אַ בעסערע פּיעסע, נאָר דאָס איז געווען צופעליג. בדרך כלל האָט דער דאָזיגער טעאַטער שטענדיג געסטאַרעט זיך אויסצונעמען ביים המון, און נאָר ביים המון, און די פּיעסעס, וואָס זענען דאָרטען אויפגעפיהרט געוואָרען, האָבען ניט געהאַט קיין שום פּרעטענזיעס אויף דראַמאַטישער ליטעראַטור. דער פערשטאָרבענער גאָלדפאַדען האָט גערופען דעם דאָזיגען טעאַטער „מוזיק האַלע“, און דער שטערן פון דעם דאָזיגען טעאַטער ב. טאָמאַשעווסקי, וועלכער איז אויך דער הויפּט=דירעקטאָר, פלעגט אָפט מיט אַ געמאַכטען קול פון חוזק וויצלען זיך איבער די אינטעליגענטען פון „איסט=בראָדווייסקאַיאַ אוליצאַ“. דאָס האָט ער צוגעגעבען אַ רוסישע פאָרמע צו אַ ניו=יאָרקער גאַס, וואו מעהר ווי ערגיץ אַנדערש וואו אין די פערייניגטע שטאַטען האָט מען געקאָנט הערען רוסיש, און פערשטעהט זיך, אַז אויף רוסיש האָבען גערעדט יודישע אינטעליגענטען. און דער דאָזיגער שטערן און דירעקטאָר האָט אַנגאַזשירט ר. שילדקרויט פאַר'ן סעזאָן תרע"ב אין זיין טעאַטער.

וואָס פאַר אַ רושם דער נייעס האָט געמאַכט אין דעם יודישען טעאַטער=וועלטיל, קאָן מען זעהן דערפון, וואָס גלייך ווי דאָס איז בעקאַנט געוואָרען, האָט יעקב אַדלער געלאָזט וויסען, אַז ער אַנגאַזשירט פאַר זיין טהאַליאַ=טעאַטער דעם דייטשען שוישפּיעלער באָן. אַי וואָס, באָן וועט ניט קאָנען שפּיעלען אין קיין יודישע פּיעסעס? וועט ער שפּיעלען דייטשע פּיעסעס. שפּעטער האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז באָן איז גאָר קיין מציאה ניט פאַר דעם יודישען פּובליקום, און האָט חרטה געקריגען. מ. מינץ, וואָס איז געווען דירעקטאָר פון ליפּצין=טעאַטער, האָט זיך אויך געאײַלט

צו מאַכען עפּיס אַן איבעררַאשונג און האָט אַריבערגעבראַכט פֿון רוסלאַנד רחל קאַמינסקי, וועלכע האָט שוין פֿריהער געשפּיעלט אַ קאַרגען סעזאָן אין ניו־יאָרק. ד. קעסלער איז געווען דער איינציגער פֿון אַלע יודישע טעאַטער־דירעקטאָרען, וואָס האָט זיך ניט געלאָזען אויף אַזעלכע מיטלען. ער האָט געהאָפּט אויפ׳ן נייעם טעאַטער, וואָס ער האָט דעמאָלט געבויט, און האָט ריכטיג אויסגערעכענט, אַז דאָס אַליין איז גענוג צו פֿעראינטערעסירען די ניו־יאָרקער טעאַטער־בעזוכער. קעסלער־טעאַטער איז געווען אַ וויכטיגע געשעהעניש אין יודישען טעאַטער־וועלטיל. דאָס האָט געדאַרפט זיין דער גרעסטער יודישער טעאַטער, וואָס איז ספּעציעל געבויט געוואָרען פֿאַרן יודישען טעאַטער־פּובליקום.

ווי געזאָגט, האָט מען אומעטום געמאַכט גרויסע הכנות פֿאַרן סעזאָן תרע״ב, און מען דאַרף דערביי האָבען אין זינען, אַז אַדלער׳ס „טהאַליאַ־טעאַטער“, טאָמאַשעווסקי׳ס „פּיפּלס טעאַטער“, מונצ׳ס „ליפּצין טעאַטער“ און דאָס נייע „קעסלער־טעאַטער“ זענען כמעט אַלץ, וואָס די יודישע ביהנע פֿערמאָגט אין אַמעריקע. די פֿעראייניגטע שטאַטען פֿערמאָגען נאָך פיעל גרויסע שטעדט, וואָס האָבען אַ גרויסע יודישע בעפֿעלקערונג. אַזעלכע שטעדט זענען: שיקאַגאָ, פילאַדעלפיא, באָסטאָן, באַלטימאָר און אַז. וו. אַ מאָל האָבען זיי אייגענע שטענדיגע יודישע טעאַטערס, און אַ מאָל ניט. נאָר צי זיי האָבען אייגענע טעאַטערס צי ניט, זענען זיי אינגאַנצען אָבגעלעגט אויף דער ניו־יאָרקער ביהנע. אין די פֿריהערדיגע צייטען, ווען עס פלעגט זיך עפענען אַ טעאַטער פאַר דער יודישער דראַמע אין איינער פֿון די דערמאָנטע שטעדט, איז עס נאָך געווען מעהר אָדער וועניגער זעלבשטענדיג, דערהויפּט אין אַזעלכע שטעדט, וואָס זענען ווייט פֿון ניו־יאָרק. נאָר אין די לעצטע עטליכע יאָהר האָבען די קליינע טעאַטערלעך מיט זייערע קליינע אַקטיאָרלעך ניט געקאָנט אויסהאַלטען די קאָנקורענץ פֿון די ניו־יאָרקער דירעקטאָרען מיט זייערע טרופּעס, וועלכע זענען אַרומגעפאָהרען איבער דער פּראָווינץ. אויף אַזאַ אופֿן האָבען כמעט אומעטום אין אַלע גרויסע שטעדט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען און קאַנאַדא געשפּיעלט דיזעלביגע ניו־יאָרקער אַקטיאָרען, און מען האָט אויפֿגעפיהרט דיזעלביגע שטיקער, וואָס מען האָט געשפּיעלט אין די ניו־יאָרקער יודישע טעאַטערס. דערהויפּט האָט זיך דערמיט אויסגעצייכענט דער סעזאָן תרע״ב. אַ קליין טעאַטערל, וואָס האָט עטליכע יאָהר זיך געהאַלטען אין פילאַדעלפיא, האָט זיך געמוזט פֿערמאַכען און אָבטרייניגען דעם פּלאַץ פֿאַר די ניו־יאָרקער יודישע טרופּעס, וואָס זענען כסדר געקומען אַהין. דאָסזעלביגע איז געווען אין די אַנדערע גרויסע שטעדט. די השפּעה פֿון דער ניו־יאָרקער יודישער ביהנע האָט זיך פֿערשפּרייט אומעטום. און דעריבער איז כמעט ניט נויטיג צו רעדען וועגען די טעאַטערס אין די אַנדערע שטעדט. מיט ניו־יאָרק הויבען זיך אָן און מיט ניו־יאָרק לאָזען זיך אויס די יודישע טעאַטערס און די יודישע דראַמעס.

דער סעזאָן עפענט זיך געוועהנטליך סוף אַווגוסט, עטליכע וואָכען פֿאַר ראש השנה. דאָס איז אַ מין הקדמה צום סעזאָן. מען שפּיעלט נאָר דריי טעג אין וואָך, פרייטאָג, שבת און זונטאָג. היינט „קעסלער־טעאַטער“, האָבען זיך אַלע געעפענט אין דער געוועהנטליכער צייט. דער אויסנאַם איז געווען אַ נעצוואונגענער, וויל דער נייער טעאַטער איז ערשט פֿאַרטיג געוואָרען אַ פּאָר טעג פֿאַר ראש השנה.



„טהאַליאַ־טעאַטער“ האָט זיך געעפענט מיט יעקב גאָרדינס רעפּערטואַר־פּיעסעס: „אלישע בן אבויה“ (אויפֿגעפיהרט צום ערשטען מאָל אין יאָהר 1906), „דער מטורף“ (1905), „דער אידישער קעניג ליער“ (1892), „דער עץ הדעת“ (1894), „דער פרעמדער“ (1905). מען האָט אויך אויפֿגעפיהרט אָנהויב סעזאָן טאָלסטאָי׳ס „תחית המתים“ (1903) און ליבינ׳ס „גאָטס שטראָף“ (1910).

„ליפּצין טעאַטער“ האָט זיך אויך געעפענט מיט גאָרדינ׳ס רעפּערטואַר־פּיעסעס: „מירעלע אפרת“ (1896), „די יתומה“ (1904), „די שבועה“ (1900), „דער ממזר“ (1901), „דער אונבעקאַנטער“ (1904).

„קעסלער־טעאַטער“ האָט זיך אויך געעפענט מיט גאָרדינס רעפּערטואַר. נאָר אַזוי ווי דער חנוכת הבית איז אויסגעפאַלען שוין שפּעט אין סעפּטעמבער, זענען נאָר אויפֿגעפיהרט געוואָרען צוויי גאָרדינס רעפּערטואַר־פּיעסעס: „גאָט, מענש און טייוועל“ (1899) און „קרייצער־סאָנאַטע“ (1902).

דער מנהג אויפֿצועפענען דעם סעזאָן מיט רעפּערטואַר־שטיקער איז ניט קיין בלינדער. די דירעקטאָרען האָבען דערביי אַ טאָפּעלטען צוועק. ערשטענס, איז דאָס אַ שפּאָר אין דער הוצאה, היינטיגע צייטען צאָהלט מען פֿאַר נייע פּיעסעס גוטע געלד, און פֿאַר רעפּערטואַר־פּיעסעס צאָהלט מען די שרייבער אָדער גאָרנישט אָדער אַ חוזק. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַזאַ מין עקאָנאָמיע וואָלט ניט אָנגעגאַנגען, ווען דאָס זאָל זיך אָברופֿען אויף דער קאַסע. נאָר די ערשטע פּאָר וואָכען פֿון דעם סעזאָן איז דער עולם אויסגעהונגערט נאָך טעאַטער. דעם גאַנצען זומער זענען די טעאַטערס געשלאָסען, און דער פּובליקום קומט אָנהויב סעזאָן זעהן, וואָס מען זאָל ניט אויפֿפיהרען, בפרט ווען די אַלע אויסגערעכענטע רעפּערטואַר־פּיעסעס האָבען שטאַרק אויסגענומען ביי די טעאַטער־בעזוכער. צווייטענס, איז דאָס אַ מין חזיר־פּיסעל־כשר. די דירעקטאָרען ווילען דערמיט ווייזען, אַז זייער האַרץ איז גוט, זיי ווילען אַודאי אויפֿפיהרען בעסערע פּיעסעס, און אויב די נייע שטיקער וועלען זיין ביליגע, שונדיגע, וועט עס זיין די שולד פֿון דעם פּובליקום.

## „פּיפּלס־טעאַטער“.

פּיפּלס טעאַטער איז דאָס מאָל אָבגעטראָטען פֿון דעם מנהג, און מען האָט דאָרטען גלייך פֿון אָנהויב אָן אויפֿגעפיהרט אַ נייע שטיק „הייקעלע מזיק“, פֿון אברהם שאָמער, אַ זוהן פֿון דעם פֿערשטאָרבענעם שייקעוויטש (שמר*). די טעמע פֿון דער שטיק איז, אַז אַן אויסוואָרף קאָן ביי בעסערע אומשטאַנדען ווערען אַ בעסערער מענש. שילדקרויט האָט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע, און די שטיק האָט זיך געהאַלטען אויף דער ביהנע פיער וואָכען.

דערביי דאַרף מען בעמערקען, אַז אַ וואָך אויף דעם לשון פֿון די ניו־יאָרקער יודישע טעאַטערס הייסט ניט זיבען טעג; אַ וואָך הייסט פֿרייטאָג, שבת און זונטאָג. די הויפּט־הכנסה אין אַ יודישען טעאַטער קומט אַריין אין די דאָזיגע דריי טעג. אין די איבעריגע פיער טעג שפּיעלט מען אַלטע פּיעסעס. נאָר וועגען דעם וועט מיר אויסקומען צו מאַכען אַ בעמערקונג שפּעטער.

אויף סכות, ווען עס הויבט זיך אָן דער אמת׳ער סעזאָן,

* 1849—1906.

האָט דער דירעקטאָר און שטערן פֿון פּיפּלס־טעאַטער ב. טאָמאַשעווסקי איפֿגעפֿירט אַ מעלאָדראַמע די „נשמה פֿון מיין פֿאָלק“. די שטיק האָט צו טון מיט אַ משומד, וואָס קערט זיך אום צוריק צו יודען. בשעת מען האָט געשפּילט די דאָזיגע שטיק, האָט שילדקרויט געמוזט אָבטרעטען פֿון דער בינע. „די נשמה פֿון מיין פֿאָלק“ האָט אָבער ניט געהאַט דעם ערפֿאָלג, וואָס מען האָט געוואַרט, און אין צוויי וואָכען אַרום האָט טאָמאַשעווסקי געמאַכט פּלאַץ פֿאַר שילדקרויט׳ן, וועלכער האָט איפֿגעפֿירט דעם „נייעם הור“, איבערגעמאַכט פֿון „קעטען־גלידער“. די דאָזיגע פּיעסע איז בעאַרבייט געוואָרען פֿון אַ. שאָמער און האָט זיך לענגער ווי אַ וואָך צייט ניט געהאַלטען. דער טעאַטער האָט זיך צוריק געכאַפּט פֿאַר דער „נשמה פֿון מיין פֿאָלק“ און מען האָט זי געשפּיעלט נאָך אַ וואָך זעקס.

אין תוך האָט די גאַנצע צייט געהייסען, אַז ז. ליבין איז דער איינגעשטעלטער פֿערפֿאַסער פֿון פּיפּל׳ס טעאַטער פֿאַרן גאַנצען סעזאָן; נאָר ערשט ווען די „נשמה פֿון מיין פֿאָלק“ איז צום צווייטען מאָל אַרונטער פֿון דער בינע, האָט מען איפֿגעפֿירט זיין „געדאַנקען־לעזער“, אַ פֿאַנטאַסטישע דראַמע מיט אַ ראָלע פֿאַר שילדקרויט. דער אינהאַלט פֿונ׳ם שטיק איז, ווי אומגליקליך אַ מענש איז געוואָרען הוכדעם, וואָס ער האָט געקראָגען די פֿעהיגקייט צו קאָנען אַריינקוקען דעם צווייטען אין האַרצען. די שטיק האָט זיך געהאַלטען צוויי וואָכען.

די פֿערטע שטיק, וואָס מען האָט אָבגעזוכט פֿאַר שילדקרויט, איז געווען די „פֿערקויפֿטע נשמות“ פֿון געביל. די דאָזיגע פּיעסע איז איבערגעמאַכט פֿון פּאָטאַפּענקאָ׳ס אַ דראַמע אויף רוסיש. איך האָב פֿערגעסען, ווי אַזוי עס הייסט דער אָריגינאַל, נאָר עס איז איבערגעזעצט אין דייטש און געפֿינט זיך אין רעקלאַמ׳ס אויסגאַבע אונטער דעם נאָמען „אַלט און יונג“. די פּיעסע האָט זיך געהאַלטען צוויי וואָכען. דערביי איז נויטיג צו בעמערקען, אַז די דאָזיגע פּיעסע איז שוין מיט אַ יאָהר פֿריהער געשפּיעלט געוואָרען אין אַ קליין טעאַטערל פֿאַר ביליגע פּרייזען.

איצט איז ווידער שילדקרויט אָבגעטראָטען אָן אַ זייט, און ב. טאָמאַשעווסקי האָט איפֿגעפֿירט ז. ליבינ׳ס „בלינדע ליעבע“. די טעמע פֿון דער פּיעסע איז גענאַרטע ליעבע. די שטיק האָט זיך געהאַלטען זיבען וואָכען.

„דעם פּרעזידענטס טאָכטער“ פֿון געביל איז געקויפֿט געוואָרען פֿאַר שילדקרויט, נאָר ער האָט זיך אָבגעזאָגט צו שפּיעלען אין דער שטיק. די פּיעסע איז שוין געווען אַ געשפּיעלטע, מיט אַ יאָהר פֿריהער האָט מען זי איפֿגעפֿירט אין אַ קליינעם טעאַטערל. ווען שילדקרויט האָט זיך אָבגעזאָגט צו שפּיעלען אין דער דאָזיגער שטיק, האָט עס טאָמאַשעווסקי איפֿגעפֿירט. די פּיעסע האָט צו טון מיט צביעות; זי האָט זיך געהאַלטען צוויי וואָכען. אין דער צייט האָט דער טעאַטער געבראָכען דעם קאָנטראַקט מיט שילדקרויט, און ער האָט שוין מעהר ניט געשפּיעלט אין פּיפּלס טעאַטער.

די „רייזע נאָך אַמעריקא“ פֿון דר. שניצער, איפֿגעפֿירט פֿון ב. טאָמאַשעווסקי, איז געווען די לעצטע פּיעסע פֿון דעם סעזאָן אין פּיפּלס־טעאַטער און האָט זיך געהאַלטען צוויי וואָכען. די טעמע פֿון דעם שטיק איז אַ געמישטער שידוך.

פּיפּלס טעאַטער האָט זיך געשלאָסען גלייך נאָך פּסח, און דאָס איז געווען אפֿשר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פֿון יודישען טעאַטער פֿאַר די לעצטע פֿאַר צעהנדליג יאָהר, אַז אַ יודישער טעאַטער זאָל זיך פֿערמאַכען אַזוי פֿריה. געוועהנליך געדויערט דער סעזאָן ביז שבועות אָדער אַ צוויי וואָכען פֿאַר שבועות.

אַחוץ די דאָזיגע דערמאָנטע נייע פּיעסעס, האָט שילדקרויט אין מיטען סעזאָן אין אַ וואָכעדיגען טאָג אויך איפֿגעפֿירט צו זיין בענעפֿיס אַ פּיעסע „ברוך דיין האמת“. דאָס איז געווען אַן איבערזעצונג פֿון „רוימולוס“. מעהר ווי איין מאָל איז עס ניט געשפּיעלט געוואָרען.

## „טהאַליאַ טעאַטער“.

יעקב אַדלער האָט זיך געקליבען איפֿצופֿיהרען די קלאַסישע גריכישע טראַגעדיע „עדיפּוס“ אַלס די ערשטע פּיעסע, נאָר נאָך עטליכע פּראָבעס האָט ער חרטה געהאַט, און מען האָט איפֿגעפֿירט אַ שטיק מיט׳ן נאָמען „סאָלימאָ“ אָדער „די יודען אין קאַווקאַז“ פֿון מאַרקאַוויטש. די דאָזיגע פּיעסע איז שוין פֿריהער געשפּיעלט געוואָרען אין אַ יודישען טעאַטער אין לאָנדאָן און האָט זיך דאָ געהאַלטען אַ פּאָר וואָכען.

אויף סכות האָט מען אין „טהאַליאַ טעאַטער“ איפֿגעפֿירט „שיר השירים“ פֿון אַנשעל שאָר. דער סיוזשעט איז גענומען פֿון מאַקס דרייערס „די זיבעצעהניעהריגע“. די שטיק האָט זיך געהאַלטען אַ פּאָר וואָכען.

דער „לעבעדיגער מת“ פֿון ל. טאָלסטאָי, איבערזעצט פֿון ל. קאָברין, איז וואַרים איפֿגענומען געוואָרען פֿון דעם יודישען פּובליקום און האָט זיך געהאַלטען זעקס וואָכען.

„ווייבער“ פֿון אַנשעל שאָר, איבערגעמאַכט פֿון אָנע׳ס דראַמע „געוועהרמייסטער“ האָט זיך געהאַלטען צוויי וואָכען.

„דער וואַלד“ פֿון געשאָוו איז איבערגעמאַכט געוואָרען פֿון שפּאַזינסקי׳ס „טשאַראָדייקאַ“ און האָט זיך געהאַלטען קוים אַ וואָך צייט.

אין די „שונאים“ פֿון ל. קאָברין בלאָנקעט אַרום דער גייסט פֿון פּאָטאַפּענקאָ׳ס „אַלט און יונג“, דאָ זעהט מען אויך דעם אַלטען פֿאָטער, וואָס לעבט מיט אידעאַלען, און די קינדער, וואָס זענען גרייט צו פֿערקויפֿען אַלץ פֿאַר געלד, נאָר די בילדער און די האַנדלונג, די אַטמאָספֿערע זענען גאָר אַנדערע. די פּיעסע האָט זיך געהאַלטען זיבען—אַכט וואָכען.

„בּאָרג מיר דיין ווייב“ פֿון אַנשעל שאָר, איבערגעמאַכט פֿון גענעט׳ס „פֿאַמיליען־פֿאָטער“, איז געגאַנגען צוויי וואָכען.

אַ וואָך פֿאַר פּסח איז איפֿגעפֿירט געוואָרען „דער סוד“ פֿון א. שאָמער, נאָר לענגער ווי אַ וואָך איז די פּיעסע ניט געגאַנגען, און אויף פּסח האָט אַדלער געשפּיעלט רעפּערטואַר־שטיקער. דאָס איז אויך איינע פֿון די זעלטענע פּאַסירונגען אין יודישען טעאַטער.

ווען מען זאָל מאַכען אַ חשבון, וועט אויסקומען, אַז עס פֿעהלען צום סעזאָן פֿיעל וואָכען. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל ווען פּיעסעס האָבען כרת ימים, מוז מען שטעלען אַלטע פּיעסעס אויף פֿרייטאָג, שבת און זונטאָג, אידער מען בעוויזט צו מאַכען אַלע הכנות, וואָס זענען נויטיג איפֿצופֿיהרען אַ נייע שטיק.

בכלל איז דער סעזאָן אין „טהאַליאַ־טעאַטער“ אויך געווען

גאָר ניט קיין פֿיגעלדינער, און גלייך נאָך פּסח האָט די דירעקציע אָנגעהויבן צו פֿערדינגען דעם טעאַטער צו שוואַרץ־קינסטלער וכדומה.

## „ליפּצין טעאַטער".

נאָכדעם ווי דער סעזאָן האָט זיך די ערשטע צוויי וואָכען געעפֿענט מיט די עטליכע גאָרדינס פּיעסעס, וואָס איך האָב אויבען איבערגערעכענט און וואָס געהערען צו פֿרוי ליפּצינ'ס רעפּערטואַר, איז אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען „טרייע ליעבע" פֿון מ. זייפֿערט. דער סוזשעט פֿון דער פּיעסע איז גענומען פֿון טאַמעס האַרדי'ס „טעס אָוו ד'אָבערווילס", און דער נאָמען זאָגט שוין, וואָס די טעמע פֿון דער שטיק איז. די דאָזיגע פּיעסע איז שוין אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין דעם יאָהר 1898 און האָט זיך דעמאָלט געהאַלטען זעהר אַ קורצע צייט. איצט איז זי געגאַנגען אַכט וואָכען.

רחל קאַמינסקי, וואָס איז געווען אַנגאַזשירט אין „ליפּצין־טעאַטער", איז דערווייל אַרומגעפאָהרען איבער דער פּראָווינץ, און ווען די „טרייע ליעבע" האָט אויפֿגעהערט צו געהן, איז זי אַריבערגעקומען אין ניו־יאָרק און איז דאָ אויפֿגעטראָטען אין ליפּצינ'ס רעפּערטואַר־פּיעסעס. זי האָט געשפּיעלט אין דער „שחיטה", „ווילדע" פֿון ז. ליבין (1904), „יתומה", „מירעלע אפֿרת" און „מעדעאַ" (1895).

דער „אייזערנער מאַן" פֿון משה ריכטער האָט זיך געהאַלטען איין וואָך. טעמע — אייפֿערזוכט.

די „עגונה" פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי האָט צו טון מיט אַ שם רע אויף אַן אָרענטליכער פֿרוי. געהאַלטען זיך פֿיער וואָכען.

„ליעבע אָדער רייכטום" פֿון ג. זאַקין האָט צו טון מיט אייפֿגעקומענע עשירות. די דאָזיגע פּיעסע איז אין 1906 אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין אַן אַנדער טעאַטער אונטער'ן נאָמען די „ירושה". געהאַלטען זיך פֿיער וואָכען.

„זיין ווייב" פֿון ל. קאָברין איז שוין מיט אַ יאָהר צעהן צוריק אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין אַן אַנדער טעאַטער.

„איהר ערשטע קינד" פֿון ז. קאָרנבליט איז געווען די לעצטע שטיק פֿון דעם סעזאָן אין ליפּצין־טעאַטער, וואָס האָט זיך געשלאָסען אין מיטען פּסח מיט אַ טראַגעדיע. דער דירעקטאָר פֿון דעם טעאַטער, מיכאל מינץ, האָט זיך געשאָסען נאָך אַ פֿאָרשטעלונג אויף דער ביהנע.

מ. מינץ איז אַלט געווען 49 יאָהר, געבאָרען אין בּרעסט ליטאָווסק, גראָדנער גוב. ער האָט אין רוסלאַנד אַ קורצע צייט בעזוכט דעם יודישען לעהרער־אינסטיטוט און נאָכדעם געפֿאָהרען מיט די ביל"ו קיין ארץ ישראל, וואו ער איז לאַנג ניט פֿערבליבען. אין אַמעריקע איז ער געווען דרייסיג יאָהר. ער האָט אַרויסגעגעבען די וועכענטליכע צייטונג „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט" און נאָכדעם דעם טעגליכען „העראָלד". מיט אַ יאָהר זעקס פֿאַר זיין טויט האָט ער די צייטונגען פֿערקויפֿט און האָט זיך גענומען צום טעאַטער. אַ פּאָר יאָהר איז ער געווען „איינער פֿון די דירעקטאָרען פֿון „טהאַליאַ־טעאַטער" און „ווינדזאָר־טעאַטער" און דריי יאָהר פֿאַר זיין טויט האָט ער איבערגענומען אַ קלענערן טעאַטער און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „ליפּצין־טעאַטער", לכבוד זיין ווייב, וואָס האָט געהייסען ליפּצין, איידער זי האָט מיט איהם חתונה געהאַט.

## „קעסלער־טעאַטער".

די ערשטע נייע שטיק אין „קעסלער־טעאַטער" איז געווען דער „לאַנדסמאַן" פֿון שלום אַש. דאָס איז אַ קאָמעדיע פֿון אַן אויפֿגעקומענעם פּראָסטען שניידער, וואָס האָט געוואָלט קריכען אין די הויכע פֿענסטער. די פּיעסע האָט זיך ניט געהאַלטען קיין וואָך צייט.

אויף סכּות איז אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען די „הערשענדע שקלאַפֿען" פֿון דזשייקאָב דזשיקאָבסאָן. דער פֿערפֿאַסער האָט, משמעות, געמיינט אויסצודריקען, אַז די פֿערשקלאַפֿטע ווייבער הערשען איבער די מענער. די פּיעסע האָט זיך געהאַלטען אַכט וואָכען. דאָס איז געווען די ערשטע פּרובּע פֿון דעם שרייבערס פֿעדער. אַזוי האָט מען איהם קיינמאָל פֿריהער ניט בעגעגענט ניט אין ליטעראַטור און ניט אין דראַמע. ער איז אַן אַרבּייטער ביים שניידער־פֿאַך.

„אַלמאַ, וואו וואָהנסטו?" פֿון אַדאָלף פֿיליפּ איז איבערזעצט געוואָרען פֿאַר קעסלער־טעאַטער פֿון ה' מ. גאַסטווירט און האָט זיך געהאַלטען דריי וואָכען.

„יעדע פֿרוי" פֿון וואָלטער בראַון איז נאָך דעם שניט פֿון די אַמאָליגע מאָראַליטעטען, וואו די פּערזאָנען האָבען ניט קיין אינדיווידועלע נעמען, נאָר אַלגעמיינע, ווי „שענקייט", „יוגענד" וכדומה. די פּיעסע האָט צו טון מיט די נסיונות, וואָס אַ פֿרוי האָט אויסצושטעהן אין לעבען. זי איז איבערגעזעצט געוואָרען פֿון ענגליש פֿון ה' גאַסטווירט און האָט זיך געהאַלטען צוועלף וואָכען, ביז פּורים. און אַזוי ווי די צייט צווישען פּורים און פּסח איז ניט קיין געהויבענע פֿאַר נייע פּיעסעס, האָט דער טעאַטער אַריינגענומען אויף די פֿיער וואָכען מ. מאָריסאָן, און ער איז אויפֿגעטראָטען אין די קלאַסישע שטיקער פֿון זיין רעפּערטואַר: „קין", „אָטעלאָ", „קעניג ליר", „האַמלעט" און די „רויבער". מאָריסאָן שפּיעלט זיינע ראָלעס אין דייטש און די אַנדערע אַקטיאָרען, וואָס ערשיינען צוזאַמען מיט איהם, רעדען האַלב דייטש, האַלב יודיש.

„אויף דער עלטער" פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי איז געווען די פּסח־פּיעסע. די טעמע פֿון דעם שטיק איז פֿון „קעניג ליר". די פּיעסע האָט זיך געהאַלטען עטליכע וואָכען.

„קעסלער־טעאַטער" איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט ניט בלויז אויסגעהאַלטען דעם גאַנצען פֿולען סעזאָן, נאָר האָט איהם נאָך פֿערצייגען פֿיעל לענגער ווי געוועהנליך. גאָר צום סוף האָט דער טעאַטער אַנגאַזשירט פֿרוי פּראַגער פֿאַר גאָלדפֿאַדענ'ס אָפּערעטען, שילדקרויט האָט געגעבען עטליכע פֿאָרשטעלונגען, און גאָר צום לעצטען איז אויפֿגעטראָטען פֿרוי קאַליש אין גאָרדינ'ס „קרייצער־סאָנאַטע" און „וואַרהייט" (1904).

פֿרוי קאַליש איז געווען איינע פֿון די שטערען אויף דער יודישער ביהנע. זי איז מיט אַ יאָהר צעהן צוריק אַוועק אויף דער אַמעריקאַנער ביהנע און פֿאַר דער צייט האָט זי זיך נאָר אַ פּאָר מאָל געוויזען אין יודישען טעאַטער. זי האָט געשפּיעלט פֿינף מאָל אין קעסלער־טעאַטער און האָט דאָ געשלאָסען דעם סעזאָן.

אין מיטען זומער האָבען די ניו־יאָרקער שרייבער אויפֿגעפֿיהרט פּינסקי'ס „אוצר" אין קעסלער־טעאַטער. ר. שילדקרויט האָט געשפּיעלט אין דעם שטיק. דער „אוצר" איז געגאַנגען איין מאָל.

אַחוץ די פֿיער אויסגערעכֿנטע טעאַטערס, איז פֿאַרהאַן נאָך איינער, וואָס קריטיקער האָבען זיך מיט איהם קיינמאָל ניט גערעכֿענט, און דאָס איז דער „דריטער סטריט-טעאַטער". די סיבה דערפֿון איז, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין בעשטימטען פנים, און וואָס דאָרטען האָבען קיינמאָל ניט געשיינט קיין אמת'ע שטערען. עס בעמערקט זיך אָבער דאָרטען אַ שטרעבונג צו ווערען גלייך מיט די אַנדערע טעאַטערס.

דעם 17-טען נאָוועמבער האָט זיך אין ברוקלין געעפֿענט אַ יודישער טעאַטער „נאָוועלטי" אונטער דער דירעקציע פֿון נאַטהען מינץ, אַ ברודער פֿון מיכאל מינץ. ברוקלין איז אָבגעטיילט פֿון ניו-יאָרק דורך אַ טייך און פֿעראייניגט דורך בריקען. דער טעאַטער „נאָוועלטי" איז ביים סאַמע שוועל פֿון ניו-יאָרק, און מען קאָן עס אַריינרעכֿענען צווישען די ניו-יאָרקער טעאַטערס.

„נאָוועלטי"-טעאַטער איז געעפֿענט געוואָרען גאָר אויף אַן אַנדער באַזיס, ווי די אַנדערע. דער דאָזיגער טעאַטער האָט ניט אויפֿגעפֿיהרט קיין נייע פיעסעס און האָט ניט אָנגעשטעלט קיין אַקטיאָרען. דאָרטען האָט מען נאָר געשפיעלט אַלטע פיעסעס אָדער אַזעלכֿע, וואָס זענען דעמזעלביגען סעזאָן אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין די ניו-יאָרקער טעאַטערס. געשפיעלט האָבען דיזעלביגע טרופעס, וואָס אין ניו-יאָרק. געעפֿענט דעם טעאַטער האָט פֿרוי ליפצין מיט איהר טרופע, מיט איהרע רעפערטואַר-פיעסעס: „מירעלע אפרת", די „שחיטה", די „יתומה" און אויך „אמת'ע ליעבע" פֿון זאָלאָטאַרעווסקי, וואָס איז צוערשט געשפיעלט געוואָרען אין ליפצין-טעאַטער. נאָך איהר איז געקומען אַדלער'ס טרופע פֿון „טהאַליאַ-טעאַטער" און האָט געשפיעלט די פיעסעס, וואָס זענען דעם סעזאָן אָדער פֿאָריגען סעזאָן געגאַנגען אין „טהאַליאַ-טעאַטער". די דאָזיגע טרופע האָט געשפיעלט „שיר השירים", „מיידעל פֿון דער וועסט", „דאָס לעבען פֿון אַ פֿרוי". דערנאָך איז ווידער אויפֿגעטראָטען פֿרוי ליפצין אין דעם „ממזר", „ווייסע שקלאַפֿען" פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי (1910), „יתומה". אין דער צייט איז י. אַדלער אַריין אַלס שותף אין „נאָוועלטי-טעאַטער", און פֿון דעמאָלט אָן האָט דאָרטען דאָס רובֿ געשפיעלט אַדלער'ס טרופע און מען האָט אויפֿגעפֿיהרט אָדער דיזעלביגע שטיקער, וואָס זענען געגאַנגען אין „טהאַליאַ-טעאַטער", אָדער די אַלטע שטיקער, וואָס אַדלער האָט אין זיין רעפערטואַר. „נאָוועלטי" האָט אויך געמאַכֿט נאָך אַן איפטו, דהיינו, עס האָט אַרונטערגעלאָזט די פרייזען פֿון בילעטען. געוועהנליך איז דער פרייז פֿון דעם ביליגסטען זיץ-פלאַץ אויף דער גאַלעריי פינף און צוואַנציג סענט, אין „נאָוועלטי" איז דער ביליגסטער פלאַץ געוועזען צעהן סענט.

איך האָב שוין אויבען געזאָגט, אַז אַ וואָך אויף דעם לשון פֿון די יודישע טעאַטערס אין ניו-יאָרק איז פֿרייטאָג, שבת און זונטאָג. אין די דאָזיגע דריי טעג שפיעלט מען פֿינף מאָל, פרייטאָג איין מאָל, שבת און זונטאָג צו צוויי מאָל, און נאָר אין די טעג פיהרט מען אויף נייע פיעסעס.

וואָס טוט מען אין די אַנדערע וואָכֿעדיגע אָבֿענדען?

פֿון סוכות אָן ביז'ן סוף סעזאָן שפיעלט מען אין די יודישע טעאַטערס כסדר יעדען אָבֿענד. אָבער אין די וואָכֿעדיגע אָבֿענדען וואָלט אויסגעקומען צו שפיעלען פֿאַר ליידיגע הייזער, ווייל דער דורכֿשניטליכֿער יוד איז צו פֿערנומען אין געשעפֿט אָדער צו אויסגעמאַטערט פֿון אַ טאָג אַרבייט, בכדי צו געהן אין



טעאַטער. די דירעקטאָרען פֿערקויפֿען דעריבער די דאָזיגע אָבֿענדען צו חבֿרות פֿאַר אַ שפאָט-פרייז, און די לעצטע געפֿינען דערין אַ קוואַל פֿון הכנסה, און זיי גיט זיך איין אויסצופֿערקויפֿען די בילעטען אויף די ריכֿטיגע פרייזען. אַ גרויסע חבֿרה קאָן עס גרינג דערוויזען, ווייל זי וואַרפֿט אָן די בילעטען אויף איהרע מיטגלידער.

אַזוי ווי אַ טעאַטער רעכֿענט, אַז עס קריגט ניט די פֿולע הכנסה פֿון אַ וואָכֿעדיגען אָבֿענד, איילט עס זיך ניט צו געבען צו די חבֿרות אַזעלכֿע פיעסעס, וואָס זענען מעהר אָדער וועניגער אַ גאַנגבאַרע סחורה און קאָנען צוציהען אַן עולם טעאַטער-בעזוכֿער, און שטופט געוועהנליך אַריין אָבגעלעבטע פיעסעס. אויך שפיעלען ניט דאָס רובֿ אין אַזעלכֿע אָבֿענדען די שטערען פֿון דער יודישער ביהנע, און זייער פלאַץ פֿערנעמען קלענערע אַקטיאָרען. פֿריהער פֿלעגען אויספֿערקויפֿט ווערען כמעט אַלע וואָכֿעדיגע אָבֿענדען צו חבֿרות, פֿעראיינען און אַקטיאָרען. יעדער, וואָס האָט עפיס אַן עסק ביי אַ טעאַטער, פֿון דעם טיר-שטעהער ביז דעם שטערן אויף דער ביהנע, האָט אין משך פֿון'ם סעזאָן אַ בענעפֿיס, וואָס איז געוועהנליך אין מיטען וואָך. נאָר די לעצטע צייט בלייבען פֿיעל אָבֿענדען פֿאַר'ן טעאַטער גופא, און דעמאָלט פֿיהרט מען דוקא אויף אַזעלכֿע פיעסעס, וואָס האָבען אַ היבשע צאָהל בעזוכֿער.

איך שטעל זיך אָב דערויף לענגער און קוועטש שטאַרקער די טראָפ אויף די ווערטער, ווייל דער דאָזיגער אַרטיקעל, וואָס איך שרייב איצט, האָט מעהר אַ ביבליאָגראַפֿישען כאַראַקטער, און דער צוקונפֿטיגער היסטאָריקער וועט דאַרפֿען זיין זעהר זעהר פֿאָרזיכֿטיג, ווען ער וועט ווילען מאַכֿען אויספֿיהרונגען פֿון דעם מאַטעריאַל, וואָס דאָ איז אָנגעגעבען.

עס איז אוממעגליך אויסצורעכֿענען אַלע אַלטע פיעסעס, וואָס זענען געשפיעלט געוואָרען אין מיטען וואָך אין דעם משך פֿון דעם יאָהר תרע"ב. אין איין טעאַטער, למשל, האָט דער דירעקטאָר פֿערברענט אַלע ביכֿער, וואָס האָבען געקאָנט וואַרפֿען אַ ליכֿט אויף דער פֿראַגע. אין אַ צווייטען טעאַטער זענען די ביכֿער פערפאַקט מיט אַלערליי אַלטוואַרג, און עס איז אוממעגליך צו זיי צוצוקומען. עס איז דעריבער אוממעגליך צו געבען אַ גענויעם בעריכֿט, און איך וועל זיך בעגנוגען מיט אַ קליינעם צעטיל.

פֿון די אַלטע פיעסעס, וואָס זענען געשפיעלט געוואָרען אין מיטען וואָך מעהרערע מאָל אין דעם תרע"ב-סעזאָן אין קעסלער-טעאַטער, זענען געוועזען די דאָזיגע:

„יום החופה" פֿון י. ליטיינער (1910),
„מיין ווייבס מאַן" פֿון ה' מייזעל (1910),
„בר כוכבא" פֿון א. גאָלדפֿאַדען*,
„שילמית" פֿון א. גאָלדפֿאַדען*,
„יודען אין רומעניען" פֿון י. ליטיינער, איבערגעמאַכֿט פֿון מ. נאָרדוי'ס „דר. קאָהן" (1904).
„די אַל רייטניקעס" פֿון א. שאָמער (1909),
„טייבעלע" פֿון משה ריכֿטער,

* פערפאַסט אין די 70-גער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרה.

„אַ אידיש קינד“ פֿון נ. מ. שייקעוויטש (1905).

אין „פּיפּלס־טעאַטער“ זענען געשפּיעלט געוואָרען מעהרערע מאָל אין די וואָכֿעדיגע אָבֿענדען:

„אַ מענש זאָל מען זיין“ פֿון אַנשעל און משה שאָר (1908),

„די גאָלדענע חתונה“ פֿון י. ליטיינער (1904),

„דאָרפֿס מיידעל“ פֿון ראַקאָוו (1910),

„בליהמעלע“ פֿון י. ליטיינער (1894),

„טאַטע מאַמעס צרות“ פֿון מ. געביל (1904),

„קעניג ליר“,

„שיילאָק“, געשפּיעלט פֿון שילדקרויט,

„ישיבֿה־בחור“, פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי (1895).

אין „טהאַליא־טעאַטער“ זענען דאָס רובֿ געשפּיעלט געוואָרען אין מיטען וואָך יעקבֿ גאָרדינ'ס רעפּערטואַר־שטיקער, צווישען וועלכֿע עס קומען אַריין:

„אלישע בן אבֿויה“,

„ווילדער מענש“,

„שלמה חכֿם“,

„מירקע“,

„קעניג ליר“,

„פֿרעמדער“,

„ברידער לוריא“ (1895),

„אָהן אַ היים“ (1905),

„מינא“ פֿון קאָברין און גאָרדין (1898),

„שיילאָק“, פֿון שעקספּיר, איבערזעצט פֿון באָוושאָווער,

„געבראָכֿענע הערצער“ פֿון ז. ליבין (1904),

„גאָטס שטראָף“, פֿון ז. ליבין (1910),

„ישיבֿה בחור“ פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי,

„שולמית“ פֿון א. גאָלדפֿאַדען,

„צוויי קוני לעמילס“ פֿון א. גאָלדפֿאַדען *,

„בר כוכבֿא“ פֿון א. גאָלדפֿאַדען,

„בעל תפֿילה“ פֿון אַבראַמסאָן (1910),

„ווייבער“ פֿון א. שאָר,

„דאָס לעבען פֿון אַ פֿרוי“ פֿון א. שאָר,

„שיר השירים“ פֿון א. שאר,

„באָרג מיר דיין ווייב“ פֿון א. שאָר,

אין „ליפּצין־טעאַטער“ זענען אין מיטען וואָך דאָס רובֿ געשפּיעלט געוואָרען די דאָזיגע פּיעסעס:

„איהר פֿערגאַנגענהייט“ פֿון ז. ליבין (1906),

„מאַכֿט פֿון ליעבע“ פֿון ל. קאָברין (1908),

„טייבעלע“ פֿון מ. ריכֿטער (1900),

„ראָזע בערנדט“ פֿון ג. הויפּטמאַן, איבערזעצט פֿון י. גאָרדין.

„אוריאל אַקאָסטאַ“ פֿון גוצקאָוו,

„קאָרטען“ פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי (1911),

„מירעלע אפֿרת“ פֿון י. גאָרדין

„שחיטה“ „ „ „

„שבֿועה“ „ „ „

* זעה פריהערדיגע אנמערקונג.

„יתומה“ „ „ „

„אונבעקאַנטער“ „ „ „

„אויף דיא בערג“ „ „ „

„ממזר“ פֿון וויקטאָר הוגאָ, איבערזעצט פֿון י. גאָרדין.

פֿון די אַלע אויסגערעכֿענטע פּיעסעס, וואָס זענען געשפּיעלט געוואָרען אין תרע"בֿ אין דער וואָכֿען, זענען נאָר עטליכֿע טיפּיש וואָכֿעדיגע. עס איז דערביי נויטיג צו בעמערקען, אַז אין דעם תרע"בֿ־סעזאָן האָבען דער רובֿ טעאַטערס געהאַט זעהר וועניג אָבֿענדען פֿערקויפֿט צו חבֿרות און פֿעראיינען, און מען האָט געדאַרפֿט שפּיעלען פֿאַר דער אייגענער קאַסע. אויף אַזאַ אופֿן האָט מען אָפֿט געמוזט שטעלען דיזעלביגע שטיקער, וואָס מען שפּיעלט בשעת הדחק פֿרייטאָג, שבת און זונטאָג, ווי אויך די נייע שטיקער פֿון דעם סעזאָן. אַ בעסערן און ריכֿטיגערן מושג פֿון די וואָכֿעדיגע רעפּערטואַר־שטיקער וועלען מיר האָבען, ווען מיר וועלען נעמען די פּיעסעס, וואָס זענען געשפּיעלט געוואָרען אין דעם יאָהר תרע"בֿ אויסער ניו־יאָרק. אַלס ביישפּיעל וויל איך נעמען דעם רעפּערטואַר פֿון דער קאָמפּאַניע, וואָס האָט געשפּיעלט אונטער דער פֿיהרונג פֿון א. ראָטשטיין.

„מיין ווייבס פֿריינד“ פֿון י. ליטיינער (1903),

„דיא ערשטע ליעבע“ פֿון א. שאר (1910),

„אייזערנער מאַן“ פֿון מ. ריכֿטער (1911),

„ליטווישע ברידער לוריא“ פֿון י. גאָרדין,

„אוריאל אַקאָסטע“ פֿון גוצקאָוו,

„שיילאָק“ פֿון וו. שעקספּיר,

„ביערי טרעמפּ“ פֿון רודאָלף מאַקס (1893),

„ישיבֿה בחור“ פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי,

„מענדעלע מאַרטירער“ פֿון מ. ריכֿטער (1906),

„הודי'ס פֿידעלע“ פֿון י. לאַטיינער (1897),

„שולמית“ פֿון א. גאָלדפֿאַדען,

„בר כוכבֿא“ „ „

„קוני לעמיל“ „ „

„חורבן ירושלים“ פֿון מ. האָראָוויטש (1890),

„טיסאַ עסלאַר“ פֿון מ. האָראָוויטש (די עלטסטע אין דעם יודישען אַמעריקאַנער רעפּערטואַר),

„גאָט מענש און טייפֿעל“ פֿון י. גאָרדין,

„קרייצער סאָנאַטע“ פֿון י. גאָרדין,

„ערשטער מאַי“ פֿון ז. ליבין (1904),

„אַלעקסאַנדער“ פֿון י. לאַטיינער (1895),

„דאָס צווייטע ווייב“ פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי (1908),

„די נקמה פֿון אַ פֿרוי“ פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי (1907),

„תחית המתים“ פֿון ל. טאָלסטאָי,

„פֿערבלאָנזשעטע נשמה“ פֿון י. לאַטיינער (1891),

„איד אין רומעניען“ פֿון י. לאַטיינער (1903),

„אַ מענש זאָל מען זיין“ פֿון אַנשעל און משה שאָר.

„דיא אלמנה“ פֿון אַנשעל און משה שאָר (1908),

„דאָס פּינטעלע איד“ (1910),

„משוגע אויס ליעבע“ פֿון וואָזעלינסקי (איינע פֿון די עלטסטע אין יודיש־אַמעריקאַנישען רעפּערטואַר),

„רחל און לאה“ פֿון יאַקאָבֿי (אויך איינע פֿון די עלטסטע אין יודיש־אַמעריקאַנישען רעפּערטואַר),

„זשידאָווקאַ“.

אַחוץ די דאָזיגע אַלטע פּיעסעס האָט א. ראָטהשטיין אויך אויפֿגעפֿיהרט אין דעם תּרע״ב־סעזאָן צוויי נייע פּיעסעס אויף דער פּראָווינץ:

„די טרערען פֿון אַ טאַטען“ פֿון מ. ריכֿטער. די טעמא איז, ווי אַ חבֿרה־מאַן קומט פֿון אַמעריקע אין גאַליציען, ניט זיך אַרויס פֿאַר אַ רייכֿען מאַן, האָט חתונה מיט׳ן חזנ׳ס טאָכֿטער, פֿיהרט זי אַוועק קיין ניו־יאָרק און פֿערקויפֿט זי אין אַ שאַנדהויז.

„געלד, ליעבע און שאַנדע“ פֿון י. זאָלאָטאַרעווסקי. דאָ רעדט זיך וועגען אַ דיענסטמוידעל, וואָס איז פֿערפֿיהרט געוואָרען פֿון דעם בעל־הבית׳ס זוהן און איז געוואָרען אַ גאַסען־פֿרוי. מיט פֿיעל יאָהרען שפּעטער אַרעסטירט מען זי און מען ברענגט זי אין געריכֿט, און דער ריכֿטער, ווייזט זיך אַרויס, איז איהר פֿערפֿיהרער.

בכֿלל איז דער יאָהר תּרע״ב ניט געווען קיין געהויבענער ניט פֿאַר דער יודישער בּיהנע און ניט פֿאַר דער קאַסע פֿון די דירעקטאָרען.

איך וויל דאָ מוסר מודעה זיין, אַז ניט די שרייבער געדענקען דעם ריכֿטיגען דאַטום, ווען זיי האָבען אָנגעשריבען זייערע פּיעסעס, און ניט די דירעקטאָרען געדענקען, ווען זיי האָבען אויפֿגעפֿיהרט די פּיעסעס, און דעריבער איז זעהר מעגליך, אַז די אָדער יענע פּיעסעס זענען אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען מיט אַ יאָהר פֿריהער אָדער מיט אַ יאָהר שפּעטער, ווי דאָ איז אָנגעגעבען. דער אונטערשייד אָבער איז זעהר אַ קליינער.

ד״ר חיים דוב הורוויץ.

# אונזער ערשטע טעגליכֿע צייטונג.

(צו דער צעהן־יאָהריגער געשיכטע פֿונ׳ם „פֿריינד“).

## I דאָס שפּיגעל פֿונ׳ם לעבען.

אויב אַ צייטונג איז אַ שפּיגעל פֿונ׳ם געזעלשאַפֿטליכֿען לעבען, איז זי—אַ פֿאַלש שפּיגעל. כֿרעד שוין נישט פֿון דער אַזוי גערופֿענער „געלער פּרעסע“: זי איז אַ בּיליגער קאַליידאָסקאָפּ, וואו מען קאָן זעהן, פֿאַר עטליכֿע קאָפּיקעס אַ טאָג, די וואונדערליכֿסטע און רייצענדסטע פֿיגורען און בּילדער, קונציג צונויפֿגעשטעלט פֿון פּיצלעך אינטערעסאַנטע פֿאַקטען, בּרעקלעך סענסאַציעס, פֿון אמת און ליגענס, און די דאָזיגע פֿיגורען בּייטען זיך מיט אַן אומגעהייערער געשווינדקייט פֿון טאָג צו טאָג, בּלענדען און בּעצויבערן דאָס אויג, גיבען אָבער נישט קיין שום בּילד פֿונ׳ם לעבען, אין היסטאָרישען פּשט פֿונ׳ם וואָרט. אַן ערנסטע און ערהליכֿע צייטונג, ווי די, וואָס דיענט געטריי דער אָדער יענער פּאַרטיי, אָדער האָט, על כּל פּנים, אַ בּעשטימטע ריכֿטונג, אַ בּעשטימטע פּראָגראַם, קלייבּט שוין אויס בּלויז געוויסע פֿאַקטען פֿונ׳ם לעבען, בּעלויכֿט זיי פֿון איהר שטאַנדפּונקט, לויט איהרע פּרינציפּען, אַלזאָ, גיט זי אונז אַן איינזייטיג, און ממילא שוין אויך נישט קיין ריכֿטיג בּילד פֿון דער לעבעדיגער ווירקליכֿקייט מיט איהר גאַנצער רייכֿקייט און פֿיעלזייטיגקייט.

אַ צייטונג, אפֿילו די בּעסטע, האָט, אויב איהר ווילט, גאָר קיין געשיכֿטע נישט. זי געהערט אָן אינגאַנצען דעם טאָג און שטאַרבּט אָב מיט׳ן טאָג צוזאַמען. הונדערטער צייטונגען ווערען געבּוירען און פֿערשווינדען פֿון דער וועלט, און קיינער קוקט זיך אויף זיי נישט אום, שרייבּט נישט זייער געשיכֿטע. אפֿילו בּיי אונזערע יודען אין רוסלאַנד האָבען געלעבּט און זענען אָבּגעשטאָרבּען אַ היבש בּיסעל צייטונגען, וואָס זענען זיך אומבּעמערקט אַוועק פֿון דער וועלט. און ווען איך פּרוב מיך היינט, כאָטש אין קורצע שטריכֿען, סקיצירען די געשיכֿטע פֿונ׳ם „פֿריינד“, טו איך עס בּלויז דערפֿאַר, ווייל זי איז די ערשטע טעגליכֿע יודישע צייטונג, מען מעג זאָגען דרייסט, דער גרונד־שטיין פֿון אונזער יודישער פּרעסע בּכֿלל, און ווייל זי שפּיגעלט אָב אין זיך, ווען נישט דאָס גאַנצע יודישע לעבען, איז כאָטש די אינעווייניגסטע סתּירות, צום טייל די טראַגיק פֿון אונזער געשיכֿטע אין די לעצטע צעהן יאָהר.

## II דאָס רעטעניש.

דערצו איז דער לעבענסלויף פֿון אונזער ערשטער טעגליכֿער צייטונג, איהר אייגענאַרטיגער גורל, אַליין פֿאַר זיך בּעטראַכֿט, זעהר אינטערעסאַנט, און טרעט אַרויס פֿאַר אונזערע אויגען עפּיס גאָר ווי אַ רעטעניש.

אין אָנהויב, בּאַלד נאָכֿדעם, ווי „דער פֿריינד“ האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן, האָט זיך אַלעמען געדוכֿט, אַז די ערשטע יודישע טעגליכֿע צייטונג איז, ווי מען זאָגט, „געבּוירען געוואָרען אין אַ העמדעלע“. צעהנדליגער יאָהרען האָט מען בּיי אונז נישט ווייניג געמאַטערט זיך אַרויסצובּעקומען אין די העכֿערע בּיוראָקראַטישע קרייזען אַן ערלויבּעניש אויף אַ יודישער צייטונג, און מען האָט עס בּשום אופֿן נישט געקאָנט דערגרייכֿען. אפֿילו אונזערע צוויי דעמאָלטיגע וועכֿענטליכֿע זשורנאַלען האָבען געמוזט דרוקען זיך אין אויסלאַנד, און כאָטש אפֿילו זיי פֿלעגען אַרויס ספּעציעל פֿאַר רוסלענדישע יודען און אויך פֿריי אַריינגעלאָזט ווערען אין לאַנד, האָט מען דאָך נישט געקאָנט פּועל׳ן, מען זאָל ערלויבּען אַריבּערפֿיהרען זיי אין יודישען תּחום. היינט אַז עס געלינגט פּלוצלונג גאָר אומגעריכֿטערהייד אַרויסצוקריגען בּיי פּלעווען מיט פּאָבּעדאָנאָסצעוו׳ן, וואָס זענען כּלל נישט געווען קיין גרויסע פֿריינד פֿון צייטונגען, און בּפֿרט נאָך פֿון יודישע, אַ הסכּם אויף אַ יודישער טעגליכֿער צייטונג, וואָס זאָל דערצו נאָך אַרויסגעגעבּען ווערען אין פּעטערבּורג, האָט מען עס ווירקליך געמעגט רעכֿענען פֿאַר אַ בּעזונדער, מען קאָן זאָגען, „גאָר נישט קיין יודיש“ גליק...

די אַרויסגעבונג פֿון אַ טעגליכען בלאַט איז היינטיגע צייטען — מען מעג דערמיט צופֿרידען זיין, אָדער נישט — אַ געשעפֿט. מען מוז דערביי האָבען נישט בלויז אַ רעדאַקטאָר מיט מיטאַרבייטער, אָבער אויך אַן אַרויסגעבער, אַן אונטערנעמער מיט אַ קאַפּיטאַל און טאַקע, בערך, אַ גאַנץ גרויסען קאַפּיטאַל; מען מוז דערצו האָבען נישט נור לעזער, אָדער ווי מען ליעבט זיך איצונד אויסצודריקען, אַ לעזער־קרייז, נאָר אויך — אַבאָנענטען, קויפֿער, אַ צייטונגס־מאַרק. אַ צייטונג קאָן, ריכטיגער געזאָגט, דאַרף האָבען איהרע פּרינציפּען, איב איהר ווילט, אַ געוויסען אידעאַל; אָבער זי קאָן אויך קיין קיום נישט האָבען אָהן אַ סוחרישער רעכענונג, און מוז דעריבער שטענדיג האָבען אין זינען דעם מאַרק מיט זיינע פֿאָדערונגען. דאָס איז אפֿשר דער גרעסטער חסרון פֿון אַ טעגליכער צייטונג, וואָס ציהט זי אָפּט אַראָב אין זומפּ און אין בלאָטע; אָבער אַזוי איז עס און קאָן, וועניגסטענס, אין אונזער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, אַנדערש נישט זיין.

וואָס זשע פֿאָרט איז געוואָרען פֿונ׳ם „פֿריינד״? קיין אייגענטליכער צייטונגס־מאַרק איז ביי אונז דענסטמאָל נאָך נישט געווען; מען האָט איהם ערשט געמוזט בעשאַפֿען. קיין יודישע לעזער פֿון אַ טעגליכען בלאַט זענען נאָך נישט געווען. מען האָט נישט געוואוסט, ווער זיי זענען און וואָס זיי פֿערלאַנגען פֿון אַ יודישער צייטונג. פּראַקטישע סוחרים וואָלטען פּשוט בערעכענט, אַז אויף סענסאַציעס מיט פּוסטע מעשיות וועלען אויפֿ׳ן מאַרק זיין אַ סך מעהר בעלנים, איידער אויף ערנסטער פּובליציסטיק און גוטער בעלעטריסטיק. אויף אַזאַ אופֿן וואָלט אפֿשר אונזער ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג געווען אַ געלע מיט אַלע ברעקלעך און פּיטשטשעווקעס. די אַרויסגעבער פֿונ׳ם „פֿריינד״ זענען אָבער געווען מעהר אינטעליגענטען, איידער סוחרים. כ׳וואָלט געזאָגט גוטע אינטעליגענטען און שלעכטע, אָבער גאָר שלעכטע סוחרים. כ׳זאָג נישט, אַז זיי זענען געווען מלאָכים, וואָס זענען אויסען געווען בלויז די טובה פֿון כלל־ישׂראל. זיי האָבען אַוועקגעלעגט קאַפּיטאַל אין „פֿריינד״ און געוואָלט, געוועהנטליך, פֿערדיענען. אַלס אינטעליגענטען האָבען זיי אָבער געפֿיהלט די גרויסע מאָראַלישע און געזעלשאַפֿטליכע אחריות, וואָס זיי נעמען אויף זיך, צוטרעטענדיג צו דער בעשאַפֿונג פֿון אַן ערשטער יודישער טעגליכער צייטונג, און זיי האָבען דעריבער געשטרעבט צו מאַכען פֿונ׳ם „פֿריינד״ אַן ערנסט, אייראָפּעאיש בלאַט. דעריבער האָבען זיי פֿערזאָרגט „דעם פֿריינד״ מיט אַ גרויסער רעדאַקציע און נאָך מיט אַ גרעסערער צאָהל שטענדיגע מיטאַרבייטער, אַחוץ דער רעדאַקציע, מיט אַ פֿיקסירטען מאָנאַטליכען געהאַלט*. ס׳קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען, צום טייל, וועניגסטענס, דוקא אַ פֿעהלער, ווייל איבער

* אין דער רעדאַקציע זענען צום הויפט־רעדאַקטאָר ש. גינזבורג׳ן צוגעצויגען געוואָרען נאָך גאַנצע דריי געוועזענע רעדאַקטאָרען פון וועכענטליכע אויסגאַבען (די רעדאַקטאָרען פונ׳ם „יוד״, „דער יודישער פאָלקס־צייטונג״ און דער זשאַרגאָנישער „וועלט״)· צווישען די שטענדיגע מיטאַרבייטער מיט אַ פיקסירטען מאָנאַטליכען געהאַלט (נישט אָבהענגיג פון דער צאָהל שורות, וואָס זיי גיבען) זענען געווען אונזערע בעסטע פובליציסטען און בעלעטריסטען: י. ל. פרץ, שלום־עליכם, י. דינעזאָהן, מ. ספּעקטאָר, דוד פרישמאַן, מרדכי בן הלל הכהן און אַנדערע.

דעם האָט מען געמוזט אָבגעבען אַ גרויסען פּלאַץ פֿאַר פּובליציסטיק און בעלעטריסטיק, אַרויסשטויסענדיג דעם אייגענטליכען צייטונגס־מאַטעריאַל (אינפֿאָרמאַציע), וואָס איז דער לעבענס־נערוו פֿון יעדען טעגליכען בלאַט. פֿונדעסטוועגען מוז מען מודה זיין, אַז עס איז דאָך גלייכער, וואָס מען האָט, אין דעם פּרט פֿון פּובליציסטיק און בעלעטריסטיק, איבערגעזאַלצען, איידער מען וואָלט נישט דערזאַלצען, און עס איז דאָך אַ גליק פֿאַר׳ן „פֿריינד״, וואָס ער איז פֿון אָנהויב אָן געוואָרען אַן ערנסט און ליטעראַריש — אפֿשר אַ צו ערנסט און צו ליטעראַריש — בלאַט, און נישט אַ געל בלעטיל. און ווען מיר האָבען איצונד אין רוסלאַנד נישט קיין יודישע געלע פּרעסע אויפֿ׳ן אַמעריקאַנישען שטייגער (און אַזאַ פּרעסע איז ביי אונז נישטאָ, כאָטש אַנדערע פּרובען זיך עס איינצורעדען), אַזוי האָבען מיר עס, אין אַ געוויסען זין, צו פֿערדאַנקען — אונזער ערשטער יודישער טעגליכער צייטונג און איהרע פֿעהלערן....

דאָס גרעסטע גליק פֿון דער צייטונג איז אָבער געווען, וואָס איהר גרויסע רייכקייט אין פּובליציסטיק און שענער ליטעראַטור, ווי אויך איהר צו גרויסע אָרימקייט אין אייגענטליכען צייטונגס־מאַטעריאַל, האָט איהר נישט געשאָדט ביים יודישען עולם. אָנהויבענדיג מיט אַ טיראַזש ביי 15—17 טויזענד עקזעמפּלאַרען, וואַקסט זי פֿון מאָנאַט צו מאָנאַט, דערגרייכענדיג דעם טעגליכען טיראַזש פֿון קרוב צו 50 טויזענד עקזעמפּלאַרען*. דאָס איז געווען אַ גלענצענדער ערפֿאָלג. מען דאַרף נישט פֿערגעסען, אַז „דער פֿריינד״ איז נור אַ קורצע צייט געווען אַ בן־יחיד ביים יודישען לעזער־קרייז. נאָך אין דעם אייגענעם יאָהר, דוכט מיר, אָבער זיכער אויפֿ׳ן אַנדער יאָהר געהט שוין אַרויס אין פּעטערבורג „דער טאָג״ (רעדאַגירט צוזאַמען מיט׳ן העברעאישען „המליץ״ פֿון לעאָן ראַבינאָוויץ). שפּעטער הויבט אָן ערשיינען אין אַזאַ יודישען צענטער, ווי וואַרשוי, און אונטער דער רעדאַקציע פֿון דעם בעוואוסטען און ביי אַ געוויסען טייל עולם זעהר בעליעבטען נחום סאָקאָלאָוו — „דער טעלעגראַף״; נאָך איהם — „דער וועג״ (אונטער דער פֿיהרונג פֿון צבי פּרילוצקי, דעם איצטיגען רעדאַקטאָר פֿון „מאָמענט״); נאָך שפּעטער בעווייזען זיך שוין אַנדערע צייטונגען, דערין אויך די טעגליכע אַרבייטער־צייטונגען („דער וועקער״, די ווילנער „פֿאָלקס־צייטונג״ א. אַז. וו.). פֿונדעסטוועגען שאָדט עס וועניג דעם „פֿריינד״, און ער בלייבט עטליכע יאָהר די פֿערשפּרייטסטע טאָג־אויסגאַבע אין יודישען תחום **.

אין דער גרויסער פֿערשפּרייטונג פֿון דער ערשטער טעגליכער צייטונג האָבען פֿיעל מענשען געגלויבט צו זעהן דעם בעווייז, אַז ביי אונז יודען איז פֿאַרהאַן בערך אַ גאַנץ גרויסע צאָהל בעוואוסטזיניגע יודיש־לעזער, וואָס זוכען אין אַ טעגליכען בלאַט נישט קיין נייעס אָדער גאָר סענסאַציעס, נאָר אַן ערנסטע בע-

* דעם העכסטען טיראַזש האָט „דער פריינד״, ווי ווייט מיר געדענקט זיך, דערגרייכט אינ׳ם יאָהר 1905.

** אינטערעסאַנט איז, וואָס אין דער צייט, ווען אין וואַרשע גופא האָבען זיך געדרוקט צוויי יודישע צייטונגען („טעלעגראַף״ און „וועג״), האָט זיך דער „פריינד״ דאָרט נאָך אַלץ פערקויפט טעגליך אין דער צאָהל פון עטליכע טויזענד עקזעמפלאַרען (ביז 6000 אַן ערך),- ניט געקוקט דערויף, וואָס ער פלעגט אָנקומען קיין וואַרשע ערשט אויפ׳ן דריטען טאָג.

לייכטונג פון די ברייטערע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען און פּראָבלעמעס, וואָס עס רוקט כסדר אַרוים אונזער טרויעריגע ווירקליכקייט. און דערפון האָט מען שוין געוואָלט אַרויסדרינגען, אַז אונזער פאָלקס-מאַסע (וואָרום געלייענט האָבען אפילו דעם ערנסטען „פריינד" זעהר וועניג יודישע אינטעליגענטען, און דערהויפּט נור מענשען פון פאָלק) שטעהט אויף אַ הויכער מדרגה פון קולטורעלער ענטוויקלונג, על כל פנים, נישט אויף קיין נידריגערער, איידער אַנדערע ציוויליזירטע אומות. און דער דאָזיגער, לפי ערך, הויכער גייסטיגער ענטוויקלונג פון די ברייטערע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג, האָט מען געזעהן די זיכערסטע גאַראַנטיע פאַר דעם פעסטען קיום פון דער ערשטער יודישער טעגליכער צייטונג.

פלוצלונג הייבט אָן אַרויסצוגעהן אין וואַרשוי אַ קליין טאָגבלעטיל (פרייז 1 קאָפּיקע), אַ נייער טיפּ צייטונג, וואָס איז מעהר צוגעפּאַסט צו דעם טעם און געשמאַק פון דעם יודישען קורא תמים, פון בירגערליכען לעזער. און עס פאַסירט אַ וואונדער: „דאָס גערשטענע קיכעלע קעהרט איבער דעם פרעכטיגען געצעלט" פונ'ם „פריינד"! דאָס קליינע בלעטיל פערשפּרייט זיך פון מאָנאַט צו מאָנאַט מיט אַן אומגעוועהנליכער געשווינדקייט, און אין דער אייגענער צייט זינקט אַלץ מעהר און מעהר אַרונטער די צאָהל אַבאָנענטען פון „פריינד". און שפּעטער, אַז עס זענען געבוירען „געוואָרען — טאַקע ווידער אין וואַרשוי — די צוויי-קאָפּיקענע טאָגצייטונגען, וואָס זענען אויך צוגעפּאַסט געווען „צו דער גאַס", געהאַט אָבער שוין אַ סך אַ גרעסערן און אַ רייכערן אינהאַלט, איידער דאָס קליינטשקע קאָפּיקע-בלעטיל, — איז דער פּעטערבורגער „פריינד" אינגאַנצען אַראָב פון זיין גדולה: אינאיינעם מיט דעם גרעסטען טייל לעזער פערלירט „דער פריינד" אַ טייל פון זיינע שטענדיגע מיטאַרבייטער. ער ווערט אַלץ בלייכער, נערוועזער און אַראָבגעפאַלענער ביי זיך, און זיין שטים קלינגט שוין נישט אַזוי געהויבען און שטאָלץ, ווי אין די גוטע יאָהרען... לסוף בלייבט די צייטונג ביי אַזאַ קליינעם טיראַזש (הוכט מיר, נישט העכער פון 10—12 טויזענד), אַז זי שטעלט זיך אָב און האַלט ביי פערמאַכען זיך. נאָך אַ הפסקה פון צוויי מאָנאַטען (אָקטאָבער, נאָוועמבער 1908)*, לעבט די ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג ווידער אָב, האַלט זיך, מיט צרות און מאַטערנישען, נאָך ביי אַ יאָהר, און כדי זיך צו ראַטעווען פון אַ זיכערן אונטערגאַנג, מוז זי אָבריכטען גלות און אַריבערוואַנדערן קיין וואַרשע.

וואָז זשע זענען פאָרט אַהינגעקומען די צעהנדליגער טויזענדער „בעוואוסטזיניגע" לעזער פון דעם „פריינד"? וואוהין זענען פּלוצלונג פערשוואונדען די ברייטע דעמאָקראַטיש-געזונטע פאָלקסעלעמענטען, וואָס אויף זיי האָט די ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג זיך ביז אַהער מאָראַליש און מאַטעריעל אָנגעלעהנט? אָדער אפשר איז עס גאָר אינגאַנצען געווען אַ טעות, און אין דער יודישער בירגערליכער געזעלשאַפט („דער פריינד" איז, ביי זיין אומבעדינגט אויפריכטיגער פריינדשאַפט צו די יודישע אַרבייטער, שטענדיג דאָך געבליבען אין גרויסען און גאַנצען אַ בירגערליכע, אָדער, ריכטיגער, ראַדיקאַל-בירגערליכע צייטונג) איז קיינמאָל קיין קענטיגער דעמאָקראַטישער שיכט נישט געוועזען, דעריבער טאַקע האָט „דער פריינד" גאָרנישט נעהאַט קיינמאָל קיין טויזענדער בעוואוסטזיניגע לייענער און קויפער, ווי מען האָט ביז דענסטמאָל גערעכענט? אָדער אפשר האָט „דער פריינד" אַליין דורך זיינע אייגענע געגרייזטע גענג, דורך זיינע אייגענע בעגאַנגענע פעהלערן אָבגעשטויסען פון זיך הקא די בעסטע, פערשטאַנדינסטע לעזער, און איז דעריבער געבליבען איינזאַם און עלענד?

דער געשווינדער אַיינשרומפּען פון דעם פריהער אַמאָל נאָנץ גרויסען לעזער-קרייז פונ'ם „פריינד" צוזאַמען מיט דעם גרויסען ערפאָלג פון דעם נייעם טיפּ וואַרשעווער צייטונגען, וועלכע האָבען זיך די ערשטע צייט געפּרובט אַ געה טון „אויפ'ן אַמעריקאַנישען שטייגער", האָט ביי אונז בעשאַפען די מיינונג, אַז אַ צייטונג בכלל דאַרף נאָר נישט זיין ערנסט און ליטעראַריש. אפילו אַזאַ טאַלאַנטפולער פּובליציסט און קריטיקער, ווי בעל-מחשבות, טרעט אַרויס אין אַ. רייזענ'ס זשורנאַל „קונסט און לעבען" (יוני 1908) מיט אַ שפּאָגל-נייער טעאָריע וועגען דעם מהות פון אַ טעגליכער צייטונג (וועלכע ש. ראָזענפעלד רופט ריכטיג אָן „די פילאָזאָפיע פון דער געלער פּרעסע"). לויט דער דאָזיגער טעאָריע קומט אויס, אַז אַ טאָג-צייטונג איז, סוף כל סוף, נישט מעהר ווי אַ קאַטערינקע, וואָס אַרבייט פאַר די גרויסע, מגושמ'דיגע מאַסען און קאָן נור אַריינגאַרען מיט איהר מוזיק קליינע קינדער און גרויסע עמי-הארצים. אידעאַלען, קולטור-אויפגאַבען און נאָך אַזעלכע הויכע זאַכען זענען אין מוזען זיין פאַר אַ טעגליכער צייטונג נישט מעהר ווי „פּוסטע שמאָכטעס". וואָס מעהר נייעס זי ברענגט, וואָס מעהר זי ווייס צו דערצעהלען אינטערעסאַנטע און פּיקאַנטע „געשיכטען", וואָס מעהר סענסאַציעס זי וויכט אויס, אַלס בעסער ערפילט זי איהר אייגענטליכע אויפגאַבע. איבערצייגונגען, אידעאַלען, אַן ענטפער אויף ברייטע געזעלשאַפטליכע פראַגען זוכט מען נישט אין אַ צייטונגס-קרעמיל, און ווער ס'זוכט זיי דאָרט, דער בעווייזט נור, אַז ער געפינט זיך אויף אַ פאַלשען וועג און האָט אַ פאַלשע מיינונג וועגען אַ טעגליכער צייטונג.

עס איז איבעריג צו דערווייזען, אַז די דאָזיגע טעאָריע האַלט נישט אויס אפילו די אויבענאויפיגסטע קריטיק. די „געלע פּרעסע", ווי אין אייראָפּע, אַזוי אויך אין אַמעריקע, איז אַ שטיק „ווילד-פליייש" אויף דעם גוף פון דער וועלטפּרעסע, וועלכע בלייבט, ביי אַלע איהרע חסרונות, אַ געזונטע און העכסט-וויכטיגע קולטור-ערשיינונג, אַ מעכטיגע, ווירקענדע קראַפט אין אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען. דאָס זעהען מיר אין אונזער אייגענער יודישער וועלט. וואָס פאַר אַ מיינונג מיר זאָלען נישט האָבען וועגען אונזער פּרעסע, קאָן דאָך קיינער פון אונז נישט אָבלייקענען, אַז זי איז אַ גרויסע קראַפט און האָט נישט קיין קליינע ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטליכער מיינונג ביי אונז. איהר גייסטיגע און געזעלשאַפטליכע קראַפט האָט זי אָקאָרשט נישט לאַנג בעוויזען ביי די וואַרשעווער וואַהלען אין דער פערטער גאָסודאַרסטווענע

* פייל מענשען האָבען שוין נעגלויבט, אַז די ערשטע יודישע טאָג-צייטונג איז שוין אָבגעשטאָרבען. אייניגע יודישע פּובליציסטען (יוסף קלויזנער אין „השלח", בעל-דמיון אין ציוניסטישען „ראַזסוועט") האָבען מאַקין געמאַכט הספדים אויפ'ן „פריינד", אויסשטעלענדיג אויף זיין קאָנטאָ אַ שען צעטיל אמת'ע און כלומר'שטע חטאים. צו אַזעלכע מיני הספדים ביים לעבען האָט קיין איין צייטונג, אַחוץ דעם „פריינד", נישט זוכה געווען.

דומע. אַ קאַטערינקע מיט ביליגער און פֿאַלשער מוזיק קאָן אַזאַ כח נישט האָבען.

ווילען מיר, אַלזאָ, געפֿינען אַן ענטפֿער אויף דעם אייגענאַרטיגען טרויעריגען מזל פֿון „דער ערשטער יודישער טאָג-צייטונג“, מוזען מיר נעהענטער צוקוקען זיך צום לעבענס-לויף פֿונ'ם „פֿריינד“, בעטראַכטען זיינע בעציהונגען צו די לעזער, די ראָלע, וואָס ער האָט, צום טייל, געשפּיעלט אין אונזער געזעלשאַפֿטליכער סביבה אין משך פֿון די צעהן יאָהר, וואָס ער ערשיינט. דאָס וויל איך איצונד טון, אויף וויפֿיעל דאָס וועט מעגליך זיין אין די ענגע ראַהמען פֿון מיין אַרטיקעל.

### III אונטער דער ציוניסטישער פֿאָהן.

מען בעקלאָגט זיך, אַז „דער פֿריינד“ האָט כסדר געביטען די פֿאָהנען, געפּרובט זיך איבערדיענען אַלערליי געטער. דאָס הייסט אָבער, אין אמת'ן, אַז „דער פֿריינד“ האָט דורכגעמאַכט פֿערשיידענע פּעריאָדען, וואָס האָבען זיך אָבגערופֿען אויף זיין אינהאַלט און ריכטונג.

אַרויס איז „דער פֿריינד“ אונטער דער ציוניסטישער פֿאָהן. דאָס איז קיין וואונדער נישט. אין דער צייט, וואָס די ערשטע יודישע צייטונג איז געבוירען געוואָרען, האָט געהערשט אינ'ם לאַנד די פֿינסטערסטע רעאַקציע. די געזעלשאַפֿטליכע קרעפֿטען פֿון דער בעפֿעלקערונג זענען געלעגען פֿערהאַלשט און צוגעדריקט, קוים וואָס מען האָט ערגיץ-וואו בעמערקט אַ ריהר, אַ שאָרך. אַ שטילע טויטקייט איז געווען אויך אין דער יודישער וועלט. קיין שום געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג, קיין שום שפּור פֿון פּאַרטיי-לעבען און פּאַרטיי-דיפֿערענצירונג. קיין שום קאַמף פֿון געזעלשאַפֿטליכע שטרעמונגען. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט אַליין האָט זיך אַפֿילו אָנגעהויבען אָרגאַניזירען, אָבער אין בעהעלטעניש, ערגיץ-וואו אין די טיעפֿסטע טיעפֿענישען פֿון אונזער לעבענס-ים. נור די ציוניסטישע שטרעמונג האָט זיך אַ ביסעל פֿרייער און ברייטער בעוועגט, פֿעראייניגענדיג אַרום זיך אַ גאַנץ גרויסען טייל פֿון דער יודישער בירגערליכער געזעלשאַפֿט און אויך אַ געוויסען טייל פֿון דעם יונגען יודישען פּראָלעטאַריאַט. דער ציוניזם האָט אַלזאָ בעשאַפֿען פֿאַר'ן „פֿריינד“, גראָד ביי זיין אַרויסגאַנג, אַ פֿעסטען אָנהאַלט אין אַ ברייטען און, אין אַ געוויסען זין, גאַנץ גוט אָרגאַניזירטען טייל פֿון יודישען פֿאָלק. דער ציוניזם האָט אויך פֿון אָנהויב אָן געגעבען דער ערשטער יודישער צייטונג אַ בעשטימטע ריכטונג, אַ פֿעסטע פּראָגראַם.

פֿון דער אַנדער זייט אָבער האָט זיך גראָד אינ'ם „פֿריינד“ דייטליך אַרויסגעוויזען דער אינעווייניגסטער ווידעראַנאַנד, וואָס איז שטענדיג געלעגען און ליגט ביז אויף היינטיגען טאָג צווישען ציוניסטישען אידעאַל און דער ציוניסטישער בעוועגונג. דער ציוניזם באַזירט אויף אַ ברייטען, היסטאָריש טיעף איינגעוואָרצעלטען, פֿאָלקס-אידעאַל. דערין איז געלעגען זיין גרויסע, מיט אַ ראָמאַנטישען שלייער אומגעוועבטע, קראַפֿט. דער אייגענער ציוניזם איז אָבער ניט געווען אין שטאַנד צו בעשאַפֿען אַ טיעפֿע געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע זייטען פֿון יודישען לעבען אין גלות. אין דער צוקונפֿט — אַ ניי און וואונדער-שען נאַציאָנאַל לעבען אויף אַן אייגענעם היסטאָרישען באָדען. אין דער געגענוואַרט — דער פֿערהאַסטער און שמאַרצהאַפֿטער יאָך פֿון גלות. צווישען זיי — אַן אָבגרונד. געזעלשאַפֿט-



ליכער קאַמף? ניין, ווייל, ערשטענס, שטערט די אומנאַטירליכקייט פֿון גלות-לעבען די אויסבילדונג פֿון געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען, און דאָרט, וואו ס'פֿעהלען געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר אַ קאַמף צווישען זיי; און צווייטענס, וואָלט יעדער געזעלשאַפֿטליכער קאַמף אין אונזער אינעווייניגסטען וועלטיל פֿערשטערט אונזער נאַציאָנאַלע איינהייט, דעם ערשטען און נויטיגסטען תנאי פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון דעם ציוניסטישען לעצטען ציעל. עקאָנאָמישע אַרבייט? ווידער נישט: וואָרום וואָס פֿאַר אַ ברייטע און ווירקליך נוצליכע געזעלשאַפֿטליכע אַרבייט קאָן אויפֿגעטאָן ווערען אין די לענדער, וואו יודען האַלטען ביים אויסוואַנדערן פֿון דאָרטען, און וואו די קללה פֿון גלות ווירקט צעשטערענדיג אויף יעדען אונזער עקאָנאָמישען אויפֿטו?* אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע? אָבער דאָס וואָלט דאָך געהייסען מיט אייגענע הענד שטויסען דאָס יודישע פֿאָלק קיין מערב, בעת זיין צוקונפֿט ליגט אין מזרח. קולטור-אַרבייט? דאָס איז אויך פֿון ציוניסטישען שטאַנדפּונקט זעהר אַ וויכטיגע אויפֿגאַבע, שטעהט איהר אָבער אין וועג די שפּראַך-פֿראַגע. העברעאיש פֿערשטעהען נישט די מאַסען-מענשען. און שאַפֿען קולטור-ווערטען אויף יודיש הייסט אַזוי פֿיעל ווי שאַפֿען און פֿערפֿולקומען די יודישע שפּראַך און די יודישע ליטעראַטור; ביידע — פּראָדוקטען פֿון גלות, וואָס מיר מוזען שטרעבען גאָר פֿון זיי פּטור צו ווערען, ווי פֿון „גלות“ אַליין. קורץ, קיין איינציגע שטעגעלע פֿאַר לעבעדיגער און פֿרוכטבאַרער אַרבייט אין דער איצטיגער צייט.

די ערשטע יודישע טאָג-צייטונג האָט אָבער צו טון געהאַט מיט אַ צאָהל-רייכען קרייז לעזער פֿון דער פֿאָלקס-מאַסע. די פֿאָלקס-מאַסע האָט, אין אַ גרויסען טייל, סימפּאַטיזירט מיט דעם ציוניסטישען אידעאַל, אָבער פֿאַר איהר האָט דאָך געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע דאָס אַלטעגליכע לעבען, די גרויע און טרויעריגע ווירקליכקייט, מיט איהרע נויטען און בעדערפֿענישען. נישט רעדען מיט זיי וועגען די פֿראַגען פֿון דער געגענוואַרט איז פּשוט געווען אוממעגליך. פּרובט זיך דער ציוניסטישער „פֿריינד“ מאַכען אַלערליי פּשרות צווישען ציוניזם און זיין פֿיינדליך פֿערהאַלטען זיך צו יעדער גלות-אַרבייט. ער קאָן אָבער דאָך נישט געפֿינען די ריכטיגע שפּראַך מיט זיינע לעזער, דעם ריכטיגען וועג צו זיי.

נעמען מיר אַשטייגער — די יודישע שפּראַך. פֿון דעם

* כ'געדענק אַזאַ פֿאַקט: אויפ'ן ציוניסטישען צוזאַמענפֿאָהר אין מינסק איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אַ רעפֿעראַט וועגען דער יודישער עקאָנאָמיק. אינ'ם ערשטען טייל האָב איך געשילדערט די שפל'קייט פֿון דער יודישער עקאָנאָמישער לאַגע אין דער איצטיגער צייט (אין „גלות“) און דערוויזען עס מיט אַ רייה פֿאַקטען און סטאַטיסטישע דאַטען. דאָס איז געווען נישט שווער. אין צווייטען טייל אָבער האָב איך געמוזט געבען אַ פּלאַן פֿון אונזער געזעלשאַפֿטליכער אַרבייט אויפ'ן געביט פֿון יודישער עקאָנאָמיק — און דאָס איז שוין נישט געלונגען: מיין איינציגע האָפֿנונג האָב איך געלעגט אויף יודישע קאָאָפּעראַטיווען. דערהערט זיך אויפ'ן צוזאַמענפֿאָהר, אַז אָקאָרשט זענען אַרויס נייע גזרות אויף יודישע קאָאָפּעראַטיווען, וואָס מאַכען אוממעגליך צו עפֿענען נייע חברות פֿון זעלבסט-הילף. מיין גאַנצער פּלאַן איז געפּלאַצט אויפ'ן צוזאַמענפֿאָהר גופא — און פֿיעל ציוניסטען האָבען דערפֿון הנאה געהאַט, האָבענדיג נאָך אַ ראיה, אַז מען קאָן אין גלות גאָרנישט טון.

גאַנצען פערהאַלטען זיך פונ'ם „פריינד“ לאָזט זיך בעמערקען אַן אויפריכטיגע און הייסע איבערגעבענקייט צו אונזער מוטערשפראַך און איהר ליטעראַטור. אין „פריינד“ ווערט די יודישע שפראַך געפּיילט, געשליפען און פערפולקומט, ווי ווייט עס איז פאַר איהם אַזאַ זאַך מעגליך געווען. מען פלייסט זיך נישט נור ערנסט, אָבער אויך שען שרייבען. אַפילו אַזאַ אויסערליכער אימשטאַנד, ווי די אָרטאָגראַפיע, דאָס ווערטער־אויסלעגעניש, לאָזט נישט „דער פריינד“ אויסער אַכט. ער ברענגט אַריין אין דער אָרטאָגראַפיע אַ געוויסע שיטה און סדר. אפשר נישט אינגאַנצען געלונגענע, אָבער דאָך גיט אין אַן ערך בעסערע, ווי די ביז־אַהעריגע ווערטער־אויסלעגענישען, וואו ס'האָט געהערשט אַ פולשטענדיגע אַנאַרכיע און אַ „כל הישר בעיניו יעשה“. „דער פריינד“ גיט אויך אָב אַ ברייטען אָרט אויף זיינע שפּאַלטען פאַר בעלעטריסטיק. דרוקט די ווערק פון אונזערע בעסטע שרייבער (י. ל. פרץ, שלום עליכם, שלום אַש, יהודה שטיינבערג, אברהם רייזען און אַנדערע). געפינט נייע ליטעראַרישע קרעפטען (רחל ברכות, מאַרעק, שפּעטער רחל פייגענבערג און אַנדערע). יעקב דינעזאָהן שרייבט צוליעב דער ערשטער יודישער טאָג־צייטונג נייע קלענערע און גרעסערע ערצעהלונגען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער עפּישער רוהיגקייט און רעאַליסטישען אמת, און זיין טאַלאַנט שטעלט זיך פאַר אונז אַרויס אין אַ נייער געשטאַלט. אין „פריינד“ געפינט זיך אויך פּלאַץ פאַר ליעדער: ש. פרוג, דוד פרישמאַן, מאָררים ראָזענפעלד און אַנדערע יודישע דיכטער זענען דאָ אָפטע און געווינשטע געסט אַפילו אונזער גרעסטער העברעאישער דיכטער, ח. נ. ביאַליק, לאָזט דרוקען אין „פריינד“ יודישע ליעדער („גלוסט זיך וויינען געשמאַקער פון האַרצען“, „מיין גאָרטען“).

און ביי דעם אַלעמען פיהלט „דער פריינד“ נישט גענוג מוט אָפען אַרויסצוטרעטען פאַר אונזער יודישער שפראַך און איהרע רעכט.

אין פראָגראַם־אַרטיקעל (№ 2 — 1903) זאָגט אַפילו „דער פריינד“:

„מיליאָנען פון אונזערע ברידער, וואָס ריידען און טראַכטען אויף זשאַרגאָן, וואָס פערשטעהען נישט קיין אַנדער שפראַך — זיי זוכען נישט קיין הכשרים און הסכמות אויף זייער שפראַך און פרעגען נישט קיין היתרים אויף איהר ביי מחברים און פילאָלאָגען. זיי פיהלען אויך, ווי נויטיג פאַר זיי איז אַ טעגליכע צייטונג“ א. אַז. וו.

פון איין זייט דאַרפען די דאָזיגע ווערטער בעדייטען אַזוי פיעל, ווי — דאָס פאָלק וויל, און פאַר דעם ווילען פונ'ם פאָלק מוזען מיר זיך אַלע בויגען. פון דער אַנדער זייט אָבער בלייבט די יודישע שפראַך פאַרן „פריינד“ אַ זשאַרגאָן, און די צייטונג אַליין, נישט קוקענדיג אויף די מיליאָנען פונ'ם פאָלק, וואָס רעדען בלויז יודיש און טראַכטען אַפילו יודיש, זוכט גאַנץ אָפט התירים אויף איהר.

אַזוי, צום ביישפּיעל, טרעט אַרויס דינה צייטלין (אַ פסעוודאָנים פון אַ רעדאַקציאָנס־מיטגליד) פאַר דער יודישער שפראַך אין נאָמען פון יודישע פרויען, וואָס קענען נישט העברעאיש און וואָס ווילען — ביי דעם איצטיגען סדר־החנוך ביי יודען — נאָך אַ לאַנגע צייט קיין מעגליכקייט נישט האָבען אונזער נאַציאָנאַלע שפראַך צו בעהערשען. פיעל כאַראַקטעריסטישער איז אָבער, ווי עס פערענטפערט אונזער שפראַך דער בעוואוסטער ציוניסט און טאַלאַנטפולער פעליעטאָניסט — א. י. לעווינסקי ע"ה:

„כל זמן די דיענסט (געמיינט דערמיט די יודישע שפראַך) מיט דער בעל־הבית'טע (דאָס מיינט מען די העברעאישע שפראַך) זענען נאָך צוזאַמען, איז נאָך אַלץ נישט־קשה, איז נאָך אַלץ צו דערליידען: זיי צערווערטלען זיך צייטענווייז, זיי ריידען זיך אַפילו דורך צו־הויך, אַנאַנדערש מאָל מיט אַ ביסעל קללות און זידלערייען, מיט שטעכווערטליך פון ביידע זייטען, — די אַרבייט אין שטוב ווערט אָבער אָבגעטהאָן, און די יודישע פאַמיליע לעבט ווי גאָט האָט געבאָטען“.

„דאָרט אָבער, וואו מען הערט אויף צו ריידען און צו ליענען זשאַרגאָן, רעדט מען נישט אויף לשון הקודש, נאָר אויף אַנאַנדער שפראַך“ („צייטען ביטען זיך“, № 4 — 1903).

קורץ, מען בעט זיך רחמים ביי יענע, וואָס קומען מיט דער טענה: „שפחה כי תירש גבירתה“, וואָס האָבען, הייסט עס, מורא, אַז די דיענסט, ווען מען וועט מיט איהר מאַכען אַ ביסעל מעהר מחזקות, וועט גאָר אָבירש'ען די האַרינטע — און מען זוכט זיי צו דערווייזען, אַז די סכנה איז נישט אַזוי גרויס, און אַז די האַרינטע אַליין — די העברעאישע שפראַך — מוז האָבען די דיענסטמויד (די יודישע שפראַך), און מען בעמערקט נישט דערביי, וואָס פאַר אַ פחיתת־הכבוד, וואָס פאַר אַ בעליידיגונג פאַר אונזער מוטערשפראַך עס ליגט אין אַזאַ פערטיידיגונג...

מען קאָן נישט זאָגען, אַז „דער פריינד“ האָט אין זיין ציוניסטישער תקופה גאָר קיין אָרט נישט געגעבען פאַר פערשיידענע פראַגען פון אונזער איצטיגער צייט. מען געפינט דאָרט גאַנץ גוטע אַרטיקלען — וועגען יודישער סטאַטיסטיק, וועגען גרינדען אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ'ס פאַר יודישע עמיגראַנטען, וועגען יודישע אָרגאַניזאַציעס פאַר פייער־לעשונג (ד"ר א. בראַמסאָן), וועגען געגענזייטיגער לעבענס־פערזיכערונג. קיין איינציג וואָרט אָבער וועגען אונזער קהלה־לעבען און די מיטלען, ווי אַזוי עס צו רעאָרגאַניזירען, וועגען דעם שוץ פון אונזערע רעכט, וועגען יודישען האַנדווערק, אָדער גאָר וועגען יודישען פראָלעטאַריאַט. „דער פריינד“ אַליין טרעט אַרויס מיט אַן אָריגינעלען פּראַקטישען פאָרשלאָג — וועגען גרינדען „אַרטעלען פון פאַקענטרעגער“ (מוכרי ספרים). אַחוץ דעם דאָזיגען פּראָיעקט (וואָס ווערט גופא אין „פריינד“ אָבגעבטל'ט פון ש. ראָזענפעלד און ערנסט בעשיצט פון דער רעדאַקציע) — געפינט מען אין דעם „פריינד“, אין זיין ערשטער תקופה, קיין ערנסטע פאָרשלאָגען בנוגע צו פּראַקטישע אַרבייט אויפ'ן געביט פון יודישער עקאָנאָמיק, אויב מען זאָל נישט רעכענען די אָפט געדרוקטע פּראַקטישע עצות פון אַ פעטערבורגער אינזשענער, ווי אַזוי מען מאַכט קוואַס פון ברויט, ווי אַזוי מען שוואַרצט אָב אילומינענע כלים, ווי אַזוי מען פערגילט גלעזערנע כלים, ווי מען פערקלייעט גומי־זאַכען וכדומה. אַזעלכע מיני עצות האָבען פיעל בעסער געפּאַסט אין מאַטוסזאָנ'ס און ניידיטשעס „פּרנסה־ביכלעך“, איידער אין אַן ערנסטער, ליטעראַריש־פובליציסטישער צייטונג...

לאַנג אָבער האָט „דער פריינד“ נישט געקאָנט בלייבען אין אַ שטענדיגען אינעווייניגסטען ווידעראַנאַנד מיט זיינע אייגענע לעזער פונ'ם פאָלק. אומבעמערקט אפשר פאַר זיך אַליין,

האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבען אונטער דער שטילער, אונאיבּערליכער ווירקונג, וואָס דער לעזער האָט אויף זיין צייטונג. און שוין אין עטליכע מאָנאַטען אַרום נאָך זיין ערשיינען, בעת עס האָט אַזוי אומגעריכט פֿאַר אַלעמען אויסגעבראָכען דער ערשטער קישינעווער פּאָגראָם, רעדט די ערשטע יודישע טאָג-צייטונג וועגען דעם גאָר נישט מיט קיין ציוניסטישער שפּראַך...

פֿון ציוניסטישען שטאַנדפּונקט איז דער קישינעווער פּאָגראָם געווען אַ גייער בעוויז, אַז מען מוז וואָס גיכער געהן אַהיים, אין אונזער אייגען היסטאָריש לאַנד. „דער פֿריינד״ אָבער רעדט נאָכ׳ן קישינעווער פּאָגראָם — וועגען גלויבען אין מענשען, וועגען ענדליכען זיג פֿון רעכט און גערעכטיגקייט...

אונטערשטרייכענדיג דעם פֿאַקט, אַז אין קישינעווער פּאָגראָם האָט זיך נישט בעטייליגט די פֿאָלקס-מאַסע, נור אַ קליינער הויפֿען פֿערדאָרבענע מענשען; אַז די כּונה פֿון קישינעוו איז געווען צו בעווייזען דעם יודען, אַז זיין בלוט איז הפקר און זיין כּבוד איז גאָרנישט מיט גאָרנישט, זאָגט צולעצט „דער פֿריינד״:

„די קישינעווער העצער און רויבער ווילען דורך זייער רויהען, מיט אַייזען בעוואָפֿענטען קולאַק אָבנעהמען ביי אונז אונזער גלויבען אין מענשען, אין בילדונג און ציוויליזאַציע, אין די העכסטע און היילינגסטע אידעאַלען פֿון אַלע געבילדעטע פֿעלקער. מיר דאַרפֿען אונז אָבער נישט לאָזען אָבשרעקען פֿון רויבער און מערדער, — און מוטהיג אַרויסטרעטען געגען זיי אין נאָמען פֿון רעכט און גערעכטיגקייט״ (פֿערגעסט נישט!״ 1903 — № 86).

אונטער דעם געוואַלדיגען איינדרוק פֿון אונזער גייעם גרויסען פֿאָלקס-אומגליק האָט „דער פֿריינד״ געמאַכט דעם ערשטען שריט צום פֿאָלק. דאָס אַליין צווינגט שוין די ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג אַ ביסעל אָברוקען זיך פֿון אָפֿיציעלען ציוניזם און ביטען איהר ריכטונג...

די אייגענטליכע ריין ציוניסטישע תקופֿה פֿונ׳ם „פֿריינד״ האָט זיך דערמיט געענדיגט.

## IV אין שטורעם און דראַנג.

אַ צייט לאַנג בלאָנדזשעט אַרום „דער פֿריינד״ צווישען דעם ציוניזם און די נייע אידעען פֿון דער פֿרייהייטס-בעוועגונג, וואָס האָבען זיך שוין געטראָגען אין דער לופֿטען. דער ציוניזם לעבט דענסטמאָל איבער זיין ערשטען, שמאַרצהאַפֿטען קריזיס, וואָס עס האָט אַרויסגערופֿען די „אוגאַנדאַ-פֿראַגע״ און געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג צווישען די „ריינע״ און „פּאָליטישע״ ציוניסטען אויפֿ׳ן זעקסטען ציוניסטען-קאָנגרעס (אַווגוסט 1903). דאָס רופֿט אַרויס אַ שפּאַלטונג אויך אין דער רעדאַקציע פֿונ׳ם „פֿריינד״. די צייטונג הערט נישט אויף צו זוכען פּשרות צווישען די אידעאַליסטען און רעאַליסטען אין ציוניסטישען לאַגער, קאָן אָבער דעם ריכטיגען וועג נישט געפֿינען.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אין „פֿריינד״ זיגט צוערשט (אונטער דעם איינפֿלוס פֿון ד״ר י. לוריא און ש. ראַפּאָפּאָרט) די ריין-ציוניסטישע טענדענץ, זוכט די צייטונג מעהר צו דערנעהנטערן זיך צו די יודישע פֿאָלקס-מאַסען, אויפֿמונטערן זיי צו ברייטערער געזעלשאַפֿטליכער אַרבייט: זי פּרובט די ערשטע צו פֿעראינטערעסירען איהרע לעזער מיט דער פֿערענטפֿערונג פֿון פֿערשיידענע פּראָבלעמעס פֿון אונזער ווירקליכען לעבען, טרעט אַרויס מיט



אַ העכסט-אינטערעסאַנטער אַנקעטע וועגען דער לאַגע פֿון אונזערע האַנדווערקער חוצ׳ן תּחום און די סיבּות, וואָס שטערען די יודישע פּראָדוקטיווע עלעמענטען צו פֿערלאָזען די איבערפֿילטע שטעדט און שטעדטלעך פֿון תּחום און איבערוואַנדערן אין די אינעווייניגסטע גובערניעס פֿון רוסלאַנד, וואו עס איז פֿאַרהאַן נאָך אַ גענוגגערוימער אָרט פֿאַר יודישער מלאָכה. און אויף דער אַנקעטע רופֿען זיך אָב די יודישע האַנדווערקער פֿון פֿערשיידענע פּונקטען אין תּחום און אויסער איהם, וואָס פֿערהעלפֿען צו בעלייכטען די דאָזיגע פֿראַגע פֿון אַלע זייטען. „דער-פֿריינד״ בערידהרט שוין נאָך אין יענער צייט די שפּעטער אַזוי ברענענדיג געוואָרענע פֿראַגע פֿון אונזער אינעווייניגסטען יודישען לעבען — וועגען דעם פֿיינדליכען פֿערהאַלטען זיך פֿון די יודישע פֿאַבּריקאַנטען צו די יודישע אַרבייטער, וואָס פֿערשטעלען זיי מיט זייער אייגענעם ווילען דעם צוטריט אין דער פֿאַבּריק און שטערען דערמיט די אויסבילדונג פֿון אַן אייגענעם יודישען פֿאַבּריק-פּראָלעטאַריאַט. אין דער אייגענער צייט זאָרגט אויך „דער פֿריינד״ פֿאַר דער פֿערפֿולקומונג פֿון זיין ריין-ליטעראַרישען טייל. אין דעם יאָהר 1904 דרוקען זיך אין „פֿריינד״ דאָס שענסטע ווערק פֿון אונזער „זיידעניו-מענדעלי״: „דאָס ווינשפּינגערל״, די גֿעפֿערלטע פֿאָלקס-טימליכע מעשׂה׳לעך פֿון י. ל. פּרץ, שלום-עליכם׳ס הומאָריסטישע ערצעהלונגען און אַ גרויסע צאָהל קלענערע און גרעסערע בעלעטריסטישע ווערק פֿון אונזערע גרעסערע און קלענערע בעלעטריסטען. אַ נייעס זענען געווען: ש. אַנ—סקי׳ס פּאָעמע „דער אשמדאי״ און די גרויסע היסטאָרישע ערצעהלונג פֿון א. ז. ראַבינאָוויטש „היידעמאַטשינא״. און דאָס טוט אונזער ערשטע טעגליכע צייטונג אין דער צייט, ווען די געזעלשאַפֿטליכע אויפֿמערקזאַמקייט איז כּמעט אינגאַנצען צוגעצויגען צו דעם „רוסיש-יאַפּאַנישען קריג״ וואָס האָט אָבגעשטויסען כּמעט אַלע פֿראַגען אָן אַ זייט, און דער עולם האָט קיין אַנדער זאַך נישט געוואָלט לייענען, ווי נור די בעריכטען פֿון דער מלחמה.

דערווייל רוקט זיך אָן דאָס היסטאָרישע יאָהר 1905. די געזעלשאַפֿטליכע אַטמאָספֿערע ווערט פּלוצלונג אָנגעזאַפּט מיט „עלעקטריע״, ס׳ברעכט אויס אַ געוואַלדיגער שטורם — ס׳הויבט זיך אָן די רוסלענדישע פֿרייהייטס-בעוועגונג.

די פֿרייהייטס-בעוועגונג דערווייסט די יודישע בעפֿעלקערונג גאָרנישט קיין צוגעגרייטע צו איהר. די ברייטע בירגערליכע שיכטען האָבען זיך אָנגעהויבען אַרומקוקען, אויסציהען די פֿערחלש׳טע גלידער, פֿאַר זיי איז אויפֿגעשטאַנען פּלוצלונג אַן אומגעוועהנליכע אויפֿגאַבע — נעמען אַן אָנטייל אין פּאָליטישען לעבען פֿונ׳ם לאַנד. מעהר אָדער וועניגער אָרגאַניזירט איז געוועזן דער ציוניסטישער טייל פֿונ׳ם יודישען בירגערטום. איז עס אָבער פֿאַר זיי פּרינציפּיעל שווער געווען אַריינצונעמען אַזאַ מין אַרבייט אין זייער ציוניסטישער פּראָגראַם, וואָס שטרעבט צו בעשאַפֿען פֿאַר יודען אַן אייגענע מלוכה אויף זייער אייגען לאַנד, און דערלאָזט דעריבער נישט, יודען זאָלען זיך אַריינמישען אין די אינעווייניגסטע פּאָליטישע שטרייטען פֿון אַן אַנדער, פֿרעמדער מלוכה און העלפֿען מאַכען דאָרט נייע פּאָראָנדקעס. ס׳זענען אויך געווען נאַציאָנאַליסטען, וואָס זיי האָט זיך געוואָלט מאַכען פֿאַר זיך שבת, אַרויסשטעלען אייגענע יודישע פֿאָדערונגען און אויך שיצען זיי אַליין מיט אייגענע קרעפֿטען,

אָבער נישט פֿעראייניגען זיך מיט די דעמאָקראַטישע עלעמענטען פֿון דער ניט=יודישער בעפֿעלקערונג, צו וועלכע זיי האָבען קיין גרויסען צוטרוי נישט געהאַט. ביי די איבעריגע, סתם בעל=הבתּישע יודען איז עפּיס אויסגעקומען גלאַט פּריקרע צו בעטייליגען זיך אין אַ בעוועגונג, אין פּאָליטישען לעבען פֿונ'ם לאַנד. אַ טייל יודען האָבען גלאַט אַזוי נישט געוואָלט זיך מישען. אַנדערע האָבען געטענה'ט, אַז ווען יודען וועלען זיך אַריינמישען אין דער פֿרייהייטס=בעוועגונג, וועט מען דיסקרעדיטירען דערמיט די גאַנצע פֿרייהייט אַפֿילו אין די אויגען פֿון די גרויסע פֿאָלקס=מאַסען. און גאָר קלוגע, פּראַקטישע מענשען האָבען בעוויזען מיט אַ „ממה=נפֿשך", אַז יודען דאַרפֿען זיך אין קיין זאַך נישט אַריינמישען און גאָרנישט פֿאָדערן פֿאַר זיך: וועט פֿון דער גאַנצער פֿרייהייטס=בעוועגונג גאָרנישט ווערען, איז דאָך טאַקע גלייך געווען, וואָס מען האָט אומזיסט קיין צייט און קיין כּחות נישט פֿערלאָרען. און טאָמער וועט זי זיך מיט עפּיס וואָס יאָ אויסלאָזען, און אין לאַנד וועט ווערען אַ ליבעראַלע און קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה=אָרדענונג, אַזוי וועט מען יודען סיי ווי סיי געבען אַלע פּראַוועס, ווייל די גלייכבערעכטיגונג פֿון אַלע בירגער איז דער יסוד פֿון יעדען ליבעראַליזם און גערעכטער קאָנסטיטוציאָנעלער פּאָליטיק.

דער ערשטער יודישער טעגליכער צייטונג איז אין דער שטורעם=און=דראַנג=תּקופֿה אויסגעקומען כּסדר צו פֿיהרען אַ שטרייט אויף צוויי פֿראָנטען: קעגען יענע, וואָס שטעהען אויפֿ'ן שטאַנדפּונקט, אַז יודען זענען פֿרעמדע אין לאַנד, טרעט אַרויס די צייטונג אין אַ רייה אַרטיקלען, וואו זי בעווייזט, אַז דאָס רוסישע לאַנד געהערט אָן אַלע פֿעלקער, וואָס וואוינען אין איהר, און יודען זענען דאָ נישט פֿרעמדע, נור גלייכע בירגער מיט אַלע אַנדערע. אין דער אייגענער צייט וויל „דער פֿריינד" געבען צו פֿערשטעהן דעם עולם, אַז ווען יודען ווילען באמת עפּיס ממשות'דיגס דערגרייכען; אויב זיי ווילען, זייערע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען זאָלען בעפֿרידיגט ווערען, אַזוי טאָרען זיי זיך ניט אָבטיילען פֿון אַנדערע פֿעלקער, פּאַרטייען, און זיי מוזען געהן פֿוס ביי פֿוס מיט די, וואָס אַרבייטען פֿאַר אַ קאָנסטיטוציאָנעלען מלוכה=סדר.

„כּל זמן דאָס נייע לעבען וועבט זיך נאָך ערשט, כּל זמן די צוקונפֿטיגע רעכטס=אָרדענונג ווערט נאָך בעשאַפֿען, איז נאָך נישט אויפֿגעבויט, זענען מיר, יודען, גלייך מיט אַנדערע טיילען פֿון דער רוסישער בעפֿעלקערונג פֿעראינטערעסירט דערין, אַז די דאָזיגע רעכטס=אָרדענונג זאָל וואָס גיכער אויפֿגעבויט ווערען. אַלץ, וואָס אָט די אַרבייט פֿאָדערט, דאַרפֿען מיר צושטעלען גלייך מיט אַנדערע. און דער נוצען, וואָס אַזאַ אַרבייט קאָן ברייגגען, גילט אויך פֿאַר אַלעמען גלייך" (1905, № 60).

„דער פֿריינד" פֿלייסט זיך כּסדר צו דערווייזען, אַז דער חשד, אַז די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען קאָנען אונז אָבנאַרען און נישט געבען די געווינשטע רעכט, האָט קיין יסוד נישט, ווייל „ביי די, וואָס שטרעבען אַליין צו די העכסטע מענשליכע אידעאַלען, וועלען אונזערע גערעכטע פֿאָדערונגען שטענדיג געפֿינען מיטגעפֿיהל און די נויטיגע שטיצע".

קעגען יענעם טייל פֿון אונזער בעפֿעלקערונג, וואָס האָט גלאַט מורא עפּיס צו טון, כּדי עס זאָלען אונז נישט שאָדען מעהר ווי אַנדערע, כּאָטש מען וועט גאָרנישט אויספֿיהרען, און די רעאַקציע וועט ווידער טריאומפֿירען, און וואָס רעכענען, אַז יודען וועלען סיי ווי סיי בעקומען זייערע רעכט, אויב דער קאָנסטיטוציאָנעלער געדאַנק וועט זיגען, טרעט „דער פֿריינד" אַרויס נישט איין מאָל און בעווייזט, אַז דאָס זענען פֿאַלשע טענות, וואָס קאָנען נור שאָדען דער יודישער בעפֿעלקערונג. ער זוכט צו בעווייזען, אַז בעת אַלע אַרבייטען פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט, טאָר די יודישע בעפֿעלקערונג נישט שטעהן פֿון ווייטען און פֿערלאָזען זיך אויף אַנדערע; אַז די רעאַקציע וועט אונז סיי ווי סיי נישט שאַנעווען, ווי מיר זאָלען זיך נישט פֿערהאַלטען צו דער פֿרייהייטס=בעוועגונג. די צייטונג דערקלערט ווייטער, אַז די בעסערע צייט פֿאַלט נישט אַראָב פֿון הימעל, מען מוז זי בעשאַפֿען מיט אייגענער מיה, מיט אייגענער אַרבייט, און וואָס מעהר מענשען עס אַרבייטען דערין, אַלץ זיכערער איז דער ערפֿאָלג. ווען יעדערער זאָל זיך פֿערלאָזען אויף אַנדערע, אַזוי וועט איבערהויפּט גאָרנישט אָבגעטאָן און גאָרנישט דערגרייכט ווערען, נישט פֿאַר דאָס לאַנד און נישט פֿאַר אונז. אַחוץ דעם וועט אונזער גאָרנישט טון אין דער רעכטער צייט שעדליך ווירקען אויף אונזערע אייגענע קרעפֿטען און מאַכען אונז נישט מסוגל צו דער בעסערער צוקונפֿט, אויף וועלכער מיר האָפֿען.

„אויב מיר וועלען איצונד זיצען מיט צונויפֿגעלעגטע הענד און גאָרנישט טון, בעת אַלעס אַרום ליידט פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט און שטרייט פֿאַר איהר, אַזוי וועט עס האָבען אַ שעדליכע ווירקונג אויף אונזער מאָראַלישער און פּאָליטישער בעוואוסטזיניגקייט. נור אין אַרבייט וואַקסען אויס די כּחות. נור אין לעבעדיגער געזעלשאַפֿטליכער=פּאָליטישער טעטיגקייט ווערט יעדער בירגער און יעדעס פֿאָלק פּאָליטיש רייף. אין טהאָן ליגט די בעסטע ערבֿות פֿונ'ם ענדליכען נצחון". (1905 — נומ' 65).

אין דער שטורעם=און=דראַנג=צייט האָט „דער פֿריינד" שטאַרק געאַרבייט אויף דער פּאָליטישער ערציהונג פֿון דער יודישער פֿאָלקס=מאַסע. און אויב די אַקטיווערע עלעמענטען פֿון יודישען בירגערטום זענען סוף כּל סוף אַרויס פֿון זייער פּאָליטישער גלייכגילטיגקייט און בעטייליגט זיך אין געזעלשאַפֿטליך=פּאָליטישען לעבען פֿונ'ם לאַנד, האָט דערין נישט קיין קליינעם חלק געהאַט אונזער ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג.

אַז מען בלעטערט איצטער דורך די נומערן פֿון „פֿריינד" פֿאַר דאָס יאָהר 1905, בעזונדערס אין דער צייט באַלד נאָך דעם אַרויסגאַנג פֿון דעם מאַניפֿעסט פֿון 17 אָקטאָבער, און מען לייענט זיינע אַרטיקלען, פֿול בעגייסטערונג פֿאַר דער פֿרייהייטס=בעוועגונג, פֿול גלויבען אין איהר באַלדיגען זיג, און מען דערמאָנט זיך, אַז דאָס איז געשעהן אין דעם מאָמענט, בעת די דאָזיגע פֿרייהייטס=בעוועגונג איז שוין געווען כּמעט ווי בעזיגט, דערטרונקען אין טייכען יודישע בלוט, קאָן אונז זיך דער דאָזיגער אָפּטימיזם אויסווייזען ווי עפּיס אַן אומפֿערשטענדליכער אונזין, ווי אַ פֿערברעכערישע קאַלטקייט צו דעם שוידערהאַפֿטען ליידען פֿון אייגענעם פֿאָלק. ווען אָבער מען שטעלט זיך פֿאָר יענעם טראַגישען מאָמענט און מען דערמאָנט זיך, אַז גראָד די יודישע ביטערסטע שונאים האָט זיך אַזוי געגלוסט צו זעהן אין די יודישע פּאָגראָמען דעם אויסבראָך פֿון פֿאָלקס=צאָרן און פֿאָלקס=נקמה, — מוזען מיר דאָך זאָגען, אַז אין דעם דאָזיגען, כ'וואָלט געזאָגט,

„צו להכעיס אָפּטימיזם“, בעווייזט זיך די אמת'ע יודישע פּסיכאָלאָגיע, יענע „גלות-פּסיכאָלאָגיע“, וואָס האָט דעם יודישען פאָלק געגעבען די קראַפט אַריבערצוטראָגען די שרעקליכסטע רדיפות און די גרעסטע אויסווייניגסטע און אינעווייניגסטע עניים. דער יוד האָט מעהר פון אַלע אַנדערע געליטען פון דער חיה, וואָס טרעט אַזוי אָפט אַרויס אין מענשען, מאַכט איהם אַזוי גרויזאַם און אַזוי העסליך. ער האָט אָבער טיעף אין האַרצען נישט אויפגעהערט צו גלויבען אין דעם געטליכען ניצוץ פון דער מענשליכער נשמה און אין ענדליכען זיג פון דעם דאָזיגען הימלישען פונק איבער די טירישע אינסטינקטען....

אַז דער אָפּטימיזם פון „פריינד“ אין יענער מורא'דיגער בין-השמשות-צייט, בעת די ליכטיגקייט מיט דער פינסטערניש האָבען געפיהרט זייער שרעקליכען קאַמף, נעמט זיך פון דער גאַנצער יודישער מאָראַל, פון יודישען גלויבען אין נצחון פון אמת און גערעכטיגקייט, בעווייזען כאָטש די פאָלגענדע צייליען:

„אויב אַלע מענשען זענען אַזוי פערדאָרבען, אַז זיי קאָנען גאָר נישט האָבען קיין מיטגעפיהל פאַר יודען; אויב ביי אַלע נישט-יודען קאָנען זיך איינלעבען די בעסטע און איידעלסטע געפיהלען מיט דער שנאה צו יודען; אויב אַלע מענשען זענען אויף אַזוי פיעל ניעדריג, אַז אַפילו די בעסטע און איידעלסטע פון זיי קענען רוהיג צוזעהן, ווי מען מאָרדעט אומשולדיגע קינדער, שוואַכע פרויען און זקנים — וואָס זשע פאַר אַ זין האָט דאַן דאָס גאַנצע מענשליכע לעבען, די מענשליכע געשיכטע? וואָס פאַר אַ אינטערעס האָט דענסטמאָל צו לעבען און צו שטרייטען (פאַר עפּיס העכערס)?“

אמת, דער ווערטאָג פון די „אָקטאָבער-פּאָגראָמען“ (פון די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע פּאָגראָמען) איז געווען אַזוי גרויס, האָט אַזוי געברענט דאָס האַרץ, די נשמה, האָט געמאַכט אַזוי מוטלויז, אַז ער האָט פעסימיסטיש געמאַכט אויף אַ ווײלע אויך „דעם פריינד“. אַזוי, צום ביישפּיעל, שרייבט ראָזענפעלד באַלד נאָך די אָקטאָבער-פּאָגראָמען:

„בשעת פּלעהאַנאָוו פּאָלעמיזירט מיט'ן „בונד“ און דערמאָנט איהם דאָס וואָרט „פּאַשפּאָרט“; בשעת מיחיילאָווסקי פּאָלעמיזירט מיט דעם יודען לעווינסקי און גיט איהם אָנצוהערעניש, אַז ווייל ער איז אַ יוד, פערשטעהט ער קיין רוסיש נישט; בשעת אושאַקאָוו דרש'ענט, אַז די ישועה פון יודען ליגט אין דער אַסימילאַציע; בשעת ס'רוב רוסישע שרייבער היטען זיך ספּעציעל צו ריידען וועגען יודען; בשעת די זעמצעס לאָזען קיין איין יודישען דאָקטאָר נישט צו אין קיין זעמסקען שפּיטאָל; בשעת די גרעסטע און פערברייטעסטע צייטונג איז גראָד די „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“ — געהט עס אַליין פון איין מקור: פון נישט-ליעבשאַפט צו יודען“ („פּערהיפּנאָטיזירטע לאָגיק“ 1905, №241).

דערפיהלענדיג אָבער, אַז דער לעצטער און נויטיגער שלום פון אַזאַ מין פעסימיזם איז — „דער ציוניזם“, דער אָבזאָג פון יעדען שטרייט פאַר רעכט אין גלות; בעמערקענדיג, אַז דער וואַרשעווער „טעלעגראַף“ נוצט אויס די מרה-שחורה-שטימונג, אום צו בעווייזען, אַז „יודען אַליין זענען שולדיג אין די פּאָגראָמען, ווייל, ווי לאַנג מיר וועלען בלייבען אין גלות, וועלען מיר בלייבען די שוואַכע, און ווי לאַנג מיר בלייבען די שוואַכע, וועט מען אונז טרעטען און רודפ'ען“ — דריקט אונטער „דער פריינד“ זיין אייגענעם פעסימיזם, און קוים איז אַראָב דער ערשטער שרעק פון די אָקטאָבער-פּאָגראָמען, טרעט די צייטונג אַרויס קעגען דער הערשענדער מרה-שחורה-שטימונג, זוכט צו בעווייזען, אַז ווי ווייט עס האָט זיך פאַר אונז אַנטפּלעקט אין דער פרייהייטס-בעוועגונג דער ווילען פונ'ם פאָלק, זעהען מיר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, די פּויערישע בעפעלקערונג, די בעוואוסטזיניגערע טיילען פון בירגערטום האָבען דייטליך זיך אַרויסגעזאָגט קעגען די „פּאַטריאָטישע“ העצעס קעגען יודען און פאַר גלייכבערעכטיגונג פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד, און ממילא איז ניטאָ קיין גרונד זיך מיאש צו זיין, און מען דאַרף זיך ווידער נעמען אַרבייטען. ווי מען זעהט, איז די יודישע בעפעלקערונג אין יענער גרויזאַמער צייט נוטה געווען נישט צו דער פעסימיסטישער זעלבסטבעשולדיגונג פונ'ם „טעלעגראַף“ און זיינע אויספיהרונגען, נור צו דער רוהיגערער, אָפּטימיסטישער אויפפאַסונג פון דער לאַגע, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געווען אינ'ם „פריינד“. און אַז עס איז שטילער געוואָרען, און דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך גענומען גרייטען צו די וואַהלען אין דער ערשטער גאָסודאַרסטווענע דומע — האָבען יודען גענומען דעם לעבהאַפטסטען אָנטייל אין דער וואַהל-קאַמפּאַניע, נישט געקוקט דערויף, וואָס „דער פריינד“ אַליין, אונטערפאַלענדיג אונטער דער השפּעה פון די ראַדיקאַלע שטרעמונגען אינ'ם לאַנד, האָט פּראָפּאַגאַנדירט דעם באָיקאָט פון דער ערשטער דומע, בעגעהענדיג דערמיט אַ געוואַלדיגען פעהלער. אין דעם פּרט האָט די יודישע בעפעלקערונג אַרויסגעוויזען מעהר פּאָליטישע בעוואוסטזיניגקייט, מעהר פערשטאַנד פאַר דעם פּאָליטישען מאָמענט, איידער — די ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג און איהרע ראַדיקאַלע פּאָליטיקער...

ניט קוקענדיג דערויף, וואָס אין פאָדערגרונד פון אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען איז געשטאַנען דער שטרייט פאַר גלייכבערעכטיגונג, ווייל דאָך די ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג אויך דענסטמאָל נישט אינגאַנצען איגנאָרירען אונזער אינעווייניגסט וועלטיל. אינטערעסאַנט איז, וואָס גראָד דענסטמאָל האָט „דער פריינד“ אָנגעהויבען מוטיגער אַרויסצוטרעטען פאַר די רעכט פון דער יודישער שפּראַך. נאָך אין יאָהר 1904 דרוקט ער אַ גייסטרייכען אַרטיקעל פון ה"ר גאַידאַראָוו (ד"ר זשיטלאָווסקי), וואו ס'ווערט אַרויסגעזאָגט דער דענסטמאָל נייער און איבערראַשענדער געדאַנק, אַז

„די יודישע שפּראַך איז נישט לשון-קודש, נאָר יודיש; און דער, וואָס לאַכט פון יודיש, לאַכט פון דעם יודישען פאָלק, און דער, וואָס קען נישט קיין יודיש, איז טאַקע, במחילה, אַ האַלבער „גוי“. „טייערער פון אַלע געשטאַלטען איז מיר מיין מאַמעס פּנים; ליעבער פון אַלע לשונות איז מיר מיין מוטער-שפּראַך!“

און שפּעטער אַמאָל שטעהט געשריבען אין „פריינד“:

„שוין צייט יודיש זאָל פאָדערן איהר רעכט אָפען און קלאָר; נישט דיענען אַן אַנדער שפּראַך, נישט אויסגענוצט ווערען פון אַן אַנדער שפּראַך דאַרף זי, — ניין, זי מוז זיך אַליין דיענען, זי מוז פאַר זיך אַליין אויסגענוצט ווערען“.

און ווייטער:

„יודיש לערנט, — אויב איהר ווילט זיין אַ גאַנץ פאָלק מיט אַ שפּראַך און מיט אַ ליטעראַטור; אויב איהר ווילט זיין אַ געבילדעט פאָלק, אויב איהר ווילט רייהען ווי מענשען מיט אַן'אייגענער, ריינער שפּראַך. זאָל יודיש ווערען ביי יעדערן פון

אונז אַ ציעל פאַר זיך. זאָלען מיר זיך אַלע נעמען פאַר פּראָסט יודיש, עס איסבעסערן, מאַכען עס רייך מיט ביכער, אַריינפיהרען עס אין דער יודישער שול.״

פון דער יודישער שפּראַך קומט „דער פריינד״ פּאַמעליך אַרויף צו דעם ברייטען געדאַנק פון נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, וואָס ווערט גאַנץ טיעף און גרינדליך אַרומגערעדט אין אַ רייה אַרטיקלען („צוקונפטס-פראַגען״, 1905, № 69 און ווייטער).

דער רוהיגער, אָפּטימיסטישער טאָן פון דער ערשטער יודישער טאָג-צייטונג אין דעם אויסערסט-שווערען און וויכטיגען מאָמענט פון אונזער לעבען, זיין איפּמונטערן דעם עולם צו אַרבייט פאַר אונזערע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט — געווינט איהם אין יענער צייט די גרעסטע סימפּאַטיע אין די ברייטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, ווי אין די בירגערליכע, אַזוי אויך אין די פּראָלעטאַרישע. „דער פריינד״ ווערט די פּאָפּולערסטע און פערשפּרייטעסטע צייטונג צווישען יודען און דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איהר אינעווייניגסטען איפבליהען און פון איהר השפּעה אויף דער געזעלשאַפט. דאָס איז געווען די גאָלדענע צייט פון דער ערשטער יודישער טאָג-צייטונג.

## V. דער קריזיס.

גרינג איז די אַרבייט פון אַ טעגליכער צייטונג אין רעוואָלוציאָנערע צייטען, אין די מאָמענטען פון געוואַלדיגע געזעלשאַפטליכע איבערקעהרענישען. די געזעלשאַפטליכע קרעפטען פונ'ם לאַנד צעטיילען זיך בלויז אין צוויי גרויסע, געגנערישע מחנות, וואָס שטרייטען פאַר דער אַלטער און פאַר דער נייער אָרדענונג. דער גאַנג פון פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען ווערט זעהר פעראיינפאַכט — אַלע פערוויקעלטע פראַגען און פּראָבלעמען ווערען אָבגעשטויסען אָן אַ זייט, און איין איינציג ציעל בעהערשט און בעגייסטערט אַלעמען: אָבצושטויסען אָדער בעפעסטיגען די נייע אָרדענונג, וואָס וויל אַריינצורייסען זיך אין דער געזעלשאַפט און פערנעמען אַ פעסטען אָרט.

די רוסלענדישע פרייהייטס-בעוועגונג מיט די גרויסע שטורעמס, וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט, האָט אויך פאַר אונז, יודען, אויף אַ ווייליע פעראיינפאַכט דאָס לעבען, אַוועקגעשטעלט אין פאָדערגרונד פון אונזער יודישער פּאָליטיק איין איינציג ציעל: די דערגרייכונג פון בירגערליכער און נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג. אָבער אָט לויפען אָב די שטורעמדיגע כוואַליעס פון דער פרייהייטס-בעוועגונג, ס'שטילען זיך איין אויך די יודישע פּאַראָמען, און ס'הויבט זיך אָן אַ שטילערע, רוהיגערע וואָכעדיגערע צייט. קיינער קאָן זיך נישט אָבגעבען קיין רעכענונג, וואָס איז אייגענטליך דערגרייכט געוואָרען, און וואו מען האַלט אין דער וועלט. געזיגט האָט, דוכט זיך, די רעאַקציע, און דאָך איז בעשאַפען געוואָרען עפּיס נייעס, אַוועקגעלעגט געוואָרען דער גרונדשטיין פאַר דער נייער צייט. ליכט און פינסטערניש שטרייטען ווייטער, אָבער דער שטרייט געהט מיט אַ רוהיגערן און טיעפערן טעמפּ. דאָס לעבען ווערט ווידער פערפּיעלזייטיגט, רופט כסדר אַרויס די פערשיידענאַרטיגסטע פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע פּראָבלעמען. אויך אין אונזער יודישען לעבען הויבט זיך אָן דער העכסט-וויכטיגער פּראָצעס פון פּאָליטישער דיפערענצירונג. ס'מערקען זיך דייטליכער אָן פערשיידענע געזעלשאַפטליכע שטרעמונגען, וואָס דאַרפען מיט דער צייט אויסבילדען ביי אונז נייע, פעסט-אָבגעגרעניצטע פּאַרטייען. אין דעם דאָזיגען העכסט-וויכטיגען און העכסט-פערפּלאָנטעטען מאָמענט פון אונזער נייעסטער געשיכטע, טרעט ווידער אַרויס איינע פון די גרעסטע טראַגישע סתירות פון אונזער יודישען לעבען, וואָס איז זעהר שווער צו בעזייטיגען: די יודישע בעפעלקערונג פיהלט, פון איין זייט, אַז זי קאָן נישט זיין רעאַקציאָנער שוין איבער דעם אַליין, וואָס די רעאַקציע איז שטענדיג אַנטיסעמיטיש, און וואָס פינסטערער עס איז אין לאַנד, אַלץ ערגער לעבט זיך יודען, אַלץ גרעסער אין אַכזריות'דיגער ווערען די רדיפות און גזירות אויף זיי. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט די פרייהייטס-בעוועגונג מיט איהרע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע שטרייטען פערטיעפט דעם פּראָצעס פון עקאָנאָמישער צעשפּאַלטונג, וואָס האָט זיך שוין נאָך פריהער אָנגעהויבען אין דער יודישער בעפעלקערונג. די שטרייקען האָבען בולט'ער געמאַכט די גרעניצען צווישען דער יודישער בורזשואַזיע און דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, שאַרפער אַרויסגעשטעלט דעם געגענזאַץ צווישען זייערע לעבעדיגסטע אינטערעסען און ציעלען. די איבערגעלעבטע פרייע צייט האָט בעוואוסטזיניגער געמאַכט נישט נור דעם יודישען אַרבייטער, אָבער אויך דאָס יודישע בירגערטום. די עקאָנאָמישע דיפערענצירונג, דער פעסטער אָבגרעניצען זיך פון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט זיינע פאָדערונגען, האָבען געמוזט אַרויסרופען נישט נור ביי אונזערע גרעסערע קאַפּיטאַליסטען, אָבער אויך אין דער גרויסער מאַסע פון אונזערע קליין-בירגער (קליינע הענדלער און האַנדווערקער) — רעאַקציאָנערע טענדענצען, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ שאַרפער סתירה מיט זייער אָפּאָזיציאָנעלער שטימונג. אונטער דער השפּעה פון די דאָזיגע רעאַקציאָנערע טענדענצען, וואָס האָבען זיך צום טייל, פערשטאַרקט אַ דאַנק די אָקטאָבער-פּאָגראָמען, שטייגט אין געוויסע שיכטען פון דער יודישער בירגערליכער בעפעלקערונג דער וואונש, וואָס ווייטער אָבצוגעהן פון די ראַדיקאַלערע פּאַרטייען, פון זייערע אידעאַלען און טאַקטיק. עס הויבען זיך אָן בעוויזען אויף דער יודישער גאַס רעאַקציאָנערע עלעמענטען, וואָס ווילען אַפילו הורכאים גילטען פאַר „שוואַרצע מאות״. די דאָזיגע יודישע שוואַרצע מאות פּרובען זיך בעשאַפען זייער איינענע אידעאָלאָגיע.

„ס'איז אַ טעות — שרייבט איינער פון די דאָזיגע שוואַרץ-מאה-אידעאָלאָגען אין זיינעם אַ בריעף צום „פריינד״*, ווען מען פערגלייכט די יודישע שוואַרצע מאות מיט אַנדערע נישט-יודישע רעאַקציאָנערען. דאָס ציעל פון די נישט-יודישע שוואַרצע מאות איז אָנצופאַלען אויף דעם צווייטען בחנם על לא דבר (אומזיסט-אומנישט). יודישע שוואַרצע מאות זענען אָבער קיין זאַך נישט אויסען ווי נור צו פערהיטען זיך פון די פינסטערע פּאָגראָמען און רציחות, וואָס, ווי אונז דוכט זיך, זענען אַ שטיק שולדיג אין דעם „אונזערע „היציגע יונגע לייט״. דאָס גאַנצע פאָלק קאָן נישט לעבען מיט הויכע אידעאַלען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, קאָן נישט שטאַרבען איבער זיי. מען קאָן נישט פאָדערן פון אַ מיטעלען יו-

* אייגענטליך „דאָס לעבען״, ווייל „דער פריינד״ איז צוגעמאַכט געוואָרען דעם 3-טען דעצעמבער 1905 פאַר אָבדרוקען דאָס מאַניפעסט פונ'ם קאָמיטעט פון די אַרבייטער-דעפּוטאַטען. „דער פריינד״ האָט אויף אַזאַ אופן געמוזט משנה-שם זיין און איז ביז 6-טען יולי 1906 אַרויס אונטער דעם נאָמען: „דאָס לעבען״.

דען, ער זאָל מפקיר זיין זיך, זיין ווייב און קינדער און גאָר זיין פֿערמעגען, וואָס ער האָט ביטער פֿערהאָרעוועט, צוליעב די הויכֿע געדאַנקען פֿון היציגע יונגע לייט (געמיינט דערהויפּט די ראַדיקאַלע פּאַרטייען ביי אונז און איסער אונז). און דערום, ווען עס זאָלען ביי אונז ווערען אַזוינע שוואַרצע אלפים, נישט נור מאות, האָבען מיר זיך נישט וואָס צו חידוש'ען דערויף".

אום צו בעזיגען די אינעווייניגסטע יודישע רעאַקציע, ווי נישט איז אָבצושוואַכֿען די שׂנאה פֿון דער בירגערליכֿער בעפֿעלקערונג צו די ראַדיקאַלע אידעאַלען, פּרובֿט „דער פריינד" דערווייזען דער בירגערליכֿער בעפעלקערונג, אַז דער פּראָלעטאַרישער אידעאַל איז אויסען אָבצושאַפֿען פֿון דער געזעלשאַפֿט די נויט און די אָרימקייט בכלל, אַז ער שטרעבט צו בעשאַפֿען אַזאַ אָרדענונג, וואו „אַלע מענשען וועלען זיין גלייך פֿריי און גלייך גליקליך".

דער „פריינד" מאַכֿט אַ שריט ווייטער און פּרובֿט דערווייזען, אַז אונזער שטרעבען צו אַ זעלבשטענדיג נאַציאָנאַל לעבען שטאַמט פֿון דעם דעמאָקראַטישען פּרינציפּ און קאָן נור פֿערווירקליכֿט ווערען, ווען דער דאָזיגער פּרינציפּ וועט ווערען דער יסוד פֿון דער געזעלשאַפֿטליכֿער אָרדענונג:

„דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ שטרעבט אין פּאָליטישען פּרט—צו פֿרייהייט, אין געזעלשאַפֿטליכֿען — צו גלייכֿהייט, און אין נאַציאָנאַלען צו בעוואָהרענען די רעכֿט פֿון אַלע איינצעלנע נאַציאָנען.

„אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, זי מעג זיין ווי פֿריי און גערעכֿט, בלייבט שטענדיג אַ גרויסער פּלאַץ פֿאַר די אונטערדריקונג פֿון די ברייטע, עקאָנאָמיש-שוואַכֿע געזעלשאַפֿטליכֿע מאַסען. אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, ווי דעמאָקראַטיש (אין פּאָליטישען זין) זי זאָל נישט זיין איינגעאָרדענט, בלייבט דאָך אַ ברייטער פּלאַץ פֿאַר קאָנקורענץ און שׂנאה, און ממילא בלייבט אַ גרויסער רוים פֿאַר דעם נאַציאָנאַלען שאָוויניזם, וואָס רודפֿ'ט און דריקט אַלע שוואַכֿערע און קלענערע נאַציאָנען. איפ'ן ערשטען פּלאַץ אונז יודען".

על כן „וועט די פֿערשאָלטענע יודישע פֿראַגע אויף אייביג אָבגעשאַפֿט ווערען בלויז דאַן, ווען עס וועט מקוים ווערען אין לעבען דער העכֿסטער פּרינציפּ פֿון סאָציאַלער גלייכֿהייט", און עס וועט נישט זיין אין דער געזעלשאַפֿט ניט קיין שטאַרקע און נישט קיין שוואַכֿע.

קורץ, דער „פריינד" וויל מאַכֿען די גאַנצע יודישע בעפֿעלקערונג פֿאַר דעמאָקראַטען.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז די דאָזיגע „פּשרה-געדאַנקען" האָבען זייער ציעל נישט געקאָנט דערגרייכֿען. צו אָפֿט האָבען זיך די לעבעדיגע, געגענווערטיגע אינטערעסען פֿון יודישע בעל-הבית'ישע קלאַסען בעגעגענט און געמוזט שטרייטען מיט די אינטערעסען און פֿאָדערונגען פֿון זייערע אַרבייטער, פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס האָט דוקא בעשאַפֿען ביי דעם בעוואוסטזיניגסטען טייל פֿון יודישען בירגערטום אַ נאַטירליכֿע אָבנייגונג צו דעם פּראָלעטאַריער מיט זיינע ראַדיקאַלע אידעאַלען. מיט „צוקונפֿט-מוזיק" קאָן מען אַ פּראַקטישען, בעל-הבית'ישען מענשען נישט בעצויבערן. און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די בירגערליכֿע קלאַסען האָבען אין „פריינד" דערזעהן אַ פּראָלעטאַרישע צייטונג, וואָס האָט זיי פֿון זיך געמוזט אָבשטויסען.

פֿון דער אַנדער זייט האָט דער יודישער אַרבייטער געזעהן אין דער „פּשרה-מאַכֿעריי" פֿון „פריינד", אין זיין שטענדיגען ווענדען זיך צו די בורזשואַזישע מאַסען מיט דעם אָנבאָט פֿון „פּראָלעטאַרישע אידעאַלען", אַ פֿאַלשען גאַנג פֿון אַ בירגערליכֿער צייטונג. אין דעם, וואָס „דער פריינד" האָט געזוכֿט צו בעווייזען, אַז אַלע יודען מוזען זיין דעמאָקראַטען אין ווייטסטען זין פֿונ'ם וואָרט, האָט דוקא דער בעוואוסטזיניגער אַרבייטער געזעהן דעם שטרעבען צו פֿערטונקעלען די פּראָלעטאַרישע פּסיכאָלאָגיע, אָבצומעקען די נאַטירליכֿע שׂנאה, די נאַטירליכֿע גרעניץ, וואָס טיילט אָב די „בירגער" פֿון די אַרבייטער. און וואָס דעמאָקראַטישער די צייטונג האָט געזוכֿט צו זיין, אַלץ מעהר אומצוטרוי האָט זי בעגעגענט אין די פּראָלעטאַרישע קרייזען.

די גרעסטע סתירה פֿון אונזער לעבען האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען ביי דער אויסבילדונג פֿון אונזערע געזעלשאַפֿטליכֿע שטרעמונגען און פּאַרטייען, — וואו די דעמאָקראַטישע מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען אונזערע זענען געווען צונויפֿגעפֿלאָכֿטען און אָפֿט געשטאַנען איינע צו די אַנדערע אין פֿולשטענדיגען ווידעראַנאַנד; וואו ריינע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען (צום ביישפּיעל, די פֿראַגע וועגען יודישער קולטור און שפּראַך) זענען אָפֿט פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין פּאַרטיי-פֿראַגען (ציוניסטען און אַנטי-ציוניסטען) און פֿערקעהרט, פּאָליטישע פּאַרטיי-ענינים (דער קלאַסען-קאַמף ווערט פֿער'משפּט אַלס דער צעשטערער פֿון דער נאַציאָנאַלער אחדות; די וואַהל פֿון יודישע קאַדעטען אָדער דעמאָקראַטישע ניט-יודען און אַז. וו.) זענען מגולגל געוואָרען אין נאַציאָנאַלע פֿראַגען. דער „פריינד" האָט געפּרובֿט בלייבען אומפּאַרטייאיש. אומפּאַרטייאיש זיין הייסט אַזוי פֿיעל, ווי אָנערקענען די נויטיגקייט פֿון יעדער פּאַרטיי אויף איהר אַרט, גלייך גערעכֿט זיין צו אַלע פּאַרטייען און זייערע גרונדפּרינציפּען, און אָנווייזען יעדער פּאַרטיי איהרע פֿעהלער, אַרויסגעהענדיג בלויז פֿון איהרע אייגענע גרונד-פּרינציפּען און ציעלען. דער „פריינד" האָט אָבער נישט אַזוי געטאָן: אָנשטאָט צו שטעלען זיך איבער די פּאַרטייען, טומעלט זיך די ערשטע יודישע צייטונג צווישען זיי, פֿאַלט אויף זיי כסדר אָן איפ'ן שאַרפֿסטען אופֿן: די „פֿאָלקס-גרופּע" איז די פֿערטרעטערין פֿון דער יודישער גרויס-בורזשואַזיע און איהרע אַסימילאַטאָרישע טענדענצען, איז נישט מעהר ווי אַ פֿיליאַלע פֿון די יודישע קאַדעטען (№ 27 — 1907); די דעמאָקראַטישע גרופּע איז נישט גענוג נאַציאָנאַליסטיש און בעשטעהט פֿון לויטער אינטעליגענטען-גענעראַלען (№ 24 — 1907); די ציוניסטישע פּאַרטיי איז שוין מגולגל געוואָרען אין אַן אָבטיילונג פֿון דעם „אָדעסער קאָמיטעט" און איז געבליבען בלויז מיט איהר שילד אויף דער טיר פֿון דעם ענגערן אַקציאָנס-קאָמיטעט אין קעלן אָדער בערלין (№ 187 — 1907), און גאָר די אומשולדיגע „פֿאָלקס-פּאַרטיי" בעקומט אַ חלק פֿונ'ם „פריינד", ווייל זי מאַכֿט חנ'דלעך מיט'ן ציוניזם און וויל כלומר'שט יוצא זיין פֿאַר אַלעמען (№ 71 — 1907); דער „בונד" שלעפּט זיך נאָך דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט און איז, אין גרונד גענומען, אַסימילאַטאָריש; די ציוניסטען-סאָציאַליסטען זענען פּשוט פּאָליטישע בטלנים, און זייער טעריטאָריאַליסטישער פּרינציפּ איז אַן איינפֿאַכֿע אוטאָפּיע, וואָס איז סותר זייער אייגענע טעאָריע (№ 184 — 1907); די „סיימיסטען" זענען איבערגעניצעוועטע „ס.-סען", און

אַז. וו., א. אַז. וו. — מען קאָן אפשר נישט שטאַרק תּרעומות האָבען אויפ׳ן „פֿריינד“, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פֿונאַנדערקלייבען זיך אין דעם צו גרויסען פּאָליטישען „פּאַרטיי=פּלאָנטער“, וואָס איז בעשאַפֿען געוואָרען אויף דער יודישער גאַס. ס׳איז אויך ריכטיג, אַז אַ טייל „פּאַרטייען“ און „גרופּעס“ האָבען צו בולט געטראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פֿון „יחידים“, האָבען געהאַט וועניג אָנהענגער אין די ברייטערע שיכטען פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג, און געווים האָבען זיי פֿערדיענט, מען זאָל זיי קריטיקירען, אויפֿדעקען זייערע שוואַכקייטען און פֿעהלערן. „דער פֿריינד“ האָט אָבער זעהר אָפֿט די דאָזיגע קריטיק נישט געפֿיהרט מיט דעם נויטיגען ערנסט, מאַנכמאָל אַראָבגעלאָזט זיך צו שפּאָט און חוזק=מאַכעריי, און דאָס, נאַטירליך, האָט נישט וועניג געשאָדט דער ערשטער טעגליכער צייטונג אונזערער און נישט וועניג פֿערהאַלפֿען, אָבצושטויסען פֿון איהר — די לעזער.

מען מוז אָבער מוסיף זיין, אַז אויך אין יענער צייט האָט „דער פֿריינד פֿיעל געטאָן, אום צו פֿערטיפֿען דעם פּאָליטישען בעוואוסטזיין פֿון דער פֿאָלקס=מאַסע און אויסבילדען ביי איהר ריכטיגע השגות וועגען איהרע התחייבות׳ען און רעכט אַלס בירגער אין לאַנד. מיט זיין שאַרפֿער קריטיק האָט „דער פֿריינד“ מיט ערפֿאָלג געקעמפֿט קעגען די רעאַקציאָנערע טענדענצען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען בעווייזען אויף דער יודישער גאַס, ווי אויך קעגען די אַלטע שתּדלנות=גענג, וואָס האָבען ווידער אָבגעלעבט אין אונזער געזעלשאַפֿט מיט דעם זיג פֿון דער רעאַקציע. ער האָט ערנסט און מיט ליעבע בעהאַנדעלט די פֿערשיעדענסטע ערשיינונגען פֿון אונזער קולטורעלען לעבען, נישט אויפֿגעהערט צו בעקעמפֿען די יאוש=שטימונג, וואָס פֿערשפּרייט זיך אַלץ מעהר צווישען יודען, נאָכדעם ווי די יודישע בעפֿעלקערונג פֿיהלט אַלץ טיעפֿער די גאַנצע ביטערקייט פֿון דער „רוסלענדישער קאָנסטיטוציע“, און אויפֿצומונטערן, וועניגסטענס, די שטאַרקערע און טעטיגערע עלעמענטען צו ווייטערדיגער אַרבייט, צום ווייטערדיגען שטרייט פֿאַר אונזערע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט.

ליידער אָבער איז דער יאוש אין דער יודישער סביבה אַ צייט לאַנג געווען אַזוי גרויס און טיעף, אַז די ברייטע שיכטען פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג הערען בכלל אויף צו אינטערעסירען זיך מיט ערנסטע, געזעלשאַפֿטליכע פּראָבלעמען: דער לעזער האָט אויפֿגעהערט אויף אַ ווײַלע צו זוכען אין דער טעגליכער פּרעסע טרייסט און האָפֿנונגען, בעלעהרונג און אויפֿמונטערונג, — ער האָט נור פֿערלאַנגט איין זאַך פֿון דער טאָג=צייטונג: זי זאָל איהם העלפֿען זיך צו צעשטרייען, זי זאָל אָבווענדען זיינע בליקען פֿון דער גרויזאַמער, אומדערטרעגליכער=ווירקליכקייט און זאָל איהם געבען די מעגליכקייט, כאָטש אויף אַ ווײַלע זיך צו פֿערגעסען...

דאָס דאָזיגע בעדערפֿעניש פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג האָט בעפֿרידיגט, על צד היותר טוב, דער נייער טיפּ צייטונג, וואָס האָט זיך בעוויזען אויף דער יודישער גאַס. די לעזער האָבען זיך מיט אימפּעט אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף דער נייער צייטונג — און די ערנסטע, פּובליציסטיש=ליטעראַרישע ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג האָט געמוזט אָבטרעטען איהם דעם אָרט.

די ערשטע יודישע טאָג=צייטונג איז געוואָרען אַ קרבן פֿון די אינעווייניגסטע סתירות פֿון אונזער פֿאָלקס=לעבען...

## VI שלום.

דער טעמפּער יאוש, די גלייכגילטיגקייט צום געזעלשאַפֿטליכען לעבען געדויערט אָבער נישט לאַנג. די פֿרייהייטס=בעוועגונג האָט צו טיעפֿע שפּורען איבערגעלאָזט אויך אין אונזער יודישער וועלט, האָט אויפֿגעוועקט אונזערע אינעווייניגסטע געזעלשאַפֿטליכע קרעפֿטען, וואָס האָבען באין אופֿן נישט געקאָנט לאַנג שטעהן בלייבען אויפֿ׳ן טויטען פּונקט. מען הויבט אָן מערקען סימנים פֿון נייער, פֿרוכטבאַרער, ווען אויך קליינער אינעווייניגסטער אַרבייט. עס גרינדען זיך פֿעראיינען פֿאַר ליטעראַטור, פֿאַר דראַמאַטישער קונסט און געזאַנג. עס פֿערמעהרען זיך די צאָהל יודישע קאָאָפּעראַטיוען. די גרעסערע יודישע געזעלשאַפֿטען הויבען אָן ברייטער צו אַרבייטען. די נייע טענדענצען, וואָס הויבען זיך אָן צו וועבען אין די טיעפֿסטע טיעפֿענישען פֿון אונזער יודישען לעבען, געפֿינען אָבער אַ שוואַכען אָבקלאַנג אין דער יודישער סביבה אין פּעטערבורג, וואָס איז אָבגעריסען, דערווייטערט פֿון יודישען תּחום, פֿון יודישען באָדען. די ערשטע יודישע טעגליכע צייטונג פֿיהלט עס, — און זי וואַנדערט איבער אין גרעסטען צענטער פֿון יודישען תּחום, קיין וואַרשע.

אמת, אין דער צייט האָט זיך די גאַנצע יודישע פּרעסע שטאַרק פֿערברייטערט און געוואונען אַ גרויסען איינפֿלוס אויפֿ׳ן יודישען לעבען. עס ווערען געבוירען נייע צייטונגען. די יודישע פּרעסע פּרובט אויף איהר שניט און שטייגער געבען אַן ענטפֿער אויף די פֿראַגען פֿון אונזער לעבען, און די ערשטע יודישע טאָג=צייטונג איז שוין נישט אַליין אויפֿ׳ן פּלאַץ. פֿונדעסטוועגען פֿערנעמט זי דאָך אויך איצט אַ בעזונדער שטעל: זי האָט זיך צוגעפּאַסט צו די דעמאָקראַטישע שיכטען פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג, צו וועלכע זי האָט שטענדיג געפֿיהלט אַ גרויסע צונייגונג. זי היט אָב איהר ראַדיקאַלע ריכטונג, קעמפֿט שאַרפֿער פֿון אַנדערע קעגען דער רעאַקציע אין אונזער יודישען לעבען, און דאָס גיט איהר דאָס רעכט אויף אַ ווייטערדיגען קיום....

ווי אָבער ס׳זאָל נישט זיין דער גורל פֿונ׳ם „פֿריינד“ אין דער צוקונפֿט, מוז מען דאָך צוגעבען, אַז ביי אַלע חסרונות פֿון דער ערשטער טעגליכער צייטונג, ביי אַלע פֿעהלערן, וואָס זי איז בעגאַנגען, איז זי דאָך שטענדיג געווען אַ מעכטיגער קולטורעלער און געזעלשאַפֿטליכער פֿאַקטאָר אין אונזער פֿאָלקס=לעבען, וואָס האָט זיך דערוואָרבען אַ קענטיגען און בכבוד׳יגען אָרט אין אונזער געזעלשאַפֿט און אין אונזער פּרעסע.

וועגען דער ראָלע, וואָס דער „פֿריינד“ האָט געשפּיעלט די לעצטע עטליכע יאָהר אין די פֿערשיעדענסטע מאָמענטען פֿון אונזער סאָציאַלען און נאַציאָנאַלען אויפֿלעבען, ווי אויך וועגען דער בעזונדער שטעל, וואָס אונזער ערשטע יודישע צייטונג פֿערנעמט צווישען דער יודישער טעגליכער פּרעסע, איז דאָ פֿיעל צו רעדען. דאָס איז אָבער אַ טעמע, וואָס צו איהר וועל איך זיך אפֿשר אומקעהרען ביי דער אַלגעמיינער בעטראַכטונג פֿון דער יודישער פּרעסע און איהר בעדייטונג אין דער נייער צייט.

———

ד״ר א. מוקדוני.

# דער רעפּערטואַר פֿונ׳ם יודישען טעאַטער אין רוסלאַנד פֿאַר דעם יאָהר תרע״ב.

עס איז כּמעט אוממעגליך צו געבען אַ גענויעם בעריכט וועגען דעם יודישען רעפּערטואַר פֿאַר אַ גאַנץ יאָהר. אין משך פֿונ׳ם יאָהר תרע״ב איז דורכגעלאָפֿען געוואָרען דער גאַנצער רעפּערטואַר-אַרכיוו, וואָס דער יודישער טעאַטער פֿערמאָגט. עס איז געוואָרען איבערגעשפּיעלט כּמעט אַלץ, וואָס איז געשאַפֿען געוואָרען פֿון גאָלדפֿאַדען ביז דעם לעצטען שטיק פֿונ׳ם יודיש-אַמעריקאַנישען רעפּערטואַר. און פֿערצייכענען אַלץ, וואָלט געהייסען צוזאַמענשטעלען אַ קאַטאַלאָג, וואָס איז ווייניג אינטערעסאַנט. אַזאַ קאַטאַלאָג, ווען ער וואָלט אַפילו נויטיג געווען, איז אויך אוממעגליך צוזאַמענצושטעלען ווי געהעריג איז.

עס איז אויך שווער פֿעסטשטעלען די ריכטיגע מחברים פֿון צעהנדליגער אָפּערעטעס, דראַמעס און קאָמעדיעס און דעם יאָהר, ווען זיי זענען צום ערשטען מאָל אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען. אינ׳ם יודישען טעאַטער הערשט אַ כאַאָס און אַ הפקר אין דעם פּרט. דעם זייטיגען מענשען וועט חידושען דער מערקווירדיגער פֿאַקט, וואָס די מחברים פֿון דעם רוב יודישע אָפּערעטעס זענען די יודישע טעאַטער-דירעקטאָרען אַליין: קאַמינסקי, פֿישזאָן, שבתי, קאָמפּאַנייעץ און אַנדערע... נור דער וויסען, אַז די הערמאָנטע טעאַטער-דירעקטאָרען זענען ניט בכּח אָנצושרייבען וואָסער עס איז טעאַטער-שטיק, פֿיהרט אייך אַרויף אויפֿ׳ן געדאַנק, אַז איהר דאַרפֿט זוכען דעם אמת׳ן מחבר. און ניט אַלע מאָל געפֿינט מען, אַז מען זוכט.

דער טעאַטער-דירעקטאָר בייט אים דעם נאָמען פֿונ׳ם שטיק, די נעמען פֿון די פּאַרשוינען און אַמאָל אויך דעם אינהאַלט. זעהר פֿיעל יודישע טעאַטער-שטיק האָבען ניט זוכה געווען געדרוקט צו ווערען, און איהר קאָנט זיי גאָר ניט בעקומען צום לעזען. איהר מוזט אין דעם פֿאַל נור פֿערלאָזען זיך אויף אייער זכרון אָדער אויפֿ׳ן זכרון פֿון אַן אַנדערן, וואָס האָט אַמאָל געזעהן דאָס שטיק. איהר הויבט אָן „פֿאָרשען״. דער נעפּע׳ וועט ב סלעכוויז שיטער׳ער, און איהר דערגעהט, למשל, אַז מיט אַ סך יאָהרען צוריק האָט אַן אַמעריקאַנער טעאַטער-דירעקטאָר מיט׳ן נאָמען באָרים טאָמאַשעווסקי אָנגעשריבען אַן אָפּערעטע, וואָס הייסט „די גרינע מויד״. דעם אינהאַלט האָט ער גענומען פֿון שמ״רס אַ ראָמאַן, מוזיק — קאָמבינירט פֿון לאַטיינערס אַן אָפּערעטע און קופּלעטען עפּיס פֿון אַן אַנדערן. ווערט אין וואַרשוי אויפֿגעפֿיהרט אַ שטיק מיט׳ן נאָמען „די לצים״. דער מחבר איז קאַמינסקי. דאָס איז אָבער טאָמאַשעווסקי-שמ״ר-לאַטיינערס אַ שטיק. און ניט נור בנוגע אָפּערעטעס הערשט אַזאַ הפקר, פֿאַרהאַן צעהנדליגער דראַמעס, וואָס טראָגען אויף זיך אַ פֿרעמדען נאָמען.

די סיבות פֿון אָט די גלגולים זענען פֿערשיידענע. איך וויל נור אָנווייזען אויף די סאַמע וויכטיגע. אינ׳ם יודישען טעאַטער ווערט נאָך ביז היינט אָפֿיציעל געשפּיעלט דייטש. דער צענזורירטער עקזעמפּלאַר איז אַ דייטשער. דער דייטשער עקזעמפּלאַר איז אָבער בלויז אַ קאָנספּעקט פֿונ׳ם יודישען אָריגינאַל. עס איז אַן עקזעמפּלאַר, וואָס איז נויטיג בלויז פֿאַר אַדמיניסטראַטיווע פֿאָרמאַליטעטען. עס האָבען זיך אויסגעבילדעט ספּעציאַליסטען צו מאַכען דייטשע „צענזורקעס״. די ספּעציאַליסטען זענען על פּי רוב די טעאַטער-דירעקטאָרען. ווען איינער נעמט אַ דראַמע און שאַפֿט זי איבער אין אַ „צענזורקע״, איז עס באמת אַ נייע „ליטעראַרישע שאַפֿונג״ פֿונ׳ם צענזורקע-מאַכער, און מען דאַרף אויף איהם קיין פֿאַראיבעל ניט האָבען, ווען ער כּתיבה׳ט זיין נאָמען אויף איהר. די „צענזורקע״ האָט אַ ווערט, ווייל זי איז אַ זאַך, וואָס קאָסט געלד, אַ דראַמע אין יודיש קאָסט קיין געלד ניט. דעם ווערט בעקומט די דראַמע בלויז דורך דער „צענזורקע״. די צענזורקע איז אַ שטיקעל טעאַטער-אינווענטאַר, און כּדי צו פֿערזיכערן, אַז די צענזורקע זאָל בלייבען זיין אייגענטום, שטעלט דער טעאַטער-דירעקטאָר אַרויף זיין נאָמען אויף איהר.

עס איז פֿאַרהאַן נאָך אַ סיבה. ווי עס איז בעקאַנט, בעוואָרענט זיך יעדער פֿערפֿאַסער, אַז ער זאָל בעקומען האָנאָראַר, ווען זיין שטיק ווערט אויפֿגעפֿיהרט אין אַ טעאַטער. ס׳רוב טעאַטער-פֿערפֿאַסער, פֿערשרייבען זיך אַלס מיטגליעדער אין דעם „פֿעראיין פֿון רוסישע דראַמען-שרייבער״. דער פֿעראיין מאָנט אויף דרוך זיינע אַגענטען האָנאָראַר פֿון יעדער פֿאָרשטעלונג. אום צו בעפֿרייען זיך פֿון דער איבעריגער הוצאה, נעמט מען וואָסער עס איז דראַמע אָדער קאָמעדיע, מען בייט אים דעם נאָמען, די האַנדלונג, מען שטעלט אַריין עטליכע קופּלעטען און מען שרייבט אָן אויף זיי דעם אייגענעם נאָמען.

חוץ די דאָזיגע סיבות, האָבען יודישע טעאַטער-דירעקטאָרען סתם אַ שוואַכקייט צו פֿיגורירען אַלס פֿערפֿאַסער. אַרויסשטעלען וואָסער עס איז פֿערפֿאַסער אַלס רעקלאַמע, אָדער אַלס שטילע פֿערזיכערונג, אַז די שטיק איז גוט, ליטעראַריש, סענסאַציאָנעל, איז מען זיך ניט נוהג אין יודישען טעאַטער. מען האַלט דאָרט ניט פֿונ׳ם מחבר. דער איינציגער נאָמען, וואָס מען האַלט איהם אין יודישען טעאַטער פֿאַר וויכטיג, איז יעקב גאָרדין. זיין נאָמען בעהאַלט מען ניט, מען שטעלט איהם אַרויס און מען מאַכט אונטער איהם גראָבע פּאַסען.

עס זענען דאָ נאָך צופֿעליגע סיבות, וואָס מאַכען, אַז דער נאָמען פֿונ׳ם פֿערפֿאַסער זאָל פֿערשוואונדען ווערען. די לעצטע יאָהרען, למשל, ווערט דער גאַנצער יודישער רעפּערטואַר טראַנספּאָרטירט פֿון אַמעריקע. געוועהנטליך קומט מען ניט צום פֿערפֿאַסער קויפֿען זיין שטיק. מען בעקומט על פּי רוב אַרויס דורך דער הינטערטיר, דורכ׳ן סופֿלער, דורך אַן אַרטיסט, וואָס געדענקט די שטיק אויף אויסווייניג און נאָך אַזעלכע מיטלען. דאָס ווערט געמאַכט אין גרויס אײַלעניש, מען לאָזט דורך גאַנצע דיאַלאָגען, סצענעס, וואָס זענען, פֿערשטעהט זיך, נאָך וויכטיגער פֿאַר׳ן נאָמען פֿונ׳ם מחבר. אויף אַזאַ אופֿן איז מעגליך געוואָרען צו אָריענטירען זיך אינ׳ם בארג שמות, וואָס מען רופֿט אויפֿ׳ן מאָדערנעם לשון „רע-

פערטואַר". איך וויל, בכן, מוסר־מודעה זיין, אַז מיין בעריכט וועט ניט זיין ריין פון טעותן.

II

שוין אין יאָהר תר״ע האָט דער יודישער טעאַטער דורכגעלעבט אַ שרעקליכען קריזיס. די „ליטעראַרישע טרופּעס" זענען פונאַנדערגעפאַלען געוואָרען. גאָרדינס רעפּערטואַר איז אָבגעשפּיעלט געוואָרען, קיין נייע דראַמעס און קיין נייע אָפּערעטעס האָבען זיך ניט בעוויזען. עס האָט פאַקטיש געהאַלטען דערביי, אַז פיעל טעאַטערס זאָלען פערמאַכט און פיעל טרופּעס פונאַנדערגעלאָזט ווערען. איז פּלוצלונג אַן אומגעריכטער גליק געקומען און האָט דעם יודישען טעאַטער געראַטעוועט: פון אַמעריקע האָט מען בעקומען צוויי אָפּערעטעס, וואָס האָבען מיט אַמאָל אויפגעלעבט דעם גוסס.

איז אָנגעקומען די אָפּערעטע פון אנשיל שאר „אַ מענש זאָל מען זיין". די „פעראייניגטע טרופּע", ד. ה. קאַמינסקי׳ס „ליטעראַרישע" טרופּע אָהן מאַדאַם קאַמינסקי, האָט די ערשטע דעם אוצר געכאַפּט, באַלד נאָך איהר האָט דער טעאַטער „עליזעאום" די אָפּערעטע אויפגעפיהרט און אַ ביסעל שפּעטער — דער דריטער וואַרשעווער טעאַטער — פון קאָמפּאַנייעץ.

דער אינהאַלט פון דער אָפּערעטע איז פאָלגענדער:

אַ בוכהאַלטער פערליעבט זיך אין דער טאָכטער פון זיין בעל־הבית. זיי האָבען שטיל חתונה און אַנטלויפען קיין אַמעריקע. דער בעל הבית, דער יחסן און עושר, ווערט אַ יורד, אַן אביון און פאָהרט אויך ווי זיינע קינדער קיין אַמעריקע... דער מוסר־השכל איז: געלד איז קיילעכדיג. היינט איז עס ביי איינעם, מאָרגען ביי אַ צווייטען, יחוס איז אויך גאָר ניט ווערט, דער עיקר — אַ מענש זאָל מען זיין!

די אָפּערעטע האָט עטליכע פרעהליכע קופּלעטען, אַמיזאַנטע סצענעס (פרויען אין באַדע־קאָסטיומען) און לייכטע מוזיק. דער ערפאָלג פון דער אָפּערעטע דערקלערט זיך הויכדעם, וואָס זי איז געווען, אַזוי צו זאָגען, די ערשטע אָפּערעטע אָהן פּאַפּירענע היטלען און טריקאָ, ד. ה. ניט קיין היסטאָרישע. די אָפּערעטע איז געגאַנגען ביז 150 מאָל.

באַלד נאָכדעם איז געקומען די אַמעריקאַנער באָמבע — „דאָס פּינטעלע יוד" פון באָריס טאָמאַשעווסקי. עס איז זעהר שווער איבערצוגעבען דעם אינהאַלט פון אָט דעם פּערזאָנען־קניל. דאָרט זענען צוזאַמענגעמישט עטליכע דראַמעס, אַ טוץ קאָמעדיעס, פּאַרסען און באַלאַגאַן־פּע־ווילונגען. דאָרט געפינט איהר ציוניסטישע דרשות, גאַסען־מיידלעך, רבנים, שמשים, גראַפען, דיענסט־מיידלעך, שענע יודען, בעלי־עגלות — הכלל אַן עכט קינעמאַטאָגראַף־שטיק. די עצם דראַמע איז ניט וויכטיג. די הויפּטזאַך איז די צעהנדליגער עפּיזאָדען, די קופּלעטען, די וויצען, די סצענישע עפעקטען און קונצען. אויף וויפיעל מען קאָן רעדען פון אַן אינהאַלט, בעשטעהט ער אין פאָלגענדער: צו אַ ישוב׳ניק קומט אַ גראַף און גיט איהם איבער זיינס אַן אומגעזעצליך קינד צו טויטען. דאָס קינד שטאַמט פון אַ יודיש מיידעל. דער ישוב׳ניק שאַרפט שוין דעם מעסער, שפּרינגט פּלוצלינג אַרויס אַן עלעקטריש בלעטיל מיט׳ן אויפשריפט — „לא תרצח!" דער ישוב׳ניק האָדעוועט אויס דאָס קינד, עס ווערט אַן אַדוואָקאַט און בעגעגענט זיך שפּעטער מיט זיין טאַטען דעם גראַף דעם אַנטיסעמיט. לסוף ווערט

דער גראַף אַזוי נאָכגיביג, אַז ער גיט „הונדערט מיליאָן" אויף דער יודישער שוהל!

דאָס איז אָבער ניט דער עיקר, דער עיקר זענען די צעהנדליגער עפּיזאָדען.

אַ רעגען פון רענדלעך האָט דאָס שטיק אָנגעהויבען שיטען אויף די יודישע טעאַטער־דירעקטאָרען. כמעט אַלע יודישע טעאַטערן אין רוסלאַנד האָבען פערריגעלט די טירען פאַר נייע זאַכען. אַ טייל פונ׳ם יאָהר תר״ע און דעם יאָהר תרע״א איז די שטיק ניט אַראָב פון דער סצענע, און אין יאָהר תרע״ב איז זי נאָך זעהר פיעל מאָל אויפגעפיהרט געוואָרען. מען האָט קיין אַנדערע שטיק ניט געזוכט און מען האָט זיי גאָרניט געהאַט נויטיג. לויט די ידיעות, וואָס איך האָב צוזאַמענגעקליבען, האָט אָט די האַלב־ווילדע נעגער־שטיק געקאָסט דעם יודישען פאָלק עטליכע מיליאָן רובל. די טעאַטער־דירעקטאָרען זענען ממש רייך געוואָרען, די אַרטיסטען האָבען אָנגעהויבען בעקומען סאָלידע גאַזשעס. עס איז געווען אַ פּעטע און פרעהליכע צייט אינ׳ם יודישען טעאַטער. אינ׳ם „עליזעאום", וואָס האָט צוערשט אויפגעפיהרט די שטיק, איז די שטיק געגאַנגען קרוב פון צוויי הונדערט מאָל. אַזאַ זאַטע צייט געדענקט גאָר דער יודישער טעאַטער ניט. עס איז זעהר שווער צו דערקלערען דעם געוואַלדיגען ערפאָלג פון אָט דעם שטיק. די איינציגע דערקלערונג איז אפשר די, אַז אין אָט דעם שטיק איז אַליץ פאַרהאַן: פרומקייט, ציוניזם, דראַמע און כאַרס, צווייד־טייטיגע קופּלעטען און זעהר לייכטע און פאָלקסטימליכע מוזיק.

דער אָנהויב פונ׳ם יאָהר תרע״ב איז נאָך געווען גאַנץ זאַט פונ׳ם „פּינטעלע יוד". די טעאַטער־דירעקטאָרען האָבען געמיינט, אַז זיי האָבען געפּאַקט דעם עולם פאַר׳ן הופּק, זיי ווייסען שוין, וואָס ער פערלאַנגט, און מיט וואָס מען קאָן איהם נעמען, און מען האָט אָנגעהויבען זוכען שטיק ווי „דאָס פּינטעלע יוד". עס איז אויפגעפיהרט געוואָרען „דאָס יודישע האַרץ", „די נשמה פון מיין פאָלק".

לויטער אָפּערעטען־יודישקייט.

„דאָס יודישע האַרץ" און „די נשמה פון מיין פאָלק" פון באָריס טאָמאַשעווסקי האָבען ניט געהאַט אַזאַ ערפאָלג, ווי „דאָס פּינטעלע יוד", ווייל דאָס זענען געווען איבערגעניצעוועטע „פּינטעלעך יוד". דער פּובליקום איז מיט אַמאָל קאַלט געוואָרען צו די „היים־נאַציאָנאַליסטישע" אָפּערעטעס. דער יודישער טעאַטער האָט ווייטער געזוכט זיין הילף אין אַמעריקע. און אַמעריקע האָט דאָסמאָל אויך ניט פערגעסען די אָרימע רוסישע שוועסטער. נאָך אין יאָהר תרע״א איז פון אַמעריקע געקומען אויף גאַסטראָלען אַן אַמעריקאַנישע סובּרעטין מיט׳ן נאָמען קלאַראַ יאָנג. זי איז געקומען מיט אַן אָפּערעטע „זיין ווייבס מאַן" פון א. שאָר. דאָס איז איי־געגנטליך אַ האַרץ־רייסענדע דראַמע. די טעמע איז ביגאַמיע. דער ערשטער אַקט שפּיעלט זיך אָב אין רוסלאַנד, און די איבעריגע אין אַמעריקע. אין דער דראַמע איז, לויט׳ן שטייגער פון אַלע יודישע אָפּערעטעס, פאַרהאַן אַ פרעהליך פּאָרל. יאָנג האָט געשפּיעלט און געטאַנצט אַ יודיש אַמעריקאַניש פרעהליך מיידעל. זי האָט איבעראַשט דעם יודישען פּובליקום, וואָס איז געוועהנט צו זעהן און צו הערען הייזעריגע סובּרעטינס, און האָט, אַזוי צו זאָגען, אַ שטורם געגעבען די פערשלאָפענע אָפּערעטע, און

זי האָט זיך ווייטער אָנגעהויבען בעווענען. נאָך איהר אַוועקפֿאָהרען איז „זיין ווייבס מאַן“ געגאַנגען זעהר לאַנג. זי האָט זיך איבערגעטראָגען צו אַנדערע טרופּעס, אָבער מיט אַ קלענערן ערפֿאָלג.

אין יאָהר תרע״ב קומט יאַנג ווידער מיט אַ אָפּערעטע „די אַמעריקאַנערין“. דער אמת׳ער נאָמען פֿון דער אָפּערעטע אין אַמעריקע איז „דאָס מיידעל פֿון דער וועסט“. „די אַמעריקאַנערין“ איז אַ גאַנץ געלונגענער, אָבער ניט נייער פּאַרס. דער געוואַלדיגער ערפֿאָלג פֿון דער „אַמעריקאַנערין“ ווערקלערט זיך, ערשטענס, מיט דעם נייעם אייראָפּעאישען אינהאַלט, אָבער דער עיקר דורכדעם, וואָס יאַנג טרעט אַרויס אין אַ מענער־קאָסטיום. פֿון דער פּיקאַנטער אָפּערעטע האָט נאָך דער יודישער פּובליקום ניט געוואוסט. דער אינהאַלט פֿון דער „אַמעריקאַנערין“ איז לגמרי ניט גענומען פֿון יודישען לעבען. עס איז נאָר דורך צוויי פּערזאָנען אַ ליטוואַק און אַ פּוילישען יודען „פֿעריודישט“. עס איז אַ מעשׂה מיט אַ יונגער אַלמנה, וואָס האָט אַ מיידעל אַ גרויסע שטיפֿערין. דער אַלמנה רעדט מען אַ שדוך מיט אַ גראָבען ישובֿניק, וואָס שטעלט איהר איין בעדינגונג, אַז זי טאָר איהם קיין טאָכטער ניט ברייגען. אַ בחור — מה־כּי־תיתי. די מיידעל קליידט זיך איבער אין אַ בחורל און פֿערפּלאָנטערט דעם נאַרישען ישובֿניק, ביז ער האָט חתונה מיט איהר מאַמען.

דער ערפֿאָלג פֿון די אַמעריקאַנערין איז אַלץ ניט געווען געווען אַזוי גרויס, ווי דער ערפֿאָלג פֿון „דאָס פּינטעלע יוד“.

אין דערזעלבער צייט איז אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אַן אָפּערעטע „שיר השירים“ פֿון אנשיל שאָר, דער פֿערפֿאַסער פֿון „אַ מענש זאָל מען זיין“. „שיר השירים“ איז אַ פֿערקריפּעלטע בעאַרבייטונג פֿון מאַקס דרייערס דראַמע „די 17־יעהריגע“. „שיר השירים“ האָט געהאַט ערפֿאָלג. די אָפּערעטע איז געגאַנגען לערך 50 מאָל.

בכלל הויבט זיך אָן פֿון דער אָפּערעטע „אַ מענש זאָל מען זיין“ אַ נייע עפּאָכע אין דער יודישער אָפּערעטע. מען פֿערלאָזט די יודישע היסטאָריע און מען נעמט זיך צו לעבענס־אָפּערעטען.

נור אין טעאַטער האַלט זיך ביי די אַלטפֿעטערישע טראַדיציעס. דאָס איז קאַמינסקי׳ס נייער טעאַטער. דער דאָזיגער טעאַטער איז געעפֿענט געוואָרען אין יאָהר תרע״א מיט גאָרדינס „מירעלע אפֿרת“ מיט מאַדאַם קאַמינסקאַ אין דער הויפּט־ראָלע. אָט די דראַמע, וואָס איז אַ יודישע בעאַרבייטונג פֿון שעקספּירס „קעניג ליר“, האָט שטאַרק אויסגענומען ביים יודישען פּובליקום. 4—5 יאָהר ווערט די דראַמע ניט אַראָבגענומען פֿונ׳ם רעפּערטואַר. אַפֿילו אין די לעצטע יאָהרען ווערט זי אויך זעהר אָפֿט געשפּיעלט. מיט דער ערשטער אויפֿפֿיהרונג פֿון „מירעלע אפֿרת“ האָט זיך פֿערענדיגט די „ליטעראַרישע צייט“ פֿון קאַמינסקי׳ס טעאַטער. באַלד בעווייזט זיך קאַמינסקי מיט אַן אייגענער (?) אָפּערעטע „דער יודישער מיניסטער“. אין דער אָפּערעטע ווערט אַרויסגעפֿיהרט דער גרויסער יודישער דיכטער ר׳ יהודה הלוי און דער שפּאַניגער אבֿן עזרא. עס איז אַ „היסטאָרישע“ אָפּערעטע, געשריבען מיט אַן אומדערהערטער עם־הארצות און ציניזם. די אָפּערעטע האָט קיין ערפֿאָלג ניט געהאַט.

קאַמינסקי האָט געפּרובֿט בענייען דאָס אָבגעשפּיעלטע „פּינטעלע יוד“, אָבער דאָס האָט ניט געפֿונען קיין אָבקלאַנג ביים פּובליקום.

אַ שטיקעל ערפֿאָלג האָט געהאַט די אָפּערעטע „דער יחסן“ פֿון אנשעל שאָר. „דער יחסן“ איז צום ערשטען מאָל אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין קאָמפּאַנייעצעס טעאַטער מיט אַ יאָהר פֿריהער. דער אינהאַלט פֿון „יחסן“ איז כּמעט דערזעלבער, וואָס „אַ מענש זאָל מען זיין“. די אָפּערעטע האָט אָבער ניט גענומען כּמעט דעם עולם, נאָך עטליכע אויפֿפֿיהרונגען האָט מען זי געמוזט אַראָבנעמען פֿונ׳ם רעפּערטואַר.

און קאַמינסקי וויל איבערראַשען דעם עולם מיט נאָך אַ נייער היסטאָרישער אָפּערעטע. עס ווערט אויפֿגעפֿיהרט אַן אָפּערעטע „רבי עקיבֿא מיט זיינע 24 טויזענד תלמידים“ פֿון קאַמינסקי (!) די סענסאַציע אין דער אָפּערעטע איז געווען אַ גרויסער העלפֿאַנד, וואָס איך איהם פֿאָהרט רבי עקיבֿא אין ירושלים אונטער דער מוזיק פֿון אַ פֿרעהליכען וואַלס. דער העלפֿאַנד איז דורכגעפֿאַלען ביי דער ערשטער אויפֿפֿיהרונג. קאַמינסקי רוהט ניט. ער פֿיהרט אויף טאָמאַשעווסקי׳ס אָפּערעטע „די נשמה פֿון מיין פֿאָלק“, אַ צווילינגס־שוועסטער פֿון „פּינטעלע יוד“. ער בענייט די אַלטע גאָלדפֿאַדענס אָפּערעטעס: „די כּשוף־מאַכערין“, „בר כּוכבֿא“, „שולמית“, „די צוויי קוני־לעמעל“, פֿיעל פֿון לאַטיינערס „היסטאָרישע“ אָפּערעטען און אַלע גאָרדינס דראַמעס. קאַמינסקי לויפֿט דורך דעם גאַנצען אַלטען רעפּערטואַר. דער עולם בלייבט אָבער טויב. געהט אַרויס קאַמינסקי מיט אַ נייער אייגענער (?) אָפּערעטע „די לוים“. אָבער נאָכן „פּינטעלע יוד“ האָט זיך דער מזל אָבגעטאָן פֿון אַלע אָפּערעטעס, און בפֿרט פֿון קאַמינסקי׳ס אומגעלומפּערטע שמירעכצען.

אין קאַמינסקי׳ס טעאַטער זענען אויך, צווישען די רעפּעטיציעס פֿון אָפּערעטען, אויפֿגעפֿיהרט זעהר פֿיעל „נייע“ דראַמעס. עס איז אַפֿילו געמאַכט געוואָרען אַ פּרובֿ אויפֿצופֿיהרען איבערזעצונגען פֿון אייראָפּעאישע דראַמעס. עס איז אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען למשל, „די היימאַט“ פֿון זודערמאַן מיט אַ גרויסען ערפֿאָלג. נאָר אין קאַמינסקי׳ס טעאַטער האָט מען כּסדר געזוכט אַ „פּינטעלע יוד“, וואָס זאָל מיט אַמאָל רייך מאַכען. פֿון די נייע דראַמעס איז צו דערמאָנען גאָרדינ׳ס דראַמע „דער פֿרעמדער“ מיט י. ליבערט אין דער הויפּט־ראָלע. „דער פֿרעמדער“ איז אַ פֿרייע איבערזעצונג פֿון דזשאַקאָמעטי׳ס דראַמע „די פֿאַמיליע פֿון אַ פֿערברעכער“. אויך ליבינ׳ס אַ דראַמע „דער ווילדער פֿאָטער“, ווייטער מיט י. ליבערט אין דער הויפּט־ראָלע. (אין אַמעריקע האָט די דראַמע אַן אַנדער נאָמען).

„זאלקע עקספּרעסמאַן“ אַ דראַמע פֿון לובין — צום ערשטען מאָל אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אין טעאַטער „עליזעאום“ תרס״ט.

אין תרע״ב האָט גאַסטראָלירט אין קאַמינסקי׳ס טעאַטער דער יודיש־אַמעריקאַנישער אַרטיסט י. זילבערט. ער איז אַרויסגעטראָטען, צווישען אַנדערע זאַכען, אויך אין שעקספּיר׳ס „שיילאָק“. מען דאַרף עס בעצייכענען אַלס נייעס דעם פֿאַקט, וואָס „שיילאָק“ איז ניט בעאַרבייט געוואָרען, ווי עס פֿיהרט זיך אויף דער יודיש־אַמעריקאַנישער ביהנע, ער איז פּשוט איבערזעצט געוואָרען. די אויפֿפֿיהרונג פֿון „שיילאָק“ האָט געהאַט אַ גרויסען ערפֿאָלג.

אין דעמזעלבען טעאַטער איז אויפֿגעפֿיהרט געוואָרען אַ דראַמע פֿון פּאַאולאַ ר. „איינע פֿון יענע“. דער אינהאַלט: אַ פֿערזינ־

דיגטע פרוי וויל תשובה טון און נעמט זיך פאַר אַרויספיהרען אויפ׳ן רעכטען וועג געפאַלענע פרויען. זי ווערט די פערוואַלטערין פון אַיין אַנשטאַלט, וואָס נעמט אויף די געפאַלענע פרויען, גיט זיי אַרבייט און ערציהט זיי. אַ לאַנגע צייט מיינט די פרוי, אַז זי טוט אויף אַ גרויסע זאַך. זי דערזעהט אָבער, אַז די געפאַלענע פרויען פערשטעהען זי ניט. די זינד האָט זיך אַריינגעכאַפט אין אַנשטאַלט גופא. זי עפענט דעם גאַז און ווערט פערגיפטעט צוזאַמען מיט אַלע פרויען. — די שטיק איז דורכגעפאַלען ביי דער ערשטער אויפפיהרונג.

עס איז אויך אויפגעפיהרט געוואָרען אנרי בערנשטיינ׳ס דראַמע „איזראַעל״. אין קאַמינסקי׳ס טעאַטער האָט מען די דראַמע משנה השם געווען, זי האָט געהייסען „ישראל! דער אַנטיסעמיט״. אין דער דראַמע זענען אויפגעטראָטען קאַמינסקאַ און י. אַדלער. קיין ערפאָלג האָט זי ניט געהאַט. ערשטענס, איבער די סאַלאָן־אומפעהיגקייט פון אונזערע אַרטיסטען, און צווייטענס מחמת דער שלעכטער איבערזעצונג.

די יודישע טעאַטערן אין דער פראָווינץ האָבען געהאַט דעמזעלבען רעפּערטואַר, וואָס וואַרשע. אין דער פראָווינץ ווערען, אמת, אָפטער אויפגעפיהרט דראַמעס, אָבער פון קיין נייע איז גאָר קיין רייד ניט. אין דער פראָווינץ האָט געהאַט ערפאָלג גאָרדינ׳ס דראַמע „די שבועה״, איבעראַרבייטונג פון הויפטמאַנס „פוהרמאַן הענשעל״. אין וואַרשע איז די דראַמע אויפגעפיהרט געוואָרען צום ערשטען מאָל אין יאָהר תרס״ט.

די דראַמאַטישע פעראיינען, וואָס זענען אין די פריהערדיגע יאָהרען געווען זעהר טעטיג, זענען אין יאָהר תרע״ב אינגאַנצען אַיינגעשלאָפען.

פיעל מאָל איז אין דער פראָווינץ און אין וואַרשע געשפּיעלט געוואָרען גוטצקאָוו׳ס טראַגעדיע „אוריאל! אַקאָסטאַ״.

דער דראַמאַטיקער פון דעם יודישען טעאַטער איז אין יאָהר תרע״ב געווען ז. ליבין. ער ווערט זעהר גערן געשפּיעלט פון יודישע אַרטיסטען, ביים פּובליקום האָט ער אָבער קיין ערפאָלג ניט.

בכלל איז דאָס יאָהר תרע״ב געווען אַ יאָהר פון זוכעניש און יאָגעניש נאָך אַ שרייענדיגער אָפּערעטע, ווי „פינטעלע יוד״. האָט מען בעקומען אַ וועלכע ס׳איז אָפּערעטע, האָט מען אויסגעגעבען געלד אויף דעקאָראַציעס און קאָסטיומען און אויף עפעקטען. פאַר דראַמעס זענען אַלע טירען פערהאַקט געווען. דער יאָהר תרע״ב איז געווען זעהר אַ שלעכטער יאָהר. עס זענען געמאַכט געוואָרען זעהר פיעל פּרובען, אין קיין איינער האָט זיך ניט אַיינגעגעבען. די דראַמאַטישע אַרטיסטען זענען אַזוי גוט ווי אַרויסגעשטופּט געוואָרען פון טעאַטער. די בעסטע אַרטיסטען, ווי מאַדאַם קאַמינסקאַ, י. ליבערט, זשעליאַזאָ און אַנד., זענען געבליבען אויסער דעם טעאַטער. מען האָט פאַר דער אָפּערעטע צוזאַמענגעקליבען יונגע טענצער און „זינגער״, וואָס האָבען געאַרבייט כמעט אומזיסט. דער יאָהר תרע״ב האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אַ מורא׳דיגען קריזיס, וואָס פייניגט דעם יודישען טעאַטער אין יאָהר תרע״ג אַזוי אומבאַרימהאַרציג, אַז פיעל טעאַטערן האַלטען ביי געשלאָסען צו ווערען.

---

ז. רייזען.

# די יודישע פרעסע.

(א רשימה כון אלע יודישע צייטשריפטען און צייטונגען, וואָס זענען ארויס אין רוסלאנד.

## אונגאַרן.

אַלגעמיינע יודישע צייטונג – אַ טעגליכע צייטונג, אָרגאַן פיר פּאָליטיק, האַנדעל, פערקעהר און יודיש־קאָנפעסיאָנעלע אינטערעסען, 24־סטער יאָהרגאַנג, ערשיינט אין בודאַפּעשט, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער לעאָפּאָלד גראָסבערג. די שפּראַך דייטש, די אותיות יודיש.

(יודישע צייטונגען אויך לויט דער שפּראַך ערשיינען אין פערשיידענע אונגאַרישע שטעדט, ווי מאַראַמאָרש־סיגעטי און אַנד.).

## אַמעריקע.

אַדוואָקאַט, דער – אַ וועכענטליכע צייטונג, ערשיינט אין באָסטאָן.

אַדווערטייזער, דער — אַ מאָנאַטליכער ליטעראַרישער זשורנאַל, ערשיינט אין ברוקלין. יעהרליכער אַבאָנעמענטס־פּרייז 25 סענט.

אידישע אַרבייטער וועלט — אַ צייטונג פיר אויפקלערונג, בילדונג אָרגאַניזאַציאָן. ערשיינט זינט 1908 אין טשיקאַגאָ. פּרייז פון איינצעלנומער 2 סענט. גרויסער צייטונגס־פאָרמאַט. איצטיגער רעדאַקטאָר ד״ר קאַרל פאָרנבערג. טיראַזש — 6000 עקזעמפּלאַרען, ריכטונג — סאָציאַליסטיש.

אידישע גאַזעטען, אָרגאַן פיר אַלע אידישע אינטערעסען, אונאָבהענגיג און אונפּאַרטייאיש, 38־סטער יאָהרגאַנג, ווערט אַרויסגעגעבען וועכענטליך אין ניו־יאָרק פון דער רעדאַקציע פון „יידישען טאַגעבלאַט״. רעדאַקטאָרען־אַרויסגעבער, שרהזאָהן און לעאָן קאַמאַיקאַ. יעהרליכער אַבאָנעמענטס־פּרייז פאַר אַמעריקאַ 2,50 דאָלאַר, געדרוקט אין פּאָליאָ, צו 32 פיערשפּאַלטיגע עמודים.

אידישע וואָכענשריפט, די – אָרגאַן פאַר לעבענספראַגען און ליטעראַטור, האָט ערשיינט אין ניו־יאָרק פון יאַנואַר 1912. רעדאַגירט פון דוד פּינסקי און יוסף שלאָסבערג. אינגאַנצען איז אַרויס 14 העפטען.

אידישע פאָלק, דאָס — אַ ציוניסטישע וואָכענשריפט, ערשיינט (4־טער יאָהרגאַנג) אין ניו־יאָרק דורך דער „ציון־פּרעסאַסאָציאַציאָן״, אונטער דער איבערשריפט „דער ציוניזם שטרעבט צו שאַפען פאַר דעם אידישען פאָלק אַן עפענטליך רעכטליך געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינאַ״ (באַזעלער פּראָגראַם). רעדאַקטאָר איז אַב. גאָלדבערג. יעהרליכער אַבאָנעמענטס־פּרייז 1 דאָלאַר. געדרוקט אין פּאָליאָ (גרויסער פאָרמאַט), אָהן נקודות, צו 8 שפּאַלטיגע עמודים.

אידישער בעקער, דער — אַ וועכענטליכע צייטונג, ערשיינט זייט 1910 אין ניו־יאָרק אונטער דער איבערשריפט — „אַכט שטונדען אין טאָג אַרבייט. אין דער יוניאָן איז אונזער מאַכט״. רעדאַקטאָר י. עפּשטיין. יעהרליכער אַבאָנעמענטס־פּרייז 1 דאָלאַר.

אידישער פאַרמער, דער — אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל, געווידמעט די אינטערעסען פון די אידישע פאַרמער אין די פעראייניגטע שטאַטען, אַרויסגעגעבען פון „דזשואיש אנדיקולטשיראַל ענד אינדאָסטריאַל אייד סאָסייעטי״; ערשיינט אין ניו־יאָרק 5־טער יאָהרגאַנג; רעדאַקטאָר יוסף וו. פּינקוס; יעהרליכער אַבאָנעמענטס־פּרייז 25 סענט.

אַמעריקאַנער, דער — אַ וועכענטליכער זשורנאַל, ענטהאַלט אַלעס פיר אַלעמען, אַרויסגעגעבען זייט 1903 אין ניו־יאָרק דורך ל. קאַמאַיקאַ און יעקב סאַפּירשטיין. יעהרליכער אַבאָנעמענטס־פּרייז 2 דאָלאַר, אין אויסלאַנד 3 דאָלאַר. טיראַזש אַרום 20,000 עקזעמפּלאַרען.

**גרויסער קונדס, דער** — אַ זשורנאַל פאַר הומאָר, חיץ און סאַטירע, ערשיינט העבֿענטליך אין ניו-יאָרק זייט 1909. אַרויסגעבער יעקב מאַרינאָף. פרייז פון איינצעל-נומער 3 סענט, אויסער ניו-יאָרק 4 סענט. נעדרוקט אין פאָליאָ, צו 16 צווייספאַלטיגע עמודים.

**װאַהרהייט** — טעגליכע ציימונג, ערשיינט (7-טער יאָהרגאַנג) אין ניו-יאָרק דורך דער „װאַהרהייט-פּאָבלישינג קאָ." אונטער דער רעדאַקציע פון לואיס מיללער. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז פאַר אַמעריקאַ 7 דאָלאַר. טעגליכער טיראַזש אַרום 85000.

**טעגליכע אידישע פרעסע**, אַ ציימונג פיר אַלע אידען, ערשיינט אין משיקאַגאָ, 8-טער יאָהרגאַנג, רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער יואל ליעבלינג.

**טעגליכע יודישע פרעסע**, אַ טעגליכע ציימונג ערשיינט אין קליװלענד. IV-טער יאָהרגאַנג.

**טעגליכער יידישער קוריער, דער** — גרעסטע יודישע ציימונג אין דער אַמעריקאַנער פראָווינץ, ערשיינט זייט 1887 אין משיקאַגאָ. פרייז פון איינצעלנומער 1 סענט. טיראַזש ביז 20 טויזענד עקזעמפּלאַרען.

**יידישער װאָכענבלאַט, דאָס** — אַ װעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין ניו-יאָרק, רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער י. פּפּעפּער. טיראַזש ביז 15000

**(יודישע) פּאָסט, די** — אַ װעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין פּיטסבורג.

**יודישע קאַליפאָרניער שטימע, די** — ערשיינט אין סאַן-פראַנציסקאָ.

**יידישעס טאַגעבלאַט**, אָרגאַן פיר כל ישראל, ערשיינט טעגליך אין ניו-יאָרק זינט 1885. אַרויסגעבער — שרהזאָהן און ל. קאַמאַיקאַ. הויפּט-רעדאַקטאָר לעאָן זאָלאָטקאָף. נעהענטסטע מיטאַרבייטער גדליה בובליק, י. ד. זעחין, פּראָפעסאָר זעליקאָוויץ א. אַנד. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 4 דאָלאַר. גרויסער ציימונגס-פאָרמאַט. טיראַזש — פון 70 ביז 80 טויזענד עקזעמפּלאַרען.

**יודישער װעכטער**, אָרגאַן פון די יודישע אָרטאָדאָקסען, אַרויסגעגעבען אין ניו-יאָרק אין אָנהויב 1912.

**יידישער רעקאָרד, דער** — װעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין טשיקאַגאָ זייט 1910. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 1 דאָלאַר. גרויסער ציימונגס-פאָרמאַט.

**יודישער שטערן, דער** — אַ װעכענטליכע ציימונג, געווידמעט הויפּטזעכליך די אינטערעסען פון די דרום-שטאַטען, ערשיינט אין אַטלאַנטאַ (שטאַט דזשאָרדזשיאַ), 4-טער יאָהרגאַנג. טיראַזש ביז 5000 עקזעמפּלאַרען.

**מאָרגען זשורנאַל, דער** — די איינציגע אידישע מאָרגען ציימונג, אַרויסגעגעבען פון דער „דזשואיש פרעס פּאָבלישינג קאָ." ערשיינט אין ניו-יאָרק; 12-טער יאָהרגאַנג. רעדאַקטאָרען-אַרויסגעבער לעאָן קאַמאַיקי און יעקב סאַפּירשטיין; הויפּט-מיטאַרבייטער פּרץ הירשביין (?) און א. טאַנענבוים. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 3 דאָלאַר. אין אויסלאַנד 6 דאָלאַר. טיראַזש אַרום 75000.

**מאָרגען-זשורנאַל**, אַ טעגליכע ציימונג, ערשיינט אין פילאַדעלפיאַ.

**מיניקעס יום-טוב-בלעטער און זאַמעלביכער** — פּעריאָדישע אויסגאַבען פאַר קונסט, ליטעראַטור און װיסענשאַפט, ערשיינען אין ניו-יאָרק, 15-טער יאָהרגאַנג, רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער הנן י. מיניקעס.

**נואַרקער װאָכענבלאַט** — ערשיינט װעכענטליך אין נואַרק, שטאַט ניו-יאָרק, זייט 1910, אַרויסגעבער מ. מאַנסקי, רעדאַקטאָר א. עליאַס; יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 1 דאָלאַר.

**נייע לאַנד, דאָס** — אילוסטרירטע װאָכענשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט, קריטיק און קולטור, אַרויסגעגעבען אין ניו-יאָרק זייט דעם 15-טען סעפּטעמבער 1911. רעדאַקטירט פון אַברהם רייזען. אָבגעשטעלט אין מאַי 1912 אויף דער 35-סטער נומער. געדרוקט אין פאָליאָ צו 16 2-שפּאַלטיגע עמודים.

**נייע לעבען, דאָס** — אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל, ערשיינט אין ניו-יאָרק זינט דעצעמבער 1908, רעדאַקטירט פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, ביי דער הויפּטמיטווירקונג פון ד"ר א. י. מעריסאָן און ד"ר ה. זאָלאָטאַראָוו. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 1,20 דאָלאַר, אין אויסלאַנד, 1,50 דאָלאַר. טיראַזש פון 200—3000 עקזעמפּלאַרען.

**נייע פּאָסט, די** — אָפיציעלער אָרגאַן פון די „קלאָוק-און סקירט-מאַכער יוניאָנס פון ניו-יאָרק, ערשיינט װעכענטליך (זינט 1910) אונטער די פאָלגענדע קעפּלעך: 1) קורצע שטונדען, הויכע װיידזשעס, גוטע בעהאַנדלונג, 2) אין איינינקייט ליעגט די מאַכט פון די אַרבייטער.

**פאָלקס פריינד, דער** — אַ העבֿענטליכע ציימונג, ערשיינט אין פּיטסבורג, IX-טער יאָהרגאַנג.

**פאַמיליען-זשורנאַל**, ערשיינט יעדען מאָנאַט, זייט דעם 1-טען מערץ 1911, אַרויסגעגעבען פון דער „היברו-פּאָבלישינג-קאָ." אין ניו-יאָרק, אין בוך-פאָרמאַט צו 100 זייטען יעדעס העפט.

**פאָרװערטס** — די פערשפּרייטעטסטע נישט-ענגלישע ציימונג אין אַמעריקע (טעגליכער טיראַזש אין אויגוסט 1912 העכֿער 130,000), ערשיינט (דאָס 16-טע יאָהר) טעגליך, שבת נישט אויסגעשלאָסען, אין ניו-יאָרק און פילאַדעלפיאַ, אונטער די פאָלגענדע איבערשריפטען: 1) „אַרבייטער פון אַלע לענדער פערייניגט אייך", און 2) „די פעראייניגונג פון די אַרבייטער איז די זאַכע דער אַרבייטער זעלבסט". רעדאַקטאָר איז אַב. קאַהאַן. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 3,50 דאָלאַר.

**פאָרשטעהער, דער** — אַ טעגליכע ציימונג, ערשיינט אין סאַן-לואי, VII-טער יאָהרגאַנג.

**פילאַדעלפיער יודישע פרעסע** — ערשיינט טעגליך אין פילאַדעלפיע, 8-טער יאָהרגאַנג, רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער לואיס ה. קאַהאַן.

**פריינד, דער** — אָפיציעלער אָרגאַן פון דער אַמעריקאַניש-יודישער אַרבייטער-אָרגאַניזאַציע „אַרבייטער-רינג". 2-טער יאָהרגאַנג.

**פרייע אַרבייטער שטימע** — אַנאַרכיסטישע װאָכענשריפט, ערשיינט זייט 1900 אין ניו-יאָרק אונטער דער רעדאַקציע פון ש. יאַנאָווסקי, אונטער די פאָלגענדע קעפּליך: „זאָל יעדער מענש אמת אַכטען און ליעבען זיין אייגענע פערזענליכע פרייהייט, װעט ער שוין אויך אַכטען די פרייהייט פון זיין נעבען-מענשען". 2) „גלייכהייט? ניין. נישטאָ אַזאַ זאַך! עס איז אָבער אויך נישטאָ אַזאַ אונגלייכהייט, אַז איינער זאָל האָבען אַ רעכט צו בעהערשען, צו בעפעהלען זיין נעבען-מענשען".

**פרייע װאָרט, דאָס** — גוט-פעריאָדישע דיסקוסיאָנס-שריפט פיר סאָציאַלע פּראָבלעמען, אַרויסגעגעבען אין ניו-יאָרק דורך „פערלאַג מייזעל און קאָ".

**צוקונפט, די** — אַ װיסענשאַפטליך-סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפט, אַרויסגעגעבען פון דער „צוקונפט-פרעספערריישאַן" אין ניו-יאָרק זינט יאַנואַר 1892; מיט אַ הפסקה צווישען 1897—1902; אַבאָנעמענטס-פרייז 1 דאָלאַר יעהרליך, איינצעל-נומער 10 סענט. געדרוקט אָהן נקודות, אין קוואַרטאָ, צו 64—96 צווייספּאַלטיגע עמודים. טיראַזש פון 9000 ביז 10.000 אומגעפעהר.

**קיבעצער, דער** — אילוסטרירטער זשורנאַל פיר הומאָר, חיץ, סאַטירע און קיבעץ. ערשיינט זייט 1908 אין ניו-יאָרק. רעדאַקטאָר ה. גוטמאַן. פרייז פון איינצעל-נומער 3 סענט, אויסער ניו-יאָרק 4 סענט.

**שטימע, די** אַ מיסיאָנערישע צייטשריפט, ערשיינט זינט 1911 מאָנאַטליך ביי הויפּטוירקונג פון פּאַסטאָר ראָססעל.

## אַפריקע.

**אַפריקאַנער, דער** — אַ טעגליכע ציימונג ערשיינט אין יאָהאַניסבורג.

**יודישע פאָהן, די** — אַן אומאָבהענגיגער װאָכענבלאַט פאַר אַלע יודישע אינטערעסען אין סויטה אַפריקאַ. ערשיינט יעדען דאָנערשטאָג (4-טער יאָהרגאַנג), אין יאָהאַנעסבורג. רעדאַקטאָר בן-ציון ז. הערש. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 10 שילינג. צו ראש-השנה ה' תרע"ג האָט ערשיינט די 37-סטע נומער. געדרוקט אין קוואַרטאָ (גרויכער פאָרמאַט) צו 32 צווייספּאַלטיגע עמודים, אָהן נקודות. ציוניסטיש.

**נייע היים, די** — אַ װעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין יאָהאַניסבורג.

## אַרגענטינע.

**יודישע האָפנונג, די** — צווייװעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין בוענאָס-איירעס אַלס ציוניסטישער אָרגאַן. IV-טער יאָהרגאַנג. אין יעדער נומער קומען איינצעע זייטען אויף שפּאַניש — צו פּראָפּאַגאַנדירען די אידען פון דעם יודישען נאַציאָנאַליזם צווישען דער אַסימילירטער יוגענד.

**ציוניסט, דער** — צווייװעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין בוענאָס-איירעס.

**יודישער קאָלאָניסט, דער** — אַ צווייװעכענטליכע ציימונג, ערשיינט אין דער קאָלאָניע קלאַראַ. III-טער יאָהרגאַנג.

**פערטהיידיגער, דער** — „Il defénsor" אָרגאַן פאַר יודישע אינטערעסען. ערשיינט װעכענטליך אין מוידיציאָ. ערשטער יאָהרגאַנג. רעדאַגירט דורך אַ קאָלעגיום. אַרויסגעבער: פידעל קראַסולאָווסקי; אַדמיניסטראַטאָר: הערמאַן קראַסולאָווסקי.

**פאָלקסשטימע, די.**

**װאָכענבלאַט, דאָס.**

## גאַליציען.

**דראָהאָביטשער ציימונג** — װאָכענבלאַט, ערשיינט אין דראָהאָביטש, גאַליציען, 30-סטער יאָהרגאַנג; אַרויסגעבער און פעראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר א. ה. זופּניק. געדרוקט מיט יודישע אותיות, אָבער אין דייטשער שפּראַך. מאַנכמאָל קומט אויך העברעאישער טעקסט. יעהרליכער אַבאָנעמענטס-פרייז 9 קראָן.

אויף פסח. פערפאַסער י. רופאַק אַרויסגעבער משכיל לאיתן. מינסק (דרוקעריי זיסמאַן), געדרוקט אין 2500 עקז. $4^0$ (22×31), זייטען 24, וועגט 3 לויט, פרייז 6 ק.

392—20982. מינסקער אַקדמות. אַ בלעטעל אויף שבועות. פערפאַסער משכיל=לאיתן, איינענע אויסגאַבע. מינסק (דרוקעריי זיסמאַן), געדרוקט אין 2.000 עקז. $4^0$ (22×31), זייטען 16 (אין צוויי שפאַלטען), וועגט 3 לויט. פרייז 5 ק.

393—34382. מינסקער אַלמאַנאַך, פערפאַסער א. וועליקזאָהן. איינענע אויסגאַבע מינסק (דרוקעריי ליווזשיץ און באַרשאַי), געדרוקט אין 2.000 עקז. $8^0$ (17×25), זייטען 132, וועגט 16 לויט, פרייז 30 ק.

394—15682. נאָטעס=לוח, תרע"ג, אַרויסגעבער י. אַלאַפין, וואַרשוי (דרוקעריי מ. אַלאַפין), געדרוקט אין 6.000 עקז. $32^0$ (4×11), זייטען 31, וועגט 1 לויט.

395—18277. נאָטעס=לוח, תרע"ג, אַרויסגעבער ביכער-געשעפט פ. ראָזען, וואַרשוי (דרוקעריי לעווין=עפשטיין), געדרוקט אין 52.000 עקז. $64^0$ (4×14), זייטען 32, וועגט 1 לויט.

396—22822. נאָטיץ=קאַלענדאַר תרע"ג. שעדלעץ (דרוקעריי עקספרעס), געדרוקט אין 1.400 עקז. $32^0$ (8×13), זייטען 34, וועגט 1 לויט.

397—34383. סדור „קרבן מנחה" מיט איבערזעצונג ווילנא (אויסגאַבע אין דרוקעריי ראָם), געדרוקט אין 3.000 עקז. $8^0$ (15×23), זייטען 424, וועגט 27 לויט.

398—27820. ערבות, אַ יום=טוב בלעטעל, וואַרשוי (דרוקעריי ב. טורש), געדרוקט אין 3.000 עקז. $4^0$ (24×33), זייטען 16, וועגט 2 לויט.

399—22183. פראַקטישע עצות ווי צו מאַכען ווײַנען, ראָם, ליקער, מעד, עסיג, קוואַס, בוזא, קעפיר און קינסטליכען קומיס, אַרויסגעבער א. ראַסקין. 2=טע אויסגאַבע. וואַרשוי (דרוקעריי קאָנקאָרדיא), געדרוקט אין 1.500 עקז. $16^0$ (11×14), זייטען 2+70, וועגט 4 לויט.

400—25314. פראַקטישער טאַשען=לוח תרע"ג, אַרויסגעבער פ. ראָזען. וואַרשוי (דרוקעריי לעווין=עפשטיין), געדרוקט אין 40.000 עקז. $64^0$ (4×7), זייטען 61, וועגט 1 לויט.

401—30422. פרענקעל'ס ליעבעס בריעף=בוך, אַרויסגעבער „קולטור". וואַרשוי (דרוקעריי פימענט און שוואַבע), געדרוקט אין 1.000 עקז. $8^0$ (15×21), זייטען 142, וועגט 13 לויט, פרייז 30 ק.

402—12827. צו יודישע עלטערען! די יודישע מענער=שולע מיט דעם קורס פון פראָגימנאַזיום פון בילדונגס=מיניסטעריום, נעגרינדעט דורך ה. בעלקינד וואַרשוי (דרוקעריי „אוניווערסאַל"), געדרוקט אין 7000 עקז., $16^0$ (11×18), זייטען 14, וועגט 1 לויט.

403—15689. צאינה וראינה, 2=טע אויסגאַבע פון ה. הערשהאָרן, ש. מ. שטראַסבערגער און מ. שניידערמעסער, לובלין (דרוקעריי פון דיזעלבע), געדרוקט אין 3.000 עקז. $4^0$ (24×30), זייטען 96+362, וועגט 1 פונט 21 ל.

404—215880. קאַטאַלאָג פון ביכער=געשעפט נ. עפשטיין אין בערדיטשעוו. בערדיטשעוו (דרוקעריי שעפטעל), געדרוקט אין 400 עקז. $7^0$ (29×46), וועגט 1 לויט.

405—25311. קאַלענדאַר פאַר עמיגראַנטען און אימיגראַנטען תרע"ג. פעטערבורג (דרוקעריי לוריא), געדרוקט אין 10.000 עקז. $16^0$ (12×16), זייטען 136 מיט 13 אילוסטראַציעס. וועגט 6 לויט, פרייז 10 קאָפּ.

406. רעטענישען און שפּאַס=פראַגען, פערפאַסער ד. י. פּטאַשקין איינענע אויסגאַבע, (דרוקעריי אוניווערסאַל), וואַרשוי. געדרוקט אין 1.000 עקז. $8^0$ (14×22), זייטען 27, וועגט 3 ל., פרייז 10 ק.

407—31374. רוסיש=יודיש טעגליך אָבריסקאַלענדאַר „ההיים". אַרויסגעבער „פראָגרעס". וואַרשוי (דרוקעריי אַקצ.=געזעלש. ס. אָרגעלבראַנד), געדרוקט אין 100.000 עקז. $16^0$ (8×12), זייטען 365+365, וועגט 17 לויט.

משה שאַליט.

# סטאַטיסטיק פון יודישען ביכער-מאַרק אין יאָהר 1912. *

יעדע סטאַטיסטישע אַרבייט האָט נור דאַן אַ ווערט, ווען די מאַטעריאַלען, וואָס אויף זיי איז זי געבויט, זענען זיכער און גענוי. אין אַזאַ פאַל האָט שוין די עצם סיסטעמאַטיזירונג פון רויהען מאַטעריאַל אַ בעדייטונג און אַ וויסענשאַפטליכען ווערט.

די מאַטעריאַלען, וואָס מיר בענוצען זיי אין דער איצטיגער אַרבייט, האָבען, מיט קליינע אויסנאַהמען, די דערמאָנטע מעלות. „די רשימה פון אַלע יודישע ווערק, וואָס זענען געדרוקט אין רוסלאַנד אין יאָהר 1912", וועלכע מיר האָבען איבען געבראַכט אין אַ שטרענג=סיסטעמאַטיזירטער אָרדנונג, איז זיך סומך, אויף די אָפיציעלע מאַטעריאַלען פון דער רוסישער הויפט=פערוואַלטונג איבער די דרוק=ענינים. די דאָזיגע „פערוואַלטונג" גיט אַרויס שוין זעקס יאָהר צייט אַן אייגענעם אָרגאַן „קניזשנאַיאַ לעטאָפּיס" **, וועלכע רעגיסטרירט אין כראָנאָלאָגישער אָרדנונג אַלע (אָהן אויסנאַם) ווערק אויף אַלע שפראַכען, וואָס ווערען געדרוקט אין רוסלאַנד. די מאַטעריאַלען זענען, אַלזאָ, די פולקומסטע און די איינציג=זיכערע. דאָך קאָנען זיך דאָ טרעפען אַמאָל איינציגע פעהלערן ספּעציעל בנוגע צו יודישע ווערק.

די „ליעטאָפּיס" פערצייכענט צוויי אָבטיילונגען: „נאַ דרעוונע יעווריסקאָם יאַזיקע" און „נאַ יעווריסקאָם יאַזיקע", ד. ה. העברעאיש בעזונדער און יודיש בעזונדער. אָפטמאָל אָבער זענען די דאָזיגע אָבטיילונגען צונויפגעמישט, און אַ בוך פון איין אָבטיילונג איז משיג גבול דער אַנדערער. דערביי זענען די נעמען פון די ביכער הן אויף העברעאיש, הן אויף יודיש געשריבען מיט רוסישע אותיות. דאָס אַליין ברענגט צו אַ געוויסען פּלאָנטער. חוץ דעם זענען פאַרהאַן נאָך איינינע פעהלערן. אַזוי, צ"ב, טרעפט אַז דער יודישער נאָמען פון בוך איז גאָרניט אָנגעגעבען; אַז עס איז ניט אָנגעוויזען, צי דער בוך ווערט איבערגעדרוקט פון אַן אַלטער אויסגאַבע, אָדער עס ערשיינט צום ערשטען מאָל; אַז די דאַטען זענען צעדרעהט *. אָבער די אַלע איינציגע פעהלערן ווערען בטל לגבי דעם רייכען מאַטעריאַל, וואָס די „ליעטאָפּיס" גיט בכלל. דער % פון די ניט גענויע דאַטען און פעהלערן איז בערך אַזוי קליין, אַז ער קאָן גאָר ניט גענומען ווערען ערנסט אין בעטראַכט. און ווען מען זאָל די מאַ=

*אגב דאַרף שוין בעמערקט ווערען, אַז די „לעטאָפּיס" רעגיסטרירט דעם מאַטעריאַל שפּעט, אַזוי אַז ביכער, וואָס האָבען ערשיינט די לעצטע וואָך פון איין יאָהר, ווערען פעררעכענט אויפ'ן צווייטען.

* וועגען דעם יודישען ביכערמאַרק אין אַנדערע לענדער, אחוץ רוסלאַנד, האָבען מיר פאַר דעם איצטיגען, „פנקס" ליידער קיין ידיעות נישט געקאָנט בעקומען. די פראַגע=ליסטען, וואָס מיר האָבען צעשיקט, האָבען קיין שום רעזולטאַטען ניט געבראַכט. די רעדאַקציע.

**Книжная лѣтопись Главнаго Управленія по дѣламъ печати, Выходитъ еженедѣльно подъ редакціей А. Д. Торопова. (VI-й годъ изданія) С. Петербургъ.

טעריאַלען פון „ליעטאָפּיס" קלייבען און סיסטעמאַטיזירען פון יאָהר צו יאָהר אין משך פון אַלענגערער צייט, לאָמיר זאָגען, פון אַ צעהנדליג יאָהר, קאָנען זיי געבען, ביי דער בעאַרבייטונג לויט דעם סטאַטיסטישען פערגלייכונגס-מעטאָד, זעהר אַן אינטערעסאַנטען בילד פון דער אינעווייניגסטער בעוועגונג פון אונזער שריפטליכער קולטור, ד. ה. אַזוי גוט, ווי פון אונזער גייסטיגער ענטוויקלונג.

די געבראַכטע „רשימה פון אַלע יודישע ווערק" סיסטעמאַטיזירט דעם מאַטעריאַל פאַר איין יאָהר צייט: זי נעמט אַרום אַלע געהעריגע ידיעות פון דער „ליעטאָפּיס" פאַר דעם יאָהר 1912, פון 1-טען ביז'ן 50-טען העפט, ד. ה. פון 20-טען דעצעמבער 1911 ביז דעם 17-טען דעצעמבער 1912. די ערשטע העפט האָט ערשיינט דעם 7-טען יאַנואַר, די לעצטע — דעם 31-טען דעצעמבער 1912. מיר האָבען, אַלזוי, ידיעות פאַר אַ פולען חשבון-יאָהר.

די ידיעות זענען זעהר אויספיהרליך און נעמען אַרום אין יעדען איינציגען פאַל אַלע מעגליכסטע פרטים. אַזוי האָבען מיר ידיעות וועגען גאַנצע 11 זאַכען, וואָס כאַראַקטעריזירען פון אויסווייניג אַ בוך: 1) נאָמען, 2) מחבר, 3) אַרויסגעבער, 4) שטאָדט, 5) דרוקעריי, 6) צאָהל עקז., 7) פאָרמאַט (די ברייט און די לענג, טיילונג פון בויגען, טיילונג פון זייט), 8) זייטען-צאָהל, 9) אילוסטראַציעס, 10) וואָג און 11) פרייז.

די יודישע ווערק פאַר'ן יאָהר 1912 האָבען מיר סיסטעמאַטיזירט אין 4 אָבטיילונגען: I. בעלעטריסטיק, II. פובליציסטיק, קריטיק און וויסענשאַפט, III. לעהר-ביכער, IV. פערשיידענעס.

בסך-הכל האָבען ערשיינט אין 1912-טען יאָהר — 407 יודישע ביכער*. פון זיי בעלעטריסטיק — 236, פובליציסטיק, קריטיק און וויסענשאַפט — 96, לעהר-ביכער — 16, פערשיידענעס — 59. אָדער אין פּראָצענטען: בעלעטריסטיק — 58,08 %, פובליציסטיק, קריטיק און וויסענשאַפט — 23,53 %, לעהר-ביכער — 3,92 %, פערשיידענעס — 1,47 %.

„פערשיידענעס", וואָס פערנעמט אַ גאַנצע 1/7 פון אַלגעמיינעם סכום אַרויסגעגאַנגענע ביכער, בעשטעהט על פי רוב פון „ווערק", וואָס קאָנען ניט אַריינגערעכענט ווערען אין דעבעט פון אמת'ער ליטעראַטור. אַזוי, בעשטעהען די 60 ביכער פון: 32 לוחות, 18 בלעטלעך און אָרטיגע אויסגאַבען, 4 ביכער וועגען „פאַבריקאַציע", 1 תחינה, 1 סדור, 1 צאינה וראינה, 1 רעטענישען, 1 ליעבעס-בריעף-בוך, 1 קאַטאַלאָג. דער 1 סדור איז מיט אַ יודישער איבערזעצונג און צוזאַמען מיט דער 1 צאינה וראינה שטעלט ער פאָר דעם גאַנצען „רומעל", וואָס אין העבראַעאיש פערנעמט

* אין גאַנצען זענען ארוס ביכער אין רוסלאַנד אויף אַלע שפּראַכען, אין יאָהר 1912 — 34.360; די יודישע מאַכען אויסאַרום 1,7 פּראָצ. דער פּראָצ. פון די יודען אין רוסלאַנד בנוגע דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין דער מדינה טרעפט אָן (לויט דער פאָלקסצעהלונג אין 1897)—1,15. דאָס בעטייט, אַז די יודישע ליטעראַטור איז אָרים, אַז זי איז 4 מאָל קלענער, ווי זי האָט בעדאַרפט זיין לויט דער פּראָפּאָרציע. ווען מען זאָל אפילו צורעכענען די גאַנצע העבראַאישע ליטעראַטור פאַר דעם יאָהר צייט, וועט אַלץ דער פּראָצ. זיין צו קליין. וואָס איז שייך צו דער „יודישער" ליטעראַטור אויף רוסיש, רעכענט עס די „ליעטאָפּיס" אויך ניט פאַר קיין יודישער ליטעראַטור...

עס לויט דער כמות, פערקעהרט, זעהר אַ בכבוד'יגען אָרט.

די יודישע לעהר-ביכער פערנעמען קנאַפּע 4 % פון אַלגעמיינעם סכום. דאָס איז זעהר ווייניג. און אויך פון די 16 ביכער — איז אַ גאַנצע 1/4 אייגענטליך גאָר קיין לעהר-ביכער ניט, נור אַלט-טראַדיציאָנעלע „בריעפענשטעלער". אין מאָדערנעם זין פון האָבען מיר דאָ בסך-הכל 6 לעהר-ביכער: 2 כרעסטאָמאַטיעס, 1 לעהר-בוך פאַר אַריטמעטיק, 1 — פאַר שפּראַכען און 2 — אָנפאַנגס-לעהר-ביכער. די צאָהלען בעווייזען, אַז אין פרט פון לעהר-ביכער אויף יודיש זענען מיר נאָך זעהר אָבגעשטאַנען. מיר האָבען ניט קיין יודישע שולע,—האָבען מיר אויך ניט קיין לעהר-ביכער אויף יודיש. דעם אויבען-אָן פערנעמט נאָך אַלץ דער בריעפענשטעלער. און נאָך מעהר איז דאָס צו זעהן פון דעם פאַקט, וואָס די צאָהל עקזעמפּלאַרען, אין וועלכע די 4 בריעפענשטעלערס האָבען ערשיינט, שטייגט אַריבער די צאָהל עקז. פון אַלע איבעריגע לעהר-ביכער, חוץ איינעם, אַזוי האָבען זיך געדרוקט די 2 אָנפאַנגס-לעהר-ביכער צוזאַמען אין אַ צאָהל פון 3000 עקז., און די 4 בריעפענשטעלער, וואָס זענען דאָך אויך געוויס „אָנפאַנגס-לעהר-ביכער", אין 11.500 עקז. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אויך אַ לעהר-בוך ערשיינט נאָך ביי יודען אין דער קליינער צאָהל פון אַ 1.000 עקז., זעלטען אין 2.000, נאָך זעלטענער אין אַ גרעסערער צאָהל. שוין אָבגערעדט וועגען די אומות העולם, וואָס ביי זיי ערשיינט אַ לעהר-בוך גאַנץ אָפט אין 3.000, 5000, 10.000 און אַפילו 40.000 און 50.000 עקז. שוין אין דער ערשטער אויסגאַבע, האָט ביי אונז ביז איצט די פּריווילעגיע אויף אַ גרעסערע פערשפּרייטונג נור דער בריעפענשטעלער: איהם דרוקט מען מיט איין מאָל אין 5.000, 3.500, 2.000 עקז., און עס איז קיין שום ספק ניט, אַז די מעהר-פערשפּרייטערע בריעפענשטעלער זענען אין 1912-טען יאָהר נור איבערגעדרוקט פון אַלטע אויסגאַבען, אַלזאָ, איז זייער פערשפּרייטונג נאָך פיעל גרעסער. עס איז כדאי צו בעמערקען, אַז דער פערלאַג „צענטראַל" (אייגענטליך ב. שימין) האָט אין דעם חשבון-יאָהר געמאַכט דעם נסיון אַרויסצוגעבען אַ „נייעם יודישען פאָלקס-בריעפענשטעלער" און האָט איהם טאַקע שוין אין דער ערשטער אויסגאַבע געדרוקט אין 2000 עקז., אַ צאָהל, וואָס בנוגע צו אונזערע בעסטע שריפטשטעלער, ערלויבט זיך דער דאָזיגער פערלאַג, איבער גאַנץ-פערשטענדליכע תנאים פון יודישען ביכער-מאַרק, גאַנץ זעלטען.

צווישען די 96 ביכער פון פובליציסטיק, קריטיק און וויסענשאַפט געפינט זיך נור בערך אַ קליינער פּראָצענט (10% אַן ערך), וואָס האָט קיין ליטעראַרישען ווערט ניט. דערפאַר געפינען זיך צווישען זיי אַזוינע ווערק, ווי די פון פרץ, סאָקאָלאָוו, אַחד-העם, מאַקס נאָרדוי, גרעץ, הלל צייטלין, פּראָפ. לאַצאַרוס, ש. גאָרעליק, ש. ראָזענפעלד, דר. מ. פינעס, דר. א. גינזבורג, נ. פּרילוצקי.

פרץ (פעליעטאָנען) איז דאָ געדרוקט אין 2.100 עקז., סאָקאָלאָוו (שריפטען) — 2.000 עקז., אַחד-העם (שריפטען) — 500 עקז., נאָרדוי (שריפטען) — 1.000 עקז., גרעץ (געשיכטע) — 1.000 עקז., צייטלין (פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס) — 1.000 עקז., צייטלין (שריפטען) — 1.000 עקז., לאַצאַרוס (ירמיהו הנביא)— 1.000 עקז., גאָרעליק (ליטעראַטור-בילדער) — 2000 עקז. (אין צוויי פערלאַגען?), ראָזענפעלד (ר' ישראל סאַלאַנטער) — 1.500

עקז., פינעס (די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור — 2.000 עקז., גינזבורג (דער תלמוד) — 1.000 עקז., פרילוצקי (זאַמעלביכער פאַר יודישען פֿאָלקלאָר, פֿילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע) — 1.000 עקז. מען דאַרף נאָר פערציייכענען, אַז חוץ די 1000 עקז. פון גרעצ'ס געשיכטע האָבען נאָך ערשיינט אין צוויי בעזונדערע פערלאַגען 2.000 עקז. יודישע געשיכטע לויט גרעץ,— און אַז פון די אַלטע אויסגאַבען זענען געדרוקט אין 500 עקז. פרצ'ס בלעטלעך.

אויף די געשעהענישען פון יאָהר האָבען רעאַגירט 13 ביכלעך: וואַהל-קאַמף (1), וואַהלען אין וואַרשעווער גמינע (5), די מלחמה (2), נאַפּאָלעאָן (5). אַלע 13 בסך-הכל אין דער גרויסער צאָהל פון 56.500 עקז.

אַ בעזונדערן אָרט אין דער אָפּטיילונג דאַרף אָפּגעגעבען ווערען דער אַרבייטער-ליטעראַטור. עס האָבען אין דעם יאָהר ערשיינט 15 אויסגאַבען אין אַ צאָהל בסך-הכל פון 49.200 עקז., וואָס מאַכט אויס דורכשניטליך אויף יעדע אויסגאַבע צו 3.280 עקז. דאָס איז, לויט די בעדינגונגען פון יודישען ביכער-מאַרק, זעהר אַ בעדייטענדע צאָהל, און די צאָהל בעווייזט, אַז די יודישע אַרבייטער-ליטעראַטור האָט גרויס ערפאָלג. אַזוי זעהען מיר טאַקע, אַז אין משך פון דעם איין יאָהר צייט האָט דער זאַמעלביכעל „טאָג-פראַגען“ אויסגעהאַלטען 2 אויסגאַבען (4.000 עקז.), די בראָשור „וואָס דאַרף מען געדענקען“ (וועגען וואַהל-געזעץ) — אויך 2 אויסגאַבען (6.000 עקז.), איינינע בראָשורען ווערען לכתחלה געדרוקט אין 4.000 און 5.000 עקז., דער פאַך-זשורנאַל „דער שניידער“ דרוקט זיך אויך אין 3.400 עקז. (צוויי העפטען).

נאָך די טאָג-ביכלעך, פערנעמט די אַרבייטער-ליטעראַטור, לויט דעם טעמפּ פון פֿערשפּרייטונג, דעם ערשטען אָרט.

פערקעהרט, די ציוניסטישע ליטעראַטור אויף יודיש איז פֿיעל אָרימער. בסך-הכל האָבען אין יאָהר ערשיינט 7 אויסגאַבען, שוין אַריינרעכענענדיג נאָרדוי, סאָקאָלאָוו און אַחד-העם. די 7 אויסגאַבען זענען געדרוקט בסך-הכל אין אַ צאָהל פון 17.000 עקז., אין דעם חשבון 10.000 עקז. פון דער בראָשור „דער שקל“. די גאַנצע ציוניסטישע ליטעראַטור ווערט געדרוקט, ווייזט אויס, אויף העברעאיש און רוסיש*...

מיט עמיגראַציע פערנעמען זיך 4 בראָשורען. פֿון זיי זענען 3 אַרויסגעגעבען פון יק"א אין אַ צאָהל בסך-הכל פֿון 7.000 עקז., 1 בראָשור דערצעהלט וועגען לעבען פון די עמיגראַנטען אין גאַלוועסטאָן, געדרוקט אין 8.000 עקז.

וועגען די פראַגען פֿון די לייה-און שפּאָר-קאַסעס האָט יק"א אַרויסגעגעבען 4 בראָשורען אין אַ צאָהל בסך-הכל פון 47.000 עקז.

בעלעטריסטיק פערנעמט, ווי מען האָט געקאָנט פֿאָראויסזעהן, דעם ערשטען אָרט אין דער רשימה, מעהר ווי אַ העלפֿט פֿון אַלע אַרויסגעגאַנגענע ביכער, פּונקט להיפוך צו „וויסענשאַפט“, וועלכע צעהלט אינגאַנצען, ווי מיר האָבען געזעהן, קוים אַ צעהנדליג ביכער. דער % מאַקולאַטור איז אין בעלעטריסטיק העכער, ווי אין פּובליציסטיק.

* צו דער ציוניסטישער ליטעראַטור אויף יודיש דאַרף אייגענטליך צוגערעכענט ווערען דער לוח „קדימה“ (7000 עקז.), וואָס האָט דעם יאָהר ערשיינט. אָבער דאָס בייט ניט אום דעם אַלגעמיינעם בילד.

אין משך פון יאָהר זענען אַרויס ווערק פֿון מענדעלי, פּרץ, שלום-עליכם, אַש, רייזין, שניאור, ספּעקטאָר, בערדיצעווסקי, פרישמאַן, נאָרדוי, בערקאָוויץ, בריינין, ווייסענבערג, יהודה שטיינבערג, אנכי, פינסקי, הירשביין, גאָרדין, ווייטער, קאַסעל, סטאַווסקי, ווענדראָוו, נסתר, מאַסטבוים, אָלגין, טייטש, יאושזאָהן, טונקעלער און פאַאולאַ פרילוצקי. כמעט די אַלע ווערק זענען געדרוקט יעדע דורכשניטליך אין 1.000 עקז., וואָס איז אויפ'ן יודישען ביכער-מאַרק אַזוי ווי אַ נאָרמע. מעהר נישט ווענדראָוו'ס און יאושזאָהנ'ס זענען געדרוקט אין אַ גרעסערער צאָהל עקזעמפּלאַרען (פון 3.000 ביז 7.000), און פון דער אַנדערער זייט — פרישמאַנ'ס, בריינינ'ס, בערקאָוויצעס און פינסקי'ס אין אַ קלענער צאָהל (צו 500 עקז.).

איבערגעזעצט זענען איינגאַנצען 9 ספרים, ד. ה. ניט מעהר פון 3,9 % בנוגע צו דער אַלגעמיינער צאָהל בעלעטריסטיק. דאָס איז אומגעהייער ווייניג. די וועלט-ליטעראַטור איז נאָך ניט אָנגעהויבען איבערגעזעצט צו ווערען אויף יודיש! פערשטעהט זיך, די מאַטעריאַלען פון איין יאָהר צייט גיבען נאָך ניט גענוג שטאָף צו אורטיילען בדרך כלל, אָבער בנוגע צו די דאַטען פון דעם יאָהר איז אויך גענוג קלאָר, אַז מיט איבערזעצונגען, וואָס זענען אַזוי אומבעדינגט נייטיג פאַר אַ יונגער ליטעראַטור (ווי די יודישע איז), האַלט ביי אונז ניט בעסער, ווי מיט די לעהר-ביכער...

איבערזעצט זענען: דאָסטאָיעווסקי (פערברעכען און שטראָף), ל. נ. טאָלסטאָי („דער טייוועל“, „קאָזאַקען“), לערמאָנטאָוו („קאָנטראַבאַנדיסטען“), שילער („די רויבער“), גי דע מאָפּאַסאַן („איוועטאַ“), האַנס אַנדערסען („דער גן-עדן“), ע. דע-אַמיצי'ס („דאָס גוטע קינד“), מאַטילדאַ סעראַאָ („דער ציטונגס-שרייבער“). די איבערזעצער זענען: בעל-מחשבות (טאָלסטאָי'ס „קאָזאַקען“), דוד קאַסעל (טאָלסטאָי'ס „טייוועל“ און שילער'ס „רויבער“) און ז. רייזען (דאָסטאָיעווסקי, לערמאָנטאָוו און אַנדערסען). ערשיינט האָבען די ביכער: טאָלסטאָי („קאָזאַקען“), לערמאָנטאָוו, שילער און אַנדערסען צו 2.000 עקז., דאָסטאָיעווסקי — אין 1500 עקז., די איבעריגע צו 1.000 עקז.

אַ נייעס אין דער יודישער ליטעראַטור זענען די ליברעטאָ'ס פון די צוויי בעוואוסטע אָפּערעס „פּאַיאַצען און „דאָרפֿס-עהרע“, וואָס ה' פ. קאַפּלאַן האָט איבערזעצט*.

דעם גרעסטען ערפאָלג פֿון אַלע יודישע שרייבער האָט אָהן קיין שום ספק — שלום-עליכם. סטאַטיסטיש, פֿאַר דעם יאָהר, בעשטעהט די זאַך אַזוי: עס האָבען ערשיינט אין משך פון דעם איין 1912-טען יאָהר 71 ביכלעך פון שלום-עליכם, פֿון זיי 69 בעלעטריסטישע און 2 פּובליציסטישע (ציוניסטישע), די אַלע ווערק האָבען ערשיינט אין אַן אומגעהייער גרויסער צאָהל בסך-הכל פון 179.000 עקז. — אַ גאַנצער ביכער-מאַרק!

די הערשערין פון דעם יודישען ביכער-מאַרק איז די שטאָדט וואַרשע, נאָך איהר געהט ווילנא. אַלע איבעריגע שטעדט שפּיעלען קיין שום ראָל ניט. די „פּראָווינץ“ גיט אַרויס לוחות, אָרטיגע אויסגאַבען, בלעטלעך, — אַלץ סחורה, וואָס האָט אַ קנאַפּע שייכות צו ליטעראַטור. פון פּעטערבורג און אָדעס, אַמאָל פֿון קיעוו— ערשיינט אויך אַ גוט יודיש ביכעל, אָבער צופעליג און אין זעהר

* די קינדער-ליטעראַטור בעשטעהט אין דעם יאָהר סך הכל פון פיער, פינף ביכלעך. דאָס איז אומדערהערט ווינציג!

אַ קנאַפּער צאָהל. בערדיטשעוו, זשיטאָמיר, לובלין, לאָדז, מינסק און קאָוונא קאָנען קיים גענומען ווערען אין בעטראַכט.

די „אידענ״-ליטעראַטור, די אַרבייטער-ליטעראַטור געהט על פּי רוב פון ווילנא; די גאַנצע בעלעטריסטיק כמעט — פון וואַרשא. דאָס איז פערשטענדליך, ווייל אין 1912 יאָהר איז אין ווילנא נאָך ניט געווען קיין גרעסער מאָדערנער פערלאַג.

הגם די אַלגעמיינע צאָהל אַרויסגעגאַנגענע יודישע ביכער איז זעהר קליין, הגם צווישען די לעהר-ביכער הערשט נאָך דער בריעפענשטעלער און אין דער בעלעטריסטיק פערנעמען נאָך אַ פיינעם אָרט באָבע-מעשׂיות און שונדריפּטען על פּי נוסח שמ״ר (אויסגאַבען פון פינק, ווילנא, צ. ב.), און הגם הן אין דער בעלעטריסטיק הן אין דער פובליציסטיק אונזערער פעהלען נאָך כמעט לגמרי די נויטיגע איבערזעצונגען פון דער וועלט-ליטעראַטור און אויך קיין קינדער-ליטעראַטור איז נאָך ניטאָ, — קאָן מען דאָך זאָגען, אַז אַפילו אין דעם יאָהר 1912, וואָס איז געווען ניט קיין נעראַטענער יאָהר פאַר דער יודישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, זענען געמאַכט געוואָרען געוויסע התחלות, וואָס מען קאָן פון זיי פיעל האָפען*.

* פערגלייך דעם ארטיקעל „יודישע ספרים אויף דער ביכער-אויסשטעלונג אין פעטערבורג׳. „די יודישע וועלט״ נומ. 6 1913.

# ד"ר מ. פינעס — די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור.

פערלאג ב. שימין, ווארשוי, תרע"ב.

די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור! ווער ווייס ניט, אַז די יודישע ליטעראַטור הויבט זיך אָן פון מענדעלי'ן? מישטיינס געזאָגט, וואָס דאָ קאָן שטעקען „געשיכטע"!

איך גלייב, אַז פיעל געטרייע יודישע לעזער זענען פערוואונדערט געוואָרען, לייענענדיג, אַז די יודישע ליטעראַטור צעהלט עטליכע הונדערט יאָהר, און אַז דער טייטש־חומש און די בבא־מעשיות, וואָס ס'האָבען געלייענט אונזערע עלטער־באָבעס, האָבען אַ שייכות צו דער דאָזיגער ליטעראַטור.

ביי אַזאַ אומוויסענהייט, אַפילו צווישען די אינטעליגענטע יודישע לעזער, מוז יעדער געשיכטס־אַרטיקעל זיין שטאַרק אָנגעלעגט. און אין דעם פרט האָבען מיר געוויס צו בעגריסען דעם פרוב פונ'ם ד"ר מ. פינעס צו געבען אַ קורץ־געפאַסטען איבערבליק איבער דער יודישער ליטעראַטור.

וואָלטען מיר נאָר געהאַט פאַר זיך אַזאַ „פרוב" פון אַן „איבערבליק", וואָלט מען בעצם געקאָנט אויסבעסערן ביי פינעס'ן עטליכע גאָר פערדראָסיגע גרייזען און ווינשען דעם בוך דעם בעסטען ערפאָלג.

לידער, מיינט עס אָבער ד"ר פינעס מיט זיין „געשיכטע" אַ סך ערנסטער. דאָס איז אַרויסצוזעהן הן פונ'ם נאָמען, וואָס זיין ווערק האָט, הן פונ'ם גאַנצען שטייגער, ווי ער שרייבט. ער וויל האָבען, אַז ער האָט אונז באמת מחיה געווען מיט אַ „געשיכטע". דערמיט גופא צווינגט ער יעדען פריינד פון יודיש זיך צו בעציהען צו זיין ווערק ערנסטער און קריטישער. דאָס, וואָס ס'פאַסט גאַנץ שען פאַר אַ דאָקטאָר־אַרבייט אויף פראַנצויזיש, קאָן אויסקומען גאַנץ מיזער פאַר אַ יודיישער ליטעראַטור־געשיכטע אויף יודיש. ד"ר פינעס אָבער מיינט אפנים, אַז פאַר'ן יודישען עולם פערשפאָרט מען די גרויסע צערעמאָניעס. אַנדערש איז ניט צו פערשטעהן די איינשטעלעניש און די אייַלעניש, מיט וועלכען ער האָט אונז אונטערגעטראָגען אַ מיטעלמעסיגען רעפעראַט, ווי אַ געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור.

מיר האָבען קיין מזל ניט. איב מ'זאָל ניט רעכענען אונזער שענע ליטעראַטור, די נאָוועלע און פאָעזיע, וואו יעדער האָט געגעבען, וואָס ער פערמאָגט, בעמערקען מיר כמעט ניט קיין ערנסטקייט, קיין וויסען. צו יודיש קומט מען אָדער פון גרויס אומוויסען, אָדער מיט שיריים פון אַ רייכערן טיש. דער שטעמפעל פונ'ם דילעטאַנט אָדער פאָפולאַריזאַטאָר ליגט כמעט אויף אַלץ, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען פאַר'ן „ערנסטען" לעזער. מ'געהט נאָך אַלץ מיט דעם גאַנג, אַז פאַר דער אָרימער קרובה איז אַלץ געווען, זאָל זיין אַן איבערגעניצעוועט קלייד פון אַ רייכער מחותנת'טע, זאָל זיין אַ פאַסאָן פון דער קרינאָלין־מאָדע, נישקשה! דאָ וועט עס אַלץ אָבגעהן פאַר גוט געלד.

גרעבער נאָך איז דער פערדראָס, ווען ס'האַנדעלט זיך וועגען יודישער שפראַך־וויסענשאַפט (ליטעראַטור, גראַמאַטיק א. אַז. וו.). דאָ פיהלט זיך יעדער, ווי ביים טאַטען אין וויינגאָרטען. דאָ האַלט זיך יעדער יונגעל פאַר אַ געלעהרטען און פאַר אַ בריטען בעל־דעה. יעדע וואָך קומט, למשל, אַן אַנדער מושלם פון מאַזעפעווקע און בעשאַפט אַ נייע אָרטאָגראַפיע, ברענגט השערות אויסגעזויגען פונ'ם פינגער און מאָדעלירט די שפראַך כיה ה' הטובה עליו.

מענשען טרעטען צו צו דער אַרבייט, און זיי דאַג'ען וועניג וועגען דעם, וואָס ביז זיי איז געטאָן געוואָרען אויף דעם געביט. על פי רוב ווייסט מען גאָרניט, אַז ס'איז שוין וואָס געטאָן געוואָרען, אַז געלעהרטע קריסטען און יודען, פילאָלאָגען, היסטאָריקער האָבען שטודירט און געפאָרשט אונזער יודיש. זאָל זיין, אַז די אַרבייט איז געטאָן געוואָרען ניט לשמה, נאָר צוליעב אַנדערע צוועקען, צוליעב גערמאַניסטיק, אָבער דאָך איז פיעל, זעהר פיעל אויפגעטאָן געוואָרען. אַפילו צווישען די רוסישע יודען האָט שוין יודיש איהרע פאָרשער און קענער, ווי ה' א. הרכבי [1], דער פערשטאָרבענער אליעזר שולמאַן [2]. און ס'וואָלט באמת געווען אַ גרויסער פערדיענסט, ווען עמיצער זאָל זיך וועלען די מיה געבען, אָנשטאָט צו „ענטדעקען", פשוט רעפערירען אויף יודיש די פאָרשונגען פון שטיינשניידער, ד"ר גידעמאַן, גרינבוים, אַווע־לאַלעמאַן און אַנד. פון די עלטערע פאָרשער: בוקסטארף, וואגענזייל, זעליג, כריזאַנדער, שוין ניט צו רעדען.

לידער, געפינען זיך אויף אַזאַ אַרבייט קנאַפע בעלנים, און דאָס וואָלט געווען אפשר די וויכטיגסטע „ענטדעקונג". פינעס'עס בוך האָט די דאָזיגע אַרבייט אונז ניט פערשפאָרט.

ד"ר פינעס האָט בעצם פערשטאַנען זיין אַרבייט גאַנץ ברייט. ער האָט אונז געוואָלט אויסווייזען דעם פאָדים, וואָס פערבינדט אונזער געצלטען מיט דעם ווייטען עבר ביז אַ יודישען מינעזינגער זיסקינד פון טרימבערג, אָדער יודישע גלאָסען אין רבנ'ישע שאלות ותשובות. פאַר אַזאַ בעגריף פון יודישער ליטעראַטור־געשיכטע האָט ער שוין געהאַט אַ פאַרטיגע פאָרם: ווינער'ס בוך אויף ענגליש. ווי מיר דוכט, האָט ער דעם אַמעריקאַנער פראָפעסאָר טאַקע פיעל צו דאַנקען. דאָס וואָלט ניט געווען קיין חסרון פאַר אַ דיסערטאַציע. פאַר אַ יודישער ליטעראַטור־געשיכטע אָבער איז עס וועניג. אויף וויפיעל דאָרט שטעקט אייגענטליכע געשיכטע, געהערט עס הקא ניט צו דער עפאָכע, וואָס נאָך מענדעלי'ן, אָדער אַפילו צו דער השכלה־תקופה. די דאָזיגע תקופה ליגט אונז אויף דער האַנד, און דאָ איז פאַר אַ געשיכטס־פאָרשער קנאַפ פאַרהאַן וואָס צו טון. אינטערעסאַנט איז גראָד די עלטסטע עפאָכע, די

[1] „היש משפט לשון לשפת יהודית" אין „נר המערב" ניו־יאָרק 1895–97 מייל ב' ג' ה–ט; „לשאלת שפת יהודית המדוברת", הצפירה 1888 און אַנד.

[2] זיין אַרטיקעל אין שלום־עליכמ'ס פאָלקסביבליאָטעק ב. 2, אויך זיין „עמקי־שפה" השלה 1898 און זיין ניט געענדיגטע „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה" אין מאָגאַזשריפט „הזמן", פעטערבורג 1903, העפט 1, 2, 3.

געשילדערטע פֿונ'ם אַלטען „יודיש־דייטש", וואָס האָט געהאַט אַ גלענצענדע ענטוויקלונג פֿון די ערשטע ביבעל־איבערזעצונגען ביז צו מענדעלסאָנ'ס דור. די דאָזיגע תּקופֿה איז צום ווענינגסטען בעקאַנט. עס זענען פֿאַראַן איינצעלנע מאָנאָגראַפֿיעס, נאָר ס'פֿעהלט דאָס גאַנצע, דער גרויסער פּלאַן, וואָס זאָל מאַכען פֿון בעזונדערע שטיינער אַ בנין; דעם פּלאַן האָט ד"ר פּינעס פֿערשטאַנען. ער איז אָבער, ליידער, צוגעגאַנגען דערצו מיט ליידיגע הענד, און דאָס האָט, פֿערשטעהט זיך, צו קיין גוטס ניט געקאָנט פֿיהרען.

שוין פֿון ערשטען בליק זעהט מען, ווי ווייט ער איז פֿון אויסצופֿיהרען אָט דעם פּלאַן. פֿון צוויי בענד אַרום 444 זייטען האָט ער אָבגעגעבען דער עלטסטער, דער וויכטיגסטער תּקופֿה, שוין צוזאַמען מיט דער יודישער גראַמאַטיק, סך־הכּל 46 זייטען. פֿערקעהרט, פֿערנעמען 6 מאָדערנע שרייבער אַ גאַנצען באַנד.

דאָס וואָלט נאָך אָבער אַליך רעכט געווען, ווען, ווענינגסטענס, די דאָזיגע געשענקטע 46 זייטליך זאָלען זיין געשריבען מיט זאַך־קענטעניש.

אַז מיר רעדען וועגען דער תּקופֿה פֿונ'ם „יודיש־דייטש" ביי ד"ר פּינעס, מוזען מיר אָבער אָננעמען:

1) אַז פֿון די אַלע אָריגינאַלען פֿון די עלטסטע יודיש־דייטשע ווערק, וואָס ער רעדט פֿון זיי גאַנץ ברייטליך, האָט ד"ר פּינעס כּמעט קיין איינעם פֿאַר די אויגען ניט געזעהן, ווער רעדט שוין פֿון שטודירען[3], און אַז דאָס, וואָס ער דערצעהלט אונז וועגען די דאָזיגע ווערק, ווייס ער מפּי השמועה, דערפֿון וואָס ער האָט געלייענט ביי אַנדערע.

2) ניטש תּמיד אָבער האָט ער גענומען דירעקט פֿון די דאָזיגע צווייטע הענד, על פּי רוב, האָט ער זיך בענוצט דערמיט, וואָס ער האָט רעפֿערירט זייערע מפֿרשים, וועלכע האָבען אַליין פּאָפּולאַריזירט די דאָזיגע קוועלען (קאַרפּעלעס, ווינער).

ס'איז גענוג אָנצו־ווייזען דערויף, אַז האַגענזייל'ס בוך ציטירט ער פֿון שיינעאַנו'ס „עסיי", אַזוי ווי דער ישיבֿה־בחור, וואָס ברענגט אַ פּסוק ישעיה פֿון בבֿא־קמא (ז. 19 אָנמערקונג).

3) ניט געקענט די אָריגינאַלען, און זעלטען די ערשטע קוועלען, קומט ער אין דער גרעסטער פֿערלעגענהייט. ווען צוויי מפֿרשים זענען סותר איינער דעם צווייטען; דאַן ברענגט ער ביידע סותר־דיגע מיינונגען, און ווייס ניט, ווי אַזוי איבערצולאָזען ביים לעזער איין בעשטימטע מיינונג.

4) אַמאָל אין אַ נויט־פֿאַל, ווען די מפֿרשים האָבען איהם ניט פֿערזאָרגט מיט נויטיגער אינפֿאָרמאַציע, גיט ער נאָך צו אַ נופֿך משלו, און דאָ לאָזט ער זיך אויף קדוש־השם און טרעפֿט אָפֿט, אַזוי ווי אַ בלינדער אין קוימען.

5) חוץ דעם, איז דער בוך אַזוי שלעכט קאָרעקטירט און גיט אָן אַזוינע פֿאַנטאַסטישע נעמען און דאַטען, אַז ס'איז ניט צו פֿערשטעהן, ווי אַזוי ער האָט אַזאַ זאַך אַרויסגעלאָזט אויפֿ'ן מאַרק, אָדער ניט פֿערזאָרגט עס, ווענינגסטענס, מיט אַ לוח־הטעות.

אָט די אַלע זאַכען איז אַרויסצוזעהן, ווי בּכלל אינ'ם גאַנצען ווערק, אַזוי אויך ביי יעדער קלייניגקייט. מיר וועט אויסקו־

[3] אַפּילו דעם פּאָפּולערסטען בוך „צאינה וראינה" ציטירט ער פֿון אַן אויסגאַבע פֿון יאָהר 1902.

מען איהם נאָכצוגעהן פּוסטריט און שטעלען, ווי ווייט מעגליך, יעדע זאַך מיט'ן קאָפּ אַרויף.

———

דער געשילדערטע פֿון דער שפּראַך־ענטוויקלונג גיט ד"ר פּינעס אָב אַ בעזונדער קאַפּיטעל. ס'מוז דאָ פֿריהער פֿאַר אַליך בעמערקט ווערען, אַז ד"ר פּינעס ברענגט ניט אינ'ם קאַפּיטעל וועגען דער שפּראַך־ענטוויקלונג קיין איין מוסטער, קיין איין אויסצוג פֿון די גלאָסען אָדער פֿון די עלטערע יודיש־דייטשע ווערק, און נוצט אפילו ניט אויס דאָס, וואָס איז איהם געווען צו דער האַנד, ווי למשל, שולמאַנ'ס אַרטיקעל אין „פֿאָלקסביבליאָטעק" באַנד II, דעמזעלבענס „שפת יהודית אשכנזית וספרותה" און דאָסגלייכען, וואו ס'ווערען געבראַכט מוסטערן און ציטאַטען פֿון דעם אַלטען יודיש־טייטש.

אויף זייטע 4 דערצעהלט ער, אַז „אפילו אין XIII יאָהר־הונדערט נאָך האָט זיך די שפּראַך פֿון די דייטשע יודען אויף אַ האָר (?) נישט אונטערשיידט פֿון דער שפּראַך פֿון זייערע שכנים די דייטשען... ערשט אין XIV יאָהרהונדערט קאָן מען געפֿינען אין די שו"ת און אַנדערע ליטעראַרישע דאָקומענטען (?) די ערשטע שפּורען, חאָטש שוואַכע, פֿון דער נייגעבוירנער יודישער שפּראַך"; מיט אַ צעהנדליג שורות ווייטער, אויף זייטע 5, ווערט איהר זיך דערוויסען, אַז „איינגע היסטאָריקער... בעהויפּטען, דאָס ביז'ן XV יאָהרהונדערט נאָך האָט די שפּראַך פֿון די דייטשע יודען אָבגעהיט איהר ריינקייט". ווי אַזוי קלעפּט זיך די דאָזיגע מיינונג מיט די „ערשטע שפּורען פֿון דער נייגעבוירענער יודישער שפּראַך" נאָך אין XIV יאָהרהונדערט? האָבען דאָך די דאָזיגע „שפּורען" געמוזט אין משך פֿון צוויי יאָהרהונדערט XIV, XV נאָך בולט'ער ווערען! אָדער זענען זיי פֿערשוואונדען געוואָרען? דערפֿון מאַכט ד"ר פּינעס אַ שוויג. אין מיטען אָבער וואַרפֿט ער אַריין אַ פּאָר קיילעכדיגע ווערטער וועגען דעם „איינפֿלוס מצד די פֿראַנצויזישע יודען". ווי ס'איז אַרויסצוזעהן פֿון ד"ר פּינעס'עס אַ פּאָר שורות, זאָל דער דאָזיגער פֿראַנצויזישער איינפֿלוס האָבען אַרויסגערופֿען „די ענדערונגען, וועלכע מען בעמערקט אין דער שפּראַך פֿון די דייטשע יודען פֿון דער דאָזיגער עפּאָכע". אַזוי ווי די „נייגעבאָרענע יודישע שפּראַך" און די „ענדערונגען", וואָס האָבען געבראַכט דערצו, פֿערשטעהען מיר אַלע גלייך, ד. ה. דעם פּראָצעס פֿון ענטוויקלונג, וואָס האָט מדרגות'ווייז אויסגעאַרבייט פֿון אַ מיטעלהויכדייטש אונזער יודיש, — וואָלט עס געווען העכסט אינטערעסאַנט צו בעווייזען, אַז דער פֿראַנצויזישער איינפֿלוס האָט געשפּיעלט אַ ראָלע ביי דער דאָזיגער ענטוויקלונג. ד"ר פּינעס וואָלט זיך דערמיט אַליין קונה שם געווען! מיט וואָס־זשע בעשטעטיגט זיך אַזאַ פֿאַקט? אין בעמערקונג 5 צו זייטע 4 ברענגט ער 2 פֿראַזעס, איינע פֿון יאָסט: „וויכטיג און בולט איז די פֿראַנצויזישע פֿאַרב פֿון דער יודיש־דייטשער קאָנסטרוקציע". די צווייטע פֿראַזע, וואָס האָט איהם נאָך מעהר פֿערפֿיהרט, איז גענומען ביי קאַרפּעלעס'ן: „די לאָטאַרינגישע יודען האָבען איינגערייצט צו דער בילדונג פֿון דעם שפּראַך־געמיש, און זיי האָבען אויך געגעבען אַ טייל מאַטעריאַל פֿאַר דער אַרבייט". מילא, קאַרפּעלעס'ן לוינט זיך ניט אָבצופֿרעגען: ער איז אַליין אַ קנאַפּער בר־סמכא אין אַזאַ פֿראַגע. און וואָס איז נוגע צו יאָסט, וואָס האָט געשריבען מיט מעהר זאַכקענטעניש, רעדט ער ניט פֿון קיינע „ענדערונגען" אין דער

שפּראַך, פֿון קיינע „שפּורען פֿון אַ נייגעבוירענער יודישער שפּראַך“. ער איז געווים אויסען נאָר איניגע עטימאָלאָגישע וואַריאַצעס, און דערהויפּט איניגע גאַנץ בּלייבּע אָרטאָגראַפֿישע אָבּווייכונגען אין דעם אויסלעגען פֿון איניגע ווערטער *. ד״ר גידעמאַן, וואָס ער האָט די פֿראַגע בּעהאַנדעלט אויספֿיהרליכער [4], טייט אָן מיט׳ן פֿינגער אויף די ענדערונגען, וואָס פֿון זיי געהט דאָ די רייד: די פֿראַנצויזישע ראַבּינער פֿון דער לאָטאַרינגען־פּראָווינץ פֿלעגען אויסלעגען יודיש־דייטשע ווערטער מיט דער פֿראַנצויזישער אָרטאָגראַפֿיע. אַזוי, למשל, פֿלעגען זיי בּענוצען דעם שטומען א׳ צום סוף וואָרט נאָך אַ קאָנסאָנאַנט אַיפּ׳ן שטייגער פֿונ׳ם פֿראַנצויזישען שטומען e: „קאפּא“ [5] אָנשטאָט קאָפּ און נאָך אַ פּאָר אַזוינע קלייניגקייטען.

צו דער שפּראַך־גופא, צום אייגענטליכען דייטשען שפּראַך־מאַטעריאַל האָט עס קיין שום שייכות ניט.

ס׳מוז נאָך דאָ געזאָגט ווערען, אַז גידעמאַנ׳ס מיינונג פֿון דער פֿראַנצויזישער אָרטאָגראַפֿיע־ווירקונג איז ניט מעהר ווי אַ השערה, וואָס ווערט גאָר אָבּגעלייקענט פֿון איינינע געלעהרטע. אַזוי, למשל, געפֿינען מיר שוין בּיי איינעם פֿון די עלטסטע יודיש־דייטשע ביבעל־איבּערזעצער, פּוילוס פאגיוס [6] אַן ערקלערונג וועגען דעם שטומען א׳, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי ornatus Causa [פֿאַר אַ בּעפּוצונג]. דיזעלבּיגע מיינונג האָט אויך א. שולמאַן [7].

אָט אַזוי איז אַ היפּאָטעטישע פֿראַנצויזיש־אָרטאָגראַפֿישע פֿערפּאַרבּונג, וואָס מ׳דאַרף זי אַרויסבּעקומען דורך אַ שפּאַקטיוו, מגולגל געוואָרען אין „שפּורען פֿון אַ נייגעבוירענער יודישער שפּראַך“.

די אייגענטליכע ענטוויקלונג פֿון דער שפּראַך מאָלט ד״ר פינעס אַזוי: אין דייטשלאַנד איז יודיש־דייטש „זעלבּסטשטענדליך (?) געוואָרען אַ פֿערדאָרבּענע פֿאָרם פֿון דייטש, איז עס אַראָבּ צו דער מדרגה פֿון אַ „זשאַרגאָן“, פֿון אַ געטאָ־קויערוועלש“ (ז. 6). די דאָזיגע פֿערוואַנדלונג אין אַ „זשאַרגאָן האָט זיך נישט אָנגעהויבּען פֿריהער פֿאַר דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג“ [8] (ז. 5), אַלזאָ צו דער צווייטער העלפֿט פֿונ׳ם 17־טען יאָהרהונדערט. פֿערקעהרט, אין פּוילין „האָט דאָס יודיש־דייטש אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ בּעשטימטער שפּראַך... איז געוואָרען די יודישע שפּראַך, דאָס „יודיש“ פֿון היינטיגע „צייטען“ (ז. 9).

ווען איז די דאָזיגע „פֿיינע אומוואַנדלונג“ פֿאָרגעקומען? דאָס זאָגט ער ניט גלייך, נאָר אין אַ מאַמר־המוסגר, ווי מיר וועלען עס בּאַלד אַרויסזעהן. אין דערזעלבּער צייט, ווען יודיש־דייטש האָט אין דייטשלאַנד אָנגעהויבּען „פֿערדאָרבּען“ ווערען, ד. ה. צו דער צווייטער העלפֿט פֿונ׳ם 17־טען יאָהרהונדערט, זענען פֿאָרגעקומען די שרעקליכע קאָזאַקען־רציחות, די גזרות ת״ח ות״ט (1648—49), ווען הונדערטער יודישע קהלות אין אוקריינע און אין פּוילען זענען חרובֿ געוואָרען, און יודישע וואַנדערער זענען געלאָפֿען מאַסענווייז קיין דייטשלאַנד, האָלאַנד א. אַז. וו. מן־השמים איז געווען, אַז בּיי דעם אומגליק זאָל דאָס „פֿערדאָרבּענע דייטש“ פֿון אונזערע בּרידער אין דייטשלאַנד אויפֿגעריכט ווערען: „די אָנגעקומענע יודען, דערצעהלט ד״ר פינעס, האָבּען מיט זיך אַוועקגעטראָגען אויך דאָס יודיש־דייטש, וועלכעס איז אין פֿערלויף פֿון צוויי יאָהרהונדערטער אומגעענדערט געוואָרען אין זייער נייעם פֿאָטערלאַנד“ (ז. 9) (אין פּוילין. בּעל־דמיון).

דערפֿון איז אַרויסצוזעהן, אַז דער איבּערגעמאָנטער פּראָצעס, ווען יודיש־דייטש „איז געוואָרען די יודישע שפּראַך“, איז פֿאָרגעקומען אין משך פֿון די 2 יאָהרהונדערטען בּיז 1648. פֿון דעמאָלט אָן, דערצעהלט ווייטער ד״ר פינעס, „האָט דאָס יודיש־דייטש אין אַ נייער געשטאַלט (אין קורסיוו) צוריקגעקעהרט זיך אין זיין געבּורטסלאַנד און איז אָנגענומען געוואָרען דורך די, וואָס זענען דאָרט פֿערבּליבּען... דאָס יודיש־דייטש, אויף וויפֿיעל עס איז גערעדט געוואָרען אין דייטשלאַנד, דאָס הייסט כמעט בּיזן אָנהויבּ פֿון XIX יאָהרהונדערט און שפּעטער, געבּליבּען אין זיינע הויפּט־יסודות דאָס אייגענע אין דייטשלאַנד, ווי אין פּוילען און אין אַנדערע סלאַווישע לענדער“ (ז. 10).

דאָ איז יעדער זאַץ אַ פּערל, און דו ווייסט נישט, אויף וואָס זיך פֿריהער אָבּצושטעלען. יודיש־דייטש אין דייטשלאַנד האָט „אָנגעהויבּען“ צו דער צווייטער העלפֿט פֿונ׳ם 17־טען יאָהרהונדערט „פֿערדאָרבּען“ צו ווערען און אין דערזעלבּער צייט, נאָך גזרות ת״ח, איז דאָס אויפֿגעריכט געוואָרען אַדאַנק דער ווירקונג פֿון דעם פּוילישען יודיש־דייטש, וואָס האָט בּיז גזרות ת״ח געמאַכט די „פֿיינע אומוואַנדלונג“ און „איז געוואָרען די יודישע שפּראַך!“ ווען זשע, און וואָס פֿאַר אַ משך צייט, האָט יודיש־דייטש אין דייטשלאַנד בּעוויזען צו ווערען „אַ געטאָ־קוידערוועלש“?

ס׳וואָלט טאַקע געווען זעהר אַ האַרבּע קשיה, ווען נאָט זאָל ניט בּעווייזען אַ נס, און די גאַנצע מעשה איז אַן אויסגעטראַכטע, אַ וואונדערליכער פּלאָנטער פֿון גענאַשטע ניט־פֿערשטאַנענע זאַכען. דאָס „פֿערדאָרבּענע“ דייטש איז אַ שלאַגוואָרט בּיי אַלע זשאַרגאָן־פֿרעסער, דייטשע געלעהרטע, ווי חכמי־ישראל. אַ יודישער ליטעראַטור־היסטאָריקער האָט זיך געמוזט בּעציהען דערצו אַ ביסעל פֿאָרזיכטיגער. ווענינסטענס, האָט ער געמוזט וויסען דאָס, וואָס היינע, גאָר ניט קיין פֿריינד פֿון יודיש, האָט געוואוסט נאָך מיט 80—90 יאָהר צוריק: „דאָס, וואָס מיר רופֿען אָן מוישעלען mauscheln איז ניט אַנדערש נאָר די אייגענטליכע פֿראַנקפֿורטער לאַנדעסשפּראַך, און אויך איהר רעדט די ניט־גע׳מל׳טע בּעפֿעלקערונג אַזוי שעהן, ווי די גע׳מל׳טע“. ד״ר פינעס ציטירט אַ פּאָר מאָל די נאָטע 7 און גידעמאַנ׳ס בּוך [9] און דאָרט האָט ער געקאָנט בּיי דעם אָפּענעם פֿיינד פֿונ׳ם מאָדערנעם יודיש געפֿינען אַ קלאָרע, בּעגרינדעטע מיינונג, אַז דאָס „מוישעל־דייטש איז אין גרונד גענומען נישט אַנ־

* מיט אַזאַ זיכערהייט, מיינען מיר, קאָן מען ניט, אַז דוקא דאָס האָט געמיינט ראָסט מיט זיין אויסדרוק: „זיכטבּאר און בּעדויטזאַם איזט די פראַנצויזישע פאַרבּונג דער יידיש־דויטשען קאָנסטרוקציאָן“. די רעד.

4 „התורה והחיים בארצות המערב בימי הבינים“ וואַרשוי 1896 נאָטע 3 ז. 219—225.

5 פיעל ווערטער מיט שטומען אלף ברענגט גרינבוים פון פערשיידענע שריפטען אין זיין Jüdisch-deutsche Chrestomathie, Leipzig 1882. זז. 89—90, 117—126.

6 געבּראַכט בּיי מ. גרינבוים, ז. 556.

7 זעה זיין „עמקי שפה“ השלה 1898 יולי ז. 44 בּעמערקונג 4.

8 1618—1648.

9) Geschichte des Erziehungswesens etc. B. III, Wien, 1888.

דערש, ווי אַן עלטער דייטשער דיאַלעקט"[10] (ז. 297). די דאָזיגע מיינונג גילט ביי ד"ר נידעמאַן אַפילו וועגען דעם שפּעטערדיגען יודיש=דייטש, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אונטער דער ווירקונג פון דער „בענייטער" שפּראַך, וואָס די פּוילישע יודען האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך אין דער צווייטער העלפט פון'ם 17=טען יאָהרהונדערט. נאָר ביז דער דאָזיגער צייט איז יודיש=דייטש, און דוקא אין דייטשלאַנד, געווען אין דייטשען זין אַ סך ריינער, אַ סך נעהענטער צום קריסטליכען דייטש, איידער נאָכדעם. פון וואָס זשע פאַר אַ „קודערוועלש" רעדט דאָ ד"ר פינעס, וואָס וויל זיין מעהר דייטש, ווי די דייטשע „זשאַרגאָן=פרעסער"?

דייטשע און יודישע געלעהרטע רעדען יאָ, און פון זייער שטאַנדפּונקט זענען זיי אין געוויסען זין גערעכט, וועגען אַ „פערדאָרבען" דייטש. נאָר איינמאָל זאָגען זיי פונקט דעם היפוך דערפון, וואָס ד"ר פינעס לעגט זיי אַריין אין מויל. די דייטשע, און דערהויפּט די יודישע שפּראַך=פאָרשער, טענ'ען, אַז אין דייטשלאַנד האָט זיך יודיש=דייטש ניט שלעכט קאָנסערווירט, און „פערדאָרבען" האָבען עס גראָד די פּוילישע יודען. אַ ביסעל שטעקען דאָ פּאַטריאָטישע מאָטיווען: ניט מיר, דייטשע יודען, זענען די שולדיגע, נאָר „זיי", די פּוילישע; אין אַ געוויסען זין בערינדען זיי עס אויך מיט היסטאָרישע דאַטען. צווייטענס איז ביי אונז, וואָס קוקען אויף יודיש מיט אַנדערע אויגען, און ביי זיי, די גרינדליכע שונאים פון יודיש, אַ פלוגתא אין פשט: דאָס, וואָס ביי זיי הייסט „פערדאָרבען", הייסט ביי אונז „ענטוויקעלט" אין אַן אייגענעם יודישען גייסט, געלייטערט. ד"ר פינעס האָט בעוויזען אַ קונץ אויסצומישען ביידע אין=גרונד=פיינדליכע שטאַנדפּונקטען, נישט אַרויסצוקריכען. און פונקט אַזוי ווי ד"ר פינעס האָט פערשטאַנען דעם פּראָצעס גופא פון „פערדאַרבען" און „אויספיינערן", אַזוי ווייסט ער אָנצוּווייזען די תקופה, ווען דאָס איז פאָרגעקומען. לויט זיין מיינונג קומט אויס, אַז אין די 2 הונדערט יאָהר, וואָס דייטשע יודען האָבען זיך מאַסענווייז בעזעצט אין פּוילין, האָט זיך יודיש=דייטש אין פּוילין „אויסגעפיינערט", איז עס געוואָרען די יודישע שפּראַך. נאָר דאָס דאַרף ערשט בעוויזען ווערען! האָט זיך ד"ר פינעס געפּרובט פערגלייכען די ליטעראַרישע ווערק, וואָס האָבען זיך אין דער תקופה געדרוקט אין פּוילין און אין דייטשלאַנד, און אונז געגעבען אַ בעווייז פון אַן אונטערשייד אין דער שפּראַך? זאָל ד"ר פינעס פּרובען בעווייזען, מיט וואָס אונטערשיידט זיך, למשל, די שפּראַך אין די ערשטע חומש=איבערזעצונגען (וואָס שטאַמען פון דייטשע יודען), די „קאָמטאַנצער" (1544), די „אויגס=בורגער" א. אַז. וו., פון דער שפּראַך אין אַ „מרכבת=משנה"[11] („ספר ר' אנשיל"), געדרוקט צוויי מאָל אין פּוילישען קראָקוי, און מן=הסתם איז דער מחבר געווען אויך אַ פּוילישער יוד?

נאָר צו וואָס זיך לאָזען אין אַזאַ ווייטען, אומזיכערן וועג, אַז מ'קאָן די זאַך דערגעהן נעהענטער? ד"ר פינעס ציטירט ביי אַן

[10] ניט יודיש=דייטש איז פערדאָרבען געוואָרען, נאָר די דייטשע שפּראַך איז פון לוטער'ן אָן געהויבען געוואָרען; יודיש=דייטש איז געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, בעת דייטש האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט.

[11] מיר איז בעקאַנט די צווייטע אויסגאַבע קראָקוי 1584. די ערשטע איז אַרויס אין 1534.



אַנדער געלעגענהייט אַן אַרטיקעל פון ש. חובנאָוו[12]. דאָרט געפינען זיך פיעל ציטאַטען גענומען פון שו"ת, וואָס וואָלטען איהם געקאָנט בעווייזען פונקט דעם היפוך, ד. ה., אַז יודיש=דייטש, וואָס מען האָט דאַן געברויכט אין פּוילין, איז אַזוי גוט ווי דאָס אייגענע אין דייטשלאַנד, בעהמען; דערצו דאַרף מען נאָך געדענקען, אַז אין די ציטאַטען פון די שו"ת ביי ש. חובנאָוו איז פערשריבען די רעדע=שפּראַך, וועלכע האָט געמוזט האָבען געוויסע לאָקאַלע ניואַנסען אַפילו אין דייטשלאַנד גופא, אין פערשיידענע פּראָווינצען. די ליטעראַרישע שפּראַך אָבער איז געוויס געווען די אייגענע. דאָס איז זעהר לייכט צו פערשטעהן, ווען מיר וועלען נעמען אין בעטראַכט, אַז די ערשטע יודיש=דייטשע ווערק, איבערזעצונגען אין חומש, תפלות א. אַז. וו., זענען געשריבען געוואָרען פון דייטשע יודען, און זיי האָבען געדיענט פאַר אַ מוסטער פאַר די יודיש=פּוילישע מחברים, אַז דער משא=ומתן צווישען דייטשע און פּוילישע יודען איז געווען זעהר אַ לעבעדיגער, און אַז די פּוילישע יודען האָבען זייערע ליטעראַרישע ווערק אין יענער תקופה קולטיווירט ניט קיין יודיש, נאָר „לשון אַשכנזי שהוא הלשון המורגל בינינו"[13] און האָבען ממילא זיך געמיהט זיין וואָס נעהענטער צום מקור[14].

היוצא מזה, אַז ניט די דייטשע יודען האָבען „פערדאָרבען" און ניט די פּוילישע האָבען „פערפיינערט" יודיש=דייטש ביז דער צווייטער העלפט פון'ם 17=טען יאָהרהונדערט. דער פּראָצעס, וואָס די דייטשען רופען עס „פערדאַרבען" דייטש, און וואָס ביי אונז הייסט עס אויסבילדען אַן אייגענע שפּראַך, האָט זיך אָנגעהויבען גאַנץ פריה, שוין אין XV=טען יאָהרהונדערט, אין דייטשלאַנד אַזוי גוט, ווי אין פּוילין. שוין אין די ערשטע געדרוקטע יודיש=דייטשע ווערק געפינען מיר דעם וויכטיגסטען עלעמענט, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ וואַנט צווישען די צוויי שפּראַכען דייטש און יודיש=דייטש, די העברעאישע ווערטער און אויסדריקען, די העברעאיזמען, וואָס זענען איינגעפלאַנצט געוואָרען אין אונזער שפּראַך, אָרגאַניש זיך פערשמאָלצען מיט איהר און געווירקט נאָכדעם אויף דער אייגענאַרטיגער שפּראַך=קאָנסטרוקציע.

דעם דאָזיגען העברעאישען עלעמענט געפינען מיר שוין אין דעם „ספר המדות" פון יאָהר 1542, וואָס ווערט ציטירט ביי ד"ר גידעמאַן, אויך אין אַנדערע ווערק, על פי רוב תורה=איבערזעצונגען. ד"ר פינעס זאָגט נאָך ד"ר גידעמאַן: „צו יענער צייט האָבען די ליטעראַרישע ווערק פון די דייטשע יודען, וועלכע... ענטהאַלטען אַ גרויסע צאָהל העברעאישע טעכנישע אויסדריקען, לויט דער שפּראַך נאָך זיך נישט פיעל אונטערשיידט פון די איבעריגע ווערק פון דער דעמאָלדיגער דייטשער ליטעראַטור" (ז. 5), און פערשטעהט נישט, אַז די ערשטע העלפט זאַץ קלעפּט זיך ניט צו דער צווייטער.

שוין אין דעם פאַקט, וואָס די יודיש=דייטשע שריפטען האָבען געהאַט אין זיך „אַ גרויסע צאָהל טעכנישע (און נישט-

[12] Разговорный языкъ и народная литература польско-литовскихъ евреевъ въ XVI и первой половинѣ XVII вѣка. Евр. Старина т. I. Спб. 1909.

[13] פון דעם טיטעל אינ'ם „ספר של אנשיל".

[14] דער מהרש"ל (אַן ערך 1510—1574) קלאָגט זיך, אַז די יודען רעדען אין פּוילין „בלשון אשכנז נפה". ציטירט ביי האַראַדעצקי „לקורות הרבנות" ביבליותיקה גדולה וואַרשוי תרע"א ז. 130.

טעכנישע אויך. בעל־דמיון) אויסדריקען", דערינען ליגט בעהאַלטען דער גרעסטער און וויכטיגסטער אונטערשייד צווישען דייטש און יודיש־דייטש, אָדער יודיש. דאָ, אין דעם העברעאיש, אין דעם עפענען די טירען פון דייטש פאַר אַנדערע, אָריגינעל־יודישע ווירקונגס־ספערען, ליגט דער שיידפונקט פון צוויי בעזונדערע וועגען. ווען דער איבערזעצער פון „ספר המדות" בענוצט דאָס וואָרט מלך אָנשטאָט דעם דייטשען קעניג, איז דאָס פאַר דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער שפּראַך אומגעהייער וויכטיגער, אידער די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם איבערגעבען דאָס וואָרט König אויף יודיש ניט דורך „קוניג" (König), ווי ס'וואָלט געשריבען און געלייענט דער איבערזעצער פון „זיטענבוך"[15], נאָר, ווי מיר געפינען אין די שריפטען פון שפּעטער מיט 150 יאָהר און ווייטער: „קיניג", „קעניג", ווי מיר רעדען און שרייבען עס ביז היינט.

אָט דער פּראָצעס פון פעריודישען יודיש־דייטש איז פאָרגעקומען אָבער זעהר פּאַמעליכדיג. נאָך אין סוף פונ'ם 17־טען יאָהרהונדערט און אַפילו אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 18־טען איז, וועניגסטענס אין דער ליטעראַטור־שפּראַך, די דייטשע ווירקונג געווען זעהר שטאַרק. די תנ"ך־איבערזעצונגען פון וויצענהויזען און בליץ (אַמסטערדאַם 1676—1679) קלינגען אין זייער דייטשען טייל, אַזוי ווי דייטש. די דייטשע ווירקונג, דערהויפּט אינ'ם בויען דעם זאַץ, פיהלט זיך אויך אין פיעל אַנדערע ווערק, ווי אין די זכרונות פון גליקל האַמיל[16], דעם „המגיד"[17] (אַ יודיש־דייטשער פירוש אויף נביאים וכתובים) פון דעם מחבר פון „צאינה וראינה", „מגרת המאיר"[18] א. אַז. וו. דאָס, וואָס מיר רופען איצט יודיש, האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ סך שפּעטער. נאָר ווייטער מאריך זיין אין דעם ענין געהערט ניט צו מיין נאָטיץ.

אַזוי ווי ד"ר פינעס האָט זיך פאָרגענומען צו שרייבען עפּיס וועגען אַלץ, קאָן ער ניט דורכגעהן גלייכגילטיג אַזאַ מאָטיוו, ווי די סלאַווישע שפּראַך ביי יודען, כאָטש צו זיין טעמע האָט עס קיין שייכות ניט. נאָר פריהער עטליכע ווערטער וועגען דער פראַגע בכלל. די „סלאַווישע" טעמע איז די לעצטע צייט געוואָרען ביי אונז זעהר פּאָפּולער. זינט י. ב. לעווינזאָהן האָט אַרויסגעזאָגט זיין השערה, אַז יודען אין דרום־רוסלאַנד האָבען מיט איניגע הונדערט יאָהר צוריק גערעדט סלאַוויש, און זינט א. י. הרכבי האָט זיך דער ערשטער געפּרובט עס וויסענשאַפטליך צו בעווייזען, איז עס געוואָרען אַ מאָדע ביי יעדער געלעגענהייט ליפּטערן די סלאַווישע יודישקייט מיט אַ זיכערן טאָן, וואָס פאָדערט ניט קיין בעוויז.

און אַז הרכבי וויל בעווייזען, אַז יודען האָבען גערעדט סלאַוויש, מעג שוין יעדער מושך בשבט סופר פונ'ם „הצפירה" זאָגען, אַז יודען האָבען געדאַווענט אין סלאַוויש. וועמען שאַדט עס באמת?

ווי אַזוי זשע האַלט עס מיט דער פראַגע אין דער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור? ווי שוין אויבען געזאָגט, האָט י. ב. לעווינזאָהן אַרויסגעזאָגט בלויז אַ השערה אָהן יעדען בעוויז. דער ערשטער און דער איינציגער, וואָס האָט געפּרובט זיך צוצוגעהן צו דער פראַגע מיט אַ וויסענשאַפטליכער מעטאָדע, איז געווען הרכבי אין זיין בראָשור „היהודים ושפת הסלווים" (ווילנא 1867). אַלע, וואָס האָבען בעהאַנדעלט אין אונזער ליטעראַטור נאָך איהם די פראַגע אויסער ש. דובנאָוו, חזר'ן איבער זיינע בעווייזען*. ניט דאָ איז דער אָרט צו בעטראַכטען די פראַגע באריכות, פאַר מיין צוועק איז גענוג אָנצוּווייזען אויף דריי הויפּט־מאָטיוון, וואָס הרכבי ברענגט אין זיין בראָשורע: 1) די סלאַווישע גלאָסען אין די רבנ'ישע שו"ת, 2) סלאַווישע נעמען ביי יודען, 3) פוילישע אויפשריפטען אויף מטבעות מיט יודישע אותיות. הרכבי, שטיצענדיג זיך אויף איין שטעלע ביי ר' מאיר כ"ץ, דעם ש"כ'ס פאָטער[19], וואָס איז געווען רב אין מאָהילוב (פּאָדאָליער גיב.), געהט אַזוי ווייט, אַז ער איז משער, אַז נאָך אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 17־טען יאָהרהונדערט האָבען זיך געפונען קהלות, וואָס האָבען גערעדט סלאַוויש.

די לעצטע צייט איז ש. דובנאָוו אַרויסגעטראָטען מיט אַ שאַרפען אַרטיקעל[20], וואו ער בעווייזט מיט די וויכטיגסטע דאָקומענטען אין די הענד, אַז פון סלאַוויש, אַלס פאָלקסשפּראַך ביי יודען אין דרום־רוסלאַנד און אין פוילין, קאָן שוין פונ'ם אָנהויב פון 16־טען יאָהרהונדערט קיין רייד ניט זיין. אַלץ, וואָס האָט אַ היסטאָרישען ווערט פאַר יענער תקופה, בעווייזט, אַז יודען אין פוילין און אוקריינע האָבען פונ'ם 16־טען יאָהרהונדערט אָן און ווייטער גערעדט און געשריבען יודיש־דייטש, אַזוי ווי זייערע ברידער אין דייטשלאַנד, עסטרייך א. אַז. וו. איינציגע יודען האָבען געמעגט רעדען אויך סלאַוויש, אָדער אַפילו אויסשליסליך סלאַוויש, נאָר דערפון ברענגען אַ ראיה אויפ'ן גאַנצען פאָלק וואָלט געווען דאָס איינגענע, ווען עמיצער וואָלט היינטיגע צייט פון עטליכע אַסימילירטע יודען אין פוילין אָדער אין רוסלאַנד וועלען דרינגען, אַז אין רוסלאַנד רעדען יודען רוסיש, אין פוילין פויליש א. אַז. וו.

ווי געזאָגט, האָט ש. דובנאָוו צעשטערט די סלאַווישע היפּאָטעזע נאָר בנוגע צו דער תקופה פונ'ם 16־טען יאָהרהונדערט אָן און ווייטער[21]. אומדירעקט האָט ער אָבער שטאַרק אונטערגעריסען דעם וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט פון דער היפּאָטעזע אינגאַנצען, שוין דערמיט אַליין, וואָס ער האָט זי פערטריבען אין אַ האַלב־לעגענדאַרישער עפּאָכע בנוגע צו דער יודישער געשיכטע אין דרום־רוסלאַנד, וואָס מיר האָבען פון איהר כמעט ניט קיין זיכערע היסטאָרישע דאָקומענטען, וואו אַלץ איז געבויט אויף זייטיגע השערות, אויף אומדירעקטע און צופעליגע סימנים, וואָס קאָנען אויסגעטייטשט ווערען אַזוי און אַנדערש. דערמיט איז הרכבי'ס טעזיס וועגען סלאַוויש, אַלס יודישע פאָלקסשפּראַך אין דרום־רוסלאַנד אפילו ביז'ן 16־טען יאָהרהונדערט, גע־

15 אַזאַ אָרטאָגראַפיע און מעגליך אויך אויסשפּראַך געפינען מיר נאָך אין „ס' ר' אנשיל", אין „לקה טוב" און כמעט אין אַלע שריפטען ביז דעם ערשטען פערטיל פונ'ם 17־טען יאָהרהונדערט.

16 געשריבען אין די יאָהרען 1691—1719, אַרויסגעגעבען פון פּראָפ. קויפמאַן 1896.

17 מיר איז בעקאַנט די צווייטע אויסגאַבע פראג תל"ה (1675).

18 מיר איז בעקאַנט די אַמסטערדאַמער אויסגאַבע פון ובדע"ת 1722.

* ז. אויבען דעם אַרטיקעל פון ב. רובשטיין „די צמאַליגע שפּראַ פון יודען א. וו. א. וו. ז. 21—35.

19 „גבורת אנשים".

20 דערמאָנט פריהער.

21 אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז דובנאָוו'ס אַרבייט איז געווען געדרוקט אָנהויב 1909, און הרכבי האָט ביז היינט דערויף ניט געענטפערט.

וואָרען שטאַרק פערנעפּילט, דערוויטערט פון קאָנטקרעטע פאַקטען. ס'איז געבליבען אין בעסטען פאַל אַ ווייטע השערה, וואָס איז אַזוי שווער זי אָבצוליייקענען, ווי וויסענשאַפטליך בעווייזען.

איצט לאָמיר זעהן, ווי אַזוי בעציהט זיך ד"ר פינעס צו דעם מאַטעריאַל, וואָס ער ציטירט? אין דעם אויבערשטען שטאָק רעדט ער גאַנץ פעסט פון „יודען... וועלכע, לעבענדיג אין די דרום־פּראָווינצען, האָבען איבערגענומען די סלאַווישע שפּראַכען (?) פון דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג" (ז. 7). ווייטער זאָגט ער: „נאָך צום אָנהויב פון XVII יאָהרהונדערט זענען געווען פּראָווינצען, אין וועלכע דער גרעסטער טייל פון דער יודישער בעפעלקערונג האָט גערעדט אויף די סלאַווישע שפּראַכען". קורץ און שאַרף! מיט וואָס זשע בעפעסטיגט ער אַזאַ דרייסטע פּאָזיציע? פון די פיעל בעווייזען, וואָס א. י. הרכבי ברענגט אין זיין בראָשור און וואָס איניגע פון זיי האָבען מיר אין קורצען געבראַכט אויבען — דערפון קיין וואָרט נישט. דערפאַר חזר'ט ער איבער דאָס, וואָס אין אַלע ציטונגס־אַרטיקלען ווערט געבראַכט אין אַזאַ פאַל, די בעוואוסטע פראַזע פון ר' מאיר כ"ץ, רב אין מאָהילוב, אין די שו"ת „גבורת־אנשים", וואָס דאַרף בעווייזען, אַז יודען האָבען אין יענע ערטער נאָך אינ'ם 17־טען יאָהרהונדערט גערעדט על פי רוב סלאַוויש, אין אַלגעמיינע אָהן אַ נאָמען, אָהן אַן אינהאַלט, וואָס ווערט געבראַכט ביי י. ב. לעווינזאָן אויך וועגען דעמזעלבען. נאָר וועגען 16־טען און 17־טען יאָהרהונדערט האָט ש. הבנאָוו אין אויבען דערמאָנטען אַרטיקעל בעוויזען, אַז הרכבי'ס טעזיס האָט דאָ קיין באָדען נישט. דאָרט האָט ער אויך געגעבען אַן ערקלערונג וועגען דער פערמאַטערטער פראַזע פון ר' מאיר כ"ץ. בלייבט איבער די לעגענדע! י. ב. לעווינזאָן האָט געהערט אין זיין צייט פון אַלטע יודען, אַז צוריק מיט עטליכע הונדערט יאָהר האָבען יודען אין דעם קאַנט גערעדט סלאַוויש.

דאַרף מען נאָך אַ בעסערן בעווייז?

דאָס איז אַלץ אין אויבערשטען שטאָק. דאָרט איז אַלץ זיכער און פעסט. אין אונטערשטען שטאָק אָבער, מיט די קליינע אותיות'לעך, האָט שוין ד"ר פינעס חרטה. נאָכדעם ווי די שאלה איז שוין איינמאָל אָבגעפּסק'ענט געוואָרען אויף געוויס: יאָ, האָט ער זיך אונטען, אין אַ בעמערקונג, אַרומגעקוקט, „אַז די פראַגע הענגען דעם, צי איז די רוסישע שפּראַך [שוין ניט די „סלאַווישע שפּראַכען", נאָר רוסיש! — בעל־דמיון] געווען ווען עס איז די מוטערשפּראַך פון די יודען אין דרום־רוסלאַנד, איז זעהר ווייט דערפון פון זיין קלאָר" (ז. 8 בעמ. 3). פאַרוואָס איז די פראַגע מיט אַמאָל אַזוי אומקלאָר געוואָרען, וויל ד"ר פינעס ניט אויסזאָגען.

פאַר הרכבי'ס השערה ווייזט ער אָן אויף אַ גאַנצען צעטיל מפרשים, וואָס ער וואָלט זיי געקאָנט מיט אַ גוטען געוויסען דורכלאָזען, ווייל זיי נאַשען אַליין ביי הרכבי'ן. ער פרובט זיך אויך סומך זיין אויף דער פאָררעדע צום בוך „יודישע פאָלקס־ליעדער", אַרויסגעגעבען פון גינזבורג און מאַרעק, אויך אויף איינינגע ליעדער אין דער דאָזיגער זאַמלונג, און פאַלט דאָ אַריין אין אַ קאָמישער לאַגע. גראָד אין דער דאָזיגער פאָררעדע ווערט הרכבי'ס מיינונג בעצווייפעלט. די זאַמלער מיינען חוקא, אַז די סלאַווישע היפּאָטעזע איז ניט בעוויזען געוואָרען, אַז אין בעסטען פאַל קאָן מען צוגעבען, אַז אַ טייל יודען האָבען אַמאָל אויסער יודיש גערעדט סלאַוויש אויך, אָדער זיי האָבען אַריינגעמישט אין יודיש סלאַווישע ווערטער. די ליעדער, „וועלכע שטעלען פאָר אַ מיש־מאַש פון העברעאישע און סלאַווישע ווערטער", זענען ניט עלטער פאַר דער קאַנטאָניסטען־גזרה. דערויף ווייזען אָן אויך די אַרויסגעבער פון דער ליעדער־זאַמלונג. אומדירעקט זענען די דאָזיגע יודיש־סלאַוויש־העברעאישע ליעדער אויך אַ בעווייז קעגען הרכבי'ן. שוין דער פאַקט, אַז זיי זענען אַזוי יונג, אַז קיין עלטערע זענען ניטאָ, קאָן אויך בעווייזען, ווי איבערגעטריבען ס'איז די מיינונג, אַז ביי גאַנצע יודישע קהלות איז די מוטערשפּראַך (דערצו נאָך אין 17־טען יאָהרהונדערט!) געווען סלאַוויש. ווי אַזוי מען קאָן אַריינציהען די דאָזיגע ליעדער־זאַמלונג אין איין צעטיל מיט הרכבי'ן, גידעמאַן א. אַז. וו., איז גאָר ניט צו פערשטעהן!

קעגען הרכבי'ס מיינונג ווייזט ער אָן הבנאָווס אַרטיקעל. נאָר וואָס הבנאָוו ברענגט דאָרט, בלייבט אַ סוד. דער גוטמוטיגער לעזער דאַרף גלויבען אויפ'ן וואָרט, אַז הרכבי'ס מיינונג איז ביי הבנאָוו'ן „שטאַרק קריטיקירט" געוואָרען.

וואָס קלערט זיך אָבער ד"ר פינעס וועגען דער דאָזיגער פראַגע, און ווער וועט ביי איהם שלום מאַכען צווישען אויבערשטען און אונטערשטען שטאָק?

אַזוי שרייבט מען ליטעראַטור־געשיכטע!

———

עס לוינט זיך ניט לענגער אָבצושטעלען אויף די ווייטערדיגע צוויי פרקים: ב) די עלעמענטען פון דער שפּראַך, ג) די דיאַלעקטען. דאָ ווערט דערצעהלט מיט אַן ערנסטער מינע, אַז אין יודיש, אָדער „יודיש־דייטש" (אַזוי הייסט ביי איהם די שפּראַך אינ'ם גאַנצען בוך!) געהען אַריין דייטשע ווערטער, העברעאישע „ביז % 20" (ז. 11) [ד"ר פינעס האַלט זעהר פון גענויאיגקייט], אַז אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע שרייבען און רעדען יודען „לעטער" און „פיקטשור", און אין יעקאַטערינאָסלאַוו זאָגט מען „די דערעוויעס פאַכניען מיט אַ פריאַטנעם זאַפּאַך". צוויי דריי זייטלעך ביי צונץ וועגען דערזעלביגער פראַגע, געשריבען אַן ערך מיט 80 יאָהר צוריק, בעווייזען ניט אין ערך מעהר זאַכקענטעניש און ליטעראַרישען געשמאַק, דאָס אייגענע אויך ביי שולמאַנ'ען [23].

מיר געהען איבער צום קאַפּיטעל 4, וואָס הייסט ביי איהם „די גראַמאַטיק". דאָ בעווייזט זיך דער היסטאָריקער אין זיין פולען גלאַנץ, און מ'דאַרף זיך רעכט אונטערגאַרטלען, אַז מ'זאָל עס רוהיג בעטראַכטען.

„אין פערלויף פון אַ זעהר לאַנגער צייט, דערצעהלט ד"ר פינעס, האָט מען בעטראַכט יודיש־דייטש אַלס אַ זשאַרגאָן, וואָס האָט נישט קיין רעגעלען, קיין געזעצען, און ווייס פון קיין אַנדער פרינציפּ נישט, ווי אַנאַרכיע און אונאָרדנונג. דער גרעסערער טייל נישט־יודישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען אַליין פערזענליך זי נישט פערשטאַנען כמעט". אין אַ בעמערקונג צו דעם זאַץ ווייזט ער אָן, אַלס מוסטער פון אַזוינע אומפערשעמטע שריפטשטעלער,

[22]) „Die Gottesdienstlichen Vorträge der Juden", Berlin 1832, 439 .ז

ציטירט נאָך אַזוי'לאַלעמאַ'ן ז. 201—203.

[23] „עמקי שפה". השלוה 1898 יולי.

וועלכע בעהאַנדלען אַ זאַך, וואָס זיי האָבען דרינען קיין ידיעה ניט, אַזוי ווי וואַגענזייל[24]. פאַרוואָס האָט ער געוואָרפען אַזאַ אומ׳חן אויף וואַגענזייל? ווייל ער האָט בעגעגענט זיינע אַ פראַזע: „הערענדיג ווי זיי (די יודען, בעל-דמיון) רעדען דייטש, איז אוממעגליך ניט צו מיינען, אַז זיי רעדען אויף ריין העברעאיש". נאָר אפשר האָט וואַגענזייל, אַחוץ דער דאָזיגער פראַזע, נאָך עפּיס געזאָגט וועגען יודיש? לאָזט זיך אויס, אַז דער געשעצטער היסטאָריקער האָט וואַגענזיילס בוך אין די אויגען ניט געזעהן. די איבענדערמאָנטע פראַזע פון וואַגענזייל האָט ער געבאָרגט ביי שיינעאַנו, און, ביי זיין גוטען קאָפּ, האָט ער שוין פערשטאַנען צו מאַכען דעם פועל-יוצא, אַז וואַגענזייל געהערט צו דער אומפערשעמטער באַנדע, וואָס, רעדענדיג וועגען דער יודישער שפּראַך, „האָבען זיי אַליין פערזענליך זי נישט פערשטאַנען כמעט".

וואָס איז דאָ צו זאָגען דערויף? ווער ס׳האָט כאָטש איינמאָל אין האַנד געהאַלטען וואַגענזייל׳ס בוך, דער ווייס, אַז ער איז געווען אַ גרינדליכער קענער פון יודיש-דייטש, הלואי אויף ד״ר פינעס געזאָגט געוואָרען! מאַכען אַזאַ שוואַרצען סך-הכל פון דעם געלעהרטען איבער אַ צופעליגער גוזמא אין זיין אויפגעשוואָלענעם „פאָרטראָג", האָלט געווען דאָס איינענע, ווי ווען מיר זאָלען וועלען פון אַ צופעליג-געטראָפענער דאַטע ביי ד״ר פינעס זיך לאָזען איינרעדען, אַז ער האָט עפּיס אַ ידיעה אין דער אַלטער יודישער ליטעראַטור. וואַגענזייל האָט געגעבען מיט זאַך-פערשטאַנד אין זיין דערמאָנטען בוך די עלעמענטאַרע כללים פון דעם יודישען אַלף-בית (ז. 81—90). אידם האָבען מיר צו דאַנקען דערפאַר, וואָס ער האָט אין זיין בוך געזאַמעלט זעהר וויכטיגע יודיש-דייטשע מאַטעריאַלען: „ווינץ-האַנץ-ליעד" (מגלת-ווינץ), „קיניג-אַרטיש-הוף", „הלכות דרך ארץ", וואָס זענען שוין מעהר ניט צו געפינען. די זאַמלונג פון די דאָזיגע מאַטעריאַלען, ווי אויך איינע שטעלען פונ׳ם „מעשה-בוך", וואָס ער ברענגט, בעווייזען, אַז די יודיש-דייטשע ליטעראַטור איז אידם געווען פּראַקטיש זעהר נאָהענט. בסוד-סודות וועל איך דערצעהלען ה״ר פינעס׳ן, אַז וואַגענזייל, אַ פרומער קריסט, איז אויך געווען אַ קענער פון העברעאיש און האָט אַפילו געקאָנט רעכט אָבלערנען אַ בלעטיל גמרא. בעווייזען האָט ער גענוג געגעבען אין זיין בוך.

גאָט זאָל אָבהיטען ד״ר פינעס׳ן, איצט, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשריבען זיין „געשיכטע", אַ שמעק צו טון אין וואַגענזייל׳ס בוך!

אַזוי ווי ד״ר פינעס׳ן האָט געראָטען מיט וואַגענזייל׳ן, אַזוי האָט ער אויך געטראָפען מיט „דעם גרעסטען טייל". ווער האָט עס „אַליין פערזענליך נישט פערשטאַנען" אונזער פאָלקסשפּראַך? בוקסטאָרף? כריזאנדר? זעליג? נאָר ד״ר פינעס האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און נישט פורש בשמם געווען. בעשערט מענשען אַ גליק, אַז זייער נאָמען זאָל נישט בלייבען אין דער „געשיכטע" צו שאַנד און צו שפּאָט!

נאָר לאָמיר זיך אומקעהרן צום אָנהויב. אַלזאָ, אין אָנהויב איז געווען תהו ובהו. דער אָנהויב האָט זיך געצויגען ניט מעהר און ניט וועניגער, ווי ביז׳ן לעצטען פערטיל פונ׳ם XIX יאָהרהונדערט.

[24]) J. Ch. Wagenseil, Die Belehrung der Jüdisch-deutschen Red- und Schreibeart, Königsberg 1699.

דעמאָלט האָט ד״ר פינעס געזאָגט: יהי אור! און די יודישע גראַמאַטיק איז אויפגעריכט געוואָרען. א. לאַנדוי האָט אָנגעשריבען אַן אַרטיקעל וועגען יודישען דעמינוטיוואום, גערזאָן האָט גענומען אַ טעמע פאַר זיין דאָקטאָר-דיסערטאַציע די יודישע גראַמאַטיק, און א. רייזין האָט מחבר געווען אַ יודישען קירפּיטשניקאָוו.

ס׳איז געוואָרען ליהודים!

דער יודישער גראַמאַטיק איז אָבער דערפון וועניג וואָס צוגעקומען! דאָס, וואָס ס׳הייסט אין וויסענשאַפטליכען זין „יודישע גראַמאַטיק" און בכלל יודישע שפּראַכוויסענשאַפט, פערמאָגט אַ געשיכטע פון אַריבער 300 יאָהר און צעהלט צווישען איהרע אַרבייטער אַזוינע נעמען, ווי דעם גרויסען בוקסטאָרף[25]), וואַגענזייל[26]), כריזאנדער[27]) און אַנדערע, פון מיטעלע און קלענערע שוין נישט צו רעדען*.

ערשט צוריק מיט 50 יאָהר האָט Avé Lallement אפשר דער לעצטער פון די מערקווירדיגע אַלטע דייטשע געלעהרטע אין יודיש-קענער, זיך אָבגעגעבען אין די צוויי לעצטע בענד פון זיין פאָרשונג Das deutsche Gaunerthum וואָס זענען געווידמעט דער יודיש-דייטשער שפּראַך, אויך מיט דער גראַמאַטיק פון יודיש-דייטש. און ווי מ׳זאָל זיך ניט בעציהען צו זיינע ריזיקאַלישע השערות, דערהויפּט וועגען דעם יודישען וואָקאַליזם, מוז מען דאָך מיט דעם גרעסטען דרך-ארץ בעוואונדערן, וויפיעל דער מאַן האָט געטאָן פאַר דער יודישער גראַמאַטיק, אויף וואָס פאַר אַ הויך פון פילאָלאָגישער פאָרשונג האָט ער זי אויפגעהויבען![28])

גראָד אין דעם לעצטען פערטיל פון XIX יאָהרהונדערט, וואָס ד״ר פינעס קוועלט אַזוי פון איהם, זענען קיין גרויסע זאַכען ניט צוגעקומען. אויב ניט רעכענען אַ קליינע, נאָר מערקווירדיג-גרינדליכע פאָרשונג פון ה״ר גידעמאַן וועגען דער „יודישער שריפט-שפּראַכע"[29]) און די אַרבייט פון גערזאָן[30]), אַ פּאָר אַרטיקלען וועגען איינצעלנע דעטאַל-פראַגען, איז קיין גרויסע זאַך אין דער יודישער גראַמאַטיק ניט אויפגעטאָן געוואָרען. גראָדע דאַן איז מעגליך געוואָרען, אַז יודישע מושלמים, וואָס קענען ניט רעכט

[25]) Thesaurus grammaticus linguae sanctae Hebraica Basel 1609.

ציטירט נאָך אַווע-לאַלעמאַן:

„Das deutsche Gaunerthum", B. III Leipzig 1863, 215—216 ז.

[26]) די אויבען ציטירטע „Belehrung" 1699.

[27]) Jüdisch-Teutsche Grammatik, Leipzig uud Wolfenbüttel 1750.

ציטירט נאָך אַווע-לאַלעמאַן, ז. ז. 222—223, 309—310.

* אַן אויספיהרליכע ביבליאָגראַפיע פון דער יודישער שפּראַכפאָרשונג גיט ב. באָראָכאָוו אין זיין „ביבליאָטייק פון יידישען פילאָלאָג".

[28] וועגען אַווע-לאַלעמאַנ׳ס בוך זעה מ. שטיינשניידערס קריטיק אין „סעראַפעאום" 1864 № 3 אויך אין „המזכיר" מערץ—אַפּריל 1864, 1865 ז. 113.

[29]) „Die Geschichte des Erziehungswesens etc; Wien 1888, Notc 7.

[30]) Jakob Gerzon: Die Jüdicsh-deutsche Sprache, eine grammatisch-lexikalische Untersuchung ihres deufschen Grundbestandes. Frankfurt a/M. Verlag von J. Kauffmann, 1902.

קיין איין שפּראַך, און יודיש אויך בתוכם, זאָלען אויסזויגען פֿונ׳ם פֿינגער יודישע גראַמאַטיקעס, ברענגען מיט דער טיעפֿסטער פֿעראַכטונג (?) צו יודיש איינענע בויך־סבֿרות און בויגען די יודישע גראַמאַטיק אַמאָל אויפ׳ן רוסישען „קירפּיטשניקאָוו“, אַמאָל אויפ׳ן דייטשען „קייזער“ [31]. גראָד דאַן איז צו בעמערקען אַזאַ פֿערווילדערונג אין דער פֿריהער זיכֿערער (?) יודישער אָרטאָגראַפֿיע, ווען די בעסטע יודישע שרייבער האָבען געבלאָנדזשעט און ניט געוואוסט, אויף וואָס זיך פֿעסט אָנצושטעלען. דערביי איז כדאי צו בעמערקען, אַז ד״ר גידעמאַנ׳ס פֿאָרשונג איז געבויט אינגאַנצען אויף די כּללים, וואָס זענען צום ערשטען מאָל פֿאָרמולירט געוואָרען דורך דעם איבערזעצער פֿונ׳ם „ספר המדות“ אין יאָהר 1542. אויב גראַמאַטיק הייסט — „קירפּיטשניקאָוו“, סטאָל, סטאָלאַ, סטאָלו, זענען אַהינע „גראַמאַטיקען“ פֿריהער טאַקע נישט בעשאַפֿען געוואָרען. אָבער גראָד די געצעהלטע ערשטע כּללים פֿון אַ יודישען וואָקאַליזם אין אויסלעגען, וואָס זענען אונז בעוואוסט צוערשט פֿונ׳ם „זיטענבוך“ אין יאָהר 1542, גראָד די דאָזיגע עטליכע כּללים זענען וויכֿטיגער פֿאַר יעדען קירפּיטשניקאָוו. אָט די כּללים האָבען בעשאַפֿען די מעגליכֿקייט פֿון אַ יודישער שפּראַך, איהר פֿונדאַמענט. די מחברים פֿון די ערשטע עטליכע כּללים, וואָס ד״ר פּינעס האַלט זיי פֿאַר חדר־יונגליך, האָבען בעוויזען אַ קונץ צו נעמען אַ העברעאישען אַלף־בית, אָהן וואָקאַלען, און איהם צופּאַסען צו אַ שפּראַך מיט אַן ענטוויקעלטען סיסטעם פֿון וואָקאַלען. זיי האָבען מיט דער גרעסטער גענויאיגקייט פֿערשטאַנען איבערצוגעבען יעדען קלאַנג פֿון דער דייטשער שפּראַך און האָבען בעשאַפֿען אַזאַ אויסגעהאַלטענע, זיכֿערע אָרטאָגראַפֿיע, וואָס אונז בלייבט נאָר איבער צו בעוואונדערן און מקנא זיין. זיי האָבען זיכֿער געוואוסט, אַז יודיש איז ניט קיין תהו ובֿהו און ניט קיין הפקר־פֿעלד, און האָבען פֿערשטאַנען אויך, אין וואָס די רעגעלמעסיגקייט פֿון דער שפּראַך בעשטעהט.

אפשר איז כדאי צו דערמאָנען אַזאַ קלייניגקייט, אַז אויב ד״ר פּינעס שרייבט איצט „גראַמאַטיק“ מיט איין מ׳, דאַן, ווען דער דייטש שרייבט צוויי m, האָבען עס שוין וועניגסטענס מיט 300 יאָהר צוריק געוואוסט די אַלטע יודישע גראַמאַטיקער. ס׳האָבען בעדאַרפֿט דורכגעהן יאָהרען פֿון פֿערווילדערונג, דער געבענשטער לעצטער פֿערטיל פֿון XIX יאָהרהונדערט און פֿריהער, ווען מ׳האָט געשריבען דאָס וואָרט מיט צוויי „מ״, און גלאַט, ווי מ׳האָט געוואָלט, אַז מ׳זאָל זיך די לעצטע יאָהרען דערמאָנען אָנ׳ם אַלטאַלטען כּלל, אָדער גאָר איהם „ענטדעקען“ פֿון דאָס ניי!

יעדע באמת־וויסענשאַפֿטליכע יודישע גראַמאַטיק, ווי יעדע נישט־נעכטיגע געשיכטע, וועט מוזען קומען צו די אַלטע קוואַלען און וועט דאָרט האָבען פֿיעל צו שעפּען פֿאַר אונזער מאָדערנער שפּראַך־פֿאָרשונג.

———

דער קאַפּיטעל „דער אָנפֿאַנג פֿון דער ליטעראַטור“ [ז. 22—46] קאָן מאַכען אַן איינדרוק פֿון עפּיס רעכטס, פֿון זאַך־קענטעניש: דאָ ווערט אין אַ שטרענגער אָרדענונג אויסגערעכֿענט אַ צעטיל עלטסטע יודישע מחברים און די וויכֿטיגסטע ווערק פֿון דער עפּאָכע, דאָ שיטען זיך דאַטען און נעמען, אַזוי ווי פֿונ׳ם אַרבעל. ס׳איז אָבער גענוג זיך צוצוקוקען דערצו אַ ביסעלע שאַרפֿער, אַז מ׳זאָל באַלד דערקענען די טאַנדעט־אַרבייט פֿון אַ מענשען, וואָס האָט אַליין די עפּאָכע ניט שטודירט, ניט געגעבען זיך די קלענסטע מיה מיט איהר אינטים זיך צו בעפֿריינדען, און וואָס האָט איבערדערצעהלט מיט אייגענע ווערטער, און ניט תמיד מיט פֿערשטאַנד, די בראָשורען און אַרטיקלען, וואָס זענען שוין אָפּען פֿאַר אַלע, ווי שטיינשניידערס אַרבייטען, א. שולמאַנ׳ס „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה“ וכדומה.

אויף זייטע 24 דערוויסט איהר זיך, אַז דער ערשטער יודיש־דייטשער בוך איז געווען דער „בבֿא־בוך“ פֿון אליהו לעוויטא (אליהו בחור אשכנזי) און געדרוקט איז עס געוואָרען אין יאָהר 1507. ד״ר פּינעס פֿערשטעהט נישט, אַז דער בבֿא־בוך איז אפשר דער ערשטער, וואָס איז אונז איצט בעוואוסט. ווער קאָן עס אונז אָבער זאָגען אויף געוויס, אַז ס׳איז גאָר נישט פֿערפֿאַלען געוואָרען פֿון יענער ווייטער עפּאָכע, בפֿרט נאָך פֿון יודיש־דייטשע ווערק, וואָס מ׳האָט זיי גאַנץ ווייניג געשעצט און נאָך ווייניגער געקליבען? ד״ר פּינעס גיט אָן זיכֿער דעם יאָהר 1507. ער האָט דעם בוך ניט געזעהן, און ס׳איז אַ גרויסער ספק, צי ווער פֿון די ביבליאָגראַפֿען האָט געזעהן די דאָזיגע אויסגאַבע. בן־יעקב [32], וואָס האָט מן הסתם געוואוסט דאָס, וואָס ד״ר פּינעס, גיט אָן ביי דעם ווערק: „חובר בשנת רס״ח (8—1507) ונראה שנדפס ראשונה בחיי המחבר“ [34]. ד״ר פּינעס האָט דערזעהן ביי שטיינשניידער אין טעקסט דעם יאָהר 1507, צו דער בעמערקונג 4 האָט ער זיך ניט צוגעקוקט און האָט אַרויסגעגעבען זיין הסכמה שטאָל און אייזען: 1507 [34]. ס׳איז אינטערעסאַנט דערביי צו בעמערקען, אַז ווען ער וויל אָנווייזען, ווי ווייט פּאָפּולער דער „בבֿא־בוך“ איז געווען און איז נאָך איצט אויך, פֿעררופֿט ער זיך אויף ווינער׳ן, וועלכֿער האָט געזעהן אַן אויסגאַבע פֿון דעם בוך פֿון 1895. אַ דרייקאָפּיקענע ביכֿעל, האָס מ׳קאָן עס קריגען ביי יעדען פּאַקענטרעגער אין יעדער יודישער שטעדטיל, דאַרף מען געטרויען. ווי אַ זעלטענע מציאה, ווינער׳ן אויפ׳ן וואָרט!

ביי די דייטשען, גרינבוים, שטיינשניידער און אַנדערע, האָט ד״ר פּינעס געלערנט שעצען דעם פּאָפּולערסטען יודישען בוך, וואָס אונזערע אינטעליגענטען, אין זייער אומוויסען און כאַזעפּעווקער גדלות, האָבען געוואוסט נאָר חוזק מאַכֿען דערפֿון, דעם „צאינה וראינה“. דאָס מאַכֿט איהם עהרע! די זייטען, וואָס ער גיט דעם האַרצפֿריינד פֿון פֿיעל דורות יודישע פֿרויען, זענען אפשר די בעסטע אין זיין ווערק. נאָר ד״ר פּינעס, אָנווייזענדיג אויף דער ערשטער אויסגאַבע און אויף 26 אויסגאַבען פֿון דעם בוך אין 17־טען יאָהרהונדערט, אַז ער קומט ציטירען דעם בוך, איינעם פֿון די עלטסטע און די וויכֿטיגסטע אין דער יודישער ליטעראַטור, נעמט ער זיך פֿאַר אַ מוסטער די אויסגאַבע ... פֿון 1902! איז דען דאָס נישט דער זיכֿער־

31 זעה אַ גראַמאַטיק־פּראָבע פֿון זומיא וואַהל, „אַן לייטונג צו יודישער שפּראַך־לעהרע“ אָדעסא תרנ״ב, אויך די איינלייטונג צו יונה טרובניק׳ס „זשאַרגאָן־לעהרער“ וואַרשוי 1888.

32 זעה זיין „אוצר הספרים“ ז. 66 № 187.

זעה אויך מ. שטיינשניידער „ספרות ישראל“, וואַרשוי, 1897, ז. 405 און בעמערקונג № 4.

34 ד״ר פּינעס פֿערזיכֿערט אויך, אַז אליהו לעוויטא שטאַמט פֿון איטאַליען ז. 32, און בעמערקט ניט, אַז דער נאָמען אליהו בחור אַ ש כ נ ז י בעווייזט זיין דייטש פֿאָטערלאַנד. זעה וועגען דעם אַן אַרטיקעל פֿון דוד כהנא אין „השחר“ 1884, ז. 545.

סטער וועג בעקאַנט צו מאַכען דעם יודישען לעזער מיט דער שפּראַך, מיט דעם סטיל און אויסלייגען פון יענער אַלטער תקופה? ווי וועניג פּיעטעט מ׳דאַרף האָבען צו דעם אַלטען שענעם יודישען בוך, אַז מ׳זאָל נעמען אין דער האַנד פאַר אַ היסטאָריש ווערק די לעצטע צאַפּעלדיגע אויסגאַבע פון וואַרשא, מיט אַ שפּראַך, וואָס געהערט ניט ניט צו יענער, ניט צו אונזער תקופה, בעת ער האָט נאָך ביי זיין באָבע געוויס געקאָנט קריגען אַן אויסגאַבע, וואָס איז עלטער פאַר איהם און אפשר פאַר איהר אויך, בעת אין יעדער יודישער שטוב וואַלגערן זיך נאָך אַלטע און גאָר אַלטע פּרעכטיגע אויסגאַבען!

ד״ר פּינעס דערמאָנט נאָך דעם דריטען פּאָפּולערען בוך פון דער עלטסטער יודישער ליטעראַטור, דעם „מעשה־בוך". ער וויל האָבען, אַז דער מחבר, אָדער דער קאָמפּילאַטאָר פון דעם בוך איז אומבעקאַנט. בן־יעקב [35], און אויך מ. שטיינשניידער זאָגען בפירוש, אַז דער מחבר איז אשר אנשיל ב״ר ליזר חזן. פאַרוואָס ד״ר פּינעס איז ניט מוסכם מיט די דערמאָנטע צוויי אויטאָריטעטען, זאָגט ער ניט. ער איז זיך סומך סתם אויף קאַרפּעלעס׳ן און ווינער׳ן, וועלכע האָבען אַליין גענאַשט ביי יענע מחברים. אַזוי ווי דעם בוך האָט ער ניט געזעהן ניט אין קיין אַלטער [37], ניט אין קיין נייער אויסגאַבע, און אַזוי ווי ער ווייס עס ניט צו שאַצען, פערשפּאָרט ער בריינגען דערפון ציטאַטען. נאָר עפּיס האָט ער דאָך געקאָנט נאַשען פון דער גרויסער אָבהאַנדלונג, וואָס גרינבוים [38] ווידמעט דעם בוך. שענע אָריגינאַל־אויסצוגען דערפון וואָלט ער געקאָנט טרעפען ביי וואַגענזייל׳ן [39], ווען ער וואָלט זיך נאָר די מיה געגעבען בעקאָנט צו ווערען דערמיט. פאַר דעם לעזער איז פון דעם אינטערעסאַנטען „מעשה־בוך" געבליבען לזכרון ניט מעהר ווי דער גרויסער טיטעל, ציטירט נאָך גרינבוים, מיט דעם היינטיגען אויסלעגען, אָהן פערשטאַנד פאַר דער אייגענטליכער אָרטאָגראַפיע פון דעם ווערק.

ווען ד״ר פּינעס זאָל בעקאַנט זיין פון די אָריגינאַלען און די ערשטע מקורים מיט דער עלטסטער תקופה, וואָלט ער געוואוסט, אַז צוגלייך מיט די אָנגערופענע דריי פּראָזאַאישע ווערק דאַרף מען אַוועקשטעלען אויך די זעהר בעליעבטע פּ א ע ט י ש ע ווערק „שמואל־בוך" (דער אָנהויב פון דער יודישער פּאָעזיע), אַ פּאָעמע מיט׳ן אינהאַלט פון שמואל א׳ און ב׳ אין שענע גראַמען. (די ערשטע אויסגאַבע איז אַרויס אין אויגסבורג 1544), די פּאָעמע איז פיעל מאָל בעאַרבייט געוואָרען, צו איהר זענען צוגעפּאַסט געוואָרען ספּעציעלע מעלאָדיעס. דער דאָזיגער בוך איז אויך אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס וועגען דעם איז זעהר פיעל געשריבען געוואָרען פון יודישע, ווי פון קריסטליכע געלעהרטע, און וואָס

35 „אוצר הספרים", ז. 353; № 1793

36 „ספרות ישראל", ז. 405.

37 ער פערזיכערט אונז, אַז דער בוך איז געוואָרען „אַ ביבליאָגראַפישע זעלטענהייט". דאָס איינציגע קאָן מען זאָגען בכלל וועגען אַלע אַלטע אויסגאַבען. גראַד דעם מעשה־בוך קאָן מען לייכט קריגען פאַר קליינע געלד, ס׳איז נאָך אָנגעוויזען אין קאַטאַלאָג ביי קויפמאַן, לייפּציג.

38) Die Jüdisch-deutsche Chrestomahtie, Leipzig 1882, s. 385—458.

39) „Die Belehrung" etc. s. 324—334.



איניגע דייטשע פאָרשער האָבען אונז די ווערק אין יודישען אָריגינאַל ניט פערגונען און זיך געפּרובט בעווייזען, אַז דאָס איז נאָר אַ יודישע איבערזעצונג פון אַ דייטשען ווערק [40].

ד״ר פּינעס וואָלט אפשר דאַן בכלל געוואוסט, אין וואָס פאַר אַ גרופּעס איינצוטיילען די יודיש־דייטשע ווערק פון יענער עפּאָכע און וואָלט צוגלייך מיט 1) תורה, מוסר־ספרים („צאינה וראינה" „מעשה־בוך" א. אַז. וו.) און 2) וועלטליכע מעשיות („בבא־בוך" א. אַז. וו.) אַוועקגעשטעלט די דריטע גרופּע 3) געשיכטליכע און וויסענשאַפטליכע ווערק („יוסיפון" 1546 א. אַז. וו.). נאָר ד״ר פּינעס דאַג׳עט וועניג וועגען אַזוינע זאַכען. דעם „שמואל־בוך" איז ער אָבגעקומען מיט איין שמיר, צווישען אַלע איבעריגע איבערזעצונגען פון תנ״ך. און דער „יוסיפון" געפינט ביי איהם צווישען די הויפּטווערק, „וועלכע שטעלען פאָר מיט זיך דעם כאַראַקטעריסטישען שטריך פון דער דאַמאָלסדיגער עפּאָכע", קיין אָרט ניט. דערפון וועט ביי איהם גערעדט ווערען שפּעטער אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג מיט די דערמאָנטע דריי הויפּטווערק.

רעדענדיג וועגען דער איבערזעצונג פון תורה (ניט פון תנ״ך, ווי ד״ר פּינעס מיינט) דורך פּיליפּ עמיליוס, בריינגט ער דעם גאַנצען גרויסען טיטעל פון דער איבערזעצונג. צו וואָס ער האָט עס נויטיג, איז ניט צו פערשטעהן, בפרט, אַז סך־הכל שענקט ער דער זאַך 6—5 שורות. נאָר דורכלייענען אָט דעם טיטעל אָהן פעהלער איז אוממעגליך. ד״ר פּינעס האָט איבערגעגעבען אַ שרייבאַרט פון פאַר 350 יאָהר צוריק בערך מיט דער אָרטאָגראַפיע, וואָס מיר שרייבען איצט. ער האַלט אפילו ניט פאַר נויטיג אָנצווייזען דערויף, און מאַנכער לעזער פון פּינעס׳עס ווערק קאָן מיינען, אַז אונזער מאָדערנע אָרטאָגראַפיע איז אַלט שענע עטליכע הונדערט יאָהר, אַז פּיליפּ עמיליוס האָט אויך אַזוי געשריבען. ד״ר פּינעס האָט דעם אָריגינאַל פון דעם דאָזיגען טיטעל ניט געזעהן, ער האָט איהם נאָכגעשריבען נאָך דער דייטשער טראַנסקריפּציע ביי גרינבוים׳ען. נאָר ווען ער זאָל האָבען דעם מינדסטען פערשטאַנד פאַר דער עלטסטער ליטעראַטור, וואָלט ער ראשית פון גרינבוים׳ס טראַנסקריפּציע געקאָנט מאַכען אַ בעסערען נוץ, און צווייטענס וואָלט ער געוואוסט, אַז פּילום עמיליוס האָט ניט געקענט שרייבען, למשל, „די פינף ביכער", אַזוי ווי ד״ר פּינעס שרייבט איצט, נאָר „דיא בוינף בויכר", אָדער „דיא ווינף בויכר", אַז ער האָט ניט געשריבען „דייטשע", נאָר „טויטש" אָדער „טוייטש" א. אַז. וו. ס׳איז גאָרניט צו פערשטעהן, וואָס ד״ר פּינעס האָט זיך בעדאַרפט אַריינלאָזען אין אַזאַ געפעהרליכער למדות, בעת ער האָט געהאַט פאַר זיך אויסצוגען פון דערזעלבער תורה־איבערזעצונג אין דער אָריגינעלער אַלטער אָרטאָגראַפיע ביי שולמאַנ׳ען [41]. וואָלט ער געווען געטריי קאָפּירט פון שולמאַנ׳ען, וואָלט דער לעזער וועניגסטענס בעקומען אַ בעגריף פון יענער שפּראַך און פון יענער אָרטאָגראַפיע.

40 אַן אויספיהרליכע ביבליאָגראַפיע איז צו געפינען אין אַ ספּעציעלער ערנסטער אָבהאַנדלונג וועגען „שמואל־בוך" פון ד״ר פעליקס פאַלק אין די „Mitteilungen für Jüdische Volkskunde" Leipzig 1908. Heft 4 S. 129—150.

41 „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה" ז. 8.

מיט דערזעלבער „פינעס׳עס" אָרטאָגראַפיע זענען געבראַכט אַלע איבעריגע ציטאַטען פון די עלטערע יודישע דרוקווערק. דער לעזער דאַרף הערביי אין זינען האָבען, אַז צו דער אייגענטליכער אָרטאָגראַפיע פון יענע ווערק האָט עס קיין שום שייכות ניט.

ד״ר פינעס ברענגט אויף די ווייטערדיגע זייטען נאָך אַ גאַנצען צעטיל מחברים און ווערק. אויספיהרליך זיך אָבשטעלען דערויף וואָלט געווען צו לאַנגווייליג. גענוג דאָ אָנצומערקען אַ פּאָר אויפטוען:

אויף זייטע 38 דערצעהלט ער, אַז דער „המגיד" (אַ יודישער פירוש אויף נביאים וכתובים פון דעם מחבר פון „צאינה וראינה") „איז צוזאַמענגעשטעלט אין זעלביגען גייסט, ווי זיין ערשטעס בוך", ד. ה. אַזוי ווי דער „צאינה וראינה". דעם „גייכט" האָט ד״ר פינעס אין בעסטען פאַל געזעהן אין חלום. ביי א. שולמאַן, ביי וועמען ד״ר פינעס האָט זיך בכלל דערוואוכט פון אַזאַ ספר אויף דער וועלט, האָט ער אַזאַ מיינונג ניט געקאָנט געפינען, ווייל שולמאַן האָט דעם בוך געזעהן, און ד״ר פינעס האָט עס געהאַלטען פאַר איבעריג: ער האָט געוואָלט אויפטון עפּיס אייגענס און האָט געמאַכט אַ גזרה שוה: איין מחבר — איז איין גייכט. דער אמת אָבער איז, אַז דער „המגיד" איז ניט קיין איבערדיכטונג פון נביאים וכתובים, אַזוי ווי דער „צאינה וראינה" פון חומש. כאָטש אַפילו דער אַגדה׳ישער עלעמענט איז דאָ פערטרעטען, איז עס דאָך אַ פּירוש, צוזאַמענגעקליבען פון רש״י, רד״ק און אַנדערע מפרשים. דער מחבר גופא האַלט עס פאַר אַ צווייטען רש״י און טייטשט יעדען פסוק בעזונדער. ניט אומזיסט געהט דאָ יודיש געדרוקט צוזאַמען מיט׳ן העברעאישען טעקסט און רש״י, ניט אַזוי ווי דער נאָר-יודישער „צאינה וראינה"[42].

אויף זייטע 43 דערוויסט איהר זיך, אַז דער „שארית ישראל" איז מעהר אַן אָריגינעל׳עס ווערק ווי אַן איבערזעצונג". וואָס זשע איז דאָס אייגענטליך: אַ קאָמפּילאַציע פון אַן אַנדער בעשטימטען ווערק אָדער אַ פּאָפּולאַריזאַציע דערפון? לאָזט זיך אויס, אַז ד״ר פינעס האָט געהערט קלינגען און קאָן עס ניט נאָכזינגען. ביי גרינבוים[43] האָט ער געזעהן די פראַזע:

„Nicht Übersetzung, sondern eher Originalwerk"

און האָט זי פריי איבערזעצט, ניט אָנגעוויזען דעם מקור. ביי גרינבוים (ז. 364) האָט ער אויך גענומען דעם אינהאַלט פון דער פאָררעדע צום „שארית ישראל". ער האָט אָבער גרינבוים׳ס געדאַנק ניט פערשטאַנען. גרינבוים זאָגט פעסט, אַז דאָס איז ניט קיין איבערזעצונג. ווען ער דריקט זיך פאָרט אויס „eher Originalwerk" ניט פשוט: „אָריגינאַלווערק", איז ער דערמיט ניט אויסען אָנצוּווייזען, אַז דער „שארית-ישראל" איז אַזוי אָדער אַנדערש גענומען פון אַן אַנדערן בעשטימט׳ן בוך. ער וויל נאָר דערמיט בעטאָנען, אַז דער „שארית ישראל" איז אַ צוזאַמענגעשטעלטע אַרבייט פון פיעל אַנדערע היסטאָרישע כראָניקעס, נישט פון די ערשטע מקורים. אַז דער מחבר איז נישט געווען קיין איבערקלייבער ביים קלייבען מאַטעריאַל, — הערויף ווייזט דער מחבר אַליין אָן; ער

[42] מיר איז בעקאַנט די פראַגער אויסגאַבע פון „המגיד" תל״ה (1675). אויפ׳ן שער איז אָנגעוויזען „נדפס פעם שנית". לויט בן יעקב „אוצר הספרים" זאָל דאָס זיין די דריטע, אויב ניט די סערטע אויסגאַבע. אפשר בעציהט זיך דער „נדפס פעם שנית" נאָר אויף דעם פראַגער דרוק?

[43] ז. כרעסטאָמאַטיע ז. 361.



רופט אָן אַלס מקורים דעם „צמח דוד", „שלשלת הקבלה" א. אַז. וו. ד״ר פינעס אָבער, וואָס האָט די ווערק ניט געזעהן, האָט בעשאַפען אַ נייע מין בעשעפעניש, וואָס איז ניט קיין איבערזעצונג, ניט קיין אָריגינאַלווערק, נאָר „מעהר אַן אָריגינעלעס ווערק, ווי אַן איבערזעצונג".

ד״ר פינעס האָט זיך ניט געוואָלט אָנטון די מיה נעהענטער צוצוגעהן צו איינער פון די אָריגינעלסטע יודישע ווערק, וואָס געפינען זיך נאָך איצט אין מאַנכע יודישע הייזער. דער „שארית-ישראל" איז אַן אָריגינעלע היסטאָרישע כראָניק, וואָס שטעהט בכלל אופן ניט נידעריגער פאַר דעם „צמח דוד". ער איז אָנגעשריבען אין אָריגינאַל אויף יודיש און פיעל מאָל געדרוקט געוואָרען. פון יודישען איז די ווערק איבערזעצט געוואָרען אויף העברעאיש. אַזאַ כבוד האָט מען אין יענע צייטען זעלטען ווען אָנגעטאָן אַ יודיש ווערק. און די דאָזיגע ווערק ווערט ביים היסטאָריקער ה״ר פינעס אַזוי עהרליך בעהאַנדעלט!

ס׳איז נאָך כדאי צו בעמערקען, אַז ד״ר פינעס, וואָס האָט פערבאָרגען דעם אמת׳ען מקור, פון וואַנען ער האָט גענאַשט זיינע ידיעות וועגען דעם בוך (גרינבוים), איז זיך סומך אין אַ בעמערקונג אויף שטיינשניידער׳ס „ספרות ישראל" (ז. 408). נאָר נראה דאָרט האָט ער געקאָנט זעהן קלאָרע דבורים, אַז דער ספר איז אָנגעשריבען געוואָרען אין אָריגינאַל אויף יודיש.

אויף זייטע 33 רעכענט ער אויס אַ צעטיל פון וועלטליכע מעשיות, אָריגינעלע, ווי איבערגעזעצטע. אַזוינע מעשיות זענען דאָ זעהר פיעל, און וועגען דער דאָזיגער „ראָמאַנטישער" ליטעראַטור איז שוין פיעל געשריבען געוואָרען[44]. נאָר אַזוי ווי זיי זענען אַלע ביי איהם ניט מעהר ווי טויטע נעמען, און ער ברויכט זיי ניט מעהר, ווי צום צעטיל, רעכענט ער אויס גראָד אַזוינע, וואָס זענען שוין איצט בעקאָנט ניט מעהר ווי ביי די נעמען, אַזוינע, וואָס זענען שוין ניט בנמצא, אייב ניט רעכענען אַזאַ ביבליאָטעק, ווי די באָדלעיאַנאַ. דערפאַר געפינט איהר ביי איהם קיין איין זאַך ניט, וואָס דער מעהר-נייגעריגער און ענטוזיקעלטער לעזער וואָלט זיי געקאָנט אויפזוכען און שטודירען, ווי למשל, די כראָניק, „מגלת-ווינץ"[45], די ראָמאַנטישע נאָוועלע „קיניג ארטוס-האף"[46], „משלי שועלים" א. אַז. וו.

איהר געפינט דאָ ניט קיין בעטראַכטונג פון דער אָריגינעלער פאָלקסטימליכער דראַמאַטישער ליטעראַטור, ווי פערשיידענע „מכירת יוסף"[47], „פורים-שפּיעל"[48], „גלות-שפּיעל"[49], א. אַז. וו., וואָס זענען שוין זעהר בעליעבט ביים פאָלק און אויפגעפיהרט אויף דער פרימיטיווער פאָלקסביהנע (אין די ישיבות, פורים אויף חתונות א. אַז. וו.) און וואָס זענען נאָך לעבעדיג ביים פאָלק עד-היום.

[44] שטיינשניידער און אַנדערע.

[45] איבערגעדרוקט ביי האַנענדיל אין זיין „בעלעהרונג".

[46] דאָרט.

[47] פראַנקפורט אַ״מ 1712. „אוצר הספרים" ז. 326 נו׳ 1153.

[48] „אַקטאַ אסתר מיט אַחשורוש" הוא שחיק לפורים שנעשה בישיבת ה״ר דוד אופנהיימער על דעאַטרוס עם מוזיקא בתרווים פראג 1720, „אוצר-הספרים" ז. 47 נו׳ 930.

[49] „אַקציאָן פון קיניג דוד" (הענוי 1711—12) אוצר-הספרים ז. 47, נומ. 932. דער דאָזיגער דראַמע שענקט ד״ר פינעס 15 שורות אין דעם אַרטיקעל „דאָס יודישע טעאַטער" אין צווייטען באַנד.

קיין וואָרט ניט פֿון אַפּאָלאָגעטישע יודישע שריפֿטען, ווי „יודישער טרייאַק״[50]), קיין וואָרט פֿון העבּרעאישער גראַמאַטיק איף יודיש[51]), קיין וואָרט וועגען אַזאַ אָריגינעלען ווערטערבוך, ווי נתן-נטע הנובר׳ס „שׂפה ברורה״ (העבּרעאיש-יודיש-לאַטיין-איטאַליעניש[52]) (פּראַג. 1660).

איף ז. 45—46 פֿערזיכערט אונז ד״ר פּינעס, אַז „ביכער פֿון וועלטליכער וויסענשאַפֿט זענען זעלטען אין דער יודיש-דייטשער ליטעראַטור פֿון דער עפּאָכע, וואָס מיר בעהאַנדלען אין דעם קאַפּיטעל״.

„ערשט אין 1690 איז אין אַמסטערדאַם ערשיענען אַן אַריטמעטישעס האַנד-בוך״. ער רופֿט ניט אָן דעם בוך, ווייל ער האָט דאָס ניט געפֿונען ביי שטיינשניידער׳ן אין „ספֿרות ישׂראל״. דער בוך הייסט „ידיעת החשבון״, געדרוקט פֿון אריה ליב שמש אין אַמסטערדאַם 1699[53]). נאָר איב שטיינשניידער רופֿט אָן דעם בוך, הייסט עס נישט, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער אין דעם פֿאַך. ס׳איז זיך שווער פֿאָרצושטעלען, אַז פּראַקטישע יודען, וועלכע האָבען צו יענער צייט געדרוקט יודישע ספֿרים פֿון דעם מין, וואָס איז זיי אַ סך ווייניגער נויטיג געווען, זאָלען דורכלאָזען די אַריטמעטיק, וואָס זיי האָבען עס נויטיג געהאַט אין לעבענספּערקעהר יעדען טאָג. אפֿשר איז דער „ידיעת-החשבון״ דער ערשטער אַריטמעטישער בוך איף יודיש, וואָס איז אונז איצט בעוואוסט, און פֿיעל פֿריהערדיגע זענען פֿערלאָרען געגאַנגען, און אפֿשר האָט שטיינשניידער בכלל דאָ ניט אָבגעהיט די כראָנאָלאָגיע און האָט ניט פֿאָראויסגעזעהן, צו וואָס פֿאַר אַ צוועקען ד״ר פּינעס וועט בענוצען זיין בוך.

יעדענפֿאַלס איז אַריטמעטיק דאָך ניט דער איינציגער אינהאַלט פֿון „וועלטליכער וויסענשאַפֿט״.

ד״ר פּינעס גיט דרך-אגב אַ שמיר וועגען „געאָגראַפֿישע האַנד-ביכער״. ס׳וואָלט איהם באמת געלוינט זיך אָבצושטעלען דערויף לענגער. ער זאָגט אָבער קיין איין וואָרט ניט וועגען מעדיצינישע שריפֿטען איף יודיש (ער האָט עס ניט געפֿונען אין „ספֿרות ישׂראל״). בן-יעקב ברענגט אַ מאַנוסקריפּט פֿון אַ גרויסען מעדיצינישען ווערק איף יודיש „שפּיגל דער ארצנייא״ [54]), אין יאָהר 1677 זענען אַרויס צווי אויסגאַבען פֿון דעם מעדיצינישען בוך „ירושת משה״[55]) פֿון משה, רופֿא מקאליש, פֿון דעמזעלבען מחבר האָט ערשיינט אין יאָהר 1679 אַ מעדיצינישע שריפֿט „ידים משה״[56]). שפּעטער איז איף יודיש איבערזעצט געוואָרען דער בעוואוסטער בוך „מעשה-טוביה״[57]) פֿון טוביה הרופֿא (פֿיזיק, אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, היגיענע, פֿאַרמאַקאָלאָגיע) און אַנדערע שריפֿטען.

היסטאָרישע כראָניקעס און מאָנאָגראַפֿיעס דערמאָנט ד״ר פּינעס גופֿא פֿריהער מיט עטליכע זייטען, נאָר דאָס, זעהט אויס, געהט ביי איהם אין כלל „וועלטליכע וויסענשאַפֿט״ נישט אַריין.

דערמיט ענדיגט זיך ביי פּינעס׳ן די געשיכטע פֿון דער עלטערער יודישער ליטעראַטור. און איך וויים ניט, וואָס צו בעדויערען: צי דאָס, וואָס ער האָט געשריבען אַזוי ווייניג, צי אַזוי פֿיעל.

———

איבערגעהענדיג צו דער נייער תקופֿה פֿון דער יודישער ליטעראַטור (אַן ערך פֿון מענדעלסאָן ביז מענדעלע׳ן), מוז איך בעמערקען: 1) דאָ האָט ד״ר פּינעס צו טאָן מיט זיכערערע מאַטעריאַלען; טיילווייז זענען זיי נאָך דאָ אויפֿ׳ן ביכער-מאַרק. פֿונדעסטוועגען נוצט ער אויס ניט אַלץ, ניט אַפֿילו אינגאַנצען דאָס וויכטיגסטע פֿאַר אָט דער תקופֿה. פּינעס׳ן זענען על פּי רוב בעקאַנט ניט מעהר ווי די „מאַטעריאַלען״, וואָס געפֿינען זיך ביי יעדען יודישען אינטעליגענט פֿון אַ גאַנץ יאָהר. די ווערק, וואָס מ׳דאַרף זוכען אַ ביסעל ווייטער, איז על פּי רוב ד״ר פּינעס׳ן ניט בעקאַנט. 2) אַפֿילו דאָ האָט ד״ר פּינעס בעוויזען אַ קונץ צו רעדען גאַנץ ברייטליך פֿון אַזוינע ווערק, וואָס ער האָט זיי ניט געזעהן. 3) אין זיין אָבהאַנדלונג שטעלט ער זיך אָב מעהר איף דער סאָציאַלער, איידער איף דער אייגענטליכער ליטעראַרישער געשיכטע. די ערשטע בויט ער איף לויט אַ געוויסען יודיש-מאַרקסיסטישען שאַבלאָן, די צווייטע איז איהם גאַנץ ווייניג בעקאַנט. 4) דער מאַטעריאַל איז ביי איהם בעאַרבייט אַ סך מעהר ליטעראַריש-קריטיש, ווי געשיכטליך.

די געשיכטע פֿון דער נייער ליטעראַטור הויבט ד״ר פּינעס אָן פֿון די „פֿאָלקסליעדער״. אין געשיכטליכען זין האָט אָבער דער אַרטיקעל (ז. 47—64) קיין שום ווערט נישט. ד״ר פּינעס האָט אויסגענוצט נישט מעהר ווי די ליעדער-זאַמלונג פֿון גינזבורג און מאַרעק[58]), די בעהאַנדלונג איז אַ ריין ליטעראַרישע.

דאָס איז אַ פּאָפּולערע איבערדערצעהלונג פֿון דער „פֿאָררעדע״ צו דער דערמאָנטער ליעדער-זאַמלונג און פֿון אַנדערע, גראָד ניט פֿון די בעסערע אַרטיקלען וועגען דער זאַמלונג. ד״ר פּינעס גרופּירט עטליכע ליעדער און ווייזט אָן: דאָס זענען ליעבע-ליעדער, און זיי נעמען זיך דערפֿון, וואָס נאָך דער געוויסער בהלה האָט מען ביי יודען „אָנגעהויבען חתונה האָבען אַ ביסעל עלטער ווייענדיג״; אָט דאָס זענען סאָלדאַטען-ליעדער, און זיי שטאַמען פֿון דער קאַנטאָניסטען-גזרה א. אַז. וו. איהר געפֿינט דאָ ניט קיין שום היסטאָרישע צוזאַמענשטעלונגען, פֿערגלייכונגען. און אַפֿילו אין ליטעראַרישען זין איז די אָבהאַנדלונג בלאַס, אָרים. ער האָט ניט געוויזען קיין פֿערשטאַנד פֿאַר דער אָריגינעלער שטילער ליריק פֿון די פֿאָלקסמאָטיווען. די שענע רעליגיעזע פֿאָלקס-ליעדער פֿערשווייגט ער גאָר. צווישען די פֿיעל ציטאַטען געפֿינט איהר ניט קיין איין שורה פֿון אַזאַ האַרציגער זאַך, ווי „גאָט פֿון אַברהם״. וועגען איינצעלנע ליעדער, ווי למשל, די „פֿאָלקס-חד-גדיא איז פֿיעל געשריבען געוואָרען; מ׳האָט אָנגעוויזען עהנליכע ליעדער ביי אַנדערע פֿעלקער, און געמאַכט דערביי זעהר אינטערעסאַנטע קולטור-היסטאָרישע פֿערגלייכונגען[59]). ביי ד״ר פּינעס געפֿינט איהר דערפֿון קיין וואָרט ניט.

[50] אוצר-הספרים ז. 215 נו׳ 103. זעה אויך גרינבוים ז. 560—85.
[51] דאָרט ז. 258 נו׳ 104 „לוח הפעלים״ עם ל״א קראקוי 1595; אַזוינע ווערק זענען פֿאַרהאַן פֿיעל.
[52] דאָרט ז. 607 נו׳ 1187. זעה אויך גרינבוים ז. 521—548.
[53] „אוצר הספרים״ ז. 215 נו׳ 85.
[54] „אוצר הספרים״ ז. 607 נו׳ 1193.
[55] דאָרט ז. 230, נו׳ 424.
[56] דאָרט ז. 230, נו׳ 432.
[57] דאָרט, ז. 355 נו׳ 1844.

[58] אויסגאַבע פֿון „וואָסכאָד״ סט.-פּעטערבורג, 1901.
[59] אינטערעסאַנטען מאַטעריאַל וועגען דעם ליעד, ווי אויך וועגען אַנדערע פֿאָלקס-ליעדער, האָט געבראַכט נ. פּרילוצקי אין זיין בוך „יודישע פֿאָלקס-ליעדער״, וואַרשוי 1911. ס׳איז גענוג צו פֿערגלייכען דעם בוך מיט פּינעס׳עס אָבהאַנדלונג, אום צו זעהן, ווי ווייט דער לעצטער איז פֿון פֿערשטעהן און קענען די יודישע פֿאָלקס-ליעדער.

מיט דער ליעדער=זאַמלונג פֿון גינזבורג און מאַרעק הויבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס בײַ ד״ר פינעס די גאַנצע פֿאָלקס=שאַפֿונג. אין אַ בעמערקונג דערצעהלט ער אין 5 שורות, אַז איגנאַץ בערנשטיין האָט געדרוקט אַ זאַמלונג פֿון שפּראַך=ווערטלעך און רעדענסאַרטען.

בײַ ד״ר פינעס געפֿינט איהר קיין איין וואָרט ניט וועגען דער דראַמאַטישער פֿאָלקס=ליטעראַטור: וועגען די „מכירת=יוסף“, „אַחשורוש=שפּיעל“, „גלית=שפּיעל“ א. אַז. וו.; קיין איין וואָרט ניט וועגען די שעֶנע, רירענדע פֿאָלקס=מעשׂיות, ווי די „מעשׂה משני שותפים“, „מעשׂה מג׳ אחים“, „יוסף דילה ריינה“ און נאָך צעהנדליגער און אפֿשר הונדערטער אַזעלכע מעשׂיות און ליעדער, וואָס דאָס פֿאָלק שפּײַזט זיך נאָך דערמיט עד היום און וואָס זיי האָבען געגעבען פֿיעל שטאָף פֿאַר די בעסטע ווערק פֿון אונזערע מאָדערנע דיכטער, פּרץ און אַנדערע. ווען ס׳זאָל זיך געפֿינען ווער, וואָס זאָל שעפּען זײַנע ידיעות וועגען דער יודישער פֿאָלקסשאַפֿונג פֿון ד״ר פינעס׳עס בוך, וואָלט ער מוזען מיט בעדויערן טראַכטען: ווי אָרים און בלאַס מוז זײַן די פֿאַנטאַזיע פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט מעהר נישט געשאַפֿען, ווי קאַרגע 400 ליעדער פֿון גינזבורג=און=מאַרעק׳ס זאַמלונג!

דער השכּלה=ליטעראַטור גיט אָב ד״ר פינעס אַ גרויסע אָבהאַנדלונג, מיט אַ פֿאָררעדע וועגען דער השכּלה=עפּאָכע בכלל. ס׳איז גענוג דורכצולייענען די כאַראַקטעריסטיק פֿון דער דאָזיגער עפּאָכע, כּדי צו זעהן, אַז ד״ר פינעס פֿערמאָגט ניט קיין היסטאָרישע פּערספּעקטיוו. די השכּלה, וואָס איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער אויפֿרירער פֿון אַ פֿערשלאָפֿענעם, שרעקליך אָבגעשטאַנענעם פֿאָלק צו אַ שענערן לעבען, צו אַ מאָדערנער וועלט=אָנשויאונג, צו אַ קאַמף פֿאַר זײַנע מענשליכע רעכט, די דאָזיגע וויכטיגע קאַמפּס=תּקופֿה, וואָס איז געווען דער ערשטער שטויס צו דער גרויסער אויפֿלעבונג, וואָס בעצייכענט אויך אונזערע טעג, בעהאַנדעלט ער, ניט ווי אַ היסטאָריקער, נאָר ווי אַ פּאָליטישער געגנער, ווי אַ מאַרקסיסט און „יודישיסט“, וואָס פּאָלעמיזירט מיט אַן אַנדער פּאַרטיי=מאַן אויף דעם געוויסען פּאַרטיי=זשאַרגאָן. די אַלע אויסגעדראָשענע בראָשור=פֿראַזעס וועגען דער משׂכּיל׳ישער אַסימילאַציע, וועגען זייער „פּאַטריאָטיזם“, וועגען זייער מליצה=שפּראַך א. אַז. וו. האָט איהר דאָ מיט האַק און פּאַק. „די משׂכּילים, מיינט ער, האָבען נישט געהאַט קיין ברייטען פּאָזיטיווען אידעאַל!“ אויב אַ פּאָזיטיווער אידעאַל הייסט אַ טעריטאָריע און צוקונפֿטשטאַט, האָבען עס נאָך עד היום ניט ניט דאָס פֿאָלק, ניט אַ גרויסער טייל פֿון אונזער אינטעליגענץ. אויב אָבער פּאָליטישע עמאַנסיפּאַציע, זאָל זײַן אַפֿילו, אַז זיי זענען געגאַנגען מיט אַ פֿאַלשען וועג, קולטורעלע אויפֿלעבונג, סאָציאַלע רעפֿאָרמעס (האַנדווערק, ערדאַרבייט) האָבען אַ פּאָזיטיווען ווערט אין אונזער לעבען, איז ד״ר פינעס׳עס פּאָלעמיק מיט די משׂכּילים קינדיש=נאַאיוו. אויב שוין יע אויסשטעלען חסרונות, איז אפֿשר דאָס, וואָס זיי זענען געווען צו פּ אָ ז י ט י וו, וואָס זיי האָבען ניט געטרוימט פֿון ווייטערע נאַציאָנאַלע אידעאַלען, ווי דער דור, וואָס נאָך די 80=ער יאָהרען. נאָר פֿונ׳ם שטאַנדפּונקט פֿון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג מוז דאָך זײַן עפּיס אַן אונטערשייד צווישען דעם דור פֿון יצחק בער לעווינזאָן און דעם דור פֿון פּינסקער און סמאָלענסקי. וואָס פֿאַר אַן אַנדער לעבעדיגע אַקטיווע גרופּע האָט דאַן פֿערמאָגט דאָס יודישע פֿאָלק, אויסער די משׂכּילים?

ס׳איז שוין לאַנג צייט אַוועקוואַרפֿען אָט די נאַציאָנאַל=פּאָלעמישע און אויף אַ האָר ניט היסטאָרישע שטעלונג צו די משׂכּילים און מודה זײַן, אַז זיי האָבען די ערשטע אָנגעוויזען דעם נײַעם ברייטען וועג אין דער גרויסער וועלט אַרײַן, אַז זיי האָבען מיר פֿיעל צו דאַנקען, פֿאַר דער פּאָליטישער און קולטורעלער אויפֿלעבונג פֿונ׳ם פֿאָלק. אויב זיי האָבען געגרייזט, איז דאָס געווען היסטאָריש נויטווענדיג, זיי זענען געווען בשעתּם די בעסטע אין פֿאָלק און האָבען געאַרבייט פֿאַר זייער אידעאַל מיט מסירת נפֿש. און אויב מיר האָבען היינט פֿאַר זיך אַזאַ ערשיינונג, ווי „אַ געשיכטע פֿון דער יודישער ליטעראַטור“, וואָס פֿאַלט אָן אַזוי דרייסט און אומ׳ברחמנות׳דיג אויף די משׂכּילים, האָט דערינען בעהאַלטענערהייד אַ בעדייטענדען חלק אַזאַ „זשאַרגאָן=פֿרעסער“, ווי יצחק בער לעווינזאָן. שטאָק=בלינדע זעהען עס נישט.

אין דער אָבהאַנדלונג „השכּלה און יודיש=דייטש“ און אין די ווײַטערדיגע קאַפּיטלען שטעקען די חסרונות, וואָס זענען שוין פֿריהער אָנגעוויזען געוואָרען: קנאַפּע בעקאַנטשאַפֿט מיט דעם געשיכטליכען מאַטעריאַל, ברייטע שמועסען וועגען קלייניגקייטען, האַלבע ווערטער וועגען וויכטיגע ערשיינונגען. די גאַנצע ידיעה שעפּט ער פֿון אַן אַלטען אַרטיקעל צינבערג׳ס אין „וואָסכאָד“[60] און איז, ליידער, איהם ניט תּמיד געטרײַ.

ד״ר פינעס ציטירט פֿון י. ב. לעווינזאָן און אַנדערע די פֿיינדליכע בעציהונג פֿון די משׂכּילים צו „זשאַרגאָן“. דרך אגב דערצעהלט ער, אַז יצחק אייכעל „האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט דער אידעע צו שרייבען אַ סאַטירישע פּיעסע קעגען יודיש=דייטש: „ר׳ העניך אָדער וואָס טהוט מען דערמיט“ (ז. 70). אין יאָסט׳ס אַרטיקעל אין דער ענציקלאָפּעדיע פֿון ערש און גרובער, ווי אויך בײַ צינבערג׳ן, האָט ער געקאָנט זעהן שוואַרץ אויף ווײַס, אַז יצחק אייכעל האָט זיך ניט בלויז „אַרומגעטראָגען מיט דער אידעע“, נאָר די אָנגעוויזענע פּיעסע אָנגעשריבען און געדרוקט בפֿועל ממש[61], צוערשט אויף יודיש און נאָכדעם מיט דײַטשע בוכשטאַבען. ד״ר פינעס דערמאָנט אָבער קיין איין וואָרט ניט דערפֿון, אַז אַפֿילו צווישען יענע משׂכּילים האָבען זיך געפֿונען „פֿריינד“ פֿון יודיש. איינער פֿון זיי, יעקב שמואל ביק, האָט גערעדט פֿון יודיש אין אַזאַ וואַרימען פֿריינדליכען טאָן, מיט אַזאַ פֿערשטאַנד פֿאַר דער פֿאָלקס=שפּראַך און אַ היסטאָרישען קוק, אַז ס׳האָט נאָך אַן אינטערעס פֿאַר אונזער דור אויך[62]. שפּעטער אין די זעכציגער יאָהרען, ווען די זשאַרגאָן=פֿרעסערײַ האָט נאָך געהערשט אין איהר גאַנצען גלאַנץ, האָט יודיש געהאַט אַזאַ מוטיגען, עהרליכען גואל, ווי יהושע ליפֿשיץ פֿון בערדיטשעוו,

[60] „Жаргонная литература и ея читатели“ Восходъ 1903.

[61] זעה אויך לעטערים מעמואַרען „זכרון בספר“.

[62] זעה זײַן בריעף צו דעם בעקאַנטען „זשאַרגאָן=פֿרעסער“, דעם מחבר פֿונ׳ם „קול=מהצצים“ טוביה פֿעדער, געדרוקט אין „כּרם חמד“, ווין 1833 מכתב כ״ח, איבערגעדרוקט אין „קול=מבשׂר“ אויף יודיש נו׳ 24, יאָהר 1863. דער בריעף איז דאַטירט י״ט טבת תקע״ה (1814).

וואָס האָט געדרוקט וועגען דעם אַרטיקלען אין „קול־מבשר“ [63]).

ד״ר פינעס דערצעהלט וועגען דער געוויסער קאָרעספּאָנדענץ צווישען צוויי רוסישע מיניסטאָרען מכח פערוועהרען דרוקען יודישע ספרים, און בעוואונדערט די פּקחות פון אַ „סאַנאָוויק“, וואָס האָט פערשטאַנען, אַז מקאָן ניט פערוועהרען דרוקען ספרים בלויז צוליעב דער שפּראַך. דער נאַאיווער לעזער קאָן מיינען, אַז די רוסישע ביוראָקראַטיע איז געווען דער גואל פון יודיש און איז אַקעגענגעשטאַנען דעם בייזען ווילען פון די משכילים. באמת אָבער האָט די ביוראָקראַטיע געראָדפ׳ט יודיש מיט אַלע מיטלען. אין יאָהר 1862 האָט די רעגירונג עמאַנסיפּירט די יודען אין פּוילען און דערביי זיי שטרענג פערוועהרט בענוצען יודיש אין עפענטליכען לעבען. אין די „קאַזיאָנע“ יודישע שולען האָט מען איינגעפיהרט דייטש, כדי אַרויסצושטופּען יודיש. איסער צעדערבוים׳ן, וואָס איז געווען אַ גרויסער „חשוב“ ביי נאַטיטאַלבטוהא“, האָט קיינער ניט געקאָנט קריגען קיין ערלויבעניש אויף אַ יודישען בלאַט, און בעת מען האָט ערלויבט דעם „המליץ“ אַריבערטראָגען פון אָדעס קיין פּעטערבורג, האָט עס אַפילו צעדערבוים פאַר דעם „קול־מבשר“ ניט געקאָנט פּועל׳ן. פאַקטען וועגען דעם קאַמף פון דער ביוראָקראַטיע קעגען יודיש זענען אַזוי פיעל, אַז מ׳ווייס ניט, פון וואָס פריהער אָנצוהויבען. ד״ר פינעס דערצעהלט אָבער וועגען אַן איידעלקייט פון אַ מיניסטער, און וועגען דער אייגענטליכער פּראַקטישער בעציהונג מצד די מאַכט־האָבער צו יודיש קיין וואָרט נישט.

ד״ר פינעס דערצעהלט וועגען מענדעל לעווינ׳ס (אַמאָל רופט ער איהם „לעווין“, אַמאָל „לעפין“), „משלי“־איבערזעצונג פון 1817 [64]). ער ווייזט אָן די גרעסטע מעלה פון דער איבערזעצונג, די פאָלקס־שפּראַך. דאָ איז ער גערעכט. פאַר יענער צייט איז דאָס אפשר געווען ניט קיין נייעס, ווי ד״ר פינעס מיינט, נאָר דאָך אַ וועלטענע זאַך. איך וואָלט געמיינט, אַז ד״ר פינעס׳ן איז די דאָזיגע ווערק נאָהענט בעקאַנט, קומען אָבער אַ פּאָר פראַזעס ווייטער און מאַכען די זאַך גאַנץ חשוד׳יג. ער שרייבט, אַז „ווען ס׳האָבען איהם (מ. לעווינ׳ען) געפעהלט אין יודיש־דייטש ווערטער... האָט ער זיי פון דאָס ניי בעשאַפען“. און וואָס בעשטעהט דער „ניי־בעשאַפען“, ווייזט ער ניט. ד״ר פינעס בעמערקט אָבער ניט אַן אַנדערע ווילטיגע און זיכערע ערשיינונג אין לעווינ׳ס שפּראַך: די רוסיציזמען, וואָס מ׳טרעפט ביי איהם אויף טריט און שריט. שוין אויף דער ערשטער זייט געפינט איהר ביי איהם ווערטער, ווי „ספּאָסאָבים“, „אוסטראָיין“, „סליד“ א. אַז. וו. דאָס איז געווים געווען דאַן ניי, און דאָס בעמערקט ד״ר פינעס ניט. ווייטער דערצעהלט ד״ר פינעס, אַז „לעווין איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפיהלט דעם גייסט פון דער דאָזיגער שפּראַך... און דער הינזיכט האָט לעווין געהאַט אַנ־

[63] „יודעל און יהודית“, „די 4 קלאַסען“ אין יאָהר 1863.
„די יודיש־דייטשע בריק“ אין יאָהר 1867.
י. ליפשיץ האָט געשריבען נאָך פיעל אַנדערע פּאָפּולער וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען אין „קול מבשר“ און האָט אויך בעשאַפען צוויי ווערטערביכער יודיש־דייטש, יודיש־רוסיש. ער האָט אויך געפרובט ווירקען אויף דעם בעריאַסטען פיראָגאָה, אַז ער זאָל שטיצען יודיש. זעה וועגען דעם די מעמואַרען „איטאָגי“ פון ד״ר ר. קולישער אין „האָכלאָד“ 1894, אָקטאָבער.

[64] אַגב, וועגען דער דאָזיגער זאַך שרייבט ד״ר פינעס פריהער (ז. 80), אַז דאָס איז געווען אַן „איבערזעצונג פון שפּריך־ווערטער“—סתם.

אומגעהייערע ווירקונג אויף די שרייבער פון דעם פאָלגענדען דור“. וועגען דעם, צי איז לעווין געווען „דער ערשטער“, וועט נאָך אפשר אויסקומען צו רעדען. דערווייל אָבער לאָמיר בעמערקען, אַז די משלי־איבערזעצונג איז געווען אין דעם זין פון ריינער פאָלקס־שפּראַך אַן עפּאָכעמאַכענד ווערק. אַגב, ד״ר פינעס, וואָס איז בכלל ניט קאַרג אויף ציטאַטען, ברענגט פון דעם דאָזיגען עפּאָכעמאַכענדען ווערק קיין איין שורה ניט.

ד״ר פינעס בעגענוגט זיך אָבער ניט מיט דעם איינעם און דערצעהלט וועגען נאָך אַן עפּאָכעמאַכענד ווערק, דאָס איז דער בוך „קאָלומבוס“ פון חייקיל הורוויץ פון אומאַן. אויב לעווינ׳ס „משלי“־איבערזעצונג האָט געשאַפען אַן עפּאָכע פון ריינער פאָלקס־שפּראַך, האָט דער „קאָלומבוס“, אויך אַן איבערזעצונג, נאָר פון דייטש, וואָס האָט ערשיינט כמעט אין דערזעלבער צייט (אין יאָהר 1824), בעשאַפען גאָר אַן אַנדער עפּאָכע — פון „דייטשמעריש“. „אין „קאָלומבוס“, דערצעהלט ד״ר פינעס, טרעפען זיך פיעלע דייטשע ווערטער מאָהערנע.... און אַפילו דאָס געביי פון זאַץ האָט דאָרט אָנגענומען אַ דייטשען כאַראַקטער. דער מחבר פון דעם בוך האָט געשאַפען אַ שול“ (אונטערגעשטריכעלט פון מיר, בעל־דמיון). האָבען מיר שוין, הייסט עס, מיט אַ מאָל צוויי עפּאָכען אין איין צייט: די פאָלקסטימליכע און די דייטשמעריש׳ע. ווער ס׳האָט נאָכגעמאַכט לעווינ׳ען און ווער חייקיל הורוויץ׳ן, דערצעהלט אונז פינעס ניט, און אין וואָס די ווירקונג האָט זיך אויסגעדריקט, ווייזט ער אויך ניט. נאָר לאָמיר פריהער זעהן, וואָס איז דאָס פאַר אַ ווערק, דער „קאָלומבוס“. פאַר ד״ר פינעס׳עס „געשילטע“ איז דאָס זעהר כאַראַקטעריסטיש.

אין דעם איבערשטען שטאָק איז ביי איהם דער מחבר פונ׳ם ווערק אַלין חייקיל הורוויץ פון אומאַן. אין דעם אונטערשטען שטאָק, אין אַ בעמערקונג, דערצעהלט ער, אַז ווינער האַלט פאַר דעם מחבר פון דעם ווערק דעם בעוואוסטען משכיל׳ישען שרייבער מרדכי אהרן גינזבורג, און פינעס גיט דערביי צו, אַז ווינער׳ס השערה איז, „הינט זיך, ריכטיג“. פאַרוואָס איז די השערה, „דוכט זיך, ריכטיג“, דערצעהלט ער אונז ניט. פאַרוואָס שרייבט ער נאָך דעם אַלעמען אין איבערשטען שטאָק פעסט און זיכער, אַז דער מחבר איז חייקיל הורוויץ, זאָגט ער אויך ניט. יעדענפאַלס, אַז דער בוך הייסט „קאָלומבוס“, איז ער ניט מסופק.

די מיינונגספערשיידענהייטען אין איבערשטען און אונטערשטען שטאָק נעמען זיך ביי איהם דערפון, וואָס ביי גאָטלאָבער׳ן האָט ער געפינען איין מיינונג וועגען דעם מחבר (חייקיל הורוויץ) און ביי ווינער׳ן די צווייטע (גינזבורג). נאָר אפשר זענען דאָס צוויי פערשיידענע ווערק פון צוויי בעזונדערע מחברים? אַזאַ פראַגע שטעלט זיך ד״ר פינעס ניט. וועמעס זשע בוך פון די ביידע האָט ד״ר פינעס געזעהן און צי האָט ער בכלל געזעהן אַזאַ בוך?

אין פלוג קאָן זיך אויסווייזען, אַז עפּיס אַ בוך האָט ד״ר פינעס יאָ געזעהן. ער ציטירט פון דעם בוך אין געזעגפּיסלעך אַ גאַנצען זאַץ; (דער בוך איז געשריבען) „אין אַ ריינער יודיש־דייטשער שפּראַך, וואו ס׳איז נישט דאָ דאָס צוזאַמענמישעניש פון העבראַאישע, פּוילישע און אַנדערע ווערטער, וואָס טרעפען זיך אָפט אין דעם אומגאַנגס יודיש דייטש“. נאָר די דאָזיגע פראַגע, וואָס ער ציטירט פון דעם „קאָלומבוס“, איז פאַר איהם אַן אמת׳ע

נעץ, וואוהין ער פאַלט אַריין מיט האָר און קנאָכען. ד״ר פינעס איז אונז מכטיח, אַז די שפּראַך פון „קאָלומבוס" איז אַ דייטשע, די ציטירטע פּראַזע אָבער איז אָנגעשריבען אויף אַ ריינעם יודיש, פשוט מקנא צו זיין. וואָס האָט ד״ר פינעס צום מחבר און וואָס איז דאָס פאַר אַ דייטשמעריש, פון וואַנען מ׳ציטירט ריין־יודישע פראַזען, איז נישט צום פערשטעהן. נאָר אפשר האָט ד״ר פינעס בטעות אַוועקגעשטעלט גענזענפּיסלעך ביי זיינער אַן אייגענער פראַזע, און זי איז נאָר איבערדערצעהלט, נישט ציטירט פונ׳ם „קאָלומבוס"? לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז ניט בטעות, אַז אַזאַ פראַזע איז אין בוך פאַרהאַן, ווי מיר וועלען עס באַלד זעהן.

ס׳לאָזט זיך אויס, אַז א) וועגען דער ענטדעקונג פון אַמע־ריקע זענען אין יענער צייט איבערגעזעצט געוואָרען צוויי ביכער פון די צוויי אָנגעוויזענע מחברים; ב) קיינע פון זיי טראָגט ניט דעם נאָמען „קאָלומבוס"; ג) ד״ר פינעס האָט קיינע פון די צוויי ניט געזעהן.

אין אַ בוך מיט דעם נאָמען „די ענטדעקונג פון אַמעריקא" ווילנא תקפ״ד (1824) געפינט זיך אין דער „פאָררעדע" אַזאַ פראַזע, וואָס איך שטעל פאַראַלעל מיט דער ציטירטער פראַזע פון ד״ר פינעס.

**„די ענטדעקונג"**

[דיזע איבערזעצונג דער ענטדעקונג פאן (אמעריקא) האָב איך פאָן מיינע עברעאישע איבערזעצונג „אויף א ריי־נען גרינגען אידיש־דייטש איבער גע־שריבען אָהן דעם מיש מאַש פאָן לשון־קודשע, פוילישע, רוסישע, טערקישע ווערטער, וואָס מאן זונסט אין דער אידישין שפראך צו זאמען מישט".

**ביי ד״ר פינעס.**

[זיין בוך איז געשריבען] אין א ריי־יודיש־דייטשער שפראַכע, וואו ס׳איז נישט דאָ דאָס צוזאמענמישעניש אין העברעאישע, פוילישע און אנדערע ווערטער, וואָס טרעפען זיך אָפט אין דעם אומגאנגס־יודיש־דייטש".

דערפון איז קלאָר, אַז די ציטירטע פראַזע ביי ד״ר פינעס האָט אַ צווילינג אין „דער ענטדעקונג פאָן אַמעריקא", און אַז ד״ר פינעס האָט דעם בוך ניט געזעהן. אַנדערש וואָלט ער ציטירט ריכטיג, און ער וואָלט געוואוסט, אַז דער בוך הייסט ניט „קאָלומבוס". ער וואָלט אויך בעמערקט, אַז דער בוך איז אַן איבער־זעצונג פון אַ העברעאישער איבערזעצונג פונ׳ם זעלבען מחבר. וויסענדיג, אַז אויף העברעאיש האָט חעמזעלבען בוך איבערגעזעצט פון דייטש מ. א. גינזבורג אין יאָהר 1823, איז ניט שווער זיך אָנצושטויסען, אַז די יודישע איבערזעצונג פונ׳ם העברעאישען איז אויך זיין אַרבייט. ווינער האָט מסתמא „די ענטדעקונג פאָן אַמע־ריקא" געזעהן. דעריבער ווייס ער אויך אָנצו־ווייזען דעם מחבר. די ציטירטע פראַזע איז מן הסתם איבערגעזעצט ביי ד״ר פינעס פון ענגליש פון ווינער׳ס בוך[65]) און ליתר שאת גענומען אין גענזענפּיסלעך, אַזוי אַז איהר קאָנט מיינען, אַז זי איז גענומען פונ׳ם אָריגינאַל.

אויסער מ. א. גינזבורג׳ס „ענטדעקונג פאָן אַמעריקא", איז פאַרהאַן נאָך אַ בוך אויף דער טעמע, פון חייקיל הורוויץ. גאָט־גאָטלאָבער האָט עס ניט אויסגעטראַכט. ער האָט נאָר אַ טעות געהאַט אינ׳ם נאָמען. דער בוך הייסט „צפנת פענח", געדרוקט אין

65 מיר איז, ליידער, ווינער׳ס בוך בעקאַנט פון די צווייטע הענד, איך בין זיכער, אַז מיט ווינער׳ס בוך אין די הענד וואָלט מען געקענט גע־פינען ביי ד״ר פינעס נאָך אַזוינע שענע זאַכען.



בערדיטשעוו אין 1817[66]). גאָטלאָבער, וואָס האָט געשריבען אויף די עלטערע יאָהרען (אין 1888) וועגען דעם בוך נאָכ׳ן זכרון און האָט ניט אין זינען געהאַט די ביבליאָגראַפּישע פּינקטליכקייט, האָט געקאָנט אַ טעות האָבען אין נאָמען. אפשר האָט ער עס צו־זאַמענגעמישט מיט דעם בוך „קאָלומבוס"[67]) אויף העברעאיש פון אברהם מענדיל מאָהר (לעמבערג 1846)?

פון וואָס זשע פאַר אַ בוך שרייבט ד״ר פינעס? אַזוי ווי ער ציטירט נאָך ווינער׳ן, און ווינער ווייזט אָן ריכטיג דעם מחבר און דעם אייגענטימליכען שטריך פון דער שפּראַך, דאָס דייטש, איז צו פערשטעהן, אַז ווינער (און נאָך איהם ד״ר פינעס) רעדט פון מ. א. גינזבורג׳ס „דיא ענטדעקונג פאָן אַמעריקא".

און וועגען אַזאַ בוך, וואָס ד״ר פינעס האָט עס ניט גע־זעהן, רעדט ער גאַנץ ברייטליך כמעט אויף צוויי זייטען, בע־האַנדעלט דעם „דייטשען חאַראַקטער" מיט אַ ריין־יודישער צי־טאַטע און פערזיכערט, אַז דער בוך „האָט געשאַפען אַ שול".

פון דעם, אַז די גאַנצע עפּאָכעמאַכעריי פון דעם מישטיינס־געזאָגט „קאָלומבוס", ווי איך פון לעווינ׳ס משלי־איבערזעצונג, איז אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה, איז אפשר איבעריג צו רעדען. אין אַ ליטעראַטור, וואָס איז געלעגען אין די קינדערוויקעלעך, וואו ס׳איז ניט געווען קיין טראַדיציעס, קיין אינטעליגענטע בעציהונג צו איהר, וואו דער מחבר האָט זיך געשעמט אַרויסשטעלען זיין נאָמען, וואו יעדער האָט זיך גערעכענט פאַר אַ קאָפּ און אַ בעל־דעה, און ווי אַזוי מ׳האָט געשריבען, איז געווען רעכט, האָט איין ביכעל, און דערצו נאָך אַן איבערזעצונג, קיין גרויסען איינדרוק ניט געקאָנט מאַכען. ד״ר פינעס ציטירט פון גאָטלאָבער׳ס „זכרונות", אַז דער „קאָלומבוס" איז איינגעשטאַנען אין יעדער יודישער שטוב. נאָר פינעס ווייס אָבער ניט, אַז גאָטלאָבער רעדט ניט פון גינזבורג׳ס פערדייטשטער „ענטדעקונג פאָן אַמעריקא", נאָר פון הורוויצ׳ס „צפנת פענח". אָבער די שפּראַך פון „צפנת־פענח" איז אונז אומ־בעקאַנט. ווי ווייט גינזבורג׳ס איבערזעצונג איז געווען פּאָפּולער, ווייסען מיר ניט[68]), און פון איהר ווירקונג אויף יודישע שריי־בער—נאָך ווייניגער.

ד״ר פינעס דערצעהלט ווייטער פון דעם „ערשטען אמת־אָריגינעלען ווערק", פון י. ב. לעווינזאָנ׳ס „הפקר־וועלט". דאָס, וואָס ער זאָגט וועגען דעם ווערק, איז ריכטיג. דער חסרון איז נאָר, וואָס די „הפקר־וועלט", ווי ס׳ווייס אויך פינעס, האָט זיך געדרוקט ערשט שפּעטער מיט 60 יאָהר, אין יאָהר 1888, אין שלום־עליכמ׳ס „פאָלקס־ביבליאָטעק", און מ׳קאָן זי בעצם שווערליך רעכענען צווישען די ווערק פון יענער ווייטער עפּאָכע, וואָס האָבען געהאַט אַ פעולה אויף יענעם עולם. ווי אַזוי אַ מאַנוסקריפּט, וואָס איז געווען בעקאַנט צווישען די געצעהלטע פריינד פון י.ב. לעווינזאָן, האָט געקאָנט אָנצייכענען „דעם וועג, אויף וועלכען עס

66 זעה „אוצר־הספרים" ה׳ 512 נו׳ 177. דער בוך איז מיר ניט בעקאַנט.

67 דאָרט, ז. 515 נו׳ 1.

68 ווי מיר דוכט, איז די דאָזיגע איבערזעצונג נאָכדעם איבערגעאַרבייט געוואָרען אויף אַ ריינערן יודיש און איז אַריין אין דער פאָלקס־ליטעראַ־טור. איינע אַזאַ בעאַרבייטונג אונטער׳ן נאָמען „מסע קאָלאָמבוס או גלות ארץ החדשה" האָט ערשיינט אין וואַרשוי אין יאָהר תרמ״ט (1889).

זענען דערנאָך געגאַנגען כּמעט אַלע יודישע שריפטשטעלער פון דער השׂכּלה־עפּאָכע“, בּלייבּט ד״ר פינעס׳עס סוד.

אַזוי ווי שלום־עליכם׳ס „פאָלקס־בּיבּליאָטעק“ קאָן מען נאָך קריגען אין „צענטראַל“, האָבּען מיר בּיי ד״ר פינעס אַן אויספירליכען אינהאַלט פון דער „הפּקר וועלט“. ער בּעמערקט אַפילו דאָרט אַ סלאַווישען אויסדרוק.

פערקעהרט, ווייס ניט פינעס גאָר ניט צו זאָגען, וועגען אַ קליינער פּראָבּע פון אַ גרויס יודיש ווערק פון אַ מאַן, וואָס איז אין זיין צייט בּעריהמט געווען אין ליטא אפשר ניט ווייניגער פאַר י. בּ. לעווינזאָן, און געוויס מעהר פאַר מענדיל לעווין. איך מיין דאָ די צוויי קונטרסים מנ׳ם יודישען „סמא־דחיי“ פון אַן אָריגינעלען עלוי מנשה איליער, וואָס האָט פערטמען אַן איינענע פּאָזיציע צווישען חסידים, מתנגדים און משׂכּילים. די צוויי קונטרסים האָבּען ערשיינט אין יאָהר 1817 אָדער 1823 [69] און זענען געשריבּען אויף אַ ריינעם יודיש. אַן אָריגינעלע יודישע אַרבּייט פון דעם מאַן איז אפשר ניט איבּעריג צו פערצייכענען אין אַ געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור.

צווישען די מחבּרים פון יענער עפּאָכע זענען, נאָך ד״ר פינעס׳עס מיינונג, ווערט צו בּעצייכענט ווערען י. אקסענפעלד און ש. עטינגער.

פון ישׂראל אַקסענפעלד[70] בּרענגט ער אין קורצען דעם אינהאַלט פון צוויי זאַכען „דאָס שטערנטיכיל“ און „דער ערשטער יודישער רעקרוט“. איך ווייס ניט, ווי ווייט איהם זענען בּעקאַנט די צוויי ווערק און די איבּעריגע דריי פּיעסעס פון העמזעלבּיגען מחבּר. דער קורצער אינהאַלט פון די אָנגערופענע צוויי ווערק איז איבּערגעגעבּען ריכטיג. ער בּעווייזט אָבּער צו זאָגען וועגען אַקסענפעלד׳ן זאַכען, וואָס קלעפּען זיך ניט צו אַ געטרייער בּעקאַנטשאַפט מיט דעם שרייבּער, און דערבּיי אַזוי פערפּלאָנטערט, אַז ס׳איז שווער אַרויסצובּעקומען, וואָס ער מיינט.

ד״ר פינעס זאָגט, אַז „די ווירקונג פון דייטש לאָזט זיך אַפילו בּיי איהם (בּיי אַקספעלד׳ן. בּעל־דמיון) דייטליך פיהלען“. ווער ס׳האָט געלייענט אַקסענפעלד׳ס ווערק, ווייס, אַז ער האָט געשריבּען אויף אַ ריין פאָלקסטימליכען יודיש מיט אַ לייכטען צומיש פון רוסישע ווערטער, וואָס מ׳בּעגעגענט אין דער אומגאַנגס־שפּראַך פון די יודען אין די פּראָווינצען פון דרום־רוסלאַנד. די שפּראַך איז זעהר עהנליך צו דער משלי־איבּערזעצונג פון מענדיל לעווין. נאָר שפּעטער מיט אַ שורה זאָגט שוין ד״ר פינעס, אַז „מען בּעמערקט בּיי איהם נישט די טענדענץ צו גערמאַניזירען“. ווי אַזוי קלעפּט זיך עס צו דער „ווירקונג פון דייטש“, און אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט אַקסענפעלד אייגענטליך געשריבּען, קאָנט איהר דאָ ניט דערגעהן.

ס׳איז אויך אַ וואונדער, וואָס ער רופט איהם אַלץ „יצחק“ און „אָקסענפעלד“, בּעת פון דעם שער־בּלאַט פון „מאַן און ווייבּ, בּרודער און שוועסטער“, האָט ער געקאָנט זיכער וויסען דעם נאָמען. „דער אוצר אָדער די גינאַרטע וועלט“ הייסט בּיי איהם: „איין געגנאַרטע וועלט“. ער דערמאָנט אויך ניט די זעהר אינטערעסאַנטע פאָררעדע צו דעם ווערק פון די אַרויסגעבּער פון אַקסענפעלד׳ס שריפטען.

ד״ר פינעס בּלייבּט געטריי זיין סיסטעם: פון עטינגער׳ס דראַמע „שרה׳קעלע“[71], וועלכע איז איצט געוויס ווייניג בּעקאַנט דעם עולם, בּרענגט ער נאָר אין עטליכע שורות די טענדענץ פונ׳ם ווערק. פערקעהרט, פון די „משלים און ליעדלעך“, וואָס זענען אַרויס ערשט אין 1889 און וואָס מ׳קאָן זיי נאָך געפינען אויפ׳ן בּיכער־מאַרק, בּרענגט ער צוויי ציטאַטען.

מיט די אָנגעוויזענע מחבּרים פערענדיגט ד״ר פינעס די אָבּהאַנדלונג וועגען דעם „אָנהויבּ פון דער משׂכּיל׳ישער יודישער ליטעראַטור“. אין אַ בּעמערקונג צו ז. 99 דערמאָנט ער וועגען אליעזר צבי הכּהן צווייפעל, בּרענגט אַ גאַנץ גרויסע התנצלות פונ׳ם מחבּר, וואָס ער שרייבּט יודיש, און פון דעם אינהאַלט פון זיינע אייגענטליכע יודישע ווערק קיין וואָרט נישט. אין אַ בּעמערקונג צו ז. 138, וואו ער בּעהאַנדעלט אליקום צונזער, דערמאָנט ער אבֿרהם בּער גאָטלאָבּער און זיינע יודישע ווערק און שענקט איהם מיט אַמאָל 15 שורות פּעטיט. ווען ד״ר פינעס זאָל זיין אַ בּיסעל מעהר בּעה־בּינ׳ט אין דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור, וואָלט ער געוואוסט, אַז די לעצטע צוויי מחבּרים, און העדרויפּט אבֿרהם בּער גאָטלאָבּער האָבּען געהאַט אַ גרעסערע און וויכטיגערע(?) ווירקונג און בּעדייטונג, ווי אקסענפעלד און עטינגער. צווייפעל און גאָטלאָבּער זענען געווען די פּאָפּולערסטע נעמען צווישען די משׂכּילים. מיט זייער טעטיגקייט, אַלס לעהרער אין דער זשיטאָמירער ראַבּינער־שול, און מיט זייערע חבורים האָבּען זיי אויפגעשטעלט אַ גאַנצען הור משׂכּילים. אונטער זייער ווירקונג זענען געשטאַנען אבֿראַמאָוויץ, לינעצקי, גאָלדפאַדען א. אַנד. צו זייערע ווערטער האָט מען זיך צוגעהערט. גאָטלאָבּער האָט אויך פערמאָגט אַ זיכערען (?) ליטעראַרישען טאַלענט, איידער אקסענפעלד און עטינגער. זיינע ליעדער און סאַטירעס זענען בּשעתּם געווען אַזוי פּאָפּולער, ווי לינעצקי׳ס זאַכען. ניט אומזיסט דרוקט מען נאָך היינט אויך איבּער גאָטלאָבּער׳ס ווערק[72], בּעת פון אקסענפעלד׳ן און עטינגער ווייסען שוין אַפילו יודישע שרייבּער אויך זעלטען. ווער ס׳האָט געלייענט אַזאַ געלונגענע הומאָריסטישע זאַך, ווי גאָטלאָבּער׳ס „גלגול“, וועט וויסען דעם חילוק דערפון און פון אַזאַ לעפּישער „דראַמע“, ווי אַקסענפעלד׳ס „מאַן און ווייבּ, בּרודער און שוועסטער“. נאָר ד״ר פינעס פערמאָגט אַן אייגענע סיסטעם!

און אַז מ׳קומט אַזוי אָבּ בּשהי פּהי אַזאַ יודישען שרייבּער, ווי א. בּ. גאָטלאָבּער, איז וואָס איז שוין דאָ צו רעדען פון י. בּ. פאַלקאָוויץ, דעם מחבּר פון צוויי איבּערגעאַרבּייטע פּיעסעס „ר׳ חיימ׳ל דער קצין“ און „רחל׳ע די זינגערין“? קומט איהם טאַקע ד״ר פינעס אָבּ מיט 3 שורות אין אַ בּעמערקונג וועגען יודישען

69 זעה „לקוטי־שושנים“ קאַטאַלאָג פון שטראַשונ׳ס בּיבּליאָטעק אין ווילנא, אויך „אוצר־הספרים“.

70 אַגבּ, ישׂראל, ניט יצחק, ווי ד״ר פינעס מיינט, אַקסענפעלד, ניט אָקסענפעלד און נעהיס אַ נאָטאַריוס, ניט „ווי עס שיינט, אַ נאָטאַריוס“. זעה וועגען דעם אַ נאָטיץ פון צעדערבּוים „יודישע בּיבּליאָגראַפיע“ אין „קול־מבשׂר“ № 26 פון יאָהר 1869.

71 אַגבּ, אין דער אויסגאַבּע, וואָס איז מיר בּעקאַנט (וואַרשוי 1875), הייסט די ווערק „סערקעלע, אָדער דיא פאַלשע יאָהרצייט“ (ניט „שרה׳קעלע“). צי האָט ד״ר פינעס געזעהן די ערשטע יאָהאַניסבּורגער אויסגאַבּע (1861) און צי דאָרט הייסט זי „שרה׳קעלע“ — דאָס ווייס איך ניט.

72 מיר איז בּעקאַנט אַן אויסגאַבּע פון דעם „גלגול“ פון 1896 (נעדרוקט צוערשט אין „קול־מבשׂר“ 1871), און פון „דעם סעים“ פון 1902 (געדרוקט צוערשט אין 1869).

טעאַטער: „זיי (די פּיעסעס. ב. ד.) זענען זעהר ווייניג אינטערע-סאַנט", — און פּטור. דער יודישער לעזער וועט שוין גלויבען איפּ'ן וואָרט!

אין דעם קאַפּיטעל „טענדענציעזע פאָלקספּאָעזיע" [73]) בעטראַכט ד"ר פינעס באריכות מיכל און י. ל. גאָרדאָן, א. גאָלדפאַדען, און א. צונזער, און דערמאָנט קיין וואָרט ניט וועגען ש. בערנשטיין, וואָס האָט געהערט צו דער איינענער עפּאָכע, וואָס מ. גאָרדאָן. דער לעצטער זינגט ש. בערנשטיינ'ען אַ לויבגעזאַנג און האַלט איהם העכער פאַר זיך:

„איך בין אַ זינגער ווי דער פּאָפּוגאַייא
דו ביסט אַנ'אמת'ער סאָלאָווייא" [74]).

ש. בערנשטיין האָט געדרוקט אין 1869 דעם „מאַגאַזין פון יודישע ליעדער". ער איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס ער איז אַ סך פרייער פון די השכלה-טענדענצען.

ד"ר פינעס דערמאָנט אויך ניט פון משה דאַנציק-חאַשקעס („דער ליטוואַק" 1869, „דיא ליטוועטשקע" 1870) און פון אייניגע אַנדערע.

אין די ווייטערדיגע אַרטיקלען, וואו ס'ווערען בעהאַנדעלט דיק, שמ"ר און אַנדערע, געפינט איהר קיין איין וואָרט ניט פון אַזאַ טיכטיגען, ערליכען ליטעראַרישען אַרבייטער, ווי פלטיאל זאַמאָשטשין, (געשטאָרבען מאַר אַ פּאָר יאָהרען), וועלכער האָט אָנגעהויבען זיין ליטעראַרישע קאַריער אין פּראָזע און אין גראַמען נאָך אין „קול מבשר" און האָט זי ווייטער געפיהרט אין „ישראליק", אין דער „וואַרשויער יודישער צייטונג", אין „וועקער", „הויזפריינד", א. אַז. וו.; קיין איין וואָרט ניט וועגען יהודה לערנער (דראַמעס, קריטישע אַרטיקלען, איבערזעצונגען), וואָס נע-ווים ניט דערפאַר, וואָס ער איז אַ משומד און נאָך אַ מוסר דער-צו, האָט איהם ד"ר פינעס ניט דערמאָנט, וועגען אולריך קאַלמוס [75]) און אַנדערע.

ס'איז אינטערעסאַנט פאַר אַ געשיכטס-פאָרשער, וואָס די בי-אָגראַפיעס פון די שרייבער, זייער לעבען און ענטוויקלונג, האָבען ביי איהם קיין פערבינדונג ניט מיט זייער ליטעראַרישען שאַפען. איהר געפינט דאָ, על פּי רוב אין אונטערשטען שטאָק אין אַ בע-מערקונג, עטליכע טרוקענע פאַקטען, וואָס זענען אַלעמען בע-וואוסט. צו די פאַקטען גופא בעציהט ער זיך גאַנץ פריי. וועגען א. מ. דיק, למשל, שרייבט ער: „א. מ. דיק איז געווען אַ גאַנץ פערמעגליכער מענש און האָט נישט נעזוכט פון זיינע מעשיות קיין פערדיענסטען" (ז. 142). ד"ר ל. קאַנטאָר, וואָס האָט פער-זענליך געקאָנט א. מ. דיק, שרייבט וועגען איהם: „אין דער יוגענד איז ער געווען אַ לעהרער, אַ קורצע צייט אויך לעהרער

[73] די דאָזיגע פּאָעזיע, מיינט ד"ר פינעס, טראָגט „אַ מלמד'ישען כאַ-ראַקטער", אַ בריליאַנטענער אויסדרוק פאַר דעם בעגריף „דידאַקטיש" (ערציהעריש).
[74] זעה „יודישע ליעדער פון מיכל גאָרדאָן" וואַרשוי 1889 ז. 37; אויך בערנשטיינ'ס „מאַגאַזין" וואַרשוי 1880, ז. 7—8.
[75] אָנגעשריבען אַ פּיעסע אַ „וועלטענער ברית און אַ גענאַרטע חתונה", אָדעסאַ 1871, וואַרשוי 1882, אויך „דער לעבעדיגער יתום" און מעהרערע פעליעטאָנען אין „קול-מבשר". וועגען זיין „אַ וועלטענער ברית און אַ גענאַרטע התונה" זעה אַ גינסטיגע רעצענזיע פון L. W. (משה ליב ליליענבלום) אין „קול-מבשר" נו' 22, יאָהר 1871. שלום-עליכם איז אויף אולריך קאַלמוס'ן שטאַרק אָנגעפאַלען אין זיין בראָשור „שמר'ס משפט", ווי מיר דוכט, ניט אינגאַנצען גערעכט. קאַלמוס האָט איהם אָבגעענטפערט אין „יודישען פאָלקסבלאַט". די דאָ-זיגע פּאָלעמיק איז אינטערעסאַנט פאַר די ליטעראַרישע מדות פון יענער צייט.

אין דער ראַבינער-שול. דערנאָך האָט ער זיך בעשעפטיגט אַלס מרסור... שפּעטער האָט ער געלעבט כמעט נור פון זיינע ווערק" [76]).

וועגען שלום-עליכמ'ן שרייבט ד"ר פינעס, אַז זיינע ליע-דער זענען פערעפענטליכט געוואָרען אין „קול-מבשר" (ז. 179). צו דער צייט, ווען דער „קול-מבשר" איז שוין אונטערגעגאַנ-גען (1872) איז שלום-עליכם (געבוירען אין יאָהר 1859) קוים אַ בר-מצוה-יונגעל געוואָרען.

די אָבהאַנדלונג וועגען דעם פאָלקסראָמאַן (א. מ. דיק און שמ"ר) איז אַזוי אָרים און ניט זעלבשטענדיג, אַז עס לוינט זיך הערויף ניט לאַנג אָבצושטעלען. פון א. מ. דיק'ס פיינדליכער בעציהונג צו יודיש ברענגט ער אַ געוויסע שטעלע פון זיין „די עדעלע ראַכע אָדער דיא נקמה". די שטעלע געפינט זיך אויך ביי צינבערג'ן, און ס'איז גיכער צו גלויבען, אַז ער האָט זי גענומען ניט פונ'ם יודישען מקור, נאָר איבערגעזעצט פון צינ-בערג'ס רוסישען אַרטיקעל: שוין צו יודיש איז געוואָרען ביי פינעס'ן דיק'ס דייטשמעריש [77]). ד"ר ל. קאַנטאָר ברענגט אַן אַנ-דער שטעלע (פון „שבעים מאָהלצייט"), וואָס בעווייזט אויך אַ פריינדליכערע דיק'ס בעציהונג צו יודיש: „דער זשאַרגאָן האָט אויך וואָס שיינעס אין זיך, אַזוי גאָר וואָס צירליכעס, רידהרענ-דעס, מען קען אין איהם אויך שפּרעכען צום הערצען" [78]).

יעדע זייט פונ'ם דערמאָנטען קאַנטאָר'ס אַרטיקעל איז אינ-טערעסאַנטער אין היסטאָרישען און אין ליטעראַרישען זין פון דער גאַנצער פינעס'עס אָבהאַנדלונג וועגען א. מ. דיק.

דעם איבערגאַנג פון דיק'ס מעשיות צו די שמ"ר-ראָמאַ-נען דערקלערט ד"ר פינעס אַזוי: „דיק'ס מעשיות האָבען אין די אויגען פון דעם דאָזיגען פּובליקום געהאַט אַ פעהלער: זיי זענען געווען צו קורץ... דער אַרבייטער און דער בעל-מלאכה האָבען געהאַט פרייע צייט... האָט מען אָנגעהויבען פערלאַנגען פיעל לענ-גערע ראָמאַנען" (ז. 146).

וואָס בלייבט איבער צוצוגעבען צו אַזאַ היסטאָרישער דער-קלערונג!

אַ דריטעל פונ'ם ערשטען באַנד גיט אָב פינעס ש. י. אַבראַמאָוויצ'ן און י. י. לינעצקי'ן. דעם גאַנצען צווייטען באַנד — 6 יודישע מאָדערנע שרייבער [79]). אויב זיך אָבשטעלען אויפ'ן פאָרמאַלען שטאַנדפּונקט, אַז ד"ר פינעס שרייבט די „געשיכטע" פון דער יודישער ליטעראַטור ביז 1890, ווי ער ווייזט אָן, איז אפשר דער גאַנצער צווייטער באַנד איבעריג. פרץ, למשל, האָט אין יאָהר 1901 געפייערט דעם 25-יאָהריגען יובל פון זיין לי-

[76] זעה זיין אַרטיקעל „אייזיק מאיר דיק" אין זשורנאַל „דאָס לעבען" פעטערבורג, יאַנואַר 1905 ז. 104.
ווי מיר דוכט, איז א. מ. דיק געווען אַ בעל-מגיה אין ראָמם דרוק און פריהער אַ לעהרער ניט אין אַ ראַבינער-שול, נאָר אין אַ יודישער רעגי-רונגס-שול.
[77] ביי צינבערג'ן ווערט אין רוסישען טעקסט אויך געבראַכט אויף יודיש אַ פּראָזע פון דער שטעלע: [דער זשאַרגאָן איז אַ שפּראַך], „וואָס ווערט ניט פערשטאַנדען און ניט געשפּראָכען פון קיין אומה ולשון". די דאָזיגע פּראָזע איז איבערגעגעבען ביי ד"ר פינעס אַזוי פונ'ם רוסישען: „וואָס קיין פאָלק רעדט אויף איהם נישט און פערשטעהט איהם נישט" (ז. 141).
[78] זעה דעם אויבענדערמאָנטען אַרטיקעל ז. 101.
[79] פערקעהרט געפינט איהר דאָ קיין איין וואָרט ניט וועגען מאָרים ווינטשעווסקי, ליעסין-וואַלט און נאָך, וואָס האָבען שוין אַריינגעטראָגען זייער נאָמען אין דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור.

טעראַרישער אַרבייט, נאָר פּאַקטיש האָט ער ברייט פֿערשפּרייט די פֿליגלען און אָנגעהויבען פּאָפּולער צו ווערען ערשט אין די 90-ער יאָהרען, דאָס אייגענע אויך שלום-עליכם און אַנדערע. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. פיעל וויכטיגער איז ניט דאָס, וואָס ער בעהאַנדעלט, נאָר ווי אַזוי ער בעהאַנדעלט. איך האָב שוין איבען אָנגעוויזען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַזוי צו זאָגען ליטעראַריש-קריטישע אַרטיקלען, וואָס האָבען פון דער ליטעראַרישער חיט אַ קנאַפּען אינטערעס. נאָר אַפילו אין די דאָזיגע ראַמען האָט ד"ר פינעס געקאָנט און געמוזט עפּיס איפּטון פאַר דער געשיכטליכער בעהאַנדלונג פֿון די יודישע שרייבער. וועגען יודישע טיפּען ביי אַבראַמאָוויצ'ן, שלום-עליכמ'ן א. אַז. וו., נאַטור-שילדערונגען, סטיל א. אַז. וו. קאָן דער לעזער געפינען אין פֿיינערע קריטישע אַרטיקלען. וואָס פֿאַר אַ טעם קאָן ער געפינען אין ד"ר פינעס'עס אָבהאַנדלונג וועגען מענדעלי'ן נאָך די גלענצענדע אַרבייטען פון בעל-מחשבות, בפרט, אַז ד"ר פינעס דערצעהלט אייגענטליך איבער בעל-מחשבות'ן מיט אייגענע ווערטער אויף אַ הילצערנער שפּראַך! פון אַ היסטאָרישען אַרטיקעל האָט דער לעזער געקאָנט ערוואַרטען: די ענטוויקלונג פונ'ם שרייבער, די ליטעראַרישע עטאַפּען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, די ליטעראַרישע ווירקונג, וואָס ער איז געשטאַנען אונטער איהר, און די, וואָס ער האָט געהאַט אויף אַנדערע; דאָ איז פּאַסיג צו געבען אַ גענויע ביבליאָגראַפיע פֿונ'ם מחבר'ס ווערק און וועגען די ווערק.

אומזיסט וועט איהר עס זוכען ביי ד"ר פינעס! איך האָב שוין אָנגעוויזען, אַז אַפילו די ביאָגראַפיע, דעם לעבענסקרייז פונ'ם שרייבער, בעווייזט ער ניט צו פֿערבינדען מיט זיין שאַפען. ווער שמועסט שוין פֿון ליטעראַרישער ענטוויקלונג? אַ שרייבער ווערט ביי איהם געבוירען אַ פאַרטיגער, מיט אַלע אייגענטימליכקייטען, וואָס מ'בעגעגענט אין זיינע לעצטע ווערק, און יעדען בוך ציטירט ער פֿון דער לעצטער צאַפּעלדיגער אויסגאַבע. פאַר מענדעלי'ן איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ער הערט ניט אויף איבערצואַרבייטען זיינע ווערק, אַפילו ביז דער לעצטער מינוט. „דאָס קליינע מענשעלע", למשל, איז דריי מאָל איבערגעאַרבייט געוואָרען, און אין דער איבעראַרבייטונג איז בולט צו בעמערקען דער וואַקסענדער געשמאַק, די קריסטאַליזירונג פונ'ם סטיל א. אַז. וו. אין דער „קליאַטשע" האָט מענדעלי אַפילו אין דער לעצטער יובל-אויסגאַבע צוגעגעבען פיעל נייעס.

נאָך אינטערעסאַנטער איז די ענטוויקלונג פון שלום-עליכמ'ן. אין די ערשטע ווערק, אין „יודישען פאָלקסבלאַט", איז ער געשטאַנען אונטער אַ שטאַרקער ווירקונג מצד מענדעלי'ן, מ'האָט איהם אָנגענומען אין „פאָלקסבלאַט", אַלס דעם „בעוואוסטען סאַטיריקער". נאָכשפּירען שלום-עליכמ'ס ליטעראַרישע ענטוויקלונג איז אַ העכסט אינטערעסאַנטע אויפגאַבע, און אין אַ היסטאָרישען בוך איז דאָס אַ מוז, בפרט ביי אונז, וואו מ'ווייס אַזוי וועניג פון אַ יודישען שרייבער. נאָר ד"ר פינעס האַלט עס גאָר פאַר איבעריג. אין מאַנכע איינפאַכע קריטישע נאָטיצען געפינט איהר מעהר וועגען דער ענטוויקלונג פון אַ טאַלאַנט, ווי ביים היסטאָריקער ד"ר פינעס. ווער שמועסט שוין פון ביבליאָגראַפישע ידיעות! ליניעצקי'ס „פוילישער יונגעל", וואָס האָט זיך געדרוקט צוערשט אין „קול-מבשר" אין יאָהר 1867 (ניט אין



1868, ווי ד"ר פינעס מיינט) און האָט ערשיינט נאָכדעם בעזונדער אין 1868, ציטירט ער פֿון אַן אויסגאַבע פֿון יאָהר 1897. ווייס ד"ר פינעס, אַז די דאָזיגע אויסגאַבע איז שוין אַן איבערגעאַרבייטע זאַך, און צי האָט עס אין זיינע אויגען אַ געשיכטליכען אינטערעס?

ער בעמיהט זיך אַפילו ניט אָנצומערקען אַלע ווערק, פֿון דעם שרייבער, וואָס ער האָט בעהאַנדעלט, און דער, וואָס וועט וועלען אַליין שטודירען דעם אָדער יענעם שרייבער, וועט ביי ד"ר פינעס'ן נישט געפינען אַפילו די ליטעראַרישע מקורים פֿון ליטעראַריש-קריטישער ביבליאָגראַפיע שוין נישט צו רעדען. דערפֿון ביי פינעס'ן קיין וואָרט ניט!

ווען איך וויל אונטערפֿיהרען די לעצטע שורה, מוז איך זאָגען: אין ד"ר פינעס'עס „געשיכטע פֿון דער יודישער ליטעראַטור" פֿעהלט אַ קלייניגקייט... געשיכטע!

———

צו די אַלע מעלות פֿון פינעס'עס ווערק קומט נאָך צו די גלענצענדע קאָרעקטור, וואָס האָט אויפגעגעבען נעמען און דאַטען פֿון דער הגדה. דאָ זאָלען אָנגעוויזען ווערען אייניגע ביישפּיעלען:

ז. 35 בעמערקונג 3 ווערט אָנגעוויזען די צייטונג „זרפים". דער לעזער דאַרף זיך אָנשטויסען, אַז דאָס מיינט מען דעם זשורנאַל Serapeum פֿאַר ביבליאָטעק-וויסענשאַפֿט א. אַז. וו. 1840 — 1870, וואו ס'זענען געדרוקט מעהרערע וויכטיגע אַרטיקלען שטיינשניידער'ס וועגען יודיש-דייטש.

ז. 37. ר' יצחק בן שמעון הכהן, דער מחבר פֿון „טייטש-חומש" איז געשטאָרבען אין יאָהר 2461?

ז. III די יאָהרען פֿון יהודה לייב גאָרדאָן זענען אָנגעגעבען 1830—1862. מיט עטליכע שורות ווייטער געפינט איהר, אַז אין 1886 (אַלזאָ 24 יאָהר נאָך זיין טויט) האָט ער פֿערעפֿענטליכט זיין „שיחת חולין".

א. אַז. וו. א. אַז.. וו.

צום סוף עטליכע ווערטער וועגען דער „רעדאַקציע" פֿון ד"ר פינעס'עס „געשיכטע". אינ'ם נאָמען פון דער „רעדאַקציע" (?) איז אַרויסגעטרעטען מיט אַ פֿאָררעדע בעל-מחשבות. דער דאָזיגער נאָמען איז אַזוי ליעב און געשעצט, אַז נאָך איידער איך, און געוויס אויך פֿיעל אַנדערע, האָבען געזעהן ד"ר פינעס'עס ווערק, איז דאָס שוין ביי אונז אָנגעלעגט געוועזען צוליעב דעם רעדאַקטאָרס הסכמה. נאָכדעם, ווי איך האָב זיך בעקענט דערמיט און געפרובט זיך דעם ווערט דערפֿון בעווייזען דעם לעזער, וועט אפשר ניט ביי מיר אַליין געבוירען ווערען די פֿראַגע, ווי אַזוי האָט בעל-מחשבות, דער אָבגעהיטער, דער שטרענגער קריטיקער, געקאָנט געבען זיין הסכמה מיט אַזאַ ברייטער האַנד אויף אַזאַ שלעכטער, אומציכטיגער קאָמפּילאַציע?

ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט: בעל-מחשבות איז ניט קיין געשיכטספאָרשער! מיר פערזענליך איז שוין אויסגעקומען איהם אויפמערקזאַם צו מאַכען דערויף, ווען איך האָב בעטראַכט זיינע ווערק אין צווישען דעם קאַפּיטעל „ווי אַלט איז דער זשאַרגאָן". זיין געוויסענהאַפֿטיגקייט איז אָבער אויך אַ האָר ניט גערידהרט געוואָרען. אפשר די פֿרייד צו זעהן „די ערשטע געשיכטע פֿון דער יודישער ליטעראַטור" און געפֿיהל פֿאַר דעם ערשטען אויף יודיש, וואָס האָט

זיך פערנומען דערמיט, האָט דאָ איבערגעצויגען די וואָגשאָל לכף זכות?

בעל־מחשבות פערזיכערט אונז, אַז דער בוך איז „יאָהרען־לאַנגע אַרבייט אין די אַרכיוען און ביבליאָטעקען". וואָס פאַר אַ שייכות ד"ר פינעס'עס אַרבייט האָט צו „אַרכיוען און ביבליאָטעקען", האָב איך שוין בעוויזען. פיעל ערגער איז די טרייסט די דאָזיגע אָבהאַנדלונג וועגען דער יודישער ליטעראַטור צו פערגרעסערן און פערפּולקימען הורך ווייטערדיגע איסגאַבען פון דעם מין.

ניין! גענוג! בעל־מחשבות דאַרף זיך איך בעקלערען, איידער ער נעמט רעדאַקטירען אַזוינע זאַכען. האָט ער דאָך געקאָנט וועניגסטענס די שפּראַך אויסבעסערן און ניט הורכלאָזען אַזאַ סאָלדאַטסקען יודיש!

גענוג! די יודישע ליטעראַטור, די געפּלאָגטע און געיאָגטע, וועט שוין מוזען איסוואַרטען בעסערע צייטען. זיי וועלען קומען, די בעסערע צייטען! דערינען גלויבען מיר אַלע.

ב. ב.

# נח פּרילוצקי'ס זאַמעלביכער פאַר יידישען פאָלקלאָר פילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע

I באַנד וו א ר ש א, 1912 („נייער פערלאַג") 179 זייטען קליין 80.

ה' נח פּרילוצקי האָט זיך שוין קונה שם געווען ווי איינער פון אונדזערע ענערגישע פאָלקלאָריסטן. חוץ דעם זיינען אויך באַקאַנט זיינע באַמידונגען אַפּן געביט פון דער פילאָלאָגישער רעפאָרם אין יידיש, אָדער, ווי ער אַליין רופט דאָס אָן, „שפּראַך־רעגולירונג" (ז' זיין אַרטיקל אין „לעבען און וויסענשאַפט" 1909, נ' 5). דעריבער וואָלט מען געקאָנט וואַרטן, אַז דער לעצטער זאַמלבוך זיינער, וואָס באַשטייט כמעט דורכוים פון זיינע אייגענע זאַמלונגען און אַרטיקלען, זאָל אויך פאָרשטעלן אַ ווערטפולע גאָב דער יונגער נאַציאָנאַל־יידישער פילאָלאָגיע. צום באַדויערן אָבער גיט ניט דער זאַמלבוך, וואָס מען וואַרט פון איהם.

שוין דער ערשטער און גרעסטער טייל פונ'ם ז"ב, — אַ זאַמלונג פון יידישע גלייכווערטלאַך מכח לענדער, שטעט און שטעטלאַך, מאַכט אַ גאַנץ מאָדנעם איינדרוק. ס'שטעלט זיך אַרויס, אַז ה' פּרילוצקי האָט זיך ניט אויסגעאַרבעט קיין קלאָרן וואָג־און־מאָס פון דעם, וואָס ס'געהערט יאָ צום פאָלקלאָר, צום ק אָ ל ע ק ט י ו ן פ אָ ל ק ס־ש אַ פ ן און וואָס ניט. ער ברענגט אַרום טויזנט אַזוינע ווערטלאַך, ווי „אָדזשיווילער פּויערן, אולאַשנאָווער ציגען, אָזיערקאָווער חזרים, איזשביצער גענדז, אָכאָטער גנבים, אַמאַטשינער פאַרכעס, אָסטראָווצער נאַראָנים, אָפּאָטשינער פּגרים, באָברקער לבנה, ביאַלאָבזשינער לצים" און דגל. אָ ט דאָ ס רופ ט ז י ך אָ ן „פ אָ ל קל אָ ר"? א י ז דען יעדער קיילאַכדיק ווערטל, וואָס עפּעס אַ צופעליקער יידל האָט זיך ערגעץ־וואו אַרויסגערעדט — שוין אַנ'עלעמענט פון פ אָ ל ק ס־ש אַ פ ע ן? וואו האָט ה' פּרילוצקי דעם ב אַ ו ו י י ז, אַז אַלצדינג, וואָס ער האָט דאָ צונויפגעשריבן, זיינען ווירקלאַך פאָלקס־גלייכווערטלאַך? אַז ער האָט לחלוטין ניט אַזאַ באַווייז, זעהט מען שוין פון דעם אַליין, וואָס ער האָט באַ קיין איין איינציגען גלייכווערטיל ניט אָנגעגעבן, פ ו ן ו ו ע מ ע ן ע ר ה אָ ט ע ס ג ע ה ע ר ט, וו א ו ע ר ה אָ ט ע ס ג ע ה ע ר ט. ס'קומט אויס גאַנץ פּשוט: מע זאָגט, יידן זאָגן: „אָזיערקאָווער חזרים, איזשביצער גענדז". וו ע ר זיינען די „מע זאָגט", תיקו בלייבט אַ קשיה. אַז אַ יידן פעלן, קיין עין הרע, קיין מאָל ניט אויס קיין שאַרפע ווערטלאַך, דאָס איז שוין אַנאַלטער כלל. ווי זאָגט דאָס אַ ייד וועגן זיין אייגענער פלינקער צונג? „פון יידישע רייד קאָן מען זיך ניט אָפּוואַשן אין צעהען וואַסערן". מעגט ייר מיר גלויבן, אַז אַ ז ו י נ ע ווערטלאַך קאָן מען באַ יידן, מען זאָל נאָר האָבן חשק דערצו, אָנקלייבן צעהען טויזנט מאָל מער, ווי ה' פּרלוצקי האָט דאָס געטאָן. אַז ס'הייסט גלאַט אין דער וועלט אַריין — „מע זאָגט", טאָ פאַרוואָס עפּעס נאָר „אָזיערקאָווער חזרים", און ניט „אָדזשיווילער און אָדיזשינער און אַדעלסקער און אילאַשנאָווער חזרים" און ווי ס'רופן זיך נאָך די טויזנטער יידישע שטעטלאַך? ס'איז לחלוטין ניט־לאָגיש צונויפפאָרן גלייכווערטלאַך מכח אָ ד ע ס אָדער וו אַ ר ש א, ל י ט ע אָדער אַ מ ע ר י ק ע — מיט גלייכווערטלאַך מכח פאַרוואָרפענע ווינקלאַך, וואָס אַליין דער זאַמלער, ה' פּרילוצקי, ווייסט אָפטמאָל ניט, אַף וועלאַכן פּלאַנעט זיי צו זוכן. קאָן מען דען שטעלן אין איין שורה „זאַקריטשינער חזרים" מיט „ליטווישע חזרים", אָדער „זשעלעכאָווער נאַראָנים" מיט „כעלעמער נאַראָנים"? ס'איז דאָך אַ גרויסע נפקא מינה, ווער כ אַ ר אַ ק ט ע ר י ז י ר ט דאָ און ו ו ע מ ע ן מע כ אַ ר אַ ק ט ע ר י ז י ר ט. בשעת „ליטווישע חזרים" זאָגט מען אין אַ גאַנצן ברייטן קאַנט, אפשר אין דער מערהייט פונ'ם יידישען פאָלק, און איבער די „כעלעמער נאַראָנים" וויצלט זיך דער גאַנצער עולם און דערציילט מאַסן אַנעקדאָטן, — ווער האָט געהערט פון זאַקריטש און זשעלעכאָוו, וועמען שילדערן די דאָזיגע „פאָלקלאָר־שטיקלאַך? וואָסער אַ צ ו פ ע ל י ק ן מ ע ט אָ ד האָבן געפּאָלגט די זאַמלער, זעט מען שוין דערפון, אַז אַף נאָווידוואָר האָבן זיי 8 גלייכווערטלאַך, אַף גריץ (גראָיעץ) — 7, אַף אַ פולע שטעטלאַך צו זעקס,—און אַף אַמעריקאַ סך הכל פיר, אַף א ר ץ י ש ר א ל נ אָ ר א י י ן ג ל י י כ ו ו ע ר ט ל, און ניו־יאָרק מיט ירושלים פאַרנעמען דאָ בכלל קיין שום פּלאַץ ניט אין דער יידישער פאָלקס־געאָגראַפיע!

פּונקט ווי אָן קיין שום קריטיק, אָן קיין שום אָביעקטיוון קאָמענטאַר זיינען באַ ה' פּרילוצקי צונויפגעוואָרפן גאַנץ פערשיידענאַרטיקע פּרשיות, — אַזוי ניט אויסגעהאַלטן זיינען אויך זיינע דערקלערונגען, וואָס ער ברענגט צו די ווערטלאַך איין מאָל אין אַ שמיטה. גראָד דאָרט, וואו קיין קאָמענטאַר ברויכט ניט דער געוויינטלאַכסטער

לעזער, לאָזט זיך ה׳ פּ. אַריין אין גענויע חקירות; למשל, דאָס ווערטל „אָדעס איז אַ קליין פּאַריז“, אָדער „אָדעסער באָסיאַקעס“; כ׳פֿרעג אײַך, נויטיגט זיך דאָס אין אַ פּירוש? געוויס ניט. האָט אָבער ה׳ פּ. מורא, אַז דער לעזער ט׳ניט פֿאַרשטיין, — טייטשט ער אויס די ווערטלאַך. גלייך נאָך דעם האָבן מיר אָבער אַ ווערטל „ייר שפּילט זיך מיט דער אָדעסער לבֿנה!“. דער טייטש דערפֿון איז אַזוי קלאָר פֿאַר׳ן לעזער און אויך פֿאַר דעם זאַמלער גופֿא, אַז דאָ האַלט ער זיך אָפּ פֿון איבעריקע פּירושים... ייר ט׳אפּשר זיך פֿאַרענטפֿערן, אַז בערנשטיין, למשל, פֿלעגט אויך אַף אַזאַ שטייגער אויסטייטשן זיינע גלייכווערטלאַך: איז דאָס טאַקע אַ גרויסער חסרון, ווען אַ פֿאָלקלאָריסט באַווייזט זיין „תּריפֿות“ דווקא דאָרט, וואו דער לעזער איז מיט יים אַ גלייכער חריף.

ווידער דער עצם פּרינציפּ פֿון דער טעמע: געאָגראַפֿישע שפּריכווערטער. אין תּוך גענומען זיינען דאָ לחלוטין ניט קיין געאָגראַפֿישע, נאָר עטנאָגראַפֿישע, קאָלעקטיוו-פּסיכאָלאָגישע, קאָלעקטיוו-מאָראַלישע כאַראַקטעריסטיקעס. נאָר אויב אַזוי, טאָ פֿאַר וואָס נאָר לענדער, שטעט און שטעטלאַך, און פֿאַר וואָס ניט גאַנצע פֿעלקער? „ליטווישע חזירים“ — מיינט מען דאָך ניט דעם קאַנט ליטע, נאָר דעם טיפּ ליטוואַקעס. אויב אַזוי, פֿאַר וואָס זשע פֿעלן דאָ גלייכווערטלאַך וועגן פּאָניעס, פּוילן, דייטשן, טאָטערן, ציגיינער — און טאַקע וועגן יידן גופֿא? דאָס וואָלט זיכער געהאַט אַ גרעסערן שייכות צו פֿאָלקלאָר, איידער די „ק...ר׳ס“ מיט די „הולטאַיעס“ פֿון די מיתה-משונה׳דיקע דערפֿלאַך. און אויב שוין דווקא „געאָגראַפֿיש“, פֿאַר וואָס עפּעס נאָר שטעטלאַך, און ניט גאַסן אָדער קוואַרטאַלן? די נאַלעווקעס, למשל, אָדער די מאָלדאַוואַנקע פֿאַרנעמען אינ׳ם לעבן און דענקען פֿונ׳ם יידישן פֿאָלק געוויס אַ ברייטערן פּלאַץ, איידער הונדערטער אַזוינע „געאָגראַפֿישע“ פֿלעקן, ווי וואָנוויליץ און קורעניץ; און די „באַלוטער וואוילע יונגען“ מיט די „איסט-בראָדווייער זשורנאַליסטען“ זיינען אויך אַ ביסל מער כאַראַקטעריסטיש, ווי די „כאָרזשעלער באַנדיטן“ מיט די „כמעלניקער בעל-עגלות“...

מיט איין וואָרט, ה׳ פּרילוצקי האָט געהאַט אַ גוטן געדאַנק, צו זאַמלען די יידישע געאָגראַפֿיש-עטנאָגראַפֿישע גלייכווערטלאַך, און פֿאַר דעם גוטן געדאַנק קומט יים אַ יישר כּח; אָבער צו גוטע געדאַנקען באַדאַרף מען נאָך אַ גוטן מעטאָד, נאַהענציק פּראָצענט פֿון פּרילוצקי׳ס זאַמלונג זיינען, פּשוט גערעדט, מיסט אַף אַרויסצוּוואַרפֿן.

נאָך ווייניקער געראָטן איז די אָפּטיילונג „יידישע דיאַלעקטאָלאָגיע“. ה׳ וויינגער קומט מיט אַנ׳אַנטדעקונג פֿון אַמעריקע — אַז די פֿאָלקס-דיאַלעקטן זיינען ניט קיין פֿאַרדאָרבענע ליטעראַרישע שפּראַכן, נאָר, להיפּוך, די ליטעראַרישע שפּראַך האָט זיך באַ אַלע אומות, אויך באַ יידן, אַנטוויקלט פֿון די פֿאָלקסדיאַלעקטן מיט פֿרעמדשפּראַכיקע מישונגען. אָט דעם נייעם אמת באַווייזט ער מיט זער גענויע ראיות, כּדי דער לעזער זאָל חו״ח ניט ספֿקן דעריין. דערנאָך דערקלערט ער, אַז די יידן האָבן אַלע זייער אָרטיקע אויסשפּראַכן מיטגעבראַכט פֿון דייטשלאַנד, והא ראיה, אין דרום רוסלאַנד זאָגט מען „ביך“, ניט „בויך“, פּונקט ווי אין מיטלהויכדייטש פֿלעגט מען זאָגן „הוז“, ניט „הויז“. מילא, בלייבט דער יידישער פֿאָלק אומעדום אָן עם קשה עורף. בעת אַלע אומות בייטן זייער אויסשפּראַך, אַפֿילו די דייטשן, וויל ה׳ וויינגער ניט אַנדערש, אַז יידן האָבן דווקא די אויסשפּראַך ניט געביטן, און דווקא די דייטשע אויסשפּראַך. די העברעיִשע אויסשפּראַך יאָ, די סלאַווישע אַדרבא, אָבער די דייטשע אויסשפּראַך האָבן יידן אין די סלאַווישע לענדער אָפּגעהיט, ווי קדשי קדשים. איז ניט קלאָר, אַז יידיש איז אַנ׳עכט דייטשער דיאַלעקט און יידן — איבערדייטשן?

ה׳ וויינגערס איינצעלנע באַמערקונגען מכּח דעם נאַזאַלירטן „אַ“ („אַנ“) אין יידיש בכלל און פּוילישן דיאַלעקט בפֿרט, ווי אויך וועגן דעם אונטערשייד פֿון שאַרפֿער און שפּעליאַווער אויסשפּראַך פֿון די זומענדיקע קלאַנגען („ש“—„ס“, „זש—„ז“, „טש—„צ“) זיינען אָן אַ סדר און על פּי רובֿ ניט ניי. נאָר דאָס סאַמע מאָדנע איז דאָ ה׳ פּרילוצקי׳ס אַרטיקל „דיאַלעקטאָלאָגישער פּענאָמען“. דער נייער אמת פֿונ׳ם פֿילאָלאָגישן באַרג סיני, וואָס ה׳ פּ. איז אונדז מגלה, דער וואונדערבאַרער „פּענאָמען“ בעשטייט דעריין, וואָס... ליטוויש-יידיש האָט ניט קיין זאַכליכן מין און געברויכט נאָר לשון זכר אָדער לשון נקבה. ה׳ פּ. דערקלערט מיט׳ן טאָן פֿון אַנ׳אַנטדעקער, אַז „קיינער האָט זיך ביז איצט נאָך ניט אומגעקוקט אַף דעם אויסעראָרדענטלאַך אינטערעסאַנטן פּענאָמען...“ איצט איז שוין קלאָר, פֿון וואַנען אונדזערע גראַמאַטיקער, פֿיליפּ מאַנש, לאַזער שיינעאַנו, לעאָ ווינער, יאַקאָב גערצאָן זיינען געפֿאַלן אַף דערזעלביקער סבֿרא נאָך מיט צענדליקער יאָר צוריק: זיי האָבן פּשוט געגנאַשט באַ הערן פּרילוצקי!

וואָס געהערט צום „פּענאָמען“ גופֿא, האָט דער מחבר זיך ניט נעגעבן די מיה יים גענויער אויסצופֿאָרשן. מיר ווילן דאָ נאָר באַמערקן, אַז פֿאַר יידיש איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר דער אונטערשייד פֿון מין אין פֿאַרשיידענע דיאַלעקטן, נאָר אויך — וואָס איז מער וויכטיק — דער אָפֿטער שוואַנקען פֿונ׳ם מין אַפֿילו אין איין און דעמזעלביקן דיאַלעקט באַ איין און דעמזעלביקן וואָרט. יענע עלטערע גראַמאַטיקער, וואָס האָבן זיך געשטיצט אַף פּרילוצקי׳ס אַנטדעקונג, זיינען נאַטירלאַך געגאַנגען ווייטער פֿון זייער רבי׳ן; דערפֿאַר האָבן זיי באַמערקט, למשל, אַז אַ ליטוואַק זאָגט נאָמינאַטיוו „די קאָפּ“ לשון נקבה און דאַטיוו „אַפֿ׳ן קאָפּ“ לשון זכר. אַף לעאָ ווינער האָט פּרילוצקי׳ס אַנטדעקונג געמאַכט נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז ער האָט אַפֿילו אָנגעהויבן צו זוכן, אפֿשר געפֿינען זיך אַזעלכע פּענאָמענען אין אַנדערע שפּראַכן, — און האָט אַרויסגעפֿונען, אַז, למשל, די פּראָווענסאַלישע שפּראַך באַקומט דורך דעם פּענאָמען אַ גאַנץ באַזונדערן חן.

ווי זאָגט אַ ייד צו אַזוינע „פּענאָמענען“? „אַז מ׳וויל לערנען אַ זאַך כּסדר, מוז מען קודם גיין אין חדר“...

מיר האָבן שוין אין אָנהויב אָנגעוויזן, אַז ה׳ פּרילוצקי איז איינער פֿון אונדזערע איבערגעגעבענע פֿאָלקלאָריסטן. ווי מיר זעהען איצט, איז זיין חסרון, וואָס באַ יים קומט אויס די זאַך ניט „כּסדר“. ער האָט פּשוט ניט קיין אויסגעהאַלטענעם מעטאָד, ער זאַמלט. זאַמלט אַ מענטש אָן אַ סדר, דעמלט ווענדט זיך דער ווערט פֿון זיין זאַמלען ניט פֿון יים, נאָר פֿונ׳ם מאַטעריאַל. איז דער מאַטעריאַל אַ גוטער, טוט ער אַ ניצלאַכע אַרבעט; טויג דער מאַטעריאַל אַף פֿייער, איז די אַרבעט אַרויסגעוואָרפֿן. אַלץ איז דערביי צופֿעליק. צופֿעליק טויגן די „קינסקער שקצים“ אַף פֿייער, און צופֿעליק זיינען דווקא די „פּורים-שפּילן“ אין דעמזעלביקן ז״ב עקסט אינטערעסאַנט און נוצליך. דאָ געפֿינען מיר

אנ'אמת'ן איצר פון פאלקס-דיכטונג — א ווארויאנט פון „גלית הפלישתי-שפיל", וואס ה' פרילוצקי נעמט ארויס פון א מוכר-ספרים-ביכל, א צווייטען ווארויאנט, פארשריבן פון ה' פ. גרוי-באָרד, און א דריטער ווארויאנט („מלך-שאול-שפיעל"), פארשריבן פון ה' מאיר פלאטוי. אינטערעסאנט איז אויך די אפטיילונג „מיס-צעלאנעא" (ביבליאגר. דאקומענטן). צום סוף ענטפערט ה' פרי-לוצקי אף ה' אנ—סקי'ס רעצענזיע צו זיינע „פאלקסלידער". ה' פ.'ס „פאלקסלידער" זיינען אינ'ם פילאלאגישן זין געוויס דאס בעסטע, וואס מיר פארמאגן אין דעם פרט*. בשעת אין גינצבורג-מארעק'ס זאמלונג איז בכלל קיין שום טאלק ניטא, און י. ל. כהנ'ס וויכטיגע זאמלונג האט גיט קיין פילאלאגישע און קול-טור-היסטארישע קאמענטארן צו די לידער, — צייכנט זיך אויס ה' פרילוצקי'ס זאמלונג מיט א גאנץ געלונגענער קלאסיפיקאציע און, דער עיקר, מיט פירושים, אפטמאל אפילו אינטערעסאנטע. די „פאלקסלידער" זיינע האבן אויך געוויסע חסרונות (אין זיי פעלן לחלוטין די מעלאדיעס, בעת י. ל. כהנ'ס זאמלונג צייכנט זיך אויס, פארקערט, מיט די מעלאדיעס; ווייטער האט ה' פרילוצ-קי ניט אויסגעשעפט דעם רייכן ווארויאנטן-מאטעריאל פון מערב-אייראפעישע זשורנאלן, בפרט אבער פון „מאדיאר זשידא סעמ-לע"); נאר די חסרונות זענען ניט פון די שווערע**. ה' אנ—סקי'ס רעצענזיע מאכט ווירקלאך ניט דעם בעסטן איינדרוק, זי איז טייל-ווייז איבערנאיפיק, און פרילוצקי'ס ענטפער איז אין תוך א ריכ-טיקער. נאר דער טאן! רבונו של עולם! פון ה' פרילוצקי'ס פען שיטן זיך ממש אזוינע פאלעמישע פערלען, ווי „נאיוו און פאלש", „שטות", „דער גרעסטער אונזין", „ווילדקייט", „משונה'דיקע פרע-טענזיע", „דילעטאנט" א. ד. גל. און דאס איז בשעת ה' אנ—סקי'ס רעצענזיע איז געהאלטן אין זיין געוויינטליכן רוהיקן טאן. מע דארף

זיך שוין איצט באצייטן פארווארענען, אז דער ניט-אנשטענדיקער טאן זאל זיך פון די צייטונגס-רעדאקציעס ניט אריבערכאפן אין אונזער יונגער וויסנשאפט. וויסנשאפטליכע פאלעמיק איז איינס פון די צוויי: אדער גייסטיקער אידעען קאמף אקעגען פאלשע, שעדלאכע געדאנקען אדער טויט-שלאגן עם-הארצ'ישע פערזאנען. איז יענער אנ'עם הארץ, א חוצפה'די-קער בור דאוריתא, דארף מען יים טויט-שלאגן, אבער דאס טוט מען דאך קורץ און שארף, מיט איין זעץ. איז אבער דער געג-נער א מיטקעמפער, א חבר אפ'ן פעלד פון וויסנשאפטליכער פארשונג, מעגט ייר לאכן פון זיינע טעות'ן, שארף צוריקווייזן די אומבאגרינדטע פרעטענזיעס, — נאר האבן אין זינען מוזט ייר די זאך, און ניט די פערזענליכקייט. אך און ווי וועט זיין צו אונדז, אז מיר וועלן זיך לערנען פאלעמיזירן בא ה' פרי-לוצקי'ן. זידלען דעם געגנער גייט בא יים האנט-אין-האנט מיט דערהויבן זיך אליין ביזן הימל. חתמ'ען זיך טוט ער מיט'ן מא-יעסטעטישן «dixi», דעם ז"ב גיט ער א קעפל „נח פרילוצקי'ס זאמעלביכער...", אליין „ייך, ייך, ייך". און בארימט זיך מיט דער גבורה, וואס ער האט באוויזן, אריינצווליייגן אין די קאמענטארן צו די פאלקסלידער „מעג איך דרייסט זאגן דריי חדשים אנ-געשטרענגטע ארבעט, דורך טאג און נאכט".

„דריי חדשים" האט א מענטש געהארעוועט, און מע וויל יים ניט אנטאן קיין קרוין אויפ'ן קאפ. טאקע א רציחה. היינט פארשטייען מיר אבער, פארוואס איניקע פון פרילוצקי'ס פירושים צו די לידער זיינען אויסגעקומען ניט באזונדערס גלענצנדיק: וואס ווילט ייר — סך הכל דריי חדשים... זעהט ייר, דער פאלק איז ניט גאנץ גערעכט, אז ער זאגט: „זיך אליין לויבן פאסט ניט, נאר ס'שאט ניט". א מאל קאן דאס אויך שאטן...

ב. ב.

# א גערוס פון פאר דריי הונדערט יאר.

(Jüdische Privatbriefe aus dem Jahre 1619, herausgeg. von Dr. Alfred Landau und Dr. Bernhard Wachstein, Wien und Leipzig 1911, XLIX+134+60 s, 8⁰ mit 8 Facsimile- Tafeln).

די ארויסגעבער פון די בריוו זיינען באקאנטע יידישע גע-לערנטע. ד"ר אלפרעד לאנדוי איז אן אויסגעצייכנטער גער-מאניסט, ער ארבעט שוין צענדליגער יארן אף פארשיידענע גע-ביטן פון דער דייטשער פילאלאגיע, און מער פאר אלץ גיט ער זיך אפ מיט דער יידיש-דייטשער שפראך. ס'איז גענוג צו דער-מאנען זיין קורצע, אבער פונדאמענטאלע ארבעט מכח די פאר-קלענערונגס-פארמען אין דעם גאליציש-יידישן דיאלעקט. ד"ר לאנ-דוי געהערט צו יענע זעלטענע מערב-אייראפעישע געלערנטע, וואס יידיש איז זייער מוטער-שפראך און וואס ברויכן ניט צו שעפן זייערע ידיעות וועגן יידיש פון טויטע ביכער אדער געשפרעכן מיט בעקאנטע. ד"ר ב. וואכשטיין האט זיך שוין קונה שם געווען מיט גרינדלאכע ארכעאלאגישע און ביבליאגראפישע ווערק אפ'ן פעלד פון יידישער געשיכטע. איצט האבן ביידע פאראייניקט זייערע קרעפט צו באארבעטן א בינטל יידישע בריוו, וואס זיי האבן געפונען אינ'ם ווינער מלוכה-ארכיוו. דאס זיינען 47 שטיק, פון וועלאכע דאס רוב אנטהאלט צו איין בריוו, איניקע אבער אויך צו עטלאכע בריוו, — וואס זיינען אלע געשריבן געווארן פון פארשיידענע פראגער יידען קיין ווין אין חודש כסלו ש"ף (נא-וועמבער 1619), כמעט אלע געשריבן אין איין און דעמזעלביקן טאג (פרייטעק ט"ו כסליו). פיר בריוו זיינען געשריבן אין לשון קודש, איינער העברעיש געמישט מיט יידישע ווערטער, און אלע

* זעה ווייטער ל. ווילענסקי: „יודישע פאלקסליעדער".—די רעדאקציע.

** די אריגינעלע ארטאגראפיע (אויסלעגונג) און שפראך פונ'ם ז"ב פארדינען א באזונדערע באטראכטונג.

איבעריקע אין דער יידישער שפּראַך. אַלע בריוו זיינען געשיקט געוואָרן מיט אַ יידישן שליח, — דעמלט האָבן יידן געהאַט זייער אייגענע פּאָסט און אייגענע פּאָסט־שליחים, — אָבער די רעגירונג האָט איבערגעכאַפּט די בריוו און האָט זיי געלאָזט ליגן אין אַרכיוו. אַזוי אַרום האָבן מיר איצט באַקומען די מיגלאַכקייט אַריינצוקוקן אין אַ מין אָפּגעבראָכן שפּיגל פון׳ם דעמאָלטיקן יידישן לעבן. מיר פאַרשפּאָרן זיך אָפּצושטעלן אַף דער גרויסער קולטור־היסטאָרישער באַטייטונג פון דער אַנטדעקונג. אַזוינע אַלטע יידישע פּריוואַט־בריוו זיינען אַ גרויסע זעלטנקייט; סך הכל פאַרמאָגן מיר ביי היינטיגן טאָג אַ יידיש־דייטשן פּריוואַט־בריוו פון מרת שונדלין, דער פרוי פון ר׳ איסרלן אין נידער־עסטרייך אין דער מיט פון׳ם XV יאָרהונדערט, אַן אָפּיציעלן יידיש־דייטשן בריוו פון ר׳ יקותיאל אין ברעסלוי אין 1435 יאָר, אַ יידיש־דייטשן בריוו, פאַרעפנטליכט פון בוקסטאָרף דעם עלטערן אין 1609 יאָר און געשריבן פון נפתלי בן משה קיין פראַנקפורט (אין 1454 יאָר?), און אַ זאַמלונג העברעישע פּריוואַט־בריוו, וואָס דער וועלביקער יאָהאַן בוקסטאָרף האָט פאַרעפנטליכט אין 1610 יאָר (זיי שטאַמען פון 1580 יאָר). שוין דערפאַר אַליין, וואָס די אַרויסגעבער האָבן אונדז געשענקט אַזאַ זעלטענע מתנה, פאַרדינען זיי אַ ברייטן יישר כח. זיי האָבן אָבער זיך ניט באַנוגנט מיט דער פאַרעפנטליכונג אַליין, ווי דאָס האָט למשל געטאָן דער בודאַפּעשטער פּראָפעסאָר דוד קויפמאַן ז״ל מיט די זכרונות פון מרת גליקל האַמיל (געשריבן אין האַמבורג פון 1691 ביז 1715 יאָר און אַרויסגעגעבן אין פראַנקפורט דעם 1896 יאָר); בעת מיר האָבן אַצינד נאָר די געדרוקטע, ניט אין גאַנצן ריכטיקע קאָפּיע פון גליקלס מעמואַרן, האָבן די אַרויסגעבער פון די בריוו קריטיש אויסגעפאָרשט דעם טעקסט, צוגעגעבן צו יים וויכטיקע היסטאָרישע, ביאָגראַפישע, קולטור־היסטאָרישע און לינגוויסטישע פּירושים, אַ ווערטערביכל און אויך אַ פאַקסימילע פון פיל שטעלן און פון די חתימות. צום ערשטן מאָל באַקומען מיר אַן אמת ווי סנשאַפטליכע אויסגאַבע פון אַלטע יידישע דאָקומענטן, — און זאָל דאָס זיין אַ התחלה פאַר אַ סיסטעמאַטישער פאַרעפנטליכונג פון יידיש־דייטשע אַרכעאָלאָגישע מאַטעריאַלן.

ס׳איז אינטערעסאַנט פאַר אַ קולטור־היסטאָריקער און פאָלקלאָריסט צו פערגלייכן דעם אַמאָליקן יידישן בריוו־סטיל מיט דעם היינטיקן, וועלכן ס׳האָט אַזוי מייסטערהאַפט נאָכגעמאַכט אין זיין דיכטונג ה׳ שלום־עליכם. פאַרגלייכט מנחם־מענדעלס אַ בריוו, זיינעם אַ „ווייט וויסן“, אַ „ראשית דבר“, אַ „פיל גוטע יאָר זאָלן אייך ווערן וואָר“ אָדער זיינעם אַן „עיקר שכחתי“ מיט די שייכות־דיגע („בעטרעפענדע“ בלע״ז) שטעלן אין די בריוו פון פאַר דריי הונדערט יאָר,—און ייר וועט זיך באַלד איבערציינגן, ווי שטאַרק ס׳לעבט די אַלטע, אוראַלטע טראַדיציע אין די יידישן מאַסן. געוויס טייר אויך באַמערקן אַ גרויסע פאַריינפאַכונג פון די טראַדיציאָנעלע באַגריסונגס־פאָרמולן, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר די דריי הונדערט יאָר (אין שונדלינס בריוו פון XV יאָרה. זיינען די באַגריסונגען ענליך, אָבער פיל איינפאַכער).

נאָך אַ גרעסערע באַטייטונג האָט די אַנטדעקונג פון די בריוו פון׳ם שפּראַך־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט. ווי בעקאַנט, האָט אין דער יידישער ליטעראַטור פון׳ם 16 ביז 18 יאָרה. געהערשט דער דיאַלעקט פון די דייטשע יידן, און די יידישע דיאַלעקטן פון די סלאַווישע לענדער פלעגן זיך רעכענען פאַר „גראָב“ און ניט־ליטעראַריש („היהודים במדינות פולין מדברין לשון אשכנז גסה“ — ווי מהרש״ל האָט זיך אויסגעדריקט). ווילן מיר אָבער פאָרט באַקומען אַ באַגריף פון דער יידישער אומגאַנגס־שפּראַך אין יענער צייט, גיט אונדז די הערשנדיגע ליטעראַטור קיין שום אויסקונפט ניט, און מיר מוזן זיך ווענדן צו די פאַראייניצלטע דאָקומענטן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון יענער צייט (על פי רוב זיינען דאָס גבית־עדות באַם דין־תורה אין די שאלות ותשובות). די פון ה׳ לאַנדוי און וואַכשטיין פאַרעפנטליכטע בריוו גיבן אונדז אַ ווערטפולן מאַטעריאַל צו באַקענען זיך מיטן אַמאָליקן יידישן דיאַלעקט פון טשעכיען און עסטרייך, וועלכער האָט פאַרנומען אַן ערך די מיט צווישן די דיאַלעקטן פון די סלאַווישע און פון די דייטשלענדישע יידן. אין דעם פּרט איז זער וויכטיג צו פערגלייכן די הקדמה מיט אַן אַנדער אויסגעצייכנטער אַרבעט פון ד״ר לאַנדוי: „די שפּראַך פון מרת גליקלס זכרונות“ אינ׳ם זיבנטן העפט פון די „מיטטיילונגען פון דער געזעלשאַפט פאַר יידישער פאָלקסקונדע“. צו דעם ווערטערבוך, וואָס די אַרויסגעבער האָבן צוגעשטעלט צו די בריוו, וויל ייך דאָ נאָר באַמערקן אַ פּאָר פּרטים. ס׳איז שווער אָנצונעמען, אַז „פאָרט“ זאָל שטאַמען פון פויליש, ווייל אין פויליש באַטייט אַן ענליכער וואָרט „פאָרטאַ“ — „אַוועק!“; גיכער פאַר אַלץ שטאַמט דאָס פון דייטש, וואו „פאָרט“ האָט אַ נאָהנטע באַטייטונג, ווי די מחברים ווייזן אַליין אָן. — דער וואָרט „פרנשקה“, וואָס די אַרויסגעבער קענען ניט דערקלערן, איז לויט מיין מיינונג, ניט אַנדערש, ווי זייבלעכער מין פון „פרנס“: דעם בריוו האָט געשריבן אַ פרוי מיט אַ סך גרייזן, איז מיגלאַך אָנצונעמען, אַז זי האָט פאַרגרייזט געשריבן „פרנס׳קע“ (אַ „ה“ אָנשטאָט אַן „ע“ צום סוף וואָרט טרעפט זיך אָפט אין די ווייבערשע בריוו פון דער זאַמלונג, ווי אויך אין דעמזעלביקן בריוו נומ׳ 34: „ליבה“ אָנשטאָט „ליבע“; פאַרוועקסלונג פון „ס“ מיט „ש“ אויך דאָרט: „מסמח געוועזן“, „ווייסטו“ אָנשטאָט „ווייסטו“, „גרישן“ אָנשטאָט „גריסן“). צום ווערטערבוך מוז מען נאָך צוגעבן דעם וואָרט „וואָלוועל“, וועלכער טרעפט זיך אינ׳ם בריוו נומ׳ 28, אָבער פאַרשיפרירט („תתבסתתגס“), און דעם וואָרט „אַיינזעצן“ (אַ בחור = נעמען פאַר אַן איידעם. (אויך שיפרירט).

נאָך אַ פּאָר ווערטער מכח דעם שיפר (געהיימשריפט), וואָס באַגעגנט זיך אין די בריוו. ס׳איז אינטערעסאַנט, וואָס יידן פלעגן שוין פון אוראַלטע צייטן געברויכן געהיימע שריפטן (למשל, דער „אתב״ש“), כדי צו באַהאַלטן סודות פון פרעמדע אויגן. דעם שיפר פון די פראַגער בריוו (נ׳ 28 און 29) — יענעם „לשון“, וואָס איינער פון די שרייבער (נ׳ 27) „האָט פאַרלאָרן“, — איז די אַרויסגעבער, ווי זיי באַמערקן (ז. XXX), „ניט געלונגען צו אַנטציפערן, ניט קוקנדיק אַף אַלע באַמיהונגען“. די זאַך איז אָבער גאָר ניט שווער: פון׳ם ערשטען בליק באַמערקט מען גלייך, ווי נאַיוו און קינדיש איז דער דאָזיקער שיפר פון די פראַגער „דיפּלאָמאַטן“. ניט קוקנדיג אַף די אָפטע גרייזן, וואָס מאַכן, נאַטירלאַך, שווערער דעם לייענען, איז אונדז געלונגען צו דעשיפרירן די סודות אין אַ האַלבער שעה. דאָס איז די פּרימיטיווסטע אַלפאַבעטישע געהיימשריפט, וואו יעדער אות האָט זיין פאַרדעקער, און אָט איז דער שליסעל: „ברוך אתה שדי“ איז

זיין ערשטע העלפט (אבגד הוז חטי) און א ווייניק פֿאַר=
שטענדליכע קאָמבינאַציע „חסן עז גלטפקצם“ איז די צוויי=
טע העלפט (כלמנסעפצקרשת) *; דערביי ווערן אַלע אותיות
פֿאַרשטעלט, נאָר דער „י“ בלייבט ניט=געענדערט, מסתמא דער=
פֿאַר, ווייל „י“ איז אַ הייליקער אות. אָט איז, למשל, דער טייטש
פֿון איניקע שיפֿרירטע שורות אינם בריוו 29 (לויט'ן פֿאַקסי=
מילע): „שנית וויל דווקא בייע שצתר רשתק אונ'
איין ניתשז... ביה בייע וקבציק שצתר ביע סינתל... ער הייסט
סילנע רע אַקק העתתים רע נאקק בצק אַנחתעא קרי סגנסיע צאיא
בר רים ליע רגליעתם צתתברע“: „חמיך וויל דוקא איין זעצן אַיין
חשוב בחור אונ' אַיין מיוחס.... איז איין גראשיר תשוב אין לימוד...
ער הייסט ליפמן בן הר"ר זנוויל בן מהר"ר אַשר המכונה רבי
לעמלין שהיה אב בית דין במדינות שוואבן“. ווי ייר זעט, אַנט=
האַלט די שיפֿרירטע שטעלע איך וויכטיקע היסטאָרישע ידיעות.

מיר חזר'ן איבער: די אַרויסגעבער פֿון די בריוו האָבן אַריינ=
געלייגט אין זייער אַרבעט אַ מאַסע קענטנישן און טאַלאַנט, —
און זייער בוך דאַרף ניט פֿעלן אין דער ביבליאָטייק פֿון יעדן

* אפשר געהערן די קאָמבינאַציעס „חסן עז“ צו דעם ערשטן טייל, און
ניט קלאָר בלייבן גלטפקצם — עפוקרשת.

ערנסטן טוער אַפֿ'ן פֿעלד פֿון דער יידישער וויסנשאַפֿט. די שריי=
בער פֿון די בריוו פֿלעגן אַפֿילו אַרויפֿלייגן דעם חרם דרבינו גרשום
אַף יעדן פֿרעמדן, וואָס וועט זיך דערוועגן צו לייענען די בריוו,
דאָך האָבען זיי געווים ניט אונדז געמיינט דערמיט...

P.S. אָנשרייבנדיק די רעצענזיע, האָבן מיר זיך דאָך גע=
ווענדט מכה דעם שיפֿר צו די אַרויסגעבער. ס'שטעלט זיך אַרויס,
אַז ה' ד"ר וואַכשטיין איז טאַקע אויך געלונגען צו דעשיפֿרירן די
געהיימשריפֿט, און דער פּראָפֿעסאָר מילער האָט לויט וואַכשטיינ'ס
אַלף=בית אַנטדעקט דעם שליסל, וועלכער שטימט לחלוטין מיט
אונדזערן: „ברוך אַתה שדי חסן עז גלטפקצם“. די אַנטדעקונג האָט
ה' וואַכשטיין אויך פֿאַרעפֿענטליכט אַלס אַ באַזונדערן „נאָכטראַג“
צו די בריוו (וויען און לייפּציג 1911). מיר זיינען אָבער געקומען
צום סוד אויף אַנ'אַנדער וועג, ווי ד"ר וואַכשטיין: מיר האָבן פֿאָר=
אויסגעזעצט, אַז „בסל“ באַטייט „אלף“ (טויזנט), „תתבסתתגס“ —
„וואָלוועל“ און אַז אַ „י“ בלייבט ניט=פֿאַרענדערט; די דאָזיגע
השערות האָבן זיך טאַקע גלייך באַשטעטיקט, און אַזוי אַרום איז
שוין די ווייטערדיגע דעשיפֿרירונג געגאַנגען מיט אַ מאַטעמאַטי=
שער זיכערקייט.

ל. ווילענסקי.

# יודישע פאלקסליעדער.

I. יודישע פֿאָלקסליעדער. — פֿיר מיטעל=שטימע אונד פּיאַנא
אַקאָמפּאַנימענט. צוזאַמענגעקליבען, האַרמאָניזירט און אַראַנזשירט
ביי פלאַטאָן ברונאָף. פּובלישד ביי טשאַלס ק. הערריס, 1911
ניו=יאָרק.

II. יודישע פֿאָלקסלידער. — געזאַמעלט, דערקלערט און צו=
זאַמענגעשטעלט פֿון נח פּרילוצקי. ערשטער באַנד: רעליגיעזישע
און יום=טוב'דיקע. ערשטע סעריע. וואַרשא — תרע"א. „פֿערלאַג
ביכער=פֿאַר=אַלע“.

———

צוועלף יאָהר זענען פֿערגאַנגען, זינט ס'איז אַרויס די גרויסע
פֿאָלקסליעדער=זאַמלונג פֿון גינזבורג און מאַרעק, וואָס האָט, חוץ
זיך, אין איהר צייט קיין בעזונדערן איינדרוק ניט געמאַכט. נאָכ=
מאַכער און נאָכפֿאָלגער האָבען זיך פֿאַר דער צייט ניט בעווי=
זען, און עס האָט זיך געדוכט, אַז די ערשטע פֿאָלקסליעדער=זאַמלונג
וועט אויך בלייבען די איינציגע אין אונזער ליטעראַטור. דאָס האָט
זיך נאָר אַזוי אויסגעוויזען פֿון אויבענאויף; פֿאַקטיש האָט אָבער
די דאָזיגע זאַמלונג געהאַט אַ געוויסע ווירקונג: מיט איהר ערשיי=
נען האָט זיך ביי אונז אָנגעהויבען וועקען אַ טיעפֿער אינטערעס צו
דער יודישער פֿאָלקס=דיכטונג; אין פֿערשיידענע געגענדען האָבען
פֿערשיידענע זאַמלער אָהן אַן אויפֿהער געזוכט, געזאַמעלט און גע=
פּאָרשט נאָך דעם אַלטען יודישען פֿאָלקס=געזאַנג — דעם רעהל=
טאַט פֿון דער דאָזיגער שטילער אַרבייט וועלען מיר ערשט זעהן אין
יאָהרען אַרום. דערווייל האָט אונז דער יאָהר 1911 געבראַכט די
ערשטע פּרוכט — צוויי פֿאָלקסליעדער=זאַמלונגען מיט אַמאָל. —
לײדער איז די ערשטע פֿרוכט ניט קיין צייטיגע, די מענשען,
וואָס האָבען זי אָבגעפּליקט, האָבען ניט גאָר גוט פֿערשטאַנען זייע=
רע אויפֿגאַבען.

דער זאַמלער פֿון פֿאָלקסליעדער, אָדער פֿון וואָסער עס איז
פֿאָלקלאָריסטישען מאַטעריאַל, בעקומט די נויטיגע קענטענישען ערשט
נאָך אַ יאָהרען=לאַנגען שטודיום פֿון זיין זאַך. דערצו מוז ער האָ=
בען אַ סך געדולד אין איסדויער. ווי עס ווייזט אָבער, האַלטען ניט
אונזערע זאַמלער שטאַרק פֿון די דאָזיגע כללים. זיי האָבען ניט
קיין געדולד צו פֿאָרשען און לאַנג צו אַרבייטען. זיי איילען זיך
מיט זייער ביסעלע מאַטעריאַל וואָס גיכער צו בעווייזען זיך פֿאַר
דער וועלט.

אַזוי האָט געטאָן פּלאַטאָן ברונאָף, אַ בעקאַנטער ניו=יאָר=
קער מוזיקער. לאַנג ניט געטראַכט, האָט ער אויפֿ'ן פֿאָדער=בלאַט
אַרויפֿגעשטעלט זיין בילד, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ בעריהמטען
מוזיקער, און, מיט גרויסע קאָלירטע אותיות אונז געלאָזט וויסען,
אַז זיין זאַמלונג איז:

געווידמעט צו דער יודישער נאַציאָן
ערשטער בוך
(אין די היסטאָרי פֿון מענשהייט)

## יודישע פאָלקסליעדער
(50 ליעדער).

און כּדי צו מאַכען אויף אונז נאָך אַ טיעפערן אײנדרוק, דערצעהלט ער אונז זײן יחוס, און אַלץ אויפ'ן פאָדער־בלאַט: „געענדיגט פון סט. פּעטערבורגער קײזערליכער קאָנסערװאַטאָריע אין רוסלאַנד. קאָמפּאָזער פון ערשטע אַמעריקאַניש־אינדיאַנער אָפּעראַ „ראָמאַנאָ“, מוזיקאַלישע דראַמאַ „גזילאַנא“, „ציון“, „רוסישען דאָרף“ א.. אַז. װ. מילא, דאָס אַלץ אינטערעסירט אונז ניט. נעמען מיר זיך אָבער צו דער פאָררעדע, מיט דער האָפענונג צו געפינען אין איהר עפּיס אַ שטיקעל רמז, אַז דער דאָזיגער בוך איז טאַקע באמת דאָס — „ערשטע אין די היסטאָרי פון מענשהײט“... אָדער מיר װילען געפינען אַבי ניט װעגען דעם טעקסט, איז כאָטש, װעניגסטענס, װעגען אַנזוערע פאָלקס־מעלאָדיעס אַ קלײנע כאַראַקטעריסטיק, שױן דערפאַר אַלײן, װאָס דער זאַמלער איז אַ יודישער מוזיקער, אָבער װעגען דעם אַלץ איז אין פאָררװאָרט קײן סימן ניטאָ. אָנשטאָט דעם דערצעהלט ער אונז גאָר, אַז זײן פאָררעדע שרײבט ער מיט אַ צװעק —

„דער צװעק איז, דאָס די אידען, װעלכע זײנען צושפּרײט אין אַלע טהײלען פון דער װעלט, זאָלען גוט בעטראַכטען די פאָלגענדע פראַגען: ערשטענס — װאָס איז די ריכטיגע אורזאַכע פון אַנטיסעמיטיזמוס? אונד צװײטענס — װאָס איז די אורזאַכע דאָס עס איז ניטאָ קײן אײניגקײט צװישען די אידען?“.

פון די פּאָר שורה'לעך, װאָס מיר האָבען דאָ געבראַכט, קאָנען מיר זעהן, אַז די פאָררעדע איז אַ מײסטער־װערק פאַר זיך אַלײן — אַ שאָד, װאָס זי איז אַזױ קורץ... און הגם מיר האָבען פון איהר ניט געקאָנט דערגעהן, װאָס פאַר אַ שײכות עס האָט דער „אַנטיסעמיטיזמוס“ צו יודישע פאָלקסליעדער, האָבען מיר פונדעסטװעגען זיך גוט אַמוזירט בײם לעזען.

נאָכדעם, װי ה' ב. פערענטפערט די פערפלאָנטערטע יודען־פראַגע און גיט אַן עצה, די יודען זאָלען זיך פעראײניגען, װעלען דערפאַר די אַנדערע נאַציעס זײ רעספּעקטירען — דערקלערט ער אונז, אַז דער ערשטער באַנד 50 יודישע פאָלקסליעדער, װאָס זענען אַ טײל פון 250, װאָס ער האָט צוזאַמענגעקליבען, װעלען בעװײזען, „װיען גוט בעטראַכט“, װי שען עס איז די יודישע נשמה. ער דאַנקט אויך אײניגע פערזאָנען, װאָס האָבען איהם געזונגען די ליעדער בײ זײנע נאָכזוכונגען אויף דער מזרח־זײט פון ניו־יאָרק, ד. ה. אין רעכטען יודישען קװאַרטאַל.

און בכדי צו בעװײזען, װי שען עס איז די יודישע נשמה, האָט דער זאַמלער, פּאַראַלעל צום יודישען טעקסט, געגעבען אַן ענגלישע איבערזעצונג, װאָס איז שלעכט און שטאַרק איבערגעטריבען. מיר זענען זיכער, אַז ער האָט דאָ חלילה ניט געמײנט קײן שלעכטס מיט זײן איבערזעצונג, אַדרבא, ער האָט גאָר געמײנט גוטעס צו טון דעם יודישען פאָלקסליעד, דערמיט, װאָס ער האָט אױסגעפײנערט און פערבעסערט פיעל פערזען אַזױ, אַז עס זאָל אױסזעהן שענער און פּאָעטישער. אַזױ צ. ב., האָט ער די פערזען

װאָלט זי האָבען פערד און װאָגען,
װאָלט זי צו איהם לױפען;
װאָלט זי האָבען אַ זעקעלע געלט,
װאָלט זי איהם אָבקױפען

צוגעפּוצט אין דער ענגלישער איבערזעצונג, און עס קלינגט שױן דאָרטען גאַנץ אַנדערש:

װאָלט זי געהאַט אַ פּאָר פליגעל,
צו איהם װאָלט זי געפלױגען;
װאָלט זי געהאַט אַ זאַק מיט גאָלד,
זײן האַרץ װאָלט זי אָבקױפען (ז. 18).

אַװדאַי איז פיעל שענער און פּאָעטישער צו פליהען מיט אַ פּאָר פליגלען צום געליעבטען, אײדער צו לױפען מיט פערד און װאָגען — ה' ברונאָף װײסט מסתמא ניט, אַז די גאַנצע שענקײט פונ'ם פאָלקסליעד ליגט אין אָט דער אײנפאַכקײט, אין אָט דער פּראָסטקײט. עס איז נאָך גוט, װאָס די פיעל בעפּוצונגען זענען בלױז אין דער ענגלישער איבערזעצונג, דער יודישער טעקסט אָבער איז איבערגעגעבען געװאָרען אַזױ גענױ און פּינקטליך, װי אין דער זאַמלונג פון גינזבורג און מאַרעק —

ה' ברונאָף דערצעהלט אונז, אַז ער האָט די ליעדער „נאָכגעזוכט“ אויף דער מזרח־זײט פון ניו־יאָרק — דאָס איז טאַקע אמת, אָבער מיר װילען איהם פערריכטען: ניט די ליעדער האָט ער נאָכגעזוכט, נאָר די מעלאָדיעס צו די ליעדער; די ליעדער אַלײן, דעם טעקסט האָט ער איבערגעדרוקט פון דער דערמאָנטער זאַמלונג. ה' ברונאָף מאַכט אָבער װעגען דעם אַ גרױסען שװײג, ער דערמאָנט ניט מיט אַ װאָרט ג.־מ.'ס זאַמלונג. אפשר דערפאַר, כּדי זײן בוך זאָל קענען װערען „דאָס ערשטע אין דער היסטאָרי פון דער מענשהײט“? —

צװישען די 50 ליעדער האָבען מיר ניט געפונען קײן אײנציגע, װאָס זאָל זיך ניט געפינען אויך בײ ג.־מ. און דאָס זענען ניט קײן װאַריאַנטען, חלילה, נאָר פּשוט דיזעלבע ליעדער, איבערגעדרוקט װאָרט בײ װאָרט, אות־באות, און אַפילו מיט אַלע אָנמערקונגס־צײכענס, נאָר אָהן די דערקלערענדע בעמערקונגען. צום בײשפּיעל, אויף ז. 17 געפינען מיר אַ קינדער־ליעדעל:

האָב איך [1]) אַ פּאָר אָקסען, אָקסען,
װאָס זײ בראָקען לאָקשען.
אַך, װאונדער, ליעבער װאונדער א. ז. װ.

אַלץ װי בײ ג.־מ. און מיט דעם [1]) נאָכ'ן װאָרט „איך“, נאָר אָהן אַ בעמערקונג בײם פוס פונ'ם ליעד. אויף ז. 18, האָבען מיר װידער אַ מאָדנעם „[1])“ אינ'ם פערז:

אונטערן שלאָס פערעהאַז [1])
שטעהט אסתר די גרינע, א. אַז. װ.

בײ ג.־מ. געפינען מיר אָבער דעם שליסעל צו די דאָזיגע רעטענישפולע ציפער בײם פוס פון יעדען ליעד, און מיט זײערע געהעריגע בעמערקונגען, װעלכע ה' ברונאָף האָט פערגעסען אָדער מיט אַ כּיװן ניט געװאָלט איבערדרוקען. װען דאָס װאָלטען נאָר געװען אײנציגע פאַלען, װאָלטען מיר געקאָנט גלױבען, אַז דאָס איז בלױז אַ צופאַל, אַן איבערנאַטירליכער װאונדער, װאָס גראָד אין בײדע זאַמלונגען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען די אָנמערקונגס־צײכענס, אין אײנע און דיזעלבע ליעדער, אין דיזעלבע פערזען און בײ דיזעלבע װערטער; געפינען מיר אָבער אין דער זאַמלונג אויף ז. 53 אַ ליעד, װאָס פערמאָגט שױן דרײ אָנמערקונגס־צײכען. מיר ברענגען עס דאָ, כּדי דער לעזער זאָל אונז ניט דאַרפען גלױבען אויפ'ן װאָרט —

ניט קײן געבעטענע

אַליין געקומען —
חאָץ אַן אָרעמע
פֿאָרט אַ מומע[1]
געגעבען אַ פּיימעלע —
צוגענומען,
שפּיעלט אַ סעמענע[2]
פֿאַר אַ מומען![3]

דיזעלבע ליעד, וואָרט אין וואָרט מיט אַלע צייכענס געפֿינען מיר אין דער זאַמלונג פֿון ג.־מ. ז. 206. פֿום פֿונ׳ם ליעד זעגען איך פֿאַרהאַן אַלע דריי אָנמערקונגען: טמ. 1) בּרענגט אַ פֿיערפֿערזיגען וואַריאַנט. 2) דערקלערט, אַז „סעמענע“ איז אַן אַלטער טאַנץ. 3) בּרענגט איינציגע וואַריאַנטען.

ה׳ בּרונאָפּ׳ס פֿערדיענסט וואָלט בּשום אופן ניט קלענער געוואָרען, ווען ער וואָלט עהרליך און אָפֿען געזאָגט, אַז ער האָט בּלויז געזאַמעלט די מעלאָדיעס צו גינזבורגס און מארעקס פֿאָלקסליעדער; זיין פֿערדיענסט וואָלט נאָך פֿיעל גרעסער געווען, ווען ער וואָלט די דאָזיגע מעלאָדיעס ניט בּעאַרבּייט, נאָר פֿריהער פֿערעפֿענטליכט אין זייער לכתחילה׳דיגער פֿאָרם, אַזוי ווי זיי ווערען געזונגען פֿונ׳ם פֿאָלק.

מיר קאָנען ליידער ניט אָבשאַצען זיינע בּעאַרבּייטונגען פֿון די מעלאָדיעס, מיר ווייסען ניט, אויבּ עס איז נאָך אין זיי געבּליבּען עפּיס פֿאָלקסטימליכעס, נאָכדעם ווי ער האָט זיי האַרמאָניזירט און אַראַנזשירט. — דאָס לאָזען מיר איבּער דעם קענער פֿון דער יודישער פֿאָלקס־מוזיק.

* *
*

אַ געוויסע עהנליכקייט איז פֿאַרהאַן צווישען דעם ניו־יאָרקער און דעם וואַרשעווער זאַמלער.

מיט דיזעלבּע רעקלאַמעס, אָבּער אין אַן אַנדער טאָן, אין דעם טאָן פֿון אַ וויסענשאַפֿטס־מאַן און פֿאָלקלאָריסט, טרעט אויף פֿאַר אונז ה׳ פּרילוצקי אינ׳ם פֿאָרוואָרט צו זיינע געזאַמעלטע פֿאָלקסליעדער. קודם כל לאָזט ער אונז בּאַלד פֿון אָנהויבּ וויסען, אַז ער פֿערנעמט זיך מיט אונזער פֿאָלקלאָר זינט 1900; זינט דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבּען קלייבּען יודישע שפּריכווערטער, רעדענסאַרטען, גלייכווערטלעך, רעטענישען און אָבשפּרעכענישען.

פֿאָלקסליעדער קלייבּט ער ערשט פֿון פֿעבּרואַר 1910, און בּיי היינטיגען טאָג, ד. ה. אין אָקטאָבּער פֿון דעמזעלבּען יאָהר, ווען ער האָט געענדיגט זיין פֿאָרוואָרט — פֿערמאָגט ער שוין צוויי טויזענד נומערן!

אין אַכט מאָנאַטען צייט צונויפקלייבּען צוויי טויזענד פֿאָלקסליעדער, ווי איז דאָס מעגליך?

דער זאַמלער דערקלערט דאָס אונז אויף זיין אייגענעם שטייגער:

„אין אַזאַ קורצער צייט האָבּען אַזאַ גרויסע פּעולה איז, פֿאַרשטייט זיך, מעגליך געווען נאָר אַ דאַנק דעם אונגעהייערן עשירות פֿון דער יידישער פֿאָלקספּאָעזיע. מיט 50 יאָהר צוריק איז מען געווען אין ספק, צי איז בּכלל פֿאַרהאַן בּיי אונז וועלטליכע פֿאָלקסליעדער. איך דערלויבּ מיר, על פּי נסיון, איבּערדרייען די שאלה, — איך פֿרעג: צי האָט נאָך וואָסער ניט איז נאַציע אויף דער וועלט אַזאַ מטמון מיט פֿאָלקסליעדער, ווי די יידישע?“

קלינגט דאָס ניט עהנליך צו בּרונאָפּ׳ס אויפשריפט: „ערשטער בּוך אין די היסטאָרי פֿון מענשהייט“? — פֿונדעסטוועגען האָט ה׳ פּ., וואָס וויל זיין אַ וויסענשאַפֿטליכער פֿאָלקלאָריסט, ניט געטאָרט זיך „דערלויבּען“ צו שטעלען אַזאַ אומוויסענשאַפֿטליכע פֿראַגע און נאָך אין אַזאַ זיכערן טאָן. ער האָט דאָס ניט געטאָרט זיך ערלויבּען, נאָכדעם ווי ער האָט פֿערעפֿענטליכט אַן אַרבּייט, וואָס ער האָט זיך פֿערנומען מיט איהר בּלויז פֿון פֿעבּרואַר בּיז אָקטאָבּער. האָט דאָך דער דייטשער שריפֿטשטעלער לודוויג יאַקאָבּאָווסקי געשריבּען אַמאָל: „איך שעטצע די דויטשען פֿאָלקסליעדער, זאָ הויך זיע האַנדשריפֿטליך אונד געדרוקט פֿאָרליעגען, אַוף איינהונדערטטויזענד!“ און האָט ניט געפֿרעגט: צי האָט נאָך וואָסער ניט איז נאַציע אויף דער וועלט אַזאַ מטמון מיט פֿאָלקסליעדער, ווי די דייטשע? יאַקאָבּאָווסקי דאָקומענטירט זיין מיינונג דערמיט, וואָס ער ווייזט אונז אָן אויף מאַנוסקריפּטען און געדרוקטע זאַמלונגען, אָנגעבּענדיג דערבּיי די גענויע צאָהל פֿון די ליעדער, וואָס געפֿינען זיך אין זיי*. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אין דער צאָהל האָבּען אויך געמוזט אַריינגערעכענט ווערען אַזוינע מסופּקדיגע פֿאָלקסליעדער, ווי די, וואָס זענען אַריין אין פּרילוצקי׳ס זאַמלונג. מיר דאַרפֿען אָבּער ניט פֿערגעסען, אַז יאַקאָבּאָווסקי איז ניט געווען קיין פֿאָלקלאָריסט, נאָר אַ ליעבּהאָבּער פֿונ׳ם דייטשען פֿאָלקסליעד.

ה׳ פּ. טרעט אָבּער אויף פֿאַר אונז ווי אַ פֿאָלקלאָריסט און אַ פֿילאָלאָג, האָבּען מיר אַ רעכט צו פֿאָדערן פֿון איהם פֿאַקטען, ציפֿער און נעמען פֿון פֿאָלקסליעדער־זאַמלונגען, וואָס זאָלען בּעווייזען די רייכקייט פֿונ׳ם יודישען ליעדער־אוצר. דערצעהלט ער אונז גאָר, אַז גאָגאָל האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „אַ ליעד ווערט געמאַכט ווען די נשמה צאַפּעלט“... און פֿון דאַנען איז געדרונגען, אַז יודען פֿערמאָגען די גרעסטע צאָהל פֿאָלקסליעהער, ווייל:

„בּאַ וועמען צאַפּעלט נאָך די נשמה אַזוי אָפּט, ווי בּאַם ייד? ווער איז נאָך אַזוי לעבּעדיג, נערוועזיש, אַנטפֿינדליך, עקספּאַנסיוו? ווער נאָך פֿילט אַזוי פֿיל, ווי דער ייד, וואָס פּחד און האָפֿענונג, טויטשרעק און פֿרייד, מרה־שחורה און אָפּטימיזם שפּיעלען שטענדיג אין זיין האַרץ, ווי זון מיט רעגען אַף אַ וואָלקענדיגען זומערהימל? — בּאָר זיך טאַקע די יידישע גאַס אין ליעדער!“

און טאָמער גלויבּט איהר ניט, פֿערזיכערט ער אייך אויף זיין וואָרט, אַז מען קאָן זיי צעהלען אין די שענע מייזענדערס —

„אַ ים איז עס: גיי אַרויס מיט אַן עמער און שעפּ“.

און דאָס שרייבּט אַ מענש, וואָס ווייס אונז צו דערצעהלען אַז: פֿאָלקלאָר איז „פֿון לאַנג אַ וויסענשאַפֿט גלייך מיט אַנדערע. אַ ליטעראַטור פֿערמאָגט זי אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען אַזעלכע, וואָס קען אויספֿילען אַ בּיבּליאָטעק מיט עטליכע הונדערטטויזענד בּענדער“...

מיר ווייסען, אַז דעם גאַנצען מאַטעריאַל פֿאַר גינזבּורג און מאַרעקס זאַמלונג האָבּען צוזאַמענגעבּראַכט איבּער 50 פּערזאָן, וואָס האָבּען נאָך צוויי יאָהר אַרבּייט קוים צוזאַמענגעקלייבּען 376 ליעדער!

מיר ווייסען אויך, אַז י. ל. כהן האָט איבּער אַ צ ע ה נ ד ל י ג י אָ ה ר געקליבּען פֿאָלקסליעדער אויף דער יודישער גאַס, און האָט אַזאַ צאָהל ניט דערגרייכט.

עס איז שוין איינינע יאָהר, ווי ש. אַנ — סקי קלייבּט פֿאָלקס־

* Aus deutscher Seele, ein Buch Volkslieder, S. VII

ליעדער, און אויך ער פֿערמאָגט נאָך מסתמא ניט קיין צוויי טויזענד נומערן.

„אַ ים איז עס: גיי אַרויס מיט אַן עמער און שעפּ" — פֿונדעסטוועגען האָט ה' פּ., דער זאַמלער אַליין, ניט געשעפּט זיינע ליעדער מיט אַן עמער; צעהן פּערזאָנען, וואָס ער דערמאָנט אין זיין פֿאָרוואָרט, זענען איהם אין דער אַרבייט בעהילפֿיג געווען, און פֿון גרויס שפּע האָט ער נעביך געמוזט אָנקומען צו די „מיטטיילונגען פֿיר יידישע פֿאָלקסקונדע" און האָט פֿון דאָרטען איבערגעדרוקט 17 ליעדער — וואַריאַנטען, כלומר'שט. דערצו האָט ער נאָך איבערגעדרוקט אין זיין זאַמלונג אַ ליעד פֿון 42 סטראָפֿען, וואָס עס האָט אַרויסגענומען פֿון אַ גאַנץ נייער ש"ס־תחינה, ערשט פֿון נאָדעל אַרויס, אין ווילנא, תרנ"ה (ז. נומ. 69). רעכענען מיר דאָס אַלץ צוזאַמען, ברענגט דער ערשטער באַנד 102 רעליגיעזע און יום־טובֿ'דיגע ליעדער, שוין אינאיינעם מיט די איבערגעדרוקטע און מיט די 23 וואַריאַנטען צו דעם איין־איינציגען ליעד „גאָט פֿון אַברהם" — און נאָך אַלעמען, איז דאָס זעהר אַן אָרימע און מאָגערע זאַמלונג, וואָס ווייזט בשום אופֿן ניט, אַז די יודישע גאַס זאָל זיך „באָדען" אין ליעדער.

דאָס רובֿ ליעדער אין דער זאַמלונג זענען געשריבען לויט דער פּוילישער אויסשפּראַך, דער עיקר דער וואַרשעווער. אונטער פֿיעל געפֿינען זיך ווערטער־ביכלעך; אין יעדען ווערטער־ביכל תוריץ זיך איבער דיזעלבע ווערטער, וועלכע יעדער יוד, אַפֿילו דער געבראָטענסטער ליטוואַק, וואָלט פֿערשטאַנען אָהן אַ פּירוש. צ. ב., יאַך — איך; מאַן — מיין; זאַן — זיין; אַף — אויף; ראַכטע — רעכטע; זאַך — זיך; גאַנטס — גאַנץ; און נאָך אַנדערע ווערטער, וואָס וואָלטען געווען פֿערשטענדליך פֿאַר יעדען איינעם, ווען דער זאַמלער אַליין וואָלט זיי ניט פֿערדרעהט מיט זיין מאָדנעם „אויסלעגעניש", און ווען ער וואָלט אונז אין זיין פֿאָרוואָרט באַלד פֿון אָנהויב אָן דערקלערט און מיט בעזונדערע סימנים בעצייכענט דעם קלאַנג פֿון די וואָקאַלען אין דעם פּוילישען דיאַלעקט. מיר מיינען, אַז ער וואָלט גאָרניט בעגעהן קיין פֿערברעך קעגען דעם פּוילישען מונדאַרט אָדער קעגען דער וויסענשאַפֿטליכקייט, ווען ער וואָלט אין אַלע ליעדער, וואָס שטאַמען פֿון וואַרשע, ניט אויסגעלעגט דעם וואָרט „אינז" אין זיין פֿערשיידענאַרטיגען „אויסלעגעניש" — אינץ, אינטס, אינז, אינדז. נאָר דאָס זיינען אַלץ קליינינגקייטען...

מען מוז מודה זיין, אַז די זאַמלונג ברענגט אַ היבש ביסעל מאַטעריאַל פֿאַר דעם שפּראַך־פֿאָרשער, אָבער קיין זיכערער קוואַל איז עס ניט. אויך דער פֿאָרשער פֿונ'ם יודישען פֿאָלקסליעד וועט עס נאָר קאָנען בענוצען מיט אַ געוויסער פֿאָרזיכטיגקייט, ווייל עכטעס און אונעכטעס זענען דאָ צוזאַמענגעמישט אינאיינעם. עכטע פֿאָלקסליעדער געפֿינען מיר אין דעם באַנד בכלל זעהר וועניג. די רעליגיעזע און יום־טובֿ'דיגע געהערען על פּי רובֿ ניט צו דער פֿאָלקסטימליכער דיכטונג, זייערע שאַפֿער זענען לומדים און בדחנים, וואָס שטאַמען ניט פֿון יענער פֿאָלקסשיכט, וואו די עכטע פֿאָלקסליעד איז געשאַפֿען געוואָרען. בעלי־עגלות און בעקער־יונגען, שניידער און שוסטער־געזעלען, דיענסט־מיידלעך און נייטאָרינס שאַפֿען ניט אַזעלכע ליעדער, ווי די נומערן 4, 5, 6, 7. מיר וועלען דאָ ברענגען צ. ב. די ערשטע סטראָפֿע פֿון נומ. 4 —

אַני ביער הלכתי,
קולות מצפּרים שמעתי;
קולות מצפּרים
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„רו רו רו!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿייגעלאַך,
יונג און אַלט;
די פֿייגעלאַך זינגען:
„רו, רו, רו!"
„אַדיר, איום ונורא!
„בצר לי, לך אקרא!
„ה' לי — ולא אירא!".

דעם פּראָסטען פֿאָלק איז פֿרעמד דער גייסט פֿון אַזוינע ליעדער, עס זענען איהם פֿרעמד די העברעאישע אויסדרוקען, און דערפֿאַר קאָן עס איז אַזוינע ליעדער ניט נעמען קיין אָנטייל, ד. ה. עס קאָן זיי ניט ענדערן לויט זיין געמיטס־צושטאַנד און קאָן זיי ניט זינגען, ווי זיין האַרץ גלוסט. אַ שוסטער־יונגעל אָדער אַ נייטאָרין קאָן זיך ניט בערימען, אַז די ליעד האָט ער אָדער זי אַליין „אויסגעטראַכט", אָדער „געמאַכט", ווי דאָס וואָרט געזאָגט ווענען ליעדער, וואָס זענען טאַקע פֿונ'ם פֿאָלק אַליין געשאַפֿען געוואָרען. און אויב מיר זאָלען שוין אַפֿילו אָננעמען, אַז אַזעלכע ליעדער זענען ערגיץ־וואו געזונגען געוואָרען פֿון תדריינגלעך אָדער פֿון ישיבה־בחורים, בעווייזט עס נאָך ניט, אַז דאָס זענען עכטע פֿאָלקס־שאַפֿונגען, הגם עס איז פֿאַראַן אין זיי עטוואָס פֿאָלקסטימליכעס. געפֿינען מיר דאָך אַ סך פֿאָלקסטימליכע שטריכען אויך אין גאָלדפֿאַדענס און אין צונזערס ליעדער, וואָס ווערען געזונגען פֿונ'ם פֿאָלק, און דאָך וועט קיין זאַכפֿערשטאַנדיגער זאַמלער זיי ניט אָנרופֿען „פֿאָלקסליעדער", און וועט זיי ניט איינעמען אין זיינע זאַמלונגען.

דער זאַמלער אַליין פּטר'ט אונז אָב אין דעם ענין מיט אַ פּאָר קלינגענדיגע פֿראַזעס און גיט אונז אַן עצה —

„די נשמה פֿון יידישען פֿאָלק ווער סוויל דערקענען, די אונמיטעלבאַרע שטים פֿון יידישען לעבען ווער סוויל הערען, דעם ציטער פֿון די אינטימסטע סטרונעס אין יידישען האַרץ ווער סוויל אָפּנעמען, — אין תהום פֿון אונזערע פֿאָלקסליעדער דער זאָל מיט'ן קאָפּ זיך אונטערטיקען".

מיר גלויבען, אַז מסתמא האָט דער זאַמלער אַזוי געטאָן, און אויב זיין קענטעניש פֿונ'ם יודישען פֿאָלקסליעד איז דערפֿון ניט רייכער געוואָרען, איז אָבער דערמיט ניט קלענער געוואָרען זיין פֿערדיענסט — בדחנישע און פֿאָלקסטימליכע ליעדער פֿון בעקאַנטע און אומבעקאַנטע מחברים האָבען פֿאַר אונז אויך אַ בעדייטענדען ווערט, אָבער מיט אונזער אמת'ער פֿאָלק־שאַפֿונג האָבען זיי אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות.

אַ בעווייז, אַז די ליעדער אונטער די נומערן 4, 5, 6, 7 געהערען ניט צו אונזער עכטער פֿאָלקס־דיכטונג, געפֿינען מיר אויך ז. 14 אין דער אָנמערקונג פֿון דעם זאַמלער, וואו ער דערצעהלט אונז פֿון אַ העברעאישען כתבֿ־יד, וואָס קומט אַרויס פֿון איטאַ-

ליען, פֿונ׳ם יאָהר 1770. אין דעם דאָזיגען כתב־יד, וואָס האָט אין זיך 100 רעליגיעזע אָדעס אויף שבתים און יום־טובים, געפינט זיך פֿאָלגענדער וואַריאַנט:

אַני בּיער הלכתּי
וקול עופות שמעתי.
אחד יעופף מול ערפּי
ואמר: „פּי, פּי, פּי!
תהלת ה׳ ידבּר פּי!“

איבּ אַזעלכע „רעליגיעזע אָדעס“, געשריבּען אָדער געזאַמעלט פֿון אַ געוויסען מרדכי פּסנגלי, הייסען בּיי אונזער זאַמלער „יודישע פֿאָלקסליעדער“, דאַן איז אונז שוין גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס ער האָט אין אַזאַ קורצער צייט צונויפֿגעקליבּען גאַנצע צוויי טויזענד נומערן.

ניט קיין פֿאָלקסליעדער זענען אויך די „גאָט פֿון אבֿרהמ׳ס“, וואָס די ווייבּער זאָגען פֿאַר הבֿדלה, — און מיט די 23 וואַריאַנטען האָט נאָך דער זאַמלער ניט אויסגעשעפּט דעם גאַנצען מאַטעריאַל. ווען יעדער ידינע וואָלט איהם פֿאָרגעזאָגט די דאָזיגע תּפילה אין איהר אייגענעם נוסח, וואָלט ער מיט אַ מיליאָן וואַריאַנטען ניט פֿאַרטיג געוואָרען; און יעדען „בּענטשערל“, און יעדען „בּרכּת המזונ׳דעל“ וואָלט ער געפֿונען אַן אַנדער נוסח — צו וואָס־זשע האָט עס געלוינט איבּערצודרוקען פֿון די „מיטטיילונגען“ נאָך 6 וואַריאַנטען?

פּונקט אַזוי פֿערשטעהען מיר ניט, צו וואָס דער זאַמלער האָט איבּערגעדרוקט פֿון די „מיטטיילונגען“ דריי וואַריאַנטען פֿון בּדחנ׳ישע בּרית־ליעדער, די נומערן 44, 45, 46. מילא, די „רעליגיעזע אָדעס“, קען זיין, אַז עמיצער האָט עס געזונגען אין אַ פּויל׳ישען קליין־שטעדטיל, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס זענען פֿאָלקסליעדער; אָבּער בּדחנישע בּרית־ליעדער, וואָס דאָס פֿאָלק האָט קיינמאָל ניט געזונגען, ווי קומען זיי אַהער?

מיר ווילען דאָ בּרענגען די ערשטע צוויי סטראָפֿעס פֿון נומ. 44, כּדי צו אילוסטרירען דעם בּדחנישען דיכטונגס־סטיל —

רבּותי ליעבּען, האָרכט מיר צו, וואָס איך אייך וויל זאָגען:
תּורה, מצוות ומעשׂים טובֿים טון דען מענש אין גן עדן טראָגען.
געווים, מצות מילה איסט גאָר האָך געאַכט
וייל זאָלכע בּרוך־הוא נאָך געשיעדט מיט גרעסטע אנדאכט.

צו בּעווייז טוט יעדער מאַן תּפלה גאַנץ ריין
דאָס הקדוש־בּרוך־הוא זאָל איהם מזכּה זיין,
אַיין בּן־זכר איהם צו שענקען,
דאַמיט דאָס מאַן טון לאחר מאה שנים הרך אָמן יהא שמה רבּא
און איהם גדענקען.

עס קאָן זיין, אַז פֿאַר די „מיטטיילונגען“ האָבּען אַזעלכע ליעדער אַ געוויסען פֿאָלקלאָריסטישען ווערט, זיי האָבּען אָבּער קיין ווערט און קיין זין ניט אין אַ פֿאָלקסליעדער־זאַמלונג.

און ניט נאָר די איבּערגעדרוקטע, — אויך פֿיעל פֿון די מינדליכע, ליעדער, וואָס זענען צוגעשיקט פֿון פֿערשיידענע שטעדט און שטעדטליך, זענען ניט קיין פֿאָלקסליעדער. דאָס קאָנען מיר זעהן פֿון זייער אינהאַלט און סטיל. צ. בּ. די ליעד נומ. 31, וואָס אַ געוויסער יעקבֿ פּישמאַן האָט צוגעשיקט פֿון שעדליץ, הייבּט זיך אָן נאָכ׳ן אַלף־בּית אַזוי:

אָנפֿאַנגען וועלן מאר צי ליבּן אינדזא הייליגן גאָט
דער וואָס אינדז דערווילט האָט —
און האָט אינדז די תּורה גיגייבּן מיט אירע צען געבּאָט.

בּעשיידן וועל עך די זאַך גאַנץ אין גאָר,
ווי עס האָט זיך מיט אינדזא תּורה דערגאַנגען וואָר:
זיי פֿערבּאָרגן פֿון בּריאת־עולם אן צוויי טויזענט יאָר —
אין דערנאָך איז זי אינדז געגייבּן געוואָרן גאַנץ אין גאָר.

גאָט דער אַלמעכטיגא וואַר זיינע מלאכים פֿרייגן:
— זאָל עך די תּורה אף די ערד גייבּן?
אַזוי בּאַלד ענטפֿאַרן די מלאכים אַלע ציגלאַך:
— גאָט, גאָט, לאָז דאָך דאַן שוינהייט אין הימל זאַן רייך!

מיר קאָנען זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלען, אַז אין שעדליץ זאָל מען נאָך היינט רעדען אַזאַ מין אַלט־פֿרענקישע שריפֿט־שפּראַך... סיידען דער צושיקער אָדער דער זאַמלער האָט פֿערגעסען צו בּעמערקען, אַז די ליעד איז פֿון ערגיץ איבּערגעדרוקט פֿון אַן אַלטען סידור אָדער פֿון אַ נייער תּחינה. קיין פֿאָלקסליעד איז עס יעדענפֿאַלס ניט. אַן עכטע פֿאָלקסליעד, מעג עס אַפֿילו אַלט זיין הונדערטער יאָהרען, מוז אַלע מאָל בּייטען ניט בּלויז איהר פֿאָרם און אינהאַלט, נאָר אויך איהר שפּראַך — אַזוי לאַנג ווי עס ווערט נאָר געזונגען פֿונ׳ם פֿאָלק.

ניט קיין פֿאָלקסליעדער זענען די נומערן 61, 62, 63, 64, כאָטש זיי זענען פֿונ׳ם פֿאָלקסמויל פֿערצייכענט און צוגעשיקט פֿון פֿערשיידענע פּערזאָנען. גיכער פֿון אַלץ זענען דאָס אַלטע טעאַטער־קופּלעטען, געשאַפֿען אין דעם סטיל פֿון דעם גאַליציאַנער פֿאָלקס־דיכטער וועלוויל זבאַרזשער. פֿאַר אַ מוסטער ווילען מיר דאָ בּרענגען פֿון נומ. 61 דעם ערשטען קופּלעט:

דער הייליגער משיח, אַז ער וועט קימען,
ווילן מיר זאַן די ערשטע אַף דער שלאַכט:
צי די דאַטשען ווילן מיך זיך נעמען —
מ׳וועט זיי שלאָגן בּאַטאָג און בּאַנאַכט.
נאָר ווער?
זרח און בּרוך, יעקיל־זאנוויל, זינדעל־גרינדעל,
חיים־שמעריל, שמעריל־בּעריל, געציל־זריאל —
ווילן פֿירן דאָס גאַנצע רעדל.
קיילא־בּיילא, יענע־סימא, סימא־בּלימא, פֿייגע־יענטע,
חנה־בּאַראַנע, יאַחנע־וואשע —
ווילן גיין צים מצוה־טענצל.

די לעצטע צוויי פֿערזען פֿונ׳ם ליעד ענדיגען זיך אַזוי:

אין די דאַטשקעס וועל איך דעם רבּי׳ן איבּערגעבּען,
און צי די רבּי׳צין — די אפּיקורסים.

דער זאַמלער מיינט בּתמימות, אַז דאָס איז אַ פֿאָלקסליעד, און נאָך אַ „רעליגיעזע“ פֿאָלקסליעד, און אַז „עס טרעפֿט, זאָגט ער, אָפֿטמאָל, דאָס אין די סאַמע חסידישע ליעדער פֿלעכטען זיך אַריין פֿרייע עטליכע שורות“.... מיינט ער, אַז דאָס איז: „אפֿשר דערפֿאַר, וואָס זיי ווערען געזונגען שמחת־תּורה, ווען מ׳איז שוין אַ בּיסעל בּגילופֿינדיג?“ אין אמת׳ן זענען דאָס אָבּער ניט קיין שמחת־תּורה־ליעדער, און ניט קיין חסידישע, נאָר — מתנגדישע. דאָס זענען שפּאָט־ליעדער קעגען חסידים, און זענען מסתּמא געשאַפֿען געוואָרען אין דער השׂכּלה־עפּאָכע, אין דער צייט, ווען

וועלוויל זבאַרזשער און מיכל גאָרדאָן האָבען געשריבען זייערע סאַטירישע ליעדער קעגען חסידים און חסידישע גוטע יודען. ווען דער זאַמלער וואָלט אַ בליק געטאָן אין די ווערק פון די דערמאָנטע דיכטער, וואָלט ער אפשר פערשטאַנען, פאַרוואָס אין אַזעלכע כלומרשט חסידישע ליעדער, פלעכטען זיך אַריין צום שלום פרייע עטליכע שורות...

נעמען מיר די ליעד נומ. 63 און אידרע וואַריאַנטען, זעגען דאָס הורכאים טעאַטער-קופלעטען, דיאַלאָגען צווישען וואָלוועלע אַקטיאָרען, וואָס ווילען אַמוזירען דעם עולם מיט לינקע אָנצוהערענישען:

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רביצין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— וואַן!
— וואָס טויג דעם רבי'ן וואַן?

— איך זאָל אַרימטיילען די חסידימלעך,
וואָס זיי זענען ניין!

מיר וואָלטען נאָך געקאָנט אָנווייזען אויף אַנדערע ליעדער, וואָס פאַר זיי איז, לויט אונזער מיינונג, קיין פלאַץ ניט אין אַ וויסענשאַפטליכער זאַמלונג — און על פי יושר האָבען מיר אויך געדאַרפט אָנווייזען אויף די עכטע פאָלקסליעדער און אויף די גוטע זייטען פון דער דאָזיגער אַרבייט; מיר מוזען עס אָבער לאָזען אויף אַן אַנדערש-מאָל, אפשר ווען ס'וועלען ערשיינען די צוגעזאָגטע ווייטערדיגע בענד. דערווייל וועלען מיר אונטערציהען דעם סך-הכל, — צווישען די הונדערט און צוויי נומערן פון דעם ערשטען באַנד, געפינען זיך ביי אַ 30 עכטע פאָלקסליעדער, וואָס זענען נאָך אין ערגיץ ניט געדרוקט געוועזן. און אָט פאַר דעם קנאַפען, אָבער זעהר וויכטיגען מאַטעריאַל פערדיענט דאָך אונזער זאַמלער אַ גרויסען — יישר כח!

א. ירחי.

# א „יובילעאום-אויסגאבע“.

„פערלאַג מענדעלע“ האָט ענדליך דערפיהרט די „יובילעאום-אויסגאַבע“ פון אַלע מענדעלי'ס יודישע ווערק ביזן סוף: מיט די לעצטע צוויי בענדער, וואָס דער פערלאַג האָט נישט לאַנג אַרויסגעלאָזט, האָט ער געשלאָסען אַלץ, וואָס „דער ערשטער יודישער קלאַסיקער מענדעלי מוכר-ספרים האָט געשאַפען אין זיין 50-יעהריגער טעטיגקייט“, פערשטעהט זיך, אין יודיש.

איצט, אַז מיר האָבען שוין פאַר די אויגען די גאַנצע „יובילעאום-אויסגאַבע“, איז אַ יושר צו רעדען עטליכע ווערטער נישט נור וועגען דעם מחבר ר' מענדעלי און דעם גרויסען ווערט פון זיינע ווערק (אויף דעם האָבען מיר ביי אונז, ברוך-השם, קריטיקער, נישט צו פערזינדיגען, וואָס האָבען געשריבען און וועלען נאָך שרייבען און שרייבען איבער ר' מענדעלי'ן און זיינע ווערק), נאָר פשוט וועגען דעם „פערלאַג מענדעלע“, ווי אַזוי ער האָט אויסגעפיהרט זיין אונטערנעמונג. ס'איז כדאי, כ'לעבען, צו בעטראַכטען פון נאָהענט, ווי אונזערע פערלעגער גאַרטלען זיך אונטער און לייגען אַוועק כוחות אַרויסצופיהרען אויף דער וועלט גאָר אויף אַ שענעם אופן אונזער „ערשטען יודישען קלאַסיקער“.

אין די „פאָר ווערטער צום לעזער“ פון די אַרויסגעבער, אין אָנהייב פון ערשטען באַנד, בעפוצען זיך די פערלאַג-לייט מיט פעדערן פון הייכער מליצה, און רעדענדיג וועגען „אַזאַ ריזיגער אונטערנעמונג, ווי די אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון דער פראָדוקטיווסטען יודישען שריפטשטעלער מענדעלי מוכר-ספרים“, דערמאָנען זיי „די הינדערנישען וואָס זענען פערבונדען מיט אַזאַ קאָלאָסאַלער אין דער יודישער ליטעראַטור אומגעוועהנליכער אונטערנעהמונג“, און דערצעהלען דערביי דעם עולם מיט אַ בעזונדער שטאָלץ, אַז „ניט קוקענדיג אויף דער מאַטעריעלער ריזיק, וואָס אין אַזאַ אומגעהויער רייכער אונטערנעהמונג שטעקט, האָבען מיר מיט גרויס מוט אָבגעוואָרפען אַלע וואַקלונגען, און וועלענדיג דיענען דער יודישער ליטעראַטור מיט עטוואָס גראַנדיעזעס, האָבען מיר זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר דער מאַטעריעלער ריזיק“ א. אַז. וו. ווי איהר זעהט, קוקען אויף זיך די אַרויסגעבער נישט ווי אויף געוועהנליכע פערלעגער, נאָר ווי אויף אמת'ע „ריזען“, און אין זייער קורצער פאָררעדע האַלטען זיי אין איין קלינגען אין הויי אויערן מיט די ווערטער „ריעזיגע, קאָלאָסאַלע, גראַנדיעזע“. אמת, ביי זיי, ביי די אומות-העולם מיין איך, טוט זיך אָב אַזאַ מין „אונטערנעמונג“ גאָר שטיל, אָהן רעש, אָהן גלעקער-קלינגעריי. נאָר מילא, מיר קאָנען זיך צו זיי אין אַ סך זאַכען נישט גלייכען... דער עיקר נאָך אַלעמען איז נישט דאָס. מילא, האָבען די אַרויסגעבער גענומען אַ ביסעל צו אַ הויכען רעקלאַמע-טאָן; וועמען, אַ שטייגער, קען עס שאָדען? דער עיקר איז אָט וואָס: אויף וואָס פאַר אַן אופן די אַרויסגעבער האָבען זייער אונטערנעמונג אויסגעפיהרט.

די אַרויסגעבער אַליין זענען גאַנץ בעשיידען, ווי דער מנהג איז, און זאָגען אויף זיך עדות אין דערזעלבער פאָררעדע: „מיר האָבען אונזער פליכט ערפילט אויף דעם העכסטען אופן“. אַז איהר ווילט זיי אָבער נישט גלויבען אויפ'ן וואָרט און האָט חשק צו בעטראַכטען מיט אייגענע אויגען, וואָס פאַר אַ פנים עס האָט ווירקליך די אויספיהרונג פון דער „ריעזיגער, קאָלאָסאַלער און גראַנדיעזער אונטערנעהמונג“ — זעהט איהר, אַז זיי, די אַרויסגעבער, האָבען „זייער פליכט ערפילט“ גאָר, גאָר אויף אַ משונה אופן...

ראשית, איז כדאי צו כאַפען גלאַט אַ קוק, ווי די בענד זענען צונויפגעשטעלט געוואָרען, ווי מ'האָט גענומען און צונויפגעפאָרעט פאָרלעך אַזעלכע, וואָס קלעפען זיך גאָר נישט איינס צום אַנדערן; למשל, דער 5-טער באַנד בעשטעהט פון אַזוינע מיני דריי זאַכען: „די טאַקסע“, „ענטדעקונג פון וואָהלין“ און אַ „שטאָדט אין מזרח“; אין 9-טען באַנד געפינט איהר אַזאַ זיווג: „דער פרי-

זיוו" און „אַ גראָהע האָר", דער 12-טער באַנד האָט זיך זיין אייגענם דעם „לופּט-באַלאָן" צוזאַמען מיט „אַ סגולה צו יודישע צרות" א. ד. גל. מיינט איהר אפשר, אַז ס'איז אָבגעטאָן געוואָרען נאָר אָהן חשבון, גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין — האָט איהר אַ טעות. די אַרויסגעבער האָבען, ווי עס ווייזט אויס, דוקא יאָ געוואויגען און געמאָסטען און געפיהרט אַ רעכענונג, יעדער באַנד זאָל האָבען איין מאָס, און דערפאַר האָט מען, אַשטייגער, אין 14-טען באַנד, וואָס טראָגט אַ בעזונדער נאָמען „שבת און יום-טוב", צוגעשטיקעוועט צום סוף דעם „פיש", עפּיס אַ חקירה וועגען יענעם געוויסען פיש, וואָס האָט איינגעשלונגען יונה הנביא, אַזאַ זאַך, וואָס האָט בכלל געמעגט נישט אַריינקומען אין די ווערק פון מענדעלי מו"ס, און צו דעם דאָזיגען באַנד האָט עס אַ שייכות נור מיט דעם, וואָס שבת און יו"ט זענען זיך יודען נוהג צו עסען פיש... עס מאַכט גאָר נישט אויס, וואָס מע בעהעפט „שמיטה מיט הר סיני", מע נעמט-צונויף בוידעם מיט פאַליצע — צו יודישע אַרויסגעבער געהערען זיך אַזעלכע זאַכען נישט אָן. וואָס ווילט איהר, אין דער אמת'ן, אַן אַרויסגעבער ביי אונזערע יודען זאָל זיך אַוועקלעגען, עס זאָל האָבען אַ פּנים, ווי ביי לייטען, ווי ביי די אומות-העולם עס ווערט אַרויסגעגעבען אַ „קלאַסיקער"? ווייס איך, וואָס! מע פערמאַכט די אויגען און מע שטרעקט אויס די האַנד און מע שלעפּט אַרויס וואָסער ס'איז כתב-יד, גאָר קיין חילוק-נישט, דער עיקר עס זאָל אויסקומען די צאָהל זייטלעך פונ'ם באַנד אַזוי פיעל, וויפיעל מע ברויכט — און יוצא „אויף דעם העכסטען אופן".

ווייטער, אַז איהר וועט זיך נעמען איינקוקען אין די ווערק גופא, וועט איהר זיך אָנשלאָגען, איך וועל נישט זאָגען אויף יעדער שריט און טריט, נאָר גאָר גאַנץ אָפט אויף גרייזען און טעות'ן פון אַלע מינים, קליינע און היבשע, און אַמאָל זעהר גראָבע; דאָ זענען פערביטען די יוצרות, איבערגעדרעהט אותיות און ווערטער, דאָרט פעהלט אַ וואָרט און טאַקע גאָר עטליכע מיט אַמאָל אויך. הכלל, הפקר אַ וועלט. ר' מענדעלי אַליין רעכענט אויס „אין יענער צייט" צווישען אַלע אַנדערע מלאכות, וואָס אַ יודישער מחבר האָט צו טון, אויך די דאָזיגע: „דרוקען און מגיה זיין, קנעלען, האָבען צו טון מיט דעם בחור הזעצער; מאַכען אַ גרויסען לוח-הטעות, אַזוי פיעל, וויפיעל אין ביכעל זענען דאָ ווערטער". און אַזוי ווי איצטיגס מאָל האָט ר' מענדעלי אַליין נישט געקאָנט „דרוקען און מגיה זיין, קנעלען, האָבען צו טון מיט דעם בחור הזעצער" און האָט זיך אינגאַנצען פערלאָזט אויפ'ן יושר פון „פערלאַג מענדעלע", האָבען זיי, די פערלעגער זיינע, זיך נישט אָנגעהויבען אומצוקוקען אויף אַזעלכע נאַרישקייטען: וואָס איז אַזוינס באמת, אַ ספר-תורה איז דאָס, וואָס זאָל פסול ווערען, אַז עס פעהלט עפּיס אַ „קוצו של יוד"? ווייס איך, וואָס! „בטלנ'ישע" זאַכען — מע קען זיך גאַנץ פיין בעגעהן נישט נור מיט'ן געוויסען בחור הזעצער, נאָר אויך מיט אַ בחור'ל המגיה, און אויב איהר ווילט גאָר אָהן אַ שום מגיה: טאַקע ער, דער שקאָץ, דער בחור הזעצער, מיין איך, איז נישט קליין צו זיין אַליין דער מגיה אויך. אַוודאי איז גאָר קיין חידוש נישט, וואָס דער פיינער בחור האָט גענומען און אָנגעמאַכט צרות אויך וואָס די וועלט שטעהט, און אין אַנדערע ערטער קומט אויס ממש, אַז עס שווינדעלט און גריבעלט מיט גרייזען — און געה טענה זיך מיט איהם אויס! ער שטעלט אַרויס אַ צונג: רוף מיך „קנאַק-ניסעל"... נאָר אַלץ די אייגענע מעשה, וואָס מאַכט עס אויס?

נישט-קשה, מיר האָבען אַ „פּובליקע" מיט אַזעלכע מאָגענס, וואָס קאָנען, ברוך-השם, אַלץ פערדייהען, און דערצו טאַקע מיט יודישע קעפּלעך, וואָס וועלען זיך מוזען אָנשטויסען און טרעפען, וואָס דער פסוק מיינט...

ווי ווייט ס'איז ביי דער דאָזיגער „יוביליאום-אויסגאַבע" געוואָרען אַן אויג, וואָס קוקט אין בעטראַכט, קענט איהר אַרויסזעהן נאָך פון איין קלייניגקייט: אין „שלמה רבי חיים'ס" נאָכ'ן 10-טען קאַפּיטעל שטעהט „ענדע", און הערנאָך אויפ'ן אַנדערען זייטעל הויבט זיך אָן ווידער דאָס 11-טע קאַפּיטעל — און ס'איז רעכט, פרעגט קיין קשיות נישט. נעמען נעמט זיך עס גאָר פשוט דערפון, וואָס די ערשטע צעהן קאַפּיטלען האָט מען איבערגעדרוקט פון דער געוויסער אַמעריקאַנער גנבה'ישער אויסגאַבע, און יענע לייט דאָרט האָבען דעמאָלט מעהר נישט געפונען ווי 10 קאַפּיטלען צו לקחנ'ען, האָבען זיי געשטעלט צום סוף „ענדע", און אַט יענע ליטישע אַמעריקאַנער אויסגאַבע האָט מען געגעבען אין דער האַנד אַלץ דעמזעלבען בחור הזעצער פון דער „יוביליאום-אויסגאַבע" און געזאָגט איהם: נאַ נעם און זעץ — און ער ווייסט נישט קיין חכמות: נעמט און זעצט, ווי עס שטעהט און געהט.

און נאָך גאָר אויף אַ שעהנעם איינפאַל פון די דאָזיגע אַרויסגעבער איז כדאי דאָ אָנצו-ווייזען דעם עולם: אין די לעצטע פאָר בענד געפינען זיך ערצעהלונגען אַזעלכע, וואָס זענען אמת מענדעלי'ס, נאָר איין קלייניגקייט פעהלט: געשריבען זענען זיי פון איהם אויף העברעאיש, און איבערזעצט האָט עס גאָר אַן אַנדערער — און עס זאָל ווערען דערפון כאָטש אַ וואָרט דערמאָנט, גלייך ווי ס'איז אַרויס פון מענדעלי'ס פען! געוויס האָבען זיי, די פערלעגער, אויסגערעכענט, אַז פאַר'ן עסק פונ'ם פערלאַג איז גלייכער, אַז ס'זאָל נישט דערמאָנט ווערען דאָס וואָרט איבערזעצונג, אַזוי ווי איבער דעמזעלבען סתר'ישען טעם, ווייזט אויס, האָבען זיי געפונען פאַר נויטיג אָנצורופען דעם 7-טען באַנד „דאָס ווינשפינגעריל", און נאָכדעם דעם 8-טען, וואָס איז אַ המשך פונ'ם „ווינשפינגעריל", שוין גאָר מיט אַן אַנדערן, מיט'ן העברעאישען נאָמען „בעמק הבכא"... אָבער צי דען איז שוין ערלויבט טאַקע דעם פערלעגער צו טון אַלץ, וואָס איהם פאַלט איין, צוליעב געשעפט?

מען דאַרף וויסען, ווי אַזוי מענדעלי, דער גרויסער קינסטלער אין ביידע שפּראַכען, אין העברעאיש און יודיש, זעצט איבער אַליין זיינע אַ זאַך. עס קומט ביי איהם אויס אַזוי, ווי ער האָט האָט עס פון אָנהויב אָן אויף דעם לשון געשאַפען, און קיינמאָל וועט איהר נישט דערקענען אויף קיין פאַל, אויב דאָס יודישע איז איבערזעצט פון העברעאישען, צי פערקעהרט. און ווען ער, למשל, זאָל נעמען אין די הענד איבערצוזעצען „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה", וואָלט ער, ערשטענס, געפונען צו דעם אַ צוגעפּאַסטען נאָמען אויף יודיש, וואָס זאָל זיין אַזוי געלונגען, ווי דער העברעאישער נאָמען; צווייטענס, וואָלט ער נישט גענומען און פשוט איבערגעטראָגען גאַנצע העברעאישע אויסדרוקען, אַשטייגער, „נעלם געוואָרען ואיננה" „היינו הך", „כמשית לפי תומו", „שישו בני מעי", „ביהודא שלימא", „הלכתא למשיחא", לתרבות רעה בפרהסיא", „שבי פשע ביעקב", „עדות ביהוסף" וכדומה; דריטענס, וואָלט ער בשום אופן נישט אַריינגערוקט אַזעלכע „עכט-זשאַרגאָנישע" אויסדרוקען, ווי „שטיל ווי די קאָטינקעס", „תורת לאָקשען", „ניטאָ קיין זוואַניע", „לא מיט אַן אַלף", „ניטאָ קיין קלינגערס", „מיט

אַלע פּיטשעווקעס", „מיט אַלע פּליטערליך", „מיט הכל בכל מכל כל", „געוואָרען איין מאָטשינקע" א. ד. גל.

אמת, פֿין אַ פֿרעמדען איבערזעצער קאָן מען נישט פֿאָדערן, ער זאָל זיין אַזאַ שפּראַך־קינסטלער, ווי מענדעלי אַליין. אָבער אַלענפֿאַלס האָבען די אַרויסגעבער נישט געטאָרט מאַכען קיין ליטעראַרישע פֿעלשונגען און האָבען געדאַרפֿט אַרויסשטעלען בפירוש, אַז ס'איז אַן איבערזעצונג, כּדי יעדער לעזער זאָל עס גלייך וויסען און זיך נישט קאָנען אָבנאַרען. אַזוי, דאַכט זיך, איז „פֿערלאַג מענדעלע" מחויב געווען צו טון, אויב נישט צוליעב „ליטעראַרישע אינטערעסען", כאָטש צוליעב דעם כּבוד פֿונ'ם „זיידען".

נאָר אויף אַזעלכע מיני חובות האָבען אונזערע פֿערלעגער נישט אָנגעהויבען זיך אומצוקוקען. וואָס הייסט עפּיס? זיי האָבען געקויפֿט, גענומען און בעצאָהלט מזומנים, און אפשר היבשע מזומנים, פֿאַר דער „סחורה", אַוודאי זענען זיי איבער איהר די גאַנצע בעלי־בתּים און פֿרעגען קיינעם קיין דעה נישט — נו האָבען זיי געבעלי־בתּ'ועט, וויפֿיעל זייער האַרץ גלוסט, און זיך נישט געמאַכט קיין שום „צערעמאָניעס" נישט מיט'ן לעזער און נישט אַפֿילו מיט'ן מחבר.

און מיט וועמען האָבען זיך דאָ די פֿערלעגער דאָס מאָל אַזוי מיאוס אָפּגערעכענט? מיט'ן „ערשטען יודישען קלאַסיקער", מיט מענדעלי מוכר־ספֿרים! דעם גרויסען ר' מענדעלי'ן, וואָס לעגט אַוועק אַזויפֿיעל כּוח און מוח צו בעאַרבייטען זיינע זאַכען, וואָס ווערט נישט מיעד אַזוי צו פֿיילען און צו שלייפֿען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל יעדע פֿראַזע, יעדען אויסדרוק, יעדעס וואָרט בעזונדער, — איהם איז בעשערט געווען אַריינצופֿאַלען אין די הענד פֿון אַזעלכע מיני יודישע פֿערלעגער, וואָס האָבען זיך אין איהם אַזוי אומבּרחמנות'דיג נוקם געווען, נישט אין געלד־זאַכען, חלילה, נאָר אין אַזוינס, וואָס ביי אַן אמת'ען שריפֿטשטעלער איז עס טייערער פֿון גאָר דאָס געלד אין דער וועלט!

מע דאַרף איהם זעהן, דעם „זיידען", דעם אמת'ען קינסטלער פֿונ'ם יודישען וואָרט, ביי דער אַרבייט, ווי ער זיצט איינגעבויגען איבער זיין שרייב־טיש און שנירעוועט די קליינע שעהנע אותיות'לעך זיינע, ווי פּערל, און ווי ער קאָן אַזוי אָבזיצען פֿערטראַכט גאָר אַ היבשע צייט און קנייטשען דעם ברייטען שטערן זיינעם אויף אַרויסצובעקומען אַ מעהר געלונגענעם פּונקט־אָנגעמאָסטענעם אויסדרוק אָדער גאַר אַ מעהר צוגעפּאַסט וואָרט, — און מע קאָן זיך לייכט פֿאָרשטעלען, ווי ער דאַרף זיך פֿיהלען, זעהענדיג, אין וואָס פֿאַר אַ „יובילעאום־אויסגאַבע" זיין קינסטלערשע נשמה איז מגולגל געוואָרען, ווי אַזוי מ'האָט איבּערגעכאַפּט זיינע גייסטיגע אוצרות, די מיה פֿון זיין גאַנצען לעבען, און אין וואָס פֿאַר אַ משונה צורה מ'האָט זיי, גאָר אָהן בושה, אַרויסגעלאָזט אויפֿ'ן מאַרק מיט קלאַנג און געזאַנג: קויפֿט, יודישע קינדער, קויפֿט!

אָט אַזוי בעמיהען זיך אונזערע יודישע פֿערלעגער און לעגען אַוועק אַלע זייערע כּוחות אויסצופֿיהרען אַ „ריעזיגע, גראַנדיעזע אונטערנעהמונג"! אַזוי לאָזט מען ביי אונז יודען אַרויס אויף דער וועלט אַ „יובילעאום־אויסגאַבע" פֿונ'ם „ערשטען יודישען קלאַסיקער!"....

כּדאי, די זאַך זאָל כאָטש אין „פּנקס" פֿערצייכענט ווערען אויף צו געדענקען.

I. 97 פאָלקס־ליעדער, מיטגעטיילט פון ל. ב — ן.

II. 54 פאָלקס־ליעדער געקליבען (צום גרעסטען טייל) פון היה פין, פּאָדבראָדזע, הילג. גוב. און איבערגעגעבען צום דרוק דורך ד. א — ן.

III. נאָטיצען.

# I. פאלקס־ליעדער.

מיטגעטיילט פון ל. ב—ן.

## ליעבע־ליעדער.

1

אַך, דערנער איר דערנער,
װאָס שטערט איר דעראן,
װאָס לאָזט איר מיר ניט צוטרעטען
דעם (צום?) צערטליכען בלום?

דער צערטליכער בלום
איז העל און קלאָר,
אַזוי װי איר געװיכט —
עס פעלט ניט קײן האָר.

די זון זי שײנט
נאָר אָן אַ שעור,
זי שײנט פאַר די װעלט,
אָבער ניט פאַר מיר.

די זון זי שײנט
נאָר אָן אַ שעור —
אַך, דושינקע,
װי קום איך צו איר?

די זון זי שײנט
העל און קלאָר,
אַזוי װי איר געװיכט,
עס פעלט ניט קײן האָר.

2*

— שײנע מײדאַלע, פײנע מײדאַלע,
קום צו מיר אין באַרן! (?)
— זע מאַטעלע, זע מאַמעלע,
דער בחור װיל מיר נאַרן.
— נעם אַ שטעקאַלע, גיב אין קעפּאַלע,
װעט ער זעך אַװעקשאַרן.
שאַרט ער זעך, שאַרט ער זעך
בײ רוסקע (רוסקי) װארן (?),
דאָרטן שטײען דרײ גרײסע מאַדן:
אײנע הײסט חנה,
די צװײטע הײסט מאַריאַנע,
די דריטע װיל איך ניט אױסזאָגן:
זי איז מײן קולאַנע.

* װאַר. ב. נ.־ט. נומ. 165 און 172, בײ י. ל. כהן, II, ז. 114.

3

שײנע מײדאַלע, פײנע מײדאַלע,
הער שײן אױף צו װײנען,
הײב שײן אָן צו לאַכן,
מיר װעלן שױן בײדע חתונה האָבן,
און אַ לעבן מאַכן.

4*

צו פעלט מיר עסן,
צו פעלט מיר טרינקן,
צו פעלט מיר מײן שײן רײנעם גאַנג?
אױ, ס'פעלט מיר ניט קײן עסן,
און ס'פעלט מיר ניט קײן טרינקן,
עס פעלט מיר נאָר װעמען איך פערלאַנג.

דערום בין איך מקנא יעדערן באַזונדער,
װער עס װײס פון קײן ליעבע ניט,
אַ ליעבע קײלעט אָפּ אַ װעלט מיט יונגע קינדער,
אַי, נעװאַלד. אַ ליעבע איז ניט גוט! **

* עמװאָס עהנליכקײט אין דער ערשטער סטראָפע — בײ י. ל. כהן I, ז. 117 און 114.
** אַ װאַריאַנט פון דעם דאָזיגען פערז — בײ י. ל. כהן I 196.

5

פרײטאָג צו נאַכט שטײט שלאָפקע (?) באַן מיר,
גײט פאַרבײ אַברם און רופט איר אַפ'ן שפּאַציר.
— נײן, אַברם, נײן,
אַפ'ן שפּאַציר װעל איך ניט גײן,
די לײטן װעלן זען װעלן זײ מסר'ן פאַר'ן טאַטן.
— טאָ, גײ אַרײן אין שטיבאַלע,
פערמאַך זעך די לאָדנדלעך,
און טו קײן שאָדן ניט (?)

6

אײנע צװײ װערטער האָב איך עס גערעט,
אַזוי האָט ער זעך אײנגעליבט אין מיר.
און נאָט זאָל צאָלן אַף אַלע זײנע װעג,
דעם תּכלית װאָס ער האָט געמאַכט פון מיר.
(בים)

אַ חבֿר'טע האָב איך געהאַט אײנע פון אַלע,
סעקרעטן האָט זי בײ מיר געװאוסט.
און הײנט טוט מען זינגען אין גאַסן
דעם תּכלית װאָס ער האָט פון מיר (?)

און קלײבט זיך צוזאַמען אַי, חבֿר'טעס איר מײנע,
און נעמט זעך אַראָב אַ מוסר פון זײ ()
און נאָט זאָל אײך היטן פון אַ פאַלשע ליבע,
אַזױ װי אײנער פון אַ יונגען טײט.

און װי, איך בין צום ים צוגעגאַנגען,
צולאָזען האָב איך מײנע לאַנגע האָר,
אָט שטײט דער מערדער, אָט גײט דער מערדער...
פאַרקירצט האָט ער מײנע יונגע יאָר!

און װי איך בין אין ים אַרײנגעפאַלן,
האָט זעך אַראָבגעלאָזען אַ הװאַליע מיט אַ װינט.
אַז מײן מאַמע װאָלט דאָס װיסן איר קינד טוט זיך טרינקען,
קומען װאָלט זי צו מיר גיך געשװינד.
(בים)

7

צװעלף אַ זײגער בין איך פון דער אַרבײט נע־גאַנגען
אין דרױסן איז געװען אַ פינצטערע נאַכט,
מען איז אונדז באַפאַלן און געװעלט אונדז קײ־לענען,
פאַרגעשטעלט האָב איך פאַר איר מײן האַלדז.
אױסגעטאָן האָב איך מײן זײדענע טיכאַלע
און אָנגעטאָן האָב איך אַף איר האַלדז. *

שפּאַצירן בין איך מיט מײן געליבטע נעגאַנגען
אַרום אַ שטײנאַלע הײ —
צושײדט האָבן מיר זעך אָ בײדע
אַזוי װי די טײבעלעך צװײ
צושײדט האָבען מיר זעך אָ בײדע
אַזוי װי די טײבאַלעך צװײ...

* עהנליכען פערז בײ י. ל. כהן I, ז. 168.

8

איך גײ אַס'ן גאַס און איך פאַל,
עס פלאַצט אין מיר מײן גאַל:
איך האָב אָבגערעדט אַ ליבע שפּילן
מיט אַ שאַרלאַטאַן.

איך גײ אַס'ן גאַס און איך פאַל,
עס פלאַצט אין מיר מײן לונג:
איך האָב אָפּגעמאַכט אַ ליבע שפּילן
מיט אַ גראָבן יונג.

אָ, ליב האָב איך דיר (דיך), װי מײן לעבען,
ליבער קען שײן ניט זײן!
רײד איבער מיט דײן מאַמען,
אפשר װעלן מיר קענען פרײנד זײן.

איך האָב גערעדט מיט מײן מאַמען,
די מאַמע האָט געזאָגט, אַז נײן.
די מאַמע האָט געזאָגט, איך זאָל מיט דיר ניט רײדן,
און איך זאָל מיט דיר ניט גײן.

ליב האָב איך דיר, װי מײן לעבן,
ליבער קען שײן ניט זײן;
רײד איבער מיט דײן אָנקל (אָנקעל),
אפשר װעלן מיר קענען פרײנד זײן.

איך האָב גערעדט מיט מײן אָנקל,
דער אָנקל האָט געזאָגט אַז נײן;
דער אָנקל האָט געזאָגט, איך זאָל מיט דיר ניט רײדן,
און איך זאָל מיט דיר ניט גײן.

ליב האָב איך דיר, װי מײן לעבן,
ליבער קען שײן ניט זײן;
רײד איבער מיט דײן טאַנטע(ן),
אפשר װעלן מיר קענען פרײנד זײן.

איך האָב גערעדט מיט מײן טאַנטע,
די טאַנטע האָט געזאָגט, אַז נײן.
די טאַנטע האָט געזאָגט, איך זאָל מיט דיר ניט רײדן,
און איך זאָל מיט דיר ניט גײן.

אָ, דו נאַרעשע מײדאַלע,
װאָס האָסטו זעך אײנגערעדט,
איך דאַרף נאָך גײן דעם קיסר דינען,
און צען יאָר זײן אַ סאָלדאַט.

די צען יאָר איז אַװעק,
דער עלפטער איז געקומען,
אין עם (איהם) האָט זעך אַײנגעליבט אירע אַ פרײנדן (פרײנדין),
און איר האָט ער טאַקע גענומען.

9

אוי, װײ, מאַמע; איך װעל מער קײן ליבעס ניט שפילן,
איך װעל מער בײ זײן טײער ניט שטײן:
ער האָט זעך באַרימט פאַר זײנע חברים,
אַז איך רוף עם און ער װיל ניט גײן.

אין סעדאַלע זײנען מיר געזעסן,
מיט אַ בײנקאַלע אונטער די פיס,
און זײנע זיסינקע רײדאַלעך
איז מיר געװען צוקער זיס.

— מיט'ן באַן װעל איך צו דיר פאָרן,
מיט'ן שיף װעל איך צו דיר שװימען;
איך װעל אַװעקװאַרפען מײן פאָטער און מוטער,
און דיר (דיך), מײן לעבן, מוז איך געפינען.

— מיט'ן באַן זאָלסטו צו מיר ניט פאָרן,
מיט'ן שיף זאָלסטו צו מיר ניט שװימען,
זאָלסט ניט אַװעקװאַרפען דײן פאָטער און מוטער,
און מיר (מיך) װעסטו אין ערגיץ ניט געפינען.

— צי דען איז יענע מײדאַלע שענער פאַר מיר,
אַז דו דענקסט מיט איר חתונה צו האָבן?
אַ װיסטע װעלט װעסטו האָבן פאַר איר,
ניט אויסלעבן װעסטו מיט איר די יאָרן.

— ניט יענע מײדאַלע איז שענער פון דיר,
איך דײנק מיט איר חתונה צו האָבן,
אַ גוטע װעלט װעל איך האָבן פאַר איר,
און אויסלעבן װעל איך מיט איר די יאָרן.

געגונג שײן צו װײנען און צו קלאָגן,
ס'איז שײן געקומען די צײט —
איך האָב דיר געמײנט צו פראַקטעקירן * —
אַף אײביג פאַרבלײבסטו מײן װײב.

* דאָס מײנט מען: אויספּרובּען.

10

דאָ גײ איך אַרײן אין שטוב *,
אין שטוב איז פינצטער װי אין אַ גרוב,
אין אַ גרוב איז פינצטער צו ליגן —
אזאַ ליבע װעל איך שײן מער ניט קריגן!

אָך און װײ און ביטער
איז צו מײנע יאָרן;
איך האָב געהאַט אַ געטרײע ליבע
און איך האָב איר שײן אָנגעװאָרן.

דאָ גײ איך מיר צו צום טיש (ש),
אין האַרצן דערלאַנגט מיר אַריס —
אַז איר װײסט ניט, װאָס פאַר אַ ליבע דאָס איז!
אָך און װײ און ביטער א. א. װ.

דאָ גײ איך אַרויס אַפ'ן גאַס,
דאָ שטעלט זי זיך מיר פאָר,
מיט אירע בלאָנדע האָר.
אָך און װײ און ביטער א. א. װ.

װאָס טײג מיר דער גײער װײנגאָרטן
אַז פלאַנצן קען איך עס ניט?
װאָס טײג מיר די שײנינקע מײדאַלע,
אַז נעמען קען איך איר ניט?
אָך און װײ און ביטער א. א. װ.

װאָס טײג מיר דער גאָלדענער רינגער,
אַז דער זײנער ליגט אין טאַש (ש)?
װאָס טײג מיר די שײנינקע מײדאַלע,
אַז איך קאָן ניט מיט איר אַרויסגײן אַפ'ן גאַס?
אָך און װײ און ביטער א. א. װ.

װאָס טײג מיר די נײע קאַזאַצקע,
אַז טאַנצן קען איך איר ניט?
װאָס טײג מיר די מײדל די װאַטסקע,
אַז נעמען קען איך איר ניט?

אָך און װײ און ביטער
איז צו מײנע יאָרן,
איך האָב געהאַט אַ געטרײע ליבע,
און איך האָב איר שײן אָנגעװאָרן.

• װאַר. בײ י. ל. כהן, באַנד I, ז. 90.

11

ס'איז אַ חתונה'קע,
מע לײפט, מע פליט —
קאַרעטן, מחותנים
פעלן ניט.

שפילן מוזיקאַנטן,
אויסגעפוצטע פראַנטן,
און אַלע שײנע יונגע דאַמען
טאַנצן זעך צוזאַמען.

און פון התנ'ס צד
מיט גרײס פרײד,
די כלה טוט מען אָן
די חופה־קלײד.

אַזױ רינגעלט מען איר אַרום,
פרײנד פון אומעטום,
דאָ גיט מען איר
אַ בלומען־קרענצאַלע,
און מע גײט מיט איר
אַ גרײסאַרטיגן טענצאַלע.

עס איז שוין נאָכ'ן טאַנץ,
ס'איז אַראָפּ דער גלאַנץ,
ס'איז געבליבן ריטאַלעך
פון בלומען־קראַנץ...

12

אָי, מײן לעבן, אָי, מײן לעבן, •
װאָס בינסטו (ביזטו) פון מיר אַזױ װײט?
פאַרװאָס זאָלן מיר שײן בײדע ניט חתונה האָבן,
װאָס פירן מיר זעך אַרום אַזאַ צײט.

אָי, אַזאַ צײט פירן מיר זעך שײן אַרום
אַ יאָר און צװײ און דרײ —
אַז איך פלעג דיר דערמאָנען אַ קנס־מאָל צו מאַכן,
פלעגסטו זאָגן, אַז דײן קאָפּ איז דיר ניט דערבײ.

—אָי, אַ קנס־מאָל האָב איך שוין לאַנג געמאַכט,
און מיט אַנ'אַנדערע(ר) בין איך שײן פאַר'קנס'ט—
איך ליב אַנ'אַנדער מײדאַלע, װאָס איז פאַר דיר בעסער,
און אינגער, און דען נאָך מיט פיעל געלט.

—אָי, מיט אַ קללה װעל איך דײנע עלטערנס קינדער פערשילטן,
זײ זאָלן זײן אַזױ אומגליקלעך װי איך,
זײ זאָלן בײנאַכט ניט שלאָפן, און בײ טאָג ניט עסן,
און עס זאָל זײ קװעלן, װאָס מיך.

— אָי, מיט דער קללה װעסטו מײנע עלטערנס קינדער ניט פאַרשילטן,
זײ זאָלן זײן אַזױ אומגליקלעך װי דו —
דען איך בין זײער ברודער, װאָס טוט פאַר זײ זאָרגען,

און פאַרהיטן זיי פון וואָס עס איז שלעכט.

* וואַר. ביי י. ל. כהן I, ז. 140.

13

איך האָב דיר (דיך) גערופן,
דו ביזט ניט געגאַנגן
יעצט האָב איך אַנ'אַנדערע
און דו הער אופגעהאַנגן.

———

ב.

## קינדער=ליעדער.

*1

אלה תולדות נח,
פון בראַנפען קריגט מען כה,
כה איז דער עיקר
פון בראַנפען ווערט מען שכור.

אומר — איז אַ זאָגער,
שואל — איז אַ פרעגער,
אַ פרעגער איז שואל,
פה איז אַ מויל,
אַ מויל איז פה,
אַ דארן איז סנה,
סנה איז אַ דאָרן,
שופר איז אַ האָרן,
אַ האָרן איז שופר,
סופרים זיינען שרייבער,
נשים זיינען ווייבער,
ווייבער זיינען נשים,
ברעטער זיינען קרשים,
קרשים זיינען ברעטער,
דוד איז אַ פעטער,
אַ פעטער איז דוד,
להם איז ברייט,
ברייט איז להם,
אַ טראַכט איז (ט)רחם,
(ט)רחם איז אַ טראַכט,
שמונה איז אַכט,
אַכט איז שמונה,
אַ טויב איז יונה,
יונה איז אַ טויב,
מצנפת איז אַ הויב,
אַ הויב איז מצנפת,
אַ שטאַל איז רפת,
רפת איז אַ שטאַל,
מרה איז אַ גאַל,
אַ גאַל איז מרה,
קיה זיינען פרים (?),
פרים זיינען קי,
בקר — אין דער פרי,
אין דער פרי איז בקר
טייער איז יוקר,
יוקר איז טייער,
אַש איז פייער,
פייער איז אַש,
בשר איז פלייש,
פלייש איז בשר,
חזיר איז אסור
אסור איז חזיר,
מים איז וואַסער,
וואַסער איז מים —
לאָמיר מאַכען אַ „לחיים“!

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן II ז. 153
פערגל. ביי נ.־מ. נ. 122.

מען האָט מיר אויך איבערנעגעבען, אַז מיט אַ 40 יאָהר צוריק פלעגט מען אויך זינגען אויף אַ „דריי־שפראַכען־סיסטעם“:
תגור — אַנ'אייזען — טאָ פעצאַ, (טש)
נר — אַ ליכט — טאָ סוועצאַ (טש)
א. א. וו.

*2

אַ — אַבקע
ב — בערקע,
ג — גע'ננב'עט,
ד — ביי דוד'קען
ה — אַ העמערל.
ו — וואָס פאַר'ע? (וואָס פאַר אַ...)
ז — אַ זילבערנע.
ה — האַפט עם
ט — טאָפט עם
י — יאָגט עם
ל — לייגט עם
ש — שמייסט עם
ת — אין...

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן II, ז. 147.

3.

— משה'קע איז מיינער!
— ווי'ט'נ'עם (ווי האָט מען איהם) גערופן?
— אונטער'ן קעלער,
— וואָ'סט'עם (וואָס האָסטו איהם) געגעבן צו עסן?
— דריי מיז אַף אַ טעלער.
אָדער: 5
— הנה'קע איז מיינע.
— וואו'סט'איר גענומען?
— אונטער'ן טיש (טיש)
— וואָס'סט'איר געגעבן?
— הלה מיט פיש (פיש).

א. א. וו.

*4

גיין אין גאַס,
פאַל ניט נידער (אַנידער),
פינא (געפין אַ...) פייקע (קאָפּייקע)
קייף אַ בייגל,
מאַמען — אַ שטיקאַלע,
טאַטן — אַ שטיקאַלע,
(א. א. וו.: דעם ברודער, שוועסטער, א. ז.)
און דיר: גאָר, גאָר, גאָר!...

———

* אויף „קינדער־לשון“.

* 5

אַ רעגען גייט, אַ רעגען גייט.
— די כלה איז געלעגן.
— וואָס'ט'זי (וואָס האָט זי) געהאַט?
— אַ אינגאַלע
ווי ט'נ'עם (ווי האָט מען איהם) גערופן?
— משה'לע
— וואו'טינ'עם געהאַלטן?
— אין אַ שייסאלע.

———

* וואַר. ביי מענדעלי מו"ס „ווינשפינגעריל“, אויך ביי י. ל. כהן II, ז. 114 און 134.

6.

אַ לאַבן ברייט
גרייס ווי אַ ראָד,
מייקעס (מאיר'קעס) אַ פאָר הייזן
מיט אַ צוריסענעם...,
די באָבעס ברילן
איז אָן אַ גלאָז.

7.

ליגט אין דר'ערד
ווי אַ פערד,
באַקט בייגל
ווי אַ פייגל.

8.

נאַ טעבע סיגע,
פאָר אין ריגע,
נעם אַ פאַס,
היינג זיך אוף אין מיטן גאַס.

*9.

— מיר ציען דורך, מיר ציען דורך
דורך האזענפאָטער** בריק***.
— מיט וואָס, מיט וואָס?
— מיט גאָלד און זילבער דורכגעשטיקט,
דער לעצטער מוז געפאַנגן ווערן.
. . . . . . . .

———

* דאָס דאָזיגע ליעדעל און דאָס פאָלגענדע זענען דייטשמעריש, זיי ווערען געזונגען ביי קורלאַנד. דאָס ערשטע בענוצטביים שפּיעלען זיך. דאָס צווייטע — אַ רייט־ליעדעל.
** אַ שטאָדט אין קורלאַנד.
*** וואַר. „דורך די גאָלדענע קעטע“.

10

האָפּ, האָפּ פערדלען,
רייט נאָך שטאַדטלען,
קאַאוף דיר קרינגל
עס דיר זאַט,
וואָס נאָך דאַצו?
אַ פּאָר רייטע שו
מיט געלבן גאָלד באַשלאָגן.
ווער וועט דאָס טראָגן?
— איך!

* 11

אנא — וואנע, טאטאניע
מ'ע — ויע, קאמפאניע
סאלאוו ראקא
מיקא — טאקא,
איינס, צוויי דריי
דו ביזט פריי.

———

* וואַר.
סאנטע פי, דע האָלעברי
האָלעברי דע הורא —
איינס, צוויי דריי —
דו ביזט פריי.

*.12

איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף, זעקס, זיבן,
איין ברודער האָט געקאָכט ריבן,
דער אַנדערער ברודער האָט געקאָכט מעק (מע־קענע?)
איך און דו — אַוועק.

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן, II ז. 127

13

איציק־שפּיציק נאָדל טעשל *
גיי אין בוד (קראָם) און גנב'ע אַ פלעשל,
— אַ פלעשל קאָסט אַ פּיים (פּייאַם)
— אַ גנב ביסטו אַליין.

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן, II, 134, ביי ד. א—ן קינדער־ליעדער № 3.

*14

והוא רחום יכפר עון ולא ישחית והרבה להשיב אפו ולא יעיר כל המתו,
אופּע—דרופּע, יאָסעם שטופּע
סענע — קרענע, סום — אַרויס **

———

* וואַר. והוא רחום... והרבה להשיב
אפו — דראַפּע, ענדע — קאמענדע,
עך — פּעך, נעם די . . . . . . .
אין דערלאַנג . . . . . . . .
** וואַר. „צענע ווערענע" (צאינה וראינה).

* 15

אונטערן בריק
אַס'ן בריק
זיצט ציפּאלע די גרינע,
— ציפּע, ציפּע
דער התן פאָרט
מיט אברהם אבינו.

מען דאַרף דאָך טרינקען אַ ביסל וויין
און דער התן פאָרט אין געהעפּט (הויף) אַריין.

———

* פונ'ם אַלטען ליעבע־ליעד ביי ג.־מ. נומ. 134 איז איין פערז מגולגל געוואָרען אין אַ קינ־דער־ליעדעל. — וואַר. אויך ביי י. ל. כהן, I, ז. 16.

*16

מאַכן מיר קעסטאַלעך, קעסטאַלעך —
גייט אַרויס אַ הון.
— האָן, האָן, וואָס גיסטו?
— איך גיב אַ קריי.

שפּילן מיר אין קעסטאַלעך, אין קעסטאַלעך
גייט אַרויס אַ הון
— הון, הון, וואָס גיסטו?
— איך גיב אַן'איי.

שפּילן מיר אין קעסטאַלעך, אין קעסטאַלעך
גייט אַרויס אַן'אינדיק —
— אינדיק, אינדיק, וואָס גיסטו?
— איך גיב אַ האָלדער—באָלדער.

שפּילן מיר א. א. וו.
גייט אַרויס אַ גאַנדז —
— גאַנדז, גאַנדז וואָס גיסטו?
— איך גיב אַ „קאָ—קאָ—קאָ!"

. . . . . . . .

אַנ'ענטעל
— איך גיב אַ קוואַ—קוואַ—קוואַ.

. . . . . . . .

גייט אַרויס אַ טויב...
— איך גיב אַ „או—הו, או—הו".

———

* וואַר. זעה ביי ג.־מ. נומ. 129.

.* 17

הוה איז געגאַנגען דעם נערטאַלע שליסן
האָט זי געפונען אַנ'עפּאלע זיסן
אונטן — ווייס, אייבן — רייט,
הוה האָט געקראָגן דעם ביטערן טויט.

———

* וואַר. ביי ג.־מ. נ. 8.

18

זיצן, זיצן צוויי רבנים,
קומט אַריין אַנ'עזות פנים,
גיט ער דעם רב אַ פּאַץ (פּאַטש) אין פנים.
— אי, וואָס איז דאָס?
עס לייפט עם בלוט פון נאָז.

* 19

דאַרטן, דאַרטן
ביי המנ'ען אין גאָרטן
זיצט מיין ברודער און שפּילט אין קאָרטן.
איינס, צוויי, דריי
פיילן (פוילען) פאָרן פאַרביי,
רוסן קומן אָן —
אַ שנאַפּס מוז'ן (מוז מען) טאָן **.

———

* וואַר. ביי ג.־מ. נ. 90.
** וואַר.
איינע קליינע
ווייסע טויבע
פאָרן מיר
אין איינגעלאנד
איינגעלאנד
איז צוגעשלאָסן
און דער שליסל
איז אָבגעבראָכן.
איינס, צוויי, דריי,
פיילען (פוילען) פאָרן פאַרביי
רוסן קומען אָן —
אַ שנאַפּס מוז'ן (מוז מען) טאָן.

* 20

מאַריאַנע קום טאַנצן
און צום רעדל דריי זיך,
די באָבע קאָכט לאָקשן
און דער זיידע פרייט זיך.

———

* וואַר ביי י. ל. כהן, II ז. 115.

21

שרה, שרה אַ רעגן גייט
נעם די שליסל און גיי אין קלייט!
שרה האָט מורא
היינט איז שמחת תורה.
שמחת תורה האָפּינקע *
מיט די פיס אַ טאָפּינקע
מיט די הענט אַ מאַכינקע
מיט די מויל אַ לאַכינקע —
האַ—האַ—האַ, זאָגן זיי.

———

* ביי פרוג'ן, אין אַ מאטא צו זיינעם אַ שמחת תורה־ליעד געפינען מיר אַזאַ וואריאַנט:
„שמחת תורה, האָפּעניו,
מיט'ן פוס אַ קלאָפּעניו
מיט'ן צונג אַ קנאַקעלע
און אין האַרצען — אַ מכה'לע!..

*22

איינגאַלע, ביינגאַלע
לאָז מיר לעבן!

איך װעל די קו
שטריי געבן.
די קו װעט מיר
מילך געבן
די מילך װעל איך
דעם פּעלטער ** געבן.
דער פּעלטער װעט מיר
פּוטער געבן,
די פּוטער װעל איך
דעם פּריץ געבן,
דער פּריץ װעט מיר
האָבער (?) געבן,
די װייץ װעל איך
דעם מילנער געבן,
דער מילנער װעט מיר
מעל געבן.
די מעל װעל איך
דעם בעקער געבן,
דער בעקער װעט מיר
ברויט געבן,
ברויט װעל איך
די מאַמען געבן,
די מאַמע װעט מיר
... געבן.

———

* װאַר. בײַ י. ל. כהן, II ז. 115

** מילכינער.

*23.

סאַקע (סאראקע?) װאראנע
דידאלע, קאַשקע װארילע
טאמדאלע, טאמדאלע, טאמדאלע
קוק—קוט—קוט!

———

* מיט די דאָזיגע װערטער צעהלט מען דעם קינדס פינגערלעך, ענדיגענדיג מיט קוט—קוט—קוט—קוט—טוט מען איהם אַ קיצעל.
דאָס לידעל איז אויף ליטװיש.

24

דרייך זאָל ער װערן
גאָט זאָל עס באַשערן
אַז די שונאים זאָלן
צושפּרונגן װערן.

25 *

פּאַצע, פּאַצע קיכאַלעך
נײַן, נײַן שיכאַלעך
לייפן, לייפן אין חדר'ל,
לערנען, לערנען כסדר'ל.

———

* װאַר. בײַ ג.־מ. 64, און בײַ י. ל. כהן, II ז. 118.

26

אַז פּאָרט אַ גרויסער פערד
מיט די שײנע לײצעס,
זיצט אַף עם אַ יונגערמאַן
און האַקט עם אין די פּלײצעס.

27

איינס, צװיי,
פּאָליציי.
דריי, פיר,
אָפיציר
פינף, זעקס —
אַלטער העקס *
זיבן, אַכט —
גוטע נאַכט.
נײַן, צען —
שלאָפן גײן.
עלף, צװעלף —
גאָט העלף.
דרייצן, פערצן — די רבי'צן.

———

* װאַר. „העלף".

*28.

איינס — אַ בילינג,
צװיי — אַ צװילינג,
דריי — מזומן,
פיר — רעדער,
פינף — פינגער,
זעקס — אַ זינגער,
זיבען — אַ טײַך,
אַכט — אַ רײַז,
נײַן — די שײַן,
צען — אַ ברען,
עלף — אַ פּגר,
צװעלף — אַ זיינער,
דרייצן — די בייצן (בײַטשען)
פערצן — די רבי'צן,
פופצען — אַ גילדן **.

———

* װאַר בײַ י. ל. כהן, II, ז. 127 און בײַ ג.־מ. נומ. 88.

** װאַר. „אַ האַלבער גילדן", מחמת אין טייל געגענדען איז דער גילדען 15 און טייל געגענדען 30 קאָפּ.

*29.

קליין אידאלע
נאָלד שמידאַלע,
לאַנגער שטאַנג,
פּוטער גאַשער,
עשו הרשע.

———

* די נעמען פון די פינף פינגער.

30

רינגאלע — ראננאלע
ראזענטאַן *
קריכן אַף די קעטע
אַף די קעטע קריכן זיי
מיט גריים געזאַלד (?).
געזאַלד, געזאלד,
טװיר און טװאַלד (?),
איך האָב זיבן יאַלד,
אומעטום
פריילן... קערט זעך אום.
מיט די שיינע קעטע
װען די קעטע קלינגט אָן —
אַף װי שיין, אַף װי פיין
פריילן... קערט זיך אום,
און פריילן.... האָט זיך אומגעקערט
איז פאַר איר גאַנץ באַשערט.

———

* װאַר. ראָזענקראַנץ.

31

אנע דאָנע,
טרי קאנעלע,
מיסליע, מאסלע,
קאמפאנעלע,
קאמפא — א
קאמפא — בא
מיסלע מאסלע
קאמפא — טאַ.

32

ענדע—פענדע,
צונדע מע,
אַבל — סאַבל
דע מינע.
איקע—פיקע,
גראַמאַטיקע,
איינע, קליינע
זאָנס.
איינס, צװיי, דריי,
דו ביסט פריי
פון רוסיסע פּאָלעציי (רוסישע פּאָליציי)

33

— שלה לך!
— שיק דיין סאָלג (סאָלק)!
— דיין סאָלג איז הינקענדיג
— דו ביזט...

*34.

— עקאך!
— מקה?
— שאַך!
— אַ פּאַך (פּאַטש)!

———

* „באַראַנטשיק"־שפּיעל.

*35.

—װאו שטייסטו?
— אַפּ'ן גאַס **

— וואָס טרינקסטו?
— קוואַס.
— וואָס עסטו?
— בײנאַלעך.
— וואָס כאַפּסטו?
— פײנאַלעך.
האָסטו אַ קאָכלעפּיל (קעכלעפל)
מיש!

———

* „בלינדע קוה" (בלענדעניש)־שפּיעל.
** וואַר. „אין אַ טון אַש".

36

אַפּריל, אַפּריל,
גאָטעס חיל,
איך קען דיר נאַרן
פיל (װיפּיעל) איך וויל!

37

ציפּע די קניפּע,
די באָבע האָט געבעטען
אַ לעכאַלע ברייט,
העט זי געבן,
העט זי לאַנג לעבן.
סטיס, סטיס, סטיס...
(אין אמת'ען ענדיגט זיך:
העט זי ניט געבן,
וועט זי אַ כפּרה ווערען!)

38

דאיטע, דאיטע,
קאַפּעליאַיטע,
ווער ס'וועט געבן —
דער העט לעבן.
ווער ס'וועט ניט געבן
העט ניט לעבן.

אַ קאַץ, אַ מויז,
אַ אידישע הויז.

. . . . . . .
. . . . . .

39

אנטאלע, װאנטאלע װאַנישקע
טרי קאָפּייקי דאָנישקע,
ניעט, ניעט, ניע האָצו
אוב (וו) סאָלדאַטי ניע פּאָידו,
וואָדקי ניע וואָזמיאָט.

40

— פּראש, פּראש!
זאַלץ אין די אײגן
פעפער אין נאָז!

*41

— מײזאַלע, מײואַלע!
נאַדיר אַ בײנענעם,
גיב מיר אַנ'אײזערנעם.

———

* פאַראַן אַ פאָלקס־מנהג, אַנ'אַרויסגעפאַלענעם צאָהן אַרויפצוװאַרפען אויפ'ן אײװען און בשעת מעשה דעם דאָזיגען שפּרוך זאָגען.

*42

אַ שטעקאַלע אַריין,
אַ שטעקאַלע אַרויס,
די מעשה'לע איז אויס.

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן, II, 118

43

אַ בער אָהן אַנ'עק,
די מעשה איז אַוועק.

44

יאַנקאַלע ציגײנער,
גיי אין גאַס,
קויף אַ פלאַס (ש)*
קריגסטו ניט קיין פלאַס
טאָ קריג אַ הולאת.

———

* וואַר.
גיי אין גאַס
און טרינק פון פלאַס (ש)
ווילסטו נאָך —
טרינק פון קרוג
ווילסטו נאָך —
טרינק פון לאַק
ווילסטו נאָך —
אַ מכה דיר אין באַק!

*45

שמיסענער...
דריי ברכות
מאָרגען עט (וועט) קומען דער אָסעסער,
וועט ווערען אַ ביסאַלע בעסער.
קומט דער טאַטע
וועט לײגען אַ לאַטע.

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן II, ז. 133

46

סעמענע־טאַנץ
פיש אין וואַסער
שווימען הין און הער.
נאָדלען און שפּילקעס
איז די שענסטע געווער

47

טענדע ווערענדע
די מומע ראָכע,
גיי און שול און
מאַך אַ ברכה.

*48

— בימבאַלע—באָמבאַלע
— קאס טאס איר?**
— דער אַלטער בעטלער***
שטייט באַן טיר
און חעלכע קינדער ס'ווײנען
שלעפּט ער אַריין אין טאָרבעלע.

———

* מען שרעקט קינדער איין דערמיט?
** לעטיש: ווער איז דאָ?
*** וואַר. „וועצקים" לעטיש: זקן.

49

— בו—בע, בו—בו, לײזאַלע
בויען, בויען אַ הײזאַלע
ווער וועט דרינען ווײנען (וואוינען)
מיט די גאָלדענע קרײנען.
וועט זי מאַכען גלײכע,
וועט זי זײן אַ רײכע,
וועט זי מאַכן קרומע,
וועט זי זײן אַ פרומע.

50

היזאַלע, העזאַלע
אונטערן סטעזאַלע
מאַלט דער בעראַלע האָלצײט,
טאַנצט די מויז
פידעלט די לויז
אַף דעם בעראַלעס האָלצײט.

51

פליט אָן פלינגל, *
מויערט אָן רינגל,
לינט זיך ווי אַ האַר
אן שטײט אוף ווי אַ נאַר.

———

* רעטעניש: דער שניי.

52

— גוט מאָרגן
ר' אידאל!
— וואו פאָרט איר?
— אַפ'ן ירידל,
— וואָס וועט איר קויפן?
— אַ פידל.
— ווי וועט איר שפּילן?
— רידל—דערידל.

* 53

— משה'קע איז מיינער!
— װאו האָסטע עם געפונען?
— צװישן די װיצקעס.
— האָס האָסטע עם געגעבן?
— הויר'סע...

---

* װאַר. ביי י. ל. כהן II, 136.

54

אַז דער קליינער משה'לע פּאָלגט מיר ניט
װייסט איר װאָס איך טו?
איך שטאָפּ עם אַריין אין אַ זעקאַלע
און בינד פון אייבן צו*.

---

* די לעטען זינגען עס אויך:
קאַ מאַזינס מיישעלם נע קלויסי,
װאי זינו קאַ עס דאַר?
איעבאוס הינעם מאישעלע
און אָסינו מאַ גאַל.
פערגל. אַ װערטיל, װאָס איז גלייכצייטיג
אי אויף יודיש אי אויף לעטיש:
— קענסטו די אַלטע סיגן פון קאַנדעװע? (אַ שטעדטיל אין קורלאַנד)
— װאַ טו זין װעצו סיג נאַו קאַנדראו?

55

אבקע איז שוין דאָ
און בערקע איז ניטאָ!
אַבקע, בערקע, װאו זייט איר געװעזן?
בערקע איז שיין דאָ,
און גרשון איז ניטאָ?
אַבקע, בערקע, גרשון,
װאו זייט איר געװען?
גרשון איז שוין דאָ
און דוד איז ניטאָ.
אַבקע, בערקע, גרשון, דוד,
װאו זייט איר געװען?

א. אַז. װ.

56

אַמאָל איז געװען אַ זידענע (זשידענע ?) באָבע,
האָט זי געהאַט אַ הינדאַלע אַ ראָבע,
די הינדאַלע אַ ראָבע האָט אויסגעלייגט אַנ־
אייאַלע...
מיר סקריפּעט, פּלאַנקען שאָקעלט זעך:
אי, אי, אי...

57

פּייגאַלע, פייגאַלע
פּי פּי פּי,
— װאו איז דער טאַטע?
— דאָ ניט הי.

— װאו איז ׳געפאָרן?
— נאָך איסאקי*
— װאָס האָט ער געבראַכט?
— מילך מיט קי**
— װער האָט געטרונקן?
— זי און ער
שװיגער און שװער
אַברם דער הייבער,
בער דער טוהר,
שרה די (ה)װאַטקע,
איז געגאַנגען אין יאַטקע
האָט זי געקייסט אַ בראַטקע
און געװאָרען אַ ציגאַטקע ***

---

*) װאַר. „נאָך לאַדי".
**) װאַר. „װאָס װעט זי ברייננן?
— אַ פּאָר קי.
— װער װעט זיי מעלקן?
— איך און זי.
*** עהנליכע שורות ביי ג.־מ. נום. 111.

58

אנע האנע,
גימל גאנע,
אייפע גראנע
װייטע שטערן
קים איך אַרויס
אַף מיין קרן.

*59

— שוסטער צו הויז?
— אין יענער הויז!
— שוסטער צו הויז?
— אין יענער הויז!

---

*) „דער שוסטער איז אין דער היים?"
אַזוי שפּרינגען קינדער אַרום אויף איין פוס פון איינעם צו דעם אַנדערן. דאָס שטאַמט זיכער אָב פון אַ צייט צוריק (שטיצט זיך אפשר אויף פאָלקס־הלצה?) װייל עס איז דאָ אַ זעהר פערשפּרייטער שפּריכװערטעל: „װאַס שפרינגסטו אַרום שוסטער־צו־הויז"?

60

(אַ גנב־ליעדעל)

— מאַרעװיכער*
גנב'ע ניכער!
שטעק די האַנט
אין זאַר (?) אַריין
זע, זע היט זעך
ניט פאַרשיט זעך
זע קיין סאָהער (?) זאָל ניט זיין.

---

* דער נאָמען פונ'ם גנב.

61

(פאַנדען־שפּיעל)

— גוטן טאָג, גוטן טאָג, הער מויערלאַנד!
— פון װאַנען זינדן זי?
— פון מויערלאַנד!
— װעסען פאַנד
אין װעמעס האַנד?
— דיזן טאלער פון דעם אַנדערן
און דעם דריטן פון דעם פירטן
אַך, װי הערליך, אַך װי שיין
אין דיזן טאלער מוז עס גיין.

62

— ציפּע די קניפּע,
גרייט צום טיש,
— װאָס װעלן מיר עסן?
— הינער מיט פיש!
— װאָס װעלן מיר טרינקן?
— מעד און װיין.
— װאו װעלן מיר שלאָפן— (װאַר. גיין)
— אין בעט אַריין!

63

איינס, צװיי, דריי, פיר, פינף, זעקס, זיבן,
כ'װיים ניט װאו איז מיין שאַץ געבליבן,
ער איסט ניכט היר,
ער איסט ניכט דאָ,
ער איז אין אַמעריקאַ!

64

אינגאַלעך מיט מיידאַלעך
האָבן זעך גענומען,
תשעה באָב אַ חתונה'קע,
קיינער ניט געקומען.
קומט דער פעטער אליה'לע,
מיט'ן קליינעם בערדאַלע,
הייבט ער אָן צו טאַנצן,
װי אַ משוגענער פערדאַלע. *

---

* כמעט עהנליכע װאַריאַנטען — ביי ג.־מ. נום. 255 און 256, אויך ביי י. ל. כהן II, ז. 110.

---

## פערשיידענע ליעדער.

* 1

— װאו זאָל איך װייץ נעמען,
סענדערל מיין מאַן?
— באַן (בים) פויער, באַן פויער, מיין װייבאַלע,
באַן פויער, באַן פויער, מיין טייבאַלע,
באַן פויער, באַן פויער מיין האַרץ, מיין קרוין,
איך פאָר דאָך שוין אַװעק.

— וואו זאָל איך מעל נעמען,
סענדערל מיין מאַן!
באַן מילנער, באַן מילנער, מיין ווייבאַלע,
באַן מילנער, באַן מילנער, מיין טייבאַלע,
באַן מילנער, באַן מילנער, מיין האַרץ, מיין קרוין,
דו בלייבסט דאָך שיין אַליין.

— וואו זאָל איך ברויט נעמען,
סענדערל מיין מאַן!
— באַן בעקער, באַן בעקער, מיין ווייבאַלע,
— באַם בעקער, באַם בעקער, מיין ווייבאַלע,
באַם בעקער, באַם בעקער, מיין האַרץ, מיין קרוין,
דו בלייבסט דאָך שיין אַליין.

---

* ווערער עהנליכע וואַריאַנטען זעה ביי ג.־מ. ז. 305 און 306.

2

האָס זאָל טויבע טאָן
אַז היעל (יחיאל) שלאָגט איר אָן?
ער דערלאַנגט איר אַ בריק,
און זאָגט: „פּאַשאָל וואָן".

3

אין טיאַטער זיצט אַ דאַמע,
און טראָגט אַ קלייד מיט פאַלבן
אַפ'ן מאַרק זיצט די מאַמע
מיט'ן טאַטען דעם אַלטען.

דער זיינער איז שיין צען,
קיין גראָשן ניט געזען.
אוי, עס הונגערט זיך געהעריג *
לאָמיר זעך בעדיינקען,
ווער עס וועט קריינקען,
דער לעבאַלע ברייט מיט'ן הערינג.

---

* וואַר.: און עס חלש'ט די הערצאַלע געהעריג.

4

אַז משיח וועט קומען,
וועט בטל ווערן אַלע נייסען,
ווער עס וועט אין טיאַטער (טעאַטער) קומען
דעמ'ע'מען (דעם וועט מען) שמייסן.

ניט מע טאָר און ניט מע מעג,
אַזאַ ווילטאָג זיך אָנצוטאָן,
אין טיאַטער נעכט און טעג,
וואָס היינטיגע וועלט ניט קאָן.

וואָס הערט זיך אין טיאַטער?
אָסור אייב איך ווייס,
מע גייט אַוועק אַ זאַטער,
און מע הונגערט זעך דאָרטן אויס.

צו מען טאָר און צו מע מעג
אַזאַ ווילטאָג זיך אָנצוטאָן,
אין טיאַטער נעכט און טעג —
וואָס היינטיגע וועלט ניט קאָן.

דאָ זיצט אַ שיקסע און וויינט,
און איינער שטילט איר אַיין —
שדים וויסען איהר, וואָס זי וויינט.
צי מעג איך דערביי זיין?

אַזאַ ווילטאָג זיך אָנצוטאָן,
צו מע טאָר און צו מע מעג
אין טיאַטער נעכט און טעג —
וואָס היינטיגע וועלט ניט קאָן.

מע גייט אַריין אין אַ שטוב,
און מע רייסט די מזוזות אַראָפּ,
מע גיט דאָס אַ נאָמען: קלוב,
און מע גייט מיט'ן היילן קאָפּ.

צו מע טאָר אוי צו מע מעג
וואָס היינטיגע וועלט ניט קאָן,
אין טיאַטער נעכט און טעג —
וואָס היינטיגע וועלט ניט קאָן!

5

אין באַן זיצט איינער
אין „פּערוויי קלאַס",
אַ קלוגער מענץ(ש) אַ שיינער,
מיט אַ רייזע־טאַש.

מיט מענצן (מענשען) ווערט ער בעקאַנט,
ס'אי'אויס (ס'איז אויס) די גאַנצע וועלט —
און נעמט אַרויס די געלט,
מיט די רעכטע האַנט.

* 6

עס שלאָגט דער זייגער איינס,
אָ, ווי, איינס,
אָ, ווי ביטער איז דעם מענצן (מענשען),
אַז ער לאָזט ניט אַ קדיש קיין קליינס.

אי, איך האָב ניט אופגעטאָן,
אי, איך האָב ניט אופגעבראַכט,
זאָגט די נשמה צו דעם מענצן:
האָב אַ גוטע נאַכט.

עס שלאָגט דער זייגער צוויי,
אָ, ווי, צוויי.
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז עס טוט עס אַנ'אַבר ווי!
אָ, איך האָב אויפגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער דריי,
אָ, ווי, דריי,
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז ער איז פאַרביי.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער פיער,
אָ, ווי פיער.
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז ער ליגט די פיס צום טיר.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער פינף,
אָ, ווי פינף.
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז עס איז נישטאָ פאַר עם קיין הילף.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער זעקס,
אָ, ווי זעקס —
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז ער איז געל ווי אַ וועקס.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער זיבן,
אָ, ווי זיבן —
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז מען האָט שיין פאַר עם צוזאַמענגעקליבן.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער אַכט,
אָ, ווי אַכט —
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז ער שטאַרבט אין מיטען דער נאַכט.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

עס שלאָגט דער זייגער ניין,
אָ, ווי, ניין —
ווי ביטער איז דעם מענצן,
אַז מען לייגט עם אין דער ערד אַריין.
אָ, איך האָב ניט אופגעטאָן א. א. וו.

---

* וואַר. ביי י. ל. כהן II ז. 93.

* 7

זיצט אַ מיידאַלע אין ווייngאָרטן
צונעבאַרשטן, צונעפלאָכטן,
קומט אַריין אַנ'אַלטינקער זיידאַלע,
און זאָגט איר „גוט מאָרגן, מיידאַלע".
זאָגט זי עם „גוט יאָר, זיידעלע".
— וואָס זאָגסט דו מיר: „גוט יאָר",
אַז איך גיי נאָך דיר נאָר.

— הכּר'טע דו ליבסטע, הכּר'טע דו מיין,
שיק מיר מיין פאָטער אַריין,
שיק דאָך מיר מיין פאָטער אַריין,
מיין פאָטער האָט מיר האָלט,
ער וואָלט פאַר מיר געבן צען טונען גאָלד.
(ב"ס).

— די צען טונען גאָלד זאָל בלייבן שטיין.
נאָך דיר בין איך געקומען,
מיט דיר מוז איך גיין.
— הכּר'טע דו ליבסטע, הכּר'טע דו מיין,
שיק מיר מיין מאַמען אַריין.
מיין מאַמע האָט מיר ליב,

זי האַלט פאַר מיר געבן אַ קינד פון וויג.
(כ״ם).

* אַנאַלאָגישע וואַריאַנטען — ביי נ. פריי־לוצקי II באַנד, 106–108.

8

פליט, פליט אַ גאָלדענע פייגל *
איבער אַלע ימ׳ען —
לאָז געריסן די שוועסטער מיט דעם ברודער,
אייך דעם טאַטן מיט די מאַמן.

פליט, פליט אַ גאָלדענע פייגל
איבער אַלע ימ׳ען —
לאָז געריסן דעם פעטער מיט די מומען,
אויך דעם טאַטן מיט די מאַמען.

לאָז געריסן דעם זיידן מיט די באָבן א. א. וו.

לאָז געריסן פריינט און גוט פריינט א. א. וו.

* וואַר. דערפון ביי שלום־עליכמ׳ן אין זיין „סטעמפעניו“ ז. 55 (אַלע ווערק, IV באַנד). אויך ביי ג.־מ. ז. 264–265.

9

זייט געזונטערהייט
אַלע מיינע גוטע ברידער —
איך פאָר שיין אַוועק פון אייך.
גאָט זאָל געבן
געזונט און לעבן,
און מיר אַ גליקליכע רייזע *

זייט געזונטערהייט,
אַלע מיינע גוטע שוועסטער א. א. וו.

זייט געזונטערהייט,
אַלע מיינע גוטע פריינט א. א. וו.

אַלע מיינע פעטער׳ס א. א. וו.

. . . . . . . . .

ווען אַ פעדער וועט צום גרונט קומען
און אַ שטיין פון אייבן שווימען **.

* כאַראַקטעריסטיש די יודישליכע אָבקירצונג פון רייזע אויף ריין.

** דאָ פעהלט. דאַרף, למשל, אַזוי זיין: „ווען וועלען מיר זיך נאָך אַמאָל זעהן?“.

10

וואָ (וו)עלן מיר פאָרן, ברידער?
צו דער מלחמה ברידער,
צו דער מלחמה איז אייך ניט גוט,
אַזוי ווי וואַסער גיסט זיך אונזער בלוט.

וואָס וועלן מיר עסן, ברידער?
קרויט מיט ווערעם, ברידער.
קרויט מיט ווערעם איז אייך ניט גוט,
אַזוי ווי וואַסער גיסט זיך אונזער בלוט.

וואו וועלן מיר שלאָפן, ברידער?
אַף שטרייענע קישענס, ברידער, א. א. וו.

מיט וואָס וועלן מיר זיך צודעקן, ברידער?
מיט סאָלדאַטסקע שינעלן, ברידער.
מיט סאָלדאַטסקע שינעלן איז אויך ניט גוט.
א. א. וו.

. . . . . . . .

דער פריץ מיט זיינע לאַפּצעס (?), ברידער.
א. א. ה.

. . . . . . . .

האָראָפּאַטקין * דער... ברידער,
האראפאַטקין... איז אייך (דאָך?) ניט גוט,
אַזוי ווי וואַסער פאַרגיסט מען אונזער בלוט.

* קוראָפּאַטקין.

* ווי מען זעהט, שטאַמט די ליעד ניט פון די אַלטע יאָהרען.

11

פירט מען מיר אַריין
אין ערשטן חדר, *
טוט מען מיר אויס
די מוטערס קליידער,

ווי גרייס איז מיין פיין,
אַ יון מוז איך זיין,
ווי גרייס איז מיין פיין,
ווי קען מיר ערגער זיין!

פירט מען מיר אַריין
אין צווייטן חדר,
טוט מען מיר אויס
די כלה׳ס ויינער.
ווי גרייס איז מיין פיין א. א. וו.

פירט מען מיר אַריין
אין דריטן חדר,
טוט מען מיר אָן
סאָלדאַטסקע קליידער.
ווי גרייס איז מיין פיין א. א. וו.

מיין מוטער האָט מיר נעהאָדעוועט
אַף טייטלן און אַף פייגן,
אַז פאַניע גיט אַ פאַץ(טש) —
מוז מען דאָך פאַרשווייגן.

ווי גרייס איז מיין פיין,
אַ יון מוז איך זיין,
ווי גרייס איז מיין פיין,
ווי קען מיר ערגער זיין!

* וואַר. ביי י. ל. כהן II, ז. 181 און 187.

12

ווער וויל וויסן, אַז פאָניע איז אַ לייט?
די אָבגעפּיצטע שטיוואַלעך, די קעפּקע אָן אַ ווייט,
. . . . . . . .
. . . . . . . .

די מאַמע האָט מיר נעהאָדעוועט אַף טייטלען
און פייגן.
אַז פאָניע דערלאַנגט אַ פאַץ (פאַטש), מוז איך
נעבעך שווייגן.
. . . . . . . .

אַז פאָניע דערלאַנגט אַ זעץ איז דאָך צוקער־זיס
מען רופט עם אָן טאַטינקע, מען פאַלט עם
צו די פיס.
. . . . . . . .

אין דער היים האָב איך געלערנט אַ בלאַט גמרא
מיט רש״י *
און דאָ מוז איך איצט עסן פאָניעס קאַשע.
. . . . . . . .

די מאַמע האָט מיר נעהאָדעוועט אַף מילך און
אַף פוטער
און איצט מוז איך האַלטן אַ ביקס פאַר די מוטער.
. . . . . . . .

פירט מען מיר אַרוף אַפ׳ן ערשטן טרעפ *
גייט מען מיר אָן סאָלדאַטסקע קנעפּ,
. . . . . . . .

פירט מען מיר אַריין אין דעם ערשטן חדר,
טוט מען מיר אָן סאָלדאַטסקע קליידער
. . . . . . . .

ווער איז שטאַרקער פאַר רח׳קע ריווע לאה׳ס,
אַז פאָניע זאָל האָבען די גאַנצע דעות.
. . . . . . . .
. . . . . . . .

* עהנליכע שורות פאַראַן ביי י. ל. כהן, II, ז. 181.

13

די מאַמע איז נעגאַנגען אין מאַרק אַריין
האָט זי געקייפט אַ באַיקע.
וויפיל (וויפיעל) האָט זי באַצאָלט פאַר די באַיקע?
צווי אַ האַלב ביי מעדאַיקע.

ווער וועט נייען די באַיקע?
זיסע ביילעס ביי מעדאַיקע.
מיט וואָס וועט זי נייען די באַיקע?
מיט רייטע פאָדים ביי מעדאַיקע;

מיט וואָס וועט מען פוצן די באַיקע?
מיט רייטע פאָגאָנעס ביי מעדאַיקע
מיט דאָס וועט מען פוצן די באַיקע
מיט רייטע פאָגאָנעס ביי מעדאַיקע.

הער וועט טראָגן די בייקע?
יאָקע אַייזיקס ביי מעדייקע,
ער איז דער ערשטער
פון די שייקע.

14

די (דאָס) ערשטע ווייב האָט געהייסן שרה,
דאָס איז געווען אַ שלאַק און אַ צרה,
זי האָט געהאַט:
אַ לאַנגען נאָז און רייטע אייגן,
און דער פנים אויסגעצייגן,
אַ טעבער אָסטאַלסיאַ טאַק,
ניע זשאָנאַטי האלאסטיאַק,

צווייטע ווייב האָט געהייסען היה,
עטאָ בילאָ סאָווסעם דרוגאַיאַ,
זי האָט געהאַט א. א. וו.

דריטע ווייב האָט געהייסן פעסע,
עטאָ בילא פראָסטאָ באַראָנעסאַ,
זי האָט געהאַט א. א. וו.

די פירטע ווייב האָט געהייסען דינה,
עטאָ בילא סאָווסעם גראַפינאַ,
זי האָט געהאַט:
אַ לאַנגען נאָז און רייטע אייגן,
און דער פנים אויסגעצוינן,
אַ טעפער אָסטאַלסיאַ טאַק,
ניע זשאָנאַטי האלאסטיאַק.

(חיטעב. גוב.).

15

(אַ ליעד פון אַן אַלטען מאַן *).

אַ - ביישפיעל וועל איך אַייך געבן
דעם סוף בעטראַכט פון מיר אַצינד
עס איז גלייכער ניט צו לעבן
איידער אָנצוקומען צו אַ קינד.

כ'האָב אָפּגעלעבט פיל יאָרן
מיט כּבוד און מיט געלט —
כ'האָב געהאַנדעלט און געפאָרן
כ'האָב אָפּגעלעבט אַ גאַנץ שענע מיין וועלט.

כ'האָב כשר פערדינט מיין גילדן
מיט קרעדיט און מיט ערליכקייט.
כ'האָב געלאָזט קינדער בילדן
זיי זאָלן ווערן לייט.

מיין ברכות אפט טו (?)
דורך מיינע קינדער ווער איך אָן
יעצט איז פאַר מיר פערמאַכט די טיר
איך האָב זיך ניט וואו אהינצוטאָן.

איך שטיי אין קיך, אַי,
איך ייאַרעם זעך, אַי,
קימט צריין די שנור,
און מאַכט מיר דול,



זי שרייט שיין באַלד
מיט קולות גוואַלד:
אין אַלע טעפלעך איז דער אַלטער פול!

דער גומען איז פאַרטריקענט,
איך ליג ביז אַ זייגער צוויי,
איידער איך טו באַקומען
פון יונג צו אַ גלעזל טיי.

ווי לעבט מען נאָך, גאָט, אַי,
באַרעכען נאָר, אַי,
צו וואָס זייט איר
אַזוי צו מיר.

דער פראָסט ברענט
און איר וועט הויכן אַייערע הענט
אַייערע קינדער וועלן זיין צו אַייך אַזוי קאַלט.

אַז אַ קינד טוט ווי אַיין אבר
טוט דער טאַטע זיך וואַרפן אַפ'ן קבר,
בעטן פאַר זיי,
געלאָפן צו דאָקטיירים
ווי אַ פערסמ'טע פוס (?)
און געפאַלן צו די קברים
צו דערוועקן פאַר זיי זכות.

אַי, פּאָקאַלעך, אַי,
אַי, מאָזאַלעך, אַי,
און דער טאַטע שטעלט זיין לעבן אין קאָן
יעצט פאַרשטייט
ווי אַ טאַטע גייט
אָן אַ שוך און אָן אַ פיצל העמד.

אַז מיין טאָכטער האָט אָנגעטאָן די קליידער,
וואָס פאַר אַ נחת האָט דער טאַטע דערפון געהאַט
און אַז מיין זון איז אַוועקגעגאַנגן אין חדר
וואָס פאַר אַ נחת האָט דער טאַטע דערפון געהאַט.

רוטלס איז געשוואומען
קרעפטן ווערט מען אָן
איידער זיי בעקומען
דעם ערשטען צאָן.

דער זון טוט מיר האַלטן
ווי דער איידעם האַלט דעם שווער,
מען וואַרפט זיך מיט דעם אַלטן
דער אַהין און דער אַהער.

ביי די טאָכטער בין איך קיין
ניט שעת (קינה שם?)

. . . . . . . . . . . . .

באַרעכן נאָר, אַי, אין זאַל שטייט די מעבל
פאַר מיינע קינדער האָב איך די האַלדז געשניטן
איך בין געווען גראָ און אויסגעדאַרט
איידער כ'האָב דערצייגן מיין זון,
אַזאַ עלטער ווי איך האָב דערוואַרט.

איידער כ'האָב דערציגן מיין זון
מיין פרענאַלע (?) אַליין,



עס איז מיר אויסגעפלאָסן מיינע אייגן
פון יאָמער און פון געוויין.

אַי, ליבער גאָט,
נעם דעם טויט,
באַרעכן נור, אַי,
אין דיינעם גויט,
נעם צו שיין,
צו זיך אַריין,
איך זאָל ניט דאַרפען
ביי די קינדער זיין.

———

* עס האָט אָהן שום ספק אַ בדהנ'ישען מחבר, נור עס איז זעהר אַלט, פּאָפּולער, און דערהייפט שטאַרק בעליעבט ביים פאָלק.

16

וואָס טו איך מיט צען ווייבער? *
די ערשטע קערט דאָס שטיבאַלע אויס,
די צווייטע טראָגט דאָס מיסטאַלע אַרויס,
די דריטע גייט און גרייט צום טיש,
די פירטע שטעלט צו קאָכן פיש,
די פינפטע גייט אין קעלער אַריין,
די זעקסטע טראָגט אַרוף דעם וויין,
די זיבעטע רופט מיר אורחים צונויף,
די אַכטע דערלאַנגט אַפ'ן טיש אַרוף,
די ניינטע נעמט פון טיש אַראָפּ,
די צענטע גיט מיר אַ קישן צום קאָפּ.

———

* אַ פראַגמענט.

17

אַ קינדער-ליעדעל?

יאָסקע פינדווראטניק
איז נעגאַנגן אין טיאַטער,
און האָט זיך פּאָזנאַקאָמעט
מיט אַ נייעם גובערנאַטאָר,
פירט צו דער הופה,
פירט מען עס צוריק,
שטייען קופעס מיידלעך,
פאַרגינען ניט דעם גליק.

18

— מיינע פיינע תלמידימ'לעך*
מיינע פיינע חסידימ'לעך,
לאָזט מיר אַ ווייליגקע שלאָפן,
עס האָט דאָס דעם ערשטן מאָל געטראָפן!
— שלהתי (?)
ניין, רבי'נקע-קריין,
שיין צייט אויפצושטיין,
לעבודת הבורא!

———

* ביי י. ל. כהן, II 119.

19

רייד, כלה, רייד,
כל זמן דער שדכן שטייט.

אָט הייב איך אָן:
רייד דו, אַניט רייד איך.

קען דער התן תורה לערנען;
קען דער התן כתורה קייפן —
איז ער באַלד דיין מאַן.
איז ער באַלד דיין מאַן.

20

די מיידאַלע, די מיידאַלע,
זי שפרינגט איבער'ן גראָבן.
די מיידאַלע, די מיידאַלע,
ויל התונה האָבן.

פאָפע זאָגט — ניט,
מאַמע זאָגט — יאָ.
די מיידל, די מיידאַלע,
איז ייִנג און קליין.

היי, האָבער אין גאָרן *
די מיידל האָט די קלײדל פערלאָרן,
דער אינגל געגאַנגען און געפונען,
ער האָט פאַר אַ כלה גענומען **

אַ שיינע מיידאַלע בינסטו,
אַ פיינעם אינגל ליבסטו,
וועסט מיר האַלטען אין זינען —
וועסט מיר אַף „געווסקי" *** געפינען.

*) דאַרף זיין „און קאָרן" ווי ביי י. ל. כהן.
** עפּיס עהנליכקייט ביי י. ל. כהן II, ז. 35.
*** דער נאָמען, כלומר'שט פון אַ גאַס אין שאַוועל, קאָוונ. גוב.

21

איך בין פון דער היים פערפליינן *
אַזוי ווי אַ פייגאַלע פון נעסט —
אָי, גאָט, ווייז דיינע וואונדער,
און ברייננ מיר אַהיים צו נעסט.

פאַרפליינן פון די פרוי און קינדער
אַזוי ווי אַ פייגל פון זיין נעסט —
אָי, גאָט ברכ'ו (ברוך הוא) ווייז דיינע נסים,
און ברייננ מיר אַהיים צו נעסט.

* זעה ביי ג.־מ. 346 אַנ'עהנליכע סטראָפע.

* 22

אין אַ פרעמדער מדינה
בין איך פאַרוואָגעלט געוואָרן
און פון גאָט אַליין
איז מיר געקומען דער צאָרן.

דער מעניך (מענש) איז אַ נאַר,
ער טוט גאָרניט פאַרשטיין
ווי געערט און געשעצט
ער איז געווען ביי זיך אין דער היים.

דער מעניך איז אַ נאַר
ער האָט גאָרניט באַקלערט
ווי זיינע שבתים
זיינען עס אין דער פרעמד צושטערט.

„טב ובבות" (טוב יום המות?)
האָט שלמה המלך געשריבן
צו זיין נע ונד
אַף דער גאַנצער וועלט פאַרטריבן.

„טב ובבות"
האָט שלמה המלך געמאַלט
צו זיין נע ונד
וואו אַ טאָג און וואו אַ נאַכט.

* אַ וואַריאַנט פון אַ גרעסערן ליעד ביי ג.־מ. ז. 310.

23

איך פאָר, איך פאָר, איך פאָר,
אין אַ קרעצים בין איך דאָ,
און קיין געלט איז ניטאָ.

— בעל הבית'טע, זאָלט איר לעבן,
אַ טרונק בראַנפן מוזט איר געבן.
און אַף קאַריק (צוריק) פאָרענדיק(ג)
וועל איך אייך געלט געבן.

— איך וואָלט פון אייך וועלן לייזן,
אַז איך וואָלט ניט האָבן אַ מאַן אַ בייזן,
און דערפאַר, און דערפאַר,
בלייב איך אַלע מאָל אַ נאַר.

24

קלאַפּט, קלאַפּט ביי מערקן אין קאַמער
אָט אַזוי ווי מיט אַ האַמער!
— ווער קען דאָס דאָרטן קלאַפּן:
מען מוז דאָך גיין מערקן כאַפּן;
מערקע, מערקע, באַהאַלט זיך!...

. . . . . . . .

# II. פאלקס-ליעדער

געזאַמעלט (צום גרעסטען טייל) פ'ן חיה פיין אין פאָדבראָדזע (ווילנער גוב.), איבערגעגעבען צום דרוק פון ד. א—ן.

## ליעבע-ליעדער.

1.

די אוהר שלאָגט דריי,
עס איז שוין נאָך האַלבע נאַכט,
איך שלאָף נאָך ניט אַליין,
איך ליג מיר און טראַכט.
איך ליג מיר אַזוי,
מיט מיינע געדאַנקען פערשיעדען
און יעדער גליעד, וואָס טוט אין מיר רעדען.

אין שטוב איז שטיל. איך שלאָף ניט אַליין.
אויפ'ן גאַס טוט זיך ניט אַ ריר אַ בלעטעלע
אויפ'ן בוים.

יעדערער שלאָפט, עס טוט זיך ניט אַ ריהר,
אַזוי איז דער שלאָף הייט פון מיר.

שטונדען פון שמערצען האָט מיין רוהע פער-
מיטען
ביז איין זיסער טרוים האָט מיין יאָמער פער-
ביעטען.
ער האָט זיך מיר בעוויזען מיט זיין געשטאַלט
איינגאַנצען
מיט יעדער פיגורע, וואָס טוט אין מיר טאַנצען.

שטאַרקער, שטאַרקער טוט אין מיר ברענען די
ליעבע.
איך פערזוך שוין די שרעק פון די אומגליקליכע
סיבה,

* איך הער שוין דעם פייער, וואוהין ער מיר ציהט,
קאָכט אין מיר מיינע בליקען און איך בלייב
אין געוויין.

ווי איך האָב ניר דערזעהן דיין ליעבליכעס גע-
נעזיכט,
אַזוי ווי דורך איין שפיגל אומגעריכט,
אַזוי איז אַריין אַ פייער אין מיינעם הערצען טיעף
און איז דורך געפלויגען מיט איין שטורעם
ווי דער העלד מיט זיין שיף.

אַזאַ ליעבליכער טרוים אין איין איינציגען יאָהר
האָט זיך מיר בעוויזען גלייך ווי אויפען האָהר,
ווי דו מיין לעבען איך זעה דיר אַליין

און רעד מיט דיר די ווערטער, וואָס וועט ווייטער שטעהן:

וואָס מאַכסטו, מיין קרוין, צי איז דער געזונד בעשטאַנד?
וואָס שטעהסטו פון מיר ווייט, גיעב מיר דיין ליעבליכע האַנד
וואָס ווילסטו ניט אומקעהרען מיינע קרעפטען אין מיר
פון דעם, וואָס איך וויל הערען דיין זיסע שטי־מע פון דיר.

האָב ווילסטו ניט אָנקוקען אויף מיינע גליעדער ציהען (?)
רייס ניט אויס דעם צוויעט (בלום), וואָס האַלט אין מיטן בליהען
פער־ציהע ניט קיין המאַרע אויף די רעכטע זו־נען שיין
און זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיינער זיין.

איך זאָג דיר אַפריהער, איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען
דו וועסט מיר ניט דיין ליעבשאַפט מיין קער־פער צו שפאַלטען
דער פייער פון ליעבע, וואָס ברענט אין מיר שיין
וועט מאַכען, אַז איך איינע מוז פון דער וועלט אַוועקגעהן.

דער נאָר פון שטערבליך קען זאָגען מיר,
אַז עס איז פאַראַן נאָך איינער זאָל זיין גלייך צו דיר.
דער פייער פון ליעבע האָב איך איינע גענאָסען
און זאָג מיר צו, אַז דו וועסט זיין מיינער אַ התן.

דיינע ליפען צו קוסען ווי מיט האָניג בענעצט,
דיינע באַקאַן די ראָזע, ווי מיט בריליאַנטען בעזעצט,
דיינע אויגען זיי ברענען ווי די רעכטע זונען שיין,
און זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיינער זיין.

די פייערדיגע שטריק, וואָס האָט אונז געבונדען ביידען,
קען איך דיר, מיין זיס לעבען, פון מיין מונד ניט אַרויסרעדען.
דער פייער פון ליעבע, וואָס ברענט אין מיר שיין
וועט מאַכען, אַז איך איינע מוז פון דער וועלט אַוועקגעהן.

דער העלד מיט זיינע שטאַרקייט מוט ער מיר מיינע גליעדער ברעכען
מיט זיין בלייוען שהערד מוט ער מיר אין מיין האַרצען שטעכען.
דער פייער פון ליעבע האָב איך איינע גענאָסען
און זאָג מיר צו, אַז דו וועסט זיין מיינער אַ התן.

מיין האַרץ פערגייט, ווען איך טו זיך דערמאָנען
אַה! ליעבער איז דער טוידט — דעם לעבען ניט צו קאָנען
וואָס טויג מיר מיין לעבען מיט מיינע אַלע פערגעניגען,
אַז ווען איך ליעב, קען איך ניט קריגען.

— מיין לעבען, מיין קרוין, איך האָב אַלעס געהערט,
ווען איך וועל צו דיר קומען וועט אַלעס זיין פער־קעהרט.
איך האָב מעהר ניט געוואָלט וויסען, צו דיין האַרץ איז דיר ריין
פון דער וועלט צו געניסען נור דיר אַליין.

2

איך שילט דעם טאָג, דעם טאָג פון מיין גע־באָרען
אוי! שילטען וועל איך איהם אָהן אַ שיעור.
נעהיי וואָלט מיר מיין מאַמע געהאַט פערלאָרען
בשעת איך בין אַ קליין קינד געווען.

בשעת איך בין אַ קליין קינד געוועזען,
פון קיין ליעבעס האָב איך ניט געוואוסט
און ווי איך בין עלטער געוואָרען,
אַ ליעבע שפּיעלען האָט זיך מיר פערגלוסט.

שוין דריי יאָהר, ווי איך שפּיעל אַ ליעבע,
און אויסשפּיעלען די ליעבע קען איך ניט.
אין מיין האַרצען ברענט אַ העלישער פייער
און דעם פייער לעשען קען איך ניט.

און וואָס אַ ווייל ברענט דער פייער גרעסער,
בשעת איך טרעף דיר מיט אַ צווייטען געהן
שטעכען וועל איך זיך מיט אַ מעסער
מיינע אויגען זאָלען די צרות ניט זעהן.

— ניט שטעך זיך, דושעניו, מיט אַ מעסער,
דו וועסט אויך אויסלעבען גליקליך דיין וועלט
און איך ווער אַ כלה בעסער —
מסתמא האָט דאָך נאָט אַזוי בעשערט.

און אַז ביי דיר וועט קנס־מאָהל זיין
אָנטון זאָלסטו די חופּה קלייד
און איך וועל ליגען אויף מיין בעטעל אַ קראַנ־קער
ראַנגלען וועל איך זיך מיט'ן טוידט.

און אַז ביי דיר וועט דער ערשטער קינד גע־באָרען
אַ נאָמען, דושעניו, זאָלסט געבען נאָך מיר
געדענקען זאָלסטו, דושעניו, אויף יאָהרען,
אַז שטאַרבען, שטאַרב איך לויט צוליעב דיר *.

———

* עהנליכע סטראָפען ביי מ.־ג. 185, 188; ביי י. ל. כהן, I, ז. 182.

3

— איך האָב זיך אַיינגעליעבט אין אַ יונגעלע אַ שענעם
און שען איז ער ווי די גאַנצע וועלט,
און פאַר די שיינהייט איז ער ביי מיר טייער
פאַר זיין שענקייט האָב איך פערשפּיעלט מיין וועלט.

צו דען איז זי אַ שענערע פאַר מיר,
אַז דו דענקסט מיר איהר התונה צו האָבען?
אַ ביזען סוף זאָלסטו פאַר איהר האָבען
און אַ יונגינקע זאָלסטו איהר בעגראָבען.

אויף די באַנען וועל איך צו דיר פאָרען
און אויפ'ן וואַסער וועל איך צו דיר שווימען
איך וועל אַוועקוואַרפען מיין אַלטען פאָטער און מוטער
און צו דיר, מיין זיס לעבען, וועל איך קומען.

— אויף די באַהנען זאָלסטו צו מיר ניט פאָהרען
און אויפ'ן וואַסער זאָלסטו צו מיר ניט שווימען.
דו זאָלסט ניט אַוועקוואַרפען דיין אַלטען פאָ־טער און מוטער.
דו וועסט מיר זוכען און וועסט מיר אויך ניט געפינען *

— אוי פאַר וועמען עס איז פינסטער די נאַכט
און פאַר מיר איז פינסטער דער טאָג:
איך האָב אָנגעוואָרען אַזאַ טייערען לעבען,
איך וועל אים זוכען וועל איך אויך ניט גע־פינען *.

———

* עהנליך ביי י. ל. כהן I, ז. 124.

4

איך בין קראַנק און איך בין שוואַך,
אויף מיינע פיס קען איך ניט איינשטעהן
און מיט קיין מענשען קען איך ניט ריידען.
הייל מיין האַרץ צוגייט מיר פון גרוים געוויין.

פון גרוים דאָסאַדע ווער איך אַנטשלאָפען
און מיינע הענט לעג איך צוקאָפען
און אויף אַלעס האָב איך חרטה
און צוריק קען איך ניט כאַפּען.

כאַפּין, כאַפּין, כאַפּין קען איך ניט
חייל איך בין מיט שטריק געבונדען
ווען מען וואָלט מיר עפענען, אַך וועה, מיין ביטערע האַרץ
וואָלט זיך אַרויס זעהן מיינע וואונדען.

מיינע וואונדען פון מיין האַרצין
קען זיך ניט אַרויס זעהן
ווייל זיי זענען מיט מיינע ליידען צוגעדעקט.
ווען מען וואָלט דאָס וועלען אַלעס אויס שרייבען
קיין טינט און פעדער וואָלט ניט געקלעקט.

מאַמע, מאַמע, שטעה אויף פון קבר,
העלף מיר אויס אין מיינע נויטען
אוי פון אַ ליעבע גען איך אַרומעט
אַזיי וויא אַנאַרעסטאַנט נעשמיט אין קייטין.
מיסטאָמע איז דאָך מיר אַזוי בעשערט

אוי פון אַ ליעבע נעה איך אַרומעט
אויף מיין פנים ליגט די שוואַרצע ערד...

5

ער האָט געליעבט אַ מערכען פון אַכטצעהן יאהר
ער האָט איהר געליעבט צוויי דריי יאָהר..
(איבערגע'הזר'ט נאָך אַמאָל: איך האָב גע־ליעבט א. אַ. וו.

צוועלף אַ זייגער נאָך האַלבע נאַכט
דעם יונגען קנאַבע אַ בריעף געבראַכט.

ווי ער האָט גענומען דעם בריעף אין האַנד,
האָט ער גלייך פערשטאַנען, אַז זיין געליעבטע
איז קראַנק.

די געשעפטען געבראָשעט, דעם אייגענס פערלאָרען
און צו די געליעבטע אַוועק געפאָהרען

— גוט גאָווענד, גוט גאָווענד, מיין שענער פאַרשוין,
וואָס טוסטו אין דיעזער בעטעל ליגען?

— גוט יאָהר, גוט יאָהר, מיין ליעבער קנאַבע,
אָט דיעזע בעטעל איז מיין בעגראַבע.

ער האָט איהר גענומען אונטער'ן אָרעם —
איז זי שוין קאַלט און גאָרניט געוואָרען.

שנעלער, שנעלער ליכט געבראַכט —
— מיין געליעבטער שטאַרבט אין דיעזע נאַכט.
שנעלער שנעלער ליכט געצנדען —
מיין געליעבטע שטאַרבט אין דיעזע שטונדען,

ער איז געגאַנגען דעם אַלמער שליסען
האָט זיך גענומען ביי איהם מרערען גיסען.
ער האָט אַרויס גענומען די שוואַרצע טרויער
קלייד
און האָט די געליעבטע אָנגעקליידט.

— אויף דיין קבר וועט שפּראָצען בלומען
צו דיר אין גיכען וועל איך קומען.

עס האָט ניט געדויערט קיין איין פריה מאָרגען
דער יונגער קנאַבע איז אַוועק געשטאָרבען.

אין שטאָדט איז געוואָרען אַ יאָמער אַ קלאָג
צוויי געליעבטע אין איין אַכטאָג.

אויס'ן קבר שטעהט אָנגעשריבען
אַז צוויי געליעבטע טוען אין איין קבר ליעגען.

6

אַה! איהר ליעבע מענשען,
איהר זאָלט מיר ניט בערעדען,
איך האָב דריי יאָהר אַ ליעבע געשפּיעלט,
איהר זאָלט אויף מיר קיין שלעכטעס ניט רעדען.

און היינט האָט ער אַ צווייטע בעקומען
און שפּיעלט אַ ליעבע פון דאָס ניי,

ער האָט ביי מיר מיין לעבען צוגענומען
צו אַ צווייטע איז ער געוואָרען געטריי.

ער איז ביי אונז אין שטוב איינגעגאַנגען,
איך האָב איהם געהאַלטען פיר איין אָרענטליכען
מאַן
און צום סוף איז זיך דערגאַנגען,
אַז ער איז אַ גרויסער שאַרלאַטאַן.

ער איז ביי מיר אין צימער געזעסען,
האָט מיר געלעזען אַ גאַנץ שענעם ראָמאַן,
איך בין ביי איהם אויס'ן שויס געזעסען
איך האָב געמיינט, אַז ער וועט זיין מיין מאַן.

עס איז אַרויס אַ נייער זשורנאַל,
אַז מושצינעס זאָלען טראָגען ווייסע טיכלאַך
אויס'ן האַלדז
אַז מושצינעס מאָר מען ניט גלויבען
ויי זענען צו די זשענשצינעס פאַלש.

7

אַז דו פאָהרסט אַוועק און אַז דו רייזט אַוועק
ביי וועמען לאָזטו מיר איבער?
אַז דו וועסט קומען בשלום אַהין,
בריוועלאַך זאָהלסטו מיר שרייבען.

אויב דו וועסט מיר קיין בריוועלאַך שרייבען,
טאָ שיק מיר דורך לייטען גערוסען,
קום אַהער, דושענקע, קום אַהער ליובענקע,
לאָמיר זיך ביידע צוקוסען.

וואָס זשע טוינ מיר דיינע פאַלשע קוסען,
אַז הייראַטען וועסטו דאָרטען?
איך האָב פערשפּיעלט אַזאַ טרייע ליעבע,
אַזוי ווי אַ קאַרטעוניק אין קאָרטען.

אַ קאַרטעוניק שפּיעלט אין קאָרטען,
פערשפּיעלט ער דאָך נור געלד
און איך האָב פערשפּיעלט אַזאַ טרייע ליעבע,
אין אַ גליקליכע וועלט.

דו האָסט מיר געבונדען די הענד מיט די פיס,
דו האָסט מיר געלאָזען שטעהן,
האָסט מיר געוויזען וואָס ליעבע בעדייט,
און אַליין האָסטו געטון אַוועקגעהן.

ווען איך וואָלט געווען אַ פייגעלע פון וואלד,
וואָלט איך צו דיר געפלויגען,
איך וואָלט זיך לעבען דיר אַוועק געזעצט,
מיט מיינע פערוויינטע אויגען.

איך וואָלט זיך לעבען דיר אַוועק געזעצט
און איך וואָלט לעבען דיר געזעסען,
איך וואָלט ביי דיר אַלעס אויסגעפרעגט,
וואָס האָסטו אַזוי גיך אָן מיר פערגעסען.

ווען איך וואָלט געווען אַ פיש פון ים
וואָלט איך צו דיר געשוואומען.

איך וואָלט ביי דיר אַלעס אויסגעפרעגט,
צי האָסטו אַ צווייטען בעקומען

ווען דו וואָלסט געווען אַ פרוי מיט פינף קינדער
וואָלט איך דיר אויך גענומען. *

---

* ענליכע ליעדער ביי ג.־מ. נומ. 173, 143, 135 און ביי י. ל. כהן I באַנד, ז. 160, 159, 48.

8

שפּאַציערען זענען מיר ביידע געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם בולוואַר,
און איצט מיין טייערע ליעבסטער
בין איך געבליבען צום נאַר.

— מוטער ליובע, מוטער דושע,
עס שטעכט מיר אין קאָפּ, איך בין דול,
לעש מיר אָפּ מיינע וואונדען פון האַרצען
און גיב מיר וועמען איך וויל.

— טאַטער ליובע, טאַטער דושע,
איך וועל דיר אייגנעבען סם.
אַז דו האָסט אַ טאַטען אַ גביר, אַ גביר —
אַ זשוליק ווילסטו פאַר אַ מאַן.

מאַמע ליובע, מאַמע דושע,
נעהם זיך מיט דיין רייכקייט ניט איבער:
איך האָב געזעהן גרעסערע גבירים, פיעל גרע־
סערע פאַר אונז
מיר לעבען זיי אַלעס אריבער (?)

— טאַטער ליובע, טאַטער דושע,
איך מעק דיר שוין אויס פון אַ קינד,
אַז דו קענסט שילטען דיין טאַטען, דיין מאַמען,
טאָ נעהם שוין וועמען דו ווילסט.

— התן ליוב, התן דוש,
איך האָב מיט מיין מאַמען גערעדט,
אויף מאָרגען פערנומען די געלד מיט די זאַכען,
מיר זענען אין אַמעריקע אַוועק,

ווי מיר זענען אין אַמעריקע געקומען
מיר זענען פון אָרעם — רייך,
מיט וויפיעל איינגעלאַך איך בין אַרום געגאַנגען,
צום מיינעם איז נאָך ניט גלייך.

ווי מיר זענען צו זיין מאַמען אריין
זי האָט זיך פון אונז אויסגעלאַכט
אויף מאָרגען פערנומען די געלד מיט די זאַכען
מיר האָבען אַ חתונה געמאַכט.

9

אוי! וויי, מאַמע
די קעפּעלע טהוט דאָך מיר וועה,
איך האָב אָנגעפאַנגען אַ ליעבע צו שפּיעלען
אָבער עס איז ניט אַזוי. *

אוי! איך האָב געשפּיעלט אַ ליעבע,
איך האָב געמיינט, אַז עס וועט מיר אייביג זיין גוט.
יעצט בין איך אַריין אין לייטישע מיילער,
מען פערגיסט מיר ווי וואַסער מיין בלוט.

אוי! איך האָב געשפּיעלט אַ ליעבע,
איך האָב געטרונקען די טייערסטע וויין.
זעה, ווי אומגליקליך דו האָסט מיר געמאַכט,
אַז מען לאָזט מיר אין שטוב ניט אַריין.

———

* דערזועלבער פערז ביי י. ל. כהן I, ז. 180.

10

דו זאָלסט ניט ליעב האָבען קיין אַנדערע מעַדעלעך
דו זאָלסט ניט געהן צו דיין טאַטען אין שטוב,
דו זאָלסט ניט ליעב האָבען קיין אַנדערע מעַדעלעך,
ווייל איך האָב דיר אמת ליעב. *

———

* וואַר. ביי י. ל. כהן ב. I ז. 96.

11

נעכטען ביי נאַכט בין איך אויף אַ התונה'קע געווען
אַ פולע שעַנינקע מיידעלעך האָב איך דאָרטען געזעהן
און פון אַלע שעַנינקע מיידעלעך שטעלט זיך מיר איינע פאָר
מיט איהרע שוואַרצינקע אויגעלעך מיט איהרע בלאָנדע האָר. *

———

* וואַר. פון דער דאָזיגער סטראָפע ביי י. ל. כהן I ז. 78.

12

אוי נאָטעניו, וואַרף מיר ניט אַראָב,
גלייך מיר ניט צו דעם ביימעלע
וואָס די צווייגעלעך פאַלען פון אים אַראָב
דער ביימעלע און די צווייגעלעך זיי בליהען זעהר שיין
ווי גליקליך איך וואָלט געווען
מיט דיר צו דער חופה צו געהן.

איינער זוכט קליידער,
דער צווייטער זוכט געלט
דער דריטער וויל התונה האָבען
און אויספיהרען זיין וועלט.

איך דאַרף ניט דיינע קליידער
איך דאַרף ניט דיינע געלט
איך וויל מעהר ניט מיט דיר התונה האָבען
און אויספיהרען מיין וועלט.

13

אַך מיין גאָט, וואָס פון מיר איז געוואָרען,
ווער ס'האָט אין מיינע צרות אַ בעגריעף
מיין זיסען האָפנונג האָב איך אָנגעוואָרען,
פערגראָבען אין דער ערד גאַנץ טיעף

— ווער איז דיר אין דיינע צרות שולדיג,
אַז דו האָסט זיך אַזוי שלעכט אויסגעפיהרט?
גאָט און לייט האָבען געזעהן
וויא דו האָסט מיט אַ צווייטען געשפּאַצירט

— עס איז מיר שלעכט און ביטער גאָר אָהן אַ שיעור
מיט טרערען זינג איך דאָס ליעד
אַ שווערע מצבה'לע שטייט דאָך אויף מיר
עס ווייטיגט אין מיר יעדער גליד.

איך וועל דיר קיין מאָל ניט טאָן פערגעסען,
דו האָסט מיר אויף אימער פערברענט
אַן אָקעאַן מיט וואַסער קען דאָס ניט פערלעשען,
דער פייער, וואָס אין מיר ברענט.

און פאַר דאָס גוטעס וואָס איך האָב דיר געטאָן
גיסטו מיר יעצט דעם דאַנק:
מיט אַ צווייטע האָסטו התונה
און מיך וואַרפסטו איבערן באַנק.

פון דיינע פאַלשע רייד די קאַלטע
לייד איך גאָר אָהן אַ שיעור
אונזער ליעבע איז געגליכען צו אַ פידעל אַנאַלטע,
די סטרונעס וואָס פּלאַצען אין איהר

נור אייבע דו ווערסט דאָס מיר ניט טאָן —
אַ געקיילעטע, שטעל איך זיך פאָר,
אַ טוידטע, אַ בלאַסע, אין תכריכים גיקליידעט
וועט דיר קומען אויסן וואָהר.

נור איין זאַך וועל איך פון דיר בעטען,
דו זאָלסט דאָס מיר טאָן:
דו זאָלסט קומען אויף מיין קבר בעטראַכטען מיין מצבה
פערגיסען זאָלסטו טרערען אַ טייך.

אַך גאָט זאָל דיר ניט שטראָפען
מיט מאַנגעל און מיט נויט,
וואָס איז געשטאָרבען אַזאַ יונגע קינד
פאַר דיינע פאַלשע רייד.

מיין אָטעם וועל איך נאָך ציהען,
ביז עס וועט זיין התונה ביי דיר,
מיין זעעלע וועט אויפן הימעל פליהען
און זיין אַ קאַפּער* פאַר דיר.

ווען אַז דו ווערסט אין פערגעניגען פערברייגגען,
וועסטו אָן פאַסען דיין התונה קלייד,
דאַן וועל איך אויף מיין בעטעל ליגען
און מוצעגען זיך מיטן טויט.

דאָס טוט מיר גאָר ניט פערדריסען,
וואָס איך טו זיך פון דער וועלט אָפּ שיידען
נור אויף די יאָהרען, וואָס מיין מוטער וועט קלאָגען
עס וועט איהר ניט טרעהרען די אייגען.

נור זאָגען זאָג איך דיר:
אַ טוידטע וועל איך טאָן שוועבען
איך וועל מיך פאָרשטעלען אַ גיקיילעטע פאַר דיר,
עס וועט דיר ניט איין געהן דיין לעבען.

דאָס וואָס איך זינג פאַר מיין טויט
זאָלסטו זינגען איין מאָהל אין יאָהר
אויף עוויג נעם איך פון דיר אָבשייד
אַדיע, לעב וואָהל.

און דאָס ערסטע קינד וואָס דו וועסט געבאָרען
אַ נאָמען זאָלסטו געבען נאָך מיר,
דאַן וועסטו האָבען אַנאָנדענק אויף עוויג
אַז איך בין געשטאָרבען דורך דיר**.

———

* אַ כפּרה.

** וואַריאַנט ביי נ.־מ. 149.

14

זונטאָג, זונטאָג בעגינען
זוך איך דיך אין אלע גאַסען
און איך קאָן דיך ניט געפינען.

מאָנטאָג, מאָנטאָג בעגינען
זוך איך דיך אויף אַלע וועגען
און איך קאָן דיך ניט געפינען.

דינסטאָג, דינסטאָג בעגינען
שטעלסטו זיך מיר פאָר
מיט דיינע שעַנע אייגעלעך און דיינע בלאָנדע בלאָנדע האָר.

ווען איך וואָלט געווען אַ פייגעלע
וואָלט איך צו דיר געפלייגען
וואָלט איך געקענט צו דיר גיכער קומען.

ווען איך וואָלט געווען אַ פיסעלע
וואָלט איך צו דיר געשוואומען
וואָלט איך געקענט צו דיר גיכער קומען

ווען איך וואָלט געווען אַ פייעריל
וואָלט איך צו דיר געברענט
הלואי וואָלט מיר דער אייבערשטער פאַרברענט
איידער איך האָב דיר דערקענט.

15

מיין קאָפּ טהוט מיר וועה, מיין מוח שפּאַלט מיר
איך געה אַרום ווי אַ צובראָכענער שאַרבען
אַז דו וועסט מיר ניט געבען די גאָלדענע פאַניע
אַ יונגינקער וועל איך דאָך שטאַרבען.

ווי יונג דו וועסט שטאַרבען, ווי יונג דו וועסט
שטאַרבען
אזוי יונג וועט מען דיר בעגראָבען
אז דו וועסט מיר ניט געבען די גאָלדענע פאַניע
א מת אין דיין שטוב וועסטו האָבען.

די גאָלדענע פאַניע וויל איך דיר ניט געבען
איך וויל איהר ניט האָבען אין מיין שטוב
אז דו וועסט מיר ניט געבען די גאָלדענע פאַניע
מאָ גראָב שוין פאַר מיר אויס א גרוב.

זוהן דו מיינער, זוהן דו פיינער
איך וועל אויספאָהרען מיט דיר די גאַנצע וועלט
איך וועל דיר אויסקלייבען א שענערע פריילין
מיט פיעל קליידער און מיט פיעל געלד.

וואָס פאַר א פריילין דו וועסט מיר אויסקלייבען
קיין וועלט וועל איך מיט איהר ניט פערפיהרען
אז דו וועסט מיר ניט געבען די גאָלדענע פאַניע
א יונגינקער וועל איך קראַפּירען.

מוטער דו מיינע, מוטער דו פיינע
גרייט צום טיש און גיב מיר שוין עסען
דער דאָקטאָר פון וויען האָט געגעבען א מע-
דעצין
דאָס איך זאָל אָן פאַניען פערגעסען.

און ווי ער האָט זיך געזעצט צום טיש עסען
פון קעסענע א פלעסעלע אַרויסגעצויגען
און ווי ער האָט נאָר גענומען צוויי לעפעל
האָט ער גלייך פערגלאָצט מיט די אויגען.

מענשען איהר גוטע, מענשען איהר פיינע
קוקט נאָר אָן ווי דער יונג וואַלט דעם טויט
איך וויל איהם ניט געבען די גאָלדענע פאַניע
די פאַניע די אָרימע מויד.

מוטער דו מיינע, מוטער דו פיינע
גיב מיר א ביסעלע וויין
פינף מינוט פאַר מיין טוידט
רוף מיר שוין פאַניען אַריין.

ווי פאַניע האָט דערהערט, ווי פאַניע האָט דער-
זעהן
צו גריסען איז זי שנעל געלאָפען
און ווי זי האָט נור געטוהן אַ׳עפען די טהיר
האָט זי גרישען אין די פיס אָנגעטראָפען.

מענשען איהר גוטע, מענשען איהר פיינע
קוקט נור אָן וואָס א מוטער האָט געמאַכט
אויסגעפלאָנצט א בוים פון 21 יאָהר
צוויי נפשות פון דער וועלט אומגעבראַכט.

מחותנת׳טע איהר גוטע, מחותנת׳טע איהר פיינע
אייך איז ניט אָנגעשטאָנגען פאַניען פאַר א שנור
ווי קאָנט איהר דאָס צוזעהן, ווי קאָנט איהר דאָס
צוזעהן
אז ער זוהן ליגט טויט די פיס צום טיר.

16

וואַרדינגען אָהענר,
די נאַכט איז געוועזען גאַנץ שען,
די לבנה — זי טוט זיך דערוויטערען,
די זון זי פאַנגט אָן אויפצוגעהן.

דאָרטען אויף א גאַניק
זיצען צוויי מענשען פערטראַכט.
פון די אויגעלעך גיסען זיך טרעהרען
די ציים וואָס זיי האָבען פערבראַכט.

— מיין טייערער, זיס לעבען,
פיהר מיר שוין אָפ׳עט אַ היים.
וויסיעל איך האָב מיט דיר צוטענה׳ט,
קיין מאָל קען איך אַלץ ניט דערגעהן.

— וואָס פאַר א מאָל הילפטו וויסען,
אז איך דאַרף נאָך צום פריזיוו שטעהן?
קיין קנס-מאָל קען איך מיט דיר ניט מאַכען,
און ווייטער פערשטעה שוין אַליין.

— שבעל מיר צו אַנ׳עדות
אז דו האָסט מיר אמת ליעב.
קיין זאַך קען אונז ניט שיידען,
מעהר ניט דאָס פינסטערע גריב.

אז מיר וועלען לעבען גליקליך,
אזוי ווי די פיסעלעך אין וואַסער,
אז מיר וועלען לעבען רייך,
אזוי ווי די זון ביי׳ן ברעג טייך.

## קינדער-ליעדער.

1

— גדיע מי יעדעש, ראָמאַני?
— נאַ קערמאַשע, וואַצפאַני,
— צאָ מי וועזעש, ראָמאַני?
— א פוהר מיט מיידעלאַך, וואַצפאַני.
— ווי טייער א מיידעלע, ראָמאַני?
— טויזענד מאָלער, וואַצפאַני?
— פאַר וואָס אזוי טייער ראָמאַני?
— עס איז גאָלדענע סחורה וואַצפאַני.

— גדיע מי יעדעש, ראָמאַני?
— נאַ קערמאַשע, וואַצפאַני,
— צאָ מי וועזעש, ראָמאַני?
— א פוהר מיט איינגעלאַך, וואַצפאַני?
ווי טייער א איינגעלע, ראָמאַני?
— צעהן א גראָשען, וואַצפאַני.
— פאַר וואָס אזוי וואָלוועל, ראָמאַני?
— עס איז פערפוילטע סחורה, וואַצפאַני. *

* די ליעדעל זינגען מיידלעך, יונגלעך זינ-
גען זי מיט א פערקעהרטען נוסח.

2

יקום פורקן
פורקע היינט פורקע מאָרגען
וועער דערשטיקט און וועער דערוואָרגען.

3

סישער באָם
געה אין קראָם
גנב׳ע א מעסער *
טרינק יויך
א געשוויר דעם גלח אין בויך.

* וואַריאַנט ביי ל. ב—ן נומ׳ 15.

4

מי שברך
נעמען זאָל דיר קרח
קרח זאָל דיר נעמען
די באַקען זאָלן דיר פלעמען
פלעמען זאָלן די די באַקען
מיט בלוט זאָלסטו ק...
ק... זאָלסטו מיט בלוט
עס זאָל דיר ווערען ניט גוט.

5

איינסעלע, צווייעלע,
דרייעלע, פירעלע,
פינפעלע, זעקסעלע,
זיבעלע, אַכטעלע,
ניינעלע, צעהנעלע,
עלפעלע, צוועלפעלע,
דרייצעלע, ס...*

* צוויי קינדער שפּיעלען זיך, פּאַטשענדיג
האַנד אויף האַנד אין צעהלענדיג.

6

טאָ אלף
טאָ בית,
טאָ גימל,
טאָ דליד (דלית),
טאָ הא
טאָ וו
טאָ זין
טאָ ...

7

ציפּ, ציפּ,
פּאָמאַריפּ,
קומט די פויגעל, גיט א פּיק,
קומט די מוטער,
שלאָגט זי פוטער,
קומט דער פאָטער, מאַכט א פלאָטער.

8

אי־לע־ליו־לע, ליו־לע, זונדעלע,
שלאָף זשע אין דיין שענע וויגעלע,
שלאָף זשע איין און וועק זיך אויף,
קומט דער טאַטע און וועקט דיך אויף,
וואָס האָט ער מיינע שענע קינדערלעך געבראַכט?
ניסעלעך און עפּעלעך און פייגען,
מיינע קינדערלעך וועלען שטיל שווייגען.

9

איינגע ביינגע סטופּע ציינגע
אַרצע באַרצע גאָלע שוואַרצע
איימעלע ריימעלע
ביינעלע פּיינעלע האָפּ! *

———

* ביי שלום עליכם'ען אין זיין „חנוכּה־געלד" (אַלע ווערק, באַנד II, ז. 5, תּרס"ג).

10

מה נשתּנה הלילה הזה?
קומט די ציגעלע, מאַכט: מע,
קומט דער זיידע — רייַטערט אַ ליולקע,
קומט די באָבע — באַקט אַ בולקע,
קוקט דער האָן — טוט אַ קריי,
קומט די הון — לייגט אויס אַ איי.

11

אַמאָל האָב איך גיהאַט אַ טויב,
די טויב האָט גיבראַכט אַ שטרייעלע,
די שטרייעלעך גיב איך אַ קוה,
די קיעלע גיט מיר מילך,
די מילך גיב איך די קעצעלע,
די קעצעלע גיט מיר אַ פעלכעלע,
די פעלכעלע גיב איך דעם פּריץ,
דער פּריץ גיט מיר קערנער,
די קערנער גיב איך דעם מילנער,
דער מילנער מאַכט מיר מעל,
די מעל גיב איך דעם בעקער,
דער בעקער באַקט מיר ברויט,
די ברויט גיב איך די הינדעלעך,
די הינדעלעך לייגען מיר אייעלעך,
די אייעלעך פאַרקויף איך,
מיינע געלט פאַרזויף איך.

———

* ביי גינזבורג און מאַרעק 115; ביי י. ל. כּהן II, ז. 115 און 134.

12

קאַראַהאַד, קאַראַהאַד
עסען אויף דעם טויער
ווער פאַהרט, ווער פאַהרט —
(דער) אַ קייסער מיט די קינדער
אין וואָס גאָהען זיי אָנגעטון?
אין גאָלד און אין זילבער.

אויפען בריק, אונטער'ן בריק
שטעהען אַ פּאָר טייצען
מיט די לאַנגע בייצען.
הייכע מענער זענען זיי,
קורצע קליידער טראָגען זיי,
קורצע קליידער טראָגען זיי,
אַפּילו געלד פערמאָגען זיי,
טאָלערען אין די טאַשען
ביער אין די פלאַשען
מילך אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך,
שרייען, ווי די ציגעלעך *
מע—מע...

———

* זעה גינצבורג און מאַרעק 85, 112—113

13

אַריכע בחורים,
גנבים, דלפנים,
הינט, — ווער זייט איהר?
חזרים, טרם'ניאַקעס,
יוננאַטשעס, פּאַפּיראָסען,
ציגאַרען, קענט איהר
רויכערן. שענע
תּלמידים?...

14

עלינו לשבּח,
דו ביזט אַ רוצח,
איך בין אַ מלאך
דו ביזט אַ גלח,
דו נעהסט אין קלויסטער קלינגען.
איך געה אין בית המדרש זינגען.

15

אַ פּאָר קאַטשקעלעך געהען זיך באָדען,
געהען זיי אַ ביסעלע ווייטער,
בעגעגענען זיי דעם רייטער.
דער רייטער וויל זיי שלאָגען,
געהען זיי צום פּריץ קלאָגען.
דער פּריץ האָט אַ הינטעלע.
שפּיעלט ער אויפ'ן ווינטעלע.
אַלע גרויסע מענשען פּאַסטען,
שרה ליעגט אין קאַסטען. *

———

* ווערט געברויכט ביים שפּיעלען אין „האָזען".

16

משיח וועט קומען צו פאָהרען,
וועלען מיר האָבען גוטע יאָהרען,
משיח וועט קומען צו רייטען,
וועלען מיר האָבען גוטע צייטען,
משיח וועט קומען צו געהן,
וועלען מיר בלייבען ביי גאָט אין לייסטער שטעהן.

17

אויפ'ן בריקעל טייכעל,
שטעהט אַ שטיבעל רייכעל.
ווער איז אין דערינען?
זיצען דריי שפּינען —
איינער שפּינט גאָלד,
דער אַנדערער שפּינט זילבער,
דער דריטער זיצט אויפ'ן שטילכעל,
טרינקט טיי מיט מילכעל... *
קומט דער פעטער אליה,
מיט דער לאַנגער דעליע,
אויפ'ן סיווען פערדעל,
און שאָקעלט מיט דער בערדעל **.

———

* ביי נ. פּרילוצקי, באַנד II, נומ' 103—105.

** וואַר. פון דער סטראָפע ביי ג.־מ. נומ' 165 און 172, אויך ביי ל. כּהן נומ' 8.

18

עס, בעס, טראַקטאַטער,
מאַדעמאַזעל ווידאַוועטער,
מאַדעמאַזעל ווידאַוואָ —
דאָס הייסט דו.

19

איינדעל, ביינדעל, צוקער שטיינדעל,
אַצע, באַצע, ריווע שוואַרצע,
גאָלע רויטע, יעקיל ברייטע
אַפּסיק, אַפּסאַן ראַל.

———

## פערשיידענע.

1

פישעלעך אין וואַסער מעהרען זיך,
פאַלשע ציינגער שווערען זיך
פאַלשע ציינגער — בייזע לייט
זיי האָבען אונז געבראַכט צו טרויעריקייט.

2

שלום עליכם, מלאכים מיינע,
שלום עליכם, מלאכים מיינע פריינד,
שלום עליכם מיין ווייב און קינד
שבּת קודש איז אַצינד
שלום עליכם, מלאכים מיינע פריינד.
שבּת קודש איז דאָך היינט
שלום עליכם מלאכים מיינע
שלום עליכם מיין ווייב, גוט שבּת.

3

על כּן ברך
מיט'ן הענטעל אַ מאַך
מיט'ן פיסעל אַ טופּ
און פון גלעזעל אַ זופּ.

4

— װאָס ביסטו געקומען צו מיר,
װאָס װילסטו פון מיר,
װאָס נעהמסטו מיין נשמה פון מיר אַװעק,
װאָס שטעהסטו לעבען מיין בעט?
פון מיין װייב האָסטו מיר אָפּגע'נט
נעם די נשמה — און לאָמיר ביידע געהן.

— איך בין ניט מעהר,
װי אַ פּראָסטער שליח,
װאו גאָט שיקט מיר, דאָרטען מוז איך געהן,
אין װאָס פאַר אַ שטיבעלע,
איך טו נאָר אַריינקומען,
דאָרטען װערט אַ יאָמער און אַ געװיין.

דער לאָמפּ האָט זיך פערלאָשען,
קיין נוטס האָב איך ניט גענאָסען,
איך דאַרף אַװעקגעהן איינער פון דער װעלט.
אַצינד מעגט איהר װיינען,
איהר עלענדע יתומים,
איהר װעט ניט האָבען װער עס זאָל אייך געבען עסען ברייט.

— זעה, מאַמע, װי דער טאַטע ליגט שוין טויט.
דער טויט האָט איהם צוגענומען,
אַצינד מעגט איהר װיינען,
איהר עלענדע יתומים,
איהר האָט ניט װער עס זאָל אייך געבען עסען ברויט.
אַצינד מעגט איהר װיינען,
איהר עלענדע יתומים,
אַייער טאַטע ליגט דאָך שוין טויט.

5

אַמאָל איז געװען אַ יודעלע, אַ יודעלע,
האָט ער געהאַט אַ יודענע, אַ יודענע,
האָבען זיי געהאַט אַ קדיש'ל, אַ קדיש'ל אַ קדיש'ל,
איז דער קדיש'ל געשטאָרבען, געשטאָרבען, געשטאָרבען.

6

איך טהו מיר אָן די װייסע האַנדשעהן,
אין געה מיר אַװעק אַ פּאָלקע טאַנצען.
אַ פּאָלקע טאַנצען בין איך גערן,
נור מיט שעֶנע קאַװאַליערן.

אַזאַ בחור אָט װי דו,
טרעט איך מיט'ן קנאַפּעל צו.
אַזעלכע קאַװאַליערן אָט װי איהר
שטעהען ביי מיר אונטער'ן טיר.

7

אַרויס אַ נייע מאָדע,
אַ נייעס אין דער װעלט,
אַ זעלטענע װינאָדע,
עס קאָסט מיר קליינע געלד.

8

איינס, צװיי, דריי, פיער, פינף, זעקס, זיבען,
װאו איז מיין געליעבטער פערבליבען.
ער איז ניטאָ, ער איז ניטאָ,
ער איז אַװעק־געפאָהרען אין אַמעריקאָ *

* װאַר. ביי ל. ב—ן „קינדער־ליעדער“ נומ. 63.

9

לאָמיר געהן אין גאָרטען,
לאָמיר שפּיעלען אין קאָרטען,
לאָמיר אָנטהון די רינגען,
לאָמיר אַ קאַדריל זינגען.

10

— איינער קלאַפּט אין טויער, מוטער,
— איינער קלאַפּט אין טויער, מוטער,
— געה, טאָכטער, זעה, טאָכטער, װער עס קלאַפּט אין טויער,
— געה, טאָכטער, זעה, טאָכטער, װער עס קלאַפּט אין טויער.

— איינער װיל מיר נעהמען, מוטער,
— איינער װיל מיר נעהמען, מוטער,
— געה, טאָכטער, פרעג, טאָכטער, װיפיעל טאָלער ניט ער,
— געה, טאָכטער, פרעג, טאָכטער, װיפיעל טאָלער ניט ער.

— דריי הונדערט טאָלער ניט ער,
— דריי הונדערט טאָלער ניט ער,
— געה, טאָכטער, זאָג, טאָכטער, זאָל ער װייטער פאָהרען,
— געה, טאָכטער, זאָג, טאָכטער, זאָל ער װייטער פאָהרען.

11

אַז אַ מיידעלע װיל זיין שעֶן,
מוט זי זיבען זאַכען. *
איך האָב דאָס אַליין געזען
װי זי פלעגט עס מאַכען:
אַ ביסעלע פודרע, אַ ביסעלע קראַסקע,
און אַ פרעמדען צעפּיל,
פיער קישעלעך ביי די זייטען,
קיילעכדיג װי אַנ'עפּיל.
װער עס פלעגט איהר אויף מאָרגען זעהן,
פלעגט מען זיך צולאַכען,
װי די מיידעלע האָט אויסגעזעהן
אָהן די זיבען זאַכען.

* װאַר. אין קאָװנ. גוב:
אַז אַ מיידעלע װיל זיין שעֶן,
מוז זי האָבען זיבען זאַכען:
אַ ביסעלע פודרע א. אַ. װ.

# נאטיצען.

## I

### צו דער רעדענסאַרט „שפּיעלען זיך מיט דער בראָדער לבנה“.

מען זאָגט, למשל, „איהר שפּיעלט זיך מיט דער אָדעסער לבנה!“ אָדער „מיט דער בראָדער לבנה“. פעדשיידענע קאַנטען האָבען זייערע שטעדט און שטעדטלעך מיט אַן איראָניש־באַריהמטער „לבנה“. אפשר איז די דער־קלערונג פאָלגענדע: יודען פון די דאָזיגע שטעדט האַלטען זעהר פון זיך און פון זייערע מוטערשטעדט, באַריהמען זיך פיעל מיט דער שענקייט פון זייער בוי און סביבה. כדי אויסצודריקען די קאָמישע זייט פון אַזאַ באַריה־מען, האָט דאָס פאָלק אויסגעקליבען דוקא אַזאַ זאַך, וואָס איז אומע־דום גלייך און העננט לחלוטין ניט אָב פון די מעלות אָדער בעמי־הונגען פון די אָרטיגע איינוואוינער. די לבנה איז גראָד אַזאַ אָביעקט, לאַכט מען אָב פון דער גרויס־אָדער קליינשטעדטישער גאוה, איראָניזירענדיג איבער דער אָרטיגער לבנה. דערביי דערצעהלט מען אַנעקדאָטען מכה אָדע־סער, בראָדער און דגל. מיידלעך און בחורים, אַז קומענדיג אין אַ פרעמדער שטאָדט, קרימען זיי זיך איבער דער דאָרטיגער לבנה: „אונזער לבנה — גאָר ניט קיין פערגלייך!“ ה׳ בנימין זעגעל איז משער, אַז צום ערשטען מאָל פלעגט מען אַזוי אָבלאַכען פון די בראָדער בעל־גאוה׳ניקעס, ווייל בראָד (אין גאַליציען, אויפ׳ן רוסישען גרעניץ), איז אַמאָל געוועזן אַ רייכע שטאָדט, וואָס האָט געפיהרט דעם גאַנצען האַנדעל פון ווין ביז אָדעס. אין דרום־רוסלאַנד וויצעלט מען זיך נאָך עד היום איבער די מדות פון די „בראָ־דער גנידים“ („די בראָדער גנידים זענען זיך נוהג...“); אין גאַליציען „שפּיעלט“ מען זיך מיט דער „בראָדער לבנה“, און ה׳ זעגעל מיינט, אַז פון בראָד האָבען די אָדעסער יודען גע״ירשנ׳ט די „לבנה“, ווייל די לעצטע זענען גע־שטאַנען אונטער אַ שטאַרקער השפעה פון די בראָדער גנידים און משכילים. [מכה דער באָגרקער לבנה איז פאַראַן אַ מעשה, פאַרעפענטליכט אין „אַם אורקוועלל“ III, — נאָר זי האָט גיט צו טון דערמיט].

מכה דעם ווערטל „אָדעס איז קליין פּאַריז“ מאַכט ה׳ מתתיהו מיזיש אַ בעמערקונג, אַז אין אָדעס איז ווירקליך גרויס געווען אין די פריהערדי־גע צייטען דער פראַנצויזישער איינפלוס. אָדעס איז געגרינדעט פון פראַנ־צויזען, פראַנצויזישע פירמעס, פראַנצויזישע שילדען און פראַנצויזישע שפּראַך זענען נאָך עד היום אין אָדעס שטאַרק פערשפּרייט. אין גאַליציען פלעגט מען די משכילים רופען „די דאַטשען“ (דייטשען), אין ליטא — „די בער־לינער“, און אין דרום־רוסלאַנד, בפרט אָבער אַרום אָדעס — „די פראַנ־צויזען“.

ב. ב.

## II

### איין שארים פר עין הרע*.

איין גוישי רפואה פר עין הרע מהלכות רב מהגמרא. דער דען אַן שפּראַך זאָגט מוז זיך דיא הענט וואַשין אונ׳ מוז ליגן דיא הענט אויף דען קאָפּף פון דען קראַנקן עש זייא קליין קינד אודר איין אַלטר מאַן אודר ווייב אך קאָן מן וואש נעמן פון דען הולי איין הויב אודר איין טוך אונ׳ זאל ניט ווייט האַלטען פון זיין מויל אונ׳ זאָל דן אן שפּראַך זאָגן אונ׳ זאָל דר נאָך דיא הויב אודר דש טוך דען הולי אונטר זיין קאָפּף ליגן.

מיט דיא הילף פון גאָט דען אַלמעכטיגן דער דא היילט אַלי קראַנ־קן. דער זאָל אָב טאָן פון דיר אַלי וויא טאָג,, אונ׳ ביזה בגינינישן, וואש דיר איז אָן גקומן עש זייא פון איין ביזין אן בליק ונש זייא פון איין מאַן אבר פון איין פרויא עש זיי פון אַלט אודר יונג,* זאָל דיר ניט שאדן אַן דיין לייב אונ׳ לעבן נאָך ניט אן דיין הערץ נאָך ניט אן דיין לונג: דען אליהו הנביא האָט בגיגנט דער מלאך אַשטריבו דאָ שפּראַך אליהו הנביא צו אים ווילשטו איין הין נין דאָ זאָגט ער איך וויל גין דין (פלוני ב״ר פלוני או בת פלוני) אונ׳ וויל זיצן צו זיין קאָפּפונש, אונ׳ אין זיין הערין אונ׳ אין אַלי זייני גלידר אונ׳ פלייש און וויל טרינקן זיין בלוט: דא זאגט אליהו הנביא צו אים זוא וואול אַז דוא ניט רשות האָשט אויז צו טרינקן אַלי וואשר אויז דען מער אַזוא זאָלשט ניט רשות האָבן צו שעדיגן אים זיין לייב און איינז פון זיין גלידר אויף קיינר זייא מאניר פון דר גנצי וועלט. האָט אים איינר געבן איין ביזן אויג זאל עש איב ניט שאדן נאך בייא טאָג נאָך בייא נאַכט: אַזו וואול אז דיא קינדר פון יוסף הצדיק האָט מאַן זיא קיין ביז אויג, קענין געבן אַך אויף לאדן אַזוא זאָל דיר אך נישט שאדן אונ׳ צו דיזר שטונד זאָלשטו ווערן פריש אונד גזונד: דאש זייא וואר אין גאטש נאמן אמן סלה: אונ׳ זאָל אים ברייכין מיט ניין אַרלייא פאַרבן פון ווילא קליידר. אונ׳ וועו ער אַנדרשט ברופן איז אַזו ווערט דער דען אן שפּראַך זאָגט דער בטיט אונ׳ ווערט קרעכצין פאַר בטיט הייט.

ל.

* פון סדר „תחינות ובקשות“ בשנת ״קכ״ח לפ״ק בפיורדא, בדפוס המשובח כהר״ר חיים בן המנוה כהר״ר צבי הירש זצ״ל.

## III

### קלמן שולמאַנס בעציהונג צו יודיש.

קלמן שולמאַן האָט עפענטליך קעגען יודיש קיינמאָל גאָרנישט ניט געשריבען, נאָר אין זיינע פריוואַטע בריעף פלעגט ער, אַזוי ווי דאָס רוב אַנדערע משכילים, אַרויסזאָגען זיך קעגען דעם „פערהאַסטען זשאַרגאָן“. און אַז ער האָט זיך דערוואוסט אין יאָהר 1885 (ער איז שוין געווען דאַן אַ זקן), אַז איינער אַ גדליה היילפּרין פון מינסק קלייבט זיך צו איבער־זעצען זיינע ווערק „הריסות ביתר“ און „מלחמות היהודים“, וואָס זענען אַליין אויך נאָר איבערזעצונגען, אויף יודיש, האָט ער געשריבען צום שריפטשטע־לער איוב ממינסק, אַז ער זאָל אויפזוכען דעם גדליה היילפּערין און איהם איבערגעבען אין זיין נאָמען, אַז ער גיט ניט די ערלויבעניש צו איבערזעצען זיין בוך „הריסות ביתר“, אויף דער זשאַרגאָנישער שפּראַך, אַזוי אויך ניט זיין בוך „מלחמות היהודים“ אָדער אַן אַנדערן פון זיינע ספרים, דען מיט די ספרים, וואָס ער האָט געשריבען, איז ער נור אויסען געוועזען צו לערנען די יודישע קינ־דער די העברעאישע שפּראַך, אָבער ניט אַזאַ „קוידערוועלש“ ווי זשאַרגאָן. ער בעדויערט די אומזיסטע אַרבייט פונ׳ם איבערזעצער, דען בשום אופן וועט ער ניט קריגען קיין ערלויבעניש אויף צו דרוקען די איבערזעצונגען. דער העב־רעאישער טעקסט: ... „ויאמר נא אליו, כי אינני נותן רשיוני להעתיק את ספרי הריסות ביתר ללשון זשאַרגאָן, גם לא את ס׳ מלחמות היהודים ולא ספר אחר מספרי, כי כל ישעי וכל חפצי בספרי אשר כתבתי הוא רק ללמד את ילדי העברים לשון עברית ולא לשון עלגים כלשון זשאַרגאָן והם אני על עמל המעתיק כי בשום אופן לא ישיג רשיון להדפיסם“.

מ. ראַבינאָוויטש.

מינסק.

ב. באראכאוו.

# די ביבליאטייק פון יידישן פילאלאג.

פירהונדערט יאר יידישע שפראכפארשונג.

ב. באָראָכאָוו.

# די ביבליאָטייק פונ'ם יידישן פילאָלאָג.

ערשטער טייל.

פירהונדערט יאָר יידישע שפראַך-פאָרשונג.

די מחברים, וואָס זייערע שריפטן ברייגנען מיר דאָ, קאָן מען צעטיילן אַף אַכט די גרופן.

1) קריסטליכע געלערנטע פון XVI — XVIII יאָרהונדערט, וואָס האָבן זיך ערנסט אינטערעסירט מיט יידיש צוליב גאַנץ פאַרשיידענע טעמים. די הומאַניסטן פון XVI יאָרהונדערט, צו וועלאַכע מ'מעג נאָך צורעכענען דעם אָריענטאַליסט יאָהאַן בוקסטאָרף (דעם פאָטער), האָבן זיך אָבגעגעבן מיט'ן שטודיום פון דער העברעישער און אַראַמעישער שפּראַך (דער דאָזיקער שטודיום איז דענסטמאָל געווען אַ שטאַרקע באַדערפעניש באַ דער פראָגרעסיווער אינטעליגענץ), און כדי זיך בעסער צו פאַרטיפן אין דער רבנ'ישער ליטעראַטור, האָבן זיי זיך אינטערעסירט אויך מיט יידיש. פון אַ זער ענליכן שטאַנדפונקט זיינען צוגעגאַנגען צו יידיש אויך די בעסערע שרייבער פון XVIII יאָרהונדערט, און ספעציעל די גרויסע ביבליאָגראַפן (באַרטאָלאָטשי, וואָלף, קעכער); ווייטער, די מיסיאָנערן און טעאָלאָגן האָבן באַטראַכט די יידישע פאָלקס-שפראַך ווי אַ מיטל זיך צונויפצורייִדן מיט די יידישע מאַסן, כדי צו פאַרשפרייטן צווישן זיי דעם קריסטליכן גלויבן. אַ באַזונדער שטאַנדפונקט פאַרנעמען צוויי קריסטליכע געלערנטע, וואַגענזייל און שודט: דער ערשטער אינטערעסירט זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור און פאָלקלאָר, ווי אַ פילאָלאָג מיט אַ פיינעם חוש, און דער צווייטער צאַצקעט זיך מיט יידיש, ווי מיט אַנ'אינטערעסאַנטן קוריאָז צווישן פילע אַנדערע ציקאַווע „יידישע מערקווירדיקייטן", וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין דער פראַנקפורטער ביבליאָטייק.

2) יידישע געלערנטע פון דערזעלביקער צייט (XVI—XVIII יאָרה.), וואָס האָבן צו יידיש גופא קיין שום אינטערעס ניט געהאַט, נאָר כדי צו דערלייכטערן דעם פּראָסטן המון אָדער די מלמדים דעם שטודיום פון תנ"ך, גמרא און דגל., פלעגן זיי אַנ'אַנדערש מאָל שרייבן יידישע ווערטערביכער און לערביכער.

3) שונד-„לינגוויסטן", על פי רוב משומדים אָדער גלאַט שמוציקע יודאָפאָבן, וואָס פלעגן צונויפשטוקעווען „לערביכער", „גראַמאַטיקעס" און „ווערטערביכער" פון יידיש. דער „יידיש" זייערער איז פונקט אַזוי עם-הארצ'יש און גראָב, ווי זיי אַליין און ווי דער יודאָפאָבישער דייטשער עולם, פאַר וועלכן זיי האָבן געשריבן. דערביי פלעגט איין „מחבר" גנב'ען באַ'ם צווייטען.

די דאָזיקע „ליטעראַטור" הויבט זיך אָן און וואַקסט זיך מורא'דיק פאַנאַנדער אינ'ם XVIII יאָרהונדערט. אָבער אויך אין XIX יאָרה., און אַפילו אין אונדזערע טעג איז זי נאָך ניט אויסגעשטאָרבן אינגאַנצן.

4) ליבעראַלע קריסטליכע פאָרשער אינ'ם XIX יאָרהונדערט. על פי רוב שעצן זיי יידיש ווי אַ דייטשן דיאַלעקט, וואָס „פאַרשפרייט די דייטשע קולטור אין די סלאַווישע לענדער". אָן אַ זייט שטייען אָבער דערביי די בעסטע פון דיזע פאָרשער — רעע, אַוועלאַלעמאַן און אַנדרע.

5) אַסימילירטע יידן, וואָס גייען צו צו יידיש, ווי צו אַ פאַרדאָרבענעם דייטשן דיאַלעקט, וואָס זיי בעטראַכטן פון אַ ריין-לינגוויסטישן שטאַנדפונקט.

6) מחברים פונ'ם נייעם יידישען דור, וואָס פאַרשטייען דעם קולטורעלן אָדער לפחות דעם בילדונגס-ווערט פון דער יידישער שפראַך און שטרעבן זי קולטורעל צו אַנטוויקלען. ביז דער לעצטער צייט האָבן מיר געהאַט אַ יידישע לינגוויסטיק, און אַ גאַנץ אָרימע דערצו; איצט הייבט אָן צו באַווייזן זיך אַ יידישע פילאָלאָגיע אינ'ם ברייטן נאַציאָנאַל-קולטורעלן זינען פון דעם וואָרט. ביז איצט איז יידיש געווען אַנ'ענין פאַר פאָרשונג, פאַר פובליציסטיק און פאַר שונד-שרייבאַכץ; אַצינד, מיט דעם אויסוואַקסען פון דער נאַציאָנאַלער פילאָלאָגיע, זעהען מיר שוין אויך די ערשטע פרובן צו מאַכן יידיש פאַר אַ לימוד פון פאָלק און מיר האָבן שוין אַ קליינע ביבליאָטייק פון פאָפּולאַריזאַציעס, לערביכער פאַר'ן פאָלק. די לערביכער גיב יך אָפּ אַ בעזונדער פרק.

צייכענס און פאַרקירצונגען:

יענע שריפטן, וואָס יך האָב אַליין ניט געזעהן, באַצייכן יך מיט אַ שטערנדל און אין עקיקע קלאַמערן ברענג יך דערביי יענע קוואַלן, פון וועלכע יך נעם אַרויס די ידיעה.

אַ פראַגע-צייכן באַטייט, אַז, מחמת יך האָב ניט דעם ווערק אונטער דער האַנט, קאָן יך ניט ערב זיין פאַר יענע אייבצעלקייטן (ווי צאָל זייטן א. ד. גל.), באַ וועלכע דער פראַגע-צייכן שטייט.

מיט פעטן דרוק ווערן אָנגעגעבן שריפטן, וואָס האָבן אַ באַזונדער הויכן ווערט, סיי מחמת זייער ערנסטקייט אָדער וויסנשאַפטליכקייט, סיי ווייל זיי זייבען דערווייל די איינציקע אין זייער פרט אַרט.

דרייפונקט ... באַטייט, אַז יך קירץ דעם קעפל, מחמת ער איז צו לאַנג. טאָפּלפונקט: טיילט אָפּ דעם נאָמען פון אַנ'אַרטיקל און דעם נאָמען פון יענער צייטשריפט (אָדער יאָרבוך אָדער זאַמעלבוך), וואו דער אַרטיקל איז געדרוקט געוואָרען.

ריימישע ציפערן באַטייטן דעם באַנד (אָדער דעם יאָרגאַנג פון אַ צייטשריפט), די אַראַבישע ציפער—יענע זייט, פון וועלאַכער

*) סע פרייט מיך זער דאָ ארויסצוזאָגען מיין דאנק דער פערוואלטונג פון דער יידישער קהלה-ביבליאָטייק אין ווין, נעמליך פריילין אילאָנא לעווי, ד"ר בערנהארד מינק, ד"ר ערנסט מיללער, און די הערן מאָריץ שולער און זיין זון לודוויג שולער פאר דער פריינטליכער, פארשטענדנישפולער און אקטיווער סימפּאטיע, וואָס א דאנק איר האָב יך געהאט די מיגלאכקייט אויסצונוצן ניט נאָר די רייכע קוועלן פון דער דערמאָנטער ביבליאָטייק, נאָר אויך באקומען ביכער פון אנדערע שטעט.

דער געגעבענער אַרטיקל (אָדער די אונדז אינטערעסירנדע שטע־לען) הייבט זיך אָן.

נאָכ'ן נאָמען פון אַ צייטשריפט ווערט ייִר רעדאַקטאָר אָדער אַרויסגעבער געשטעלט אין קלאַמערן.

אַזוינע קירצונגען, ווי .N. Y., Lond , Lpz., Fr. M (שטעט) וועלן אַלעמען זיין פאַרשטענדליך.

וואו ייך גיב אָן אין עקיקע קלאַמערן אַ №, געהערט עס צו דער פאָרליגנדער ביבליאָגראַפיע. למשל: [№ 29, II 594] באַטייט: Wolf, Bibliotiheca Hebraea, באַנד II, זייט 594.

אויב דער נאָמען פונ'ם מחבר, די שטאָט אָדער דער יאָר־שטייען אין קיילאַכדיקע קלאַמערן, הייסט דאָס, אַז זיי זייַנען באַ־קאַנט, אָבער ניט פונ'ם שער־בלאַט.

די דאָזיקע ביבליאָגראַפיע איז אָבער פאַר קיין פאַל ניט פול־שטענדיק. און איך רעכן אַף געוויס, אַז חוץ די דאָ געבראַכטע שריפטן, געפינען זיך אין פאַרשיידענע קוואַלען כמעט נאָך אַ מאָל אַזוי פיל, וואָס זיינען מיר אָבער ניט באַקאַנט.

## א. פרימיטיווע פילאלאגישע שריפטן.

### I. קריסטליכע געלערנטע.

1) לינגוויסטישע ווערק (פון XVI ביז XVIII יאָרהונד.).

* 1. Johannes Boeschenstein, בשם ארבע אותיות, Elementale intraduktorium in hebraeas literas teutonice et hebraice legendas, Augustae (id e. Augsburg .ב. ב) 1514. [Geiger, Studium hebr. Sprache, 51].

ס'איז אַ סברה, אַז בעשענשטיין איז געווען אַ משומד, הגם ער אַליין האָט דאָס ענערגיש אָבגעלייקנט. אין זיין ביכל געפינט זיך, חוץ אַנדערע זאַכ'ן, אויך אַ קורצע אָנווייזונג, ווי צו לייענען און שרייבן יידיש־טייטש. דאָס ביכל איז שווער צו קריגן; גייגער האָט עס געזעהען אין דער היידעלבערגער ביבליאָטייק.

2. Sebastianus Munsterus, Dictionarium hebraicum ..., (Basel) 1523.

דער בוך טראָגט אויך אַ העברעאיש קעפל: „ערוך השורשות“ (sic).

אין דעם דאָזיקן ווערטערבוך פאַרטייטשט מינסטער (איינער פון די גרעסטע הומאַניסטן) אייניקע העברעאישע און אראַמעאישע ווערטער אַף יידיש־טייטש.— א. שולמאַן (עמקי שפה: השלח 1898) זאָגט, אַז מינסטער האָט אָבגעגעבן דער יידיש־טייטשער שפראַך אַ באַזונדער קאַפיטל אין זיין „מלאכת הדקדוק“ Opus grammatikum...“. דאָס איז ניט ריכטיק, אין דעם ווערק מינסטערס האָב ייך ניט געפונען קיין שום שפור פון יידיש־טייטש.

* 3. Paulus Fagius, Compendiaria Isagoge in linguam hebraeam, Constantiae 1543 [Geiger Studium 73; Wolf, Bibl. Hebr. II 594; Grünbaum, J.-D. Chrestom, 555 f.].

ס'איז אַ סברא, אַז פאַגיוס איז אויך געווען אַ משומד. זיין ביכל ברענגט אויך כללים פונ'ם יידיש־טייטשען לייענען און שרייבן.

* 4. Michael Adam, Institutio brevis legendi Jud.-Germ., Zürich 1546 [Steinschneider, Geschichtslit. der Juden 30 f.]

דאָס איז אַ ביילאַגע צו מיכאל אדם'ס יידיש־טייטשער איבערזעצונג פון „יוסיפון“. מיכאל אדם איז געווען אַ משומד, און ס'איז אַ גרויסע סברא אַז ער און פּוילוס פאַגיוס זיינען איין און דיזעלביקע פּערזאָן. דאָס ביכל איז איצט זער שווער צו קריגן.

* 5. Elias Schade, Misterium, d. i. Geheimniss St. Pauli Röm. II von Bekehrung der Juden ... Sodann auch e. gewissen Bericht Von der Juden Teutsch-Hebreischer Schrifft, Strassburg 1592 [Wolf, Bibl. Hebr. II 594, 1070; Fürst, Bibl. Jud. III, 257].



דער מחבר איז אַ מיסיאָנער.

6. **Johannes Buxtorfius,** Thesaurus Grammatikus linguae sanctae, Basel 1609; ed. 5-ta ibid. 1651, ed. 6-ta 1663, pp. 639—669.

אין דער הוספה צו דעם פונדאַמענטאַלן ווערק וועגן דער העברעאישער גראַמאַטיק גיט בוקסטאָרף אַ קורצן גראַמאַטיש־פילאָלאָגישן קאַפיטל וועגן יידיש־טייטש מיט אַ קליינער ביבליאָגראַפיע און כרעסטאָמאַטיע:

**Lectionis Hebraeo-Germanicae Usus et Exercitatio.**

בוקסטאָרף איז דער אייגנטליכער פאָטער פון דער יידיש־טייטשער לינג־וויסטיק. אָבער זיין באַגריף וועגן יידיש איז נאָך זער נאַיוו; ער מיינט, אַז נאָר דער בלינדער פאַנאַטיזם פון די יידן צווינגט זיי אַריינצומישן אין דייטש העברעישע ווערטער און צו פאַרדאַרבן די באַטייטונג פון די דייטשע ווערטער: „Adeo Hebraismi tenaces sunt, ut Germanismum obscurent: adeo in externa ac literali dictione servanda superstitiose haerent, ut sensum quandoque nullum, quandoque obscurum, quandoque insipidum relinquant“. אינטערעסאַנט איז, וואָס שוין אין יענע צייטן (אַרום יאָר 1609!) פלעגן די אַ ביסל מער אינטעליגענטע יידן שטרעבן צו־צופאַסן יידיש צו די ריינע דייטשע אויסדרוקן: „Quicunque tamen nunc paulo accuratius edocti sunt, elegantioribus et clarioribus versionibus student, ac ad linguae Germanicae proprietatem se accommodant“. בוקסטאָרף ברענגט יענע שריפט, מיט וועלכער מע פלעגט דענסטמאָל דרוקן יידיש־טייטשע ספרים; די דאָזיקע שריפט האָט געטראָגן דעם כאַ־ראַקטעריסטישן נאָמען „ווייבער־טייטש“, אַנדערש האָט זי געהייסן אויך „משקיט“, וועלכן נאָמען ס'איז שווער צו דערקלערן. אַף דער ז. 641—643 רעכנט אויס בוקסטאָרף 20 יידיש־טייטשע ספרים (געדרוקטע), וואָס ער אַליין האָט געזעהן, און ווייטער ברענגט ער אייניקע שטעלן פון אָט די ספרים.

* 7. Andreas Sennert, Rabbinismus h. e. praecepta Targumico-talmudico-rabbinica ... Wittenberg 1666 [Wolf, Bibl. Hebr. II 594; Fürst, Bibl. Jud. III, 312].

אַף די זז. 2 און 63 רעדט זענערט אַרום די יידיש־טייטשע שריפט. ער איז אַ מיסיאָנער און לינגוויסט.

8. August Pfeiffer, Kritika sacra..., Dresden 1680; ed 2-da 1688; ed. 4-ta Lpz. 1702; ed. 5-ta 1712.

פפייפער איז אַ טעאָלאָג. דער XV קאַפיטל פון זיין ווערק טראָגט דעם נאָמען:

De lectione Ebraeo-Germanica.

* 9. Ammersbach, ABC-Buch, auch Anweisung die rabbinischen teutschen Bücher und Briefe ohne Puncte zu lesen, Magdeburg 1689 [Wolf, Bibl. Hebr. II 594; Landau Bibliogr. des Jüd.-D.]

אַמערסבאַך ברענגט פיר אלף־בית'ן פון פאַרשיידענע שפראַכן, און אַף דער ז. 29 פ. אויך דעם יידישן „ווייבער־טייטש“.

* 10. Christian Moller, Anweisung zum lesen des Jüdischdeutschen [Wolf, 1. c. II 459, IV 204 sq. Soeze, Verzeichniss, 268] Fr. a. M. 1700.

דאָס איז אַ הוספה צו מאָלער'ס יידיש־טייטשער איבערזעצונג פון ברית חדשה, וואָס איז אַרויס אין פראַנקפורט ביים מיין אין יאָר 1700. מאָלער איז

א מיסיאנער, און לויט ווי וואלף דערציילט, האבן די יידען, וואו נור מיגלאך, געזוכט דעם בוך צו קריגן און צו פארניכטען. דעריבער איז שוין אין וואלפ'ס צייט דער בוך געווען א יקר המציאות.

* 11. Joachim Fr. Schmidt, Manuductio grammaticalis ad linguam ebraicam..., Frankf. am Oder 1708 [Fürst, l. c. III, 279].

צו דער שריפט איז צוגעגעבן א הוספה:

Ratio legendi hebraeo-germanice.

* 12. Johann Michel Koch, Brevis Manuductio ad lectionem scriptorum Judaeorum Germanicorum, Fr. a. M. 1709 [Wolf, l. c., II 594; Schudt, Jüd. Merkw. II 284].

דאס איז א קליין ביכל פון איין דרוק-בויגן. שודט לויבט עס זער, ווי אויך כריזאנדער (Unterricht vom Nutzen...), אבער פון די שפעטערדיקע ביבליאגראפן האט זי קיינער ניט געזעהען. דער מחבר איז א סטודענט פון טעאלאגיע.

13. Caspar Calvör, Gloria Christi, Beweisthum der Warheit christlicher Religion ..., Lpz. 1710.

צום סוף האט דער בוך א קורצע

Anleitung wie das Jüdisch-Teutsche zu lesen.

* 14. Philipp Nicodim Lebrecht, ראש פנה, Eckstein des wahren christlichen Glaubens, Dresden 1719. [Wolf, l. c. II 594, 1011].

דער בוך איז ארויס אין יידיש און אין דייטש. צום סוף פון דער דייטשער אויסגאבע איז צוגעגעבן א קורצע ווייזונג, ווי צו לייענען און שרייבן יידיש. דער מחבר איז א משומד.

* 15. Gustav Christian Christoph, יסוד אמונת משיח, Das auf Mose und Propheten gegründete Christenthum, Berlin 1719 [Wolf, l. c. II 594 et 1605].

צום סוף ביכל איז צוגעגעבן, ווי צו לייענען און שרייבן יידיש. דער מחבר איז א משומד, וואס איז שפעטער געווארען א שמוציקער שונד-שרייבער.

* 16. R. Springer, de Judaeorum Germanorum literis et lingua.

דאס איז א כתב-יד; ער ווערט דערמאנט בא וואלף ב. II ז. 594.

*** 17. J. H. Callenberg, Kurtze Anleitung zur jüdischdeutschen Sprache,** Halle 1733 (1/2 Bogen). 2 Aufl. 1738. 3 Aufl. 1749. [Avè-Lallemant, Das deutsche qauuerthum III 221;Vater, Lit. d. Gram., 193].

18 **דערזעלבער. Jüdischteutsches Wörterbüchlein...,** Halle 1736, 200 s.

קאלענבערג, א פראפעסאר אין האלע, איז א גאנץ ערנסטער געלערנטער, נאר מיט ווייניק טאלאנט. אין יאר 1728 האט ער געגרינדעט אין האלע א „יידישן אינסטיטוט“ פאר קריסטליכע סטודענטן צו לערנען העברעיש און יידיש. זיין ווערטערביכל איז נאך לעוויטא'ס (זעה אונטן נ' 80) די ערשטע פראבע פון דעם מין; ברענגט אבער נאר די העברעיש-אראמעישע ווערטער פון יידיש-טייטש.

* 19. E. C. F. Oppenheimer, Hodejus Ebraeo-Rabbinicus, Kurze u. deutliche Anweisung, wie... die ... Bücher und Briefe, Contracte, Handschriften, Wechselzettel usw. des heutigen Judenteutsch zu lesen und zu verstehen, Lpz. 1731 [Avé-Lallemant, l. c., III 242].



שוין מיט פופציק יאר צוריק האט אווע-לאלעמאן ניט געקאנט קריגן דעם ביכל.

* 20. **J. W. Chrysander, Jüdisch-Teutsche Grammatik ...** Lpz. u. Wolfenbüttel, 1750, 6 Blätter [Avé-Lallemant III 222; Saineanu, Studiu dialectol. 20; Vater, l. c. 193].

* 21 **דערזעלבער. Unterricht vom Nutzen des Juden-Teutschen ...** Wolfenbüttel, 1750 [Avé-Lall. III 49, 222; Saineanu l. c.].

ס'איז א גרויסער שאד, וואס כריזאנדערס ביכער איז איצט אזוי שווער צו קריגן. שוין מיט פופציק יאר צוריק זיינען זיי געווען יקרי המציאות, און אווע-לאלעמאן האט מחמת דעם געפונען פאר נייטיק צו ברענגען לאנגע ציטאטן פון כריזאנדער'ס ווערק. די ציטאטן באווייזן, אז מיר האבן פאר זיך א גאר ערנסטן און טאלאנטפולן פארשער.

* 22. J. A. Gottfried, Anweisung zum Jüdisch-Teutschen, Tübingen 1755, 16 s. [Köcher, Nova bibl. Hebr., II 137].

* 23. Gottfried Selig, Kurze und gründliche Anleitung zu einer leichten Erlernung der jüdischdeutschen Sprache, Lpz. 1767, [Avé Lallement III 226].

24. **(דערזעלבער) Lector Publicus, Lehrbuch zur gründlichen Erlernung der jüdisch-deutschen Sprache...** mit einem vollständigen jüdischdeutschen Wörterbuch, Lpz. 1792.

זעליג איז א משומד, אבער פון די פילע משומדים, וואס האבן אין XVIII יארהונדערט געשריבן יידישע לערביכער, איז ער דער איינציקער גוטער קענער פון יידיש און העברעיש. פונדעסטוועגן געפינט זיך אין זיין ווערטערבוך (וועלכער ברענגט נאר די העברעיש-אראמעישע ווערטער און ראשי-תיבות פון יידישע) אויך א סך גרייזן און דרוקפעלער.

2) ליטעראטור-געשיכטליכע ווערק, כרעסטאמאטיעס און ביבליאגראפישע ווערק, (פון XVI ביז XVIII יארהונדערט).

25. **Julius Bartolloccius, קרית ספר, Bibliotheca Magna Rabbinica ...** 4 vol., Romae 1675—1693.

דער ריזיקער ווערק פונ'ם מאנאך דזשוליא בארטאלאטשי (פיר בענד צו 700—1000 זייטן אין יעדן) איז א גענויע ביבליאגראפיע פון טויזענטער העברעישע און אויך יידישע ספרים, וואס דער געלערנטער האט אויסגעפארשט מיט א וואונדערבארן פלייס. דער בוך איז געשריבן גלייכצייטיק אין לאטיין און אין העברעיש. די ביכער גייען דארט נאכ'ן אלף-בית פון די מחברים, און די אנאנימע ביכער ווערן געבראכט אונטער דער רובריק: פ'א-פלוני אלמוני.

**26. Johann Christof Wagenseil, Belehrung der Jüdisch-Teutschen Red-und Schreibart ...** Königsberg 1699; 2-te Aufl. 1715. Fr. M. 3 Aufl. Fr. M. 1737.

דער מחבר איז, פון איין זייט, א גוטער קענער פון פאלקלאר בכלל (ער איז איינער פון די ערשטע דייטשע פאלקלאריסטן) און, פון דער אנדערער זייט, א גרויסער בקי אין העברעיש, אין די יידישע דינים און מנהגים, אנ'אויסגעצייכנעטער קענער פונ'ם יידישן לעבן און דערצו נאך א ליגגוויסט און ליבהאבער פון דער יידישער ליטעראטור. ער איז דער ערשטער, וואס האט זיך אינטערעסירט מיט'ן יידישן פאלקס-שאפן. זייענדיק, לערך צו זיין צייט, א גרויסער פריידענקער, איז ער אויך געווען אנ'אוהב ישראל, האט אין זיינע שריפטן כיל געקעמפט מיט די פארורטיילן אנקעגן די יידן. אזוי האט ער, למשל, אין א באזונדער שריפט אנגערופן

דעם בלוט-בלבול „דער שאנד-ליבן". אבער קיין העלד איז ער ניט געווען און צו ליידן פאר זיינע איבערצייגונגען האט ער ניט געהאט קיין מוט; דערפאר, אז דער פריסישער קיניג האט אונטערגעשטיצט אייזענמענגערס יידנפרעסערישע אגיטאציע, האט וואגענזייל, שוין אין דעם עלטער פון 70 יארן, מורא באקומען פאר זיין פרייזיניקייט און איז פלוצלינג ארויס קעגען יידן מיט א געקינסטלט-שארפן פאמפלעט („Denunciatio Christiana"..., 1703). דאס האט אים פערשאפט א גאנץ אומריכטיקן שם פון א יודאפאב. אויך אין זיין ווערק וועגן דער יידישער שפראך איז די לאנגע הקדמה („Fürtrag") אומישנע צונויפגעשטעלט געווארן אזוי, אז זי הייבט זיך אן און לאזט זיך אויס מיט יודאפאבישע סענטענציעס, און פארקערט אימיטן געפינט זיך א לאנגע התנצלות פאר יידן בכלל און פאר דער יידישער ליטעראטור בפרט. אבער וועלנדיק אפנארן די שטרענגע פינסטערע יודאפאבישע צענזור פון יענער צייט, האט וואגענזייל אויך אריינגעבראכט אין טעות אונדזערע ביבליאגראפן, און דערפאר זאגען אווע-לאלעמאן, שאינעאנו, אלעזר שולמאן אין איין קול, אז וואגענזייל איז נאיוו, אז ער איז א יודאפאב, האט פיינט די יידישע שפראך וכדומה. כדי צו בעווייזן וואגענזיילס ריכטיקע באציהונג צו יידיש, ציטיר איך פונ'ם מיטן פון זיין ווערק:

(Fürtrag, Blatt H 1) „in solchem (jüdisch-teutschem) Dialecto, sind sehr viel Historien-Bücher (מעשות) gedruckt/ welche sowol wahre als erdichtete Geschichte enthalten/ und haben bevorab die letzteren /eine sonderbare Anmuth allermassen dann die Juden zu allen Zeiten/ in Apologis, Gleichnussen/ Rätzeln/ und lehrreichen Fabeln/ vor andere Nationen/ Maister gewesen... Können also die Sorgen/ schwere Gedanken und Traurigkeiten/ mit nichts besser/ als denen Jüdischen Teutschen Büchern/ vertrieben werden/... die einem so wol eingehen/ dasz man deren nit leicht vergessen kan; welches mit anderer Völcker Erzehlungen und Mythologiis nit so beschaffen".

וואגענזיילס גראמאטישע באמערקונגען זיינען ניט אינטערעסאנט; זיי חזר'ן איבער בוקסטארפס כללים. דערפאר איז אבער וואגענזיילס כרעסטאמאטיע אויסגעצייכנט: זי ברענגט עטלאכע גרויסע יידישע לידער (צווישען זיי די ווינץ-ליד), א יידישען ראמאן (איין שין מעשה פון קיניג ארטוש האף), א מוסר ספר און עטלאכע מעשיות.

27. דערזעלבער. Mose Rabbi Stendels nach Jüdisch-Teutscher Red-Art vorlängst in Reimen gebrachte Psalmen Dawids, Lpz. 1705.

28. **Johann Jakob Schudt, Jüdische Merkwürdigkeiten,** 4 Bde, Fr. M. 1710-1718.

שודט איז טאקע שטארק אנגעשטעקט מיט יודאפאביע. בכלל לוינט זיך ניט דא אפצושטעלן זיך אף זיין משונה'דיק ניט-סיסטעמאטישען ריזיקן ווערק, וואס שטעלט מיט זיך פאר, לויט אווע-לאלעמאנס צוגעטראפענעם אויסדרוק, א „קלייט מיט געלערנטע אלטווארג". פאר אונדז זיינען נאר אינטערעסאנט, ערשטנס, די ז. 283—289 פונ'ם II באנד, וואו שודט רעדט ארום די יידישע שפראך, און די יידישע כרעסטאמאטיע אינ'ם III באנד ז. 1-82 און 202-327 און אינ'ם IV באנד (III-טע „קאנטינואציא") ז. 81-192. אן א שום געשמאק (צום אונטערשייד פון וואגענזייל) ברענגט דא שודט אלצדינג, וואס סע ווייזט זיך אויס „מערקווירדיק" פאר זיין קליינעם פעדאנטישן יודאפאבישן מח. צופעליק ברענגט ער אויך אייניקע זער וויכטיקע זאכן, וואס זיינען געווארן אצינד יקירי המציאות. אזוי געפינען זיך ביי אים איבערגעדרוקט צוויי יידישע פאלקס.קאמעדיעס פון „פורים-שפיל"— „אקטא אסתר-אחשורוש" און „מכירת יוסף". ווי שודט דערציילט, האט אים א ייד פארזיכערט, אז די רבנים מיט די מנהיגים פון די קהלות פלעגן אומעדום פארברענען די געדרוקטע עקזעמפלארן פון „אחשורוש-שפיל", ווייל דער גראבער טאן פון דער קאמעדיע איז מחלל קודש.—וואגענזיילס און שודטס כרעסטאמאטיעס האבן א גרויסע באטייטונג פאר דער געשיכטע פונ'ם יידישן פאלקלאר. חוץ דעם, ברענגט שודט דעם „בראנטשפיגל" און אנדערע זאכן.

29. **Johann Christophor Wolf, Bibliotheca Hebraea,** 4 Libri, Hamburg und Lpz. 1715—1733.

די פיר אומגעהייערע בענד (צו 1200—1700 זייטן $4^0$ יעדער באנד) אנטהאלטן א גענויע און סיסטעמאטישע ביבליאגראפיע סיי פון דער העברעישער, סיי פון דער יידיש-טייטשער ליטעראטור און אויך פון דער גאנצער ליטעראטור, וואס קריסטן אדער משומדים האבן געשריבן וועגן יידן אדער וועגן איינצעלנע יידישע ענינים. צום באדויערן זיינען די יידיש-טייטשע ספרים בא וואלף, גלייך ווי בא בארטאלאטשי, ניט אויסגעטיילט באזונדער, נאר זיי גייען אין איין אלף-בית מיט די העברעישע. וואלף ברענגט אפטמאל א גענויע אויספירליכע באשרייבונג פון איינצעלנע ספרים, און אנ'אנדערש מאל אויך ציטאטן. אין ב. II, ז. 593—594 גיט ער אויך א קורצע רשימה פון מחברים, וואס האבן געשריבן וועגן יידיש-טייטש.

30. Johann Melchior Goeze, Verzeichniss seiner Sammlung seltener u. merkwürdiger Bibeln in verschiedenen Sprachen, Halle 1777.

וועגן טייטש-חומש געפינען זיך אינטערעסאנטע סטאטיסטישע און ביבליאגראפישע ידיעות אין דער הקדמה. ז. V—VI און אין טעקסט ז. 6—7 און 268.

31. Herm. Fr. Koecher, Nova bibliotheca Hebraea..., 2 partes, Jena 1783-1784.

דאס איז א דערגענצונג צו וואלפס ביבליאגראפיע און איז געארדנט לויט וואלפס סדר. די בעסטע פילאלאגן און ביבליאגראפן, ווי למשל, משה שטיינשניידער (Bibliogr. Handbuch üb. die ... Literatur für hebräische Sprachkunde, Lpz. 1856 s. XVI) געפינען אבער, אז אף קעכערס ידיעות קאן מען זיך ניט תמיד פארלאזן.

## II סענסאציאנעלע שריפטען וועגן יידיש-טייטש.

### 1) שונד-שריפטען וועגן יידיש-טייטש.

32. J. W., Jüdischer Sprach-Meister, ad. . . ein Discours ... wobey der Christ sich der Frömmigkeit, der Jude aber, ihres Geschlechts Gewohnheit nach, des Betrugs befleisziget ... Gedruckt in dem jetzigen Jahr.

דער דאזיקער „פאטער" פון דער שונד-ליטעראטור וועגן יידיש איז געווען א משומד, ווי מ'זעט פון דעם, ווי ער רופט זיך אליין אן אינ'ם שער-בלאט: „Aufgezeichnet von einem, der ehedessen unter diesem Volke viele Jahre zugebracht, nun aber vom gantzen Herzen Gott liebet, und seinem Nächsten gerne dienet".

לויט וואגנער'ן איז דער ביכל ארויס אין 1702 יאר, אבער לויט ה. ט. (אין דער צייטשריפט „באהעמיא") אין 1742 יאר. אווע-לאלעמאן געפינט, אז ניט קוקנדיג אויפ'ן גראבן עם הארצ'ישען אינהאלט פון דעם ביכל, האט עס דאך א ווערט פאר א פילאלאג, ווייל זיין מחבר איז, קענטיג, א גרויסער „בקי" אין די גראבסטע אויסדרוקען פונ'ם פראסטן יידישען המון אין דייטשלאנד.

* 33. Christoph Gustav Christian, שילת, Hebräisch- u. Deutsche Vocabula und Wörterbüchlein ... 1727 [Avé-Lall. III 231; Wagner:Neuer Anzeiger 1863, s. 70].

דער מחבר בעהאַלט זיך אונטערן טיטל "ein Religioser„ און איז אַ משומד. פערגל. אויך № 15.

* 34. דערזעלבער. ספר אלה הדברים, Neu Vermehrtes und.. verbessertes Vocabulorum Hebraeicum, Nürnberg 1728 [Avé-L. l. c., 232; Wagner, l. c.]

איצט שעמט זיך דער מחבר מער ניט, און רופט זיך אָן אַפּ'ן שער-בלאַט "ein Convertit„ ד. ה. משומד.

* 35. Gottfried Paulus Theodor, Neu Vermehrtes..., Tübingen 1765, (ווי אין № 34) [Avé-L. l. c. 236].

דאָס איז דערזעלבער מחבר, ווי אין די נ' 15, 33 און 34, נאָר נאָך זיין טויט האָט מען זיך שוין ניט געשעמט אויסזאָגען, מן הסתם, זיין אמת'ן נאָמען (גאָטפריד).

* 36. PhiloGlottus. Kurze und gründliche Anweisung zur Teutsh-Jüdischen Sprache..., Freiberg 1733. [Avé-L., l. c. 233; Wagner l. c., 1861, s. 120; Vater, l. c. 193].

דער אמת'ער נאָמען פונ'ם מחבר איז J. P. Lütke; זיין ווערטערביכל גייט לויטן דייטשן אלף-בית.

* 37. אנאָנים. Hebräisch- u. teutsches Sprachbuch, Nürnberg 1735 [Wagner 1863, s. 71].

38. Bibliophilus. Jüdischer Sprach-Meister Oder Hebräisch-Teutsches Wörterbuch., Fr. M. u. Lpz. 1742. 2-te Ausg. 1750.

שטיינשניידער ווייזט אָן על פי טעות 1792 יאָר; איך האָב געזעהען די אויסגאַבע פון 1742, דיזעלביקע, וואָס ווערט דערמאָנט בּאַ אַוועֿ-לאַלעמאַן, בּאַ וואַגנער און בּאַ לאַנדוי. דער ביכל איז שרעקלאַך עם האַרצ'יש, פונדעסטוועגן אַנטהאַלט עס אייניקע אינטערעסאַנטע אויסדרוקן, וואָס זיינען באמת געווען פּערשפּרייט צווישען דעם פּראָסטען יידישען עולם.

* 39. אנאָנים. Neu-eingerichtetes Teutsch-Hebräisches Wörterbuch, Oettingen 1764; 2 Aufl. 1774; 3 Aufl. 1790 32 s. [Avé-L., III 238; Wagner 1863, s. 71].

40 C. F. Krakherr, Bequemes und nützliches Handlexicon... Nürnberg 1766

דאָס איז אַ דייטשער פרעמדווערטערבוך, וואָס צו איהם איז צוגעגעבן (ז. 492—514) אַ קליינער עם האַרצ'ישער יידישער ווערטערביכל.

41. (L. Tirsch), Handlexikon der jüdisch-deutschen Sprache..., Prag.

דער ווערטערביכל אַנטהאַלט אויך אייניקע יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן, על פי רוב צונויפגעשטעלט פון העברעישע אָדער אַראַמעישע ווערטער. בכלל איז אָבער דער ביכל מורא'דיק עם' האַרצ'יש. אינטערעסאַנט איז נאָר, וואָס דער דאָזיקער בוך איז אַרויס נאָך אין פילע אויסגאַבן, אַלע אין פּראַג, שטענדיק אַנאָנים, נאָר מיט אַ ביסל פאַרענדערטע קעפּלאַך (Kleines jüdisch-deutsches Wörterbuch אָדער Nützliches Handlexicon etc. אָדער Handlexicon der jüd.-deutschen Sprache ה' אַ. לאַנדוי (Bibliogr. des Jüd.-Deutschen) ברענגט פאָלגענדע 10 אויסגאַבן: אָן אַ יאָר, 1773, ווידער 1773, און ווידער טאַקע 1773, 1774, 1776, 1777, 1778, 1780 און 1782. דאָס אַליין באַווייזט שוין, ס'איז ערפאָלג סע האָט געהאַט אינ'ם XVIII יאָרהונדערט די שונד-ליטעראַטור וועגן יידיש-טייטש, ווי גרויס איז געווען דער אינטערעס פונ'ם דייטשן פּובּליקום צו דער יידישער שפּראַך. זעה נאָך אונטן № 46.

* 42. K. W. Freidrich, Unterricht in der Judensprache und Schrift..., Prenzlau 1784 [Avé-Lall. III 225; Steinschneider: Jew. Quart. Review XVI 760].



אַווע-לאַלעמאַן איז משער, אַז דאָס איז אַ משומד.

43. אנאָנים? Verzeichniss... derjenigen Redensarten... deren sich die Juden... gegen einander... auf Rossmärkten und Handlungen bedienen.

דער ביכל האָט ניט קיין שער-בלאַט. געפינט זיך ביי ה' דר. אַלפרעד לאַנדוי אין ווין. דר. לאַנדוי האָט אַנטדעקט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ הוספה צו דעם פאָלגעדיקן בוך:

* 43 a. Wolf Ehrenfried. v Reizenstein, Der vollkommene Pferde-Kenner... Uffenheim 1764 [F. Kluge, Rotwelsch, I 247].

44. J. Schaller, Ganz neues Vocabularium hebraicum... wie man... in Handel... bei den Juden sich Nuzen schaffen könne.

45. אנאָנים. Anweisung, wie man die Rabbinischen Teutschen Bücher u. Brieffe wie auch die Contracte... u. Wechsel-Zettul der heutigen Juden ohn Puncten recht lesen u. verstehen soll.

נ' 44—45 זיינען אָן אַ יאָר און אָרט.

46. J. C. Vollbeding, Handwörterbuch der jüdisch-deutschen Sprache..., Lpz. 1804.

ס'איז אַנ'עזות'דיקער פּלאַגיאַט פון נ' 41.

47. אנאָנים. Vollständiges jüdisch-deutsches u. deutsch-jüdisches Wörterbuch, enthaltend eine hinreichende Erklärung aller in dieser Sprache vorkommender Worte, Hamburg אָן אַ יאָר; 2 Aufl. 1808.

ס'איז אַ פּלאַגיאַט פון זעליג'ן (ז' נ' 24).

* 48. Dr. Sc-tt, Judenfibel, od. Anweisung die Judenschrift in e. paar Tagen lesen und schreiben zu können, mit einer Vorrede zum Todtlachen u. drei erprobten Mitteln gegen Ratten, Mäuse, Raupen u. Zahnweh, Hamburg 1827 [Landau, Bibliogr. des Jüd.-Deutschen].

49 a. Itzig Feitel Stern, Drei Gedichte vun e graussen Baal-Chochme oder Goje mit Nume Fr. v. Schiller, München 1827. [Wagner, l. c., 1816, s. 121].

49 b. דערזעלבער. Israels Verkehr und Geist, Meissen 1833. [id. ib.].

49 c. דערזעלבער. Die Schabbeslamp, Meissen 1835 [id. ib.].

49 d. דערזעלבער. Lauberhütenkränz, Meissen 1840 [id. ib.].

49 e. דערזעלבער. Schabbesgärtle Meissen 1851 [id. ib.].

49 f. דערזעלבער. Gedichter, Perobeln und Schnokes, Meissen, 2 Thle, 1852 [id. ib.].

דאָס זיינען אַלץ שמוציקע יודאָפאָבישע וויצן, צו וועלכע דער מחבר גיט צו יעדן מאָל „ווערטערביכער", כדי דער לעזער זאָל קאָנען געניסען די גאַנצע „חכמה".

49 g. דערזעלבער. מדרשספר לתנהקדש אשקנז ואשקנס לתנהקדש (sic!), Lexicon der jüdischen Geschäfts- u. Umgangssprache, Zwei

Theile. Vom Jüdischen in's Deutsche und vom Deutschen in's Jüdische. Mit einem Anhang zur Erlernung der Lussnekoudischen Sprache, München 1833, 2 Thle.

„איציג פייטעל שטערן" איז דער פסעוודאָנים פון אַ ווילדן יודאָפאָב האַלצשוהער. ער איז געווען אַזוי אַנטציקט פון זיין „למדות", אַז ער האָט בעלאָזט אַרויסגעבן אַלע זיינע „ווערק" אַ צווייטן מאָל נאָך „פאַרבעסערט" אונטער'ן טיטל:

*49 h. Itzig Feitel Stern's Gesammelte Schriften, Leipzig und Meissen 1858. [Avé-Lall. III 240; London l. c.].

50. R. Gierl, Jüdisches Conversationslexicon für Christen aller Stände, 2 Thle, Nürnberg 1829.

51. J. Wolf. Die Geheimsprache der Handelsleute oder ... Lexikon zur Entzifferung ... jüdischer und jargonischer Wörter ... für Metzger, Viehändler, Oekonomen u. Gewerbetreibende aller Art, Berlin (1880?); 2 Aufl. 1885.

דער עם האַרצ'ישער ביכל האָט געהאַט נאָך פאָלגענדע ווייטערדיגע אויפלאַגן:

51 a. אַנאָנים. Die geheime Geschäftssprache der Israeliten, 7 Aufl. 1886, 8 Aufl., Neustadt a. d. A., 1888.

און ווידער ערשינען אונטער דעם טיטעל:

51 b. E. Bischoff, Jüdisch-deutscher Dolmetscher, ein prakt. Jargon-Wörterbuch nebst kurzer Grammatik, Lpz. 1901.

52. J. H. M., Sem und Japhet, die hebräischen Worte der jüdisch-deutshen Umgangssprache, Lpz, 1882. 2 Aufl.: Dolmetscher der Geheimsprache ... 1889.

ס'איז כמעט דאָסזעלבע, וואָס נ' 51, און פונקט אַזוי עם האַרצ'יש.

* 53. F. Friedrich, Populäre Anleitung auf mnemonischem Wege binnen 3 Tage die ... hebräische Quadrat-, die jüdisch-deutsche Druk- u. jüdisch-deutsche Currentbuchstaben sich anzueignen, Prag (1885?). [Landau, l. c.].

* 54. Der Talmud od. d. Sittenlehre d. Judenthums, nebst ... jüdisch-deutschem Wörterbuch ... 7 Aufl. Marburg 1889, 45 S. [Landan, l. c.].

55. Ed. Naschér, Das Buch des jüdischen Jargons... Wien—Lpz. 1910.

דאָס איז אַנ'אויסגעבעסערטע און מער ערנסטע באַאַרבעטונג פון נ' 51 און 52, אָבער אויך עם האַרצ'יש. פונדעסטוועגן האָט ער אַנ'אַנדערס מאָל אינטערעסאַנטע לינגוויסטישע סברות (אַזוי, למשל, אַז „דאַווענען" שטאַמט פונ'ם פראַנצויזישן deviner).

עקלהאַפט איז די דאָזיגע, מישטיינס געזאָגט, „ליטעראַטור"; פאָרט טאָר מען זי נישט אינגאַנצן אַוועקמאַכען אונטער'ן האַנט. ערשטנס, איז זי צו גרויס אין צאָל, כדי מ'זאָל זי מעגן גאָר איגנאָרירן: דער גרעסטער טייל פון דער אַלטער קריסטליכער ליטעראַטור וועגן יידיש באַשטייט פון עם האַרצ'ישען און רעקלאַמע-שרייענדיקן שונד, דער קלענערער טייל אָבער באַשטייט פון ערנסטע שריפטן. היינט דער דייטשער לעזער, ער קומט דאָ אויך אין באַטראַכט: דער מבול עם הארצות באַווייזט דאָך, ווי שטאַרק דער דייטשער פובליקום אינטערעסירט זיך מיט'ן יידישן „דבור". חוץ דעם, איז אַווע-לאַלעמאַן גאַנץ גערעכט, אַז ער געפינט כמעט עפּעס אינטערעסאַנטעס אין יעדער פון דיזע שמאַטעס. אָט די אַלע ביכלאַך, אַפילו די חוזק-מאַכערישע לצנות פון „איציג פייטעל שטערן", זיינען אָדער געשריבן פון מענטשן, וואָס קענען גאַנץ גוט דעם גראָבן לשון פון די נידריקסטע שיכטן פון יידישע הענדלער, אָדער זיינען פשוט גע'גנב'עט געוואָרען בא אַזוינע „קענער". אַ מאַן פון וויסנשאַפט מוז גובר זיין דעם עקל און דאָך דורכבלעטערן די אָנגעוויזענע שונד-ליטעראַטור. פאַר דעם יידישען פאָלקלאָר (אין דייטשלאַנד) האָט די דאָזיגע שונד-ליטעראַטור יעדנפאַלס ניט קיין קלענערן ווערט, ווי, למשל, בערנשטיינ'ס זאַמלונג פון ניט-אָנשטענדיקע יידישע גלייכווערטלאַך „Erotica et Rustica", וואָס קיין ערנסטער פאָרשער וועט דאָך זיי ניט מבטל זיין צוליב זייער שמוציקן אינהאַלט. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס בערנשטיין איז אַליין אַנ'ערנסטער געלערנטער פאָרשער, בעת אונדזערע שונד-„לינגוויסטן" האָבן קיין שום שייכות ניט צו וויסנשאַפטליכע ערנסט.

2) קרימינאַליסטישע שריפטן מכח יידיש-טייטש.

דאָס איז ניט גאָר דאָסזעלבע, וואָס שונד-ליטעראַטור. איך מיין די שריפטן, וואָס גיבען זיך אָב אין אַנ'אַלטמאָדישער גאַיווער אָדער אויך ייד;פייגדליכער פאָרם מיט דער אַליין פאַר זיך וויכטיקער פראַגע וועגן דער באַציהונג פון יידיש-טייטש צו די גנב'ישע דיאַלעקטן. וועגן דער פראַגע ל'יך געווייער רעדן שפּעטער. דערווייל ברענג איך די שריפטן, וואָס זיינען ערשינען פאַר דעם וויסנשאַפטליכן ווערק פון אווע-לאַלעמאַן.

56. Martin Luther. Von der falschen Betler bueberey..., und hinden an ein Rothwelsch Vocabularium ..., Wittenberg 1528, 2 Aufl. 1529.

דאָס איז אַנ'אויסגאַבע פונ'ם „ליבער וואַגאַטאָרום". לוטערן' געהערט נאָר די הקדמה. אַ. מ. וואַגנער („סעראַפּעאום" 1862, ז' 114) רעכנט אויס 10 אויסגאַבן פון דעם ביכל מיט לוטער'ס הקדמה אינ'ם משך פון 16 און 17 יאָרהונדערט. די נייסטע אויסגאַבע געפינט זיך אין גראָסס „ארכיוו פיר קרימינאַל-אַנטהראָפּאָלאָגיע און קרימינאַליסטיק" ב. XVI

דער פירער פון דער דייטשער רעפאָרמאַציע האָט, דוכט מיר, דער ערשטער אין דער דאָזיקער הקדמה באַשולדיקט די יידן, אַז זיי בילדן אַ שטאַרקן עלעמענט אין די גנבים-באַנדן און אַז פון יידיש נעמט זיך די גנב'ישע שפּראַך („רויטוועלש").

57. אַנאָנים. Actenmässige Designation Derer von einer Diebischen Juden-Bande verübten Kirchen-Raubereien und... mörderischen Einbrüche ... 3 Aufl., Coburg 1735.

קלוגע זאָגט, אַז דער בוך האָט געהאַט דריי אויסגאַבן אין משך פון דריי חדשים ווינטער פון יאָר 1735—1736.

האָט אויך אַ קאַפּיטל: Jüdische Diebsausdrücke.

58. אַנאָנים. Entdeckter Jüdischer Baldober Oder Sachsen Coburgische Acta Criminalia wider eine jüdische Diebs- und Räuber-Bande, worinnen ... viele ... Bosheiten und Diebsstreiche des Jüdischen Volcks deutlich geoffenbaret und zum Behuf Künftiger Jnquisitions-Processe ... erläutert werden, Coburg 1737, 2 Aufl. 1758.

ביידע ביכער—נומ' 57 און 58—שטאַמען פון איין מחבר, אַ גרויסען יודאָפאָב.

59. J. J. Bierbrauer, Beschreibung derer berüchtigten Jüdischen Diebes-, Mörder- u. Räuberbanden ..., Cassel 1758.

קלוגע ברענגט נאָך אַ צווייטע אויסגאַבע אין דעמזעלביקן יאָר.

60. C. P. T. Schwenken, Notizen über die berüchtigsten jüdischen Gauner und Spitzbuben, Marburg 1820;

2-te Aufl.: Neues Conversationslexicon zur Kenntniss der berüchtigten jüdischen Gauner und Spitzbuben, Marburg 1825.

61. J. Ch. Sommer, Seb. Ad. Krafft's juristisch-praktisches Wörterbuch ... nebst ... Wörterbuche über die rotwelsche sog. Jauner- ... Sprache, Erlangen 1821.

62. K. Stuhlmüller Volllständige Nachrichten üb. eine polizeyl. Untersuchung gegen jüdische, durch ganz Deutschland ... verbreitete Gaunerbanden, 1823.

63. J. K. von Train, Chochemer-Loschon, Wörterbuch der Gauner- u. Diebs-, vulgo Jenischen Sprache ..., Meissen 1833.

קלינע ברענגט נאָך צווי פריערדיגע אויסגאבן, ביידע אין מ״סען 1832. אין דער הקדמה באַטראַכט ער גאַנץ ערנסט די פראַגע מכח די באַציהונגען צווישן דער יידישער שפּראַך און די דייטשע גנב׳ישע דיאַלעקטען.

64. A. F. Thiele, Die jüdischen Gauner in Deutschland ... und ihre Sprache, 2 Bde, Berlin 1842-43; 2 Aufl. 1848.

65. Wörterbuch der Diebs-, Gauner- od. Kochemersprache enthaltend alle ihre ... Dialekte, als: die rotwälsche, die jenische, die jüdische etc ... Zusammengestellt von dem Central-Evidenz-Bureau der K. K. Polizeidirection in Wien, 1854.

קלוגע ברענגט נאָך אַ פריערדיגע אויסגאַבע פון יאָר 1853.

66. Francisque Michel, Études de Philologie comparée sur l'Argot et sur les idiomes analogues parlés en Europe et en Asie ... Paris 1856.

*67. Assassinat de M. Péchard, Rélation complète des Débats ... devant la Cour d'assises de Calvados du 22 juin au 9 juillet 1858, Paris 1859. [Wagner, l. c., s. 153].

האָט אויך אַ קאַפּיטעל: "Argot juif„ („Ramauchen")

## III. שריפטען פון יידישע מחברים.

### 1. כתב־יד'ן.

[פון זיי האָב איך קיין איינעם ניט געזעהען, און די ידיעות נעם איך פון פאָלגנדע קוועלן:

Zunz, Zur Gesch. u, Lit.; Perles, Beiträge; Grünbaum. Jüd.-Deut. Chrestom.; Güdemann, Geschichte des Erziehungswes., III; Steinschneider: Serapeum 1864; Steinschneider, Katalog... München, 2 Aufl.; Wolf, Bibl. Hebr.; Steinschneider, Katalog... Hamburg; Steinschneider, Katalog... Berlin; [Margoliouth, Descriptive List... British Museum. *

*68. מינכענער כתב־יד נ׳ 66, אנטהאַלט אַ פירוש אַף נביאים און פאַרטייטשט זער אָפט העברעישע ווערטער אַף דייטש. דער כ״י איז קאָפּירט געוואָרן אַרום 1550 יאָר, נאָר דער אָריגינאַל זיינער שטאַמט פונ׳ם XIII יאָרהונדערט, ווי מ׳זעט דערפון, וואָס דער מחבר ציטירט זיין לערער ר׳ משה הדרשן, וואָס

* די נומערן פון די כתב־יד׳ן ברייננג איך, ווי ס׳וועט דערקענען יעדער מומחה, אין דער מיגלאַכסט פאַריינפאַכטער פאָרם, ווי זיי שטייען אין די קאַטאַלאָגן, אָבער ניט אין די ביבליאָטייקן גופא.



האָט געלעבט אין XIII יאָרה („שמעתי אני ממורי הדרשן וכו׳״). די דייטשע ווערטער, וואָס ער ברענגט, זיינען אויך זער אַלטע, פון יענער צייט; ער ברענגט זיי מיט „באש׳״ (=באשכנז) אָדער מיט „וקורין״, „שקורין״. ס׳טרעפן בא יים אויך גאַנצע דייטשע פּראָזע, ווי, למשל, צו ישעיה י״ד כ״ב: „וטאטאתיה במטאטא באש׳ אונ׳ ורקירט זי מיט קירווישא״ (=און פאַרקערט זי מיט קערוויש).

*69. מינכענער כ״י נ. 420: קצור ערוך—אַ פאַרקירצונג און דייטשע איבערזעצונג פונ׳ם ערוך (ד. ה. אַ ווערטערבוך צום תלמוד). פּערלעס (l. c. 49—56) באַווייזט, אַז דער כ״י שטאַמט פונ׳ם XIV יאָרה., ניט שפּעטער.

*70. בערלינער כתב־יד נ. 50[2], אנטהאַלט אַ העברעיש־דייטשען ווערטערביכל צו תהלים און שטאַמט, ווי שטיינשניידער איז משער, פונ׳ם XIV יאָרהונדערט. די דייטשע ווערטער זיינען געשריבן מיט יידישע אותיות.

*71. מינכענער כ״י נ. 204,—אנ׳ערוך קטן מיט דייטשע איבערזעצונגען פון תלמוד׳ישע ווערטער. ווען געשריבן, ניט באַוואוסט. אַרום יאָר 1490 האָט זי אַ קריסט געקויפט און איבערגעזעצט אין לאַטיין, כדי די הומאַניסטן יאָה. רייכלין, פּעלליקאַן און אנד. זאָלן זי קאָנען באַנוצן.

*72. „מקרי דרדקי״—אַ העברעיש־איטאַליעניש־אַראַבישער ווערטערבוך צו תנ״ך און רש״י, געדרוקט אין יאָר 1488 („ר״ח אלול שנת ה׳רח״ם״); דער מינכענער עקזעמפּלאַר פון דעם בוך האָט אַף די ראַנדן אַ האַנטשריפטליכע דערגענצונג, וואו די העברעישע ווערטער ווערן איבערגעזעצט אין יידיש־טייטש.

*73. האַמבורגער כ״י נ. 92: מחברת—אַ קורצער העברעישער ווערטערבוך, וואָס צו אים ווערן צוגעגעבן אנ׳אַנדערס מאָל אויך דייטשע איבערזעצונגען.

*74. מינכענער כ״י נ. 421. ברענגט אויך יידיש־טייטשע איבערזעצונגען פון אייניקע ווערטער אין תנ״ך. שטאַמט מסתמא פונ׳ם XV יאָרה.

*75. מינכענער כ״י נ. 63: „מקרי דרדקי״ מיט אויסשליסליך דייטשען איבערזעצונגען פון די העברעישע ווערטער; קאָפּירט אַרום יאָר 1550, דער אָריגינאַל מוז אָבער זיין פיל עלטער, ווייל די דייטשע ווערטער, וואָס ער ברענגט, זיינען שוין טיילווייז פאַרשוואונדן אינ׳ם XVI יאָרה.

*76. לאָנדאָנער כתב־יד N A d d 18.688. אנטהאַלט אַ ווערטערבוך צום תנ״ך, דערביי ווערן די דערקלערונגען געגעבן אין יידיש־טייטש. מרגליות איז משער, אַז דער כ״י שטאַמט פון XV יאָרהונדערט.

*77. יאָה. וואָלף [III 765, נ. 29] האָט בא זיך געהאַט אַ כ״י פון אַ העברעיש־יידישן ווערטערבוך צום חומש, געשריבן פון יצחק כהן אַלעקסאַנדרינער אין יאָר 1513. וואָלפ׳ס כ״י געפינט זיך איצט אין דער האַמבורגער שטאַט־ביבליאָטייק אונטער נ. 137.

*78. האַמבורגער כתב־יד נ. b2 182. אנטהאַלט אַ העברעיש־יידישעס ווערטערביכל אין גראַמען (מסתמא פאַר קינדער?): „חוטם נָזָא ארנבת הָזָא עט גריפל קוביא וורפיל א. א. וו.

*79. באָדלעיאַנישער כ״י נ. 1507: „מקרי־דרדקי״ מיט אויסשליסליך דייטשער איבערזעצונג פון העברעישע ווערטער, געשריבן פון מרדכי בן מנחם אין יאָר 1522.

*80. באָדלעיאַנישער כ״י נ. 1518: „ערוך גרן״—אַ ווערטערבוך צום תלמוד, אָפט מיט יידיש־טייטשע איבערזעצונגען, געשריבן אַרום יאָר 1613, אָדער נאָך שפּעטער.

*81. האַמבורגער כתב־יד נ. 195. ברענגט אַף דער ערשטער זייט אנ׳ איטאַליעניש־יידישען קאָנווערסאַציאָנס־ווערטערביכל און שטאַמט, לויט שטיינשניידערס מיינונג, פונ׳ם XVII יאָרהונדערט (האָט דאָס ניט קיין שייכות צו נתן־נטע׳ס ווערטערבוך, ז׳ אונטן נ. 91?).

### 2. געדרוקטע ביכער (פון XVI ביז XVIII יאָרהונדערט).

82. (אליהו בחור בן אשר אשכנזי הלוי), ספר התשבי לאליהו התשבי באַזעל 1526, איסני 1541 און פיל אַנדערע אויסגאַבן.

די ערשטע אויסגאבע האב ייך ניט געזעהען. לויט בארטאלאטשי (ג. 25, ב. I, 134) האט די ערשטע אויסגאבע געהייסן: „ספר התשב״י והוא ביאור על תשב״י מלות זרות״ און געדרוקט אין באזעל שנת רפ״ז, ד. ה. 1526—27. זי ווערט אויך דערמאנט אין „שפתי ישנים״ פון ר׳ שבתי בס עמ׳ צ״ב און ביי וואלף (גומ׳ 29, ב. I ז. 159), נאר בן-יעקב האט שוין פון דער אויסגאבע ניט געוואוסט. ייך האב געזעהען א שפעטערדיגע אויסגאבע אונטערן טיטל: „ספר התשבי לאליהו התשבי שרשיו כמנין תשב״י״, געדרוקט אינאיינעם מיט דער לאטיינישער איבערזעצונג פון לעוויטא׳ס תלמיד פוילוס פאגיוס אין איסני (isnae) אין יאר 1541. פיל ביבליאגראפן האלטן על פי טעות די איסניער אויסגאבע פאר דער ערשטער, הגם פון פאגיוס׳ הקדמה גופא זעהט מען, אז ספר התשבי איז פון פאגיוס איבערגעדרוקט.—דער מחבר איז דער בארימטער מדקדק אליהו לעוויטא, דער לערער פון פיל קריסטליכע הומאניסטן, א מענטש מיט גרויסע לינגוויסטישע קענטנישן און פעהיקייטן. זיין ווערטערבוך אנטהאלט א פילאלאגישן פירוש אף 712 רבנ׳ישע ווערטער („תשבי״ איז דער צונאמען פון אליהו הנביא און מאכט בגימטריא 712); די דאזיקע ווערטער ווערן אפט איבערגעזעצט בא לעוויטא אף יידיש-דייטש און חוץ דעם ברענגט ער אנ׳אינטערעסאנטע פילאלאגישע דערקלערונג פון אייניקע יידישע ווערטער („קאטאוועס״—איסניער אויסגאבע, ז. 179; „מעקן״ ז. 193, „משקיט״ ז. 205, „שעכטן״ און אנד.). לעוויטא איז בכלל געווען א גרויסער ליבהאבער פון דער יידישער פאלקספראך און געהערט צו די ערשטע יידיש-טייטשע שריפטשטעלער (זיין איבערזעצונג „בבא-מעשה״ און אנד.).

83. ספר של רבי אנשיל והוא מרכבת המשנה לקונקורדנציה היותר מורכב משתי לשונות לשון הקודש ולשון אשכנזי שהוא המהורגל בינינו אשכנזים, קראקא רצ״ד (1534), 1552, 1584 און נאך אנדערע אויסגאבן. (די ערשטע אויסגאבע האט אפ׳ן שער-בלאט ניט די ווערטער „של רבי אנשיל והוא״).

ייך האב געזעהען א שטארק באשעדיקטן עקזעמפלאר, מסתמא פון דער ערשטער אויסגאבע (סע פעלן די ערשטע און לעצטע זייטן). דאס איז א ווערטערבוך צום תנ״ך און גלייכצייטיק א קאנקארדאנציע, ד. ה. בא יעדן ווארט איז אנגעגעבן דער פסוק, וואו ער שטייט. די העברעישע ווערטער (זיי גייען נאכ׳ן אלף-בית) ווערן אלע איבערגעזעצט אין יידיש-טייטש, אבער אן נקודות און מיט אנ׳ אומבאשטימטער ארטאגראפיע; דערפאר מוז מען זער אפט בלייבן אין ספק, ווי צו לייענען די יידישע ווערטער. ווער איז דער מחבר (רבי אנשיל), ווייס מען ניט גענוי. זיין בוך איז דער ערשטער יידישער ווערטערבוך, וואס איז געדרוקט געווארן.

84. (ארחות צדיקים) ספר מדות, נשים שאננות בטוחות ורעננות כל כבודה בת מלך וכו׳, איסני 1542.

דאס איז א יידישע איבערזעצונג פון א לשון-קודש׳דיקן מוסר-ספר, וואס ניט דער מחבר און ניט דער איבערזעצער (וואס באהאלט זיך אונטערן נאמען „פלוני אלמוני״) זיינען ניט באקאנט. צום סוף פון דער יידישער איבערזעצונג זיינען פונ׳ם אומבאקאנטן איבערזעצער אנגעגעבן געווארן זער אינטערעסאנטע כללים פון דער יידישער ארטאגראפיע: אונ׳ איצונדר וועלן מיר איין קליין וועניג רעדן פון דעם וויא מאן טוייטש לייען אונ׳ שרייבן זאל״. די דאזיגע כללים זיינען געבראכט געווארן מיט א גענויען פירוש בא מ. גידעמאן (Geschichte des Erziehungswesens, III) ז. 280—285. דעם ספר מדות גופא האב ייך ניט געזעהען, ער געפינט זיך נאר אין וויניקע ביבליאטייקן (מינכען, אקספארד).

*85. ספר שמות דברים, ע״י אליהו בחור אשכנזי הלוי, איסני 1542; 2 אויפל. אין פראנעקער 1652.

דאס איז ווידער א ווערק פונ׳ם דערמאנטן מדקדק, אליהו לעוויטא. ער שטעלט מיט זיך פאר דעם ערשטן יידישן ווערטערבוך, וואו די יידיש-טייטשע ווערטער גייען נאכ׳ן אלף-בית (בא ר׳ אנשיל



גייען נאכ׳ן אלף-בית די העברעישע ווערטער); דער ווערטערבוך אנטהאלט 985 יידישע ווערטער, וואס ווערן איבערגעזעצט אין העברעיש, לאטייניש און דייטש. די לאטיינישע און דייטשע קאלאנעס האט פארפאסט פוילוס פאגיוס. דער בוך איז א יקר המציאות און ווערט באשריבן בא Perles אין זיינע Beiträge.

*86. ספר הערוך הקצר אשר חברו אחד מהקדמונים ולרוב ענותנותו לא הזכיר שמו עליו, קראקא 1591; 2 אויפל. „קיצור ערוך״ קראקא 1619.

לויט ווי פערלעס (ibid) באשרייבט דעם בוך, געפינען זיך אין יים פיל יידיש-טייטשע איבערזעצונגען פון די תלמודישע ווערטער; ייך האב געזעהען נאר די אויסגאבע פון מ. ק. ביסטריץ, פראג 1863, וואו סע געפינען זיך אבער גאר ניט קיין יידיש-דייטשע ווערטער: מסתמא דערפאר, ווייל ביסטריץ האט בעארבעט די קאנסטאנטינאפאלער אויסגאבע פון יאר 1516.

87. אברהם בן יהודה, חבורי לקט 1593; צווייטע אויפל. לובלין 1612.

דאס איז א העברעישער ביאור צו נביאים וכתובים; ברענגט יידישע ווערטער צו דערקלערן די שווערערע שטעלן.

88. (משה בן יששכר-בער הלוי שערטלן) ס׳ באר משה פראג, שס״ד (1604).

89. (דערזעלביקער), ס׳ לקח טוב פראג, שס״ד (1605).

כ׳האב געזעהעןביידע אין איין באנד. דאס זיינען זער גענויע העברעיש-יידיש ווערטערביכער צו תנ״ך („באר משה״—צום חומש, „לקח טוב״—צו נביאים וכתובים), וואו סע ווערן פארטייטשט אין יידיש ניט נאר איינצלנע העברעישע ווערטער, נאר אויך גאנצע פסוקים: דער סדר איז ניט לויט׳ן אלף-בית, נאר לויט דעם טעקסט פון תנ״ך. די יידישע ווערטער זיינען אן נקודות.

*90. משה בן מיכאל כהן, עט סופר, פירדא 1606.

ייך האב געזעהען די אויפלאגע פון יאר 1691 (דער יאר איז אנגעגעבן: „הושיע׳ני... לפ״ק״), וואס איז ניט מער ווי א העברעישער האנבטביכל פון בריוו-סטיל אין גראמען. אבער לויט ווי שטיינשניידער זאגט אין "Serapeum" פאר׳ן יאר 1849, ז. 27, איז צו דער אויסגאבע, וואס ער האט געזעהען (1606), צוגעגעבן אויך א יידיש-טייטשע איינפיהרונג צום בריוו-סטיל.

91. ספר שפה ברורה, פראג, שנת... הקדוש״ה (ד. ה. 1655 אדער 1660, ב. ב.) 86 זייטן.

דער נאמען פונ׳ם מחבר איז אנגערופן ערשט צום סוף פונ׳ם ביכל: נתן נטע בן משה הנובר. ער שטאמט פון א זאסלאווער משפחה (אין וואלין) און איז מסתמא אנטלאפען פון חמעלניצקיס פאגראמען (ער רופט אן זיין פאטער „קדוש״). דער ביכל איז א מאדנער ווערטערבוך פון פיר שפראכן: העברעישע ווערטער ווערן איבערגעזעצט אין יידיש-טייטש („אשכנז״), איטאליעניש און לאטיין. די ווערטער גייען ניט נאכ׳ן אלף-בית, נאר געטיילט אין 17 קאפיטלען לויט זייער באטייט, און די ווערטער פון אלע שפראכן זיינען געשריבן מיט העברעישע אותיות, אלע מיט נקודות. לויט׳ן אינהאלט איז עס א מין העברעיש-יידיש-איטאליעניש-לאטיינישער „קאנווערסאציאנס-ביכל״. ביז׳ן 15-טן קאפיטל זיינען די „אשכנז׳ישע״ ווערטער אלע הויפט-ווערטער (סובסטאנטיוון), און דערפאר כמעט ווי ריין-דייטשע, נאר אין 16-טן קאפיטל גייט שוין א געשפרעך אין אנ׳עכט-יידישער שפראך.— א צווייטע אויפל. איז ערשינען אין אמסטערדאם אין יאר 1701 נאך מיט א פראנצויזישער הוספה.

92. ספר יוסיפון ע״י אברהם בן מרדכי הכהן, אמסטערדאם 1661.

אין זיין .Jüd.-Deut. Cchrestom ז. 556 פ., ברענגט מ. גרינבוים די הוספה פון דעם בוך: דאס זיינען דיזעלבע ארטאגראפישע כללים וועגן יידיש-טייטש, ווארט-אין-ווארט, וועלכע מיר האבן פריהער דערמאנט אונטער נ׳ 84. אין די אויסגאבן פונ׳ם יידישען „ספר יוסיפון״, וואס ייך האב געזעהען, איז די הוספה ניטא.

*93. יוסף בן גוריון, בבא־בוך, פראַנקפורט־דמאין 1692, 2־טע אויפל. 1708 [Wolf II 593, (נ. 29)].

אין דער הקדמה ברענגט דער מחבר אַ קורצע אָנלייטונג, ווי צו שרייבן יידיש־

*94. משה בנדין, סדר חנוך לנער, אַמשטערדם 1713, 1715, פירטה 1780 [שטיינשניידער אין „Serapeum“ 1848 יאָר, ז. 335, אווע־לאַלעמאַן III, ז. 241].

ס'איז אַ לערבוך פון עברי אין יידיש, אויך אַ בריפשטעלער, אַנ'אָנווייזונג ווי צו שרייבן וועקסלען און א. וו.

*95. תקון ספרים ותקון חלופי, אַמשטערדם 1714. } Wolf, ib.
*96. משה בן יוסף, ספר חנוך לנער, אַמשטערדם 1715. }

דאָס זיינען קליינע לערביכלאַך פון יידיש־טייטש.

97. שלמה לונדון בן משה רפאל פון נאָוואהרודיק דליטא, קהלת שלמה, פראַנקפורט 1722, אַמשטערדם 1772.

דאָס איז אַ זאַמלונג, גלייכצייטיק אין העברעיש און יידיש, פון פערשיידענע דינים, הלכות־ווערק א. דגל., וואָס שלמה לונדון האָט קאָמפּילירט פון פערשיידענע קוועלן. אויך געפינט זיך דאָרט אַ קאַפּיטל „הלכות גידול בנים לתלמוד תורה“, וואו צום סוף (דף כ״ח—ל״ב) איז צוגעגעבן אַ קורצער ווערטערביכל פון העברעיש אַף יידיש־טייטש. דער ווערטערביכל איז אָבער ניט מער, ווי אַנ'אויסצוג פון נתן נטע הנובר'ס ביכל, וואָס מיר האָבן אָט ערשט געבראַכט (נ' 91).

98. **אברהם בן מודל מאָוייטינגן, ספר מערכת אברהם,** פירטה 1769.

דאָס איז אַ פּעדאַגאָגישע שריפט. דאָרט געפינען זיך אויך קורצע כללים פון יידיש־טייטשער אָרטאָגראַפיע, און ס'איז העכסט אינטערעסאַנט צו פערגלייכן מודל'ס כללים מיט יענע, וואָס דער פלוני־אלמוני (ז. נ' 84 און נ' 85) האָט געגעבן העכער צוויי הונדערט יאָר פאַר יים. דערביי מערקט מען אַ באַדייטנדע פערבעסערונג און פעראיינפאַכונג פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. ביידע באַטראַכטן אָבער נאָר די שרייבונג פון די תנועות (וואָקאַלען), און מכח די קאָנסאָנאַנטן רעדן זיי בכלל גאָרניט.—מאָדעל'ס כללים ברענגט מ. גידעמאַן אין זיינע Quellenschriften zur Geschichte..., S. 303.

*99. Gerson Abraham (Schutzjude in Holzminden), Anweisung zur jüdischen Schreibart, nach welcher man Briefe und Wechsel lesen und schreiben kann, oder zu dem sogen. Juden-Deutsch, Braunschweig 1782. [Katalog Judaica u. Hebraica der Buchhandlung Jos. Baer, Fr. a. M. 1907]

*100. Lewy, Unterricht in der Jüdisch-Deutscher Sprache, 1792. [Jost. Ersch und Gruber's Encyklopädie. Sekt. II, B. 27, S. 323].

## ב. פילאָלאָגישע ליטעראַטור פון דעם XIX און XX יאָהרהונדערט.

(אויך אַלטע דאָקומענטן, וואָס זיינען ספּעציעל פון יער אויסגענוצט געוואָרן).

### I. שריפטן מיט אַנ'אַלגעמיין־ אָדער געמישט־פילאָלאָגישן אינהאַלט.

#### 1. ביכער און צייטונגס־אַרטיקלען.

101. Leopold Zunz, Die gottesdienstlichen Vorträge der Juden, Berlin, 1832, 438—442; 2 Aufl. Fr. a. M., 1892, 452 f.

דער גרויסער שעפער פון דער יידישער וויסנשאַפט, ד״ר יום־טוב ליפּמאַן צונץ, איז אויך געווען דער ע ר ש ט ע ר, וואָס האָט געפּרובט וויסנשאַפט־ליך צו אַ נ אַ ל י ז י ר ן די עלעמענטן פון דער יידיש־טייטשער שפּראַך. זיינע אַנאַליזן זיינען מייסטערהאַפט פאַר זיין צייט, איצט אָבער האָבן זיי שוין פערלאָרן דעם אינטערעס.

102. **Anton Rée, Die Sprachverhältnisse der heutigen Juden...,** Hamburg, 1844.

דער ביכל איז נאָך עד היום זער אינטערעסאַנט. זיינע פילאָלאָגישע סברות זיינען ניט פיל ווערט, אָבער וויכטיג זענען די בעמערקונגען מכח דער ווירקונג פון די יידישע ראַסן־אייגנשאַפטן און סאָציאַל־פּאָליטישע בעדינגונגען אַף דעם בוי פון די יידישע שפּראַכן און אַף זייערע קלאַנגען. רײ איז געווען אַ בעקאַנטער יידישער פּעדאַגאָג (ביאָגר. ידיעות וועגן רײ ז. אונטן №№ 209 און 210).

103. **Friedrich Christian Benedict Avé-Lallemant, Das deutsche Gaunerthum** in seiner social-politischen, litterarischen und linguistischen Ausbildung..., 4 Bde, Lpz. 1858—1862.

אווע־לאַלעמאַן איז געווען אַ פּאָליציי־באַאַמטער אין ליבעק (דייטשלאַנד), אָבער צוגלייך אַ זער געבילדעטער לינגוויסט. אַלס פּאָליציי־באַאַמטער האָט ער זיך גענומען אויספאָרשן דאָס לעבן פון די דייטשע גנבים, זייער געשיכטע און שפּראַך, און—וויל די יידישע גנבים האָבן אריינגעבראַכט אַ סך עלעמענטן אין דעם לשון פון זייערע דייטשע חברים, — איז אווע־ל. אַזוי אַרום געקומען צו דער אונטערזוכונג פון דער יידישער שפּראַך. יער האָט ער געווידמעט כמעט דעם גאַנצן דריטן באַנד פון זיין ווערק און אַ גרויסן חלק פונ'ם פערטן באַנד. הגם זיין ווערק איז שוין פעראַלטערט כמעט אין אַלע פּרטים, דאָך ב ל י י ב ט אווע־לאַלעמאַן נאָך עד היום דער גרעסטער פאָרשער אַפ'ן געביט פון דער יידיש־טייטשער פילאָלאָגיע. ס'איז נאָר צו בעדויערן, וואָס דער פונדאַמענטאַלער ווערק וועגן יידיש איז פערבונדן מיט דער גנבים־שפּראַך... * אווע־לאַלעמאַנ'ס באַציהונג צו די יידן איז בכלל ניט גאַנץ קלאָר: אין פּאָליטישער טעטיקייט איז ער געווען אַ שאַרפער געגנער פון דער יידישער גלייכבערעכטיקונג, אין זיין ווערק אָבער דריקט ער אויס כסדר אַ גרויסע באַוואונדערונג דעם יידישן פאָלק און אויך דער יידישער שפּראַך (ביאָגר. ידיעות וועגן אווע־לאַל. ז. אונטן №№ 211—213). אין זיין בוך ווערן באַריהרט אַלע פראַגען פון דער יידישער פילאָלאָגיע: אי די באַטייטונג פונ'ם וואָרט „זשאַרגאָן“ (III, 28—30, 45, 48), אי די פערשיידענע נעמען פון דער יידישער שפּראַך (52—54), אי דער ווייטערער קיום פון יידיש (55—68), אי די געשיכטע פון דער יידיש־טייטשער פילאָלאָגיע און יער ביבליאָגראַפיע (198—255), אי די יידישע פאָנעטיק און אָרטאָגראַפיע (255—353), אי די יידישע עטימאָלאָגיע (356—389), אי דער סינטאַקסיס, וואָרטבילדונג און סטיל (400—427). ווייטער ביים אַ קורצע ליטעראַטור־געשיכטע און אַ כרעסטאָמאַטיע, און אין פערטן באַנד ברענגט ער אַ ריזיקן ווערטערבוך פון די העברעיש־אַראַמעישע ווערטער און ראשי־תיבות, וואָס ווערן געברויכט אין יידיש (IV, 319—513): דער ווערטערבוך איז דער גרעסטער פון אַלע, וואָס זיינען געווען געשריבן ביז'ן היינטיקן טאָג,—ער האַלט אַרום 7000—8000 ווערטער און 1200 ראשי־תבות.—די פאַקטישע ידיעות, וואָס ער ברענגט, האָבן נאָך ביז איצט ניט אָנגעוואָרן זייער אינטערעס, אָבער זיינע היפּאָטייזן זיינען אפילו פאַר זיין צייט געווען ווייניק באַגרינדעט און האָבן אַצינד קיין שום ממשות ניט, ווי למשל, זיין מיינונג, אַז דער איצטיקער יידישער קורסיוו (וואָס מיר אַלע שרייבן אין יים) שטאַמט פונ'ם סירישן אלף־בית א. דגל. אַ ווייטערדיקער חסרון איז דער געשוואָלענער, וואַסערדיקער סטיל פונ'ם בוך. פיל

* ז. וועגן דעם אונטן №№ 405 און פאָלגענדע.

ווערטער פון זיין ווערטערבוך ווערען אין יידיש גאָר ניט געברויכט, און ס'פעלען, צוריק, אַ סך אַזוינע, וואָס ווערן יאָ געברויכט.

אווע-לאַלעמאַנ'ס ווערק האָט ביי'ם ערשיינען געמאַכט אַ גרויסען רושם און ארויסגערופען עטלאכע אינטערעסאַנטע רעצענזיעס; אָט זיינען די רעצענזיעס:

104. Allgemeine Zeitung des Judenthums 1863 (?)s. (?).

105. Jos. Maria Wagner's: Litterarisches Centralblatt, 1863, nº 3.

106. פון דעמזעלבן, Rotwelsche Studien: Archiv für das Studium der neueren Sprachen und Litteraturen, Jg. XVIII (Bd 33), Braunschweig 1863, 197—246.

וואגנער איז ניט קיין ייד.

107. M. Steinschneider's: Hebräische Bibliographie (Steinschneider), VII 128—130 u. VII 13—17 u. 113—116 (1864—65, Berlin).

ביידע לעצטע קריטיקירן אווע-ל'ן גאַנץ שאַרף, בפרט וואגנער, וועלכער רופט יים אָן אפילו „דילעטאַנט". אָבער בּאַ וואגנער'ן דערקענט מען לייכט דעם כעס פון אַ קאָנקורענט, וואָס האָט פארשפעטיקט מיט זיין ווערק, וואָס ער האָט געגרייט מכּח דערזעלבער פראגע.

*108. Полинковскій, Этнографическій очеркъ евреевъ: Труды Этнографически-статистической экспедиціи въ Западнорусскій Край, снаряженной Имп. Рус. Геогр. О-вомъ, Юго-Зап. Отдѣлъ. Матеріалы и изслѣдованія, собранныя П. П. Чубинскимъ, VII, Спб. 1872 [Систематическій Указатель, № 169 nº 2912; Globus (Andrée) 1880, XXXVII 333].

109. Richard Andrée, Zur Volkskunde der Juden, Bielefeld u. Lpz. 1881, 95—119.

שטיצט זיך אינגאַנצען אויף אווע-לאַל, צונץ און פּאָלינקאָווסקי. דער מחבר איז ניט קיין ייד.

110. **Max Grünbaum, Jüdische Chrestomathie,** Lpz. 1882, 5879.

ברענגט גרויסע פראַגמענטן פון אַלע יידישע ספרים און כתב-יד'ן. דער בוך גיט צוגלייך אַ כרעסטאָמאַטיע, אַ ליטעראַטור-געשיכטע, אַ שפּראַך-געשיכטע און אַנ'עטימאָלאָגישען אַנאַליז פון פיל אַלטע און נייע יידיש-טייטשע ווערטער. גרינבוים האָט אריינגעלייגט אין זיין ווערק אַ ריזיקע ארבעט, אָבער די חסרונות פונ'ם בוך שטייגן אריבער די מעלות. ער באַנוצט נאָר יענע יידישע ביכער, וואָס געפינען זיך אין דער מינכענער קעניגל. ביבליאָטייק; זיינע ביבליאָגראַפישע ידיעות זיינען על פּי רוב אומריכטיק; די פראַגמענטן ברענגט ער ניט אין אָריגינאַל, נאָר אין אַ טראַנסקריפּציע, וועלכע איז בּאַ יים דערצו אָהן אַ שום סדר, אַזוי אַז פון זיין בוך באַקומט מען ניט קיין באַגריף מכּח דער אַלטער, העכסט אינטערעסאַנטער יידישער שרייבונג; די ליגגוויסטישע פּרושים זיינען אָפטמאָל געוואַגט, און זיין בוך איז זער שווער צו באַנוצען, ווייל ער האָט ניט צוגעגעבן קיין אינדעקס פאַר די פאַנאַנדערגעוואָרפענע פּרושים. דער עיקר אָבער—גרינבוים איז לחלוטין אומבאַקאַנט געווען מיט דער לעבעדיקער יידישער שפּראַך. ביאָגר. ידיעות וועגן גרינבוים ז. אונטן נג' 221, 222.

דער בוך האָט ארויסגערופען פאָלגנדע רעצענזיעס (כמעט אַלע אומקריטישינקע).

111. J. Perles': Monatschrift f. d. Geschichte u. Wissenschaft d. Judenthums (H. Grätz). 1882, 128.

112. A. Berliner's: Magazin f. d. Wissenschaft d. Judenthums (Berliner u. Hoffmann). IX 1882.

113. Lewin's: Judisches Litteraturblatt, XI, № 19—20.

114. Brüll's Litterarisches Centralblatt 1882, 661.

115. Strack's: Theologisches Litteraturblatt 1882, 89.

116. Köhler's: Anzeiger f. deutsches Alterthum, 1882, 402.

וויכטיקער פאַר אָט די אַלע רעצענזיעס, און אויך פאַר זיך אַליין גאַנץ אינטערעסאַנט איז:

117. Ad. Neubauer's: Revue des Etudes Juives, V Paris 1882, 142—149.

נייבויער ברענגט אויך אייניקע ציטאַטן אין דער אָריגינאַלער אַלטער אָרטאָגראַפיע און אויך פון דער אָקספאָרדער ביבליאָטייק.

118. **Ph. Mansch, Der jüdisch-Polnische Jargon:** Der Israelit (Verein „Schomer Israel", Lemberg 1888 (Jg. 21) №№ 18—23; 1889 (Jg. 22) №№ 1—4, 6, 7, 9, 10, 12, 14, 18; 1890 №№ 1, 3—8.

די ערשטע און די לעצטע פּאָר קאַפּיטלעך באַהאַנדלען בקיצור פאַרשיידענע פילאָלאָגישע פראַגן, אָבער דער גרעסטער טייל פונ'ם ארטיקל איז אָפּגעגעבען דער אויספאָרשונג פין דער יודישער גראַמאַטיק. דר. פיליפּ מאַנש איז געווען איינער פון די איידלסטע יודישע כלל-טוער אין גאַליציען, אַנ'איבערגעגעבענער פריינד פון דער יודישער שפּראַך, ליטעראַטור און טעאַטר (ער האָט אויך איבערגעזעצט שלום עליכמ'ס „סטעמפּעניו" אין דייטש). זיין וואונדערבאַרטיפער גראַמאַטישער ווערק וועגן יודיש איז געשריבן מיט גרויסער ליבע, מיט אַ טיפען פילאָסאָפישן און פילאָלאָגישן קוק. דער חסרון זיינער איז, וואָס ער האָט גאָר שוואַך געקאָנט די געשיכטע פון דער דייטשער שפּראַך, און דערפאַר איז זיין ארבעט פול מיט אומריכטיקע, הגם תמיד זער שאַרפזיניקע השערות. אָבער וואָס געהער צו דער יידישער שפּראַך גופא (פון וועלאַכער ער בעהאַנדלט נאָר דעם גאַליצישן דיאַלעקט), איז מאַנ'ש גראַמאַטיק די בעסטע פון אַלע, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן ביז'ן היינטיקן טאָג: ס'איז ניטאָ קיין שום וויכטיקע ערשיינונג אינים בוי פון דער יודישער שפּראַך און יירע קלאַנגען, וואָס מאַנש זאָל ניט האָבן באַמערקט און באַקלערט. דער פריצייטיקער טויט (7 אווגוסט 1890) האָט אונטערגעבראָכן זיין ארבעט, וואָס איז געבליבן ניט פאַרענדיקט.

119. **Lazar Saineanu, Studiu dialectologic asupra graiului evreo-german,...** Bucuresci 1889, 78 pp.

לאַזער שעינעאַנו איז אַ רומענישער ייד. ער איז דער גרעסטער ליגגוויסט אין רומעניען* און איז היינט-צו-טאָג דער בעסטער פאָרשער אָפּ'ן פעלד פון דער יידיש-טייטשער שפּראַך. זיין ביכל איז אַזוי רייך אין אינהאַלט, ווי קליין אין אומפאַנג, און דער אינהאַלט איז דורכווס גרינדליך, וויסנשאַפטליך, אינטערעסאַנט. איין חסרון איז פאַר אונדז פאַראַן — וואָס שעינעאַנו איז, נאַטירלאַך, מער בעקאַנט מיט דעם וואַלאַכישן דיאַלעקט פון יידיש, איידער מיט די איבעריקע דיאַלעקטן, וואָס שטייען אונדז נעהנטער. ווייטער שאַט יים זיין אַלגעמיינער אַסימילאַטאָרישער קוק אָף דעם קיום פון

* ער האָט געשאַפן די בעסטע פון די רומענישע גראַמאַטיקעס און דעם גרינדלאַכסטן ווערטערבוך פון דער רומענישער שפּראַך; ער האָט זיך פיל משתדל געווען, אַז רומעניען זאָל יים נאַטוראַליזירן, נאָר ער האָט דאָס ניט גע'פועל'ט. היינט ארבעט ער אָף דער געשיכטע פון די ראָמאַנישע שפּראַכען בכלל.

אונדזער שפּראַך. קודם ברענגט ער די געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך ווייטער יירע דיאַלעקטן (ז. 13 — 16), דערנאָך די געשיכטע און ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פילאָלאָגיע (ז. 17—28), די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור (28—39), און די ווייטערדיקע העלפט פונ׳ם ביכל באַשעפטיגט זיך מיט דער יידישער גראַמאַטיק, וואָרטבילדונג און מיט די פאַרשיידענע עלעמענטן פונ׳ם יידישן ווערטער-בוך. קורץ איבערגעבן דעם אינהאַלט פון ביכל איז ניט מיגלאַך, ווייל דאָרט איז קיין איין איבעריק וואָרט ניטאָ. צום גרויסן באַדויערן איז די אַרבעט געבליבן ניט פאַרענדיגט.

שעינעאַנו האָט דערנאָך אַליין איבערזעצט זיין ביכל אין פראַנצויזיש און יים דערביי אַ ביסל דערגענצט:

120 **Lazar Sajnéan, Essai sur le judéo - allemand,...:** Mémoires de la Société de Linguistique de Paris XII 1903, 90—138 et 176—196.

די פאַרשפּראָכענע פאָרטזעצונג איז ניט ערשינען ניט רומעניש און ניט פראַנצויזיש. פון דער פראַנצויזישער איבערזעצונג איז ערשינען אויך אַ באַזונדער אָפּדרוק, פּאַריז 1902.

אָף שעינעאַנו׳ס ווערק זיינען מיר בעקאַנט נאָר צוויי קורצע אומבעדייטנדע רעצענזיעס:

121. Jahresbericht über die Erscheinungen auf dem Gebiete d. german. Philologie, 1903.

122. O. Meisinger: Zeitschr. f. hochdeutsche Mundarten III 1902, 377.

123. **אלעזר שולמאַן, עמקי שפה:** השלח, כרך ד׳ תרנ״ח—נ״ט, בערלין 1898, עמ׳ 37—46, 106—112, 221—229.

*124. **דערזעלביקער, שפת יהודית—אשכנזית וספרותה:** הזמן מאסף לספרות ולמדע, 1903 I, סט׳ פּטרסבורג.

*124a. דערזעלביקער; די געשיכטע פון דער זשאַרגאָן-ליטעראַטור: יודישע פאָלקס-ביבליאָטעק, II, 1889, (ניט געענדיקט).

ייך באַמערק אגב אורחא, אז שולמאַן הייסט ניט אליעזר, נאָר אלעזר. צווישען די רוסישע יידן איז ער דער ערשטער, וואָס האָט זיך גרינדלאַך אָפּגעגעבן דעם שטודיום פון דער יידישער ליטעראַטור—און שפּראַך-געשיכטע, און זיין גרעסטע מעלה איז, וואָס זיינע פילאָלאָגישע ווערק האָט ער געשריבן ניט אין פרעמדע שפּראַכן, נאָר אין אייגענע (יידיש און העברעיש). דער אַרטיקל „עמקי שפה" האָט אָבער נישט קיין גרויסן ווערט. זיינע לינגוויסטישע סברות זיינען אַרויסבעזויגן פון פינגער, און די ביבליאָגראַפיע, וואָס ער גיט דאָרט (ז. 109—112 און 221—229) איז אפילו גאַנץ רייך (אַרום 40 שריפטן דערמאָנט ער), מיט ייר איז אָבער שווער זיך צו בענוצן. ערגער פאַר אַלץ איז אָבער, וואָס זיינע ידיעות זיינען ניט תמיד פריש אָפּטמאָל גענומען פון די דריטע הענט, און דערפאַר פאַסירן מיט יים אויך גאַנץ קאָמישע מיספאַרשטעהענישן. — זיין אַרטיקל אין „הזמן" האָב ייך ניט געקאָנט קריגן; ה׳ דובנאָוו און ה׳ צינבערג לויבן יים שטאַרק און בעדויערן, וואָס ער איז געבליבן ניט פאַרענדיקט.—ביאגר. ידיעות וועגן שולמאַן ז׳ אונטן № 230—232.

125. **Leo Wiener, The History of Yiddish Literature in the nineteenth century,** New-York 1899, XV+402 pp.

דאָס איז דער ערשטער פּרוב פון אַ יידישער ליטעראַטור-געשיכטע, און אַלס ערשטער פּרוב, איז די אַרבעט אַ ניש-קשה׳דיקע. דער מחבר האָט זיך אָפּגעגעבן דער עיקר מיט׳ן XIX יאָרהונדערט; פונדעסטוועגן אַנטהאַלט זיין בוך אחוץ דעם אויך אַנ׳אַלגעמיינע הקדמה וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך, וועגן יער קולטורעלער באַטייטונג און קיום, וועגן יירע עלעמענטן, ווייטער וועגן דעם יידישן פאָלקלאָר (שפּריכווערטער, פאָלקס-מעשיות ז. 25—52), פאָלקס-ליד, (ז. 53—71), וועגן דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, די פאָלקס-דיכטער, דעם טעאַטער (ז. 231—244), פּרעסע און וויסנשאַפטליך-פּובליציסטישער ליטעראַטור (ז. 250—256). דער בוך ענדיקט זיך מיט אַ (ווייניק געלונגענער) כרעסטאָמאַטיע (אין לאַטיינישער טראַנסקריפּציע) און אַ גאַנץ גענויער ביבליאָגראַפיע (ז. 357—382). ווינער האָט פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע גאַנץ ברייט און האָט געגעבן אַ סך מער, ווי דער טיטל זאָגט צו. פאָרט פילט זיך אין רער גאַנצער אַרבעט אַ גרויסע אויבנאויפיגקייט.—ביאָגר. ידיעות וועגן ווינער ז. № 226, 226a.

אינטערעסאַנט (אויך אַליין פאַר זיך) זיינען פאָלגנדע צוויי רעצענזיעס אָף ווינער׳ס בוך.

126. נ. סירקינ׳ס די געשיכטע פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור: דער יוד (יוסף לוריע), II קראַקוי 1900, 126 № 7.

127. L. Fränkel's: Literaturblatt f. german. u. roman, Philologie, XXII 1901, 386—391.

128. **ד״ר נ. סירקין, דער זשאַרגאָן:** דער יוד (יוסף לוריע) II קראַקוי 1900, נ׳ 30, 36 — 38, 40—42, 47.

ס׳איז אַנ׳אַרטיקל איבער דער סאָציאַל-קולטורעלער געשיכטע פון יידיש און איבער זיין צוקונפט. טיף און אויסגעצייכנט איז ה׳ סירקינ׳ס אַנאַליז פון דעם לינגוויסטישן און פּסיכאָלאָגישן אונטערשייד צווישן די דייטשע און די לשון-קודש׳דיקע עלעמענטן אין יידיש. דער פּובליציסטישער טייל אַנטהאַלט אינטערעסאַנטע געדאַנקען, איז אָבער פול מיט אויפפאַלנדיקע ווידערשפּרוכן (דער מחבר איז אַ העברעאיסט, און זיינע אַנטי-יידישיסטישע ראיות זיינען די טיפסטע אין דער גאַנצער פּובליציסטישער ליטעראַטור).

129. **Fabius Schach, Der deutsch - jüdische Jargon u. seine Literatur:** Ost unb West I Berlin 1901, 179—190.

אַ קורצער, פּאָפּולערער, אָבער זער אינהאַלטסרייכער אַרטיקל, באַרירט אַלע הויפּט-ערשיינונגען פון דער יידישער שפּראַך- און ליטעראַטור-אַנטוויקלונג.

130. **Félix Falk, Mélanges bibliographiques sur les livres de Samuel** en strophes de Nibelungen..., Lpz.1909.

130a. דערזעלביקער: Mitteilung zur jüd. Volkskunde, 1908 Berlin 31—51, 79—85, 97—116 u. 128—150.

דער מחבר האָט אַליין איבערגעזעצט זיין ביכל אין דייטש. די אַרבעט איז, צום גרויסן באַדויערן, געבליבן ניט פאָרטגעזעצט. ד״ר פאַלק ברענגט אַ קורצע, אָבער זער אינטערעסאַנטע געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור מיט אַ רייכער ביבליאָגראַפיע. ספּעציעל שטעלט ער זיך אָבער אָפּ אָף דער פראַגע, ווער איז דער מחבר פונ׳ם קלאַסישן געגראַמטן „שמואל-בוך".

131. **Heinrich Loewe, Die Sprachen der Juden,** Köln 1911.

ד״ר לעווע שטעלט זיך מער אָפּ אָף דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער און פּסיכאָלאָגישער זייט. אינטערעסאַנט זיינען די ריין-וויסנשאַפטליכע טיילן פונ׳ם ביכל; די פּובליציסטישע טיילן (נביאות וועגן דער צוקונפט פון יידיש) זיינען שוואַך און פול מיט ווידערשפּרוכן.

132. M. Pinès, Histoire de la littérature judéo-allemande, Paris 1911.

133. Prof, Andler, Préface (צו פּינעס׳ געשיכטע).

133a. ד״ר מ. פּינעס, די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש). וואַרשאַ תרע״ב 1911, 2 בענד.

*133b. М. Я. Пинесъ, Исторія еврейской литера-

туры, съ предисловіемъ и дополненіями С. С. Вермеля, Москва 1912 [Развѣтъ 1912 № 49].

דער בוך האָט שוין אין פראַנצויזישן אָריגינאַל א קנאַפּען וויסענשאַפט־ליכן ווערט, פּונקט אַזוי ווי די וואַסערדיקע הקדמה פון פּראָפ. אַנדלער; בפרט אָבער די יידישע איבערזעצונג, וואָס איז לחלוטין עם־הארצ׳יש און מורא׳דיק שלעכט „רעדאַגירט״ (?) און קאָריגירט. די רוסישע איבערזעצונג האָב איך ניט געזעהען, און איך האָף, אַז זי איז בעסער פאַר דער יידישער. — דאָס איז א דאָקטאָר־דיסערטאַציע, געשריבן פאַר פראַנצויזישע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן קיין שום השגה ניט וועגן דעם ענין, און פון א מענטשן, וואָס האָט אפילו אריינגע־לייגט אין זיין בוך א סך ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור, אָבער ווייניק קענטע־ניש. נאָך ווינער׳ס ארבעט קאָן מען דעם בוך אויך ניט פאַרענטפערן מיט דעם, וואָס ער איז אַן „ערשטער פּרוב״. ער רעדט אַרום אַלצדינג — אי די יידישע שפּראַך, אי איר געשיכטע, דיאַלעקטן און גראַמאַטיק, אי די אַלטע יידישע לי־טעראַטור, אי דעם פאָלקסליד, אי די נייערע יידישע ליטעראַטור „ביז דעם 1890 יאָר״ (?). און אָף אַלצדינג ליגט א שטעמפּעל פון דילעטאַנטיזם. גענוג אָנצו־ווייזען, אַז דער מחבר האָט אין די אויגן ניט געזעהען קיין איינעם פון די עלטערע יידישע ספרים (הגם ער רעדט וועגן זיי, ווי א גרויסער בר סמכא), אַז א חוץ דער לידער־זאַמלונג פון ה׳ גינזבורג און מארעק, האָט ער קיין השגה ניט פון דעם רייכן יידישען פאָלקלאָר, אַז אַלע זיינע היסטאָרישע ידיעות ווערן געשעפּט פון אַזוינע ניט־זיכערע קוועלען, ווי גרינבוים און ווינער. די ווערטער פון דער הקדמה צו דער יידישער איבערזעצונג, אַז ה׳ פּינעס האָט „יאָהרען־לאַנג געאַרבייט אין די ארכיוען און ביבליאָטעקען״, מוזען נאָר ארויס־רופן א שמייכל בא יעדן, וואָס האָט א באַגריף פון „ארכיוון און ביבליאָטייקן״. אויך די באַהאַנדלונג פון דער נייערער יידישער ליטעראַטור באַשטייט בא פּינעס׳ן פון א באַרג גימנאַזיסטישע רעפעראַטן, אָן א שום לייט־געדיינק, אָן א וויסענשאַפטליכן בליק — היינט די שפּראַך פון דער איבערזעצונג!

וועגן פּינעסעס בוך זיינען מיר באַקאַנט פאָלגענדע רעצענזיעס: *

134. ד״ר מוקדוני׳ס: פריינד X 1912, (פעברואַר?).

135. חיים קראַפט׳ס: דער יודישער ארבייטער (פּועלי־ציון) XI לעמ־בערג 1912, נ׳ 8.

136. ציגבערג׳ס: **С. Цинбергъ, Новый историкъ жаргонной литературы:** Разсвѣтъ, Спб. 1912 №№ 7—9.

137. יעקב מילכ׳ס: צוקונפט, ניו־יאָרק XX 1912, 268.

138. **ש. ניגער׳ס, דער ערשטער פּרוב:** די אידישע וועלט, 1912, ספּט״ב, נ. 1, ז. 69 — 82.

אַלע רעצענזענטן באַציען זיך צו פּינעס׳ בוך מער־ווייניקער נעגאַטיוו. פון די ריין נעגאַטיווע קריטיקן איז ה׳ ציגבערג׳ס די גענויסטע און גרינדלאַכ־סטע. ה׳ מילך און ה׳ ניגער באַנוגענען זיך ניט מיט דער ריין־נעגאַטיווער קרי־טיק און ווייזן אויך אָן פּאָזיטיוו, ווי אַזוי דאַרף דאָך געשריבן ווערן א יידישע לי־טעראַטור־געשיכטע.

*139. К. Житомирскій, Еврейско-нѣмецкое нарѣчіе, его сущность и значеніе: Вѣстникъ О-ва Р. П. Е въ Россіи, Спб. 1911, кн. 3 и 4 [Разсвѣтъ 1912 № 19—20; Еврейскій Міръ 1911 № 9].

2) אַרטיקלען אין די ענציקלאָפּעדישע ווערטערביכער.

פון די יידישע ענציקלאָפּעדיעס האָט נאָר איינע אַן׳אַלגעמיינעם ארטיקל וועגן יידיש־טייטש:

140. י. ד. אייזענשטיין, (שפת) יהודית־אשכנזית אין דער ענציקל. „אוצר ישראל״, ח׳ V, ניו־יאָרק תרע״א עמ׳ 75—79.

א גאַנץ געלונגענער ארטיקל, וואָס באַרירט אי די שפּראַך, אי די ליטעראַ־טור, אי דעם שפּראַך־קאַמף. ה׳ אייזענשטיינ׳ס לינגוויסטישע באַמערקונגען (וועגן דעם מקור פון איינצעלנע יידישע ווערטער) זיינען אָריגינעל און וויכטיק.

אין דער Еврейская Энциклоп. און Jewish Encyclop. געפינען זיך ארטיקלען מכח איינצעלנע צווייגן פון דער יידישער פילאָלאָגיע.

141. Leo Wiener, Judeo-German (Language): The Jewish Encyclopedia VIII, New-York 1904, 304-309.

142. Peter Wiernik, Judaeo-German Literature: ibid VII 309-310.

143. Richard Gottheil a. William Popper, Periodicals ibid. IX 607-615 (1905).

144. Peter Wernik, Drama, Yiddish: ibid. IV 653-654 (1903)

און חוץ דעם אייניקע קלענערע ארטיקלען, וואָס איך וועל ברענגען אין די שייכות׳דיגע אָפּטיילונגען. — די ארטיקלען אין דער „דזשואיש ענסיקל״. זיינען גאָר ניט ווערט, און אָף די פאַקטישע ידיעות, וואָס זיי געבן, דאַרף מען זיך ניט פאַרלאָזן.

145. **С. Цинбергъ, драма (жаргонная):** Еврейская Энциклопедія, Спб. VII (1910).

146. **דערזעלביקער, Литература, разговорно-еврейская:** ibid. X 284-292 (1911).

147. **דערזעלביקער, Періодическая печать:** ibid .XII 402—407 (1912),

חוץ דעם האָט ה׳ ציגבערג (וועלכער רעדאַגירט אין דער „יעווריי ענציקל״. די אָפּטיילונג כון דער נייערער ליטעראַטור) געגעבן דאָרט נאָך א גאַנצע ריי קלענערע ארטיקלען, וואָס איך וועל ברייננען אונטן.

148. **С. Цинбергъ и И. Капланъ, Пѣсни народныя:** ibid. XIII 144—152. (1912)

149. **С. Ан—скій, Пословица:** ibid. XII 769—771.

150. **דערזעלביקער, Поговорка:** ibid. XII 598.

151. Б. Бороховъ, Языкъ нѣмецко-еврейскій: ibid. (דרוקט זיך).

דעם יידישן פילאָלאָג וועט געוויס אינטערעסירן, וואָס איז געשריבן גע־וואָרן בנוגע צו אונדזער שפּראַך אין די ענציקלאָפּעדיעס פון די אומות העולם. פון די פיל פאַרשיידנ־שפּראַכיקע ענציקלאָפּעדיעס האָב איך געפונען ארטיקלען וועגן יידיש אין די פאָלגנדע:

152. J. M. Jost, Judenteutsch, Jüdisch-teutsch: Ersch u. Gruber's Allgemeine Encyklopädie der Wissenschaften und Künste, II Section, Th. 27, Lpz. 1850, 322—324.*

153. Jüdisch-deutscher Dialekt (Judendeutsch): Meyers Konversations-Lexikon. 5 Anfl., Lpz. u. Wien, IX 1895, 651—652; 6 Aufl. X 1905, 343—344.

154. Judendeutsch: Brockhaus'Konversations-Lexikon, 14 Aufl. IX Lpz. 1908, s. 1012.

* זעה אויבען דעם ארטיקעל פון בעל דמיון: „ד״ר פּינעס׳עס גע־שיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור״.

* יאָסט׳ס ארטיקל איז גאָר ניט ווערט; ער אַליין איז אָבער געווען פון יים אַזוי נתפּעל, אַז ער האָט יים נאָך איבערגעדרוקט אין זיין „Geschichte des Judenthums u. seiner Sekten“ ב. III, לייפּצ. 1859, 208.

155. Judendeutsch: Herders Konvers.-Lexikon, 3 Aufl., IV Freiburg in Breisgau 1905, s. 1141.

156. Еврейско-нѣмецкій діалектъ или, правильнѣе, жаргонъ: Энциклопедическій словарь изд. Брокгаузъ-Ефрона, т. XIV, Спб. 1894, 485—486.

157. Judéo-Allemand: Nouveau Larousse Illustré, Paris, V 433.

158. Juifs, Linguistique: La grande Encyclopédie (H. Lamirault), Paris XXI, 273.

159. Židovska némćina: Slovnik Naućny, Dil X², v Praze, 1872, 505.

160. Joodsch-Duitsch: Winkler Prins' Geïllustreerde Encyclopaedie, 3 Druk, X Deel, Amsterdam 1909, 70.

161. Slang (=גנבים-שפּראַך, זשאַרגאָן): The Encyclopaedia Britannica, 11th Edition, XXV Cambridge 1911, 208.

אין די פריערדיקע אויסגאַבן פון די פראַנצ. און ענגלישע ענציקלאָפּעדיעס זיינען די אַרטיקלען ניטאָ.

קיין אַרטיקלען ספּעציעל וועגן יידיש איז אין דער בריטאַנ. ענציקל ניטאָ. ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס אין דער איטאַליענישער ענציקל. איז ניטאָ גאָרנישט וועגן יידיש, דאָס וואונדערבאַרסטע איז אָבער, וואָס ניט אין דער פוילישער Encyklopedyja Powszechna (Warszawa) 1859—1868 ניט אין ביטש'ס (Beach) גרויסער אַמעריקאַנישער ענציקלאָפּעדיע (The Encyklopedia Americana) אין ניו-יאָרק-טשיקאַגאָ האָב איך ניט געפונען קיין שום אַרטיקל און אַפילו קיין שום וואָרט ניט וועגן דער יידיש-טייטשער שפּראַך. פון די נייע פוילישע ענציקלאָפּעדיעס (Wielka Encykloped. Powsz. Illustrowana; S. Orgelbranda: Encykl. Powszechna) האָב איך ניט געזעהן די לעצטע בענד מיט'ן אות ž די גרויסע אונגאַרישע ענציקל. איז נאָך אויך ניט דערגאַנגען ביז די ווערטער zsidó און nèmeti; דאָסזעלבע די ריזיקע שפּאַנישע ענציקלאָפּ. (Judio): ביידע האָבען ניט לאַנג אָנגעהויבן צו ערשיינען.

3) זאַמעלביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבן פאַר יידישער פילאָלאָגיע.

כמעט אין אַלע יידישע וויסנשאַפטליכע צייטשריפטן פון פערשיידענע לשונות קאָן מען געפינען פאַנאַנדערגעוואָרפענע אַרטיקלען מכח דער יידיש-טייטשער שפּראַך, ליטעראַטור און פאָלקלאָר. אַזוי אין:

Monatsschrift f. Geschichte u. Wissenschaft des Judentums (Frankl, Grätz, Brann); Brüll's Jahrbücher f. jüd. Gesch. u. Literatur; A. Geigers Jüd. Ztschrf. f. Wiss. u. Leben; L. Geigers Ztschr. f. die Gesch. dr J. in Deutschland; Leo Winz' Ost und West; Jahrbuch f. jüd. Geschichte u. Literatur.

און אַנדערע דייטשע צייטשריפטען.

ווייטער אין:

Revue des Études Juives, Paris; Jewish Quarterly Review, London; Anuarul pentru israeliti (Bucurescî); Magyar Źsidó Sżemle (Budapest); Èvköny (izr. L. îvod. T.); Восходъ; אויך נאַטירליך אין די ייִדישע: השלח, המגיד (=השבוע), אוצר הספרות, יודישעס פאָלקס-בלאַט, הויז-פריינד, יודישע פאָלקס-ביבליאָטעק, יודישע ביבליאָטעק, צוקונפט, ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען, לעבען און וויסענשאַפט, דאָס נייע לעבען, ליטעראַטור און אַנד.

ספּעציעל דער יידישער פילאָלאָגיע זיינען געווידמעט נאָר די פאָלגנדע אויסגאַבן:

162. **Mitteilungen zur jüdischen Volkskunde,** red. von Dr. Max Grunwald, 1889—1912.

ביז דעם 1903 יאָר איינשליסליך האָט דער זשורנאַל געהייסען: Mitteilungen der Gesellschaft für jüdische Volkskunde.

די ערשטע זעקס יאָר פלעגט ער ערשיינען צוויי מאָל אַ יאָר, דערנאָך פיר מאָל; די ערשטע זעקס יאָר אין האַמבורג, די יאָרן 1904 — 1908 אין בערלין, 1909 אין לייפּציג, און פון 1910 יאָר אין ווין. אַרויסגעגעבן ווערט ער פון דער יידישער ענטאָגראַפישער געזעלשאַפט אין ווין—האַמבורג. ביז נאָר דער לעצטער צייט איז דאָס געווען די איינציקע צייטשריפט, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן ספּעציעל מיט דער יידישער פילאָלאָגיע, און מער פאַר אַלץ מיט פאָלקלאָר. זי ווערט אָבער שוואַך רעדאַגירט און האָט ניט פאַרשטאַנען צוצוציהען גוטע מיטאַרבעטער; אַחוץ דר. מאַקס גרונוואַלד און דר. אַלפרעד לאַנדוי פון ווין, ווי אויך ה' ווייסענבערג פון יעליסאַוועטגראַד און ה' ביילין פון אירקוטסק, איז דאָרט ניט צו טרעפן מער קיין ממשות'דיקע זאַכן. די לעצטע צייט באַגעגנט מען דאָרט ניט מער דעם דר. לאַנדוי, און דאָס רופט זיך שלעכט אָפּ אויפ'ן אינהאַלט. כדי דער לעזער זאָל זיך גרינגער אָריענטירן אין'ם מאַטעריאַל פון די "Mitteilungen„ דינען די „אינהאַלטס-פערצייכנישן" פאַר די העפטן 1—6 אין'ם ה' 7, ז. 100; פאַר די העפטן 7—16 אין'ם ה'17, ז. 54; פאַר די ה' 17—36 אין'ם העפט 37, ז. 171. די אונגאַריש-יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט (Az Izraelite Magyar Irodalmi Társulat), וועלכע גיט אַרויס די מאָנאַטליכע רעוויו Magyar Źsido Szemle און אַ יאָרבוך (Evkönyv) אין בודאַפּעשט, האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל מכח יידישן פאָלקלאָר און יידישער שפּראַך אין אונגאַרן (וואו ס'וואוינען כמעט אַ מיליאָן יידן, וואָס רעדן יידיש-טייטש), אָבער די געזעלשאַפט קאָן זיך נאָך עד היום ניט אַנטשליסן צו פערעפענטליכן די שוין געזאַמלטע מאַטעריאַלן, ווייל דאָס וועט חלילה זיין ניט גענוג מאַדיאַריש-פּאַטריאָטיש. אין רוסלאַנד הויבן אָן צו ערשיינען זאַמעלביכער פאַר יידישער פילאָלאָגיע:

163. זאַמעלביכער פאַר יידישן פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע, ב. I וואַרשאָ 1913.

164. דער פנקס, יאָהרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע, רעדאַג. פון ש. ניגער, ווילנא.

די פערטליאָרשריפט פון דער „ייד. היסטאָריש-עטנאָגראַפ. געזעלשאַפט" (Еврейское Историко-Этнографическ. Общество) «Еврейская Старина» ס' פּעטערבורג 1909—1912 ברענגט אַ סך מאַטעריאַל וועגן יידישער פילאָלאָגיע—דער עיקר אָבער מכח יידישן פאָלקלאָר (אונטער דער רעד. פון ה' ש. דובנאָוו).

## II געשיכטע און צושטאַנד פון דער יידיש-טייטשער פילאָלאָגיע.

1) ביבליאָגראַפיע פון דער יידיש-טייטשער פילאָלאָגיע.

א) לינגוויסטיק.

165. Joh. Severin Vater, Literatur der Grammatiken, Lexica u. Wörtersammlungen aller Spraschen der Welt, 2 Aufl. von B. Jülg, Berl. 1847, 193 (Judendeutsch), ברענגט 13 שריפטן וועגן יידיש-טייטש.

166. Jos. Maria Wagner, die Litteratur der Gauner- u. Geheimsprachen seit 1700: Neuer Anzeiger f. Bibliogr.

u. Bibliothekswissenschaft (J. Petzholdt) Dresden 1861, 120 (Judendeutsch) u. 1863 (Nachtrag). 30 ברענגט ארום שריפטן וועגן יידיש-טייטש.

167. **A. Laudau, Bibliographie des Jüdisch-Deutschen:** Deutsche Mundarten (J. W. Nagl I, Heft II Wien 1897, 126—132.

דר. אלפרעד לאנדוי ברענגט 64 שריפטן וועגן דער יידישער גראמאטיק און לעקסיק.

ב) אנדערע פילאלאגישע צווייגן:

168. **Ignacy Bernsztein, (Katałog dzieł treści przysłowicowej składających bibliotekę Ignacego Bernsztejna,** 2 t. Warszawa 1900; II 634 (Juif—żydowski).

אפ'ן סמך פון בערנשטיינ'ס גרויסארטיקן פראכט-קאטאלאג האט ד"ר לאנדוי צונויפגעשטעלט און דערגענדט:

169. **A. Landau, Bibliographie der jüd.-deutschen Sprüchwörter,** Mitteilungen d. Gesellschaft f. jüd. Volkskunde, H. VIII 1901, 115—121.

*170. A. Драбкинъ, Библiографiя: Евр. Энцикл. IV, Спб. (1909).

זעה אויך אויבן ביי אונדז נ' 130 און 130 a.

ב) יידיש-טייטשע פילאלאגיע בכלל.

171. Moritz Stern, Quellenkunde zur Geschichte der deutschen Juden B. I Die Zeitschriftenliteratur, Kiel 1892, 8—10. ברענגט נור דייטשע ארטיקלען.

172. **Систематическiй Указатель литературы о евреяхъ,** изд. „Восхода", Спб. 1893 (?), №№ 3130—3149, 4651—4683 и passim стр. 265—267.

אנטהאלט נאר רוסישע שריפטען [1])

173. **Moïse Schwab, Répertoire des articles relatifs à l'histoire et à la littérature juives** parus dans les périodiques de 1783 à 1898, 3 v. Paris 1899—1900.

ה' שוואב, דער ביבליאטעקאר פון דער ייד. קהלה אין פאריז, האט אף זיך גענומען א ריזיקע ארבעט—דורכצוקוקן א בארג מיט זשורנאלען פאר א משך צייט מעהר ווי הונדערט יאר אין די פארשיידענסטע מערב-איראפעישע שפראכען, ארויסצוזוכן פונ'ם בארג אלע ארטיקלען בנוגע צו דער געשיכטע און ליטעראטור פונ'ם יידישן פאלק און צוזאמענשטעלן פון דעם א סיסטעמאטישע ביבליאגראפיע לויט'ן אלף-בית פון די מחברים. דער דריטער באנד שטעלט מיט זיך פאר אנ'אינדעקס (לויט דעם אינהאלט פון די ארטיקלען). דער ווערק האט אבער גרויסע חסרונות: ערשטנס, איז ער ערשינען ניט געדרוקט, נאר ליטאגראפירט, און אפטמאל זער אומדייטליך; צווייטנס, איז דער אינדעקס ארויסגעקומען גאנץ אויבערפלעכליך און אנטהאלט אין זיך ניט אלע אנווייזונגען. חוץ דעם נאך איניקע טעכנישע חסרונות ברענגען מיט זיך, אז דעם

[1]) אנ'אלגעמיינע בעמערקונג צו די №№ 166—173, 120, 119, 103, 31 און 29: אלע שריפטן, וואס זיינען פארצייכנט געווארן פונ'ם „סיסטעם. אוקאזאטעל", פון שוואב, שטערן, בערנשטיין, לאנדוי, וואגנער, פאטער, שטיינעאנו, אווע-לאלעמאן, קעכער און וואלף בנוגע צו דער יוד.-ט. פילאלאגיע, זיינען פון מיר, ווי ווייט מיגלאך, ארויסגעזוכט געווארן און אריין אין אונזער „ביבליאטייק".

בוך צו באנוצן קאסט אליין א גרויסע מיה (אפטמאל ארויסגעווארפענע מיה און צייט).

174. לאזאר סאינעאן, צו דער געשיכטע פון דער אידישער פילאלאגיע (פון פראנצויזיש, איבערזעצט פון א. גלאנץ): דאס נייע לעבען (דר. ח. זשיטלאווסקי) III ניו-יארק 1911, 404,341.

דאס איז אנ'איבערזעצונג פונ'ם ביבליאגראפישן קאפיטל פון שיינעאנו'ס ווערק (ז. אויבן נ' 119 און 120); אבער דער איבערזעצער, וואס שטייט, קענטיק, גאנץ ווייט פון דער פילאלאגישער וויסנשאפט, האט זיך ערלויבט נאך זיין אייגענער דעה ארויסצוווארפן גאנצע שטיקער פונ'ם געלערנטן ארטיקל; דער עיקר אבער האט ער ארויסגעווארפן אלע כראנאלאגישע און ביבליאגראפישע דאטן. אזוי אז דעם לעזער קומט אויס זיך אליין אנצושטויסן, אז בוקסטארף, למשל, האט ניט געלעבט פאר'ן חורבן בית שני, אדער וואגענזייל איז ניט ה' גלאנצס א פעטער. ס'בלייבט א קשיא: ווער האט ערלויבט גלאנצ'ן צו „פארבעסערן" שיינעאנו'ס ווערק?

2). מאטעריאלן בנוגע דער געשיכטע און צושטאנד פון דער יידישער פילאלאגיע.

א. אין אלגעמיינעם.

175. „Hebräische Bibliographie" (red. von M. Steinschneider) IX 1869, 59.

א נאטיץ וועגן דעם, וואס הערמאן לאטצע (א בערימטער געלערנטער א דייטש) האט אין 1869 יאר געגרינדט אין ליפציג א „פעראיין פיר יידיש-דייטשע ליטעראטור".

*176. מ. ספעקטאר, אויפרוף וועגן די יידישע שפריכווערטער: יודישעס פאלקס-בלאט (קאנטאר) ספט"ב 1886 נ' 4 (הקדמה צו י. ב. יודיש. שפריכווערטער אין „הויזפריינד").

177. С. Гинзбургъ и П. Марекъ, Воззванiе о собранiи еврейскихъ народныхъ пѣсенъ: Недѣльная хроника Восхода. 1898 — № 11. 58 № 1898 המליץ; הצפירה № 71 1898.

178. I. Бикерманъ, Къ спору о языкѣ (?): Еврейскiй Мiръ Спб. 1910 № 3.

179. Б. Бороховъ, Пара словъ о пользѣ знанiя: Разсвѣтъ, Спб. 1912 № 35.

### ב. ביאגראפיעס פון איינצלנע געלערנטע, וואס האבן געפארשט יידיש-טייטש. [1])

180. Ludwig Geiger, Das Studium der hebräischen Sprache in Deutschland .., Breslau 1870, 51—73.

ברענגט ביאגראפישע ידיעות מכח בעשענשטיין און פאגיוס (ז' אויבן נ' 1 און 3) און לעוויטא ז' אויבן נ' 82 און 85).

181. Boeschenstein, Johann: Allgemeine Deutsche Biographie III Lpz. 1876, 184 (ז. אויבן № 1).

182. Boeschenstein, Johannes: Jew. Enc. III, N Y. 1902, 284.

[1]) איבער ריין-צופעליקע סבות זיינען אהער ניט אריין די ביאגראפיעס פון די פילאלאגן און פאלקלאריסטן דרייזין, גאלאמב, י. ל. כהן, דר. ספיוואק, ש. גינזבורג, לאזער שיינעאנו, אלפרעד לאנדוי, ש. צינבערג, פ. פאלק, יעקב בערצאן, ווי אויך פון דעם ערשטן יידישן לעקסיקאגראף ישוע ליפשיץ. די ביאגראפיעס פון צונץ, ש. דובנאוו, אברהם אליהו הרכבי, פ. מארעק א. אנד. געהערן, צו אנ'אנדער פרק און זיינען בכלל לייכט צו געפינען.

183. שלמה בובער, תולדות אליהו התשבי (והוא ר' אליהו בחור) לפסיא 1856. (ז' № 82 אין 85).

184. J. Lewi ; Elia Lewita als Grammatiker, Breslau 1888.

185. H. Grätz, Geschichte der Juden IX, 3 Aufl. Lpz. 1891, 588 (Register, s. v. Lewita, Elia).

185a. צבי גרעטץ דברי ימי ישראל, מתורגם מאת שאול פנחס רא־בינאוויץ, ח' שביעי, ווארשא תרנ"ט (עי' „ר' אליהו בחור" ברשימת השמות עמ. 450).

186. L. Geiger, Lewita, Elias: Allgem. Deutsche Biographie, XVIII Lpz. 1883, 505.

187. Lewita, Elias: Jew. Enc. VIII, N. Y. 1904, 46.

188. Левита, Илія: Еврейская Энцикл. X, 118.

189. בחור, אליהו בן אשר הלוי: אוצר ישראל III, ניו-יארק 1909, 16

190. Fagius, Paul: Allgem. Deutsche Biographie VI Lpz. 1877, 533. (ז. N 3)

191. Fagius, Paulus: Jew. Enc. V 1903, 325.

191a. J. Perles, Beiträge zur Geschichte der hebräischen und aramäischen Studien, München 1884, 173.

ברענגענדיג בריוו פון פױלוס עמיליוס (א משומד, א באקאנטער איבערזע־צער פון חומש אין יידיש־טײטש), שטעלט פערלעס ארויס די השערה, אז פױ־לוס עמיליוס איז דער אמת'ער מחבר פון ספר מדות (ז' אויבן № 84)— אלזא אויך פון די ערשטע ארטאגראפישע כללים אין יידיש־טײטש.

192. Anschel: Jew. Enc. I, N. Y. 1901, 161, ז. אויבן נומ' 83.

193. Buxtorf, Johann: Allgem. Deutsche Biogr. III Lpz. 1877, 668—673.

194. Buxtorf, Johannes: Jew. Enc. III, 1902, 466. (ז' ארבן № 6).

195. בוקסטורף, יוחנים: אוצר ישראל, III, ניו-יארק 1909, 13.

196. M. Kayserling, Richelieu,... Buxstorf et... Roman: Revue des Etudes Juives VIII, Paris 1884, 70.

197. דערזעלביקער, Correspondants juits de Jean Buxtorf: ibid XIII, 1886, 260.

198. Hannover, Nathan Nata: Jew Enc VI 1904, 220 (ז' אויבן № 91).

199. הנובר, נתן בן משה: אוצר ישראל IV, ניו-יארק 1910, 164

200. Wagenseil, Joh. Christoph: Allgem· Deutsche Biogr. XL 1896, 481—483.

201. Wagenseil, Joh. Christoph: Jew. Enc. VII 1906 455 (ז' אויבן № 26, 27).

202. Schudt, Joh. Jakob: Allgem. Deut. Biogr. XXXII, 1891, 651.

203. Schudt, Joh Jakob: Jew. Enc. XI 1905, 112 (ז' אויבן № 28).

204. Wolf, Joh. Christoph: Allgem Deut. Biogr. XLIV, 1898, 545—548.

205. Wolf. Joh. Christoph: Jew. Enc. XII 1906 549 (ז' אויבען № 29).



206. Callenberg, Johann Heinrich: Allgem. Deut. Biogr. III 1876, 707. (ז. אויבן № 17, 18).

207. Callenberg, Johann Heinrich: Jew. Enc. III 516.

208. Chrysander, Wilhelm Chrystian Justus: Allgem. Deut. Biogr. IV 1876, 252 u. (Berichtigung) XXIV 1887 784 (ז. אויבן № 20, 21).

209. Rée, Anton: Allgem. Deut. Biogr. LIII 1907, 255—258 (ז. אויבן № 101).

א נעקראלאג אף אנטאן ריי אין

210. Allgemeine Zeitung des Judentums (G· Karpeles) 1891, 38.

211. Avé-Lallemant, Friedrich Christian Benedikt: Allgem. Deut. Biogr. XLVI 1902—144 (ז' אויבן № 103).

212. S. Karlebach, Geschichte d. Juden in Lübeck u. Moisling, Lübeck 1898, 136—138.

קארלעבאך ברענגט א פאר פאקטן מכח אווע-לאלעמאנים בעציהונג צו יידען.

213. Avé-Lalemant, Fr. Chr. B.: Jew. Enc. II 1902, 343.

214. Steinschneider, Moritz: Constant v. Wurzbach, Biographisches Lexikon des Kaisertums Oesterreich, XXXVIII Wien 1879, 160–167.

215. Steinschneider, Moritz: Jew. Enc XI 1905, 545—547.

שטיינשניידער'ס ביאגראפיעס קאן מען געפינען אין פיל ענציקלאפעדישע ווערטערביכער פון די אומות העולם, ווי אויך אין פערשיידענע יידישע און ניט־יידישע צייטשריפטן צו דער צייט פון זיינע געבורסט-יובילעען (1876, 1886, 1896, 1906), און נעקראלאגן (ער איז געשטארבן 24 יאנואר 1907).

216. A. Berliner, Die Schriften des Dr. M· Steinschneider, zu seinem 70. Geburtstage zusammengestellt, Berlin 1886.

217. G. A. Kohut, Bibliography of the Writings of Prof. Dr. Moritz Steinschneider: Festschrift zum 80 Geburtstage Mor. Steinschneider's Lpz 1896.

218. A. G–g, Nachtrag zu G. A. Kohut, Bibliography of the Writings of M. Steinschneider: Zeitschr. f. hebräische Bibliographie (Brody u. Freimann) V 1901, 189–190.

219. דערזעלביקער, Nachtrag... bis 1904 ibid. XIII 1909, 90–92.

220. דערזעלביקער, Nachtrag 1905 — 1906: ibid. XIII 1909 94—95.

בערלינער, קאהוט און ג–ג האבען צוזאמענגעשטעלט גענויע רשימות פון שטיינשניידער'ס הונדערטער פארשיידענע שריפטען, ביכער, (ארטיקלען אין נאטיצען), וואס דער דאזיקער גאונ'ישער ביבליאגראף, היסטאריקער און לינגוויסט האט אנגעשריבן אין זיין לעבן (דער גאון פון דער יידישער ביבליאגראפיע האט געלעבט 91 יאהר).

221. L. Fränkel, Grünbaum Maier (Max), Allgem Deutsche Biographie, XLIX 1904, 589–594.

222. Grünbaum Max: Jew. Enc. VI, 1903, 99.

גרינבוים׳ס נעקראָלאָגן (ער איז געשטאָרבן דעם 11 דעצ. 1898 זיינען געווען אין פיל יידישע צייטשריפטן.

223. W. Bacher, Joseph Perles: Jewish Quarterly Review VII London 1894, 1—23.

224. Perles Joseph: Jew. Enc. XI 1904, 642.

225. Перлесъ, Іосифъ: Евр. Энц. XII 1912, 440.

226. Wiener Leo Jew: Enc. XII 1906, 516.

226 a. ווינער, ליאו-אוצר ישראל IV ניו-יאָרק 1910, 206.

227*. אלכסנדר הרכבי, אויטוביוגרפיה: הלאום III ניו-יאָרק 1913 [Jew. Enc. VI 234].

228. אלכסנדר הרכבי, לשאלת שפת יהודית-מדוברת; הצפירה 1888 №, 207—208.

דער אַרטיקל האָט איצט מער אַ ביאָגראַפישע בעטייטונג, איידער אַ פּובליציסטיש-לינגוויסטישע.

229. Harkavy Alex.: Jew. Enc. VI 1903, 233.

229a. Гаркави, Алекс.: Евр. Энц. VI, 1910.

230 25-יאָהריגעס יובילעאום פון ל. שולמאַן: דער יוד (י. לוריע III קראָקוי 1901 נ׳ 17 (אַ בריוו פון קיעוו).

231. ר. ברײנין, אלעזר שולמאַן (צו זיין יובילעום): יודישער פאָלקס-קאַלענדער (ג. באדער) VII לעמבערג תרס״ב, 104—106.

232. ר׳ אלעזר שולמאַן (לחג יובלו): לוח אחיאסף לשנת תרס״ב ווארשא, עמ׳ 351—355.

233. ד״ר פיליפ מאנש: ספר זכרון, ווארשא 1888, עמ׳ 67—68.

234. Schwarzfeld Moses: Jew. Enc. XI, 120. (שוואַרץ-פעלד איז אַ היסטאָריקער און פאָלקלאָריסט אין רומעניען

235. Bernstein, Ignacy: Encyklopedja powszechna (S. Orgelbrand) Warszawa, 1898.

236. Bernstein Ignacy: Jew. Enc. III, 1902, 100.

236a. Бернштейнъ, Игнацъ: Евр. Энц. IV.

236b. בערנשטיין, איגנאַצי; אוצר ישראל III, 1909, 152.

237. Ан—скій (Раппопортъ С. А.): Евр. Энц. II.

אויך אַרטיקלען אין פערשיידענע צייטשריפטען צו ה׳ אַנ—סקי׳ס 25-יאָריגען יובילײ פעבר. 1910.

238. Прилуцкій Ной: Еврейская Энцикл. XII, Спб. 912, 920.

ישוע ליפשיץ׳ס ביאָגראַפיע האָב ייך אין ערגיץ ניט געפונען [1]

## III. יידיש-טייטשע ביבליאָגראַפיע און ביבליאָטייק-וויסנשאַפט.

### ביבליאָגראַפיע אין ענגען זינען. [1]

239. Leopold Zunz, Essay on the geographical literature of the Jews... (in the Asher's edition of the travels of Benjamen of Tudela, Berlin 1840—1841, II 230).

239a. דערזעלביקער. Zur Geographischen Literatur der Juden: Dr. Leopold Zunz' Gesammelte Schriften, I, Berlin, 1875, 146.

1) ישוע ליפשיץ פון בערדיטשעוו איז דער ערשטער יידיש-דייטשער פילאָלאָג אין רוסלאַנד, וואָס האָט נאָך אין די 60-ער יאָרן פערפאַסט 2 גרויסע יידישע ווערטער-ביכער (ז׳ אונטן №№ 309 און 310). די ביאָגראַפיע פון אָט דעם מענטשן, וואָס האָט אַזוי פיל געאַרבעט און געקעמפט פאַר אונזער שפּראַך (און אויך פאַר יירע קולטורעלע רעכט), וועט ייר אומזיסט זוכן אין דער „יעווה. עקציקל."



צו דער יידיש-דייטשער נעאָגר. ליטעראַטור געהערן בא צונץ די נ׳ 92, 100, 100, 101, 113, 116, 117, 120, 121a, 125.

240. דערזעלביקער. Hebräische Drucke in Mantua: Zunz, Zur Geschichte u. Literatur I Berlin 1845, (173, 257).

241. דערזעלביקער. Annalen der hebräischen Typographie von Prag, ibid. 274.

242. **Moritz Steinschneider, Jüdisch-deutsche Literatur** nach einem handschriftlichen Katalog der Oppenheimschen Bibliothek...

Serapeum, Zeitschr. f. Bibliothekswissenschaft, Handschriftenkunde u. ältere Literatur (R. Neumann IX Lpz. 1848, 313—336, 344—352, 363—368, 375—384; X 1849, 9—16, 25—32, 42—48, 74—80, 88—96, 107—112, (u. Register: Intelligenz-Blatt, Beilage zum „Serapeum", 1849 54, 57, 68).

משה שטיינשניידער איז, ווי מיר וועלן נאָך זעהען, צענדליגער מאָל, דער אמת׳ער גאון פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע און ליטעראַטור-געשיכטע, אָן זיינע ווערק קאָן זיך אַ יידישער פילאָלאָג פון אָרט ניט אַריר טאָן. שטיינשניידערס וויכטיקערע ווערק מוז מען תמיד האָבן אונטערן האַנט, אויב מע וויל ניט בלאָנדזשען אין דער פינצטער און אַרויסזויגן פון די פינגער. אין דעם אָט ערשט דערמאָנטן אַרטיקל באַשרייבט שט׳שנ. 385 געדרוקטע יידיש-טייטשע ספרים, וואָס זיינען ערשינען פונ׳ם אָנהויב פון XVI יאָרהונדר. ביז אַרום 1740 יאָר און געפינען זיך אין דער באָדלעיאַנישער ביבליאָטייק אין אָקספאָרד.

243. דערזעלביקער. **Jüdisch-Deutsche Literatur u. Jüdisch-Deutsch:** Serapeum XXV 1864, 33—45, 49—61, 65—78, 81—95, 97—103.

דאָ באַשרייבט שט׳שנ. 64 יידיש-טייטשע כתב-ידין פון פערשיידענע מערב-אייראָפּעאישע ביבליאָטייקען, דערהויפּט אָבער פון אָקספאָרד און מינכען.

244. דערזעלביקער. **Jüd.-D. Lit. u. Jüd.-D., 2 Artikel,—Das Maasse-Buch:** Serapeum XXVII 1866, 1—12.

245 דערזעלביקער **.Jüd.-D. Lit. u. Jüd.-D., Nachträge:** Serapeum XXX 1896, 129—140, 145—159.

(וועגן די אַלטע טייטש-חומשים און יידיש-טייטשע איבערזעצונגען פון תנ״ך בכלל).

246. דערזעלביקער, Eine deutsche Übersetzung von „Prinz u. Derwisch" u. Buch Esther in Reimen: Hebr: Bibl. VII 42—44.

247. **דערזעלביקער, Deutsche Gebetbücher:** Hebräische Bibliographie (Benzian u. Steinschn.) XII 1872, 125—129.

248. דערזעלביקער, Schach bei den Juden: A. v. d. Linde, Geschichte u. Bibliographie des Schachspiels, Berl. 1837, 182.

249. דערזעלביקער, Die Jüd. Frauen u. die jüd. Literatur: Hebr. Bibliogr. XIX 1879, 83.

250. דערזעלביקער, Letteratura delle donne: Il Buonarotti, scritti sopra le arti e le lettere (E. Narducci) Roma XV—XVIII, 1880—1883, p.

251. דערזעלביקער, **Purim und Parodie: Israelitische Letterbode (M. Roest),** Amsterdam VII 1881, 1—13, IX 1883, 45—58.

שט'שנ. ברענגט דאָ 31 אויסגאַבן פונ'ם „פורים-שפּיל".

252. דערזעלביקער, **Hebräische Drucke in Deutschland:** Ztschr. f. d. Geschichte d. Juden in Deutschland (L. Geiger), Braunschw. I 1887, 103—105, 281—287, 377—382, II 1888, 200—203, III 1889 84—86, 262—274.

253. דערזעלביקער, Bibliogr. Notiz: Jahrbücher f. jüd. Gesch. u. Literatur (N. Brüll), IX Fr. a. M. 1889.

251. דערזעלביקער, Jüdische Schriften zur Geographie Palästinas.

אינ'ם „חלק אשכנזי" פון א. מ. לונצ'ס יאָרבוך „ירושלים", ירושלים תרנ"א—נ"ב.

ייך האָב אויך געזעהען אַ בעזונדערן אָפּדרוק (ס"ה אין 50 עקז. — .(1892, Jerusalem

255. דערזעלביקער, **Purim und Parodie:** Monatsschrift f. Geschichte u. Wissenschaft des Judentums (Brann), XLVI—XLVIII (Neue Folge X–XII) Breslau 1902—1904.

וויכטיק איז פאַר דער יידיש-טייטשער ליטעראַטור יענער חלק, וואָס גייט אינ'ם ב. XLVII (XI) 1903, קאַפּ. IV (Dramen), ז. 84—89, 279—286, 360—370, 468—474. דאָ ברענגט שט'שנ. 15 אויסגאַבן פון יי.-טייטשן פורים-שפּיל, ווי אויך פאַרשיידענע אויסגאַבן פון יידיש-טייטשע חנוכה-ביכלאַך זמירות לחנוכה, מגילות אנטיוכוס א. דגל.

256. דערזעלביקער, **Die Geschichtsliteratur der Juden in Druckwerken und Handschriften,** I Abteil. Fr. a. M. 1905.

257. דערזעלביקער: **Mathematik bei den Juden,** Monatschr. f. Gesch. u. Wiss. d. Judntms (Brann) XLIX—LI (N. F. XIII—XV) Breslau 1905–1907.

מיר וועלן נאָך אונטן אָפּטמאָל באַגעגענען דעם גאון פון דער יידישער ביבליאָגראַפיע. דערווייל וועל ייך באַמערקן, אַז נאָר די ג' 242 — 248 באַשעפטיקן זיך ספּעציעל מיט דער יידיש-טייטשער ליטעראַטור. אַלע איבעריקע ווערק פון שט'שנ האָבן צו טאָן בעיקר מיט דער העברעיִשער ליטעראַטור, און די יידיש-טייטשע ביכער באַשרייבט ער נאָר דאָרט, וואו דאָס קומט אויס מחמת כראָנאָלאָגישע אָדער אַנדערע ביבליאָגראַפישע טעמים. דערפאַר קומט אויס אַ יידיש-טייטשן פילאָלאָג זיך בעגעגענען אָפט און אינזיסט פאַרלירן פיל צייט, דורכקוקענדיק שטש'נס ווערק, ביז מ'באַגעגנט דאָרט אַ יידיש-טייטשן בוך. שטיינשניידער'ס ווערק זיינען צוזאַמען מיט העברעיִש-ביבליאָגראַפישע ידיעות, וואו-ניט-וואו דורכגעמישט מיט יידיש-טייטשע (אויך יידיש-אַראַבישע, יידיש-פראַנצויזישע א. דגל.), און זיי וואַרטן נאָך אויף אַ קראַפט, וואָס זאָל קומען אויסגעפינען און צונויפשטעלן די יידיש-טייטשע איינזעלן אין איין קאָנטינענט. — ביאָגר. ידיעות וועגן שט'שנ ז' №№ 214—220.

258. **Jos. Perles, Bibliographische Mitteilungen aus München:** Monatschr. fr. Gesch. u. Wiss. d. J. (Grätz) Krotoschin 1876, 350—375.

259. דערזעלביקער, Notice: Revue des Étndes Juives, Paris 1882, 315.

260. דערזעלביקער, **Beiträge zur Geschichte der hebräischen u. aramäischen Studien,** München 1884.

פּערלעס גיט זער וויכטיקע ביבליאָגר. ידיעות (אפ'ן גרונד פון דער קעניגל. ביבליאָטייק אין מינכען) און ברענגט אויך אַ סך פראַגמענטן און אינטערעסאַנטע ציטאַטן פון די עלטסטע יידישע כתב-יד'ן, נאָר ער שרייבט שרעקליך ניט-סיסטעמאַטיש, און דעריבער איז יים שווער צו באַנוצן. אינטערעסאַנט זיינען פאָלגענדע רעצענזיעס אויף פּערלעס' בוך.

261. M. Steinschneider's: Deutsche Literaturzeitung (Rödiger), Berlin 1885, 262.

262. Frankl's: Monatschr. f. Gesch. u. Wiss. des J. (Grätz), 1885, 278, 332.

263. Ed. Biberfeld, Die hebräischen Druckereien zu Karlsruhe in Baden und ihre Drucke: Ztschr. f. Hebr. Bibliogr. I—III 1896—1899.

ס'איז פאַראַן אויך אַ בעזונדער אויסגאַבע: קאַרלסרוהע 1898.

264. **A. Freimann, Notiz:** Ztschr. f. Hebr. Bibliogr. III 1899, 62—63.

אַ נאָטיץ מכח 4 יידיש-טייטשע כתב-יד'ן אין דער פראַנקפורט-מאַינער שטאָדט-ביבליאָטעק, וואָס זיינען פריער געווען ניט באַקאַנט.

265. С. Е. Винеръ, Библіографическій указатель сборниковъ пѣсенъ на разговорно-еврейскомъ языкѣ, находящихся въ Азіатскомъ Музеѣ Академіи Наукъ (Приложеніе къ сборнику еврейск. нар. пѣсенъ Гинзбурга и Марека, Спб. 1901).

266. M. Weinberg, Die hebr. Druckereien in Sulzbach: Jahrbuch d. Jüdisch-Literarischen Gesellschaft, I Fr. a. M. 1903, 19—202.

267. **R. Gottheil a. W. Popper, List of Periodicals:** Jewish Encyclopedia IX N. Y. a. London, 1905, 616—640.

אַ גרויסע רשימה (נאָכ'ן אלף-בית) פון יידישע צייטשריפטן פון פאַרשיידענע לענדער אין די פאַרשיידנסטע שפּראַכן. ניט קוקנדיק, וואָס אין דער רשימה פעלן אייניקע צייטשריפטן, איז דאָס פונדעסטוועגן אַנ'אומגעהייער נוצליכע אַרבעט. די „יעוו. ענציקל." (פּעטערבורג) האָט די רשימה ניט איבערגעזעצט: מסתמא דערפאַר, ווייל ייר האָבן געפעלט קרעפטן זי צו דערגענצן ביז די לעצטע יאָרן.

268. **Israel Davidson, Parody in Jewish Literature,** New-York 1907.

צו דעם וויכטיקן בוך וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. אף ז. 209—263 ברענגט דעווידסאָן אַ ביבליאָגר. רשימה פון פאַרשיידענע פּאַראָדיעס (פורים-שפּיל, הגדות של פסח, חנכה-פּאַראָדיעס א. דגל.) אין העברעיש און יידיש-טייטש ביז נאָר דער לעצטער צייט.

269. Löwenstein, Historische Lieder: Ztschr. f. Hebr. Bibliogr. VII 1910, 124—127.

אַ רשימה פון אַלטע יידיש-טייטשע און העברעיִשע לידער, וואָס געפינען זיך אין פאַרשיידענע ביבליאָטייקן.

270. Notiz: Ztschr. f. Hebr. Bibliogr. V, 1901, 159.

וועגן אַ צייטונג („דירנפורטער פריפילעגירטע צייטונג"), וואָס איז ערשינען אין דער דייטשער שפּראַך מיט יידישע אותיות אין 1771 יאָר.

271. **Sigm. Seeligmann, Notiz: Ztschr. f. Hebr. Bibliogr.** VII 1903 24—25.

װענן אַ ײדיש־טײטשער צײטונג, װאָס פלעגט ערשײנען צװײ מאָל אַ װאָך אין אַמסטערדאַם אין 1686—1687 יאָר מיט'ן נאָמען „דינשטאגישי קוראנט" און „פרײטאגישי קוראנט". זעעליגמאַן האָט פון ײר געזעהען ארום הונדערט נומערן (טאַקע אין דער ײד.־טײטשער שפראַך).

* 272. С. Цинбергъ, „Beobachter an der Weichsel": Евр. Энц. IV.

דער „בעאָבאַכטער אַן דער װײכסל" איז געװען דער ערשטער ײדישער אָרגאַן אין רוסלאַנד (װארשא 1823)—אין דער דײטשער שפראַך מיט ײדישע אותיות. זעה אױך № 125.

2) ביבליאָגראַפישע צײטשריפטן.

273. המזכיר—Hebräische Bibliographie, hrsg. von Jul. Renzian, red. von Moritz Steinschneider, Berlin 1858—1865, 1869—1882.

274. Zeitschrift für Hebräische Bibliographie, hrsg. von H. Brody u. A. Freimann, 1896—1913.

פון 1896 ביז 1899 יאָר רעדאַגירט נאָר פון ד"ר בראָדי און ערשינען אין בערלין; פון 1900 יאָר אָן ערשײנט זי אין פראַנקפורט־מאַין; 1900—1905 רעדאַגירט פון בראָדי און פרײמאַן, פון 1906 יאָר אָן נאָר פון פרײמאַן. די דאָזיקע צײטשריפט װיל זײן דער המשך פון שטײנשנײדער'ס „המזכיר". בײדע צײטשריפטן רעגיסטרירן גאַנץ גענוי אַלץ, װאָס ס'ערשײנט פון העבראַיקאַ און יודאַיקאַ, אָבער די ײדיש־טײטשע אױסגאַבן װערן כמעט ניט פאַרצײכנט. חוץ דעם דרוקן זיך דאָרט קאַטאַלאָגן, ביבליאָגר. אַרטיקלען און נאָטיצן (זעלטן אױך װעגן ײדיש־טײטשער ליטעראַטור).

275. ירושלים, ירחון ספרותי־ביבליוגרפי, השקפה על ספרות ישראל בכל הלשונות, נערך ע"י קרפל, קראקא, תרס"ח.

דאָס איז געװען דער ערשטער, און אַ גאַנץ געלונגענער פּרוּב צו רעגיסטרירן אַלץ, װאָס ס'ערשײנט פון יודאַיקאַ און העבראַיקאַ, אױך די ײדיש־טײטשע ליטעראַטור האָט דערבײ פאַרנומען אַ בכבוד'יקן אָרט. די צײטשריפט האָט אָבער אױפגעהערט צו ערשײנען, און דעם ײדיש־טײטשן ביבליאָגראַף קומט נאָך אַלץ אױס צו גראָבן זיך אין דער „ליטעראַרישער כראָניק" פון פאַרשײדענע ײדישע בלעטער. די בעסטע „כראָניק" (ביבליאָגראַפיע) װערט געגעבן:

פאַר רוסלאַנד אין: שלום־עליכם'ס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטײק" (1888 פּאָלג., קיעװ), י. ל. פּרץ'ס „בלעטלאַך", „דער יוד" (1899 פאָלג., קראקױ), „לעבען" (1905, ס'פעטערבורג), „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטען" (1908, װילנא), „לעבען און װיסענשאַפט" (1909 פּאָלג., װילנא); «Восходъ»; «Недѣльная хроника Восхода»; «Еврейская Жизнь»; «Разсвѣтъ»; «Еврейскій Міръ».

פאַר גאַליציען און בוקאָװינאַ: „ד"ר בירנבוים'ס װאָכענבלאַט" (1908 טשערנאָװיץ), „דער יודישער אַרבײטער" (אָרגאַן פון די פּועלי ציון אין עסטרײך, קראקױ — לעמבערג 1903—1912); „Kalender f. Israeliten (Ost.-isr. Union)"—ברענגט רשימות פון ײדישע צײטשריפטן אין עסטרײך (1892—1913).

פאַר אַמעריקע: „אַמעריקאַן דזשויש ײרבוק" (ענגליש, ניו־יאָרק, 1899—1913), — פאַרצײכנט אַלע ײדישע בלעטער; „די צוקונפט" (1892—1912. ניו־יאָרק); „דאָס נײע לעבען" (1908—1912, ניו־יאָרק).

די אַלע צײטשריפטן ברענגען אָפטמאָל רעצענזיעס, אױך ליטעראַריש־קריטישע. סיסטעמאַטישע ליטעראַריש־קריטישע ביבליאָגראַפיע װערט אָבער װײניק געפירט; די װיכטיקסטע פון די לעצטע זײנען געװען אין די פריערדיקע יאָרן:

276. **Критикусъ, Остатки литературной жатвы послѣдн. года.**

277. **דערזועלביקער, Новости жаргонной литературы.**

278. **דערזועלביקער, Литературная лѣтопись.**

און דגל. אין „װאָסכאָד" (פעטערבורג) אין די 80־ער און 90־ער יאָרן. קריטיקוס איז דער פסעװדאָנים פון ה' ש. דובנאָװ.

279. **בעל מחשבות, צײטונגס־שטימען.** (מער מכח העברעישע צײטונגען).

280. **דערזועלביקער, נײע ביכער.**

אין „דער יוד" קראקױ 1899—1902. בעל מחשבות (ד"ר. א. עליאשעװ) פלעגט זיך אָפט חתמ'ען „א. ע."

281. **С. Цинбергъ, Обзоръ еврейской печати:**

אין „װאָסכאָד" 1902—1906 (אױך אַ סך מכח דער העברעישער פרעסע). ה' צינבערג פלעגט זיך דערבײ חתמ'ען „Z".

3) ביבליאָגראַפיש־ביאָגראַפישע װערטערביכער.

ערשטנס, קומען אַהער אַלע ײדישע ענציקלאָפּעדיעס, באַזונדערס אָבער די „יעװרעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", װאו די דאָזיגע אָפּטײלונג װערט רעדאַגירט פון ה' ש. צינבערג (סט. פעטערבורג, 16 בענד, 1908—1913).

282. Julius Fürst, Bibliotheca Judaica, 3 Bde, Lpz. 1849—1863.

דאָס איז אַ ביבליאָגר. װערטערבוך פון „יודאַיקאַ" (ד. ה. ליטעראַטור װעגן ײדען און װעגן ײדנטום), אָבער טײלװײז אױך פון „העבראַיקאַ" (ד. ה. העברעישע, תלמוד'ישע, רבנ'ישע, ײדישע ליטעראַטור און דגל.). פירסט'ס ידיעות זײנען אָבער אָפטמאָל ניט־גענוי אָדער גאָר אומריכטיק, און שטײנשנײדער „Bibliograph. Handbuch üb. die... Literatur f. hebr. Sprachkunde", Lpz. 1856, Vorrede s. XVI איז גאַנץ גערעכט, װען ער באַהױפּט, אַז פירסט'ס װערטערבוך האָט ניט קײן װיסנשאַפטליכן װערט.

283. **יצחק אײזיק... בן יעקב, אוצר הספרים**, ספר ערוך לידיעת ספרי ישראל נדפסים וכתבי יד עד שנת התרכ"ג לפ"ג (1863), װילנא 1880.

באַ דער דורכפירונג פון דער ריזיקער אַרבעט האָט אױך געהאָלפען משה שטײנשנײדער. דער װערטערבוך פאַרצײכנט אױך די ײדיש־טײטשע ספרים. דער גרעסטער חסרון פונ'ם בוך איז—דער פעלן פון אַ גוטן אינדעקס.

284. Ch. D. Lippe, Bibliographisches Lexikon der gesammten jüdischen Literatur der Gegenwart, 2 Bde, Wien 1881 u. 1887. Neue Serie, I Wien 1899.

ײדיש־טײטשע שריפטן זײנען דאָרט געלאָזן כמעט באַ דער זײט. דערפאַר אָבער געפינט מען דאָרט די נויטיקסטע קורצע ביאָגראַפישע ידיעות אױך װעגן ײדיש־טײטשע שרײבער (דעמלט האָבן זײ נאָך אַלע געשריבן אױך העברעיש) און רשימות פון ײדיש־טײטשע צײטשריפטן. יעדער באַנד גײט נאָכ'ן אַלף־בית פון די מחברים.

285. ספר זכרון לסופרי ישראל החיים אתנו כיום, נערך ע"י נ. סאָקאָלאָװ, װאַרשא תרמ"ט. האָט צװײ אָפּטײלונגען: אַ ביאָגראַפישע און אַן אױטאָביאָגראַפישע. אין יעדער אָפּטײלונג גײען די שרײבער נאָכ'ן אַלף־בית. אינ'ם ערשטן טײל זײנען פאַר אונדז װיכטיק די ביאָגראַפיעס פון גאָטלאָבער, גאָלאָמב, גאָלד[illegible]ען דיק, לינעצקי, ספּעקטאָר, צעדערבוים, שלום עליכם, ראַװניצקי, שײקעװיטש; אין דער צװײטער — די אױטאָביאָגראַפיע פון מענדעלי מו"ס.

4) פסעװדאָנימען־װערטערביכער.

286. **מ. זאַבלאָצקי, אוצר הפסודונימים..** בערדיטשוב תרס"ב.

זאַבלאָצקי ברענגט 335 פסעװדאָנימען פון 196 ײדישע מחברים, װאָס

שרייבן אין פארשיידענע שפראכן (העברעיש, יידיש, רוסיש, דייטש). דער ביכל האט אבער, אלס ערשטער פרוב, אויך געוויסע חסרונות: ער פארטייטשט דעם פסעוודאנים אפ'ן ריכטיקן נאמען, און פארקערט ניט; חוץ דעם פעלן דארט פיל פסעודאנימען („בר צדק" — ד"ר א. עליאשעוו; „רבי קצין" — ראבניצקי; „דער משוגענער פילאסאף" און „בן נץ" — ווינטשעווסקי, מאטהיאס אחר — ד"ר נתן בירנבוים און אנד.); אפילו „מענדעלי מוכר ספרים" איז ניטא (פאראן „מנדלי מו"ס"!) פונדעסטוועגן בלייבט זאבאלאצקי'ס ביכל א נוציקער באהעלף פאר'ן יידישן ליטעראטור-היסטאריקער. קיין בעסערס האבן מיר עד היום ניט. צו דערגענצן זאבאלאצקי'ס ידיעות קאנען נוצן:

287. Isr. Davidson, Pseudonimous Literature a. writers: Jewish Encyclop., X 1905, 256—261.

288. William Zeitlin, Anagramme, Initialen u. Pseudonyma neuhebräischer Schriftsteller u. Publizisten: Ztschr. f. Hebr. Bibliogr. IX 1905, XIV 1910 u. XV 1911.

דעווידסאן און צייטלין ברענגען נאר די מחברים, וואס שרייבן העברעיש.

289. С. Цинбергъ, Псевдонимы: Евр. Энцикл. XIII 1912, 102.

ברענגט אייניקע בייסטע פסעוודאנימען פון ייד. שרייבער אין פארשיידענע שפראכן.

5) יידישע ביבליאטייק-וויסנשאפט.

290. **Oppenheim, David-ben-Abraham**: Jew. Enc. IX, 410—411.

290a. **Оппенгеймъ, Давидъ-бенъ-Авраамъ**: Евр. Энцикл. XII, 109—110.

דער רוסישער ארטיקל איז איבערגעזעצט פונ'ם ענגלישן. דוד בן אברהם אפפענהיים איז געווען דער ערשטער גרויסער זאמלער פון יידישע ספרים (XVII—XVII יארהונד.), און נאך זיין טויט איז א גרויסער טייל פון זיין ביבליאטייק אריבער אין דער באדלעיאנישער ביבלאטייק אין אקספארד (ענגלאנד).

291. **Bernh. Strasser, Die Bodleianische Bibliothek in Oxford**, Wien 1902.

די באדלעיאנישע ביבליאטייק איז אין גאר דער וועלט די רייכסטע אין אלטע יידישע ספרים, געדרוקטע און כתב-יד'ן. אין ייר געפינען זיך איצט פון העבראיקא און יודאיקא ארום 360 טויזנט דרוקזאכן און 25 טויזנט כתב-יד'ן (נאטירלאך על פי רוב העברעישע, נאר א קליינער טייל יידיש-טייטש).

292. Bodleian Library: Jewish Encyclopedia, III N Y. 1902, 281.

293. (Leopold) Zunz: Zur Geschichte u. Literatur, I Berlin 1845, 230—248.

צונץ באשרייבט די ביבליאטייקן, וואו ס'געפינען זיך יידישע ספרים, און די געשיכטע פון די ביבליאטייקן.

294. **Mor. Steinschneider, Vorlesungen über die Kunde hebräischer Handschriften**, Lpz. 1897.

אין דער דאזיקער שריפט איז קיין ווארט ניטא ספעציעל וועגן יידיש-טייטשע כתב-יד'ן. אבער אלץ, וואס ס'איז שייך צו העברעישע כתב-יד'ן, האט אויך א וויסנשאפטליכע באטייטונג פאר דער יידיש-טייטשער פילאלאגיע: יידיש-טייטשע כתב-יד'ן ווערן געשריבן פון דיזעלביקע מחברים, אף דעמזעלביקן פאפיר, ווערן איינגעבונדן פון דיזעלביקע בוכבינדער אדער צונויפגעראלט אף דעמזעלביקן אופן, ווערן אויך אף דעמזעלביקן שטייגער דאטירט, אנטהאלטן אפטמאל העברעישע הקדמות אדער קעפלאך, הוספות, באמערקונגען א. דגל., און געפינען זיך זער אפט צוזאמען מיט העברעישע כתב-יד'ן אין איינע קאדעקסן א. א. וו. הפלל, אלע ארכעאלאגישע פראגן און שוועריקייטן, וואס זיינען דא באם שטודיום פון העברעישע כתב-יד'ן, באגעגענען זיך אויך בא יידיש-טייטשע. — שט'שנ באשרייבט אויך די יידישע ביבליאטייקן און זייער געשיכטע.

*295 И. Чериковеръ, Библіотеки: Евр. Энцикл. IV 1909.

6). קאטאלאגן פון איינצעלנע ביבליאטייקן, וואו ס'געפינען זיך יידיש-טייטשע ביכער.

דא מוז ייך מאכן א הקדמה, ווייל בא אונדז ווייסט מען נאך ווייניק צו שעצען א קאטאלאג. ס'איז פאראן פיר סארטן קאטאלאגן: 1) יענע עם-הארצי'שע שמאכטעס, וואס אונדזערע פערלעגער און בוכהענדלער האבען א העזה צו רופן זייערע „קאטאלאגן", אין אמת, זיינען דאס אבער גאר ניט קיין קאטאלאגן, נאר פרייזקוראנטן פון ביכער, און דערצו שלעכטע פרייז-קוראנטן, וואס א קולטורעלער מענטש קאן אן עקל אין האנט ניט נעמען. 2) גוטע פרייז-קוראנטן פון ביכער, — אזוי גערופענע קאטאלאגן פון די אייראפעישע פערלאגן און בוכהאנדלונגען. זיי האבן א הויכן ראיעלן סוחר'ישן ווערט און קאנען א ביבליאגראף, א ביבליאטייקער, א לערער, א שרייבער אפטמאל זער צונוץ קומען. 3) געוויינטלאכע ביבליאטייקס-קאטאלאגן. וואו ס'ווערן איינפאך—אין א געוויסן סדר—פארצייכנט ביכער מיט די איינפאכסטע ביבליאגראפישע פרטים (ארט, יאר,—אמאל די צאל זייטן). 4) וויסנשאפטליכע ביבליאגראפישע קאטאלאגן, וואס ווערן צונויפגעשטעלט פון געלערנטע מומחים, וואו יעדער בוך באזונדער ווערט גענוי באשריבן, פארגליכן מיט אנדערע עקזעמפלארן אדער אויסגאבן, היסטאריש און פילאלאגיש קאמענטירט. אזוינע קאטאלאגן זיינען גרויסע וויסנשאפטליכע ווערק, וואס אן זיי קאן זיך א פילאלאג פון ארט ניט א ריר טאן. די מעטאדע צונויפצושטעלן וויסנשאפטליכע קאטאלאגן מיט ארכעאלאגישע און ביבליאגראפישע פירושים האט גלענצנדיק דורכגעפירט משה שטיינשניידער, וועלאכער האט דערמיט געבילדט א נייע שולע ניט נאר אין דער יידישער, נאר אויך אין דער אלגעמיינער ביבליאגראפיע. ייך ברענג דא נאר אזוינע וויסנשאפטליכע קאטאלאגן (חוץ די נומערן 305 און 306 (האנאווער און ווילנע), וואס געהערן צו דער איינפאכער (דריטער) קאטעגאריע.

אדעס.

296. **ש. דובנאוו וא. גינצבורג** (אחד העם), **רשימת ספרי המחלקה העברית (Hebraica) בבית אוצר הספרים של חברת עוזרי המסחר העברית באדעסא**, אדעסא תרס"ד 120—140 (ספרי זרגון).

אזוי ווי דא ווערן געבראכט נאר געדרוקטע זאכן האט דער קאטאלאג ניט אזוינע ברייטע אויפגאבן, ווי בא כתב-יד'ן. די געערטע מחברים האבן זיך אבער ניט באנוגנט מיט איינפאכער באשרייבונג, נאר האבן אויך זיך נעגעבן די מיה אויסצוטיילן פון די צייטשריפטן די וויכטיקערע ארטיקלען און זיי באזונדער צו פארצייכענען.

אקספארד (די באדלעיאנא, ז' אויבן נ', 291, 292).

297. **Moritz Steinschneider, Catalogus librorum Hebraeorum in Bibliotheca Bodleiana**, 2 Bde, Berlin 1852—1860, CXXXII+3104 (col.)+C pp.

אין דעם דאזיקן ריזיקן, וואונדערבארן קאטאלאג איז אבער ניט גרינג זיך פאנאנדערצוקלייבן, אויסזוכענדיק די צעווארפענע יידיש-טייטשע ביכער פונ'ם ים העברעישע ספרים. קיין באזונדער אינדעקס פאר די יידיש-טייטשע ביכער איז ניטא. צו דער אלטער יידיש-טייטשער ליטעראטור געהערן די №№ 1177—1300, (חומש און תנ"ך-איבערזעצונגען אין יידיש), 2365, 3032, 3033, 3169—3211A (תחינות), 3336, 3389, 3625—3707 (לי-

רער), 3893—3942 (מעשיות און מעשה־ביכער), 3991—3993, 4423, 4576, 4960, 5545, 5859, 6024, 6033, 6473, 7172 און נאָך אייניקע אַנד. בײַ דער באַנוצונג דאַרף מען אַכטונג געבן ניט אָנצונעמען פאַר יידישע אַזוינע ביכער, וואָס זיינען געדרוקט מיט דייטשע אותיות (typis Germ.) אָדער מיט יידישע, אותיות אָבער אין דייטשער שפּראַך (למשל מענדעלסאָנס „ביאור"), ווייל שט'שנ רופט אָן Germanice ביידע שפּראַכן גלייך, אי יידיש אי טייטש. — דער קאַטאַלאָג איז אַ רעזולטאַט פון פופצן יאָר אַרבעט, וואָס שט'שנ האָט געפירט אין דער באָדלעיאַנישער ביבליאָטייק. דער קאַטאַלאָג באַשרייבט נאָר די געדרוקטע ביכער.

298. דערזעלביקער, Conspectus codd. mss. Hebraeorum in Bibl. Bodl., Berolini 1857.

299. דערזעלביקער, Supplementum Catalogi libr. Hebr in Bibl. Bodl.: Centralblatt f. Bibliothekswesen, Lpz 1894 484—508 (Separatabdruck: Lpz. 1894).

300. **Ad. Neubauer, Catalogue of the Hebrew Manuscripts in the Bodleian Library...,** Oxford 1886 1168 col.

נייבויער איז דער ביבליאָטייקער פון דער באָדלעיאַנאַ. זיין בוך האָט די מעלה, וואָס אינ'ם אינדעקס זיינען ספּעציעל אויסגעטיילט די יידיש־טייטשע כתב־יד'ן (col. 1063—1064).

301. Adolf Neubauer a. Arthur E. Cowley, Catalogue of the Hebrew Manuscripts in the Bodleiana Library, vol. II, Oxford 1906.

דאָס זיינען דערגענצונגען צו דעם פריערדיקן ווערק. יידיש־טייטשע כ"י האָב איך דאָ געפונען נאָר 3: נ' 2783, 2784 און 2793.

בערלין.

302. Mor. Steinschneider, Verzeichniss der hebr. Handschriften (der Königl. Bibl. Berlin) Berl., 1878.

303. דערזעלביקער, Verzeichniss d. hebr. Handschr. (d. K. Bibl. zu Berlin), 2 Abteilung, Berl. 1897.

קיין באַזונדער אינדעקס פאַר יידיש־טייטשע כ"י ניטאָ, און זיי איז שווער צו זוכן (ס'איז אין בערלין אויך ווייניק דאָ יידיש־טייטשען כ"י).

האַמבורג.

304. דערזעלביקער, Catalog d. hebräischen Handschriften der Stadtbibliothek zu Hamburg..., Hamburg 1878.

נאָכ'ן אינדעקס איז גרינג צו געפינען די יידיש־טייטשע כ"י.

האַנאָווער.

305. M. Zuckermann, Katalog der israelit. Gemeindebibliothek zu Hannover, Hannover 1901.

ווילנאָ.

306. לקוטי שושנים והיא רשימת הספרים אשר אסף וקבץ... מתתי' שטראַשון, ברלין 1889.

לאָנדאָן.

307. **(Jos. Zedner), Katalogue of the Hebrew Books in the Library of the British Museum,** London 1867, VIII+884 pp.

דאָס זיינען נאָר געדרוקטע ביכער; אינ'ם אינדעקס זיינען די י.־ט. ספרים ניט אויסגעטיילט.

308. **G. Margoliouth, Descriptive List of the Hebrew. a. Samaritan Mss. in the British Museum,** London 1893.

309. דערזעלביקער, **Catalogue of the Hebrew a. Samaritan Mss. in the British Museum,** parts 3: I (תנ"ך) 1899; II (תלמוד, הלכה ותפלות) 1905; III (קבלה) 1909, London.

מרגליות' ווערק איז נאָך ניט פערענדיקט. י.־ט. כתב־יד'ן איז גאָ יים שווער צו זוכן, ווייל אין די אינדעקסן זיינען זיי ניט אויסגעטיילט.

מינכען.

310. **Mor. Steinschneider, Die Hebr. Handschriften der K. Hof- u. Staats-Bibliothek in München,** München 1875; 2 Aufl. (ergänzt) 1895.

די צווייטע אויפל. אנטהאַלט אויך מער יידיש־טייטשע כ"י, ווי די ערשטע. די מינכענער ביבליאָטייק איז נאָך דער באָדלעיאַנאַ די רייכסטע אין יידיש־טייטשע ביכער (און כ"י). אָבער דער קאַטאַלאָג טיילט זיי ווידער טאַקע ניט אויס אינ'ם אינדעקס.

פּאַריז.

311. Catalogues des Manuscrits hébreux et samaritains de la Bibliothèque impériale, Paris 1866.

דערזעלביקער חסרון: די ווערטפולע יידיש־טייטשע כ"י, וואָס זיינען פאַרצייכנט אין קאַטאַלאָג, זיינען ניט אויסגעטיילט אינ'ם אינדעקס.

פּאַרמאַ.

312. (I. B. De-Rossi), Mss. Codices Hebraici Biblioth. I. B. De-Rossi... ab eodem descripti, Parmae, 3 vol. 1803.

די יידיש־טייטשע כ"י זיינען אויסגעטיילט אינ'ם ב. III, ז. 200.

312a. Pietro Perreau, Nachträge zu De-Rossi's Katalog..., Hebr. Bibliogr. VII 1864 und VIII 1865.

פּערעאָ איז ניצלאָך אַלס דערגענצונג צו דע־ראָססי, הגם ער פאַרצייכנט ניט קיין יידיש־טייטשע כתב־יד'ן.

7) אַ פילאָלאָגישע און ביבליאָגראַפישע מיספאַרשטעהעניש.

312b. דאָ איז דער אָרט צו דערקלערן אַ פערצווייגטע מיספאַרשטעהעניש, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ ביסל צרות אין אונדזער פילאָלאָגיע, און וואָס קיינער האָט זי נאָך עד היום ניט פאַנאַנדערגעפּלאָנטערט. אין זיין קאַטאַלאָג ברענגט דע־ראָססי (ז' אויבן נ' 312), צוגלייך מיט די „codices Judaeo-Germanici" אויך איין „codex Russicus" און צוויי „codices Polonici". דע־ראָססי מיינט, אַז זיי אַלע שטאַמען פון יידן, און זאָגט, אַז די „פּוילישע געבונדענע כתב־יד'ן" זיינען אַ פּוילישע איבערזעצונג (מיט העברעישע אותיות!) פון תהלים און פון די פינף מגלות; געשריבען זיינען זיי אין 1510 און 1511 יאָר אין ברעשיאַ און מאַנטוּאַ (איטאַליען). אויף דעם סמך האָט צונץ אין 1846 יאָר געזאָגט, אַז

312c. „Polnische Juden, sogar polnisch sprechende, haben... um 1510 in Brescia und Mantua gewohnt, da einige biblische Bücher damals in diese Sprache für sie abgeschrieben wurden, die noch in Parma aufbewahrt werden" (Frankel's Ztschr. f. d. religiösen Interessen d. Judenthums III 1846, 384).

312d. ה' אברהם אליהו הרכבי, וועלכער האָט דעמאָלט ניט געזעהן דע־ראָססי'ס קאַטאַלאָג, נעמט די ידיעה („היהודים ושפת הסלאווים", ווילנאָ 1867, 37) פון צונצ'ן און ברענגט דאָס אַלס די נייענטע (ט') ראיה פאַר זיין טעאָריע, אַז די רוסישע יידן האָבן נאָך אין XVI יאָרהונדערט גע־

רעדט רוסיש (הרכבי מיינט, אַז צונץ האָט על פּי טעות אָנגענומען די רוסישע שפּראַך פאַר דער פּוילישער).

312e. רעדנדיק וועגן הרכבי'ס ביכל, האָט שטיינשניידער קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז די גאַנצע זאַך מוז זיין אַ מיספאַרשטעהעניש, נאָר קיין פּאָזיטישע ראַיות האָט ער ניט געבראַכט (ז' אויבן נ' 245). ערשט ד"ר נייבויער, דער ביבליאָטייקער פון דער באָדליאַנאַ, האָט זיך אין 1892 יאָר מכּח דער פראַגע בריוולי̇ך געווענדט צום דירעקטאָר פון דע־ראָססי'ס ביבליאָטייק, ד"ר מאָדאָנאַ, און מאָדאָנא האָט יים געענטפערט, אַז דע־ראָססי'ס כ"י זיינען נאָר יידיש־טייטשע:

„Codices Polonici contains nothing else but a translation, in Jüdisch-Deutsch, the German jargon of Polish Jews".

אַ'אויסצוג פון מאָדאָנאַ'ס תשובה האָט נייבויער פּערעפענטליכט אין:

313. Jewisch Quarterly Review, Lond. IV 1892, 703 — 704.

נאָר מיט דעם האָט זיך די מיספאַרשטעהעניש ניט געענדיקט. נייבויער ברענגט פון מאָדאָנאַ'ס ענטפער פאָלגנדע דאַטן, וואָס שטייען אָף די כ"י: „ביום א' מרחשון רע"א לפ"ק" און „י"ג סיון רע"א לפ"ק". נעמט ד"ר נייבויער און פערטייטשט די ערשטע דאַטע מיט 1420 און די צווייטע מיט 1421 יאָר, און אַזוי איז אַוועק ביי אונדזערע ליטעראַטור־היסטאָריקער אַ קלאַנג, אַז אין פּאַרמאַ געפינט זיך עפּעס אַ יידיש־טייטשער כתב־יד, וואָס איז דאַטירט מיט 1421 יאָר. די כתב־יד'ן זיינען טאַקע יידיש־טייטשע, די דאַטע אָבער מיט 90 יאָר פאַרגרייזט: ווייל באמת באַטייט מרחשון רע"א 1510 יאָר און סיון רע"א 1511 יאָר פון דער קריסטליכער ערע (כּדי צו באַקומען די קריסטליכע דאַטע, מוז מען צו דער יידישער צאָל פון פּ"ק צוגעבן 1240 אָדער 1241). 1510 איז טאַקע דער יאָר, וואָס דע־ראָססי אַליין גיט אָן אין זיין קאַטאַלאָג, און מ'דאַרף זיך נאָר וואונדערן אָף דעם גרייז ביי אַזאַ ביבליאָגראַף, ווי נייבויער (ז' אויבן נ' 300 און 301).

יעדער, ווער ס'האָט אַ באַגריף וועגן די אַלטע יידישע כתב־יד'ן און ווייס, ווי זעלטען ס'טרעפן זיך דאַטירטע האַנטשריפטן פון יענער צייט וועט מסכּים זיין, אַז אַזאַ מיספאַרשטעהעניש — כּמעט אָף אַ גאַנצן יאָרהונדערט! — איז זער שעדליך. שטיינשניידער (ז' אויבן נ' 302, ז' 27) מיינט, אַז 1490 איז „די עלטסטע דאַטע, וואָס געפינט אָף אַ יידיש־טייטשן כ"י". איך האָב אָבער געפונען אין נייבויער'ס קאַטאַלאָג פון דער באָדלעיאַנאַ (ז' אויבן № 300, נ' 672) אַ יידיש־טייטשן כ"י, וואָס איז צוגעגעבן צו אַ העברעישן, און דער לעצטער איז דאַטירט מיט 1393 יאָר (אַ שיר פון אליה בן משה בלין אין עטלאַכע מעדיצינישע רעצעפּטן).

## IV. יידיש־טייטשע לינגוויסטיק (שפּראַך־לערע) [1].

### א. יידיש־טייטשע לינגוויסטיק אַליין פאַר זיך.

#### 1) גראַמאַטישע שריפטן און לערביכער.

*314. אַנאָנים, Vollständiger Unterricht, die hebräisch-deutsche Druck- u. Currentschrift lesen u. schön schreiben zu lernen, Prag 1817. [Wagner № 163, 121; Vater 162].

*315. K. Rehfuss, Leschon Jehudith oder Leslehre des Jüdisch-Teutschen, Frankf. 1833 [Landau № 162].

*316. אלכסנדר הרכבי, די יידיש־טייטשע שפּראַך, ניו־יאָרק 1886 [הצפירה 1888, נ' 207]

* 317. דערזעלביקער, היש משפט לשון לשפת יהודית: נר המערבי (ראָזענבערג), ניו־יאָרק 1896 [Jew. Enc. VII 234; אסתר, צו דער פראַגע וועגן ד. יוד. פאָלקסשול, 58].

* 318. יונה טרובניק (המכונה זיידעל), זשאַרגאָן־לעהרער, פּראַקטישעס לעהרבוך — צו לייכט ערלערנען פערמיטעלסט איינעם לעהרער די זשאַרגאָנישע שפּראַכע אין איין קורצע צייט, וואַרשאַ 1886 [Landau № 166; 4558 Систематич. указ. № 169 n⁰].

* 319. אַ רעצענזיע אָף טרובניק'ס לערבוך. די יודישע פאָלקסביבליאָטהעק" (שלום־עליכם), קיעוו 1888, ז. 329—333 [Landau № 166]

320. Felix Rosenberg, Über e. Sammlung deutscher Volks- u. Gesellschaftslieder in hebr. Lettern: Ztschr. f. d. Geschichte d. Juden in Deutschland (L. Geiger) II Braunschweig 1888, 235 (Anmerkung).

ס'איז דאָ אויך אַ באַזונדער אויסגאַבע, בערלין 1888. וועגן דעם ביכל וועלן מיר נאָך רעדן אונטן אין דער אָפּטיילונג „אַלטע יידיש־טייטשע ליטעראַטור". אין דער איצט ציטירטער שטעלע ברענגט ראָזענבערג קורצע כּללים פון דער יידיש־טייטשער גראַמאַטיק.

321. **Leo Wiener, On the Judaeo-German spoken by the Russian Jews:** The American Journal of Philology (Basil L. Gildersleeve), XIV, Baltimore 1893, 41—67 a. 456—482.

אַ כּרוב פון אַ יידישער גראַמאַטיק (אין לאַטיינישער טראַנסקריפּציע).

322. **Jacob Gerzon, Die jüdisch-deutsche Sprache,** Eine gramm.-lexicalische Untersuchung ihres deutschen Grundbestandes (Jnaug.-Dissert.) Köln 1902, 134 s.

גערצאָנ'ס ביכל איז די **איינציקע וויסנשאַפטליכע גראַמאַטיק פון יידיש,** וואָס מיר האָבן. גערצאָן באַשעפטיקט זיך אָבער בלויז מיט די דייטשע (מיטל־הויך־טייטשע) עלעמענטן און פאָרמען פון דער יידישער שפּראַך. צום סוף ברענגט ער 424 מיטל־הויך־טייטשע און בכלל עלטערע דייטשע ווערטער, וואָס ווערן איצט געברויכט אין יידיש און זיינען פון דער דייטשער שפּראַך פאַרלוירן געגאַנגען. אגב, פון די ווערטער, וועלכע ער האַלט פאַר מיטלהויכטייטשע אָדער דיאַלעקט־טייטשע, זיינען דאָ אַ פּאָר צענדליג, וואָס זיינען זיכער פאַר אַלץ סלאַווישע. דער גרויסער חסרון פון זיין ווערק איז אָבער, וואָס ער, אַליין אַ דייטשער ייד, קען יידיש ניט פון לעבן, נאָר בלויז פון די ביכער (דווקא גוטע ביכער—מענדעלי מו"ס, פּרץ, שלום עליכם), און די אויסשפּראַך האָט ער זיך געמוזט לערנען בײַ זיינע קאָלעגן סטודענטן פון רוסלאַנד. די יידישע ווערטער ברענגט ער אין אַ לאַטיינישער טראַנסקריפּציע, וואָס ער האָט גענוג וויסנשאַפטליך אויסגעאַרבעט, נאָר זי דריקט ניט אויס גענוג די אמת'ע אויסשפּראַך. יים האָט אויך פיל געשטערט די משונה'דיקע אָרטאָגראַפיע, וואָס הערשט אין די פון יים באַנוצטע יידישע קוועלן. הכּלל, דער אומגליק איז, וואָס גערצאָן איז ניט אויסגעוואַקסן אין אַ יידישער סביבה.

אַנ'אויסגעצייכנטע, זער וויכטיקע רעצענזיע (אויך פון אַ דייטשן יידן— מיט דיזעלביקע חסרונות) אָף גערצאָנ'ס שריפט איז:

323. **Rich. Loewe's: Anzeiger f. Jndogerm. Sprach- u. Altertumskunde,** Beilage zu d. „Jndogermanischen Forschungen" (W. Streitberg) XVI Strassburg 1904, 43—50.

אַנדערע רעצענזיעס:

324. O. Meisinger's: Ztschr. f. hochdeutsche Mundarten III 1902, 478.

1) ז' אויך אויבן די №№ 101, 103, 110, 118, 119, 120, 123, 128, 140, 151, וועלכע געהערן טײלווייז אַהערצו.

325. פאביוס שאך, א וויסענשאפטליכעס בוך איבער זשארגאן: דער יוד (י. לוריע) קראקוי IV 1902; נ' 18.

326. ז. רייזין, יודישע גראַמאַטיק, ווארשא 1908, 99 ז.

דער ביכל איז אין דער ווירקליכקייט פיל בעסער, איידער זיין אויסער־ליכער אויסזעהן און דער אויבענאויפיקער איינדרוק. אין ה' רייזינ'ס ביכל איז אריינגעלייגט געוואָרן א סך פלייסיקע ארבעט, א גרויסע ליבע צו דער זאך און א באַטייטנדער לינגוויסטישער טאלענט. ס'פעלט יעם אָבער א נויטיקע זאך— לינגוויסטישע קענטעניש און פילאָלאָגישע בילדונג. דערפאר איז ער בעגאנגען לערנען זיך צו א צייטונג (צום „פריינד") און האָט זיך ניט ערלויבט איבער־צ'שפאנען די ד' אמות פונ'ם „פריינד'ס" „לינגוויסטיק" (!?). דערפאר מאַכט זיין ערנסטע ארבעט אפ'ן אויבענאויפיקן לעזער דעם איינדרוק פון א יידישן קיר־פיטשניקאָוו. אין דער אמת'ן אָבער האָט ה' רייזינ'ס גראמאטיק א גרויסן וויסנ־שאַפטליכען ווערט, — נאָר, צום באדויערן, ניט אליין פאר זיך, נאָר אלס רויער מאַטעריאַל פאר אקינפטיקן לינגוויסט, וועלאכער דארף פאר־אייניקן אין זיך געצאָנ'ס בילדונג מיט רייזינ'ס יידישקייט און ביידענ'ס לינג־וויסטישע פעהיגקייטן.

א גאנץ אינטערעסאנטע, אָבער צו פיל „זאכליכע" און וויניק פרינציפיעלע רעצענזיע אף רייזינ'ס גראמאטיק האָט געגעבן:

327. ק—ן, ליטעראַרישע מאָנאטשריפטען, IV ווילנא 1908, 153—156.

328. פ. קליין, די יודישע שפראַך־לעהרע...: ליטעראַרישע מאָ־נאטסשריפטען, III ווילנא 1908, 60—77.

די ארבעט איז, צום באדויערן, ניט פארענדיקט געוואָרן. אין ייר געפינען זיך ערנסטע באויבאכטונגען וועגן יידישן סינטאקסיס. דער ארטיקל ברענגט אויך אינטערעסאנטע באמערקונגען מכח דער אנטוויקלונג פון דער יידישער שפראך. נאָר זיין אלגעמיינע מיינונג, אז די אייגענטימליכקייטן פון דער יידישער שפראך שטאמען בלויז פונ'ם העברעישן איינפלוס, איז לחלוטין ניט ריכטיק. ווייס דען דער מחבר ניט, אז פונקט דיזעלביקע אייגנטימליכקייטן באגעגענען זיך אין פיל דייטשע פאָלקס־דיאלעקטן (בפרט אָבער אין בייריש־עסטרייכישן) און אויך אין די סלאווישע שפראכן?

329. נח פרילוצקי, מאַטעריאַלען פאַר יודישער גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפיע: לעבען און וויסענשאפט I ווילנא 1909, נ' 5.

אינטערעסאנטע געדאנקען וועגן די אויפגאבן פון דער יידישער פילאָ־לאָגיע און וועגן דעם יידישן פארטיציפ.

330. דר. X, פראָבען צו אַ יודישער גראַמאַטיק: לעבען און וויסענשאפט I ווילנא 1909 נ' 7 און 9. אינטערעסאנטע פאָנעטישע באמערקונגען מכח איינצלנע ווערטער.

331. H. Bourgeois, Le Jargon ou le Judéo-Allemand, Courte étude philologique... Bruxelles et Leipzig, 1909, 46 pp.

דער ביכל איז געשריבן מיט א גוטן ערנסטן ווילן, האָט אָבער קיין שום ווערט ניט, ווייל ד"ר בורזשוא פארלאָזט זיך זער נאיוו אף דער דזשואיש ענ־ציקלאָפעדיע (ז' אויבן № 141, 142) און שעפט פון דאָרט אלע נארישקייטן און אלע גרייזן, און א חוץ דעם ווייס ער גאָרנישט. זיין „כרעסטאָמאטיע" האָט ער גענומען פון גרינבוימ'ען און טיילווייז מוסיף געווען פון א פאר ייד. צייטונגען.

* 332. S. de Woolf, Grammar of the Yiddish Language, London 1910 [געזעהן אין א קאטאלאָג פון א בוכהאנדלונג].

333. דר. חיים ספיוואַק און יהואָש..., אידיש ווערטערבוך, ניו־יאָרק 1911, ז' XI—XXIX (אַיינלייטונג).

אַן אינטערעסאנטער, הגם גאנץ אויבנאויפיקער איבערבליק איבער די גראַ־מאטישע פאָרמען פון די העבראיזמען אין דער יידישער שפראך. פאראן דאָרט אויך א פאָר ניט־ריכטיקע כללים. אזוי, ברענגען די מחברים דעם כלל, אז א חטף־פתח אונטער אנ' „א" אָדער „ע" נאָך א פתח לייענט זיך ווי j, און בע־מערקן ניט די אויסנאמען דערפון (יַעֲקֹב —„יאַנקעוו", תַּעֲנִית—„טאָנעס", הַעֲוָיוֹת—„האאוואיעס"). די מחברים פארבייטען אומעדום די טאָפלטע ענדונג „ענען" מיט „ען"; אויב אָבער שוין מסכים זיין צו דער רעפאָרם, איז אויך נאָר דאָרט, וואו דער ערשטער „ען" פאלט ארויס אין דער בויגונג: אזוי, למשל, בויגט מען „ייך גנב'ע, ער גנב'עט, ייך חנפ'ע" א. ד. גל., מעג מען זאָגן דעם אינפיניטיוו „גנב'ען, חנפ'ען",—צוריק אָבער בויגט מען „ייך דרש'ן, ער דרש'נט, ער פסק'נט, ער חקר'נט", טאָ מוז מען זאָגן דעם אינפיניטיוו „דרש'ענען, פסק'־ענען, חקר'ענען". אויב די מחברים פירן ארויס „חקרנ'ען" פון „חקרן", מעג מען דאָך ארויספירן אויך „דרשנ'ען" פון „דרשן"! זיי שרייבן „שרפ'ן" אָן א „ה"—טאָ פארוואָס „טענה'ן" מיט א „ה"?

לערביכער פון יידיש־טייטשער „עברי", כרעסטאָמאטיעס און אנטאָלאָגיעס (לידער־זאמלונגען) פאר אנפאנגער און פאר'ן פאָלק, בריווסטעלער א. די גל., לאָז ייך אף אנ'אנדערש מאָל.

2) ווערטערביכער.

ז' אויבן № 103.

* 334. О. М. Лифшицъ, Русско-новоеврейскій словарь, 2 изд. Житоміръ 1874, 3 изд. ib. 1881, 4 изд. 1886.

* 335. דערזעלביקער. Новоеврейско-русскій словарь, Житоміръ 1876.

[Сист. Указ. № 169 n⁰ 4341; Dalman, Jüd.-deutsche Volkslieder, s. VII; Jew Enc. VII 308; L. Wiener № 123, p. 247].

דאלמאן און ווינער לויבן שטארק ליפשיצ'ס ווערטערביכער, ווי אנ' אוצר פון דער יידישער שפראך.

* 336. I. Дрейзинъ, Полный русско-новоеврейскій словарь 5 изд. Варшава 1894, 823 стр.

אינ'ם ווערטערבוך שטעקט פיל ארבעט, נאָר קיין וויסנשאפטליכן ווערט האָט ער ניט, ווייל דער מחבר האָט ניט געהאט לחלוטין קיין באגריף מכח יידישער גראמאטיק, שפראך־געשיכטע און וויסנשאפטליכן אויסלייגן.

* 337. Alexander Harkavy, Complete English-Jewish Dictionary, 1891.

* 338 דערזעלביקער. Dictionary of Yiddish Language: Yiddish-English, 1898.

* 339. דערזעלביקער. Yiddish Dictionary (pocket-edition). [Jew. Enc. VII 234].

340. איגנאַץ בערנשטיין..., יודישע שפריכווערטער און רעדענסאַרטען, ווארשא—קראקוי, תרס"ח 1908, 341.

צום סוף בוך איז צוגעגעבן א Glossar, אין דער לאטיינישער טראנסקריפציע, פון 84 זייט מיט אנ'ערך 1600—1800 ניט־דייטשע ווערטער, וואָס טרעפן זיך אין די געזאמלטע שפריכווערטער. ה' בנימין זעגעל, וועלאכער האָט געשפילט אזא גרויסע ראָל אין דער זאמלונג פון די שפריכווערטער און זייער סיסטעמאטיזירונג, האָט געהאט די פריינדליכקייט צו געבן מיר מכח דעם ווערטערבוך צו דער זאמלונג די פאָלגנדע ערקלערונג: דער ווערטער־בוך איז צונויפגעשטעלט נאָר פון בערנשטיין, און ה' זעגעל נעמט אף זיך ניט די אחריות פאר זיין אינהאלט און פאָרם.

* 341. י. פיראָזשניקאָוו, העברייאיזמען־ווערטערבוך, 1908.

ייך האָב געזעהען אַ קאָרעקטור־בויגן פון׳ם אות „א״, וואָס דער מחבר האָט צוגעשיקט צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ. פאַרגלייכנדיק מיט יהואָש׳ס ווערטער־בוך (ז׳ אונטן № 343), זעה ייך, אַז ה׳ פּיראָזשניקאָוו׳ס וואָלט געווען פיל אָרימער אין ווערטער און אויסדרוקן. פונדעסטוועגן געפינען זיך ביי ים אייניקע ווערטער, וואָס יהואָש האָט ניט, און אַ חוץ דעם האָט דער פראַגמענט די מעלה, וואָס בא די אויסדרוקן ווערט אָנגעוויזן די שטעלע אין תנ״ך אָדער תלמוד, פון וואַנען זיי שטאַמען. מיר דוכט, אַז ה׳ פּיראָזשניקאָוו׳ס ווערטערבוך איז ניט ערשינען.

* 342. ג. גאָלאָמב, מלים בלשוני (העברעיש־יידישעס ווערטערבוך פון העבראַיזימען), ווילנאָ 1910, פאַרלאַג יאַוואָרקאָווסקי, 400+48 זייטן.

[Mitteil, z. jüd, Volkskunde, 1911, 156].

343. **ד״ר חיים ספּיוואַק און יהואָש (ש. בלומגאַרטען), איד״יש ווערטערבוך...,** ניו־יאָרק (פאַרלאַג „יהואש״), 1911, XXXI+340 זייטן.

ס׳איז אַ ווערטערבוך בלויז פון העבראַיזמען. און אַ רעזולטאַט פון אַ גרויסער פלייסיקער ארבעט, וואָס פאַרמאָגט אַ הויכן וויסנשאַפטליכן, און נאָך אַ העכערן פּראַקטישן ווערט. ס׳איז אַ ־ער אפילו פון׳ם ערשטן בליק צו באַמערקן, אַז אינ׳ם ווערטערבוך פעלן אַ סך ווערטער, וואָס ווערן אָפט געברויכט אין יידיש, סיי אין ריידן, סיי אין שרייבן. אַזוי פעלן דאָרט, למשל: אין־סוף, ארץ זבת חלב ודבש, בונד במלכות, בית הלל, בית שמאי, במציאות ניט זיין, בצלמו ובדמותו, זנות בנים (אַלס הפּוך צו זכות אבות), זיך חנ׳ען, מגדל בבל, מגייר זיין, מהאי טעמא, מוסד (ים), מכניס זיין בבריתו של אברהם, מסכן, על נהרות בבל, עם עולם, עמק הבכא, ריב הלשונות, שבלת, שם הנרדף, שעיר לעזאזל, תכלית המכון, תעודה און פיל, פיל אַנדערע. בכלל האַלט דער ווערטערבוך אַרום 6—7 טויזנט ווערטער און אויסדרוקן. די שרייבונג איז ניט גאַנץ אויסגעהאַלטן, די אַרמעאישע ווערטער ווערן געשריבן ווי העברעאישע („אדרבא״ מיט א „ה״ו), דער מקור פון די אויסדרוקן ווערט ניט דערקלערט; ס׳ווערען געבראַכט אַזעלכע ווערטער, ווי „קונדס״, וואָס האָבן, לכל הדעות, מיט העברעיש קיין שום שייכות ניט, בשעת פיל אַנדערע ווערטער, וואָס דער עולם האַלט (אָפּטמאָל על פּי טעות) פאַר העברעישע, ווערן ניט דערקלערט: אַזוי פעלן, למשל די ווערטער: דאַווענען, פּאַלמעסן, קאַטאָוועס. אין דער אָפּטיילונג פון פאַרשווינען נעמען פעלן אַזעלכע געברויכליכע ווי: אביי, רבא, שלמית, שושנה, ס׳פעלט אויך דער ביבלישער נאָמען פדהצור, וואָס שלום־עליכם האָט געמאַכט אַזוי פּאָפּולער. די יידיש־טייטשע ווערטער זיינען ביי די געערטע מחברים שטאַרק פאַרדייטשמעריש, און די שרייבונג זייערע איז לחלוטין ניט אויסגעהאַלטן. דאָס אַלץ זיינען אָבער קלייניגקייטן, וואָס מוזן און קאָנען אויסגעבעסערט ווערן אין דער צווייטער אויסגאַבע: דעמאָלט וועט דער וויסנשאַפטליכער ווערט פון דעם ווערטערבוך שטיין פיל העכער.

344. ב. קאַרלינער, פרעמדווערטערבוך, וואַרשאָ 1910.

ייך קאָן נאָר זאָגן: אָן אַ גרעניץ איז די פעהיגקייט פון עם הארצים צו פּראָדוצירן שמאָטעס!

345. א. ג. פינסקי, זשאַרגאָנישעס פרעמד־ווערטערבוך, ווילנאָ און פּיאָטרקאָוו.

צווישן די „פרעמדע ווערטער״ רעכנט דער „געלערנטער מחבר״ אויך די העברעישע, אָבער טאַקע נאָר די סובסטאַנטיוון ווי „מלבוש, מנהג, מנחה, מלך״ וכדומה. מיט די פּעלים, אַדיעקטיוון א. ד. גל. צו רעכענען זיך שטייט ניט אָן פאַר אַזאַ חכם מופלג, ווי א. ג. פינסקי...

3) דיאַלעקטאָלאָגיע (פון די יידיש־טייטשע דיאַלעקטן).

דיאַלעקטן בכלל:

* 346. ש. ציוניסטאַט, די גרעניצען פון דער יודישער שפּראַך און איהרע אויסשפּראַכען: ליטעראַרישע מאָנאַטש־ריפטען IV ווילנאָ 1908.

ז׳ אויך אויבן נומ 119, 120 און 163.

עלזעסישער דיאַלעקט:

347 **C. Th. Weiss, Das elsässer Judenteutsch:** Jahrbuch f. Geschichte, Sprache u. Literatur Elsass-Lothringens, XII Strassburg 1896, 121-182.

348. C. W. Faber, Zur Judensprache in Elsass: ibid. XIII 1897, 171.

349. H. Léwy, Zur Judensprache in Elsass: ibid. XIV 1898, 78.

350. Ed. Halter, Die Mundarten in Elsass, Strassburg 1908, (Kap. XIII: Die Mda. der Juden).

4) געשיכטע פון דער שפּראַך און ייר אורשפּרונג.

351. A. Berliner, Mittelhochdeutsches in jüdischen Quellen: Jüdische Presse I, Berl. 1870, Litteraturblatt № 1.

352. דערזועלביקער, Die mittelhochdeutsche Sprache bei den Juden: Jhrbuch f. jüd. Geschichte u. Liter., I Berlin 1898, 162.

353. L. Zunz, Jüdisch und Deutsch: Hebräische Bibliogr., XI Berl. 1871, 16.

354. **Leopold Löw, Graphische Requisiten u. Erzeugnisse bei den Juden,** II Lpz. 1871, 53—81.

פאָרשט אויס די געשיכטע פון דער יידישער שריפט, פון יירע פאַרשיידענע אופנים (אויך די יידיש־טייטשע שריפט) און יירע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע באַדינגונגען. ס׳איז אָבער צו באַדויערן, וואָס לעוו ברענגט ניט די פאַרשיידענע שריפט־אופנים גופא.

355. **Moritz Güdemann, Geschichte des Erziehungswesens u. d. Cultur d. abendländischen Juden** (I Band) Wien 1880, 273—280 u. B. III Wien 1888, 69—79 u. 280—297.

1) מכּח דעם איינפלוס פון פראַנצויזיש אַף יידיש־טייטש; 2) צו דער געשיכטע פון דער יידיש־טייטשער אויסשפּראַך און אָרטאָגראַפיע. ס׳איז פאַראַן אַ העברעאישע איבערזעצונג (פון׳ם I באַנד):

355a. ד״ר מ. גידעמאַן, התורה והחיים בארצות המערב בימי הבינים...., מתורגם ע״י א. ש. פריעדבערג (אחיאָסף) ווארשא 1896.

356. M. Güdemann, Üb. d. Aussprache deutscher Buchstaben (Bemerkungen einiger Rabbiner d. 15 Jhrh.): Zeitschrift f. deutsche Sprache (Sanders) I 104.

357. Alfred Landau, (Bemerkungen): Ztschr. f. d. deutschen Unterricht (Lyon), VIII Lpz. 1894, 851.

358. **דערזועלביקער, Das Deminutivum der galizisch-jüdischen Mundart:** Deutsche Mundarten (J. W. Nagl) I, Heft I Wien 1896, 46—58.

ד״ר לאַנדוי האָט געהאַט דעם מערקווירדיקן און פרוכטבאַרן איינפאַל צו דערגיין אָפּ׳ן גרונד פון די פאַרקלענערונגס־פאָרמען אין יידיש, וואָסערע מיטל־הויך־טייטשע דיאַלעקטן האָבן געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אַף יידיש. ער קומט צום אויספיר, אַז יידיש־טייטש אין מזרח־אייראָפּע שטאַמט פון פאַרשיידענע דייטשע מדינות, דערהויפּט אָבער פון די מיטל־הויך־טייטשע דיאַלעקטן.

359. **דערזועלביקער, Die Sprache der Memoiren der**

Glückel von Hameln: Mitteilungen d. Gesellschaft f. jüd. Volkskunde, Heft VII Hamburg 1901, 20—68.

ד"ר לאַנדוי איז אַנ'אויסגעצייכנטער קענער פון דער דייטשער (און אויך יידיש-טייטשער) שפראַך-געשיכטע. דאָ גיט ער אַ גלענצנדן אַנאַליז פון דער שפראַך פון די זכרונות פון גליקל האמיל (וואָס פון זיי וועלן מיר נאָך האָבן צו רעדן אונטן אין דער אָפּטיילונג „דאָקומענטן“) און אַ ווערטערביכל צו די דאָזיקע זכרונות.

360. **Alfred Landau u. Bernhard Wachstein, Jüdische Privatbriefe aus dem Jahre 1619,** Wien u. Lpz., 1911, **Einleitung.**

וועגן בינטל בריוו (פון פּראַג קיין ווין אין 1619 יאָר), וואָס ד"ר לאַנדוי און ד"ר וואַכשטיין האָבן ענטדעקט און פאַרעפנטליכט, וועלן מיר נאָך האָבן צו רעדן אונטן אין דער אָפּטיילונג „דאָקומענטן“. אין דער הקדמה מאַכן די אַרויסגעבער, צווישן אַנדערש, אויך אייניקע גראַמאַטישע באַמערקונגען וועגן דער שפראַך פון די יידיש-טייטשע בריוו (אינ'ם בינטל זיינען על פי רוב יידיש-טייטשע בריוו, אַ טייל אויך העברעישע) און געבן אַ ווערטערביכל צו די בריוו.

361. **Richard Loewe, Die jüdisch-deutsche Sprache:** Ost u. West IV Berlin 1904, 655—664.

אַ קורצער פּאָפּולערער אַרטיקל, וואָס גיט אָבער אַנ'אויסגעצייכנטן איבערבליק פון דעם, וואָס די יידיש-טייטשע לינגוויסטיק האָט ביז אַהער דערגרייכט, און שטעלט זיך אָפּ ספּעציעל אָף דער פראַגע, פון וועלכע דייטשע דיאַלעקטן יידיש שטאַמט.

362. ש. ניגער, וועגן יודישע שרייבער, ב. I ווארשא 1913 פערלאַג שרעבערק (אַרט. „שלום יעקב אַבראַמאָוויטש“, V 31—39).

ה' ניגער שילדערט די ווירקונג, וואָס מענדעלי מו"ס האָט געהאַט אָף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור-שפראַך.

5) פאַרשיידענע לינגוויסטישע פּרטים.

363. J. M. Jost, Die jüdisch-deutsche Sprache: Jahrbuch d. Nützlichen u. Unterhaltenden f. Jsraeliten (Klein u. Büchner) XVI Darmstadt, (?) 1857 (?), 72.

364. Abraham Tendlau, Sprichwörter und Redensarten deutsch-jüdischer Vorzeit, Fr. M. 1860.

צו טענדלוי'ס בוך וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אין דער אָפּטיילונג „פאָלקלאָר“. טענדלוי ברענגט אויך לינגוויסטישע פירושים אָף פיל ווערטער, וואָס באַגעגענען זיך אין זיין זאַמלונג. אָבער די פירושים זיינען ניט תמיד געלונגען.

365. **M. Steinschneider, Der Vocalbuchstabe y: Hebr. Bibliogr. VI** Berl. 1863, 119—120.

שטשנ' ברענגט, אָפּ'ן גרונד פון אַלטע כּתב-יד'ן און ביכער, אינטערעסאַנטע פאַקטן צו דער געשיכטע פונ'ם אות „ע“ (e) אין דער יידיש-טייטשער אָרטאָגראַפיע.

366. אָד"ם (=אברהם דוב מיכאַלישקער) הכּהן בן חיים לעבענזאָהן, יתרון לאָדם ..., ווילנאָ 1874.

דאָס איז אַ קריטישער פירוש און הוספה צו: יהודה לייב בן זאב, ס' תלמוד לשון עברי, און איז געדרוקט געוואָרן אינ'ם „אונטערשטן שטאָק“ פון דעם לעצטן בוך. אָף ז. 19-25 (יתרון לאָדם ל„מאמר ב' בהברות האותיות“) מאַכט אָדם הכּהן זער אינטערעסאַנטע סיסטעמאַטישע באַמערקונגען צו דער פאָנעטיק פון די העברעישע ווערטער, וואָס גייען אַריין אין יידיש-טייטש; חוץ דעם דערקלערט ער דעם איינפלוס פון דער דייטשער שפראַך אָף אונדזער העבּרעישער הברה.

367. M. Grünwald, Über d. jüd.-deutschen Jargon, vulgo Kauderwelsch genannt, Budapest 1876; 2 Aufl. Prag 1888. 16 s. (S.-Abdruck aus d. „Ungar. Israelit“ 1876).

ס'איז אַ שרעקליכע שמאַטע, הגם דער מחבר איז געווען אַ פּראָפעסאָר און האָט געהאַט גרויס „רחמנות“ אָף דעם באַ'פּוּר'ט'ן „דייטשען דיאַלעקט“. דער „געלערנטער“ מחבר איז אַזוי נתפּעל געווען פון זיין עם-האַרצ'ישער סחורה, אַז ער האָט זי בעלאָזט דרוקן גאַנצע דריי מאָל. אַ שמאַטע האָט אָבער מזל: לאַ די, וואָס זי האָט „אויסגעהאַלטן“ דריי אויפלאַגן, האָט זי נאָך זוכה געווען אַרויסצורופן עטלאַכע רעצענזיעס:

368. N. Brüll's Jahrbücher f. jüd. Gesch. u. Literatur, III, Fr. M. 1877.

369. M. Gaster's. Monatschr. f. Gesch. u. Wissensch. d. Judentums, 1879.

ייך האָב נאָך ערגעץ באַגעגנט אַ רעצענזיע, נאָר ייך געדענק ניט, וואו. אָבער דעם אמת זאָגנדיק, האָט מען אין די אַלע רעצענזיעס דעם פּראָפעסאָר כּדבעי מכבד געווען מיט פאַרדינטע שמיץ.

370. Heinrich Teweles, Der Kampf um die Sprache (Linguistische Plaudereien) Lpz. 1884.

(אַנ'איבערדרוק פון „Bohemia“ פּראַג 1884)

371. H. T. Linguistische Plaudereien: Bohemia, Prag. Beilage vom 29 Juli 1884.

372. M. Grünbaum, Mischsprachen und Sprachmischungen, Berlin 1885.

373. S. Wiener, Das jüdische Volapük: Magazin f. d. Literatur des Auslandes, Berlin, 15 Juni 1886.

374. J. Babad, Referat üb. Sutermeister's „Schwizer-Dütsch“: Ztschr. f. Völkerpsychol. u. Sprachwiss. (Lazarus u. Steinthal), XVI Berl. 1886, 205—207.

375. L. Wiener, On the hebrew element in slavo-judaeo-german: Hebraica (further: Amer. Journ. of Semitic Languages) X Chicago 1893, 175.

* 376. י. ח. טביוב, יסודות עברים בזרגנן: הזמן ס'פּטרבורג 1903, 126—144 [Pinés № 131].

* 377. יודא יפה, וועגן אידיש אַלס אַ שפראַך: ליטעראַטור (יואל ענטין), ניו-יאָרק נ' 1. [דאָס נייע לעבען (ח. זשיטל.) 1910 נ' 6, 53].

* 378. ש. אייזענשטאַט: פריינד, ווארשא 1912. [אַ פּריוואַטע מיטטיילונג].

ב. לינגוויסטישע שטרייט-פראַגן און זייטיקע פראַגן.

1) די רעפאָרם פון דער יידישער שפראַך און אָרטאָגראַפיע

ז' אויבן נ' 179.

379. מ. פינקעלמאַן, מאַמע לשון, אָדעס, אָן אַ יאָר, 7 זייטלאָך.

אַנ'עם האַרצ'יש בראָשורל מיט אַ „פּאָלעמישן“ אינהאַלט. פאָרמולירט אָבער אייניקע אָרטאָגראַפישע פאָדערונגען פונ'ם שטאַנדפּונקט פון אַ פּראָסטן בשר ודם, און מיט אָט די פאָדערונגען מוז זיך דאָך רעכענען די יידישע פילאָלאָגיע.

380. ש. ניגער, דייטשמעריש: לעבען און וויסענשאַפט, ווילנאָ 1912 יאָר, נ' 11—12.

381. שלום אַש, דייטשמעריש [אַנ'אַרטיקל, ייך קאָן זיך ניט דערמאָנען, אין וועלכער צייטונג און ווען].

382. דר. חיים זשיטלאָווסקי, די פילאָזאָפיע ..., ניו-יאָרק 1910,

פאָרווערטס, ז. II—IV [וועגן א וויסנשאַפטליכער טערמינאָלאָגיע אין יידיש].

* 383. יודא א. יאפע, שרייבן אָדער שרייבען?: ליטעראַטור (יואל ענטין), ניו־יאָרק [דאָס נייע לעבען, II 463].

2) וועגן דעם פּראָיעקט אריינצופירן דעם לאטיינישן אלף־בית.

איינער פון די ערסטע, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן די רעפאָרם, איז גע־ווען, אויב איך האָב קיין טעות ניט, ד״ר נתן בירנבוים. ער האָט אָבער פאַר־שטאַנען די זאַך פיל טיפער, איידער די איצטיקע „לאטיין־יודישיסטן“ ער האָט פאָרגעשלאָגן אריינצופירן דעם לאטיינישן אלף־בית גלייכצייטיק פאַר ביידע שפּראַכן—אי פאַר יידיש אי פאַר העברעיש (דערנאָך האָט ער אָבער—385 №— צוגעגעבן, אז פאַר העברעיש איז די רעפאָרם נאָך ניט צייטיק).

384. Mathias Acher (Dr. Nathan Birnbaum), Hebräisch und Jüdisch: Ost und West, II Berl. 1902, 464.

385. דערזעלביקער, Die Sprachen des jüd. Volkes: Jüdische Abende, Wien 1904, № 1.

ביידע ארטיקלען זיינען אויך אריין אין זיינע Ausgewählte Schriften ב. I, טשערנאָוויץ 1910, 301—325.

386. ד״ר. X, וועגן א יידישער גראַמאַטיק און רעפאָרם אין דער יודישער שפּראַך. לעבען און וויסענשאַפט (א. ליטווין), ווילנא 1909, נ׳ 1.

387. די לעזער איבער דער רעפאָרם פון דער יידישער שפּראַך: ibid. נ׳ 2—5 (שפּרעכזאַל).

388. יודא א. יאפפע, די קלאַנגען פון אידיש און דער אידישער אלף־בית: דאָס נייע לעבען (ח. זשיטלאָווסקי) I, ניו־יאָרק 1909, 529, 701.

* 389. „אונזער שריפט“, דער ערסטער אידישער זשורנאַל אין אַלוועלט־ליכער לאַטייניש̇ער שריפט, ארויסג און רעדאג. פון מיכל קאַפּלאַן און ב. באַט־וויניק, ניו־יאָרק 1912 [№ 390].

דער דאָזיקער „ערשטער“ זשורנאַל האָט געהאַט, נאַטירליך, די אייגענע „אריכת ימים“, ווי זיין פאָרגייענגער אין רומעניען אין 1902 יאָר, וועגן וועלכן ס׳האָט געהערט ד״ר בירנבוים (נ׳ 384). מיר האָט מען אויך דערציילט, אז אין רומעניען איז מיט א יאָר צעהן צוריק ארויס אזא מין „זשורנאַל“.

390. דוד פּינסקי, אידיש — און די לאַטיינישע שריפט: אידישע וואָכנ־שריפט (דוד פּינסקי און יוסף שלאָסבערג), ניו־יאָרק 1912, נ׳ 3. (איבערגע־דרוקט אין „פריינד“, ווארשא 1912, נ׳ 44).

391. אבראַמסאָן, נייע אותיות: פריינד, 2/15 פעבר. 1912.

* 392. מתתיהו מיזיש, מיט וואָס פאַר אותיות זאָלען מיר שרייבען יודיש?: פראָסטיג׳ס קאַלענדאַר, לעמבערג, 1910 יאָר [פריוואַטע מיטטיילונג פונ׳ם מחבר].

393. בן אדיר, א שעדליכע פאַנטאַזיע...: דאָס נייע לעבען (ח. זשיט־לאָווסקי) IV ניו־יאָרק 1912, 244.

* 394. ש. ניגער: די אידישע וועלט, ס׳פעטערבורג 1912 נ׳ 4.

3) די ווירקונג פון יידיש־טייטש אף אנדערע שפּראַכן.

אא) אף העברעיש.

ז׳ אויך נ׳ 367 און 129.

395. M. Steinschneider, Die fremdsprachlichen Elemente im Neuhebräischen, Prag 1845, 29.

396. Martin Schreiner, Zur Geschichte der Aussprachen des Hebräischen: Ztschr. f. alttestamentliche Wissenschaft VI 1886, 258—259.

397. Leo Metmann, Die hebräische Sprache in d.



Gegenwart: Ztschr. f. Demographie u. Statistik der Juden, III 1907, 129.

בב). אף די איבעריקע שפּראַכן:

398. A. Kretschmar, Allgem. Fremdwörterbuch... (2 Aufl. ?) bearb. von K. Böttcher, Lpz. 1882, Anhang: Dem kaufmännischen Verkehr eigenthümliche jüd.-deutsche Ausdrücke (S. 363—378).

399. Otto Heilig, Beiträge zu einem Wörterbuch d. ostfränkischen Mundart des Taubergrundes: Programm d. Realschule zu Heidelberg, 1894.

400. Leo Wiener, The Judaeo-German Element in the German Language: The American Journal of Philology XV, 329.

401. O. Meisinger, Lotekhôlisch, Ein Beitrag zur Kentniss d. fränkischen Händlersprache: Ztschr f. hochdeutsche Mundarten III 1902, 121.

402. Л. Винеръ, Еврейско-Нѣмецкія слова въ русскихъ нарѣчіяхъ: Живая Старина (Изд. Отд. Этнографіи Имп. Рус. Геогр. О-ва) V Спб. 1895, 57.

ווינער האַלט ווייס־רוסיש און קליין־רוסיש פאַר רוסישע „דיאלעקטן“ (?). יידיש־טייטש האָט אָבער געווירקט ניט אף „דיאלעקטן“, נאָר טאַקע אף גאַנצע „שפּראַכן“.

דער יידיש־טייטשער דיאלעקט אין אונגאַרן:

403. Balassa Jozsef, Magyar zsidó szójárás: Evkönyv (Izraelita Magyar Irodalmi Társulat) IV Budapest 1898, 114.

4) דער איינפלוס פון יידיש־טייטש אף די גנבי׳שע דיאלעקטן.

דאָס איז אויך א פּרק אין דער יידישער שפּראַך־וויסנשאַפט. מיר האָבן שוין געזעהען (נ׳ 103), אז דער גרעסטער ווערק וועגן דער יידיש־טייטשער פילאָלאָגיע איז אויסגעוואַקסן פון דעם שייכות, וואָס עקזיסטירט צווישן דער יידישער שפּראַך און די דייטשע גנבי׳שע דיאלעקטן. ס׳איז אויך קיין וואונדער ניט: יידן האָבן אין אַלע צייטן אויסגעמאַכט א הויכן פּראָצענט צווישן די גנבי׳שע און שווינדלערישע באַנדן. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אין די גנבי׳שע דיאלעקטן פון די אומות העולם, בפרט אָבער אין דייטשלאַנד, געפינט זיך א סך ווערטער פון יידיש; און דערהויפּט זיינען דאָס פאַרדאָרבענע העב־רעישע און אַראַמעישע ווערטער. אליין דער וואָרט Gauner (שווינדלער, באַנ־דיט) איז ניט קיין דייטשער, און די גרעסטע פילאָלאָגן זיינען מסכים, אז דער וואָרט שטאַמט פון העברעיש. צווע־לאַלעמאַן מיינט, אז Gauner שטאַמט פונ׳ם פּעל „ידע“, וואַגנער—אז פון „ינה“. די דאָזיגע דערקלערונגען זיינען באַשיימפּערליך אומריכטיק; די ריכטיקסטע דערקלערונג וועט, דוכט מיר, זיין — אז Gauner שטאַמט פון „יָוָן“ [1]). דערפאַר פלעקט מען אויך רופן די דייטשע גנבים־שפּראַך „יעניש̇ע (יָוָנישע) שפּראַכע“. ס׳איז באַקאַנט, אז די ערשטע משכילים (די

[1]) Gauner האָט פריהער געהייסן „Jauner“, און מיט דער צייט, ווי ס׳טרעפט אָפט אין פּלאַטדייטש, איז דער j אַריבער אין g. אז jauner שטאַמט אָבער פון יָוָן (און ניט פון א פּעל, ווי „ינה“), איז זער וואַרשיינליך, ווען מ׳נעמט אין בעטראַכט די באַטייטונג פון „יון, יונים“ (סאָלדאַטן, ראָציע, באַנדע) אין יידיש. נאָך עד היום געפינט זיך אין איינער פון די עלטסטע גאַסן פון ווין א יאָרהונדערטער־אַלטער שמוציגער רעסטאָראַן, וואָס רופט זיך „גריכישעס בייסל“. „בייסל“ איז פאַרקלענערונג פון „בית“ (הייזל), און „גריכיש“ איז דאָך ניט מער אין ניט ווייניקער, ווי „יוניש“.

מענדעלסאָניאַנער) האָבן אונדזער פאָלקס־שפּראַך אַ נאָמען געגעבן „זשאַרגאָן“. „זשאַרגאָן“ איז אַ פראַנצויזיש וואָרט, וואָס שטאַמט פונ׳ם XIII—XIV יאָר־הונדערט (jargon, gergon); פון וואַנען די פראַנצויזן האָבן דעם וואָרט גענומען, איז ניט בעקאַנט, נאָר איין זאַך איז פעסטגעשטעלט (בפרט פון שײנעאַנו, ז׳ אונטן נ׳ 411 און 412)—אַז „זשאַרגאָן“ האָט צוערשט און נאָך אַ צייט מיט יאָרהונדערטער באַטייט ניט מער און ניט ווייניקער, ווי די גנבים־שפּראַך. אונדזערע ציוניסטישע „זשאַרגאָן“־פרעסער מעגן זיך דאָס מערקן, און דאַרפן אויך ניט פארגעסן, אַז אין די גנב׳ישע דיאַלעקטן זיינען אריינגעגאַנגען דווקא די העברעישע ווערטער פון „זשאַרגאָן“.

מכּח אָט די אַלע פראַגן זיינען מיר באַקאַנט, נאָך אַווע־לאַלעמאַן, די פאָלגנדע שריפטן:

404. (B. Fischer), Der Kleine Avé-Lallemant, Lpz. 1887.

דער ביכעל איז ערשינען אַנאָנים, און איז אַ פּאָפּולאַריזאַציע פון אַווע־לאַלעמאַנ׳ס ווערק (אויבן נומ׳ 103). דער פּאָפּולאַריזאַטאָר, בערנהאַרד פישער, אַ ייד, האָט אַנטפּלעקט זיין אַנאָנים אין זיין בראָשורע „תּלמוד אונד שולחן ערוך“, לייפּציג 1893.

405. Friedrich Kluge, Rotwelsch, Quellen und Wortschatz der Gaunersprache, I Strasburg 1901.

406. L. Günther, Das Rotwelsch des deutschen Gauners, Lpz. 1905.

אַ אינטערעסאַנטע רעצענזיע אָף גינטערן:

407. A. Landau's: Mitteilungen zur jüd. Volkskunde, Heft XXV 1908, 35—38.

408. A. Landau, Bemerkungen u. Nachweise zum Wörterverzeichniss d. Geheimsprache von 1735: Schweizerisches Archiw f. Volkskunde IV, Zürich 1900, Heft 3.

409. Kochemer-Loschen: Meyers Konversations-Lexikon, 5 Aufl. Wien u. Lpz. X 1895, 316.

410. Rotwelsch: Brockhaus' Konversations-Lexikon, 14 Aufl. XIII 1908, 1037.

411. L. Sainéan, L' Argot ancien..., Paris 1907.

412. דערזעלביקער, Les sources de l'argot ancien I, Paris 1912.

412a. Slang: The Encyclopaedia Britannica, 11 Ed., XXV, Cambridge 1911.

5) ווי אַלט איז די דײַטשע שפּראַך בּאַ די יידן אין דײַטשלאַנד?

וועגן דעם זעה אויבן די נ׳ 103, 110, 118, 119, 120, 130, 131, 151, 352, 353, 356, און פיל אַנדערע. דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן נאָר אָף איין אינטערעסאַנטן עפּיזאָד וואָס בּאַרירט די פראַגע, צי איז יידיש־דײַטש ניט עלטער פאַר זיבּעצן יאָר. אין 1858 יאָר האָט אַ ווינער אַרכעאָלאָג צאַפּפערט, אַ ייד, געהאַלטן פאַר דער ווינער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט דעם פאָלגנדן פאָרטראַג:

413. Georg Zappert, Über e. althochdeutsches Schlummerlied: Sitzungsberichte d. philosophisch-histor. Classe d. Kais. Akademie d. Wissenschaften (in Wien), XXIX (Jg. 1858), Wien 1859, 302—314.

דערביי האָט צאַפּפערט געוויזן זיינע קאָלעגן אַ שטיקל פּאַרמעט, וואָס וועדליק ער האָט דערציילט, האָט ער אַראָפּגענומען פונ׳ם רוקן פון אַ פּאַפּירענעם כתב־יד פונ׳ם 1435 יאָר; דער פּאַרמעט איז אָבער מיט פיל יאָרהונדערטן עלטער פאַר די טאָוולען, צו וועלאַכע ער איז געווען צוגעקלעפּט, ווייל אָף אים געפינט זיך אַ פראַגמענט פון אַנ׳אַלטן דײַטשן וויג־ליד. דער פראַגמענט האַלט ס״ה 5 שורות, געשריבּען מיט לאַטיינישע אותיות, נאָר אַנשטאָט די לאַטיינישע וואָקאַל־צייכענס שטייען אָפּט העברעישע נקודות: morgn manstrut; פון אָנהויב און אָפּ׳ן רוקן פונ׳ם ליד זיינען צוגעגעבן עטלאַכע ווערטער אין העברעיש (דערביי שטייען די נקודות, לויט׳ן גאָר אַלטען שטייגער, ניט אונטער, נאָר איבּער די אותיות: „קשת רוח רגל... רזון, רחק“, און ווערטער פון משלי „חכמה ואדם יפיק תבונה לך אל“). אינ׳ם ליד ווערן דערמאָנט אַלטע גערמאַנישע געטער און ווערן פאַרטייטשט אָף העבּרעיש: (Zanfana, Ostra Tocha) (דודי , אסתר, צפּרה) דערפון, ווי אויך פון דער אַלטער שפּראַך פונ׳ם ליד, האָט צאַפּפערט אַרויסגעפירט, אַז דער שטיקעל פּאַרמעט שטאַמט נאָך פון יענע צייטן, ווען די דײַטשן זיינען נאָך געווען געצנדינער. אויב דער פראַגמענט איז אַנ׳עכטער, איז דאָס אַ באַווייז, אַז יידן האָבן גערעדט דײַטש שוין מיט טויזענט יאָר צוריק אָדער אַפילו נאָך מער, ווי טויזענט יאָר. אַ פאַקסימילע פונ׳ם ליד איז אָפּגעדרוקט בּאַ׳ם פאָרטראַג (ibid).

אין ווין האָט מען גאָר ניט גע׳ספק׳ט אין דער עכטקייט פונ׳ם פראַגמענט, אויך דער גרויסער לינגוויסט יאַקאָב גרים האָט דעם ליד געהאַלטן פאַר אַנ׳עכטן. נאָר אין גיכן האָט מען אין געטינגען און אין בערלין אָנגעהויבּן צו ספק׳ן אין דער עכטקייט פון דער ווינער אַנטדעקונג, און ס׳איז אויסגעוואַקסן די פאָלגנדע דיסקוסיע:

414. W. M.: Göttingener Gelehrte Anzeigen, 1860, nº 21, 22.

415. דערזעלביקער, ibid. 1867, nº 27.

416. Franz Pfeiffer, Forschung u. Kritik auf dem Gebiete des deutschen Alterthums, II, Wien 1866, 43—86.

פפייפער פאַרטיידיקט די עכטקייט פונ׳ם ליד.

417. (Abr. Geiger): Jüd. Ztschr. f. Wissenschaft u. Leben (A. Geiger), V Breslau 1867, 134.

גייגער קאָן ניט זאָגן אָף געוויס ניט פאַר און ניט קעגן, אָבער מער האַלט ער פון דער מיינונג, אַז דער ליד איז נאָכגעמאַכט.

418. G. Heine: Fremden-Blatt, Wien 1867, nº 110.

419. Ph. Jaffé: Ztschr. f. deutsches Alterthum, Neue Folge I, 1867, 496.

יאַפע באַווייזט, אַז דער ליד איז געמאַכט געוואָרן פון צאַפּפערט׳ן. לוי׳ט ווי מיר איז באַקאַנט, האָט דעם לעצטן וואָרט אין דער גאַנצער דיסקוסיע געהאַט משה שטיינשניידער:

420. M. Steinschneider: Hebräische Bibliographie IX Berl. 1869, 58.

שטשנ׳ האָט קאַטעגאָריש אָפּגע׳פסק׳נט, אַז: „Das Lied ist und bleibt eine instructive Erfindung Zapperts“ [1]).

1) די וויכטיקסטע ראיות, אַז דער ליד איז נאָכגעמאַכט, זיינען: 1) וואָס די נקודות האָבן דאָרט די געוויינטלאַכע פאָרם, בשעת, ווען זיי שטייען איבּער די אותיות, מוזן זיי האָבן אַנ׳אַנדער פאָרם; 2) וואָס ס׳איז שווער צו דערקלערן, ווי קומען אָף איין און דעמזעלביקן כתב־יד פון X יאָרה. אי לשון־קודש׳דיקע אי „גוי׳ישע“ אותיות; 3) וואָס צאַפּערט האָט זיך ניט אינטערעסירט אַראָפּצונעמען פונ׳ם רוקן פון קאָדעקס אויך אַנדערע שטיקלאַך פּאַרמעט, וועלאַכע זיינען דאָרט געבּליבּן אָנגעקלעפּט (ד. ה. ער האָט געוואוסט, אַז נאָר אָף דעם שטיקל געפינט זיך זיין ליד); 4) וואָס בּאַ אַ גענויער באַטראַכטונג פונ׳ם פּאַרמעט זעהט מען, אַז דער ליד איז געשריבּן געוואָרן אָף די אַלטע

בז האָט צודאי פרעגן, וואו איז אָבער געווען דער שולדיקער אינ'ם גאַנצען זכוה, אליין צאַפּפערט, וואָס האָט ער געשוויגן? ער איז שוין לאַנג געלעגן אין קבר; געשטאָרבן דעם 23 נאָוו. 1859, נאָך איידער די דיסקוסיע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ער שוין ניט געקאָנט זיך פאַרטיידיקן. נאָך שטיינשניידערס פסק-דין האָט מען זיך, דוכט מיר, מער ניט אומגעקערט צו דער פראַגע. אַ ווייטן און שוואַכן אָפּקלאַנג פון דער געשיכטע געפינט מען אין צאַפּפערט'ס ביאָגראַפיע:

421. Zappert, Georg: Constant v. Wurzbach, Biographisches Lexikon des Kaiserthums Oesterreich, LIX, Wien 1890, 184.

6) ווי אַלט איז די יידיש-טייטשע שפּראַך באַ די מזרח-יידן.

אא) השערות און טעאָריעס.

קאָנקרעט געשטעלט, איז די פראַגע: צי האָבן יידן אין רוסלאַנד און פוילן אַמאָל גערעדט סלאַוויש. און ווי לאַנג זיי האָבן די סלאַווישע שפּראַכן גענוצט? ווען האָט מען אָנגעהויבן רעדן יידיש-טייטש? דער גרעסטער רוב מחברים, וואָס קומען אונטן, האַלטן, אַז יידן האָבן צוערשט גערעדט סלאַוויש, און דערנאָך—אַרום XIV—XVII יאָרהונדערט, באַ דער גרויסער איינוואַנדערונג פון דייטשע יידן, ביסלאַכווייז פאַרביטן די שפּראַך אַף יידיש-טייטש. דער שטאַרקסטער פאַרטרעטער פון דער השערה איז אברהם-אליהו הרכבי, וואָס האָט געזאַמלט נאַהען (9) היסטאָרישע און אַרכעאָלאָגישע ראיות פאַר זיין מיינונג. ער גייט אַזוי ווייט, צו גלויבן אַז נאָך אין XVI און XVII יאָרהונדערט איז באַ אַ טייל מזרח-יידן סלאַוויש געווען די פאָלקס-שפּראַך. אייניקע נייע ראיות, אָבער גאָר שוואַכע, האָבן געפּרובט צו ברענגען פאַר ה' הרכבי'ס טעאָריע בערשאַדסקי און ד"ר יצחק שיפּפער. דער ערשטער, וואָס האָט בכלל אַרויסגעשטעלט די דאָזיקע טעאָריע, איז געווען, לויט ה' הרכבי'ס מיינונג, ריב"ל. — אַקעגן דער השערה איז אַרויסגעטראָטן ה' ש. דובנאָוו. אַפ'ן סמך פון היסטאָרישע דאָקומענטן באַווייזט ער מיט זער שטאַרקע ראיות, אַז אינ'ם XVI און XVII יאָרהונדערט איז יידיש-טייטש געווען די הערשעדיקע שפּראַך ביי די רוסישע און פוילישע יידן. אָט זיינען די טעאָרעטישע שריפטן מכח דער פראַגע.

422. יצחק-בער לעווינזאָהן (=ריב"ל), תעודה בישראל..., ווילנא 1828, 35 (הערה); מהד' שניה 1855.

423. Franz Delitzsch, Zur Geschichte der jüd. Poesie..., Lpz. 1836, 83.

424. Leop. Zunz. Der Ritus des synagogalen Gottesdienstes, Berlin 1859, 73.

425. מתתיהו שטראַשון, רחובות קריה (הערות והוספות ל„קריה נאמנה והוא קורות עדת ישראל בעיר ווילנא" מאת שמואל יוסף פין, 1860), הערה ס"ו, עמ' 299—302.

שטראַשון האָט בקיצור אָנגעוויזן די אייניקע היסטאָרישע ראיות פאַר דער טעאָריע, וואָס ה' הרכבי האָט דערנאָך גענוי באַגרינדט.

426. H. Grätz, Geschichte d. Juden IX Lpz. 1866, 71; 3 Aufl. 1891, 64.

426a. דערזעלביקער, History of the Jews, translated by Bella Löwy, IV Lond. 1892, 449.

פלעקן; 5) וואָס דער וואָרט „צפרה", ווי צאַפּפערט שרייבט אים (אונטער Zanfana), זעהט אויס אין אמת'ן אַביסעל אַנדערש, דהיינו „צפרת" — און „צפרת" הייסט ניט מער און ניט ווייניקער ווי צַפֶּרֶת: די קריטיקער זיינען אַלזאָ משער, אַז צאַפּפערט האָט נאָך געהאַט די העזה זיך אונטערצוחתמ'ען אַפּ'ן פראַגמענט.

אין שפ"ר'ס העברעישער איבערזעצונג (ס' דברי ימי ישראל, ח' VII וואַרשא 1899) האָב איך די שטעלע ניט געפונען.

427 *. אברהם אליהו הרכבי: הכרמל IV ווילנא 1863, נ' 31, 43—, V 1864 נ' 2—3, 9—10 ו 33—36 [הרכבי נ' 430, עמ' 1].

428. **А. Я. Гаркави, Объ языкѣ евреевъ, жившихъ въ древнее время на Руси...:** Труды Восточ. Отд. Имп. Рус. Археол. О-ва, Спб. 1865.

* 429. דערזעלביקער, Историч. замѣтка (объ употребленіи евреями рус. языка въ Литвѣ въ нач. XII стол.): Прилолженіе къ „Гакармель", Вильно 1866, n⁰ 7 [Систем. Указ. № 169, n⁰ 185].

430. **אברהם אליהו הרכבי, היהודים ושפת הסלאווים ...,** ווילנא 1867, 7—41.

430a. M. Güdemann, Gesch. d. Erziehungswesens u. d. Kultur... (I Band) Wien 1880, 113. (ז' איבן נ' 356)

431. С. А. Бершадскій, Литовскіе Евреи, Спб. 1883, 395.

432. С. М. Гинзбургъ и П. С. Марекъ, Еврейскія Народныя Пѣсни въ Россіи, Спб. 1901, Предисловіе XXII.

433. R. Centnerszwerowa, O języku Żydów w Polsce, na Litwie i Rusi, Warsczawa 1907 [С. Дубновъ, № 43].

434. ד"ר יצחק שיפּפער, די יודישע שפּראַך-לעהרע (בעמערקונגען צו דער געשיכטע): קונסט און לעבען (ז"ב; א. רייזען) I וואַרשא („פּראָגרעס") 1908, 61—67.

דר' שיפּערס אַרטיקל אַנטהאַלט אינטערעסאַנטע, נאָר ניט באַגרינדעטע השערות. ער מיינט, אַז דער כאַזאַרישער נאָמען בולאַן שטאַמט פונ'ם סלאַווישן «полянинъ»; „בולאַן" איז אָבער אַנ'עכט טירקאָ-טאַטאַרישער וואָרט, וואָס באַגעגנט זיך אין אַלע ט.-ט. שפּראַכן, אָנגעהויבן פונ'ם טערקיש-אָסמאַנלי און געענדיקט מיט'ן יאַקוטישן אין ווייטן מזרח.—יקותיאל'ס בריוו, וואָס דר' שיפּער ברענגט פון איהם ס"ה אַ קליינעם חלק, איז אפילו אינגאַנצן צו קליין און צו אָפּיציעל, כדי צו באַווייזן, ווי ה' שיפּער מיינט, אַז יידן האָבן אין XV יאָרה. גערעדט אַ ריינעם דייטש, ניט קוקנדיק אַף די פעלערן, איז דער אַרטיקל דאָך אינטערעסאַנט דורך זיין באַזונדערן שטאַנדפּונקט, וואָס שיידט זיך אונטער סיי פון ה' הרכבי'ס סיי פון ה' דובנאָוו'ס.

435. **С. Дубновъ, Разговорный языкъ и народная литература польско-литовскихъ евреевъ въ XVI и 1-ой полов. XVII в.:** Еврейская Старина (С. М. Дубновъ) I Спб. 1909, 7—40 *)

בב) דאָקומענטן און מאַטעריאַלן. 1)

די פאָלגנדע מאַטעריאַלן האָבן אַ שייכות צו דער פראַגע מכח דער סלאַווישער און דער דייטשער שפּראַך באַ די מזרח-יידן. איך ברענג דאָ אויך אַזעלכע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען ביז אַהער נאָך פון קיינעם ניט אויסגענוצט

*) זעה דעם אַרטיקעל פון ב. רובשטיין: „די אַמאָליגע שפּראַך פון יודען אין די רוסישע געגענדען" אויבען זז. 22—38 — די רעדאַקציע.

1) דאָ וויל איך אַרויסזאָגן מיין דאַנק מיין פריינד בן-ציון רובשטיין, וואָס האָט מיר געהאָלפן צו זוכן אייניקע שטעלן אין די אַלטע יידישע ספרים.

געוואָרן; דער גרעסטער טייל אָבער איז שוין אויסגענוצט געוואָרן פון די דערמאָנטע היסטאָריקער.

436. ابو القاسم عبيد الله.. ابن خرداذبة، كتاب المسالك والممالك...

אבול־לקאַסים אוביידו־ללאה... איבן־כאָרדאדבע קיטאַבו־למעסאליק וועלמעמאַליק...

פּאַרעפענטליכט דורך באַרביע דען־מייגאַר אין "Journal Asiatique" Paris, Janvier-Juin 1856 5־ער באַנד פון דער 6־טער סעריע; אָף ז. 115 געפינט זיך אַ שטעלע פון דעם דאָזיקן „בע'דעקער" פונ'ם IX יאָרהונדערט, וואו דער אַראַבישער פּאָסט־און פּאָליציי־מייסטער איבן־כאָרדאדבע רעכנט אויס יודישע סוחרים (التجار اليهود — עטטודזשדזשאַר עליאַהוד) פון די פאָלגענדע לשונות: פּערסיש, גריכיש, אַראַביש, פראַנקיש, אַנדאַלוזיש און—ס ל אַ וו י ש (الصقلبية—אַססאַקלעביע). די פראַנצויזישע איבערזעצונג פון איבן־כאָרדאדבע'ס „בוך פון די וועגן און פון די לענדער" געפינט זיך אין דעמזעלביקן באַנד פון „זשורנאַל אַזיאַטיק". די רוסישע איבערזעצונג געפינט זיך אין:

436a. Регесты и Надписи... (изд. ОПЕ) I, Спб. 1899, 45.

און בא:

436b. А. Я. Гаркави, Сказанія мусульманскихъ писателей о славянахъ и русскихъ..., Спб. 1870—1871, 48.

אַנ'אַנדער ידיעה, אַז יידן (און דוקא ד ײ ט ש ע יידן) רעדן סלאַוויש, שטאַמט פונ'ם סוף פון XIII יאָרהונדערט, זעה:

437. Boncompagni: Atti dell' Academia Pontificale... Roma XVI 1863, 692, 781.

438. M. Steinschneider: Hebräische Bibliographie, XI, 1871, 57.

די דאָזיקע ידיעה ברענגט איינער אַ קריסט אין אַ לאַטייניש כתב־יד פון 1297 יאָר.

438a. מיט די דערמאָנטע ידיעות מוז מען אָבער פאַרגלייכן, בנוגע צום XVI יאָרה. דעם קעפּל פונ'ם ס' של רבי אנשיל (ז' אויבן נ' 83): לשון אשכנז המורגל בינינו אשכנזים" — דער ספר איז ערשינען אין דער פּ ו י ל י ש ע ר שטאָט קראָקוי און איז געווען באַשטימט, ווי ס'ווייזט, פאַר פּולישע יידען. ס'איז אויך באַקאַנט, אַז אין XVII—XVI יאָהר. פלעגט מען די פּוילישע און ליטווישע יידן רופן „אשכנזים". חוץ דעם, זעה:

438b. ספר התשבי לאליהו התשבי... (ז. אויב'ן נ' 82), באַזעל 1526; איסני 1541, עמ' 205.

בא'ם וואָרט „משקיט" רעכנט אויס אליהו לעוויטאַ יידן פון פאַרשיידענע שפּראַכן, אויך פון דער דייטשער שפּראַך, אָבער קיין סלאַוויש רעדנדיקע יידן דערמאָנט ער נ י ט.

439. ס' ים של שלמה על מסכת גיטין (מאת מהרש"ל=ר' שלמה בן יחיאל לוריא), פּראַג תקע"ב, פּרק רביעי, סימן ל"א אות ב' (דף כ"ח ע"ב, רעכטס).

צום סוף פונ'ם אות ב' זאָגט רש"ל: „ונראה במדינות פולין שמדברין לשון אשכנז גסה"—פּוילישע יידן רעדן אַ גראָבע דייטשע אויסשפּראַך (זיי זאָגן, למשל, „פּ", אַנשטאָט „ב"). — דער דאָזיגער זאַץ איז געשריבן געוואָרן אַרום 1550 יאָר.

440. שו"ת ר' מאיר כ"ץ אשכנזי (תוספה לס' גבורת אנשים לר' ש"ך).[1]

[1] איך ברענג די ציטאַטן מיט דערזעלביקער שרייבונג, ווי זיי געפינען זיך אין די קוועלן, פון וועלכע איך נעם זיי.



איך האָב געזעהען צוויי אויסגאַבן: אַמשטערדאַם תמ"ז און סידלקאָב אין וואָלינשען גיבערנעמאַט שנת תקנ"ז. אין ביידע געפינט זיך וואָרט־באַ־וואָרט דיזעלביקע שטעלע (וואָס אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבן האָט מען זי אָף אַ היבש ביסל געענדערט): „ועל מה שנהגו בבריס'ק דליטא... לכתוב ברסט"י אין זה ראיה כי זה המנהג נתפשט שבני בריתינו היושבים בקרבינו רובם מדברים בלשון רוסי"א והיא קורין אותה עיר ברעסט"י... והנה... נראה שאין לכתוב שם הגוים בבריסק דקוי"א כי שם כל היהודים קורין אותה בריסק... אם יתן השם תמלא הארץ דעה וידברו כלם שפה אחת לשון אשכנז לא יכתבו כי אם בריסק"; דאָס געפינט זיך אין דער תשובה א' אָפּזאַץ „והנני" — אין דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע דף כ"א ע"ב לינקס, און אין דער סידעלקאָווער אויסגאַבע דף כ' ע"א רעכטס. — איך ציטיר אומישנע די גאַנצע שטעלע, כדי צו ווייזן, אַז ר"מ כ"ץ'ס ווערטער, וואָס מ'האָט אָף זיי אויפגעבויט אַ גאַנצע ראיה פאַר דער סלאַוויסטישער טעאָריע, באַציהען זיך נ אָ ר צו די יידן פון אַ בעשטימטער געגענד, בשעת אַנדערע רוסישע יידן רעדן, לויט ר"מ כ"ץ'ס באַהויפּטונג, ריכטיק טייטש. די דאָזיקע ידיעה געהערט צום אָנהויב פון XVII יאָרה. — ס'איז אָבער כדאי צו באַמערקן, אַז אין דיזעלביקע שו"ת געפינען זיך גאַנצע יידיש־טייטשע טעקסטן (עדות באַם רבנ'ישן דין תורה), ווי אויך יידיש־טייטשע און סלאַווישע גלאָסן. — נאָך איין זאַך איז וויכטיק אינ'ם בוך,—די ידיעה וועגן אַ ווילנער יידן (אַרום 1635 יאָר), וואָס האָט אין דער רוסישער שפּראַך מקדש געווען אַ מיידל, זאָגנדיק ייר: „י"אַ טעב"י אסטי"ם מקדש בי"ל": דאָס געפינט זיך אין דער צווייטער „שאלה" (נ י ט נ ו מ ע ר י ר ט ו) — אין דער אַמסטערד. אויסג. דף כ"ו ע"ב רעכטס און אין דער סידעלקאָווער אויסג. דף כ"ד ע"א לינקס. אָבער דוקא אין דערזעלביקער שאלה געפינט זיך אַ דייטשע גלאָסע „רצועות שקורין נעסטלי"ן".

נאָך אַ ידיעה וועגן אַ סלאַוויש־רעדנדיקן יידן אין מעדזשיבאָזש (פּאָדאָליע) אין 1556 יאָר געפינט זיך אין:

441. שו"ת בית חדש הישנות (לר' יואל סירקיש), פרנקפורט דמיין תנ"ז, סימן פ"ב, דף ס' ע"א.

אין דער שאלה ווערט מיטגעטיילט, אַז אַ ייד האָט געגעבן זיין עדות אין דער ר ו ס י ש ע ר שפּראַך, אָבער אין דער שאלה גופא ווערן זיינע רייד מיטגעטיילט אין דער י י ד י ש־ט י י ט ש ע ר איבערזעצונג (ה' הרכבי נ' 430 ציטירט די שטעלע נאָך שטראַשונ'ען נ' 425, — דערביי זאָגט ער על פי טעות, אַז די רוסישע עדות איז איבערגעזעצט געוואָרן אין לשון קודש). — אין דיזעלביקע שו"ת געפינען זיך נאָך אַ סך יידיש־טייטשע טעקסטן (עדות) — אַזוי אין שאלות ע', ע"ג, ע"ז, צ"ד (אין שאלה ע' עטליכע טעקסטן מיט אַ מאָל) — און אַלע שטאַמען פונ'ם סוף XVI און אָנהויב XVII יאָרה.

אַז מיר האַלטן שוין בא די שו"ת, איז אָט זייגען נאָך אייניקע, וואו ס'געפינען זיך יידיש־טייטשע טעקסטן (פון עדות באַם דין תורה) פון XVI—XVII יאָרהונדערט אין די סלאַווישע לענדער.

442. שו"ת שארית יוסף (לר' יוסף ב"ר מרדכי גרשם כ"ץ), קראָקאַ שנת ש"ן אַמשטערדם תקב"ב; (ס' ל"ב, נ"ג, ע"ז).

טעקסטן פון גאַליציען און ביימען.

443. שו"ת מהרש"ל, לומבלא של"ד (ס' ד', כ', כ"א, ל"ג, צ"ו, ק"א).

444. שו"ת מהר"ם לובלין, ויניציאה שע"ח; מעטץ תקכ"ט (ס' ז', י"א).

די שו"ת שטעלן מיט זיך פאָר, אָף אַזאַ אופן, דאָקומענטאַלע באַווייזן, אַז די הערשעדיקע שפּראַך בא די יידן פון XVII—XVI יאָרהונד. אין די סלאַווישע לענדער איז געווען יידיש־טייטש (אין וועלכן די העבראַאישע עלעמענטן שפּילן שוין אַ באַטייטנדע ראָל, צום אונטערשייד פונ'ם ריינעם דייטש; חוץ דעם באַגעגענען זיך אין די יידיש־טייטשע טעקסטן אויך וואו־ניט־וואו סלאַווישע ווערטער). צו דער באַגרינדונג פון זיין מיינונג האָט ה' דובנאָוו בע־

נוצט די אלע דאָקומענטן, און אויך פיל ציטאטן פון אלטע פנקסים, תקנות און פרוזים. לאָזנדיק אזוינע מאטעריאלן אף שפעטער (צו דער אָפּטיילונג „דאָקומענטן"), לייך דאָ דערוויל ברענגען נאָר דעם עלטסטן י.ט. דאָקומענט, וואָס מיר האָבן פון די סלאווישע לענדער:

445. M. Brann, Geschichte der Juden in Schlesien, Breslau 1896, Anhang IV, s. LXVIII **(Die Urfehde des Juden Kussiel).**

דאָ האָט בראן פארעפענטליכט אנ'אָפיציעלן בריוו, אין דער דייטשער שפראך מיט העברעישע אותיות, פון אַ פוילישן יידן יקותיאל, וואָס איז דאַטירט מיט'ן 1435 יאָר. אז יקותיאל איז אַ פוילישער ייד, זעהט מען פון זיינע ווערטער: „דעמא הירן קוניק בון פולאן מיינם הירן אונ' שטיטן אונ' רעטין".

די געשיכטע האָט אונדז אלזאָ איבערגעלאָזען אַ גאנצן פּאַק מיט דאָקומענטן, וואָס זיינען אין די סלאווישע לענדער געשריבן געוואָרן אין דער יידיש-טייטשער שפראַך, — און קיין איינציקן דאָקומענט, וואָס זאָל זיין געשריבן פון יידן אין אַ סלאַווישער שפראַך (ז' אויך אויבן № 312 b—313). פאר דער „סלאוויסטישער" השערה זיינען דאָ בלויז צעוואָרפענע ידיעות און שמועות וואָס קאָנען נאָר באווייזן, אז איינצעלנע יידן אפשר איינצלנע קלענערע קהלות האָבן אין XVI—XVII יאָרה. גערעדט סלאוויש. אָט די אלע דאָקומענטן און מאטעריאלן זיינען נאָך ביז איצט ניט געזאמלט געוואָרן אינאיינעם. קליינע זאמלונגען פון מאטעריאלן געפינען זיך בא:

446. Z. Frankel, Zur Geschichte der Juden in Polen: Ztschr. f. die religiösen interessen d. Judenthums (Z. Frankel) III 1846, 381—387.

וואו פראנקעל ברענגט צונצ'ס אַ בריוו צו יים, וואָס איז דערנאָך ערשינען באַזונדער:

447. Leop. Zunz. Aelteste Nachrichten üb. Juden u. jüd. Gelehrte in Polen, Slavonien, Russland (1846): L. Zunz' Gesammelte Schriften III Berl. 1876, 82—87.

448. אַ שוואַכע, איינזייטיקע זאמלונג פון צופעליק ארויסגעכאַפּטע העברעישע מאטעריאלן ברענגט בן ציון כ"ץ, לקורות היהודים ברוסיא פולין וליטא..., ברלין 1899, י"א, עמ' 31—33.

די רייכסטע זאמלונג פון דאָקומענטן און מאטעריאלן איז ביי ה' ש. דובנאָוו אין זיין דערמאָנטן ארטיקל (נ' 435).

אחוץ דירעקטע מאטעריאלן זיינען אויך פאראן אינדירעקטע, וואָס זיינען אָבער זער וויכטיק פאר'ן פאָרשער. דאָס זיינען, ערשטנס, אינדירעקטע ידיעות.

* 449. Актовыя Книги Кіевскаго Центр. Архива, $n^0$ 940 листъ 113 (в).

* 450. Акты городовъ Вильно, Ковно и Трокъ, ч. II $n^0$ 75.

ביידע מאטעריאלן ברענגט בערשאדסקי (נו' 431), וואָס שטיצט זיך בכלל נאָר אף די אינדירעקטע באווייזן.

ווייטער, אומבאַשטמיטע ידיעות, וואָס געפינען זיך אין:

451. Регесты и надписи, Сводъ матеріаловъ для исторіи евреевъ въ Россіи (изд. ОПЕ) I Спб. 1899, $n^0$ 193, 199, 314, 341, 370, 601,

452. Русско-Еврейскій Архивъ..., т. II, Документы и регесты къ исторіи литовскихъ евреевъ..., собралъ и издалъ С. А. Бершадскій, Спб. 1882, $n^0$ 18, 211, 212, 297, 300, 303.

(דעם 1 באנד האָב איך ניט געזעהען, אינ'ם 3 באנד קיין ידיעות ניט געפונען, און די ווייטערדיקע בענד ניט געזעהען). אין די אלע דאָקומענטן ווערן דערמאָנט יידישע בריוו-קוויטלאך און אונטערשריפטן געשריבן „жидовскимъ письмомъ" אָדער „по жидовску". וואָסער שפראַך אָבער הייסט דאָ „жидовска", איז ניט באַשטימט, ס'קאָן זיין העברעאיש, אָבער אויך יידיש-טאַטעריש, אָדער יידיש-סלאוויש, אָדער יידיש-טייטש. איין דאָקומענט (Р.-Е. Архивъ II $n^0$ 8) רעדט ווענן אַ יידן, וואָס קאָן ניט שרייבן קיין רוסיש.

צו די אינדירעקטע מאטעריאלן געהערן אויך אזוי גערופענע „גלאָסן" (איבערזעצונגען פון העברעאישע ווערטער „בלע"ז", „בלשון כנען", „שקורין" א. א. וו.) — וואָס באַגעגענען זיך באַ די מפרשים; חוץ דעם קאָנען דינען, ווי מאַטעריאלן, די פּראָדוקטן פון דער ליטעראַרישער פאָלקס-שאַפונג (פאָלקלאָר) און די פּערזאָנען-נעמען, וואָס יידן טראָגן.

מכח גלאָסן זעה:

452 a. אברהם אליהו הרכבי, היהודים ושפת הסלאווים, 1867, 42 — 69.

453. I. Markon, Die slavischen Glossen bei Isaak-ben-Mose „Or-Sarua", S. Petersburg 1906.

453a. И. Ю. Марконъ, Славянскія глоссы у Исаака б. Моисея изъ Вѣны: Статьи по Славяновѣдѣнію (Ламанскій), II, Спб. 1905.

דאָס זיינען אלץ סלאווישע גלאָסן, און על פי רוב פון דער צייט, וואָס פאַר דעם XV יאָרה. (פון 59 גלאָסן, וואָס ה' הרכבי ברענגט, געהערן נאָר 8 צו די XV – XVII יאָרה.), און גראָד אין די לעצטע יאָרהונדערטער געפינען מיר אַ ים מיט יידיש-טייטשע גלאָסן ביי די פארשיידנסטע מפרשים, אויך אין די שו"ת א. א. וו.; זיי זיינען אָבער פון קיינעם ספּעציעל ניט געזאמלט געוואָרן. אייניקע יידיש-טייטשע גלאָסן ביי די רבנים פון די פוילישע לענדער ברענגט:

454. ש. א. הורודצקי, לקורות הרבנות, ורשה (תושיה) 1911 [passim].

מכח פאָלקלאָר:

454a. С. Гинзбургъ и П. Марекъ, Еврейскія Народныя Пѣсни въ Россіи, Спб. 1901-

דאָ געפינען זיך עטלאכע יידיש-רוסישע, ווי אויך יידיש-ליטווישע, יידיש-לעטישע א. דגל. פאָלקס-לידער.

455. Д. Маггидъ, Иноязычные заговоры у русскихъ евреевъ въ XVIII и нач. XIX стол.: Еврейская Старина (С. Дубновъ) II, Спб. 1910, 580.

די פּערזאָנען-נעמען זיינען פון אלע אינדירעקטע באווייזן דער שוואַכסטער. די יידישע קינדער, וואָס האָבן מיט העכער צוויי-טויזענט יאָר צוריק אלע מיט אַ מאָל באַקומען דעם נאָמען אלכסנדר, האָבן פונדעסטוועגן געוויס ניט געהאַט קיין גריכישע מוטערשפּראַך. אַ נאָמען ווענדט זיך אָן צופעליקע סבות און ווערט נאָך דערצו באַ דער איבערזעצונג צעקאַליעטשעט. אנשטאָט זיך אָפּצושטעלן אף די פאראנענע קנאַפּע אונטערזוכונגען מכח יידישע נעמען (צונץ; מיטטיילונגען דער יוד. פאָלקסקונדע), וועל איך בעסער ברענגען אַב'אַלגעמיינע מיינונג מכח דער סלאוויזירונג פון יידישע נעמען, וואָס שטאַמט פונ'ם XVII יאָרה.:

556. I. Кулишеръ, Собраніе еврейскихъ именъ, употребляемыхъ въ Россіи, Житомиръ 1911.

557. (שו״ת) שאגת אריה חלק ראשון וקול שחל (לר׳ אריה יהודה ליב אבד״ק ולר׳ נתן נטע), שלוניקי תק״ו, דף ל׳.

ער זאָגט: „דרך לשון המדינה לומר בסוף לשון ק״א (KO—) כדרך אנשי רוסיא״.

ס׳איז נאָך כדאי צו דערמאָנען, אז די אלטע רבנים האָבן זיך פיל באשעפטיקט מיט דעם שטודיום פון די יידישע אייגן-נעמען: דאָס האָבן זיי נעדארפט פאַר דער פּינקטליכקייט ביי דער אויסשטעלונג פון כתובות און גיטין. אזא אינטערעסאנטע אויספאָרשונג פון יידישע נעמען איז:

457a. ס׳ ים של שלמה... (ז. אויבן נ׳ 439), גיטין, פרק רביעי, סימן ל״א (דף כ״ח — ל׳).

אין דער דאָזיקער שטעלע פון יש״ש ווערט געבראַכט נאָכ׳ן אלף-בית א רשימה פון יידישע נעמען מיט א גענויעם אנאליז פון יעדן נאָמען און פון זיין שרייבונג. חוץ העברעישע נעמען פיגורירן דאָרט אויך יידיש-טייטשע און אייניקע סלאווישע.

ווי אַקוראַטנע די רבנים פלעגן זיך פאַרהאַלטן צו דער שרייבונג פון די נעמען און וויפל פילאָלאָגישן טאַקט זיי פלעגן דערביי ארויסווייזן, באווייזן מכה די דייטשע רבנים, די תשובות פון ר׳ איסרלין (אין „לקט יושר״ א. א, ח.) מינץ און אנד. ז׳ אויבן (№№ 356, 357) בנוגע צו די רוסישע רבנים האָבן מיר דעם פאָלגנדן כאַראַקטעריסטישן פאַל:

458. ר׳ מרדכי יפה, לבוש הבוץ וארגמן, ויניציאה ש״פ (MDCXX In Venetia) סימן קכ״ט (דין שמות האיש והאישה והעדים..., אות ל׳) דף נ״ה ע״ב.

אין זיין אלפאבעטישער רשימה פון יידישע פערזאָנען-נעמען זאָגט דער „בעל הלבושים״ ר׳ מרדכי יפה: „לובקא שם אשה בלשון רוסיא ורצו קצת לכתוב לופקא בפ״א אמרתי זה לא יוכל היות כי לופקא בבי״ת בלשון רוסיא הוא לשון אהובה כמו שאומרים ברוסיא לוביש מי שפירוש אתה אוהב אותה ולופקא בפ״א הוא לשון גזילה כמו שאומרים לופיש... אתה גוזל אותי לכך אמרתי לכתוב בב׳... וכתבתי זה **להזהיר שצריכין לדקדק בכל לשון בכתיבת השמות כי כל לשון יש לו דקדוקו במלות**״. (דער „בעל הלבושים״ האָט געלעבט פון ארום 1530 ביז 1612 יאָר).

* *

*

אָט מיט די גילדערנע ווערטער פון א רב, וואָס האָט געלעבט העכער דריי הונדערט יאָר צוריק אינ׳ם פינצטערן געטאָ ענדיק איך דעם ערשטן חלק פון דער „ביבליאָטייק״, וואָס וויל העלפן אונדזער שפּראַך צו צעברעכן די געטאָ-מויער. די ווייטערדיקע חלקים וועלן ארומנעמען דעם יידיש-טייטשן פאָלקלאָר, די יידיש-טייטשע ליטעראַטור (אויך פּרעסע און טעאַטער), די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן צו דער יידיש-טייטשער פאָלקלאָר — און ליטעראַטור-געשיכטע און, צולעצט, די ליטעראַטור פונ׳ם קאַמף פאַר די קולטורעלע און פאָליטישע רעכט פון דער יידישער שפּראַך (יירע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען, ייר סטאַטיסטיק א. ד. גל. 2) אויב די „ביבליאָטייק״ וועט איבערצייגן דעם לעזער, אז ניט געקוקט אַף דער אָרימקייט פון אונדזער פילאָלאָגיע, איז יידיש פונדעסטוועגן א „לשון שיש לו דקדוקו במלים״; אויב דער יידישער לעזער וועט איינזעהען, אז יידיש איז א ברייטער געביט אַף צו פ אָ ר ש ן און א ר ב ע ט ן, און ניט זייגן פון די פינגער אָדער שפּאַצירן איבער פּראַזעאָלאָגישע נעבלען; אז יידיש איז ניט קיין הפקר-וועלט פאַר׳ן דילעטאַנטיזם,—אויב אזוי, וועט דערגרייכט ווערן דער עיקר צוועק פון דער ארבעט: מיר זאָלן האָבן ד ר ך א ר ץ פ א ר א ו נ ד ז ע ר ש פּ ר א ך.

ווין, תרע״ג

2) דאָרט וועט אויך געגעבן ווערן אנ׳אינדעקס (לייכטער) צו דער גאַנצער „ביבליאָטייק״.

# הוספות צום ערשטן חלק פון דער „ביבליאָטייק״.

אַף דעם גרעסטן טייל פון די פאָלגנדיקע ביכער האָט מיך אויפמערקליך געמאַכט דער באַקאַנטער גערמאַניסט און יידישער פילאָלאָג, ה׳ דר. אלפרעד לאַנדוי אין ווין, וואָס ייך ברענג איהם דערפאַר מיין טיפסטן דאַנק. ער האָט אויך געהאַט די פריינדליכקייט צו לאָזן מיך באַנוצן זיין פּריוואַט-ביבליאָטייק, וואָס ער האָט אַוועקגעלעגט אַף איר פיל מיה און מעטאָדישע ארבעט און וואו ס׳געפינען זיך א סך זעלטענע און אלטע ווערק.

———

צו א, I, 1: קריסטליכע געלערנטע, לינגוויסטשע ווערק פון 16 — 17 יאָרהונד.:

* 459. Paul Heliz, Elemental oder Lesebüchlein, daraus... underwisen wird, wie man deutsch... mit hebräischen oder Jüdischen buchstaben... lesen und vorsten sol Hundsfeld 1543.

[מיטגעטיילט פּריוואַט פון דר. א. לאַנדוי].

460. **Franciscus Haselbauer,** Grammatica duarum praecipuarum linguarum orientalium... Prag 1742.

pp. 237—244: **De idiotismo Germanico Judaeorum.**

אין דער דאָזיגער הוספה צום בוך (דער בוך אליין איז א העברעישע און אראַמעישע גראַמאַטיק) מאַכט האזעלבויער (א מיסיאָנער און א גוטער קענער פון יידיש; ער האָט אויך אליין געשריבן ביכער אין יידיש) זער אינטערעסאַנטע באַמערקונגען מכח די פאַרשיידענע עלעמענטן פון יידיש און מכח דער יידישער פאָנעטיק.

* 461. Janus Hercules de Sunde [Daniel Schwenter], Steganologia et Steganographia, 3 Aufl. [um 1620 J.] [F. Kluge, Rotwelsch, I, 132].

קלוגע ברענגט די שטעלן פון שווענטערס געלערנטן און טאַלענפולן בוך, וואו יענער רעדט ארום אגב אויך דעם איינפלוס פון יידיש אַף דעם גנב׳ישן דיאַלעקט אין דייטשלאַנד.

* 462. Samuel Reyher, Mathesis Mosaica, 1679, p. 209. [Kluge, ib. 164].

* 463. Joh. Chr. Wagenseil, Buch von der Meistersingerel, 1697, p. 443. [Kluge, ib. 174].

װענן װאַגענזייל ז' אויבן נ' 26 און 27.

* 464. Von Grolman, Wörterbuch der in Teutschland üblichen Spitzbuben-Sprachen, 1822. [Kluge, :b. 357].

פאָן-גראָלמאַן באַצייכנט אין זיין װערטערבוך מיט אַ שטערנדל די יידיש-טייטשע װערטער פון דער גנבים-שפּראַך.

———

צו א. III, 2: שריפטן פון יידישע מחברים.

465. ס' שפתי ישנים... לר' שבתי בר' יוסף משורר בס, אמשטירדאם שנת ת"ם (1680).

באַס'ס בוך איז דער ערשטער פּרוב פון אַ ביבליאָגראַפישן װערטערבוך אין דער העברעישער שפּראַך. ער ברענגט די ביכער לויט'ן אלף-בית פון די קעפּלאַך און גיט אָן דעם דרוק-אָרט, יאָר, פאָרמאַט פון יעדן בוך, און אויך די שפּראַך פון די ניט-העברעישע ביכער. באַזונדערס זיינען אָבער די יידיש-טייטשע ביכער, װאָס ער ברענגט, ניט אויסגעטיילט. צום װערטערבוך איז דאָ אויך אַ מפתח („שער בת רבים") נאָכ'ן אלף-בית פון די מחברים. אַ צווייטע ניט-פאַרענדערטע אויפלאַגע פון „שפתי ישנים" אין זשאָלקיעװ 1806 יאָר ז' אונטן נ' 472.

———

צו ב, I, 1: שריפטן מיט אַנ'אַלגעמיין- אָדער געמישט-פילאָלאָגיש אינהאַלט.

466. אַ רעצענזיע אַף שפּינעאַנו'ס װערק (ז' אויבן נ' 120):

A. Landau's: Zeitschr. f. deutsche Philologie, XXXVI, 1904, 268.

אַ רעצענזיע אַף היינריך לעװעס בוך (ז' אויבן נ' 131):

* 467. Jacob Gerzon's (?) : [דר. לאַנדוי האָט ערגעץ געזעהען אַזאַ רעצענזיע].

———

צו ב, I, 2: אַרטיקלען אין ענציקלאָפּעדישע װערטערביכער:

468. Jüdisch-Deutscher Dialekt: Meyer's Grosses Conversations-Lexikon, 1 Aufl. XVII Hildburghausen 1850, 157.

———

צו ב, II, 2: מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידיש-טייטשער פילאָלאָגיע.

469. דער אויפרוף פון ה' י. ח. ראַװניצקי און ה' א. דרויאַנאָװ צ זאַמלען יידישע װיצן, — אין פאַרשיידענע יידישע צייטשריפטן אין אַװגוסט 1911.

———

צו ב, II, 2: ביאָגראַפיעס פון יידישע פילאָלאָגן:

470. Bass, Shabethai: Jew. Enc. II, 1902 (ז' אויבן נ' 465).

———

צו ב, III, 1: ביבליאָגראַפיע אין ענגען זינען:

471. סאָלאָמאָן עסביכער (שלום עליכם), אַ רעעסטער איבער אַלע שאַרגאָנישע ביכער, װאָס זענען אָפּגעדרוקט געװאָרען אינ'ם יאָהר תרמ"ח: יידישע פאָלקס-ביבליאָטהעק (שלום עליכם) I קיעװ 1888, ז' 469.

———

צו ב, III, 3: ביבליאָגראַפיש - ביאָגראַפישע װערטערביכער:



472. ס' שפתי ישנים... חלק שני... לר' אורי צבי רבין שטיין, זאָלקווי תקס"ו (1806).

ר' רובינשטיין האט געגעבן אַ הוספה צו דער צווייטער אויפלאַגע פון שבתי באַס'ס װערטערבוך (ז' אויבן נ' 465).

* 473. זלמן רייזען, אַ יודישע ליטעראַטור-ענציקלאָפּעדיע (גרייט זיך צום דרוק; דאָס װעט זיין אַ ביאָגראַפיש-ביבליאָגר. װערטערבוך).

———

צו ב, IV א, 1: יידישע גראַמאַטיקעס; און צו ב, IV א, 2: יידישע װערטערביכער:

* 474. לינעצקי, יידישע גראַמאַטיק [װערט דערמאָנט פון װילהעלם פעלדמאַן אין „איטשיזנא" דעם 15 דעצ. 1890].

475. אַ רעצענזיע אַף גערזאָנ'ס גראַמאַטיק (ז' אויבן נ' 322):

**A. Landau's:** Ztschr. f. deutsche Philologie, XXXVI 1904, 262—268.

* 476. Бенъякобъ, Русско-Древнееврейско-жаргонный словарь, Бѣлостокъ 1904, 1020 страницъ [Ztschr. f. hebr. Bibliogr. X].

477. ביילינסאָן, פרעמד װערטער-בוך, אדעססא (? 1888), 33 זייטן. [די יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק, (שלום עליכם) I 1888, ז' 469].

———

צו ב, IV, א, 3: יידישע דיאַלעקטאָלאָגיע:

דיאַלעקטן בכלל:

478. **נח פּרילוצקי, יידישע פאָלקסלידער**, ב. I, װאַרשאַ 1911 ב. II 1913.

צו דעם בוך װעלען מיר זיך נאָך אומקערן אין דער אָפּטיילונג „פאָלקלאָר". — ה' פּרילוצקי ברענגט דאָרט אַ סך צעװאָרפענע, אָבער אינטערעסאַנטע באַמערקונגען מכח יידישע דיאַלעקטן, על פי רוב מכח פּוילישן דיאַלעקט אין זיינע רעדעניש (אָרטיקע מונדאַרטן).

479. מ. װיינגער, דיאַלעקטאָלאָגישע באַמערקונגען: נח פּרילוצקי'ס זאַמעלביכער פאַר יידישן פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע ב. I; װאַרשאַ, 1913, 126.

480. נח פּרילוצקי, דיאַלעקטאָלאָגישער פענאָמען: אויך דאָרט, 134.

———

**פּראָפעסיאָנעלע זשאַרגאָנען באַ יידן (יידישע „כלי-זמר-שפּראַך").**

די זשאַרגאָנען, װאָס װערן באַנוצט באַ פאַרשיידענע יידישע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס, באַ װאַנדערנדיקע הענדלער, ישיבה-בחורים א. אַ. װ. זיינען נאָך לחלוטין ניט אויסגעפאָרשט געװאָרן. דאַסזעלביקע אויך מיט די זשאַרגאָנען פון די יידישע גנבים, פּראָסטיטוטקעס, אַלפאָנסן. דאָס איז אָבער אַ ברייטער און אינטערעסאַנטער געביט פון דער פילאָלאָגיע. די גנב'ישע, פּראָסטיטוטישע, װאַנדער-סוחר'ישע, סטודענטישע א. דגל. זשאַרגאָנען פון די אומות העולם װערן בענוי אויסגעפאָרשט און װעגן דעם עקסיסטירט באַ אַנדערע פעלקער אַ ריזיקע פילאָלאָגישע ליטעראַטור פון טויזנטער בענד.

פון די יידישע זשאַרגאָנען האָט מען אין גאָר דער לעצטער צייט זיך גענומען נאָר צו דער „כלי-זמר-שפּראַך". עטלעכע װערטער פון דער דאָזיקער שפּראַך געפינען זיך אינ'ם באַקאַנטן ראָמאַן פון:

481. שלום עליכם, סטעמפּעניו (צום ערשטן מאָל געדרוקט אַלס ביילאַגע צום I ב. פון שלום עליכמ'ס „יודישער פאָלקס-ביבליאָטהעק", קיעװ, 1888), קאַפּ. III, אינ'ם געשפּרעך פון סטעמפּעניו מיט ירחמיאל'ן.

דאָ ניט לאַנג האָט ה' דר. אַלפרעד לאַנדוי אין זיין אויפמערקליך געמאַכט דעם באַקאַנטן יידישן פאָלקלאָריסט, דר. ס. װייסענבערג אין יעליסאַ-

וועטגראַד, אַף דער כּלי-זמר-שפּראַך. ה׳ ווייסענבערג האָט אָנגעהויבן צו זאַמ-לען אין רוסלאַנד די נאָך פאַרבליבענע רעשטן פון דער דאָזיקער שפּראַך, וואָס איז אַמאָל בעוויס בעוועזן פיל רייכער, איידער איצט. דערנאָך האָבן ביידע געלערנטע בּאַרבּעט די פון ה׳ ווייסענבערג געזאַמעלטע מאַטעריאַלן און פילאָ-לאָגיש דערקלערט די ווערטער פון כּלי-זמר-שפּראַך. זייערע אויספאָרשונגען זיי-נען פאַרעפנטליכט אין פאָלגעדיקע צוויי אַרטיקלען (אַ דאַנק דער פריינדליכקייט פון ה׳ דר. לאַנדוי, האָב ייך זיך מיט ביידע אַרטיקלען באַקאַנט אין קאָרעקטור):

482. **S. Weissenberg, Die „Klesmer“ sprache:** Mitteilungen der Anthropologischen Gesellschaft, Wien 1913.

483. **A. Landau, Zur russisch-jüdischen „Klesmer“ sprache:** ibidem.

———

צו ב. IV, א,5: פאַרשיידענע לינגוויסטישע פּרטים:

* 484. Nebesky, Jargon: Ceska Vcela 1845, №№ 26, 30, 32.

* 485. Klein, English loan words in Yiddish: Modern Language Notes, XIX, nº 8.

* 486. Chr. Jerzy, Polszczyzna w żargonie żydowskim, Warszawa, 1905.

[אַלע דריי פּריוואַט מיטגעטיילט פון דר. א. לאַנדוי].

צו ב. IV, ב,1: די רעפאָרם פון דער יידישער שפּראַך און אָר-טאָגראַפיע.

487. **שלום עליכם, עטליכע ווערטער וועגן זשאַרגאָן-אויס-לעגן (אָרטאָגראַפיע):** די יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק (שלום עליכם), ב. I קיעוו, 1888, ז. 474—476.

ה׳ שלום עליכם האָט אין דער נאָטיץ פאָרמולירט די הויפּט-פּרינציפּן פון דעם יידישן אויסלעגן, וואָס הערשן נאָך עד היום אין זייער אַלגעמיינער פאָרם.

488. „דער הויזפריינד“, די יודישע שפּראַכע (ווי אַזוי דאַרף מען שרייבן?): דער הויזפריינד (מ. ספּעקטאָר), V בוך, וואַרשאַ 1896, 60.

ה׳ ספּעקטאָר מאַכט דאָ אינטערעסאַנטע פּובליציסטישע באַמערקונגען מכּח דער איירָאָפּעיזירונג און באַרייכערונג פון דער יידישער שפּראַך.

———

צו ב. IV, ב,2: פּראָיעקט וועגן אַריינפירן דעם לאַטייניש אַלף-בית אין יידיש:

דער ערשטער, וואָס האָט ערנסט גערעדט מכּח אַריינפירן דעם לאַטיי-נישן אַלף-בית אין יידיש, איז געווען ד ר. פ י ל י פּ מ אַ נ ש אין לעמבערג. אין זיין העכסט טאַלענטפולער גראַמאַטישער אויספאָרשונג פון דער יידישער שפּראַך (ז׳ אויבן № 118) האָט ער צום סוף אויך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון דעם לאַטיינישן אויסלעגן אין יידיש; זיין פּלאַן האָט ער באַגרינדעט מיט דעם, וואָס מע מוז צוריקציהען די אַסימילירטע יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון׳ם יידישן פאָלק, צו דער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך. דער דאָזיקער פּראַגע איז אָפּגעגעבן דער 42-ער קאַפּיטל פון זיין אַרבעט אי-בער יידיש (אין דער דייטשער צייטשריפט „דער איזראַעליט“ לעמבערג 1890, נ׳ 8).

צו ב. IV, ב,3: די ווירקונג פון יידיש אַף אַנדערע שפּראַכן:

489. Leo Wiener, Die jüdischen Elemente im Polnischen: Archiv für slavische Philologie (V. Jagic), XX Berlin 1897, 620.



צו ב. IV, ב,4: דער איינפלוס פון יידיש-טייטש אַף די גנב׳ישע דיאַלעקטן פון פאַרשיידענע אומות:

490. Ed. Hoffmann-Krayer, Ein Wörterverzeichniss der Gaunersprache von 1735: Schweizerisches Archiv f. Volkskunde (Ed. Hoffmann-Krayer) III Zürich 1899, 239.

דר. לאַנדוי׳ס דערגענצונגען און פּירושים צו דעמזעלביקן גנבים-ווער-טערביכ׳ל ז׳ אויבן נ׳ 408.

491. Stumme, Über die deutsche Gaunersprache und andere Geheimsprachen, Lpz. 1903.

492. L. Günther, Beiträge zur Systematik und Psychologie der Rotwelsch und der ihm verwandten deutschen Geheimsprachen: Archiv f. Kriminalanthropologie u. Kriminalistik (H. Gross), Bde 38, 42, 43, 46—51, Lpz. 1909—1913.

די דאָזיקע ריזיקע אַרבעט גינטערס איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט.

493. דערזעלביקער, Die Bezeichnung f. die Freudenmädchen im Rotwelsch u. in den verwandten Geheimsprachen: Die Anthropophyteia im Sprachgebrauch der Völker, IX Lpz. 1912.

„דיע אַנטהראָפּאָפּיטעיאַ אים שפּראַכגעברויך דער פעלקער“ איז אַ יאָר-בוך, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דר. פרידריך ס. קרויסס און אַנטהאַלט אין זיך פאָלקלאָריסטישע, לינגוויסטישע און קולטורהיסטאָרישע אויספאָרשונגען מכּח נ ב ו ל פּ ה, ווי אויך מכּח די סעקסועלע באַגריפן און סעקסועלער מאָראַל בא פאַרשיידענע פעלקער. פאַר דער וויסנשאַפט איז ניטאָ קיין שום פאַרבאָטענע זאַך, אַלץ אין דער וועלט ווערט בא די אומות העולם אויסגעפאָרשט, וויסנ-שאַפטליך באַאַרבעט און וויסנשאַפטליך אויסגענוצט.

494. דערזעלביקער, Sprachliche Erläuterungen zu den „Lingelbacher Musikantensprache“ und „Die Geheimsprache der Vogelsberger Maurer“ von H. Weber: Hessische Blätter f. Volkskunde (K. Helm), XI 1912, 146.

ווי פּראָפ. גינטער ווייזט אָן אין אַלע דערמאָנטע שריפטן זיינע, איז דער ווינער יידישער פילאָלאָג דר. אַלפרעד לאַנדוי אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער בא גינטערס פאָרשונגען, ספּעציעל אָבער געהערן דר. לאַנדוי די פּירושים אַף די יידיש-טייטשע ווערטער פון גינטערס זאַמלונגען.

495. J. Karłowicz, Słownik gwar polskich, Krakow 1900...

496. A. Kurka, Słownik mowy złodziejskiej, wyd. 2, Lwów 1899.

קורקאַ ברענגט אויך די ווערטער פון די יידישע גנבים אין לעמבערג און טיילט אויס די דאָזיקע ווערטער מיט קורסיוו.

497. Karol Estreicher, Szwargot więzienny, Kraków i Warszawa, 1903.

498. В. Ф. Трахтенбергъ, Блатная Музыка (жаргонъ тюрьмы), Спб. 1908.

אין די אַלע דאָ געבראַכטע ווערטערביכער געפינען זיך גאַנץ פיל ווער-טער, וואָס זיינען גענומען געוואָרן און דערביי מער-ווייניקער צעקאַליעטשעט פון יידיש-טייטש, בפרט אָבער פון העברעיש און אַראַמעיש. פון דער ריזיקער לי-טעראַטור, וואָס עקזיסטירט מכּח די גנב׳ישע און בכלל פּראָפעסיאָנעלע דיאַלעקטן פון פאַרשיידענע פעלקער, האָב ייך אין מיין „ביבליאָטייק“ געבראַכט נ אָ ר אַ ז ו י נ ע, וואו די יידיש-טייטשע עלעמענטן ווערן ספּעציעל אויסגעטיילט אָדער

יעדנפאלס ספעציעל אָנגעמערקט און דערקלערט. אזוי למשל דרוקט קורקא (נ' 496) די יידיש-טייטשע ווערטער מיט א קורסיוו-שריפט.

499, A. Landau, Zur polnischen Geheimsprache: Archiv für slavische Philologie (V. Jagić XXII Berl. 1900, 137—150.

דאָס איז א רעצענזיע אָף קורקא'ס ווערטערביכל, וואָס איז דערפאר באזונדערס וויכטיק, ווייל אין אלע אזוינע זשארגאָנען-ווערטערביכער (א חוץ גינ-טער'ס זאמלונגען, וואו ס'האָט מיטגעארבעט דר. לאנדוי) געפינען זיך נאָך פיל ווערטער, וואָס שטאמען פון יידיש-טייטש, נאָר די מחברים האָבן דאָס ניט באמערקט. דאָס איז באזונדערס וויכטיק צו געדענקען בנוגע צו טראכטענבערג'ס שוואכער ארבעט מכח דעם רוסישן ארעסטאנטן-זשארגאָן, וואָס איז ארויס אונטער דער רעדאקציע (?) פונ'ם בארימטן לינגוויסט פראָפ. באָדוען-דע-קורטענע.

פאר דעם יידישן קולטור-היסטאָריקער איז די דאזיקע ליטע-ראטור מכח די גנבים-שפראכן העכסט אינטערעסאנט. העכסט אינטערעסאנט איז, למשל, ווען די קריסטליכע דייטשע גנבים רופן אָן א מאנדזובל „ווי״, א פרוי „גויע״, ברויט „לחם״, פלייש „בשר״, טויטן „כפרה מאכן״, דאווענען „בענטשן״, וויין „יין״, שכור'ן—„שכור'ן״, שפילן אין קאָרטן „יַנ'ען א. ד. גל. אָן צנ'עק. מער פאר אלץ יידיש-טייטשע ווערטער באגעגע-נען זיך אין די זשארגאָנען פון די דייטשע גנבים, פראָסטיטוטקעס, סטודענטן, וואנדער-הענדלער. בא די סלאווישע, בפרט אָבער בא די רוסישע גנבים באגעגענען זיך שוין גאָר ווייניק יידיש-טייטשע ווערטער, און אין די זשאר-גאָנען פון די רוסישע וואנדער-הענדלער (אָפיעניעס), וואנדער-בעל-מלאכות א. אז. וו. געפינען זיך שוין כמעט נאָר ניט קיין יידיש-טייטשע עלעמענטן. דער דאזיקער פאקט וואַרפט אויך א ליכט אָפ'ן עקאָנאָמישן לעבן פון די יידן אין די סלאווישע לענדער.

אינטערעסאנט איז אויך צו באמערקן, אז אין דער יידישער „כלי-זמר-שפראך״ געפינען זיך א סך סלאווישע ויביס-אויסדריקן.

———

צו ב. IV, ב, 6, בב: דאָקומענטן און מאטעריאלן מכח דער סלאַ-ווישער שפראך בא די מזרח-אייראָפּעישע יידן:

ad № 454a. אין גינזבורג און מארעק'ס לידערזאמלונג זיינען די לידער נ' 41 און 352 ריין רוסישע, די נ' 15, 16, 371, 372, 374 געמישט פון סלאוויש מיט העברעיש, די נ' 5, 17, 19, 89, 93, 118, 216, 351, 353 זיינען געמישט פון יידיש מיט סלאוויש (נ' 353 אויך מיט אנדערע שפראכן). כמעט אלע אזוינע געמישטשפראכיקע פאָלקס-לידער זיינען רעליגיעזע, אייניקע — קינדערשע.

499a. אויך אינ'ם ערשטן באנד פון ה' נח פרילוצקי'ס לידער-זאמלונג זיינען דאָ אייניקע אזוינע „מאקאראָנישע״ (געמישטשפראכיקע) און סלאַ-ווישע לידער, ווי די נ' 5, 6, 34, 37—40, 53, 54, 67, 71, 72, 95 96. ה' פרילוצקי פרובט אין זיין הקדמה צו דערקלערן, פארוואָס דוקא רעליגיעזע פאָלקס-לידער זיינען בא יידן פילשפראכיק, נאָר זיין ריין פסיכאָלאָגישער פירוש איז שוין דערפאר אליין ניט גענוג, וואָס בא יידן טרעפן זאָך אויך ריין-סלאווישע (איינשפראכיקע) רעליגיעזע פאָלקס-לידער.

———

צו ב. III, 4: פסעוודאָנימען-ווערטערביכער:

* 500. האלפערין, פסעוודאָנימען-ווערטערבוך, מינסק 1912, [א פריוואטע מיטטיילונג]

———

צו ב. III, 6: קאטאלאָגן פון ביבליאָטייקן מיט יידיש-טייטשע ביכער:

וויין:

501. Bernhard Wachstein, Katalog der Salo Cohn'schen Schenkungen der Bibliothek der israel. Kultus-Gemeinde, I, Wien 1911.

———

# תקונים.

צו די נ' 3 און 4. ווי איך בין גענויער דערגאנגען, איז די השערה, אז פוילוס פאגיוס און מיכאעל אדאם זיינען איין פערזאָן, ניט גענוג באגרינדט: מיכאעל אדאם איז טאקע געווען א משומד, און ביידע האָבן זיי טאקע געוואוינט אין דער שווייץ, אָבער מכח פוילוס פאגיוס איז כמעט ווי פעסטגעשטעלט, אז ער איז א געבוירענער קריסט, זיין אייגנטליכער נאָמען איז געווען „ביכליין״ האָט ער אים לאטייניש איבערגעזעצט פאגיוס.

נ' 5 דאַרף זיין אזוי:

**Elias Schade,** Mysterium, d. i. Geheimiss st. Pauli Römer am 11 von der Bekehrung der Juden..., sodann auch e... **Bericht von der Teutsch-Hebreischer Schrifft deren sich die Juden gebrauchen**, strassburg 1592.

שאדע'ס קורצע ארבעט וועגן יידיש-טייטש איז העכסט אינטערעסאנט און, ניט קוקנדיק אָף די פיל דרוקפעלער, שטייט זי אין געוויסע פרטים אפילו העכער פאר בוקסטאָרף'ס ארבעט (ז. נ' 6). זי איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין די „שריפטן דעס אינסטיטוטום יודאיקום אין לייפציג״ נומער 33 אין 1892 יאָר.

# דער תוכן:


№ №

א. פרימיטיווע פילאָלאָגישע שריפטן XVI – XVIII, טיילווייז XIX – XX יאָרה. 100 – 1

I. קריסטליכע געלערנטע. (1514 — 1799 יאָהר). 31 – 1

1) לינגוויסטישע ווערק פון XVI — XVIII יאָרהונדערט. 24 – 1

2) ליטעראַטור-געשיכטליכע ווערק, כרעסטאָמאַטיעס און ביבליאָגראַפישע ווערק (XVI — XVIII יאָרהונדערט). 31 – 25

II. סענסאַציאָנעלע שריפטן וועגן יידיש-טייטש. 67 – 32

1) שונד-שריפטן וועגן יידיש-טייטש (XVIII — XX יאָרהונדערט). 55 – 32

2) קרימינאַליסטישע שריפטן מכח יידיש-טייטש (פאַר אַווע-לאַלעמאַן: 1528 — 1860). 67 – 56

III. שריפטן פון יידישע מחברים (פאַר 1800 יאָר). 100 – 68

1) כתב-יד'ן (XIII—XVII יאָרהונד.) 81 – 68

2) געדרוקטע ביכער (1525—1799 ואָר). 100 – 82

ב. פילאָלאגישע ליטעראַטור פונ'ם XIX און XX יאָרהונד. 458 – 101

I. שריפטן מיט אַנ'אַלגעמיין- אָדער געמישט-פילאָלאָגישן אינהאַלט. 164 – 101

1) ביכער און צייטונגס-אַרטיקלען. 139 – 101

2) אַרטיקלען אין די יידישע און פרעמדע ענציקלאָפעדיעס 161 – 140

3) זאַמעלביכער און פעריאָדישע אויסגאַבן פאַר יידישער פילאָלאָגיע 164 – 161

II. געשיכטע און צושטאַנד פון דער יידיש-טייטשער פילאָלאָגיע 238 – 165

1) ביבליאָגראַפיע פון דער יידיש-טייטשער פילאָלאָגיע 174 – 165

2) מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער פילאָלאָגיע און ביאָגראַפיעס פון איינצלנע געלערנטע, וואָס האָבן זי געפאָרשט. 238 – 175

III. יידיש-טייטשע ביבליאָגראַפיע און ביבליאָטייק-וויסנשאַפט. 313 – 239

1) ביבליאָגראַפיע אין ענגען זינען (ביכער, אַרטיקלען, נאָטיצן) 272 – 239

2) ביבליאָגראַפישע צייטשריפטן און כראָניקעס. 281 – 273

3) ביבליאָגראַפיש-ביאָגראַפישע ווערטערביכער. 285 – 282

4) פסעוודאָנימען-ווערטערביכער. 289 – 286

5) יידישע ביבליאָטייק-וויסנשאַפט. 295 – 290

6) קאַטאַלאָגן פון איינצלנע ביבליאָטייקן, וואו ס'געפינען זיך יידיש-טייטשע ביכער. 312a – 296

7) א. פילאָלאָגיש-ביבליאָגראַפישע מיספאַרשטענדניש. 313 – 312b

IV יידיש-טייטשע לינגוויסטיק (שפּראַך-לערע). 458 – 314

א. יידיש-טייטשע לינגוויסטיק אַליין פאַר זיך. 378 – 314

1) גראַמאַטישע שריפטן. 333 – 314

2) ווערטערביכער. 345 – 334

3) דיאַלעקטאָלאָגיע. 350 – 346

4) געשיכטע פון דער שפּראַך און ייר אורשפרונג. 362 – 351

5) פאַרשיידענע לינגוויסטישע פרטים. 378 – 363

ב. לינגוויסטישע שטרייט-פראַגן און זייטיקע פראַגן. 458 – 379

1) די רעפאָרם פון דער יידישער שפּראַך און אָרטאָגראַפיע. 383 – 379

2) וועגן דעם פּראָיעקט פון אַריינפירן דעם לאַטיינישן אלף-בית. 394 – 384

3) די ווירקונג פון יידיש-טייטש אף אַנדערע שפראַכן. 402 – 394

4) דער אַיינפלוס פון יידיש-טייטש אף די גנבישע דיאַלעקטן; די באַטייטונג פונ'ם וואָרט „זשאַרגאָן" 412a – 403

5) ווי אַלט איז די דייטשע שפּראַך בא די יידן אין דייטשלאַנד? (אַ וויג-ליד פונ'ם X יאָרהונדט?). 421 – 413

6) ווי אַלט איז די יידיש-טייטשע שפּראַך ביי די מזרח-יידן? (די סלאַווישע שפּראַכן ביי יידן?). 458 – 422

אא) השערות און טעאָריעס. 433 – 422

בב) דאָקומענטן און מאַטעריאַלן. 458 – 436

ג. הוספות 501 – 459

# אינהאלט פון „פנקס“ תרע״ב:


I פון דער רעדאַקציע . . . . . . . . . I

אַלגעמיינע אַרטיקלען:

II ב. באָראָכאָוו. — די אויפגאַבן פון דער יידי-
שער פילאָלאָגיע . . . . . . . . . 1
וועגן דער אָרטאָגראַפיע פון פאָריגען אַרטיקעל . 18
III ב. רובשטיין. — די אַמאָליגע שפּראַך פון יודען
אין רוסלאַנד . . . . . . . . . . 21
IV ש. דובנאָוו. — עטליכע בעמערקונגען צום פאָ-
ריגען אַרטיקעל . . . . . . . . . 36
V ד״ר א. קאַפּעל. — שלמה עטינגער (זיין לעבען
און ליטעראַרישע טעטיגקייט) . . . . . . 38
VI מ. טשעמערינסקי. — די יודישע פאָנעטיק . 48
(מיט בעמערקונגען פון ב. באָראָכאָוו) . . . . . 71
VII מ. וויינגער. — העברעאישע קלאַנגען אין דער
יודישער שפּראַך (נאָטיץ) . . . . . . . 79
VIII ש. ניגער. — שטודיעס צו דער געשיכטע פון
דער יודישער ליטעראַטור.
I די יודישע ליטעראַטור—און די לעזערין 85

מעמואַרען:

IX י. דינעזאָהן. — עראינערונגען . . . . . 145
X בן-עמי. — ר׳ מענדעלע שבעל-פה . . . . . 168
XI א. י. פּאַפּערנאָ. — דער ערשטער יודישער
ספּעקטאַקל. (זכרונות וועגן א. גאָלדפאַדען) . 185

דער יאָהר תרע״ב.

XII ש. רייזען. — אַברהם רייזען (צום 20-יאָהריגען
יובילײ) . . . . . . . . . . . 197
XIII יעקב מילך. — צום 20-יאָהריגען יובילײ פון
„צוקונפט“ . . . . . . . . . . . 203
XIV ב. גאָרין. — דער רעפּערטואַר פון דעם יודישען
טעאַטער אין אַמעריקע . . . . . . . 230
XV ד״ר ח. ד. הורוויץ. — אונזער ערשטע טעגליכע
צייטונג (צו דער צעהן-יעהריגער געשיכטע
פונ׳ם „פריינד“) . . . . . . . . . 244
XVI ד״ר א. מוקדוני. — דער רעפּערטואַר פון דעם
יודישען טעאַטער אין רוסלאַנד . . . . . 265
XVII „ — די יודישע פּרעסע (אַ רשימה פון
אַלע יודישע צייטשריפטען און צייטונגען, וואָס
זענען אַרויס אין פערשיידענע לענדער) . . 272
XVIII אַ רשימה פון אַלע יודישע ווערק, וואָס זענען
אַרויס אין רוסלאַנד . . . . . . . . 278
XIX מ. שאַליט. — סטאַטיסטיק פון יודישען ביכערמאַרק 300

קריטיק און ביבליאָגראַפיע:

XX בעל-דמיון. — ד״ר פינעסעס „געשיכטע פון
דער יודישער ליטעראַטור“ . . . . . . 313
XXI ב. באָראָכאָוו. — א) נח פּרילוצקי׳ס זאַמעלבי-
כער פאַר יודישען פאָלקלאָר. . . . . . . 347
ב) אַ גרוס פון פאַר 300 יאָהר—וועגן די יודישע
פּריוואַט-בריעף פון יאָהר 1619. . . . . 352
XXII ל. ווילענסקי. — יודישע פאָלקס-ליעדער . . 356
XXIII א. ירחי. — „אַ יובילעאום-אויסגאַבע“. . . . 366
XXIV מאַטעריאַלען צום יודישען פאָלקלאָר. . . . . 377
א) פאָלקסליעדער, פאַרשריבען פון ל. ב. . . 398
ב) פאָלקסליעדער, געזאַמ. פון חיה פיין . . 399
XXV נאָטיצען . . . . . . . . . . . 411
XXVI ב. באָראָכאָוו. — די ביבליאָטייק פון דעם יידי-
דישן פילאָלאָג . . . . . . . . . 1—65

# די וויכטיגסטע דרוק-גרייזען,

## וואס זענען אריינגעפאלען אין „פנקס“.

| זייט | שטעהט: | דארף זיין: |
|---|---|---|
| 5 הערה 4 ש. 6. | באַזעל 152 | באַזעל 1523 |
| 20 ש. 6 (אונטען) | מאַך ייר | מאַך ייך |
| 24 ש. 24, 27 ש. 44 | | |
| 28 ש. 20, 30 ש. 20 | אבן כורדאבאדע | אבן כורדאדבע |
| 38 ש. 22 | פירקאָפיטש | פירקאָוויץ |
| 52 ש. 4 (אונטען) | — געבאָמבעלט | געבאָמבעלט — |
| 56 ש. 11 | יודען | יוד׳ען |
| 72, ש. 12 | עס | וואָס עס |
| 81 ש. 8 (אונטען) | – | .. |
| 89 ש. 15 | אַ גאַנץ יוערט | אַ גאַנץ ווערק |
| 91 ש. 24 | העלף | העלפט |
| 96 הערה 53 | 53 | 54 |
| 120 ש. 15 (אונטען) | איין | אין |
| 123 הערה 127 | מגידו | מגידות |
| 175 ש. 14 | דער תלמוד | דעם תלמוד |
| 181 ש. 24 | מעוד | מאד |
| 188 ש. 7 | והעלותם | והעליתם |
| 225 ש. 8 | וויטשעווסקי | ווינטשעווסקי |
| 230 ש. 9 (אונטען) | זעלטען. ווען | זעלטען, ווען |
| 271-272,ש. 23 (אונטען) | וואָס זענען אַרויס אין רוסלאַנד. | וואָס זענען אַרויס אין דער גאַנצער וועלט אין יאָהר תרע״ב. |
| 273 ש. 9 (אונטען) | 200-3000 | 2000-3000 |
| 275 „ 1 „ | שורה 1 דאַרף זיין פון אויבען. | |
| 275 ש. 6 | 1500 | 15000 |
| 291 ש. 9 | 240... אחד- | 239... נ. סאָ- |
| „ ש. 13 | 140 | 240 |
| 301 ש. 2 (פון הערה) | אויסאַרום | אויס אַרום |
| „ ש. 4 „ | 1,15„ | 4,15 |
| 317 (רעראקציע-הערה)1 | קאָן מען ניט... | קאָן מען ניט זאָגען |
| „ „ 2 | ראָסט | יאָסט |
| 318 ש. 12 (אונטען) | שלאגאוואָרט | שלאַגוואָרט |

| זייט | שטעהט: | דארף זיין: |
|---|---|---|
| 328 ש. 23 | 34 | 33 |
| „ „ 6 (אונטען) | זעה | 33 זעה. |
| 336 הערה 62 ש. 2 | סעדער | פעדער |
| 338 ש. 2 (אונטען) | די דאָזיגע פראַגע | די דאָזיגע פראַזע. |
| 339 ש. 17 | תקס״ד | תקפ״ד. |
| 375-376 | 97 | 101 |

**פון ז. 377-378 זענען אַרויסגעפאַלען די דאָזיגע שורות:**

„א גרויסען דאנק אלעמען, וואָס האָבען מיר געהאָלפען ביים קלייבען די פאָלקסלידער, דערהויפּט: מיין מאמען, פרל. ב. ב., האנדעל ח., קאפלאן א., ר. און ל., סאפיר ר. און די הערן: האָץ מ., באלטע י., און א. ב—ן.

בעזאמעלט זענען די לידער אין טעלזער און שאוולער אויעזדען פון קאָוונער גוב.

ל. בערמאַן.

| זייט | שטעהט: | דארף זיין: |
|---|---|---|
| 377-378 נומ׳ 5 ש. 1 | שלאָפקע (?) | שלאַפקע (?) |
| 381-382 „ 3 „ 2 | ווי... גערופן | וואו... געפונען |
| 381-382 „ 5 „ 8 | | פעהלט אַזאַ וואַריאַנט ... אין א וויגאלע. — וואָס׳ט׳נ׳עם בעזינגען? — אביג׳אלע. |
| 387-388 „ 39 „ 1 | אַנטאַלע וואַנטאַלע | אַכטאַלע, וואַכטאַלע |
| „ „ 46 „ „ | | (די ערשטע שורה דארף זיין א קעפעל) |
| 393-394 „ 9 „ 12 | * | ** |
| „ „ „ „ 14 | | ** — דארף ניט זיין. |
| 395-396 | | די הערות פון נומ׳ 16 און 18 האָבען זיך פערביטען. |
| 399-400 „ 4 „ 1 (פון אונטען) | מיסטאָמע | מסתמא |

## צו דער „ביבליאטייק“.

| זייט | שטעהט: | דארף זיין: |
|---|---|---|
| 5 נומ׳ 18 ש. 6 | 80 | 82 |
| 17 נומ׳ 97 ש. 8 | נתן נעט הנובר׳ס | נתן נטע הנובר׳ס |
| 31 נומ׳ 233, ש. 2 | (שוואַרץ) | (שוואַרצ- |